נ. שמן

# באַציונג צו מענטש

באַנד צוויי

נ. שמן

# באַציונג צו מענטש

לויט תּנ"ך, תּלמוד, יהדות און ליטעראַרישע שטודיעס

באַנד צוויי




תל־אביב, תשמ"ט — 1989

# אינהאַלט

## קאַפּיטל זיבן

## השכלה און איר ווירקונג


א. געמישטקייט און אַפּטריניקייט. — השכלה און איר ווירקונג. — קריסטלעכקייט אין גרויסע יידישער הייזער . . . . . 9

ב. השכלה און משכילים. — אין מערב־און אין מזרח־אייראָפּע. — די וועלכע זענען אַוועק און די וועלכע זענען געבליבן . . . . 22

ג. געמישטקייט וואָס פירט צו שמד. — שפּראַך־גזירה. — פאַרהיטן פון אַסימילאַציע . . . . . . . . . 34

ד. משומדים שונאי־ישראל. — משומדים מיט פאַרשטענדעניש. — שמד ביי אינטעלעקטואַלן. — משומדים אין דייטשלאַנד. — משומדים אין רוסלאַנד . . . . . . . . . . 49

ה. ליבעראַלער געדאַנק און ראַדיקאַלע השכלה. — שמד און שנאה. — באַקעמפערס פון השכלה. — היטערס פון „תורה עם דרך־ארץ" . 59

ו. רעפאָרם און וועלטלעכקייט. — דערפירט צו קריסטלעכקייט. — שלום אַש יוכיח. — פאַרשונג און בעלעטריסטיק. — פּרוּוו פון אַ קינסטלערישן תיקון צום „נייעם טעסטאַמענט" . . . . . 68

ז. השכלה אין מערב און השכלה אין מזרח־אייראָפּע. — די אַנערשקייט. — דאָס אַנטלויפן פון זיך. — אויפקום פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען . . . . . . . . . 76

ח. משכילים וועלכע זענען קיין מאָל נישט אַוועק און משכילים וועלכע זענען צוריקגעקומען . . . . . . . . 88


## קאַפּיטל אַכט

## גרים


א. אין דער ביבלישער תקופה. — אין צייט פון די תנאים. — אין מיטל־עלטער. — אין דער נייער צייט . . . . . . 107

ב. נאָך וועגן באַרימטע גרים אין דער תנ"ך־תקופה. — גרים אין דער צייט פון בית־שני. — גרים אין דער

תלמודישער תקופה. — וועגן גרות אין אונדזער צייט . . . . . 120
ג. גרים ביים אויפשטייג פון אברהם אבינו. — א תנ״כישער שפּאַציר. — ווי אַזוי אַ גר? — וואָס איז געמיינט געוואָרן מיטן אויטדרוק „כל התורה״. — די גאַנצע תורה? . . . . 125
ד. צייטן ווען מ׳האָט אַריינגענומען גרים. — צייטן ווען מ׳האָט נישט געוואָלט האָבן קיים גרים. — איבערגעצייגטע גרים און „אַריינגעשלעפּטע״ . . . . . . . . . . . . 135
ה. גרים פון פאַרשיידענע לענדער. — ליבשאַפט צו ישראל. — קדושה פון יידישן פאָלק. — גרי־צדק און סתם גרים . . . . . . 140
ו. גרים אַ מאָל און גרים היינט. — מיט וואַרעמקייט איז מען מקבל און מיט שטרענגקייט. — המשך פון פריערדיקע פרקים . . . . 147
ז. נישט קיין מיסיאָנערישקייט . — וויכטיקייט צו פאַרשפּרייטן יידישע אמונה. — קדושת־השם פון ווילנער גר־צדק. — ניי פּראָבלעם: ווער איז אַ ייד? . . . . . . . . . . 157
ח. מילד, ליבעראַל און סימפּאַטיש. — געריפן „עמיתו״ — היינט נעמט מען נישט אָן קיין „גרי־תושב״ . . . . . . . 165
ט. דער גר איז אַ „ניי געבוירענער״. — ער ווערט געליבט און געלויבט. — קדושה פון פאָלק. — ווער איז אַ ייד? . . . . . 173
י. באַרימטע גרים. — אין אַלטערטום און אין דער נייער צייט. — גר־צדק פון ווילנע. — גרים און אונדזער תקופה. — מורא פאַר געמישטע חתונות אין אַלע צייטן . . . . . . . 185

קאַפּיטל ניין

## גרים און "מיהו יהודי"

א. גרים וועלכע מ׳האָט מקבל געווען און גרים וואָס מ׳האָט צוריקגעוויזן. — צייטן ווען מ׳האָט מקבל געווען גרים און צייטן ווען מ׳האָט נישט געוואָלט האָבן קיין צופלוס. — דאָס פּראָבלעם „ווער איז אַ ייד?״ נאָך נישט געלייזט. — פסק־דין פון הרב ר׳ שלמה גורן . . . . . 215
ב. ווי אַזוי אַ ייד. — גרות לויט דער הלכה. — אַ ייד וואָס זינדיקט בלייבט אַ ייד. — גרות אַ מאָל און היינט. — אין דער מדינה און אין די תפוצות . . . . . . . . . . 228
ג. די פּאָלעמיק אַרום דער פראַגע „ווער איז אַ ייד?״. — ענטפערס פון רבנישע פּערזענלעכקייטן. — נאָך אַלץ אויפן סדר־היום . . . 235
ד. בן־גוריונס וואָרט וועגן די נטורי־קרתא. — בויער און קעמפער פאַר מדינת־ישראל — בויער און קעמפער פאַר שלימות עם־ישראל. — איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע. — אַ האַרמאָנישקייט זינט דעם באַגין . . . . . . . . . . . 246

ה. די נייע אָפּשטימונג. — נישטאָ קיין ענדערונג . . . . . 255
ו. וואָס מיינט ייִדישער קהל. — פאַרבאָט פון ממזרים. — שייכות צו דער
פראַגע: „ווער איז אַ ייִד״? . . . . . . . . . 259

## קאַפּיטל צען

# וויזיע פון וועלט־שלום

א. באַציונג צו היידן — „טוב שבגויים הרוג״. — באַציונג צו קריסטן
און מאַכמעדאַנער־מוזולמענער. — ייִדן־שונאים באַשולדיקן . . . 276
ב. יסוד אין יהדות — בחירה. — מענטש — שליח פון באַשעפער.
— ייִדישער הומאַניזם . . . . . . . . . . 293
ג. טאָלעראַנץ אין תנ״ך און טאָלעראַנץ אין תלמוד. — ווי אַזוי די
בעלי־הלכה האָבן דאָס געזען . . . . . . . . 304
ד. פילאָסעמיטן יחידים און גרופּעס. — דערלויבעניש צו לערנען תורה
מיט נישט־ייִדן. — שיטה פון רמב״ם. — וואָס הרב גרויבאַרט שרייבט 313
ה. דעם רמב״מס פסק־הלכה. — דעם דרב״זס שטעלונג. — אַ נישט־ייִד
וואָס האָט געזאַמלט כתבי־יד. — מהר״ץ חיות . . . . . 325
ו. חכמה ביי גויים. — מעג מען לערנען תורה מיט נישט־ייִדן? —
פראַגע וואָס איז נישט איין מאָל באַהאַנדלט געוואָרן.
— מיינונגען פון גדולי־ישראל . . . . . . . . 335

## קאַפּיטל עלף

# חסידי אומות העולם

א. חסידי אומות העולם אין אַמעריקע. — די „אבות״ פון די פאַראייניקטע
שטאַטן. — פונעם ערשטן ביזן פופציקסטן פּרעזידענט. — שרייבערס
און אינטעלעקטואַלן. נישט קיין רשימה . . . . . . . 355
ב. קאַנאַדע. — אַ דעמאָקראַטישע מדינה — פאַרבונדן מיט
מלכות־ענגלאַנד. — קאָנסטיטוציע פון מענטשנרעכט. — אוהבי־ישראל
און מדינת־ישראל. — נעסטן פון יחידים אַנטיסעמיטן . . . . 379
ג. ליבעראַליזם און אַנטיסעמיטיזם און ענגלאַנד. — שטאַטסלייט און
שריפטשטעלערס. — פון קראָמוועל ביז טשוירטשיל. — טוינבי
און הערצאָג . . . . . . . . . . . . 400
ד. פראַנקרייך דאָס לאַנד וואָס איז געוואָרן די באַזע פאַר פרייהייט־
קעמפּערס. — די מכּה פון אַנטיסעמיטיזם. — די קירלעכע היעראַרכיע.

— רעאַקציע און ווידערשטאַנד . . . . . . . . 415
ה. אַמאַליקע און היינטיקע רוסלאַנד. — צאַרישער אַנטיסעמיטיזם און באַלשעוויסטישער קאָסמאָפּאָליטיזם. — ליבעראַלע דענקערס און שריפטשטעלערס. — אַ ביסל געשיכטע . . . . . . . . 436
ו. דייטשלאַנד דאָס קלאַסישע לאַנד פונעם אַלטן און נייעם אַנטיסעמיטיזם. — שטימען פון ליבעראַליזם. — קעמפערס קעגן נאַציזם . . . 464
ז. ייִדישער אָנהייב אין פּוילן. — לעגענדע וועגן דער ראָלע פון די ערשטע ייִדן. — קעניג אויף דריי טעג און קעניג אויף איין נאַכט. — מיטל־עלטער און נייע צייט. — יעזויִטישער אַנטיסעמיטיזם. — אַלגעמיינער אַנטיסעמיטיזם. — יחידים גיימסטמענטשן . . . 482
ח. רוים. — איטאַליע. — ביטערע פאַרגאַנגענהייט און ליכטיקע שטראַלן. — פון בית־שני ביז אונדזער צייט . . . . . 507
ט. שפּאַניע דאָס לאַנד פון דער „גאָלדענער עפּאָכע". — דאָס לאַנד פון אינקוויזיציע. — דאָס לאַנד פון אַרויפצווינגען שמד . . . 517
י. קלענערע און גרעסערע לענדער פון תּפוצות ישׂראל. — אַרום דעם באַלטישן און אַרום דעם מיטללענדישן ים. — אַרום דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן . . . . . . . . . . . 522

## קאַפּיטל זיבן

# השׂכּלה און איר ווירקונג

**א. געמישטקייט און אַפּטריניקייט. — השׂכּלה און איר ווירקונג. — קריסטלעכקייט אין גרויסע ייִדישע הייזער.**

אין דעם קאַפּיטל ווילן מיר אָנווייזן ווי אַזוי ס׳האָט זיך אַריינגעכאַפּט געמישטקייט אין גרויסע ייִדישע הייזער, ביי נאַציאָנאַלע פיגורן.

געמישטקייט, געמישטע חתונות זענען פאָרגעקומען אין אַלטערטום, אין דער פרע־היסטאָרישער און היסטאָרישער צייט — אָבער מער, אין דער רענעסאַנס־תּקופה, אין דער צייט פון דער השׂכּלה־השפּעה. די גייסטיקע פירערס ביים ייִדנטום האָבן תּמיד געזוכט עצות ווי אויסצוהיטן זיך פונעם דאָזיקן שטראָם. באַלד ביים באַגין פון ייִדישן אויפשטייג אויף דער פעלקער־מאַפּע איז די געמישטקייט באַגרע־נעצט געוואָרן. נאָך דעם זענען געקומען די פאַרבאָטן פון ״ולא תתחתן בהם״ — זאָלסט זיך נישט מתחתן זיין מיט זיי און ביים צוריקקום פון גלות־בבל, איז געקומען די שטרענגקייט פון עזרא הסופר, אַרויסצושיקן די פרעמדע ווייבער[1].

חיים וואָלף ריינעס באַהאַנדלט די דאָזיקע טעמע[2] אַריינפירנדיק מיט אַ באַהויפּטונג, אַז ״ביז מיט אַ לפי ערך קורצער צייט צוריק, זענען געמישטע חתונות ביי ייִדן כּמעט נישט פאָרגעקומען״.

די דאָזיקע באַהויפּטונג שטימט נישט אין גאַנצן. אוודאי שטימט זי נישט מיט די פאַקטן פון לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, ווען ס׳האַלטן זיך אין איין מערן געמישטע חתונות. ס׳איז אויך נישט זיכער, צי דער אָפּהאַלט פון געמישטע חתונות איז געווען בלויז אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס עזרא הסופר האָט באַפוילן צו דער־ווייטערן און נישט דערלאָזן געמישטקייט און אַז אַ דאַנק עזרא הסופרס שטעלונג (אין 5טן י״ה פק״ע) איז ״געלונגען די ייִדישע רעליגיעזע פירערס איינצועקבערן אין דעם פאָלקס באַוווסטזיין די סכּנה פון געמישטע חתונות פאַר דער עקזיסטענץ פון ייִדישן פאָלק״.

מיר מיינען, אַז דער אָפּהאַלט איז געווען אַ רעזולטאַט פון אמונה אין תּורת־משה, דאָס האַלטן זיך ביים פאַרבאָט: ״ולא תלכו בחוקות הגוי״[3]; די תּלמודישע אָנווייזונג, אַז די געמישטקייט וועט ברענגען שטראָף, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע שטראָף: דער בית־דין־של־מעלה וועט שטראָפן דעם מאַן וואָס האָט עובר געווען

אויפן דאָזיקן געבאָט און נישט ווייניקער דער בית־דין־של־מטה, אויב ס׳איז געווען התראָה און עדות...

עזראַ הסופרס אַקט און משפט איז געווען, ווי מפרשים באַהויפּטן, אַ ״הוראת שעה״, אַז אפילו גרות זאָל נישט פועלן, וואָס אפילו לויטן ״לאו״ פון ״ולא תתחתן״, ווערן גרים אויפגענומען מיט העפלעכקייט און ליבשאַפט.

חיים וואָלף רייַנעס איז אויסגעהאַלטן אין זיין ״אויספאָרשן דעם פענאָמען געמישטע חתונות פון דער עלטסטער צייט ביז נאָך דער תלמודישער תקופה״. נישט אומזיסט האָט אברהם געדאַרפט וואָרענען זיין קנעכט אליעזר, נישט צו נעמען אַ פרוי פאַר זיין זון יצחק פון די כנענים־טעכטער [4]. יצחק און רבקה פאָלגן נאָך די זעלביקע שרעק און ווילן דווקא זיך מתחתן זיין מיט קרובים — און די דאָזיקע טראַדיציע איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אויך ביי יעקב אָבינו, מיט געוויסע אויסנאַמען.

אַ געצוווּנגענע געמישטע חתונה האָט פּרובירט שכם בן חמור, ווען דינה, יעקבס טאָכטער, איז אַרויס אויף אַ שפּאַציר ״אָנצוקוקן די טעכטער פון לאַנד״ אין שכם — די שטאָט פון אייביקע צרות — ״מוכן לפרעניות״ [5], האָט דעם קעניגס זון זי ״פאַרכאַפּט״ און פאַרגוואַלטיקט און נאָך דעם פאַרלאַנגט מ׳זאָל זי אים געבן פאַר אַ ווייב. וואָס עס האָט פּאַסירט ווערט איבערגעגעבן אין דער תורה [6]. די שטרענגע ברידער זענען געווען אויפגעבראַכט צוליב דער שענדונג פון זייער שוועסטער דינה און האָבן אויסגעהרגעט די מענטשן פון שכם פאַר זייער צולאָזן אַזאַ סאָרט פאַרגוואַלטיקונג.

יעקב אָבינו האָט זיך געביזערט אויף זייער האַנדלונג און זיך אפילו אויסגעדריקט: ״ארור אפם כי עז...״ [7]. די מפרשי־התורה באַמיען זיך צו פאַרענטפערן די האַנדלונג פון די ברידער דורכצופירן אַזאַ רציחה־אַקט [8]. פאַקט בלייבט פאַקט.

אַ פאַקט איז אויך, אַז פון דער דאָזיקער פאַרגוואַלטיקונג, איז אַרויסגעקומען אַ קינד: ״ושאול בן הכנענית״ [9], ווי דער מדרש דערקלערט: ״בן דינה שנבעלה לכנעני. כשהרגו את שכם לא היתה דינה רוצה לצאת עד שנשבע לה שמעון שישאנה״ [10]. דער אבן־עזראַ קאָמענטירט: ״לעד, כי נשי השבטים היו ארמיות ומצריות ואדומיות, והזכיר זו לבדה בעבור שעשה שמעון שלא כהוגן לקחת כנענית...״ [11]. דער אבן־עזראַ לערנט פשוט, אַז דער שאול איז געקומען פון אַן אַנדער סאָרט געמישטקייט, אַז שמעון האָט געהאַט אַ כנענית פאַר אַ ווייב און זי האָט אים געבוירן דעם דאָזיקן זון און אַז שמעון האָט דאָס נישט געדאַרפט טאָן. פאַר וואָס איז דווקא אויף שמעונען דאָס געזאָגט געוואָרן בעת אויך ביי יהודהן ווערט געזאָגט: ״וירא שם יהודה בת־איש כנעני ושמו שוע ויקחה ויבא אליה״ — און יהודה האָט דאָרט געזען די טאָכטער פון אַ מאַן אַ כנעני, וואָס זיין נאָמען איז געווען שוע, און ער האָט זי גענומען, און איז געקומען צו איר [12]. אין מדרשים,

רש״י אויפן אָרט, לערנט כּנעני — ״תּגראָ״, אַ סוחר[13], אָבער ווער דער סוחר איז געווען, פון וואַנען, פון וועלכן פאָלק — דאָס ווערט שוין נישט געזאָגט; ס׳ווערט בלויז פאַרזיכערט אַז יהודה האָט זיך נישט משדך געווען מיט כּנענים, אָבער מיט אַנדערע פעלקער ווייזט אויס איז פאַרגעקומען התחתנות. און דאָ קומט די מעשה תּמר, מיט וועלכער ער האָט געהאַט דאָס צווילינג און פון איינעם, פון פּרצן, איז אַרויסגעקומען מלכות בית דוד[14].

ווילן מיר נאָכגיין די רשימה פון געמישטע חתונות פאַר מתּן־תּורה, דאַרף מען דערמאָנען יוסף הצדיק אין מצרים[15]; משה רבנו אין מדין; אלעזר בן אהרן, ווי דער פסוק זאָגט: ״ואלעזר בן אהרן לקח לו לאשה מבנות פוטיאל״[16]. רש״י[17] לערנט, לויט דער גמראָ[18], אַז פינחס האָט געשטאַמט פון ״זרע יתרו שפטם עגלים לע״א ומזרע יוסף שפטפט ביצרו...״

די חז״ל פאַרנעמען זיך מיטן יחוס פון פינחסן, אַזוי אין מסכת סוטה[19], אַזוי אין מסכת סנהדרין[20] און אין בבאָ בתראָ[21], קומענדיק צום אויספיר, אַז פינחס איז געווען אַ מישלינג, געבוירן פון אַ געמישטער חתונה, אַן אָפּשטאַם פון יתרו און פון יוסף: ״אי אבוה דאמיה מיוסף, אמה דאמיה — מיתרו; אי אבוה דאמיה מיתרו, אמה דאמיה מיוסף״[22] און דאָס איז דער אויספיר אין די אַלע דערמאָנטע שטעלן.

ר׳ יעקב עמדין (תנ״ח—1698; תקל״ו—1776), איז דאָ מחדש[23], אַז פאַר מתּן־תּורה איז נישט שייך געווען קיין גרות: ״לא שייך גרות דהכל שוה הי׳ כל זמן שלא ניתנה תורה, שכולם הי״ל דין בן נח...״

נאָך מתּן־תּורה האָט זיך אָנגעהויבן דער ריטואַל פון גרות, ווי דאָס איז פאַרגעקומען ביי קבלת־התּורה, די גרות לויט הלכה און שפּעטער, אין דער שופטים־תּקופה, די גרות ווי די מואביה: ״דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין גאָט איז מיין גאָט״[24].

חיים וואָלף רייניס באַהאַנדלט די פסוקים אין וועלכע ס׳ווערט אויפן שאַרפסטן אופן אויסגעדריקט דער פאַרבאָט פון געמישטע חתונות[25]. מיר האָבן שוין נישט איין מאָל דערמאָנט וועגן אומגעזעצלעכער אומלעגאַלער תּאווה, וועגן וועלכער די נביאים פריער און די חכמי־התּלמוד שפּעטער האָבן אָנגעזאָגט שטראָף ביים הימלישן און ביים ערדישן בית־דין: באַציונגען מיט נישט־יידישע פרויען זענען באַטראַכט געוואָרן ווי אַ קרימינעלער פאַרברעך[26].

געווען אין אַלטערטום אַזעלכע וועלכע האָבן צוליב דעם זיך מגייר געווען און אַזעלכע וועלכע האָבן זיך צוליב דעם געשמדט, מבזה געווען דעם מזבח, ווי דער פאַל מיט אַ כּהנס טאָכטער און איינער פון די כּהנים — יהושע כּהן־גדול — האָט געליטן צוליב זיינע קינדער, אַז עס ווערט געזאָגט וועגן אים: ״והי׳ לבוש בגדים צואים״ — און יהושע איז געווען אָנגעטאָן אין קויטיקע בגדים און איז

געשטאַנען פאַרן מלאך [27], חז"ל דרשענען [28], אַז די שמוציקייט איז זיין באַקלייד איז געמיינט געוואָרן די געמישטע חתונות פון זיינע קינדער.

דער וואָס האָט געהאַט פאַרקער מיט אַ נישט־ייִדישע טאָכטער איז געמשפּט געוואָרן, ווי ריינעס ווייזט אָן, אויפן מאָראַלישן גרונט, ווי זנות מיט אַ ייִדישער פרוי, ער האָט עובר געווען אויף די פאַרבאָטן: גויע, שפחה, נדה, זונה און צוליב ווערן פאַרפירט צו דינען עבודת־כּוכבים [29].

דער דין איז געווען אין אַזאַ פאַל, "קנאין פוגעין בו" [30] צוליב דער סכּנה, אַז דאָס קאָן פירן צו געצנדינעריי, וואָס איז פון די האַרבסטע עבירות.

אין דער תורה ווערט איבערגעגעבן, אַז פּינחס, דער זון פון אלעזר, אייניקל פון אהרן כּהן־גדול, ווען ער האָט געזען אַזאַ עפנטלעכן פאַרברעך פון דעם "נשיא בית אָב לשמעוני" מיט דער מדינית כּזבי בת צור, אַ מדינישע פּרינצעסין, האָט ער זיי ביידע געטויט אין דער "קובה" [31], לויטן דין "קנאין פוגעין".

דאָס דאָזיקע געזעץ איז שטאַרק באַגרענעצט. בלויז אַ מאַן ווי פּינחס האָט דאָס געמעגט טאָן, ווייל ביי אים איז עס געקומען פון קנאות אָן נגיעות. ס'האָט אים גענומען דער ייִדישער פּאַטריאָטיזם, דער ייִדישער כּבוד... אָבער אַפילו וועגן אים ווערט געזאָגט, אַז ס'זענען געווען מייגונגען מ'זאָל אים אַריינלייגן אין חרם, נאָר דאָס אַריינמישן זיך פון רבונו־של־עולם האָט אים נישט בלויז מציל געווען, נאָר אויך אים געגעבן לויב און אָנערקענונג. אויב ער וואָלט זיך געפרעגט, איידער ער איז באַגאַנגען דעם אַקט, וואָלט מען אים געזאָגט אַז ער טאָר נישט נעמען דעם משפּט אין זיין האַנט: "הלכה ואין מורין"... אַז דאָס גיט מען איבער צום הימלישן געריכט, אַז דער פאַרברעכער וועט קריגן די געטלעכע שטראָף פאַר האָבן פאַרקער מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי [32].

רב שילה — ווערט דערציילט — האָט פאַרמשפּט צו מלקות איינעם וואָס האָט געהאַט פאַרקער מיט אַ פּערסישער פרוי. איז יענער אַוועק צו דער פּערסישער מאַכט און געמסרט אויף רב שילהן, ווייל ייִדן האָבן דאָן נישט געהאַט קיין רעכט צו משפּטן, אַרויסגעבן געריכטלעכע שטראָפן. האָט רב שילה דערקלערט די פּערסער, אַז דער מאַן איז באַגאַנגען סדומישע זינד, ער האָט געהאַט פאַרקער מיט אַ בהמה. האָט דער מאַן געסטראַשעט, אַז ער וועט אויסזאָגן די פּערסער, אַז ייִדן גלייכן זייערע טעכטער צו בהמות, האָט מען אויף אים מקיים געווען דעם פּסק וואָס קומט אַ מסור — טויטשטראָף [33]. דער יסוד פאַר רב שילהס משפּט איז געווען: "הבא להרגך השכם להרגו" און, ווי עס ווערט געזאָגט, האָט ער אים געגעבן אַ קלאַפּ מיט זיין שטעקן און ער איז געפאַלן טויט.

עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן דער דין, אַז אויב אַ ייִד האָט פאַרקער מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי, ווערט דאָס קינד גערעכנט לויטן שטאַם פון דער מוטער [34]. עס איז אָבער דאָ אַ מעגלעכקייט דאָס קינד מגייר צו זיין, אויב די

נישט־ייִדישע מוטער איז מסכּים — און וועגן דעם פֿאַרנעמען זיך די פּוסקים ראשונים און אחרונים. מ׳טאָר אָבער נישט — ווי שוין פֿריער דערמאָנט — מל זיין אַזאַ קינד אום שבת. ר׳ יעקב איש כּפר גבוריה האָט יאָ מתּיר געווען, ווייל ער האָט געדרשנט, אַז אַ קינד פֿון אַ געמישטער חתונה, גייט לויטן פֿאָטערס ייִחוס. האָט ר׳ חגי, מיטן פֿולן הסכּם פֿון די חכמים, אים אויפֿגעוויזן זיין טעות, און אים געוואָרנט, אַז ס׳קומט אים מלקות [35].

עזרא הסופֿר — ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן — האָט אַפֿילו נישט דערלויבט אַז קינדער פֿון נישט־ייִדישע מוטערס זאָלן בלייבן מיט די פֿאָטערס אין יהודה [36]. לויט אַ צאָל פּוסקים, האָט ער פֿאַרוואָרט אַפֿילו גרות — און דאָס איז געווען אַ ״הוראת שעה״, אַ מאָמענטאַלע הלכה, צוליב דער דעמאָלטי־קער מורא, אַז די דאָזיקע פֿרויען מיט זייערע קינדער, דערצויגן אין בבליש־היידנישן גייסט, וועלן אַריינברענגען צעמישטקייט אין דער ייִדישער מדינה.

ס׳האָבן אָבער, נישט געקוקט אויף אַלע באַוואָרענישן, אין אַלע צייטן, אין דער תּלמודישער ווי אין דער גאונישער תּקופֿה און שוין אָפּגערעדט אין די שפּעטערע תּקופֿות, נישט זעלטן געטראָפֿן געמישטע חתונות און אַפֿילו שמד, צוליב געמישטקייט. חז״ל האָבן איינגעפֿירט פֿאַרשיידענע תּקנות אָפּצוהאַלטן דעם שטראָם פֿון געמישטקייט, שטאַרק באַטאָנט דעם ״לאו״ פֿון לא תתחתן [37]. דאָס האָט געוויס געהאָלפֿן אין די צייטן, ווען אמונה, רעליגיע האָט באַהערשט די ייִדישע ישובים. דאַן האָט מען געקענט זאָגן און דאָס נעמען בוכשטעבלעך: ״שמשון הלך אחר עיניו, לפיכך נקרו פלשתים את עיניו...״ [38], שמשון הגבור איז געשטראָפֿט געוואָרן, אַז די פּלשתּים האָבן אים געלעכערט די אויגן; ווייל ער האָט צו פֿיל געקוקט אויף די פּלשתּים־טעכטער, האָט ער געקראָגן אַ דלילה און זי האָט דערפֿירט צו דעם טראַגישן סוף. פֿון דעסטוועגן האָבן מיר דעם היתּר פֿון ״יפת תואר״ [39], וואָס לויט רש״י האָט מען דאָס געמוזט דערלויבן, ווייל ״ישאינה באיסור...״ און אַז דער אויספֿיר איז נישט געווען קיין גוטער, ״סופה שישנאה״ און אַלע מפֿרשים מאַטערן זיך צו פֿאַרשטיין דעם דאָזיקן תּורה־היתּר [40] — אָבער געמישטע חתונות, ווי מ׳ר זעען עס אין אונדזערע טעג, אין יעדן לאַנד, אַזעלכעס איז נישט פֿאָרגע־קומען, דערצו נאָך צווישן ייִדישע שריפֿטשטעלערס, שרייבערס, שעפֿערישע מענטשן אין העברעיש און אין ייִדיש, מענטשן וועלכע דאַרפֿן זיין אַ מוסטער פֿון אייגהיטן דעם אייגנאַרט פֿון ייִדנטום, זיי זאָלן ווייזן דאָס פֿאַרקערטע; זיי אַליין אָדער זייערע קינדער זאָלן ווייזן אַ מוסטער פֿון געמישטקייט. דאָס האָט, ווייזט אויס, גורם געווען אין אַ געוויסן זין, די השׂכּלה, דאָס וועלטלעכקייט.

גרויס איז די צאָל פֿון די וועלכע האָבן זיך געיאָגט נאָך השׂכּלה און דער רעזולטאַט איז געווען דערווייטערונג פֿון ייִדנטום, ביי אַ טייל האָט דאָס יאָגעניש דערפֿירט צו שמד. צווישן די דאָזיקע האָבן זיך געפֿונען אינטעלעקטואַלן, וויסנ־

שאַפּטלערס, שרייבערס, אַפּילו אַזעלכע וועלכע האָבן געשריבן אין ייִדיש און העברעיש און דאָך געפונען באַקוועמלעכקייט אין דער פרעמד. אייניקע זענען געווען חוזרים בתשובה און זיך צוריקגעקערט צום היסטאָרישן ייִדנטום און וועגן די פאַרנעמען מיר זיך ברייטער און טיפער אין אַ באַזונדערער שטודיע.

דאָ ווילן מיר בלויז אָנווייזן אויף אייניקע באַוווסטע פערזענלעכקייטן אין ייִדישן לעבן, שעפערישע מענטשן, וועלכע האָבן "אויסגעביטן דאָס רענדל".

אין דער רשימה פון אַזעלכע, געפינט זיך דער העברעישער פּאָעט קאָנסטאַנטין אַבאַ שאַפּירא (ת"ר—תר"ס, 1839—1900), מחבר פון העברעיִשע שירים. זיין ספר "שירים נבחרים" [41] האָט אַ באַגייסטערטן אַריינפיר פון יעקב פיכמאַן (1881—1958).

קאָנסטאַנטין שאַפּירא איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ מיוחסדיקער משפחה אין גראָדנע; פון קינדהייט אָן אַרויסגעוויזן טאַלאַנט און רעבעלישקייט: ער איז געווען קעגן זיינע עלטערן, קעגן זיין סביבה, קעגן זיין ווייב, וואָס זיינע עלטערן האָבן אים פאַרשדכנט. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער השכלה און זיך אַרויס־געלאָזט אויף אַ געוואָגטן וועג, געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט און קיין מנוחה נישט געפונען, ביז ער האָט זיך אין פּעטערבורג (די היינטיקע לענינגראַד), באַקענט מיט אַ רוסישער פרוי, אַן אָרעמער וועשערין — און דורך איר, מיט איר טאָכטער. די צווייי פרויען, מוטער און טאָכטער האָבן אים אַריינגענומען, אויסגעהאַלטן אין ס'איז געוואָרן אַ ליבע, ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער און זיך געשמדט. ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, איז דאָס שמדן זיך נישט געקומען מחמת איבערצייגונג, נאָר מחמת באַקוועמלעכקייט: צו קריגן וווינרעכט אין פּעטערבורג און — דאַרף מען צוגעבן — צו האָבן אַ ווייב, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן.

ווי אַ משומד, האָט ק. שאַפּירא שטאַרק מצליח געווען אַלס ליטעראַט און מאָלער, אָבער — ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן צו — ער איז פאַרבליבן אַן אומצו־פרידענער פון זיין טאָט. ער האָט געפילט, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פאַרראַט לגבי דעם ייִדישן פאָלק, ווי ער דריקט זיך אויס אין אַ שיר:

"לשוא במי ירדן את בשרי טבלתי... דמי ירתחו עד אשכב מכבר, האם לא ידינני שר האומה לחובה?..."

קאָנסטאַנטין שאַפּירא איז נישט צוריקגעקומען צו זיין פאָלק. ער איז געשטאָר־בן אין דאָרף, דאָס געבורטאָרט פון זיין רוסישער פרוי, דאָרט באַערדיקט געוואָרן אונטער דעם צערמאָניאַל פונעם פּראַוואָסלאַוונעם גלח.

מיר האָבן נאָך אַ טיפּ פון אַ ייִדישן משכיל, פאָרשער פון גרויסן פאַרנעם, כריסטיאַן דוד גינזבורג (1831—1914), וועמעס ווערק "מסורת המקרא" אין פיר בענד און מיט נאָך וויכטיקע פאָרשונגען פון גרויס באַטייט, ווערט אָנערקענט ביי ייִדישע פאָרשערס. ער האָט געלעבט ווי אַ משומד [42].

אַ געבוירענער אין וואַרשע, האָט ער זיך געשמדט אין יאָר 1846 און אין ענגלאַנד געאַרבעט ווי אַ מיסיאָנער. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ פענאָמעאַלן זכרון וואָס שייך זיינע פאָרשונגען. ער ווערט אָנערקענט אַלס אויטאָריטעט אין דער ביבל־פאָרשונג. אָבער געלעבט האָט ער ווי אַ קריסט.

אין דער ריי פון די משכּילים וועלכע האָבן זיך פאַרפלאָנטערט, געביטן דאָס רענדל, געהערט דער אומאַנער משׂכּיל הערש־בער הורוויץ, וועלכער איז צוליב סיבות אַוועק קיין ענגלאַנד, דאָרט זיך געשמדט, אָבער ממשיך געווען מיט זיינע שטודיעס אין תּלמוד, העברעיש לשון אין קיימברידזש־אוניווערסיטעט, וואָס איז ביי אים געווען, ווי דער באַרימטער פאָרשער און ביבליאָטעקאַר ר׳ חיים ליבערמאַן ציטירט פון זיין בריוו צו אַ צווייטן משכּיל, יעקב גאָלדנווייזער, אַ מקור־פּרנסה. ווי ער דריקט זיך אויס, איז בלויז תּורת־משה זיין נחלה און "די ספרים פון די נביאים און ח כ מ י ם פ ו נ ע ם ת ל מ ו ד (ח. ליבערמאַנס אונטערשטרייכן) זענען מיין דערקוויקעניש דאָ" ("המה לי למחיה פה" [43]).

נישט תּמיד איז דער גורם צום שמד געווען די השׂכּלה; ס׳זענען געווען אויך אַנדערע סיבות, באַזונדערס אין רוסלאַנד, דער דראַנג ביי אייניקע זיך אַרויס־צורייסן פונעם תּחום־המושב און זוכן פרייהייט אויף די ברייטערע האָריזאָנטן.

אינעם קרייז פון די משומדים האָט זיך אויף געפונען שמעון פרוג. דער דאָזיקער אָנגעזעענער רוסישער און יידיש־קלאַסיקער איז געבליבן אַ ייד, אָבער געלעבט מיט אַ קריסטין — און זיין גורל איז נישט געווען קיין בעסערער. ווי אַ בויטליידנדיקער און געפּילפּולער האָט ער, כּדי צו פאַרגעסן זיינע צרות, זיך אַריינגעלאָזט אין שיכּרות.

נאָך דעם, ווי פרוגן איז שוין געגאַנגען גוט, זייענדיק אַ מיטאַרבעטער אין רוסישע צייטונגען, איז ער געוואָרן נאָענט מיט דער באָהעמיע, געלעבט מיט זיין ווייב, דער קריסטין, ווי אַ באָהעמיען, און געשריבן חניפה־לידער מיט באַגייסטערונג פאַר די צאַרן. דאָס האָט אויפגעשוידערט זיינע אַמאָליקע יידישע חברים.

די לעצטע יאָרן האָט פרוג געוווינט אין אָדעס, צוליב זיין נירן־קראַנקייט, וואָס דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אים געקומען צוליב זיין שיכּרות.

שמעון דובנאָוו דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז ווען ער האָט אים געזען אין 1913, אין אָדעס, האָט ער אים געזאָגט אין אַ שוואַכן טאָן, מיט באַדויערן, "אתה, ידידי, עבדת, ואני בכל אותן השנים נתתי בכוס עיני" (ער האָט 28 יאָר געלעבט אין פּעטערבורג, וווּ ער איז געקומען אין עלטער פון 21 יאָר — און תּמיד געווען אַן אַלקאָהאָליקער, אין זיין יוגנט, און נאָך מער אויף דער עלטער).

פרוג האָט אַ סך געליטן, נישט בלויז צוליב זיין קראַנקייט. ער האָט געליטן טראַגעדיע נאָך טראַגעדיע. געליטן גייסטיק, צוליב זיין לעבן מיט אַ נישט־יידישער פרוי, ברענגענדיק אויף דער וועלט נישט־יידישע קינדער... זיין טאָכטער,

וויטיטשקאַ, איז געשטאָרבן אין עלטער פון דרייצן יאָר. די לוויה איז געווען אַ פּראַוואָסלאַוונע און פרוג האָט זי באַגלייט ביזן צווינטער.ביים טויער האָט ער זיך אויסגעדריקט — „ביז איצט, ביז דעם אָרט איז זי מיין קינד. ווייטער, אינעווייניק, אין זי זייערע. זי איז מער נישט מיינע".

פרוג האָט געהאַט מיט דער קריסטלעכער פרוי נאָך צוויי קינדער, זין; זענען זיי ביידע געשטאָרבן יונגערהייט. ער האָט דערין געזען אַ שטראָף פון הימל, אַז דאָס איז דער כּרת, צו שטאַרבן עלנט, נישט איבערצולאָזן קיין יורשים, דאָס איז געמיינט געוואָרן „ונכרתה הנפש ההיא מעמיה". אַפילו ווען זיי לעבן, וואָלטן זיי אויך נישט געהייסן ז י י נ ע קינדער, ווייל אין געמישטקייט גייט אַלץ לויט דער מוטער.

בקיצור: שמעון פרוג איז געבליבן אַ ייִד און די פרוי זיינע, אַ געטרייע פרוי און אַ געטרייע פּראַוואָסלאַוונע, האָט געהאַלטן די קינדער ווי קריסטן, זיי דער־צויגן אין קריסטלעכן גייסט. די פריינד האָבן פאַרערט פרוגן און געווען באַגייסטערט פון זיין פרוי און זי? — זי איז דערווייטערט געוואָרן פון איר משפחה צוליב איר לעבן און געבוירן קינדער מיט אַ ייִד, נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט געשריבן לידער אין רוסיש.

דער סדר פון געמישטקייט, אַפילו ביי אַזעלכע דורכויס ייִדישע שעפערישע מענטשן, ברענגט אַריין אַ צעשפּאַלטנקייט אין דער נשמה, אין דער מחשבה און אין דער משפּחה. ס'הערשט אַ מבולבלדיקייט, אַ צעמישעניש, ווי פּרץ הירשביין (1880—1948) שילדערט עס אין זיין ראָמאַן „בבל". אין געוויסע פאַלן ברענגט אַזאַ חתונה שנאה מצד די קינדער צו זייערע עלטערן און ביי אייניקע — די ליבעראַלע, די באַוווסטזיניקע, — דעם געדאַנק ס'זאָל מער נישט זיין די אָפּגעזונ־דערטקייט צווישן פעלקער, זיי זענען נישט דורכגעדרונגען מיט ייִדישע געפילן זיי זענען נישט די וויכטיקייט ממשיך צו זיין אַ לעבן וואָס זאָל האָבן דעם שורש אין היסטאָרישן ייִדנטום, אין דער ייִדישער מאָראַל, אין דער ייִדישער עטיק.

אין זיין סעריע „טראַגעדיעס אין משפחות פון גדולי האומה" [44], באַשרייבט אייזיק רמבה (רעמבאַ), די געשמדטע משפּחה פון מענדעלע מוכר ספרים (שלום יעקב אַבראַמאָוויטש (1836—1917). מענדעלעס משפּחה איז באַשטאַנען פון פיר טעכטער און איין זון: מאיר מיכאל אַבראַמאָוויטש. דער זון האָט זיך געשמדט און זיינע קינדער און קינדס־קינדער האָבן געוווינט אין בריסל, בעלגיע, ווי נאַטירלעכע קאַטאָליקן. דער זון, ווי רעמבאַ גיט איבער, האָט אויף דער עלטער תּשובה געטאָן און זיך צוריקגעקערט צום ייִדישן פאָלק; אָבער די קינדער, די אייניקלעך זענען שוין געבליבן קריסטן. איין איידעם, אַ קאָזאַקן־אָפיציר, איז געוואָרן אַ באַדינער אין אַ קאַטוילישער קירכע.

דער „זיידע" (ווי ער ווערט גערופן אין דער ייִדישער ליטעראַטור) האָט אַ

סך געליטן, אָבער קיין שאַרפֿע שטעלונג נישט גענומען און ס׳איז געווען אַ סך קריטיק אויף דעם משׂכּילישן פּאָעטער, דעם קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור, דעם דירעקטאָר פון דער אָדעסער תּלמוד־תּורה, אַז ער נעמט זיך נישט צו פיל צום האַרצן, אַז ער איז אַפילו אין אַ געוויסן זין צופרידן, וואָס דער זון לעבט אין רחבות. דאַקעגן דעם ״זיידנס״ חברים־תּלמידים האָבן אים פאַרטיידיקט, צווישן זיי ביאַליק, קלויזנער, ראַווניצקי. זייער טענה: מען איז נישט דן דעם פּאָעטער צוליב די זינד פון די קינדער. זיי האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר מענדעלען, ווען זיי האָבן ליב געהאַט, פאַרערט און רעספּעקטירט.

ווי ראַווניצקי האָט איבערגעגעבן, האָט מענדעלע נישט איין מאָל גערעדט מיט ווייטיק וועגן דעם אומגליק וואָס האָט אים געטראָפן און געהאָפט, אַז דער זון וועט זיך אומקערן, דעריבער פלעגט ער אים פאַרבעטן צו די פּסח־סדרים און בכלל געווען צופרידן אים צו זען.

מנחם מענדל אוסישקין (1863—1941) האָט געפּייערט און געהאַלטן, אַז מען דאַרף דעם פּאָעטער באַזייטיקן פון אַלע קהלישע אַמטן, ווייל מ׳וועט זיך אָפּלערנען פון זיין זון.

מאיר מיכאל אַבראַמאָוויטש איז געוואָרן טעטיק אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און צו דער זעלביקער צייט שטודירט אויף אַדוואָקאַטור. די פאַרנומענ־קייט האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון פירן ליבעס און לסוף האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ נישט־ייִדיש מיידל. כּדי חתונה צו האָבן מיט איר געזעצלעך איז ער אַריבער צום פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן.

דער פּאָעטער, ווען ער האָט זיך דערוווּסט פון דער מעשׂה־רע, האָט אויפגע־ציטערט, אָבער גאָרנישט געקענט טאָן. פאַר דעם זון האָט דאָס געמיינט, נישט בלויז ליבע, נאָר אויך קאַריערע. מענדעלע האָט אים נישט פאַריאָגט, נישט געזעסן קיין שבעה, ווי דער דין און מנהג ביי ייִדן. מיט יאָרן שפּעטער, אַז דער זון מיט דער נישט־ייִדישער פרוי פלעגן קומען צו אים, האָט ער זיי אויפגענומען מיט כּבוד, ס׳האָט אויסגעזען, אַז דער ״זיידע״ נעמט זיך נישט צום האַרצן דאָס וואָס דער זון האָט זיך געשמדט; אַז ער זעט נישט אין דעם קיין שרעקלעכע טראַגעדיע. ווי אייניקע גיבן איבער האָט עס אויסגעזען, אַז דער פּאָעטער איז גאָר צופרידן פון זונס דערפאָלג. ערשט אויף דער עלטער, ווען מענדעלע איז געוואָרן פרימער, און דער זון האָט דורכגעמאַכט טראַגעדיע נאָך טראַגעדיע, האָט זיך דער מצב געענדערט.

דער זון האָט אין דעם געזען אַן עונש פאַר דעם חטא, וואָס ער איז אָוועק פון ייִדנטום. ביסלעכווייז איז די ליבע צו זיין נישט־ייִדישער פרוי אויסגעוועפּט געוואָ־רן, דאָס גליקלעכע פּאָרל האָט זיך געשיידט נאָכן אומקום פון זייער זון, דעם אויסגעצייכנטן פּילאָט, וועמעס עראָפּלאַן איז אַראָפּגעפאַלן און ער איז אומגעקומען

און אַלע זענען געבליבן אין אבלות. דער פאָטער האָט געהאַט צייט צו מאַכן זיין חשבון־הנפש.

די צווייטע פרוי זיינע איז געווען אַ ייִדישע, קלאַראַ וואָלקענשטיין. אָבער אַפילו נאָך דער צווייטער חתונה, איז ער נאָך אַלץ געבליבן אַ געטויפטער ייִד.

נאָך דער רעוואָלוציע האָט מענדעלע זיך גענומען צום זון, ער זאָל זיך אומקערן צו דער ייִדישער אמונה. דער זיידע — ווי ביאַליק גיט איבער — איז אויף דער עלטער געוואָרן פרום, געטראָגן אַ יאַרמלקע, תּמיד געהאַט דעם סידור אויפן טיש, געדאַוונט מיט כּוונה און געווען נזהר אַפילו אין נטילת־ידים. ער האָט געהאַט די זכיה צו הערן אַז דער זון איז צוריקגעקומען צום ייִדנטום (דעם 28טן מערץ, 1917). ער האָט געשריבן צו זיין טאָכטער חנה, אַ דאָקטאָרין אין פּאַריז, וועגן דער גוטער בשורה — "חסדי הבורא לא תמו" — אין זעלביקן יאָר, איז מענדעלע געשטאָרבן.

אויף דער עלטער, האָט מאיר מיכאל אַבראַמאָוויטש געוווינט ביי זיין איינציקער טאָכטער טאַטיאַנאַ אין בריסל, בעלגיע, אין גאַנצן אָפּגעזונדערט פון מענטשן, ווי אַ לעבעדיקער בר־מינן [45], ווי אַ צוריקגעקומענער פון דער פּראַוואָסלאַווער קירכע, אַרומגערינגלט מיט קאַטאָליקן, נישט האָבנדיק קיין אָרט, נישט צווישן ייִדן און אַוודאי נישט צווישן קריסטן.

שמעון דובנאָוו (1860—1941) איז געווען דער היסטאָריקער וואָס האָט דער עיקר געשטעלט דעם יסוד פון ייִדישן קיום אויף די קולטורעלע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאַקטאָרן; ער האָט געקוקט פון אַ סעקולאַרן ווינקל, אָן דער הילף פון דער טעאָלאָגיע און אָן די ציוניסטיש־נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס. ער האָט געזען די גייסטיקע אַנטוויקלונגען פון ייִדנטום נישט דווקא אינעם לעבן אויף זיין אייגענעם באָדן. ער האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע פאָלקס־גייסטיקע פאַרמעגן און געזען, אַז ייִדן האָבן מער געשאַפן אין די גלותן, ווי אין זייער אייגענעם לאַנד, ווי אייזיק רעמבאַ דריקט עס אויס אין אייניקע ווערטער: "שמעון דובנוב כפר בדת לגמרי" — און ער גיט צו — "אבל הוא היה יהודי בכל נימי נפשו..." [46]. ער האָט געפירט מלחמה מיט רעליגיע, געקעמפט קעגן די חדרים, געוואָלט אַריינברענגען וועלטלעכקייט, געזוכט תּיקונים בדת — אַנדערש ווי די רעפאָרמערס, אָבער תּיקונים, וועלכע זאָלן ענדערן נישט בלויז דעם גייסט, נאָר די גאַנצע פיזיאָנאָמיע פון אַ ייִד.

עס ווערט דערציילט, אַדער ער אַליין האָט דערציילט, אַז זיין בן־יחיד איז אים געבוירן געוואָרן אינעם יאָר פון זיין פאָטערס פּטירה. צוליב אַ קראַנקייט, האָט ער נישט געקענט זיין ביים ברית, האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט אַ צופרידנקייט, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ ברוך אין זיין אַטעיִסטישן דענקען און דאָך איז ער

געווען אַן איבערגעגעבענער ייִד, געהאַסט משומדים, גערופן זיי פאַררעטערס, ווי רעמבאַ שרייבט:

"כנגד כפירתו בדת ובמצוותיה היתה לו אמונה עמוקה בעם היהודי ודבק בו וכאשר החלה בקרב הנוער האקדמאי בריחה מן היהדות מסיבות תועלתיות, הזדעזע דובנוב וניסה לעמוד בפרץ". דער גורל האָט געוואָלט, אַז אויך ביי אים זאָל זיך אַריינכאַפּן שמד.

דובנאָוו האָט געפירט מלחמה אין וואָרט און שריפט קעגן די משומדים, קעגן די פאַררעטערישע יונגע־לייט, נישט ווויסנדיק אַז זיין ייִנגערע טאָכטער, אָלגאַ, האָלט אַן פאַרבינדונגען מיט קריסטלעכע בחורים, אַז די מגפה האָט אַרומגעכאַפּט אויך זיין הויז.

דובנאָווס עלטערע טאָכטער, סאָפיאַ, האָט דאָס אים איבערגעגעבן זי האָט אים דערציילט אַז איר שוועסטער האָט געבוירן אַ צווילינג פון אַ קריסטלעכן אַרבעטער, מיט וועמען זי האָט געפירט אַ ליבע אַ צאָל יאָרן. מיט אַ צייט שפּעטער האָט מען אים איבערגעגעבן, אַז זיין זון האָט זיך געשמדט, כדי צו קענען אַריינ־טרעטן אין אוניווערסיטעט. שמעון דובנאָוו האָט געהאַט דערפון גרויס צער, ווייל ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ביי אים, דעם פאַלקיסט און שמד־באַקעמפער, זאָל דאָס פאַרקומען. זיינע קעגנערס האָבן דאָס צוגעשריבן זיין אַטעיִזם, סעקולאַ־ריזם, אַז ער דערציט נישט די קינדער אין רעליגיעזן גייסט. ער האָט רעאַגירט אויף דער קריטיק, ווייזנדיק ווי די שמד־מגפה האָט זיך אַריינגעכאַפּט און נישט אויסגעמיטן אויך די עקסטרעם־רעליגיעזע היימען.

ווי אַ היסטאָריקער שטייט דובנאָוו העכער פון היינריך גרעץ. דובנאָוו (געב דעם צווייטן טאָג ראש השנה, תרכ"א און אומגעקומען אין דער שואה, אין ריגע, י"ח כסלו, תש"ב) האָט נישט בלויז געפאָרשט די פאַרגאַנגנהייט, לשם עבר. נאָר אויך כדי מע זאָל דורך דער פאַרגאַנגנהייט דערקענען און דערהויבן די קעגנוואָרט און זיך גרייטן אויף אַ בעסערער צוקונפט. דערמיט איז ער געוואָרן דער היסטאָ־ריקער פונעם דור־התחיה, פונעם אויפלעב־דור.

דובנאָוו איז נישט געווען קיין ציוניסט, אַפילו נישט קיין אָנהענגער פון דעם עברית־מאָנאָפּאָל, אָבער ער האָט געשאַפן אַ ווערק אין וועלכן ס׳קומט צום אויסדרוק מיט דער פולסטער קלאָרקייט די היסטאָריש־פילאָזאָפישע באַגרינדונג און אַנטוויקלונג פון ייִדישן נאַציאָנאַליזם. ער האָט דעריבער, האָבנדיק דאָס אין זינען, אַריינגענומען אין זיין ווערק די פולע געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד און אין פוילן. זיין פאָרויסגייער, גרעץ, האָט בלויז געזען דאָס מערב־אייראָפּעישע ייִדנטום און בלויז די פאַרגאַנגענהייט. דובנאָוו האָט געזען דאָס גאַנצע ייִדנטום, דעם "עם עולם", אין אַלע זיינע וואַריאַציעס און אַנדערשקייטן — און דעריבער פאַרענדיקט ער אַנדערש ווי זיין פאָרויסגייער: "דברי ימי ישראל נמשכים והולכים".

דעריבער פאַרשטייט מען זיין שאַרפן אַרויסטריט קעגן משומדים — ווייל אין זיי באַשטייט די מוראָ פון חסל, פון פאַרענדיקן דעם געשיכטלעכן גאַנג פון ייִדנטום.

ווער עס לייענט זיינע "בריוו וועגן אַלטן און נייעם ייִדנטום"[47], זעט, ווי ער דרינגט אַריין אין די ספּעציפישע נויטן פון הייִנטצייטיקן ייִדנטום. זיין טיפער אַנאַליז, זיין פאַרשטענדעניש, זענען וויטאַל אויך פאַר אונדזער עפּאָכע, פאַר דער עפּאָכע פון מדינת־ישראל. צי מיר זענען מסכים מיט זיינע טעאָריעס וועגן אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, ווי אַ גייסטיק פאָלק, וואָס קען זיך אויסלעבן נאַציאָנאַל אין אַלע לענדער, ווו ייִדן געפינען זיך, צי מיר בעגירן די דאָזיקע מעגלעכקייטן, זעען מיר אָבער פאַר זיך דעם גרויסן היסטאָריקער, וואָס האָט געוואָלט זען דעם ייִדישן המשך אומעטום און געזוכט טעאָרעטישע און פּראַקטישע מעגלעכקייטן אויפצוהאַלטן און פאַרזיכערן ייִדישע, שיר נישט רעליגיעזע ציוויליזאַציע. אין אַסימילאַציע — און אין זיין ענדציל שמד — האָט ער געזען די גרעסטע געפאַר פאַרן קיום פון ייִדנטום.

שמד האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַפילו אינעם הויז פון אחד העם (אָשר צבי גינצבערג, י"ז תמוז תרט"ז—1856 כ"ח שבט, תרפ"ז—1927), דעם אידעאָלאָג פון גייסטיקן ציוניזם, דעם באַגייסטערטן אָנהענגער פון וועלטלעכער ייִדישקייט, אָבער מיטן צוגאָב פון ציוניסטישן אידעאַל, דעם וואָס האָט פאַרשטאַנען צו באַהויפּטן: "נאָך מער ווי ייִדן האָבן אָפּגעהיט דעם שבת, האָט דער שבת אָפּגעהיט דאָס ייִדישע פאָלק". אויך זיין טיר איז געעפנט געוואָרן פאַר שמד.

אחד־העם, דער שענסטער פאַרשטייער פונעם סאָרט משׂכּיל, וואָס האָט פאַראייניקט אוניווערסאַליזם מיט ציוניזם־נאַציאָנאַליזם, האָט פּראָפּאַגירט דעם געדאַנק, אַז ארץ־ישראל זאָל זיין דער גייסטיקער צענטער — מרכז רוחני — פון ייִדנטום, אַ משיח־אידעאַל וואָס זאָל זיין אַן "אור לגויים".

ווי י. מ. גרינץ ווייזט אָן, איז דער דאָזיקער געדאַנק נולד געוואָרן ביי דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין יאָר 1792, פאַררופן דורך נאַפּאָלעאָנען, ווי אַ סאָרט פרייהייט און נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פאַר יעדן פאָלק און איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון אַ צאָל פילאָזאָפן אין דייטשלאַנד: הערדער, פיכטע, העגעל און אַנדערע, די אַזוי גערופענע "ראָמאַנטישע מחשבה" אין פילאָזאָפיע. אחד העם האָט בלויז צוגעגעבן געוויסע חידושים. צו וועלכע אַנדערע "פרייערע" משׂכּילים זענען נישט געקומען. נאָכן אַנאַליזירן אַלע דעות, האָט ער זיך מער געשטיצט אויף די מחשבות פון ערנעסט רענאַן: נאַציע איז אַ קאָלעקטיוו וואָס האָט אַ סך געשאַפן אין דער פאַרגאַנגנהייט און איז פעיִק אַ סך בייצוטראָגן צו דער צוקונפט, ווי ער דריקט זיך אויס: "זכרון היסטורי החי בהכרת האומה עם רצון משותף לעתיד — התקוה לגאולה"[48].

אחד העם זעט אין ייִדנטום, באַלד פון זיין באַגין אויף דער פעלקער־מאַפּע, די אויפגאַבע צו זיין אַ ״ממלכת־כהנים״, צו ווערן באַהערשט פון אידעאַליזם און שטרעבן צו העכערע, הימלישע אַספּיראַציעס אין זיין נאַציאָנאַליטעט. דער ״רוח האומה״ — האָט ער אַזוי ווי רנ״ק (ר׳ נחמן קראָכמאַל, 1785—1840) געזען — האָט געזיכערט און וועט זיכערן דעם ״קיום האומה״ [49].

עס דאַרף אויך געזאָגט ווערן, אַז אחד העם האָט נעגירט די מיינונג פון בעלי־מחשבה, אַז דאָס ייִדנטום עקזיסטירט אַ דאַנק זיין אמונה, אַ דאַנק זיין ד ת. ער האָט אָבער געמוזט אָנערקענען אַז דער ז כ ו ת ה ק י ו ם פון ייִדישן פאָלק איז— און וועט זיין — די דבקות, זיין באַהעפטן זיך מיט די אידעאַלן פון אַבסאָלו־טער גערעכטיקייט, ״הצדק המוחלט״. דאָס איז תעודת ישראל, די מיסיע און אויפגאַבע פון ייִדישן פאָלק, ביז משיחס קומען, צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן אידעאַל. דערצו האָט ער געוואָלט אַז ייִדן זאָלן איבערנעמען די שיינקייט ביי נישט־ייִדן. דאָס האָט ביי אים געהייסן ו ו ע ל ט ל ע כ ק י י ט און אין דעם האָט ער געזען די דערהויבנקייט פון אַ פאָלק.

ארץ־ישראל האָט ער געזען ווי דעם גייסטיקן צענטער פאַר אַלע ייִדן — אחדות־ישראל מיט תפוצות־ישראל — אַ געדאַנק, וואָס איז שוין פאַר אים אויס־געדריקט געוואָרן ביי אליעזר בן יהודה (1858—1922) און אַנדערע משׂכּילים וואָס האָבן אַריינגענומען אין השׂכּלה, חיבת־ציון, אַ סאָרט ״נהיה ככל הגויים״ מיט אייגענע אַטריבוטן און כאַראַקטער־שטריכן. דאָס איז געווען דער חידוש פון די נאַציאָנאַליסטישע משׂכּילים: פאַראייניקן דאָס ייִדישע פאָלק דורך דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלן גייסט, וועגן וועלכן ס׳האָבן אַפילו נישט־ייִדישע פילאָזאָפן געשריבן און פּראָפּאַגירט [50].

אחד העם האָט געוואָלט אַוועק פון די רעליגיעזע אַטריבוטן, זיך שטיצן דער עיקר אויפן פאָלקס־נאַציאָנאַליזם און אוניווערסאַליזם — אַ ״קדושה לאומית״, ווי ער רופט עס [51]: נאַציאָנאַלער גייסט, ביי אחד העמען פאָלקסגייסט, פאָלקיזם — ביי דובנאָוון. דערמיט האָבן זיי געמיינט אָפּצוהאַלטן ייִדן פון אַסימילאַציע. אין דער אמתן, האָט דאָס ווי מיר זעען, נישט געקענט אָפּהאַלטן פון אַסימילאַציע און שמד.

אין ייִדנטום האָט תּמיד געהערשט די האַרמאָנישקייט פון נאַציע און רעליגיע, אמונה אין באַשעפער, אין נצח־ישראל. ווען דאָס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, האָבן די יסודות אויף וועלכע ס׳האָט זיך געהאַלטן דאָס ייִדנטום אָנגעהויבן זיך טרייסלען און נישט בלויז ייִדישע גדולי־המחשבה האָבן דאָס געזען, נאָר אַפילו נישט־ייִדישע פילאָזאָפן, ווי העגעל (1770—1830) און אַנדערע האָבן דאָס פאַרשטאַנען.

**ב. השׂכּלה און משׂכּילים. — אין מערב־און אין מזרח־אייראָפּע. — די וועלכע זענען אַוועק און די וועלכע זענען געבליבן.**

ס'איז אָנגענומען בדרך־כּלל, אַז אַלע משׂכּילים האָבן געצילט מיט זייער תּיקון הדת והחינוך, אַרויסצונעמען די ייִדן פון געטאָ, עפענען פאַר זיי די טויערן פון דער דרויסנדיקער וועלט, אָבער נישט צו פאַרלאָזן דאָס ייִדנטום, נישט אַסימילירן זיך מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

אין די ראַמען פון אונדזער טעמע איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו באַהאַנדלען היסטאָריש און פאַקטועל דעם השׂכּלה־פּראָצעס. ס'דאַרף אָנגעוויזן ווערן אויף צוויי סאָרטן משׂכּילים: געווען אַזעלכע, וואָס מיט זייער השׂכּלה־אַגיטאַציע האָבן זיי געוואָלט פאַרוועלטלעכן ייִדן, זיי זאָלן זיך אויסמישן מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און אַזוי אַרום ווערן באַטראַכט, ווי פולע בירגערס פון זייער ווויִנערטער. געווען אַנדערע — די גרעסטע צאָל, באַזונדערס אין מזרח־אייראָפּע — וואָס האָבן נישט געטראַכט אויפצוגעבן דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער; זיי האָבן קאַטעגאָריש צוריקגעוויזן די טעאָריעס, אַז דער איינציקער אויסוועג איז אַסימילאַציע. זיי האָבן אַפילו אָנגעוויזן וויסנשאַפטלעך־עטנאָגראַפיש־עטניש אַז ייִדן ציען זייערע וואָרצלען פון דורות און מ'טאָר נישט, מ'קען נישט, איבעררייסן די דאָזיקע וואָרצלען. זיי האָבן געוואָלט זען "דעם ייִד אין דער היים און דעם מענטש אין דרויסן..." ווי די לאָזונג פון דעם העברעישן פּאָעט אין השׂכּלה־דור, יהודה לייב גאָרדאָן (יל"ג, 1830—1892): "יהודי בביתך ואדם בצאתך".

ס'זענען אויך געווען משׂכּילים, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פעסט ביי די נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע אַספּיראַציעס און אָנערקענט די אוממעגלעכקייט זיך אויסצוגלייכן אין אַלע הינזיכטן מיטן נישט־ייִד. זיי האָבן אַריינגענומען אין זייערע ספערן די ווונטשן און שטרעבונגען פון חיבת־ציון, ייִדן זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט איינצוהיטן זייער אידענטיטעט און דערביי נישט מינערן פון וועלטלעך וויסן, שפּראַך און אַלץ וואָס איז נויטיק פאַר אַ ציוויליזירטער געזעלשאַפט, אַזוי ווי דאָס איז תּמיד געווען די שטרעבונג פון יעדן באַוווסטזיניקן ייִד.

דאָס פּאָזיטיווע פון די משׂכּילים פון דער קאַטעגאָריע איז אויך געווען זייער אַרויסברענגען דעם "מאור שביהדות" פאַר דעם ייִד און פאַר דער וועלט. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, אַריינגעבראַכט אַפּאָלאָגעטיק אין זייער שעפערישקייט. צי דאָס האָט געהאָלפן אָדער נישט — איז אַ באַזונדערער ענין. מיר זענען נישט פאַראינטערעסירט דאָ צו משפּטן. די כּוונה — דאַרף געזאָגט ווערן — איז געווען אַ גוטע, אַ פּאָזיטיווע.

משה מענדעלסאָן (1729—1786), דער ראש פון דער השׂכּלה־באַוועגונג אין דייטשלאַנד, האָט אויך געהאַט אַ גוטע כּוונה, אַ פּאָזיטיווע, אָבער געבראַכט האָט

ער מיט זיין פילאָזאָפיע דאָס פאַרקערטע. ער האָט געוואָלט פאַרבינדן יהדות מיט דייטשטום, ייִדישע אמונה מיט דייטשישער קולטור און מחשבה. ער האָט געוואָלט ליכטיק מאַכן דאָס בית־המדרש, די ייִדישע נשמה. געבראַכט האָט אָבער זיין פילאָזאָפיע דעם היפּוך פון זיין רצון. זיין אייגענע משפחה האָט מער קיין המשך נישט געוואָלט; פאַר זיי, איז דער ״ביאור״ מיט זיינע טעאָריעס געווען איבעריק. דעם פּאָטערס טעאָריעס האָבן געפירט צו אַסימילאַציע און שמד. מענדעלסאָנס נאָכפאָלגערס האָבן שוין אויסגעמעקט די האָפענונג אויף שיבת־ציון, דעם נאַציאָנאַלן געפיל און דערפירט צו די רעפאָרמען אין ייִדישן לעבן.

נישט אַלע משׂכּילים האָבן אָנגענומען די ״בערלינער השׂכּלה״ וועלכע האָט געפירט צו רעפאָרם און אַסימילאַציע, אַ סך ווייטער ווי דער באַגרינדער האָט געקענט פאָרויסזען. ס׳זענען אויך געווען משׂכּילים פון אַ ברייטן פאַרנעם, וועלכע זענען געבליבן מיט האַרץ, מוח און נשמה צוגעבונדן צום ייִדנטום. צו די געהערט אַזאַ ייִד, ווי שמואל דוד לוצאַטאָ (1800—1865), אַ פּראָטאָטיפּ און מוסטער פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט וועלטלעך וויסן און געבליבן געטריי דער ייִדישער טראַדיציע. ער האָט אויף דעם שאַרפסטן אופן צוריקגעוויזן די הנחות און אויספירן פון דעם היסטאָריקער מאַרקוס יאָסט (1793—1860) און אַנדערע, וועלכע האָבן געמיינט, אַז מיטן עמאַנציפּירן זיך וועלן געלייזט ווערן אַלע ייִדישע גלות־פּראָבלעמען.

משה מענדעלסאָן, דער זון פון מנחם־מענדל, דעם סופר פון שטעטעלע דעסאַו, האָט זיכער נישט געוואָלט מיט זיינע טעאָריעס אָוועקרייסן ייִדן פון זייער שורש; ער האָט נישט געטראַכט, אַז ייִדישקייט זאָל זיין קאָנטראַ־מענטשישקייט. ער האָט בלויז געוואָלט צופּאַסונג, אַ מין ״קולטורעלע פּשרה״, אַפשוואַכן די הבדלה צווישן ייִד און נישט־ייִד, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיינע פילאָזאָפישע ווערק, אין זיין ״ביאור״, אין זיין ״ירושלים״. אָבער געפירט האָבן זיינע טעאָריעס צו דערווייטערן ייִדן פון זייער טראַדיציע, פון זייער לעבנסוועג.

זיין נאָכפאָלגער נפתלי צבי (הערץ) וויזעל (1725—1805), אַ מחבר אין עברית און אין דייטש, האָט שוין פּראָפּאַגירט אַ השׂכּלה־סיסטעם וואָס האָט געפירט צו פולער אָפּטריניקייט. זיין ווערק ״דברי שלום ואמת״, ווי זיינע מאמרים אין ״האָסיף״, וואָס פּראָפּאַגירן וועלטלעך וויסן, האָבן שוין געפירט צו אַסימילאַציע און צו הכנעה פאַר דער ״חכמה בגויים״. זיי האָבן פאַרגעסן און געמאַכט זיך פאַרגעסן אינעם פּסוק ״הן עם לבדד ישכון ובגויים לא יתחשב״ [1].

ס׳זענען געווען — דאַרף מען אָנווייזן — אַזעלכע, זאָל זיין געציילטע, צווישן די מערב־אייראָפּעער משׂכּילים, וועלכע האָבן איינגעזען דעם טעות פון מענדעלסאָנס שיטה; זיי האָבן זיך איבערגעצייגט, אַז מ׳קען נישט בויען ייִדישקייט אויף די

יסודות פון וועלטלעכקייט און אמונהלאָזיקייט. נישט דאָ איז דאָס אָרט זיי אויסצורעכענען.

אין אונדזער תּקופה איז עס געווען דר. נתן בירנבוים, דער זוכער פונעם ריינעם אמת, וואָס האָט זיך דערגרונטעוועט צום תּכלית פון יהדות, איינגעזען די ליידיקייט פון דער אַטעיִסטישער געזעלשאַפט, פון דער אַטעיִסטישער פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט. ער האָט איינגעזען די ליידיקייט פון דער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, פון דער מענטשהייט־געשיכטע.

ווי אַ רעזולטאַט פון זיין פילאָזאָפיע האָט ער פאַרלאָזט די דייטש־שפּראַכיקע קולטור־אַסימילאַציע; אַוועק פון דעם נאַציאָנאַליסטיש־הערצליאַנישן ציוניזם; אַוועק פון דער מאָדערנער יִידיש־באַוועגונג, ווי פאָרמולירט אויף דער יִדישיסטי־שער קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ (1908). ער האָט אַ דאַנק זיין אידעישן גורל־געראַנגל, דערגרייכט צו הכּרת־הבורא. ער האָט געשפּרייזט פון באַוועגונג צו באַוועגונג, ביז ער האָט דערפילט זיין שליחות אין דער אַלטער יִדישער אמונה, זיך צוריקגעקערט צו יהדות, צו דער "קדושה אין יהדות", ווי ער דריקט זיך אויס אין זיין בראָשור: "פון אַן אַפּיקורוס געוואָרן אַ מאמין"[2].

אין זיין ווערק "גאָטס פאָלק" שרייבט ער:

"...ס'איז געקומען אַ טאָג... און איך האָב דערקענט גאָט, דערקענט אים אין זיין גאַנץ ממלאדיקייט, דעם באַשעפער און דעם מלך פון דער וועלט..."

און ווייטער:

"...איך האָב מיך קיין מאָל נישט געפילט שטאַרקער און גליקלעכער ווי אַצינד, פון זינט איך קער ווידער צו דער גרויסער יִדישער עדה פונעם עבר, פונעם היינט און פונעם עתיד, מיט איר יִדישער הכּרה און מיט איר יִדיש לעבן... דווקאָ, ווייל איך האָב אַזוי לאַנג געגעסן דאָס ברויט פון גלות, וואַקסן אין מיר אַצינד נייע כּוחות אין דער היים..."

אין קעגנזאַץ צו בירנבוימען, איז יעקב קלאַצקין געווען (1882—1948) דער פּראָטאָטיפּ פון אַ דורכויס יִדישן מענטש וואָס איז פאַרקראָכן אין דער פרעמד און פון דאָרט נישט געקענט אַרויס. דערצויגן ביי זיין פאָטער, הרב ר' אליהו קלאַצ־קין זצ"ל אַ גאון, צדיק און אָנערקענטער פּוסק, לובלינער הויפּט־רב, אַן אַפּשטאַ־מיקער פון דורות רבנים, איז ער אַוועקגעפאָרן שטודירן אין דייטשלאַנד. דאָרט האָט ער זיך פאַרליבט אין דער דייטשישער קולטור און ליטעראַטור און די ליבע צום דייטשטום האָט אים געפירט צו אַן אינטימער ליבע מיט אַ דייטשישער פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט, אויסבאַהאַלטנדיק עס פון פאָטערס וויסן. ער האָט געהאַט מיט איר אַ זון.

דער גאונישער פאָטער אין חסידישן לובלין, האָט געוווּסט אַז זיין זון, דער פילאָזאָף, איז נאָך אַ בחור, פאַרקאָכט אין לערנען, אין שטודירן און האָט נישט

קיין צייט חתונה צו האָבן. ווען יעקב קלאַצקין איז געקומען קיין לובלין, האָט ער זיך געלאָזט וואַקסן אַ באָרד און געלערנט קבלה, אָבער ווי נאָר ער איז אַרויס פון פאָטערס הויז, פון לובלין, איז "נהפך לאיש אחר"...

יעקב קלאַצקין, דער סטיליסט אין עברית, האָט מערסטנס געשריבן אין דייטש; אַ פאַרלייקענער פון גלות, איז ער געבליבן אין גלות; געפּריידיקט דורך וואָרט און שריפט די וויכטיקייט פון ייִדישן חינוך, האָט ער זיין זון, דעם בן־יחיד, דערצויגן אין דורכויס דייטשישן גייסט.

אַ מאָדנער טיפּ: אַ מענטש כּולו ייִד, פילאָזאָף, למדן. לויט זיין גייסט — אַ פּרוש, איז גאָר שטאַרק פאַרקאָכט אין ליבעס, אין תּאווה און אין אויסגעלאַסנקייט. ער איז מער נכשל געוואָרן מיט זיינע פילאָזאָפיעס אין פּאַראַדאָקס צו זיינע מעשׂים און דעריבער האָט ער פאַראַנדיקט ווי אַ פרעמדער, ווי אַ מענטש וואָס איז געבליבן הענגען אין דער לופט, צווישן הימל און ערד.

יעקב קלאַצקין האָט געלערנט פאַר זיך און מיט אַנדערע די פילאָזאָפיע פון זיין רבין הערמאַן קאָהען (1842—1918), די פילאָזאָפיע פון ברוך־בענעדיקט שפּי־נאָזאַ, וועמעס ווערק ער האָט איבערגעזעצט. ער האָט שטודירט און גוט געקענט די פילאָזאָפיעס פון קאַנט, שאָפּענהויער, ניטשע און אַנדערע גייסטיקע ריזן ביים דייטשישן פאָלק און ער אַליין איז געבליבן ביי זיין ווערק "קרעים", אַ צעריסע־נער מענטש. זיין פילאָזאָפיע איז געבליבן אין "שקיעת החיים" (איינס פון זיינע צאָלרייכע ווערק). ער איז נישט געווען בכּוח, נישט גייסטיק און נישט פיזיש, צו שאַפן אַ שלימותדיקע פילאָזאָפיע און אויך נישט אַ שלימותדיק לעבן פאַר זיך. ער איז געבליבן אין אַ פאַרגעסן גלות־ווינקל.

יעקב קלאַצקין, דער עקסטרעמיסט, דער פאַרלייקענער פון פּשרות, דער באַגייסטערטער, עמאַציאַנעלער נאַציאָנאַליסט, דער התלהבותדיקער ציוניסט — ער אַליין איז אָפּגעריסן געוואָרן פון זיינע שרשים, געבליבן אין דער פרעמד און זיין זון, דער בן יחיד, איז אין גאַנצן פאַרפרעמדט געוואָרן.

זיין פאָטער, ר' אליהו קלאַצקין, איז פון מאַריאַמפּאָל געקומען קיין לובלין, ווי רב הכולל והגליל. מיין רבי, ר' פּינחס אליעזר גרויספערשטאַנד זצ"ל הי"ד, האָט תּמיד גערעדט וועגן זיין בקיאות, וועגן דעם לובלינער רבס חידושים און שאלות־ותשובות; ער האָט זיך געגרויסט דערמיט, וואָס ער איז געווען איינער פון די דריי וועלכע האָבן געקראָגן סמיכה פון ר' אליהו קלאַצקין, גאָר ווייניק יונגע־לייט וועלכע זענען געקומען צו אים אויף סמיכה, האָבן געקענט נאָכקומען זיינע פאַרלאַנגען אין ידיעת התּורה והפּוסקים.

איך האָב געהאַט די זכיה צו זען — און צו הערן — דעם לובלינער רב אין מהרש"לס שול יום־כּיפּור ביי נאַכט, אין אַ רירנדיקן מאָמענט, ווען ער האָט געזאָגט אַ וואָרט פאַר טויזנטער מענטשן פאַר כּל נדרי. דער לובלינער רב איז

געווען גרויס אויף אַ סך געביטן. דער זון שילדערט אים אין זיין ווערק ״אבי ר׳ אליהו״ [3]: ער האָט געקענט אַ צאָל שפּראַכן; געווען אַ בקי אין וועלט־געאָגראַפיע; אַ מומחה אין מעדיצין; אַ קענער פון וועלט־ליטעראַטור, אָבער דער עיקר: אין לומדות, אַנערקענט ווי דער פּוסק־הדור און דערצו אַ גרויסער בעל־יוחסין. האָט ער דערלויבט, מסתּמא געווען סיבות, אַז זיין זון זאָל פאָרן שטודירן אין בערלין און ווי דערוויייטערט זענען געוואָרן די וועגן צווישן פאָטער און זון.

יעקב קלאַצקין האָט דערגרייכט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט און געשטרעבט: געקראָגן דעם דאָקטאָראַט, געוואָרן פּראָפעסאָר און באַרימט אַלס גרויסער בעל־מחשבה, שרייבער און ציוניסטישער עסקן. ער איז געוואָרן דער גרויסער סטיליסט אין העברעיש, ווי אַ צוגאָב צו זיינע ידיעות אין ליטעראַטור, אין דער קלאַסישער ווי אין דער מאָדערנער.

אין זיין פילאָזאָפיע, ווי שוין דערמאָנט, נעגירט ער דאָס גלות־לעבן. ער האַלט, אַז בלויז אין ארץ־ישראל קאָן — און דאַרף — אַ ייִד זיך אויסלעבן ווי אַ ייִד. ער אַליין איז אָבער געבליבן אין גלות און איינע פון די סיבות — לויט אייזיק רעמבאַס באַשרייבונג — איז דאָס געווען צוליב זיינע ליבעס מיט די סטודענטקעס, נישט־ייִדישע מיידלעך און אַז די ליבעס האָבן דערפירט, ער זאָל חתונה האָבן מיט אַ נישט־ייִדיש מיידל. אַפילו ווי איייניקע באַהויפּטן, אַז עס איז געווען עפּעס אַ סאָרט גרות, איז זי געבליבן קריסטלעך און ס׳זענען איר פרעמד געווען איר מאַנס אָנשויונגען, איר מאַנס ייִדיש לעבן.

אייזיק רעמבאַ ברענגט אַרויס דאָס טאָפּלטע און צעריסענע לעבן פון אָט דעם ציוניסטישן אידעאָלאָג, וועמעס זון און יורש איז אין גאַנצן אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון ייִדן און ייִדישקייט [4].

דאָ זעט מען, ווי דער גורל קאָן אָפּטאָן אַ שפּיצל.

ד״ר יעקב קלאַצקין האָט פיינט געהאַט דאָס קריסטנטום, אין וועלכן ער האָט געזען אַ סך פאַלשקייט און גאָר ווייניק אָריגינעלס. ער האָט זיך זייער שאַרף אויסגעדריקט וועגן קריסטנטום: ״הנצרות מאוסה עלי מחמת מיאוס...״ און דאָך האָט עס אים, דעם באַרימטן פילאָזאָף, נישט אָפּגעהאַלטן חתונה צו האָבן מיט אַ קריסטין, אַ טאָכטער פון אַ פּראָטעסטאַנטישן גלח, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון אַ קעלנישער צייטונג און זי האָט דערצויגן זייער זון ווי אַ קריסט.

יעקב קלאַצקין האָט זייער ליב געהאַט זיין פאָטער. ער האָט אים פאַרערט מיט אַלץ וואָס אַ זון קאָן פאַרערן — כּיבוד אב, נישט בלויז ווי אַ מצווה, נאָר אַ נשמהדיק געפיל — אָבער דאָס אַלץ האָט אים נישט געשטערט זיך נאָכצוגעבן זיינע תּאוות; ער האָט נישט געוואָלט ווי טאָן דעם פאָטער, האָט ער געלעבט מיט אָן אָנשטעל פון אָרנטלעכקייט, געטריישאַפט, התמדה אין לערנען — אַז ס׳איז נישטאָ קיין צייט אויף חתונה האָבן און דער פאָטער, דער גדול הדור, האָט

תמימותדיק געגלויבט, אַז דער זון איז געבליבן אַן אַלטער בחור, ווייל ער האָט נישט קיין צייט אויף "חיי אישות", צו פירן אַ פאַרהייראַט לעבן.

דער פאָטער ר' אליהו זצ"ל האָט געגלויבט — ווי דער זון האָט אים איבער־געגעבן — אַז ער איז צו פיל פאַרנומען מיט שטודירן, מיט שרייבן, מיט האַלטן רעפעראַטן, מיט ציוניסטישער עסקנות — אַז ער האָט באמת נישט קיין צייט צו פירן אַ פאַמיליע־לעבן, אַז ער איז דער מאָדערנער בן עזאי, וואָס האָט זיך פאַרענטפערט, פאַר וואָס ער האָט נישט חתונה: "ומה אעשה שנפשי חשקה בתורה" [5].

נאָך אין 1930, ווען יעקב האָט שוין געהאַט אַ דערוואַקסענעם זון, שרייבט ער אַלץ צום פאָטער וועגן זיינע ליטעראַרישע דערגרייכונגען און אַז נאָך דעם, ווי ער וועט זיך אַ ביסל באַפרייען פון זיין שווערער אַרבעט, וועט ער טראַכטן וועגן חתונה האָבן: "...בעוד חדשים אחדים אסיים, אם ירצה השם, את ספרי הפילוסופיה הגדול בגרמנית... שכל ספרי עד היום אינם שקולים כנגדו... ומכיון שאפנה בקרוב מעבודת המדע א ז ד ק ק ל ע נ י ן נ ש ו א י ן..." (קורסיוו נ. ש.).

אייזיק רעמבאַ פירט אויס מיט זיין באַהויפּטונג [6]: "חיים כפולים ניהל הד"ר יעקב קלאַצקין, והם התנקמו בו קשה... אבות אכלו בוסר ושיני בנים תקהינה... בשל כך לא זכה שולל הגלות הקיצוני לעזוב את הגלות ובגלל זה התנקם בו יורשו — נקמה אכזרית..."

אין וואָס איז באַשטאַנען דעם זונס נקמה?

ער האָט נישט אָנערקענט זיין פאָטער; נישט געוואָלט וויסן פון אים: נישט געוואָלט זיך מתייחס זיין מיט אים, אידענטיפיצירן זיך ווי דער זון פון באַרימטן פילאָזאָף. דער זון האָט נישט געהאַט קיין ייִדישע דערציִונג, נישט געקענט קיין העברעיש, שוין אָפּגערעדט פון ייִדיש און נישט געהאַט קיין אָנונג וועגן זיין פאָטערס ווערק. דער פאָטער איז אויסגעגאַנגען אין איינזאַמקייט אין וועווע (שווייץ) אין 1948. ביי זיין קבר איז אַפילו קיין קדיש נישט געווען — דער זון איז נישט געקומען צו דער לוויה; אַ חבר האָט געזאָגט קדיש פאַר דעם מנין, וואָס איז געקומען אים באַגלייטן צום עולם־האמת. אַזוי איז דער גורל פון די וועלכע געהערן צום "נאה דורש ו א י ן נאה מקיים". אַנדערש קען מען נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ קינד פון אַזאַ טאַטן זאָל באַגיין אַזעלכע פעלערן: דער פאָטער פאַרלאָזט אַ גרויס היסטאָריש רבנות, איז עולה קיין ארץ־ישראל, צוליב חיבת־און אהבת־ארץ־ישראל, ווי דער ציון־מנהיג הרב יהודה לייב פישמאַן־מיימון קלאַספיצירט די גדולי־ישראל וועלכע האָבן געהאַט געגועים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. און ר' אליהו קלאַצקין איז געווען איינער פון זיי. דער זון, דער פראָפּאַגירער פון ציוניסטישן אידעאַל, ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסטין, געלעבט אין גלות

און נישט דערגרייכט דעם כבוד וואָס איז אים געקומען. ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, איז זיין האָפענונג געווען צו האָבן אַ קאַטעדרע אין העברעיִשן אוניווער־סיטעט, ווערן אַ תּושב אין ירושלים.

אַ פּערזענלעכער נאָטע:

איך האָב מיט אים פאַרבראַכט אין די מלחמה־יאָרן עטלעכע שעה אין ניו־יאָרק. ער האָט באַהאַנדלט פילאָזאָפיש און עמאָציאָנעל פאַרשיידענע טעמעס. ער איז געווען אַן אינטערעסאַנטער שמועסער און האָט פאַרמאָגט ידיעות אין אַלץ וואָס מ׳קען זיך נאָר פאָרשטעלן — מ׳האָט אָבער געקענט פילן, אַז ער איז פאַרביטערט אויף אַלץ און אַלעמען.

די חטאת־נעורים האָט פאַרפירט דעם גאונישן מענטשן; ער איז געבליבן אויף דער עלטער אַ טראַגישע פּערזענלעכקייט, געלעבט אין אָפּגעזונדערטקייט, אין איינזאַמקייט. ווי ער אַליין האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט, האָט ער טייער באַצאָלט פאַר דער ליבע מיט דעם נישט־ייִדישן מיידל. זיין זון איז דערצויגן געוואָרן נישט־ייִדיש, האָט נישט געוווּסט פון אַ ייִדן, האָט געטראָגן דעם נאָמען פון זיין מוטערס צד. ערשט נאָך דער הסתּלקות פון זיין פאָטער, דעם לובלינער־ירושלימער רב, האָט ער דעם זון רעגיסטירט אַלס זון פון יעקב קלאַצקין. — און דער זון האָט דערפון נישט געוואָלט וויסן.

קלאַצקין איז נישט געווען דער איינציקער מיט זיין ״געמישטקייט״. — ס׳זענען געווען גענוג אַנדערע גדולים וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט נישט־ייִדישע פרויען.

ס׳איז אָנגענומען, אַז געמישטע חתונות זענען אַ רעזולטאַט פון דער רעפאָרם־באַוועגונג, פון דער דייטשישער השׂכּלה. די שולד וואַרפט מען כּסדר אויף מענדעלסאָנען, דעם זון פון דעסאַוער סופר. נישט תּמיד איז דער כּלל אויסגע־האַלטן.

נישט אַלע משׂכּילים זענען געווען באַהערשט פון דער ״בערלינער השׂכּלה״. ס׳איז קיין ספק נישט, אַז זיי האָבן נישט געזען, אַז די השׂכּלה וועט פירן צו אַסימילאַציע און שמד. ס׳דאַרף אויך געזאָגט ווערן, אַז די באַציונג צו דברי חז״ל ביי די משׂכּילים איז געווען אַ פאַרשיידענע; אי צווישן די משׂכּילים אין מערב און אי צווישן די משׂכּילים אין מזרח. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט אַ נעגאַ־טיווע באַציונג צו אגדות חז״ל און געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געהאַט צו זיי אַ פּאָזיטיווע באַציונג. כּדאַי צו דערמאָנען איינעם פון די מזרח־אייראָפּעישע משׂכּי־לים, יצחק סאַטאַנאָוו (1732—1805), ער האָט געהאַט אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער תּורה שבעל־פּה, אַז דאָס איז מסיני, נאָכגעפאָלגט די מפרשי התלמוד אא״וו און ציטירט פון ״כּוזרי״ און פון אַנדערע ספרי מחשבה.

שאול טשערניכאָווסקי (1870—1943), דער גרויסער דיכטער, איז געווען פאַר־

ליבט אין גריכנטום, אין גריכישער פילאָזאָפיע, קולטור, ליטעראַטור און, פאַרשטייט זיך, אין דער דייטשישער קולטור און חתונה געהאַט מיט אַ קריסטין, וואָס האָט געטראָגן דעם צלם אין דער יידישער תּל־אביב. טשערניכאָווסקי, ווי אַ צאָל יידישע שרייבערס, האָט זיך געריסן צום דרויסן, צו דער ליכט פון דרויסן און ער האָט געעפנט זיין האַרץ, זיין היים צום דרויסן.

צווישן די וועלכע האָבן געזוכט אין דער פרעמד זייער זיווג, איז געווען מאַרטין (מרדכי) בובער (1878—1965). ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט איז ער געווען איינער פון די אָנערקענטע פילאָזאָפן, אַן אייניקל פון באַוווסטן לעמבערגער מחבר שלמה באָבער (1827—1906). ער האָט שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון ווין, לייפּציק און אַנדערע אייראָפּעישע אוניווערסיטעטן. ביים אָנקום פון נאַציזם האָט ער געדאַרפט פאַרלאָזן זיין קאַטעדרע פון פילאָזאָפיע און עטיק אין פראַנקפורטער אוניווערסיטעט און איז געוואָרן אַ תושב ירושלמי, פּראָפעסאָר אין העברעישן אוניווערסיטעט.

פּראָפ׳ בובער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע ווערק וועגן משיח־געדאַנק ביי יידן, וועגן חסידות, וועגן מלכות־שמים און גאָר באַזונדערס מיט זיין איבער־זעצן דעם תּנ״ך אין דייטש. ער איז באַשאָנקען געוואָרן מיט צענדליקע פּרייזן און אַ צאָל ערן־מעדאַלן. די נישט־יידישע אינטעלעקטועלע וועלט האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט זיין מיינונג. זיין ״איך און דו״, — די קרובהשאַפט צווישן מענטש און דעם רבונו־של־עולם, האָט געמאַכט אַ רושם אין דער ליטעראַרישער און פילאָזאָפישער וועלט. ער האָט לייכט געקענט אַריבער איבער דעם ״פּלויט״, אָבער איז געבליבן אַ ייד דורך און דורך — בלויז זיין אינטימקייט האָט נישט אויסגעמיטן געמישטקייט.

מ׳האָט אים באַשולדיקט, אַז ער חנדלט זיך צו פיל צום קריסטנטום. ער האָט אָבער, דאַרף מען צוגעבן, נישט געלאָזט זיך באַהערשטן פון דער קריסטלעכער דאָגמע און טעאָלאָגיע. ער האָט געשעפּט פון חסידישע קוואַלן, אין וועלכע ער האָט געפונען גייסט און געטלעכע התגלות. זיין חנדלען זיך און שמייכלען צום קריסטנטום האָט דערגרייכט בלויז צו דיאַלאָג, צו האָבן זיצונגען און דיסקוטירן מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן, אָבער גאָר ווייט פון דעם סאָרט חנדלען זיך, ווי עס האָט געטאָן שלום אַש אין זיינע קריסטאָלאָגישע ווערק: ״נצרת״, ״מערי״ און אַנדערע וועלכע זענען באַדעקט און באַפּוצט מיט קריסטלעכקייט — און אויך ער, ווי מיר ווייזן אָן, אין אַ וווייטערדיקן פּרק, אין דאָך געבליבן אַ ייד, יידישקייט איז געווען פאַרוואָרצלט אין זיין האַרץ און אין זיין נשמה און ער האָט נישט געקענט אַוועק פון יידנטום.

וואָס שייך בובערס פרוי (געשט. אויג. 1958), האָט זיין פריינד, דער פילאָזאָף־

פראָפעסאָר שמואל הוגאָ בערגמאַן (תרמ״ד—1883 תשל״ה—1975), עדות געזאָגט, אַז זי האָט זיך מגייר געווען כהלכה [7].

כדאי אָנצווייזן אויף דעם פאַקט, אַז בובער איז געווען פון די געציילטע, וואָס האָבן געשריבן צו מאַהאַטמאַ גאַנדי וועגן זיין אָנטוישונג אין דעם גרויסן פאַציפיסט, וואָס האָט אַרויסגעוויזן שׂנאת-ישׂראל, ווען ס׳איז געקומען דער מאָמענט פון אָנערקענען מדינת-ישׂראל. דער קעמפער פאַר אַ ייִדיש-אַראַבישער פאַרשטענדיקונג האָט רעאַגירט אויף גאַנדיס נעגאַטיווער שטעלונג צו דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ-ישׂראל.

בובער האָט פאַרטיידיקט דאָס רעכט פון אָנווענדן כּוח, אין געוויסע אומשטאַנדן, ווי זעלבשוץ פאַר דער ייִדישער התישבות און פאַר דער ייִדישער מדינה.

בובער שרייבט צוו״א: ״...כ׳וויל נישט באַהאַלטן פון דיר, אַז איך וואָלט זיך נישט געחברט מיט די וועלכע האַלטן אַז יעזוסן דאַרף מען הענגען; כ׳וואָלט אָבער אויך נישט געהערט צו זיינע חסידים, ווייל איך קען נישט אָננעמען דעם פאַרבאָט אָנטקעגנצושטעלן זיך דאָס שלעכטע, דאָרט, ווו דאָס שלעכטס פאַרמעסט זיך אומצוברענגען דאָס גוטע... איך וויל נישט קיין טעראָר, אָבער אויב מיר וועט נישט געלינגען נישט צו דערלאָזן, אַז דאָס שלעכטע זאָל נישט פאַרניכטן דאָס גוטע, האָף איך, אַז איך וועל זיך באַנוצן מיט טעראָר און כ׳וועל זיך איבער-געבן אין גאָטס הענט...״

אַזוי זעט מען ווי ער פאַרטיידיקט דאָס באַוואָפענען זיך קעגן אַראַבישע אָנפאַלן.

בובער האָלט שטאַרק פונעם דיאַלאָג מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן; ער זעט דערין אַ דערנענטערונג און פאַרשטענדיקונג — און ער האָט נישט מורא, אַז דאָס וועט פירן צו שמד. ער האָט צוליב זיין פאָרשלאָג פון דיאַלאָג געקראָגן אַ דייטשישן פּריז, ווי אַ באַלוינונג, שוין נאָכן חורבן, נאָך דער ״קריסטאַל-נאַכט״, נאָך מיידאַנעק, אָשוויענטשים, בערגען-בעלזען. נישט קיין ווונדער וואָס זיין נעמען ביי די דייטשן אָט דעם מעדאַל האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן נישט בלויז מצד די געליטענע אין די טויטלאַגערן, נאָר אַפילו מצד זיינע תּלמידים, וועלכע האָבן געזען אין זיין האַנדלונג חניפה און הכנעה. זיי האָבן אַפילו פאַרדאַמט דעם רבין וואָס האָט פאַרלוירן דעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ. זיי האָבן געזען דעם דאָזיקן אַקט ווי אַ שריט צו אַסימילאַציע און שמד.

משה העס, ווי מיר האָבן ביי אַ געלעגנהייט דערמאָנט, האָט אַריינגעבראַכט דעם נאַציאָנאַלן מאָטיוו — אַ מאָטיוו וואָס שליסט איין דעם ליבעראַלסטן הומאַ-ניזם — אָבער נישט הכנעה.

נאָך אַ פאַקט. דער ציוניסטישער טריבון מאַקס נאָרדוי (1849—1923), דאָקטאָר, שריפטשטעלער, דער מאַקסימאַליסט אין ציוניזם — וועמענס ״פּאַראַ-

דאָקסן" זענען געווען אַ סענסאַציע אין די ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע קרייזן — איז נישט ווייניקער אַליין געווען אַ פּאַראַדאָקס, מיט זיין הייסן טעמפּעראַמענט און הייסער ליבע צו אַ נישט־ייִדין, וועלכע איז פון אים באַהויכט געוואָרן מיט ציון־אידעאַל און אינספּירירט געוואָרן צו ווערן אַ ציוניסטישע פירערין, אָבער נישט אויפגעגעבן איר אמונה. אַזוי האָבן מיר דאָ אַ געמישטקייט ביים אַנגע־זעענסטן ציון־מנהיג [8] און ער איז נישט געווען דער איינציקער: אַ ייִד דורך און דורך, אָבער תּאווה־געגנוס געזוכט אין דער פרעמד.

נאָרדוי איז געוויס נישט געגאַנגען אין דער שיטה פון דעם ראַבינער שמואל האָלדהיים (1806—1860), וואָס האָט געפּריידיקט עקסטרעמען רעפאָרמיזם, מתּיר געווען חופּה־קדושין פון געמישטע פּאָרלעך, אָן וועלכער נישט איז גרות. ער האָט אויך נישט געדאַרפט לערנען ציוניזם ביים אַמעריקאַנער רעפאָרם־ראַבינער גוסטאַוו גאָטהייל (1827—1903), דעם גייסטיקן פירער פון היכל עמנואל אין ניו יאָרק, וועמענס זון ריטשאַרד (1862—1936) איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע; ער האָט אַפילו נישט געדאַרפט לערנען ציוניזם ביי זיין חבר ד"ר הערצל. ציוניזם איז ביי אים געווען ווי אַ "סנה בוער באש" און דאָך האָט עס אים נישט אָפּגעהאַלטן פון זיין אייגענער געמישטקייט — און ער איז נישט דער איינציקער.

לאָמיר נעמען אַזאַ ייִד, ווי ד"ר חיים זשיטלאָווסקי (1865—1943), דער ייִדישיסט, דער טעאָרעטיקער פון ייִדישיזם, וואָס איז געווען באַגאַבט מיט אַ הויך ליטעראַרישן טאַלאַנט, צו וועמעס וואָרט ייִדישע סאָציאַליסטן פון אַלע ריכטונגען האָבן זיך צוגעהערט. וואָלט ער דאָך געדאַרפט געפינען זיין פאַמיליע־גליק אין גייסט און אין דער פּראַקטיק פון זיין פאָלק, צו זיין אַ פולער ייִד און במילא — אַ פולער מענטש; האָט ער צוויי מאָל חתונה געהאַט מיט נישט־ייִדישע פרויען, אין הויז האָט מען נישט גערעדט קיין אַנדער לשון, ווי רוסיש און די קינדער זענען אויסגעוואַקסן נישט־ייִדן.[9] ער האָט אַלע ווייַנגערטנער געוואָלט היטן, אָבער נישט דעם אייגענעם: "כרמי שלי לא נטרתי" [10].

ווען מ'נעמט אָן חיים ליבערמאַנס שיטה, וואָלט מען דעם ענין געקענט פּטרן מיט זיין באַהויפּטונג: "די פאַלשע השׂכּלה און דער פאַלשער ראַדיקאַליזם" האָבן עס דערפירט צו אָט דער געמישטקייט. עס איז אָבער נישט אַזוי: ס'זענען געווען באַרימטע משׂכּילים, וועלכע זענען נישט בלויז געבליבן פולשטענדיק ייִדן און דאָך נישט אויסגעמיטן געמישטקייט אין זייער לעבן.

פריער, נאָך פאַר בובערן, האָבן מיר אַזאַ דענקער, ווי פראַנץ ראָזענצווייג (1886—1920), דער דייטשישער ייִד, וואָס איז שוין געשטאַנען ביים ראַנד פון שמד, אָבער צוריקגעקומען אַ גאַנצער. ער האָט זיין שעפערישקייט געבראַכט צום ייִדנטום און איז אַריין אין פּרדס פון אויפריכטיקע בעלי־תשובה, מיט אַזאַ

שטאַרקער השפּעה, אַז זיין שנור ד״ר רחל ראַזענצווייג, ווי מיר האָבן שוין אַ מאָל דערמאָנט, זאָל זיך מגייר זיין לויט דער הלכה, ווערן איבערגעגעבן צו יהדות און תּנ״ך־שטודיעס, צו ווערן פּראָפעסאָרין אין העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים און אין תּל־אביב און צו האָבן אַ גרויסע נאָכפאָלגערשאַפט.

מיר האָבן ביים דייטשישן ייִדנטום אַזאַ וויסנשאַפטלער און בעל־מחשבה ווי הערמאַן קאָהען, דער באַגייסטערטער פאַר רעליגיע פון שׂכל, וואָס האָט געשריבן ווערק איבער יהדות. ער איז געווען אַ שלימותדיקער ייִד, נישט געקוקט אַריבער דעם פלויט. ער האָט בלויז געזוכט אַריינצוברענגען אין ייִדנטום דעם ״יפיפותו של יפת״. ער האָט פאַרזוכט דעם טעם פון אָט דער שיינקייט, אָבער געבליבן איז ער ביי דער ייִדישער שיינקייט, ליב געהאַט ייִדן און געווען באַגייסטערט פאַר דת משה וישראל.

פון די וויסנשאַפטלערס און באַרימטקייטן אין דער נישט־ייִדישער וועלט, וועלכע זענען געבליבן ביים ייִדנטום, נישט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן געגרייזט אין אויפפאַסן יהדות, אין באַנעמען ייִדישע אמונה, דאַרף דערמאָנט ווערן זיגמונט פרויד (1856—1939). זיין מוטער איז געווען די טאָכטער פון הרב נתן הלוי און זיין פרוי מאַרטאַ, אַן אייניקל פון באַוווּסטן האַמבורגער רב, ר׳ יצחק בערנאַס.

פרויד איז געוואָרן דער באַרימטער פּסיכאָלאָג, שעפער פון דער פּסיכאָ־אַנאַליז־וויסנשאַפט. געפינענדיק אין יעדן מענטש, פון דער קינדהייט אָן, דעם ״עדיפּוס־קאָמפּלעקס״ (ליבע פון זון צו דער מוטער און טאָכטער צום פאָטער), האָט ער פעסטגעשטעלט די פּסיכישע ענערגיע אינעם מענטש, דעם סופּער־עגאָ, אונטער וועלכן פרויד פאַרשטייט די מאָראַלישע קראַפט פון מענטש. מיט זיינע דערגרייכונגען אויפן געביט פון פּסיכאָלאָגיע איז ער געווען דער נאָוואַטער און אַנטדעקער פון דער מענטשלעכער נשמה און איז ווי אַזעלכער אָנערקענט געוואָרן אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

פרויד האָט געמאַכט אַן איבערקערניש אין דער פּסיכאָלאָגיע, מיט זיין ווילן דערגיין די סודות פון דער מענטשלעכער נשמה. ווי טאָמאַס מאַן האָט וועגן אים געשריבן, איז ער ״געווען אַ וועגווייזער פון הומאַניזם״. דערביי איז ער געווען שטאָלץ מיט זיין אָפּשטאַם און געהאַלטן, אַז ייִדן קענען זיך אויס־גלייכן מיט יעדן פאָלק, וואָס שייך אינטעליגענץ און אַרבעטזאַמקייט.

ווען אָבער ער האָט זיך פאַרנומען מיט טעאָלאָגיע, מיטן ווילן ״וויסנ־שאַפטלעך״ באַווייזן, אַז משה רבנו איז געווען אַן עגיפּטער און געבראַכט צו די בני־ישראל אַן עגיפּטישע תּורה, האָט ער געגרייזט, האָט ער צעלייגט זיין אייגענעם בנין; ער האָט דערמיט פאַרלייקנט זיין ייִדישן שטאָלץ.

ער איז אָבער נישט אַוועק פון ייִדנטום, דעמאָנסטראַטיוו געקעמפט קעגן

ראַסנהאַס, געליטן פון נאַצי־רדיפות, געמוזט זוכן אַ מקום־מקלט אויסער די גרענעצן פון זיין געבוירן־לאַנד, עסטרייך, און אים געפונען אין ענגלאַנד, ווו ער האָט געהאַט די געלעגנהייט ממשיך צו זיין די תורת הפסיכאָלאָגיע.

אַז ער איז נישט אַוועק אין גאַנצן, האָט ער זיך פאַרדינט, נישט געקוקט אויף אַלע זיינע בלאַנדזשענישן, עולם־הבא, ווי דער ליובאַוויטשער רבי אדמו״ר ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א האָט אין איינעם פון זיינע מאמרים באַהויפּטעט, אַז ״אפילו רשעים גמורים ומומרים יש להם חלק עולם הבא״ [11], איז דאָך קיין ספק נישט, אַז אַזעלכע וועלכע זענען נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, וועלן געניסן פון עולם־הבא.

ווי עס גיט איבער יעקב מייטליס ע״ה (1900—1984) איז פרויד געבליבן אַ שטאָלצער ייִד, ער האָט אָנערקענט די ייִדישע ווערטיקייטן, די קולטור־ירושה פון ייִדישן פאָלק. ער שרייבט [12]: ״נישט געקוקט וואָס דער דאָזיקער גדול־הדור האָט מיט זיין אַנאַליטיש־טעאָרעטישער שיטה אין תחום פון דער פסיכאָלאָגישער פאָרשונג רעוואָלוציאָניזירט די מענטשלעכע מחשבה, סיי מיט זיין חריפות און סיי מיט זיין אַרומנעמענדיקער קולטור, איז ער פאַרבליבן אַ געטרייער און שטאָלצער ייִד, און געהאַט זיינע שרשים אין דער דורותדיקער ייִדישקייט... ער איז נישט אַנטלאָפן פון זיין ייִדישקייט, ווי דער, אַ סך קלענערער פון אים, אַרטור קעסטלער,[13] דער חטאת נעורימדיקער חסיד פון זשאַבאָטינסקין און דער־נאָך מיט אַלע כּוחות געשטרעבט צו ווערן אַן אויסגעפּיינטער קאָסמאָפּאָליט... דערווייטערט פון ייִדישן מקור.

״דאָס איז לגמרי נישט געווען דער דרך פון דעם גרויסן ייִד און פאָרשער זיגמונד פרויד... ווי אַ נאַציאָנאַלער ייִד... איז ער אידעיש געשטאַנען נאָענט צום ציוניזם...״

מייטליס פאַרענדיקט זיין באַגייסטערונג מיט די ווערטער:

״ווייל דעם וואָס האָט זוכה געווען צו שטיין, ווען אויף אַ ווייל, אין זיין שטראַליקער מחיצה״.

אַלבערט איינשטיין (1879—1955) איז גערופן געוואָרן פון בערנאַרד שאָו ״דער גאַלילייִ פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט״, מחמת זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער פיזיק, אַן עפּאָכע־מאַכנדיקע געשעעניש, ווי אַ המשך פון די גרויסע דערגרייכונגען פון זיינע פאָרגייערס, קעפּלער, ניוטאָן און אַנדערע און דערמיט אַ שטויס געטאָן דעם מענטשנס גייסט אויפן דרך צו נייע טריומפן.

איינשטיין, דער גרעסטער פיזיקער, איז געווען אַ נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקער ייִד און געווען באַגייסטערט פון ייִדישער טראַדיציע און ייִדישע אידעאַלן. ער

איז געווען צופרידן וואָס ער געהערט צום יידישן פאָלק, דעם טרייען דינער פון אמת, גערעכטיקייט און פרייהייט.

אין איינעם פון זיינע פובליציסטישע מאמרים, האָט ער געשריבן:

"עס איז שוין צייט צו דערמאָנען דער מערב־וועלט אַז זי איז שולדיק דעם יידישן פאָלק איר רעליגיע און דורך דעם אירע ווערטפולסטע מאָראַלישע אידעאַלן..." תּמיד, ביי יעדער געלעגנהייט, האָט ער אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג פאַר תּנ"ך־אידעאַלן.

איינשטיין, דער גרעסטער אַסטראָנאָם און פיזיקער, האָט זיכער געוווּסט וועגן דעם פאַרמעסט פונעם מענטש צו באַהערשן נישט בלויז די ערדישע אורקוואַלן, און אַז, נאָך מער פון דאָס ערדישע, רייסט זיך דער מענטש, זינט דעם דור־הפלגה, צו דערגרייכן און צו באַהערשן דעם קאָסמישן רוים.

## ג. געמישטקייט וואָס פירט צו שמד. — שפּראַך־גזירה. — פאַרהיטן פון אַסימילאַציע.

די ראַדיקאַלע השׂכּלה, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, האָט געבראַכט געמישטקייט. אמת, אויך אין די אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזע קרייזן האָט זיך נישט איין מאָל אַריינגעכאַפּט די געמישטקייט, אָבער דאָס איז געשען אין זעלטענע פאַלן און נאָר אונטער געוויסע באַדינגונגען. אַבסאָלוט אויסהיטן פון געמישטקייט, פון אַסימילאַציע, איז אַן אוממעגלעכקייט. די ראַדיקאַלע השׂכּלה, באַזונדערס אין דייטשלאַנד און אין מערב־אייראָפּע בכלל, האָט אָבער גורם געווען צו אַ מאַסן־באַוועגונג פון אַסימילאַציע און נישט ווייניק צו געמישטקייט און שמד.

משה מענדעלסאָן האָט מיט זיין איבערזעצן די "ביבל" (תּורה) געוואָלט פאַרבינדן די דייטש־רעדנדיקע יידן מיט דער תּורה און מיט דער דייטשישער קולטור און לשון. אַ גוטע כּוונה, אָבער סכּנה למעשׂה, זיין מחשבה האָט געבראַכט דאָס פאַרקערטע: דער דור נאָך אים האָט אים פאַרלאָזט; זיין "ביאור" פאַרלאָזט און זיך אַריינגעלאָזט מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג אין דערלערנען און זיך אויסלעבן אין דער דייטשישער קולטור און ליטעראַטור. זיי האָבן דערזען די גרויסע מעגלעכקייטן אין דער "אָפענער געזעלשאַפט", נישט טראַכנדיק, אַז זייער ג ע ל ו י ף צו די דייטשן וועט גאָר ברענגען דאָס פאַרקערטע: די דייטשן וועלן פון זיי אַנטלויפן.

דאָס וואָס האָט פּאַסירט אין דייטשלאַנד איז דאָך באַוווּסט. דאָס קולטורעלע דייטשלאַנד האָט אומגעבראַכט אויף די ברוטאַלסטע אופנים צענדליקע מיליאָנען מענטשן און וואָס שייך יידן — אומגעבראַכט, לויט די אָפיציעלע דאָקומענטאַרע

ציפערן — אַרום זעקס מיליאָן ייִדישע נפשות, חרוב געמאַכט דאָס אייראָפּעישע ייִדנטום, אַריינגערעכנט דאָס דייטשישע, וואָס איז געווען אַזוי לאָיאַל און אינטעגרירט אין דייטשישן לעבן.

ווען מיר באַטראַכטן דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט אין דייטשלאַנד, פאַרשטייען מיר דעם מאמר חז״ל [1], אַז דער טאָג, ווען מ׳האָט איבערגעזעצט די תורה אין גריכיש, איז געווען אַזוי ״שווער״, אַזוי שלעכט, ווי דער טאָג, ווען ייִדן האָבן געמאַכט דעם עגל־הזהב, געדינט צום גאָלדענעם קאַלב: ״היה היום קשה לישראל, כיום שנעשה בו העגל״. דאָרט, אין דער מדבר, האָבן ייִדן אין עקזאַל־טאַציע געפּראַוועט אַן ״עגל״־וואַקכאַנאַליע, אַ סאָרט עבודה־זרה און דאָ, אין אַלעקסאַנדריע, אויפן פאַרלאַנג פון תלמי (קעניג פּטאָלאָמעוס), געבנדיק דעם גריכישן לשון אַזאַ אַנזעו, איז געשאַפן געוואָרן אַ געפאַר, אַז ייִדן וועלן זיך פאַרנעמען מיט גריכיש און דאָס קען פירן צו אַ קולט־אַסימילאַציע, אַ וועג צו געצנדינערײַ. דאָס לויפן נאָך אַ פרעמדער קולטור איז עלול אַז מ׳זאָל פאַרלאָזן די אייגענע; דאָס יאָגן זיך נאָך אַ פרעמד לשון מאַכט פאַרגעסן, פירט צום פאַרלאָזן דאָס אייגענע לשון און דעריבער פאַרנעמען זיך די חכמי־התלמוד — באַזונדערס די תנאים ביים בית־שני און אויך די חכמי־התלמוד נאָכן חורבן בית־שני — מיט דעם אַרייננעמען פרעמדע לשונות אין ייִדישן לעבן.

מיר וועלן בקיצור אָנווייזן אויף דער באַציונג פון חז״ל צום שפּראַך־קעגנשטאַנד.

די משנה [2] לערנט אונדז: ״רבי שמעון בן גמליאל אומר: אף בספרים לא התירו שיכתבו אלא יוונית״ און ווי עס ווערט צוגעגעבן דער טעם, פאַר וואָס גריכיש קריגט פרעפערענץ, צוליב דער מעשה פון תלמי המלך, פאַר ווערמען 72 זקנים האָבן איבערגעזעצט די תורה (גערופן ״סעפּטואַגינטאַ״) און פאַר וואָס דאָס איז דערלויבט געוואָרן, ווערט אָנגעגעבן דער מאָטיוו, אַז מע דרשנט דעם פּסוק ״יפת אלקים ליפת״ [3] יפיפותו של יפת ״יהי׳ באהלי שם״ — די שיינקייט פון יפתן, וואָס מיינט גריכיש (די גריכן זענען אָפּשטאַמיקע פון יפת), זאָל רוען אין די געצעלטן פון שם. — ביי ייִדן, ביי די אָפּשטאַמיקע פון שם בן נח.

אין מסכת סופרים ווערט אָנגעגעבן דער טעם: ״שלא היתה התורה יכולה להתרגם כל צרכה״ אַז די תורה האָט נישט געקענט ווערן איבערגעזעצט ווי געהעריק, סיידן אין גריכיש, צוליב דער רייכקייט פון דאָזיקן לשון. מעגלעך, אַזביידע טעמים האָבן גורם געווען, אַז גריכיש זאָל אַזוי מילד און ליבעראַל באַטראַכט ווערן [4].

דער רמב״ם [5] קאָמענטירט, אַז גריכיש איז מער נישט דאָס ריינע און רייכע לשון: ״שכבר נשתקע יווני מן העולם ונשתבש...״

לויטן ירושלמי [6], איז דער טעם, פאַר וואָס בלויז אין גריכיש האָט מען

געקענט איבערזעצן די תורה: "בדקו ומצאו שאין התורה יכולה להתרגם כל צרכה, אלא יוונית". ס'קען זיין, אַז ביידע מאָטיוון האָבן אַ דירעקטע שייכות און איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע: גריכיש איז אַ שענער לשון און דערפאַר, האָט מען געפונען אַ מקור אין דער תורה, מ'זאָל מעגן איבערזעצן.

רש"י [7] קאָמענטירט: "היינו הלשון היוונית שהיא הלשון היפה משל כל בני יפת". דעריבער איז הלכה כרבי שמעון בן גמליאל [8].

ווי עס זעט אויס, איז גריכיש געווען אין דער צייט פון בית־שני די מערסט אַנטוויקלטע שפּראַך. וואָס שייך דער צאָל "שבעים ושנים זקנים", וואָס זייער איבערזעצונג ווערט גערופן "תרגום השבעים", פאַרנעמען זיך דערמיט די מפרשי התלמוד. לויט רש"י, זענען די זקנים געווען די סנהדרין. פאַר וואָס ווערט געגעבן די צאָל 72, בעת דאָס סנהדרין איז דאָך באַשטאַנען פון 71 זקנים? דערקלערן מפרשים, אַז ס'זענען באמת געווען 70 זקנים, מיט אַ ראש בית־דין, צוזאַמען 71, מיטן צוגאָב פון אַ נשיא, וועלכער האָט זיך באַטייליקט ביי ספּעציעלע זיצונגען. אין דער צייט פון משה רבנו זענען געווען 71 — אָבער נאָך דעם, לדורות, זענען איינגעפירט געוואָרן צוויי אַמטן: אַ נשיא און אַן אב"ד. תלמי המלך האָט זיי אַלע צוזאַמענגערופן און ס'איז געשען דער נס, אַז אַלע האָבן געגעבן די זעלביקע איבערזעצונג [9].

ס'איז אויך באַקאַנט דער מאמר חז"ל [10]: "בארץ ישראל לשון סורסי למה, אלא אי לשון הקודש, אי לשון יוונית" און וועגן דעם איז כדאי זיך אָפּצושטעלן.

אין תלמוד [11], ווי געזאָגט, זעען מיר אַז חז"ל האָבן געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן דער גריכישער שפּראַך און דער גריכישער קולטור: "לשון יוונית לחוד וחכמת יוונית לחוד".

ווי ד"ר שמעון פעדערבוש ווייזט אָן, איז נישטאָ קיין ספק, אַז ווען די גזירה קעגן גריכיש איז אַרויס, איז עס געווען אין דער צייט פון בית־שני, און עס איז געמיינט געוואָרן גריכיש לשון [12]; דאָס איז געמיינט געוואָרן מיט דער דערקלערונג: "כי בפולמוס הורקנוס ואריסטובלוס אמרו: "ארור האדם שילמד את בנו חכמת יוונית" — פאַרשאָלטן זאָל זיין דער וואָס לערנט מיט זיין זון גריכישע חכמה און דאָס, ווי מפרשים דערקלערן, מיינט נישט דווקאָ גריכישע קולטור. חכמה יוונית שליסט איין אויך גריכיש לשון.

שמעון פעדערבוש איז מיט דער מיינונג, אַז דער דאָזיקער שאַרפער פאַרבאָט איז געווען אַ "צורך השעה", צוליב דער סכנה פון אויסמישן זיך, אינטעגרירן זיך אין דער געצנדינערישער געזעלשאַפט, איבערנעמען גריכישע קולט און קולטור, וואָס וואָלט געשטעלט אין געפאַר דעם ייִדישן קיום. ס'איז נויטיק געווען איינצוהיטן ייִדישן לעבנסשטייגער, ייִדישע קולטור, ייִדיש לשון.

ווי עס ווערט געזאָגט אין ירושלמי [13], איז דאָס געווען פון די אכצן

גזירות — שמונה עשר גזירות, גערופן "דבר", וואָס די תנאים בזמן הבית האָבן איינגעפירט — "גזרו על לשונן".

שמעון פעזערבוש האַלט, אַז אויך אין די שפּעטערדיקע דורות, ווען די געפאַר פון אויסמישן זיך מיט אַנדערע אַרומיקע פעלקער, באַזונדערס מיט די גריכן־רוימער, איז שוין געהאַט אַריבער, האָבן די גדולי־הדור געטאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך געווען צו פאַרזיכערן דאָס אָנהאַלטן די אידענטיטעט פון די יידן און ווי איינער פון די שטאַרקסטע מיטלען דערצו איז באַטראַכט געוואָרן דאָס האַלטן זיך ביים לשון הקודש, צו רעדן, שרייבן און לעבן אינעם דאָזיקן גייסט.

רבי מאיר (פון ר׳ עקיבאָס הויפּט־תּלמידים, געלעבט נאָכן חורבן בית שני), וועגן וועמען ס׳ווערט געזאָגט, אַז זיי האָבן געשטעלט דעם יסוד פאַר דער תּורה, "הם העמידו תורה..." [14], שטעלט פעסט: "כל מי שהוא קובע בא"י... ומדבר בלשון הקודש... מובטח לו שהוא מחיי העולם הבא" [15]. אויף אַן אַנדער אופן, וואָס שייך חינוך, ווערט געזאָגט אין תּוספתּא [16]: "קטן יודע לדבר, אביו מלמדו שמע ותורה ולשון קודש; ואם לאו, ראוי לו שלא בא לעולם" — אַזוי שטרענג איז מען געווען וואָס שייך דעם לימוד און חינוך. רבי יוסי איז נאָך מער עמפּאַ־טיש וועגן חינוך און לימוד: "כשהתינוק מתחיל לדבר, אביו מדבר עמו בלשון הקודש ומלמדו תורה; ואם אין מדבר עמו לשון הקודש ולימוד תורה, ראוי לו כאלו קברו..." [17].

דאָס מיינט נישט — קאָמענטירט ד"ר פעדערבוש — אַז די חכמי־התּלמוד האָבן מזלזל געווען אַנדערע לשונות [18]. צו גריכיש — ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן — האָבן די תּנאים און אמוראים געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציונג, ווי מיר האָבן שוין ציטירט דעם אויסדרוק: "בדקו ומצאו שאין התורה יכולה להיתרגם כל צרכה אלא יוונית" [19].

נאָך מער. די תּורה איז געגעבן געוואָרן אין פיר לשונות [20] און, לויט אַן אַנדער אָרט, אין זיבעציק לשונות [21]. בכלל, געפינען מיר, אַז חז"ל האָבן געגעבן אָנערקענונג צו פיר לשונות: עברית, ארמית, ערבית, רומית. עברית — לשון הקודש — שטייט אָבער העכער. לשון הקודש האָט סופּעריאָריטעט. דאָס הייליקע לשון גיט צו צו דער הייליקייט פונעם פאָלק, ווייל עס פאַרהיט פון אַסימילאַציע.

דער רמב"ם, אין לויבן לשון הקודש, זאָגט צוו"א, אַז נישט געקוקט וואָס ארמית ווערט געלויבט, איז דאָס בלויז אין פאַרגלייך צו אַנדערע לשונות, אָבער בשום אופן נישט אין פאַרגלייך צו לשון הקודש [22].

צו וואָס דאָס אַלץ?

מיר ברענגען די אַלע מאמרים, כדי צו פאַרשטיין, אַז מיטן אָוועקנעמען דאָס לשון פון פאָלק, אַזוי ווי די אַסימילירטע און רעפאָרמערס האָבן עס געטאָן אין דייטשלאַנד, האָבן זיי דערפירט צום מצב, אַז דייטשישע יידן זאָלן אָפּגעפרעמדט

ווערן, זאָלן ווערן דייטשן מיט אַלצדינג, בלויז אָנהאַלטן — אויב צו בלייבן ייִדן — אַ גרופּע, אָדער סעקטע פון משהס גלויבן. און אַ גרויסער טייל איז געגאַנגען צום עקסטרעם — צו שמד.

אין דייטשלאַנד, ווו מ'האָט זיך צוגעכאַפּט צום דייטשטום: לשון און ליטעראַטור, האָט מען אויפגעגעבן עברית, אַפילו די תפילות זענען שוין ביי די רעפאָרמער נישט געווען אין לשון הקודש. איז מען אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון ייִדנטום, ווי אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַל פאָלק, מיט די געהעריקע פאָלקס־אַטריבוטן. גרויס איז געוואָרן די צאָל געמישטע חתונות און נישט וויניקער די צאָל געשמדטע משפחות, אַ טייל פון אַזעלכע משפחות האָבן אַרויסגעוויזן שׂנאה צום ייִד. זיי זענען געגאַנגען אויף דער זייט ווו דער ווינט בלאָזט, זיך אָפּגעריסן פון די ייִדישע וואָרצלען, פון זייערע עלטערן, אור־עלטערן און געזען דאָס שיינקייט בלויז אויף דער אַנדערער זייט פונעם פּלויט. זיי האָבן געזוכט אַלע מיטלען ווי זיך אויסצוגלייכן מיט דער מערהייט פון דער באַפעלקערונג, מיינענדיק, אַז דערמיט וועלן זיי אַלץ דעגרייכן, זיי וועלן ווערן פאָלנע דייטשן און זיך קענען גרויסן מיט דער דייטשישער קולטור.

געציילטע האָבן אפשר איינגעזען דעם טעות זייערן, אָבער ס'איז נישט געווען קיין וועג אויף צוריק. זיי האָבן פאַרגעסן אין דער "עם סגולהדיקייט" פון ייִדן, אַז דאָס איז אַ קנין לצמיתות[23]. דער דייטשישער ייִד, וועלכע האָט זיך באַמיט אָפּצוראַטעווען דאָס דייטשישע ייִדנטום פונעם אַסימילאַציע־תהום, איז געווען ר׳ שמשון רפאל הירש, וואָס האָט פיל אויפגעטאָן צו באַווייזן, אַז ייִדן קענען נישט זיין — חלילה אַזוי צו טראַכטן — אַ פאָלק פון אַנדערע געטער...[24].

ער האָט געהאַלטן פונעם כּלל: "יפה תלמוד תורה עם דרך ארץ"[25]. אַזוי האָט אויך געהאַלטן ר׳ עזריאל הילדעסהיימער (תק"פ—1820 ; תרס"ט—1899) און אַזוי איז אויך געווען די שיטה פון דעם גאון און פוסק ר׳ יחיאל י. וויינבערג (מחבר פון "שרידי אש" און אנד. ספרים, הלך לעולמו, ביום ג׳ שבט, תשכ"ו—1966).

נישט קיין וווּנדער וואָס אין מזרח־אייראָפּע האָבן סיי מתנגדים און סיי חסידים געפירט אַ העפטיקן קאַמף קעגן די משׂכּילים, וועלכע האָבן געוואָלט אַריבערברענגען די בערלינער השׂכּלה קיין פוילן און בכלל אין דער רוסישער העמיספּערע.

דער ערשטער גערער רבי יצחק מאיר הרי"ם זצוק"ל (תקנ"ט—1799 ; תרכ"ו—1866), האָט געלעבט אין וואַרשע, ווען פוילן איז צעטיילט געוואָרן צווישן רוסלאַנד, פּרייסן און עסטרייך. דער שׂר־התורה, דער עמוד האש פון פּוילישן ייִדנטום, האָט מיט אַלע כּוחות באַקעמפט די רעפאָרמערס און געקעמפט

קעגן די רוסישע גזירות, אַוועקצורייסן ייִדישע קינדער פון די טראַדיציאָנעלע חדרים און ישיבות. ער האָט געזען די געפאַר פון דער השׂכּלה, וואָס האָט דאַן אָנגעהויבן בליען און טריומפירן. ער האָט באַוויזן אָפּצושטעלן דעם דאָזיקן שטראָם [26]. דער חדושי הרי״ם האָט נישט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות־שטעלע, ער האָט צוריקגעוויזן דעם אָנבאָט צו ווערן וואַרשעווער רב. ער האָט זיך געווידמעט צו תורה און צום קאַמף קעגן דער דראָענדיקער אַסימילאַציע.

געמישטקייט האָט געפירט צו טראַגעדיעס. דעם קריסטלעכן פאָטער אָדער דער קריסטלעכער מוטער האָט געצויגן צום קריסטנטום; גאָר ווייניק האָבן איבערגעריסן די נאָענטקייט צו זייער נישט־ייִדישער משפּחה. אַפילו גרים — ווערט דאָך געזאָגט — איז שווער זיך אין גאַנצן אָפּצורייסן [27]: ״גיורא עד עשרה דרי לא תבזי ארמאה קמי׳ ״, דערצו נאָך אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט אויפגעגעבן זייער אמונה, זייער קולט, זייער אויפפירונג. אין זייערע הערצער בלייבט נאָך אַלץ דער ספק, צי זיי האָבן געטאָן ריכטיק און נישט איין מאָל מאַכט זיך, אַז זיי טראַכטן, אפשר איז זייער אויסמישן זיך מיט ייִדן גאָר אַ זינד, אַז ס׳איז געווען אַ טעות דאָס אויסמישן זיך. גאָר ווייניק פון די וועלכע האָבן צוליב תאווה זיך אויסגעמישט אין ייִדנטום, האָבן געהאַט ריינע מאָטיוון, איבערצייגנדיקע, ווי די קלאַסישע גרטע, רות, וואָס האָט געזאָגט: ״דיין גאָט איז מיין גאָט, דיין פאָלק איז מיין פאָלק״ [28].

אַ גרויסער טייל פון די וועלכע זענען אַוועק פון ייִדנטום, זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע האָבן געבראַכט גרויס שאָדן זייער פאָלק. אויף זיי איז געזאָגט געוואָרן ״מהרסיך ומחריביך ממך יצאו — דיינע צעשטערערס און דיינע פאַר־וויסטערס וועלן אַרויס פון דיר״ [29]

ווי מיר האָבן פריער שוין אָנגעוויזן, זענען אייניקע ממש געציילטע משומדים געווען גוט צו ייִדן. די מערהייט האָט אָבער אָנגעטאָן צרות ייִדן, אַזוי אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער און אַזוי אין דער נייער צייט.

מיר וועלן דערמאָנען איינעם פון די משומדים אין אַלטערטום — רבשקה — דעם פאַרשטייער פון סנחריב, קעניג פון אשור, וואָס האָט פאַרטריבן די צען שבטים, מלכות־ישראל און זיך פאַרמאָסטן צו ליקווידירן מלכות־יהודה.

דערציילט אונדז דער פּסוק:

״ויבא אליקים בן חלקיה... ושבנה הסופר ויואח בן אסף המזכיר אל חזקיהו קרועי בגדים, ויגידו לו את דברי רבשקה״ — איז געקומען אליקים דער זון פון חלקיה וואָס איבערן פּאַלאַץ און שבנה דער שרייבער און יואח דער זון פון אָספן, דער סעקרעטאַר (דערמאָנער), צו חזקיה, מיט צעריסענע קליידער, און זיי האָבן אים דערציילט (איבערגעגעבן) די רייד פון רבשקה״ [30].

פאַר וואָס האָבן זיי צעריסן זייערע קליידער? פּשוט: זיי האָבן געהערט די ביטערע רייד פון רבשקה, זיינע באַדינגונגען זיך אונטערצוגעבן. רש״י קאָמענטירט: ״על גדופין ששמעו מפי רבשקה כדכתיב אשר שלחו מלך אשור לחרף אלקים חי״ — צוליב דעם לעסטערן דעם לעבעדיקן גאָט[31], ווייל אַז מ׳הערט לעסטערן גאָטס נאָמען רייסט מען קריעה און אויך דער קעניג האָט געטאָן דאָס זעלביקע — צעריסן זיינע קליידער: ״ויהי כשמוע המלך חזקיהו ויקרע את בגדיו״[32]. אין דער גמרא[33], ווערט צוגעגעבן ״די ווערטער״ — ״דברי רבשקה״ און ווי עס ווערט ווייטער געזאָגט, איז רבשקה געווען אַ ״ישראל מומר״ — אַ געשמדטער ייִד און צו הערן אַזעלכעס פון אַ ייִד, אַ ״ישראל שחטא״, דאַרף מען רייסן קריעה.

די מפרשי־התלמוד פאַרנעמען זיך מיט דער פראַגע, ווי אַזוי האָבן די עדות געמעגט איבערזאָגן דעם קעניג די לעסטערונג־ווערטער און ס׳ווערן אָנגע־געבן אַ צאָל תּירוצים, אָבער דאָס גייט שוין אַריין אינעם תּחום פון פּלפּול[34].

מיר ווייסן פון די צרות, וואָס ייִדן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין מיטל־עלטער פון די משומדים, וועלכע האָבן אַרויפגעצוווּנגען וויכּוחים מיט די ייִדישע חכמים וואָס דאָס האָט תּמיד געפירט צו רדיפות, גירושים און רציחות.

מיר האָבן פריער דערמאָנט די צרות פון דעם משומד פּאַבלאָ קריסטיאַני, זיינע עפנטלעכע וויכּוחים מיטן רמב״ן (1194—1270) און מיט אַנדערע גדולי הדור. נישט געקוקט אויף זיין גרויסן נצחון, האָט דער רמב״ן געמוזט פאַר־לאָזן שפּאַניע.

דער משומד פּאָול דע פּאַנטיאַ מאַריאַ (1312—1435), וועמעס ייִדישער נאָמען איז געווען שלמה הלוי, פריער רב אין בורגאָס, האָט געשריבן ספרים וועגן תּנ״ך און ייִדנטום. די סיבות פון זיין שמד זענען אומבאַקאַנט, ער איז געוואָרן אַ בישאָף און אָנגעפירט אַ העצערישע שׂנאה קעגן ייִדן. ער האָט זיך באַטייליקט אינעם אויסאַרבעטן דעם אַנטי־ייִדן געזעץ אין קאַסטיליע (1412).

אין אַ שפּעטערער תּקופה אין מזרח־אייראָפּע, האָט דער משומד יעקב פראַנק (1726—1791), ווי אַ נאָכפאָלגער פון שבתי צבי (שר״י, 1626—1676), זיך דער־קלערט אַלס משיח, געפּראַוועט אָרגיעס, אָנגעגאַנגען מיט הפקרדיקייט און אָנ־געפירט אַ העסלעכע אַגיטאַציע קעגן ייִדן, אויף אַזוי ווייט צו דערפירן מ׳זאָל פאַרברענען דעם תּלמוד אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק (1757).

דער משומד יעקב בראַפמאַן (1825—1870), האָט זיך געשמדט אין עלטער פון 34 יאָר, געוואָרן אַ לערער אין אַ סעמינאַר פאַר פּראַוואָסלאַווּנע גלחים אין מינסק און נאָך דעם געוואָרן דער צאַרישער צענזאָר. ער האָט אָנגעשריבן אַ צאָל ווערק קעגן ייִדן, אַפילו פאַלסיפיצירט דעם מינסקער פּנקס, צוגעשריבן דאָס, וואָס עס זאָל אַרויסרופן שׂנאה צו ייִדן מצד דער נישט־ייִדישער באַפעלקערונג.

אין דער רשימה פון שלעכטע משומדים, מוסרים און העצערס קעגן ייִדן קאָן צוגערעכנט ווערן קאָנסטאַנטין ברונער (1862—1937).

וויליאַם אַראָן אין זיין אָפּהאַנדלונג "קאָנסטאַנטין ברונער און דאָס ייִדנ־טום" [35] גיט איבער אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן אים. ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ צייט ווען דאָס דייטשישע ייִדנטום איז געווען עקאָנאָמיש סטאַביל און די עמאַנציפּאַציע איז געווען אין פולן גאַנג. "אָבער — שרייבט ער — גאָר אין גיכן האָט די אַלטע שנאת־ישראל אויפסניי גענומען באַוויזן איר מגושמדיקן פּרצוף". "ברונער — שרייבט ער — איז געווען... אַ מתמיד וואָס האָט כּל ימיו פאַרבראַכט באהלה של תורה... זיינע שפּעטערישע געדאַנקען זענען אַבסטראַקציעס וואָס דאַרפן סטימולירן אַנדערע דענקערס...". זיין ייִדישער נאָמען איז געווען אריה יהודה בן משה. אין אָפיציעלע דאָקומענטן לעאָ, אָדער לעאָפּאָלד ווערטהיימער, זון פון משה ווערטהיימער, אַ גרויסער קענער פון דער העברעישער שפּראַך ווי אויך פון דער לאַטיינישער [36], דערצו אַ מוסמך פון הרב עטלינגער.

משה ווערטהיימער איז געווען דער זון פון ר' עקיבאָ בן אביגדור (1775—1835), דעם רב הכּולל פון אַלטאָנאַ און דער סביבה. ביי אַזעלכע עלטערן איז דער יונגער אריה יהודה דערצויגן געוואָרן, ביים פאָטער, ביים זיידן און ביים גאון און פּוסק ר' יעקב יוקעוו עטלינגער (תקנ"ח—1798; תרל"ט—1879) מחבר פון "ערוך לנר" א"א ספרים.

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט ברונערס ביאָגראַפיע. אונדז אינטערעסירן די מערקווערדיקע פּאַראַדאָקסאַלע קוריאָזן: אַ מענטש ווי ברונער־ווערטהיימער, אַ קינד פון אַזאַ ייִחוסדיקער משפּחה, אַ דערצויגענער אין אַ שטרענג רעליגיעזער סביבה, אַרומגערינגלט מיט לומדים, וויסנשאַפטלערס פון דער ייִדישער עליטע — און ער איז באַגייסטערט פון זיינע עלטערן, ער האָט זיך געגרויסט מיט זיין ייִחוס וואָס האָט זיך געצויגן ביזן מהרש"ל, ביז רש"י און אַפילו דערגאַנגען ביז ר' יוחנן בן זכאי [37] און ער, דער געלערנטער, דער גאונישער קאָפּ, האָט פּלוצלינג משנה־שם געווען, אין 1908, אַדאָפּטירט אַ פּסעוודאָנים ברונער און ווערט אַן "עקס יודעוס"... ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז ער האָט זיך אָפיציעל געשמדט.

מאַרטין בובער האָט שאַרף באַקעמפט די דאָזיקע קלאַנגען. ער איז געווען איבערגעצייגט, אַז ברונער איז נישט געווען קיין אָפּטריניקער. אַ ראיה, ער האָט אָנגעהאַלטן גוטע באַציונגען מיט מאַקס נאָרדוי, דעם ציוניסטישן פירער. (געמישטקייט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז ביי ביידן נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן עבירה).

דאָס פינטעלע ייִד, איז אָבער ביי אים נישט אויסגעלאָשן געוואָרן. אין 1918 איז ער אַרויסגעטראָטן אויפן שאַרפסטן אופן קעגן די שונאי־ישראל, דערקלערנ־

דיק די דאָזיקע קולטורעלע אַנטיסעמיטן: ״איר וועט אונדז נישט בייקומען; איר מעגט זיך פּונקט אַזוי גוט פאַרמעסטן אויסצולעשן די זון״ [38].

ער איז געווען אַ קעגנער פון ציוניזם. ווי אַראָן גיט איבער, איז ער אין 1929, אַרויסגעקומען ״מיט די ווילדסטע און גיפטיקע אַטאַקעס אויפן ציוניזם... יעקב קלאַצקין האָט מיט אים שאַרף פּאָלעמיזירט״. ס׳האָט נישט געהאָלפן.

מאָדנע זענען די מחשבות פון די צוויי רבנישע קינדער:

קלאַצקין איז דער שאַרפסטער שולל־הגלותניק. ער איז זיכער, אַז דאָס ייִדנטום אין די תּפוצות איז פאַראורטיילט (חלילה) צום אונטערגאַנג. ברונער קומט צום זעלביקן אויספיר. ער פּראָפּאַגירט די אידעע פון טאָטאַלער אַסימילאַציע, ווייל ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער וועג.

דער ערשטער זעט די רעטונג און זכות הקיום פון ייִדנטום, אויף זיין באָדן — אין ארץ־ישראל. — דער צווייטער זעט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין זכות הקיום פאַרן ייִדנטום, אַז מע דאַרף זיך אַסימילירן: ״מען דאַרף נישט באַלאַסטן ייִדישע מענטשן מיט ספּעציפישע ייִדישע נעמען... אַלץ וואָס איז ייִדיש מוז פאַרשווינדן״.

גאָר מיאוס דריקט זיך אויס ברונער קעגן די ״אָסט־יודן״, קעגן דעם זשאַרגאָן, וואָס ער רופט לשון ייִדיש. ער שרייבט און רעדט ווי אַ שונא־ישראל. ער איז נישט בעסער פון די אַמאָליקע משומדים, וועלכע האָבן אָנגעטאָן צרות מיט מסירות, העצערייען און וויכּוחים.

דער גורל באַשטימט אָבער פאַר יעדן מענטשן: ברונער איז געווען פון די ערשטע צו ליידן פון דעם נאַציזם. ער איז געווען איינער פון די ערשטע דייטשישע ייִדן צו ווערן אַ פּליט. ער איז געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד, זיין באַליבט געבורטאָרט, און געפינען אַן אָרט אין האָלאַנד, דאָס לאַנד וואָס איז תּמיד געווען ליבעראַל צו ייִדן. זייענדיק אַ תּושב אין האָלאַנד, האָט ער באַוויזן צו זיין שעפעריש און האָט פאַרעפנטלעכט אַ צאָל פון זיינע ווערק.

ווילִיאַם אַראָן גיט איבער, אַז ״ביים סוף פון זיינע טעג״, האָט ער געהאַט אַ ״הרהור תּשובה״. ער זאָל זיך געווען אויסדריקן פאַר זיין טויט, אַז ער ווינטשט ייִדן אַ ייִדישע מדינה, צו קענען לעבן ווי ייִדן, ווי אַ פאָלק אויף זיין באָדן... ווייזט אויס, אַז נאָך אַלע פילאָזאָפיעס קומט דער אויפריכטיקער דענקענדיקער מענטש צו אַ רעוויזיע אין זיינע מחשבות.

דער טעות פון געוויסע דענקערס, ווי ברונער און זיינס גלייכן איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זיי האָבן געזוכט מנוחת־הנפש אין דער פרעמד. זיי האָבן נעגירט די נאַציאָנאַלע רעכט פאַר ייִדן, האָבן געוואָלט אָפּרייסן זיך פון רעליגיעז־ייִדישן קיבוץ און נישט געזען דעם היסטאָרישן פּערספּעקטיוו פון ייִדנטום אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט.

פאַקטן ווייזן, אַז גראָד אין דער נייער צייט האָט זיך געשטאַרקט דער ווילן

ביי יעדן פאָלק, ביי יעדן שיכט, זיך אויסצולעבן נאַציאָנאַל, קולטורעל און שפּראַכלעך — און אויפן אייגענעם באָדן. אין יהדות איז דאָס תּמיד געווען דער יסוד פאַרן ייִדישן קיום. די אמונה און דער ווילן איינצוהיטן דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער. דער דאָזיקער ווילן האָט געשטאַרקט די קולטורעלע, רעליגיעזע און ליטעראַרישע שעפערישקייט אין די פאַרשיידענע דימענסיעס, ווי רינגען אין דער גאָלדענער קייט זינט דעם באַגין, ביזן סוף כל הדורות.

אין משך פון דורות האָבן מיר געהאַט פאַרשיידענע משומדים — און אַזעלכע האָבן מיר אויך אין אונדזערע טעג.

מיר האָבן למשל אַ משומד, ווי דניאל רופאייזען, דער פראַנציסקאַנער נזיר דניאל, וועלכער האַלט זיך פאַר אַ ייִד, האָט געקעמפט צו געניסן פונעם "חוק השבות", צו ווערן אויטאָמאַטיש אַ ישראל־בירגער, צו געניסן אַלע רעכט, ווי אַ ייִד וואָס איז צוריקגעקומען אין זיין לאַנד.

רופאייזען האָט דורכגעלעבט דעם חורבן אין מזרח־אייראָפּע, ער האָט געראַטעוועט ייִדן, ער האָט אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן, אַז ער איז אַ ייִד...

זיין בקשה צו געניסן פון "חוק השבות" איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דאָס העכסטע געריכט האָט געפסקנט, אַז מען קען נישט זיין גלייכצייטיק סיי ייִד און סיי קריסט. אַז ער האָט זיך געטויפט אַלס קריסט, האָט ער אויפגעהערט צו זיין ייִד. ער, רופאייזען, האַלט זיך אָבער פאַר אַ ייִד.

אַן אַנדער סאָרט משומד איז געווען דער ניו־יאָרקער בויער און איבערבויער פון ניו־יאָרק ראָבערט מאָזעס: געלעבט ווי אַ ייִד און געשטאָרבן ווי אַ קריסט, אָדער ווי אַן אַפּטריניקער — אָבער נישט געהאַט קיין האַס צו ייִדן, נישט פאַרראַטן זיין אָפּשטאַם.

אַנדערש פירט זיך אויף דער משומד ראָבערט ניומאַן. ווען ער איז געווען אַ מאַכער אין "סטייט־דעפּאַרטמענט" פאַר אויסערלעכע אַנגעלעגנהייטן, האָט ער בפירוש געשטיצט די אַראַבישע טעראָריסטן מכל המינים, איבערהויפּט די פּ. ל. אָ. ביז דער געוועזענער אויסערן־מיניסטער העיג האָט אים געדאַרפט צוליב די מעשים באַזייטיקן און באַקעמפן זיין השפעה.

די מערהייט משומדים האָבן אונדז אין אַלע צייטן אָנגעטאָן גרויסע צרות און נישט איין מאָל געפירט ייִדן צוליב זייערע מסירות און וויכוחים — אויף שייטערהויפנס.

דער גרויסער פילאָזאָף און ביבל־קריטיקער אין מיטל־עלטער, ברוך־בענע־דיקט שפּינאָזאַ (1632—1677), אַ קינד פון מאַראַנען, האָט באַוויזן וווּנדער אין תּורה־לערנען, געלערנט ביי די אָנגעזעענסטע רבנים אין האָלאַנד; האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין זוכן חסרונות אין תּנ"ך, אין יהדות — און לסוף אַוועק אויף פרעמדע וועגן און אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון ייִדן. צי ער האָט זיך געשמדט צי

נישט, איז נישט קלאָר. דער פאַקט איז, אַז זיין פילאָזאָפיע האָט געפירט צו שמד, נישט געקוקט דערויף וואָס ער ווערט אַזוי פאַרטיידיקט פון יידישע פאָרשערס, יידישע בעלי־מחשבה און סתם אַזוי שריפטשטעלערס, וועלכע ווילן אים דווקא האַלטן אין יידנטום[39].

איינער פון די אָרטאָדאָקסישע רבנים דערציילט, אַז מרן הרב ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל (ט״ז אלול, תרכ״ה—1865; ג׳ אלול, תרצ״ה—1935) זאָל אים געוועז זאָגן: ״לו הייתי בזמן ברוך שפינוזא לא הייתי מסכים להחרימו, אלא הייתי משתדל ברחמים ובאהבה ותחנונים ובחכמת התורה, לקרבו תחת כנפי השכינה״[40]

נו, דאָס איז אַן ענין, וואָס מיר מוזן איבערלאָזן פאַר די מומחים שפינאָזיסטן.

מיר דערמאָנען אַ פילאָזאָף, שוין נישט אַזוי פּאָפּולער, שלמה מיימון (1754—1800), וועמען משה מענדעלסאָן האָט שטאַרק מקרב געווען. זיין ווערק ״גבעת המורה״ האָט אים געמאַכט אַ נאָמען צווישן פאָרשערס און זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק ״זכרונות״ ווערט באַטראַכט פאַר אַ קלאַסיש ווערק מעמוּאַריסטיש און ליטעראַריש.

שלמה מיימון איז געוואָרן באַליבט ביי די דייטשישע פילאָזאָפן און גאָר באַזונדערס ביי קאַנטן. ער איז געווען באַליבט ביי די משׂכּילים, גאָר באַזונדערס ביי מענדעלסאָנען. ער איז אָבער אַוועק פון יידנטום און במילא געטריבן געוואָרן נישט בלויז דורך די אָרטאָדאָקסן, נאָר אויך דורך די משׂכּילים. ווי טייל פאָרשערס גיבן אָן, האָט ער זיך געשמדט און געבראַכט געוואָרן צו קבורה, ווי ״קבורת חמור״[41]

מיר קאָנען פאַרשטיין, פאַר וואָס די רבנים אין אַמסטערדאַם האָבן געלייגט אין חרם דעם געלערנטן אוריאל אַקאָסטאַ (1590—1640). ער האָט געהאַט אמונה אין דער גייסטיקייט פון דער יידישער תּורה, אָבער נישט געוואָלט אָנערקענען די פּראַקטישע, הלכהדיקע יידישקייט. דאָס קריסטנטום איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין זיין נשמה... האָט ער רעוואָלטירט קעגן מצוות מעשיות, קעגן דער יידישער טראַדיציע, קעגן דעם גלויבן אין עולם־הבא... ער האָט אויך זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער אומשטאַרביקייט פון דער נשמה און דאָס האָט אים איזאָלירט סיי פון דער יידישער און סיי פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט.

ווען ער האָט אַרויסגעוויזן אַ חרטה־געפיל אויף זיינע אַפּיקורסישע געדאַנקען, מיט שוואַרץ ליכט געזאָגט ווידוי, געקראָגן מלקות (39 קלעפּ), ווי דער דין ביים מתּיר מאַכן אַ חרם, איז שוין געווען צו שפּעט צו דערגרייכן פולשטענדיקע רעהאַביליטירונג. ער האָט שוין קיין וועג פאַר זיך נישט געקענט געפינען. נאָכן ליידן 22 יאָר חרם־איזאָלירטקייט, האָט ער פאַרלוירן די אמונה, פאַרלוירן

דעם קשר מיט זיין פאָלק. אין זיין פאַרפלאָנטערטקייט און פאַרבלאָנדזשעניש, האָט ער קיין אויסוועג נישט געפונען און איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

ייִדן זענען קיין מאָל נישט געווען אָפּגעשלאָסן. ייִדן האָבן תּמיד פאַרשפּרייט וויסן, אמונה. שוין אברהם אָבינו האָט געוויזן דעם דאָזיקן וועג — ייִדן האָבן אין אַלע תּקופות ממשיך געווען דעם אידעאַל פון פאַרשפּרייטן אמונה און וויסן צווישן אַלע פעלקער, אַריינגערעכנט אויך אונדזער צייט, מיט אַלע דערגרייכונ־גען און מיט אַלע אופנים, זיך באַנוצנדיק מיטן טעכנישן פּראָגרעס.

די אַמביציעס פונעם מענטש — זענען ייִדן איבערגעצייגט — זענען נישט קיין שטערונג אַרויסצוהייבן די הימלישע עטיק, די וויזיע און די לערע פון די נביאים. אדרבה, ייִדן זעען אין די אומדערשעפּלעכע קוואַלן פון מענטשלעכן גייסט, פון מענטשנס פאַרשטאַנד אַ מעגלעכקייט צו פאַרבינדן מלכות־שמים מיט מלכות־האָרץ, צום פעסטשטעלן די הימלישע עטיק און גערעכטיקייט, די יסודות פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, ווי דער נביא דריקט זיך אויס: "ונתתיך לאור גוים" — און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ ליכט פון די פעלקער [42].

די אמונה אין איין גאָט, באַשעפער פון מענטש, פון וועלט, פונעם קאָסמאָס און פון אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין הימל, אויף דער ערד, אונטערן וואַסער — דאָס אַלץ האָט געהאַט דעם ציל אָפּצושאַפן געצנדינעריי, דערוויטערן דעם מענטש פון אומווירדיקייטן, דערהויבן אים דורך סאָציאַלן יושר.

דאָס ייִדישע פאָלק איז אָנגעזאָגט געוואָרן זיך צו דערווייטערן פון די פעלקער וועלכע האָבן געלעבט אויסגעלאַסן, ביי וועלכע מאָרד און רציחות, געצנדינערישע מנהגים, זענען געווען רעגולער און נאַטירלעך. ביי ייִדן איז דאָס שטאַרק פאַרבאָטן געוואָרן און דעריבער: עמלק — אַ פאָלק פון רשעים — אָפּמעקן, אָפּווישן. די פעלקער עמון ומואָב — נישט באַהעפטן זיך מיט זיי [43]: "זיי זענען אייך נישט אַקעגן געקומען מיט ברויט און וואַסער, אין אייער נויט..." ווען אָבער איינער פון אַ פרעמד פאָלק איז געוואָרן איבערגעצייגט אין דער ייִדישער אמונה, האָט געוואָלט זיך מגייר זיין, האָט מען אים אַריינגענומען און מ'האָט אים אָדער זי געדאַרפט באַהאַנדלען ברידערלעך, מיט ליבשאַפט, סאָציאַל און נאַציאָנאַל; ער אָדער זי האָט געהאַט רעכט צו געניסן פון אַלע פּריווילעגיעס: "חוקה אחת לכם..." [44] איינשליסנדיק דעם גר, דעם יתום, די אלמנה. דער פּרינציפּ אין יהדות: "איז נישט איין פאָטער ביי אונדז אַלעמען? — האָט אונדז נישט איין פאָטער, גאָט, באַשאַפן?" [45] איבערגעצייגטע גרים און גרטעס נעמט מען אַריין מיט ליבשאַפט און מען באַציט זיך צו זיי מיט רעספּעקט. זיי זענען אַ ברכה פאַרן קיום פון ייִדנטום און אַ שטאָלץ פאַר דער אויסערלעכער וועלט.

אַסימילאַציע, שמד איז אַ סכּנה פאַרן ייִדנטום.

נישט איינער פון די משׂכּילים האָט איינגעזען, אַז זיי זענען געגאַנגען צו

ווייט מיט זייערע אוניווערסאַלע אידעען. זיי האָבן זיך צו פיל פאַרנומען מיטן וועלן אויסבעסערן די גאַנצע מענטשהייט און פאַרלאָזט דאָס אייגענע הויז. אין זייער באַגייסטערונג פאַר דעם אוניווערסאַליזם האָבן זיי נישט געזען דעם "אור הגנוז" וואָס לייכט אַרויס פון דער תּורה און פון יהדות.

אויב די השׂכּלה אין רוסלאַנד האָט געפּריידיקט: "יהודי בביתך ואדם בצאתך"[46], האָט די השׂכּלה אין דייטשלאַנד געמיינט רעפאָרמירן דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן, שאַפן אַ דייטשיש ייִדנטום פון מער דייטש ווי ייִד — אַ סאָרט מאָזאַישע אמונה וועלכע פאַרלייקנט נאַציאָנאַליזם און ווייכט אָפּ פון רעליגיע, ווייל די ייִדישע רעליגיע איז פאַרבונדן מיט נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס.

די "בערלינער השׂכּלה" האָט געזען "חכמה בגויים" און פאַרזען "תּורה בישראל". די דאָזיקע שיטה איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין צענטראַל־מערב־און נישט ווייניק — אין מזרח־אייראָפּע און פון דאָרט, איז זי איבערגעגאַנגען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווו איינער פון די ערשטע פּירערס פון דער רעפאָרם־באַוועגונג, אייזיק יצחק מאיר ווייז (1819—1900), האָט דורכגעפירט רעפאָרם־פּרינציפּן, ביים פּיטסבורגער צוזאַמענפאָר אין 1885: — עקסטרעמער רעפאָרמיזם, ווי געלערנט ביי די עקסטרעמע רעפאָרם־פּירערס אין דייטשלאַנד.

די לעצטע יאָרן זענען ביי די רעפאָרמערס פאָרגעקומען טעאָרעטישע און פּראַקטישע ענדערונגען.

געגוג צו דערמאָנען, אַז ביים צוזאַמענפאָר אין קאָלאָמבוס־אָהייאָ, אין 1937, יאָרן איידער די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן — און דאָס איז געווען פאַרן חורבן פון אייראָפּעישן ייִדנטום — האָבן די דעמאָלטיקע פּירערס פון רעפאָרם אין אַמעריקע, פאַרשטייט זיך מיט אַ השפּעה אויף דער וועלט־באַוועגונג, — אַריינגעבראַכט נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, צוריקגעבראַכט לשון־קודש אין זייערע תּפילות, אַריינגענומען ציוניזם אין זייערע אַקטיוויטעטן, אָרגאַניזירט טאָגשולן פאַר די קינדער אין זייערע רייען. מיר האָבן אין דער ציוניסטישער פּירערשאַפט און אַמעריקע אַזעלכע מנהיגים, ווי סטיפן־שמואל ווייז (1874—1949), וואָס האָט אָפּגעוואָרפן דעם אַי־נאַציאָנאַליזם פונעם ערשטן ווייז. ווי אַ פריינד פון די צוויי פּרעזידענטן וודראָ ווילסאָן און פרענקלין רוזוועלט, האָט ער געטאָן, וואָס נאָר ער האָט געקענט זיי צו באַאיינפלוסן פאַר דעם ציוניזם און פאַר די רעכט פון ייִדן אומצוקערן זיך צום לאַנד פון די אָבות. אַן אַנדערער איינפלוסרייכער רעפאָרמער אבא הלל סילווער (1893—1963) האָט בשעתו געקעמפט ביי די פאַראייניקטע פעלקער און ביים "סטייט דעפּאַרטמענט" אין וואַשינגטאָן צו אָנערקענען מדינת־ישראל.

אין קאַנאַדע איז ראַביי ד"ר וואָלטער גאַנטער (זאב) פּלאַוט פון די גייסטיקע

פירערס און פֿאָרשערס אין דער נאַציאָנאַלער רעפֿאָרם־באַוועגונג, אַ געטרײַער ציוניסט, אַן אַקטיווער טוער פֿאַר מדינת־ישׂראל. ער ווידמעט זײַן וואָרט און שריפֿט פֿאַר דער זיכערקייט און דעם וווילזײַן פֿון דער מדינה. ער האָט אויך אײַנגעפֿירט אין ״האָלי בלאָסאָם טעמפּל״ (פּרחי קודש) אַ העברעיִשע טאָגשולע.

דער חורבן, אין וועלכן די נאַציס ימ״ש האָבן אומגעבראַכט מער ווי אַ דריטל פֿון אונדזער פֿאָלק, נישט מאַכנדיק קיין אונטערשייד צווישן אָרטאָדאָקסישע אָדער רעפֿאָרם־ייִדן, און דאָס גרויסע היסטאָרישער געשעעניש, די עטאַבלירונג פֿון מדינת־ישׂראל, האָבן געווירקט צוריקצוברענגען מאַסן ייִדן צו זייער אָפּשטאַם, צו זייערע וואָרצלען.

אונדזער תּקופֿה איז די תּקופֿה פֿון צוריקקער, פֿון תּשובֿה — אַ צוריקטריט צום רעליגיעזן, נאַציאָנאַלן לעבן. ס׳קומט פֿאָר אַ פֿולשטענדיקע אויפֿלעבונג פֿון רעליגיעזן ענטוזיאַזם — און אין אַן אומפֿאַרגלײַכלעכן טעמפּאָ: אינטעלעקטואַלן, וויסנשאַפֿטלערס, פֿאַרלאָזן דעם סעקולאַריזם און דערנענטערן זיך צו די רעליגיעזע ספֿערן. גאָר אַ גרויסע צאָל איז איבערגעצייגט, אַז תּורה און וויסנשאַפֿט קאָנען זײַן האַרמאָניש געבונדן און געקייטלט.

די משׂכּילים פֿון אַ מאָל האָבן געחוזקט פֿון רעליגיעזע ייִדן. אין זייער גרויסן עקסטאַז האָבן זיי געגלויבט אין דער אילוזיע פֿונעם פּראָגרעס, פֿון דער מאָדערנער קולטור־אַנטוויקלונג. די קינדער פֿון אָט דעם השׂכּלה־דור — אָדער דורות — האָבן אָנגעהויבן אײַנזען דעם טעות, זיך אָפּגעקילט פֿון דער פּרחימדיקער קולטור [47]; וואָס האָט נישט קיין וואָרצלען. פֿילאָזאָפֿן וועלכע האָבן געבלאָנדזשעט אויף פֿרעמדע וועגן האָבן צוריק געפֿונען זייער וועג, דעם ייִדישן וועג, דעם וועג פֿון תּורת משה והנביאים — אַ גרויסע צאָל האָט אָנגעהויבן זיך באַגייסטערן פֿון דער חסידישער ראָמאַנטיק, געוואָרן פֿאַרברענטע חסידים.

אין אונדזער תּקופֿה זענען מיר עדות פֿון אַ נײַער דערשײַנונג: קינדער וועמעס עלטערן זענען געווען ווײַט פֿונעם ייִדישן שטייגער־לעבן, ווערן שטרענגע אָפּ־היטערס פֿון דער הלכה, ווײַזן אַרויס אַ סאָרט אידעאַליזם אין פֿאַרוואַנדלען דעם פּראַקטישן פּראָפֿעסיאָנאַליזם אין נאַציאָנאַל־רעליגיעזער דערוואַכונג, אַ טראַנס־פֿאָרמאַציע פֿון רענעסאַנס וואָס האָט געפֿירט צו דער פֿרעמדער קולטור צום טראַדיציאָנעלן גלויבן, און צוריק צום אַלטן ייִדישן לעבן. זיי ווערן אינספּירירט פֿון דעם ייִדישן גייסט, סטימולירט פֿון ייִדישע פּרינציפּן און זיי ברענגען אַרויס די ליכט פֿון יהדות, ווי דער ״חפֿץ חיים״ (ר׳ ישׂראל מאיר הכּהן, תּקצ״ט—1839; תּרצ״ג—1933) האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט: פֿינצטערניש פֿאַריאָגט מען נישט מיט שטעקנס, נאָר דורך אַרויסברענגען און דערהויבן די ליכט...

אַ סעקולאַרער דיכטער, דוד אײַנהאָרן (1886—1973), זינגט אין אַ ליד:

"מיר וועלן פאַרבלייבן אין שול
מיין קינד!
עס טאָר זיך ניט לעשן
מען טאָר ניט פאַרגעסן
צו שטעלן אַ יאָרצייט דער שכינה פון פאָלק
מיר פאַרבלייבן אין שול
— — — — — — — — — — — — —
זי וועט, ווי אַ מאַמע, אונז טוליען און בענטשן
ביז וואַנען, ס'וועט קומען די אייביקע נאַכט...[48]

גאָר יאושדיק איז דער דיכטער מיט זיין קינה:
"געשטאָרבן דער לעצטער בעל־תפילה / נישטאָ ווער צום עמוד זאָל גיין".

דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן בעתן חורבן פון אייראָפּעישן ייִדנטום, בעת אַן אַנדערער פּאָעט, יצחק קאַצענעלסאָן הי"ד (1886—1944), האָט פאַר זיין אומקום געשריבן דאָס קלאָגליד "פונעם אויסגעהרגעטן פאָלק"[49].

רעדן וועגן ייִדישקייט, וועגן שכינה, ווי בלויז יאָרצייט, דאָס איז נישט לויט יהדות־אויפפאַסונג. נישטאָ קיין טויט־ייִדישקייט, די תורה איז אַ תורת חיים און וויפיל צרות ייִדן האָבן זיך אָנגעליטן — און ליידן — איז יהדות דורכגעדרונגען מיט אַ גרענעצלאָזן אָפּטימיזם, אוודאי נישט אַריינצופאַלן אין יאוש. אינעם שווערן גלות־בבל, האָט דער נביא באַוויזן מיט זיין וויזיע אַריינצוגעבן חיות אין די "עצמות היבשות". יחזקאל הנביא זאָגט אין נאָמען פון גאָט: "הנה אני מביא בכם רוח וחייתם" — איך וועל אַריינגעבן אין אייך גייסט (אָטעם — יהואָש) און איר וועט לעבעדיק ווערן[50].

די תורה — דריקט זיך אויס דער מרא דאתרא פון ארץ ישראל — ר' יוסף חיים זאָנענפעלד — היא חיינו — צו קענען לעבן אפילו אין גלות; אפילו ווען מ'האָט פאַרלוירן אונדזער אומאָפּהענגיקייט, האָט די תורה אונז געראַטעוועט און נאָך מער, אונדזער אויפגאַבע איז געווען צו פאַרשפּרייטן תורה־אידעאַלן צווישן די פעלקער, ווי עס ווערט געזאָגט: "צדקת פרזונו בישראל, די גערעכטיקייט מוז קענען זיצן אין אָפענע שטעט" — — — "צדקה עשה הקב"ה בישראל שפיזרם לבין האומות"[51]. ר' אלעזר זאָגט: "לא הגלה הקב"ה את ישראל לבין האומות, אלא כדי שיתוספו עליהם גרים"[52].

אַזוי אַרום האָבן מיר באַוויזן דעם וווּנדער פון "נצחיות ישראל" — פון ייִדישער אייביקייט, ווייל "בכל מקום שגלו, שכינה עמהם" — ווו נאָר ייִדן זענען פאַרטריבן געוואָרן, איז די שכינה געווען מיט זיי[53], ווען אַפילו קריאת שמע, האָט מען געדאַרפט — צוליב די גזירות — זאָגן אין דער שטיל.

הרב שמעון פעדערבוש ווייזט אָן [54], אַז שוין אין דער תּקופה פון די תּנאים זענען געווען צייטן, ווען מ'האָט נישט געקענט זאָגן קריאת שמע אין דער הויך.

רבי מאיר גיט איבער, אַז אין דער צייט פון מלחמת ביתר [55], זענען זיי געזעסן פאַר רבי עקיבאָ און געזאָגט קריאת שמע אין דער שטיל: „והיו קוראים את שמע ולא היו משמיעים לאזניהם מפני הסכנה, כי קסדור רומי היה עומד על הפתח...״ רוים האָט פאַרווערט קבלת מלכות שמים.

לויט פעדערבושן, איז דאָס איינער פון די טעמים, פאַר וואָס מ'זאָגט שטילער־הייט „ברוך שם כבוד מלכותו״, ווייל דער עיקר האָבן די רוימער נישט געקענט פאַרטראָגן... דאָס נעמען אויף זיך דאָס הימלישע מלכות.

ווי באַקאַנט, זאָגט ריש לקיש, אַז דער טעם איז, ווייל בשעת יעקב אָבינו האָט זיך געזעגנט מיט זיינע זין, די שבטי י־ה, האָט ער דאָס געזאָגט שטיל, ווי אַ צופרידנקייט, הערנדיק פון זיי, דאָס נעמען אויף זיך אחדות אלהות — „כשם שאין בלבך אלא אחד כך אין בלבנו אלא אחד״ — פאַרזיכערן זייער פאָטער, אַז זיי זענען דורכגעדרונגען מיט דער אמונה אין א י י ן גאָט.

וואָס שייך די מצוות פון דער תּורה — זיי זענען געזאָגט, „לחיות״: „לא נתנו מצוות לישראל אלא לחיות בהם״ [56].

אין די לעצטע יאָרן זענען מיר עדות פון אַן אויפלעבונג און אַ צוריקקער צום ייִדנטום. נישט בלויז אָפּגעפרעמדטע, אינטעגרירטע און אַסימילירטע אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט ווילן זיך אומקערן, זוכן אַ וועג אויף צוריק, נאָר אַפילו אָפּטריניקעס, משומדים זוכן אַן אחיזה אין ייִדנטום, ווייזן אַרויס אַ געוויסע נאָענטקייט צו זייער אָפּשטאַם. דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר אין דער רשימה פון משומדים תּמיד געהאַט אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט און פאַרערט ייִדנטום, ייִדיש שטייגער לעבן — און בכלל, געפילט אַ נאָענטקייט צו ייִדן.

## ד. משומדים שונאי ישראל. — משומדים מיט פאַרשטענדעניש. — שמד ביי אינטעלעקטואַלן. — משומדים אין דייטשלאַנד — משומדים אין רוסלאַנד.

דער תּלמוד איז נישט איין מאָל פאַרברענט געוואָרן לויט די גזירות פון מלכים און פויפּסטן. געפירט צום שרפת התלמוד האָבן די משומדים, מוסרים און מומרים: ראש־השנה שי״ד 1553 איז דער תּלמוד פאַרברענט געוואָרן אין רוים צוליב דער מסירה פונעם משומד שלמה ראָמאַנאָ; אין 1559 איז דער תּלמוד פאַרברענט געוואָרן אין האָלאַנד, צוליב דער מסירה פון זיין ברודערס זון, דעם

משומד וויטאָריאָ אָליאַנאָ. די שרפה פון תלמוד אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק איז פאָר־געקומען דורך יעקב פראַנק ימ"ש, דעם ערגסטן פון די משומדים.

עס איז ממש אַ נס, וואָס דער תלמוד איז געבליבן אין זיין אָריגינאַלקייט נאָך אַזוי פיל גזירות און שרפות, נאָך אַזוי פיל צענזורירן און פאַרווערן זיין פאַרשפּרייטן.

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו פאַרנעמען זיך מיט באַשרייבן די פאַרשיידענע משומדים[1], די סיבות וועלכע האָבן גורם געווען צו שמד.

מיר וועלן דערמאָנען אייניקע אינטעלעקטועלע משומדים, צוליב דער מערק־ווערדיקייט און אומפאַרשטענדלעכקייט, פאַר וואָס ס'האָט זיי געטריבן צו שמד.

איינער פון די אָנגעזעענסטע פאַרשערס וועגן "מסורת התנ"ך" איז געווען, ווי דערמאָנט פריער, כריסטיאַן דוד גינצבורג (1831—1914), אַ היסטאָריקער פון באַרוף, דערצו אַ פאָרשער וועגן די קראים, איסיים, קבלה אאַ"וו... ער איז געוואָרן אַ מיסיאָנער אין דער צייט, ווען ער האָט געאַרבעט אויף זיין גרויס ווערק (אַרויסגעגעבן אין פיר גרויסע בענד, 1880—1905).

אַ מערקווערדיקער משומד איז געווען דער "משכּיל" הערש בער הורוויץ פון אומאַן[2], וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט תנ"ך־און תלמוד־פאָרשונג און לסוף זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן איינפאַכן קאַריעריסט.

חיים ליבערמאַן, דער באַרימטער פאָרשער און ביבליאָגראַף, גיט איבער אַז "צום סוף פון זיינע טעג", האָט ער געשריבן צו אַ פריינד, אַז בלויז תורת משה איז זיין נחלה, אַז "די ספרים פון די נביאים און ח כ מ י ם פ ו נ ע ם ת ל מ ו ד (ח. ל. קורסיוו) זענען מיין דערקוויקעניש".

ווי חיים ליבערמאַן גיט איבער, האָט ה. ב. הורוויץ אַרויסגעגעבן דעם ערשטן חלק פון רמב"מס "יד החזקה" אין ענגליש און זיך פאַרנומען ווי איינער פון די פּראָפעסאָרן אויף סעמיטיק אין די באַרימטע ענגלישע אוניווערסיטעטן — אָקספאָרד און קעמברידזש — ווי אַ פאָרשער און איבערזעצער.

וואָס עס האָט אים געטריבן צו טוישן זיין אמונה, איז נישט באַקאַנט. חיים ליבערמאַן ווייזט אָן אויף זיין זיג־זאַגישן גאַנג, נאָך אין זיין שטעטל אומאַן, ווו ער איז געווען פון די עקסטרעמע משכּילים. דאָס לערנען און פאָרשן איז ביי אים געווען אַ "קרדום לחפור" קעגן די פּרינציפּן פון די אָבות[3]. ער האָט אָבער דאָך נישט געדאַרפט פאַרלאָזן זיין אמונה און זיין פאָלק. ער וואָלט געקענט אָנגיין אין קעמברידזש מיט זיינע שטודיעס, זייענדיק אַ ייִד. נישט אַנדערש, נאָר ווי חיים ליבערמאַן זעט אין אים, אַ קאַריעריסט פונעם ערגסטן כאַראַקטער.

פון די מערקווערדיקע קאָנטראָווערסאַלע משומדים איז געווען יחזקאל האָגע (געב., קוזמיר 1791; געשט. לאָנדאָן, 1860). ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ חסידישער משפּחה, דערצויגן געוואָרן אין אַ חסידישער סביבה, ווו ער איז געוואָרן

באַרימט אַלס ווונדערקינד, אין די רייפערע יאָרן געוואָרן אַ משומד און אויף די עלטערע יאָרן — אַ בעל־תשובה.

זיין פאָטער איז געווען קוזמירער רב ר׳ אברהם האָגע, אַ חסיד פון לובלינער ״חוזה״, אדמו״ר ר׳ יעקב יצחק הורוויץ זצ״ל. אַלס קינד — און נאָך דעם ווי אַ דערוואַקסענער געפאָרן מיטן פאָטער קיין לובלין צום רבין. דער רבי האָט אים מקרב געווען; די חסידים האָבן באַוווּנדערט זיין גאונות, זיין טאַלאַנט. ער האָט גאָר יונג חתונה געהאַט און נאָך דעם פאַרפירט אַ ליבע, אַוועק קיין וואַרשע — געוואָרן אַ ״נודע בגויים״ — לסוף, מעגלעך צוליב קאַריערע, זיך געשמדט און אין צייט פון שמד, פאַרטיידיקט אין די עפנטלעכע וויכּוחים מיט פען און מויל, די יידישע אמונה.

וועגן אים האָבן אַ צאָל פאָרשערס געשריבן. צו דערמאָנען אייניקע: נחום סאָקאָלאָוו, ע. נ. פרענק (״משומדים אין פוילן אין 19טן י״ח״), ש. ל. ציטראָן און ש. ל. שניידערמאַן אין זיין ווערק וועגן קוזמיר (״ווען די וויסל האָט גערעדט יידיש״). אַ קאַפּיטל, געווידמעט יחזקאל האָגע, אָדער האַסקעלע, ווי מ׳האָט אים גערופן, האָט ער פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער ״אידישער קעמפּער״ [4]. (די פאָרשערס וועגן דעם מערקווערדיקן משומד־בעל תשובה האָבן נישט געקענט באַשטעטיקן ווו און ווען ער איז געשטאָרבן, ביז אַ פאָרשערין ב. צ. לאַסק־אַבראַהאַמס, ווי שניידערמאַן גיט איבער, האָט פעסטגעשטעלט לויט אַרכיוואַלע מקורים, אַז ער איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן, דעם 21טן יאַנ. 1860.).

אין דער רשימה פון די מאָדנע משומדים, געפינען מיר אַ ייד, מיטן נאָמען זעליק בנימין, זון פון אַ שוחט־און־דיין. ער איז געווען אַ ווונדערקינד, געבענטשט מיט אומגעוויינלעכן טאַלאַנט, געלערנט אין פאַרשיידענע ישיבות, געווען אַ תלמיד פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ (הת״נ—1690; תקכ״ד—1764), ביי וועמען ער האָט געקראָגן סמיכה, און לסוף, צוליב אַ גלחס אַ טאָכטער אין וועלכער ער האָט זיך פאַרליבט, האָט ער זיך געשמדט און אַגיטירט פאַר שמד. דער סוף איז געווען, אַז דאָס קריסטלעכע מיידל האָט אים אויפגעגעבן; דער גלח האָט אים דערוויַיטערט. ער איז געבליבן עלנט און פאַרלאָזט און געשטאָרבן ווי אַ ייד, אַ בעל־תשובה [5].

צו די משומדים וועלכע האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר יידן, האָט געהערט לודוויק בערנע. ער האָט געוואָגט זיך אַרויסצוזאָגן גאָר שאַרף קעגן דעם גרויסן דייטשישן פּאָעט יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע (1749—1832), ווען יענער האָט זיך דערלויבט עפנטלעך אויסצודריקן נעגאַטיוו וועגן יידן, וועגן עמאַנציפּירן יידן.

געטע, ווי באַקאַנט, האָט פאַרטיידיקט די פעאָדאַלע אָרדענונג. ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישן איינשטעל, אַז דאָס וועט ברענגען ״אומאָרדענונג וואָס איז ערגער, ווי אומגערעכטקייט״. האָט לודוויק בערנע געענט־

פערט זייער שאַרף דעם ווייִמאַרער פּאָעט, זיך באַנוצנדיק מיט אַ פּראָזע פון געטעס "פּראָמעטעוס" און געשריבן:

"דיך דאַרף איך שעצן? פאַר וואָס? האָסטו דען פאַרגרינגערט אַ מאָל ליידן פון געדריקטע? האָסטו דען אַ מאָל אָפּגעווישט טרערן פון דערשראָקענע?..."

"געטע — שרייבט ער — איז אין כּעס, ווייל ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ייִדן אין פראַנקפורט פאַרלאַנגען בירגעררעכט [6].

לודוויק בערנע, דער געשמדטער ייִד, אייניקל פון ר' ברוך בן שמעון פון דער "יודענגאַסע" אין באָן — גיט איבער עקיבאָ פישבין [7] לויט מקורים — האָט געשטורעמט קעגן די רדיפות אויף ייִדן. ער האָט געפּריידיקט טאָלעראַנץ, נאָכגע־גאַנגען דער שיטה פון משה מענדעלסאָן, אָבער געוואָלט זען, אַז דאָס דייטשישע פאָלק זאָל אָקעגנקומען די דאָזיקע פּראָגרעסיווע, הומאַניסטישע אידעען, ווי עס האָט געחלומט דער "ייִדישער חכם" לויט לעסינגס אָפּשאַצן די אידעען פון מענדעלסאָן א. נ. "נאַטאַן דער ווייזע" (1779), וואָס דובנאָוו האַלט עס פאַר "די פּאָעטישע עוואַנגעליע פון הומאַניזם און רעליגיעזער טאָלעראַנץ".

וואָס שייך דעם פּראָגרעס אין דייטשלאַנד, האָט זיכער משה מענדעלסאָן אַ סך צוגעטראָגן מיט זיינע הומאַניסטישע אידעען, וועלנדיק — אָן ספק — באַווייזן די דערהויבנקייט פון דער ייִדישער אמונה. צי די דייטשן האָבן אָנערקענט זיין בייטראָג צו דער פּראָגרעסיווקייט פון דייטשלאַנד און צי זיי האָבן לייענענדיק מענדעלסאָנען, אָנערקענט די דערהויבנקייט פון דער ייִדישער אמונה, דאָס האָבן מיר געזען ביים קלימאַקס פון דער נאַצי־דייטשישער אכזריות.

לעסינג, דער וואָס ווערט באַטראַכט פאַר איינעם פון די חסידי אומות העולם, ער איז אַרויסגעטראָטן זייער שאַרף קעגן דער קריסטלעכער געזעלשאַפט אין איר באַציונג כּלפּי ייִדן.

מענדעלסאָן האָט מיט זיין פילאָזאָפיע **נישט אָפּגעהאַלטן די דייטשישע אַנטיסעמיטן** פון רדיפות און גזירות און ער האָט **נישט אָפּגעהאַלטן ייִדן פון שמד**. ער האָט געשטעלט זיין פילאָזאָפיע אויף יסודות פון הומאַניזם. אין דעם איז באַשטאַנען זיין קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו, וואָס איז אייגנטלעך די פילאָזאָפיע פון עמנואל קאַנט (1724—1804), דער פילאָזאָף פון דער "ריינער פאַרנונפט".

די אַסימילאַטאָרישע משׂכּילים פון מענדעלסאָנס חדר האָבן געגלויבט, אָדער זיך איינגערעדט, אַז אַלע ייִדישע צרות נעמען זיך צוליב דעם, וואָס דער ייִד קלאַמערט זיך שטאַרק אין ייִדישקייט, אין דעם תּלמוד, אין שולחן ערוך. ווען ייִדן וועלן רעפאָרמירן זייער לעבן, וועלן קומען ישועות ונחמות.

אַ פאַקט איז, אַז ייִדן האָבן זיך אין דייטשלאַנד געשמדט, געוואָרן גלחים,

געטאָן מיסיאָנערישע אַרבעט[8] אָבער די שׂנאה צום ייִד איז געבליבן. די פינצטערע כּוחות האָבן זיך געשטאַרקט און דאָס נישט בלויז אין דייטשלאַנד, גאָר אין גאַנץ אייראָפּע, אַריינגערעכנט מזרח־אייראָפּע. נישט איין ייִד האָט זיך געשמדט צוליב די אַנטי־ייִדישע געזעצן אין דעם דייטשלאַנד וואָס האָט אַזוי באַגייסטערט די משׂכּילים.

דאָס ייִדנטום איז געווען אין גרויס סכּנה. נישט אומזיסט האָט דער חתם סופר (ר׳ משה סופר, תקכ״ג—1762 ; ת״ר—1839) אָנגעפירט דעם העפטיקן קאַמף קעגן די אַסימילאַטאָרן מכּל המינים, און געוואָלט פאַרשטאַרקן דעם אָריגינעל־רעליגיעזן חנוך, ווי אַ וואַנט קעגן די ״פורצי גדר״,[9] אָנרופנדיק אַ משׂכּיל, דאַכט זיך זיינס אַ געוועזענעם תּלמיד, טהרן חורינאַ, ״סטראַ חורינאַ״...

די ראַדיקאַלע משׂכּילים, די וועלטלעכע, האָבן געחוזקט פון רעליגיעזע ייִדן. זיי האָבן אויסגעטוישט דעם דאָזיקן גלויבן אויף אַ נייעם גלויבן: פּראָגרעס, מאָדערנע קולטור. זיי האָבן געמיינט, אַז דער נייער וועגווייזער אינעם ייִדישן לעבן וועט דערהויבן ייִדן צו דער נייער צייט. דער נס איז געשען. קינדער פון אַט דעם השׂכּלה־דור האָבן איינגעזען דעם טעות, געזען, אַז מ׳טן פאַרלייקענען דעם אייגענעם שטאַם פאַרלירט מען אַ סך און מען געווינט גאָר ווייניק. ס׳קען זיין אַ מאָמענטאַלער, צייטווייליקער געווינס, אָבער ווייט נישט קיין לאַנג־דויערנדיקער, שוין אָפּגערעדט פון אייביקייט. דער נייער דור האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דעם זאָג: ״והוה מחשב הפסד מצוה כנגד שכרה ושכר עבירה כנגד הפסדה״ — און דו זאָלסט רעכענען דעם שאָדן פון אַ מצוה קעגן איר לוין און דעם לוין פון אַן עבירה קעגן איר שאָדן[10].

עס איז געווען אַ טעות פון די אינטעלעקטואַלן — אַסימילאַנטן און סעקולאַ־ריסטן — צו נעגירן, גאָר אָפּט צו באַקעמפן דעם ייִדישן לעבנסשטייגער, באַגרינדנדיק אַן אידעאָלאָגיע פון אויסוואָרצלען אמונה, רעליגיעזע מנהגים, טראַדיציע. זיי האָבן פאַרזען, אַז מיט אָפּוואַרפן ייִדישע גייסטיקע און קולטור־ווערטן, שטעלן זיי אין סכּנה דעם קיום פון ייִדישן פאָלק.

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, זענען געווען חילוקי־דעות וועגן באַנוצן זיך מיט אַלגעמיינעם וויסן. דער רמ״א, (ר׳ משה איסרלס, הר״פ—1520 ; של״ב—1572) אין זיין פאַרענטפערן זיך אויף דער קריטיק פון מהרש״ל (ר׳ שלמה לוריאַ, ר״ע—1510 ; של״ד—1573), פון די גדולי הפוסקים ביים אשכּנזישן ייִדנטום, שרייבט אין איינעם פון זיינע תּשובות צו זיין חבר: ״כל ימי לא עסקתי בשום ספר מספריו״ (געמיינט אַריסטאָטעלעס ווערק — ג.ש.), רק מה שעסקתי בספרי המורה״[11] — און דער מהרש״ל קריטיקירט אים אויף דעם, וואָס ער האָט זיך פאַרטיפט אין רמב״מס מורה נבוכים.

אַ פאַקט איז, אַז אַ גרויסע צאָל אי פון די חכמי־ספרד און אי פון די חכמי־

אשכנז, האָבן זיך באַנוצט מיט די ווערק און מחשבות פון די גריכישע און אַנדערע פילאָזאָפן.

דער רמב״ם שרייבט אויף אַן אָרט: ״ומה טוב מאמר אריסטו האהוב הוא אחד״ — ווי גוט און ווי פּאַסיק עס איז דער זאָג פון אַריסטאָטעלעס[12].

רבנו בחיי (ד״א ת״ת—1040; תת״פ—1120), אין דער הקדמה צום ״חובת הלבבות״, שרייבט: ״ושמתי רוב ראיותי מן הדברים המושכלים... ואח״כ סמכתי להם דברי הקבלות מרבותינו ז״ל ומן החסידים והחכמים שבכל אומה״.

ר׳ יוסף אלבו (נפטר הק״פ—1420) ברענגט אין זיין ספר העיקרים[13] די חילוקי־דעות צווישן אַריסטו (אריסטאָטעלעס) און אַפּלטון (פּלאַטאָ) און באַנוצט זיך מיט זייערע פילאָזאָפישע טעאָריעס.

דער רמב״ן, דער מקובל וועמעס פירוש איז כולו קודש, פילאָזאָף און פוסק, באַנוצט זיך אין זיין פירוש מיט פרעמד־שפּראַכיקייט[14], וואָס ווייזט, אַז ער האָט געקענט שפּראַכן.

רש״י, דער ראש הפרשנים, דער רבן של ישראל, ער האָט געקענט פראַנצויזיש. ער ווייזט אַן אומאויפהערלעך, אין זיין פירוש אויף תורה און תלמוד, אויף ״לע״ז״־לשון, ווי עס האָט דערויף אָנגעוויזן איינער פון די מפרשי רש״י[15].

דער רמב״ם, דער לערער פון די ״פאַרבלאָנדזשעטע״ — מורה נבוכים — האָט געשריבן אַ גרויסן טייל פון זיינע ווערק אין אַראַביש (״דאַלטאַט אַן האירין״). ער האָט געזוכט צו דערקלערן פאַר אַ ברייטערן עולם יידישע און אַלגעמיין־וועלטלעכע אינטעלעקטואַלן יידישע אמונה, תורה און יהדות, תורה־מעטאַפאָרן אויף אַ ראַציאָנאַל־וויסנשאַפטלעכער באַזע. אין אויסטייטשן געוויסע תורה־און־הלכה־פּרינציפּן, באַזונדערס אין אמונה־ענינים, באַנוצט זיך דער רמב״ם מיט געוויסע געדאַנקען פון די גריכישע פילאָזאָפן — און דאָס איז געשריבן אין אַראַביש, כדי יעדער זאָל פאַרשטיין. ער האָט אָבער נישט איין מאָל אָנגעוויזן אויף דער נישט־איינשטימיקייט מיט אַריסטאָטעלעסעס הנחות, ווי למשל זיין טעאָריע פון וועלטבאַשאַף, דעם עוואָלוציע־פּראָצעס, ווי אַריסטאָטעלעס האָט געהאַלטן. דער רמב״ם איז איבערגעצייגט אין דער געטלעכער יצירה און בריאה, ווי איבערגעגעבן אין ״בראשית״.

דאָס וועלטלעך וויסן האָבן די חכמי ישראל אין אַלע צייטן באַנוצט אויף צו שטאַרקן די יידישע אמונה, אויף צו באַפעסטיקן די רעליגיעזע דיסציפּלין, די עטיש־מאָראַלישע געזעצן; אָבער דערביי זיך צו האַלטן ביים אייגענעם לעבנס־שטייגער. זיי זענען אַלע געווען איבערגעצייגט, אַז ווען דער יידישער מענטש איז באַהויכט פון אמונה, האַלט זיך ביי תורה־פּרינציפּן, וועט ער האָבן חיות און קיום, ווי אַן אָפּשטאַמיקער פון זרע אברהם.

די דאָזיקע געדאַנקען קומען צום אויסדרוק ביי די פילאָזאָפן פון אונדזער

צייט, ביים בעל־תּשובה פילאָזאָף פראַנץ ראָזענצווייג (1886—1929), ביי מאַרטין בובער (1878—1965), ביים פּראָפ׳ יהושע העשל[16] (1907—1972), און ביי אַ צאָל אַנדערע.

די דאָזיקע געדאַנקען געפינט מען אויך ביי ר׳ הלל צייטלין (1872—1943), הי״ד, ביי זיין זון ר׳ אהרן ז״ל און ביי אַנדערע. די ראַדיקאַלע משׂכּילים, ווי שלמה מיימון און אַנדערע, אין מערב־אייראָפּע ווי אויך אין רוסלאַנד, אין פּוילן, אין גאַליציע, אין ליטע, זיי האָבן געזען בלויז דאָס פינצטערניש אין יידישן געטאָ־לעבן. וואָס שייך חסידות, האָט געדאַרפט נעמען אַ לענגערע צייט, ביז די משׂכּילים האָבן אָנגעהויבן צו דערזען דאָס ליכט וואָס שטראַלט אַרויס פון די חסידישע הייף.

אליעזר צבי צווייפל (1815—1888) האָט אַרויסגעהויבן חסידות (אין זיין ״שלום על ישראל״) אין די אויגן פון די מזרח־אייראָפּעישע משׂכּילים און אין אַ שפּעטערדיקער תּקופה זענען שוין געקומען היסטאָריקערס, קינסטלערס און פאָרשערס וועלכע האָבן אַרויסגעהויבן די ראָמאַנטישע אוצרות און אוניווערסאַלע גאולה־אידעען, וואָס חסידות האָט איינגעהיט אין דער יידישער גייסטיקייט, אין דער נשמה און האַרץ פון פאָלק.

זיי האָבן אויך אַרויסגעהויבן די גרויסקייט פון מענטש, ווען ער האַלט זיך אינעם קשר פון ישראל ואורייתאָ, ווי דאָס האָט געלערנט מרן הרב הראשי ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל[17]. אַ דאַנק זיי, האָט מען געקענט אָפּשלאָגן די שווערע אַטאַקעס פון משׂכּילים, וואָס האָבן פּראָפּאַגירט תּיקונים בדת, רעפאָרמיזם, געשטעלט אין געפאַר די גאַנצקייט פון יידנטום.

די מוראָ פאַר דער עקסטרעמער השׂכּלה — ווי געזאָגט — איז געווען צוליב דער מוראָ פון אַסימילאַציע וואָס וועט פירן צו שמד, און פאַר דעם האָבן מוראָ געהאַט נישט בלויז אָרטאָדאָקסישע בעלי־מחשבה. אויך מאָדערנע, ליבעראַלע פאָרשערס אין באַהאַנדלען אָביעקטיוו די עקסטרעמע השׂכּלה, האָבן איינגעזען די מוראָ פון וועלן זיין ״ככל הגויים בית ישראל״, וואָס שטעלט אין געפאַר דעם קיום פון פאָלק.[18]

אין צוגאָב צו אָט דער מוראָ האָבן זיי אָנגעוויזן, אַז די געפאַר אין די לענדער פון אַן ״אָפענער געזעלשאַפט״, ווי אין אַמעריקאַנער ״שמעלצטאָפּ״, איז צענפאַכיק גרעסער ווי אין רוסלאַנד, אָדער מזרח־אייראָפּעישע שטעט, ווו שמד איז פאָרגע־קומען אָדער דורך צוואַנג, אָדער צוליב קאַריערע. אין די פרייע, דעמאָקראַטישע לענדער איז דאָ די געפאַר, אַז שמד זאָל פאָרקומען צוליב געמישטע חתונות און צוליב באַקוועמלעכקייטן.

ס׳זענען געווען ראַדיקאַלן, וועלכע האָבן זיך נישט אידענטיפיצירט אַלס יידן.

זיי האָבן נישט געוואָלט וויסן פון זייער אָפּשטאַם, אַרויסגעוויזן אַ האַס, אַ פּאָביע צו זייער פאָלק. געגנוג צו דערמאָנען דעם אינטעלעקטואַל און קינסטלער אָטאָ ווייניגנער (1880—1903). ער האָט געהאַסט זיין פאָלק, אָבער נישט געקענט געפינען קיין אָרט פאַר זיך נישט אין דער יידישער און נישט אין דער נישט־יידישער געזעלשאַפט — צו 23 יאָר, איז ער באַגאַנגען זעלבסמאָרד.

באָריס פאַסטערנאַק (1890—1960) איז נאָך איינער פון די קינסטלערס־ליטעראַטן, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט אידענטיפיצירן מיט יידן. אין זיין "דאָקטאָר זשיוואַגאָ" ווערן יידן דערמאָנט גאָר גאָר נעגאַטיוו. פאַסטערנאַק האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ רוסישן פּאַטריאָט, געלעבט ווי אַ רוס און געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציונג צו יידן, צו זיין יידישן אָפּשטאַם. יעקב גלאַטשטיין האָט אים געגוי אָפּגעשאַצט, כאַראַקטעריזירט און באַהאַנדלט זיין ווערק "דאָקטאָר זשיוואַגאָ", אין וועלכן ער האָט ממש געפונען אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן. פאַסטערנאַק האָט געהאַפּט, יידן זאָלן פאַרשווינדן ווי אַ פאָלק, נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט ביי זיין פאָטער, דעם מאָלער, געלערנט וועגן יידנטום און יידישקייט. דער פאָטער, לעאָניד פאַסטערנאַק, איז געווען נאָענט צו די משכּילים־נאַציאָנאַליסטן, געווען נאָענט צו חיים נחמן ביאַליק און אַנדערע העברעישע פּאָעטן.

נישט בעסער פון באָריס פאַסטערנאַקן איז געווען דער גרויסער פּאָעט אָסיפּ מאַנדעלשטאַם, דער פּוילישער ייד, וואָס האָט זיך אין גאַנצן רוסיפיצירט און דערווייטערט פון יידן. דאָס האָט אים אָבער נישט געהאָלפן, ווען ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אין קרעמל צו באַזייטיקן די יידיש־אָפּשטאַמיקע. ער האָט געטיילט דעם גורל פון די יידיש־שרייבערס, וועלכע סטאַלין האָט ליקווידירט.

נישט ווייניק איז אָבער די צאָל פון רוסישע אינטעלעקטואַלן — שרייבערס, קינסטלערס, פאָרשערס, וויסנשאַפטלערס, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן שטאָלץ אויף זייער יידישן אָפּשטאַם. איסאַק באַבעל (יצחק, 1894—1941), נישט געקוקט אויף זיין גרויסן דערפאָלג, ווי אַ רוסישער שריפטשטעלער, איז געבליבן אַ פולשטענ־דיקער ייד, תּמיד געזוכט קאָנטאַקט און אחיזה מיט יידן.

איליאַ ערענבורג (זיין פולער נאָמען, איליאַ גריגאָריעוויטש, 1891—1967), פון די פּאָפּולערסטע רוסישע זשורנאַליסטן־פובליציסטן, האָט נישט פאַרלייקנט זיין יידישן אָפּשטאַם, האָט געוויייטיקט אויפן יידישן חורבן. צוזאַמען מיט וואַסילי גראָסמאַן האָט ער צוזאַמענגעשטעלט דאָס "שוואַרצע בוך" וואָס איז אַן "אלה אזכּרה" אויף די קדושים פון זיין פאָלק... נישט געקוקט אויף זיין נאָכגיין דעם סטאַליניזם, צוליב וואָס ער האָט געקראָגן דעם סטאַלין־פּרייז, ווי אַן אָנערקענונג פאַר זיין ראָמאַן "דער שטורעם". צוליב זיין סטאַליניזם איז ער געשוינט געוואָרן בעת דער ליקווידאַציע פון די יידישע שרייבערס. ער האָט געשריבן און פּראָ־פּאַגירט אַסימילאַציע, געשריבן אַרטיקלען קעגן מדינת־ישראל. זיינע ביכער זענען

איבערגעזעצט געוואָרן אין צענדליקע שפּראַכן, אַריינגערעכנט העברעיש, אָבער ביים "סוף פון זיינע טעג", האָט ער אַרויסגעוויזן, אַז ער שורשט אין ייִדנטום.

מיר ווייסן אויך פון ערענבורגס טעטיקייט אין דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמי־טעט אין מאָסקווע, אין צייט פון קריג. צי ער האָט דאָס געטאָן אויף סטאַלינס באַפעל אין יענע קריטישע יאָרן, צי ער האָט דאָס געטאָן, ווי אַ ייִד, דאָס קען מען נישט ווייסן און מ׳דאַרף נישט אַריינדרינגען אין זיינע מחשבות. דער פאַקט איז, אַז שוין אין יענע טעג, האָט ער געגומען גרייטן זיינע זכרונות, צוגרייטן דאָס "שוואַרצע בוך", וואָס ער האָט אַ קאָפּיע איבערגעגעבן צו ב. צ. גאָלדבערג (1895—1972), דעם קאָלומניסט פון ניו יאָרקער "טאָג", מורא האַבנדיק, ווייזט אויס, אַז די סאָוועטישע רעגירונג קאָן פאַרבאָטן דאָס צו פאַרעפנטלעכן.

בן ציון גאָלדבערג האָט די דאָזיקע קאָפּיע איבערגעגעבן אין 1965, צום "יד ושם" אין ירושלים. דאָס בוך, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט אין רוסלאַנד נישט געקענט דערזען די ליכט. דאָס ווערק א.ב. "טשאָרנאַיאַ קניגאַ". צונויפגעשטעלט פון ערענבורג און וואַסילי גראָסמאַן, איז איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן "יד ושם". ווי עס גייט איבער דער היסטאָריקער ד"ר יוסף קערמיש [19], איז אַ קאָפּיע שוין געווען אין יד ושם, נאָך אין 1946, נאָר צוליב סיבות, איז דער מאַנוסקריפּט געלעגן ביזן יאָר 1980, ווען ער איז פאַרעפנט־לעכט געוואָרן [20]. אין 1984 איז אין ירושלים דערשינען די ייִדישע איבערזעצונג.

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, זענען געווען אַסימילאַטאָרן וועלכע זענען אַ צייט געווען גאָר ווייט פון ייִדנטום און זיך אומגעקערט, אַזוי אין דייטשלאַנד און אַזוי אין אַנדערע לענדער.

איינער פון זיי, סטעפאַן צווייג (1881—1942), פון די אָנגעזעענסטע דייטשישע שריפטשטעלערס, האָט תּמיד אַרויסגעוויזן טיפע געפילן פאַר זיין אָפּשטאַם. אויף דערויף זאָגט עדות זיין "ירמיה". אין די שפּעטערע יאָרן, זיך אין גאַנצן אומגעע־קערט צום ייִדנטום, כמעט, ווי מתוודה געווען אויף זיין "חטאת נעורים", ווען ער האָט געמיינט אַז וואָס מער דייטש, אַלס בעסערער און אָנערקענטער שרייבער.

אַרטור שניצלער (1862—1931) איז נאָך איינער וועלכער האָט אין זיין יוגנט געמיינט, אַז מ׳קען זיך פאַרטרינקען מיט ווײַן און וואַלץ און במילא שטיין אין צענטער פון דער דייטשישער קולטור. דער באַרימטער שריפטשטעלער, האָט אָבער איינגעזען, אַז מ׳טאָר נישט ווערן פאַרשיכּורט פון דער ווינער פריילעכקייט און דייטשישער אַסימילאַציע. ער איז געוואָרן שטאָלץ אויף זיין ייִדישקייט; געוואָרן אַ שטאַרקער אָנהענגער פון דער ציוניסטישער אידעע און ביי יעדער געלעגנהייט זיך אויסגעדריקט מיט אהבה צו זיין פאָלק און צו די אידעאַלן פון ייִדישן פאָלק.

וועגן דיביידע האָבן זיך וואַרעם אויסגעדריקט: ש. ניגער [21] וועגן סטעפאַן צווייג און אב גאָלדבערג [22] וועגן אַרטור שניצלער. אין זיין ווערק "דער וועג צו

פרייהייט״ און אין זיין דראַמע ״פּראָפּ׳ בערנאַרדי״ ווייזט שניצלער — אין דער שטיל — זיין אהבה צום ייִדישן פאָלק.

וואָס שייך משומדים, האָבן מיר שוין אַנגעוויזן, אַז ס׳זענען געווען משומדים וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ אהבה צו זייער אָפּשטאַם. אייניקע האָבן אַפילו געזוכט דעם וועג אויף צוריק. היינריך היינע, דער ריז פון דער דייטשישער פּאָעזיע, האָט געזוכט דעם וועג אויף צוריק. זיינע קעגנערס האָבן אין אים געזען דעם ייִד, נישט געקוקט וואָס זיינע עלטערן האָבן אים אָפּגעשמדט. ער אַליין האָט זיך באַטראַכט ווי אַ ייִד.

ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, האָט ער אין בערלין זיך באַטייליקט אין דער דעמאָלט געגרינדעטער געזעלשאַפט (נוסח מענדעלסאָן) צו אַנטוויקלען די ייִדישע פאָלקס־מאַסן אינטעלעקטועל — ער האָט אָבער באַלד איינגעזען דעם טעות אַז ס׳וועט נישט העלפן. ער האָט אויך געזען, אַז ביי די אַנטיסעמיטן איז אַפילו אַ משומד, אויב ער איז נישט קיין ״מסור״ קעגן ייִדן, איז ער אַ ייִד און אַלס אַזעלכער דאַרף מען אים פאַרפאָלגן.

אַ משומד איז געווען דער זאָאָלאָג־באַקטעריאָלאָג, מיטאַרבעטער פון פּאַסטער־אינסטיטוט אין פּאַריז און נאָבעל פּרייז־טרעגער איליאַ מעטשניקאָוו (1845—1916). צי ער האָט זיך געשמדט צוליב קאַריערע, צי צוליב איבערצייגונג, איז נישט באַוווּסט. ס׳איז אָבער יאָ באַוווּסט זיין קאַמף קעגן רדיפות אויף ייִדן אין רוסלאַנד [23].

דער משומד דניאל כוואָלסאָן, באַרימטער רוסישער אָריענטאַליסט, אַ ווילנער געבוירענער (1819—1911), האָט זיך געגרויסט מיט זיין ייִדישן אָפּשטאַם. ער איז געווען פּראָפעסאָר אין טעאָלאָגיש־פּראַוואָסלאַוונעם סעמינאַר. אין 1910 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן צו דער רוסישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע, ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן, באַקעמפט די עלילת־דם־פּראָצעסן, געטאָן אַ סך טובות ייִדן, געווען פּאָפּולער אין ייִדישע קרייזן — זיין שמד־ריטואַל איז געווען, ווי ער אַליין האָט נישט איין מאָל זיך אויסגעדריקט, צוליב קאַריערע. ״ס׳איז בעסער — האָט ער אַ מאָל געזאָגט — צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין פּעטער־בורג, איידער אַ מלמד אין שניפּישאָק״. ער איז געווען — ווי פאָרשערס גיבן איבער — פאַרבונדן נישט בלויז מיט רוסישע משכּילים, נאָר אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די בערלינער געלערנטע.

אין דער דאָזיקער ריי קען מען שטעלן איינעם פון די העכסטע גייסטלעכע פון דער קאַטוילישער קירך אין פראַנקרייך, דעם קאַרדינאַל אהרן לוסטיגער, וועלכער האָט היינט דעם נאָמען זשאַן־מאַרי ליסטיזשע. ער האָט זיך געשמדט און דערגרייכט אַזאַ הויכע קאַריערע. ער גיט אָבער נאָך אַלץ נישט אויף זיין ייִדישקייט. ער אַרבעט מעשׂים אַראָפּצונעמען פון די קריסטלעכע ביכער, אַז ייִדן

האָבן געקריטיציקט יעזוסן. ער איז אַפילו קעגן די מיסיאָנערישע טעטיקייטן צווישן ייִדן און ער האַלט, אַז מדינת ישראל האָט באַוויזן געטלעכע התגלות.

ווי ווייט אַסימילאַנטן, סעקולאַריסטן זענען אַוועק, אָבער כּל זמן זיי האָבן אָנגעהאַלטן זייער צובונד צום ייִדנטום, האָט מען זיי נישט אַרויסגעשטויסן, נישט אויסגעשלאָסן — זיי האָבן געהאַט אַן אחיזה אין ייִדנטום. אַ פאַקט איז, אַז אין די אייראָפּעישע קהלות, אויסער אין אונגאַרן, זענען געזעסן ביי איין טיש פרומע און פרייע. ווי הרב י. ל. הכהן מיימון, גיט איבער אין ״שרי המאה״ [24], האָט ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר, קאָוונער רב (תקע״ו—1816 ; תרנ״ו—1896), באַרימטער פּוסק און עסקן, ביי אַ געלעגנהייט זיך אויסגעדריקט, אַז ער איז קעגן שאַפן באַזונדערע קהילות. מחמת דאָס וועט שאַפן אַ פּירוד צווישן חרדים און חפשים און וועט פירן מער צו שמד און פולשטענדיקער דערווייטערונג פון ייִדן, ביי וועלכע די אמונה איז אָפּגעשוואַכט.

די רבנישע פּערזענלעכקייט האָט געבראַכט דעם פאַקט, אַז דער רוב מומרים אין רוסלאַנד טוען דאָס צוליבן דרוק פון דער סביבה און צוליב עקאָנאָמישע אינטערעסן, בעת אין דייטשלאַנד און אין אונגאַרן שמדן זיך ייִדן מיט שׂמחה און לייכטזין. אָבער דאָס איז שוין אַ טעמע פאַר זיך.

## ה. ליבעראַלער געדאַנק און ראַדיקאַלע השׂכּלה. — שמד און שׂנאה. — באַקעמפערס פון השׂכּלה — היטערס פון ״תּורה עם דרך ארץ״.

אין אַ באַזונדערער אַרבעט באַהאַנדלען מיר די השפּעה פון דער השׂכּלה, וואָס האָט זיך איבערגעטראָגן פון דייטשלאַנד צו אַלע אייראָפּעישע ייִדישע ישובים. מיר ווייזן אָן, ווי די השׂכּלה האָט געטראָגן מיט זיך אי פּאָזיטיווס, אי נעגאַטיווס און אַז די היטערס פון ייִדישער גאַנצקייט, די פּראָפּאַגירערס פון ״יפה תלמוד תורה עם דרך ארץ״ [1] האָבן דאָס איינגעהיט. די, וועלכע האָבן געפּריידיקט ראַדי־קאַלע, וועלטלעכע השׂכּלה מיטן ציל צו זיין ״ככל הגויים״, ווי אַלע פעלקער, האָבן צעשטערט די דאָזיקע גאַנצקייט, געפירט צו אַסימילאַציע. צו שמד.

די ״שומרי החומות״, באַזיצנדיק די געהעריקע מאָס וויסנשאַפטלעכע דער־גרייכונג, האָבן אויך געזען די געפאַר פון פירן דיאַלאָגן און דעריבער געזוכט אַלע מיטלען אָפּצוהאַלטן זיך פון וויכּוחים, דיאַלאָגן מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן, יעזוויִטן און סתּם ייִדן־שׂונאים.

דער ליבעראַלער וויסנשאַפטלעכער געדאַנק איז קיין מאָל נישט איגנאָרירט געוואָרן. אַ פאַקט איז, אַז די גדולי־ישראל, די שעפערס און באַגרינדערס פון דער הלכה, לויטן תּלמוד, זענען געווען גרויס אין וועלטלעך וויסן. דער רמב״ם איז

אַלעמען באַקאַנט מיט זיין גאונישקייט, אויף אַזוי פיל געביטן: תּלמודיש וויסן, פּוסק, אויסטייטשער פון אגדה, מדרש, קבלה און דערצו: מעדיקער, גרויסער קענער פון פילאָזאָפיע, פון פילאָלאָגיע, פון אַסטראָנאָמיע — און פון וואָס נישט? שאַרף אין מחשבה, שטרענג אין הלכה און ליבעראַל אין זיין דענקען.

דער רמב״ן, איינער פון די גרעסטע יידישע דענקערס, תּלמוד־ערודיט, פון די אָריגינעלסטע תּורה־מפרשים, מעדיקער, קבליסט, האָט פאַרמאָגט גרויס און ברייט אַלגעמיין וויסן. אין זיינע וויכּוחים מיט די מאָנאַכן און דאָמיניקאַנער גלחים האָט ער זיך באַנוצט נישט בלויז מיט תּלמודישן וויסן, מיט תּלמודישע שטעלן, נאָר גאָר אַ סך מיט אַלגעמיינער וויסנשאַפט. אין דער גרויסער דעבאַטע (1263) איז ער, אַלס הויפּט־רב פון באַרצעלאָנאַ, אַרויסגעטראָטן קעגן גאַנצן אַנסאַמבל פון קריסטלעכע בישאָפן און טעאָלאָגן, אין דער אַנוועזנהייט פון שפּאַנישן קעניג און זיינע מיניסטאָרן. ער האָט זיי אַלעמען באַזיגט, אַריינגערעכנט דעם משומד פּאָולוס קריסטיאַני, דעם תּלמוד־קענער און דעם משומד ניקאָלאַי דונין, דעם שונא־ישראל. ער האָט אָנגעוויזן אויף זייער פאַלשן ציטירן פון תּלמוד. ער האָט באַזיגט די פעלשערס אי מיט זיין תּלמוד־בקיאות, אי מיט זיין קענטעניש פון יידישן מיסטיציזם און אי מיט זיינע ראַציאָנאַל־לאָגישע אַרגומענטן [2].

ס'איז גוט באַקאַנט דער וויכּוח פון ר' דוד קמחי (רד״ק, 1160—1235) וועמעס "ספר הברית", איז לעצטנס אַרויס אין אַ נייער וויסנשאַפטלעכער אויסגאַבע. גאָר באַקאַנט איז דער וויכּוח פון ר' יום־טוב ליפּמאַן מילהויזן (אין יאָר 1399) — וועגן ר' ליפּמאַן מילהויזן, זיין וויכּוח, זיין ספר "הנצחון" איז אַ סך געשריבן געוואָרן [3]. ר' יו״ט ליפּמאַן, דער פאַרשער, געלערנטער און טיפזיניקער מענטש איז געווען געצוווּנגען צו פירן וויכּוחים מיט די גייסטלעכע אין זיינע מקומות און נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט ער זיך געווידמעט די וויכּוחים, ווי מיר רופן דאָס היינט דיאַלאָגן, מיט קריסטן אין ענינים פון אמונה, אין אָנהייב פון 15טן י״ח. ער האָט אַ צייט געוווינט אין קראָקע און אויך אין אַנדערע שטעט, אָבער גערופן געוואָרן מילהויזן, אויפן נאָמען פון זיין משפּחה וועלכע האָט אָפּגעשטאַמט פון דעם שטעטל אין עלזאַס, וואָס האָט דאַן געהערט צו דייטשלאַנד.

דעם ספר "הנצחון", האָט מילהויזן געשריבן אין יאָר 1400 בערך. עס איז געוואָרן אַ טעקסטבוך פאַר די וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דיסקוטירן אמונה מיט קריסטן. ווי ער זאָגט אינעם אַריינפיר, אַז דאָס איז אַ "ספר המחנך את בני ישראל בחכמת הניצוח, המלמד יהודה קשת". ר' יו״ט מילהויזן האָט צוזאַמענגענומען אַלע פּסוקים און וועלכע די קריסטן האָבן אַריינגעטייטשט רמזים וועגן דעם נוצרי און ער האָט באַוויזן, ווי זיי האָבן פאַלסיפיצירט: זיי נעמען אַרויס אַ פּסוק פונעם קאָנטעקסט, לאָזן אַרויס גאַנצע פּרשיות און אין די האַלב־ציטירטע פּסוקים טייטשן זיי אַריין געדאַנקען, וועלכע זענען לגמרי קעגן דעם, וואָס עס ווערט

באמת געזאָגט אינעם פסוק. אַ דאַנק דעם ספר האָבן ייִדן באַזיגט נישט איינעם, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַלשע טייטשן און געוואָלט באַווייזן, אַז לויט תּורה און נביאים דאַרפֿן ייִדן אָנערקענען דעם נוצרי אַלס משיח. אַ דאַנק דעם ספר האָבן ייִדן אָפּגעוואָרפֿן לאַגיש די אַרגומענטן פֿון די קריסטלעכע פּראָ־פּאַגאַנדיסטן און מיסיאָנערן. דער "ספר הנצחון" איז שטאַרק צו נוץ געקומען אין יענע צייטן און איז גאָר נוצלעך אין אונדזער צייט אין אונדזערע וויכּוחים מיט די ייִדישע קריסטאָלאָגן, ווי דער וויכּוח מיט שלום אַשן, בעת זיין אַרויסקום מיט די ווערק "דער מאַן פֿון נצרת", "מערי" און "אַפּאָסטאָל".

ייִדן האָבן געשאַפֿן גרויסע און וויכטיקע ווערק אויף אַלע געביטן און גאָר באַזונדערס אויפֿן געביט פֿון פּירוש אויף תּנ"ך, אויסטייטש און דערקלערונגען אויפֿן תּלמוד, איינשטעל פֿון הלכה, סדר המצוות, ווערק איבער דקדוק, פּאָעטישע ווערק פֿון גרויס באַטייט און נישט ווייניק וויסנשאַפֿטלעכע, מעדיצינישע און אַלגעמיינע ווערק. כּדאי צו דערמאָנען אייניקע:

אַזאַ פּערזענלעכקייט, ווי עמנואל הרומי (בן שלמה הצפרוני, 1270—1345). ער האָט זיך באַמיט צו שטעלן יהדות אויפֿן פּרינציפּ פֿון גייסטיקן ראַציאָנאַליזם. ער האָט געהאַט אויסצושטיין רדיפֿות פֿון אַלע זייטן, איז אָבער געבליבן דער גרויסער דיכטער און וויכטיקער פֿאַרשטייער פֿון זיין תּקופֿה, ווי אַ ממשיך פֿון דער גאָלדענער שפּאַנישער עפּאָכע, אין דער ריי פֿון ר׳ יהודה הלוי, ר׳ שלמה אבן גבירול, ר׳ יהודה אלחריזי, די צוויי אבן עזראס און אַנדערע גדולי המחברים, פּייטנים, פּרשנים, מדקדקים. זייער וויסן האָט דערגרייכט די אַלגעמיינע געזעל־שאַפֿט. אָבער אין די באַציונגען צו ייִדן איז נישט פֿאַרגעקומען קיין ענדערונג.

וויכטיק צו דערמאָנען דעם פֿאַרשער, וויסנשאַפֿטלער קלונימוס בן קלונימוס (1228—1340) דיכטער, כראָניקער, אָנערקענט צווישן ייִדישע און נישט־ייִדישע אינטעלעקטואַלן. ער איז אַפֿילו געשעציצט געוואָרן פֿון דעם קעניג אין נעאַפּאָל פֿאַר זיינע איבערזעצונגען פֿון גריכיש און אַראַביש. זיין איבערזעצונג אין העברעיש פֿון די ווערק פֿון אבן ראשד (1126—1198) ווערט עד היום באַנוצט פֿון פֿאָרשערס.

אַן אָנגעזעענער פֿאָרשער איז געווען עזריה דע ראָסי (גערופֿן עזריה מן האדומים, פֿון די רויטע, 1513—1578). אַ מענטש מיט אַלזייטיקער בילדונג, קענער פֿון שפּראַכן, אַ לינגוויסט מיט אַ נאָמען. ער האָט איבערגעזעצט פֿון גריכיש די "בריוו פֿון אַריסטעאָס", אין וועלכע ס׳ווערן אויפֿן קלאָרסטן אופֿן אַרויסגע־בראַכט די עטישע און מאָראַלישע לערעס פֿון יהדות.

אין שפּאַניע, פֿאַרן גירוש פֿון 1492, האָבן ייִדן פֿאַרנומען אָנגעזעענע פּאָזי־ציעס אויף אַלע געזעלשאַפֿטלעכע, קולטורעלע, מעדיצינישע און קאָמערציעלע געביטן און נישט ווייניקער אין יעדן זשאַנער פֿון ליטעראַרישער שעפֿערישקייט.

גענוג צו דערמאָנען: אבן שפּרוט (אין 15טן י״ח), מנחם בן סרוק (910—970), ר׳ שמואל הנגיד (993—1056), רבינו בחיי (1050—1120) און נאָך און נאָך. זיי זענען אַלע גרויס אין תּנ״כישן און תּלמודישן וויסן, צוזאַמען מיט אַלגעמיינעם וויסן און דאָס אונטער אומשטאַנדן פון רדיפות, גירושים, ביז די אויטאָדאַפעס, וואָס האָט אַרויפגעצווונגען שמד. גרויסע טיילן האָבן זיך געשמדט און די געטרייע ייִדן האָבן געדאַרפט לעבן ווי ייִדן אין געהיים, ווי מאַראַנען־אַנוסים, ביז ס׳איז זיי געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך אין שכנישע לענדער, ווו זיי זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן ווי ייִדן, און אונטער אַזעלכע באַדינגונגען באַוויזן, אַ דאַנק ייִדישער ענערגיע און שעפערישקייט, צו אַנטוויקלען העכסט קולטורעלע צענטערס, פון וועלכע אויך די נישט־ייִדישע שכנים האָבן געגאָסן.

דער גירוש־שפּאַניע, לויט דער גזירה פונעם קעניגלעכן פּאָר פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, אונטערן דרוק פון דער אינקוויזיציע, האָט פּולקאָם פאַרניכטעט דעם גרויסן און שענסטן ייִדישן קולטור־צענטער אין שפּאַניע.

דאָס שפּאַנישע ייִדנטום וואָס האָט אין משך פון טויזנט יאָר געשאַפן אַ גייסטיקן און מאַטעריעלן צענטער נישט בלויז פאַר זיך, נאָר פאַר שפּאַניע אין אַלגעמיין, איז דורך די קריסטלעכע פאַנאַטיקערס אָפּגעווישט געוואָרן. דער זיגרייכער קרייץ האָט באַזיגט די אַראַבער און דערנאָך זיך פאַרמאָסטן קעגן די ייִדן, דערקלערנדיק די אַרטיקע לאָיאַלע ייִדן פאַר שׂונאים פון קריסטנטום און במילא, שׂונאים פון שפּאַניע. די פאָדערונג פון די דאָגמאַטיקערס איז געווען: שמד אָדער גירוש. די וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט האָבן דורכגעמאַכט די שווערסטע עינויים און נישט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן דעם נסיון.

דער גירוש איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער ברוטאַליטעט. צווישן די פאַרטריבענע זענען געווען גרויסע, באַרימטע פערזענלעכקייטן. גענוג צו דער־מאָנען איינעם פון די וועלכע האָבן געדאַרפט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן: דאָן יצחק אברבנאל (1437—1508), דער פינאַנץ־מיניסטער אין שפּאַניע. ער איז אַוועק קיין איטאַליע און אויך דאָרט, איז אים באַשערט געווען אויסצושטיין רדיפות, יסורים פון דיסקרימינאַציע. דאָס אַלץ האָט נישט אָפּגעהאַלטן זיין התמדה. ער האָט געשאַפן אין גייסט פון תּורה און יהדות. זיין פּירוש אויף תּורה און אַנדערע ווערק געהערן צו דער קלאַסיק און ווערן באַטראַכט פאַר יסודותדיק אין פאַרשטיין דעם תּנ״ך.

אין שפּאַניע זענען געבליבן ייִדן, אָבער בלויז די וועלכע האָבן עפנטלעך זיך געבויגן פאַר דעם צלם. דאָס זענען געווען די מאַראַנען וועלכע האָבן אין געהיים געהיט זייער ייִדישע אמונה און געהאָפט, געוואַרט אויפן מאָמענט, ווען זיי וועלן קענען האַלטן ייִדישקייט אין דער עפנטלעכקייט.

אַ דאַנק די גייסטיקע פירערס ביים שפּאַנישן, איטאַליענישן, אשכנזישן ווי

ספרדישן ייִדנטום איז געזיכערט געוואָרן ייִדישער המשך, ייִדישער קיום. די דאָזיקע גייסטמענטשן האָבן נישט געזען קיין קעגנזאַץ צווישן דת און דעת, צווישן אמונה און וויסנשאַפט, צווישן ראַציאָנאַלן פאָרשן און מעטאַפיזישן אַקסיאָם. זיי האָבן גאָר געזען אַ סאָרט דערגאַנצונג, אַ האַרמאָנישקייט פון די בײדע און געלערנט דאָס וואָס בן־סירא האָט געלערנט: ״במכוסה ממך אל תדרוש, אל תחקור... ואין לך עסק בנסתרות״ [4] און דערמיט האָבן זיי באַוויזן צו פאַרזיכערן דעם ייִדישן המשך אונטער די שווערסטע אומשטאַנדן און אין פאַרשיידענע גלותן.

לאָמיר אַ בליק טאָן צום בראשית פון די נאָך־חורבן בית ראשון יאָרן:

דאָס ייִדישע לעבן נאָכן חורבן בית ראשון — און אַוודאי אויך נאָכן חורבן בית שני — איז געווען פאַרשיידנאַרטיק, לויט די גלותן: בבל און מצרים. היות ווי דאָס פאָלק איז געווען צעשפּרייט אין די מדינות פרס ומדי און אין אַ גרויסן עגיפּטישן צענטער, איז דאָס לעבן במילא געווען פילפאַרביק. אָן ״עם מפוזר ומפורד בין העמים״ [5] איז אין געפאַר זיך אויסצומישן, ווי דאָס האָט געטראָפן מיט אַנדערע פעלקער. ס׳זענען אָבער געווען די גייסטיקע פירערס וועלכע האָבן געזאָרגט פאַרן המשך און קיום פון ייִדישן פאָלק, אַפילו אין דער צעשפּרייטקייט. ס׳איז געבליבן דער פאַקט פון ״ודתיהם שונות מכל עם״ [6].

די דאָזיקע גייסטמענטשן האָבן געזאָרגט אָנצוהאַלטן און איינצוהיטן די כאַראַקטעריסטישע ווערטן פון ייִדישן שטייגער־לעבן, געשטאַרקט דורך הלכה, נבואה און אגדה; זיי האָבן באַצויבערט אי דעם ייִדישן יחיד, אי דעם ייִדישן ציבור מיט זייער איבערצייגונג, אַז תורה איז העכער פון אָרט און צייט, אַז תורה ״מגנא ומצלא״ [7] אַז זי שיצט דעם ייִד אומעטום, אַפילו אין פינצטערן בבל. ווי עס ווערט דאָרט געזאָגט, איז תורה געגליכן צו ליכט, וואָס שיינט תמיד און שיצט דעם מענטש פון שלעכטס און אין ברייטערן זין, קען מען זיך דערלויבן זאָגן, אַז תורה שיצט קעגן פרעמדע כוחות, וואָס פאַרמעסטן זיך אים איינצושלינגען [8].

זיי צו הילף זענען געקומען די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע כוחות און צו דעם, די אָרגאַניזירטקייט פון די ייִדישע ישובים. מיר זעען עס אין מגילת־אסתר. דער בבלישער ישוב אין די צאָלרייכע ״מדינות״ אין מלכות פרס איז געווען גוט אָרגאַניזירט און געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין פערסיע־בבל.

די ייִדישע אינטעלעקטואַלן פון איין זייט און די ייִדישע פילאַנטראָפּן פון דער אַנדערער זייט האָבן מעגלעך געמאַכט די עקזיסטענץ פון אַ ייִדיש לעבן אין די גלות־לענדער. אַזוי איז עס געווען אין אַלע צייטן.

די צרות אין ייִדישן לעבן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכן רענעסאַנס. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אין דעם — לויט די רענעסאַנס־באַגריפן — קולטורעלן דייטשלאַנד, ווען ייִדישע אינטעלעקטואַלן און די גבירים־נדיבים האָבן זיך אָנגעהויבן דער־ווייטערן פון דער ייִדישער סביבה, פון ייִדישן לעבן — און במילא, בעגירן ייִדישע

ווערטן. דער יידישער המשך איז באַדראָט געוואָרן, נישט אַזוי מחוץ פון די אויסערלעכע כּוחות, צוליב רדיפות און רציחות, ווי מבפנים, צוליב דעם רייסן זיך פון די יידישע אינטעלעקטואַלן צום דרויסן; און דאָ קען מען זאָגן: דייטשלאַנד תּוכיח!

די סיבה, אָדער איינע פון די סיבות פאַר וואָס אין דייטשלאַנד איז לייכט געווען זיך צו אַסימילירן איז, ווייל יידן האָבן דאָרט געהאַט אַ מער ליבעראַלע געזעלשאַפט; יידן האָבן דאָרט געהאַט מעגלעכקייטן צו פאַרנעמען אַנגעזעענע פּאָזיציעס אינעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן, ווירטשאַפטלעכן, קולטורעלן לעבן. יידישע הערצער זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט האַפערדיקייט און ליבשאַפט צו דייטשלאַנד און צו די דייטשן. די באַגייסטערונג פאַר דעם דייטשטום האָט אָוועקגעריסן פון יידן דעם ריז פון דער דייטשישער פּאָעזיע, היינריך היינע, וועמען די עלטערן האָבן אָפּגעשמדט, אים געוואָלט געבן די מעגלעכקייט אויסצווואַקסן אַ פולשטענדיקער דייטש, אָן קאָמפּלעקסן. זיי האָבן געמאַכט אַ טעות.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז ער ביי דער דייטשישער עליטע באַטראַכט געוואָרן ווי אַ יידישער פּאָעט, זיי האָבן אין אים געזען דעם ייד — און אים, אַלס אַזעלכן, פאַרפאָלגט; און ער אַליין? היינע איז געווען פאַרליבט אין יידנטום, אין יידישער שעפערישקייט, ווי ער אַליין האָט אויף זיך געזאָגט, שוין ליגנדיק אויפן קראַנקן־בעט: "איך בין נישט מער דער אומגלויביקער העלעניסט. איך בין אַן אַלטער קראַנקער ייד. איך בין צוריקגעקומען צום יידישן גאָט. איך גלויב אין איין גאָט, דעם באַשעפער פון דער וועלט און ביי אים בעט איך מחילה, אויב כ'האָב געזינדיקט קעגן גאָט און מענטשן". היינע האָט באַדויערט זיין שמד; ער האָט נישט געפונען זיך קיין אָרט צווישן קריסטן און געלעבט פון דערווייטנס פון יידן. ער האָט געזוכט דעם וועג אויף צוריק, צוריק צו זיין אָפּשטאַם.

דאַקעגן קאַרל מאַרקס, דער וואָס האָט פּראָפּאַגירט יושר, סאָציאַלע עטיק, זיין שמד האָט אים געפירט צו יידן־שנאה. ער האָט באַקעמפט רעליגיע, דער עיקר די יודאַיסטישע. ער האָט געבויט זיין טעאָריע אויפן יסוד פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם און האָט אַרויסגעהויבן די קאָמפּסעטיק, די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. דער רעזולטאַט, ווי מיר זעען עס אין אַ צאָל לענדער, ווו דער מאַרקסיזם איז געוואָרן מלוכישע אָרדענונג — איז אַ פאַרקערטער.

קאַרל מאַרקס זעט נישט, **ווייל נישט זען**, דעם יידישן אַרבעטער, דעם יידישן פּראָלעטאַריער. ער זעט בלויז די רייכע יידן. אין זיין אַרטיקל וועגן יידן (דערשינען אין 1843) דריקט ער זיך אויס: "דער פונדאַמענט פון דעם ייד אויף אונדזער וועלט איז מאַטעריעלע באַדערפענישן, אייגננוץ" — און ווייטער — "דאָס וועקסל איז דער אמתער גאָט פונעם ייד..." און נאָך און נאָך אַזעלכע באַהויפּטונגען. בעת, אַ צאָל נישט־יידן אין זיין צייט האָבן געזען דערהויבנקייט

אין יידישן וועלטבאַנעם, אין דער יידישער אמונה, אין דער יידישער אויפפירונג. האָט דער מחבר פון ״קאַפּיטאַל״, דער טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם, געזען יידן אין אַזאַ פאַלש ליכט.

די קענגערס פון דעם מאַרקסיזם געפינען אין אים יידישע אינספּיראַציע. מעגלעך, אַז אין געוויסע הינזיכטן אין זיין זוכן יושרדיקייט פאַר דעם אונטער־דריקטן, איז געווען עפּעס אַן איבערבלייב — נישט באַוווסטזיניק — פון זיין יידישן אָפּשטאַם.

משה העס (1812—1875) האָט געשריבן: ״מאַרקס יורידיש־תּלמודישע דיאַ־לעקטיק (פּלפּול — ב. ש.) איז אים געקומען בירושה און אַריין אין זיין בלוט...״ זיין יחוס: דער זיידע — אַ רב; דער עלטער־זיידע — אַ מחבר פון אַ ספר. ווי אַזוי ס׳האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ יודאָפאָביע דאָס געהערט צו פּסיכאָלאָגי־שער פאָרשונג.

מאַרקס איז געוואָרן דער פּראָלעטאַרישער דענקער וואָס האָט געפּרוווט באַהאַלטן זיין יידישן אָפּשטאַם דורך שנאת־ישראל און מיט זיין שׂנאה האָט ער אָנגעשטעקט זיינע נאָכפאָלגערס, נישט בלויז די אָנהענגערס פונעם באָלשעוויזם־לעניניזם, נאָר אויך זיינע נאָכפאָלגערס אין דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטישער באַוועגונג. אויך דער אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיסט קאַרל קאַוטסקי (1854—1938) האָט געהאַלטן, אַז יידן זענען מער נישט קיין פאָלק.

מאַרקס יוגנט־חבר, משה העס, וועלכער איז מיטגעגאַנגען מיט אים, וואָס שייך סאָציאַליזם, רעוואָלוציע, וועלנדיק, ווי די אַנדערע סאָציאַליסטישע דענקערס, שאַפן אַ נייע אָרדענונג פון יושר פאַר אַלע מענטשן, האָט, אין זיינע רייפערע יאָרן אָפּגעוואָרפן די מאַרקסיסטישע הנחות. ער האָט זיך געגרויסט מיט זיין יחוס, מיט זיין אָפּשטאַם פון רבנים. ער האָט נישט איינגעשטימט מיט מאַרקס שטעלונג, אַז אין אַ נייער סאָציאַלער סטרוקטור וועט נישט זיין קיין אָרט פאַר יידן. ער האָט געזען, ווי גוט יידן וועלן זיך אַריינפּאַסן אין אַ נייער אויפלעב־תּקופה פאַר אונטערדריקטע פעלקער.

משה העס האָט געזען די וויכטיקע ראָל פון יידנטום און אָפּגעוואָרפן די מאַרקסיסטישע טעזן פון 1844. ווען ער האָט געזען, אַז ער בלייבט אַ מיעוט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַז מ׳לאַכט אים אויס ווי אַ נאַציאָנאַליסט, האָט ער פאַרלאָזט דעם סאָציאַליסטישן קרייז, געבליבן געטריי זיין אָפּשטאַם, געוואָרן אַ פאָרגייער פון ציוניסטישן אידעאַל, נאָך איידער הערצל האָט צונויפגערופן דעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס. ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן די יידישע פּראָבלעמען, און ווי אַ רעזולטאַט פון אָט דער דאָזיקער פאַרטיפונג, געשאַפן זיין ווערק ״רוים און ירושלים״, וואָס ווערט באַטראַכט ווי אַ קלאַסיק אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור.

מאַרקס איז נישט דער איינציקער וואָס האָט געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציונג צום ייִדנטום און געווען צופרידן וואָס זיין פאָטער האָט אים אָפּגעגעבן צו שמד. ווי אַן אַטעיִסט, האָט ער זיך פאַרנומען מיט באַגרינדן זיינע מאַטעריאַליסטישע אָנשויונגען, געזען אינעם מענטש אַן אָביעקט, דער עיקר, צו באַפרידיקן זיינע מאַטעריאַליסטישע באַדערפעגישן און דורך דער מאַטעריאַליסטישער באַפרידיקונג אים דערהויבן צו די מענטשלעכע פאַרלאַנגען פון עטיק. אין יהדות, איז דער מענטש אַ באַשעפעניש ״בצלם אלקים״, באַהויכט פון געטלעכן גייסט.

מאַרקס איז געווען באַגייסטערט פון דאַרווינס עוואָלוציע־טעאָריע, בעת אין ייִדנטום איז אָנגענומען די אידעע פון געטלעכער יצירה און השגחה עליונה.

אינטערעסאַנט איז, וואָס נאָך איינער פון די באַרימטקייטן, אַנרי בערגסאָן (1859—1941), אַן אָפּשטאַמיקער פון לובלין־וואַרשע, וועלכער איז אַרויס אויף דער גרויסער וועלט, געוואָרן באַרימט אַלס פילאָזאָף, נאָבעל־פּרייז־טרעגער, (וועמעס ווערק ״געלעכטער״ איז דערשינען אין 25 שפּראַכן), ער אויך האָט, ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, געוואָלט איבעררייסן מיטן ייִדנטום, איבעררייסן זיין ייִחוס־קייט. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן צוליב זיין סאָלידאַריטעט מיט די ייִדן בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין פראַנקרייך בעת צווייטער וועלט־מלחמה [9].

עס שטעלט זיך אָבער די פראַגע און שייכות מיט בערגסאָנען: צו וואָס האָט אַ פילאָזאָף פון דער מדרגה געדאַרפט זוכן אין קאַטוליציזם די באַפרידיקונג פונעם מענטש, ווען ער האָט דאָס געקענט לייכט געפינען אין תורת־משה: ביים סיני האָט דאָס ייִדישע פאָלק געהערט דעם רוף: ״וקראתם דרור בארץ לכל יושביה״ — איר זאָלט אויסרופן אַ פרייהייט אין לאַנד פאַר אַלע אירע באַוווינערס [10].

דער דאָזיקער רוף האָט געהאַט המשך דורך די נביאים, תנאים, אמוראים, בעלי־הלכה ובעלי אגדה, מתנגדים, בעלי מוסר, חסידים און ביי אַלע, וועלכע האַלטן זיך ביי די תורה־פּרינציפּן, איז די האָפענונג אויף גאולה אַן אוניווערסאַלע, ווי דער פאָרשער פון הלכה און אגדה, ר׳ לוי גינצבורג (1873—1953) דריקט זיך אויס, אַז ״הלכה איז דאָס ייִדישע אינעם אוניווערסאַלן און אגדה איז דאָס אוניווערסאַלע אין ייִדנטום״.

גייט מען נאָך די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן אין יהדות, האָט מען אַ מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע אוניווערסאַלע אידעאַלן, צו שטאַרקן די נביאישע חזיונות פון אַלעמענטשלעכער פאַרברידערונג, דעם ״אחרית הימים״, וואָס דאַרף ברענגען ליכט און גוטסקייט פאַר ייִדן און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס וועט זיין דער מאָמענט ווען ס׳וועט ״אויפגיין די זון פון גערעכטיקייט...״ [11]
ס׳וועט מער נישט זיין קיין זיפצעניש, קרעכץ און טרויער — די דערלייזטע פון

גאָט וועלן „קיין ציון קומען מיט געזאַנג" [12] און די גאַנצע וועלט וועט ציען קיין ציון צו געניסן פון דער ליכט וואָס וועט אויפגיין אויף גאָטס באַרג.

נישטאָ אין ייִדנטום קיין ראַסן־דיסקרימינאַציע. אַלע קומען פון אדם הראשון און נאָכן מבול — פון נחן, ווי דער פסוק זאָגט: „ויהיו בני נח היוצאים מן התבה שם, הם ויפת... ומאלה נפצה כל הארץ" — און די זין פון נחן וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער תּבֿה, זענען געווען שם, חם און יפת... און פון זיי האָט זיך צעשפּרייט די ערד די וועלט [13].

די דאָזיקע דרייצן פּסוקים ווערן באַהאַנדלט פון מפרשים און חוקרים און אַלע קומען צום אויספיר, אַז מיר האָבן דאָ נישט קיין ראַסן־צעטיילונג, נאָר פאַרקערט, אַן אָנווייז אַז די דריי סאָרטן שבטים־נאָמאַדן שטאַמען פון איין פאָטער, פון נחן און זיי האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער ערד, זי אַנטוויקלט אויף לענדער און קאָנטינענטן. די ביים מיטללענדישן ים האָבן זיך פאַרנומען מיט מלאכה, מיט אויסאַרבעטן כּלים; די אַנדערע, שם און יפת, מיט פּיצוכט און אַגריקולטור.

די פּאַסטעכער, די רועי־צאן — ווייזן אָן פאָרשערס — זענען געווען איידע־לער, ראָמאַנטישער און ווייניקער עמאָציאָנעל, ווייניקער כּעסנים. ווי אַ פאַקט ברענגען זיי די מעשה קין און הבל: קין, ווי דער ערד־אַרבעטער, הרגעט זיין ברודער, דעם פּאַסטעך. דאָס איז שוין אַ באַזונדערע טעמע און גייט נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער אַרבעט. מיר ווילן בלויז אָנווייזן אויף דער דערהויבנקייט פון מענטש, ווי ער ווערט געשילדערט אין בראשית און ווי די נביאים האָבן געזען דעם „אחרית" — און ווי עס איז געגאַנגען דער דורותדיקער המשך.

באַגייסטערט פאַר וועלטלעכקייט, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין ייִדישן לעבן, האָבן טייל משכּילים צוגעגעבן און אָנערקענט די נויטיקייט פון אַ סאָרט מחיצה, וואָס טיילט אָפּ דעם ייִד פונעם נישט־ייִד און די נויטיקייט פון מיטלען אָפּצוהאַלטן דאָס אַריבערשפּרינגען דעם פּלויט, ביז דעם אחרית־הימים, ווען ס'וועט מקוים ווערן די וויזיע פון „נכון יהיה הר בית ד' בראש ההרים... ונהרו אליו כל הגוים... כי מציון תצא תורה ודבר ד' מירושלים" — און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג, וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז אויבן אָן פון די בערג... און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען... וואָרום פון ציון וועט אַרויסגיין תּורה און גאָטס וואָרט פון ירושלים [14].

אויף אַן אַנדער אָרט פאָדערט דער נביא פון זיין פאָלק:

„הביטו אל צור חצבתם ואל מקבת בור נקרתם. הביטו אל אברהם אביכם ואל שרה תחוללכם, כי אחד קראתיו — ואברכהו וארבהו"... הערט מיר צו, איר וואָס יאָגט זיך נאָך גערעכטיקייט, איר וואָס זוכט גאָט: קוקט אויף דעם פעלז, פון וואַנען איר זייט אויסגעהאַקט און אויף דעם ברונעם־גרוב, פון וואַנען איר זייט אויסגעגראָבן... קוקט אויף אברהם, אייער פאָטער, און אויף שׂרה וואָס

האָט אייך געבוירן. הגם איינער, האָב איך אים גערופן, כּדי איך זאָל אים בענטשן און זאָל אים מערן [15].

**ו. רעפאָרם און וועלטלעכקייט. — דערפירט צו קריסטלעכקייט. — שלום אַש יוכיח. — פאָרשונג און בעלעטריסטיק. — פּרווו פון אַ קינסטלערישן תּיקון צום "נייעם טעסטאַמענט".**

דאָס קריסטנטום — ווי מיר האָבן אָנגעוויזן — איז נולד געוואָרן אין די טאָלן פון גליל און אַריבער צו די בערג פון יהודה — און פון דאָרט קיין רוים און צו דער געצנדינערישער וועלט. אין ארץ־ישראל זענען פון דער איסיים־סעקטע אַרויסגעוואַקסן די "מינים". זיי האָבן פּראָפּאַגירט אַ סאָרט מיסטיציזם וואָס האָט דערפירט צו דער "עוואַנגעליע". פון אָט דער סעקטע איז אַרויסגע־וואַקסן דאָס קריסטנטום, ווי געלערנט ביי די אַפּאָסטאָלן, וואָס יעדער איינער האָט געהאַט אַן אַנדערן צוגאַנג — און טייל פון זיי האָבן אַפילו אַריינגענומען פון פרעמדע קולטן.

אין משך פון אַ סך דורות האָט דאָס קריסטנטום געקראָגן אַן אָרט אין דער קונסט־שעפערישקייט. שרייבערס, מאָלערס, דראַמאַטורגן האָבן גענומען פון די קריסטאָלאָגן און געגעבן דעם קריסטנטום דעם לבוש פון קונסט. וויסנשאַפטלערס האָבן זיך פאַרנומען מיטן אַרויסברענגען דאָס היסטאָרישקייט פון דער דאָזיקער באַוועגונג. אַ טייל פון זיי האָבן געדינט דער קירך, געשריבן און געמאָלן, לויטן ווילן פון די פּויפּסטן און גייסטלעכע.

אויך יידישע וויסנשאַפטלערס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער טעמע און אַ צאָל פאָרשערס האָבן אַפילו אַרויסגעוויזן נטיות צום קריסטנטום ווילנדיק דערמיט באַווייזן זייער אָביעקטיוויקייט, ליבעראַלקייט, טאָלעראַנץ אא"וו.

קיינער איז אָבער נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, ווי עס איז געגאַנגען שלום אַש (1880—1957) אין זיינע לעצטע ווערק. דער רעאַליסט און ראָמאַניסט אין שילדערן דאָס "שטעטל" און אין אַנדערע ווערק אין משך פון זיין שעפערישקייט, איז אויף דער עלטער פאַרקראָכן צו דער "ברית חדשה" און געגעבן דאָס לעגענ־דאַרישקייט אַ נייעם לבוש.

וואָס זיינע כּוונות זאָלן נישט געווען זיין, האָט ער אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט מצד אַלע ריכטונגען אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז פאַרדאַמט געוואָרן נישט בלויז פון רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישע יידן, נאָר אַפילו פון סעקולאַרע, וועלטלעכע יידן, וועלכע האָבן געזען אין זיין פאַרשפּרייטן די "קונסט־טעאָלאָגיע" אַ געפאַר פאַרן קיום, פאַר דער ריינעם קיום פון דער יידישער אמונה, אַפילו ווי

עס האָבן באַנומען די וועלטלעכע; זיי האָבן איינגעזען, אַז שלום אַש מיט זיינע קריסטלעכע ווערק, קאָן חלילה פירן יידישע יוגנטלעכע צו שמד. עס האָט געהאַלטן כמעט ביי אַ חרם — אין אונדזער צייט איז חרם נישט פּאָפּולער — אָדער כמו חרם. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך די מאמרים קעגן אַשן. עס האָבן נישט געהאָלפן די פאַרטיידיקונגס־אַרטיקלען. אַש איז געבליבן כמעט מחוץ למחנה...

מע דאַרף לייענען די שאַרפע אַרטיקלען פון אַב. קאַהאַן (1860—1951), די אַרטיקלען און ווערק פון חיים ליבערמאַן (1890—1963) [1], פון יעקב גלאַטשטיין (1896—1971), אהרן צייטלין און אַנדערע פון איין זייט און די אַרטיקלען און ממש ווערק אד"ט אַש פון אַזעלכע פאַרשערס און שריפטשטעלערס, ווי חיים גרינבערג, יואל ענטין, שמואל ניגער און אַנדערע ווי אויך דאָס וואָס שלום אַש האָט אַליין געזאָגט.

זיינס אַ פאַרטיידיקונג־אַרטיקל [2], הייבט ער מיט אַ מאמר חז"ל:

"אונזערע חכמים זאָגן ערגעץ אויף אַן אָרט...[3] די וואָס ווערן פאַרשעמט און פאַרשעמען ניט צוריק, די וואָס ווערן דערנידעריקט און ענטפערן ניט אָפּ, די וואָס טוען גאָטס ווילן אין ליבע און פרייען זיך אין זייער צער — אויף זיי ווערט געלייענט דער פּסוק: "זיינע ליבנדיקע זענען אַזוי ווי אויסשטראַלונגען פון דער זון אין איר שטאַרקייט".

"נאָך דעם אַנזאָג פון דער גמרא, וועל איך אויף די עוולות... וואָס אַמבאַטרעף דעם עצם ענין, דערקלערן אַט־וואָס:

"ניין, איך האָב נישט קיין אַמביציעס צו באַגרינדן אַ נייע אמונה... איך האָב נישט קיין צוויי תּורות — איינע פאַר יידן, אַ צווייטע פאַר גויים... דאָס בוך 'דער מאַן פון נצרת', ווי עס הייסט אין יידיש... די טעמע, וואָס איך האָב באַרירט... איז נישט קיין נייע אין דער יידישער ליטעראַטור... שוין אָפּגע־רעדט פון קינסטלער־מאָלער, ווי איזראַעל, שאַגאַל... פאַר וואָס איך האָב געשריבן דאָס בוך..."

דערקלערט ער, אַז עס איז געווען זיין ווילן אָפּצושוואַכן די שנאה צו יידן מצד קריסטלעכע פאַרשערס און טעאָלאָגן; ער האָט געוואָלט דערגרייכן מיליאָנען קריסטן און זיי אויפווייזן די פאַלשקייט פון די פאַרשערס וועלכע זענען געווען דורכגעזאָפּט מיט פיינטשאַפט צו יידן און יידנטום.

ס'איז נישט וויכטיק — מיינען מיר — צו ציטירן אַלץ וואָס אַש שרייבט אין זיין פאַרטיידיקונג־אַרטיקל. ס'איז קיין ספק נישט, אַז אַפילו אויב ס'זאָל אמת זיין, אַז זיין כוונה איז געווען אַ גוטע, אַן אויפריכטיקע — איז אָבער דאָס בוך, אָדער די ביכער, אין וועלכע ער שילדערט דעם נוצרי, די מוטער, דעם אַפּאָסטאַל, באַהערשט פון קריסטלעכער מיסטיק און דאָס האָט אים פאַרפירט.

ס'איז נישט געווען פאַר אים, דעם קינסטלער דערציילער, זיך צו פאַרנעמען אויף אַזאַ געוואָגטער און געפערלעכער טעמע, צו באַווייזן אַז יעזוס איז געווען אַ ייִד, אַז ער איז געשטאָרבן ווי אַ "ייִדישער מאַרטירער" און אַז ער, שלום אַש, ווי ער דערציילט, האָט "געהאַט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט", צו לערנען און צו פאַרשטיין דעם נייעם טעסטאַמענט.

לאָמיר אַפילו אָננעמען די ריכטיקייט פון זיין באַהויפּטונג: "אַז אין קיין איינציקער שטעלע... האָב איך קיין מאָל נישט געבראַכט איבער מיין מויל, אָדער פון מיין פעדער אַרויס, דאָס וואָרט, אַז עס איז דאָ אַן אַנדער גאָט, אַ חוץ דער איין איינציקער גאָט פון ישראל..."

שלום אַש פאַרעפנטפערט זיך דערמיט, וואָס אַזעלכע גדולים-חוקרים, ווי יוסף קלויזנער (1874—1958), פּראָפ' שניאור זלמן-סאַלאָמאָן שעכטער (1850—1915) און סטיפן ווייז גייען אין דער זעלביקער שיטה, וואָס שייך דער יעזוס-פיגור און ראָל. אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך? יענע האָבן געשריבן ווי פאָרשערס און זיי פאַרלאַנגען נישט דאָס, וואָס ער וויל: מ'זאָל אַריינגעמען ישו הנוצרי אין ייִדנטום. וואָס פאַר אַ רייד איז דאָס? איז דאָס נישט פריידיקן קריסטנטום?

"איך קען אייך פאַרזיכערן — שרייבט אַש — אַז אפילו ווען איר וועט מיך פאַרשטויסן פון אייך, וועל איך ווייטער דינען דעם ייִדישן פאָלק, ווי ביז איצט... איך וועל עס טאָן אָן באַצאָלט, אויס לויטער ליבע, ווייל עס איז נישטאָ קיין כּוח, וואָס קען מיך דערווייטערן פון ייִדישן לעבן..."

זיין פאַרטיידיקונג האָט נישט געהאַט דעם געהעריקן אָפּקלאַנג אין דער ייִדישער געזעלשאַפט. אַלע האָבן געוווּסט, אַז די לעצטע קריסטלעכע ווערק זענען געווען געצילט צו געפעלן "אַריבער דעם פלויט".

געווען ביי ייִדן אַזעלכע וועלכע האָבן געפּריידיקט השכּלה מיט אַן ענדציל פון אַסימילאַציע; געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געפּריידיקט אַטעיסטישע השכּלה, נאַציאָנאַליסטישע עטנישע אָנגעהעריקייט און געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געזען די גאולה פון ייִדישן פאָלק דורך שמד. געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געוואָלט אַ דערנענטערונג צום קריסטנטום, נישט שמד, נאָר דערנענטערונג. צו די האָט געהערט פּראָפ' צבי וואָלפסאָן וועמעס ווערק גרשון חורגין רופט אָן "ספרי מופת". אין זיין לשון: "יש בהם חמדה וחכמה מעניינים הם בטיב עניינם וחן עניינם... ספריו אינם ספרים בלבד אלא מפעלים גדולים בתולדות המחשבה..."

וועגן וואָלפסאָנס גרויס ווערק א.נ. פילון האלכסנדרוני (געלעבט אין 1טן י"ה ק"ע), דריקט זיך אויס חורגין: "במחקר זה, שאין דומה לו בספרות העצומה שנערמה מסביב לפילון".

פּראָפ' וואָלפסאָן האָט פאַר זיינע פאָרשונג-פאַרדינסטן געקראָגן אַן ערן-דאָקטאָראַט פון דער ישיבת ר' יצחק אלחנן אין ניו-יאָרק. דאָס האָט אַרויסגערופן

שאַרפע קריטיק מצד אַ צאָל שרייבערס. איינער פון זיי, ד״ר אהרן ראַזמאַרין ז״ל, איז אַרויס מיט אַ מאמר אין זיין צייטונג [4] אָנווייזנדיק, אַז פּראָפ׳ וואָלפסאָן האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט, אַז ישוס אויפטוען וועלן געפינען אַ פּלאַץ צווישן די הייליקע, טראַדיציאָנעלע ווערק ביי ייִדן.

דער חילוק צווישן וואָלפסאָנס אַרויסזאָגן זיך וועגן קריסטנטום און שלום אַשס ווערק, באַשטייט אין דעם, וואָס דער ערשטער האָט בלויז אַ זאָג געטאָן און זיין פילאָזאָפישער אויסדרוק וועט גרייכן געציילטע אינטעלעקטועלע לייענערס און פאָרשערס, בעת שלום אַש ווידמעט עטלעכע ווערק מיטן ציל צו דערגרייכן מאַסן לייענערס.

שלום אַש איז געווען באַרימט מיט זיינע דורך־און־דורך ייִדישע ווערק, ווי ״דאָס שטעטל״, ״קידוש השם״, ״געזאַנג פון טאָל״, די טרילאָגיע: ״וואַרשע־פּעטערבורג־מאָסקווע״ און נאָך און נאָך, און פּלוצלינג פאַרנעמט ער זיך מיט טעאָלאָגיע, פאַרעפנטלעכט אין ענגליש: ״דער מאַן פון נצרת־דהי נאַזאַרין״, ״מערי״, ״די אַפּאָסטאָלן״... ער האָט פאַרלוירן ביידע וועלטן און ס׳האָבן אים שוין נישט געהאָלפן זיינע שפּעטערע ווערק ״משה״, ״דער נביא״ (ישעיה), ער איז אָפּגעריסן געוואָרן פון ייִדישער שעפערישקייט, פון דער ייִדישער סביבה, דערווייטערט געוואָרן פונעם שטראָם ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט.

שלום אַש איז געוואָרן אַ טעמע במשך 60—70 יאָר און ווי א. אלמי (1892—1963) האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט: ״דער שטורעם־צענטער פון דער ייִדישער — נישט בלויז ליטעראַרישער — וועלט. פון זיינע ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור ביז זיינע לעצטע טריט אין לעבן: פון ״גאָט פון נקמה״ ביז זיין נוצרי־טרילאָגיע; פון דעם ״מילה־סקאַנדאַל״ ביז זיינע סאַמע לעצטע דערקלערונגען וועגן ייִדנטום־קריסטנטום — שטורעם, אויפריר, קאָנפליקטן, טענות און קעגן־טענות...״

זיינע ווערק, סיי די עכט־ייִדישע: ״דאָס שטעטל״, ״רב שלמה נגיד״, ״דער תהלים־ייִד״ און אַנדערע ווייזן אויף דעם גרויסן טאַלאַנט, דעם גרויסן וואָרט־מייסטער. דאַקעגן די לעצטע ווערק, וועלכע זענען אַרויס פון ייִדישן גדר, וועלן לאַנגע דורות דיסקוטירט ווערן ווי אַ קאָנטראָווערסיע אַרום אים און זיין שעפערישקייט.

אַש האָט טאַקע געטענהט אַז מיט די דאָזיקע ווערק זיינע האָט ער געצילט צו הויבן דעם כבוד פונעם ייִדישן פאָלק; ער האָט געוואָלט באַווייזן אַז דאָס ייִדישע פאָלק האָט געגעבן דער קריסטלעכער וועלט איר גלויבן. אַ פאַקט איז, אַז ער האָט מיט זיינע ווערק נישט געבראַכט קיין גוטס זיין פאָלק און דער אמת איז, אַז אין זיינע ווערק זעט מען באַשיימפּערלעך, אָן רמזים, אַז ער איז געוואָרן אַ קריסטאָלאָג: געגלויבט די קריסטלעכע אַפּאָסטאָלן און זיך געחנפעט צו די היינטיקע קריסטלעכע גייסטלעכע. זיינע דאָזיקע ווערק ווערן ריכטיק אָפּגעה־

שאַצט ווי נעאָ־קריסטנטום [5], אָבער מיט גאָר ווייניק איינפלוס אויף די קירכן־פירערס, אויף דעם וואַטיקאַן [6], אַפילו נישט די צוזאַמענריידן פון קריסטן מיט ייִדן, ווי "דער ייִדיש־קריסטלעכער דיאַלאָג", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ייִדן־פריינדלעכן פויפסט דזשאָן (יוחנן) דעם 23טן (1958—1963), וואָס האָט, אַ ביסל פאַרבעסערט די באַציונגען צווישן קריסטן און ייִדן — אָבער ווייט נישט ווי מ'האָט געמיינט און ווי ער האָט געוואָלט.

די שפּעטערדיקע זיצונגען פונעם עקומענישן ראַט, אונטער דעם נאָכפאָלגנדיקן פויפסט פּאָול דעם 6טן, האָבן, אַלס פּועל־יוצא פונעם פריערדיקן ליבעראַלן פויפסט, פּראָקלאַמירט אַ דאָקומענט דעם 28סטן אָקטאָבער 1965, בנוגע די באַציונגען מיט ייִדן, מיט דער ייִדישער אמונה. ווי אַ רעזולטאַט האָט מען אויפגעהערט אין די אינטעלעקטועלע קרייזן די באַשולדיקונגען קעגן ייִדן, אין זייערע קריסטלעכע ביכער און שריפטן.

דאָס איז נישט געקומען צוליב שלום אַשס ווערק "נאַזארין". דער גורם דערצו: די מיינונג פון ליבעראַלן פויפסט; די צייט; די נייע מענטשן אין וואַטיקאַן. די קאַטוילישע קירך האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דער צייט, מיט די נייע אַנטוויקלונגען. זי האָט געמוזט אָננעמען אַ ליבעראַל־מילדערע באַציונג; זי האָט געמוזט אָפּזאָגן פון דער דאָגמאַטישקייט, פון דער שׂנאה צו אַנדערע אמונות: זי האָט געמוזט אָנערקענען די ייִדישע אמונה, ווי אַ נענטערע אמונה. דאָס קריסטנטום איז אַנטשטאַנען אין יהודה, געשאַפן געוואָרן פון ייִדן, ווי אַ סעקטע וואָס איז געוואָרן אַ באַוועגונג.

ווען די "מינים", די ערשטע קריסטן, האָבן גענומען אָפּווייכן פון מצוות מעשׂיות, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט פון ייִדנטום. בלויז רעדן וועגן מאָראַל און עטיק איז נישט גענוג לויט דער יהדות־השקפה. נאָר אויף מעשׂים — האָבן די פּרושים געהאַלטן — קען זיך בויען די געהעריקע דיסציפּלינירטע געזעלשאַפט.

ייִדנטום האָט זיך געהאַלטן — אַלע דורות — צוליב מצוות מעשׂיות, צוליב אָפּגעהיטקייט אין די מצוות. ייִדן האָבן פאַרשטאַנען דעם אָנזאָג: "ואבדיל אתכם מן העמים להיות לי" [7] און ווי דאָס ווערט קאָמענטירט: "אם מובדלים אתם מן העמים, הרי אתם לי לשמי" [8].

ייִדן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט ריייניקן זייער טיש — נישט צו עסן פאַרבאָטענע מאכלים; נישט אויסמישן פלייש מיט מילך. זיך אויסגעצייכנט — רייניקן זיך — קערפּערלעך און גייסטיק. דער ייִד ווערט געשטאַרקט דורך תּפֿילין אויפן אָרעם; ווערט אָנגעצייכנט מיט ציצית אויף זיין בגד, מזוזה אויף זיין טיר — דעם חוט־המשולש וועגן וועלכן ס'ווערט געזאָגט: "לא במהרה ינתק" — וועט נישט אַזוי שנעל צעריסן ווערן... [9]

די דאָזיקע מצוות האָבן געצייכנט דעם ייִד פאַר דער וועלט, אַלס היטער פון

גאָטס תּורה און גאָטס נאָמען: "וראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך — אלו תפילין שבראש" [10]

די קריסטן "מינים" האָבן אָט די מצוות אַנולירט און זענען במילא אַוועק אויף פרעמדע וועגן, וועגן וועלכע ס'ווערט געזאָגט "כל באיה לא ישובון" — אַלע וואָס קומען צו איר, קערן זיך נישט אום [11].

שלום אַש האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור מיט זיינע ווערק "קידוש השם", "דער תּהלים ייד", "דאָס געזאַנג פון טאָל"; זיין דעביוט מיטן "שטעטל" האָט אים געגעבן אַ נאָמען און נאָך דעם אַ צאָל פון זיינע טיף־יידיש מענטשלעכע קינסטלערישע שילדערונגען פון יידישן לעבן אומעטום. דאָס אַלץ האָט אים געשטעלט אויף דער מאַפּע, ווי דער גרויסער קינסטלער פון וואָרט. אָבער מיט די קריסטלעכע ווערק איז ער אַראָפּ פון זיין הויכן פּיעדעסטאַל, שוואַך וואָס שייך קונסט; שוואַך אין זיין פאַנטאַזיע און נאָך שוואַכער אין רעאַליזם.

ס'זענען דאָ קריטיקערס וועלכע פאַרגיטיקן די דאָזיקע טעאָלאָגיש־קריסטלעכע ווערק, צוליב זיינע פריערדיקע ווערק און טייל פאַרגלייכן אים צו פּראָפ' יוסף (גדליהו) קלויזנער (1874—1958), מיט זיינע ווערק "ישו מנצרת", "מישו לפּאולוס" און אַנדערע; זיי זוכן אַ היתּר אויף זיינע ווערק, צו פאַרגלייכן אים מיט די ווערק פון אַנדערע פאָרשערס פון קריסטנטום, צו די ווערק פון די היסטאָריקערס גרעץ, דובנאָוו און אַנדערע, צו די ווערק פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי (גריון), ד"ר א. גינזבורג, צו נחמן סירקינס אָפּהאַנדלונג וועגן קריסטנטום [12], אַנוויינדיק, אַז נחמן סירקין (1867—1924), דער אידעאָלאָג פון סאָציאַליסטישן ציוניזם, האָט דאָך געשריבן מיט סימפּאַטיע וועגן די איסיים, וועגן די ערשטע קריסטן — אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך?

אַפילו ווען מע געפינט ביי זיי אויסדרוקן, וועלכע קענען אויסגעטייטשט ווערן ווי סימפּאַטיש צו דעם טעאָלאָגיש־עטישן אין קריסטנטום, האָבן זיי נישט געצילט גוטצוהייסן די עוואַנגעליע, גוטצוהייסן די קריסטלעכע דאָגמעס און באַזונדערס, זייער שרייבן, ווי לויטער מחשבה פון אַ פאָרשער, אַ פילאָזאָף, אַ מיסטיקער, וואָס דערלויבט זיך אויף דער באַזע פון השערות אַרויסצוברענגען טעאָריעס, גרייכט עס בלויז צו אַן ענגען קרייז פון אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן געניג וויסן און פאַרשטענדניש צו האָבן אַ קריטעריע און אָפּוועגן אַזעלכע פאַקטן וועלכע זענען נישט מער ווי פאַנטאַזיעס.

שלום אַשס ווערק גרייכט צו די מאַסן און שאַפט פאַר זיי דעם איינדרוק פון פאַקטן, בעת אַלע דערציילונגען זענען נישט מער ווי אויסגעטראַכטע מעשיות, איינגעהילט אינעם לבוש פון דעם וואָס די אַפּאָסטאָלן האָבן דערציילט.

שלום אַש איז פאַרפירט געוואָרן צוליב עטלעכע סיבות:

1. האָבנדיק אַזוי פיל דערפאָלג אין זיין קאַריערע ווי אַ בעלעטריסט, האָט

ער זיך אָנגעהויבן באַטראַכטן פאַר אַ דענקער, פאַר אַ פאָרשער, פאַר אַ פילאָזאָף — און ער איז דאָס לחלוטין נישט געווען.

2. ער האָט תּמיד געזוכט איבערצושפּרינגען דעם פּלויט — און מיט זיינע קריסטלעכע ווערק האָט ער געמיינט, אַז דאָס וועט פאַר אים עפענען טיר־און־טויער צו דער גרויסער וועלט, ער וועט ביי זיי אָנערקענט ווערן אַלס הייליקער.

3. ער איז געווען זיכער, אַז מיט די לעצטע ווערק, וואָס זענען אַוועק פון "שטעטל" און פון דער "געבענטשטער הייליקער ערד" פון די אָבות, וועט עס אים דערנענטערן צו די ממונים איבער דעם נאָבעל־פּרייז.

4. אויסער זיין טאַלאַנט איז ער געווען אַ בעל גאווה — און גאווה פאַרפירט אַ מענטש, ווי דער נביא זאָגט: "גאוות אדם תשפּילנו"[13] — די גאווה פון אַ מענטשן דערנידערט אים...

אַ קינסטלער, וואָס פּרעטענדירט צו זיין אַ פאָרשער און אַ פילאָזאָף־טעאָרע־טיקער, האָט געדאַרפט אַרויסברענגען די שנאה וואָס קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן פאַרשפּרייט — און אויף דערויף זאָגן עדות אַפילו נישט־יידישע פאָרשערס — געננונג צו דערמאָנען מאַלקאָם העי. אין איינעם פון זיינע ווערק, באַווייזט ער מיט פאַקטן, ווי ווייט די קירך האָט זיך באַמיט צו דערנידעריקן יידן דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט אָנערקענט יעזוסן. ער ציטירט כּסדר פון קריסטלעכע שרייבערס, פון קריסטלעכע טעאָלאָגן, פון פּויפּסטן, קאַרדינאַלן, ווי זיי האָבן געזוכט נעמען נקמה אין יידן, בלויז פאַר דעם איינציקן חטא, וואָס די יידן האָבן נישט אָנגע־נומען דעם נייעם טעסטאַמענט. די דאָזיקע גייסטלעכע האָבן פאַרשפּרייט די אידעע, אַז גאָט נעמט נקמה אין די יידן, דעריבער איז געקומען אויף זיי דער חורבן בית־המקדש, דעריבער דאָס פאַלן פון אַזוי פיל קרבנות, דעריבער די ליידן אין גלות.

די קרייצפאָרערס אין 11טן י״ה, מיט זייער ווילן פאַרשפּרייטן קריסטנטום, האָבן געהאַלטן פאַר אַ מצווה איינצונעמען ירושלים, חרוב צו מאַכן יידישע ישובים פריער אין אייראָפּע, דערנאָך אין ארץ־ישראל און דריקן יידן אומעטום, כּדי אַרויפצוצווינגען אויף יידן דאָס קריסטנטום.

די יידן ווי אַן "עם קשה עורף" האָבן זיך נישט געלאָזט באַצווינגען און מיט אַלע כּוחות געקעמפט פאַר זייער אמונה און נאָך אַלע חורבנות, קרבנות, נאָך אַלע רדיפות, רציחות, האָבן יידן באַוויזן אומשטערבלעכקייט. דער יידישער גייסט ווערט נישט אויסגעלאָשן, נישט בשעת חורבן און נישט נאָך די גרויסע חורבנות.

געווען צייטן ווען יעזויִטן האָבן געוואָלט אַרויסרופן פאַלקסצאָרן קעגן יידן דורך עלילות־דם־מעטאָדן. מ׳האָט געהרגעט קריסטלעכע קינדער און אונטער־געוואָרפן ביי יידישע הייזער און געלאָזט וויסן אַ צעיושעטן עולם, אַז דאָס האָבן

ייִדן געהרגעט, צו האָבן בלוט פאַר מצות אויף פסח — — אָן עלילות דם! ס׳האָט זיי נישט געהאָלפן אָט דער ליגן, אַ שקר וואָס קיין בר דעת האָט דאָס נישט געקענט באַטראַכטן אַפילו פאַר אַ טראָפּן אמת.

קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן זיך פאַרנומען צו באַווייזן מיט פסוקים אַז יעזוס איז דער אויסלייזער. ווי פיל מאָל אונדזערע געלערנטע האָבן זיי מנצח געווען, האָבן זיי נישט צוריקגעצויגן זייערע עוואַנגעלישע רעוועלאַציעס.

דער דיאַלאָג צווישן יהדות און נצרות גייט אָן, זינט דעם טאָג ווען נצרות־מינות, קריסטנטום, איז געבוירן געוואָרן, ווייל די ערשטע קריסטן, ווי אַ צווייג פון די איסיים, זענען געווען אַ ז י י ט, אַ ״צלע״ פון ייִדנטום און דעריבער איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקער וויכוח: ייִדן האָבן זיך געהאַלטן ביי דער אָריגינעלקייט פון תורה ומצוות, בעת די קריסטן האָבן געמאַכט ראַדיקאַלע ענדערונגען, כּדי צו קריגן פּאָפּולאַריטעט צווישן די געצנדינערישע פעלקער.

ביז דעם פּויפּסט יוחנן־דזשאָן דעם 23טן אין אונדזער עפּאָכע מיט זיינע ליבעראַלע דעקלאַראַציעס, באַזונדערס דער עקומענישער באַהויפּטונג פון 1965, האָבן די קריסטן, יעזויִטן, קאַטויליקן, פּראָטעסטאַנטן מכל המינים, געוואָלט אַרויפ־צווינגען זייער אמונה אויף ייִדן. בלויז געציילטע גייסטלעכע אין דער קריסטלעכער היעראַרכיע האָבן אַרויסגעוויזן אַ ליבעראַלע שטעלונג, נישט געהאַלטן פאַר אַ חטא, וואָס ייִדן האַלטן זיך בלויז ביים ״אַלטן טעסטאַמענט״ און אַפילו געהאָלפן ייִדישע געלערנטע, ייִדישע אַקאַדעמיקערס און אַליין געלערנט לשון־קודש, יהדות; זיי האָבן באַטראַכט די ייִדישע אמונה ווי די מוטער פון זייער אמונה און מ׳דאַרף דאָך ליב האָבן אַ מאַמע.

די לעצטע יאָרן האָבן אַ צאָל קירכע־באַוועגונגען זיך אונטערגענומען אָפּצו־שוואַכן דעם אַנטיסעמיטיזם ביי זייערע נאָכפאָלגערס, פאַרבאָטן דאָס פאַרשפּרייטן די ״פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון״ און זיך אַפילו פאַרמאָסטן צו לאָזן זיך אויפן פּאָזיטיוון וועג — פאַרשפּרייטן אחדות אלקות און ליבע צווישן מענטשן — ווי די נביאים האָבן פאַראויסגעזען, וועלן אַלע פעלקער זוכן דעם וועג פון אמת און דער וועג וועט פירן צו דער הייליקער שטאָט ירושלים, די שטאָט פון צדק און שלום.

ישעיה הנביא זעט דעם ״אחרית הימים״: ״נכון יהי׳ הר בית ד׳... ונהרו אליו כל הגויים״ — און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען...[14]; ״והביאותים אל הר קדשי ושמחתים בבית תפלתי... כי ביתי בית תפלה יקרא לכל העמים [15] — און די פרעמד־געבוירענע וואָס באַהעפטן זיך צו גאָט... וועל איך ברענגען צו מיין הייליקן באַרג און וועל זיי דערפרייען אין מיין הויז פון געבעט... דאָס הויז פון געבעט פאַר אַלע פעלקער...

דער נביא צפניה זעט די צייט, ווען די גאַנצע וועלט, אַלע פעלקער וועלן האָבן איין קלאָרע שפּראַך: "כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה, לקרוא כולם בשם ד' לעבדו שכם אחד" [16].

**ז. השׂכּלה אין מערב און השׂכּלה אין מזרח־אייראָפּע. — די אַנדערשקייט. — דאָס אַנטלויפן פון זיך. — אויפקום פון די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען.**

די השׂכּלה־באַוועגונג איז אַריבער פון דייטשלאַנד קיין רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע און אין דער ליטע. דער סעקולאַריזם האָט אָנגעהויבן זיך פּאַרוואָרצלען אין מזרח־אייראָפּע, אָבער אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. די בערלינער השׂכּלה האָט געפירט דירעקט צו אַסימילאַציע און שמד, בעת די השׂכּלה אין מזרח־אייראָפּע האָט געפירט צו סעקולאַריזם, אַטעיִזם, מאָדערניזם און צו רעוואָלוציע — אָבער נישט דירעקט זיך אין גאַנצן צו באַפרייען פון ייִדנטום. דער ייִדישער פונק איז נישט פאַרלאָשן געוואָרן. די פריידיקערס פון וועלטלעכקייט זענען גאָר געוואָרן שטאַרקע נאַציאָנאַליסטן. גרויסע טיילן — ציוניסטן; זיך גענומען ווערן חלוצים פאַר ישוב־הארץ. אַנדערע, פאָלקיסטן, בונדיסטן און אַפילו אָנהענגערס פון קאָמוניזם, האָבן נישט געוואָלט איבעררייסן און פאַרלאָזן זייער אָפּשטאַם. אַ פאַקט איז, אַז אין דער הייניקער סאָוועטישער־רוסלאַנד, זענען פאַראַן קינדער פון קאָמוניסטן וואָס זענען געוואָרן בעלי־תשובה און רייסן זיך צו ייִדישקייט.

די השׂכּלה, ווי אַן אויסדרוק פון דער נייער צייט אין דייטשלאַנד, האָט אינעם קאַמף קעגן דער רעליגיעז־אויטאָנאָמיסטישער אויטאָריטעט אינעם ייִדישן לעבן געזען דעם איינציקן ענטפער אויף אַלע פּראָבלעמען. זי האָט געשטרעבט אַרייַנגלידערן ייִדן אין דעם אַלגעמיינעם לעבן, ברענגען דעם ייִדישן סעפּאַראַטיזם צו אַ מינימום — כּדי ייִדן זאָלן ווערן פרייע בירגער.

מיטן אויפקום פון די מאָדערנע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין מזרח־אייראָפּע האָט זיך געשטעלט מיט דער פולער שאַרפקייט די פראַגע וועגן די פאָרמען פון ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן: ציוניסטן פון דער הערצליאַנישער טענע האָבן געוואָלט האָבן אַ פּאָליטישע, ייִדישע, אומאָפּהענגיקע נאַציאָנאַלע היים; דער אחד־העמיזם האָט בלויז געוואָלט זיכערן דעם גייסטיקן מהות פון ייִדנטום אויף זיין באָדן; בונדיסטן, פאָלקיסטן און אַלע אַנדערע איסטן האָבן געוואָלט קולטורעלע אויטאָנאָמיע אין זייערע וווינלענדער: ייִדיש, ייִדישע ליטעראַטור און ייִדישע שעפעדישקייט. די מאַרקסיסטיש איינגעגלייבטע זענען געווען פאַראינטערסירט אין ענדערן דעם סדר־העולם, דער עיקר צו באַזאָרגן דעם פּראָלעטאַריאַט, דעם אַרבעטער,

אנגיין מיט אַ מסירת־נפשדיקן אַקטיוו קעגן עקספּלואַטאַציע, איינפירן אַ סאָציאַ־ליסטישע אָרדענונג.

הונדערטער יאָרן האָבן יידן געוווּסט, אַז שמד קומט נאָר דורך צוואַנג מצד די קריסטן און מצד די מוסולמענער.

מיר וועלן נעמען אַלס ביישפּיל שפּאַניע. יידן האָבן דאָרט געהאַט אַ לענגערע תּקופה פון רחבות, הרוחה און הרחבה אויף אַלע געביטן. יידן האָבן דאָרט פאַר־נומען וויכטיקע פּאָזיציעס. דאָס איז געווען די "גאָלדענע תּקופה", דער "תור הזהב" און דאָס האָט אַרויסגערופן קנאה ביי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג. דער "תור הזהב" איז געוואָרן אַ "תור האש": די אינקוויזיציע, די אויטאָדאַפעס (אין שפּאַניש: אמונה־אַקט) — די קריסטלעכע גייסטלעכע האָבן זיך גענומען אַרויפצווינגען שמד אויף יידן.

אין יאָר 1391, אַרום הונדערט יאָר פאַרן גירוש, האָט זיך אָנגעהויבן דער צוואַנג־שמד: יידן זענען געצוווּנגען געוואָרן צו שמד און אַ געוויסע צאָל פון זיי זענען געוואָרן אנוסים, האָבן מיט מסירת־נפש אין געהיים אָנגעהאַלטן יידישקייט.

יידן זענען געפּייניקט געוואָרן מיט כּל מיני עינויים קשים. גרויסע צאָלן זענען אומגעקומען נאָך איידער זיי זענען געוואָרפן געוואָרן אויפן אויטאָדאַפע צום פאַרברענען.

אַנדערש איז געווען דער שמד־פּראָצעס אין דייטשלאַנד. דאָרט האָט די השׂכּלה, אָנהייבנדיק מיט משה מענדעלסאָנס פילאָזאָפיעס פון אַריינעמען אינעם יידישן לעבן די דייטשישע קולטור און דעם דייטשישן לעבנס־סדר, געפירט צו רעפאָרם, אַ ליבעראַלער און אַן עקסטרעמער און נישט ווייניק געפירט צו אַ פרייוויליקער געמישטקייט אין חתונות און צו אַ באַקוועמלעכן שמד. ס'איז דעריבער נישט קיין ווונדער דער חרם (אין יאָר תקל"ט) — אויף מענדעלסאָנס ביאור.

דער "חתם סופר", גאון און פּוסק ר' משה סופר (תקכ"ג—1762; ת"ר—1830) איז געווען נישט בלויז קעגן די "תיקונים בדת" וואָס די רעפאָרמערס האָבן זיך גענומען איינפירן, נאָר בכלל קעגן דער השׂכּלה און זיין צאָרן האָט ער אויסגעלאָזט צו מענדעלסאָבען. אין זיין צוואה האָט ער אָנגעזאָגט: "ובספרי רמ"ד (ר' משה דעסוי) אל תשלחו יד, אז רגליכם לא ימעדו לעולמי עד" [1].

ער האָט אויך געוואָרנט, אַז דער רב, וואָס וועט געווײלט ווערן אַלס זיין ממלא־מקום אין פּרעסבורג, זאָל נישט האָבן קיין האַנט אין די ספרי מינות און נישט דרשענען אין פרעמדע לשונות: "...לא יד לו בספרי מינות ולא ידרוש בלשון לאומים" [2].

די אייניקלעך פון חתם סופר האָבן נאָכגעפאָלגט זיין שיטה, אַזוי אין זייער קעגנערשאַפט צו די ספרי רמ"ד און אַזוי וועגן באַנוצן זיך מיט פרעמדע לשונות.

ווייל — ווי איינער פון זיינע זין שרייבט — דאָס וועט גירם זיין דערוויטערן זיך פון לערנען לשון־הקודש.

ר׳ אברהם שמואל בנימין סופר, דער בעל הכתב סופר, דריקט זיך אויס: ״מי יהדר ללמד בנו לשון הקודש, אם יראה רבנים היראים משתמשים בלשון שלהם...״ [3].

אַן אייניקל פון חתם סופר, ר׳ שלמה, שרייבט אין זיין ספר ״חוט המשולש״ [4]: ״ולדעתי שורש פורה ראש ולענה היה זה משה, האיש רמ״ד ואחוות מרעיו אשר המציאו דרך חדשה ובלא יראה, כי בימים הראשונים אשר היו טובים מאלה, מי שלא הי׳ לו יד ושם בתורת רבינא ורב אשי, איש בער יקרא, ובין המון עם נמנה, אף כי הי׳ לו ידיעה במקרא ובדקדוק לשה״ק, אבל זה משה האיש, לא ידענו מה הי׳ לו, המציא דרך עקלתון למעט בלימוד גפ״ת...״

איז דער חתם סופר געווען קעגן וועלכער נישט איז איבערזעצונג פון דער תורה? לויט אַ הסכמה אויף אַן איבערזעצונג פון זיין תלמיד ר׳ לייב דוקעס, זעט מען אַז ער איז גאָר געווען צופרידן, וואָס ייִדן וועלכע קענען נישט קיין העברעיש וועלן האָבן אַ געלעגנהייט צו לערנען אין דייטש חומש־רש״י. דער חתם סופר, ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, האָט געשטיצט די דאָזיקע איבערזעצונג און געזען אין דעם אַ גרויסע ״תועלת״ צו פאַרשטאַרקן ייִדישקייט.

ער שרייבט אין זיין הסכמה: ״...ע״כ אמרתי כגון דא סמוכו לנו ולכשיגמר ה׳ בעדו ויוציאנו מתחת מכבש הדפוס, אקח ספר אחד במחיר אשר יושת, וממני וכן יעשו לתמוך ידו ולסייעו...״

דאָ זעט מען אַ התקרבות צו איינעם וועלכער איז געווען פאַררעכנט צווישן די פאַרשערס אין חוקי און חכמת־ישראל, דער באַוווסטער ר׳ לייב דוקעס, מחבר פון אַ צאָל חקירה־ווערק. אים, זיינע ווערק האָט דער חתם סופר געשטיצט. די הסכמה איז געחתמעט, ווי געוויינלעך, אויף הלכה־און פירוש־ספרים: ״משה הק׳ סופר מפ״פ דמיין״.

ר׳ משה סופר, דער באַרימטער פוסק און היטער פון דער חומה און ״משמרת״ פון ייִדישקייט, האָט נישט נעגירט די וויכטיקייט פון השכלה, פון וויסנשאַפט. ער האָט געזען אַז השכלה, ווי ר׳ לייב דוקעס פאַרשפרייט זי מיט זיינע ספרים, העלפט פאַרשטיין תורת און חכמת ישראל. ער האָט אַפילו מוותר געווען אויף דוקעסעס ציטירן פון דעם נישט ייִדישן פאַרשער, פון די משכילים וויזעל, צונץ און אַנדערע, וועלכע זענען געווען די פּאָפּולאַריזאַטאָרן פון מענדעלסאָנס ביאור און מענדעלסאָנס השכלה־שיטה. ער האָט געזען דוקעסעס ספרים, ווי אַ המשך פון ר׳ מאירס שיטה: ״תוכו אכל, קליפתו זרק״ [5].

ר׳ משה סופר, דער גרויסער בעל־מחשבה, האָט געזען אין מענדעלסאָנס טעאָריעס אַ לייכטן וועג צו אַסימילאַציע. גרויסע טיילן פון דייטשישן ייִדנטום האָבן

געלעבט מיטן געדאַנק פון אַסימילירן זיך, איינגלידערן זיך אינעם לעבן פון דער דייטשישער קולטור. ס'האָבן זיך פאַר ייִדן געעפנט גאָר ברייטע האָריזאָנטן פאַר דער מעגלעכקייט צו לייזן דאָס ייִדן־פּראָבלעם דורך אויסמישן זיך מיטן דייטשישן פאָלק.

ייִדן זענען געשטאַנען בראש אויף אַלע געביטן. עלף ייִדן זענען געווען די ע ר ש ט ע אין דער וויסנשאַפט; פאַרנומען פּראָפּאָרציאָנעל — דאָס ערשטע אָרט אין יורי, אין מעדיצין, שוישפּיל. זיי האָבן אויף אַלע געביטן געשאַפן אין די ראַמען פון דער דייטשישער קולטור. די געטאָ־טויערן זענען געעפנט געוואָרן און ייִדן זענען אַרויס זיך אויסמישן מיט די דייטשן, געוואָלט פאַרלירן זייער ייִדישע אידענטיטעט, זייער ייִדישן אָפּשטאַם און פאַר דעם האָט אַזאַ מנהיג, ווי דער חתם־סופר און אַנדערע רעליגיעזע מנהיגים זיך געשראָקן. געציילטע זענען אין יענער גאָלדענער תּקופה אַריבער צום ציוניזם, געזוכט אַ מקום־מנוחה אין אַן אייגן לאַנד, שפּירנדיק פאַרויס, וואָס עס דערוואַרט דעם דייטשישן ייִדנטום, נישט געקוקט אויף זיין ליבעראַליזם און דער אַסימילאַציע מיט די דייטשן.

ד"ר הערצל איז געוואָרן אַ ציוניסט און אַ חוזה פון אַ ייִדישער מדינה, נאָכן דרייפוס־פּראָצעס. זיין ציוניזם איז געקומען צוליבן דרוק פון אַנטיסעמיטיזם און נאָך דעם איז ער געוואָרן דער באַגייסטערער פון שאַפן אַ ייִדישע מדינה און פאָרויסגעזאָגט, אַז נאָך פופציק יאָר וועט אַ ייִדישע מדינה געשאַפן ווערן. אַזוי איז געשען: גענוי 50 יאָר זינט דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז די מדינה געשאַפן געוואָרן.

אין דייטשלאַנד, אין מערב־אייראָפּע האָבן די משׂכּילים, די ליבעראַלן, די רעפאָרמערס אויסגעלאַכט דעם ציוניזם און געזען אין אים פּוסטע חלומות און אומגויטיקע ווונטשן. אַנדערש איז געווען אין מזרח־אייראָפּע, ווו די משׂכּילים — און נישט ווייניק פונעם שטרענג־רעליגיעזן סעקטאָר — און די מאַסן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אינעם דאָזיקן אידעאַל, וואָס האָט זיין התחלה — נישט אין פּאָליטישן זין — שוין געהאַט מיט די "חובבי ציון" און "בילויים".

מיר שרייבן נישט די געשיכטע פון ציוניזם. מיר ווילן בלויז אָנווייזן אויף דעם פאַקט, אַז די השׂכּלה אין מ ז ר ח ־ אייראָפּע האָט געהאָלפן פאַרשטאַרקן דאָס ייִדישע נאַציאָנאַלע געפיל און איז זעלטן געווען אַ גורם צו שמד.

ס'זענען געווען משומדים און מיסיאָנערן אין רוסלאַנד. אָבער זייער שמד איז געקומען צוליבן דרוק פון דער צאַרישער רעגירונג. אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט אויסגעגעבן גרויסע סומעס פאַר מיסיאָנערישער אַרבעט אין רוסלאַנד און אין פּוילן און פאַרפירט אַ סך ייִדן צו שמד. געווען משומדים וועלכע זענען אַריבער צום קריסטנטום צוליב פּאָזיציעס, פּראָפעסאָר־שטעלעס, אָבער גאָר ווייניק

אויס איבערצייגונג. אויב אַזאַ רעוואָלוציאָנער ווי צבי הערש גרשוני האָט זיך געשמדט, איז עס געווען אַ חידוש אין דער ייִדישער וועלט [6].

אַ גרויסער חידוש, ווי אַ טשעקאָווער עפּיזאָד, איז געווען דער משׂכּיל הערש־בער הורוויץ, וועגן וועמען ר׳ חיים ליבערמאַן האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אַרבעט [7]. ער שרייבט צווי אַנד.:

״ווען דער משׂכּיל הערש־בער הורוויץ (פון אומאַן, אוקראַינע) האָט באַנקראָ־טירט, האָבן זיינע חובות באַטראָפן אַרום אַ האַלבן מיליאָן זילבער־רובל. דאָס איז געווען אינעם יאָר 1825 ... אַ ריזיקע סומע ... דערנאָך איז ער אַנטלאָפן קיין ענגלאַנד און מיט דער צייט איז ער דאָרט באַשטימט געוואָרן פאַר לעקטאָר אויף העברעיש אין דער אוניווערסיטעט פון קיימברידזש ... אין מיין אַרבעט ׳ר׳ נחמן בראַצלאַווער און די אומאַנער משׂכּילים׳ [8] האָב איך באַוויזן אַז הורוויץ האָט זיך דאָרט געשמדט״.

ער ציטירט פון ד״ר י. צינבערגן אין זיין ״די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי ייִדן״ [9]:

״גלייך מיט די בערלינער אויפקלערער, צייכנט זיך אויך הורוויץ אויס מיט זיין טיפן האַס צום תּלמוד, אין וועלכן ער זעט די הויפּט־סיבה פון דער ייִדישער גייסטיקער פאַרווילדונג. אויף דאַלגאַרוקיס [10] פראַגע: ״וואָס פעלט אייך, איר זאָלט זיך פילן גליקלעך״? ענטפערט אים הורוויץ: ״איך וואָלט געוואָלט, אַז מען זאָל אונדז קודם־כּל פאַרבאָטן צו טראָגן אונדזער שענדלעכע טראַכט, וואָרים די דאָזיקע הלבשה לייגט אויך אויף אונדז אַרויף דעם שטעמפּל פון שאַנד און בזיון. און ווער ס׳איז פאַראַכט, דער פאַרלירט דאָס רעספּעקט־געפיל צו זיך גופא. אַט פאַר וואָס אונדזער פאָלק איז איצט אַזוי נבזהדיק, נאַריש און אומוויסנדיק״ — — ווייטער זאָגט אַרויס הורוויץ זיין פעסטע איבערצייגונג, אַז ״פריער אָדער שפּעטער וועט מען זיי [די ייִדן] דאַרפן מיט געוואַלט באַגליקן״. ווי וואָלפסאָן בשעתו, אַזוי זאָגט אויך הורוויץ אַרויס זיין גרויס התפּעלות פאַר דער עוואַנגעלישער מאָראַל: ״די עוואַנגעלישע מאָראַל איז די בעסטע עטיק־סיסטעם אין דער וועלט. איך וויל מיט איר באַקענען מיינע ברידער; איך וויל זיי זאָלן זי לייענען. מיר קאָנען גלויבן אין די עוואַנגעליעם צי ניין, אָבער געניסן פון דעם וואָס ס׳איז איידל איז דאָך אַזוי אָנגענעם. עס איז שוין צייט צו פאַרברענען אונדזער תּלמוד ... [11] זאָל מען אונדז איבערלאָזן משהס חמשה חומשי תורה אין אורשפּרינג־לעכן אויסזען ...״

די השׂכּלה אין רוסלאַנד האָט געשטרעבט צו ענדערן דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער און מיט שפּעריִשע כּוחות געשטורעמט די איינגעפּעסטיקטע פאַרמען פון רעליגיעזן לעבן — אָבער נישט געהאַט קיין איינפלוס, ווייל די ייִדישע באַפעלקערונג איז נישט געווען ווי די פון דייטשלאַנד און פון מערב־אייראָפּע,

וואָס האָט געזוכט זיך צו אינטעגרירן מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. דערצו, איז אויך אין מזרח־אייראָפּע שטאַרק געווען דער רבנישער און חסידישער כּוח.

צו דערמאָנען איין פאַקט, וואָס ווייזט אויף דעם כּוח פון רבנים.

די "מתקנים" אין וואַרשע האָבן אַריינגעכאַפּט אַ ביסל אַסימילאַציע, קרוב צו שמד. זיי האָבן געעפנט אַ מאָדערנעם רבנים־סעמינאַר אין יאָר תקפ"ו—1826, א. נ. "בית מדרש לרבנים", האָבן אָבער די אָרטיקע רבנים באַקעמפט אָט דעם סעמינאַר און במילא האָט דער סעמינאַר נישט געהאַט קיין הצלחה. דער עולם האָט זיך צוגעהערט צום אָרטיקן רב־און־פּוסק ר' שלמה זלמן ליפשיץ, דער בעל "חמדת שלמה" [12].

קיין רבנים זענען פון דאָזיקן סעמינאַר נישט אַרויסגעקומען און אַ צאָל איז גאָר אַוועק אויף פרעמדע וועגן, ווי איינער פון די פאָרשערס גיט איבער, זענען זיי אַריבער צו שמד [13] און במילא נישט געקענט האָבן קיין איינפלוס אויפן יידישן ישוב.

דער נאָכפאָלגנדיקער רב, ר' חיים דאַווידזאָן — שרייבט הרב א. י. בראָמבערג — האָט געזען אַ נויטווענדיקייט אין אַזאַ סאָרט סעמינאַר, אָבער נאָך דעם איז ער אַנטוישט געוואָרן און מסכּים געווען צו באַקעמפן דעם דאָזיקן סאָרט בית מדרש לרבנים. דער ערשטער גערער רבי ר' יצחק מאיר אלתּר, דער וואָרקער רבי ר' יצחק קאַליש, דער מאָגעלניצער "שרף", ווי מ'רופט דעם אדמו"ר ר' יחיאל מאיר און אַנדערע גדולי מנהיגים פון פוילישן יידנטום, האָבן געטאָן וואָס עס איז מעגלעך געווען אָפּצושטעלן דאָס אַריינברענגען די בערלינער אידעען.

אין די קאָנטאָניסטן האָבן זיי געזען אַ געפאַר פון שמד. אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן זענען יידישע קינדער געכאַפּט געוואָרן און געצוווּנגען געוואָרן צו שמד. איז דאָס געווען אַ שווערער פּראָבלעם פאַר יידן אין דער צאַרישער אימפּעריע, אָבער פרייוויליקער שמד איז געווען אַ זעלטנהייט.

געווען משכּילים, ווי למשל אַזאַ מיסטיקער ווי מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, וואָס האָבן געוואָלט שאַפן אַ נייע תּורה און גערעדט וועגן דער יידישער תּורה, יידישער עטיק, ווי וועגן עפּעס אַן אַרכאַיִשן איבערבלייב און דאָס פאָלק, ווי באַלזאַמירט [14] אָבער וואָס פאַר אַן איינפלוס האָבן זיי געהאַט אויפן יידישן לעבן?

ס'זענען געווען יידישע בעלי־מחשבה וועלכע האָבן געזען אין רעפאָרם־יידנטום פאָזיטיווע עלעמענטן. ווי י. קויפמאַן [15], ווייזט אָן, האָט דאָס רעפאָרם־יידנטום אין אונדזער צייט פאַרוואָרפן דעם אַנטי־ציוניזם פון די ערשטע רעפאָר־מערס און נאָך מער: זיי האָבן אויך פאַרוואָרפן די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פון די אַמאָליקע באַגרינדערס פון דער רעפאָרם, ווי זיי האָבן עס פאָרמולירט.

אַ פאַקט איז, אַז די רעפאָרם־באַוועגונג אין אַמעריקע האָט געענדערט דאָס

פּנים פון דער רעפאָרם, איז אָוועק פון דער דייטשישער עקסטרעמער רעפאָרם און אַריינגעבראַכט אַ נייע שיטה: רעפאָרם, סינטעזירט מיט רעליגיע און נאַציאָנאַליזם, וואָס איז באַהויכט פונעם ציוניזם. מעגלעך אַז די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדישע אימיגראַנטן וועלכע האָבן געשטראָמט אין מאַסן צו די ברעגעס פון אַמעריקע האָבן געווירקט און גורם געווען די דאָזיקע ענדערונג.

אַ צאָל אָנגעזעענע פירערס פון דער רעפאָרם אין אַמעריקע האָט פאָרמולירט אַ ליבעראַל ייִדנטום געבונדן מיטן ציוניסטישן אידעאַל און צווישן זיי: סטיפן ווייז, אבא הלל סילווער, עדוואַרד וואַרבורג, העברי מאָרגענטוי, ביי אונדז אין קאַנאַדע — יבלח״ט ראַביי ד״ר וו. פּלאַוט און אַנדערע.

די רעפאָרם־באַוועגונג איז געקומען אויף דער ייִדישער מאַפּע ווי אַ רעזולטאַט פונעם דור וואָס האָט געשטרעבט און געבענקט נאָך פרייהייט און ס׳זענען פאַר אים געעפנט געוואָרן די עמאַנציפּאַציע־פענצטער. זייער באַגייסטערונג פאַר אָט דער פרייהייט און בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג האָט זיי פאַרשיכּורט. זיי האָבן נישט דערזען אַז די גאַנצע פרייהייט איז באַזירט אויף אַ פאָרמולע וואָס איז קיין מאָל נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן נישט אין פראַנקרייך, נישט אין איטאַליע, דאָרט ווו נאַפּאָלעאָנס השפּעה איז געווען גרויס און אָוודאי נישט אין דייטשלאַנד.

ס׳איז גוט באַקאַנט די דעקלאַראַציע ביי דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין פראַנקרייך, צוגעגרייט און באַאַרבעט פון גראַף קלערמאָן־טאָנער: ״פאַר ייִדן ווי אַ נאַציע — גאָרנישט; פאַר ייִדן ווי מענטשן — אַלץ״.

געווען אַזעלכע צווישן ייִדן, די רייכע, די אַריסטאָקראַטיע, די עליטע, וועלכע זענען געווען גרייט צו באַצאָלן דעם פּרייז — פאַרלירן די ייִדישע אידענטיטעט. זיי זענען אָבער געווען אַ מיעוט! און אויך זיי האָבן נישט געוואָלט אַריבערגיין דעם טויער פון עמאַנציפּאַציע, וואָס זאָל אָפּווישן זייער שורש.

די רעפאָרם־באַגרינדערס אין דער מענדעלסאָן־און שפּעטעדיקער תּקופה האָבן נישט געהאַט די ווייטע וויזיע, אַז נאָכגעבן פירט צו פאַרלייקענונג. זיי האָבן נישט געזען די שווערקייט וואָס ליגט אין צופּאַסן דאָס ייִדישקייט צו די פאָדערונגען פון דער עמאַנציפּאַציע.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין זייערע תּיקונים בדת, וואָס האָבן געדאַרפט דינען ווי אַ רעליגיעזע צופּאַסונג, אָוודאי נישט אין די פּרטים פון זייערע ריטועלע, טראַדיציאָנאַלע און אמונה־ענדערונגען. זיי האָבן פאַרזען דעם עיקר, אַז אָן מצוות מעשיות, אַז בלויז מיט פאַרלאָזן זיך אויף אַבסטראַקטיזם, וועט מען נישט זיין אַ ״גוי קדוש״. זיי האָבן פאַרזען דעם פאַקט, אַז ייִדנטום האַלט זיך אויף אמונה אינעם שעפעסטן זיין פונעם וואָרט און אויף מעשים, חוקים, דינים וואָס שטעלן פעסט ייִדנטום, ווי אַ קאָלעקטיווע איינהייט.

נישט אומזיסט האָבן חז״ל אָנגעגומען דעם פּרינציפּ, אַז דער וואָס זאָגט: ״תּורה איז נישט מן השמים״, דער איז אַן אַפּיקורס, דער וועט נישט האָבן קיין חלק עולם־הבא. נעמט מען אַוועק דעם יסוד אויף וועלכן ס׳האַלט זיך דער בנין, איז אַ געפאַר אַז דער גאַנצער בנין זאָל חלילה איינפאַלן.

דער רמב״ם איז געווען דער גרעסטער משׂכּיל, אָבער זיין אמונה איז געשטעלט אויף שׂכל און מסורה און באַזירט אויף תּורה שבכתב און תּורה שבעל פּה. נישט אומזיסט דריקט זיך הר״י חריזי אינעם אַריינפיר צו זיין העברעיִשער איבערזעצונג פון מורה נבוכים:

״ידי משה בידי שכל תמוכים
ועמודי אמונה בו סמוכים״.

דעם רמב״מס אמונה האָט אַריינגענומען די אמונה אין ביאת־המשיח [16], תּחית המתים, עולם־הבא. די לאָגיק פון די משׂכּילים האָט נעגירט די דאָזיקע יסודות אין יהדות.

ר׳ נחמן קראָכמאַל, געוויס אַזאַ משׂכּיל, ווי די פון מערב־אייראָפּע, זייענדיק באַווירקט פון העגעלן, הייבט אַרויס די אייביקייט פון ייִדנטום, די גרויסקייט פון דער מאָנאָטעיִסטישער אידעע און איז דורכגעדרונגען מיט אמונה, מיטן צוגאָב פון די נייע פילאָזאָפיעס, ווי דער רמב״ם האָט עס געטאָן מיטן אַריינ־ברענגען געוויסע אַריסטאָטעלישע פילאָזאָפישע הנחות.

די משׂכּילים אין רוסלאַנד, ליטע און נאָך דעם אין פּוילן־גאַליציע, ווי ווייט זיי האָבן געטראַכט וועגן מתקן זיין דעם דת, האָבן אָבער זיך אָנגעהאַלטן אין באַרייכערן די ליטעראַרישע שעפערישקייט אין לשון־קודש, אינעם לשון פון תּנ״ך. אַזוי יצחק־בער לעווינזאָן (1787—1859), אַזוי אדם הכהן (אברהם דוב לעבענסאָן, 1793—1878), אַזוי יל״ג און אַזוי די אַנדערע נאָכקומענדיקע משׂכּילים, דיכטערס, פּראָזאַיקערס אאַ״וו.

מיר וועלן למשל נעמען אַזאַ מאַן, ווי נחום סאָקאָלאָוו (1860—1936) דעם עילוי פון ווישעגראַד, פּוילן. דאַרף מען נאָך אַ מער וועלטלעכן מענטש ווי ער, אַ נאָמען וואָס איז ״איינגעהילט אין אַן אָרעאָל פון לעגענדע״ [17], שרייבער, רעדנער, רעדאַקטאָר, דיפּלאָמאַט, פירער, שטאַטסמאַן — און אויף אַזוי פיל שפּראַכן — אָבער דערצו, אַ באַגייסטערטער און באַגייסטערער פון ציוניסטישן אידעאַל, פון אהבת־ישראל, אהבה פון אַלץ וואָס ייִדן האָבן געשאַפן און איבער־הויפּט פון דעם תּלמוד — האָט ער, ווי די דייטשישע משׂכּילים, גאָר געקענט טראַכטן אַריבערצופירן זיין פאָלק איבער דעם פּלויט?

סאָקאָלאָוו, ווי דוד ראָזענטאַל שרייבט [18] האָט ״לכתחילה געזוכט אין דער באַוועגונג (ציוניסטישע — ג. ש.) דעם אָנזאָג פאַרן היסטאָרישן קולטור־רענעסאַנס

פון ייִדישן פאָלק, אָבער אויפן קאָנגרעס (ציוניסטישן — ג. ש.) איז ער אויך מיטגעריסן געוואָרן פון דעם פּאָליטישן אַספּעקט..." און סאָקאָלאָוו איז געוואָרן די פירנדיקע פּערזענלעכקייט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט מיט מסירת־נפש געקעמפט מיט שריפט און וואָרט צו האָבן זיין פאָלק אין לאַנד פון די אָבות, ער האָט געפילט דעם מיין פון "ותחזינה עינינו בשובך לציון..." אַן אידעאַל וואָס שטייט אין קעגנזאַץ צו די אידעאַלן און שטרעבונגען פון משׂכּילים אין מערב־אייראָפּע, וואָס האָבן משפּיע געווען אויף אַ צאָל משׂכּילים אין מזרח־אייראָפּע און אין אַמעריקע. זיין אידעאַל און ציל איז געווען צו פאַרזיכערן דעם המשך און קיום פון ייִדישן פאָלק, ווי אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע איינהייט אויף אייגענעם באָדן, באַנייען מלכות־ישראל, באַקעמפן די אַסימילאַציע און ברענגען צום אויסדרוק די ייִדיש־נאַציאָנאַלע דערוואַכונג. אויף דעם דרך זענען געגאַנגען אומצייליקע משׂכּילים אין מזרח־אייראָפּע.

לאָמיר נעמען למשל, אחד העם. זיין השפּעה האָט — ווי פאַרשערס ווייזן אַן — איבערגעשטיגן די חובבי־ציון. ער איז געווען איינער פון די גייסטרייכסטע ייִדישע פּערזענלעכקייטן. וואָס שייך רעליגיע, נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט געשטאַמט פון גאָר פרומע עלטערן, וואָס ער איז שיער נישט געוואָרן אַ רבי פון חסידים, איז ער שפּעטער ווי אַ דענקער, נישט בלויז אַוועק פון חסידות, נאָר אַוועק פון רעליגיע בכלל, געוואָרן כּמעט אַ הערעטיקער, אָבער ווייט נישט קיין אָנהענגער פון אַסימילאַציע, ווייט אַפילו פון יל"גס געדאַנקען־גאַנג: ער האָט געגלויבט אין דער ייִדישער צוקונפט; ער איז געווען באַהויכט מיט דער אמונה אין די ווערטן, אין די אַספּיראַציעס פון ייִדישן פאָלק. ווען זיין טאָכטער האָט אים אַנטוישט מיט געמישטקייט... חתונה געהאַט מיט אַ רוס, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַן "אומווייטיקלעכן" גרות, האָט ער דאָס איר נישט מוחל געווען; האָט ער זיך נישט מוחל געווען[19]

אלכּסנדר צעדערבוים (אר"ז, 1816—1893), גרינדער פון "המליץ", געבוירן און דערצויגן אין זאַמאָשטש, די השׂכּלה־שטאָט, ער האָט פּראָפּאַגירט השׂכּלה, אָבער געווען איבערגעגעבן דער חיבת־ציון־באַוועגונג און געשריבן מיט גרויס פאַרערונג וועגן אדמו"רים, רבנים און בכלל וועגן פרומע, גייסטיקע פירערס.

יוסף פּערל (1773—1839) האָט אין זיין "מגלה טמירין", ווי אַן עקסטרעמער משׂכּיל, אָפּגעלאַכט פון חסידים. זיינע פּאַראָדיעס האָבן אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע קעגנערשאַפט אין פרומע קרייזן. איז געקומען אַן אַנדער משׂכּיל, אליעזר צבי צווייפעל (1815—1888) און באַזונגען חסידות. זיי אַלע האָבן אָבער אָנערקענט דאָס פּאָזיטיווע אין יהדות, אין ייִדישן מיסטיציזם — אין דער קבלה, ווי דאָס לאָגיש־רעאַלע און ראַציאָנאַלע אין דער הלכה. זיי אַלע האָבן אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, וואָס ייִדנטום, זינט אברהם אָבינו, האָט דערווייטערט געצנדינערייַ וואָס

זעט אין זייער גאָט גוף, תאווה, ווי ביי אַ מענטש. ביי ייִדן, פון באַגין ביז היינטיקן טאָג, איז פעסטגעשטעלט: ״אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף...״ אַז מ׳טאָר נישט צוטשעפּען אַ שמץ פון גשמיות; און דאָס וואָס עס ווערט יאָ געזאָגט, איז בלויז ״לשבר — לסבר את האוזן״ צו געבן צו פאַרשטיין, מ׳זאָל קענען אויפנעמען, דערקלערן...

אַפילו דער ״בעל מתחיל״ פון דער השׂכּלה אין מזרח־אייראָפּע, ריב״ל (יצחק בער לעווינזאָן), אַ קעגנער פון חסידיזם, איז נישט געווען קיין אָפּשפּעטער פון רעליגיע, פון רבנים, פון ייִדישן לעבן [20]. קעגן חסידות האָבן נישט בלויז משׂכּילים אַרויסגעוויזן אַ קעגנערשאַפט, אויך מתנגדים גאוני הדור, פּוסקים, האָבן נישט גורס געווען די נייע שיטה. מיר געפינען אַזעלכע צווישן דעם דור פון הגר״א זצ״ל, מיר געפינען אַ שאַרפן אויסדרוק ביים נודע ביהודה, מיר געפינען אַן אַרויסזאָג ווי אַן אַנטי־חסידות־אויסדרוק פון ״מרכבת המשנה״ (ר׳ שלמה, תע״ז—1717; תקמ״א—1781) און אַוודאי ביים משׂכּיל און פרומען ייִדן, רבי ישראל זאַמאָשטש, דער רבי פון מענדעלסאָנען (געשט. אין בראָד, אין יאָר תקל״ב) וועלכער האָט אַ צייט געלעבט אין בערלין און האָט אין זיין ספר קריטיקירט די ייִדן וועלכע האַלטן גרינג די ״מצוות שבין אדם לחברו״, די מענטש־צו־מענטש באַציונגען — אָבער דאָס איז שוין אַן ענין פאַר זיך.

אונדז אינטערעסירט צו ווייזן, אַז נישט אַלע משׂכּילים אין מזרח־אייראָפּע האָבן געוואָלט אַ ״תיקון בדת״ וואָס קען פירן צו אַסימילאַציע, צו שמד, ווי דאָס האָט געטאָן יהודה לייב גאָרדאָן דער העברעיש־דיכטער. זיין אידעאָלאָגיע איז דורכגעפאַלן סיי ביי די פרייידיקערס פון וועלטלעכקייט, סיי ביי די נאַציאָנאַליסטן. אויך וועלטלעכע ייִדן האָבן בלויז געקענט האָבן אַ צוקונפט, ווען די וועלט־לעכקייט ברענגט נוצן דער אמונה, אמונה אין ייִדישקייט; אמונה אין ייִדישן עתיד; אמונה אין ביאת־המשיח; אמונה אין די גייסטיקע ענינים און אין פּראַקטיש־אַקטועלע מצוות פון ייִדן.

אַ פאַקט איז, אַז השׂכּלה, קענטעניש איז אַריינגעדרונגען אויך אין די שטרענג אָרטאָדאָקסישע קרייזן, אָבער אַ השׂכּלה וואָס נעגירט נישט די רעליגיע; וואָס העלפט צו אַ בעסערער פאַרשטענדעניש און וויסן פון תורה און תלמוד. חשבון, מאַטעמאַטיק למשל, האָבן די גדולי־הדור פון דורות פריער אָנגעוויזן, ווי אַ נויטיקייט און נישט ווייניקער שפּראַך־קענטעניש. אין דעם זין, האָט די השׂכּלה געהאַט אַ פּאָזיטיוון ווערט כּדי אָנצוהאַלטן דעם ייִדישן לעבנסשטייגער על טהרת הקודש.

די השׂכּלה האָט געווירקט אין ייִדישן לעבן — אַפילו אין די דורכויס־אָר־טאָדקסישע קרייזן — אָבער אַ השׂכּלה וואָס האָט נישט געשטערט און שטערט נישט ייִדיש רעליגיעז לעבן. אדרבא, צוזאַמען מיט דער וועלטלעכקייט האָט די

פרומע אָרטאָדאָקסיע, זייענדיק דורכגעדרונגען פון טיפער אמונה, זיך געשטעלט — נאָכן חורבן פון מזרח אייראָפּע — אויף דער וואַך צו פאַרהיטן ייִדיש לעבן פון די דרויסנדיקע סכּנות, אַריינגערעכנט פון דער אַטעיִסטישער וועלטלעכקייט און באַוויזן אַן אומגעוויינלעכע שעפערישקייט אין באַפרוכפּערן די נייע ייִדישע ישובים אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, שוין אָפּגערעדט פון מדינת־ישראל, ווו די שומרי החומות האָבן באַוויזן, אין די ראַמען פון ייִדישן מלוכה־לעבן, צו דערציִען דעם נייעם דור אַקטיווע און שעפערישע מענטשן פאַר בנין־האומה, בנין־הארץ. זיי פאַרזיכערן דעם ייִדישן המשך. זיי זענען אַ ברכה פאַרן ייִדישן פאָלק.

דאָס איז אַ וועלטלעכקייט פון פּאָזיטיוויזם, פון דיסציפּלין און פון אַ נייעם איינשטעל פאַר דעם גאַנצן קאָמפּלעקס, וואָס הייסט ייִדיש לעבן און ייִדישע אייגנאַרט; אַזאַ סאָרט ייִדישקייט מיט וועלטלעכקייט שאַפט און שטאַרקט די שותפות פון גלות מיט מדינת־ישראל און באַווייזט אַז ייִדן, ווי ייִדן, זענען אַ שעפעריש פאָלק אויף אַלע געביטן.

דאָס איז דער דור, וואָס וואַגט זיך צו פאַרמעסטן, אַפילו מיט אַ גלית, ווי אַ מאָל דוד, ווען ער האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן דעם פלשתים־ריז און אים געזאָגט: "איך קום צו דיר אין נאָמען פון גאָט, צבאות, דעם גאָט פון ישראל [21]". ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרשים, האָט דוד אַרויסגענומען פינף שטיינדלעך פון זיין פאַסטעך־זעקל, וואָס סימבאָליזירן די פינף חומשי תורה, — מיט אָט דעם כּוח, קען זיך אויך די היינטיקע יוגנט פאַרמעסטן קעגן זייערע פאַרפירערס, קעגן זייערע שונאים.

השכּלה־שרייבערס האָבן זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט שילדערן די טראַגישע פערזאָן פון אלישע בן אבויה, וועלכער איז אַוועק צו דער העלענישער וועלט, נאָכן אַרויסקומען פון "פרדס" און ער האָט געקראָגן דעם נאָמען "אחר" — אַן אַ נ ד ע ר ע ר. ס'האָבן זיך אָבער אין אַלע דורות און תקופות געמערט די בעלי־תשובה, פאַרבלאָנדזשעטע נשמות וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט, טייל צוליבן נאַציאָנאַלן געפיל וואָס האָט זיי אַרומגעכאַפּט און זיי זענען אַריבער צום ציוניזם און טייל, וואָס זענען געוועזן פולשטענדיקע חוזרים בתשובה און זיך איבערגעגעבן צו אַ רעליגיעז לעבן.

ס'האָבן זיך אָבער אויך אַריינגעכאַפּט משומדים, אַפילו אין משפחות, ווו ס'איז הויך געהאַלטן געוואָרן די פאָן פון נאַציאָנאַלן באַגער, נאַציאָנאַלן קאַמף. ס'איז נישטאָ קיין באַוואָרעניש אויף שמד: מענדעלסאָנס קינדער האָבן זיך געשמדט, ווייל דער פאָטער־זיידע האָט געפּריידיקט דייטשטום אין זיינע ווערק. האַנס, דער בן־יחיד פון ד"ר הערצל, דער וואָס האָט אָנגעזאָגט די בשורה פון

אומקער קיין ציון, האָט זיך געשמדט אין יאָר תרפ״ד, צום יאָרצייט פון זיין פאָטער, ב׳ תמוז — ער איז שפּעטער באַגאַנגען זעלבסמאָרד.

שמד איז היינט נישט אַזוי פּאָפּולער. ער דאַרף זיך נישט איבערצייגן, ווי אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד, אַז עס איז בעסער צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין מאָסקווע, איידער אַ מלמד אין שניפּישאָק. און דאָך האָט געקענט פּאַסירן, אַז דער ייִד אַנרי לוסטיגער, אַ קינד פון אַ מאַמען וואָס איז אומגעקומען אין חורבן, ער זאָל זיך שמדן, ווערן אַרציבישאָף פון פּאַריז, און שפּעטער קאַרדינאַל.

מיר האָבן אָבער מענטשן פון אינטערנאַציאָנאַלן רום, וועלכע גרויסן זיך צו זיין ייִדן. מיר געפינען זיי צווישן די באַרימטע נאָבעל פּרייז־געווינערס, ווי דער גרויסער איינשטיין, וועלכער האָט זיך געגרויסט צו זיין אַ ייִד, ער האָט זיך אידענ־טיפיצירט אַלס ייִד, ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדנטום, פאַר מדינת־ישראל.

מיר האָבן אויך געהאַט משומדים וועלכע זענען געבליבן געטריי זייער אָפּשטאַם, ווי דיזראַעלי (1804—1881). אַלס ענגלישער לאָרד, האָט ער געטראָגן דעם נאָמען ביקאָנספילד און אַלס ייִד בנימין דיזראַעלי און געבראַכט כבוד דעם ייִדישן פאָלק, אי אַלס ביקאָנספילד און אי אַלס דיזראַעלי, דאַקעגן טראָצקי האָט געבראַכט צרות אויף ייִדן, בעת ער האָט גענומען מיט שטורעם דאָס רוסישע פאָלק, ווי הרב מזא״ה, דער מאָסקווער רב, האָט געזאָגט, ער נעמט מיט שטורעם די רוסישע מאַסן צו רעוואָלוציע און אויפשטאַנד, ווי טראָצקי, אָבער באַצאָלן וועלן ייִדן פאַר די מעשים פון בראָנשטיינען[22]

אַ ייִד איז געווען און געבליבן, ד״ר יצחק רילף (1829—1902) דער פילאָזאָף־משכּיל, אָבער שטאַרק נאַציאָנאַל אין זיין דענקען. זיין בראָשור אין דייטש מיט אַ העברעישן טיטל ״ארוכת בת־עמי״, ישראלס היילונג, איז דורכגעדרונגען מיטן ייִדישן וועלטבאַנעם. רילף איז געווען ראַדיקאַל אין זיינע פילאָזאָפישע הנחות, ווי אַן אַנהענגער פונעם רענעסאַנס, אָבער געטריי די ייִדישע אידעאַלן, דער ייִדישער אמונה און האָט נישט בלויז באַנומען דעם נאַציאָנאַלן געפיל ביי ייִדן, נאָר ער אַליין איז געווען באַהערשט פון אָט דעם געפיל און אַ שטאַרקער אַנהענגער פון הערצליאַנישן פּאָליטישן ציוניזם.

רילף האָט געשאַפן אַ פילאָזאָפיע, וואָס הייסט אין פילאָזאָפיש לשון מאָניזם, אַנדערש פון שפּינאָזאָס פילאָזאָפיע און אַ ביסל אַן אָפּנויג פונעם דורכויס ייִדישן מאָנאָטעיִזם. אָבער ער איז געווען אַן אוהב ישראל און אוהב פון די ייִדישע ווערטן אין ברייטסטן און טיפסטן זין פון די ווערטער. ער איז געווען אַ שטאַרקער באַקעמפער פון דער אַסימילאַציע און זיך שטאַרק געשראָקן פאַר דעם גלות, אַפילו פאַר דעם בעסטן רחבותדיקן גלות; געווען אַ הייסער גלויביקער אין אַ ייִדיש לאַנד, ייִדן זאָלן לעבן און געניסן אומאָפּהענגיק פון אויסערלעכע כּוחות.

אַ ייִד איז געבליבן עמיל בערלינער (1851—1929) דער דערפינדער פון

עלעקטראָמאַגנעטישן מיקראָפאָן און טראַנספאָרמאַטאָר — באַרימט אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט פאַר זיינע דערפינדונגען.

א ייִד איז געווען און געבליבן דער גרויסער מוזיקער אַרטור רובינשטיין (1889—1983), ער האָט דערלעבט אַ טיפן עלטער, קרוב צו הונדערט יאָר, געשריבן זכרונות ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן — און קיין מאָל נישט פאַרגעסן צו באַטאָנען זיין ליבע צו זיין פאָלק.

## ח. משׂכּילים וועלכע זענען קיין מאָל נישט אַוועק און משׂכּילים וועלכע זענען צוריקגעקומען.

ר׳ שמואל דוד לוצאַטאָ (שד״ל), איז געווען דער ״איש האמונה״ אין חכמת־ישׂראל, אַנדערש פון די וועלכע האָבן נאָכגעפאָלגט די השׂכּלה פון משה מענדעלסאָן. דער לעצטער, נישט געקוקט אויף זיין פּאַרוואָרצלטקייט אין יהדות, ווי עס זאָגן עדות זיינע ווערק אין לשון־קודש, ״קהלת מוסר״, ״ספר הנפש״ און אַנדערע, האָט דאָך מיט זיין באַגייסטערונג פאַר דעם סעקולאַריזם, באַזונדערס זיין התלהבות פאַר דער דייטשישער קולטור, געפירט אין דער פרעמדער ריכטונג.

משה מענדעלסאָן וואָרצלט טיף אין ייִדישקייט, אין דער ייִדישער אמונה, אַפילו אין ״הלכה למעשה״. זיין השׂכּלה איז אָבער דאָך געווען אַ סכּנה פאַרן ייִדנטום, ווייל זי האָט געצויגן צו אַסימילאַציע און געפירט צו שמד. דאַקעגן די השׂכּלה פון שד״ל האָט געשטאַרקט יהדות, האָט געבראַכט די השׂכּלה אין ייִדנטום, מיטן ציל נישט צו שלעפּן משׂכּילים צו די פרעמדע וויינגערטנער. חכמת־ישׂראל איז געווען ביי שד״לן, דעם טריעסטער משׂכּיל, באַזירט אויף דער־קענטעניש און אמונה, אין מסורת־ישׂראל.

ר׳ שמואל דוד לוצאַטאָ, זון פון חזקיה, איז געבוירן געוואָרן אין טריעסט, איטאַליע, ר״ח אלול (תק״ס—1800), און נפטר געוואָרן, יום־כּיפּור ביי נאַכט, תרכ״ו—סעפּ. 30, 1865. דער פאָטער, אַ אָרעמער בעל־מלאכה, אַ געליטענער פון פאַרשיידענע פאַמיליע־טראַגעדיעס, האָט דאָך באַוויזן צו באַזאָרגן זיין זון מיט אַ דורכויס ייִדישער און גלייכצייטיק וועלטלעכער דערציונג. ער איז אויסגעוואַקסן דער חוקר און משורר און געוואָרן איינער פון די גדולים אין חכמת־ישׂראל פון פאַריקן יאָרהונדערט.

דאָס איטאַליענישע ייִדנטום איז געווען פון די ערשטע איינגעשלאָסן צו ווערן אין אַ געטאָ (אין טריעסט — אין יאָר 1516) און איז געווען פון די ערשטע צו זען, ווי די געטאָ־טויערן ווערן געעפנט.

אין די פינצטערע טעג, אונטער דער הערשאַפט פון די יעזויִטן, האָבן זיך

דאָך באַוויזן ליכטיקע שטערן איבער די האָריזאָנטן פון איטאַליענישן יידנטום. מיר האָבן אין פופצנטן יאָרהונדערט אַזעלכע געלערנטע, ווי ר׳ עזריה מן האדומים (דע ראָסי), מיט זיין ווערק ״מאור עינים״ און אַ גאַנצע ריי גרויסע יידישע געלערנטע, אַנגעזען נישט בלויז צווישן יידן, נאָר אויך צווישן נישט־יידן; באַוווסט נישט בלויז אין איטאַליע, נאָר ווייט־ווייט איבער די איטאַליענישע גרענעצן.

מיט אַ הונדערט יאָר שפּעטער האָט אויפגעשיינט דאָס ליכט פון ר׳ יהודה אריה דע מאָדענאַ, אַ וועלטלעכער פּאַרשער, קענער פון שפּראַכן, וואָס האָט טיף געוואָרצלט אין יהדות.

נאָך הונדערט יאָר שפּעטער — ר׳ יצחק לאַמפּאַראַנטאַ, מחבר פון ״פחד יצחק״, דאָס גרויסע ענציקלאָפּעדישע ווערק, וואָס האָט זוכה געווען איבערגעדרוקט צו ווערן מיט פירושים, אָנמערקונגען און דערקלערונגען.

מיר האָבן אין איטאַליע אַ לאַנגע רשימה, אַ קייט פון גרויסע יידישע וויסנשאַפטלערס אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער דערגרייכונג — און אין דער רשימה פאַרנעמט די לוצאַטאָ־משפחה אַ צענטראַל אָרט:

ר׳ שמחה לוצאַטאָ (1580—1663) רב אין ווענעציע; ר׳ משה חיים לוצאַטאָ (געב. אין פּאַדואַ, 1707 — נפטר, עכו, ארץ ישראל, 1746) — גאון אין תורה, אין וויסנשטפט, גאון אין נגלה און אין נסתר; גאון אין קבלה, אין שירה, אין פילאָזאָפיע און מחבר פון קלאַסישע ווערק, דער שעפער פון ״מסילת ישרים״, יסוד פון יידישער עטיק.

דער לעצטער פון אָט דער ריי געלערנטע איז געווען שמואל דוד לוצאַטאָ, וועלכער האָט אין זיין פריסטער יוגנט אַרויסגעוויזן טאַלאַנט און פּאָעטישע שעפערישקייט. צו פופצן יאָר האָט ער געשאַפן זיין פּאָעטיש ווערק ״כינור נעים״; צו צוויי־און־צוואַנציק יאָר — זיין פירוש התפילות אין איטאַליעניש און אַזוי כסדר געהאַלטן אין איין באַרייכערן דעם אוצר פון דער העברעישער ליטעראַטור.

געלעבט אַ חיי צער, אַ שטאַרק ליידנדיקער דורכגעמאַכט משפּחהדיקע אומ־גליקן, טראַגעדיע נאָך טראַגעדיע און דאָך, באַווייזט ער אונטער די שווערסטע אומשטאַנדן צו זיין אומגעוויינלעך שעפעריש. אין 1829, ווען מלכות באַפעלט צו גרינדן אַ רבנים־סעמינאַר, איז ער געוואָרן איינער פון זיינע אַקטיווסטע פּראָ־פעסאָרן, געלערנט מיט זיינע תלמידים תנ״ך, דקדוק, געשיכטע, פילאָזאָפיע און עטיק.

שד״ל האָט זיך געהאַלטן זייער נאָענט מיטן לעמבערגער משכיל שלמה יהודה ראַפּאַפּאָרט (שי״ר) געב. אין לעמבערג אין יאָר 1790 — געשטאָרבן 1868) אײדעם פון ״קצות החושן״, וואָס איז אַ צייט געווען רב אין טאַרנאָפּאָל און

שפעטער געוואָרן אַ משׂכּיל — אין גאַנצן איבערגעבן צו השׂכּלה, באַרימט אַלס מחבר, חוקר און השׂכּלה־קעמפּער. ער האָט געהאַט גרויס השפּעה אויף שד״לן, אָבער נישט מיט זיינע ווייט־גייענדיקע ליבעראַלע געדאַנקען. שד״ל האָט אָפּגע־פרעגט שיר״ס באַגייסטערונג פאַר געוואַגטע תּיקונים און זיך געהאַלטן ביי דער מסורה.

שד״לן קען מען פאַרגלייכן צום מייליטשער רב, ר׳ אהרן שמואל תּמרת, באַקאַנט מיט זיין פּסעוודאָנים ״אחד הרבנים המרגישים״, באַקעמפער פון עקסטרע־מיזם, פריידיקער פון חיבת־ציון־אידעאַל, פּראָפּאַגירער פון השׂכּלה, אָבער נישט אַזאַ השׂכּלה וואָס זאָל חלילה פירן צו אַסימילאַציע.

אין פּאַדואַ האָט ער פאַרפאַסט אַ צאָל פון זיינע חיבורים, צווישן זיי דעם ספר ״אוהב גר״. זיינע ״אגרות״ ווערן באַטראַכט ווי אַ וויכטיקער צושטייער צו דער קולטור־פאָרשונג פון אונדזער פאָלק. די ״אגרות״ זענען אַרויס נאָך זיין פּטירה אין 9 בענד. דאָס זענען בריוו צום לערנען און שטודירן.

שד״ל האָט נאָך פאַר הערצלען געזאָגט: ״אדמת ישראל צריכה להיות מעובדת בידי יהודים, ואז תשוב להיות פורחת ביפי הטבע והאמנות...״

מיר וועלן נישט אויסרעכענען אַלע אינטעלעקטואַלן, וועלכע זענען אַוועק פון אַפּיקורסות, אַסימילאַציע צו אַ פולשטענדיקער ייִדישקייט. די רשימה איז צו לאַנג. מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט דריי פאָרשטייערס פון דער השׂכּלה־וועלט, וועלכע זענען אַריבער און בייגעטראָגן צו דער פולער יהדות: פראַנץ ראָזענצווייג, נתן בירנבוים און דער קדוש הלל צייטלין.

פראַנץ ראָזענצווייג איז געווען אַ קינד פון דער דייטשישער אַסימילאַציע. געבוירן אין קאַסעל, דייטשלאַנד, געווען דורכגעדרונגען מיט דער דייטשישער קולטור. געפירט אַן אַרט לעבן פון אַ דייטש וואָס לעבט אין רייכקייט, גענאָסן פון אַלץ פון וואָס אַ דייטשיש קינד קאָן געניסן, שטודירט פילאָזאָפיע, מעדיצין, אַרויסגעוויזן מוזיקאַלישן טאַלאַנט. זיינס אַ פעטער האָט זיך געשמדט, געווען אַן איבערגעבענער קריסט און געהאַט גרויס השפּעה אויף דעם יונגן פראַנץ, וואָס האָט געבלאָנדזשעט, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן: בלייבן אַ ייִד — וואָס איז אים אומבאַקאַנט — אָדער אַריבערגיין צום קריסטנטום, ווי דער פעטער האָט ערנבערג לערנט אים און זיינע פריינד — אַלע קריסטן.

בלויז דורך אַ צופאַל איז ער אין 1913 געוואָרן אַ ייִד, אַ באַוווסטזיניקער, געטרייער ייִד: איז אַריין אין אַ שול און דערזען, איך וואָלט געזאָגט ד ע ר פ י ל ט, דעם אמת. דאָרט, אינעם קליינעם אָרטאָדאָקסישן שולכל, האָט ער געפונען זיין גאָט און זיך גענומען מיט פלייס צו לערנען ייִדישקייט.

אין בערלין איז ער געוואָרן דער תּלמיד פון הערמאַן קאָהען (1842—1918)

באַוווּסט אין דייטשלאַנד ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע פילאָזאָפן, וואָס האָט פאַרלאָזט זיין פילאָזאָפיע־קאַטעדרע אין בערלינער אוניווערסיטעט און אַריבער צום טעאָלאָגיש־ייִדישן סעמינאַר ווו מ׳האָט געלערנט מקורותדיק. ער, דער עלטערער רבי, האָט אים דערצויגן ער זאָל פאַרשטיין ייִדישקייט.

שטאַרקער איז געוואָרן זיין התלהבות פאַר דער היסטאָריש־נאַטירלעכער ייִדישקייט, אין דער צייט פון ערשטן וועלטקריג. ער איז געווען אַן אָפיציר אין דער דייטשישער אַרמיי און איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט ייִדן פון מזרח־אייראָפּע און גאָר באַזונדערס מיט ייִדן פון פוילן. ער איז באַאיינדרוקט געוואָרן פון זייער סאָרט לעבן — אַ פול ייִדיש לעבן!

אין וואַרשע, ווו ער האָט פאַרבראַכט אַ שטיקל צייט, האָט ער באַזוכט חסידים־שטיבלעך, און די התלהבות פאַר אַזאַ ייִדישקייט איז ביי אים געוואַקסן. ער האָט פּלאַנירט אויפצושטעלן אַ דערציונג־אינסטיטוט אין וועלכן ס׳זאָל האַר־מאָניזירן דאָס אַלטע ייִדישקייט מיט דעם נייעם, מאָדערנעם, מיט פרומקייט און געשאַפן אַ נייע פילאָזאָפיע, אין וועלכער אמונה זאָל פאַרנעמען דעם עיקר העיקרים און געשאַפן זיין קלאַסיש ווערק ״כוכב הגאולה״ אין וועלכן ער ברענגט צום אויסדרוק זיין מחשבה.

אין פראַנקפורט האָט ער געשאַפן אַ ניי ״בית המדרש״, צוגעצויגן אַ גרויסע צאָל בעלי־תשובה און ממש באַוויזן וווּנדער אין דעם אַסימילירטן דייטשלאַנד. צווישן די וועלכע האָבן אים געהאָלפן איז געווען דער אָרטיקער רב דר. נחמיה נאָבעל, אַן איידעלער מענטש, אַ געלערנטער אין וועלטלעכע לימודים, איבער־געגעבן צום אידעאַל פון שיבת־ציון, צום מזרחי־אידעאַל פון תורה ומסורה. אַ נייע עפּאָכע האָט זיך אָנגעהויבן אין דייטשלאַנד — אומקער פון משכּילים־ליבעראַלן צום ייִדנטום.

דער צווייטער אין דער ריי, איז געווען ד״ר נתן בירנבוים. אין זיין יוגנט האָט ער פאַרלייקנט רעליגיעזע ייִדישקייט, ער האָט געזען רעליגיע ווי אַ פאַר־גאַנגענהייט, אַ פאַרגעסנקייט. ער איז געוואָרן אַ ״פרייער ציוניסט״, אַפילו געשטעלט זיך, ווי איבערנעמען די פירערשאַפט פון ציוניזם, וואָס איז געווען אין די הענט פון זאב־טעאָדאָר הערצל (1860—1904). ער איז אַנטוישט געוואָרן און אַריבער צו דער ייִדישיסטישער באַוועגונג, געווען איינער פון די פירנדיקע פערזענלעכ־קייטן אויף דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ (1908) און נאָך דעם אַריבער צום רעליגיעזן ייִדנטום, געוואָרן דער טעאָרעטיקער און פּראָפּאַגירער פון אגודת־ישראל, געווען פון די יחידי־סגולה צווישן רבנים און אדמו״רים (ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרצ״ז). זיין ווערק ״מכופר למאמין״, געהערט צו דער קלאַסיש־רעליגיעזער ליטעראַטור [1].

הלל צייטלין איז געבוירן געוואָרן אין אַ חסידישער סביבה אין דער מאָהילע־

ווער גובערניע, ווו דער איינפלוס פון "אַלטן רבי", ר' שניאור זלמן, דער "בעל התניא" און "שולחן ערוך הרב" האָט זיך געפילט אויף טריט און שריט. זיין פאָטער, דער גרויסער למדן, לויטן ליטווישן שטייגער, האָט גראָד נישט געהערט צו דער חסידישער סביבה, ער איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון באַרימטן שר און פּרנס ר' יהושע צייטלין, איינער פון די חסידות־באַקעמפערס.

אין זיינע אָדערן איז אָבער נישט ווייניק געפלאָסן חסידיש בלוט: זיין מוטער איז געווען אַן אָפּשטאַמיקע פון "בעל התניא". די ערשטע יאָרן פון זיין דער־וואַקסנקייט, האָט ער פאַרבראַכט אין בית־מדרש, צווישן לומדים, געלערנט גמרא און מפרשים, אָבער וואָס רייפער ער איז געוואָרן, אַלץ מער האָט אים געצויגן צו קבלה, חסידות ער האָט זיך פאַרטיפט אין "זוהר" און אין די נאָכפאָלגנדיקע מיסטיק־ספרים.

האָבנדיק גרויסע און ברייטע ידיעות אין תורת הנגלה און אין נסתר, האָט ער אָנגעהויבן אַריינבליקן אין די השכלה־ספרים און אויך דאָרט געפונען דאָס צו וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט — דאָס האָט אים געפירט צו ווערן אַ חבר מיט יוסף חיים ברענער (1881—1921). ער איז געוואָרן אַ ציוניסט, אַ סאָציאַליסט און געוואַנדערט אין די הויכע עולמות פון פילאָזאָפיע — ער איז אָבער, נאָך אַלע זוכענישן אַנטוישט געוואָרן און צוריקגעקומען צום מקור, צו זיין גאָט, דעם אלקי ישראל, געשאַפן זיינע גרויסע יידישע ווערק און געשטרעבט צו ברענגען זיין פאָלק צו דעם הויכן אידעאַל פון תורת משה והנביאים; ער האָט דאָס באַגרינ־דעט פילאָזאָפיש, ווי איינער פון די גרעסטע בעלי־מחשבה אין אונדזער תקופה.

ער האָט געוווּסט פון דער שיטה, ביי טייל אדמו"רים, אַז חסידות ווי אַ פאָלקס־באַוועגונג האָט געלערנט, אַז אמונה דאַרף זיין אָן חקירות, ווי דאָס ווערט גערופן, "אמונה פשוטה" און אַ באַווייז דערויף פון תהלים[2]: "איש בער לא ידע, ואני בער ולא אדע, בהמות הייתי עמך" — דער בהמישער מענטש ווייס נישט, און דער נאַר פאַרשטייט דאָס נישט, די רשעים שפּראָצן ווי די גראָז און עס בליען אַלע טוער פון אומרעכט...

פאַר צייטלינען זענען געווען אָפן אַלע גייסטיקע שאַפונגען ביים יידישן פאָלק און אַזוי אַרום האָט ער באַוויזן צו שאַפן זיין אייגענעם דרך, אַריינברענ־גענדיק ש"ס און פּוסקים מיט אגדה און מדרש; רבנישער ליטעראַטור מיט קבלה; חסידות מיט השכלה. ער האָט באַוויזן צו באַאיינפלוסן אידעישע מחנות פאַר דעם שטרענג נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן רענעסאַנס ביי יידן, שטייענדיק אויף דער שוועל פון אַן אתחלתא, אָדער "פּקודה" פון גאולה.

ס'איז געווען זיין טרוים, אַז די עמאַנציפּאַציע זאָל נישט אָפּרייסן צווייגן פון יידנטום צו אַסימילאַציע און שמד, נאָר פאַרקערט, זי זאָל זיי ברענגען צום

פולן באַוווסטזיין און ארץ־ישראל זאָל ווערן דאָס מוסטער־לאַנד פון „חדש ימינו כקדם״, אַ ליכט פאַרן יידישן פאָלק און פאַר אַלע פעלקער.

הלל צייטלין, ווי טעאָרעטיקער, בעל־מחשבה און קענער פון וועלט־פילאָזאָפיע און פון וועלט־ליטעראַטור, פון דער קלאַסישער ביז דער סאַמע מאָדערנסטער, איז אויך געווען אַריינגעטאָן אין לומדות, ווי אַ המשך צו ר׳ שמואל סטראַשון (רש״ש, 1794—1872) דעם ווילנער גאונישן און גבירישן בעל־הבית, וועמעס הגהות צום תלמוד זענען אַריינגענומען געוואָרן אין ווילנער ש״ס און פון דאַן אין אַלע ש״ס־אויפלאַגעס און אַ המשך צו זיין זון מתתיהו סטראַשון, דער חוקר, עסקן און למדן (אויך זיינע הגהות, געפינט מען אין ווילנער ש״ס), וועמעס ביבליאָטעק איז אָנערקענט געווען אַלס איינע פון די גרעסטע, באַקאַנט מיטן נאָמען „סטראַשון־ביבליאָטעק״.

הלל צייטלין הי״ד, משכיל און מסורה־ייד, דער דענקער פון דער ערשטער מדרגה, ער האָט געשטורעמט קעגן יעדע אומרעכט, קעגן אומיושרדיקייט אין דער געזעלשאַפט און באַזונדערס ביים יידישן מענטש.

ביי יידן, ווי קינדער פון סיני־דור, האָט ער געפאָדערט עטיק, ריינקייט פון מעשים און מחשבה; ער האָט געלעבט ווי אַ צדיק, געהאַט גרויס השפעה אויפן דור, מיט זיין לעבן און באַנעמונג צו מענטשן. ער איז נישט געווען בלויז אַ נאה דורש נאָר אויך אַ נאה מקיים, לויט דעם העכסטן באַגריף פון האַרמאָניזירן תורה, מדע און דרך ארץ.

ער האָט פאַרענדיקט זיין לעבן ווי אַ קדוש און ג ע ל ע ב ט בקדושה ובטהרה...

כדאי צו דערמאָנען אין עטלעכע ווערטער די השפעה און דעגרייכונג פון רבי עזריאל הילדעסהיימער (תר״פ—1820 — תרנ״ט—1899), וואָס זיינע אויפטוען אויפן געביט פון קהילה־פירערשאַפט, רעליגיעזער דערציונג, ווי דער גרינדער און פירער פון „בית מדרש לרבנים״, ווערן עד היום אָפגעשאַצט ווי אַ וויכטיקער שריט אין האַרמאָניזירן תורה און וויסנשאַפט.

ער איז געווען הויפט־רב פון דער אָרטאָדאָקסישער קהילה אין בערלין א.נ. „עדת ישראל״ (פון יאָר תרכ״ט ביזן טאָג פון זיין הסתלקות) און האָט צוגעצויגן צו זיך די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייטן אין דער דאָזיקער רעפאָרם־שטאָט. זיין בית־מדרש ווי דער בנין פון דעם רבנישן סעמינאַר איז געשטאַנען אין בערלין אַרום זעכציק יאָר, ביז דער קריסטאַלנאַכט, ווען די נאַצי־כוליגאַנעס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט צו פאַרברענען אַלע בתי־מדרשים און בתי־כנסיות.

הילדעסהיימער, אַ דאַנק זיין פאַרנעם און וויזיע, האָט אָפגעהאַלטן מאַסן יידן אין מזרח־און־אין מערב־אייראָפּע פון איבערגיין צו דער רעפאָרם; זיין השפעה איז געווען ווייט איבער די דייטשישע גרענעצן. ער האָט געזען, אַז די

השׂכלה "בת השמים", ווי מ'האָט גערופן די דאָזיקע באַוועגונג, איז עלול אָריינ־צובערענגען אַזעלכע ענדערונגען אינעם ייִדישן לעבן, וואָס פאַרלייקענען נישט בלויז די ייִדישע אמונה, נאָר דעם ייִדישן נאַציאָנאַליזם אין אַלגעמיין, און אוודאי פאַרלייקענען זיי די שטרעבונג פון שיבת ציון — אין מאָדערנעם לשון — ציוניזם. ס'איז דאָך באַקאַנט די אַנטי־ציון רעזאָלוציע, וואָס קאָופמאַן קאָהלער (1843—1961) האָט דורכגעפירט ביי דער פּיטסבורג־קאָנפערענץ (1885). ס'האָט גענומען יאָרן, ביז אייניקע פירנדיקע פערזענלעכקייטן זענען אַריבער צום ציו־ניזם, ווי ראַביי סטיפן ווייז (1874—1949). ראַביי אבא הלל סילווער (1893—1963), וואָס האָט געשפילט די ערשטע ראָלע ביי די פאַראייניקטע פעלקער אין קאַמף פאַר מדינת־ישראל.

הרב הילדעסהיימער, ווי ר' זכריה פרענקעל [3], חוקר אין חכמת ישראל (1801—1875), וואָס איז אַוועק פון דער רעפאָרם צוליב די נייע תיקונים, צוליבן ענדערן לשון הקודש אין תפילות אויף דייטש, האָט געהאַלטן פון חקירה, פון וועלטלעך וויסן, ער איז אָבער געגאַנגען נאָך אַ טריט און זיך געהאַלטן ביי דער שטרענג־אָרטאָדאָקסישער ייִדישקייט.

לעאָפּאָלד צונץ (1794—1888), איינער פון די גרינדערס פון "חכמת־ישראל" אין דייטשלאַנד פאָרשער, היסטאָריקער — פאַרעפנטלעכט וויכטיקע ווערק אויפן געביט פון רעליגיעזע אַנטוויקלונגען — אויך ער האָט נישט מסכּים געווען מיט דער עקסטרעמער רעפאָרם, אָבער נישט געקענט מסכּים זיין אויף המשך פון היסטאָרישן ייִדנטום; ער האָט נישט געזען, אַז דווקא מיטן האַלטן זיך ביים נאַטירלעכן ייִדנטום קען מען דערגרייכן אַ געזעלשאַפט פון סאָציאַלן יושר און קולטורעלן פּראָגרעס; ער איז געווען באַגייסטערט פון דער מערב־אייראָפּעישער קולטור און ציוויליזאַציע, נישט געקענט פאָרויסזען וואָסערע אכזריות דאָס קולטורעלע דייטשלאַנד קאָן אָפּטאָן.

אין דער דאָזיקער ריי דאַרף מען צורעכענען דעם היסטאָריקער און אַנאַלי־טיקער פון תולדות התורה שבעל פה, אייזיק הירש ווייס (1815—1905), וועמעס פינף־בענדיק ווערק "דור דור ודורשיו" האָט אַרויסגערופן קריטיק אין די אָרטאָ־דאָקסישע קרייזן, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף זיינע פאַלשע אויסטייטשן און אויף אַ געוויסער איבערפלעכלעכקייט.

מיט דער שאַרפסטער קריטיק קעגן ווייסן איז אַרויס הרב א. א. פּרייס.

אין דער הקדמה צו זיין ספר "אמרי אברהם" [4] שרייבט ער, אַז ווייס האָט "מוציא לעז" געווען אויף די חכמי התלמוד מיט זיינע באַהויפּטונגען און אויפקלע־רונגען:

"...וכך הוא עונשם של החוקרים הללו שכל הידענות שלהם אינה אלא מלאכותית, השאובה שלא מן המקורות אלא מכלי שני, ואלמלי הי' החוקר הזה

לומד דף גמרא ירושלמית מבפנים ואלמלי הי׳ מכיר את שפלת ערכו ויודע את רוממותם של בעלי התלמוד אשר כגובה ארזים גובהם, הי׳ משים עפר לתוך פיו, ולא הי׳ מטיח דברים מחוצפים כנגד רבותינו ז״ל כדרכו המשובשה בכל ספריו״.

שאַרפע רייד, אפשר צו שאַרף...

מען דאַרף אָבער צוגעבן, אַז די דאָזיקע פֿאָרשערס אין חכמת־ישראל האָבן נישט געצילט אָפּצורייסן ייִדן פֿון זייער אמונה און פֿון ייִדישן לעבנסשטייגער. זייערע ווערק בלייבן דעריבער אינעם אוצר פֿון דער ייִדישער מחשבה. זייער שעפֿערישקייט האָט באַרייכערט ייִדיש וויסן און נישט געפֿירט אויף פֿרעמדע דרכים.

גאָר אַנדערש איז געווען דער דרך פֿון פּראָפֿעסאָר מרדכי קאַפּלאַן (1881—1983). ער האָט שוין געשאַפֿן אַ נייעם דרך אויף וועלכן ס׳זענען פֿאַרלייגט כּל־מיני מכשולים.

מרדכי קאַפּלאַן האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע ווי אַ בן־הרב, אַ קאַריערע אין רבנות, לויטן טראַדיציאָנעלן שטייגער, מיט דער געהעריקער ״אצטלא דרבנן״; נאָך דעם אַריין אין דער קאָנסערוואַטיווער באַוועגונג, זיך פֿאַרנומען מיט פֿילאָזאָפֿיע, טעאָלאָגיע ביז ער איז געקומען מיט אַ נייער תּורה, מיט פֿאַרלייגן אַ נייע באַוועגונג — ״געזעלשאַפֿט פֿאַר ייִדישער אויפֿלעבונג״ — צו רעקאָנסטרויִרן ייִדישקייט אויף נייע יסודות: רעליגיע זאָל פֿאַרשטאַנען ווערן ווי אַ ציוויליזאַציע — אַן אוניווערסאַלע ציוויליזאַציע — וואָס זאָל אָפּשאַפֿן דעם טערמין פֿון אויס־דערוויילטקייט, פֿון ייִדישן בחרתנוּיִזם...[4].

מיט זיינע טעאָריעס איז קאַפּלאַן געגאַנגען צו ווייט. זיינע קאָנצעפּציעס זענען אין אַ געוויסן זין שעדלעכער פֿאַרן המשך פֿון אַ ייִדיש לעבן, ווי די רעפֿאָרמערס. דאָס איז אין אַ געוויסן זין, אַ נייער סאָרט אחד־העמיזם, אָן דעם נאַציאָנאַליזם־ציוניזם־העברעיזם ביי אחד העם. זיין מחשבהדיקייט וואָס שייך ייִדישקייט איז אַ נייער סאָרט טעאָלאָגיע, וואָס איז פֿרעמד אחד העמען און פֿרעמד דער מסורהדיקער יהדות[5].

ווען מען פֿרעגט אָפּ די האָפֿענונג אויף ייִדישער גאולה, דעם ייִדישן געדאַנק פֿון אויסדערוויילטקייט און ווען מען פֿאַרלייקנט ״תּורה מן השמים״, איז וואָס בלייבט שוין אין ייִדנטום, וואָס בלייבט שוין אין פֿאָלקסלעבן? אָפּילו דאָס דורותדיקע פֿאָלקלאָרישקייט ווערט פֿאַרטונקלט און האָט נישט קיין זין פֿאַר דעם המשך און קיום פֿון וויטאַליטעט קעגן אויסגעמישטקייט.

נישט אומזיסט האָבן רבנים — אָפּילו די פֿון מאָדערנעם חדר — זיך אַרויס־געזאָגט קעגן קאַפּלאַנס טעאָריעס, קעגן זיינע איינשטעלונגען פֿון אַ ייִדישן סדר. נישט איין מאָל האָבן זיינע מאמרים און דרשות אַרויסגערופֿן אַ שטורעם פֿון פּראָטעסטן, מצד די וואָס האָבן אין אים געזען דעם שפּינאָזאַ פֿון אונדזער

צייט, אָן אַפּיקורסות לויט דער צייט — אָבער מיט די זעלביקע סכּנות פאַר אַ פאָלק מיט אייגענע אַטריבוטן, מיט אַ דורותדיקער אידענטיטעט.

די שיטה פון מרדכי קאַפּלאַן, ווי אַ פילאָזאָף פון יהדות, איז דאָס אָוועק־געמען אמונה אין אחדות השם, אין תּורה מן השמים, אין הלכה ווי מסורה פון סיני, איז וואָס בלייבט שוין פאַר דער אחדות העם?

דער נישט־לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענער, מיין ידיד אַלע יאָרן, הרב ד״ר דוד גרויבאַרט ז״ל (1907—1984), איז געווען באַגייסטערט פון קאַפּלאַנס חידושים — און האָט נאָכגעפאָלגט, אויב נישט אין גאַנצן, זיינע אויפטוען. אין זיין הספּד־אַרטיקל שרייבט ער, אַז קאַפּלאַן ״איז געווען איינער פון די גרעסטע ייִדישע טעאָלאָגן און אָריגינעלע דענקערס פון אונזער דור... ער איז אין אַלע הינזיכטן אָריגינעל (קורסיוו — ד.ג.) און מחדש... אַ שעפער פון אַ נייער שיטה אין דער רעליגיעזער ייִדישקייט...״.[6] (מיר האָבן אויך ביי אַ געלעגנהייט געשריבן וועגן די אויפטוען פון זיינע חידושים, אָנווייזנדיק אויף דער אַפּיקורסות...).

וואָס פאַר אַ רעליגיע איז עס די נייע שיטה, ווען מען באַפרייט זיך לגמרי פון פּראַקטישער, אַקטיווער דיסציפּלינירטער ייִדישקייט, ווען מען איז מבטל מצוות מעשיות, ווען די אַלע הלכות ווערן אַ ״סאַנקטאַ — מנהגים״, וואָס האָט נישט קיין יסוד?

מרדכי קאַפּלאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ נייעם סידור — און אינעם סידור אַרויסגענומען די אמונה אין ביאת המשיח און אתּה בחרתּנו — ייִדישע אויס־דערוויילטקייט צוליב תּורה. איז אַ ווונדער, וואָס ייִדן מיט אַן איינשטעלונג פון אמונה און טראַדיציע האָבן אויפגעהויבן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן קעגן דעם אמונהלאָזן סידור?

ער האָט, ווי אַ צווייג פון דער אַמעריקאַנער קאָנסערוואַטיווער ייִדישקייט, אַריינגעבראַכט נייע אידעען, געוואָלט אינטעגרירן זיינע אָנשויונגען וועגן ייִדישקייט מיט וועלטלעכע נישט־ייִדישע־און ייִדישע אַפּיקורסישע אידעען און אַזוי אַרום געשאַפן אַ ראַדיקאַלן אַפּטייל וואָס זאָל שורשן אין דער קאָנסערוואַטיוו־ליבעראַלער־רעפאָרם.

דאָס האָט אָבער נישט געאַרבעט. די מערהייט קאָנסערוואַטיווע גייסט־מענטשן, דער רבי פון סעמינאַר, שאול ליבערמאַן (1898—1983) ז״ל, האָט נישט געקענט מסכּים זיין מיט דער נייער שיטה, ווי זי איז פאָרמולירט ביי קאַפּלאַנען, וועמעס אַנאַליז פון יהדות איז ווייט פון דער ייִדישער אויפפאַסונג. ווי קען זיין אַ ייִדישקייט אָן דעם רמב״ם און זיינע נושׂאי־כּלים; אָן דעם שולחן ערוך פון ר׳ יוסף קאַרו און די נושׂאי־כּלים אַרום דעם שולחן ערוך, די גדולי ההוראה? ווי קען זיין אַ ייִדישקייט אָן דעם רמ״א, מהרש״ל, סמ״ע, הגר״א, ר׳ עקיבא

איגר, חתם סופר און אַזוי ווייטער און ווייטער — די גרונטלייגערס פון יהדות על פּי התּורה ?

מרדכי קאַפּלאַן איז אָבער נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, ווי דער משׂכּיל פון אומאַן, וואָס האָט זיך געשמדט און זיך גערופן בערנאַרד הערמאַן [7].

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט אויסרעכענען די אַלע, ביי וועלכע ס'האָט האַרמאָניזירט וועלטלעך וויסן מיט שטרענגער אמונה אין נוסח פון דעם היסטאָרישן ייִדנטום. מיר וועלן בלויז דערמאָנען איינעם, שוין אין אַמעריקע, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אין דער ליבעראַלער סביבה, ווי דאָס איז שפּעטער גערופן געוואָרן קאָנסערוואַטיווע באַוועגונג, ד״ר מאיר וואַקסמאַן (1969—1887) דער מחבר פון דער ״געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, זינט די כּתבי הקודש ביז אונדזער צייט״ און פון אַ צאָל אַנדערע ווערק וועלכע ווערן באַטראַכט פאַר קלאַסיש אין ליטעראַטור־פאָרשונג.

מאיר וואַקסמאַן, איז געווען אַ פאָרשער מיט גרויס פאַרנעם, אַ מחבר פון וואָסערע צוויי צענדליק וויכטיקע ווערק, געווען באַרימט אין דער ייִדישער און נישט־ייִדישער וועלט דורך זיינע בענד געשיכטע־פאָרשונג. צו זיין פאָרשאַרבעט האָט ער זיך באַנוצט נישט־ווייניק מיט נישט־ייִדישע מקורים. זיי האָבן אים אָבער נישט אָוועקגעפירט אויף פרעמדע פעלדער. ער איז געבליבן געטריי דער ייִדישער טראַדיציע, דער ייִדישער אויפפאַסונג.

אַ גראַדואַנט פון ייִדישן טעאָלאָגישן (שעכטער) סעמינאַר, איז ער אַריבער קיין שיקאַגע, פאַרנומען אַ הויכע פּאָזיציע אין בית מדרש לתּורה, אַן אָרטאָדאָק־סישן ישיבה־סעמינאַר, פאַר אַ סך יאָרן, ביז ער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן שיקאַגע, ווערן אַ תּושב אין ניו־יאָרק און זיך ווידמען צו פאָרשאַרבעטן.

נישט מיט אַלע זיינע אויספירן אין באַהאַנדלען היסטאָרישע געשעענישן קען מען מסכּים זיין און נישט מיט אַלץ וואָס ער זאָגט וועגן פערזענלעכקייטן מוז מען מסכּים זיין — מען דאַרף זיך אָבער באַציִען פּאָזיטיוו צו זיינע פאָרשונגען און אָנערקענען זייער וויכטיקייט פון היסטאָרישער פּערספּעקטיוו און פון יהדות־שטאַנדפּונקט.

אויך צו אים קען מען האָבן טענות. אין זיינע ווערק וועגן ליטעראַטור־געשיכטע [8], האָט ער אַרויסגעלאָזט שאלות ותשובות פון רבנים־גאונים; ער האָט דורכגעלאָזט וויכטיקע דרוש־ספרים, מחשבה־ספרים — דאָס אַלץ געהערט צו דער ליטעראַרישער היסטאָריאָגראַפיע.

מיר דאַרפן אָבער מסכּים זיין מיט זיין טעזע וועגן דער ליטעראַרישער שעפערישקייט ביי ייִדן, איבערהויפּט מיט זיין הנחה, ווי ער דריקט זיך אויס אינעם אַריינפיר צו זיין ווערק, אַז אין ״ספרות ישראל הערשט — באַהערשט דער ״רוח דתי״, דער רעליגיעזער גייסט אין זיין פולער אַנטפלעקונג און שיינקייט.

מיר וואָלטן צוגעגעבן, אַז אַפילו ווען עס הערשט נישט, לאָמיר זאָגן, אין דער השׂכּלה־ליטעראַטור, דער פולער רעליגיעזער גייסט, איז אָבער די רעליגיאָזי־טעט פאַרוואָרצלט אין דער יידישער שעפערישקייט.

מיר זעען עס, למשל ביי אַזעלכע איבערגעבענע צו דער השׂכּלה ״בת השמים״, ווי ד״ר שלמה רובין (תקפ״ג—1823 — תר״ע—1910), אַזוי ביים ביבליאָגראַף און פילאָזאָף משה לאַצאַרוס (תקפ״ד—1824 ; תרס״ג—1903), אַזוי ביים באַגרינדער פון דער השׂכּלה אין רוסלאַנד, יצחק בער לעווינזאָן (ריב״ל, 1788—1860) און ביי פיל אַנדערע.

## הערות

### א

1 אין מיינע ווערק ״באַציונג צו דער פרוי״ ; ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ — אויספירלעכער.
2 יוו״א, בלעטער, ניו יאָרק, 1975, ז״ז 9—21.
3 ויקרא, כ׳, כ״ג ; דאָרט, ז׳ 9.
4 בראשית, כ״ד, ג׳.
5 סנהדרין, ק״ב, ע״א ; רש״י, וישב, ל״ז, י״ד גורס ״מוכן״.
6 בראשית, ל״ד, א׳—ל״א.
7 דאָרט, מ״ט, ה׳, ז׳ ; הרה״ג ר׳ יעקב קאַמענעצקי, באַהאַנדלט אין זיינס אַ מאמר דאָס בייזערן זיך פון יעקב אבינו אויף שמעון און לוי, אין ״ר׳ איטשע מאיר קאָראַלניק־אַנדענק־בוך״, טאָראָנטאָ, 1975, ז״ז 1—2.
8 רמב״ם, הלכות מלכים, ט׳ ; רש״י און רמב״ן — אויפן אָרט. זע אויך, ראַ״ם, גור אריי׳, לבוש האורה און אַנד. מפרשי רש״י.
9 בראשית, מ״ו, י׳.
10 בראשית רבה, פ׳, י״א ; רש״י ציטירט דעם מדרש.
11 אבן עזרא אויפן אָרט.
12 בראשית, ל״ח, ב׳.
13 זע, רש״י און מפרשים.
14 דאָרט, ל״ח, ו׳—ל׳ ; רות, ד׳, י״ח—כ״ב.
15 בראשית, מ״א, תמ״ה.
16 שמות, ו׳, כ״ה.
17 זע, ירושלמי, סנהדרין, ט׳, ז׳ ; בבלי, סנהדרין, פ״ב, ע״ב ; בבא בתרא, ק״ט, ע״ב—ק״י, ע״א א״א.
18 סנהדרין, פ״ב, ע״א ; ב״ב, מ״ג, ע״א.
19 סוטה, מ״ג, ע״א—ע״ב.

20 זע, ה. וו. ריינעס, "ייווו"א בלעטער", ז"ז 20—21.
21 בבא בתרא, ק"ט—ק"י.
22 זע, רש"י — באריכות.
23 סוטה, מ"ג, ע"א; סנהדרין, פ"ב, ע"א.
24 רות, א', ו'—ז'; זע, מ. סיגל, מבוא המקרא, ירושלים, תש"ט; ריינעס, ייווו"א, ז' 68.
25 אין מיינע דרוש־ספרים — אויספירלעכער.
26 מלאכי, ב', י"א: "ובעל בת אל נכר"; זע, סוכה, נ"ו, ע"ב; סנהדרין, פ"ב, ע"א; ריינעס, דאָרט, ז"ז 9, 12—13.
27 זכרי', ג', ג'.
28 סנהדרין, צ"ג, ע"א; רש"י און מפרשים.
29 שבת, י"ז, ע"א; עבודה זרה, ל"ו, ע"ב.
30 ירושלמי, סנהדרין, ט', י', בבלי און מדרשים.
31 במדבר, כ"ה, ח'.
32 ירושלמי, סנהדרין, ט', ז'; בבלי, סנהדרין, פ"ב, ע"ב.
33 ברכות, נ"ח, ע"א. זע, מהרש"א.
34 קדושין, ס"ו, ע"ב; הרב ר' גדלי' פעלדער באַהאַנדלט דעם ענין אין זיינע ספרים. נחלת צבי, חלק א' און חלק ב'; אין "שאילת ישרון" א"א.
35 ירושלמי, שבת, ב', י'; קהלת רבה, ז', מ"ד — דאָרט: כפר גבורה (אין אנד. נוסחאות, גיבוריאָ און כפר גבוראָ), זע מרן הרב ר' יהודה לייב גרויבאַרט, חבלים בנעימים, ד', ל', ז"ז 50—52.
36 עזרא, י', ג'; בראשית רבה, ז', ב'; ירושלמי, יבמות, ב', ו'; קדושין, ג', י"ב, א"א. זע, משנת אברהם פון הרה"ג ר' אברהם אהרן פרייס, ספר חסידים און סמ"ג, באַהאַנדלט דעם ענין הלכהדיק מיט אַלע פרטים, לויט ראשונים און אחרונים.
37 דברים, ז', ג'; יבמות, מ"ה, ע"ב.
38 סוטה, ט', ע"ב.
39 וועגן היתר יפת תואר אין פרשת כי תצא, דברים, כ"א, י'—י"ד, האָבן מיר גאָר אַ רייכע ליטעראַטור, פוסקים און מפרשים, ראשונים און אחרונים: רש"י, רמב"ם, רמב"ן און אַנדערע.
40 זע, מהר"ץ חיות, תורת נביאים, ז"ז נ"ו—נ"ז; פרק עשירי, מצות בני נח, ז"ז נ"ח—ס"ג.
41 תושיה, וואַרשאַ, תרע"א.
42 זיינע שטודיעס זענען מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרויס אין אַ נייער אויפלאַגע.
43 זע, חיים ליבערמאַן, אהל רחל, ב', ניו יאָרק, התשמ"א—1981, ז"ז 294—306; "אידישער קעמפער", פסח־נומער, תשכ"ט, ז"ז 11—14 — אינטערעסאַנט און אויספירלעך.
44 אייזיק רמבה (רעמבאַ), טרגדיות במשפחות גדולי האומה, משפחת המומרים של מנדלי, "הדואר", גליון ל"א, ז"ז 573—575; כ"ה בסיון, תשכ"ח — יוני 2, 1968; גליון ל"ב, בקט"ז, ב' בתמוז, תשכ"ח — יוני, 28, 1968, ז"ז 589—590 — אינטערעסאַנטע פרטים.
45 אייזיק רמבה, "הדואר", גליון ל"ג, בקי"ז, ט"ז תמוז, תשכ"ח.
46 אייזיק רמבה, "הדואר", גליון ל"ה, ט"ו באב, תשכ"ח, ז"ז 363—638. אין גליון ל"ז פון "הדואר", י"ב באלול תשכ"ח גיט רעמבאַ פרטים וועגן זיינע איבערלעבענישן אונטער די נאַציס ימ"ש, ער איז געפירט געוואָרן צום אומקום, הי"ד.
47 די בריוו זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש, עברית און אין אַ צאָל אַנדערע שפּראַכן.
48 "הדואר", גליון היובל, ניו יורק, ד' סיון, תש"ז, ז"ז 794—798.
49 אין מיין "השכלה און משכּילים" (אין מאַנוסקריפּט) — אויספירלעכער.
50 זע, השחר, תרל"ז; אחד העם שריפטן; המליץ און אַנדערע העברעישע זשורנאַלן; הדואר, תשכ"ח, ז"ז 797—798.
51 תורה מציון, ז' 128.

## ב

1 במדבר, כ״ג ט׳ — ״א פאָלק וואָס רוט באַזונדער און רעכנט זיך נישט צווישן די פעלקער״.

2 וועגן בירנבוימען נאָכקוקן זיינע ווערק: ״גאָטס פאָלק״, בערלין, 1921; ״פון אַן אַפּיקורס געוואָרן אַ מאמין״, וואַרשע, 1926 און אַנד. אין די דערמאָנטע ווערק, פאָרמולירט ער די אידעען פון רעליגיעזן פאָלקיזם/לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. באַנד 1, נ. י. 1956, ז״ז 306—310.

3 אַן אומגעווייינטלעכע אַרבעט, פאַרעפנטלעכט אין אַ צאָל העברעישע שריפטן. אויב מיר מאַכן נישט קיין טעות, זענען די מאמרים אַרויס אין אַ באַזונדער ספר. אין ״הדואר״, זענען דערשינען דריי מאמרים: גליון ז׳, (בקל״א) — כ״ב כסלו, תשכ״ט; גליון ח׳, (בקל״ב) — כ״ט כסלו, תשכ״ט; גליון ט׳, (בקל״ג) — ז׳ טבת, תשכ״ט.

4 רעמבאַ ציטירט בריוו, וואָס ער האָט געזען אין ציוניסטישן אַרכיוו אין ירושלים.

5 סוטה, ד׳, ע״ב.

6 רעמבאַ גיט איבער אין זיין סעריע מאמרים אינטערעסאַנטע, מערקווירדיקע פאַקטן וועגן דעם לוקסוריעזן־הולטייסקן לעבן פונעם זון.

7 ״הדואר״, גליון כ״ט, א׳ בסיון, תשכ״ו: ״שיחות עם מרדכי־מאַרטין בובר, במלאת שנה למותו, ג׳ סיון, תשכ״ו — ג׳ סיון, תשכ״ז״.

8 הרב משה חיים אפרים בלאָך ווידמעט אַ ספר דער געמישטקייט ביי די מנהיגים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער נאָמען פונעם ספר: מי נתן למשיסה יעקב וישראל לבוזזים... מהרצל ונורדוי דרך גולדמאַן וקלצקין... ער באַנוצט זיך אויפן שער־בלאַט מיטן פסוק: ״ויאמר ד׳ אל משה קח את כל ראשי העם והוקע אותם לה׳ נגד השמש וישוב חרון אף ה׳ מישראל״ (במדבר, כ״ד, י״ד). פאַרשטייט זיך צו שאַרף, דאָס איז געווען דער סטיל פונעם מחבר, וואָס האָט פאַרפירט אַ מחלוקת מיט די גדולי הרבנים און פאַרעפנטלעכט זיין אָנקלאַגע אין אַ ספרל א. נ. ״קום ריב את ההרים״.

9 זע, ד״ר א. מוקדוני, אויסלאַנד — מיינע באַגעגענישן, בוענאָס־איירעס, 1951, ז״ז 139—150.

חיים ליבערמאַן (״פאָרווערטס״־רעדאַקציע): ״אידן און יידישקייט אין די שריפטן פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי און זיינע פאַרטיידיקער״; ש. ניגער און אַ צאָל שרייבערס — מיטאַרבעטערס אין ״טאָג״ און אין דער ״פרייהייט״ האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר דעם כבוד פון זשיטלאָווסקין. דריי וויכּוח־ביכלעך זענען דערשינען אין 1944 א. נ. ״געגן די אָנפאַלער אויף ד״ר חיים זשיטלאָווסקי״.

10 שיר השירים, א׳, ו׳.

11 לויט מאמרים אין ״אַלגעמיינעם זשורנאַל״, פרייטיק פעב. 19 און פרייטיק, פעב. 26, 1982. פאַרשטייט זיך אַז ער טוט תשובה.

12 פאָרווערטס, אַפּריל 29, 1983.

13 באַגאַנגען זעלבסמאָרד אין יאַר 1983.

## ג

1 מסכת סופרים, א׳, ז׳.

2 מגילה, ט׳, ע״א—ע״ב.

3 בראשית, ט׳, כ״ז.

4 זע, מפרשים.
5 הלכות תפלין, א׳, י״ט.
6 ירושלמי, מגילה, א׳, ט׳.
7 בבלי, משנה און גמרא, ט׳, ע״א—ע״ב.
8 דאָרט, דאָרט.
9 זע, רש״ש, דאָרט און אין סנהדרין, ט״ז, ע״ב.
10 סוף סוטה, מ״ט, ע״ב. רש״י: ״לשון סורסי — — קרוב הוא ללשון ארמי. ואומר אני, שזה לשון גמרת ירושלמי... או לשון יוני: שהיו קרובין לארץ יון, ולשון יפה מזה...״
אין בבא קמא, פרק מרובה, פ״ב, ע״ב: ״וחכמת יונית, מי אסירא? והתניא, אמר רבי, בארץ ישראל לשון סורסי למה, או לשון הקודש און לשון יונית...״ רש״י: ״הוא לשון צח וסורסי לשון נלעג הוא״.
11 בבא קמא, דאָרט.
12 זע, ש. פעדערבוש, בנתיבות התלמוד, ז״ז 180—182.
13 שבת, א׳, ג׳.
14 יבמות, ס״ב, ע״ב.
15 ירושלמי, שבת, א׳, ג׳; ט׳, ע״א; סוכה, סוף פרק לולב הגזול; שקלים, ג׳, ג׳; י״ד, ב׳.
16 חגיגה, א׳.
17 ספרי, עקב, מ״ו.
18 בנתיבות התלמוד, ז״ז 182—186.
19 ירושלמי, מגילה, א׳, ט׳.
20 ספרי, ברכה, שמ״ג.
21 שבת, פ״ח, ע״א. זע, בנתיבות התלמוד, ז״ז 183—186.
22 דער מקור: פריער דערמאָנטע שטעלן אין ירושלמי, שבת, א׳, ג׳; שקלים, פרק ג׳; פירוש המשנה, אבות, ב׳, ב׳; י״ז; מורה נבוכים, ג׳, ה׳ — מערער ביי געלעגנהייט.
23 בבא קמא, פ״ז, ע״א.
24 זע, זיין ״אגרת״, ט״ו.
25 אבות, ב׳, ב׳.
26 וועגן חידושי הרים׳ס ראָל אין איינהיטן דאָס היסטאָריש־אָריגינעלע יידישקייט אין פוילן — זע, ״דאָס אידישע וואָרט״, פסח־אויסגאַבע, ניסן, תשמ״ג, נומ׳ 237.
27 סנהדרין, צ״ד, ע״א; ענלעכעס: קדושין, ע״ה, ע״א; רש״י, יתרו, שמות י״ח, ט׳.
28 רות, א׳, ט״ז.
29 ישעיה, מ״ט, י״ז.
30 מלכים ב׳, י״ח, ל״ז.
31 דאָרט, דאָרט, ד׳. י״ט, א׳—ז׳.
32 דאָרט — מפרשים.
33 ירושלמי, מו״ק, ג׳, דף י״ז, ע״ב; סנהדרין, ז׳, ח׳; זע אויך, הלכה ספרים, וועגן מומרים. געשיכטע פון יידן גרעץ, דובנאָוו און אַנדערע.
34 אין תלמוד און פוסקים וועגן די דינים מומרים און מוסרים, מחרפים ומגדפין...
35 ״יידיש־אַ־בלעטער״, ניו־יאָרק, 1973, ז״ז 187—197.
36 דאָרט, ז״ז 188—190 — באריכות.
37 דאָרט.
38 דאָרט.
39 זע, נחום סאָקאָלאָוו, 1860—1936, שפינאָזאַ, אַ היסטאָריש־פילאָזאָפישע ביאָגראַפיע. 418 ז״ז.
ד״ר יעקב קלאַצקין, זיינע הקדמות צו די איבערזעצונגען פון שפינאָזאָס טראַקטאַט און אַנדערע ווערק; ד״ר יעקב שאַצקי, שפינאָזאַ און זיין סביבה; א. אלמי, דער שפינאָזיסט — אין זיינע ווערק וועגן שפינאָזאַ; א. גינזבורג, ״די צוקונפט״, פעב.

1924, ז״ז 121—125 ; ״דווקא״, אַרגענטינע, מאַי־נומער, 1962, געווידמעט שפּינאָזאַ און אַנדערע.
40 חיים יוסף בּאַראַז, מנחת חיי, הלכות שונות, ניו־יאָרק, תשל״ב, ז׳ 40.
41 ירמיה, כ״ב, י״ט ; סנהדרין, פ״ב, ע״א. זע, דוד כהנא, אבן אופל, ז״ז 87—88.
42 ישעיה, מ״ט, ו׳.
43 שמות, י״ז, ח׳—ט״ז ; דברים, כ״ה, י״ז—י״ט ; דאָרט, כ״ג, ד׳—ח׳.
44 במדבר, ט׳, י״ד ; ט״ו, ט״ו.
45 מלאכי, ב׳, י׳ ; תענית, י״ח, ע״א.
46 ילג״ס לאַזונג.
47 ר׳ יהודה הלויס אַן אויסדרוק, אין ״כּוזרי״, זיין פילאָזאָפיש ווערק.
48 חנה און יוסף מלאָטעק (א. פּאַרשער), ציטירן דאָס ליד אין זייער ״פּערל פון דער יידישער פּאָעזיע״, ״פאָרווערטס״־יובילייִ אויסגאַבע, מאַי, 23, 1982 ; פרייטיק, מאַי, 4, 1984.
49 זיין קינה איז דערשינען אין אַ צאָל אויפלאַגעס, איבערגעזעצט אין עטלעכע שפּראַכן.
50 יחזקאל, ל״ז, ו׳—י״ד.
51 שופטים, ה׳, י״א. דאָס וואָרט ״פרזונו״ — רש״י, רלב״ג, מצודות ציון ודוד און אַנד. ניט ווי יהואש־איבערז. לויטן מדרש : פרזון — ישועה... פסחים, פ״ז, ע״ב. רש״י : ״שלא היו יכולין לכלותם יחד״.
52 זע, האיש על החומה, חלק ג׳, ז׳ 60.
53 מגילה, כ״ט, ע״א ; ירושלמי, תענית, פרק א׳, הלכה א׳ א״א.
54 בנתיבות התלמוד, ז״ז 44—46.
55 תוספתא, ברכות, ב׳, י״ג.
56 תוספתא, שבת, ט״ז, י״ד ; זע, בנתיבות התלמוד, ז׳ 60.

## ד

1 דאָס האָבן געטאָן : עזריאל נתן פרענק (פסעוו. ״פענח״, 1865—1924) ; ש. ל. ציטראָן, (1860—1930) — אין זייערע ווערק וועגן משומדים און אַ רשימה פון משומדים. שאול גינזבורג (1866—1940) האָט פאַרעפענטלעכט אַ ווערק אד״ט ״משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד״, ניו יאָרק, התש״ו—1946.
אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן עזריאל נתן פרענק פון ד״ר נ. מ. געלבער, אין ״אישים ודמויות בחכמת ישראל...״ ערך ד״ר שמואל ק. מירסקי, הוצ׳ ״עוגן״ — הסתדרות עברית באמריקה, תשי״ט—1959, ז״ז 199—204.
שמואל ראָזענפעלד (1869—1943), דער באַוווּסטער פּובליציסט, האָט אין ״צוקונפט״, 1924, ז״ז 231—233, געלויבט די פאַרשאַרבעט פון עזריאל נתן פרענק, דעם לערער, פאָרשער, זשורנאַליסט, וועמעס אַרבעטן זענען דערשינען אין העברעיש, יידיש, פויליש און אין פאַרשיידענע צייטונגען און צייטשריפטן.
2 זע, חיים ליבערמאַן (פאָרשער, ביבליאָגראַף), אהל רח״ל, א׳, ז״ז 71—72, די הערות : חלק שני, התשמ״א—1981, ז״ז 161—186, פרק ״ר׳ נחמן בראַצלאַווער און די אומאַנער משכּילים״.
3 אבות, ד׳, ז׳.
4 ש. ל. שניידערמאַן, יחזקאל האָגע, ״משומד און בעל־תשובה״, ״אידישער קעמפער״, ראש־השנה — נומער, תשל״א, ז״ז 48—54.
5 ע. נ. פרענק אין זיין רשימה פון משומדים.
6 זע, עקיבא פישבין ״יידישער בליק אויף בעטהאָוון״, פאַריז, תשמ״ד—1984, ווי אַ מקור, גיט ער אָן ש. דובנאָוו, געשיכטע פון יידן אין אייראָפּע, באַנד 8, ז׳ 135.

7 דאָרט, ז״ז 187—195.
8 דאָרט, ז״ז 108—109.
9 דרייצן שו״ת אין חלק ו׳, פ״ד—צ״ד. זע, ״האיש על החומה״, מסכת חייו... של מרן הגאון ר׳ יוסף חיים זוננפלד זצ״ל, הרב הראשי של היהדות החרדית בארץ ישראל... ליקט וערך שלמה זלמן זוננפלד, ירושלים, תשל״ד, כרך א׳, ז״ז 100—119 ; 180—183, 233. מהר״ץ חיות, באַרימט אַלס רב, פוסק, מפרש, בעל מחשבה, משׂכיל — אויך ער איז אַרויס מיט אַ ״מאמר מנחת קנאות״, אַנרופנדיק די ראַדיקאַלע רעפאָרמערס ״פורצי גדר״. הרב ד״ר יצחק לעווין, אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן וואַרשעווער רב (״דאָס אידישע וואָרט״, ניסן, תשד״ם, נומ׳ 245) ציטירט פון ״תורת הקנאות״, אַמסטערדאַם, תר״ה, אין וועלכן הרב מייזעלס און אַ צאָל אַנדערע רבנים זענען אַרויסגעקומען מיט די שאַרפסטע ווערטער קעגן ״די פריצי עמנו״.
10 אבות, ג׳, ח׳.
11 זע, נ. שמן, ״לובלין — שטאָט פון תורה, רבנות און חסידות״, טאָראָנטאָ, 1951, פרק ז׳ ״ר׳ שלמה לוריא, דער מהרש״ל״, ז״ז 279—357, באַזונדערס די זייטן 344—351, ברענגט אויסצוגן פון די שו״ת רמ״א, שאלות ותשובות שחיבר הגאון הגדול המפורסם מוהר״ר משה איסרלס זצ״ל מק״ק קראָקאָ, נדפס בעיר המהוללה האנוויא הבירה, בשנת בע״ת ההוא לפ״ק (צווייטע אויפלאַגע) תשובה סימן ו׳. טיילן פון דעם קאַפּיטל זענען איבערגעדרוקט געוואָרן אין ״אנציקלופדיה של גלויות״, כרך חמישי, לובלין, ירושלים—תל־אביב, תשי״ז—1957, ז״ז 111—126 ; אין ״דאָס בוך פון לובלין״, גרויסער פאָרמאַט, פּאַריז, תשי״ג א. נ. ״דער מהרש״ל פון לובלין״, ז״ז 59—82.
12 פירוש המשניות, אבות, א׳, ו׳.
13 א׳, א׳.
14 אויסטייטשונגען פון די ווערטער ״צפנת פענח״, בראשית, מ״א, מ״ח. זע, פירושי התורה לרבינו משה בן נחמן (רמב״ן) הוצ׳ הרב חיים דב שעוועל, הערות אויפן אָרט.
15 זע, ספר רש״י... בעריכת הרב י. ל. הכהן מימון, הוצ׳ מוסד הרב קוק בהשתתפות משרד הדתות של מדינת ישראל, ירושלים, תשט״ו.
16 אין זיינע ווערק ״מענטש איז ניט אַליין״ און ״גאָט זוכט דעם מענטש״ אין ענגליש :

Man is Not Alone

G—d in Search of Man

17 זע הרב אפרים רוקח, האדם במשנת הרב קוק, ניב המדרשיה, אביב, תש״ל ז״ז נ״א—ס״ג.
18 גענוג אָנצווייזן אויף אַרטיקלען אין ״דזשויש סטאַנדאַרט״ :
Julius Hayman, The Jewish Standard, 1982.
פונעם רעדאַקטאָר דזשוליוס היימען און אויף די ווערק פון די הייגטיקע ליבעראַל־טראַדיציאָנעלע בעלי־מחשבה, אין עברית און אין יידיש.
19 ״גאָלדענע קייט״, נומ׳ 102.
20 אויספירלעך וועגן ״שוואַרצן בוך״ — אין אַ סעריע אַרטיקלען פון פּ. נאָוויק, ״מאָרגן־פרייהייט״, 1981 ; ש. ל. שניידערמאַן, אין ״פאָרווערטס״ און אין אַנדערע צייט־שריפטן.
21 ש. ניגער (צוקונפט, סעפּט. 1924), ז״ז 573—575. אויך אַנדערע ליטעראַטור־קריטיקערס האָבן וואַרעם אויפגענומען סטעפאַן צווייגס ווערק. אין דער צייט פון חורבן־אייראָפּע איז סטעפאַן צווייג מיט זיין פרוי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין בראַזיל, ווו ער איז געווען אַ פּליט און אין גרויס פאַרצווייפלונג.
22 אַרטור שניצלער איז געווען שטאָלץ אויף זיין געהערן צום יידישן פאָלק. אין זיין גרעסערער אָפּשאַצונג פון זיינע ווערק ״דער וועג צו פרייהייט״ און זיין דראַמע, ״פּראָפ׳ בערנאַרדי״, דריקט זיך אויס א. גאָלדבערג, אין זיין בוך :
Pioneers & Builders: Biographical Studies and Essays, by Abraham Goldberg, New York, 1943. אַז ער איז געווען טיף דורכגעדרונגען מיט אהבה צו זיין פאָלק.

23 וועגן דער השכּלה אין רוסלאַנד — "העולם", גליון כ"ג, יוני 16, 1931, ז"ז 464—465; שאול גינזבורג (1866—1940), "משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד", ניו־יאָרק, התש"ו—1946.
24 חלק ו', ז"ז 77.

## ה

1 אבות, ב', ב'.
2 זע, י. ד. אייזענשטיין, אוצר, וויכּוחים, ניו־יאָרק, תרפ"ח—1928, וויכּוח הרמב"ן, ז"ז 86—94. זע אויך, כתבי רבנו משה בן נחמן עם... הערות ומבואות מאת הרב חיים דוב שעוועל, כרך ראשון, הוצ' מוסד הרב קוק, תשכ"ד, ויכּוח הרמב"ן — מלחמות ד', ז"ז רצ"ט—ש"כ; ראובן מרגליות, תולדות הרמב"ן, ויכּוח הרמב"ן בשנת ה' אלפים עשרים ושלש.
3 זע ד"ר יהודה קויפמאַן־אבן שמואל, אין זיין מבוא צוט ספר, פאַרעפנטלעכט צוזאַמען מיט דער נייער אויפלאַגע אין יאָר תרע"ט; יהודה דוד אייזענשטיין, אוצר וויכּוחים, ז"ז 115—117; אוצר ישראל, ז' 47 דאָרט, ווי אזוי ער איז געראַטעוועט געוואָרן בעת אַן אַנפאַל פון אַן אויפגעהעצטן המון.
4 יהושע בן סירא, ג', כ"א—כ"ב.
5 מגילת אסתר, ג', ח'.
6 דאָרט, דאָרט.
7 סוטה, כ"א, ע"א.
8 זע, מהרש"א — אויפן אָרט.
9 בערגסאָן איז געווען דער גרעסטער פילאָזאָף אין זיין צייט: ער האָט געבראַכט נייע דערקענטענישן אין פילאָזאָפיע; זע "ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, 1929, נומ' 40, ז"ז 815—816 און אין אַנדערע נומערן וועגן אים. נחום סאָקאָלאָוו, ווי מיר האָבן דערמאָנט, האָט אים געשילדערט, ווי אַ פּולשטענדיקן ייד, ווי טעמערלס איינינקל וואָס שייך גוטסקייט און אהבת הבריות.
מער וועגן אים — זע, יחזקאל קאָרנהענדלער, "יידן אין פאַריז", באַנד 2, פאַריז תשל"א—1970, ז"ז 262—263.
10 ויקרא, כ"ה, ו'.
11 מלאכי, ג', כ'.
12 ישעיה, ל"ה, י'.
13 בראשית, ט', י"ח—כ"ט; זע, א. ש. הרשברג, תולדות הגזע והתרבות אויך זיין מאמר, התחלקות בני אדם לגזעים ומעמדות בתורת משה, העולם גליון ה', פעב. 3, 1931, ז"ז 97—98; הרב דוד שלמה שפירא, ארחים און אין Tradition, Spring-Summer, 1975
14 ישעיה, ב', א'—ה'.
15 דאָרט, נ"א, א'—ב'.

## ו

1 זע, חיים ליבערמאַן, פאַרווערטס־מיטאַרבעטער, זיינע קאָלומס אין די יאָרן 1939—1950 און אין בוכפאָרם, "שלום אַש און קריסטנטום".
זע „דער איד", פרייטיק, ט"ו סיון, מאַי, 29 1953.
2 "מיין ענטפער", פאַרווערטס, אַפּריל 6, 1940, ז"ז 3—7.
3 די גמרא: שבת, פ"ח, ע"ב; יומא, כ"ג, ע"א; גיטין, ל"ו, ע"ב. דער פסוק: "ואוהביו

כצאת השמש בגבורתו — און זיינע ליבהאָבערס זאָלן זיין ווי דער אויפגאַנג פון דער זון אין איר שטאַרקייט" — שופטים, ה׳, ל"א.

4 "הדואר", גליון כ"ט, א׳ סיון, תשכ"ו. זע, "דער איד", פרייטיק ט"ז סיון, מאַי 29, 1953.

5 זע, משה כ"ץ, כ"ץ־בוך, ז"ז 147—153 ; 329—330 — אָפּהאַנדלונג וועגן שלום אַשן אין זיין אָנהייב און אין זיינע סוף־יאָרן, פון "שטעטל" ביז קריסטלעכער פּאַר־ליבטקייט.

6 "צוקונפט", פעב. 1965. וועגן רוימישן וואַטיקאַן און וועגן רוים און ירושלים אין די וואַטיקאַניש־פּויפּסטלעכע באַציונגען — אין אַ ווייטערן פּרק.

7 ויקרא, כ׳, כ"ו.

8 ספרא, קדושים.

9 קהלת, ד׳, י"ב ; מנחות, מ"ג, ע"ב.

10 דברים, כ"ח, י׳ ; ברכות, ו׳, ע"א ; מנחות, מ"ג, ע"ב ; דאָרט, ל"ה, ע"ב.

11 משלי, ב׳, י"ט. זע, ארי׳ פּאַוי, רוים און נצרות, "חסד לאברהם" — גאָלאָמב יובילייַ־בוך.

12 אַנשטייאונג פון קריסטנטום, געקליבענע ציוניסטישע סאָציאַליסטישע שריפטן, באַנד 2, 1926.

13 משלי, כ"ט, כ"ג.

14 ישעיה, ב׳, ב׳.

15 דאָרט, נ"ו, ג׳—ז׳.

16 צפניה, ג׳, ט׳.

## ז

1 אויף דעם וואָרט רמ"ד זאָגן משׂכּילים, אַז אין כּתב־יד איז געווען חמ"ד און דער חתם־סופר האָט געמיינט חכם משה דעסוי, אָבער דער קנאותדיקער ר׳ עקיבא יוסף שלעזינגער האָט אין זיין "לב העברי", פאַרזיכערט, אַז עס איז געווען געשריבן רמ"ד און אַז דאָס זענען ראשי־תבות : רשע משה דעסוי.
אין ירושלים האָט דער קנאותדיקער ר׳ עקיבא יוסף זיך געוווג אָנגעליטן פון נאָך גרעסערע קנאים : מ׳האָט זיינע ספרים פאַרברענט און אים געוואָלט מעניש זיין מיט מכות מרדות... ניטאָ קיין גרענעץ צו קנאותדיקייט.

2 ר׳ משה כּרמילי, ציטירט עס אין זיין "ספר וסייף" פון שלעזינגערס באַהויפּטונג. זע, ספר וסייף, מכון סורא, ירושלים — ניו־יורק, תשכ"ז, ז"ז 186—190, 224—225, 254.

3 פון אַ בריוו צום גאון ר׳ יעקב עטלינגער — אגרות סופרים, וויען־בודאַפּעסט, 1929.

4 געדרוקט אין דראָהאָביטש, תרס"ח—1898. זע אויך, החתם סופר ויחסו להשכלה, "הדואר", גליון כ"ו, ניו־יורק, כ"ו אדר ב׳, תשכ"ז.

5 חגיגה, ט"ו, ע"ב.

6 זע, י. י. ביילין, "געשיכטע", באַנד 2, ז"ז 54—58.

7 אין זיינע ווערק : "אהל רח"ל", באַנד 1 און באַנד 2 ; זע אויך "אידישער קעמפער", פּסח תשכ"ט, ז"ז 11—14.

8 "ייוו"אָ־בלעטער", באַנד 29 און אין זיינע דערמאָנטע ווערק.

9 אַכטער באַנד, בוך צוויי.

10 פירשט דאָלגאָרוקי איז געווען אַ באַקאַנטער געלערנטער אין אוקראַינע.

11 דער האָס איז אַריבער צו אַלגעמיינער שנאת־ישראל, שׂנאה צו זיין אָפּשטאַם — זעלבסטהאָס. האָס קעגן תורה שבעל פה, קעגן תּלמוד און מפרשים, קעגן יידישער הלבשה, קעגן יידישער טראַדיציע...

12 זע, אברהם יצחק בראָמבערג, מגדולי התורה והחסידות, ספר ט"ו, ראשוני הרבנים בוורשה, א. הגאון ר׳ שלמה זלמן ליפשיץ ז"ל (תקכ"ה—1765 ; תקצ"ט—1859), ירושלים תש"ט.

13 דאָרט, הקדמה, ז״ז ה׳—ז׳ ; אין טעקסט, ז״ז קי״ח—קכ״ג.
14 אַ סאָרט טוינביס, דעם ענגלישן היסטאָריקער, שונא־ישראלס הנחות.
15 י. קויפמאַן, ״אידישער קעמפער״, פסח תשכ״ו, ז״ז 61—67.
16 סנהדרין, צ״ט, ע״א. זע, הרב א. הילביץ, ימות המשיח במשנתו של הרמב״ם, סיני, שנה כ׳, כרך מ״א, חוב׳ א׳, רמ״ה, ניסן, תשי״ז.
17 זע, ד. ראָזענטאַל, ״אידישער קעמפער״, פסח תשל״ו, ז״ז 19—24.
18 דאָרט, ז׳ 20.
19 אחד־העם באַרירט דעם דאָזיקן ענין אין אַ צאָל פון זיינע ״אגרות״. זע אויך, ״ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע יאַנ. 1927.
20 זע, ״תעודה בישראל״, תקפ״ט.
21 שמואל א׳, י״ז, מ״ה.
22 זע, שמריהו לעווין, ״זכרונות״ א׳, ז׳ 208 ; ספר רביעי — וועגן דורכפאַל פון רעפאָרם אין זייער קעגנערשאַפט צום ציוניזם. אינעם פרק ״כשלונה של התנועה הריפורמית״, אַנאַליזירט די פאָרויסגעזעענע געפאַרן פון דער רעפאָרם וואָס פירט צו אַסימילאַציע.

## ח

1 וועגן אים — אין מיין סעריע : ״פערזענלעכקייטן״ (פאַרעפנטלעכט אין צייטונגען און אין צייטשריפטן).
2 תהילים צ״ב, ז׳.
3 מחבר פון אַ צאָל ווערק, צוו״א : ״דרכי המשנה״, ״מבוא לתלמוד ירושלמי״ און אַנדערע.
4 דרשות... בראשית־שמות, טאָראָנטאָ—ניו־יאָרק, התש״ו.
5 זע, Kaplan, Centennial Issue, Reconstructionist, July — Aug., 1981.
6 ״פאָרווערטס״, דעצ. 2, 1983.
7 זע, ר׳ חיים ליבערמאַן, ״אהל רח״ל״, ז״ז 161, 294—306. מער וועגן אים — אין מיין סעריע ״משומדים״.
8 אין ענגליש. אַרויסגעגעבן דורך טאָמאַס יאָסעלאָף, ניו־יאָרק, 1960.

# קאַפּיטל אַכט

## גרים

**א. אין דער ביבלישער תּקופה. — אין צייט פון די תּנאים. — אין מיטל־עלטער. — אין דער נייער צייט.**

אין די פריערדיקע ווערק, און אין די פריערדיקע פּרקים, האָבן מיר אָנגעוויזן, אויף אַ צאָל באַוווּסטע גרים אין דער ביבלישער תּקופה, אין מיטל־עלטער און אַז אַזעלכע האָבן מיר אין אַלע צייטן, אַריינגערעכנט — אונדזער צייט.

די רשימה וואָלט געווען אַ לאַנגע. ס'וואָלט זיך געפאָדערט דערצו אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע אָדער לכל־הפּחות אַ לעקסיקאָן פון כּמה וכּמה בענד. מיר וועלן זיך באַנוגענען צו דערמאָנען בלויז אייניקע: דעם ערב־רב פון מצרים; בתיה — פּרעהס טאָכטער, די גרטע רות, אַ מוסטער פאַר אַלע גרים און גרטעס; רחב, וועלכע איז, לויט דער אגדה, געוואָרן אַ גרטע און חתונה געהאַט מיט יהושע בן נון [1].

לאָמיר אַ בליק טאָן אין דער תּקופה פון בית שני, אין דער צייט פון די "זוגות". די צוויי תּנאים אָדער אנשי כּנסת הגדולה שמעיה ואבטליון, ביידע אָפּשטאַמיקע פון גרים. איינער איז געווען נשיא, דער צווייטער אב־בית־דין פון סנהדרין. זייער תּלמיד — הלל הנשיא, אַן אָפּשטאַמיקער פון מלכות בית דוד; זיין נשיאות איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור, אין משך פון הונדערטער יאָרן.

ס'ווערט דערציילט [2] "נעמן גר־תּושב היה; נבוזראדן גר־צדק היה; מבני בניו של המן, למדו תורה בבני ברק; מבני בניו של סיסרא, למדו תורה בירושלים — ומאן נינהו? שמעיה ואבטליון"... אויף אַן אַנדער אָרט ווערט איבערגעגעבן [3] ווען אַ פאַל וואָס האָט אַרויסגערופן פאַרדרוס ביי די צוויי גדולי התּנאים, ווען דער כּהן גדול האָט זיך מתקנא געווען אין זיי, צוליבן כּבוד וואָס דאָס פאָלק האָט זיי צוגעטיילט מוצאי יום־כּיפּור, ווען ייִדן האָבן די צוויי ברידער באַגלייט מיט ברכות און דאַנקבאַרקייט. ער האָט אין פאַרדרוס זיי אָנגערופן "בני עממים", זענען זיי אים נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער און אים געזאָגט: "ייתי בני עממים לשלם, דעבדין עובדא דאהרן..." וויכטיקער איז, אויב מ'טוט דעם פאַרלאַנג און מען פירט זיך אויף לויט אהרן הכּהנס מידות פון שלום ביי ייִדן.

מיר האָבן שוין דערמאָנט דעם מאמר חז״ל[4] אַז דער נביא עובדיה איז געווען אַ גר.

צו די באַרימטע גרים געהערט אונקלוס הגר (געווען צוויי רוימער מיטן זעלביקן נאָמען און אין רוימיש —ביידע עקילס און ביידע גרים) — מיר וועלן בלויז אָנווייזן אויף דעם גר, וועמעס תרגום איז געוואָרן אַ טייל פון תורה שבכתב: ״שנים מקרא ואחד תרגום.״.

אונקלוס הגר איז געווען דער תלמיד פון רבן גמליאל הזקן. זיין תרגום גייט צוזאַמען מיט דער חומש־פרשה, אַזוי פאַרהייליקט איז ער געוואָרן.

ס׳זענען געווען אין אַלטערטום אַ צאָל תרגומים, מיט וועלכע מען באַנוצט זיך נאָך היינט, אָבער בלויז פאַר פאָרשונג, פאַר אַקאַדעמיקער:

תרגום השבעים — סעפטואַגינטאַ — גריכישע איבערזעצונג פון דער תורה;

״פשיטתא״ — די איבערזעצונג, געמאַכט אין דער צייט פון איצאַטוס דעם הדייב־קעניג, פאָטער פון קעניג מונבז, וואָס האָט זיך מגייר געווען צוזאַמען מיט זיין פרוי, די באַרימטע הילני (העלענא) המלכה, וועלכע ווערט דערמאָנט מיט לויב. זי האָט אַ סך בייגעטראָגן צום בית־המקדש. צווישן אירע נדבות איז געווען אַ ״נברשת של זהב״ (אַ ענגלייכטער פון גאָלד)[5].

די ״וואולגאַטאַ״ — די לאַטיינישע איבערזעצונג פון הירונימוס, דעם שונא־ישראל, (4טער יאָרהונדערט) האַלט אָן עד היום. פאַראַן תנ״ך־איבערזעצונגען אין כמעט אַלע לשונות. פאַרהייליקט ביי אונדז איז דער תרגום־אונקלוס. ס׳ווערט דערציילט[6], אַז אונקלוס דער גר איז געווען אַ שוועסטערקינד פון קעניג אַדריאַנוס, ער האָט זיך געוואָלט מגייר זיין, האָט אָבער מורא געהאַט פאַר דעם פעטער דעם קעניג רשע, וועלכער ווערט תמיד דערמאָנט מיטן צוגאָב ״שחיק טמיא״. האָט ער אים איינגערעדט, אַז ער וויל פאָרן קיין אויסלאַנד צוליב מסחר.

אונקלוס איז געקומען קיין ארץ־ישראל, דאָן יהודה, פאַרלאַנגט פון די חכמים זיי זאָלן לערנען מיט אים תורה. האָבן זיי אים דערקלערט אַז תורה האַלט זיך נאָר ביי די וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם ״ברית אברהם״. האָט ער איינגעשטימט און דורכגעמאַכט דעם מילה־אַקט, זיך גענומען לערנען בהתמדה און זיין פנים האָט געקראָגן אַ נייע צורה.

ווען ער איז צוריקגעקומען קיין רוים און אַדריאַנוס קיסר האָט אים דערזען, האָט ער אים באַלד געפרעגט, פאַר וואָס זיין פנים איז געענדערט געוואָרן...

״כ׳האָב געלערנט תורה און זיך געמלט, בין איך געוואָרן אַן אַנדער מענטש, געקראָגן אַ ניי פנים״. — האָט אים אונקלוס געענטפערט.

אונקלוס הגר איז געוואָרן דער גרויסער תורה־קענער, געקראָגן לויט אייניקע אגדות רוח הקודש און זיין תרגום איז פאַרהייליקט געוואָרן.

שמואל דוד לוצאַטאָ (אין זיין ספר "אוהב גר" [7]), רעדט וועגן דער גרויסקייט פונעם דאָזיקן גר־צדק און וועגן דער וויכטיקייט פון זיין תרגום. די כוונה — האַלט ער — איז געווען צו פאַרלייכטערן דאָס לערנען תורה פ אַ ר און מ י ט גרים. דער תרגום איז אָבער גלייכצייטיק געוואָרן אַ הויפּט־פּירוש צו דער תורה. שד"ל ווידמעט אַ שיר אין ארמית לכבוד אונקלוס, אָנרופנדיק אים "גיוראָ יקיראָ... מותב יקרך מן שמעיא... בסיעת רחמוהי די אלהה אברהם..."

ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין אגדות חז"ל און אויך ביי פאַרשערס, זענען געווען אין יענער תקופה, צוויי גרים מיטן דאָזיקן נאָמען — אין רוימיש — עקילס און אַז דער אַנדערער איז געווען דער, וואָס האָט געפּרעגט ביי אַנדריאַ־נוסן אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן פון לאַנד און יענער האָט דאָס פאַרטיידיקט די יידישע אמונה [8]; און ער איז דאָס געווען דער גר, וואָס האָט געוואָלט מ'זאָל אים לערנען די תורה "אויף איין פוס" און אַ דאַנק הלל סבלנות, איז ער געוואָרן אַ גר־צדק.

הלל הזקן, ווי ער ווערט גערופן, האָט געשטאַמט פון דער בית־דוד־דינאַסטיע און איז געווען אַ תלמיד פון די גרים־ברידער שמעיה ואבטליון. ער ווערט אויך גערופן הלל הבבלי, ווייל ער האָט אַ צייט געוווינט אין בבל. ער איז געוואָרן דער באַרימטער אָנפירער פון סנהדרין, אָנערקענט אַלס אויטאָריטעט וואָס האָט באַשיינט די לערע פון די פּרושים מיט אַן אָרעאָל פון מאָראַלישער דערהויבנ־קייט. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ נייע ריכטונג אין דער געזעצגעבונג מיט אַ צאָל תקנות וואָס האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג אויפן יידישן סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן, ווי דער "פּרוזבול" וואָס שייך שמיטה, און ענלעכע תקנות אין שייכות מיט "בין אדם לחברו"־פליכטן. ער איז געווען דער, וואָס האָט מקרב געווען דעם גר, וואָס האָט געוואָגט צו פאַרלאַנגען מ'זאָל אים אויסלערנען תורה אין אַזאַ קורצן צייטאָפּשניט.

וואָס האָט ער אים געלערנט? "מה דעליך סני לחבריך לא תעביד" — דאָס וואָס דו וואָלסט נישט וועלן מ'זאָל דיר טאָן, זאָלסטו נישט טאָן צו דיין חבר. ער האָט לייכטער געמאַכט פאַר דעם גר, די מצווה "ואהבת לרעך כמוך" [9], אויף דעם נעגאַטיוון אופן, וואָס פירט צו דעם פּאָזיטיוון...[10]. מיט זיין סבלנות, מילדקייט, גוטסקייט האָט ער מקרב געווען מענטשן צו תורה און יידישקייט. ער האָט געלערנט: "האָב ליב מענטשן און דערנענטער זיי צו תורה" [11], האָב ליב שלום — יאָג נאָך דעם שלום און "אויב איך וועל אַליין נישט טאָן פאַר זיך, טאָ ווער וועט טאָן פאַר מיר..."[12]

צו די באַרימטע אָפּשטאַמיקע פון גרים אין דער תנאים־עפּאָכע, געהערט רבי עקיבא בן יוסף (געלעבט 120 יאָר), דער גרויסער תנא און קעמפער קעגן דער רוימישער הערשאַפט, וועלכע האָט מיט פייער און שווערד, בלוטיק און

גרויזאַם, צעשטערט די ייִדישע זעלבסטשטענדיקייט, אונטערדריקט ייִדן אויף די ערגסטע אופנים און באַשטימט הורדוסן אַלס מושל איבער יהודה.

הורדוס האָט געדינט געטריי זיינע האַרן, אויסשעכטנדיק די לעצטע רעשטלעך פון דער חשמונאים־דינאַסטיע, אַריינגערעכנט זיין אייגענע פרוי, די שיינע חשמונאים־פּרינצעסין מרים און זיינע אייגענע זין פון דער פּרינצעסין. די פּרושים האָבן אָנגעפירט אַ פּאַסיוון קאַמף קעגן דעם דעספּאָטישן רעזשים און זיך פאַרנומען מיט אויסטייטשן די תּורה שבכתב, געשאַפן תּורה שבעל־פּה, די מינדלעכע תּורה.

רבי עקיבא איז געווען דער איינציקער פון די תּנאים וועלכער האָט געהאָלפן בר כּוכבאַן אין קאַמף קעגן די רוימער. ער איז געווען קעמפער און טרייסטער, געשטאַרקט זיינע חברים מיטן פסוק אין זכריה[13] און זיי האָבן צוגעגעבן: "עקיבא, נחמתנו" — עקיבא, דו האָסט אונדז געטרייסט.

מיר האָבן אַ גאַר רייכע ליטעראַטור וועגן דער ראָל פון רבי עקיבא אַלס גדול התּנאים[14]. אויב הלל הזקן, יוחנן בן זכּאי און די אַנדערע פון תּקופת בית שני. האָבן זיך פאַראייביקט אין אונדזער געשיכטע ווי די שעפערס פון דער תּורה שבעל פּה און אָנפירערס פון סנהדרין, האָט רבי עקיבא דערגרייכט זיין גרויסקייט ווי דער גדול התּנאים, דער קעמפער קעגן די רוימישע גזירות, ווי דער וואָס האָט מקריב געווען זיין לעבן אויף קידוש השם.

רבי עקיבא, ווי די אגדה דערציילט אונדז, האָט דורכגעמאַכט אַ זייער שווער לעבן. אַ דאַנק זיין פרוי רחל האָט ער באַוויזן דורכצוקומען און דורכצוברעכן אַלע שוועריקייטן, געוואָרן דער אָנגעזעענסטער תּלמיד ביי ר׳ אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה און נאָך דעם געוואָרן דער רבי פון טויזנטער תּלמידים. די אגדה שטעלט אים אין איין ריי מיט משה רבנו, מיט הלל הזקן, דער ערשטער וואָס האָט געבראַכט די תּורה שבכתב און דער צווייטער — די תּורה שבעל פּה, די מינדלעכע לערע. ער איז געווען פון די ערשטע צונויפצושטעלן קאָדעקסן, ווי "משנת רבי עקיבא" און אַנדערע ספרים פון יענער צייט. גענוג צו דערמאָנען ספרי, ספרא או״ו — "וכולם אליבא דרבי עקיבא".

ווען ס׳איז צו ר׳ יהודה בן בבא און צו ר׳ חנניה בן תּרדיון אָנגעקומען די טרויעריקע נייס אַז דער רוימישער לעגיאָן אין קיסריה האָט אכזריותדיק אומגעבראַכט רבי עקיבאַן — ווערט דערציילט אין מסכת שמחות — האָבן זיי אין גרויס טרויער זיך אָנגעגורט מיט זעק און געזאָגט, געלאָזט וויסן, "אחינו שמעוני, לא נהרג רבי עקיבא על הגזל ולא על שלא עמל בתורה, לא נהרג רבי עקיבא אלא למופת" — ער איז געבליבן ל מ ו פ ת, דער ווונדערמענטש פאַר אַלע דורות.

רבי עקיבא איז געווען דער איינציקער וואָס איז אַריין אין פּרדס און אַרויס בשלום[15]. נישט געקוקט אויף זיינעליידן, האָט ער מצדיק געווען דעם דין און

נישט געפרעגט: "זו תורה וזו שכרה"? ער האָט געלערנט: "חייך קודמין"[16], ווען בלויז איינער קאָן געראַטעוועט ווערן; צו דער זעלביקער צייט געלערנט, "חביב אדם שנברא בצלם"[17], אַז געליבט איז דער מענטש, י ע ד ע ר מענטש, און גאָר באַזונדערס, דער יידישער מענטש וואָס איז באַשאַנקען מיט תורה. עס איז די אויפגאַבע פון יידן צו פאַרשפרייטן די געטלעכע לערע צו אַלע מענטשן, צו אַלע פעלקער.

רבי עקיבא איז גרויס געווען אין נגלה, אין הלכה, אין פּלפּול און נישט ווייניקער אין אגדה, אין קבלה־מיסטיציזם. ער האָט געדרשנט אויף יעדן אות אין דער תורה תּלי תּלים הלכות און פון אים האָבן געלערנט ר׳ שמעון בן יוחאי, רבי מאיר און זייער תּלמיד ר׳ יהודה הנשיא, דעם מסדר פון דער משנה.

רבי עקיבא — ווי דער רמב״ם ווייזט אָן — איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון גרים: "ורבי עקיבא בן יוסף קיבל מרבי אליעזר הגדול ויוסף אביו גר צדק הי׳"[18].

הרב מרדכי הכהן פרעגט אָפּ אַז ר׳ עקיבא איז געווען אַ אָפּשטאַמיקער פון גרים, ער באַמיט זיך צו באַווייזן אַז דאָס האָבן זיינע קעגנערס אויסגעטראַכט, אַז יוחנן תורתא וואָס איז געווען אַ גר־צדק[19], זאָל דאָס געווען פאַרשפרייטן דעם דאָזיקן פאַקט, ווייל ער איז געווען קעגן דעם בר כּוכבא־אויפשטאַנד און געזאָגט צו רבי עקיבא: "יעלו עשבים בלחייך ועדיין בן דוד לא בא"[20]. ער שטעלט די פראַגע וועגן אַ מקור פאַר דעם רמב״מס באַהויפּטונג. ר׳ צדוק הכהן מלובלין, דער אדמו״ר, גאון וצדיק אויף וועמען מ׳קען זאָגן: "כל רז לא אנס לי" — ער גיט אָן אַ מקור: רב נסים גאון אין זיין פירוש[21] קאָמענטירט: "איתא בסנהדרין, בפרק כל ישראל יש להם חלק[22], מבני בניו של סיסרא לימדו תורה בירושלים, ומאן אינון ר׳ עקיבא".

די דאָזיקע גירסא ווערט געבראַכט אין אַ צאָל ספרים[23]. אין ספר היוחסין ווערט געבראַכט: "רבי עקיבא בן יוסף, גר צדק, מבני בניו של סיסרא". אין כּמעט אַלע ביאָגראַפישע ספרים, אין וועלכע ר׳ עקיבא ווערט דערמאָנט, ווערט געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ בן־גרים.

ר׳ מרדכי הכהן האַלט זיך אָבער פעסט ביי זיין באַהויפּטונג, אַז דער תּנא ר׳ עקיבא האָט בשום אופן נישט אָפּגעשטאַמט פון דעם נואף סיסרא, אָדער דעם רשע המן: "וכי אפשר להעלות על הדעת, כי התנא הגדול והקדוש הזה, רבי עקיבא, שאמרו עליו[24] שהיה שקול כמשה רבנו, יאמרו עליו שהיה חס ושלום, מזרעו של המן הרשע האגגי, העמלקי, שאין מקבלים מהם גרים"...[25]. זיין איבערצייגונג איז אָבער נישט קיין ה י ס ט אָ ר י ש ע איבערצייגונג. דער רמב״ם און די גדולי היוחסין זענען פאַר אונדז גענוג, אַז דאָס איז געווען אַ פאַקט, אַ

גענעאַלאָגישע שושלת וואָס האָט זיך דערהויבן צום גרעסטן יִחוס עצמו, צוליב תּורה און מעשים.

אויב שמעיה און אבטליון, די הויפּט פון סנהדרין, די באַגרינדערס פון דער תּורה שבעל פּה — האָבן אָפּגעשטאַמט פון גרים, פאַר וואָס נישט געקענט זיין דאָס זעלבע מיט רבי עקיבא. אַ פאַקט איז דאָך, אַז חז״ל זאָגן, אַז רבי עקיבא האָט נישט געהאַט קיין זכות אבות[26] — זאָל מען זאָגן, אַז דאָס מיינט בלויז, אַז זיינע עלטערן זענען געווען פּשוטע מענטשן ?

אַ פאַקט איז דאָך, אַז אַ גאַנצע ריי תּנאים און אמוראים האָבן געשטאַמט פון גרים: פון די תּנאים: רבי מאיר, בן הא־הא, בן בג בג[27], יהודה בן תורתא, יהודה בן גרים, בנימין גר המצרי — תּלמיד פון רבי עקיבא, ר׳ שמואל בר יהודה און אַ סך אַנדערע.

פון די אמוראים: ר׳ שמואל בר שילת, וואָס איז געווען אַ מלמד תינוקות[28], ר׳ שמואל בר יהודה — ער מיט זיין פאָטער האָבן זיך מגייר געווען[29],רב מרי בר רחל — רבא האָט אים געכשרט צום גבאות, דער ענטפער: ״אמו מישראל, זיין מוטער איז געווען אַ ייִדישע״[30].

אין ״אגרות הראי״ה״[31], שרייבט הרב קוק זצ״ל, אַז איסור גיורא, דער זון פון מרי, איז געווען אַ זון פונעם גר, וואָס ״הורתה״ איז געווען ״שלא בקדושה״ און ער וואָלט נישט פאַררעכנט געווען פאַר אַ זון וועגן ירושה, ווייל ״גר שנתגייר כקטן שנולד דמי״[32], האָט מען אים געגעבן אַן עצה, ער זאָל מאַכן ״קונה זיין צו רב מרי...״ נישט צעשטערן אויף דער גר־הלכה, ווי די גמרא[33] זאָגט: ״גר דן את חברו דבר תורה ואם היתה אמו מישראל דן אפילו ישראל...״ האָט מען געמאַכט תּקנות, כּדי די באַציִונג זאָל זיין אַ מילדערע.

איז איינער געוואָרן אַ גר און נאָך דעם האָט ער זיך איבערגעקלערט און צוריק אַריבער צו זיין היידנישער אמונה, האָט ער שוין דעם דין ווי אַ ישראל מומר, ווי אַ ייִד וואָס האָט זיך געשמדט, ווייל ער איז שוין, ווי דער רשב״א[34] דריקט זיך אויס, ״נזרע בישראל״: זיינע קדושין זענען קדושין און זיין גט איז אַ גט; זיין פּרוי איז פאַרבאָטן, ביז ער גט זי, לויטן ייִדישן דין.

די נעגאַטיווע באַציִונג צו גרים איז געווען אין געוויסע צייטן און באַדינגונגען, ווען מען האָט געטראַכט אַז דאָס גרות איז נישט געקומען פון איבערצייגונג, נאָר צוליב באַקוועמלעכקייט. מ׳האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון מאַסן־גרות, צוליב דער מוראָ פאַר אַסימילאַציע, געמישטע חתונות און אַלץ וואָס קען פירן צו סכּנה פון ייִדנטום, וואָס אידענטיפיצירט זיך מיט תּורה: בכתב און בעל פּה.

ס׳זענען אין אַלע צייטן צוגעקומען אָנגעזעענע, איבערגעצייגטע גרים, ווי למשל שלמה מולכו (1500—1532) אַ מקובל און אַ קדוש, וועלכער האָט געוואָלט ברענגען ישועה פאַר ייִדן. ער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם אין מאַנטואַ,

איטאַליע, אין יאָר רצ״ב־1532. זיין אייניקל הרב ר׳ שלמה מולכו, ווי ער ווערט טיטולירט ״גאון מופלא״, איז געווען פון די גדולי הרבנים אין סאַלאָניקי און אַ מרביץ תּורה אין איזמיר[35]. (סמירנע).

ס׳זענען געווען גרים וואָס זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם פאַר זייער נייער אמונה — דער באַרימטסטער צווישן די דאָזיקע איז דער ווילנער קדוש און גר־צדק גראַף פּאָטאָצקי, אַ פּויליש־ליטווישער פריץ וואָס האָט זיך איינגע־לעבט מיט ייִדן און מיט דער ייִדישער אמונה און איז געגאַנגען אויפן שייטער פאַר דער ייִדישער אמונה.

געווען רבנים גרי־צדק, איינער פון אַזעלכע איז געווען דער רב ר׳ אהרן משה יצחק פון שוועדן. ער האָט זיך מגייר געווען אין יאָר תק״ט — ער ווערט טיטולירט ״רב גאון, חסיד ומקובל״. ער איז נפטר געוואָרן אין אַמסטערדאַם ל׳ אדר ראשון, תקס״ג[36].

אין אונדזער צייט האָבן מיר צו פאַרצייכענען אַזעלכע גרים ווי עמע פּאַליער, וועמעס אויטאָביאָגראַפיע געהערט צו דער קלאַסישער מעמואַריסטיק. אַזאַ גר־צדק איז געווען ד״ר אברהם קאַצודזשי, דער באַוווסטער יאַפּאַנישער געלערנטער, מחבר פון אַ צאָל ביכער, צווישן זיי אַ בוך מיטן נאָמען ״די יאַפּאַנער און דער ייִד״. אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ יאַפּאַנישער אַדל־משפחה, איז ער איבערגעגאַנגען צום ייִדנטום בלב ונפש, ליידנדיק נויט און דחקות און דאָך געפונען מנוחת־הנפש אין דער ייִדישער אמונה.

צו דער ריי פון אַזעלכע גרים געהערט אברהם סטיווענס פון קאַליפאָרניע, דער גר־צדק וואָס האָט פאַרלאָזט זיין געבורטלאַנד, זיין היים און סביבה און זיך באַזעצט אין דער פרומסטער געגנט פון ירושלים, ווו ער איז מקיים דער ״והגית יומם ולילה״, לערנט תּורה טאָג און נאַכט.

אַ גר־צדק איז דער הויך־געלערנטער תּנ״ך־פאָרשער געאָרג פירער. ער מיט זיין פרוי און קינדער, אַלע גרים, איבערגעגעבענע ישראלים. אַזאַ גר איז אויך יוחנן ארנון, דער ביבליאָטעקאַר פון דער אחד העם שער־ציון־ביבליאָטעק אין תּל־אביב. אַ געבוירענער ביי אַן אַריסטאָקראַטיש־קאַטוילישער פאַמיליע אין דער שווייץ, האָט ער געפונען מנוחה אין ייִדנטום, אין דער ייִדישער אמונה.

אין דער געשיכטע פון גרות, פאַרנעמען די פרויען אַ גרעסער און חשובער אָרט פון די מענער. די רשימה איז צו גרויס, מ׳זאָל זי קענען אויסרעכענען. אָנהייבנדיק פון בתיה, דער טאָכטער פון פּרעה מלך מצרים, וועמען די אגדה האָט איינגעהילט אין אַ גרות־לבוש; רחב, פון כּנענישן אָפּשטאַם, וואָס האָט לויט דער אגדה זוכה געווען צו ווערן יהושעס ווייב, ביים פירן די ייִדן צום לאַנד פון זייער צוזאָג. די באַרימטסטע איז רות, די גרטע וועלכע האָט געזאָגט: ״עמך עמי

ואלהיך — אלהי״. די צאָל פון פרויען, איבערגעגאַנגענע צום ייִדנטום, איז גרעסער ווי די צאָל מענער.

אין זיין ספר ״דור דור ומנהגיו״ [37], שרייבט שלמה אשכנזי, וועגן ״גיורות צדקניות״, און נאָכן אויסגעצייכנטן באַלערנדיקן אַריינפיר, גיט ער אַ רשימה (פאַרשטייט זיך נישט קיין פולע) וועגן די גיורות אין דער תּנ״ך־תּקופה, וועגן די גיורות אין דער תּקופה פון בית־שני, וועגן גרטעס אין צייט פון חורבן און נאָכן חורבן.

וועגן דער גרטע בלוריא האָבן מיר שוין נישט איין מאָל דערמאָנט [38]. זי איז געווען די פרוי פון אַ רוימישן מיניסטער, זי האָט זיך מגייר געווען, געפרעגט שאלות פאַר רבן גמליאל און ר׳ יוסי — דער לעצטער האָט זיך פאַרנומען מיט איר, אויפצוקלערן אירע קשיות [39]. ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז זי איז עס די באַוווסטע רוימישע פרוי פּאולאַ בוטעריאַ, אויף וועמעס קבר אין רוים מ׳האָט געפונען פאַרצייכנט, אַז זי איז איבערגעגאַנגען צום ייִדנטום און מ׳האָט איר אַ נאָמען געגעבן שרה. זיבעצן יאָר האָט זי געלעבט אַלס ייִדישע [40].

מיר האָבן אויך שוין געשריבן אויספירלעכער [41] וועגן הילני (העלענא) המלכה, די פרוי פון קעניג מונבז פון הדייב (אָדער האַדאַיעוו). פאַרשערס האַלטן, אַז דאָס איז די שטאָט נינוה, אין איראַק. זי האָט זיך מגייר געווען זעקס־און־צוואַנציק יאָר פאַר איר טויט. זי האָט געטאָן גרויסע זאַכן פאַר דעם בית־המקדש. זי איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין ירושלים, אויפן אָרט, וואָס ווערט גערופן ״קברי המלכים״.

די גיורת פולוויאַ, די פרוי פון אַ רוימישן סענאַטאָר, פלעגט זיך נוהג זיין צו שיקן מתּנות צום בית־המקדש אין ירושלים דורך ייִדישע שליחים. ווען די רעגירונג האָט זיך דערפון דערוווּסט האָט איר געדראָט אַ האַרבע שטראָף. ס׳איז געשען אַ נס און זיי אַלע, אַריינגערעכנט די דאָזיקע פרוי, זענען געראַטעוועט געוואָרן — און לויט אָנווייזונגען פון היסטאָריקערס האָט זי זיך נאָך דעם מגייר געווען [42].

אַ רוימישע גיורת וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן, איז געווען פלאַוויאַ דאָמיטילאַ, די פרוי פון קאָנסול פלאַוויוס קלעמענס, פריינד פון קיסר דאָמיטיאַנוס, ייִנגערער זון פון אַספּאַסיאַנוס און טיטוסעס ברודער. זי, מיט איר מאַן, זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. זיי האָבן זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפן פון לאַנד און צוזאַמען מיט זיי זענען אַ סך ייִדן געראַטעוועט געוואָרן. ס׳איז דאָ אַ דעה, אַז זיי זענען עס די גרים קטיעה בר שלום — קלעמענס אין רוימיש מיינט נחת, שלום; אַנדערע האַלטן, אַז קטיעה בר שלום, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער גמרא [43], איז אונקלוס בר קלוניקוס, שוועסטערקינד פון טיטוס.

לויט דער באַהויפּטונג פון פאַרשערס איז די צווייטע פרוי פון רבי עקיבא געווען אַ גיורת. איר נאָמען איז געווען רופינאַ, פריער איז זי געווען די ווייב

פון טורנוס רופוס, דעם רוימישן מושל אין יהודה אין דער תקופה פון בר־כוכבא. דאָס איז די "מטרונא" וועלכע האָט ליב געהאַט ייִדן, האָט זיך מגייר געווען און חתונה געהאַט מיט ר' עקיבא. איר ערשטער מאַן, דער רשע טורנוס רופוס, האָט פאַרטריבן די ייִדן פון ירושלים, פאַראַקערט דאָס אָרט פון בית־המקדש — ער ווערט דערמאָנט מיטן צוגאָב פון די ווערטער "שחיק עצמות" — ימח שמו.

דער דאָזיקער רשע האָט כסדר געהאַט וויכּוחים מיט רבי עקיבא — און לסוף האָט ער פאַרמשפּט דעם גרויסן מנהיג צו טויטשטראָף אויף דעם אכזריות־דיקן אופן [44].

מיר זעען אַ צופלוס פון גרטעס אין דער עפּאָכע, ווען ייִדן זענען געווען בשפל המצב, געווען אויסגעשטעלט צו כּל מיני סכּנות און אומקום חלילה און דאָך, האָבן די, דאַן דערהויבנסטע, מעכטיקסטע, געזוכט שלות־הנפש אין ייִדנטום.

צו דערמאָנען נאָך אַ פּרוי פון דער עליטע, די קעניגין זינאָוויאַ (אין 3טן י"ה), די פרוי פון פפא בר נצר, קעניג פון תּדמור (פּאַלמירא), זייער אַ קלוגע און געלערנטע פרוי, וואָס האָט געפירט זיגרייכע מלחמות, אָבער לסוף גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט ביי די רוימער [45].

ש. אשכּנזי אין זיין רשימה דערמאָנט אַ צאָל באַקאַנטע גיורות; אָבער, וואָלט איך געזאָגט, דאָס איז "אחת מני אלף"...

ער דערמאָנט די פרוי פון ר' דוד דעם ראש הקהילה פון נאַרבאָן (נרבונה, דרום־פראַנקרייך). איר נאָמען איז געווען יעקאַטערינאַ זאַלאָשאָווסקי פון קראָקע (1539—1450). צוליב איר גרות־אַקט איז זי פאַרברענט געוואָרן אויף אַן עפנט־לעכן אויטאָדאַפע־שייטער, אַנצושרעקן אַנדערע קאַטאָליקן, זיי זאָלן נישט טראַכטן וועגן מגייר זיין זיך. נישט איין גרטע אָדער גר איז געפאַלן אויפן שייטער ווי קדושים, צוליב זייער איבערגעגעבנקייט צו דער ייִדישער אמונה.

צו דערמאָנען אַזאַ פרוי, ווי רבקה אַריאַס. איר מאַן איז געווען דער מאַראַן (פון די שפּאַנישע אנוסים), איבערזעצער פון פלאַוויוסעס "אַנטי אַפּיאָן" פון גריכיש אויף שפּאַניש. זי האָט אַ צייט געוווינט אין אַנטווערפּן, בעלגיע, און די לעצטע יאָרן אין אַמסטערדאַם, וואָס איז דאַן געווען אַ גרויסער ייִדישער צענטער.

אין דובנאָ, פוילן, האָט אַ גלחס אַ טאָכטער זיך מגייר געווען און באַצאָלט מיט איר לעבן פאַר איר טאַט. אין איטאַליע, האָט וואַלעריאַ פלאַוויאַ, פון רוימישן אָדל, זיך מגייר געווען נאָך דעם ווי זי האָט באַזוכט די ייִדישע בתּי־תּפילה. האָט מען איר אָנגעטאָן גענוג צרות. צוליב די גרים און גרטעס האָט מען אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע גזרות, כּדי אָפּצוהאַלטן דעם דאָזיקן שטראָם.

אין אַמעריקע האָט עדה אייזיקס מענקען זיך מגייר געווען, געשריבן פּאָעמעס און אַרטיקלען וועגן ייִדן, געהאַלטן אַ דרשה אין אַ שול. ס'איז וועגן איר אַ סך

געשריבן געוואָרן. אין אַמעריקע מיט איר פּרייהייט־גלאָקן, האָט דאָס געקענט פּאַסירן, נישט צו האָבן אויסצושטיין רדיפות.

אין דייטשלאַנד איז צו דערמאָנען איינע פון אומצייליקע גרעטעס: נאָהידאַ רות־לאַצאַרוס (1849—1927), אַן אָפּשטאַמיקע פון פּרייסישן אַדל, וואָס האָט שטאַרק געצויגן צו ייִדישקייט. נאָכן טויט פון איר ערשטן מאַן דעם קריסט, האָט זי זיך מגייר געווען, חתונה געהאַט אין 1881, מיטן באַרימטן פאָרשער און שריפטשטעלער מאָריץ (משה) לאַצאַרוס (תקפ״ד־תרס״ג; 1824—1903). זי איז פריער געווען זיין תּלמידה. זי איז געוואָרן אַ באַרימטע שרייבערין. צווישן אירע ווערק — אַן אַרבעט וועגן תּפילה, תּנ״ך און תּלמוד, די ייִדישע פרוי, און אַ צאָל אַנדערע וויכטיקע ווערק אין דייטש.

אַ ברייטע ביאָ־ביבליאָגראַפישע אָפּהאַנדלונג גיט אונדז שלמה אשכּנזי וועגן דער רוסיש־פראַנצויזישער גרעטע אַריאַדנאַ — שפּעטער שרה־אַלעקסאַנדראָווע, טאָכטער פון באַוווסטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר אַלעקסאַנדער ניקאָלאַיעוויטש סקריאַבין. זי איז געווען די מומע פון סאָוויעטישן אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו און פרוי פון ייִדיש־פראַנצויזישן זשורנאַליסט דוד קנוט. זי איז אומגעקומען ביי די נאַציס אין יאָר 1944.

אַ באַוווסטע גרעטע איז געווען די פרוי פון מאַרטין בובער (מרדכי זאב, 1878—1965), זי איז געווען אַ זשורנאַליסטקע און האָט אַ סך געהאָלפן איר מאַן. זי האָט געענדערט איר נאָמען פון פּאַולאַ אויף יהודית (תרל״ה־תשי״ח: 1875—1958).

געווען אויך אַ סך פרויען, וועלכע האָבן געלעבט מיט באַרימטע ייִדישע מענער, ליב געהאַט ייִדן, ליב געהאַט די ייִדישע געזעלשאַפט, אָבער זיך נישט מגייר געווען, געבליבן ביי זייער אמונה — און וועגן אַזעלכע האָבן מיר געשריבן אין פריערדיקע ווערק [46].

איינע פון די דאָזיקע איז געווען די באַוווסטע דיכטערין אלישבע ביכאָווסקי (1888—1949) וועלכע האָט זיך נישט מגייר געווען, נישט געקוקט אויף איר דיכטן אין העברעיש. איר אָפּשטאַם: דער פאָטער — אַ פּראַוואָסלאַוונער גלח און די מוטער — אַן אירלענדיש־קאַטוילישע. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ ייִדן (ניסן תרפ״ה), געלעבט אין ארץ־ישראל און אויף איר ערשטן לידערבוך געצייכנט די ווערטער ״עמך עמי״...

מיר האָבן שוין געשריבן וועגן איר, אָבער כּדאַי נאָך אַ מאָל ווידמען עטלעכע שורות דער מערקווירדיקער אלישבע. אַ יונג מיידל ביי רייכע רוסיש־ענגלישע עלטערן, דערצויגן אין רוסיש, האָט זי דורך אַ צופאַל זיך באַקענט מיט אַ ייִדיש מיידל, געוואָרן באַגייסטערט פון ייִדישן לעבן און זיך גענומען פלייסיק לערנען ייִדיש און העברעיש. זי האָט חתונה געהאַט מיט איר לערער, שמעון ביכאָווסקי,

דעם פריינד פון יוסף חיים ברענער (1881—1921), אורי ניסן גנעסין (1879—1913) און אַנדערע העברעישע שריפטשטעלערס פון יענער תּקופה. פון עליזאַבעט זשאַרקאָוואַ איז געוואָרן די העברעישע אלישבע. פּיזיש האָט זי זיך נישט מגייר געווען; על־פּי הלכה, איז זי געבליבן נישט־ייִדיש, אָבער גייסטיק — זיך טובל געווען אין אהבה צום ייִדישן פֿאָלק, צום לשון־הקודש און צום הייליקן לאַנד. זי האָט אַפילו מקבל געווען באהבה איר ליידן צוליב איר ייִדישקייט. איר מאַן איז פּלוצלינג געשטאָרבן; זי איז געבליבן אַן אלמנה, עלנט און אָרעם. איר איינציקע טאָכטער האָט זי פֿאַרלאָזט, אַוועק צום קריסטנטום. זי, אלישבע, האָט געלעבט אין תּל־אביב אין נויט און דחקות, ביז זי האָט געפֿונען איר אייביקע מנוחה ביים כּנרת־ברעג, ביים קבר פון איר מיטצייטלערין, רחל.ביידע האָבן הערלעך באַזונגען דעם כּנרת. ווי אירע פריינד האָבן איבערגעגעבן, איז זי געווען אַ צופרידענע, נישט געקוקט אויף אירע מאַטערנישן. זי איז געווען צופרידן צו טיילן איר גורל מיט ייִדן, ביי וועלכע זי האָט געזען די דערהויבנסטע מענטשן.

אין דער ריי פון גרי־צדק אין אונדזער צייט, קענען דערמאָנט ווערן די פרוי קלאַרין עדן, אַ "שוועסטער". זי איז געבוירן געוואָרן אין בעלגיע ביי רייכע קאַטוילישע עלטערן, שטודירט סאָציאָלאָגיע אין אָרטיקן אוניווערסיטעט און דאָך געפילט אַן אומצופרידנקייט. זי האָט זיך פאַרליבט אינעם סטודענט אהוד, פון מעדיצינישן פאַקולטעט, זיך גענומען פלייסיק לערנען ייִדישקייט, געוואָרן גייסטיק נאָענט צום ייִדישן שטייגער־לעבן און לסוף זיך מגייר געווען אין בעלגיע. זי, צוזאַמען מיט איר מאַן, האָבן זיך באַזעצט אין ישראל, ווייל — ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט — זי האָט געפילט, אַז בלויז צו זיין די ווייב פון אַ ייִד און מוטער פון ייִדישע קינדער איז נישט גענוג, מ׳דאַרף לעבן אין ייִדישן לאַנד. זי האָט זיך איבערגעגעבן צו אַ נייער — פאַר איר — פּראָפעסיע. זי איז געוואָרן אַ קראַנקן־שוועסטער. זי האָט געפונען צופרידנקייט דערמיט וואָס זי גיט הילף קראַנקע.

צבי לביא גיט איבער אין "מעריב" וועגן אַ נעגער־פרוי שפרה יקיר, וועלכע האָט זיך מגייר געווען: אַ געבוירענע אין קאָלאָמבוס, אָהייאָ, האָט זי געפונען איר תּיקון אין דער ייִדישער אמונה. זי האָט געמאַכט עליה, געוואָרן אַ רענטגען־טעכניקערין אין ירושלימער שפּיטאָל שערי־צדק. זי לערנט ייִדישקייט אין דער ישיבה פאַר בעלי־תשובה, "אור שמח", אין ירושלים און זי פילט זיך — ווי זי האָט געזאָגט — שלימותדיק.

אַ צווייטע קראַנקן־שוועסטער איז שישי ניקערסאָן, גערופן "שישי דער מלאָך". זי אַרבעט אין שיבאַ־שפּיטאָל אין תּל־השומר און איז באַוווּסט מיט איר גוטסקייט. אַ געבוירענע אין העלסינקי, פינלאַנד, געלעבט אין שוועדן, איז זי

אין 1967, געקומען קיין ישראל, ווו זי האָט דורכגעמאַכט גרות כהלכה און איז אַ פאַרליבטע אין יידישקייט.

דיאַן לאָרנעס, די היינטיקע דינה כהן, די טאָכטער פון אַן אַמעריקאַנער פּולקאַווניק, איז נאָך אַ מוסטער פון אַן אויפריכטיקער גרטע. געבוירן אין טוסאָן, אַריזאָנאַ, האָט זי זיך מגייר געווען אין עלטער פון 19 יאָר. איר גרות איז געווען כהלכה ביי אַ ניו־יאָרקער אָרטאָדאָקסישן רב. זי האָט 9 חדשים געלערנט יידישקייט — אָבער נאָכן דורכמאַכן איר גרות, האָט זי אויסגעפונען, אַז זי קען נישט חתונה האָבן מיט אַ כהן... האָט זי חתונה געהאַט ציוויל. זי פירט זיך יידיש און קען נישט פאַרשטיין, פאַר וואָס ס'איז איר פאַרווערט חתונה צו האָבן מיט אַ כהן: ״רציתי להצטרף לעם היהודי ואני גאה על כך״ (אירע ווערטער).

אַ גיורת־צדק איז עליזאַבעט לאָרין, די טשעליסטקע אינעם פילהאַרמאָנישן ישראל־אָרקעסטער. געבוירן אין פראַנקרייך, ביי שטרענג קאַטוילישע עלטערן, האָט זי שוין אין איר יוגנט, אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס אין יידישקייט און סוף־סוף דורכגעמאַכט הלכהדיקן גרות. זי היט אָפּ מצוות ווי אַ פולע געבוירענע יידישע טאָכטער, זי האָט אַפילו געענדערט איר נאָמען אויף שולמית.

אַ גיורת־צדק איז די שנור פון פראָפ׳ פראַנץ ראָזענצווייג (1886—1929), וועגן איר האָבן מיר שוין געשריבן [47]. זי האָט איבערגעזעצט און פאַרעפנטלעכט אַ צאָל פון איר שווערס ווערק.

אַ גיורת צדק איז אונדינה־דינה, אַ דייטשקע וועלכע האָט געאַרבעט אין דייטשישן קאָנסולאַט אין ישראל — און באַקענענדיק זיך מיטן ישראל־לעבן און מיט יידישקייט, האָט זי באַשלאָסן זיך מגייר זיין.

גרויס איז די צאָל פון גרטעס און גרים אין די קיבוצים — ווער קען זיך אונטערנעמען זיי אויסצורעכענען?

אַ גר־צדק איז יונה עמנואל, דער געוועזענער וואָלפגאַנג העסטערמאַן פון עסן, דייטשלאַנד. דער פרומער קאַטויליק האָט אין זיין פריערדיקער רעליגיע נישט געפונען קיין מנוחה, איז ער אַוועק קיין ישראל, געאַרבעט אין קיבוץ אשדות־יעקב, שפּעטער שטודירט אין העברעישן אוניווערסיטעט און לסוף אין ״אור שמח״, ווו ער לערנט מיט גרויס התמדה גמרא מיט מפרשים.

נישט בלויז זענען לעצטנס צוגעקומען גרי־צדק פון דער מערב־העמיספערע. אויך פון קאָמוניסטישע לענדער באַווייזן זיך, פון צייט צו צייט, אויפריכטיקע גרים, וועלכע געפינען אין יידנטום די הויכע סאָציאַלע אידעאַלן. זיי געפינען אין יהדות פרינציפּן פון רחמנות און אהבת הבריות. אייגער פון אַזעלכע גרים איז דער גר־צדק פון אונגאַרן, יחיאל הערינג. דער דאָזיקער גר מאַכט דורך שווערע איבערלעבונגען, דאָך האָט ער באַשלאָסן צו פאַרבינדן זיין גורל מיטן יידישן פאָלק — און ער איז נישט דער איינציקער.

אין צאַרישן רוסלאַנד, ווי מיר ווייסן, איז נישט געווען דערלויבט פאַר קריסטן זיך מגייר צו זיין. אויב אַ ייִדיש מיידל, אָדער אַ ייִדישער בחור האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ קריסט, אָדער קריסטין, האָבן זיי געמוזט פריער זיך שמדן און נישט פאַרקערט. שמד איז געווען די גרעסטע טראַגעדיע, אַן אומגליק פאַר אַ ייִדישער משפחה. היינט איז עס אַנדערש: געמישטקייט איז דערלויבט, נישטאָ קיין שמד און נישטאָ קיין גרות. די געמישטע חתונות ברענגען מיט זיך די סכנה פאַרן אָרטיקן ייִדישן קיום; קינדער ווערן אָוועקגעריסן פון אַ ייִדיש לעבן. די עלטערן ווילן נישט אַז די קינדער זאָלן גאָר האָבן דעם ייִד־קאָמפּלעקס. דאָס איז גורם, אַז זיי פאַרלירן דעם ייִדישן צלם־אלקים. בלויז די קעמפערס פאַר עליה, פאַר דעם פאַרלאָזן דאָס סאָוועטן־לאַנד — זיי האַלטן אָן ייִדישקייט.

אינטערעסאַנט איז, וואָס עס ווערט איבערגעגעבן אין אַ ביאָגראַפיש ווערק, וועגן ר׳ יוסף חיים זאָנענפעלד זצ״ל [48], וועגן אַ גר פון רוסלאַנד. זיין נאָמען איז געווען יואב דובראָווין. געבוירן אין אַסטראַכאַן, רוסלאַנד, ביי ערד־אַרבעטער, סובאָטניקעס, איז ער, אין עלטער פון ניין יאָר, געוואָרן אַ יתום און ער איז אַריבער צום זיידן, וואָס האָט אים דערצויגן. אין עלטער פון ניינצן יאָר, האָט ער חתונה געהאַט און מיט זיין ווייב געהאַט פיר קינדער. אין עלטער פון 27 יאָר, זיך מגייר געווען, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער, און געחלומט זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל כּדי צו באַאַרבעטן דאָס הייליקע לאַנד.

אין יאָר תרס״ה (1905) האָט ער פאַרווירקלעכט זיין חלום און ער, צוזאַמען מיט אַ גרופּע רוסישע פּויערים, זענען געקומען קיין ארץ־ישראל. אַזוי ווי ס׳איז זיי אויסגעקומען צו מאַכן די נסיעה פּסח, האָט ער נישט פאַרזוכט קיין שום מאכל, אויסער פּרוכט און גרינצייג. זיי האָבן זיך צו ערשט באַזעצט אין סגרה, (סעדזשעראַ) אין גליל, ווו ס׳האָבן זיך געפונען אַ צאָל גרי־צדק און נאָך דעם זיך באַזעצט אין דער מושבה ״בית גן״ ביי יבנאל.

זיין זון אהרן איז אומגעקומען דורך אַ טשערקאַסישן שומר. ווען דער פאָטער איז אַרויס אין דער פרי און געטראָפן זיין זון טויט, האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און געזאָגט: ״ד׳ נתן וד׳ לקח, יהא שמו מבורך״.

דער דאָזיקער גר־צדק איז געשטאָרבן אין עלטער פון 104 יאָר און געפונען זיין אייביקע מנוחה אין ראש־פּינה. דער מחבר, ש״ז זאָנענפעלד שילדערט דעם איינדרוק, וואָס דער דאָזיקער גר־צדק האָט געמאַכט, מיט זיין געבעט, אין רוסיש, דערציילנדיק ביים זונס לוויה, אַז אין רוסלאַנד האָבן די שכנים אים גערודפט און אויך דאָ ווערט ער גערודפט פון שלעכטע שכנים און געבעטן זיך ביי די רבנים, זיי זאָלן אים העלפן, זיי זאָלן אים באַשיצן, זיי זאָלן זען, אַז די ייִדישע קאָלאָניסטן זאָלן נישט חוזק מאַכן פון זיין רעליגיעזער אויפפירונג.

אין ישראל האַלטן זיך אין איין מערן גרים. אין דער פּרעסע איז איבערגעגעבן

געוואָרן וועגן „ל״ו (36) גרים״ מיט אַ מאָל. יונגע מענער און פרויען, האָבן אין ישראל געפונען זייער תּיקון, זיך פאַרליבט אינעם לאַנד און פאַרבונדן זייער גורל מיט דער מדינה, מיט ייִדן. צווישן די גרים אין ישראל, געפינען זיך געוועזענע קריסטלעכע גייסטלעכע. אַן אַמעריקאַנער גלח, וואָס איז געוואָרן אַ גר־צדק, האָט זיך פאַרנומען מיט שאַפן אַ ישיבה פאַר גרים. ס׳געפינען זיך שוישפּילערינס, ווי מענדי־רייס־דייוויס [49], געטרייע גרטעס און אַנדערע וועלכע זענען איבערגעגאַנגען צום ייִדנטום. דאָס מערן זיך פון גרים, צווישן וועלכע ס׳כאַפּן זיך אַריין אַזעלכע וועלכע טוען דאָס צוליב ליבע און אַנדערע סיבות, שאַפט אויך אַ פּראָבלעם פון געמישטקייט, אויב דאָס גרות ענדיקט זיך מיט אַן אַנטוישונג.

אויב ס׳איז ווען נישט איז, געווען אַ נעגאַטיווע באַציונג צו גרות, אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער און אין אונדזער צייט, איז עס געווען:

1. צוליב דער מורא, אַז די גרים טוען עס צוליב עפּעס אַ באַקוועמלעכקייט, צוליב „אריות־עריות״. מ׳האָט דעריבער געמוזט זיך באַנעמען מיט פאָרזיכטקייט, געדענקען חלבוס באַהויפּטונג „קשים גרים לישראל״ אינעם פשוטן טייטש.

2. די מורא, אַז דער צופלוס קאָן ברענגען אַן אָפּפלוס. ייִדיש בלוט זאָל גאָר שטראָמען אינעם געמיש מיט פרעמדקייט, קאָן פירן צו אַסימילאַציע — די פּלאָג פון אַלע צייטן.

נישטאָ קיין וויסנשאַפטלעכע גענויע אויספאָרשונג וועגן די פאַרלוירענע צווייגן. ס׳איז אָבער באַוווסט, אַז אויף אונדזער וואָנדער האָבן מיר אַ סך פאַרלוירן. די גייסטיקע פירערס האָבן דעריבער געמוזט איינפירן די געהעריקע תּקנות אָפּ־צוראַטעווען און אָפּצוהאַלטן, ווי ווייט מעגלעך, געמישטע חתונות; אַרויסזאָגן זיך מיט דער פּולער שאַרפקייט קעגן לייכטן גרות.

## ב. נאָך וועגן באַרימטע גרים אין דער תּנ״ך־תּקופה. — גרים אין דער צייט פון בית שני. — גרים אין דער תּלמודישער תּקופה. — וועגן גרות אין אונדזער צייט.

אין פריערדיקע ווערק האָבן מיר דערמאָנט אַ צאָל באַרימטע גרים, אָבער ווי ביי אַלע פאָרשונגען, איז די טעמע אומאויסשעפּלעך, בפרט ווען עס רעדט זיך וועגן אַ רשימה.

ד״ר ישראל בן זאב אין זיין ווערק „גרים וגיור בעבר והוה״ [1] פאַרמעסט זיך צוזאַמענצושטעלן אַזאַ רשימה, און אויך צו געבן אַ פולשטענדיקע אַרבעט וועגן גרות ביי ייִדן. ער האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער דאָזיקער פאָרשונג, עס איז אָבער אַלץ געבליבן: „תּנא ושייר״.

ווי אַ פּאָלעמיסט און אַפּאָלאָגעטיקער באַמיט ער זיך, מיט רעכט, צו באַווייזן,

אַז אין יהדות האָבן מיר די ליבעראַלסטע באַציונג צום גר און די מילדסטע באַנעמונג צו דעם, וואָס ווייזט אַרויס אַ ווילן זיך מגייר צו זיין. ווי אַן אַריינפיר צו זיין טעזע גיט ער אונדז דעם עטימאָלאָגישן אָפּשטאַם פון וואָרט "גר", אָנ־הייבנדיק מיט תנ"כישע מקורים.

וואָס עס פעלט אין זיין אַרבעט איז די סיסטעמאַטישקייט פון אַזאַ גרויסער טעמע, אַ סינטעז וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע אַספּעקטן וועגן דער מאָראַלישער, עטישער באַציונג צו דער פּערזאָן וואָס האָט אַ פּאָזיטיווע באַציונג צו דער ייִדישער אמונה; ווען ער שטייט אויפן שוועל פון גרות, ווען ער איז שוין אַריבער דעם שוועל און וועגן דער הלכה אין באַצוג צו באַשטימען דאָס געהעריקע גרות.

אין דער תקופה פון בית ראשון, ווי פאָרשערס באַהויפּטן, איז נישט געווען קיין קלאָרע פאָרמולע וועגן דעם אופן פון גרות. ערשט ביים בית שני איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די הלכה פון גר, אָדער "גיורא", ווי ער ווערט גערופן אין אַראַמיש: "גיורא בשמי שמיא", "בר גיורא", איסור גיורא, אָדער "גיורא עד עשרה דרי לא תבזה ארמאה באפי"[2].

די גרים־שאלה, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין דער תורה שבעל פּה און ביי די נאָכפאָלגערס פון דער תלמודישער הלכה, ביי מפרשים און פוסקים, ביז אונדזער צייט.

אברהם אבינו, ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין דער תורה און קאָמענטירט ביי חז"ל, האָט אַריינגענומען פרעמדע אונטער די כנפי השכינה[3]. יעקב אבינו האָט מגייר געווען די יעניקע וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ דראַנג צו גיין מיט אים און נאָכפאָלגן זיין דרך[4]. משה רבנו האָט מגייר געווען זיין שווער יתרו[5] און יהושע האָט מקבל געווען די גבעונים ווי גרים[6] אָבער ס'ווערט נישט געזאָגט, ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַן אופן זיי האָבן מקבל געווען גרים.

די קלאַסישסטע גרטע איז רות, וועלכע האָט דערקלערט: "עמך־עמי"...[7], אויך ביי איר ווערט נישט געזאָגט, ווי אַזוי זי איז געוואָרן אַ ייִדישע טאָכטער. בלויז זאָגן איז דאָך נישט גענוג.

אין דער תקופה פון בית ראשון, געפינט מען גאָר ווייניק וועגן גרים און גרות. ערשט מיט עזראַס קומען פון בבל, מיטן דעמאָלטיקן שיבת ציון, ווען ייִדן האָבן געבראַכט מיט זיך די נשים נכריות, איז דאָס פּראָבלעם אַרויפגעשווומען. פאָרשערס פון בית שני זענען מחולק וועגן די פּרויען וועלכע עזרא האָט געהייסן מ'זאָל זיי אַרויסשיקן, צי דאָס זענען געווען פולשטענדיקע נכריות, צי גרי־תושב און טייל לערנען, אַז עזרא האָט געניצט די פולסטע שטרענגקייט און געהייסן אַרויסשיקן אַפילו גרטעס, ווי אַ "הוראת שעה" צוליב דער סכנה פון גמישטקייט פאַר דער באַנייטער מדינה.

אין דער צייט פון תּלמוד האָבן מיר די פאָרמולע און פּראָצעדור פאַר גרות: מילה, טבילה און קבלת המצוות. מ׳האָט זיך געהאַלטן ביים כּלל: ״השערים נפתחים בכל עת ובכל שעה...״ אָבער נאָר פאַר אַזעלכע, וואָס ווילן זיך איינהילן אין דער קדושה פון ז ר ע  י ש ר א ל, די וועלכע זענען גרייט אַריינצונעמען אין זיך די דאָזיקע קדושה; די וועלכע האָבן דאָס געהעריקע וויסן און די געהעריקע פאַרשטענדעניש פאַר יהדות. גרות, וואָס איז באַזירט בלויז אויף ליבע, האָט מען נישט מקבל געווען.

ליבע איז פון די שטאַרקסטע תּאוות און איז עד היום געבליבן אַ מיסטעריע. שוין טויזנטער יאָרן, ווי מענטשן ד ע ר ק ל ע ר ן  ז י ך אין ליבע, אָבער די ליבע גופאָ איז ביז היינט נ אָ ך  נ י ש ט  ד ע ר ק ל ע ר ט געוואָרן. טויזנטער ביכער זענען אָנגעשריבן געוואָרן וועגן דער ליבע: פּאָעטישע, פילאָזאָפישע, פּסיכאָלאָגישע, אָבער די ליבע איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אַ רעטעניש. מען איז זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר אָט דער ליבע. אָבער ווען די ליבע ווערט אָפּגעקילט, ווערט מען קיל צו אַלע צוזאָגן. אַ גרות, וואָס קומט בלויז ווי אַ רעזולטאַט פון ליבע־דערקלערונגען, קאָן ביי יעדער געלעגנהייט אָפּגעקילט ווערן און דער גר, אָדער גרטע זאָל זיך צוריקקערן, ״חוזר לסורו״, אין תּלמודישן לשון.

אַ לייכט גרות — האָבן די גרונטלייגערס פון יהדות געטראַכט — וועט בלויז לעגאַליזירן אַ געמישטע חתונה און זיי האָבן אויך דערין געזען די געפאַר פון זנות, וואָס דאַרף קאָנטראָלירט ווערן.

מיר האָבן פריער דערמאָנט באַרימטע גרים: יתרו, רות, יעל, יונה הנביא — דער זון פון דער ״אשה אלמנה הצרפתית״, וועמעס קינד אליהו הנביא האָט מחיה מתים געווען[8] און ער איז, ווי דער שפּעטערדיקע נביא, געשיקט געוואָרן קיין נינוה[9]; מיר האָבן דערמאָנט דעם נביא עובדיה וועלכער איז געווען אַ גר. זיין ווייב איז געווען די אשה אחת מנשי הנביאים[10]. מיר האָבן דערמאָנט, אַז אין ״אמרי אמת״ פון מרן אדמו״ר ר׳ יהודה לייב איגר זצ״ל, ווערט גערעדט וועגן עובדיה הגר[11]

מיר האָבן געהאַט גרי־צדק אין אַלע צייטן און ס׳איז אוממעגלעך זיי אויסצורעכענען; נאָך שווערער צו מאַכן אַ רשימה פון ״גרי תּושב״, ״גרי יראה״[12] און אוודאי נישט די צאָל פון ״גרי־אהבה״, וועלכע מ׳האָט נישט איין מאָל געמוזט בדיעבד אָנערקענען און אַקצעפּטירן אַלס ייִדן.

ס׳האָט נישט איין מאָל געטראָפן, אַז גאַנצע שבטים־פעלקער האָבן זיך מגייר געווען, ווי די חדייב־מלכות אין אַלטערטום און די כּוזרים אין מיטלעלטער, וועלכע זענען איבערגעגאַנגען צום ייִדנטום.

אינטערעסאַנט וואָס עס ווערט אָנגעוויזן, אַז דער קבר אין ירושלים, באַקאַנט אַלס ״קברי המלכים״, דער ״וווּנדער פון ירושלים״, אַזוי דריקט זיך אויס דער

רייזנדער יצחק חולו פון שפּאַניע אין 14טן י״ה, ווי דער קבר פון מלכי יהודה, זאָל גאָר זיין דער קבר פון די חדייבס. אַזוי גיט איבער יוסף בן מתתיהו, דער באַרימטער פלאַוויוס אין ״קדמוניות״ [13], אַזאַ פּריווילעגיע איז געגעבן געוואָרן דער דאָזיקער גרים־משפּחה.

געווען פעלקער, ביי וועלכע מ׳האָט נישט געוואָלט נעמען קיין גרים. דאָס זענען געווען פעלקער וועלכע האָבן אָפּגעטאָן גרויסע צרות, די קרדומים און תרמודים און דאָך האָבן מיר אַ מאמר, וואָס זאָגט, לויט עדות־פאַקטן, אַז מ׳האָט גענומען פון זיי גרים:

״אמר להם (ר׳ דוסא בן הרכינס) לר׳ יהושע ור׳ אלעזר בן עזריה ור׳ עקיבא... מעיד אני עלי שמים וארץ, שעל מדוכא זו ישב חגי הנביא ואמר שלשה דברים... ומקבלין גרים מן הקרדויין ומן התרמודים״ [14].

מ׳האָט זיך תּמיד געהאַלטן ביים פּרינציפּ מקרב צו זיין גרים, ליב צו האָבן די וועלכע דערנענטערן זיך צום יידנטום, ווייל אין דער תּורה ווערט 36 מאָל, אָדער 46, לויט אייניקע, אָנגעזאָגט וועגן דער גוטער באַציונג צום גר [15].

פון די אָנגעזעענסטע גרים ביים בית־שני זענען געווען די ברידער שמעיה און אבטליון, די גרונטלייגערס פונעם תּלמוד, הויפּטן פון די סנהדרין. די צוויי ברידער האָבן געפירט ישיבות אין דער צייט פון דער קעניגין שלום ציון (שלומ־ציון) — אַ גליקלעכע צייט ביים בית־שני. זיי זענען געווען אָפּשטאַמיקע פון סנחריב דעם קעניג פון אשור. זיי זענען געווען שטאַרק באַליבט ביים פאָלק, מער פונעם כּהן גדול.

ווי עס ווערט דערציילט [16], האָט אַ מאָל דער כּהן גדול, ווי אַן אויסדרוק פון קנאה, זעענדיק ווי מוצאי יום כּיפּור, דאָס גאַנצע פאָלק באַגלייט זיי, אַרויסקו־מענדיק פון בית המקדש, געזאָגט צו שמעיה און אבטליון: ״ייתין בני עממין לשלם״, ווי אַ דערמאָנונג, אַז זיי שטאַמען פון נישט־יידן [17], האָבן זיי אים שאַרף געענטפערט.

הלל און שמאי זענען געווען זייערע תּלמידים. הלל האָט זיך מוסר נפש געווען צו הערן פון זיי תּורה, די ״דברי אלקים חיים״ און אַזוי אַ גאַנצע ריי פון יענער פּעריאָדע, גדולי־הדור, זענען געווען אָפּשטאַמיקע פון גרים און האָבן פאַרשפּרייט תּורת משה און די תּורה שבעל פּה [18].

אין דער צייט פון בית שני, ווי געזאָגט, האָבן זיך מאַסן מגייר געווען. נישט געקוקט אויף די רוימישע אכזריותדיקע גזרות קעגן יידן, האָבן גאַנצע משפּחות, נישט בלויז אין יהודה, נאָר אויך אין רוים, זיך מגייר געווען. גענוג צו דערמאָנען די געלערנטע בלוריאַ, פון העכסטן רוימישן אַדל, וואָס איז אַריבער צום יידנטום [19].

פון די תּנאים איז צו דערמאָנען:

ר׳ יוסי בן חלפתא, אַן אָפּשטאַמיקער פון די בני יונדב בן רכב — אַ

דרוזינער שבט, פון די בני יתרו [20]. רבי עקיבא בן יוסף — אַן אָפּשטאַמיקער פון די "בני בניו של סיסרא" [21]. דער דאָזיקער בן־גרים האָט דערגרייכט, לויט דער אגדה, צום שער החמישים אין וועלכן משה רבנו האָט ניט געקענט אַריין — ער איז יאָ אַריין אין דאָזיקן פּרדס, אָבער געוווּסט אַז "הלכה למשה מסיני" [22].

רבי מאיר, דער חריף צווישן ר' עקיבא תּלמידים, האָט געשטאַמט פון גרים, "מבני בניו של נירון קיסר". רבי יהודה הנשיא דריקט זיך אויס וועגן אים: "לא זכיתי לאורייתא אלא בגין שראיתי צווארו של ר' מאיר מאחוריו [23].

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט ביאָגראַפיעס פון גדולי החכמים. מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנווייזן לדוגמא אויף אייניקע גדולי ישראל, נביאים, תּנאים, אמוראים, אַז זייער אָפּשטאַמען פון גרים האָט זיי נישט געשטערט צו ווערן אָנערקענט, צו באַגרינדן יהדות־פּרינציפּן, נישט געקוקט וואָס עס ווערט געזאָגט: "קשים גרים לישראל כספחת" [24], וואָס דער רמב"ם גיט אַן דאָס לשון "צרעת", וואָס ווערט אויסגעטייטשט, ווי אַ באַהויפּטונג פאַר געוויסע גרים און אין געוויסע צייטן, אָבער בדרך כּלל האָט מען זיך געהאַלטן ביי די פּרינציפּן פון ליב האָבן און מקרב זיין גרים [25] און ווי אַ צוגאָב צו דער דאָזיקער באַהויפּטונג, איז כּדאי צו דערמאָנען, אַז די אָפּשטאַמיקע פון גרים, דערגרייכנדיק די מדרגה פון גדלות, פון גרויסקייט אין יידנטום, האָבן אַרויסגעהויבן די התקרבות צום גר.

רבי עקיבא זאָגט: אַ גר וואָס איז מקיים אַפילו איין מצווה ווי געהעריק, האָט ער אַ חלק עולם הבא [26]. ער האָט מתּיר געווען אַ גר צו נעמען די ווייב פון זיין ברודער פון איין מאַמע, "אשת אחיו מאמו" [27]. ער האָט געהאַלטן, אַז זינט סנחריב האָט אויסגעמישט די וועלט, מעג מען שוין אַריינעמען אין קהל־ישראל אַפילו גרים פון עמון, אָדער אַ גר מצרי [28]. אַ גר וואָס קומט און זאָגט, אַז ער איז אַ גר, זאָל מען אים גלייבן אויפן וואָרט; ער דאַרף נישט ברענגען קיין עדות צו באַווייזן, אַז ער האָט זיך מגייר געווען כּדת וכהלכה. זיין תּלמיד ר' מאיר, אויך אַ גר־אָפּשטאַמיקער, האָט געהאַלטן, אַז אַ גר תּושב דאַרף בלויז נעמען אויף זיך נישט צו דינען עבודה־זרה און ער האָט רעכט צו באַקומען די גר־פּריווילעגיעס [29].

די חכמי התּלמוד, ווי די גדולי הדור, אָפּשטאַמיקע פון גרים, האָבן תּמיד געזוכט אַ סניגוריה, אַ פאַרענטפערונג אויף גרים און אַפּעלירט פאַר זייער התקרבות — מקיים צו זיין די מצווה פון אהבת הגר בשלימות.

מיר טיילן נישט די מיינונג פון בן זאב, אַז מ'דאַרף זיך יאָגן נאָך גרים, אַז די חכמי־התּלמוד זאָלן געווען זוכן און כאַפּן גרים, כּדי זיי צוצוציען צו דער יידישער אמונה. יידן זענען נישט געווען און זענען נישט עד היום קיין מיסיאָנערן און האָבן קיין מאָל נישט געפירט קיין מיסיאָנערישע אַקציעס.

אויב די אבות האָבן דאָס געטאָן, איז עס געווען אויף אַן אינטימען, פאַמיליאַרן אופן, אָוועקצונעמען היידן פון זייערע ברוטאַלע, קאַניבאַלישע מעשים.

די חכמי־התלמוד אין דער צייט פון בית־שני זענען נישט נאָכגעלאָפן נאָך גרים. אויב אָבער ס׳זענען געקומען מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט אַ ווילן — און מיט איבערצייגונג — זיך מגייר צו זיין, האָט מען דאָס געטאָן לויט די באַשטימטע הלכישע פּרינציפּן.

אַזוי האָט געהאַנדלט הלל הזקן — און אַזוי זיינע נאָכפאָלגערס. אַזוי האָבן געהאַנדלט די אמוראים אין בבל און אין ארץ־ישראל. מיר האָבן פריער דערמאָנט וועגן מרי, דעם זון פון רחל, — טאָכטער פון שמואל ירחינאה — און פון איסור גיורא. אַזוי האָבן מיר אין דער דאָזיקער ריי, מר זוטרא, בר אדא, גדולי ישראל אין דער צייט פון רב אשי[30].

מ׳האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף מקבל זיין גרים און ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, האָט דער רמב״ם אָנגענומען די דעה, אַז דער גר קאָן זאָגן: ״אלקינו ואלקי אבותינו״.

מ׳האָט זיך באַצויגן שטרענג צו די וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ ווילן זיך מגייר צו זיין, כּדי דער ענין גרות זאָל נישט ווערן אַ שפּיל.

״הרוצה להתגייר אין מקבלין אותו מיד״ — דעם וואָס וויל זיך מגייר זיין כאַפּט מען אים נישט באַלד. מען דערציילט אים וועגן די שוועריקייטן צו זיין אַ ייִד, ווי אַפּגעהיט מ׳דאַרף זיין אין דער ייִדישער אמונה; די פליכטן וואָס דת יהודית לייגט אַרויף אויפן מענטשן. ווען מ׳זעט, אַז ער איז מקבל באהבה די ייִדישע פּרינציפּן, אַז ער איז איבערגעצייגט אין דער ריכטיקייט פון דער ייִדישער אמונה, ערשט דאַן איז מען אים מקבל מיטן גרעסטן כבוד[31].

אַז איינער וועט קומען און זאָגן: איך בין אַ גר, איך האָב זיך מגייר געווען, איז דאָס נישט גענוג, איז מען אים נאָך נישט מקבל. ער דאַרף ברענגען עדות, אַז ער איז דורכגעגאַנגען דעם הלכהדיקן ריטואַל: מילה, טבילה, קבלת המצוות — און אויב ער האָט די ריכטיקע באַווייזן, איז מען אים מקבל מיט דער געהעריקער התקרבות, מיט דער געהעריקער וואַרעמקייט[32].

געוועזן צייטן, ווען מ׳האָט נישט געדן געזען גרים, ווייל מ׳האָט געהאַט אַ חשד, אַז זיי זענען זיך מגייר צוליב באַקוועמלעכקייט, מ׳האָט צוליב דעם מאָטיוו נישט מקבל געווען קיין גרים אין דער צייט פון דוד און שלמה[33]. ערנסטע, אויפריכטיקע גרים האָט מען מקבל געווען און געזען אין דעם אַ וויכטיקייט צו פאַרשפּרייטן גאָטס תורה צווישן די פעלקער, צו זיכערן אַ ציוויליזאַציע, לויט די עטיש־מאָראַלישע פּרינציפּן און דערמיט קאָן מען פאַרשטיין די פּאָזיטיווע מאמרים וועגן גרים:

״לא הגלה הקב״ה את ישראל לבין האומות, אלא כדי שיתוספו עליהם גרים״[34]. אָדער אַזאַ מאמר: ״חביבים הגרים שבכל מקום מכנה אותם הקב״ה כישראל״[35].

דער ווונטש פונעם נביא איז געווען:

"כי אז אהפך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ד', לעבדו שכם אחד" — וואָרום דענסמאָל, וועל איך איבערמאַכן די פעלקער, זיי זאָלן האָבן אַ קלאָר־ריינע שפּראַך, זיי זאָלן רופן צו גאָט, אים צו דינען ווי איין מאַן[36].

**ג. גרים ביים אויפשטייג פון אברהם אבינו. — אַ תנ"כישער שפּאַציר. — ווי אַזוי אַ גר? — וואָס איז געמיינט געוואָרן מיטן אויסדרוק "כל התורה" — די גאַנצע תורה?**

די טעמע "באַציונג צום פרעמדן", אָדער ווי מען רופט עס אין עברית "היחס לגר", איז אַן אומאויסשעפּלעכע. שוין אַזוי פיל געשריבן, און מ'האָלט אַלץ ביים אָנהייב, ווי אין דער צייט פון אונדזער אויפשפּראַץ ווי אַ פאָלק.

באַלד ביים אויפשטייג פון אונדזער אורפאָטער אברהם אבינו איז דער ענין גר געווען אַקטועל און נאָך אַלע געשיכטלעכע גלגולים, איז ער נישט אַראָפּ פונעם סדר־היום. כּדאַי אויך צו דערמאָנען, אַז זינט דער ביבלישער עפּאָכע, נאָך אין דער צייט פון די אבות, איז עס געלעגן אויפן וואָגשאָל: פון איין זייט צ ו ק ו ם — אברהם און שׂרה ברענגען פרעמדע "תחת כנפי השכינה" און פון דער צווייטער זייט, דער אָ ו ו ע ק פ א ל, ישמעאל, עשו, די בני הפּלגשים — אַ כּסדרדיקער גאַנג, סיי אויף די וועגן פון אונדזער וואַנדער, סיי אין אונדזער באַזעסנקייט. נישט איין מאָל האָט זיך געדאַכט, אַז איןביידע פאַלן שטעלט עס אין סכּנה דעם יִידישן קיום, ווי אַ "גערייניקט"־געאייניקט פאָלק אָן פרעמדע איינפלוסן.

ס'ווילט זיך מאַכן אַ געשיכטלעך־תּנ"כישן שפּאַציר, אָנהייבנדיק פון אונדזער באַגין. אברהם און שׂרה — ביידע האָבן זיך פאַרנומען מיט דערנענטערן מענער און פרויען צו דער יִידישער אמונה, צו דער אמונה אין אחדות־אלקות, צום מאָנאָטעיִזם. אין מדרש און אין דער אגדה־ליטעראַטור האָבן מיר אומצייליקע שילדערונגען און דערציילונגען וועגן די מעשׂים פון אברהם און שׂרה אַריינצו־ברענגען אמונה צווישן די מענטשן אין זייער פאַרקער, צו אָנערקענען גאָטהייט, צו בענטשן און לויבן גאָט אין הימל "שאמר והיה העולם".

צווישן די גרים זענען געווען אַזעלכע לאָיאַלע, איבערגעגעבענע ווי אליעזר עבד אברהם, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן, מלחמה געהאַלטן מיט די מיט וועלכע אברהם האָט פאַרפירט מלחמה צו העלפן זיין פלימעניק לוט. זיי אַליין זענען נישט אַטאַקירט געוואָרן, אברהם איז נישט געווען אין געפאַר אָבער ווען ער איז אַרויס אַטאַקירן, פירן מלחמה מיט די וועלכע האָבן גענומען געפאַנגען זיין קרוב, האָבן זיי זיך איינגעשטעלט, "וירק את חניכיו... ויחלק עליהם לילה

הוא ועבדיו ויכם...״ ער האָט באַוואָפנט זיינע דערצויגענע... און ער האָט זיי צעטיילט... ער און זיינע קנעכט און ער האָט זיי צעשלאָגן... אַ דאַנק זיינע גרים מנצח געווען די אָנפאַלערס [1].

מיר זעען אויך ווי שוין ביי די אבות זענען קינדער אַוועק אויף פרעמדע וועגן — אַוועק פון יידנטום, ווי דאָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט אין פעלקער־טום. ישמעאל ווערט אויסגעמישט מיט די אַרומיקע פעלקער — און ווערט נעלם ווי אַ ייד, ״מזרע אברהם״ — ער ווערט דער ״פרא אדם״... [2].

געמישטקייט איז אויך פאָרגעקומען אין די אור־אַלטע צייטן און האַלט אַן עד היום, אַ מאָל איז די געמישטקייט אַ טראַגעדיע, ווייל זי שלעפּט אַוועק יידן אויף פרעמדע פעלדער, צו פרעמדע אמונות און קולטן און אַ מאָל איז זי אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג, ווען די וועלכע דערנענטערן זיך צום יידישן פאָלק זענען איבערגעצייגט אין דער יידישער אמונה.

אין אַלטערטום זעט מען ווי עשו נעמט די בנות חת, זענען זיי געווען ״למורת רוח ליצחק ולרבקה״ [3]. ביי יהודה איז דאָס געווען אַ דערשיינונג וואָס האָט געבראַכט מלכות און אַזוי ביי יוסף אין מצרים — ״בני הם אשר נתן לי אלהים בזה, ויאמר קחם נא אלי ואברכם״ [4], אפרים ומנשה זענען געוואָרן פאַררעכנט ווי ראובן ושמעון.

אין אַ שפּעטערער תקופה, בימי ״שפוט השופטים״, קומט פאָר אַ מאָדנער פּראָצעס פון געמישטקייט: אלימלך, זיינע זין מחלון וכליון (נעמען, וואָס זענען מרמז אויף מחלה — קראַנקהאַפטיקייט און פאַרלענדונג) געפינען זייער אָרט אויף די פעלדער פון מואב און זיי מישן זיך אויס — נעמען זיך ווייבער מואביות — און וווינען דאָרט אַפּ צען יאָר [5]. ווען אלימלך, מחלון, כליון שטאַרבן, איבער־לאָזנדיק דריי אלמנות, ווילן ביידע שניר זיך מגייר זיין, זוכן רו אין יהודה. ביי איינער פועלט די שוויגער נעמי, זי זאָל בלייבן אין מואב, אָבער ביי דער צווייטער קען זי דאָס נישט פועלן. זי פאַרלאָזט איר רייכע היים, איר סביבה, איר טראַדיציע. רות ווערט אַזוי איבערגעגעבן צו דער יידישער אמונה, צום יידישן פאָלק, אַז זי איז גרייט צו ליידן הונגער, זיך וואַלגערן אויף די יהודה־פעלדער און נעמט פאַר ליב חתונה צו האָבן מיטן אַלטן שופט.

רות ווערט פאַרוואָרצלט אין יידישן לעבן; זי האָט די זכיה צו ווערן די באָבע פון מלכות בית דוד [6].

ווער זענען געווען די דאָזיקע שניר? זיי זענען געווען פון גרויס יחוס. דער מדרש דערציילט אונדז, אַז זיי זענען געווען די טעכטער פון עגלון דעם מלך מואב [7], פּרינצעסינס — געהאַט כל־טוב און דאָך געוואָלט איבערגיין צום יידנטום און די וועלכע האָט זיך איינגעשפּאַרט איז געבליבן פאַרהייליקט, איז געוואָרן אַ מוסטער פאַר גרים און גרטעס אין אַלע צייטן. זי ווערט געשילדערט מיט ליב־

שאַפט; זי איז אַריינגענומען געוואָרן אין כלל־ישראל מיט גרויס כבוד, מיט אָפענע אָרעמס. זי האָט זוכה געווען צו אַ ספר אויף איר נאָמען. זי האָט זוכה געווען צו אייביקער מלכות — דער גואל, מלך המשיח, איז אַן אָפּשטאַמיקער פון דער דאָזיקער גרטע [8].

יתרו, דער כהן מדין, דער וואָס האָט געדינט אַלע עבודה זרהס, האָט זיך באַקערט צום ייִדנטום אויס איבערצייגונג — און וואָס פאַר אַ כבוד מ׳האָט אים צוגעטיילט. דער דאָזיקער מערקווערדיקער גר האָט געלערנט משה רבנו ווי אַזוי איינצופירן אַ ווירקזאַמע און עפעקטיווע אַדמיניסטראַציע, ווי אַזוי צו דעלעגירן אויטאָריטעטן, ווי אַזוי צו פאַרטיילן יוריסדיקציעס. זיין סיסטעם איז אָנגענומען געוואָרן. ער האָט געמערט אַ פּרשה אין דער תורה.[9] דער אדמו״ר ר׳ לייבעלע איגר, דער ״תורת־אמת״, שרייבט: ״... כמו שיתרו היה איש המרוחק מאד בתכלית הריחוק, שלא הניח ע״ז שלא עבדה, וברגע כשהטה אזנו לשמוע, נתקרב מיד אל הקדושה...״

ווי אַזוי אברהם אבינו האָט מקבל און מקרב געווען גרים, דערויף האָבן מיר אומצייליקע מדרשים [10]. ער פלעגט זיי געבן עסן און טרינקען, אַרויסווייזן ליבשאַפט און אַזוי אַרום האָט ער זיי אַריינגעבראַכט אונטער די ״פליגלען פון דער שכינה״.

צוליב וואָס דערציילט אונדז דער מדרש די איינצלהייטן פון אברהם אבינוס התקרבות? אונדז צו לערנען, אַז ״איטלעכער וואָס ברענגט אַריין איין מענטשן אונטער די פליגלען פון דער שכינה פאַררעכנט מען אים, ווי ער וואָלט אים באַשאַפן און געפורעמט און אויסגעוועבט״ [11].

״חביבין הגרים״ — האָט מען אונדז געלערנט. מ׳דאַרף ליב האָבן גרים, ווייל אַלע נביאים האָבן זיך גערופן גרים. אויך יעקב אבינו — זאָגן מדרשים — האָט זיך גערופן גר: ״לגור בארץ באנו״ [12].

דער גר וואָס איז זיך מגייר אויס איבערצייגונג, ״לשמו של הקב״ה״, איז אַזוי חשוב ווי די ששים רבוא וואָס זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני, ווייל יענע האָבן דערהערט די קולות וברקים, האָבן זיי גענומען אויף זיך דעם עול מלכות־שמים, ער האָט גענומען אויף זיך עול מלכות שמים אָן די קולות, פון אינערלעכן רוף [13].

דער פרעמדער וואָס קומט מיט ריינע כוונות, אָן שום פניות און בעט מ׳זאָל אים אָננעמען בקהל השם, דאַרף מען אים פריער אָפּרעדן; מען דאַרף אים אָנווייזן אויף אַלע שוועריקייטן וואָס ייִדן האָבן און אויף דער אחריות וואָס ייִדישקייט לייגט אַרויף. דער גר וואָס נעמט אויף זיך מקיים צו זיין די גאַנצע תורה חוץ איין זאַך, נעמט מען אים נישט אָן [14]. ס׳איז פונקט ווי מען האַלט פאַר אַן אפיקורס דעם מענטשן וואָס זאָגט אַז די תורה איז נישט געגעבן געוואָרן פון גאָט. אין לשון פון רמב״ם [15] ״אפילו פסוק אחד, אפילו תיבה אחת, הרי זה כופר בתורה״.

אויב נאָך די אַלע וואָרענישן, וועט ער זיך צוריקציען — זאָל ער! — "דאי פריש — נפרוש", ווייל אַזעלכער וואָלט געווען אַן אומגעוווּנטשענער עלעמענט, אַ "ספחת" פאַר ייִדן. אויף אַזעלכע איז געזאָגט געוואָרן "קשים גרים לישראל כספחת"[16] — אַז זיי זענען ווי אַ "געשוויר" אויפן ייִדישן קערפּער; זיי זענען דער "ונספחו"[17].

מען איז תּמיד געווען זייער פאָרזיכטיק מיט גרים, אויף אַזוי ווייט, אַז מ'האָט זיך אויסדריקט אויף די וועלכע האָבן דורכגעפירט לייכטערע גרות: "רעה אחר רעה תבא למקבלי גרים"[18].

ס'זענען אָבער דאָך געווען צייטן, ווען מ'האָט מקבל געווען גרים מאַסנווייז. נישט געקוקט אויפן אַנווייז, אַז אין דער צייט פון קעניג דוד און שלמה המלך, האָט מען נישט גערן אַריינגענומען קיין גרים, ווייל מ'האָט געהאַט אַ חשד, אַז זיי טוען דאָס צוליב באַקוועמלעכקייט, ווייזן אָן פאָרשערס אַז אַרום הונדערט־פופציק טויזנט גרים זענען אין דער צייט פון דוד המלך איבערגעגאַנגען צו ייִדישקייט. אין דער צייט פון מרדכי ואסתר איז געווען אַ גרויסער צופלוס פון גרים, נישט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן עס געטאָן מחמת פחד (ווי אַ מאָל די "גרי אריות"), ווי דער פּסוק זאָגט: "ורבים מעמי הארץ מתיהדים — כי נפל פחד היהודים עליהם"[19].

פאַר אונדזער טעזע איז וויכטיק נאָך אַ מאָל צו דערמאָנען דעם פּסוק, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז דער רבונו־של־עולם ווייזט אַרויס ליבשאַפט צום גר, "ואוהב גר לתת לו לחם ושמלה"[20].

ווי אַזוי מ'האָט זיך באַצויגן צו ערלעכע גרים קען מען זען פון דעם פאַקט, אַז נישט בלויז האָט מען רות המואביה אויפגענומען און אַריינגענומען מיט גרויס ליבע, נאָר אַפילו איר פאָטער, דער קעניג עגלון מלך מואב און אור־פאָטער בלק, האָבן זוכה געווען, צוליבן אַרויסווייזן דרך־ארץ פאַרן ייִדישן גאָט, אַז פון זייער אָפּשטאַם זאָל שייַנען רות אין דער ייִדישער געשיכטע און איר אור־אייניקל זאָל זעטיקן דעם רבונו־של־עולם מיט לויב און געזאַנג — "דוד המלך שריווה להקב"ה... בשירת".

דער פּוסק פאַר אַלע דורות, דער רמב"ם, האָט געהאַט אַ גאָר וואַרעמע באַציונג צו גרים[21]. מיר האָבן שוין נישט איין מאָל דערמאָנט וועגן רמב"מס פּאָזיטיווע באַציונג צו גרים, זיין היסטאָרישן בריוו צום גר מיטן נאָמען עובדיה, אין וועלכן ער שרייבט אים, אַז ער האָט דאָס רעכט זיך צו באַנוצן אין דער ברכה ביים ברענגען ביכּורים און זאָגן: "אלקינו ואלקי אבותינו", ווייל ער איז דער זון פון אברהם אבינו.

מ'האָט תּמיד מקרב געווען גרים, אויף אַזוי ווייט, אַז נישט געקוקט אויף דעם אָנזאָג: "לא יבוא עמוני ומואבי בקהל ד'"[22] אַז אַ גר עמוני ומואבי איז

פסול עד סוף העולם — אָבער זייערע קינדער, אויב אַ פרוי, איז זי שוין נישט פסול, ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט עמוני ולא עמונית[23]. ביי אַ מצרי ווערט געזאָגט: "עד דור שלישי לא יבוא בקהל ד'"[24], אויב אַ מצרי שני נעמט אַ מצרית ראשונה, איז דאָס קינד, געבוירן ביי זיי, שוין פאַררעכנט ווי אַ שלישי[25]. דער כּלל איז: ביי פעלקער, איידער זיי זענען זיך מגייר, גייט מען לויטן זכר.

ווי ווייט מ'האָט געזוכט צו פאַרלייכטערן גרות פון ערלעכע, איבערגעצייגטע גרים אָדער גרטעס, קאָן דינען די מעשה ביי ר' אליעזר, ביי וועמען אַ גוי האָט געפרעגט ער זאָל אים פאַרטייטשן דעם פסוק "שפת אמת תכון לעד ועד ארגיעה לשון שקר" — די ליפּ פון אמת וועט שטיין אויף אייביק, אָבער בלויז אויף אַ רגע, איז די צונג פון ליגן[26]. רבי אליעזר האָט אים דערקלערט דעם מיין פון פסוק, אים אויסגעטייטשט יעדעס וואָרט; איז דאָס געפעלן געוואָרן דעם גוי און ער האָט זיך מגייר געווען[27].

דער דין איז, אַז מ'ווערט אַ גר ערשט ווען מען מאַכט דורך דעם ריטואַל פון מילה, הרצאת דמים, טבילה און מען באַקענט זיך — און מ'נעמט אויף זיך מקיים צו זיין די דינים און מצוות. דער גר מוז פריער ווערן באַקענט מיט יהדות און וויסן דיליידן פון יידישן פאָלק און די פאַראַנטוואָרטלעכקייטן פון אַ ייִד.

ס'זענען אָבער דאָ חילוקי־דעות, וועגן "גר שמל ולא טבל", אָדער "טבל ולא מל", צי ווערט אַזעלכער אָנערקענט אַלס גר, בעת מען איז זיכער, אַז ער וועט מיט דער צייט דורכמאַכן די גאַנצע פּראָצעדור[28].

ס'ווערט אויך געשטעלט די פראַגע, צי אין דער צייט פון בית־המקדש, ווען מ'האָט מקריב געווען קרבנות, צי דער קרבן פסח ביי אַ גר האָט געקענט באַטראַכט ווערן ווי אַ קרבן לשם גרות[29].

אַ כּהן, איז דער דין, טאָר נישט חתונה האָבן מיט אַ גרטע. דער טעם: ווייל בעת זי איז געווען נישט־יידיש, איז זי נישט געהיט געווען אין טהרה... זי איז אין חשד אויף זנות, אויף האָבן פאַרקער מיט מענער, וואָס דאָס איז דעמאָלט געווען נאָרמאַל ביי היידנישע פעלקער. דער דין איז אַזוי געבליבן, מיט דער פולער שטרענגקייט.

זי קאָן חתונה האָבן מיט אַ ישראל און איר טאָכטער פון אַ ישראל איז שוין כּשר לכּהונה, מעג חתונה האָבן מיט אַ כּהן[30]. די אַלע חשדים האַלטן זי אָפּ פון חתונה האָבן מיט אַ כּהן, אָבער פאַר אַ ישראל איז זי כּשר, נעמט מען אָן איר אָפּגעהיטקייט[31].

סיי אין תּלמוד ירושלמי און סיי אין תּלמוד בבלי פאַרנעמט מען זיך מיט די כּללים, ווי צו באַהאַנדלען גרים און אַלע מאמרים זענען איבערגעפולט מיט וואָרעמקייט צו די וועלכע ווילן באמת איבערגיין צו דער יידישער אמונה און ס'ווערן דערציילט מעשים אויף צו באַשטעטיקן די דאָזיקע באַציונג.

אַ ייִד האָט חתונה געהאַט מיט אַ גיורת — ווערט איבערגעגעבן — און צוליבן איבערקלערן, טאָמער האָט זי נישט גענוג ידיעות אין ייִדישקייט, איז ער געזעסן מיט איר, געלערנט זי זי זאָל געהיט זיין פון מחלל זיין דעם שבת, זי זאָל זיין געהיט אין דינים פון טהרה, אין די מצוות וואָס פרויען דאַרפן זיין נזהר און אַז זי זאָל נישט זיין לייכט מיט נדרים [32].

אַלע מאמרים אין שייכות מיט גרים האָבן זייער מקור אין די פסוקים: "ואהבתם את הגר" — און איר זאָלט ליב האָבן דעם גר, דעם פרעמדן, ווייל איר זייט געווען פרעמדע אין לאַנד מצרים... און ער, דער רבש"ע "האָט ליב דעם גר, אים צו געבן ברויט און קליידונג". דאָס ליב האָבן דעם גר איז אַ מצווה פון העכערן באַטייט [33].

מיר האָבן שוין נישט איין מאָל איבערגעגעבן די מעשה פון דעם נכרי, וואָס איז געקומען צו שמאי און הלל און פאַרלאַנגט, מ'זאָל אים אויסלערנען די גאַנצע תורה "אויף איין פוס": "מעשה בנכרי אחד שבא לפני שמאי וא"ל גיירני ע"מ שתלמדני כל התורה כולה על רגל אחת...". שמאי האָט זיך אָנגעבייזערט אויף אים און אים אַוועקגעשיקט. הלל האָט אים אויסגעהערט און אים מגייר געווען: "בא לפני הלל גיירי', א"ל דעלך סני לחברך לא תעביד, זו היא כל התורה ואידך פירושא, זיל גמור" [34].

הרב חיים דוד הלוי שליט"א, רב הראשי לתל-אביב—יפו, שרייבט אין זיין ספר "עשה לך רב" [35], וועגן דער באַציונג פון חכמי ישראל צו גרות, אַז ס'זענען געווען צוויי עקסטרעמען — און דער צד השווה איז געווען, די באַציונג זאָל זיין מיט פאָרזיכטיקייט.

די תורה — שרייבט ער — וואָרנט אונדז אויף זעקס-און-דרייסיק ערטער און טייל זאָגן, אויף זעקס-און-פערציק ערטער און דאָך, זענען געווען טייל, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אין געוויסע צייטן אַ נעגאַטיווע שטעלונג ביים מקבל זיין גרים, צוליב דער מורא פון זייער נישט אויפריכטיקייט, נישט איבערצייגטקייט און דער מורא, אַז ער וועט זיך אומקערן צו זיין פאַרגאַנגענהייט, "מפני שסורם רע" [36].

דער תל-אביבער רב האַלט דעריבער, אַז דער רב, פאַר וועמען ס'קומט פאַר גרות, זאָל טאָן לויט זיין פאַרשטענדעניש און איינזעעניש: "המסקנא ההלכתית היא שבעניני גיור הכל לפי ראות עיני הדיין..." ער זאָל זיך נוהג זיין, לויט זיין אויפפאַסונג.

געווען צייטן, ווען מ'האָט זיך באַצויגן מילד צו גרים און געווען צייטן, ווען מען איז געווען שטרענג; געווען צייטן, ווען מ'האָט געהאַלטן, אַז מ'קען נישט האָבן קיין צוטרוי צו גרים: "אל תאמין בגר עד כ"ו דורות" — אָדער "עד ט"ז דור".

טייל האַלטן אַז מ׳דאַרף האַלטן אַן אויג אויף אַ גר, ביז 26 און טייל האַלטן ביז 16 דורות[37]. אויפן פּסוק ״ויחד יתרו״ — און יתרו האָט זיך געפרייט[38] טייטשט מען: ״שנעשה בשרו חדודין...״[39], אַז ביז צען דורות, זאָל מען נישט פאַרשעמען קיין גוי אין קעגנוואַרט פון אַ גר און דערפון שטאַמט דער זאָג: ״רעה אחר רעה תבא למקבלי גרים״[40] און ס׳זענען — צוליב די מאָטיוון — געווען צייטן, ווען מ׳האָט קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט גרים: מ׳האָט געצווייפלט אין זייער ערנסטקייט, אין זייערע ריינע כּוונות ביים ווערן זיך מגייר זיין: ״אין מקבלין גרים לימות המשיח״ — אין צייט פון משיח וועט מען נישט אַריינעמען קיין גרים[41], ווייל מ׳האָט געצווייפלט אין זייער ערנסטקייט. מ׳נעמט אויך נישט קיין גרים, אויב דאָס איז צוליב חתונות, פּרוי צי מאַן, אָדער אַז דער מאָטיוו איז געלט. די גרות, מוז אויך דורכגעפירט ווערן כּהלכה, לויטן הלכהדיקן פּראָצעס און דער ריטועלער פּראָצעדור.

די תורה, ווי מיר האָבן דערמאָנט, וואָרנט צענדליקער מאָל, ווי צו באַהאַנדלען אַ גר. פאַר וואָס אַזוי פיל מאָל? ווייל די נאַטור איז דעם פּרעמדן צו איגנאָרירן, נישט אָפּגעבן זיך מיט אים. דעריבער די צענפאַכיקע וואָרענונג; דעריבער די וואָרענונג ״לא תונו אותו״ — איר זאָלט אים נישט נאַרן (קריוודען). אַזוי ווי אַן איינגעבוירענער פון אייך זאָל ער זיין... איר זאָלט אים ליב האָבן... וואָרום פּרעמדע זייט איר געווען אין לאַנד מצרים[42] ווי חז״ל טייטשן: ״לא תאמר לו, אמש היית עובד עבודה זרה, ועכשיו אתה בא ללמוד תורה שנתנה מפי הגבורה״, מ׳זאָל דאָס נישט טאָן, ווייל מען דאַרף זיך רעכענען מיטן ״דעת נפש הגר״, מיט זיין סענסיטיווקייט.

אין דער פּרשה משפּטים האָבן מיר צענדליקער דינים וועלכע געהערן דורכויס צו שופטים; ס׳זענען אָבער דאָ אַזעלכע משפּטים וואָס זענען איבערגעגעבן צו יעדן יחיד — יעדער ייד זאָל זיך אויפפירן לויט דער פאַרלאַנגטער עטיק.

ר׳ יצחק ניסענבוים אין ״קניני קדם״ גיט אָט די מאָטיוון פון עטישער באַציונג, ווי אַ פּסיכאָלאָגישן מאָטיוו[43]. די יידישע מאָראַל האָט געוואָלט באַזאָרגן דעם גר, ער זאָל זיך נישט שעמען, אַז עס איז נישט קיין חרפּה צו זיין אַ גר, און אויף דעם איינוווינער ליגט אַ חוב, ער זאָל האַלטן אָפענע טויערן פאַר דעם מענטש, זיך אויסצוקלייבן זיין ווויגלאַנד, זיין לעבנסשטייגער, אַזוי לאַנג ווי דאָס ברענגט נישט קיין שאָדן דעם לאַנד, די אָרטיקע איינוווינערס, מ׳זאָל צוימען די געפערלעכע עגאָיסטישע אייגנשאַפטן און אַרויסווייזן אַ ברייטקייט צו יעדן וואָס זוכט אַן אחיזה אין לעבן. דעריבער דערמאָנט מען דעם ייד: ״כי גרים הייתם בארץ מצרים — ואתם ידעתם את נפש הגר״ — און אַ פּרעמדן זאָלסטו ניט דריקן, וואָרום איר ווייסט דאָך דאָס געמיט פון דעם פּרעמדן, ווייל פּרעמדע זייט איר געווען אין לאַנד מצרים[44].

אויף צו ווערן אַ גר, מוז מען נאָכן באַקענען זיך מיט יהדות און מצוות־התורה, דורכמאַכן דעם מילה־ריטואַל און די טבילה כּדי צו ווערן אַ פולשטענדיקער ייִד. דעם דאָזיקן וועלכער האָט דורכגעמאַכט די גאַנצע פּראָצעדור דאַרף מען ליב האָבן, דאַרף מען מקרב זיין. וועגן אַזעלכן איז געזאָגט געוואָרן ״ואהבתם את הגר״.

ביים מקבל זיין גרים, איז אויך אָנגעזאָגט, אַז נישט פון אַלע פעלקער זאָל מען מקבל זיין גרים [45], וועגן דעם עמלק־פאָלק איז אָנגעזאָגט געוואָרן מיט די שטרענגסטע ווערטער: ״תמחה את זכר עמלק״. ס׳ווערט געבראַכט אין מכילתא [46]: ״ר׳ אליעזר אומר, נשבע המקום בכסא הכבוד שלו, שאם יבא מכל האומות להתגייר יקבלוהו, ומעמלק לא יקבלו״. די עמלק־רשעים טאָרן נישט אַריינקומען בקהל ישראל, בכדי נישט אַריינצוברענגען זייער רשעות... עמלק האָט געוואָלט ליק־ווידירן די יוצאי מצרים — אַ טאָטאַלן אומקום פון די בני־ישראל, באַהאַנדלט מען אים מידה כּנגד מידה.

הורדוס, וואָס האָט געהערשט אין די לעצטע יאָרן פון בית שני, איז געווען אַ קינד פון אַדומישע גרים. ער ווערט באַטראַכט, נישט געקוקט אויף זיין אַכזריות־דיקייט קעגן זיינע קעגנערס, ווי דער בויער און פאַרשענערער פון ירושלים, בויער פון שטעט און פעסטונגען, וואָס שטייען נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

פון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט ״גר״? — ווי דער אבן עזרא טייטשט, מיינט עס, ווי אַ צווייגעלע אָפּגעריסן פונעם בוים, ״כגרגיר שנכרת מן הסעיף״ [47] און דעריבער אַזאַ התקרבות, צוליב דער מורא אַז די בירגער, אַפילו ייִדן, וועלן קוקן אַראָפּ אויף דעם גר, אים אויסנאַרן, פאַרשעמען, ווייל פּסיכאָלאָגיש איז ״אדם קרוב לעצמו״ און דאָס קאָן געזאָגט ווערן אויך אויף אַ פאָלק... דעריבער וואָרנט די תורה, מ׳זאָל דעם גר אַרויסווייזן דעם וואַרעם געפיל, אַז אין ייִדנטום איז נישטאָ קיין ראַסן־דיסקרימינאַציע. גר שנתגייר איז אַ פולער ייִד [48]; מ׳האָט אַפילו צוגע־לאָזט גרים צו בויען דעם בית המקדש [49] און אין דער שמונה־עשרה באַקומען די גרים אַ ספּעציעלע ברכה: ״על הצדיקים ועל ג ר י  ה צ ד ק״ [50] און אין בענטשן קאָן דער גר צדק זאָגן ״אלקי אבותינו״ [51], ווי ער קאָן ברענגען ביכּורים און זאָגן ״לאבותינו״, ווייל אברהם אבינו איז דער פאָטער פון גרים [52].

האָט דער גר דורכגעמאַכט די געהעריקע גרות־פּראָצעדור, איז ער אין כּלל זרע אברהם, דער אב המון גויים. האָט ער זיך טובל געווען, איז ער לכל־הדעות אַ ייִד אין ברייטסטן זין פון וואָרט [53]. אין דער צייט פון בית־המקדש האָט דער גר געדאַרפט ברענגען אַ קרבן.

הרב ר׳ גדליה פעלדער, אין זיין ספר ״נחלת צבי״ [54] און אין זיינע אַנדערע ספרים, באַהאַנדלט אַלע ענינים אין שייכות מיט גרות און נישט בלויז הלכהדיק, נאָר אויך די מאָראַליש־עטישע באַציונג און די פּראָבלעמאַטישקייט ביים מקבל זיין גרים.

מיר באהאנדלען אויף אן אנדער אַרט די באַציונגען צום נישט־יידן; די סיבות פון דער רעזערווירטקייט און פּאַרזיכטיקייט, ווי למשל דער דין, אַז מ׳טאָר נישט איבערגעבן תורה צו נישט יידן, און אַז דאָס איז אויך חל אויף אַ ייד, וואָס איז געבוירן געוואָרן פון אַ געמישטער חתונה, דער פאָטער אַ ייד און די מוטער נישט־יידיש, אפילו ווען ער איז געמלט אָבער נישט טובל געוועזן און האָט נישט גענומען אויף זיך פאַר אַ בית־דין מקיים צו זיין מצוות[55]. דאָס איז נישט צוליב וועלכן נישט איז ראַסן־פּאַראורטייל, נאָר גאָר צוליב מורא פון שלעכטע אויסטייטשן און אַריינטייטשן, און צוליב נאָך אַ צאָל מאָטיוון.

רב, דער "רב תנא הוא", דער ערשטער, באַרימטסטער פון די אמוראים (ג׳ אלפים, תתקל״ה—175; ד׳ אלפים, ז׳—247), אָנגעזעענסטער תלמיד פון רבי יהודה הנשיא, דער ליבעראַלער מענטש, קרוב צו מלכות אין בבל־פּערסיע, האָט אין זיין צייט פאַראָרדנט נישט אַריינצונעמען קיין גרים, צוליב דער מורא פון איבער־נעמען זייערע שלעכטע מנהגים און שטערן די ריינקייט פון דער יידישער פאַמיליע. ווען די דאָזיקע סיבות ווערן באַזייטיקט, איז די באַציונג גאָר אַן אַנדערע.

דאָס גרות האָט אויך תמיד געדאַרפט זיין מיט דער פולשטענדיקער וויליקייט, דעריבער איז דער דין: "קטן שנתגייר..." אויב אַ מינדעריאָריקער איז געוואָרן אַריינגענומען "תחת כנפי השכינה", דורך דעם בית־דין, אַז ער ווערט עלטער, האָט אַן אייגענעם וויסן און פאַרשטאַנד, קאָן ער אָפּוואַרפן דאָס גרות: "ואם הגדיל יכול למחות"[56].

דער גר, מיר רעדן פון אַ גר־צדק, וואָס האָט חרטה אויף זיין גרות, האָט ער דעם דין ווי אַ געשמדטער ייד, ווי אַ "ישראל מומר", ווייל אין מאָמענט ווען ער איז זיך מגייר, איז ער פונקט ווי ער וואָלט געוועזן "פּאַרזייט אין יידנטום"[57].

אַ יסוד פאַר די דיני גרות לערנט מען אַרויס פון דעם וואָס רות האָט געזאָגט צו איר שוויגער נ ע מ י, ווי חז״ל און רש״י[58] לערנען אונדז: נעמי האָט איר געזאָגט, ביי אונדז איז פאַרבאָטן אַ תחום־שבת, האָט זי געענטפערט: "באשר תלכי אלך". נעמי האָט איר ווייטער געזאָגט: ביי אונדז איז פאַרבאָטן ייחוד — צו זיין אַליין מיט אַ פרעמדן מאַן, פשוט פאַרבאָטן אויסגעלאַסנקייט, האָט זי געענטפערט: "באשר תליני — אלין".

און ווי עס ווערט געזאָגט, אין ספר המנהיג, איז דאָס איינער פון די מאָטיוון, פאַר וואָס מ׳לייענט רות שבועות, צו ווייזן אַז עס מוז זיין ר י כ ט י ק ע גרות, דורך מילה, טבילה, הרצאת דם[59].

**ד. צייטן ווען מ'האָט אַריינגענומען גרים. — צייטן ווען מ'האָט נישט געוואָלט האָבן קיין גרים. — איבערגעצייגטע גרים און "אַריינגעשלעפּטע".**

ס'זענען געווען צייטן — און ס'וועלן זיין צייטן — ווען מ'האָט נישט גענומען קיין גרים. מיר לערנען[1]: "אין מקבלין גרים לימות המשיח" — מ'וועט נישט צונעמען קיין גרים אין דער עפּאָכע פון משיחן; "לא קבלו גרים, לא בימי דוד ולא בימי שלמה" — מ'האָט נישט גענומען קיין גרים נישט אין צייט פון דוד און נישט אין צייט פון שלמה המלך. פאַר וואָס נעמט מען נישט קיין גרים אין אַזעלכע תקופות? — ווייל מ'האָט אַ פאַרדאַכט, אַז זיי טוען דאָס נישט אויס איבערצייגונג, נאָר צוליב דעם וואָס זיי זעען די גרויסקייט פון יידן, איז דאָס נישט קיין ריכטיקע גרות.[2] אויב ס'האָט זיך יאָ געטראָפן אַזאַ סאָרט גר, אָדער גרים, האַלט מען דאָס פאַר "גרים גרורים", אַריינגעשלעפּטע גרים — און וועגן אַזעלכע האָבן מיר מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אין הלכה־ספרים[3].

ס'זענען אויך געווען, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן, אַזעלכע וועלכע ווערן קלאַסי־פיצירט: "גר־תושב", אַזעלכער וואָס נעמט אויף זיך מקיים צו זיין די שבע מצוות, די זיבן מצוות, וואָס אַ בן־נח איז געבאָטן געוואָרן, ווייל אָן די דאָזיקע מצוות, איז נישטאָ קיין ציוויליזאַציע, קען די מענטשהייט נישט עקזיסטירן. דער גר־תושב האָט געהאַט ספּעציעלע פּריווילעגיעס[4]. אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע גייען אויך אַריין אַזעלכע וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ ל י י כ ט גרות.

ס'זענען דאָ אַזעלכע ליבעראַלע דענקערס ביי יידן וואָס האַלטן, מ'זאָל מקבל זיין און געבן פולע רעכט ווי יידן אַזעלכע, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט וואָס פאַר אַ גרות ס'זאָל נישט זיין, ווייל מיט זייער דערנענטערן זיך צו יידן, שטאַרקן זיי ביאָלאָגיש דאָס יידישע פאָלק. דאַקעגן זענען דאָ יידישע גייסטיקע מנהיגים, וועלכע האַלטן דאָס פאַרקערטע: גרות נישט לויט שטרענגער הלכה פירט צו געמישטע חתונות און דער סוף איז, אַז זיי ברענגען אַ צעמישעניש אין דער יידישער עדה. די קינדער פון אַזעלכע געמישטע חתונות גייען איבער צו דער קריסטלעכער מערהייט; ווער שמועסט נאָך, ווען זיי געפינען זיך אין אַ קריסטלעכער סביבה. זיי ווערן באַאיינפלוסט פון דער דאָזיקער מערהייט, ווי דער רמב"ם שרייבט: "דרך ברייתו של אדם, להיות נמשך בדיעותיו ובמעשיו אחר רעיו וחבריו ונוהג כמנהג אנשי מדינתו"[5].

וועגן די כותים, די מענטשן פון כותא וואָס האָבן זיך אָפיציעל מגייר געווען, ווערן געבראַכט צענדליקע מעשיות וואָס שייך זייער דראַנג צו דינען עבודה זרה. איין כותי האָט געפרעגט ר' יהושע בן קרחא (געלעבט אין דער צייט פון בית שני) "מפני מה אין ישראל מבטלין דעתן אל דעת עכו"ם?" — פאַר וואָס זענען

יידן נישט מבטל זייער געדאַנק פאַר דעם געדאַנק פון דער מערהייט, געצן־דינערס ?[6], אַזוי האָט עס זיי אַלץ געצויגן צום געצנדינסט.

ר׳ יוחנן בן זכאי, וואָס האָט מתקן געווען די מערסטע תקנות אין דער צייט פון בית־שני, האָט אויך מתקן געווען די תקנות וועגן גרים[7]. אין אַ צאָל שריפטן פון דער בית־שני־עפּאָכע, אין די אַזוי גערופענע ״אַפּאָקריפן״, ווערט דערמאָנט וועגן גרות און גרים. אויף אַלטע מצבות אין רוים האָט מען געפונען נעמען פון רוימישע פרויען וועלכע האָבן זיך מגייר געווען[8].

גרויס איז געווען די צאָל פון גרים, אי גרי־צדק און אי גרי־תושב. די לעצטע האָבן זיך געהאַלטן אויסער די מויערן פון ירושלים[9] און געצויגן זייער פרנסה פון היטן די טויערן: זיי זענען עס געווען די ״איסטרוטרוס״ — די היטערס וואָס ווערן דערמאָנט אין ירושלמי. ווען ס׳האָבן זיך דערנענטערט די פּסח־טעג, האָבן נישט ווייניק פון זיי זיך געאיילט צו ווערן פולע גרים, גרי־צדק, כדי צו קענען פייערן און געניסן פון קרבן־פסח צוזאַמען מיט אַלע יידן.

אין ירושלמי[10] ווערט דערציילט, אַז אויך דער קיסר אנטונינוס האָט זיך צוליב דעם מל געווען: ״אנטונינונס אמר לרבי: מייכלתי מן לויתן לעלמא דאתי ? א״ל: אין. א״ל, מן אימר פסחא לא אייכלתני ומן לויתן מייכל לי ? א״ל: מה נעביד לך, ובאימר פסחא כתיב ״כל ערל לא יאכל בו״ — כיון דשמע כן — אזל וגזר״.

אין זיין מאָנומענטאַל ווערק ״תולדות האמונה הישראלית״,[11] שרייבט יחזקאל קויפמאַן: ״גרים היו בישראל גם לפנים. גרים נזכרו בסיפורי התורה ובסיפורי נביאים ראשונים... הם בני נכר שדבקו בישראל וישבו בארצו, נטמעו בתרבות הישראלית ומתוך כך קבלו גם את עבודת אלקי ישראל...״

ער טיילט איין די פאַרשיידענע גרים אין דריי קאַטעגאָריעס: גרי־צדק, גרי־תושב, גרים ״נלוים״... די וועלכע האָבן פאַרלאָזט זייער געצנדינעריי און זיך באַהאַפטן אין דער אחדות־אלקות־אמונה. וועגן זיי רעדן די נביאים. ישעיהו הנביא דערציילט וועגן די ״בני נכר הנלוים על ד׳ לשרת ולאהבה את שם ד׳ להיות לו לעבדים״[12].

גרי־תושב — ווי די חכמי התלמוד קלאַספיצירן זיי — זענען געווען די, וועלכע האָבן גענומען אויף זיך מקיים צו זיין אַ צאָל מצוות. גרי־צדק זענען געווען פולשטענדיקע גרים, לויט די תנאים וואָס ווערן אָנגעגעבן אין מסכת יבמות[13] און אין מסכת גרים — מילה, טבילה, קבלת מלכות שמים, קיום המצוות — און נאָך דעם איז ער שוין ״תחת כנפי השכינה״.

רעליגיעזע גרות — האַלט קויפמאַן — איז נישט אָפּהענגיק אין באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. אַזאַ גרות איז אוניווערסאַל און האָט בלויז איין באַדינג: קבלת דת־ישראל...

מ׳קען אָבער אָפּפרעגן זיין באַהויפּטונג, אַז גרות דתית, רעליגיעזע גרות איז די שאַפונג פון דער תורה־שבעל־פה. אין דעם איז ער נישט איבערצייגנדיק, ווייל די רעגולאַציעס זענען באַזירט אויף פסוקים אין דער תורה.

יחזקאל קויפמאַן איז אויך נישט איבערצייגנדיק אין זיינע אַנאַליטישע אויס־פירן, אַז די רעליגיעזע גרות איז געשאַפן געוואָרן אין בבל און האָט ארויסגערופן אַ צעטומלעניש אין דער תקופה פון שיבת־ציון. בעת דער ערשטער און צווייטער עליה[14] און אַז דאָס האָבן עזרא און נחמיה איינגעפירט די שטרענגע גרות.

ס׳לאָזט זיך נישט גלויבן, אַז אַזאַ יסודותדיקע הלכה זאָלן געווען באַנייען עזרא און נחמיה, נישט האָבנדיק דערויף די געהעריקע באַגרינדונג פון תורת משה והנביאים. ס׳איז אָבער קלאָר און ריכטיק קויפמאַנס באַהויפּטונג, אַז דער ״רעלי־גיעזער גיור״ האָט געגעבן דעם געהעריקן שנור, אָנצייכענענדיק די גרענעץ צווישן ייִד און נישט־ייִד. אין אונדזער לשון און דעפיניציע קען ״גיור כהלכה״ — ווי דאָס פאָדערן די רעליגיעזע באַוועגונגען — זיכערן די ריינקייט, גאַנצקייט און באַוווסטזיניקייט פון ייִדישן פאָלק.

אין קויפמאַנס ווערטער: ״...הוא כולל דרישה ברורה ומדויקת והוראה ברורה ומדויקת כיצד הנכרי יכול להעשות יהודי בבת אחת. הגיור הדתי משתף את הגר בכל חוקות היהדות ואמנותיה...״ המתיהד יכול לההפך ליהודי ממש... הגיור הדתי כשהוא לעצמו הוא אוניברסלי ואינו קשור בארץ, אבל גיור זה נשען בדרך הטבע על משפט הגירות הארצית שבתורה[15].

יחזקאל קויפמאַן ווייזט אויך אָן, אַז ס׳זענען געווען צייטן ווען מ׳האָט אַריינ־גענומען גרים פון די כנענים און אַז אין דער צייט פון די חשמונאים האָט מען אַריינגענומען גרים וועלכע זענען נישט געווען פולשטענדיקע גרי־אמת, לויט די הלכישע פאָרשריפטן[16] און מ׳האָט זיי געגעבן וווינרעכט אין יהודה[17].

עזרא הסופר מיט די מיניסטאָרן, נאָך דער עליה פון בבל, האָט געשטורעמט קעגן די געמישטע התונות, האָט אין טרויער צעריסן זיינע קליידער, געריסן די האָר פון קאָפּ, געזעסן אין תענית, ווייל ער האָט דערין געזען אַ גורם צום חורבן, אַ געפאַר פאַר דעם המשך פון היסטאָרישן ייִדנטום[18]. ווי מיר האָבן שוין אין פריערדיקע ווערק אָנגעוויזן, איז דאָ אַ מיינונג, אַז דאָס איז געווען אַ הוראת שעה. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דערקלערונגען, פאַר וואָס עזרא האָט נישט פאַרלאַנגט די נשים נכריות זאָלן זיך מגייר זיין, נאָר געפאָדערט צעשיידונג און זיי באַזייטיקן.

שמואל דוד לוצאַטאָ(שד״ל, 1800—1865) ווייזט אָן, אַז דאָס ייִדנטום איז קעגן אַרויפגעצוווּנגענער גרות, ווייל דאָס איז נישט קיין אויפריכטיקער, איבער־געצייגטער איבערגאַנג צום יידנטום. בדרך כלל, איז דאָס אַ פּרינציפּ. מיר ווייסן

אָבער פון אַן אויסנאַם: יפת־תואר מלחמה־געפאַנגענע, זענען דאָך כמעט געוואָרן געצוווּנגען צו גרות [19].

צו די לאָגישע ענטפערס געהערט דער ענטפער פון ר׳ צבי הירש חיות (1805—1855) — אין זיין מבוא התלמוד [20]. ער קומט צום אויספיר אַז אין דער צייט פון נחמיה האָט מען נישט געוואָלט מקבל זיין גרים, ווי מ׳האָט נישט געוואָלט מקבל זיין גרים אין דער צייט פון דוד און שלמה, ווי חז״ל באַהויפּטן: ״שמא אין לבם לשמים״.

ס׳איז אויך געווען אַ מורא, אַז אַריינגעמענדיק מיט אַ מאָל מאַסן גרים, זענען זיי עלול צו דאָמינירן און באַהערשן דאָס לאַנד. דעריבער אַזאַ שטרענגקייט צו גרים, אַז אַפילו אַזאַ ״מתיהד״, ווי טוביה, האָט נישט געקענט וווינען אין ירושלים.

יחזקאל קויפמאַן ווייזט אָן אויף נאָך אַ מיינונג וועגן יענער נעגאַטיווער באַציונג, די מיינונג פון ר׳ חיים טשערנאָוויץ (רב צעיר, 1870—1949), אין תולדות ההלכה״ [21], אַז די נשים נכריות, די פרעמדע ווייבער, וואָס עזרא האָט באַפוילן אָפּגטן, זענען גאָרנישט געווען קיין געצן־דינערס און אַז ס׳איז שוין דאַן געווען באַשטימט אַ גענויער טעקסט פאַר גרות נשים: עזרא הסופר האָט אַרויפגעלייגט דעם ״איסור עולם״ דווקא אויף נשים נכריות און נישט אויף מענער־נכרים און דאָס איז שווער צו דערקלערן.

ווי געזאָגט, איז עס די מיינונג פון אַ צאָל היסטאָריקערס, אַז די עזרא־גזירה איז בלויז געווען לשעתו, אַן איינמאָליקע; דאָס אָוועקשיקן די פרעמדע איז געטאָן געוואָרן מיט צער און ווייטיק. דער ציל איז געווען צו פאַרזיכערן זיך קעגן פרעמדע קולטורן, פרעמדן איינפלוס, די געפאַר פון ״חֲצִיָם מדברים אשדודית ושאר לשונות ואינם מכירים לדבר יהודית״ [22].

אין דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע האָבן עזרא און נחמיה (און פריער זרובבל און די וועלכע זענען מיט אים געגאַנגען די ערשטע עליה) געזען אַ געפאַר פאַרן קיום פון פאָלק און דעריבער זענען זיי געווען אַזוי שאַרף, קאָמפּראָמיסלאָז, געפאָדערט דערווייטערן די נישט־ייִדישע פרויען.

נישט לייכט איז געווען דורכצופירן דעם דאָזיקן אַקט, אָפּצוהאַלטן די געמישטע חתונות. איינער פון די כהנים גדולים, יוידע בן אלישיב הכהן הגדול — ווערט איבערגעגעבן — האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פונעם ראש השומרונים, סנבלט, שונא פון נחמיה [23] און ער איז מסתמא נישט געווען דער איינציקער.

עזרא און נחמיה האָבן מורא געהאַט, ווי מיר היינט, אַז אַ מאַסן־געמישטקייט, קאָן פירן דערצו, אַז ייִדן זאָלן זיך אויסמישן און פאַרלירן די ייִדישע אידענטיטעט.

אין ״ראשית דבר״ צום ״נחלת צבי״ [24], שרייבט הרב ר׳ גדליה פעלדער שליט״א: ״...היהדות מראשית ימיה יראה מפני פגעי נישואי תערובות, הזהירה את יהודה והתרתה את ישראל לבלתי בגוד בד׳ ושלא לחלל קדשי האומה להימנע

מהתערובות האלה... גדולי ישראל מאורי האומה, אשר לאורם הולך עם ישראל בראותם אנשי ישראל פונים לעמי הנכר... עמדו בפרץ, גדרו גדרים וגזרו גזירות, נתנו רשות להלקות ולקנא קנאת ד׳ צבאות למי שבעל בת עם נכר...״

אָבער צו דער זעלביקער צייט, גיט ער צו:

״עם ישראל בכל העתים פתח שעריו לכל מי שבקש להכנס בכרם ד׳ צבאות[25]... לכל המשימות הציבוריות דרשה שיהי׳ מקרב אחיך... קבל כל שבא לחסות תחת כנפי השכינה, העניקה לו הזכיות בשויון מוחלט כלבן עמה, אבל דרשה מכולם השתרשות גמורה בתרבותו ודביקות נפשית ברוחו של עם ישראל, קבלת עול המצוות, קליטת רוח היהדות ברוח ובנפש וקבלת ערכי האומה ואורח חייה ואין שום ערך בדברי נכרי הבא להצטרף לעמנו כשרק מודיע שהוא רוצה להיות יהודי, כל זמן שאינו רוצה להשתעבד לחוקי התורה ולהידבק ברוחה... על אלה ודומה להם, כבר אמרו ׳קשים גרים לישראל כספחת׳ ״[26].

דערמיט איז הרב פעלדער מסביר דעם מאָטיוו פון אָפּרעדן דעם גר אַריבער־צוגיין צום ייִדנטום, ביז מ׳זעט, ווי ערנסט און איבערגעצייגט ער איז אין זיין גרות־פאַרלאַנג:

״גר שבא להתגייר בזמן הזה, אומרים לו, מה ראית שבאת להתגייר...״[27] און ווייטער: ״ואם בא להתגייר מחמת אישות או דבר אחר, אין מקבלין אותו״[28]. אין דער צייט פון מלכות דוד ושלמה, האָט מען נישט גערן אַריינגענומען גרים, ווייל דער חשד איז געווען, אַז זיי טוען דאָס צוליב באַקוועמלעכקייט.

די פראַגע ווערט געשטעלט, ווי אַזוי האָט הלל צוגענומען אַ גר, וואָס האָט פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אים באַשטימען אַלס כהן גדול[29] און ווי אַזוי האָט ר׳ חייא צוגענומען אַ גרטע, זי זאָל חתונה האָבן מיט זיינס אַ תּלמיד[30]. אויף דערויף זענען דאָ אַ צאָל תּירוצים. אייניקע ענטפערן, אַז הלל הנשיא און ר׳ חייא האָבן געוווּסט, אַז די גרים וועלן זיין ערלעכע, איבערגעגעבענע גרים, שומרי תּורה ומצוות[31], אַז זייער כּוונה איז ״לשם שמים״.

אַ פאַקט איז אויך, אַז אַפילו ווען דער גר האָט געהאַט אַנדערע כּוונות, אויב מ׳האָט אים מגייר געווען לויט דער הלכה, און ער איז געהיט אין מצוות, ווערט ער גערופן גר־צדק און זיין פאָטער איז אברהם אבינו, ווייל אברהם איז דער אב המון גויים[32]...

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, זעט דער נביא הושע די צוקונפט פונעם ייִדישן פאָלק: ״וזרעתיה לי בארץ״ — און איך וועל זיי מיר איינזייען אין לאַנד[33], קאָמענטירן חז״ל: ״כלום אדם זורע סאה אלא להכניס כמה כורין״ — אַז מען פאַרזייט אַ מעסטל, ווייל מען פודן[34]... — ״לא הגלה הקב״ה את ישראל לבין האומות, אלא כדי שיתוספו עליהם גרים״ — ייִדן זענען פאַרטריבן געוואָרן, כּדי צו קריגן גוטע, איבערגעגעבענע גרים. אויפן פסוק ״יושבי בצלו״, די וואָס זיצן

אין זיין שאַטן[35] ווערט געזאָגט: "אלו הגרים" — אַז דאָס מיינט מען די גרים, אַז זיי זענען געשיצט אונטער גאָטס שאָטן.

גרים, גרטעס, ערלעכע, איבערגעצייגטע, זענען תמיד אויפגענומען געוואָרן מיט וואַרעמקייט, אַזוי אין דער ווייטער פאַרגאַנגנהייט און אַזוי אין אונדזער צייט.

משה רבנו האָט מקבל געווען גרים, חתונה געהאַט מיט יתרוס טאָכטער. ער האָט מקיים געווען כיבוד־אם, צו פּרעהס טאָכטער, בתיה, וועלכע האָט זיך שפּעטער מגייר געווען און לויט מדרשים איז זי מיט אים מיטגעגאַנגען אין דער מדבר. ער ווערט גערופן מיטן נאָמען משה, וואָס זי האָט אים געגעבן.

מיר האָבן פריער דערמאָנט, אַז גרים האָבן געקראָגן רוח־הקודש: אונקלוס, איוב, עובדיה הנביא — און וועגן דעם מער באריכות ביי אַ געלעגנהייט.

ייִדן האָבן זיך אָבער קיין מאָל נישט געיאָגט נאָך גרים, נישט געפירט קיין מיסיאָנערישע טעטיקייט נישט אין דער צייט ווען זיי האָבן געלעבט זעלבשטענדיק אין זייער אייגן לאַנד, נישט אין די יאָרטויזנטער פון גלות־לעבן. די מורא איז געווען זיי זאָלן נישט ווערן מאַיאָריזירט און באַאיינפלוסט פון פרעמדע קולטן, היידנישע אַבערגלויבנס, זיי זאָלן נישט פאַרלירן די אידענטיטעט פון פאָלק. אין די גלות־לענדער איז אויך געווען די מורא מצד פּאָליטישע און רעליגיעזע אינס־טאַנצן, וועלכע האָבן געוואָרנט קעגן מקבל זיין מענטשן פון זייערע אמונות.

## ה. גרים פון פאַרשיידענע לענדער. — ליבשאַפט צו ישׂראל. — קדושה פון ייִדישן פאָלק. — גרי־צדק און סתם גרים.

ווי מיר האָבן שוין אין די פריערדיקע פּרקים אָנגעוויזן, קומען גרים פון פאַרשיידענע לענדער, פאַרשיידענע ראַסן און זיי קומען נישט בלויז צוליב דער אהבה "בין איש לאשה", נאָר צוליב דער אהבה צו מדינת־ישׂראל, צו דת־ישׂראל. די דאָזיקע גרים נעמען פאַר ליב אַלע שוועריקייטן, אַלע נסיונות, אַלע דערפאַרונגען. אַזעלכע דאַרפן געניסן פון דער וואַרעמקייט, ווי קינדער פון אברהם אבינו, ווייל זיי האָבן דורכגעמאַכט דעם ריטואַל פון קבלת המצוות, מילה, טבילה און זיי ווערן — אין די ווערטער פון ליובאַוויטשער רבין שליט"א — קינדער פון רבונו של עולם.

די קדושה פון ייִדישן פאָלק ציט זיך פון די אָבות[1]. דער נביא דעקלאַרירט: "הביטו אל אברהם אביכם ואל שׂרה תחוללכם" — קוקט אויף אברהם אייער פאָטער און אויף שׂרהן, וואָס האָט אייך געבוירן... און איך האָב אים געבענטשט[2]... און פאַר דעם, זאָגט דער נביא: "ואתה ישׂראל עבדי יעקב אשר

בחרתיך זרע אברהם אוהבי" — און דו, ישראל מיין קנעכט, יעקב וואָס איך האָב דיך אויסדערוויילט, דער זאָמען פון אברהם מיין געליבטן [3].

אין וואָס באַשטייט די אויסדערוויילטקייט? אַ כאַראַקטער־שטריך פון זרע אברהם ווערט אָנגעגעבן אין תּלמוד: "רחמנים, ביישנים, גומלי חסדים" — מענטשן וועלכע האָבן רחמנות אויף אַנדערע, שעמען זיך צו באַגיין פאַרברעכנס און טוען גוטס צו מענטשן [4]. דער כּלל: "כל המרחם על הבריות בידוע שהוא מזרעו של אברהם אבינו" — ווער ס'האָט מיטלייד מיט ליידנדיקע מענטשן, איז מען זיכער, אַז ער שטאַמט פון אברהם אבינו [5].

דער גייסטיקער, עטישער באַנעם שטייט העכער ווי דער ראַסיש־פיזיאָנאָמישער אויסזען; און, זיך האַלטנדיק ביים דאָזיקן פּרינציפּ, ווערן אַריינגענומען גרים פון אַלע ראַסן, ווייל דער צובונד צום קהל־און צו כּלל־ישראל איז אַ גייסטיקער, נשמהדיקער, לויטן מאמר: "אין הקב"ה פוסל לשום בריה אלא לכל הוא מקבל. השערים נפתחים בכל שעה וכל מי שמבקש להיכנס, יכנס [6]..." אין המשך פון דעם מאמר ווערט דאָרט געזאָגט, אַז די גרים קענען דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון כּהנים.

דאָס אַלץ וועגן גרי־צדק, וועגן גרים וועלכע זענען זיך מוסר נפש אַריינגעקומען צו ווערן אין יידישן קהל. גרים אָדער גרטעס וועלכע ווילן בלויז צופרידנשטעלן שווער־שוויגער, אַזאַ סאָרט גרות מיינט בלויז לעגיטימאַציע אויף געמישטקייט, זיי זענען אַפילו נישט אין דער קאַטעגאָריע פון "גרי אריות"; זיי זענען "גרי עריות", ווי זיי ווערן גערופן [7]. אַזעלכע איז מען נישט מקבל און ס'וועט נישט קומען קיין עונש פאַר נישט מקבל זיין, אַפילו נישט אַזאַ עונש, ווי ביי תמנע, וואָס איז געלאָפן צו אַליפזן [8].

ס'איז נישט קיין נייס און נישט קיין ווונדער וואָס דער ליובאַוויטשער רבי און רבנישע אינסטאַנצן האָבן זיך געשטעלט קעגן די יוסטיץ־אָרגאַנען אין ישראל, וועלכע האָבן אינעם "חוק השבות" נעגירט דעם פּרינציפּ פון "גיור לפי הלכה". זיי האָבן געפאָדערט, אַז ביי גרות, כּדי צו ווערן אַ ייד, מוז מען דורכגיין די הלכהדיקע פּרינציפּן און ס'קען נישט זיין קיין פּשרה [9].

די קאָנסערוואַטיוון און די ליבעראַלן האָבן דווקא זיך געשטעלט מיט דער פולער שאַרפקייט קעגן דער שטעלונג פון דער אָרטאָדאָקסיע.

פּראָפ׳ יצחק ש. סיגאל, דער יו"ר פון וועד־הלכה ביים קאָנסערוואַטיוון ראַבינאַט באַהאַנדלט אין אַ לענגערן מאמר דעם ענין "מיהו יהודי", וועלנדיק באַווייזן אַז אין דער תּלמוד־תּקופה איז נאָך נישט געווען פעסטגעשטעלט דער אופן פון גרות, אַז ס'זענען געווען חילוקי־דעות, צי מילה איז מעכּב, צי טבילה איז דער עיקר [10]. זיין וועד־הלכה איז אַרויסגעקומען מיט אַ רוף צו דער ישראל־רעגירונג, נישט צו לאָזן זיך דאָמינירן פון מפד"ל און אַנדערע אָרטאָדאָקסישע פּאַרטייען. אין דער

״קריאה לאחינו היהודים במדינת ישראל״ [11], געחתמעט פון פרעזידענטן, דירעקטאָרן פון קאָנסערוואַטיוון שולן־פאַרבאַנד און פון די הויפּטן פון דער ״כּנסת הרבנים״ (ראַביניקל אַסעמבלי), געחתמעט פון הרב מרדכי וואַקסמאַן, נשׂיא און פון הרב זאב קעלמאַן, מנכ״ל, ווערט צוו״א געזאָגט:

״...אנו קוראים לאחינו היהודים במדינת ישראל, לא להכנע לדרישת המפד״ל לשנות את חוק השבות הנוכחי. עליכם לדעת, שמראשית דרכה, התנועה הקונסטרבטיבית דבקה בהלכה, ומעולם לא הורשה לרב קונסרבטיבי לכהן בתהליך הגיור אלא אם הוא ממלא את דרישות ההלכה. ללא ספק, הנכם מבינים שכוונתו האמיתית של השינוי המוצע בחוק השבות, אינה לשמור על ההלכה... אלא פשוט מאד למנוע מתן הכרה בישראל לגיורים הנעשים בגולה על־ידי רבנים לא אורטודוקסים... למען עתיד עמנו לא נחשה...״

אינטערעסאַנט איז, אַז די סעקולערע ייִדן אין דער מדינה האָבן זיך דאָן אַרויסגעזאָגט נאָכצוגעבן דעם פאַרלאַנג פון די רעליגיעזע. אַפילו דער גאָר לינקער ד״ר משה סנה, ע״ה, האָט דאַן אין אַן אַפּרוף, געהאַלטן, אַז נישט געקוקט וואָס די מערהייט בירגער איז אַ סעקולערע, זאָל מען זען אויסצואַרבעטן אַ קאָעקזיס־טענץ צווישן רעליגיעזן און וועלטלעכן ציבור און אַז אין ישׂראל זאָל גרות ווי קדושין־נשׂואין זיין אין פולער אויטאָריטעט פון דער רבנות הראשית. ער האָט אָבער צוגעגעבן אַן ״אָבער״: אָפּטיילן רעליגיע פון שטאַט, די מדינה זאָל זיך נישט אַריינמישן אין די קאָמפּעטענצן פון די רעליגיעזע אינסטיטוציעס און ווי אַ פועל־יוצא: די רעגירונג זאָל אָנערקענען גרות, חתונות, גיטין, (גטן) פון וועלכן נישט־איז רב אין אויסלאַנד.

די רעליגיעזע מיניסטאָרן און רעליגיעזע חברי־כּנסת האָבן, פאַרשטייט זיך, צוריקגעוויזן אַזאַ פּשרה, באַהויפּטנדיק אַז ביי ייִדן האָט מען תּמיד געהיט די דינים פון ״אישות״ און די מדינה טאָר נישט ענדערן די דינים דורך וועלכע ס׳איז געזיכערט געוואָרן די ריינקייט אין משפּחה־לעבן, צו דערוווייטערן ״פּסולי קהל״ און אָנצוהאַלטן דעם הייליקן קשר וואָס ציט זיך פון די אבות, פון עזרא הסופר, ביז אונדזער צייט.

די הלכות, באַגרינדעט דורכן שולחן־ערוך און זיינע נושׂאי־כּלים, פאַרזיכערן די גייסטיקע התקרבות פון גרי־צדק דורך אַ קאָנקרעטן און טעאָרעטישן איינשטעל, פאַרהיט פון ממזרות, פון ״פּסולי קהל״ און אַפילו ווען די מוטער איז ייִדיש, האָט מען צוליב משפּחה־ריינקייט, איינגעפירט אַ סאָרט גרות, צוליב דעם וואָס דאָס קינד האָט אין זיך זרע פון אַ נישט־ייִד, פון אַ געצן־דינער וועמעס זרע איז געוואָרעמט געוואָרן אין דער מוטערטראַכט פון אַ ייִדישער מאַמע [12]. דער דין איז ״עכּו״ם ועבד שבא על בת ישראל, הולד צריך גרות״ [13], כּדי דאָס קינד זאָל נישט זיין פּסול.

אין שייכות מיטן פראבלעם "מיהו יהודי" איז כדאי צו באהאנדלען דעם טערמין "יהודי". ד"ר מאיר מינקוביץ, שטעלט זיך אפ אויספירלעך וועגן נעמען פאר ייִדן[14]. מיט יעקבן — שרייבט ער — הייבט זיך אן דער נאמען ישראל. דער מלאך האט אים געזאגט: "כי אם ישראל יהי׳ שמך"[15]. די קינדער פון יעקב אבינו, די שבטים, ווערן גערופן "בני ישראל". נאך דער צעטיילונג פון די שבטים אין צוויי מלוכות, מלכות ישראל און מלכות יהודה, האבן מיר ביי די נביאים די דאזיקע טערמינען, ווי צוויי באזונדערע מלוכות: יהודה און ישראל. די ערשטע צוויי שבטים — יהודה און בנימין (ירושלים, די הויפטשטאט, דרום פון ארץ־ישראל) און מלכות אפרים — ישראל פון צען שבטים, מיט דער הויפטשטאט שכם, צוזאמען מיט שומרון, דעם גליל, צפון פון ישראל.

נאכן חורבן בית שני, איז געבליבן דער נאמען יהודה, און פון דעם — יהודי: "איש יהודי"[16] און אזוי איז שוין געבליבן דער נאמען יהודי פאר אלע דורות. יהודי איז געווארן דער סינאנים פאר ייִדן, פאר די זרע אברהם וועלכע זענען ממשיך דעם ברית־אברהם.

אויף די אנפראגעס, וואס בן גוריון האט ארויסגעשיקט צו רבנים און חכמי ישראל וועגן דעם ענין "מיהו יהודי", האט הרב י. י. וויינבערג ז"ל געענטפערט, אז בלויז רעליגיעזע גרות, מיט אלע פארשריפטן, זענען בכוח אריינצוברענגען אינעם גר, אין זיין רוח ונפש, דעם רוח היהדות. ר׳ שאול ליבערמאן ז"ל, אנער־קענט אין דער לומדישער וועלט אלס גאון און בקי, דערצו די העכסטע אויטא־ריטעט ביים קאנסערוואטיוון ראבינאט, ער האט געענטפערט, אז מ׳קען נאר מקבל זיין גרים, ווען מען איז זיכער אז זיי וועלן מקיים זיין מצוות התורה: "ואין שאלה זו צריכה לפנים וכן ברור שבית־דין של ישראל לא יסכים בשום פנים לגיור קטנים (וכל שכן גדולים), בשעה שידוע מראש, שהוריהם (או הם עצמם) לא יחנכו אותם לתורה ולמצוות..."

כדאי אנצווייזן אויפן פאראלעל פון דער תקופת עזרא און אונדזער תקופה. אויב מיר נעמען נישט אן די דראסטישע מיטלען ווי עזרא האט עס געטאן ביים שיבת־ציון, דארף מען אבער דאך זען צו פארהיטן אז די געמישטקייט זאל נישט שטעלן אין סכנה די משפחה־ריינקייט; מ׳דארף זען, אז ס׳זאל זיין גרות און די גרות זאל זיין לויט דער הלכה.

עזרא הסופר האט אויפגעציטערט, ווען ער האט דערזען "והתערבו זרע הקודש בעמי הארצות", אז מ׳האט אויסגעמישט די הייליקע זאמען מיט די פרעמדע[17]... און ער האט באפוילן זיך אפצושיידן סיי פון די פרעמדע ווייבער און סיי פון זייערע קינדער.

פאר וואס ער האט נישט פארגעשלאגן גיור האבן מיר שוין באהאנדלט אויף אן אנדער ארט. אלע מפרשים קומען צום באשלוס, אז דאס איז געווען א "הוראת

שעה״, ער האָט גענומען דעם געוואָגטן שריט, ווייל ער האָט געוואָלט באַזייטיקן די פּסולים. ר׳ אלעזר זאָגט: ״לא עלה עזרא מבבל עד שעשאה כסולת נקיה״, זיי אָפּגעטיילט פון דער טומאת גויי הארץ און נישט איבערגעלאָזט קיין שום פּסול־משפחה [18].

לויטן רמב״ם האָט גאָר עזרא מיטגענומען די ממזרים, ווייל אין ארץ־ישראל איז ער געווען זיכער, וועט מען קענען פאַרהיטן, זיי זאָלן זיך נישט אויסמישן מיט משפחה־געלייטערטע. אין ארץ־ישראל, איז ער געווען זיכער, וועט ער זיי קענען חתונה מאַכן מיט אַנדערע פּסולי־משפחה און זיי זאָלן דאָרט אויפשטעלן משפחות, האָבנדיק אַ מעגלעכקייט, די מיוחסדיקע משפחות זאָלן קענען אָנהאַלטן זייער ייִחוסדיקייט.

דער חוק־השבות איז נישט אַמענדירט געוואָרן און דאָס העכסטע געריכט האָט געאורטיילט (מערהייט פון פינף ריכטערס), דעם 23טן יאַנואַר 1970 (ט״ו שבט, תש״ל), אַז קינדער פון אַ נישט־ייִדישע מוטער זאָלן אָנערקענט ווערן אַלס ייִדן, אויב זייער ייִדישער פאָטער פאַרלאַנגט עס.

ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם שיפס־קאַפּיטאַן (סרן) בנימין שליט, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסטין פון ענגלאַנד און געוואָלט, מ׳זאָל זיין זון און טאָכטער רעגיסטרירן אַלס ייִדן. דער מיניסטער ר׳ משה חיים שאַפּיראָ (אינערן־מיניסטער) האָט נישט געוואָלט אויספאָלגן... און נישט־רעליגיעזע ישׂראלים האָבן דאַן געפאָדערט אַז די כּנסת זאָל דורכפירן אַ געזעץ אָפּצוטיילן דעם שטאָט פון דער רעליגיע.

פון איין זייט: דאָס רבנות הראשית, מפד״ל, אגודה און אַלע צווייגן פון רעליגיעזן ישראל האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם שטאַנדפּונקט פונעם געריכט, האַלטנדיק, אַז בלויז די הלכה קען פעסטשטעלן ווער ס׳איז אַ ייִד. פון דער אַנדערער זייט: סעקולאַריסטן, לינקס און רעכטס, האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פונעם געריכט אין באַשטימען די נאַציאָנאַליטעט פון אַ ייִד.

די זעלביקע אַרויסטריטן זענען פאָרגעקומען אין די תּפוצות: די אָרטאָדאָקסיע אויף דער זייט פון די רעליגיעזע אין ישראל און די וועלטלעכע, קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרמערס — אויף דער זייט פונעם וועלטלעכן געריכט, אַזוי אַז די קאָנטראָווערסאַלע פראַגע האָט שיר נישט דערפירט צו אַ רעגירונגס־קריזיס.

נאָך וואָכן פון פּראָטעסטן מצד דער אגודת־הרבנים, הסתדרות־הרבנים, אגודת־ישראל און אַנדערע, האָט דאַן דער קאַבינעט געבראַכט צו דער כּנסת אַ סאָרט ״עיסקת חבילה״, וואָס זאָל איינשליסן אַן ענדערונג אינעם חוק־השבות, וואָס זאָל געבן רעכט קינדער פון אַ ייִדישן פאָטער און נישט־ייִדישער מוטער רעגיסטרירט צו ווערן ווי באַרעכטיקטע צו די פּריווילעגיעס פונעם געזעץ, אָבער נישט צו ווערן רעגיסטרירט ווי ייִדן: דער רעגיסטריר־באַאַמטער זאָל זיין פאַר־

זיכטיק ביים פאַרצייכענען אַזעלכע מיטן וואָרט "לאום"-נאַציאָנאַל און ביי פולשטענדיקע יידן צוצוגעבן דאָס וואָרט "יהודי". דער דעמאָלטיקער יוסטיץ-מיניסטער יעקב שמעון שפּירא, האָט געוואָלט מיטן דאָזיקן פּשרהדיקן פּלאַן צופרידנשטעלן אַלע צדדים.

די אָרטאָדאָקסישע באַוועגונגען האָבן אָבער דערין געזען אַ טענדענץ אָפּ-צושוואַכן די אויטאָריטעט פון די רבנים און צו מאַכן דאָס געזעץ אַזוי אומקלאָר, אַז די קאָנסעקווענצן קענען זיין גורלדיק פאַר דעם המשך פונעם ריינעם משפּחה-לעבן ביי יידן.

די פּרעמיערין גאָלדע מאיר האָט געהאַלטן אַז דער פּשרהדיקער פּלאַן וועט בכלל נישט לייזן דאָס פּראָבלעם. די הסתדרות-הרבנים האָט דאַן געלויבט די פּרעמיערין פאַר איר שטאַטסמאַנשאַפט און היסטאָרישער פּערספּעקטיוו.

אין דער כנסת זענען דאַן פאָרגעקומען שאַרפע אויסרופן. די רעליגיעזע האָבן אַלאַרמירט די געזעצגעבערס, אַז דער חוק-השבות אָן דעם צוגאָב פון גיור כהלכה, קאָן צעשטערן די נאַציאָנאַלע אחדות פון יידן, דעם קשר באַזירט אויפן דעוויז: "קודשא בריך הוא, אורייתא וישראל חד"[19]. עד היום איז דאָס פּראָבלעם נישט געלייזט געוואָרן.

הרב הגאון מהרי"ד סאָלאָווייטשיק שליט"א האָט דאַן אויסגעדריקט אָנערקע-נונג די רעליגיעזע יידן אין ישראל, די פירערס פון מפד"ל פאַר נעמען די געהעריקע שטעלונג.

אין מיטן פון די קאַמפן פאַר גיור כהלכה איז געקומען אַ נייער טומל, אַ מחלוקת וואָס האָט זיך צעפלאַקערט נישט בלויז אין ישראל, נאָר איז אַריבערגע-טראָגן געוואָרן אין די תפוצות-ישראל און וואָס האָט אַ געוויסע שייכות צום "מי יהודי"-פּראָבלעם. דאָס איז געווען אַ ממזרים-מחלוקת, אין וועלכער ס׳זענען געווען פאַרמישט ר ב נ י ם — און ס׳האָט געהאַט צו טאָן מיט הרב שלמה גורנס פּסק אַראָפּצונעמען דעם ממזרות-פלעק פון שוועסטער און ברודער חנוך און מרים לאַנגער.

ווי זאָגט מען אין רבנישן לשון: "לא אכניס ראשי בין הרים גדולים", מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אינעם אַנאַליטישן גאַנג וואָס האָט געפירט צום דאָזיקן פּסק, וואָס הרב גורן דערקלערט אין זיין ספר א. נ. "פסק הדין בענין האח והאחות"[20].

הרב גורן שרייבט אין זיין הקדמה:

"י"ג כסלו, תשל"ג, יום בו חתמו בקדושה וטהרה, תשעה הדיינים ואבות בתי הדין... דין אמת לאמיתה של תורה, למנוע דמעת העשוקים של האח והאחות, חנוך ומרים לנגר להתירם לבוא בקהל ה׳... קיבצתי כעמיר גורנה את כל המסמכים, העדויות... וצרפתים בספר".

מיר וועלן איבערלאָזן די טעזע און די דראַמאַטיש־טראַגישע געשעעניש אַרום דער דאָזיקער פּרשה[21]. הרב גורן הייבט אָן מיטן בראשית פון דער דאָזיקער טראַגישער דראַמע; ער האָט גרינטלעך אויסגעפאָרשט דעם גאַנצן ענין און ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג אַז דאָס גרות איז נישט געווען כהלכה — אַז דער ערשטער נישט־ייִדישער מאַן פון חוה בת יוסף גינזבורג, מוטער פון די קינדער חנוך און מרים, האָט געלעבט ווי אַ קריסט און האָט נישט דורכגעמאַכט דעם געהעריקן גרות־ריטואַל און אויף דעם סמך, האָט הרב גורן זיי דערלויבט צו קהל־ישראל און ער אַליין האָט זיי חתונה געמאַכט: "החלטנו ביום י"ג בכסלו, תשל"ג, להתיר לאח ולאחות חנוך ומרים לנגר לבוא בקהל ד', ולהנשא לכל ישראל כדת משה וישראל".

ער גיט איבער אַלע הלכישע און פּ אַ ק ט ו ע ל ע פּרטים, אַריינגערעכנט די "השתלשלות המאורעות" די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן, אָנהייבנדיק פון יאָר תרפ"ג (1923) ביזן יאָר תשל"ג (1973) — אָבער דאָס גייט שוין אַרויס פון אונדזער תחום.

די קעגנערס פונעם פסק זענען געווען:

הרב אליעזר שאַך, הויפּט פון פּאָנעוועזשער ישיבה אין בני־ברק, הרב עובדיה יוסף, ווי אויך די הויפּט־פירערשאַפט פון דער מועצת־התורה (העכסטע אינסטאַנץ ביי דער אגודת־ישראל) וואָס איז דאָן אַרויסגעקומען מיט אַ שאַרפער דעקלאַ־ראַציע א. נ. "דעת תורה" (ה' כסלו, תשל"ג), וועלכע פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: "הננו מכריזים שפסקיו והוראותיו — בטלים. הכותבים וחותמים בלב קרוע ומורתח: יחזקאל אַבראַמסקי, חיים שמואלביץ, משה חברוני, שלמה זלמן אויערבאַך".

אַזעלכע פּראָטעסטן זענען געקומען פון רבנים און אדמו"רים אין ישראל און אין אַמעריקע. דער גרעסטער מתנגד צום פּסק איז געווען הרב ר' בצלאל זולטי ז"ל. ער האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן הרב גורן מיט אַ צאָל מאמרים א. נ. "תשובה כהלכה".

ר' משה פיינשטיין, דער פּוסק הדור, האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון הרב שאַך און הרב אַבראַמסקי און געשריבן צוו"א: "...אנחנו מצטרפים לדעת תורה של הגאון ר' יחזקאל אַבראַמסקי שליט"א (ז"ל) והסכמת כל גדולי ארץ ישראל, שכל פסקיו והוראותיו בטלים".

נישט מיט רויִקייט איז געפירט געוואָרן די הלכישע פּאָלעמיק.

דער ראש־ישיבה פון מרכז הרב, ר' צבי יהודה קוק זצ"ל, האָט אויסגעדריקט זיין פולשטענדיקע הסכמה צום פּסק, אָנרופנדיק הרב גורן: "מחמד כל עם ד' ונחלתו הגאון הצדיק שר התורה והיראה, פאר הדור, אביר הפעלים..."

דער דרך־התורה דאַרף זיין "דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום", און ווען

אַפילו ס׳קומט פאַר אַ שאַרפע דעבאַטע, דאַרף עס פירן צום "והב בסופה", ווי חז״ל טייטשן דעם פסוק [22].

ווי געזאָגט, ווילן מיר דאָ זיך נישט אַריינלאָזן אין הלכישער פּאָלעמיק [23]. ס׳איז אָבער וויכטיק וואָס די פריערדיקע רבנים ראשיים האָבן געשריבן וועגן הרב גורן:

הרב ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל שרייבט אין זיין הסכמה אויפן ספר "נזר קודש" פון הרב גורן:

"שתיל קודש, זית רענן עולה ופורח על הררי ציון, הלא הוא אחד מיחידי סגולה בין צעירי תופשי תורתנו... חתן תורה נעלה אשר עוד באביב ימיו, נתן לו ד׳ לב נבון ושכל טוב ואהבת תורה... קנקן חדש מלא ישן... כאחד הגדולים..."

הרב ר׳ יצחק אייזיק הערצאָג זצ״ל שרייבט צום ראש הממשלה בן גוריון וועגן הרב גורן: "ידוע ומפורסם כבר מילדותו בעולם התורה בארץ ובחוץ לארץ כעילוי עצום ונתפרסמו ספריו בהלכה לשם ולתפארת ולתהילה. הוא באמת גאון בתורה ועד כמה שאני יודע, אין כמותו בגילו בארץ ובתפוצות".

דער פּסק־הדין פון דעם דאַן רב הראשי ונשיא בית דין הגדול בירושלים, ר׳ שלמה גורן, האָט, ווי מיר זעען, אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער רבנישער וועלט און הרב גורן, ווי דער מאַן וואָס האַלט זיך שטאַרק ביים "לא תגורו", האָט אַרויסגעוויזן דעם "כחא דהיתרא", ווי ער באַווייזט עס אין זיין ספר "בענין האח והאחות". ער באַגרינדעט הלכהדיק זיין היתר — און וועגן דעם לוינט זיך אָפּצושטעלן. דאָס האָט אַ שייכות צום ענין "מיהו יהודי", ווי אַזוי גרות דאַרף אָנערקענט ווערן — און וועגן דעם ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.

## ו. גרים אַ מאָל און גרים היינט. — מיט וואַרעמקייט איז מען מקבל און מיט שטרענגקייט. — המשך פון פריערדיקע פּרקים.

מיר האָבן ביז איצט געזען ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר אַ וואַרעמקייט מ׳האָט מקבל געווען גרי־צדק און נישט וויניקער די גרי־תושב. עס איז געווען דער דעוויז: "כל המכניס בריה אחת תחת כנפי שמים, מעלין עליו כאילו יצרה ורקמה והביאה לעולם" [1].

בלעם האָט געזען די גרויסקייט פון יידן אינעם האַלטן זיך סעפּאַראַט — "עם לבדד ישכון"; וועגן אונדזער שטאַמפאָטער ווערט געזאָגט "אברהם מעבר מזה..." דעריבער ווערט ער גערופן א ב ר ה ם  ה ע ב ר י, אָבער דאָס מיינט בשום אופן נישט, אַז מיר האָבן דערוויטערט אַנדערע צוליב ראַסע אָדער נאַציאָנאַליטעט.

מ׳האָט בלויז געזוכט אַז דער צופֿלוס פֿון פֿרעמדע זאָל נישט שטערן דער אייגנאַרט פֿון ייִדנטום.

די מורא פֿאַר געמישטע חתונות איז תּמיד געווען אויפֿן סדר־היום אָבער הייַנט מערער ווי אַ מאָל. ס׳האַלט שוין ביי קרוב צו פֿערציק פּראָצענט געמישטקייט און דאָס איז אַלאַרמירנדיק. דעריבער האָט מען אָנגענומען שטרענגע מיטלען צו מאַכן זיכער, אַז די וועלכע ווערן אַריינגענומען אין ייִדנטום און האָבן די שוץ פֿון ״כּנפֿי השכינה״, די הימליש־ייִדישע פֿליגלען, זאָלן זיין ערנסט און איבערגעגעבן צו דער ייִדישער אמונה, אַרויפֿברענגען זייערע קינדער אויפֿן ייִדישן וועג, פֿאַרהיטן קעגן סכּנותדיקן אָפּפֿאַל פֿון דער צאָל ייִדן, נישט געקוקט דערויף וואָס סאָציאָלאָגן מכּל המינים האַלטן, אַז מ׳דאַרף אָננעמען זייער מילדע תּקנות, כּדי זיי זאָלן קענען אַריינגענומען ווערן אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט.

אַזאַ גיורת־צדק, ווי רות בן דוד, די שפּעטערדיקע פֿרוי פֿון הרב עמרם בלוי ז״ל, איז, נישט געקוקט אויף איר פֿאַרגאַנגנהייט, דאָך אַ פֿולשטענדיקע ייִדישע פֿרוי און רופֿט אַרויס באַגייסטערונג.

מיר האָבן וועגן איר שוין געשריבן, אָבער צוליבן דערגאַנצן די טעזע, איז כּדאַי נאָך אַ מאָל זיך באַקענען מיט דער ביאָגראַפֿיע פֿון דער פֿ ר אַ נ צ ו י ז ק ע וואָס איז געוואָרן די ווייב און ע ו ז ר ת פֿונעם קנאותדיקן מנהיג פֿון די נטורי קרתּא.

זי איז געבוירן געוואָרן אין פּאַריז, אַ קריסטין מיטן נאָמען מאַדעלען לוסט פֿריי. ווען זי איז אויפֿגעוואַקסן, רייף געוואָרן האָט זי נישט געגלויבט אין דער קריסטלעכער רעליגיע, נישט געגלויבט אין די לעגענדעס און דאָגמעס, נישט געגאַנגען אין קירכע און מתפּלל געווען ביחידות צום איינציקן גאָט — דעם אוניווערסאַלן גאָט.

ווען זי האָט געענדיקט אירע קורסן אין געשיכטע, אין דער סאָרבאָן, איז זי אַלט געווען 19 יאָר און האָט חתונה געהאַט מיט אַ פֿראַנצויזישן גוי, אַן אַגנאָסטי־קער, פֿון וועמען זי האָט געהאַט אַ זון.

נאָך דריי יאָר וווינען מיט אים, האָט זי זיך געגט און מער נישט געהערט פֿון אים.

ס׳האָט זי געצויגן צו מיסטיק, צו אַ סאָרט רעליגיע וואָס זאָל איר געבן מנוחת־הנפֿש. אין שכנות האָט זי געהאַט ייִדישע רעליגיעזע מענטשן און דורך זיי האָט זי זיך איינגעשאַפֿט רעליגיעזע ספֿרים, געלערנט תּורה, לשון־קודש און ייִדיש. נאָך יאָרן פֿון לערנען בהתמדה, האָט זי זיך מגייר געווען (אין יאָר 1951) ביים רב הראשי אין פּאַריז, ר׳ שמואל רובינשטיין ז״ל. זי האָט אויך מגייר געווען איר בן־יחיד און נאָך דעם אַוועק וווינען אין ירושלים, אין מאה־שערים.

מ׳האָט איר אָנגעהויבן שדכנען שידוכים — חתנים רבנים — ס׳האָט זיך גישט איינגעגעבן. ס׳איז איר באַשערט געווען צו ווערן די געטרייע פרוי פון ר׳ עמרם: זי — 45 און ער — 72 זענען געוואָרן מאַן־און־ווייב און דער זיווג איז עולה יפה געווען. רבנים און סתם בעלי־בתים פון נטורי־קרתא־קרייז זענען געווען קעגן שידוך, געוואָלט אים אָפּהאַלטן. זיי האָבן נישט געוואָלט, אַז זייער פירער זאָל חתונה האָבן מיט אַ גיורת, אַפילו מיט אַזאַ באַוווסטזיניקער, איבערגעצייגטער. ביידע האָבן אָבער באַשטימט חתונה צו האָבן און הרב דוב סאָקאָלאָווסקי, דער שדכן, האָט דורכגעפירט דעם שידוך.

זי האָט געזען אין דעם — ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט — די השגחה עליונה, זי זאָל ווערן די ווייב פונעם פירער פון דער קנאותדיקער עדה. וועגן אַזאַ גרטע קען מען זאָגן: „חכמות בנתה ביתה" [2] — חכמה האָט געבויט איר הויז — מיט איר חכמה האָט זי געבויט איר הויז, איר היים אין ייִדנטום, ווי מיר דרשנען „ויעש להם בתים" [3].

די הלכה איז שטרענג ביים מקבל זיין גרים צוליבן איינציקן מאָטיוו צו מאַכן זיכער אַז די וועלכע קומען מיטן דאָזיקן פאַרלאַנג זענען אויפריכטיק און באַוווסטזיניק. די חשדים זענען אויף אַזעלכע, וועלכע קומען אַריין אין ייִדנטום צוליב ע ר י ו ת, צוליב אישות אָדער אַנדערע פערזענלעכע אינטערעסן. ווען דאָס וועפּט זיך אויס, פאַלט אַוועק דאָס גרות. מיר האָבן שוין געשריבן, וואָס פאַר אַן ערבוביה די געמישטע חתונות ברענגען אַריין אין דער ייִדישער געזעלשאַפט און ס׳וועט נאָך אַ סך געשריבן ווערן, אַזוי לאַנג ווי דאָס איז אויפן סדר־היום, אַקטועל און קיין לייזונג איז נאָך אַלץ נישט געפונען געוואָרן [4]. דעריבער דער קאָנפליקט אין אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן צווישן אָרטאָדאָקסישע רבנים און די גייסטיקע מנהיגים ביים רעפאָרם־און קאָנסערוואַטיוון ייִדנטום. דער ענין קען נישט א י י נ ג ע־ ש ט י ל ט — און אייגנשטעלט — ווערן, אַזוי בנוגע הלכות־גרים, אַזוי בנוגע הלכות־אישות. דער אָרטאָדאָקסישער צד ווייזט אָן אַז די ווייט גייענדיקע ענדערונ־ גען זענען עלול צו שאַפן סעקטעס אין ייִדישן לעבן, קענען פירן צו אַ שעדלעכן, אפשר נאָך ערגערן ריס, ווי מיט די קאַראַימער און גאָר באַזונדערס איז די צעטיילונג אַ געפערלעכער ענין פאַר מדינת ישׂראל.

ישׂראל האָט געגנוג פּראָבלעמען, אינערלעכע און אויסערלעכע, און טאָר נישט דערלאָזן צו נאָך שפּאַלטונגען אין ייִדישן לעבן. די מדינה האָט איצט אַ שאַרף פּראָבלעם מיט די פאַלאַשן־עטיאָפּיער: זענען זיי ייִדן, אָדער דאַרפן זיי דורכמאַכן גיור? הרב עובדיה יוסף, דער געוועזענער ספרדישער רב הראשי, נעמט זיי אָן פאַר פולשטענדיקע ייִדן. ער איז זיך סומך אויף אַ פּסק פון רדב״ז, אַז זיי זענען ייִדן. הרב שלמה גורן, דער געוועזענער אשכנזישער רב הראשי, איז נישט מסכים

צום דאָזיקן פסק. ער איז דער מחמיר און האַלט אַז זיי דאַרפן יאָ דורכמאַכן אַ לייכטן גרות־ריטואַל.

אַ צווייט פּראָבלעם איז דאָס פּראָבלעם פון די "בני מקרא" — די קאַראַימער. דער גרעסטער טייל רבנים האַלט נאָך אַלץ, אַז מ'דאַרף זיך האַלטן ביים דעוויז: "הקראים אינם מתאחים". זיי ציען זייער יחוס פון ירבעם בן נבט — אָבער האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון ישראל אין דער צייט פון די גאונים.

איבערצוגיין נאָך אַ מאָל די געשיכטע פון די קראים? נישט נויטיק [5].

מיט דער עטאַבלירונג פון מדינת־ישראל איז דאָס קראים־פּראָבלעם ווידער אַרויפגעשווומען. די קראים אין ישראל מישן זיך אויס מיט דער אַלגעמיינער ייִדישער באַפעלקערונג דורך געמישטע חתונות. די פירערס פון דער מדינה, בן גוריון, בן צבי, האָבן אָנגעהויבן פאַרלאַנגען ביי די רבנים ראשיים, מ'זאָל זוכן עצות, ווי זיי צו א י נ ט ע ג ר י ר ן: ווי אַ באַזונדערע עדה, מיט זייערע מנהגים — אָבער ו ו י י י ד ן; "לבא בקהל ישראל" ווי אָנערקענטע, פולשטענדיקע זרע־ישראל. ווען דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָבן די אָפיציעלע רעגירונגס־מענטשן פאַרלאַנגט, מ'זאָל זיי געבן אַ לייכט גרות.

אַ פאַקט איז, אַז פאַר דורות האָט מען זיך באַמיט אָנצוהאַלטן די חומרות בנוגע דעם צופלוס פון פרעמדע פעלקער כדי צו פאַרהיטן פון אַסימילאַציע. אָבער מ'האָט מקבל געווען גרים וועלכע זענען אויפריכטיק און ווילן אַריבער צום ייִדנטום צוליב פּאָזיטיווע פאַקטאָרן.

אויב רבנים, פוסקים האָבן אַ מאָל געמאַכט און אויסנאַם אין גרות, איז עס געווען צוליב באַרעכטיקטע סיבות ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין אַ שו"ת פון אַ שטעטעלע אין טימינס, אָנטאַריאָ־קאַנאַדע וואָס מיין רבי מהרי"ל גרויבאַרט ז"ל האָט דערלויבט גרות צו אַ פרוי וועלכע האָט יאָרן לאַנג געלעבט מיט אַ ייִד, געהאַט מיט אים קינדער [6]...

ס'האָט זיך לעצטנס געטומלט וועגן אַ באַוווסטן פרומען ייִד, אַ שרייבער, אַ רבס אַ זון וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם נאַצי־חורבן. זיין נאָמען איז ד"ר עזרא בן גרשם (פּסעוודאָנים יואל קעניג). ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי פון דענעמאַרק. זי האָט זיך מגייר געווען ביים אָרטאָדאָקסישן הויפּט־רב מעלכיאָר, וועלכער האָט אים געהאָלפן דערציען זייערע פיר קינדער (אין עלטער פון 4 ביז 18 יאָר).

ביים לעבן פונעם רב, האָט ער געהאַט אַ זון פון דער דאָזיקער פרוי און ער איז געמלט געוואָרן אָן שאלות. ביים צווייטן זון (אין 1974), ווען ער האָט פאַרבעטן אַ מוהל פון אַמסטערדאַם קיין ראָטערדאַם — (וווּ ער וווינט איצט), האָט דער אָרטיקער הויפּט־רב, דניאל כהן, פאַרבאָטן דעם מוהל מל צו זיין דאָס קינד און באַפוילן אַרויסצונעמען די נעמען פון דער פרוי מיט אירע קינדער פון קהלה־פּינקס

ביז זיי וועלן זיך נאָך אַ מאָל מגייר זיין כּהלכה. יואל קעניג האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן, ער האַלט זיך פעסט ביי זיין מיינונג, אַז הרב מעלכיאָר האָט דורכגעפירט דאָס גרות כדת וכדין. אַזעלכע פּראָבלעמען שאַפן זיך, אויב מען איז נישט פאַר־זיכטיק און ס'שאַפן זיך ספקות, צי דאָס גרות איז דורכגעפירט געוואָרן ווי געהעריק.

דער סוף פון דער דראַמע: הרב כּהן האָט פאַרלאָזט האָלאַנד און אויף זיין אָרט איז אויפגענומען געוואָרן אַן אַנדער הויפּט־רב, הרב אליהו הוטערער, און ער האָט, נאָך אַן אויספאָרשונג, פעסטגעשטעלט, אַז דער חשד פון הרב כּהן האָט נישט געהאַט קיין יסוד. נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה: יואל קעניג וויל שטעלן צום משפט דעם רב כּהן פאַר דעם בזיון וואָס ער האָט פאַרשאַפט דעם פאַרשטאָרבענעם הרב מעלכיאָר און דאָס עגמת־נפש וואָס ער מיט זיין פרוי האָבן געהאַט, פאַר נישט וועלן לעגיטימירן דאָס גרות פון זיין פרוי.

בימי התלמוד והגאונים האָט מען איינגעפירט אַ צאָל תקנות ביים מקבל זיין גרים. איינע פון די תקנות איז, אַז ס'דאַרפן זיין דריי רבנים־מומחים — אַ "בית־דין של שלשה" — אָבער בדיעבד, אויב ס'איז שוין אַן אָפּגעטוענע זאַך און ס'איז דורכגעפירט געוואָרן לויט די געהעריקע פאַרשריפטן, איז אַפילו ביי דריי ייִדן, נישט קיין דיינים, און אַפילו אַ גרות בפני אחד [7]. ס'איז אָבער וויכטיק אַז די דיינים אָדער דער מאַן, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע ענינים, זאָל זיין אַ שומר־מצוות אין פולן זין פון די ווערטער, מ'זאָל קענען זאָגן "בי"ד שלוחייהו דקדמאי עבדינן" [8]...

אַ פאַרלאַנג פון גרות, ווי איך קריג אין מיין ביוראָ: אַ מיידל טעלעפאָנירט. "איך וויל שוין, שנעל האָבן דאָס גרות, ווייל איך וויל שוין חתונה האָבן..." (דעם 3טן יוני, 1971) און דאָס איז נישט קיין זעלטנהייט אין אונדזער צייט... דאָס קען נישט באַטראַכט ווערן פאַר אַן איבערצייגנדיק גרות.

אַזאַ סאָרט גרות ברענגט אַ צעמישעניש און האָט נישט קיין האַפט, פּונקט ווי די געוויינלעכע געמישטע חתונות, וואָס קאָנען ברענגען דערצו אַז איין קינד זאָל דערצויגן ווערן ביי דער דייטשישער מוטער און זאָל ווערן אַ נאַצי און דער צווייטער אַ קיבוצניק אין ישראל [9]. ביאָלאָגיש האָבן די ברידער די זעלביקע כאַראַקטעריסטישע שטריכן, אָבער פּסיכאָלאָגיש, סאָציאָלאָגיש־נאַציאָנאַל זענען זיי צוויי וועלטן.

רעדט מען וועגן גרים, גרי־צדק צי גרי־תּושב, איז כּדאי צו ווידמען עטלעכע שורות — און אַפילו בלעטלעך — די "חסידי אומות העולם", אַ געשיכטע באַלד פון באַגין פון אונדזער אורשפּרונג: די "בעלי ברית" פון אברהם אבינו זענען געווען ענר אשכּול וממרא [10], ממרא האָט אים געעצהט דורכצופירן דעם מילה־אַקט, ממרא האָט אַוודאי אים געהאָלפן קריגן די מערת המכפלה "על פּני ממרא היא חברון בארץ כנען" [11]. פון שליסן אָפּמאַכן מיט שכנותדיקע שבטים, ווי מיט

אבימלך פון פלשתים־גרר־לאַנד, ווייסט דאָך יעדער, ווען ער גיט בלויז אַ בליק אין די ערשטע סדרות פון בראשית.

אויפן פסוק "ושני לאומים ממעיך יפרדו"[12], קאָמענטירן חז"ל, אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן רבי יהודה הנשיא, דער תנא און מסדר פון דער משנה, וואָס ווערט טיטולירט "רבנו הקדוש" און האָט אָנגעהאַלטן אַן אויפריכטיקע פריינד־שאַפט מיטן רוימישן קיסר אַנטונינוס; "...שלא פסקו מעל שולחנם לא חזרת ולא קישות ולא צנון, לא בימות החמה ולא בימות הגשמים..."[13]; ווי תוספות באַמערקט, אַז דאָס מיינט, אַז זיי האָבן געפּראַוועט סעודות צוזאַמען: "שהיו מרבים סעודת שולחנם".

רב, דער תלמיד פון ר' יהודה הנשיא, דער לעצטער פון די תנאים און ערשטער פון די אמוראים, האָט אויך געהאַט פריינד אין בבלישן מלכות, פון וועלכע ער האָט געהאַט אַ סך טובות פאַר יידן.

נישט בלויז אין דער אור־עפּאָכע פון אונדזער אויפשטייג אויף דער וועלט־מאַפּע האָלט אָן אָן אומזיסטע שנאה צו יידן. די שנאה האָט זיך פאַרשטאַרקט נאָכן רענעסאַנס וואָס האָט סוף־כל־סוף דערפירט צום נאַצישן אויפשטייג מיטן פּלאַן פון "גענאָסייד" — פון טאָטאַלער אויסראָטונג פון די יידן. ס'האָבן זיך אָבער שטענדיק געפונען איידעלע מענטשן ביי אַלע פעלקער וועלכע האָבן זיך אַפילו מוסר נפש געווען פאַר יידן. נישט אומזיסט ווערט געזאָגט וועגן זיי "והנכרים אע"פ שאינם חייבים במצוות"[14], אויב זיי זענען מקיים די זיבן מצוות בני נח, איז מען זיי מקרב. לויט אַ צאָל דעות פון חכמי־ישראל, ווערן אַפילו בני נח, אויב זיי זענען מקיים די זיבן מצוות, באַטראַכט ווי גרי־תושב. אברהם האָט אָוועקגעשיקט הגרן, ווערט געזאָגט, ווייל זי האָט געדינט עבודה זרה[15]. די אַלע באַגרענעצונגען פאַר נישט־יידן, זענען געווען בנוגע די פעלקער וועלכע זענען געווען אין חשד אויף נפשות, עריות און האָבן נישט געקענט באַגרייפן די קדושת השבת, וואָס איז אַן עדות אויף דעם געטלעכן וועלטבאַשאַף און דער געטלעכער השגחה[16].

אין זיינע מאָנומענטאַלע ווערק באַהאַנדלט הרב א. א. פּרייס שליט"א די ענינים פון גרות מיט אַלע פּרטים. ער באַהאַנדלט די חלוקים פון גר־תושב און גר־צדק און דאָס אָרט פון די "חסידי אומות העולם" אין דער הלכה.

הלכה למעשה — האַלט הרב פּרייס, אַז מען מעג — און מ'דאַרף — אין פאַל פון פּיקוח־נפש, ראַטעווען אַ גר־תושב אום שבת, אַפילו ווען ס'איז דערביי דאָ אַ חילול־שבת פון אַ מלאכה דאורייתא[17].

אין "משנת אברהם" הלכות גרים ברענגט הרב פּרייס אַרויס אין קלאָרקייט, די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס שייך גרות, די מיינונגס־פאַרשיידנהייט וואָס

שייך פּיקוח־נפש צום גר־תּושב און נישט בלויז צום גר־תּושב; אויך וואָס שייך פּיקוח־נפש אין באַציונג צו נישט־ייִדן: אויב ס'איז דאָ אַ געפאַר פון "איבה", אַז אַ נעגאַטיווע אָדער פלעגמאַטישע באַציונג צום נישט־ייִד קאָן אַרויסרופן שׂנאה צו ייִדן, דאַן איז עס דער חוב צו ראַטעווען, היילן דעם עכּו"ם[18].

וואָס שייך "פּת עכּו"ם", וואָס איז פאַרבאָטן, איז עס געווען צוליב צוויי מאָטיוון: מען איז נישט זיכער צי דער נישט־ייִד האָט דאָ נישט אַריינגעמישט פאַרבאָטענע מאַטעריאַלן און אויך צוליב דער מורא פון התחתּנות, פון ווערן צו נאָענט, ווערן אינטים מיט דעם עו"כּ, וואָס קען ברענגען ניט־געוווּנטשענע רעזולטאַטן.

אין ירושלמי ווערט איבערגעגעבן, אַז ס'זענען געווען מקומות, ווו מ'האָט זיך נוהג געווען צו דערלויבן "פּת נכרי" און ס'זענען געווען ערטער, ווו מ'האָט מיט דער פולער שטרענגקייט נישט דערלויבט.

מיר האָבן אין פריערדיקע ווערק און אין פריערדיקע פּרקים אין דעם ווערק, אָנגעוויזן, אַז נישט זעלטן איז געווען אַ נאָענטקייט צווישן תּנאים, אמוראים מיט נישט־ייִדישע פריינד, פאַררעכנטע פאַר "חסידי אומות העולם", ווי רבי מיט אַנטונינוס, הויפּט פון מלכות רוים אין זיין צייט, און אין בבל — די פריינדשאַפט צווישן רב און דעם פּערסישן קעניג, און די ידידות פון רב, אין קעניגלעכן הויף — שבור מלכא. די קעניגין איפרא הורמיז ווערט דערמאָנט לשבח, מ'לויבט אירע מעשׂים: זי פלעגט פרעגן שאלות ביי רבאן; געשיקט מתּנות, צדקה, צו צעטיילן צווישן אָרעמע־לייט, געשיקט געלט אויף קויפן אַ קרבן און מקריב זיין אין איר נאָמען, געראַטעוועט רבאן פון אַ שווערער שטראָף, פאַר זיין דורכפירן אַ שטראָף אויף אַ ייִדן, וואָס האָט געהאַט געשלעכטלעכע באַציונגען מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי[19].

אין פריערדיקע ווערק האָבן מיר שוין אָנגעוויזן וועגן דינים ווי צו העלפן נישט־ייִדישע אָרעמע־לייט, צוזאַמען מיט ייִדישע[20], וועגן פאַרבאָט צו נאַרן, אָדער באַגזלען נישט־ייִדן און מיר וועלן אין אַ ווייטערדיקן פּרק, נאָך אַ מאָל באַרירן די דאָזיקע מאָראַל־עטישע פּרינציפּן. רבי עקיבא, דער וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן פון די רוימישע רשעים, באַזונדערס פון דעם טורנוס רופוס, פּסקנט אַז "גזל עכּו"ם", באַגזלען אַ גענצן־דינער, איז פאַרבאָטן פון דער תּורה.

ווי געוויסע היסטאָריקערס באַהויפּטן, זאָל ער האָבן, אויף דער עלטער, צום דריטן מאָל חתונה געהאַט און גענומען פאַר אַ ווייב די פרוי פון אָט דעם רשע טורנוס רופוס. ס'זאָל הייסן אַז זי האָט נישט געקענט פאַרנעמען זיין ברוטאַלע באַנעמונג צו ייִדן, באַזונדערס זיין אכזריות צו רבי עקיבא. האָט זי זיך מגייר געווען, געוואָרן אַ גיורת־צדק, און חתונה געהאַט מיט רבי עקיבא, נישט געקוקט, דערויף וואָס זי האָט געוווּסט, אַז די רוימער זוכן אים, אַז ער איז ביי זיי פאַרמשפּט.

רבי עקיבא האָט זיך אָפּגעגעבן, נישט געקוקט אויף זיין פּאַרנומענקייט אויף אַזוי פיל געביטן, צו העלפן נישט־ייִדן אין זייערע פאַמיליע־פּראָבלעמען.

מיר קענען זיך נישט אַריינלאָזן אין אַ ל ע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט די באַציונגען צווישן ייִד און נישט־ייִד. אַפילו וועגן די דינים פון טומאה־טהרה האָבן מיר אומצייליקע סוגיות און גרויסע טיילן פון דער משנה און פון דער גמרא זענען געווידמעט די דינים פון היגיענע, טומאה־טהרה. אַפילו דער זאָג פון ר׳ שמעון בר יוחאי: קברי עכו״ם אין מטמאים... און דער טעם: ״אתם קרויים אדם״ [21], נעמט אַרום אַ ריי אויסטייטשונגען און ווי דאָס ווערט באַוויזן, איז עס געמיינט געוואָרן בלויז וועגן קברים, אָבער במגע־ומשא — אָנרירן, טראָגן אַ טויטן, איז מטמא, צי דאָס איז אַ ייִדישער מת, צי אַ נישט־ייִדישער. אָבער, ווי געזאָגט, פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט הלכה. מיר דערמאָנען בלויז אייניקע דינים צו באַפעסטיקן די טעזע וועגן דער באַציונג צום נישט־ייִד.

אַ נישט־ייִד, למשל, מעג אָנקלאַפּן אַ מזוזה, בעת דער ייִד מאַכט די ברכה. אַ נישט־ייִדישער כעמיקער, לויט אַ צאָל פוסקים, איז באַגלויבט אין ענינים פון כשרות און מאכלות אסורות [22]. עס איז דאָ צוטרוי צום נישט־ייִדישן פּראָפעסיאָנאַל.

די באַגרענעצונג, די חילוקים צווישן ייִד און נישט־ייִד, זענען, ווי געזאָגט, באַזירט אויף צוויי מאָטיוון: פאַרזיכערן די אידענטיטעט פונעם ייִד, ער זאָל בלייבן ביי זיין ריינער אמונה, איינגעהיט, ווי ער איז געווען געוואָרן ״עם לבדד ישכון״ — אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדער און רעכנט זיך נישט צווישן די פעלקער [23]. אַפילו אין די גלותן איז דאָס ייִדישע פאָלק געבליבן אין זיין אייגנאַרט. אַ פאָלק וואָס לעבט טויזנטער יאָרן צווישן פעלקער, מיט אייגענע לעבנס־פאָרמען, טראַדיציעס, קולטורעלע און נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן און אַספּיראַציעס.

דאָס איינהיטן די ריינקייט און די הייליקייט פון פאָלק קען נאָר געזיכערט ווערן, ווען מ׳האַלט איין דעם שטראָם פון אויסגעמישטקייט. די גדולי־ישראל אין אַלע צייטן האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו זיכערן דעם ייִדישן אויטענטיזם, דעם אייביקן אָטעם פון ייִד־פאָלק און דערביי נישט צו פאַרלירן, מינערן פון דער הייליקער מענטש־ליבשאַפט. ווי די הימלישע גענאָדן פאַר דער בראשית־יצירה.

מ׳האָט שטאַרק מקפיד געווען, נישט צו באַטייליקן זיך אין נישט־ייִדישע שמחות, און פרעמדע באַנקעטן; מ׳האָט שטאַרק זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ, נישט צו עסן און נישט צו טרינקען ביי היידנישע מענטשן. דער מאָטיוו איז געווען אויסצוהיטן ייִדן פון ווערן אויסגעמישט און במילא פאַרלירן די אייגנאַרט. דאָס טרינקען און עסן ברענגט מיט זיך אָט די געמישטקייט: ״גדולה לגימה שמרחקת... ומקרבת...״ [24]

די אָפּגעהיטנקייט איז, וואָס אַן אמת, אויך געווען צווישן ייִדן, וועלכע האָבן געגעסן ״על טהרת הקודש״, געגעסן פלייש בלויז ״גלאַט כשר״ און נישט געגעסן

ביי אַן עם־הארץ, ביי אן אומוויסנדיקן ייִד, וואָס איז נישט נזהר אין די דינים טומאה־טהרה, וואָס ווייסט נישט ווי זיך אויסצוהיטן פון פאַרבאָטענע מאכלים.

געווען חילוקים צווישן ייִד און נישט־ייִד וואָס שייך יוריספּרודענץ־אָנגע־לעגנהייטן, דיני ממונות. דאָס האָט נישט צו טאָן מיט דיסקרימינאַציע, אָדער ראַסן־אונטערשיידן. דאָס איז געטאָן געוואָרן אויפן יסוד פון נישט צוטיילן ספּעציעלע פּריווילעגיעס דעם נישט־ייִדן. מ'האָט געפירט משפטים צווישן ייִד און נישט־ייִד, לויט די געזעצן ביים באַטרעפנדיקן געצן־דינער, מ'זאָל אים באַהאַנדלען, ווי ער וואָלט באַהאַנדלט געוואָרן אין זיינע געריכטן.

וואָס שייך באַציונגען מיט אַנדערע פעלקער, איז אַ פאַקט, אַז ייִדן האָבן געפירט מסחרים מיט אַנדערע פעלקער אַלע צייטן: אַזוי, ווען ייִדן זענען געווען אין זייער אייגן לאַנד און אַזוי ווען זיי זענען געווען פאַרטריבן פון זייער לאַנד און זיך געדאַרפט צופּאַסן צו אַ גלות־לעבן. אין אַלטערטום האָבן ייִדן געפירט מסחרים אין די ווייטסטע מקומות, מיט פאַרשיידענע פעלקער און לענדער, אָנגע־פירט אַן אימפּאָרט־עקספּאָרט מיט נאָענטע און ווייטע לענדער פון מזרח. צור איז געווען אַ קאָנקורענט צו ירושלים וואָס שייך דעם האַנדל אויפן אינטערנאַציאָ־נאַלן מאַרק. אָבער ירושלימס שיפן האָבן דערגרייכט ביז צום ווייטן מזרח.

דאָס האָט אַנדערש נישט געקענט פאַסירן סיידן דורך גוטע באַציונגען מיט די פעלקער פון נאָענט און ווייט. ס'איז קיין ספק נישט, אַז די גייסטיקע פירערס ביים ייִדנטום האָבן זיך געהאַלטן ביים נביאישן דעוויז: "הלא אב אחד לכלנו, הלא אל אחד בראנו, מדוע נבגוד איש באחיו לחלל ברית אבותינו" — איז נישט איין פאָטער ביי אונדז אַלעמען? האָט אונדז נישט איין גאָט באַשאַפן? פאַר וואָס זאָלן מיר פעלשן איינער אַן אַנדערן, צו פאַרשוועכן דעם בונד פון אונדזערע עלטערן" [25].

דער נביא, פאַרשטייט זיך, רעדט וועגן ייִדן. ער שטראָפט זיי פאַר נעמען ווייבער פון פרעמדע פעלקער; ער שטראָפט זיי וועגן די געמישטע חתונות, וואָס די עליטע און אַריסטאָקראַטיע האָט זיך דערלויבט. ער וואָרנט זיי, אַז דערמיט פאַרשוועכן זיי דעם בונד פון די אבות מיט השם־יתברך און די הייליקייט פון פאָלק: "כי חלל יהודה קדש ד', אשר אהב ובעל בת אל נכר" — געפעלשט האָט יהודה און אומווירדיקייט איז געטאָן אין ישראל און אין ירושלים, וואָרום פאַר־שוועכט האָט יהודה די הייליקייט פון ד' וואָס ער האָט ליב געהאָט... [26]

פאַראַן מפרשים, וואָס טייטשן, אַז דאָס האָבן גאָר געטענהט די וועלכע האָבן אויסגעדריקט צופרידנקייט פון אָט דער דערשיינונג און גוטגעהייסן געמישטע חתונות, מיטן אויסרייד, אַז אַ ל ע מענטשן זענען גאָטס באַשאַף [27]. שטראָפט זיי דער נביא, אַז דערמיט פאַרשוועכן זיי די הייליקייט פון פאָלק און די אמונה אין איין־איינציקן גאָט.

די חז״ל[28] האָבן דערביי אויסגעברייטערט דעם דעוויז ״הלא אב אחד...״ און געגעבן אן אוניווערסאַל־קאָסמישע אינטערפּרעטאַציע, אָבער נישט גוטגע־הייסן געמישטקייט.

אין תּלמוד ווערט איבערגעגעבן וועגן אַ רוימישער גזירה, יידן זאָלן נישט לערנען תּורה, זאָלן נישט מל זיין זייערע זין, זאָלן מחלל זיין שבת. זענען יידן געגאַנגען, אויף דער עצה פון אַ ״מטרנותא״, צו די וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן די גזירה און אין זייער געבעט, זיך באַנוצט מיט די ווערטער, אַז מיר שטאַמען פון איין פאָטער:

״הלכו והפגינו בלילה, אמרו אי שמים לא אחים אנחנו, לא בני אב אחד אנחנו, לא בני אם אחת אנחנו, מה נשתנינו מכל אומה ולשון שאתם גוזרין עלינו גזירות רעות ובטלום, ואותו היום עשאוהו יום טוב״.

די מפרשים שטעלן זיך אָפּ אויף די אויסדרוקן ״אי שמים״ און ״לא אחים אנחנו״ און טייטשן, אַז מיטן רוף שמים האָבן זיי מתפּלל געווען צו גאָט אין הימל, ער זאָל זיך צוהערן צו זייערע תּפילות און מיט ״אחים״ — ברידער — האָבן זיי געוואָלט אַרויסרופן סימפּאַטיע און רחמנות־געפיל ביי די רוימער[29]. פאַר וואָס האָבן זיי זיך באַנוצט מיט די דריי לשונות: ״אחיכם... בני אב... בני אם...״ לערנט דער מהרש״א[30], אַז דאָס איז געווען קעגן די דריי גזירות: ״שלא יעסקו בתורה, ושלא ימולו את בניהם ושיחללו שבתות״ — די דריי מצוות, דורך וועלכע ס׳ווערט געזיכערט די יידישע אידענטיטעט ״ובאו לבטל אלו ג׳ מצוות שישראל מובדלים הבדל גדול מן העמים״.

עס איז געווען די נביאישע האָפענונג אויף הערלעכע טעג פון שלום און אַ קלאָרער שפּראַך צווישן פעלקער: ״כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ד׳ לעבדו שכם אחד״ — וואָרום דענסטמאָל וועל איך איבערמאַכן די פעלקער אַ ליפּ (שפּראַך) אַ ריינע, אַז זיי זאָלן אַלע רופן צום נאָמען השם, אים צו דינען ווי איין מאַן[31].

די שטרעבונג פון יידן אין אַלטערטום, מיטל־עלטער און ביז היינט צו טאָג איז צו זיין פריי פון אונטערטעניקייט צו אַנדערע פעלקער: ״אין בין עולם הזה לימות המשיח אלא שעבוד מלכות בלבד״[32]. דאָס איז די שיטה פון רמב״ם מיט זיין באַהויפּטונג[33], אַז די שטרעבונג אויף משיחס קומען איז צו ברענגען פרייהייט צו יידן, זיי זאָלן קענען זיצן במנוחה, פאַרברענגען אין תּורה — און ס׳זאָל מער נישט זיין קיין הונגער, קיין מלחמה, קיין קנאה — די אינטעלעקטועלע כּוחות פונעם ייד (און מענטש) זאָלן שטאַרק אַנטוויקלט ווערן: ״...ומפני זה נתאוו כל ישראל נביאיהם וחכמיהם לימות המשיח, כדי שינוחו ממלכיות שאינן מניחות להם לעסוק בתורה ובמצוות כהוגן וימצאו להם מרגוע וירבו בחכמים...״

און אויף אַ צווייט אָרט: ״לא נתאוו החכמים והנביאים ימות המשיח, לא כדי

שישלטו על כל העולם ולא כדי שירדו בגויים, ולא כדי שינשאו אותם העמים... אלא כדי שיהיו פנויים בתורה וחכמתה... ובאותו הזמן לא יהי׳ שם לא רעב ולא מלחמה ולא קנאה ותחרות... ולא יהי׳ עסק כל העולם אלא לדעת את ד׳ בלבד, ולפיכך יהי׳ ישראל חכמים גדולים ויודעים הסתומים וישיגו דעת בוראם כפי כח האדם״.

**ז. נישט קיין מיסיאָנערישקייט. — וויכטיקייט צו פאַרשפּרייטן יידישע אמונה. — קדושת־השם פון ווילנער גר־צדק. — ניי פּראָבלעם: ווער איז אַ ייד?**

ווי מיר האָבן ביז איצט געזען, איז טעאָרעטיש און פּראַקטיש תמיד געווען אַ פּאָזיטיווע באַציונג מקבל צו זיין גרים, אויף אַזוי ווייט אַז חז״ל זאָלן באַהויפּטן, אַז דאָס וואָס יידן דאַרפן זיין אין גלות, איז געצילט צו דערמעגלעכן אַריינציען פרעמדע צו דער יידישער אמונה: ״לא הגלה הקב״ה את ישראל, אלא כדי שיתוספו עליהם גרים״ [1] — ווי דער מהרש״א [2] לערנט: ״כדי לפרסם האמונה בשאר עובדי כוכבים״.

ס׳איז דאָ אַ מורא פון אַריינגעמען אַן איבערפלוס פון גרים. ס׳איז אָבער נישט געזונט צו בלייבן אַ געשלאָסענע מאָנאָליטישע נאַציע. ערלעכע איבערגעצייגטע גרים זענען אַריינגענומען געוואָרן אין יידישן קהל און האָבן פאַרנומען גרויסע פּאָזיציעס אין דער גייסטיקער פירערשאַפט. שמעיה און אבטליון, דער פערטער ״זוג״ פון די ״זוגות״ ביים בית שני, זענען געווען פריער די גדולי־הדור פאַר הלל און שמאי: דער ערשטער איז געווען נשיא און דער צווייטער אב־בית־דין פון סנהדרין — די העכסטע גייסטיקע מאַכט ביים בית שני. זיי זענען געווען אַ פּרעצעדענט פאַר די קומענדיקע דורות, אַז גרים, אָדער קינדער פון גרים, קענען ווערן די גרעסטע הלכה־אויטאָריטעטן, שעפערס פון יידישן געזעץ, פון יידישער טראַדיציע.

דעם גר־צדק האָט מען מקרב געווען מיט כל־מיני התקרבות — און אַזעלכע האָבן מיר געהאַט אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער, אין דער צייט פון אויפלע־בונג — און ביז אונדזער צייט.

אַ גר־צדק, אַז ער האָט זיך אומגעקערט צו זיין פריערדיקער אמונה, האָט מען אים באַטראַכט ווי אַ געשמדטן ייד. אויב ער איז אַוועק פון יידנטום צוליב מורא, צוליב נישט־יידישע אָנפאַלן אויף אים, גזירות מצד אַ רעגירונג און ענלעכס, האָט ער געהאַט דעם דין ווי אַן א נ ו ס און אַז ער האָט שפּעטער געהאַט אַ געלעגנהייט עפּנטלעך זיך אומצוקערן צו יידישקייט, ווייזן אַן רבנים, אַז ער דאַרף נישט האָבן נאָך אַ מאָל קיין גרות און ער ווערט אָנערקענט ווי אַ ייד [3].

אין זיין ספר ״עמוד הימיני״ [4] שרייבט הרב שאול ישראלי [5] אינעם אַריינפיר,

אַז וואָס שייך דעם נכרי עובד עבודה זרה, דעם געצן־דינער, איז אין יהדות נישטאָ קיין פשרה, קיין נאָכגיביקייט — און דאָס, נישט צוליב ראַסישע פּאַראורטיילן. דער גר־תּושב, דער נישט־ייִד, וואָס נעמט אויף זיך מקיים צו זיין די זיבן מצוות, אַזעלכער פאַרנעמט אַ חשוב אָרט אין יהדות און מען דאַרף אים מקרב זיין. ער ווערט אָנגערופן "חסיד אומות העולם" און וועט האָבן, לויטן רמב"ם, אַ חלק עולם הבא [6].

דער רמב"ם איז זייער שטרענג אַריינצונעמען נכרים אין ארץ־ישראל, "בזמן שיד ישראל תּקיפה". אַנדערש איז, ווען דער נכרי איז מקבל אויף זיך צו היטן די זיבן מצוות [7]. דער ראב"ד איז נישט מסכּים צו אַזאַ שטרענגקייט — דער תּמיד שטרענגער, איז אין דער הינזיכט גאָר מילדער.

דאָס געבאָט "לא ישבו בארצך" [8], זיי זאָלן נישט זיצן אין דיין לאַנד, זיי זאָלן דיך נישט מאַכן זינדיקן צו מיר, איז לויטן רמב"ם חל בלויז אין די דריי פאַלן: אין צייט ווען ס'זענען געהיט געוואָרן די יובל־דינים; ווען ס'רוב פון ייִדישן פאָלק איז באַזעצט אין ארץ־ישראל; ווען ס'איז דאָ דער כּוח ביי ייִדן צו באַהערשן דאָס גאַנצע לאַנד. אויב די דריי באַדינגונגען זענען נישט פאַקטועל און ס'איז נישט יד ישראל תּקיפה, פאַלט אַוועק דער אָנזאָג פון "לא ישבו בארצך".

לויטן ראב"ד, איז דער פאַרבאָט פון געבן בירגעררעכט (היתּר ישיבה) חל בלויז אויף די זיבן כּנענישע פעלקער און אויך ביי זיי, אויב זיי האָבן מקבל געווען די ז' מצות בני נח. איז זיי דערלויבט צו וווינען אין ארץ־ישראל אַלע צייטן.

הרב ר' אברהם אהרון פּרייס שליט"א באַהאַנדלט אויספירלעכער די ענינים גר־צדק, גר־תּושב [9].

מרן ר' יהודה לייב גרויבאַרט ז"ל, אין "חבלים בנעימים", באַרירט עטלעכע מאָל עניני גרים וגרות — און ביי יעדער געלעגנהייט, ווייזט ער אַרויס אַ מילדע ליבעראַלע באַציונג. ער פּסקנט לויטן אויספיר אין דער גמרא [10] "גר שמל ולא טבל הוי גוי גמור". ער ווערט אין געוויסע פּרטים באַטראַכט ייִדישלעך.

דעם פּסוק "לא תעשוק שכיר עני ואביון מאחיך או מגרך אשר בארצך בשעריך" — זאָלסט נישט דריקן אַן אָרעמען און נויטבאַדערפטיקן לוין־אַרבע־טער פון דיינע ברידער אָדער פון דיין פרעמדן וואָס אין דיין לאַנד, אין דיינע טויערן" [11] לערנט רש"י: מגרך — זה גר־צדק; בשעריך — זה גר־תּושב האוכל נבלות. אויך אים, דעם דאָזיקן איינוווינער, טאָר מען נישט באַרויבן, באַגזלען, אויפהאַלטן זיין געהאַלט, עקספּלואַטירן.

מיר געפינען אין חסידישע ספרים אַ סך דערהויבענע ווערטער וועגן גרי־צדק. אוממעגלעך אויסצושעפּן דעם מאַטעריאַל. אַזוי למשל זאָגט דער "חידושי הרי"ם"

(אדמו״ר ר׳ יצחק מאיר אַלטער ראָטענבערג זצוק״ל, תקנ״ט—תרכ״ו) אויף אַן אָרט, אַז דעריבער לייענט מען מגילת רות שבועות, ווייל אַ דאַנק איר צדקות איז באַנייט געוואָרן די הלכה ״עמוני ולא עמונית, מואבי ולא מואבית״ און אַז דער דאָזיקער חידוש איז ווי קבלת התורה, איבערגעגעבן צו יעדן דור, צו דרשע־נען און צו לערנען — דאָס איז תורה שבעל פה, וואָס איז מקושר צו תורה שבכתב. פאַרן ״שפת אמת״ (אדמו״ר ר׳ ארי לייב זצוק״ל, תר״ז—1847; תרס״ה—1905) ווערט איבערגעגעבן, אַז דעריבער ווערט געדרשנט ״לא יבא עמוני — ולא עמונית״, ווייל דאָס איז געווען דער זכות פון הרן, דעם פאָטער פון לוט; ער איז געוואָרפן געוואָרן אין כבשן האש — דעם קאַלכאויוון, נאָך דעם, ווי ער האָט געלאָזט וויסן, אַז ער איז נוטה צו אברהמס אידעען און ווייל הרן איז געווען אין ספק. ער האָט געשטעלט אַ תנאי, אויב אברהם וועט מנצח זיין, געהערט ער צו אים. האָט ער דעריבער זוכה געווען אַ העלפט זאָל קענען קומען בקהל ישראל: — די זכרים האָבן זיך דערווייטערט; די נקבות האָבן זיך דערנענטערט און ווייל אין ״כבשן האש נכמרו מעיו״, איז זיין אינגעווייד איינגעשרומפּן געוואָרן, האָט ער זוכה געווען, ס׳זאָל פון אים אַרויסקומען דוד המלך, וואָס זיין אינגעווייד איז אָנגעפולט געוואָרן מיט תורה, ווי ער דריקט זיך אויס: ״ותורתך בתוך מעי״ [12] — און דיין תורה איז אין מיין אינגעווייד.

אין סומירן: אין יהדות האָבן מיר אַ פּאָזיטיווע — נישט קיין מיסיאָנערישע — באַציונג צו גרים, און די דאָזיקע באַציונג איז לדורות.

דער גר וואָס מאַכט דורך דעם ריטואַל לויט דער הלכה איז מען אים מקרב. ערלעכע, איבערגעגעבענע גרים האָבן זיך געפונען אין אַלע צייטן, אַזוי צווישן דער עליטע, צווישן דער אינטעליגענץ, די קעניגלעכע משפחות און אַזוי צווישן דעם פּראָסטן עולם.

מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיקן פּרק דערמאָנט דעם גר־צדק פון ווילנע, װ אַ ל ע נ ט י ן, דעם זון פון פּוילישן גראַף פּאָטאָצקי. ער האָט נישט געקענט באַנעמען, פאַר וואָס די יעזויטן זענען אָנגעפאַלן אויף אַ ייד מיט זיין יונג טעכטערל, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס געסל אין ווילנע מיט די קירכעס און נישט אַראָפּגענומען זיין היטל.

דער יונגער וואַלענטין האָט זיך גענומען לערנען בהתמדה, ער איז באַגייס־טערט געוואָרן פון דעם גר אונקלוס, פאַרלאָזט דעם פאָטערס פּאַלאַץ, דעם מאַנאַס־טיר, אַוועק קיין האָלאַנד, זיך דאָרט מגייר געווען און אָנגענומען מיט פרייד זיין נאָמען אברהם בן אברהם.

צוועלף יאָר איז דער ווילנער גר געווען אין האָלאַנד. דאָרט געלעבט ווי אַ פולשטענדיקער ייד. ס׳האָט זיך אים אָבער פאַרבענקט צוריקצוקומען אין זיין געבוירן־שטאָט, ווילנע. ווי נאָר ער איז אָנגעקומען אין שטאָט, האָט ער זיך

דערוווּסט, אַז ס׳שטייט אים פאַר אַ טויט־סכנה, איז ער אַוועק פון שטאָט און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ שכנותדיק שטעטל, ווו ער פלעגט זיצן אין בית־מדרש פאַר־טיפט אין לערנען.

מיט אַ מאָל איז אָנגעפאַלן אויף אים פּאָליציי, אים געשלאָסן אין קייטן און צוריקגעבראַכט קיין ווילנע, כּדי אים דאָרט צו משפּטן. מ׳האָט אים געפּייניקט, ער זאָל צוריקגיין צו דער קריסטלעכער אמונה. מ׳האָט געבראַכט זיין אַלטע מוטער וועלכע האָט אַפּעלירט צו אים, אָבער ער האָט געענטפערט: איך בין אַ ייִד און האָב מער נישט קיין פאַרבינדונג נישט מיט דער קירכע און נישט מיט דעם פּאָטאָצקי־הויף.

ער איז פאַראורטיילט געוואָרן פאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט.

דאָס ייִדישע ווילנע האָט אויפגעציטערט. אין אַלע בתּי־מדרשים האָט מען געזאָגט תּהלים. אַ סך ייִדן זענען געגאַנגען צום גאון פון ווילנע צו הערן וואָס ער האָט צו זאָגן. בעתן דורכפירן דעם משפּט האָט דער הענקער זיך געבעטן: וואַלענטין, זון פון גראַף סטאַניסלאַוו פּאָטאָצקי, אין דער לעצטער מינוט שטרעקט די קירכע אויס איר רחמנותדיקע האַנט, האָב חרטה, זיי דיך מתוודה און מיר וועלן דיך ראַטעווען פונעם פייער.

דער גר־צדק אברהם בן אברהם האָט געבעטן רשות צו זאָגן עטלעכע ווערטער. ער האָט דערציילט אַ מעשה און נאָך דער מעשה אויסגערופן:

״דו, הענקער, ווילסט כ׳זאָל לייקענען אין ייִדישקייט, אין דער ייִדישער אמונה... וועסטו ראַטעווען מיין קערפּער, דאָס גולמדיקע אין מיר... איך לאַך פון אייך! איר קאָנט בלויז דאָס קערפּערלעכע אומברענגען, אָבער דער גייסט וועט בלייבן״.

אומצייליקע לעגענדעס קורסירן וועגן דעם גר־צדק, וועגן דעם משפּט און וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געהאַט אויף דער ייִדישער ווילנע. ס׳ווערט אויך דערציילט וועגן הימלישער שטראָף אויף די וועלכע האָבן דורכגעפירט, געהאָלפן דורכפירן די פייערלעכע עקזעקוציע.

דאָס קבר פון גר־צדק געפינט זיך נישט ווייט פון ווילנער גאונס אוהל און אויף דער מצבה זענען געווען אויסגעקריצט די ווערטער: ״פ״נ הצדיק אברהם בן אברהם״, ב׳ שבועות, התק״ט—1749 [13].

הרב אשר קאַצמאַן גיט אָן אַ צאָל פּרטים וועגן לעבן און אומקום פונעם ווילנער גר־צדק [14] און גיט אָן, אַז אויך זיין פריינד, דער גראַף זאַרעמבאַ און זיין פרוי די פירשטין ראַדזיוויל פון העכסטן פּוילישן אַדל, האָבן זיך באַקערט צו דער ייִדישער תּורה און אמונה. און לסוף גיט ער צו: ״גראַף זאַרעמבאַ האָט באַשלאָסן זיך מגייר צו זיין נאָך דעם ווי דער גר־צדק איז אומגעקומען אויף קידוש־השם. גראַף זאַרעמבאַ איז אַוועקגעפאָרן מיט זיין כּלה (די גרעפין ראַדזי־

וויל) קיין ארץ־ישראל. דאָרט זענען ביידע דורכגעגאַנגען דעם גיור. זאַרעמבאַס נאָמען איז געווען ברוך בן אברהם זאַרעמבאַ און זיין פרוי האָט געהייסן רחל בת שׂרה. זיי האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן אין ארץ־ישראל און זיך אָפּגעגעבן מיט צדקה און חסד״.

אין יאָר תרפ״ז (1927) האָט די צדקה גדולה פון ווילנע אָוועקגעשטעלט מיט גרויסע אותיות אויף דעם אוהל פון גר־צדק, די פאָלגנדיקע אויפשריפט:

ציון גר צדק / לנפש יקרה / זכה וטהורה / הקדוש אברהם בן אברהם זצ״ל / קידש השם ברבים ב׳ שבועות / ה׳תק״ט.

צווישן די באַרימטע גרים אין אונדזער צייט האָבן מיר דעם לאָורעאַט פון נאָבעל־פּרייז קריסטיאַן אַנפינסען, וועלכער איז יאָרן לאַנג געווען פאַרבונדן מיטן וויצמאַן־אינסטיטוט אין ישראל. ווי עס איז געווען איבערגעגעבן אין דער פּרעסע, האָט זיך אַנפינסען מגייר געווען און ער הייסט איצט פּראָפ׳ חיים בן אברהם.

״כ׳האָב זיך מגייר געווען — האָט ער דערקלערט — ווייל כ׳האָב געוואָלט חתונה האָבן מיט מיין פרוי — אַ ייִדישער — וועלכע איז זייער רעליגיעז. אַ דאַנק איר, היט איך אָפּ דעם שבת און די יום טובים און די כשרות אין דער היים. מיינע באַגריפן אין ייִדישקייט האָב איך באַקומען אין אַמעריקע ביי הרב וואָלבערג...״ [15]

מיט אַלע באַגרענעצונגען — און דאָס האַלטן זיך ביים שטרענגען הלכה־גרות — מערן זיך אַלץ גרים. דער משרד הדתות אין ישראל האָט צוליב דעם, זיך רעכענענדיק מיטן פאַקט וואָס אַ גרעסערע צאָל נישט־ייִדן האָבן אַ ווילן און אַ דראַנג זיך מגייר צו זיין און אויך צוליב דער גרויסער צאָל געמישטע חתונות, איינגעפירט אין 1971 אולפּנים פאַר גרות־קאַנדידאַטן, צו פאַרגרינגערן די גרות־פּראָצעדור, אָבער מיטן באַדינג, ס׳זאָל זיין כהלכה, לויטן ייִדישן דין. אין די אולפּנים באַקענט מען די גרות־קאַנדידאַטן מיט ייִדישקייט, מיט די עיקרי־הלכות אין ייִדישקייט. ס׳פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע די געהעריקע עקספּערטן, רבנים מומחים בהלכות גרות.

לויט די באַריכטן ווערן באַהאַנדלט יאָר־יערלעך אַרום 500 קאַנדידאַטן פאַר גרות.

די גרות־פראַגע אין אונדזער צייט האָט געבראַכט ווי אַ פּועל־יוצא נאָך אַ פראַגע: ווער איז אַ ייִד? און פון דער לעצטער פראַגע איז אַרויסגעוואַקסן נאָך אַ פראַגע: וואָס איז אַ ייִד? — אַ פראַגע, מיט וועלכער ס׳פאַרנעמען זיך חוקרים, בעלי־מחשבה, בעלי־מוסר, בעלי־הלכה. אייניקע מיט אַ מילדערן צוגאַנג און אַנדערע מיט שטרענג־קאָמפּראָמיסלאָזע אימפּעראַטיוון.

דאָס היסטאָרישע ייִדנטום האָט פון זיך אַליין געגעבן דעם קלאָרסטן ענטפער און דעפיניציע — אַ ייִד איז דער, וואָס איז באַהויכט פון די העכסטע עטישע און סאָציאַלע אַטריבוטן און פון דער אמונה אין אחדות־און השגחת־הבורא...

"ואידך זיל גמור". יעדער דור, מיט זיין פירוש — אָבער אַלץ אַן אחיזה אין די וואָרצלען, אינעם באַגין, וואָס ציט זיין ירושה פון אברהם אבינו און פון משה רבנו. דער שורשדיקער ייִד איז דער הייליקער, אויסדערוויילטער ייִד. צו דעם שורש קאָנען זיך איינוואָרצלען גרים נאָכן דורכגיין דעם געהעריקן פּראָצעס, ווי די הלכה שטעלט פעסט, ווי אַזוי ייִדן זענען ביי קבלת־התורה געוואָרן ייִדן.

אויב מ'האָט אין אַמאָליקע צייטן געדאַרפט זיין פאָרזיכטיק ביים מקבל זיין גרים, זיך האַלטן שטרענג ביי די דינים פון גרות לויט דער הלכה, איז דאָס צענפאַכיק נויטיק היינט און מוז זיין אַ באַדינג פאַר די רבנים וועלכע פאַרנעמען זיך מיט עניני־גרות, גאָרנישט מוותר צו זיין ביים אויפנעמען די, וועלכע ווייזן אַרויס אַ רצון אַריינצוטרעטן אין ייִדנטום. ווען אָבער מען איז זיכער אין זייער אויפריכטיקייט, באַוווסטזיניקייט, דאַרף מען אַרויסווייזן צו זיי די בעסטע באַציונג און העפלעכקייט.

אין אייראָפּע למשל, דאָרט, ווו ס'האָט ביזן מוראדיקן ייִדישן חורבן, געלעבט דער רוב מנין ורוב בנין פון ייִדן; דאָרט, ווו ס'האָט געשפּרודלט מיט ייִדישקייט און וואָס האָט גייסטיק געשפּייזט ייִדן אומעטום — אין גאַנץ אייראָפּע, אויסער סאָוועט־רוסלאַנד, לעבן היינט צו טאָג אַרום אַ מיליאָן און דריי הונדערט טויזנט ייִדן כן ירבו — אַ שארית פון מזרח־און־מערב אייראָפּעישן ייִדנטום. צווישן זיי האַלטן זיך אין איין מערן געמישטע חתונות. לויט באַריכטן זענען אין פּאַריז, 3 פון 4 ייִדישע חתונות געמישטע. דאָס באַדראָט ממש דעם המשך פון דעם היסטאָריש־נאַציאָנאַל־רעליגיעזן ייִדנטום. אין טייל לענדער ווערט דורך געמישטע חתונות באַדראָט דער המשך פון די ייִדישע קהילות.

אין ענגלאַנד, ווו ס'לעבן אַרום אַ האַלב מיליאָן ייִדן — אַן אַלט־איינגע־זעסענער ייִדישער ישוב פון אַרום פיר הונדערט יאָר, אַ ישוב מיט איינגעפונדעטע טראַדיציעס — אויך דאָרט, האָט זיך לעצטנס פאַרשטאַרקט די געמישטקייט: ייִדישע מענער און פרויען ווערן אָפּגעריסן פון ייִדישן פאָלק.

אין צפון־אַמעריקע מערן זיך געמישטע חתונות. לויט די לעצטע סטאַ־טיסטיקעס זענען שוין דאָ צווישן די זעקס מיליאָן נפשות, אַרום אַ מיליאָן־און אַ האַלב געמישטע חתונות.

דאָס לייכטע מגייר זיין אין אונדזער צייט טראָגט מיט זיך אַ גרויסע סכּנה פון געמישטקייט אינעם ייִדישן לעבן און דאָס שרעקט ייִדישע סאָציאָלאָגן מכּל המינים [16] און נאָך מער די רבנים, די היטערס פון דער ייִדישער מאָראַל און קעמפערס פאַרן ייִדישן קיום.

הרב שמחה עלבערג [17] שטורעמט קעגן לייכטן, רעפאָרמירטן גרות. ער האַלט אַז בלויז רבנים־מומחים דאַרפן האָבן דאָס אויסשליסלעכע רעכט דורכצופירן הלכישע ענינים, באַזונדערס אין עניני אישות — אין פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן.

די אגודת־הרבנים, ווי רבנים אין ארץ־ישראל, זענען דעריבער אַרויסגעקומען זייער שאַרף קעגן פאַרשלאַג פון ח״כ הרב מנחם הכהן, אויפצושטעלן אַ ספּעציעלן בית־דין, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט גרים און גרות, ווייל זיי האָבן געזען אינעם פאַרשלאַג אַ געפאַר פון פאַרלייכטערן די גרות־פּראָצעדור, וואָס וועט אָן ספק ברענגען מכשולים.

אין קאַנאַדע איז דער מצב נישט קיין סך בעסער. ווי פאַרשערס שאַצן אָפּ, איז איינע פון פינף חתונות — אַ געמישטע. דאָס איז אפשר אַ גוזמא, אָבער אַז ס׳זענען דאָ אַ סך געמישטע חתונות, דאָס איז אַ פאַקט!

אין אַרגענטינע — ווערט אָנגעגעבן — דערגרייכט די צאָל געמישטע חתונות ביי 30 פּראָצענט. דאָס פאַרשאַפט צרות עלטערן און ווייטיקלעכע פּראָבלעמען דעם יידישן ישוב. די געמישטע חתונות, האַלטן די אָרטיקע פירערם, שטעלן אין געפאַר דעם קיום פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע.

דער מצב אין בראַזיל איז נאָך ערגער. מיר האָבן שוין ביי אַ געלעגנהייט דערמאָנט די באַשרייבונג פון אַ געמישטער חתונה צווישן אַ יידישן חתן־בחור און אַן אינדיאַנישער כלה[18]...

דער געוועזענער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער הענרי קיסינדזשער — אַ געגטער פון זיין ערשטער יידישער פרוי (אין 1964) — האָט גענומען אַ קריסט־לעכע פרוי, ווי אַ צווייטע פרוי. ער האָט געוויזן אַ מוסטער פון געמישטע קייט (די חתונה אום שבת, אין מעקסיקע...).

ביי אַ צאָל געמישטע חתונות איז געוואָרן אַ מנהג צו האָבן אַ גלח מיט אַ ראַבינער, דורכצופירן די הייליקע צערעמאָניע, וואָס וועט ברענגען דערנענטע־רונג צווישן יידן און קריסטן.

צוליב אָט די סכנות פאָדערן רבנים פאַרזיכטיקייט ביים אַריינגעמען און גוטהייסן גרים און גרטעס.

אין ישראל טרעפט אויך געמישטקייט צווישן יידישע מיידלעך מיט אַראַבישע בחורים. ס׳האָט שוין געטראָפן, אַז אַ יידיש מיידל זאָל גיין לעבן מיט אַן אַראַבער אין ניו־יאָרק. דער אַראַבער איז אַ פּאָעט און פירער פון דער פּ.ל.אָ. אין אויסלאַנד.

פאַר ערלעכע, איבערגעצייגטע גרים זענען די אַלע חומרות און שוועריקייטן, נישט קיין שטער. קריסטלעכע פרויען וועלכע האָבן חתונה מיט יידישע מענער, זענען זיך ערנסט מגייר, פירן אַ כשר הויז, פראַווען ווי געהעריק שבת־יום־טוב. זייערע קינדער באַקומען אַ יידישע דערציונג. אַזעלכע איז מען שטאַרק מקרב. ווען גרים אָדער גרטעס מאַכן דורך דעם געהעריקן גרות על פי הלכה, ווערן זיי אָנערקענט אַפילו ביי די פרומסטע, יידן. אַפילו ביי די ״נטורי קרתא״ זענען דאָ

אזעלכע גרים און גרטעס. מיר האָבן לעצטנס געלייענט וואגן אַ ראש־ישיבה, אַ גר, וואָס רופט אַרויס צו זיך כּבוד און פאַרערונג.

הרב מנחם הכהן, חבר כּנסת, האָט דערקלערט אין דער כּנסת, אַז אין יאָר 1975 זענען צוגעקומען אין ישראל אַרום 500 גרים. צווישן די דאָזיקע גרים־גיורות, געפינען זיך הויך־אינטעלעקטועלע פּערזענלעכקייטן.

ווי דערמאָנט, האָט זיך אין ישראל אָרגאַניזירט אַ באַוועגונג „ברית ידידי הגר בישראל", צו העלפן אַזעלכע גרים. דער פירער פון דער דאָזיקער באַוועגונג, ד"ר ישראל בן זאב, אַפּעלירט צו פאַרלייכטערן גרות און גאָר באַזונדערס זיך באַמיען צוריקצוקריגן משומדים, וועלכע האָבן צוליב פאַרשיידענע סיבות פאַרלאָזט די ייִדישע אמונה[19].

דאָס איז נישט קיין לייכטער ענין. ווי אַזוי קען מען טרויען משומדים, פאַררעטערס פון ייִדישן פאָלק, פאַרלייקענערס פון דער ייִדישער אמונה?

לויט די באַשולדיקונגען מצד די ליבעראַלן, הומאַניסטן איז דאָס רבנות הראשית צופיל מחמיר ביים מגייר זיין. זיי האָבן מורא, אַז אַזאַ באַציונג וועט צעטיילן דאָס ייִדישע פאָלק און וועט מאַכן אוממעגלעך פאַר נישט־ייִדן צו ווערן ייִדן.

אַ פאַקט איז, אַז פון די פיר טויזנט אַפּליקאַנטן זינט דער עטאַבלירונג פון דער מדינה, האָט דאָס רבנות הראשית גוטגעהייסן איבער 2000. בלויז זעקס פּראָצענט זענען אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די איבעריקע זענען מער נישט געקומען, ווען זיי האָבן זיך באַקענט מיט די יהדות־פּרינציפּן. בלויז 20 פּראָצענט האָבן דערקלערט אַז זיי ווילן איבערגיין צו דער ייִדישער אמונה אַלס רעזולטאַט פון איבערצייגונג. די אַנדערע האָבן דאָס געטאָן, ווייל זיי זענען געווען פאַרהייראַט צו ייִדן.

די הלכה שטעלט פעסט די דינים פון גרות און ווער ס'איז באַרעכטיקט דורכצופירן גרות און אַריינגענעמען גרים אין „קדושת ישראל", וואָס איז געקומען צו ייִדן ביי קבלת התורה, ווי עס ווערט געזאָגט: „ואתם תהיו לי ממלכת כּהנים וגוי קדוש" — און איר וועט זיין אַ קיניגרייך פון כּהנים, אַ הייליק פאָלק[20].

די קדושה איז אַזוי פאַרוואָרצלט אין גייסט און אין דער זרע־ישראל, אַז אַפילו אַ קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן דורך פאַרבאָטענעם צוזאַמענלעב, דורך איינער פון די עריות, אויף וועלכער ס'קומט טויטשטראָף, איז אַ ממזר, אָבער אַ ייִד. מען מעג איבער אים דורכפירן דעם מילה־אַקט און ריטואַל פאַרבונדן מיטן מילה־אַקט, אום שבת[21]. דער חיתון איז פאַרבאָטן, אָבער טאַטע־מאַמע זענען ייִדן, טראָגן אין זיך קדושת־ישראל, גיבן זיי איבער די דאָזיקע קדושה צו דעם עמבריאָן אינעם אינגעווייד פון דער ייִדישער מוטער.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז דער ממזר אין כּלל פון „מקרב אחיך"[22]

און בלויז לויט דער תּקנה פון די חכמי־הדור — "מדרבנן" — איז ער נישט ראוי צו ווערן קעניג ביי ייִדן און דעריבער האָט הורדוס אַזוי געצאַרנט אויף די סנהדרין־מיטגלידער, ווייל זיי האָבן אים געפּסלט צו מלכות[23].

דערמיט קען מען פאַרשטיין די משנה וואָס לערנט: "ממזר תּלמיד חכם קודם לכּהן גדול עם הארץ" — אויב דער ממזר איז אַ תּלמיד־חכם און דער כּהן גדול איז אַן עם הארץ, איז דער ממזר פריער צו טיילן אים כּבוד"[24].

מילה איז געגעבן געוואָרן צו אברהם אבינו. אויב דאָס קינד איז געבוירן ביי אַ ייִדישער מוטער אין געמישטקייט, איז "ולדה כמותה", ווערט דאָס קינד גערעכנט לויט דער מאַטריאַכאַלער זייט.

מיר האָבן אין אַ פריערדיק ווערק אָנגעוויזן, אַז אפילו ביי אַ געמישטקייט, ווען די מוטער איז נישט ייִדיש און דאָס קינד איז נישט ייִדיש, סיידן דורך אַ אָפיציעלער גרות־פּראָצעדור, איז דאָך דער ייִדישער פאָטער מחוייב צו שפּייזן. דאָס גייט אַריין, ווי דער הרב הראשי, דער ראשון לציון בן ציון מאיר חי עוזיאל (1880—1954) פּסקנט[25], אין די ראַמען פונעם תּורה־וועג: "דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום"[26].

אַ מומר, אַ ייִד וואָס האָט זיך געשמדט, איז אַריבער צו אַ צווייטער אמונה, איז אַ כּופר. ער וועט געשטראָפט ווערן פאַר זיין כּפירה, פאַר זיין עובר זיין אויף תּורה־געזעצן און פּרינציפּן, ער בלייבט אָבער אַ ייִד; ער קען נישט אָפּווישן די קדושה — וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיינע עלטערן: "כי עם קדוש" — טייטשט רש"י: קדושת עצמך מאבותיך[27].

דער משומד בלייבט אַ ייִד: אויב ער האָט מקדש געווען אַ ייִדישע טאָכטער, זענען זיינע קידושין גילטיק — זי דאַרף פון אים אַ גט[28]. אויב זיין ייִדישער ברודער איז געשטאָרבן, נישט געלאָזן קיין קינד, דאַרף די פרוי האָבן פון אים, דעם יבם, חליצה. דאָס איז די מיינונג פון רוב פּוסקים. רב יהודאי גאון — ווי אַ יחיד — האַלט אַז זי דאַרף נישט פון אים קיין חליצה.

ווען ס'קומט צו ירושה און געלט־טראַנזאַקציעס, ווערט דער משומד נישט באַטראַכט פאַר דעם יורש פון זיין ייִדישן פאָטער, ווייל ער האָט פאַרראַטן זיין פאָטער. די קריסטלעכע טבילה מאַכט אים נישט אויס ייִד צו היטן מצוות, צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך ייִדישלעך. ער ווערט אָבער אויס ייִד, וואָס שייך ייִד־פּריווילעגיעס. דער מומר־בוגד דאַרף געאורטיילט ווערן בחומר הדין[29].

## ח. מילד ליבעראַל און סימפּאַטיש. — גערופן "עמיתו". — היינט נעמט מען נישט אָן קיין "גרי־תּושב".

מיר האָבן ביז איצט געזען, ווי מילד, ליבעראַל און סימפּאַטיש דאָס ייִדישע געזעץ איז געווען צו גרים. נישט בלויז אַ גר־צדק דאַרף מען מקרב זיין, נאָר

אַפילו אַ גר־תּושב. לויטן רמב״ם איז אַ גר־תּושב דער וואָס איז מקיים די זיבן מצוות. ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז דער נכרי, וואָס לייקנט אין עבודה־זרה, ווערט אַריינגענומען אינעם כּלל ״עמיתו״ — ער איז אַ פריינד [1], שוין אָפּגערעדט פון אַ גר־צדק — ער ווערט באַטראַכט אין דער קאַטעגאָריע פון ״עמיתו״ [2]. פאַרשטייט זיך, אויב ער איז מקבל און איז אַ מאמין אין תורת־משה. אַ גר, וואָס פאַרלייקנט אַפילו אי י ן מצווה, נעמט מען אים נישט אַריין: ״גר שקיבל עליו כל התורה כולה, חוץ מדבר אחד — אין מקבלין אותו״ [3], ווייל דאָס ווייזט שוין אויף זיינע ר ע ז ע ר ו ו אַ צ י ע ס. נאָך מער: די וועלכע באַנעמען זיך לייכטזיניק מיט אַריינציען גרים, האַלטן אויף די גאולה, שטעלן אין געפאַר דעם קיום פון ייִדנטום: ״מקבלי גרים ומשחקין בתינוקות מעכבין את המשיח״ [4].

שלמה אשכּנזי ברענגט אַ צאָל מאָטיוון, פאַר וואָס די גדולי החכמים זענען געווען שטרענג ביים מקבל זיין גרים; צו מאַכן זיכער, אַז זיי וועלן מקיים זיין די מצוות. איין מאָטיוו: אַ ייִד וועלכער איז נישט מקיים די מצוות ווי געהעריק, בלייבט אַלץ אַ ייִד; ער איז געבוירן אַ ייִד; אָבער דער גר, ער איז אַ ייִד ב ל ו י ז ד ו ר ך מ ק י י ם זיין די מצוות [5].

ס׳איז פאַרשטענדלעך דער פּסק פון רמב״ם, אַז בזמן הזה, אין אונדזער צייט, נעמט מען נישט אַריין קיין גר־תּושב. ער ווערט אָבער אָפּגעפרעגט נישט בלויז פון ראב״ד. אויך דער רשב״א איז נישט מסכּים צום דאָזיקן פּסק.

ביים מקבל זיין גרים איז געשטאַנען דאָס פּראָבלעם, צי זיי זענען אַמתדיקע, איבערגעצייגטע אין דער ייִדישער אמונה; ס׳איז אויך געווען אַ געפאַר ער זאָל נישט גיין צוריק ״לסורו״, צו זיין אָפּשטאַם, און נאָך אָנטאָן צרות ייִדן — און אַפילו ער בלייבט שוין ביים גרות, איז געווען די מורא, ווי עס ווערט געזאָגט ביי יתרו: ״ויחד יתרו״ — און יתרו האָט זיך געפרייט. פאַר וואָס ניט ״וישמח״, נאָר ויחד, ווערט געטייטשט: יתרו האָט זיך געפרייט — ״ נ ע ש ה בשרו חדודין, מיצר על אבוד מצרים, היינו דאמרי אינשי, גיורא עד עשרה דרי לא תבזי ארמאה באפיה״ [6]. יעל, די ״אשת חבר הקני״, פון יתרו־אָפּשטאַם, ווערט שטאַרק געלויבט פאַר איר טריישאַפט צו די בני־ישראל, איבערגעבנדיק זיך צו סיסרא, כּדי אים אומצוברענגען [7]. דאַקעגן ווייסן מיר די מעשה פון יהודה בן גרים, וואָס האָט געמסרט און געבראַכט אַן אומגליק אויף די גדולי־החכמים.

אין כּרם ביבנה — ווערט דערציילט — זענען געזעסן די חכמים, תּלמידים פון רבי עקיבא: ר׳ יהודה ב״ר אלעאי, ר׳ יוסי, ר׳ שמעון בן יוחאי און יהודה בן גרים און דער שמועס איז אָנגעגאַנגען וועגן מלכות רוים. ר׳ יהודה ב״ר עלאי האָט געלויבט די אויפטוען פון די רוימער; ר׳ יוסי האָט געשוויגן; ר׳ שמעון בן יוחאי האָט אָנגעוויזן אויף דער פאַלשקייט פון די רוימישע אויפטוען. האָט יהודה

בן גרים זיך דערצו גוט צוגעהערט און שפּעטער איבערגעגעבן די רוימער און ווי אַ רעזולטאַט פון דער מסירה איז די גזירה געווען: "שמעון שגיגה יהרג..."

דאָס האָט גורם געווען, אַז ר' שמעון מיט זיין זון אלעזר זאָלן זיך אויס־באַהאַלטן אין אַ הייל אין משך פון דרייצן יאָר און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט[8]. וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די אַנדערע גדולי־החכמים, איז גוט באַקאַנט א. ג. "עשרה הרוגי מלכות" און רבי עקיבא, אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פון גרים, איז אומגעקומען נאָך מאַטערניש, אויף קדוש־השם מיטן אויסרוף "אחד" — שיצאה נשמתו באחד[9].

אין ספר יוחסין ווערט געזאָגט: רבי עקיבא בר יוסף, גר צדק מבני בניו של סיסרא. אין מסכת גיטין[10]: "מבני בניו של המן למדו תורה בבני ברק — ומאן נינהו שמעיה ואבטליון". די פראַגע ווערט געשטעלט, ווי אַזוי האָט מען געקענט מקבל זיין גרים פון המנס אייניקלעך, אַן אָפּשטאַמיקער פון עמלק, וועמעס נאָמען און אָנדענק דאַרף אָפּגעמעקט ווערן[11].

נאָך שאַרפער איז די קשיא, ווען מיר ווייסן אַז דער באַפעל "לא תחיה כל נשמה"[12] וועגן די כנענים־פעלקער, איז נישט רעאַליזירט געוואָרן. ווען יהושע האָט כּובש געווען דאָס לאַנד פון די איין־און־דרייסיק מלכים זענען נאָך אַלץ געבליבן אומצאָליקע כנענים אין לאַנד[13]. זעט אויס, אַז די מידת הרחמים, פאַר־וואָרצלט אין יידישע הערצער, האָט געשטערט דורכצופירן דעם "לא תחיה".

שאול המלך, דער בחיר ד', ער האָט געדאַרפט דורכפירן דעם געטלעכן באַפעל "לך והכית את עמלק והחרמתם את כל אשר לו" — גיי און זאָלסט שלאָגן עמלקן און איר זאָלט פאַרוויסטן אַלץ וואָס ער האָט[14]. ער האָט דעם דאָזיקן באַפעל נישט געקענט נאָכקומען, "ויחמול שאול והעם על אגג... ולא אבו החרימם" — אָבער שאול האָט געהאַט רחמנות, געשוינט אגגן...[15] ער האָט צוליב דער ווייכקייט פאַרלוירן די מלוכה און נישט געקענט נעמען אויף זיך אַזאַ סאָרט אחריות. אַפילו אַזאַ שונא ישראל, וואָס האָט אָנגעטאָן יידן אַזוי פיל צרות, איז שאול געווען שוואַך דורכצופירן איבער אים אַזאַ האַרבע מיסיע[16].

שאול המלך — אַ גרויסע נשמה. ער איז אָבער נישט געווען פעיק דורכצו־פירן דעם שטרענגען באַפעל; ער האָט אַוודאי אין יענעם מאָמענט נישט געטראַכט פונעם דעוויז; "אל תהי צדיק הרבה" — זאָלסט ניט זיין צו פיל צדיק[17]. ער האָט געזען אינעם באַפעל "לך והכית"... אַ סתירה צום פאַרלאַנג "ומה הוא רחום אף אתה רחום וחנון..."

עמלק איז געבליבן — המן! — און פון זיין אָפּשטאַם האָט מען מקבל געווען גרים.

רבי עקיבא איז געווען אַ זון פון אַ גר־צדק און זיך דערהויבן צו זיין דער אָנגעזעענסטער תנא אין זיין צייט[18]. מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט דער ביאָגראַפיע

פון גרויסן תּנא און קעמפער. כּדאי אָבער אָנצוּווייזן אויף אַן אינטערעסאַנטן פאַקט אין זיין פאַמיליע־לעבן.

ער האָט געהאַט אין משך פון זיין לעבן — 120 יאָר — דריי ווייבער. די ערשטע איז אים געשטאָרבן, בעת ער איז נאָך געווען אַ פּאַסטעך — און פון איר איז אים געבליבן אַן איינציקער זון [19]. די צווייטע פרוי, וועגן וועלכער ער האָט זיך אויסגעדריקט, "שלי ושלכם — שלה", זי איז געווען די געליבטע רחל בת כלבא שבוע. זי האָט געוואַרט אויף אים 24 יאָר ביז ער איז צוריקגעקומען מיט די טויזנטער תּלמידים און איר צוגעטיילט דעם גרעסטן כּבוד. די פרוי פונעם נשיא האָט זיך אין איר מתקנא געווען. פון איר האָט ער געהאַט אַ זון, וואָס איז געשטאָרבן ביי זיין לעבן [20] און צוויי טעכטער [21]. די דריטע ווייב (נאָכן טויט פון דער באַליבטער רחל) איז געווען אַ גרטע. זי איז געווען די ווייב פון טורנוס רופוס הרשע, אָבער צוליב אומבאַקאַנטע סיבות האָט זי זיך געגט, זיך מגייר געווען און חתונה געהאַט מיט רבי עקיבא [22]... ס'זאָל הייסן, אַז צוליב קנאה האָט טורנוס רופוס גענומען נקמה אין רבי עקיבא און אים אומגעבראַכט אויף די אַכזריותדיקע אופנים — "בשעה שהוציאו את ר"ע זמן ק"ש היה, והיו סורקין את בשרו במסרקות של ברזל והיה מקבל עליו עול מלכות שמים" [23].

ס'ווערט אויך אָנגעגעבן אַז רב שמואל בר שילת איז געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון המן־עמלק [24].

פון די פריערדיקע תּקופות ווייסן מיר, אַז דוד המלך האָט געשטאַמט פון אַ גרטע. מגילת רות לערנט אונדז אַז תּורה באַקומט מען נאָר דורך יסורים, אַז ס'איז דאָ שׂכר פאַר גוטס טאָן און אַז אַ דאַנק דעם חסד פון רות צו נעמי, דעם חסד פון נעמי צו רות, בועז צו רות, איז באַנייט געוואָרן דער דין "עמוני ולא עמונית; מואבי ולא מואבית" — אַז פרויען פון די עמון־מואב־פעלקער איז מען מקבל. רות איז אויפגענומען געוואָרן אַ דאַנק אירע ווערטער און מעשׂים ווי אַן אייגענע, און זוכה געווען צו מלכות יהודה וישראל.

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, האָט מען מקבל געווען גרים אַפילו פון עמלק, וואָס וועגן אים ווערט געזאָגט און מיר ציטירן:

"רבי אליעזר אומר, נשבע המקום בכסא הכבוד שלו, שאם יבוא מכל האומות שיקבלוהו ולעמלק ולביתו לא יקבלוהו, שנאמר: ויאמר אל הנער המגיד לו, אי מזה אתה, ויאמר בן איש גר עמלקי אנכי, נזכר דוד באותה שעה, מה שאמר ה' למשה רבנו... שלא יקבלוהו, מיד ויאמר אליו דוד: דמך על ראשך" [25].

וועגן מצרים ווערט געזאָגט: "לא תתעב מצרי כי גר היית בארצו" — זאָלסט ניט פאַראומווירדיקן אַ מצרי, וואָרום דו ביסט געווען אַ פרעמדער אין זיין לאַנד [26]. ווערט דערויף קאָמענטירט: "בירא דששית מני' לא תשדי בי קלא" — אין דעם גרוב וואָסער פון וועלכן דו האָסט געטרונקען, זאָלסטו נישט אַריינוואַרפן

קיין שטיינער״ [27] און ווייטער: ״בנים אשר יולדו להם דור שלישי יבא בקהל ד׳״ — די קינדער געבוירן פון זיי, דער דריטער דור, מעגן קומען פון זיי אין גאַטס עדה [28].

איינער פון די אָנגעזעענע נביאים איז געווען אַ בן־גרים. ער האָט אַ סך געהאָלפן די נביאים פון זיין דור און ער האָט זיך אויסגעדריקט מיט די שאַרפסטע ווערטער קעגן אדום. ״אמר אפרים מקשאה, תלמידו של ר׳ מאיר: עובדיה גר אדומי היה. והיינו דאמרי אינשי... מניה וביה אבא ניזיל ביה נרגא״. פונעם וואַלד זעלבסט וועט אַריין אינעם אייזן... פון וואַלד נעמט מען האָלץ צו מאַכן דאָס הענטל צום אייזן. ווייל עובדיה האָט געשטאַמט פון אדום, זעט ער נביאות אויף אדום — ״חזון עובדיהו, כה אמר ד׳ אלקים לאדום, שמועה שמענו...״ [29]

פאַר וואָס האָט עובדיה זוכה געווען צו נבואה? זאָגן חז״ל: דאָס איז אים געקומען, ווייל ער האָט אויסבאַהאַלטן הונדערט נביאים (אַזעלכע נביאים, וועמעס נביאות און רופן צו תשובה איז נישט פאַרשריבן געוואָרן) און זיי אָפּגעראַטעוועט פון אחאבס און איזבלס שווערד. דעריבער האָט ער זוכה געווען צו נבואה. אין די כתבי־הקודש איז בלויז דאָ איין פּרק. די חכמי־התלמוד זענען געווען פול מיט לויב פאַר עובדיהס גוטע מעשׂים, זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, אַז גרעסערס איז געזאָגט געוואָרן ביי עובדיה, ווי ביי אברהם אבינו [30]: ״אמר רבי אבא, גדול מה שנאמר בעובדיהו יותר ממה שנאמר באברהם, דאלו באברהם לא כתיב מאוד ובעובדיהו כתיב מאד — ועובדיה הי׳ ירא ד׳ מאד״. אַזוי גרויס און דערהויבן האָבן די חכמי התלמוד געמאַכט דעם נביא, וואָס האָט אָפּגעשטאַמט פון אדום. געלעבט צווישן צוויי רשעים: אחאב און זיין ווייב איזבל — און ער האָט זיך מוסר־נפש געווען, געראַטעוועט די אמתע נביאים. מיר לערנען דערפון, אַז אין יהדות איז מסירת־נפש אַזוי וויכטיק, אַז עס דערהויבט דעם מענטש, וועמעס יִחוס איז נישט אַזוי דערהויבן, ער זאָל דערגרייכן צו נבואה.

ייִדן זענען נישט קיין מיסיאָנערן. אָבער איבערגעצייגטע גרים האָט מען מקבל געווען מיט דער פולער העפלעכקייט, מיט סימפּאַטיע און ליבשאַפט.

געווען אַ געוויסע באַגרענעצונג, ווי למשל אַז אַ כהן טאָר נישט חתונה האָבן מיט אַ גיורת — אַ גרטע [31]. פאַר מתן־תורה, זעט אויס, איז דאָס נישט געווען פאַרבאָטן. דער פּסוק, אין איבערגעבן דעם ייִחוס פון די בני־אהרן, דערציילט אונדז: ״ואלעזר בן אהרן לקח לו מבנות פוטיאל לאשה״ [32] און לויט איין מיינונג אין דער אגדה, איז פוטיאל יתרו ״שפיטם עגלים לעבודת כוכבים״, ד״ה: די מוטער פון פינחס איז געווען די טאָכטער פון יתרו, וואָס האָט געדינט עבודה זרה און אויף די עלטערע יאָרן זיך מגייר געווען [33].

פאַר וואָס האָט די תורה איבערגעגעבן, אַז אלעזר האָט גענומען אַ ווייב

פון יתרוס טעכטער? פאַר וואָס גראַד ביי אלעזרן דאָס צו דערציילן מיטן צוגאָב, אַז זי האָט געבוירן פינחסן? פאַרגעמען זיך דערמיט די גדולי המפרשים[34].

אַ פאַקט איז אויך, אַז יתרו, אַ גר, האָט זוכה געווען צו אַ פרשה אין דער תורה — "יתר על שיתר פרשה אחת בתורה; יתרו לכשנתגייר וקיים המצוות, הוסיפו לו אות אחת על שמו. חובב, שחבב את התורה"[35].

אין זיין שטודיע וועגן דער באַציונג צווישן יידן און נישט-יידן לויטן רמב"ם[36], שרייבט גרשון טשערנאָוויץ (י"ב אדר, תרס"א — כ"ד חשון, תש"ח — נאָוו. 11, 1947), אַז דער רמב"ם אין זיין פילזייטיקייט און ברייטקייט ווי אַ גרויסע שעפערישע פערזענלעכקייט און ווערעס "יד החזקה" "משנה תורה" איז דאָס הלכה-ווערק וואָס וועט בלייבן אין זיין שטאַרקייט עד סוף כל הדורות, האָט פעסטגעשטעלט אויך דעם דאָזיקן קאָמפּליצירטן ענין[37], קומענדיק צו דער באַ-הויפּטונג, אַז יהדות האָט באַקעמפט יעדן סאָרט געצן-דינעריי אָבער קיין מאָל נישט דעם נכרי, דעם פרעמדן אַלס אַזעלכן:

"...היהדות שוללת כל עבודה זרה ואמונה זרה, אבל לעולם אין היא שוללת את הנכרי על שום נכריותו, על שום מוצאו הגזעי... לפיכך אם קיים הנכרי את המצוות המוטלות, לפי אמונת ישראל, על כל אדם, באשר אדם, הוא, "יש לו חלק לעולם הבא" ואם הוא נכנס בברית היהדות, דינו כדין יהודי לכל דבר".

די נוצרים און די מוזולמענער-מאַכמעדאַנער ווערן לויטן רמב"ם באַטראַכט פאַר עובדי עבודה-זרה, צוליב זייער משתף זיין מענטש-גאָט, וואָס אין די עיקרים און די יסודות פון יהדות איז "אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף".

וואָס שייך דאָס וואָרט "גוי", ווייזט אָן ד"ר טשערנאָוויץ, אַז אין תנ"ך איז דאָס געמיינט געוואָרן פ אָ ל ק — און אויך יידן ווערן אַזוי גערופן, ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט אין די פריערדיקע פרקים[38]. ביים רמב"ם און ביי די פוסקים — אין זיין צייט און שפּעטער — קומען צוזאַמען ווי "שמות נרדפים", סינאָנימען: בן-נח, נכרי, גוי[39]. און נאָך אַ זאַך זעען מיר אין די ספרי הפוסקים: די נעגירונג פון איינטיילן די סאָרטן גרים אין "גר-תושב" און "גר-צדק". ס'זענען בלויז דאָ ערלעכע, איבערגעגעבענע "גרי-צדק", און אַזעלכע דאַרף מען מקרב זיין מיט כל מיני התקרבות.

דער רמב"ם, ווי אַ פוסק פאַר אַלע דורות[40], באַהאַנדלט די דינים פון נכרים אין ארץ-ישראל און אויסער ארץ-ישראל: אין דער צייט ווען יידן האָבן געהאַט אַ מלוכה און אין דער צייט פון גלות, זיך האַלטנדיק ביים מאמר פון ר' יוחנן: "נכרים שבחוץ לארץ לאו עובדי עבודת כוכבים[41] אלא מנהג אבותיהן בידיהן"... ר' יוסף גיט צו: "אין מינין באומות עובדי כוכבים"[42]. ס'רעדט זיך וועגן אַ דער-לויבעניש צו נעמען פון זיי קרבנות.

דער רמב״ם איז שטאַרק מחמיר וועגן דער יפת־תואר, די געפאַנגענע אין מלחמה. זי האָט רעכט אָנצוהאַלטן איר געצן־דינערײַ ביז צוועלף חדשים; נאָך די צוועלף חדשים טאָר זי נישט אָנהאַלטן איר גויאישקייט, זי מוז לכל הפּחות אָננעמען די זיבן מצוות. דער ייִד טאָר נישט חתונה האָבן מיט איר, סײַדן זי פאַרלאָזט די עבודה־זרה [43]. אויב זי וויל נישט פאַרלאָזן געצן־דינערײַ, קומט איר די האַרבסטע שטראָף.

דער רמב״ם באַהאַנדלט אַפילו אַזעלכע ענינים, ווי פאַרקויפן כלי־מלחמה צו נכרים־געצן־דינערס און ער איז פון די עקסטרעמיסטן אויפן דאָזיקן געביט [44], אָבער די נכרים שבחוץ לארץ — האַלט ער — ״לאו עובדי עבודה זרה הם, אלא מעשה אבותיהם בידיהם״, ווי עס האָט געפּסקנט ר׳ יוחנן [45].

ס׳איז נישט אונדזער אויפגאַבע אַרײַנצוגיין אין די דינים און פּרטים, צו אַנאַליזירן הלכהדיק דעם רמב״מס שיטה בנוגע דער באַציונג צו בני נח, צו נכרים, כותים או״ו. אונדז אינטערעסירט די ליבעראַלקייט, מילדקייט פון רמב״ם צו די וועלכע היטן די שבע מצוות, אָן וועלכע ס׳קאָן נישט זײַן קיין ציוויליזירטע מענטשהייט.

די זיבן מצוות, זענען ווי באַקאַנט: עבודה זרה, ברכת השם, שפיכות דמים, גלוי עריות, גזל, דינין, אבר מן החי. די ערשטע זעקס זענען געבאָטן געוואָרן אדם הראשונען — די זיבעטע איז געזאָגט געוואָרן צו נחן [46]. אויב אַ נישט־ייִד נעמט אויף זיך מקיים צו זײַן די זיבן מצוות, אַפילו ער ווערט נאָך אַלץ באַטראַכט פאַר אַ ״גוי״, האָט ער שוין זכותים און ווערט אָנגערופן ״גר־תושב״ [47].

די זיבן מצוות זענען אָן ספק, ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן, דער יסוד פון דער ציוויליזאַציע. מרן הרב ר׳ יהודה לייב גרויבאַרט ז״ל שרייבט וועגן די זיבן מצוות: ״אבני שתיה ומוסדות תבל, חוקים מוחלטים ונמוסים אשר קימו וקבלו כל העמים המתוקנים״ [48] און די פעלקער, וועלכע היטן די דאָזיקע מצוות, ווערן באַטראַכט פאַר ״חסידי אומות העולם״ און זיי האָבן אַ חלק עולם־הבא, צוליב זייער גוטער אויפפירונג [49].

מיר האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז אַפילו די פעלקער מיט אַ פאַרדאָרבענער פאַרגאַנגנהייט, אויב זיי טוען תשובה, בעסערן אויס זייערע מעשים, איז מען זיי מקבל אַלס גרים [50]. אַפילו מיט די כנענים־פעלקער האָט יהושע געוואָלט אויסמײַדן מלחמה, מאַכן שלום און זיי לאָזן אויף זייערע ערטער, נישט געקוקט וואָס דאָס האָט געבראַכט גרויס שאָדן און געשטעלט אין סכנה די ייִדישע ישובים: דריי בריוו האָט יהושע געשיקט צו די כנענים־פעלקער: ווער ס׳וויל פאַרלאָזן — זאָל ער פאַרלאָזן; ווער ס׳וויל שלום — וועט מען פאַרהאַנדלען מיט אים אַ שלום־אָפּמאַך; ווער ס׳וויל מלחמה — וועט מען פירן מיט אים מלחמה... [51]

די באַגרענעצונגען וואָס שייך זיך מישן מיט אַנדערע פעלקער, זענען געווען

צוליב דער מורא, מ׳זאָל זיך נישט אָנלערנען פון אַנדערע, ווי דער פסוק זאָגט: ״ולא תלכו בחוקות הגוי אשר אני משלח מפניכם״ [52] מ׳זאָל נישט איבערנעמען די שלעכטע, מיאוסע מעשים, אָבער גוטע מעשים מעג מען לערנען. די פעלקער האָבן גענומען פון ייִדן דעם תנ״ך און אַנדערע חכמות און ייִדן האָבן געלערנט פון די פעלקער וויסנשאַפט, שפּראַכן, טעכניק און אַפילו פילאָזאָפיע.

צוריקקומענדיק צום רמב״ם, ווי ליבעראַל און מילד ער איז געווען, איז ער זייער שטרענג געווען אין דער באַציונג צו עובדי עבודה זרה, צו געצן־דינערס. דער מאָטיוו איז די מורא, זיי זאָלן נישט באַאיינפלוסן ייִדן, זיי אַריינצוכאַפּן אין נעץ פון ווילדע מעשים (דער ראב״ד איז אין דעם היגזיכט מקיל). אויב אָבער דער נכרי נעמט אויף זיך צו היטן די זיבן מצוות, אַפילו ער בלייבט אין זיין נישט־ייִדישקייט: איז נישט מקיים די מצוות מילה; אַרבעט שבת בפרהסיא, שפּייזט זיך מיט מאכלות אסורות, פאַרבאָטענע לויט דער תורה מאכלים, איז ער אַ גר־תושב און מ׳דאַרף אים, אַלס אָזעלכן, באַהאַנדלען מיט התקרבות.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין אַ צייט ווען ס׳זענען אָנגעגאַנגען די דינים פון יובל, אין אַ צייט ווען ייִדן זענען געווען אין זייער לאַנד און ס׳האָט געהערשט דער גייסט פון פולשטענדיקער פרייהייט. אָבער בזמן הזה ״אין מקבלין גר־תושב״ [53] ווייל, וואָלט איך געזאָגט, ס׳איז דאָ די מורא פון אַריינבריינגען כאָאָס אין דער ייִדישער מחנה.

דער רמב״ם איז אָבער גאָר ליבעראַל וואָס שייך לערנען תורה מיט נישט־ייִדן. ער פּסקנט, אַז ״גוי שעוסק בתורה חייב מיתה״ [54] און גיט אָן פאַרשטענד־לעכע טעמים... אָדער ער דאַרף פריער ווערן אַ גר־צדק, אָדער זיך האַלטן ביי זיין תורה און נישט שאַפן אַן אויסגעמישטקייט. מען וואָרנט אים: ״ומודיעין אותו שהוא חייב מיתה על זה, אבל אינו נהרג״ [55] און ווי טשערנאָוויץ ווייזט אָן אויף אַ גאָר גרויסן חידוש, אַז דער פאַרבאָט צו לערנען תורה מיט נישט־ייִדן איז נישט חל אויף נוצרים־קריסטן: ״ויכול ללמד המצוות לנוצרים והשכר והעונש...״ דער טעם: ״כי יש כמה מהם שיחזרו למוטב... ואין בזה מכשול לישראל״.

וואָס שייך מקבל זיין גרים, נעמט אָן דער רמב״ם די פּראָצעדור און דעם ריטואַל, ווי די חכמי־התלמוד האָבן פעסטגעשטעלט: מילה, טבילה, קרבן [56]. מילה, ווי עס ווערט געזאָגט ביי אברהם אבינו, איז דער צייכן פון פאַרשניטענעם, אומ־צעררייסבאַרן בונד מיט דער זרע פון אברהם אבינו און זיי איז צוגעזאָגט געוואָרן ״ארץ כנען לאחוזת עולם״ [57]. אויב דער ייִד איז מבטל די דאָזיקע מצווה, פאַרלירט ער די רעכט אויף דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, ארץ־ישראל. פאַר וואָס מילה? — אַ סך טעמים. דאָס בלייבט אַ סוד, געהערט צו די ענינים ״ולא ישיגוהו משיגי הגוף״, נישט געקוקט אויף די לאָגיש־ראַציאָנאַלע מאָטיוון.

ס׳זענען דאָ פעלקער — ווי מיר האָבן אין אָנהייב געוויזן — פון וועלכע

מ׳נעמט בכלל נישט קיין גרים. קינדער פון די פיר פעלקער, עמון, מואב, אדום, מצרים, ווערן נישט אריינגענומען אין יידישן קהל. וואס שייך די ערשטע צוויי איז דער פארבאט אויף אייביק און אויף די אנדערע צוויי — ביזן דריטן דור [58], אבער אזוי ווי סנחריב האט צעמישט און אויסגעמישט די וועלט און ס׳איז מער נישט מעגלעך צו באשטימען די אידענטיטעט פון א פאלק, איז דער פארבאט אוועקגענומען געווארן.

יידן זענען נישט קיין מיסיאנערן; מ׳רעדט נישט איין פרעמדע, זיי זאלן זיך מגייר זיין, מ׳כאפט נישט קיין מענטשן. די טיר איז אבער ברייט אפן פאר די וועלכע ווילן איבערגיין צום יידנטום און מען מאכט זיי נישט קיין שוועריקייטן.

אין לשון פון רמב״ם:

״...שהמצוה הנכונה כשיבא הגר או הגיורת להתגייר, בודקין אחריו שמא בגלל ממון... או בשביל שררה שיזכה לה, או מפני הפחד... ואם איש הוא בודקין אחריו, שמא עיניו נתן באשה יהודית, ואם אשה היא, בודקין שמא עיניה נתנה בבחור מבחורי ישראל. ואם לא נמצא להם עילה, מודיעין כובד על התורה וטורח שיש בעשייתה על עמי הארץ, כדי שיפרושו. אם קבלו ולא פרשו וראו אותן שחזרו מאהבה, מקבלין אותן״ [59].

האט מען דעם גר אריינגענומען, באהאנדלט מען אים אויף דעם שענסטן אופן, מ׳דערמאנט מער נישט זיין אפשטאם; ער קאן מאכן די ברכה ״אלוקינו ואלקי אבותינו״ — אברהם אבינו איז דער פאטער פון אלע גרים. זיין יחוס איז ״למי שאמר והיה העולם״ [60].

## ט. דער גר איז א ״ניי געבוירענער״. — ער ווערט געליבט און געלויבט. — קדושה פון פאלק. — ווער איז א ייד?

א גר איז ווי א ניי־געבוירענער מענטש. אזוי איז אנגענומען טעארעטיש און הלכהדיק־קאנקרעט. די פראגע ביי פוסקים איז, ווי ווייט ווערט ער באטראכט פאר א ניי באשעפעניש, ווי ער וואלט ערשט איצט געבוירן געווארן.

אין מסכת יבמות [1] האבן מיר אן אקסיאמאטישע באהויפטונג, ״גר שנתגייר כקטן שנולד דמי״ — דער גר איז ווי א ניי־געבוירן קינד. די מפרשים זוכן א מקור פאר אט דעם אנגענומענעם כלל. דער מקור, ווייזט אויס, זאל זיין דער פסוק וואס דערציילט וועגן אברהם אבינו און דער מוטער שרה: ״ואת הנפש אשר עשו בחרן״ — די נפשות וואס זיי האבן געמאכט אין חרן [2]. פאר וואס געמאכט? ס׳האט געדארפט זיין געשריבן ״אשר קנו״ — וואס זיי האבן געקויפט. לערנט מען דערפון: ״אלו הגרים, ללמדך שכל מי שמקרב את הגר, כאילו בראו״ —

ווער עס איז מקרב אַ גר, איז ווי ער וואָלט אים באַשאַפֿן[3], ער ווערט אַ נייע בריה, ווי עס ווערט אויסגעדריקט אין תּלמודישן לשון — "בריה חדשה".

דאָס לשון פֿון מדרש: "ואת הנפש אשר עשו בחרן" — אמר ר' אלעזר בן זמרא: "אם מתכנסים כל באי העולם לברוא אפילו יתוש אחד, אינן יכולין לזרוק בו נשמה, ואת אמר: ואת הנפש אשר עשו!? — אלא אלו הגרים שגיירו, ואם־כן שגיירו, למה אמר: עשו? אלא ללמדך, שכל מי שהוא מקרב את העובד כוכבים ומגיירו כאלו בראו"... און ווייטער: "אברהם היה מגייר את האנשים ושׂרה מגיירת את הנשים"[4].

אַ גענוגנדיקער מקור! דאָך זוכן מפרשים נאָך מקורים[5], בכּדי פעסטצושטעלן אַז דער דאָזיקער אַקסיאָם גייט אָן אין אַלע צייטן, נישט בלויז אין דער צייט פֿון אברהם אבינו, ביים באַגין פֿון פֿאָרמירן אַ ייִדיש פֿאָלק.

אין דער תּוספתּא[6], איז דאָס לשון: "כל המכניס בריה אחת תחת כנפי השכינה מעלין עליו כאילו יצרו ורקמו..."

דער דאָזיקער דין איז הלכהדיק פעסטגעשטעלט געוואָרן. דאָס ווייזט אויף אַ מעגלעכקייט, דער נעכטיקער געצנדינער זאָל ווערן ריין ווי אַ ניי־געבוירן קינד, זיינע זינד זאָלן ווערן אָפּגעווישט, ווי דער מדרש[7] גיט אָן "ג' מוחלין להן עוונותיהן — גר שנתגייר" און דאָס ווערט צוגערעכנט צו די געטלעכע װוּנדער, דאָס איז דער ווילן פֿון יחודו של עולם, דעם באַשעפֿער פֿון וועלט און מענטשהייט, ער האָט געשטעלט די הבדלה צווישן ייִד און נישט־ייִד: "ואבדיל אתכם מן העמים" — איך האָב אייך אָפּגעשיידט פֿון די פֿעלקער[8] און ער האָט געגעבן כּוח און רשות דעם ייִדישן מענטש אָפּצווישן די דאָזיקע הבדלה, דורך געהע־ריקער גרות.

דער בעל הטורים געפֿינט אַ רמז אויף אָט דער הלכה פֿון "קטן שנולד דמי", אין דעם פּסוק "לא תטה משפט גר יתום"[9], פֿאַר וואָס גר יתום און נישט גר ויתום, ווייזט אויס, אַז דער גר איז דער יתום, ער פֿאַרלירט זיינע קרובים וועלכע בלייבן געצן־דינערס.

אין שולחן ערוך ווערט פעסטגעשטעלט אַז צוויי ברידער אַ צווילינג, אויב זיי האָבן זיך מגייר געווען, קענען זיי זאָגן עדות איינער וועגן אַנדערן, ווייל זיי ווערן באַטראַכט ווי צוויי פרעמדע מענטשן[10] — און וועגן דעם ווייטער.

לאָמיר פריער זען, וואָס עס ווערט געזאָגט אין דער גמרא.

אין מסכת יבמות[11] ביים באַהאַנדלען דעם חילוק צווישן אַ גר־צדק און אַ גר־תּושב אין שייכות מיטן פּסוק "וינפש בן אמתך והגר"[12] — און עס זאָל אָפּטעמען דער זון פֿון דיין דינסט און דער פרעמדער, ווערט געזאָגט אַז דער והגר איז געמיינט געוואָרן דער גר־תּושב, ווייל אַ גר־צדק איז אַריינגענומען געוואָרן אינעם כּלל פֿון "וגרך אשר בשעריך"[13].

רש״י קאָמענטירט וועגן גר־תּושב: ״שקיבל עליו שלא לעבוד עבודת כוכבים ואוכל נבלות, והזהירו הכתוב על השבת, דמחלל את השבת כעובד כוכבים״.

תּוספות איז מחולק אויף רש״י און האַלט אַז אַ גר־תּושב מוז נישט אָפּהיטן שבת. אדרבא, ער טאָר גאָרנישט היטן שבת, ער איז חייב מיתה [14] און ווייזט אָן אויף דעם וואָס עס ווערט געזאָגט [15] אַז אַ גוי וואָס היט די שבע מצוות בני נח, איז ער אַ גר־תּושב און ברענגט פאַר רבי עקיבא [16], אַז אַ גר־תּושב איז נישט געוואָרנט אויף שמירת שבת. תּוספות קומט צום אויספיר, אַז דאָ רעדט זיך וועגן טאָן אַ מלאָכה פאַר אַ ייִד, אַז דאָס איז פאַרבאָטן פאַר דעם גר־תּושב [17].

דער כּלל איז, אַז דער גר־צדק וואָס נעמט אויף זיך קבלת המצוות, איז גרייט אַריינגענומען צו ווערן ״אונטער די פליגל פון דער שכינה״, איז אַ ייִד אין פולן זין פון וואָרט. בלויז אין געוויסע אויסנאַמען האָט ער נאָך אַלץ אַ פאַרבינדונג מיט זיין אָפּשטאַם. דער באַדינג איז: ער זאָל נעמען אויף זיך דאָס גרות באַוווסט־זיניק צו ווערן געקניפּט און געבונדן מיטן ייִדישן פאָלק. מ׳זאָל אים זאָגן: ״אי אתה יודע שישראל בזמן הזה דווים, דחופים, סחופים, ומטורפים ויסורים באין עליהם...״ [18], אַז ״מפקדינן תרי״ג מצוות״ און ער זאָל ענטפערן ווי רות, די געקומענע פון די ״פעלדער פון מואב״, וואָס האָט געזאָגט צו איר שוויגער נעמי: ״עמך — עמי״, דיין פאָלק איז מיין פאָלק און דיין גאָט איז מיין גאָט.

דער גר־צדק האָט מער נישט קיין שייכות צו די פריערדיקע קרובים; ער ירשנט נישט זיין נישט־ייִדישן פאָטער: ער דאַרף נישט האַלטן אבלות אויף זיינע פריערדיקע קרובים; ער מעג עדות זאָגן וועגן זיינע נאָענטע; ער ווערט נישט באַשטראָפט ״בידי שמים״ אויף פריער באַגאַנגענע עבירות און ער קריגט אַ נייעם נאָמען [19].

ס׳זענען אָבער דאָ פליכטן, פון וועלכע ער ווערט נישט פריי און ס׳ווערט נישט אָנגעווענדט די הלכה פון ״כקטן שנולד״: אויב ער איז באַגאַנגען פאַר־ברעכנס אויף וועלכע ס׳קומט טויטשטראָף ביים בית־דין, האָט דאָס גרות אים נישט באַפרייט. אויך וועגן אַ צאָל אישות־ענינים איז ער נישט פריי, כּדי מ׳זאָל נישט זאָגן, אַז ער איז אַוועק פון אַ קדושה חמירא, אַ האַרבערע קדושה צו אַ לייכטערער [20], דאָס אַלץ דאַרפן באַשליסן רבנים־מובהקים, ווי דאָס גרות אין אַלגעמיין קאָן נאָר דורכגעפירט ווערן דורך אַזעלכע, וועלכע האָבן דעם באַרוף דערצו און זענען אָנערקענט.

הרב ר׳ אברהם אהרן פרייס, אין זיין ״משנה אברהם״, אויפן סמ״ג [21], פאַרנעמט זיך מיט די גרות־ענינים: וועגן גר־תּושב און גר־צדק; וועגן מילה און טבילה ביי קבלת הגרים; וועגן גר שנתגייר כקטן שנולד דמי און אַזוי וועגן די אַלע הלכות וואָס זענען פאַרבונדן ביים אַריינגעמען גרים אין ייִדישן קהל.

הרב פרייס ברענגט, אַז לויט רש"י [22] און רמב"ן, איז אַ גר־תּושב אַ מענטש וואָס נעמט אויף זיך נישט צו דינען כוכבים ומזלות, אָבער ער עסט נבלות. די מצווה פון "וחי אחיך עמך" [23] איז כּולל דעם גר־תּושב. דער חילוק צווישן אַ גר־תּושב און אַ גר־צדק באַשטייט אין דעם, וואָס מיר טראָגן מער אחריות פאַר דעם גר־צדק ווי פאַרן גר־תּושב און נאָך אַ צאָל פּריווילעגיעס צו וועלכע דער גר־תּושב איז נישט באַרעכטיקט [24].

הרב פרייס איז מסביר רש"יס אויסטייטש וועגן דער "מעשה בנכרי אחד שבא להתגייר... וגייריה הלל". פרעגט רש"י, מיר האָבן דאָך אַ כּלל: "גר הבא להתגייר וקבל עליו דברי תורה, חוץ מדבר אחד, אין מקבלין אותו" — אויב אַ גר נעמט אויף זיך מקיים צו זיין די גאַנצע תּורה, בלויז איין מצווה זאָגט ער זיך אָפּ מקיים צו זיין, נעמט מען אים נישט אָן. און דאָ האָט הלל אים געזאָגט ער זאָל בלויז האַלטן זיך ביי דער מצווה פון "ואהבת לרעך כמוך". רש"י ענטפערט, אַז דער גר איז נישט געווען קיין כּופר אין דער תּורה שבעל פּה, ער האָט בלויז נישט געגלויבט, אַז אויך די תּורה שבעל פּה איז "מפּי הגבורה", איז געקומען פון גאָט, און הלל איז געווען זיכער, אַז נאָכן לערנען מיט אים, וועט ער דאָס מקבל זיין.

אין צווייטן חלק סמ"ג [25], פאַרנעמט זיך הרב פרייס מיט די פּרטים און פּרטי־פּרטים פון הלכות־גרות און פירט צו צום עיקר־הלכה אין מקבל זיין גרים: "שבשלשה דברים נכנסו ישראל לברית, במילה ובטבילה ובהרצאת דמים של קרבן... ובזמן הזה שאין שם קרבן, צריך מילה וטבילה וכשיבנה בית המקדש יביא קרבנו..." [26].

ווי אַזוי מ'נעמט אויף דעם גר און אַז מען דערציילט אים וועגן דיליידן פון יידישן פאָלק און וועגן די מצוות און עונשין, קאָמענטירט הרב פרייס [27]: "רוב הדברים כבלשונם בהרמב"ם" ז"ל [28] און ער פירט אויס:

"כי יש זמן שאנו צריכים לגרים הרבה כגון בימינו אנו... בוודאי שאנו מעונינים מאד להרבות גרים ושיתרבה העם". אין אונדזער צייט — האַלט ער — דאַרף מען זיין אינטערעסירט צו ברענגען מער גרים, כּדי צו פאַרגרעסערן דאָס יידישע פאָלק.

דעריבער — האַלט ער — "לערנט דער סמ"ג אַז מען לאָזט וויסן דעם גר די עיקרים פון דת, ווי יחוד־השם", דעם גלויבן אין אחדות־אלקות, און דעם פאַרבאָט צו דינען אָפּגעטער; וועגן דעם זאָל מען מ א ר י ך זיין. מען לאָזט אים, דעם גר, אויך וויסן אַ טייל פון די לייכטערע און אַ טייל פון די האַרבערע מצוות און וועגן דעם איז מען נישט צ ו פ י ל מ א ר י ך, ווייל מ'קען גורם זיין צום שלעכטן, ס'זאָל ווירקן אויף אים, ער זאָל בכלל אויפגעבן גרות. אדרבא, מ'דאַרף אים מסביר זיין יהדות־פּרינציפּן און רעדן צו אים העפלעך, כּדי צו שאַפן ביי

אים דעם רצון צו ווערן אַ גר־צדק, ווי דער פּסוק זאָגט: ״בחבלי אדם אמשכם...״ און נאָך דעם: ״בעבותות אהבה״[29].

ס׳קען זיין — האַלט הרב פּרייס — אַז די שטרענגקייט צו גרים אין דער צייט פון רמב״ם, איז געווען, ווייל ס׳איז נישט נויטיק געווען קיין גרים, אָבער אין אונדזער צייט איז דאָס נויטיק.

מ׳דאַרף אָבער זען, אַז דאָס גרות זאָל זיין כּהלכה. ווי דער סמ״ג פּסקנט: ״ושלשה עומדין על גביו״ — ווי הרב פּרייס קאָמענטירט, איז עס דאָס לשון פון רמב״ם, ווייל גרות ווערט באַטראַכט ווי אַ משפּט און משפּטן קען מען בלויז ביי טאָג. דאָס איז אָבער בלויז לכתחילה. בדיעבד, אויב דער גר האָט זיך מל געווען, טובל געווען פאַר צוויי עדות און דאָס איז פאָרגעקומען ביי נאַכט — איז ער אַ גר און מעג חתונה האָבן מיט אַ ייִדישער פרוי. דאָס מקבל זיין די מצוות מוז דורכגעפירט ווערן דורך דריי דיינים און ביי טאָג[30].

ביים אויפנעמען גרים איז אַרויפגעשווומען די פראַגע, צי מען מעג לערנען תּורה מיט אַ מענטשן, איידער ער איז זיך מגייר. דער היתּר: אויב דער מענטש, ווייזט אַרויס אַן אויפריכטיקן רצון אויף גרות.

לויט דער גמרא און רש״י, איז פאַראַן אַ חילוק צווישן דער באַציונג צו אַ גרטע און צו אַ דינסט וואָס איז באַפרייט געוואָרן און אויטאָמאַטיש געוואָרן ייִדיש. וואָס שייך דער שפּחה, נאָך איר באַפרייונג, זי זאָל זיין אַ ניי־געבוירענער מענטש קאָנען זיין חילוקי־דעות, אָבער אַז אַ ייִד זאָל בעסער און צופרידענער ווערן חתונה האָבן מיט אַ גרטע איז פאַרשטענדלעך, ווייל זי, די שפּחה, איז געוווינט צו סעקסועלער הפקרות, וועט איר זיין שווער זיך צו קאָנטראָלירן, אפילו נאָך דעם, ווי זי איז שוין מער נישט קיין שפּחה; אָבער אַ פרוי, וואָס איז פון איבערצייגונג אַריבער צום ייִדנטום, איז געוויס אַ דענקענדיקע פרוי וועלכע וועט זיך נישט איבערגעבן צו אַ הפקרדיק לעבן — און אַזעלכע האָט מער חן ביים ייִדישן מאַן.

אפילו מ׳זאָל זיך האַלטן ביים פּרינציפּ פון ״כקטן שנולד״, ווייל דאָך נישט אַ ייִדישער מאַן אַ פרוי מיט אַ שלעכטער פאַרגאַנגנהייט. וואָס שייך חתונה מיט אַ כּהן, איז דאָס שוין אַ באַזונדער ענין: ער טאָר נישט חתונה האָבן נישט מיט קיין שפּחה און נישט מיט קיין גיורת. ער מוז זיך היטן און האַלטן ביי דער קדושה פון אהרן הכּהן.

וועגן דער פאַרזיכטיקייט ביים מקבל זיין גרים ברענגט הרב פּרייס די חילוקי־דעות אין די מאָטיוון: לויט רש״י איז די סיבה, ווייל זיי קענען אַ מאָל ברענגען זייערע פריערדיקע אויפפירונגען און לויט תּוספות[31] איז עס פאַרקערט: ווייל זיי זענען מער נזהר אין מצוות, קען עס גורם זיין אומאָנגענעמלעכקייטן צו

ייִדן פון געבורט... אָבער אויב ס'קומען גרים איבערגעצייגטע אין דער ייִדישער תורה און וויזן אַרויס גרייטקייט מקיים צו זיין מצוות, דערפילן די ייִדישע מאָראַלישע און עטישע פליכטן, דאַרף מען זיי אַרויסווייזן כל־מיני התקרבות[32].

אויב אָבער דאָס גרות קומט ווי אַ רעזולטאַט פון חתונה, אָדער אַנדערע באַקוועמלעכקייט־מאָטיוון, ווען דער גר אָדער די גרטע דריקט זיך אויס אַז נישט אַלץ וועלן זיי מקיים זיין, אַפילו זייערס אַן אָפּזאָג פון איין זאַך — איז מען זיי נישט מקרב אַלס גר־צדק. אַזאַ סאָרט ל י י כ ט גרות קאָן נאָר באַטראַכט ווערן ב ד י ע ב ד — ווען עס איז שוין אַן אָפּגעטאָענע זאַך.

גרים ווען זיי זענען עולה לתורה, מאַכן די ברכה "אשר בחר בנו", ווייל מיט זייער גרות־פּראָצעדור זענען זיי געוואָרן אַריינגענומען אין כלל, זענען זיי אויס־דערווײלט צו טאָן מצוות און ס'איז אַ מצווה צו לערנען מיט זיי תורה. ביי זיי פאַלט אַוועק דער פאַרבאָט פון לערנען תורה צו אַן עובד־כוכבים, ווייל זיי זענען מער נישט קיין עובדי־כוכבים.

אין יהדות איז אהבת המענטש תוכיק. אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן איז סינטעטיזירט געוואָרן דאָס נאַציאָנאַל־רעליגיעזע מיט אַן אוניווערסאַליזם, וואָס וואַקסט אַרויס און איז טיף פאַרוואָרצלט אינעם באַוווּסטזיין און אינעם געפיל פון די זרע־אברהם, דעם אב המון גויים.

ייִדישקייט נעמט אַריין דאָס מאָראַלישע, עטישע און מעטאַפיזישע צוזאַמען מיט דאָס פאָזיטיוו־קאָנקרעטע, רעאַליסטישע, וואָס איז קאָנאַניזירט געוואָרן ביים מעמד הר־סיני, ווי אַ המשך פון דער אבות־טראַדיציע, נישט צו דיסקרימינירן די יעניקע וועלכע קומען פון דער פרעמד און נאָך מער: מ'טאָר זיי נישט דערמאָנען זייער פאַרגאַנגנהייט.

אין יהדות איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די ענגע פאַרבינדונג פון דאָס גייס־טיק־קאָסמישע מיט דעם מענטשלעך־סאָציאַלן און דערמיט אויך דאָס ייִדיש־נאַציאָנאַלע, גייסטיק־קולטורעלע מיט דעם אוניווערסאַלן, אַזוי אַז די בחירה, דאָס אויסדערוויילטקייט איז גאָר ווייט פון וועלכן נישט איז פאַראורטייל קעגן פרעמדע. "עם סגולה" און "אתה בחרתנו" איז דער אויסדרוק פון מער התחייבות. וואָס שייך די ייִדישע אמונה, איז זי אונדזער אינהאַלט און אָנהאַלט און באַשטראַלט דעם גאַנצן קאָסמאָס מיט די הימלישע מלאַכימדיקע ווערטן צוזאַמען מיט מאַטע־ריעלע־מענטשלעכע ווערטן. דאָס האָט געהאַט "קאָנטינויִטעט" אין דעם היסטאָ־רישן פּראָצעס פון ייִדישער שעפערישקייט דורך די דורות.

וואָס שייך הלכה אין באַציונג צו נישט־ייִדן, איז דאָס אַן ענין פון אַ באַזונ־דערער אָפּהאַנדלונג און גייט נישט אַריין אין אונדזערע ראַמען.

די ברכה "שלא עשני גוי" האָט אָן ספק קיין שייכות נישט צו וועלכן נישט איז אויסדרוק פון דיסקרימינירן קעגן פרעמדן, קעגן נישט־ייִד. לויטן רמב"ם האָט

מען געדאַרפט מאַכן אַ ברכה: "שעשׂני ישׂראל" [33]. ביים רמב"ם, זענען די אַנדערע פעלקער, אויסער די מוזולמענישע, עובדי עבודה זרה [34] אָבער אַפילו זיי דאַרף מען אויך באַהאַנדלען מענטשלעך. מ'טאָר זיי נישט נאַרן: "אסור לגנוב דעת הבריות ואפילו דעתו של נכרי [35] און ווי מיר ווייסן, זענען דאָ "חסידי אומות העולם" און זיי וועלן האָבן עולם־הבא.

דער ליובאַוויטשער רבי, אדמו"ר ר' מנחם מנדל שניאורסאָן שליט"א, איז מסביר די זיכערקייט פון עולם־הבא פאַר די "חסידי אומות העולם", אַז מען דאַרף אַזעלכע באַהאַנדלען מיט די מעגלעכסטע מידות פון חסידות און התקרבות. זיי בלייבן אָבער ביי זייער אָפּשטאַם, זיי זענען אַלץ נישט קיין ייִדן און נאָך מער: ווען זיי קומען מיטן פאַרלאַנג זיך מגייר צו זיין, דאַרף מען זיי אָפּרעדן, משפּיע זיין אויף זיי אָפּצוהאַלטן זיך פון אַ געאיילטן שריט, סיידן, ווען זיי ווייזן אַרויס איבערגעצייגטקייט און וויליקייט אויף אַלץ, אַבי צו בלייבן ייִדן, צו ווערן דורכגענומען מיט קדושת־ישראל און זיי מאַכן דורך דעם גאַנצן הלכהדיקן פּראָצעס פון איבערגיין צום ייִדנטום. דאַן ווערן זיי אַרומגענומען מיט קדושת־ישראל.

וואָס איז קדושת־ישראל?

קדושת־ישראל, ווי קדושת־ארץ־ישראל, איז אַ הויכער באַגריף, באַגרינדעט אויף מיסטיציזם, וואָס בלויז יחידי־סגולה ווייסן זיין באַטייט און ווי אַזוי מ'דערגרייכט צו אָט דער קדושה. פּשוט ווערט אַן אָרט און אַ מענטש געהייליקט, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט מסירת־נפש ביים עקידה־מאָמענט — דאַן איז מענטש, אברהם און יצחק, געהייליקט געוואָרן און דער הר־המוריה איז געהייליקט געוואָרן — און צוליב דעם הר־המוריה, וווּ אַ ייִד האָט געשטרעקט זיין האַלדז אויסצופאָלגן גאָטס פאַרלאַנג, איז גאַנץ ארץ־ישראל געהייליקט געוואָרן, איז ירושלים געוואָרן די "עיר הקודש" [36] און ארץ־ישראל "אדמת הקודש", וואָס איז שפּעטער געוואָרן "ארץ הקודש".

ווער האָט געגעבן ייִדן די דאָזיקע קדושה?

דער רבונו של עולם, הקדוש ברוך הוא, ווי דער נביא זאָגט: "שוכן עד וקדוש שמו" [37], ער, דער "קדוש ישראל, אלקי ישראל", האָט געהייליקט זיין פאָלק: "כי קדוש אני ד' מקדישכם" [38], ער איז דער "מקדש ישראל" און ער האָט מקדש געווען דעם שבתדיקן טאָג: "ויקדש אותו" [39]. די קדושה פון לאַנד איז אויך אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס דער הייליקער גיט אַכטונג אויף דעם לאַנד, וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן צו "זרע אברהם" [40] און דער באַשעפער גיט אַכטונג אויף דעם לאַנד "מראשית השנה ועד אחרית שנה" [41]. עס איז דער סאָרט קדושה וואָס בינדט און איז מקשר הימל און ערד און איז מדבק דאָס פאָלק וואָס האָט מקבל געווען די תורה מיטן נותן התורה און מיטן לאַנד וואָס איז געהייליקט געוואָרן פונעם בראשית, "ואין ראשית אלא ישׂראל" [42].

ס׳איז אַ גרויסע טעמע, וואָס בלייבט אין אומפּאַרענדיקטקייט און מיר קומען צוריק צו אונדזער טעמע גרים און ״חסידי אומות העולם״, די התקרבות צו גרי־הצדק, ווי מיר האָבן אָנגעוויזן און עס איז נויטיק נאָך אַ מאָל איבערצוגיין די דאָזיקע פּרשה.

דערפאַר ווייל די ענינים וועלכע מיר באַהאַנדלען זענען אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך פאַר יעדן, פאַרגעסט מען זיך, מען פאַרנאַכלעסיקט אַט די מענטשלעכע מצוות, די פליכטן פון בין אדם לחברו. איז דעריבער כּדאי וועגן די ענינים צו שרייבן און צו רעדן, בפרט אין אונדזערע טעג, ווען דער ענין גרות איז אַזוי אַקטועל און איז ״עולה״ נישט בלויז ״על שולחן מלכים״ — נישט בלויז פאַר רבנים, נאָר שטייט אויפן טאָג־אָרדענונג פון פירנדיקע פערזענלעכקייטן, איבערהויפּט אין כנסת־ירושלים. דעריבער איז וויכטיק צו באַהאַנדלען אַלע פּרטים, אפשר וועט געפונען ווערן אַ לייזונג אויך צום פּראָבלעם פון גרות כּהלכה.

מיר ווייסן פון שטעלונגען אין תּלמוד קעגן מקבל זיין גרים, ווי דער זאָג, ״רעה אחר רעה תבוא למקבלי גרים״ [43], וואָס איז אָן ספק געקומען אַלס רעזולטאַט פון דער מורא, ס׳זאָלן זיך נישט אַריינמישן פרעמדע עלעמענטן אינעם פאָלק ישראל.

באַקאַנט איז דער שוין פריער ציטירטער מאמר פון ר׳ חלבו: ״קשים גרים לישראל כספחת״, אַז גרים זענען אומגעוווּנטשן, ווי אַ געשוויר...[44] אָבער מיר האָבן אַנדערע מאמרים אין לויב פון גרים: ״חביבים הגרים שכּל הנביאים קראו לעצמם גרים״, אַז גרים זענען געליבט, ווייל אַלע נביאים האָבן זיך געהאַלטן פאַר גרים, אַז די טויערן זענען תּמיד אָפן פאַר גרים, אַז דער רבונו של עולם פּסלט נישט קיין בריה, אַז ״בחוץ לא ילין גר״ [45], אַז גרים קענען זיך דערהויבן צו ווערן כּהנים גדולים [46].

די מפרשים פאַרנעמען זיך צו דערקלערן די סתירה צווישן די צוויי מאמרים און די פאַרשערס באַמיען זיך צו באַווייזן, אַז עס רעדט זיך וועגן פאַרשיידענע תּקופות, וועגן פאַרשיידענע גרים, וועגן נאָכיאָגן זיך נאָך גרים, אָדער גרים וועלכע קומען מיט זייער אייגענעם ווילן און איבערצייגונג זיך מגייר צו זיין. אין תּוספות האָבן מיר די כאַראַקטעריסטישע מיינונג פון אברהם הגר, וואָס האַלט, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, אַז דעריבער זענען גרים נישט גוט פאַר יידן, ווייל אין אַ סך פאַלן זענען זיי בעסערע יידן און דערמיט רופן זיי אַרויס אַ קטרוג קעגן יידן. רש״י, ווייזט אויס, האָט נישט אָנגענומען די דאָזיקע שטעלונג, נאָר געהאַלטן פּונקט פאַרקערט, אַז די גרים זענען נישט געניג באַ־

האָונט אין מצוות און זייער אומוויסנדיקייט איז אַ שטרויכלונג פאַר ייִדן. מיר ווייסן אָבער דאָך די מיינונג פון הלל, אַז מ׳דאַרף זיך באַציען ליבעראַל צו גרים [47].

ווען מען נעמט צוזאַמען אַלע אויסדרוקן, די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, זעט מען אַז עס איז לגמרי נישטאָ קיין חילוקי־דעות ביי די גרונטלייגערס פון יהדות. ס׳איז בלויז אַ פראַגע, וועגן וואָס פאַר אַ סאָרט גרים ס׳רעדט זיך און אַז מ׳דאַרף זיין פאָרזיכטיק, נישט געאיילט ביים מקבל זיין גרים.

די פוסקים, די נאָכפאָלגערס פון תלמוד, האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציונג, מיט דער פאָרזיכערונג, דאָס גרות זאָל זיין לויט דער הלכה. דער רמב״ם האָט געהאַלטן, אַז דער גר קאָן זאָגן לאבותינו... לויטן ירושלמי, נישט געקוקט וואָס די משנה [48] זאָגט: ״מביא ואינו קורא...״ ווייל זיינע עלטערן זענען נישט געווען קיין ייִדן. רש״י פסקנט ווי די משנה, און ברענגט דעם דרש פון ״וירשת וישבת״ [49] אַז דער וואָס האָט אַ חלק אין לאַנד, דער איז מחוייב צו ברענגען בכורים און דער גר איז נישט מחוייב... ווייל ער האָט נישט קיין חלק אין לאַנד.

דער רמב״ם שטיצט זיך אויפן פסוק: ״אב המון גויים נתתיך״ [50], אברהם אבינו איז דער פאָטער פון גרים.

מאָדנע איז, וואָס דער ראַציאָנאַליסט שטיצט זיך אויף דער אגדה, דערלויבן דעם גר צו זאָגן ״אשר נשבע לאבותינו״ און רש״י, זאָל זיך האַלטן ביים כלל פון ״אין דורשין הלכה מן האגדה״. דער גר קאָן ברענגען, אָבער נישט זאָגן די פרשה פון בכורים. דער רבנו תם האַלט ווי רש״י — אָבער די מערהייט פוסקים נעמען אָן די שטעלונג פון רמב״ם און צוליב נאָך אַ מאָטיוו, אַז לעתיד לבא, וועלן גרים האָבן אַ חלק אין לאַנד [51].

דער כוזרי [52] אין באַרירן דעם ענין פון ״אתה בחרתנו״ און די באַציונג צום גר, שרייבט צוו״א: ייִדן זענען געהייליקט געוואָרן צו זיין אַן ״עם קדוש לד׳ אלקינו״, זיך צו דערוויטערן פון עבודה־זרה, גילוי־עריות, שפיכת־דמים אאז״וו, הייליק האַלטן שבת־און־יום־טוב. ווען מען היט די אַלע געבאָטן איז מען זוכה צו דער אמת אויפריכטיקער שמחת החיים... צו דער דאָזיקער קדושה קאָן אַ גר דערגרייכן, אויב ער האָט דעם רצון און דעם כוח איינצוהאַלטן דעם יצר און די תאוות.

דער דין איז, אויב אַ גר איז באַגאַנגען פאַרברעכנס, בעת ער איז געווען אַ גוי, פאַרברעכנס, איבער וועלכע ער קען געמשפט ווערן בדיני אדם, באַפרייט ער זיך נישט צוליב דעם גרות. אויב ער זאָגט צו אַ פרוי: דו ביסט מקודש צו מיר נאָך דעם, ווי איך וועל זיך מגייר זיין, איז די פרוי נישט מקודש... [53]

אַן אינטערעסאַנטע שאלה ווערט געשטעלט אין תלמוד [54], צי אַ גר וואָס האָט געהאַט קינדער איידער ער האָט זיך מגייר געווען, ווען ער איז נאָך געווען אַן עובד־כוכבים, צי האָט ער שוין מקיים געווען די מצווה פון פריה ורביה. די

פאָלעמיק גייט אָן צווישן שוואָגערס: ר׳ יוחנן האַלט, אַז ער האָט שוין מקיים געווען די דאָזיקע מצווה און ריש לקיש האַלט, אַז ער האָט נאָך נישט מקיים געווען די מצווה, ווייל ״גר שנתגייר כקטן שנולד דמי״ — איז וואָס ער האָט געטאָן פריער, רעכנט זיך נישט. ר׳ יוחנן האַלט, אַז די מצווה ״פרו ורבו״ [55] איז אויך געזאָגט געוואָרן צום בן־נח. ביי אַן עבד כנעני, אויב ער איז באַפרייט געוואָרן פון שקלאַפעריי, זענען אַלע מודה, אַז ער האָט נישט מקיים געווען די מצווה, ווייל פריער איז ער פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַן ״עם הדומה לחמור״.

ביים גר — קאָמענטירט דערויף ר׳ יוסף ראָזן, דער ראָגאַטשעווער גאון — איז דער שינוי פאָרגעקומען מיט זיין ווילן, מיט זיין באַשטימונג, איז ער געוואָרן אַ ״פנים חדשות״ — אָבער מיט דער זעלביקער צורה. ער איז מחוייב געווען צו האָבן קינדער און ער האָט קינדער. צו האָבן מער קינדער איז שוין נישט זיין פליכט אָבער דער עבד, ווען ער איז זיך מגייר, ער ווערט פריי, ווערט ער אין גאַנצן אַ נייער מענטש: פריער איז ער געווען אָפּהענגיק אין דעם האַר. און איצט איז ער ״בריה חדשה״. דער גר האָט די זעלביקע צורה, בלויז דער לבוש איז געענדערט געוואָרן; דער עבד איז אין גאַנצן געענדערט געוואָרן [56].

ווי מיר זעען אין דער הלכה האָט מען זיך גאָר מילד באַצויגן אַפילו צו אַזעלכע גרים וועלכע האָבן זיך מגייר געווען מחמת אהבה, צוליב אַ ליבע, ווי אייניקע דריקן זיך אויס סאַרקאַסטיש, ווי ״גרי עריות״ — אויב ס׳איז אַ ״בדיעבד״, אַן אָפּגעטאָענע זאַך, איז מען זיי שוין מקבל און זיי ווערן באַטראַכט ווי גרי־צדק, ווי דאָס ווערט געזאָגט: ״אחד איש שנתגייר לשם אשה ואחד אשה שנתגיירה לשם איש... אחד גרי אריות... ואחד גרי מרדכי ואסתר כולם גרים הם״, זיי האָבן גענומען אויף זיך מקיים צו זיין די מצוות — ווערן זיי ייִדן, ווען אַפילו די קבלת המצוות איז געקומען צוליב אַ סיבה.

דער ריב״א [57] פסקנט, אַז אַפילו אַזעלכע גרי אריות, ווי די כותים־סעקטע, קענען ווערן איינגעגלידערט אין כלל ישראל: ״כיון שנתגייר וקבלו עליהם, חזקה הוא דאגב אונסייהו גמרו וקבלו...״

ווי ווייט מ׳האָט געוואָלט מקבל זיין אמתע אויפריכטיקע גרים קאָן דינען דער פאַקט, אַז אַפילו וועגן די שבע אומות, זענען דאָ דריי מיינונגען: 1) אויב זיי האָבן זיך מגייר געווען, נעמט מען זיי אריין. 2) דער רמב״ן און דער רשב״א האַלטן אַז די שבע אומות זענען פאַרבאָטן בקהל ישראל, אַפילו ווען זיי האָבן זיך ווי געהעריק מגייר געווען. און ערשט זייערע קינדער פון גרות וועט זיין דערלויבט ״לבא בקהל״. 3) אַנדערע גדולי הפוסקים זענען נישט מסכים צו דער דאָזיקער מסקנא. דער פאַרבאָט איז אַן אייביקער [58]. מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין הלכישע חילוקי־דעות. וויכטיק איז די מילדע און ליבעראַלע באַציונג צו אַלע פעלקער.

די פראַגע שטעלט זיך: פאַר וואָס אַזאַ האַס צו עמלקן, אַן אייביקע דער־ווייטערונג און נאָך מער: אָפּמעקן און אָפּווישן עמלקס זכר. פאַר וואָס?

מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן און גערעדט[59] און אָנגעוויזן אויף די אומצייליקע דרשות אין תּלמוד און אין מדרשים; אין קבלה־און חסידות־ספרים און ביי די מפרשי־התורה. דער הויפּט־גורם און מאָטיוו פאַר דער קעגנערשאַפט צו דעם עמלק־פאָלק און אויך (אַ ביסל מילדער און מיט ווייניקער שאַרפקייט) צו די עמון־און מואָב־פעלקער, איז געווען צוליב דעם, וואָס פון זיי האָט מען דערוואַרט אויב נישט הילף, לכל־הפּחות איינזעעניש, מיטלייד צום פאָלק וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פונעם שקלאַפן־לאַגער, פונעם "כּור הברזל" און זיי, די קרובים, די אָפּשטאַמיקע פון די בני־שם, עמלק, דאָס אייניקל פון עשו, "הלא אח עשו ליעקב"[60], אָבער אַנשטאָט אַנטקעגנצוקומען מיט וועלכער נישט איז הילף... אין צייט פון נויט, האָבן זיי זיך באַנומען ווי ברוטאַלע מערדערס און פּלאַנירט דעם אומקום פון די נאָר־וואָס געראַטעוועטע פון מצרים.

עמלק האָט געוואָלט באַלד ביים אָנהייב פון זייער קומען אין מדבר, מאַכן חלילה אַ סוף צו זיינע "קוזינען", "וילחם עמלק עם ישראל ברפידים" און דער דאָזיקער קאַמף גייט אָן "מדור דור"[61], דעריבער איז "מחה תמחה את זכר עמלק" — עשוס אייניקלעך. כּל זמן עמלק לעבט, וועט ישראל נישט האָבן קיין מנוחה.

מרדכי שטריגלער אין זיינס אַ לענגערער אָפּהאַנדלונג א. ב. "האַרבע שאלות..."[62] פאַרנעמט זיך אויספירלעכער מיט די דאָזיקע ענינים. אויפן סמך פון אגדות חז"ל פאַרענטפערט ער דעם פאַקט וואָס די מצריים, נישט געקוקט אויף די "שוידער־פיינען" (זיין אויסדרוק — ב. ש.), זענען באַהאַנדלט געוואָרן אין דער תּורה זייער מילד און ליבעראַל: יידן טאָרן נישט פאַראומווירדיקן אַ מצרי[63]. דער דריטער דור האָט געמעגט אַריינגעגלידערט ווערן אין יידישן קהל. באַזונדערע פּריווילעגיעס, ווי שטריגלער רופט עס "פאַרקירצערן דעם וועג", זענען געגעבן געוואָרן פּרויען, זיי זאָלן זיך קענען משדך זיין מיט יידן גלייך אינעם ערשטן דור[64].

מיטן עמלק־פאָלק איז דער מצב אַ גאַנץ אַנדערער. דאָס עמלק־פאָלק האָט, לויט דער תּורה, געדאַרפט אָפּגעמעקט ווערן פון אונטער די הימלען. שאול המלך איז געשטראָפט געוואָרן, האָט פאַרלוירן זיין מלוכה, צוליבן לאָזן לעבן דעם אגג, אַן אָפּשטאַמיקן פון עמלק־פאָלק. לויט אגדות איז צוליב דער מילדקייט פון שאול, אַרויסגעוואַקסן אַ המן — אַן אָפּשטאַמיקער פונעם אגג, וואָס האָט זיך פאַר־מאָסטן "להשמיד להרג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים"[65]. זיין עלטער־זיידע איז געקומען ווי אַ הונט "ללוק דמן של ישראל" (אַ וואָרטשפּיל עם לק) און דאָס נישט געקענט, איז געקומען המן הרשע און ער האָט

געוואָלט דורכפירן דעם טאָטאַלן אומקום פון ייִדן און בלויז דורך אַ נס, דורך דער ליבע פון אַ אָפּשטאַמיקער פון מלכות־שאול, אסתר המלכה, מיטן פערסישן קעניג, איז דאָס ייִדנטום אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

רבי צדוק הכהן מלובלין שרייבט צוו״א:

״...משא״כ בעמלק, שאין מקבלין גרים — תמחה את זכר עמלק — אך מ״מ אמרו[66] מבני בניו של המן למדו תורה בבני ברק, נראה דהגם דמצוה להרגו, ואפילו יאמר שרוצה להתגייר, מכל מקום אם נתגייר וקבלוהו דין ישראל עליו״.

דאָס פּראָבלעם ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך באַציען צו ״פרעמדע״, ווי באַלד זיי ווילן זיך איינגלידערן אינעם ייִדישן פאָלק איז געוואָלטיק פאַרצווייגט און קאָמפּלי־צירט. ס׳איז אָבער דאָ אַ כלל און אַ קלאָרקייט אין דער פּאַראַלגעמיינערונג, באַזירט אויף אַ מילדער, מענטשלעכער באַציונג און אַ שכלדיקער מיט אַ וויזיע נישט צו פאַרלייכטערן ״געמישטקייט״ — אַסימילאַציע, און דאָס זעען מיר אין באַגין פון דער אַנטוויקלונג פון ייִדנטום.

אברהם אבינו באַשווערט זיין קנעכט אליעזר, ער זאָל נישט פאַרבינדן יצחקן מיט קיין איינער פון די כנענישע טעכטער[67], ער זאָל נ י ש ט א ו ו ע ק פ י ר ן זיין זון צום אָרט, וווּ ער וועט געפינען פאַר אים אַ פּאַסיקע כלה — ער זאָל ברענגען די כ ל ה צ ו א י ם... אין זיין הויז, אינעם הויז פון דער פאַרשטאָרבע־נער שרה.

אברהם באַציט זיך מיט דער גרעסטער פריינדשאַפט, מיט פאַרערונג, צו זיינע שכנים: ענר, אשכול און ממרא — אָבער צו שידוכים קומט עס נישט.

יצחק אבינו — ער פאַרטראָגט נישט די חתּים־טעכטער און ער וויל דורכויס, יעקב זאָל נישט נעמען קיין ווייב פון די כנענישע טעכטער.

ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן גרים, ווייסן מיר פון דער תּורה און דער אגדה, אַז אברהם אבינו און שרה — ביידע האָבן זיך באַמיט מקבל צו זיין גרים: אברהם האָט מגייר געווען מענער — און שׂרה — פרויען. ״ואת הנפש אשר עשו בחרן״ זאָל מיינען אַז זיי האָבן מקרב געווען גרים. דעריבער ווערט געזאָגט: ״אלקי אברהם״. לויט אגדות חז״ל האָבן אויך יצחק און יעקב זיך פאַרנומען מיט גרים[68].

משה רבנו האָט חתונה געהאַט מיט צפּורה, דער טאָכטער פון יתרו. לויט אגדות האָט זי זיך פריער מגייר געווען, ווי עס ווערט געזאָגט ביי דער בת־שוע און תּמר אין שייכות מיט יהודה, דעם זון, ווען יעקב האָט געשיקט קיין גושן אין מצרים ל ה ו ר ו ת. די לעצטע האָט דווקא געוואָלט ברענגען קינדער פון דער יעקב־משפּחה, אַזוי אַז איר אַקט איז געווען באַהויכט פון ערלעכע כוונות, ווי

מיר געפינען דאָס ביי רות פון מואָב, דער עלטער־באָבען פון דוד המלך — דער מוטער פון מלכות בית דוד.

לויט אַ מאמר חז״ל, האָט יהושע חתונה געהאַט מיט רחב הזונה, וועלכע איז געוואָרן אַ געטרייע גרטע[69].

דער נביא עובדיה — ווערט געזאָגט — איז געווען אַ גר[70].

אַ גרויסע צאָל פון די גייסטיקע פירערס ביים בית שני איז געקומען פון גרים. מיר האָבן שוין דערמאָנט שמעיה ואבטליון, די צוויי ברידער וואָס האָבן פאַרנומען די העכסטע פּאָזיציעס, איינער ווי דער נשיא און דער צווייטער דער אב בית דין. אויב עקיבא בן מהללאל האָט זיך אויסגעדריקט אַ ביסל סאַרקאַסטיש, אַז דעריבער באַהאַנדלען זיי אַ גרטע ווי אַ יידישע פרוי, ווייל זיי שטאַמען פון גרים, האָט מען עס באַטראַכט ווי אַ זלזול און באַשטראָפט מיט חרם.[70א]

רבי עקיבא האָט געשטאַמט פון גרים. זיין תלמיד רבי מאיר איז אַרויסגעקומען פון גרים[71]. סתם גרים האָט מען זיך נישט געיאָגט אַריינצונעמען אין כלל־ישראל, אין יידישן קהל: וועגן אַזעלכע האָט מען זיך געהאַלטן ביים דרש, ווי רב חלבו דריקט זיך אויס, ״קשים גרים לישראל כספחת״, אָדער ווי ר׳ יצחק דרשנט דעם פסוק ״רע ירוע כי ערב זר.[72] רעה תבוא למקבלי גרים... רעה אחר רעה״. און נאָך אַזעלכע אויסדרוקן.

**י. באַרימטע גרים. — אין אַלטערטום און אין דער נייער צייט. — גר־צדק פון ווילנע. — גרים אין אונדזער תקופה. — מוראָ פאַר געמישטע חתונות אין אַלע צייטן.**

מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיקן ווערק און אין פרקים אינעם איצטיקן ווערק געבראַכט אַ צאָל נעמען פון באַוווּסטע גרים, אַריינגערעכנט אַ צאָל תנאים, אַפּשטאַמיקע פון גרים. אין דער רשימה פון באַרימטע גרים קומט אַריין, ווי שוין דערמאָנט, דער נביא עובדיה. ער איז געווען אַ גר אדומי — און פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט צווישן די נביאים.

דער ספר עובדיה אַנטהאַלט בלויז איין פרק פון איין־און־צוואַנציק פסוקים, אָבער די נבואה, געטיילט אין צווייען, איז פון גרויס וויכטיקייט. ער רעדט וועגן חורבן וואָס קומט אויף אדום, די עשׂו־אָפּשטאַמיקע, צוליב זייער שנאה אויף די בני־יעקב: זיי האָבן זיך באַטייליקט אין דעם ״יום ירושלים״[1] וואָס די כשדים האָבן אויספלאַנירט חרוב צו מאַכן די שטאָט און זיי, די בני־אדום, האָבן צוגעהאָלפן. זעט דער נביא די שטראָף וואָס וועט קומען אויף אדום, אַז עס וועט נישט בלייבן קיין ״שׂריד לבית עשׂו״[2] אָבער די בני יעקב וועלן אויפלעבן און עקזיס־

טירן אויף אייביק: "ובהר ציון תהיה פליטה, והיה קודש וירשו בית יעקב את מורשיהם" — אויף דעם באַרג ציון וועט זיין אַן אַנטרינונג און ער וועט זיין הייליק; און דאָס הויז פון יעקב וועט אַרבן זייערע אַרבונגען [3].

און נאָך מער: "והיה בית יעקב אש ובית יוסף להבה ובית עשו לקש ודלקו בהם ואכלום..." און דאָס הויז פון יעקב וועט זיין אַ פייער און דאָס הויז פון יוסף — אַ פלאַם און דאָס הויז פון עשו צו שטרוי... און קיין איבערבלייב וועט ניט זיין פון דעם הויז פון עשו... [4]

דער נביא עובדיה קען און ווייסט די שוואַכקייטן פון זיין אַמאַליק פאָלק, זייער גרויסהאַלטן זיך, זייער איינרעדעניש און זייער שׂנאה צום יינגערן ברודער. ער וואָרנט זיי אַז דאָס וועט ברענגען אויף זיי אַן אומגליק, וועט זיי אָפּווישן: "מחמס אחיך יעקב תכסך בושה ונכרת לעולם" — פאַר דעם אומרעכט צו דיין ברודער יעקב וועט דיך אַ בושה באַדעקן און וועסט פאַרשניטן ווערן אויף אייביק" [5].

צווישן די תּנאים: גרים — שמעיה און אבטליון; זיי זענען געווען גרעסער פונעם כהן גדול: זיי זענען געווען די הויפּט פון די סנהדרין; זייער תּלמיד — הלל הנשׂיא! זיי זענען געווען אָפּשטאַמיקע פון סנחריב, דער קעניג־רשע, מלך אשור.

אין מסכת גיטין [6] ווערט געזאָגט: "מבני בניו של סנחריב, למדו תורה בירושלים ומאן אינון — שמעיה ואבטליון". זיי זענען געווען די תּלמידים פון יהודה בן טבאי און שמעון בן שטח און זיי זענען דערהויבן געוואָרן צו דער העכסטער הויכקייט ביים צווייטן בית־המקדש. זיי זענען געווען שטאַרק באַליבט ביים פאָלק [7] און אָנערקענט געוואָרן אַלס די "גדולי הדור" [8].

אַן אָפּשטאַמיקער פון גרים איז געווען רבי עקיבא בן יוסף — דער תּנא וואָס איז דערהויבן געוואָרן צו ווערן דער ראש פון די גדולי־הדור. זיין פאָטער, ווי דער רמב"ם גיט אָן אין דער הקדמה צום יד החזקה, איז געווען אַ גר־צדק. ער איז געווען אַ אָפּשטאַמיקער פון סיסרא, דעם מלך יבין — און ער האָט פאַרשפּרייט תּורה אין ירושלים און אין בני־ברק, געקעמפט קעגן רוים, באַקעמפט די רוימישע גזירות [9].

זיין תּלמיד, רבי מאיר, דער שאַרפער קאָפּ וועגן וועמען ס'ווערט געזאָגט: "שאין בדורו של רבי מאיר כמותו ומפני מה לא קבעו הלכה כמותו שלא יכלו חבריו לעמוד על סוף דעתו" [10] אויך ער, איז געווען אַ בן־גרים, אַן אָפּשטאַמיקער פון נירון קיסר און ער איז געווען דער תּנא "שמאיר עיני חכמים בהלכה".

ביי די אמוראים האָבן מיר רב שמואל בר שילת, אַן אָפּשטאַמיקער פון בני המן: "מבני בניו של המן לימדו תורה לתינוקות ומנו רב שמואל בר שילת" [11].

דער פאַרהייליקטער תּרגום אויף תּורה איז פון אונקלס הגר, תּלמיד פון רבי

עקיבא און פון די תּנאים אין יענער תּקופה. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן אויף דער אָנערקענונג וואָס דער דאָזיקער גר האָט געקראָגן ביי ייִדן.

אין אַלע צייטן, אַפילו אין די גרוילסטע צייטן פאַר ייִדן, זענען צוגעקומען גרים. די רשימה איז אַזוי גרויס, אַז ס'איז אוממעגלעך אויסצורעכענען אַפילו די אָנגעזעענע, באַרימטע גרים. זיי זענען געקומען אין גליקלעכע צייטן פאַר ייִדן און זיי זענען געקומען אין טראַגישע צייטן. אַפילו אין אונדזער צייט, ווען געמישטע חתונות גרייכן שוין אין געוויסע לענדער צו אַ גאָר אַ גרויסן פראָצענט.

פון צייט צו צייט הערט מען אויך פון שמד. ס'זענען הייַנט נישטאָ די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען, ייִדן זאָלן זיך שמדן ווי דאָס איז געווען אַ מאָל אין צאַרישן רוסלאַנד. ס'זענען אָבער דאָ אַנדערע סיבות פאַר אַפּטריניקעס, וועלכע געפינען באַקוועמלעכקייט אין זייער פאַרלאָזן דאָס ייִדנטום.

דאָס שווערסטע פּראָבלעם איז געמישטע חתונות, גאָר באַזונדערס אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווו זיי זענען געוואָרן אַ ״נאָרמאַל־נאַטירלעכער פּראָצעס״. די דאָזיקע פאָרם פון אַסימילאַציע איז אַ רעזולטאַט פון אויסלעבן זיך אין אַ נישט־ייִדישער סביבה, נישט האָבנדיק די ייִדישע אַטמאָספערע און נישט באַזיצנדיק די געהעריקע רעליגיעז־נאַציאָנאַלער דערציונג. די דאָזיקע האָבן נישט קיין ייִדיש־נאַציאָנאַלע געפילן, זיי האָבן נישט די ייִדישע צוגעבונדנקייט, וואָס האָט אַרומגענומען דעם ייִדישן יחיד און ציבור און משך פון דורות.

מ'טאָר זיך אָבער נישט מיאש זיין פון סאָוועטישן ייִדנטום. מיר זענען דאָך עדות פון דער התעוררות וואָס האָט זיך דאָרט געשאַפן. די ״דיסידענטן״ זוכן אַן אחיזה אין ייִדישקייט: זיי טוען דאָס מעגלעכסטע זיך אַרויסצורייסן און אָנהייבן אַ ייִדיש לעבן. ווען זיי נעמען מיט זיך דעם נישט־רעליגיעזן, אָדער נישט־ייִדישן שותף, באַמיען זיי זיך דאָס מתקן צו זיין, אַריינצוברענגען זיי אין ייִדנטום און נישט זעלטן זענען זיך די דאָזיקע שותּפים מגייר, לויט דער ייִדישער הלכה און פירן אַ ייִדיש לעבן; גאָרנישט זעלטן קומען צו גרים פון הינטערן אייזערנעם פּוירהאַנג, גרים פון ווייטן מזרח און גרים פון דער הרחבהדיקער אַמעריקע.

פאַראַן אויך דאָס פּראָבלעם פון די פאַלאַשן.

אין אַן אַרטיקל וועגן די ״פאַלאַשן״ (פרעמדע אין עטיאָפּישן לשון), האָט מיין קאָלעגע הרב ד״ר דוד גרויבאַרט (ז״ל) אָנגעוויזן[12], אַז היסטאָריש זענען די פאַלאַשן אַן איבערבלייב פון דעם מלך אין תּימן, וואָס האָט זיך און זיין פאַמיליע מגייר געווען. ער איז געווען האַלב־ייִדיש, ביזן יאָר 525, ווען די אַבי־סיניער און די ביזאַנטינער האָבן איינגענומען דאָס לאַנד — און במילא אַריינ־געבראַכט צעמישטקייט צווישן דער באַפעלקערונג.

דוד גרויבאַרט ברענגט אויך מיינונגען פון פאָרשערס, אַז די פאַלאַשן זענען

אַפּשטאַמיקע פון שלמה המלך. מיר האָבן אין אַ פריערדיקן ווערק זיך אָפּגעשטעלט וועגן אָרט פון די קראים, פאַלאַשן און אַנדערע סעקטעס אין דער ייִדישער געשיכטע. מיר ווילן דאָ, אין שייכות מיט די באַציונגען צווישן ייִדן און אַנדערע, נאָך אַ מאָל באַרירן דעם ענין פאַלאַשן־עטיאָפּיער ייִדן.

זיי זענען אַנטדעקט געוואָרן פון פּראָפ׳ יוסף הלוי. זיין תּלמיד־נאָכפאָלגער, זשאַק (יעקב נח) פייטלאָוויטש (לאָדזש, 1881 — תּל־אביב, 1955), האָט אין יאָר 1905, אַרויסגעבראַכט פאַר דער ייִדישער עפנטלעכקייט וועגן זיין באַזוך אין אַביסיניע און באַקענען זיך מיט די פאַלאַשן.

דוד גרויבאַרט ברענגט אויך אַן אינטערעסאַנטן בריוו פון באַרימטן פאָרשער שמואל דוד לוצאַטאָ (שד״ל), געשריבן צום חכם אבא יצחק אין חבש־אַביסיניע, מאַי 19, 1847, מיטן פאַרלאַנג, ער זאָל אים באַקענען מיט די פאַלאַשן, זייער אָפּשטאַם, זייער לעבן, זייערע מנהגים או״וו.

מיר קומען צוריק צום ענין גרים. צווישן זיי האָבן זיך געפונען קדושים, אומגעקומענע על קידוש השם פאַר זייער נייער ייִדישער אמונה. צו זיי געהערט דער ווילנער גר־צדק, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער שוין געשריבן, און ס׳איז כּדאַי נאָך אַ מאָל אָנווייזן אויף דער גרויסקייט פון זיין מסירת נפש.

אין זיין ״מדי חודש לחדשו״ [13] שרייבט הרב יהודה לייב הכהן מימון, וועגן דעם ר׳ אברהם בן אברהם ״למשפחת הגראפים לבית פוטוצקי (אָפּשטאַמיקער פון גראַף פּאָטאָצקי) — די באַוווסטע אַדעלייט אין פּוילן־ליטע. ער איז פאַרברענט געוואָרן אין ווילנע, דעם זיבעטן טאָג אין חודש סיון, 2טן טאָג שבועות, שנת תק״ט—1749.

דער ערשטער וואָס האָט געשריבן וועגן וואַלענטין פּאָטאָצקי, דעם גר־צדק, איז געווען דער פּוילישער היסטאָריקער איגנאַצי קראַשעווסקי — זיין געשיכטע איז געוואָרן אַ מקור פאַר פאָרשערס, פאַר היסטאָריקערס און גענוצט פאַר דערציילונגען, פאַר דראַמעס, פאַר פּאָעמעס.

הרב מימון גיט איבער, אַז ר׳ שמואל יוסף פין (1818—1890) דער היסטאָריקער פון ווילנע, האָט אין זיין ספר ״קריה נאמנה״ געוואָלט שילדערן דעם דאָזיקן גר־צדק, אָבער די רוסישע צענזור האָט אויסגעמעקט אַלץ וואָס איז נוגע געווען דעם גר־צדק און פאַרבאָטן שרייבן וועגן דעם מערקווירדיקן גר.

נאָכן ווערן אַ ייִד, איז דער גר־צדק אַוועק צוריק קיין פּוילן און זיך באַזעצט אין איליאַ, אַ שטעטל אין ווילנער געגנט, האָבנדיק אין זינען אַז דאָרט וועט מען נישט וויסן פון אים, ער וועט נישט ציען קיין אויפמערקזאַמקייט. ער איז אויך געווען זיכער, אַז דער אָרטיקער רב וועט אים מקרב זיין און ער וועט זיך קענען אויסלעבן ווי אַ פולשטענדיקער ייִד.

נישט באַשערט געווען דעם גר־צדק אויסצולעבן זיך במנוחה. דורך אַ מסירה האָבן די באַאַמטע פון דער קירכע זיך דערוווּסט, ווער ער איז און אַז ער איז אַריבער צום ייִדנטום. זיי האָבן אים פאַרמשפּט פאַרברענט צו ווערן. זיין מוטער און זיינע קרובים האָבן זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל זיך אומקערן צום קריסטנטום, אָבער ער האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. די מוטער האָט זיך געווענדט צו מלכות, מ׳זאָל שענקען איר זון דאָס לעבן און מ׳זאָל אָפּהאַלטן דורכצופירן דעם משפּט. ווען ס׳איז אָנגעקומען די מעלדונג פונעם קעניג, מ׳זאָל אים באַפרייען, איז ער שוין געווען טויט.

ס׳קורסירן לעגענדעס וועגן זיין טויט, וואָס איז פאָרגעקומען, דעם צווייטן טאָג שבועות, תק״ט. אַ ייִד, לייזער זיסקיס, האָט אונטערגעקויפט די באַאַמטע און זיי האָבן אים דערלויבט קובר זיין דאָס אַש אויפן ייִדישן בית־עולם.

ס׳ווערט דערציילט, אַז נאָך דער מעשה איז זיין חבר זארעמבאַ, וואָס איז אויך צוריקגעקומען קיין פּוילן און חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון די אַדללייט, אַוועק צוזאַמען מיט זיין פרוי און זון קיין אַמסטערדאַם, ווו ער האָט זיך מיט זיין משפּחה מגייר געווען.

אין אונדזערע טעג האָבן מיר גרים, וועלכע ווערן נישט געברענט אויפן שייטערהויפן, אָבער דאָך ווייזן זיי אַרויס אַ סך מסירת־נפש ביים פאַרלאָזן זייער אמונה, זייער אָפּשטאַם, זייער סביבה און איבערגייענדיק צום ייִדנטום, זענען זיי גרייט אַפילו צו פאַלן מות־קדושים, ווי דאָס איז געשען אין חברון, אין יאָר 1980, ווען דער גר־צדק אלי הזאב איז געפאַלן אַ קרבן פון די טעראָריסטן אין קרית־ארבע.

דער דאָזיקער אלי הזאב האָט דורכגעמאַכט אַ שטורמיש לעבן אין אַמעריקע, און אויף די שלאַכטפעלדער פון וויעטנאַם, ביז ער האָט געפונען באַרויִקונג ביי די קברים פון די אבות האומה.

נישט ווייט פון דער מערת־המכפלה האָט דזשיימס מאַהאַן, דער זון פון אַן אָפיציר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אַ גר־צדק, געמאַכט זיין היים. ער האָט נאָך דעם אויסגעקליבן קרית־ארבע פאַר זיין וווינאָרט און געקעמפט פאַר אַן ארץ־ישראל השלימה — און דאָרט געפאַלן מות קדושים.

פון אונגאַרן איז אין יאָר 1980 געקומען קיין ישראל דער גר־צדק יוסף העריגג, וועמעס איצטיקער נאָמען איז מרדכי. ער האָט יאָרן זיך געגרייט צו עליה, זיך אויסגעלערנט רעדן און שרייבן עברית און ייִדיש, און באַוויזן זיך אַרויסצורייסן פון דער קאָמוניסטישער אונגאַרן. ווען ער האָט דערגרייכט זיין ציל, אָנגעקומען קיין ישראל, אַריין קיין ירושלים, איז ער צוגעפאַלן צום כותל און זיך געווונטשן: ״להיקלט בישראל ולהיות יהודי טוב״ — זיך צו אינטעגרירן אין ישראל און צו זיין אַ גוטער, ערלעכער, געטרייער ייִד.

אין ריאָ דע־זשאַנעראָ, בראַזיל, איז באַקאַנט דער קאַטוילישער פּראָפעסאָר וואָס האָט זיך מגייר געווען צוזאַמען מיט זיין פרוי, געענדערט זיין נאָמען אויף אברהם בן אברהם, דערקלערנדיק, אַז אין דער ייִדישער אמונה האָבן זיי געפונען גייסטיקע דערהויבונג.

אַן אינטערעסאַנטע גרטע פון דענעמאַרק: גילה כרוסט, ווי ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער פּרעסע, איז אַן אָפּשטאַמיקע פון אַ קאַטוליש־ליבעראַלער משפחה. זי האָט באַשלאָסן זיך מגייר זיין און זיך געווענדט צו הרב מעלכיאָר וועלכער האָט געטאָן, ווי די גמרא לערנט: זי אָפּגערעדט, איר דערקלערט די שוועריקייטן צו זיין אַ ייִד; איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי קען זיך אויסלעבן קאַטוליש, זיך האַלטן ביי געוויסע ייִדישע פּרינציפּן און במילא געניסן פון ביידע וועלטן, נישט האָבנדיק דורכגעמאַכט גרות. ווען ער האָט געזען, אַז ער קען זי נישט אָפּרעדן, האָט ער איר געראָטן זי זאָל זיך ווענדן צו רבנים אין ישראל — און אַזוי האָט זי געטאָן, דורכגעמאַכט אַן אולפּן, ווו מ׳לערנט מצוות, עברית און מיט פליס זיך געגרייט צו ווערן אַ ייִדישע.

נאָכן גרות, איז זי געפאָרן קיין דענעמאַרק זיך צו זען מיט אירע עלטערן. זי האָט ביי זיי נישט געגעסן. זי היט אָפּ כשרות און איז מקיים מצוות. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ ייִדן און וווינט מיט איר מאַן אין תל־אביב. זי דערציט אירע צוויי קינדער אין ייִדישן גייסט און גרייט זיי צו וויסן אַז אין דענעמאַרק האָבן זיי סבא און סבתא קריסטן און אין ישראל סבא און סבתא — ייִדן.

אַזעלכע ערנסטע איבערגעגעבענע גרטעס זענען נישט קיין זעלטנהייט.

אין יאָר 1980 האָט די ישראל־פּרעסע איבערגעגעבן אַ סענסאַציאָנעלע לעבנס־געשיכטע פון אַ האָלענדישער גרטע, ווי אַ נייע "מגילת רות".

דניאלה, אַ טיפּיש האָלענדיש מיידל, געבוירן פון אַ געמישטער הייראַט; דער טאַטע — אַ ייִד: די מאַמע — אַ גויע, אַן אַטעיִסטין. איז אין דעם מיידל דער־וואַכט געוואָרן אַ ייִדישער פונק און זי איז געוואָרן אַן איבערגעגעבענע ישראלית, זיך אַנגעשלאָסן פרייוויליק אין צה״ל, געוואָרן אַן אָפיצערין און שוין זייענדיק אין מיליטערישן דינסט, האָט זי באַשלאָסן זיך מגייר צו זיין.

נאָכן דורכלייענען די בראָשור "נתיב לגר" (אַרויסגעגעבן פון רבנות הראשית), און נאָכן באַקענען זיך מיט די ווערטן פון ייִדישקייט, איז זי געוואָרן אַן אויפריכטיקע, ערנסטע גרטע און אַליין באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ שריפט וועגן גיור.

מיר האָבן שוין אין אַ פריערדיק ווערק אָנגעגעבן באַוווסטע גרים אין אַלטער־טום, אין מיטל־עלטער און אין דער נייער צייט. קיין פולשטענדיקע השלמה איז נישט מעגלעך.

אין 7טן י״ה איז באַקאַנט געווען אַ גר מיטן נאָמען אברהם בן אברהם אבינו,

אַ נזיר פון באַרג סיני, ווו עס געפינט זיך עד היום אַ מאָנאַסטיר, אָפּגעשיידט און אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, אין וועלכן די מאָנאַכן פּראַווען אַ סאָרט אַסקע־טישקייט פון מרה שחורה. ער איז געווען איינער פון די געציילטע, וואָס האָט פאַרלאָזט דעם סאָרט ״טויטלעבן״ און איז אַריבער צו אַ תורת חיים, צו אַ תורה־דיק לעבן.

אין 13טן י״ה איז געווען באַקאַנט דער גר פון אונגאַרן, וואָס האָט אויסגע־טייטשט דעם מאמר אין דער גמרא ״קשים גרים לישראל״, ווייל די גרים זענען מער מקפיד אויף מצוות.

אין יענער תקופה האָבן מיר אַ גר פון אויגוסבערג, וואָס איז אומגעקומען אויף קדוש־השם אין יאָר 1264. אַ הויפּט פון אַ נזירים־סעקטע אין פראַנקרייך, האָט זיך מגייר געווען און איז אומגעקומען אין יאָר 1270 אין וויסענבערג, עלזאַס.

אין די טראַגישסטע יאָרן פאַר ייִדן קומען צו אַזעלכע גרים, גרייט צו געבן זייער לעבן פאַר דער ייִדישער אמונה.

אין 17טן י״ה, האָבן מיר אַ גר, וואָס האָט עמיגרירט קיין אַמסטערדאַם און דאָרט פאַרעפנלעכט אַ בוך א. נ. ״צריח בית אל״, כדי צו באַווייזן דעם אמת פון יהדות קעגן די אַנדערע אמונות.

און אין דער הײַנטיקער שפּאַניע ?

מיט אַ צייט צוריק האָט דער פאָרשער און רייזנדער טוביה פּרעשל באַשריבן אַ גיורת פון מאַדריד, העלענאַ ראַמערא[14], וועלכע גיט זיך אָפּ אויסשליסלעך מיט דער פאָרשונג פון דער העברעישער ליטעראַטור און גאָר באַזונדערס, די לאַדינאָ־ליטעראַטור.

די דאָזיקע העלענאַ ראַמערא, אַ געבוירענע אין שפּאַניע, האָט זיך מגייר געווען און חתונה געהאַט מיט ד״ר יעקב כאַסאַן, אַ באַוווּסטער פאָרשער אויפן פאַקולטעט פון תנ״ך־שטודיעס אין מאַדרידער אוניווערסיטעט. ער איז דער רע־דאַקטאָר פון אַ שריפט, געווידמעט דער פאָרשונג פון ספרדישן ייִדנטום. יעקב כאַסאַן מיט זיין פרוי, די גרטע, אַרבעטן בשותפות אויף אַ צאָל ווערק אויף די געביטן עברית, אַראַביש, תולדות יהדות ספרד א״א. איינע פון העלענאַס אַרבעטן איז אַ שפּאַנישע איבערזעצונג פון ״שירי שלמה איבן גבירול״.

טוביה פּערשל לויבט שטאַרק אירע אַרבעטן אויף די דערמאָנטע געביטן.

גרים געפינט מען אין די ווייטסטע מקומות. אין יאַפּאַן האָבן מיר נישט בלויז יחידים, נאָר גרופּקעס גרים און גרטעס. מיר האָבן אַ סעקטע מיטן נאָמען מאַקו־יאַ, וועלכע זענען הייסע ציוניסטן, האַלטן פון תורה מסיני, לערנען מוסר־ספרים, חסידות און טיילן פון אָט דער סעקטע זענען עולה פון צייט צו צייט קיין ישראל, קומען צום כותל־מערבי אָפּריכטן תפילות. דער אָנפירער פון דער דאָזיקער סעקטע, פּראָפעסאָר איקאַראַ טעשימאַ, האַלט די דאָזיקע סעקטע אויף אַ הויכן ניוואָ.

אַפילו אין טייוואַן, וווּ אַ ייִדישע קהלה עקזיסטירט בלויז זינט אַן ערך 6 יאָר און ציילט אַרום 50 משפחות, האָבן מיר גרים. מיט אַ צייט צוריק איז דאָרט געפּראַוועט געוואָרן אַ ייִדישע חתונה צווישן אַ ייִדישן בחור מיט אַ טייוואַנער־כינעזישער מיידל וואָס האָט זיך מגייר געווען כּהלכה, איידער זי האָט זיך באַגעגנט מיטן ייִדישן בחור. זי איז אַריבער צו דער ייִדישער אמונה אויס איבערצייגונג, מיטן פולן באַוווסטזיין און מיט באַגייסטערונג פאַר ייִדישקייט.

אַ גר־צדק, אַ פאַרלאַמענטאַריער, האָבן מיר אין האָלאַנד. וואָן בעמלער איז זיין נאָמען. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ ייִדישער טאָכטער, היט שטרענג תּורה און מצוות, דערציט די קינדער אין שטרענג־אָרטאָדאָקסישן גייסט. דער דאָזיקער גר וווינט אין האַג, וואָט ציילט אַרום 300 ייִדישע משפחות. ער פאַרנעמט זיך מיט די אָרטיקע, לאָקאַלע ייִדישע קהילה־טעטיקייטן און אין פּאַרלאַמענט — מיט דער מלוכישער זיכערקייט אין לאַנד.

אַ גר־צדק איז געווען דער מוזולמענער אדי עודה (געטוישט זיין נאָמען אויף אברהם מזרחי), וואָס האָט זיך מגייר געווען כּהלכה און באַצאָלט מיט זיין לעבן אויף קידוש־השם. ווי עס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דער פּרעסע, האָט הרב שמחה קוק, פון רחובות, געזאָגט קדיש נאָך אים אין די שבעה־טעג. ביים קבר, האָט אים מספּיד געווען דער רב פון רחובות און דער פאַרזאַמלטער עולם, אויך אַראַבער פון זיין משפּחה, האָבן פאַרגאָסן טרערן.

מיר וואָלטן געדאַרפט געבן נעמען פון נאָך אַ צאָל גרים און גרטעס, אויך וועגן קראַים און פאַלאַשן. אָבער מיר האָבן דאָס שוין געטאָן פריער.

נישט געקוקט אויף דעם צופלוס פון גרים, האָט מען אָבער תּמיד מורא געהאַט פאַר געמישטע חתונות, אַז ייִדן וועלן נעמען נישט־ייִדישע פרויען, אויף אַזוי ווייט, אַז ווען אַ מענטש איז געקומען צו ר׳ חנינא און אים געפרעגט, צי ער דאַרף מייבם זיין די אלמנה פון זיין ברודער, אַ נישט־ייִדישע פרוי, האָט ר׳ חנינא אים געענטפערט מיט אַ זידל־וואָרט: ״אחיו נשא כותית ומת? — ברוך המקום שהרגו״ [15].

געמישטקייט שטעלט אין געפאַר דעם וווּקס פון ייִדישע ישובים [16] און נישט אומזיסט איז באַלד ביים אָנהייב פון דער באַנייטער מדינת־ישראל, באַשטימט געוואָרן אַ הייראַט־געזעץ, אַ חוק קעגן נשואי תערובת. דאָס געזעץ האָט אויך געוואָלט פעסטשטעלן, אַז די ייִדן וועלכע קומען פון אַזעלכע סעקטעס און שבטים, ווי קאַראַימער, פאַלאַשן און אַנדערע, זאָלן דאַרפן דורכמאַכן אַ געוויסע סאָרט גרות, זיי זאָלן ווערן אַ טייל פון ייִדנטום מיט גוף און נשמה.

ווייל נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז גרים זאָלן נאָך אַלע מעשי־גרות, בלייבן פרעמד... ווי דער פּאָעט (סעקולער ביז גאָר) איציק מאַנגער (1901—1969) שילדערט מיט באַגייסטערונג דעם דרוקער משה בן אברהם, דעם גר פון

ניקלסבערג און זיינע טעכטער — די פרומע, אָפּגעהיטענע. ער באַשרייבט, ווי אַזוי דער זון פון פרומע קריסטן איז געקומען צום געדאַנק צו פאַרלאָזן זיין אמונה און זיך איבערגעבן צום ייִדנטום, לערנען ייִדישקייט ביים אָרטיקן רב און נאָך דעם, ווען ער האָט זיך שוין געפילט אין דער היים, היימיש צווישן ייִדן, האָט ער געעפנט אַ דרוקעריי, זיך גענומען דרוקן ייִדישע ספרים, ספּעציעל ספרים פאַרן פאָלק אין עברי־טייטש. זיינע טעכטער זענען געוואָרן די זעצערס און ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט איבערזעצן דעם סידור אין עברי־טייטש. זיין צוועלף יאָריקע טאָכטער האָט געהאָלפן איר פאָטער, אי מיט דער איבערזעצונג און אי מיטן אויפזעצן די אותיות. ווי אַ צוגאָב האָט זי פאַרפאַסט "אַ שיינע תּפילה"[17]:

"דיזע שיינע נייע תּפילה פון אָנפאַנג ביז צו ענד,
האָב איך געזעצט אַלע אותיות מיט מיינע אייגענע הענט,
געלע בת הר"ר משה המדפיס
ואמי מרת פריידה בת הר"ר ישראל כ"ץ ז"ל.
זי האָט מיך צווישן צען קינדער געבאָרן,
איך בין איין בתולה נאָך עטוואָס אונטער צוועלף יאָר..."

זי פאַרענדיקט די שיינע תּפילה:

"אהובי רבותי, קויפט די תּפילה פאַר איין גרינג געלט,
דען מיר האָבן זונסטן קיין אַנדערע מחיה אין דער וועלט".

מיר האָבן דאָ אַ געמישטע חתונה פון אַ גר־צדק מיט אַ ייִדישער מיוחסדיקע פרוי און מיט צניעותדיקע טעכטער, איבערגעגעבענע צו ייִדישקייט און מיט קענטענישן אין ייִדישקייט.

איציק מאַנגער שילדערט אָן אַנדער סאָרט געמישטע חתונה — דעם דיכטער מיכל גאָרדאָן און זיינע צוויי זין: איינער, דוד, ער איז שטאָלץ אויף אים — ער האָט נישט אויסגעביטן דאָס רענדל. דער אַנדערער, באָריס, פון אים האָט ער געהאַט בושה: ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ רוסישער פּריצה און ער האָט זיך צוליב איר געשמדט[18]: "דער אַלטער משכּיל פילט ווי אַ ווונד אָט דאָס, וואָס איינער פון זיינע זין האָט זיך אָפּגעפרעמדט, אוועקגעגאַנגען פונעם פאָלק, פון וועלכן ער שטאַמט..."

ס'איז נישט קיין נייע טעמע. זי איז אַלט, ווי דאָס ייִדישע פאָלק און איז נאָך אַלץ אַ לעבנסוויכטיקע טעמע אין אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט: אָפּפלוס און צופלוס — דעם צופלוס, מוז מען זען, ער זאָל בלייבן, ער זאָל נישט אַוועק, ער זאָל נישט זיין אַ "חוזר לסורו", ווי ס'ווערט אויסגעדריקט אין תּלמודישן לשון.

פון צייט צו צייט ווערן באַשריבן צוגעקומענע גרים פון פאַרשיידענעם

עלטער, פאַרשיידענע לענדער, פאַרשיידענע טאַלאַנטן, פאַרשיידענע קולטורן — און ווי אַזוי זיי ווערן אינטעגרירט אין יידישן לעבן, ווייזן אַרויס אידעאַליזם, איבערגעגעבנקייט, שטאַלצירן מיט זייער יידישקייט און יידן שטאַלצירן מיט זיי, מיט זייער דערפילן נביאישע חזיונות, פון "והלכו עמים רבים ואמרו לכו ונעלה אל הר ד' אל בית אלקי יעקב ויורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו, כי מציון תצא תורה ודבר ד' מירושלים" — און ס'וועלן גיין פיל פעלקער און וועלן זאָגן: קומט, און לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון גאָט, צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב; און ער וועט אונדז לערנען פון זיינע וועגן, און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן; וואָרום פון ציון וועט אַרויסגיין אַ תורה און גאָטס וואָרט פון ירושלים"[19].

און נאָך אַ גרויסע צוקונפט־נבואה:

"והלכו גוים לאורך ומלכים לנגה זרחך" — און פעלקער וועלן גיין פאַר דיין ליכט און מלכים פאַר דער העלקייט פון דיין שוץ[20] און, ווי דער נביא הושע האָט עס געזען, אַז יידן וועלן ווערן אַ גרויס פאָלק[21]: "והי' מספר בני ישראל כחול הים" — און די צאָל פון די קינדער פון ישראל, וועט זיין אַזוי ווי דער זאַמד פון ים, וואָס קען נישט געמאָסטן און נישט געציילט ווערן; און עס וועט זיין, אַנשטאָט וואָס צו זיי פלעגט געזאָגט ווערן: איר זייט נישט מיין פאָלק, וועט צו זיי געזאָגט ווערן: קינדער פון דעם לעבעדיקן גאָט.

דער צופלוס פון גרי־צדק וועט דאָס באַווייזן. זיי זענען באַאיינפלוסט פונעם תנ"ך און פון יידישן לעבן. זיי וועלן — האָפן יידן — ברענגען צו דער וועלט, די ווערטער פונעם נביא מלאכי: "הלא אב אחד לכולנו, הלא אל אחד בראנו, מדוע נבגוד איש באחיו" — איז נישט איין פאָטער ביי אונדז אַלעמען? האָט אונדז נישט איין גאָט באַשאַפן? פאַר וואָס זאָלן מיר פעלשן איינער אַן אַנדערען...[22].

ביים מקבל זיין גרים, זענען אַנגעגאַנגען אַ צאָל חומרות, מ'האָט אָבער געזוכט צו פאַרלייכטערן, געזוכט היתרים און "קולות".

דער פאַרבאָט מקבל צו זיין גרים לשם אישות איז אַ יסוד אין הלכות־גרים[23]. דאָס ווערט גערופן "גרי עריות", אַ וואָרטשפּיל פון "גרי אריות". דער מאָטיוו פאַר אָט דעם פאַרבאָט איז אַ פשוטער: דער גר אָדער די גרטע איז נישט איבערגע־צייגט אין יהדות, טוט עס צוליב ליבע אָדער באַקוועמלעכקייט. עס איז אויך דאָ אַ מקור — "הנטען על השפחה... הנכרית"[24]. פון דעסטוועגן, אויב דאָס גרות איז געמאַכט געוואָרן ביי אַ פאַראַנטוואָרטלעכן בית־דין, ווערט עס בדיעבד אַנערקענט. מען פאַרלאָזט זיך, אַז דאָס בית־דין האָט בודק געווען אַ ל ע פּרטים און אַז די גרים האָבן סוף־כּל־סוף גענומען אויף זיך ווי געהעריק מקבל צו זיין מיט אַ פול הארץ, בלבב שלם, די יידישע אמונה, דעם דת משה וישראל.

געווען רבנישע אויטאָריטעטן, וועלכע האָבן נישט גורס געווען אַזאַ מילדע באַנעמונג; זיי זענען געווען קעגן וועלכער נישט איז גרות צוליב אישות, ווייל זייער גרות איז לפנים... ווער שמועסט נאָך ווען מען איז איבערגעצייגט, אַז דאָס גרות איז צוליב יצר פון ליבע. דאַן זענען זיי קאַטעגאָריש קעגן וועלכער נישט איז ליבעראַלער באַציונג. אויסער דער סכנה פון אַ שפּעטעדיקער חרטה און אומקער צו גוייִשקייט, איז געווען די סכנה פון געמישטע חתונות וואָס וועלן ווי אַ רעזולטאַט פירן צו שמד און אָפּגעפרעמדקייט פון די קינדער. אַוודאי קען דאָס געזאָגט ווערן אין אונדזער תקופה. הייַנט, מער ווי אין אַלע צייטן, איז די געפאַר גרעסער און שעדלעכער.

ווער שמועסט נאָך, ווען אַ ייִדישע פרוי האָט פאַרקער מיט אַ נישט־ייִדישן מאַן, אַפילו ווען מען זאָגט "הולד כמותה", אַז דאָס קינד איז אַ ייִדיש קינד. דאָך בלייבט עס פגום: "עכו"ם ועבד הבא על בת ישראל הולד פגום" — אויב זי וועט געבוירן אַ מיידל, וועט עס זיין פסול צו דער כהונה [25].

אַ ייִד וועלכער האָט אינטימע באַציונגען מיט אַ נישט־ייִדישער פרוי, איז זיין עונש געוואַלדיק גרויס: ער איז פון די דריי וואָס שטויסן אָוועק די שכינה. נאָך מער — ער ווערט ממש פאַרשאָלטן: "ברוך המקום שהרגו" [26], ווייל דאָס שאַפט הפקרות.

ווען ס'איז דאָ אויפריכטיקע גרות, איז מען מקבל פון אַלע פעלקער חוץ פון די וועלכע ווערן אויסגערעכנט אין דער תורה, נישט צו נעמען פון זיי קיין גרים. מיט דער צייט איז אויך דער דין פון שטרענגקייט קעגן די דאָזיקע פעלקער, געענדערט געוואָרן צוליב די מאַטיוון, אַז זיי זענען אויסגעמישט צווישן אַנדערע פעלקער.

צי עס דאַרף זיין אַ בית־דין פון דריי, האָבן מיר חילוקי דעות אין תלמוד און אויך ביי די ראשוני הפוסקים [27]. די מערהייט פוסקים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז ס'דאַרפן זיין דריי רבנים־מומחים, כדי צו פאַרמירן אַ בית־דין בעת קבלת המצוות און בעת טבילה. ס'זענען דאָ פוסקים וועלכע האַלטן, אַז דאָס וואָס מען דאַרף דריי, איז לכתחילה, אָבער בדיעבד, אויב דער גר האָט דורכגעמאַכט דעם גרות־ריטואַל, אַפילו ווען ס'זענען נישט געווען אַנוועזנד דריי רבנים־מומחים, איז דאָס גרות עפעקטיוו.

ווי איז דער דין, ווען איינער איז זיך מגייר, נאָר איז זיך נישט טובל? דאַן ווערט ער נישט באַטראַכט אַלס גר־צדק. בר כפרא האַלט ווי אַ פאַרלייכטערונג, אויב ער האָט זיך טובל געווען נאָך אַ "קרי" (געשלעכטלעכער באַציונג מיט זיין פרוי), זאָל די דאָזיקע טבילה, באַטראַכט ווערן אויך אויף גרות. אויב ער האָט זיך לגמרי נישט טובל געווען, איז ער אַ "גוי גמור" און זיין פרוי דאַרף נישט אָנקומען צו אים, זיך צו באַפרייען פון די "כבלי העיגון" [28].

הרב מהרי״א הכהן קוק זצ״ל, אין זיין אויסדרוק וועגן אהבת־גרים, שרייבט, אז די וועלכע פירן זיך אויף עטיש־מאראַליש ווי געהעריק, קענען באַטראַכט ווערן, ווי גרים תושבים [29]. וואָס שייך גרי־צדק, איז כדאי צו ברענגען דעם אַנאַליטישן אויספיר פון ר׳ מאיר דן פלאָצקי זצ״ל: ״בענין גרות יש ב׳ דברים: א) במה שנכנס תחת כנפי השכינה; ב) שעל ידי זה הוא בכלל כל ישראל, להחיותו ולהציל נפשו מן הסכנה״ [30] און אַזעלכער קאָן דערגרייכן, ווי רבי צדוק הכהן מלובלין דריקט זיך אויס, צו רוח הקודש [31].

ס׳איז אָבער דאָ אן אונטערשייד פון אַ ייִד, געבוירן ביי ייִדישע עלטערן און דעם גר, געבוירן ביי נישט ייִדישע עלטערן — און וועגן דעם, האָבן מיר שוין פריער אָנגעוויזן, אַז דאָס האָט נישט צו טאָן מיט ראַסן־דיסקרימינאַציע. דער גר קען קיין מלך ביי ייִדן נישט ווערן, ווייל ס׳ווערט געזאָגט: ״מקרב אחיך תשים עליך מלך״ — פון צווישן דיינע ברידער זאָלסטו באַשטימען, ווײַלן אַ קעניג [32] און חז״ל דרשענען: ״כל משימות שאתה משים לא יהי׳ אלא מקרב אחיך״ [33]: אַלע אמטן זאָלן ניט געטאָן ווערן, נאָר דורך איינעם פון צווישן דיינע ברידער...

דער רמב״ם פסקנט דעריבער, ״גר אינו ראוי להיות בסנהדרין...״ און אַז צו ווערן באַשטימט צו אַזאַ הויכן אמט, מוז די מוטער זיין אַ ייִדישע. אין ספרי [34], ווערט איבערגעגעבן, אַז ווען אַגריפּס המלך איז בשעת דעם לייענען די פּרשה געקומען צום דאָזיקן פּסוק, האָט ער זיך צעוויינט. האָבן די חכמים־סנהדרין אים געטרייסט און באַרויִקט און געזאָגט צו אים: ״אחינו אתה״... ביזט אונדזער ברודער, ווייל, ווי מפרשים קאָמענטירן, די מוטער איז געווען אַ ייִדישע.

אין מסכת סוטה ווערט איבערגעגעבן: ״אגריפס המלך עמד וקבל וקרא עומד: מלך ישראל הי׳ מזרעו של הורדוס שנחרב בית המקדש בימיו״ — ער האָט געלייענט די פּרשת המלך (ספר דברים) שטייענדיק ״ושבחוהו חכמים״ — האָבן די חכמים אים געלויבט. ״וכשהגיע ל׳לא תוכל לתת עליך איש נכרי׳, זלגו עיניו דמעות. אמרו לו: אל תתירא אגריפס, אחינו אתה, אחינו אתה״. רש״י קאָמענטירט: ״שאמו מישראל״ — ווייל די מוטער איז געווען אַ ייִדישע.

אויף אַן אַנדער אָרט [35] ווערט געדרשנט: ״מקרב אחיך — ממובחר שבאחיך״ — פון די אויסדערוויילטע, חשובע פון דיינע ברידער — לויט דעם דרש וואָלט עס געהייסן, אַז די חכמי הדור האָבן אים געהאַלטן פאַר דעם חשובן און דערמיט האָבן זיי אים באַרויִקט. די פראַגע ווערט געשטעלט, ווי אַזוי האָבן זיי אים געקענט באַטראַכטן פאַר אַ חשובן, בעת היסטאָריש איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ער איז געווען אַן אייניקל, אָדער אור־אייניקל פון הורדוס, וועלכער האָט אומגעבראַכט ס׳רוב פון די סנהדרין [36].

די גמרא [37] ברענגט אַ ברייתא אין נאָמען פון רבי נתן: ״באותה שעה נתחייבו שונאי ישראל (געמיינט אין אַ פאַרשטעלט לשון — די חכמים) כלייה,

שהחניפו לו לאגריפס". נאך מער: תוספות[38] ברענגט א ירושלמי "תני רבי חנינא ב"ר גמליאל אומר, הרבה חללים נפלו באותו היום שהחניפו לו" — אז די שטראף איז געקומען צוליב דער חניפה.

אין "תולדות אדם" פון ר' משה דוד אברהם טרויש אשכנזי (בעל מרכבת המשנה), א פירוש אויפן ספרי, ברענגענדיק די אלע אויסטייטשונגען און דערקלע־רונגען, קומט ער צום אויספיר, אז דער רמב"ם איז געווען מיט דער מיינונג, אז דער עונש איז געקומען, ווייל אגריפס האט ארויפגעצוואונגען זיין מלכות; אז נישט, וואלט ער געהאט רעכט, ווייל זיין מוטער איז געווען א יידישע און ער פסקנט דאך: "אין מעמידין מלך מקהל גרים עד שתהיה אמו מישראל"[39].

דאס פראבלעם וועגן גרות, די פראגע וועגן צד פון ווירקונג ביי געמישטקייט, איז דאן באשטעטיקט געווארן, אז דער מאטריאכאלער כוח איז דאמינירנדיק. קינדער געבוירן ביי א געמישט פאר ווערן באטראכט אלס יידן, בלויז נאר, אויב די מוטער איז א יידישע. ביי נישט־געמישטקייט רעכנט זיך דער פאטערלעכער אפשטאם, אבער ביי געמישטקייט, איז דער מאטריאכאלער צד דער דאמינירנדי־קער, דעצידירנדיקער פאקטאר.

דער פסק פון א צאל פוסקים, אז צו קיין שררות לאזט מען נישט צו קיין גרים־אפשטאמיקע ווערט אפגעפרעגט פונעם פאקט, וואס די ברידער שמעיה און אבטליון זענען געווען גרים און פארנומען די העכסטע אמטן: איינער נשיא און דער צווייטער אב־בית־דין פונעם סנהדרין.

אויף דערויף ווערן אנגעגעבן צוויי תירוצים:

א) דער ציבור האט זיי אויפגענומען און דאס פאלק האט רעכט מקבל צו זיין אויף זיך די פירערשאפט פון גרים; ב) אויב ס'איז "אין כמותו בישראל", אויב ס'זענען נישטא קיין גדולים אין זייער פארגלייך, דאן האט מען א רעכט זיי צו באשטימען צו דעם הויכן אמט[40].

דער נודע ביהודה — ר' יחזקאל לאנדא פון פראג — איז דא מחדש[41], אז זיי האבן אפגעשטאמט פון איינעם פון א געמישטער חתונה, פון די סנחריב־פעלקער, וועלכער האט געלעבט מיט א יידישער טאכטער פון די עשרת השבטים. וואס לויט חז"ל, האט מען זיי באטראכט ווי נכרים גמורים, וואס שייך חתנות, וואס שייך משדך זיין זיך מיט זיי, אבער דאך! זיי האבן געהאט אין זיך זרע ישראל, ווערן זיי אנערקענט ווי "מקרב אחיך"...

דער דאזיקער חידוש, ווייזט אן הרב פעלדער, האט א מקור אין "שלשלת הקבלה", ווו עס ווערט געזאגט: "שמעיה ואבטליון אם מישראל היתה..." און אויב זייערע עלטערן האבן זיך מגייר געווען, זענען זיי ראוי צו אלע אמטן ביי יידן.

לויט אונדזער באַהויפּטונג ווערט דער גר באַטראַכט פאַר ״מקרב אחיך״, אויב די מוטער איז אַ ייִדישע. וואָס שייך חליצה, דאַרפן ביידע, אי דער פאָטער און אי די מוטער, זיין ייִדישע[42]. דער ענין איז געוויס הלכהדיק קאָמפּליצירט און בלויז מומחים קענען זיך פאַרנעמען מיט אַ פינאַלער אַנטשיידונג.

אויב אַ נישט־ייִד האָט געלעבט מיט אַן אשת־איש און ער האָט זיך נאָך דעם מגייר געווען, איז דאָס קינד כשר; דאָס זעלביקע, אויב ס׳האָט זיך געטראָפן פאַרקערט: די פרוי ווערט מעגן ווײַנען מיטן נכרי, נאָך דעם ווי ער האָט זיך מגייר געווען. די טאָכטער ווערט אָבער נישט טאָרן חתונה האָבן מיט אַ כהן. אַזוי איז די מיינונג פון ס׳רוב פוסקים — דער דין זעט אויס מאָדנע, אָבער דער וואָס גיט זיך אָפּ מיט הלכה, ווערט באַנעמען אָט די קאָמפּליצירטקייט.

אַ כהן טאָר נישט נעמען קיין גיורת[43]. פאַר בעלי־הוראה זענען די טעמים גאַנץ קלאָר און איבערצייגנדיק. דער פשוטער מאָטיוו איז, ווײַל די כהנים זענען אויסגעוויילט געוואָרן צו געטלעך־הייליקער עבדות, טאָרן זיי נישט האָבן קיין פאַרקער מיט אַ גיורת צוליבן חשש פון זנות, ווײַל ביי די אַמאָליקע פעלקער איז מען נישט אָפּגעהיט געוואָרן פון זנות.

הרב פעלדער ברענגט די פאַסירונג פון אַ יונג קריסטלעך מיידל, וואָס האָט זיך פאַרליבט אין אַ ייִדישן בחור און צוליב אים זיך מגייר געווען. פאַר דער חתונה האָט מען אויסגעפונען, אַז דער חתן איז אַ כהן, האָט מען דערווײַל אָפּגעלייגט די חתונה. דער דאָזיקער אַקט מצד רומענישע רבנים האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די אַרטיקע קריסטן. הרב י. ל. צירלסאָן, האָט אונטער די אומשטענדן דערלויבט חתונה האָבן, בתנאי ס׳זאָל ווערן מפורסם, אַז דאָס איז געווען אַ ״הוראת שעה״; און צו לאָזן וויסן דעם חתן, אַז ער ווערט דערמיט אַ חלל — אַ פאַרשוועכטער כהן. קעגן דעם דאָזיקן פּסק, נישט געקוקט וואָס הרב צירלסאָן האָט עס דערקלערט אַלס אַ מ אָ מ ע נ ט אַ ל ע ר היתּר, איז דאָך אַרויסגעטראָטן ר׳ הלל פוסק (תרמ״א—תשי״ג). און ס׳איז אַנגעגאַנגען אַ לענגערע צייט אַ רבנישע שקלא וטריא. אַ צאָל רבנים האָבן פאַרטיידיקט די שטעלונג פון קעשענעווער רב ראשי, זעענדיק אין דעם אַן ענין פון פּיקוח־נפש און דער כלל איז: ״אין לך דבר שעומד בפני פיקוח־נפש, חוץ מעבודה זרה, גילוי עריות ושפיכות דמים״[44]. דער עיקר וועגן פאַרבאָט מיט אַן אשת־איש אָדער נערה המאורסה... און אויך דאָרט, איז בלויז דער מאַן געבאָטן ״יהרג ואל יעבור... למסור עצמו למיתה ולא יבעל על הערוה״, אָבער זי, די פרוי איז שוין נישט געבאָטן זיך לאָזן הרגענען, ווײַל זי ווערט באַטראַכט פאַר ״קרקע עולם״, זי בלייבט דאָך פּאַסיוו[45].

וועגן דעם צירלסאָן־פּסק, פירט אויס הרב פעלדער, נאָכן ברענגען אַלע דעות: ״ובכן אין שום היתר לגייר אותה ולהשיאה לכהן״[46].

מ׳יר מיידן אויס די הלכהדיקייט אין די פּרטים, ווײַל דערויף וואָלט מען

געדאַרפט אַ באַזונדער ווערק און בכלל ווילן מיר אויסמיידן הלכישע קאָמפּלי־קאַציעס.

ס׳זענען דאָ אומצייליקע הלכה־אַספּעקטן און אונטערשיידן צווישן ייִד און גר, ביים ערשטן דור און נישט בלויז ביי ענינים פון ״אישות״ און מלכות. אויך וועגן משפט־יורידישע אַנגעלעגנהייטן. דעם גר איז דערלויבט צו משפטן גרים. און נאָך אַזעלכע פּרטים.

די מאָטיוון פון דער אומגעהויערער פּאַרזיכטיקייט ביים פּאַרזיכערן די ריינ־קייט פון ייִדישן לעבן זענען: 1) די קעגנערשאַפט צו חתונה־געמישטקייט, וואָס שטעלט אין געפאַר דעם ייִדישן קיום; 2) די מורא פאַר זנות־אויסגעלאַסנקייט. ס׳איז דאָך געווען פאַרבאָטן צוליב דעם חתונה צו מאַכן אַ יונג מיידל מיט אַן אַלטן ייִד; פאַרבאָטן צו וואַרטן מיט חתונה מאַכן אַ טאָכטער, ווען זי גרייכט דעם בוגרת־עלטער, ווייל דאָס קען ברענגען שלעכטע קאָנסעקווענצן [47].

וואָס שייך גרות, האָט מען געוואָלט ווי ווייט מעגלעך פאַרהיטן, אַז דאָס זאָל נישט פאָרקומען צוליב אהבה. די באַגרינדערס פון דער ייִדישער מאָראַל האָבן אָנערקענט און זיך גערעכנט מיטן כּוח פון אהבה: דאָס אויג ווערט פאַרכאַפּט פון שיינקייט און וואַרעמט דאָס האַרץ. דון יהודה אברבנאל (1460—1521) האָט דאָס אַרויסגעבראַכט אויפן קלאָרסטן אופן אין זיין ווערק ״ויכּוח על אהבה״ (אין לאַטייניש ״דיאַלאָגן וועגן ליבע״ / רוים, 1535 און אין פראַנצויזיש, ליאָן, 1595). ער ווייזט אָן אויפן ספר ״שיר השירים״, ווי אַלעגאָריש מ׳זאָל דאָס נישט נעמען און אַריינטייטשן די העכסטע הייליקייט — אָבער ראַציאָנעל האָבן מיר דאָ די שטאַרקסטע אויסדרוקן פון ליבע.

ביי גרות האָט מען געוואָלט מאַכן זיכער, אַז דאָ האָט נישט געשפּילט די ראַלע אהבת־בשרים, נאָר אַ העכערע, גייסטיקע אהבה: ליבשאַפט צו דער ייִדישער אמונה; ליבשאַפט צום ייִדישן פאָלק.

דער מוסטער פון אויפריכטיקער גרות איז דעריבער געווען רות. אויב ס׳האָט זיך געטראָפן, ווי אַ געשעענער פאַקט, אַ גרות, נישט לויט דער הונדערט־פראָ־צענטיקער גרות פון דער מואבישער טאָכטער, האָט מען זיך געמאַטערט ווי אַזוי דאָס צו אָנערקענען.

וועגן משפטן דעם גר אויף עבירות באַגאַנגענע איידער ער האָט זיך מגייר געווען, האָבן מיר אַ צאָל מיינונגען, ס׳זאָל הייסן, אַז עס איז דאָ אַ חילוק צווישן הימלישע אורטיילן און אורטיילן ״בידי אדם״ — דאָס ערדישע געריכט האָט נישט קיין רעכט אים, אָדער זי, צו משפטן [48].

די גבורה פון אַ מענטש איז כּובש צו זיין דעם יצר, ווייל נישטאָ דער מענטש, וואָס זאָל נישט האָבן קיין תּאווה: ״אין אדם מת וחצי תּאוותו בידו״ — דער מענטש גייט נישט אַוועק פון דער וועלט, אַז ער זאָל האָבן כאָטש האַלב

פון דעם וואָס ער האָט געגלוסט [49] און דאָס שליסט איין אַלע תאוות. האָבן זיך אונדזערע מאָראַליסטן אין אַלע צייטן — געזאָרגט און באַזאָרגט, לויט מענטשלעכע כּוחות פון איינגעהאַלטנקייט און זעלבסט־קאָנטראָל.

ביי גרות איז די פאָרזיכטיקייט געווען אַ צענפאַכיקע.

נישט אומזיסט האָט שמאַי אָנגעשריען און פאַרטריבן דעם נכרי, וואָס איז געקומען צו אים מיטן פאַרלאַנג, ער זאָל אים מגייר זיין, ווען ער האָט אים געזאָגט, אַז ער גלויבט בלויז אין דער תּורה שבכתב און נישט אין דער תּורה שבעל פּה. ער האָט אים אָפּגעשטויסן. ער האָט געהאַלטן, ווי עס ווערט געזאָגט [50], אַז אויב דער גר נעמט אויף זיך מקיים צו זיין אַלע מצוות, חוץ איין פּונקט אין די תּקנות פון חכמים, ווייזט מען צוריק זיין גרות־פאַרלאַנג.

הלל האָט אים אָנגענומען, ווי עס ווערט אויסגעטייטשט, אַז הלל האָט אין אים געזען ערנסטקייט, און אַז ער וועט ווערן אַ פולשטענדיקער גר־צדק. דעם ערשטן טאָג האָט ער אים געלערנט דעם ״אלף־בית״ און דעם צווייטן טאָג געענדערט דעם סדר ״תיו—שי״ן״, האָט דער גר אים געפרעגט: נעכטן האָסטו מיך געלערנט אַן אַנדערן סדר?

האָט הלל אים געפרעגט: פון וואַנען ווייסטו? — האָסט זיך פאַרלאָזט אויף מיר, טאָ פאַרלאָז זיך אין גאַנצן אויף מיר. דער סוף איז געווען: דער דאָזיקער איז געוואָרן אַ פולשטענדיקער גר.

ווען שלמה המלך איז באַקאַנט דער מאמר, אַז נאָך דעם, ווי ער האָט גענו־מען פּרעהס טאָכטער, האָט ער פאַרלוירן די העברעע ממשלה: ״קודם... משל בעליונים״ און ״לאחר״ — בלויז ״בתחתונים״ און האָט דאָס אויך פאַרלוירן, געבליבן בלויז ביי זיין שטעקן. די שטראָף — ווי חז״ל דערקלערן — איז אים, דעם קליגסטן מאַן, געקומען, פאַר זיין נעמען פרויען פון פרעמדע פעלקער.

נאָך מער, צוליב זיין נעמען פּרעהס טאָכטער, איז רוים אויפגעשטאַנען: ״בשעה שנשא שלמה את בת פרעה, ירד גבריאל ונעץ קנה בים ועלה בו שרטון, ועליו נבנה כרך גדול שברומי״ [51].

פון די בני־תדמור האָט מען זיך אָפּגעהאַלטן פון נעמען פון זיי גרים, לויט איין טעם, ווייל זיי האָבן זיך אויפגעפירט פּרעך, ״געכאַפּט״ יידישע טעכטער [52].

רבנים פּוסקים, ווען ס׳איז געקומען צו זיי אַ שאלה וועגן גרות, זענען זיי געווען רעזערווירט און זיך אָפּגעהאַלטן פון געבן דעפיניטיווע ענטפערס. מ׳האָט געפרעגט דעם וואַרשעווער רב, ר׳ שלמה זלמן ליפשיץ (תקכ״ה—תקצ״ט), באַ־ווּסטער פּוסק און רבנישער מנהיג, וועגן אַ גיורת, וואָס פרויען האָבן זי מגייר געווען, פאַר וואָס ער האַלט זיך אָפּ פון געבן אַן ענטפער: ״לא אדון בדבר, לא

להיתּר ולא לאיסור״ [53]. ער גיט צו זיינע מאַטיוון, אָבער דאָס געהערט שוין צו דער רבנישער טעריטאָריע און באַזונדערס צו די יודעים ״בטיב גיטין וקדושין״.

נישט אומזיסט שטורעמט די אָרטאָדאָקסישע וועלט וועגן דעם ״חוק השבות״. דאָס געזעץ פון אומקער אין מדינת־ישראל, הלמאי מען באַפעסטיקט נישט דאָס געזעץ וועגן גרות, אַז דאָס מוז דורכגעפירט ווערן כהלכה, דורך רבנים מומחים.

## הערות

### א

1 מגילה, י״ד, ע״ב. ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט זי זוכה געווען, ס׳זאָלן פון איר שטאַמען אַכט נביאים, צען כהנים — דאָרט און אין מדרשים.
2 גיטין, נ״ז, ע״ב ; סנהדרין, צ״ו, ע״ב — אין אַ געענדערטן לשון.
3 יומא, ע״א, ע״ב.
4 סנהדרין, ל״ט, ע״ב.
5 יומא, ג׳, י׳ ; תוספתא, ב׳, ג׳ ; סוכה, ב׳, ע״ב ; נזיר, י״ט, ע״ב.
6 מיר האָבן פריער איבערגעגעבן די מעשה, וואָס געפינט זיך אין מדרש. אין מסכת עבודה זרה, י״א, ע״א, ווערט עס איבערגעגעבן אין אַ גאַר אַנדערער ווערסיע.
7 מאמר מחקרי, על תרגום אונקלוס הגר ע״ה, עם ביאור דרכיו ונתיבותיו בתרגומו, הוצ׳ שני׳, קראקא, תרנ״ה—1895.
8 ירושלמי, חגיגה, אָנהייב פרק ב׳.
9 ויקרא, י״ט, י״ח.
10 שבת, ל״א, ע״א. הללס שיטה — צו דערגרייכן צום ״עשה טוב״, מוז מען פריער דורכמאַכן דעם ״סור מרע״, מהרש״א, אויפן אָרט.
11 אבות, א׳, י״ב.
12 דאָרט, י״ד.
13 ח׳, ד׳ ; סוף מסכת מכות ; איכה רבה, ה׳, י״ט.
14 וועגן רבי עקיבא און זיין פרוי רחל, די טאָכטער פון רייכן כלבא שׂבוע — אין מיינע ווערק, באַזונדערס אין ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״.
15 חגיגה, י״ד, ע״ב.
16 בבא מציעא, ס״ב, ע״א.
17 אבות, ג׳, י״ח.
18 רמב״ם, הקדמה צו משנה תורה, היד החזקה.
19 פסיקתא רבתי, י״ד.
20 איכה רבה, ב׳, ד׳ ; ירושלמי, תענית, ב׳, ו׳ ; זע, הרב מרדכי הכהן, אישים ותקופות, ז״ז 85—87.
21 ברכות, כ״ז, ע״ב.
22 צ״ו, ע״ב.

23 זע, הרב מרדכי הכהן, דאָרט, ז׳ 68 ; אהרן הײמאַן, תולדות תנאים ואמוראים, חלק ג׳, עמ׳ 388.
24 מנחות, כ״ט, ע״ב.
25 זע, אישים ותקופות, ז״ז 86—87.
26 ברכות, כ״ז, ע״ב.
27 שלמה אשכנזי, ״דור דור ומנהגיו״, תל־אביב, תשל״ז—1977, ז׳ 270. װײזט מקור : חגיגה, ט׳, ע״ב ; ציטירט פון אָבות און פון תוספות.
28 ב״ב, ח׳, ע״ב ; א. הײמאַן, דאָרט.
29 יבמות, ק״א, ע״ב — רש״י און תוספות.
30 יומא, ט׳, ע״א : ״למנייה בפורסי דבבל — מאי פרהדרין, פורסי״.
31 אגרת קל״ג, כרך א׳, ז״ז קס״א—קס״ב.
32 יבמות, כ״ב, ע״א.
33 דאָרט, ק״ב, ע״א.
34 תשובות הרשב״א (המיוחסות להרמב״ן), תל־אביב, תש״ט, סימן רכ״ד. מקור : ירושלמי, סוף בבא בתרא.
35 אין יאָר תק״מ, איז ער עולה געװען קײן ירושלים, װוּ ער איז נפטר געװאָרן, ז׳ חשון, תקמ״ט. ער איז דער מחבר פון די ספרים : שמן משחת קודש, שושנת המלך, שמן המור און אַנד.
36 זע, הרב נתן צבי פרידמאַן, אוצר הרבנים, בני ברק, ערך 1856.
37 הוצ׳ דון, תל־אביב, תשל״ז, פרק כ״ג, ז״ז 268—289.
38 זע, ״באַציונג צו דער פרוי״, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ און אַנדערע.
39 מסכת גרים, ב׳, ד׳ ; ר״ה, י״ז, ע״ב.
40 שלמה אשכנזי, דאָרט, ז׳ 275.
41 אין ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״, צװײטן באַנד. ג׳, י׳ ; ירושלמי, מגילה, א׳, י״ט.
42 װעגן דעם — בײ די היסטאָריקער : פלאַװיוס, גרעץ, דובנאָװ און אַנדערע.
43 גיטין, נ״ו, ע״ב ; ע״ז, י׳, ע״ב א״א מקומות.
44 נדרים, ל׳, ע״א ; אשכנזי, דאָרט, ז״ז 275—276.
45 ירושלמי, תרומות סוף פרק ח׳.
46 אין מײנע װערק, ״באַציונג צו דער פרוי״, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ אשכנזי, דאָרט, ז״ז 284—285 א״א.
47 דאָרט, און אין ״באַציונג צו דער פרוי״, באַנד צװײ.
48 זע, שלמה זלמן זוננפלד, ״האיש על החומה״, כרך ג׳, ירושלים, תשל״ה, ז״ז 307—309 ; דאָרט, הערה 16.
49 װעגן איר — אַ באַשרײבונג אין ״מעריב״, כ״ח שבט, תשל״ו—30.1.76.

## ב

1 הוצ׳ ספרים . . . התנועה לגיור והפצת אהבת ישראל בין העמים, ירושלים, תשכ״ב.
2 סנהדרין, צ״ד, ע״א ; ירושלמי, הוריות, ג׳, ב׳ ; רש״י, ״לא תבזי״, שמות, י״ח, ט׳ ; דעת זקנים — אױפן אַרט אין נאָמען פון רבנו תם, רעכנט אױס די צען דורות.
3 ״ואת הנפש אשר עשו בחרן״ שהכניסן תחת כנפי השכינה, אברהם מגייר את האנשים, ושרה מגיירת הנשים . . . רש״י, בראשית, י״ב, ה׳. מקור : סנהדרין, צ״ט, ע״ב ; בראשית רבה, ל״ד, י״ד א״א. זע, ש. ש. פוזננסקי, העברי, 10, גליון ט״ו, 1920 ; מײן װערק, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״, ב׳, פרק י״ז, סוב־פרק, ז׳.
4 בראשית, י״ב, ה׳ ; י״ג, ד׳ ; י״ד, י״ט : ל״ה, ב׳־ד׳ ; מ״ט, י׳ ; בראשית רבה, פ״ד, ד׳ ״יעקב גיר גיורים . . .״

5 שמות, י״ח, י״א; מדרש און רש״י — אויפן אָרט; שיר השירים רבה, א׳.
6 יהושע, ט׳, ד׳־י״ד; במדבר רבה, ח׳ א׳ א״א.
7 רות, א׳, ט״ז—י״ז — מפרשים.
8 מלכים א׳, י״ז.
9 פרקי דרבי אליעזר, ל״ג. זע, ד״ר י. ז. לוינזון־לביא, ספר השנה ״הדואר״, י׳—י״א, ז״ז 504, ניו־יורק, תש״ט, הערה 12.
10 מלכים ב׳, ד׳, א׳—ח׳; סדר הדורות, ״והשונמית היתה אשת עובדיה״; שמות רבה, ל״א, צ׳; תנחומא, תשא.
11 נדפס מחדש עפ״י הוצאה ראשונה, ירושלים, תשל״ג, לובלין תרס״ב, פ׳ תצוה, עמ׳ ס״ו, השמטה בקונטרס אחרון... מבנו מרן אדמו״ר ר׳ אברהם בעל שבט מיהודה. זע, הרב א. א. פרייס, אמרי אברהם, חלק ב׳, ניו־יאָרק, התשל״ה, עמ׳ קכ״ט.
12 יהושע, ט׳, ד׳, י״ד.
13 פלאַוויוס, קדמוניות, כ׳, ב׳; אין מיין ווערק, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״, סוף חלק ב׳.
14 יבמות, ט״ז, ע״א.
15 תנחומא, לך, ו׳; במדבר רבה, ה׳, ג׳; ויקרא רבה, א׳, ב׳; בבא מציעא, נ״ט, ע״ב; גיטין, נ״ז, ע״ב; סנהדרין, צ״ו, ע״ב. בן זאב, דאָרט, ז״ז 13—22.
16 יומא, ע״א, ע״א.
17 רש״י קאָמענטירט: ״משום ששמעיה ואבטליון היו מבני בניו של סנחריב״.
18 ווי בר הי הי און בן בג בג. תוס׳ חגיגה, ט׳, ע״ב, אָנהייב־וואָרט בר: יש מפרשים ש ג ר הי׳ והיינו בן אברהם ושרה שנתוסף ה״א בשמן, וכן בן בג בג, דעולה הגימטריי שלו ה׳. זע, קדושין, י׳, ע״ב; היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים א״א.
19 ראש השנה, י״ז, ע״ב. זע, פלאַוויוס, מלחמות היהודים, ב׳, י״ט א״א. וועגן בלוריא, אָדער גלוריא, זע, יבמות, מ״ו, ע״א.
20 ירושלמי, תענית, ד׳, ב׳.
21 גיטין, נ״ז, ע״ב. זע, אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן מלובלין, פרי צדיק יתרו, אות א׳, עמ׳ מ״ב; היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, ז״ז 686, 988—989.
22 שבת, כ״ח, ע״ב — אין צענדליקע מקומות אין ש״ס. משה רבנו האָט דערגרייכט ב׳ ״שערי בינה חסר אחת״; קהלת האָט געוואָלט זיין ווי משה, ״בקש קהלת להיות כמשה״ האָט מען אים געזאָגט, אַז ער קאָן דאָס נישט. ראש השנה, כ״א, ע״ב; מנחות, כ״ט, ע״ב א״א.
23 ירושלמי, ביצה, ה׳, ב׳; עירובין, י״ג, ע״ב.
24 יבמות, מ״ז, ע״ב. זע, רש״י און תוספות — אויפן אָרט.
25 זע, אנציקלופדיה תלמודית, כרך שש׳, בעריכת הרב שלמה יוסף זוין (ז״ל), ז״ז רע״ז־רפ״ט.
26 ירושלמי, קדושין, א׳, ה׳ און ט׳. זע, הרב חיים דוב שעוועל, הדרום, תשל״ז, ז׳ 71.
27 יבמות, צ״ח, ע״א א״א מקומות.
28 ידים, ד׳, ד׳.
29 מסכת גרים, ג׳, א׳; אנציקלופדיה תלמודית — פרטים.
30 וועגן דעם — אין אַ ווייטערן פּרק. אויף אַן אַנדער אָרט, האָבן מיר דאָס באַהאַנדלט אויף אַ ברייטערן אופן.
31 זע, אנציקלופדיה תלמודית, כרך שש׳, דינים וועגן גרות. באַזירט אויף מסכת גרים און תלמודישע הלכות.
32 זע, יבמות, מ״ו—מ״ז.
33 דאָרט, כ״ד, ע״ב; ע״ו, ע״א.
34 פסחים, פ״ז, ע״ב.
35 במדבר רבה, ח׳, ב׳; מכילתא, משפטים, כ״ב, כ׳; מסכת גרים, ד׳, ג׳.
36 צפניה, ג׳, ט׳.

## ג

1 בראשית, י״ד י״ד־ט״ו.
2 דאָרט, ט״ז, י״ב.
3 דאָרט, כ״ז, ל״ה.
4 דאָרט, מ״ח, ט׳, רש״י — אויפן ארט.
5 רות, א׳, א׳־ד׳.
6 ספר רות; רות רבה, ב׳, ט׳. אויף דער רות־טעמע, האָבן מיר געשריבן צענדליקע און מער מאמרים.
7 רות רבה — שילדערונג.
8 רות רבה, ג׳, ט׳. אין מיינע ווערק: ״באַציונג צום פרעמדן״, ״באַציונג צו אַרבעט״, ״באַציונג צו דער פרוי״, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ — אויספירלעכער, זע, ז״ז 405־406, 408, 409־410.
9 זע, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״.
10 בראשית רבה, ל״ט י״ד; שיר השירים רבה, אויפן פסוק ״לריח שמניך טובים על כן עלמות אהבוך״ — שיר השירים, א׳ ג׳ — זע, מפרשים.
11 ש. דונסקי, יידיש־איבערזעצונג.
12 בראשית, מ״ז, ד׳.
13 ויקרא, כ׳, ח׳; במדבר רבה, ח׳, ב׳.
14 בכורות, ל׳, ע״ב.
15 הלכות תשובה, ג׳, ח׳.
16 די מיינונג פון חלבו, איינער פון די אמוראים — קדושין, ע׳, ע״ב.
17 ישעיה, י״ד, א׳. די אויסטייטשן פונעם פסוק, זע, קדושין, דאָרט, יבמות, מ״ז, ע״א.
18 יבמות, ק״ט, ע״ב. תוספות אויפן אָרט, אַז דאָס מיינט מען די וועלכע זענען מקבל גרים אַן פאַרזיכטיקייט, אָן שוועריקייטן, אָן פריערדיקע וואָרענישן, אָן דערקלערונגען וועגן יהדות־פליכטן און אויפגאַבן.
19 מגילת אסתר, ח׳, י״ז.
20 דברים, י׳, י״ח; רות רבה, ח׳; אבות דרבי נתן, ט״ו; תורת כהנים, וועגן אהבת הגר; יבמות, מ״ז, ע״א־ע״ב, ע״ט, ע״א; ב״מ, נ״ט; ב״ב, צ״ב, ע״ב; סנהדרין, ק״ה, ע״ב; נזיר, כ״ב, ע״ב; רמב״ם, הלכות גרים — אין מיינע פריערדיקע ווערק אויספירלעכער.
21 זע, גרשון טשרנוביץ, ״היחס בין ישראל לגוים לפי הרמב״ם״.
22 דברים, כ״ג, ד׳־ז׳.
23 יבמות, ס״ט, ע״א.
24 דברים, כ״ג, ח׳־ט׳.
25 ר׳ יוחנן, יבמות, דאָרט און קדושין, ס״ז, ע״א.
26 משלי, י״ב, י״ט.
27 זוהר, שמות, עמ׳ שכ״ט.
28 יבמות, מ״ה־מ״ו, ע״א, ע״א א״א.
29 זע, הרב שמחה עלבערג, הפרדס, חוב׳ ח׳, שנה נ״ב, אייר, תשל״ח.
30 יבמות, ו׳, ה׳; כתובות, א׳, ו׳; קדושין, ד׳, ז׳ א״א.
31 יבמות, ז׳, ח׳־ד׳; ט׳; מנחות, מ״א, ע״א; תוספתא, הוריות, ב׳, י״א.
32 אבות דרבי נתן, א׳.
33 ספר חסידים, סימן קט״ו, משנת אברהם — אויפן אָרט.
34 שבת, ל״א, ע״א.
35 חלק ג׳, תל־אביב, תשל״ז, ז״ז ע״ד־ע״ז; קי״ד־קל״ז.
36 מכילתא, משפטים, י״ח.
37 פסיקתא רבתי, כ״ב, ח׳; ירושלמי, הוריות, ג׳, ה׳.
38 שמות, י״ח, ט׳ — און יתרו האָט זיך געפרייט... דרשנט מען אָבער, אַז ס׳איז נישט קיין פולע שמחה...

39 רש״י — אויפן אָרט; לויט שמות רבה צ״ד, ע״א; זע, דעת זקנים — אויפן אָרט, וועגן עשרה דרי, לא תבזי... אנד. מדרשים; פסיקתא רבת, כ״ב, ד׳; סנהדרין.
40 יבמות, ק״ט, ע״ב; ירושלמי, קדושין, ד׳, א׳.
41 יבמות, מ״ז, ק״ט, ע״ב; יו״ד, רס״ח, י״ב.
42 ויקרא, י״ט, ל״ג; בבא מציעא, ד׳, י׳; נ״ח, ע״א; תוספתא, דאָרט, ג׳, כ״ה.
43 זע, דאָרט, פ׳ משפטים, ז״ז 190־193.
44 שמות, כ״ג, ט׳.
45 וועגן עמלק־פאַלק, אין מיינע דרוש־ספרים.
46 סוף בשלח.
47 אבן עזרא, בראשית, ט״ו, י״ג.
48 זע, אור המזרח, חוב׳ א׳, כרך כ״ו, תשרי, תשל״ח.
49 אבן עזרא, שופטים.
50 אין תפילת שמונה עשרה.
51 מגילה, י״ז, ע״א; שו״ע או״ח, קצ״ט, ד׳.
52 מסכת זרעים, בכורים, א׳, ד׳; ירושלמי, בכורים, א׳, ד׳; בבלי, ברכות, י״ג, ע״א; רמב״ם, הלכות בכורים, ד׳, ג׳; ספר המנהיג, הוצ׳ מוסד הרב קוק, מהדורת רפאל, חלק א׳, ז״ז רכ״ה־רכ״ו.
53 כתלנו, תשל״ז — מקור לטבילת גר.
54 מהדורא תנינא, תשל״ח, באַהאַנדלענדיק די דינים: אמו ישראלית ואביו נכרי; וועגן קראים, צי זיי קענען געוויילט ווערן צו פירערשאַפט, צו ווערן אַ שליח־ציבור אא״וו. אין זיינע ספרים ״יסודי ישרון״, ״שאילת ישרון״, ״תניא רבתי״ און אנדערע ספרים, אָנווייזונגען אויף די שיטות וואָס שייך גרים, גיורות, קראים וכדומה.
55 זאב דוב סלונים, שער הלכה, ירושלים, תשל״ח, ז״ז ל״ד, ק״ח־ק״ט.
56 חגיגה, י״ג, ע״א א״א מקומות.
57 תשובות הרשב״א המיוחסות להרמב״ן, תל־אביב תש״ט סימן רכ״ד. מקור: משנה, כתובות, א׳, ב׳; גמרא, י״א־ע״א און ע״ב. כריתות, ט׳, ע״ב; יבמות, מ״ו, ע״א־ע״ב.
58 רות, א׳, ט״ז.
59 המנהיג, חלק ב׳, הערות רפאל, ז׳ תי״ז.

## ד

1 יבמות, כ״ד, ע״א; ע״ז, ג׳, ע״ב.
2 רש״י, אויפן אָרט: ״דמשום גדלותן דישראל קא עבדו״.
3 זע, רמב״ם, הלכות גרים.
4 ע״ז, ס״ד, ע״ב; רמב״ם, הלכות עבודת כוכבים, ח׳, ט׳; י׳, י׳; מאכלות אסורות, י״א, ז׳.
5 רמב״ם, הלכות דעות, ו׳, א׳.
6 ויקרא רבה, ד׳, י׳.
7 ראש השנה, ל״א, ע״ב.
8 שלמה אשכנזי, ״האשה באספקלריה היהדות״, תל־אביב, 1955.
9 אבות דרבי נתן, פרק ל״ה.
10 מגילה, א׳, י״א.
11 כרך רביעי, ספר ח׳, ז״ז 44—50.
12 ישעי׳, נ״ו, ג׳, ו׳—ז׳.
13 יבמות, כ״ב, ע״א; מ״ו, ע״א—ע״ב; מ״ז, ע״א; כריתות, ח׳, ע״ב; בכורות, מ״ז, ע״א. א״א.
14 ״ספר זרובבל״, ווערט גערופן ״ספר העליה הראשונה״ — ע״ז, א׳, ו׳. מקור: נחמי׳, א׳, י״ב.

15 י. ק. תולדות האמונה... דאַרט, ז״ז 205—214.
16 פעסטגעשטעלט ביי חז״ל: גר שבא להתגייר... יבמות, מ״ז, ע״א—ע״ב; כריתות, ח׳, ע״א; מסכת גרים; רמב״ם, הלכות גרים; כוזרי, א׳, קט״ו; אין די ספרי הפוסקים און שאלות ותשובות ביי גדולי הרבנים.
17 ווייזט אָן אויף דברים רבה, ה׳; ירושלמי שביעית, רמב״ם, איסורי ביאה, י״ב, כ״ב און אויף ספרי הפוסקים.
18 עזרא, ט׳, י׳; קויפמאַן, דאַרט, ז״ז 284—294, 308. אין מיינע ווערק, ״באַציונג צו דער פרוי״ און אין ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ — וועגן דעם דראַסטישן אַקט פון ״הוצאת נשים נכריות״.
19 דברים, כ״א, י׳—י״ד; מפרשי התורה; אין מיינע דרוש־ספרים — אויספירלעכער.
20 זע, י. ק. דאַרט, ז״ז 294—297, 303.
21 חלק ג׳, ז״ז 107—111.
22 ווי דאָס ווערט איבערגעגעבן אין עזרא־נחמיה; זע, קויפמאַן, דאַרט, ז״ז 357—358.
23 פלאַוויוס, קדמוניות, י״א, ז׳, ב׳.
24 חלק ראשון, ניו־יאָרק, תשי״ט, מהדורא תנינא.
25 זע, הערות — אויפן אָרט.
26 יבמות, כ״ד א״א.
27 דאַרט, מ״ז, ע״א; רמב״ם, גרים, י״ג, י״ד—ט״ו; שו״ע, סימן רמ״ח, ב׳.
28 זע, תוס׳, יבמות, כ״ד, ע״ב, אָנהייב־וואָרט ״לא בימי דוד״.
29 שבת, ל״א.
30 מנחות, מ״ד.
31 נחלת צבי, דאַרט, ז״ז כ״א—כ״ה.
32 דאַרט, ז״ז ל״ט—נ״ה.
33 הושע, ב׳, כ״ה.
34 פסחים, פ״ז, ע״ב.
35 הושע, י״ד, ח׳.

## ה

1 זע, ש. ז. שרגאי, ״קדושה של מעלה וקדושה של מטה״, סיני, כרך צ״ד, שבט־אדרים, תשד״מ, ז״ז רכ״ח—רל״ב.
2 ישעיה, נ״א, ב׳.
3 דאַרט, מ״א, ח׳.
4 יבמות, ע״ט, ע״א. ש״ז שרגאי, דאַרט, קדושה של מעלה — אָן אייביקע; קדושה של מטה — לויט מעשים...
5 ביצה, ל״ב, ע״ב.
6 שמות רבה, י״ט, ד׳.
7 הרב שניאור זלמן רייז אין ״המאור״, פאַררופנדיק זיך אויף אַ שו״ת מהרש״ם, חלק ו׳, סימן פ״ה.
8 סנהדרין, צ״ט, ע״ב; בראשית רבה, פ״ב, ט״ו; במדבר רבה, י״ד, כ״ב, א״א; יבמות, מ״ז, ע״א—ע״ב און קט״ו, ע״ב; תוספות, דאַרט, אָנהייב־וואָרט ״קשים גרים״.
9 הרב ש. י. זעווין ז״ל באַרימטער מחבר, רעדאַקטאָר און פוסק האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן וועלכער ניט־איז פשרה, אינעם נוסח ״מי הוא יהודי״. ס׳דאַרף זיין פשוט און קלאָר — כהלכה. הרב פינחס הירשפרונג, הויפט־רב פון מאָנטרעאַל, האָט געשיקט בריוו צו יעדן פון די חברי כנסת, פאַרלאַנגנדיק זיי זאָלן שטימען פאַרן תיקון החוק, מיטן צוגאָב כהלכה ״...שיהודי הוא, מי שנולד מאם יהודיה או שנתגייר כהלכה״ — שערים, כ״א שבט, תשל״ג — 24.1.73.
10 ברענגט ראיות, יבמות, מ״ו, ע״א: כ״ד, ע״ב; קדושין, ע׳, ע״ב; רש״י און תוספות;

רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, ט״ז—י״ז און מיט א צוגאָב פון, לויט זיין מיינונג, אויטאָ־ריטעטן, ווי יחזקאל קויפמאַן און אַנדערע, פאַרשער, היסטאָריקער מיט אַ ליבעראַלן צוגאַנג אַפילו צו הלכות גרים, ״הדואר״, ניו יורק, כ״ו אלול, תשל״ד, ז״ז 654—635.

11 דערשינען אין ״מעריב״, כ״ט תמוז, תשל״ד — 19.7.74 און אין אַנדערע צייטונגען.

12 זע, ״אור המזרח״, טבת, תשל״ב — נומער געווידמעט הלכות אישות וצניעות.

13 רש״י, קידושין, ס״ח, ע״ב; זע, מהרש״א. דער אויספיר ״פסול הוה״.

14 בצרון, אייר, תשל״א, חוב׳ ה׳, ז״ז 236—261. אין מיין ״ספר לובלין״ און אין ״קדושה אינעם יידישן פאַמיליע־לעבן״, וועגן ענין מיאון און ״קדושי קטנה״.

15 בראשית, ל״ב, כ״ט.

16 מגילת אסתר, ג׳, ד׳.

17 עזרא, ו׳, כ״א; ט׳, ב׳; קדושין, ד׳, א׳; מ״ט, ע״ב; ״זע באַציונג צו דער פרוי״, א״א.

18 ידים, ד׳, ד׳; ברכות, כ״ח, ע״א; יבמות, ע״ז, ע״ב; ירושלמי, יבמות, ה׳, ג׳; רמב״ם, פירוש המשניות, ידים.

19 זוהר, אחרי, ע״ב, ע״ג; אמור, צ״ג, ע״ב.

20 הרבנות הראשית לישראל, פסק הדין בענין האח והאחות, שלמה גורן, הרב הראשי לישראל ונשיא בית הדין הרבני הגדול בירושלים, ירושלים, טבת, תשל״ג, שנה ששית לחרות ירושלים, כ״ה למדינת ישראל, א ספר פון 200 זייטן, מיט מראה מקומות און מקורות צו באַשטעטיקן דעם פסק.

21 מיר לאָזן דאָס איבער אויף אַן אַנדער געלעגנהייט.

22 במדבר, כ״א, י״ד; קדושין, ל׳, ע״ב. רש״י: ״הכי דריש לה ספר מלחמות — מלחמה שעל ידי ספר, אהבה יש בסופה״.

23 וועגן דער פּאָלעמיק און דער קאָרעספּאָנדענץ וועגן דעם ענין — אין מיין אַרכיוו.

## ו

1 בראשית רבה, ל״ט, י״ד; ספרי, ואתחנן, ו׳, ח׳, ל״ב; ירושלמי, ז׳, י״ג, כ״ה; בבלי, סנהדרין, צ״ט, ע״ב א״א.

2 משלי, ט׳, א׳.

3 שמות, א׳, כ״ב.

4 זע, שלמה אשכנזי, ״האשה באספקלרית היהדות״, חלק שלישי, תל־אביב, תשט״ז, ז״ז צ״א—קנ״ג.

5 מיר האָבן וועגן דעם אין ״באַציונג צום פרעמדן״ (1945), ״באַציונג צו דער פרוי״ (אַרגענטינע), ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ (תל־אביב, התשל״ז—1977).

6 ״חבלים בנעימים״, אהע״ז, ג׳, סימן ע״ב, ז״ז 137—153.

7 זע, הרב ר׳ גדלי׳ פעלדער, נחלת צבי, א׳, ז״ז ר״ג—ר״ד; רכ״ב—רכ״ה.

8 דאָרט, ז׳ רכ״ז. ער שרייבט: ״אינשי דלא מעלי, שאינם שומרי מצוות, אין ממש במעשיהם, דמה דאין לו, אין יכול להקנות לאחרים ולא שלוחייהו דקדמאי הם״.

9 גענויע באַשרייבונג: נעמען און פערזאָנען, געמישטקייט פון נאַצי און ייד — אין ״ניוסוויק״ פון 3טן דעצ., 1979.

10 אין מיינע דרשות — באַריכות.

11 בראשית, כ״ג, י״ט.

12 דאָרט, כ״ה, כ״ג.

13 רש״י — אויפן אָרט. מקור: ע״ז, י״א, ע״א; תוספות און מהרש״א אויפן אָרט; ירושלמי, סנהדרין, י׳, ח׳ א״א.

14 תרומות, ג׳, ט׳; רמב״ם, פירוש המשניות — אויפן אָרט. זע, הרב דוד שלמה שפּירא, ארחים, ז״ז 157—160.

15 תוספתא, עבודה זרה, ג׳, ו׳—ד׳.

16 שבת, ט״ז, ח׳; קכ״ב, ע״א—ע״ב. וועגן נכרי שבת — ווייטער סוב־8.

17 זע, משנת אברהם, ספר חסידים, א׳ ; סמ״ג, ב׳, ז׳ ל״ח, אות י״ב ; ז״ז תקמ״ד—תקמ״ח ; אמרי אברהם, ב׳, דרשה א׳, פ׳ נצבים — אין ווייטערן פרק — אויספירלעכער.
18 זע, משנת אברהם, סמ״ג, א׳, ז״ז רי״ט—רכ״א ; רנ״ט—רע״ט ; רפ״ז ; ב׳, ז״ז תקי״ט—תקכ״ג ; תק״פ—תקפ״ב. אומצייליקע ענינים ווערן דאָרט באַהאַנדלט — אויף דערויף איז נויטיק אַ באַזונדער שטודיע. וואָס שייך פּיקוח־נפש, אויב ס׳קען אַרויסברענגען איבה, האָבן די חכמים מתיר געווען חילול שבת, אַפּילו מלאכה דאורייתא.
19 תענית, כ״ד, ע״ב ; בבא בתרא, ח׳, ע״א ; זבחים, קט״ז, ע״ב נדה, כ׳, ע״ב. זע, אהרן היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים ג׳, ז׳ 1048.
20 זע, ״באַציונג צום פרעמדן״ און ״באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער״, התש״ה—1945.
21 יבמות, ס״א, ע״א ; בבא מציעא, קי״ד, ע״ב א״א.
22 זע, סלונים, שער הלכה, ז״ז קס״ב—קס״ג ; ק״ע—קע״א ; קע״ד, באַזירט זיין פסק־הלכה, אויף דער אויטאָראַטיווקייט פונעם גאונישן ״אבני נזר״, שו״ת, יו״ד, ב׳, תס״ו.
23 במדבר, כ״ג, ט׳, זע, מפרשים.
24 סנהדרין, ק״ג, ע״ב.
25 מלאכי, ב׳, י׳—י״א. מיר באַנוצן זיך אַפּט מיט דעם פסוק.
26 זע, רש״י, מצודת דוד און ציון, מלבי״ם און אַנדערע.
27 אברבנאל און זיינע נאָכפאָלגערס. זע, ספר מלאכי, מפורש בידי מרדכי זר־כבוד, מוסד הרב קוק, ירושלים, תשל״ו—1976.
28 ראש השנה, יט, ע״א ; תענית, י״ח, ע״א.
29 רש״י און תוספות — אויפן אָרט.
30 מהרש״א, חידושי אגדות, ר״ה, י״ט, ע״א.
31 צפניה, ג׳, ט׳. מיר באַנוצן זיך עטלעכע מאָל מיט דעם פסוק, צוליבן אָנווייז אויף דעם נביאס שלום־וויזיע.
32 ברכות, ל״ד, ע״ב.
33 הלכות תשובה, ט׳, ב׳ ; הלכות, מלכים, י״ב, ד׳—ה׳.

## ז

1 פסחים, פ״ז, ע״ב.
2 אויפן אָרט.
3 הרב אברהם מאיר איזראַעל, המאור, ניסן—אייר, תש״מ.
4 סימן י״ב, ז״ז קי״ד—קל״ח און אין דער הקדמה.
5 רב לעדת קודש, כפר הרואה ע״ש מרן הגראי״ה קוק זצ״ל.
6 הלכות מלכים, ח׳, י״א.
7 הלכות עבודה זרה, י׳, ה׳.
8 שמות, כ״ג, ל״ג.
9 ספר חסידים, ג׳ חלקים עם משנת אברהם, הכולל : באורים הערות הארות תקונים ומראה מקומות.
10 זע, ״חבלים בנעימים״, ד׳, סימן נ״ד, ז״ז 104—106, אַנגעבנדיק מקורים : יבמות, מ״ו, ע״ב ; ברכות, מ״ז, ע״ב ; רמב״ם, איסורי ביאה, ו׳ ; יו״ד, רס״ח, ס״ב.
11 דברים, כ״ד, י״ד.
12 תהלים, מ׳, ט׳.
13 זע, ר׳ שמואל פין, קריה נאמנה (תר״ך—1860) ; א. מ. דיק, די יידישע וועלט, 1913 ; א. ליטווין, מעשה גר צדק ; שמחה פיעטרושקאַ, פאָלקס־ענציקלאָפּעדיע, ערשטער באַנד, ניו־יאָרק־מאָנטרעאָל, תש״ט—1949, ז״ז 629—630 ; יהודה דוד אייזענשטיין, אוצר ישראל, ניו יורק, תשי״ב, חלק ח׳, ז׳ 197 ; ירושלים דליטא, אילוסטרירט און דאָקומענטירט, געזאַמלט און צונויפגעשטעלט פון לייזער ראַן, באַנד 1, ניו יאָרק, תשל״ד—1974, ז׳ 37 און אַנדערע.
14 דער ווילנער גאון און דער קדוש אברהם בן אברהם, אין ״דער אַלגעמיינער זשורנאַל״, דאָנערשטיק, מאי 31, 1979.

15 דוד ליבערזאָן, „פאָרווערטס", יובילײ־אויסגאַבע, זונטיק מאַי 23, 1982, ציטירט פון משה רונס קאָרעספּאָנדענץ.
16 אין מײַן ווערק „קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן" — אויספירלעכער.
17 רעד. אָרויסגעגעבער פון רבנישן חודש־זשורנאַל „הפרדס" און הויפּט פון אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה.
18 אברהם ברענער, אַ געמישטע חתונה, „אילוסטריטע בלעטער", אַרגענטינע, יוני—יולי נומער, 1971. זע, דוד שטאָקפיש, „אין גאַנג פון געשעענישן", ז"ז 402—405, 434—437.
19 זע, גרים וגיור, ז' 97. ער אַפּעלירט צו משומדים זיי זאָלן זיך אומקערן צום יידנטום און העלפן בויען מדינת ישראל.
20 שמות, י"ט, ו' ; דאָרט, י"ב, מ"ט.
21 שו"ע, יו"ד, רס"ב, י"ז.
22 יבמות, מ"ה, ע"ב ; תוספות, דאָרט, אָנהייב־וואָרט, „כיון דאמר" ; סנהדרין, ל"ו, ע"ב, תוס' אָנהייב וואָרט לאתויי ; בבא קמא, פ"ח, ע"א ; צ"ג, ע"ב א"א.
23 אור הישר להרב ר' שמואל יצחק הילמאַן, כרך ב', יבמות, עמ' כ'.
24 הוריות, ג', ח' ; י"ג, ע"א.
25 משפטי עוזיאל, מהדורא תנינא, סימן ס'.
26 משלי, ג', י"ז.
27 דברים, י"ב, ב'. זע, ראַ"ם, גור ארי', שפתי חכמים — אויפן ארט.
28 יבמות, ט"ז, ע"ב ; בכורות, ל', ע"ב ; רמב"ם, אישות, ד', ט"ז ; טור אהע"ז, מ"ד, א"א.
29 עבודה זרה, כ', ע"א ; רמב"ם, הלכות רוצח, ד', י"א ; שלחן ערוך יו"ד, קנ"ה.

## ח

1 זע, שו"ת הרב"ז, ז"ז כ"ו—כ"ח.
2 רש"י, סנהדרין, ע"ה, ע"א, אָנהייב־וואָרט „ואם איתא" ; ב"מ, נ"ט, ע"ב ; מנחת חינוך, מצוה רל"ט, אות ד'.
3 תורת כהנים, קדושים, י"ט, ל"ד ; תנחומא, ויקרא, ב' ; בכורות, ג', ע"ב ; שבת, כ"ג ; זע, אנציקלופדיה תלמודית לעניני הלכה, כרך ששי, בעריכת הרב שלמה יוסף זוין, תשי"ד—1954, ערך גר, ז"ז רנ"ג—ש"ד.
4 נדה, י"ג, ע"ב. זע, אדמו"ר ר' צדוק הכהן מלובלין, צדקת הצדיק, לובלין, תרס"ב — ירושלים, התשכ"ח, אויסטייטשנדיק דעם דאָזיקן מאמר.
5 שלמה אשכנזי, „דור דור ומנהגיו", תל־אביב, תשל"ז, ז"ז 287—289.
6 שמות, י"ח, ט'. רש"י אויפן אָרט, לויטן מדרש און סנהדרין, צ"ד, ע"א.
7 שופטים, ד', י"ז—כ"א ; ה', ו, כ"ד—כ"ז. יעל איז געווען אַן אשת־איש, איז דעריבער אַ פראַגע, צי אַן אשת איש מעג זיך איבערגעבן צו זנות, כּדי צו ראַטעווען מענטשן. אין „אור המזרח", תשרי, תשל"ט : „אשת־איש מותר להצלת ישראל..." יעל איז באַזונגען געוואָרן, צוליב איר אַקט פון מסירת־נפש, זיך איבערצוגעבן סעקסועל צו סיסראָן, כּדי זי זאָל אים איינשלעפערן און אומברענגען.
8 שבת, ל"ג, ע"ב ; ירושלמי, שביעית, פרק ט' הלכה ה' א"א. מיר האָבן צוליב פעסטשטעלן די טעזע זיך באַנוצט מיט דער מעשה אייניקע מאָל.
9 בבלי, ברכות, ס"א, ע"ב ; ירושלמי, ט', ה' א"א מקומות.
10 נ"ז, ע"ב—נ"ח, ע"א.
11 שמות, ח'—ט"ז ; דברים, כ"ה, י"ז—י"ט ; מכילתא, בשלח ; גיטין, נ"ז, ע"ב ; סנהדרין, צ"ו, ע"ב א"א. זע, נוסחאות.
12 דברים, כ', ט"ז.
13 שופטים, פרק א'.
14 שמואל א', ט"ו, א'—ג'.
15 דאָרט, דאָרט. ברכות, ס"ב, ע"ב ; יומא, כ"א, ע"ב ; רש"י : „שמתחילת מלכותו מחל על כבודו וגילה על עצמו שאינו כדאי למלוך".
16 מגילה, י"ג, ע"ב ; מו"ק, ט"ז, ע"ב. אין אַ מאמר וועגן ר' שמואל מאָהיליוועה, האָב איך

געבראַכט און מסביר געווען וואָס עס ווערט געזאָגט (יומא, כ״ב, ע״ב): ״שאול באחת ועלתה לו; דוד בשתים ולא עלתה לו...״

17 קהלת, ז׳, ט״ז—י״ז; יומא, דאָרט — און מפרשים.

18 זע, אהרן היימאַן, ״תולדות תנאים ואמוראים״, ג׳, תשכ״ד, מערכת ר׳ עקיבא, ז״ז 898—1008; הרב ד״ר ישראל קאָנוביץ, רבי עקיבא, אוסף שלם על דברי רבי עקיבא בספרות התלמודית והמדרשית, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תשכ״ה; גרשם באַדער, אונדזערע גייסטיקע ריזן, די חכמים פון דער משנה, ערשטער טייל, ניו־יאָרק, תרצ״ד, ז״ז 235—256.

19 אבות דרבי נתן, פרק ו׳.

20 שמחות, פרק ח׳; מו״ק, כ״א, ע״ב.

21 היימאַן, דאָרט.

22 ר״ן, נדרים, נ׳, ע״ב.

23 ברכות, ס״א, ע״ב; שבת, ל״ג א״א.

24 בבא בתרא, ח׳, ע״ב; סנהדרין, ל״ב, ע״ב; צ״ו, ע״ב; רב נסים גאון, ברכות, כ״ב, ע״ב; מנורת המאור, פרק ג׳, נר ד׳, כלל ג׳ א״א.

25 שמואל ב׳, א׳, י״ג—ט״ז.

26 דברים, כ״ג, ח׳.

27 בבא קמא, צ״ב, ע״א; תנחומא, מטות, כ״ב.

28 דברים, כ״ג, ט׳.

29 עובדיה, א׳, א׳.

30 סנהדרין, ל״ט, ע״ב.

31 קדושין, ע״ה, ע״ב; רמב״ם, איסורי ביאה, י״ח, ג׳; ראב״ד און די נושאי כלים אויפן אָרט.

32 שמות, ו׳, כ״ה.

33 סנהדרין, פ״ב, ע״ב; רש״י, במדבר, כ״ה, י״א; בבא בתרא, ק״ט, ע״ב; ״דאתי מיוסף שפטפט ביצרו״.

34 אבן עזרא, רמב״ן, רשב״ם און אַנדערע.

35 רש״י אָנהייב פרשת יתרו, שמות י״ח, א׳.

36 ״היחס בין ישראל לגויים, לפי הרמב״ם״, ניו־יאָרק, תש״י—1950.

37 דאָרט, הקדמה; ז״ז 5—6; 11—19.

38 בראשית, ל״ה, י״א — ״גוי וקהל גוים יהי׳ ממך״; שמות, ל״ב, י׳; ל״ג, י״ג; יהושע, ד׳, א א״א; רמב״ם, יד החזקה, עבודה זרה, ט׳, ד׳; מאכלות אסורות, י״א; קובץ תשובות, ג׳, נ״ח; טשערנאָוויץ, דאָרט, באריכות.

39 טשערנאָוויץ, דאָרט, ז״ז 23—24.

40 דער זון, גרשון, ווענדט אָפּ קאַטעגאָריש די געוואַגטקייט פון זיין פאָטערס (דעם רב און מחבר פון ״תולדות ההלכה״) באַהויפּטונג, אַז דער רמב״ם איז געווען אַן ענציקלאָפּעדיסט און נישט קיין פּוסק. אַן אומפאַרשטענדלעכע געוואַגטקייט מיט אַ זינלאָזער מיינונג פון הרב צעיר, ר׳ חיים דער רב און משכּיל... ס׳איז לגמרי נישט נויטיק געווען ראיות פון די פאָרשערס גייגער, גוטמאַן און אַנדערע, אַז דער רמב״ם איז דער גדול הפּוסקים. אין דער רבנישער, הלכהשער וועלט ווייסט מען אַז ער איז גדול הפּוסקים וגדול המחשבה. מען רירט זיך נישט אָן דעם ״יד החזקה״ — און דער ״מורה נבוכים״ איז אַ יסוד־ספר אין דער יידישער פילאָזאָפיע.

41 רמב״ם, הלכות מלכים, א׳, ד׳, ו׳; ח׳, א׳; מורה נבוכים, ג׳, מ״א.

42 חולין, י״ג, ע״ב; רש״י און תוספות אויפן אָרט. אין אַ פריערדיקן פּרק האָבן מיר מאריך געווען וועגן די ״מינים״. דאָרט רעדט זיך וועגן נעמען אַ קרבן ביי נכרים שבחוץ לארץ... ר׳ יוחננס מאמר: ״נכרים שבחוץ לארץ — לאו עובדי עבודת כוכבים אלא מנהג אבותיהן בידיהן״, קאָמענטירט דערויף: ״הלכך בארץ ישראל נמי אין אדוקין כל כך שיהא מעשיהם לשם עבודת כוכבים״. ר׳ יוסף זאָגט: ״אין מינין באומות עובדי כוכבים״ — לערנט רש״י: ״אין תורת מין על מין עובדי

כוכבים״ — דער אויספיר, ס׳איז דערלויבט צו נעמען פון זיי (ניט־יידן) אַ קרבן.
43 הלכות מלכים, ח׳, ז׳—ט׳.
44 הלכות רוצח, י״ב, י״ב—י״ג.
45 חולין, י״ג, ע״ב ; רמב״ם, פירוש המשניות, טהרות — הקדמה.
46 הלכות מלכים, ט׳, א׳ ; נדרים, ט׳, כ׳ — געבויט אויף תּלמודישע מקורים.
47 הלכות עבודה זרה, י׳, י׳ ; מאכלות אסורות, י״א, ז׳ ; איסורי ביאה, י״ד, ז׳. זע, גרשון טשערנאָוויץ, דאָרט, ז״ז 41—42.
48 ימין ושמאל, לודז, תר״ץ, ז׳ קצ״ג.
49 סנהדרין, נ״ו, ע״א ; רמב״ם, הלכות מלכים, ח׳, י״א איסורי ביאה, י״ד, ז׳ א״א.
50 סוטה, ל״ה, ע״ב ; ספרי, שופטים, קכ״ג ; ימין ושמאל, דאָרט.
51 רמב״ם, הלכות מלכים, ו׳, ה׳ — מקור : ירושלמי, שביעית, ו׳.
52 ויקרא, כ׳, כ״ג און פריער, י״ז, ז׳ ; י״ח, ג׳.
53 הלכות שבת, כ׳ ט״ז ; מאכלות אסורות, י״א, ז׳ ; איסורי ביאה, י״ד, ח׳ ; עבודה זרה, י׳ י׳.
54 סנהדרין, נ״ח, ע״ב ; רמב״ם, מלכים, י׳, ט׳ ; ימין ושמאל, דאָרט.
55 רמב״ם, הלכות מלכים, י׳, ו׳ ; טשערנאָוויץ, ציטירט פון קובץ תשובות, נ״ח, י״ד — וועגן עכו״ם שעוסק בתורה האָבן מיר שוין פריער באַהאַנדלט. איז דאָ ניט נייטיק.
56 רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, ה׳ ; ד׳, ה׳ ; נדרים, ט׳, כ״ב.
57 בראשית, י״ג, ט״ו—י״ז ; ט״ו, י״ח—כ״א ; י״ז, ח׳—י״ד.
58 דברים, כ״ג, ח׳—ט׳ ; רמב״ם, איסורי ביאה — דאָרט.
59 רמב״ם, דאָרט, י״ג, י״ד ; י״ד, א׳—ו׳.
60 קובץ תשובות, קנ״ה, טשערנאָוויץ, דאָרט, ז״ז 50—51 ; אגרות הרמב״ם, לעמבערג, 1857, ז״ז 72—73. וואַרשע, 1877, ז״ז 70—71.

## ט

1 כ״ב, ע״א ; מ״ח, ע״ב ; ס״ב, ע״א ; בכורות, מ״ז, ע״א ; ירושלמי, בכורים, ג׳, ג׳ ; רש״י, בראשית, ל״ו, ג׳.
2 בראשית, י״ב, ה׳.
3 בראשית רבה, ל״ט, י״ד א״א. אין תּרגום ואת הנפש אשר עשו בחרן — ״נפשתא דשעבידו לאורייתא״.
4 דער זעלביקער מאמר געפינט זיך צענדיקער מאָל אין דער תּלמודישער אגדה : ילקוט, רס״ו ; ספרי, ואתחנן, ל״ב ; ירושלמי, סנהדרין, ז׳, ד׳ ; בבלי, סנהדרין, צ״ט, ע״ב א״א.
5 זע, ר׳ מאיר שמחה הכהן, משך חכמה, דברים ה׳, כ״ז.
ד״ר נחום מ. ברונזניק, אין ״אור המזרח״, כרך כ״ו, חוב׳ א׳ (פ״ט), ניו יורק, תשרי, תשל״ח, ז״ז 56—71 — פאַרנעמט זיך גאָר ברייט אין באַהאַנדלען די דאָזיקע טעמע אין זיין מאמר : ״למקורו ולהגדרתו של גר שנתגייר כקטן שנולד דמי״.
6 הוריות, ב׳, י׳.
7 ילקוט שמואל.
8 ויקרא, כ׳, כ״ו.
9 דברים, כ״ד, י״ז. זע, ביאור פון ר׳ יעקב רייניץ אין זיין נייער מהדורת בעל הטורים.
10 טור, חו״מ, סימן ל״ג — דאָרט, בית יוסף פון ר׳ יוסף קארו.
11 מ״ח, ע״ב.
12 שמות, כ״ג, י״ב.
13 דברים, ה׳, י״ד.
14 זע, יבמות, דאָרט. רש״י, תוספות און תוספות חד מקמאי.
15 ע״ז, ס״ד, ע״ב.
16 כריתות, ט׳, ע״א.
17 זע, מפרשים.
18 יבמות, מ״ז, ע״א—ע״ב.
19 ד״ר נ. מ. ברונזניק אין ״אור המזרח״ תשל״ח וואָס באַזירט זיך אויף תּלמודישע

שטעלן: יבמות, כ״ב, ע״א; מ״ח, ע״ב א״א; קדושין, י״ז, ע״ב; מפרשי התלמוד און הלכה־ספרים.

20 סנהדרין, מ״א, ע״ב; תוספות ישנים, יבמות, ס״ב, ע״ע—ע״ב א״א.

21 ספר מצות גדול מרבנו ר׳ משה בן ר׳ יעקב מקוצי, עם פירוש משנת אברהם, מאת אברהם אהרן פרייס, חלק ראשון, טאָראָנטאָ, קנדה, התשל״ב, ז״ז ל׳—ל״ב.

22 ויקרא, כ״ה (בהר), ל״ה.

23 דאָרט, ל״ז.

24 משנת אברהם, דאָרט, ז״ז מ׳—מ״ב.

25 ירושלים, התשל״ח, ז״ז רמ״ח—רע״ח.

26 משנת אברהם, דאָרט, ז׳ רנ״ט, אות ג׳.

27 סמ״ג, לא תעשה, קט״ז.

28 הלכות איסורי ביאה, י״ד, א׳; משנת אברהם, דאָרט, ז׳ רע״ח, אות י״ב.

29 הושע, י״א, ד׳.

30 משנת אברהם, דאָרט. מקור: רמב״ם, טור, יו״ד, סימן רס״ח.

31 קדושין, ע׳, ע״ב — רש״י און תוספות, אָנהייב־וואָרט ״קשים״; יבמות, ק״ט, ע״ב: ״רעה אחר רעה תבא למקבלי גרים״ — געמיינט די וועלכע יאָגן זיך אַריינצוכאַפּן גרים; זע, רש״י און תוספות, אָנהייב־וואָרט רעה, ציטירט פון סנהדרין, צ״ט, ע״ב, אַז די אבות זענען געשטראָפט געוואָרן. דערמיט וואָס זיי האָבן זיך ניט געאײַלט אַריינצונעמען תמנע, איז זי אַריבער צו אליפזן און ס׳איז געבוירן געוואָרן דער רשע עמלק.

32 יבמות, מ״ז—מ״ח און מפרשי התלמוד. וואָס שייך הלכה, זע, רמב״ם, איסורי ביאה, י״ד; נחלת צבי, ז׳ קט״ו.

33 קובץ תשובות הרמב״ם, ליפּסיאה, חלק א׳.

34 רמב״ם, הלכות עבודה זרה, ט׳, ג׳; פירוש המשניות, עבודה זרה, א׳, ג׳. זע, ד״ר יהודה ראָזענטאַל, הדואר, כ״ה בתמוז, תשכ״ט.

35 חולין, צ״ד, ע״א; מהר״ל, תפארת ישראל, וועגן ״אתם קרוים אדם״, ז״ז כ״ג—כ״ד; קדושת ישראל, ז״ז כ״ז—כ״ט; שבע מצוות בני נח, ז״ז מ׳—מ״א; ירון, משנתו של הרב קוק, בין ישראל לעמים, ז״ז 285—321; ר׳ חיים בלאָך, ודע מה שתשיב, ז״ז 31—35; 41—50.

36 שמות, ג׳, ה׳; יהושע, ה׳, ט״ו; יואל, ד׳, י״ז; ישעי׳, כ״ז, י״ג; ירמיה, ל״א, כ״ג; ישעי׳, נ״ב, א׳; ס״ב, י״ב א״א. יחזקאל הנביא נוצט דעם טערמין, אדמת ישראל.

37 ישעיה נ״ז, ט״ו.

38 ויקרא, כ״א, ח׳; דברים, כ״ח, ט׳.

39 בראשית, ב׳, ג׳; דברים, י״א, כ״א א״א אין נביאים און כתובים.

40 בראשית ט״ו און י״ז.

41 דברים, י״א, י״ב.

42 רש״י, אָנהייב בראשית ציטירט פון בראשית רבה: בשביל התורה שנקראת (משלי, ח׳, כ״ב) ראשית דרכו ובשביל ישראל שנקראו (ירמי׳, ב׳, ג׳). ראשית תבואתה.

43 יבמות, ק״ט, ע״ב; ״גרים מעונים... לפי שאין בקיאין בדקדוקי מצוות״, דאָרט און פריער, מ״ח, ע״ב.

44 דאָרט, דאָרט; מ״ז, ע״ב; קדושין, ע׳, ע״א; נדה, י״ג, ע״ב.

45 איוב, ל״א, ל״ב.

46 שמות רבה, י״ח, ח׳; י״ט, ד׳.

47 שבת, ל״א, ע״א; יבמות, מ״ז; ק״ט; קדושין, ע׳, ע״ב רש״י און מפרשים.

48 בכורים, א׳, ד׳; יבמות, מ״ח, ע״ב.

49 דברים, כ״ו, א׳.

50 בראשית, י״ז, ח׳; רמב״ם, גרים, ד׳, ג׳.

51 שמות רבה, י״ט, ד׳; כ״ז, ד׳; קהלת רבה, אויפן פסוק ״כל הנחלים הולכים אל הים...״

52 כוזרי, מאמר ראשון, קט״ו; יהודה אבן שמואל, תיקונים והשלמות — סוף הספר.

53 זע, גליון הש״ס — רבי עקיבא איגר — קדושין, ס״ב, ע״ב; ר״ח שעוועל, הדרום, תשל״ו.
54 יבמות, ס״ב, ע״א. רב זאָגט: ״הכל מודים בעבד שאין לו חיים״, דכתיב ״שבו לכם פה עם החמור״ (בראשית, כ״ב, ה׳) — ״עם הדומה לחמור״). ואם נשתחרר לא קיים פריה ורביה (תוס׳ אויפן אָרט).
55 בראשית, ט׳, א׳ — רש״י; קדושין, ס״ט, ע״א.
56 זע, פרקי מבוא מאת משה שלמה כשר, צפנת פענח על התורה — בראשית, ירושלים, תשל״ד, ז״ז 25—27.
57 אויפן סמך פון תוספות חולין, ג׳, ע״א, אָנהייב־וואָרט קסבר.
58 זע, אמרי אברהם לרא״א פרייס, חלק ב׳, פ׳ נצבים.
59 אין מיינע דברים שבעל פה, און אין ״במקום־דרשה״־מאמרים.
60 מלאכי, א׳, ב׳.
61 שמות, י״ז, ח׳—ט״ז; דברים, כ״ה, י״ז—י״ט.
62 ״פאָרווערטס״, מערץ 19 און 26, 1978.
63 דברים, כ״ג, ח׳—ט׳.
64 יבמות, ע״ו, ע״ב.
65 אסתר, ג׳, י״ג.
66 גיטין, נ״ז, ע״ב; רסיסי לילה, אות ל״ד.
67 בראשית, כ״ד, ג׳.
68 תהלים, מ״ז, י׳; בראשית רבה, ל״ט, כ״א. אין שמונה עשרה, זאָגן מיר: ״מגן אברהם״; אין מיינע ווערק: ״באַציונג צו דער פרוי״ און ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ — באריכות.
69 מגילה, י״ד, ע״ב.
70 סנהדרין, ל״ט, ע״ב.
70א ס׳זענען דאָ חילוקי דעות וועגן חרם אָדער נידוי אויף עקביה בן מהללאל — זע, עדיות, ה׳, י׳; סנהדרין, פ״ח, ע״ב; ספרי, בהעלותך, ק״ה א. היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, ג׳, ז״ז 986—987.
71 סנהדרין, ל״ט, ע״ב א״א. זע, רמב״ם, פירוש המשניות, עדיות, א׳, ג׳.
72 משלי, י״א, ט״ו; יבמות, מ״ז, ע״ב און ק״ט; קדושין, ע׳, ע״ב — רש״י און תוספות אויפן אָרט.

ו

1 תהלים, קל״ז, ז׳: ״זכור ד׳ לבני אדום את יום ירושלים, האומרים, ערו, ערו היסוד בה״.
2 עובדיה, י״ח, תרגום יהואש.
3 דאָרט, י״ז.
4 דאָרט, י״ח.
5 דאָרט, י׳.
6 נ״ז, ע״ב.
7 יומא, ע״א, ע״ב.
8 פסחים, ס״ו, ע״א; ע׳, ע״ב. זע, מ. מייזליש, ״אוצר חכמי התלמוד״, ד׳, ז״ז 76—72.
9 רב נסים גאון, ברכות, כ״ז, ע״ב; ספר היוחסין, ערך רבי עקיבא; א. היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, ג׳, ז״ז 988—989 א״א.
10 עירובין, י״ג, ע״ב. זע, ישראל קאָנוביץ, רבי עקיבא, ירושלים, תשט״ז. ער גיט אָן רבי מאיר, אַלס איינער פון רבי עקיבא׳ס הויפּט־תלמידים.
11 בבא בתרא, ח׳, ע״ב. זע אויך, גיטין, נ״ז, ע״ב; סנהדרין, צ״ו, ע״ב — און מפרשים; ספר היוחסין, ערך ר׳ שמואל בר שילת; א. היימאַן, ״תולדות תנאים ואמוראים״. דער בעל הטורים, פ׳ תצוה, איז גורס: ״מבני בניו של נעמן למדו תורה ברבים״.
12 ״פאָרווערטס״, מיטוואָך, יולי, 23, 1980.

13 פרקי זכרונות, לחדשי ישראל, מוסד הרב קוק, ירושלים, הדפסה שניה תשל״ב, מחזור רביעי, ז״ז 28—32.
14 ״בצרון״, חורף־אביב, תש״ם, ז״ז 98—99.
15 כתובות, קי״א, ע״א. זע, מהרש״ל און מהרש״א, חידושי אגדות וועגן גרסאות.
16 ״הפרדס״, טבת, תשמ״ב — ז״ז 23—25.
17 ״שריפטן אין פּראָזע״, אָרויסג. י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תּל־אביב, תש״ם—1980, ז״ז 18—23.
18 דאָרט, ז״ז 97—103.
19 ישעיה, ב׳, ג׳.
20 דאָרט, ס׳, ג׳.
21 הושע, ב׳, א׳.
22 מלאכי, ב׳, י׳ — יהואש איבערז.
23 שו״ע יו״ד, סימן רס״ט, י״ב ; מסכת מקואות־טהרות, חלק ד׳, ז׳, ו׳, מהדורת אדמו״ר ר׳ חנניא יו״ט ליפא דייטש, ברוקלין, תשל״ח — ברענגט פסקים פון הרב ר׳ יצחק יעקב ווייס, עמ׳ ח׳—י׳.
24 יבמות, ב׳, ח׳ ; כ״ד, ע״ב ; ב״ק ל״ח און תוספות — אויפן אָרט ; חולין, נ״ג, ע״ב ; שו״ע אבן העזר, י״א, ה׳.
25 יבמות, מ״ה, ע״א ; ע״ז, ע״א ; רע״א גליון הש״ס — אויפן אָרט.
26 כתובות, קי״א, ע״א ; כוזרי, ב׳, כ״ב.
27 יבמות, מ״ה—מ״ו.
28 חבלים בנעימים, ד׳, אהע״ז, סימן נ״ד.
29 אגרות הראי״ה, א׳, ז׳ צ״ט.
30 ״חמדת ישראל״, קונטרס נר מצוה, אות מ׳.
31 ישראל קדושים, ז״ז 60—61.
32 דברים, י״ז, ט״ו.
33 ירושלמי, קדושין, ד׳, ה׳ ; בבלי, קדושין, ע״ו, ע״ב ; רמב״ם, ספר המצוות, מצוה, שס״ב ; הלכות מלכים, א׳, ד׳.
34 ספרי, דברים, שופטים, קנ״ו, מ׳ ; סוטה, מ״א, ע״א.
35 בבא קמא, פ״ח, ע״א ; בבא בתרא, ג׳, ע״ב.
36 זע, תּוספות, בבא בתרא, דאָרט, אָנהייב־וואָרט ״קטלינהו״.
37 סוטה, מ״א, ע״ב.
38 דאָרט, אָנהייב־וואָרט אותו . . .
39 הלכות מלכים, א׳, ד׳.
40 זע, תּוספות, ב״ב, ג׳, ע״ב ; ב״ק, פ״ח, ע״א ; תוספות, יבמות, מ״ה, ע״ה, אָנהייב — ״כיון דאמר״.
41 ״דורש לציון״, דרוש ג׳ ; ער ווייזט אָן אויף דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט אין יבמות, י״ז, ע״א.
42 דאָרט, ק״ב, ע״א.
43 דאָרט, פרק ו׳, משנה ה׳ ; גמרא, ס״א—ע״א—ע״ב. זע, חבלים בנעימים, ד׳, סימן מ״ד.
44 יומא, פ״ב, ע״א א״א.
45 דאָרט, רש״י און תּוספות.
46 נחלת צבי, ז׳ ק״ו.
47 סנהדרין, ע״ו, ע״א—ע״ב.
48 ״אור המזרח״, תשרי, תשל״ח, אויספירלעכער.
59 קהלת רבה, א׳, ל״ד ; ג׳, י״ב א״א.
50 שבת, ל״א, ע״א ; בכורות, ל׳, ע״ב.
51 שבת, נ״ו, ע״ב ; סנהדרין, כ׳, ע״ב, רש״י — אויפן אָרט ; זע, בעל הטורים, בראשית, ב׳, כ״ב.
52 יבמות, ט״ז, ע״א—ע״ב.
53 ״חמדת שלמה״, י״ד, סימן כ״ט.

# קאַפּיטל ניין

## גרים און "מיהו יהודי"

**א. גרים וועלכע מ'האָט מקבל געווען און גרים וואָס מ'האָט צוריקגעוויזן. — ציַיטן ווען מ'האָט מקבל געווען גרים און ציַיטן ווען מ'האָט נישט געוואָלט האָבן קיין צופלוס. — דאָס פּראָבלעם "ווער איז אַ ייִד" נאָך נישט געלייזט. — פּסק־דין פון הרב ר' שלמה גורן.**

דאָס פּראָבלעם גרות און "מיהו יהודי" האָט פאַר דעם היסטאָרישן ייִדנטום כמעט ווי נישט עקזיסטירט. מ'האָט געוווסט ווער ס'איז אַ ייִד מ'האָט געוווסט וועמען מקבל צו זיין און מ'האָט געוווסט ווי אַזוי מ'ווערט אַ ייִד, אים צו דערהויבן צו דער קדושה פון זרע אברהם יצחק ויעקב. אין תּלמוד האָבן מיר עס מיט דער פולסטער קלאָרקייט: "מה אבותיכם לא נכנסו לברית אלא במילה וטבילה... ...אף הם לא יכנסו לברית אלא באלה"[1]. איידער מען ווערט פאַררעכנט ווי אַ ייִד — האָט מען געוווסט — מוז מען דורכגיין די דאָזיקע פּראָצעדור, כּדי נישט צו צעשטערן די גאַנצקייט פון ייִדישן פאָלק.

די גאַנצקייט פון ייִדישן פאָלק, ווי עס ווערט געזאָגט אין זוהר, איז געגליכן צו אַ ז י ת. אַזוי ווי דער איילבירט מישט זיך נישט אויס, אַזוי מישט זיך נישט אויס ישראל. אַ מילדערע גרות, האָבן זיי געהאַלטן, פירט צו שמד, צו אַסימילאַציע, צו דער פאַרלייקענונג פון דער ייִדישער טראַדיציע.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז די באַציִונג צו אויפריכטיקע גרים, געווען אַ פּאָזיטיווע. אַזוי אין דער ציַיט פון די אָבות און אַזוי אין די שפּעטערע תּקופות. ווען ייִדן זענען אַרויס פון מצרים, זענען אַ סך גרים מיטגעגאַנגען מיט זיי: "וגם ערב רב עלה עמהם" — און אַ סך געמישט פאָלק איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיי[2].

די ייִדן האָבן געהאַט פון זיי אַ סך אויסצושטיין. זיי האָבן פּראָוואָצירט צו מאַכן דעם עגל הזהב[3]; זיי האָבן געלעסטערט, געהאַט אַ גלוסטונג — "והאספסוף אשר בקרבו התאוו תאווה"[4]. מ'האָט זיי אָבער נישט אַרויסגענומען פונעם קהל־ישראל.

אין דער פּערסישער עפּאָכע, נאָכן דורכפאַל פון המנען מיט זיינע מיטהעלפערס האָבן זיך אַ סך פון דער פּערסישער אימפּעריע מגייר געווען: "ורבים מעמי הארץ

מתיהדים[5]. זייער גרות איז געווען ווי "גרי אריות", אַ גרות צוליב פּחד: "כי נפל פחד היהודים עליהם" [6]. לויט דער הלכה זענען זיי אפשר נישט געווען קיין גרי־צדק; זיי זענען אָבער שוין געבליבן ייִדן. ייִדן האָבן נאָכגעפאָלגט די טראַדיציע פון אברהם און שׂרה, די פּאַטריאַרכן און מאַטריאַרכן פון ייִדן־פאָלק, צו נעמען "אונטער די פליגלען פון דער שכינה" מענטשן, וועלכע האָבן אַרויס־געוויזן אַזאַ ווּנטש און ווילן.

ערשט אין דער צייט פון עזרא האָט מען אָנגענומען אַ שטרענגערן קורס, אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו גרים, צו גרטעס, צוריקווייזנדיק זייער ווילן צו העלפן בויען דאָס בית־המקדש. עזרא הסופר האָט מיט דער פולער שטרענגקייט אָפּגעטיילט די ייִדישע מענער פון זייערע נישט־ייִדישע ווייבער. ער האָט זיי דערקלערט מיט דער פולער שאַרפקייט: "לא לכם ולנו לבנות בית ד' אלקינו" [7].

ביים בית־שני זענען, ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, צוגעקומען וויכטיקע גרים, גרויסע אינטעלעקטואַלן — אָבער נישט אַלע זענען געווען פון דעם קאַליבער פון אַ שמעיה ואבטליון. אַ טייל פון זיי האָט זיך אַפילו צוריקגעצויגן, איז אַוועק פון ייִדישן וועג און אַריבער צום היידנישן.

פלאַוויוס גיט איבער וועגן גרים וועלכע האָבן שטאַרק אַנטוישט. ווי נאָר ס'האָט זיך פאַר זיי געשאַפן אַ פּראָבלעם, זענען זיי צוריק אַוועק צו גויאישקייט. דאָס האָט פאַרשטאַרקט די מורא אַז גרים וועלן ברענגען געמישטקייט און צעשטערן די ריינקייט אין בית־ישראל.

מיר פאַרשטייען דעריבער דעם זאָג: "אין מקבלין גרים לימות המשיח" [8] — ווייל ביי אַזעלכע גרים וואָס זוכן זייער טובה ביים איבערגיין צום ייִדנטום, איז דאָ אַ מורא פון נישט זיין איבערגעצייגט און ביי דעם מינדסטן ווינט וועלן זיי אַוועק און נאָך מיטשלעפּן ייִדן.

מ'האָט זיך אָבער באַצויגן מיט ליבשאַפט צום גר־צדק, דעם גר וואָס האָט גענומען אויף זיך מקיים צו זיין אַלע מצוות: תורה שבכתב און תורה שבעל־פה [9]. צו דעם גר־תושב האָט מען זיך באַצויגן אין אַ געוויסן זין קריטיש.

ווער איז אַ גר־תושב? מיר האָבן צוויי מיינונגען: לויט ר' מאיר — דער וואָס נעמט אויף זיך נישט צו דינען עבודה זרה [10]. אויב ער טוט עס, איז ער, לויט אייניקע חכמי־התלמוד, אינעם כלל פון "הקהל חוקה אחת לכם ולגר הגר... אתכם" [11]. דער גר וואָס קומט וווינען אין ארץ־ישראל און איז געהיט אין די שבע מצוות, ווערט באַהאַנדלט מיט מענטשלעכקייט. מען גיט אים פולע רעכט און נאָך מער, אַפילו דעם גר וואָס איז נישט געהיט אין די דינים פון מאכלות אסורות, דאַרף מען זיי אים געבן: "לא תאכלו כל נבלה, לגר אשר בשעריך תתננה" [12]. די דאָזיקע באַהאַנדלונג קומט אים, ווייל ער איז געהיט אין די זיבן מצוות פון די בני־נח: פאַרלייקענען עבודה זרה; זיין געהיט אין די עריות־

פאַרבאָטן [13]; רציחה; פאַרבאָט צו עסן אבר מן החי; ברכת ה׳; גזל און דינין (געריכט צו משפטן).

דאָס ייִדישע געזעץ האָט באַשיצט דאָס לעבן פונעם גר־תּושב, וואָס איז מקיים די דאָזיקע אַלמענטשלעכע געבאָטן [14]. ער האָט אָבער נישט געקענט גענים פון דער התקרבות, וואָס מ׳האָט אַרויסגעוויזן צו אַ גר־צדק.

אין אונדזער צייט איז אַ גרויסע צאָל רבנים פאַרנומען מיט שאלות וועגן גרות. איינער פון די וועלכער האָט געהאַט אַזעלכע שאלות אויף זיין שולחן־מלכים, איז געווען הרב עוזיאל זצ״ל. אין לעצטנס דערשינענעם ספר ״פּסקי עוזיאל בשאלות הזמן״ [15], געפינען מיר אַ צענדליק שאלות אין שייכות מיט גרים און גיורות. מיר געפינען דאָרט אַ שאלה וועגן אַ ייִדן וואָס האָט געוווינט מיט אַ נכרית אַ צאָל יאָרן, געהאַט פון איר קינדער און איצט וויל זי זיך מגייר זיין און חתונה האָבן מיט חופּה־וקידושין כּדת משה וישראל. נאָכן ברענגען אַלע דעות, אַנאַליזירנדיק הלכהדיק אַלע מיינונגען, ברענגענדיק דעם הלכהדיקן פּסק, אַז ״נתן עיניו באשה יהודית״... אָדער ״נתנה עיניה בבחורי ישראל״ נעמט נישט אָן אַזאַ גרות [16]. מיר זעען אָבער די מילדקייט פון הללן, וועלכער האָט מקבל געווען אַ גר, וואָס האָט גענומען אויף זיך אָפּצוהיטן בלויז די תּורה שבכתב און נישט די תּורה שבעל־פּה [17], און דאָס איז אַ באַוויז, אַז צו באַשליסן צי יענער וועט ממילא ווערן אַ גר־צדק, איז אָפּהענגיק אין דעם בית־דין, פאַר וועמען דער גר איז געקומען, ״דהכל לפי ראות בית־דין״ [18]. אין דעם פאַל — פּירט ער אויס — אַז זי איז איצט דעצידירט זיך מגייר צו זיין, וועט זי געוויס ווערן אַ פולשטענדיקע ייִדישע פרוי. אין זיין לשון: ״מצוה עליהם (אויפן בית־דין — ג. ש.) לקרבם ולהכניסם בברית תּורת ישראל״ און אַז ס׳איז נישטאָ אין דעם פאַל, דער דין פון הנטען על השפחה״. ער ברענגט דערויף ראיות פון גדולי הפּוסקים, אַריינגערעכנט דעם רמב״ם אין זיינס אַ תּשובה וועגן גרים.

ווי אַ מקור פאַר זיין פּסק גיט ער אויך אָן דעם היתּר פון מרן מהרי״ל גרויבאַרט זצ״ל אויף אַ שאלה: ״ישׂראל שנשׂא נכרית על פי חוקי המדינה בלא גרות״ און לעצטנס האָט זי זיך איבערגערעכנט און וויל זיך מגייר זיין, חתונה האָבן כּדת תּורה, איז ער דאָס מתּיר. די דאָזיקע פרוי איז געווען אַ פראַנצויזקע, פּירט ער אויס אין זיין מליצהדיק לשון: ״והצרפתית הזאת תעשה כמעשה הצרפתית הראשונה כמ״ש תוס׳ קדושין, ע״א, ע״א ונספחו על בית יעקב״ [19].

הרב גרויבאַרט האָט אויך מתּיר געווען מילה צו אַ זון פון אַ געמישטער חתונה; די מוטער איז געווען אַ נכרית [20] אָבער וועגן דעם האָבן מיר שוין אָנגעוויזן.

הרב עוזיאל, ווי מיר זעען פון זיינע תּשובות, איז גאָר ליבעראַל און איז

מיקל ביי קבלת גרים, אפילו "גרי אריות", וואָס לכתחילה דאַרף מען נישט מקבל זיין, אָבער אויב מ'האָט שוין מקבל געווען, ווערן זיי באַטראַכט פאַר ישראלים גמורים [21]. ווי איז אָבער וועגן אַ "גויה הנשואה לכהן" און זי וויל זיך מגייר זיין, נעמט מען זי נישט, ווייל אַ כהן איז אסור בגיורת, ער טאָר סיי ווי נישט וווינען מיט איר. דאָ איז ער אַ שטאַרקער מחמיר, אויף אַזוי ווייט, אַז אויב דער כהן האָט געהאַט קינדער מיט איר, זאָל מען זיי מל זיין אין וואַכנטעג און זיי מגייר זיין [22].

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט הרב ר' גדליה פעלדער פאַרעפנטלעכט אַ ספר א. נ. "נחלת צבי" [23], געווידמעט דעם ענין גרות לויט הלכה און לויט די היינטצייטיקע אומשטאַנדן. ער נעמט אַרום אַלע אַספּעקטן, אַלץ וואָס האָט אַ שייכות הלכהדיק און נישט ווייניקער די מאָראַליש־עטישע הנחות וועגן גרים בזמן הזה, ווי אַזוי און אונטער וואָסערע באַדינגונגען מ'זאָל זיי מקבל זיין: זיי צו לאָזן וויסן די "עונשין", די שטראָף וואָס עס קומט דעם ייִד, אויב ער דערפילט נישט זיינע פליכטן — און ווי חז"ל זאָגן, מ'דאַרף זיי אויך לאָזן וויסן דעם שׂכר וואָס מ'קריגט אויב מען דערפילט ווי געהעריק די מצוות.

מען מוז זיך אָבער האַלטן שטרענג ביים כלל און פּראָצעדור פון מילה און טבילה.

מיר האָבן היינט נישט קיין קרבן, איז מען מקבל אַ מאַן דורך קבלת מצוות, מילה און טבילה און אַ פרוי — דורך קבלת מצוות און טבילה. ביים מגייר זיין דאַרף זיצן אַ בית־דין פון דריי מומחים ביי טאָג, ווייל די טבילה דאַרף זיין ביי טאָג.

דער רדב"ז גיט אָן נאָך אַ מאָטיוו, פאַר וואָס ביי גרות דאַרף זיין מילה וטבילה: מילה — זאָגט ער — נעמט אַוועק פון אים דאָס כּותיות, דאָס נישט־ייִדישע אין אים און די טבילה ברענגט אַריין אין אים די ייִדישע קדושה, קבלת הישראלית [24].

ס'איז אָבער קלאָר פון די פּסוקים אין תּנ"ך, אַז דער ריטואַל פון גרות איז באַזירט אויפן מאָטיוו, אַז דער וואָס קומט אַריין אין ייִדנטום זאָל נישט זיין מער פּריווילעגירט ווי דער ייִד: "ככם כגר..." "תּורה אחת ומשפט אחד..." און די ייִדן אין מצרים האָבן אָנגעהאַלטן די מצווה פון מילה. אַזוי שנעל, ווי דער גר גייט דורך די דאָזיקע פּראָצעדור, ווערט ער אַ פולשטענדיקער ייִד, באַגלייט מיט ברכות, גוטע ווונטשן. מ'גיט אים אַ ייִדישן נאָמען און ער ווערט מחוייב אין אַלע מצוות פון דער תּורה [25]. וואָס שייך בכורים האָבן מיר שוין פריער איבערגעגעבן חילוקי דעות, צי ער קאָן זאָגן "לאבותינו".

וועגן עולה זיין צו דער תּורה, אין אונדזער לשון — האָבן אַן "עליה" — האָבן מיר שוין דערמאָנט, אַז דער רמב"ם אין זיין "אגרת" צו אַ גר און אין

זיינע הלכה־ספרים, פסקנט, אַז ער קאָן עולה זיין און מאַכן די ברכה, ״אשר בחר בנו״, ווייל דער גר איז אויסגעוויילט פון הקב״ה, ״חוקה אחת לכם ולגר״; ער איז מחוייב אין אַלע מצוות, ער איז אַ פולשטענדיקער ייִד; ער איז מחוייב אויף קידוש־השם, מחוייב אין כּבוד־אב ואם, מחוייב אויף די מצוות שבין אדם למקום ווי אויף די מצוות שבין אדם לחברו, אויף די עטישע, מאָראַלישע מצוות [26].

אויף דעם פסוק ״ואברהם בן תשעים ותשע שנה בהמולו בשר ערלתו״ [27], ווערט קאָמענטירט אין מדרש, פאַר וואָס האָט דער רבונו של עולם געוואַרט ביז זיין טיפן עלטער? — ״כּדי ללמד לגרים״, אַז עס איז קיין מאָל נישט שפּעט זיך מגייר צו זיין. דאָס איז אויך, ווי דער מהרי״ל איגר ז״ל דריקט זיך אויס, צו לערנען יעדן ייִד, אַז מען קאָן תשובה טאָן אַפילו ווען מען איז שוין אויף דער עלטער. ס'איז קיין מאָל נישט שפּעט לקבל על עצמו עול התורה והעבודה...[28].

מיר געפינען אין תלמוד פאַרשיידענע מיינונגען וועגן אַ קינד פון אַ נישט־ייִדישן פאָטער און אַ ייִדישער מוטער, ״נכרי שבא על בת ישראל״. די אָנגענומענע מיינונג איז, אַז נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס קינד איז אַ ישראל: ״קרוי בנה...״ דאַרף עס האָבן טבילה לשם גרות, צוליב דעם ״צד פּגום״.

מיר וואָלטן אפשר געדאַרפט הלכהדיק אַריינגיין מיט מער בירור אין די פאַרשידענע גרות־ענינים, אָבער דאָס איז נישט אונדזער אויפגאַבע. דאָס געהערט צו רבנישע אויטאָריטעטן, זיי האָבן רעכט צו פּסקענען הלכה למעשה און מיר דאַרפן טאָן ״ככל אשר יורוך״, לויט זייער פסק.

מיר האָבן באַרירט די ענינים, ווייל זיי זענען אַקטועל ביז גאָר, ספּעציעל זינט דער עטאַבלירונג פון מדינת־ישראל, מיט מדינה־געזעצן.

אין אַ ציקל מאמרים האָבן מיר בשעתו פאַרבונדן די פּאָלעמיק ״מיהו יהודי״, מיט מיינס אַ נסיעה אין מדינת־ישראל און מיטן באַקומען מאַטעריאַלן וועגן און אַרום דער אָפּשטימונג פון ״חוק השבות״, דאָס צוריקקער־געזעץ (רעפּאַט־ריאַציע — ווי דאָס ווערט גערופן) פאַר ייִדן אין זייער לאַנד.

מיר האָבן אָנגעוויזן אויף דער פּאָלעמיק צווישן די ראַדיקאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישע באַוועגונגען. געוויסע עקסטרעמע ״אַנטי־דתיים״ האָבן געהאַלטן, אַז דאָס געזעץ דאַרף זיין ביז גאָר ליבעראַל. די ווייניקער עקסטרעמיסטן האָבן געהאַלטן, אַז דאָס צו פיל ליבעראַליזירן די פּראָצעדור און דעם ריטואַל פון גרות קאָן פירן צו אַ סאָרט כּנעניזם [29]. איז שוין בעסער זיך האַלטן ביי דער דורותדיקער טראַדיציע. רבנים און סופרים האָבן אָנגעוויזן, אַז די מדינה קען זיך נישט אָפּרייסן פון דער הלכה: די הלכה האָט געהיט דעם נאַציאָנאַלן צוזאַמענבונד אין אַלע גלותן און דאַרף עס ממשיך זיין אין דער מדינה. זיי האָבן אינטערפּרעטירט דעם זאָג: ״אורייתא וישראל חד״ —

אינעם דרייפּאַכיקן זין: תורה, ישראל און לאַנד. אַז אין ארץ־ישראל דאַרף און ס'איז מעגלעך די דריי הויכפּונקטן פון יהדות זאָלן האַרמאָניזירן.

יעדע תקופה, ווי מיר ווייסן, ברענגט אַרויס נייע דינים, נייע מנהגים — אָבער אַלץ דאַרף זיך אַריינפּאַסן אינעם ראַם פון יידישן גייסט און דאָס אויך אין שייכות מיט גרות. הלל, ווי דערמאָנט, האָט געהאַט אַ ליבעראַלן צוגאַנג צו גרים. ער האָט געוווּסט פון ר' אליעזר המודעיס באַהויפּטונג: "דער וואָס זאָגט, נישטאָ קיין תורה פון הימל, פאַרלירט ער זיין חלק עולם הבא" [30]. דאָך האָט ער זיך באַצויגן זייער מילד צום גר, אים געלערנט, אַז דער עיקר אין דער תורה איז "ואהבת לרעך כמוך": אין אַ נעגאַטיוון אויסטייטש: "דעלך סני לחברך לא תעביד" [31], אַז די תורה זוכט דעם ווילזיין פונעם מענטש און דערמיט האָט ער אים צוגעצויגן און ער איז געוואָרן אַ געטרייער ייד. דאָס קענען באַשטימען בלויז און נאָר די באַרופענע ביים פאָלק, די גייסטמענטשן, די קענערס פון דער הלכה און די וואָס באַזיצן די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס צו פּסקענען אין די ענינים "העומדים ברומו של עולם היהודי"...

יידן האָבן רעכט אויף ארץ־ישראל; צוליב זייערע אור־פאָטערס דאַרפן זיי ממשיך זיין צו גיין אויף די באַשטימטע וועגן, ווי געצייכנט פון די אבות־האומה, ווי געלערנט פון משה רבנו. די פון די אָבות אָפּשטאַמיקע וועלכע האָבן מקבל געווען די תורה ביים באַרג סיני, די וועלכע האָבן איינגעהיט די קדושה פון בית־ישראל, זיי האָבן דאָס רעכט אויפן לאַנד.

די פראַגע "ווער איז אַ ייד" האָט דעריבער אַרויסגערופן צער און ווייטיק ביי גרויסע טיילן פון יידן. די עצם־שאלה האָט אַרויסגערופן זאָרג, ווייל ביז נישט לאַנג צוריק איז דאָס נישט געווען קיין שאלה, אַפילו ביים סעקולאַריסט, ביים אַטעיִסט. מ'האָט געוווּסט ווער ס'איז אַ ייד — און וואָס שייך אַ גר, האָט מען געוווּסט, אַז בלויז רבנים מומחים פאַרנעמען זיך מיט אַריינברענגען דעם פרעמדן אונטער די פליגלען פון דער שכינה. דאָס איז געווען אַן ענין פאַר רבנים דורכצופירן די גרות לויט הלכה־אַספּעקטן און לויט אומשטאַנדן.

די רבנים זענען אַרויסגעקומען מיט אַלאַרם־רופן. און נישט בלויז רבנים, אויך אַ צאָל וועלטלעכע שרייבערס און פאָרשערס האָבן געשטיצט די אָרטאָ־דאָקסישע רבנים, אַז אַ מילדערע, ליבעראַלע גרות שטעלט אין געפאַר דעם קיום־היהדות. די רבנים האָבן אָנגעוויזן, אַז די קדושה וואָס איז אַריינגעדרונגען אין יעדן יידנס נשמה איז געקומען דורך דער געטלעכער דערקענטעניש פון אברהם אבינו און די דאָזיקע דערקענטעניש ווירקט אַפילו אויף די "ריקנין", זיי זאָלן ווערן "מלאים מצוות כרימון", זיי זאָלן ווערן אָנגעפילט מיט מצוות [32].

די פראַגע איז געווען געריכטעט צו דוד בן גוריון, צו דעם, וועלכער האָט אין גרויסן היסטאָרישן מאָמענט פּראָקלאַמירט די יידישע מדינה, פאַר וואָס ער

זאָל, אין אַ געבענטשן עלטער, ווערן אַזוי נאָכגיביק צו פאַרגעשלאָגענע רעפאָרמען און זיין שטרענג צו די וואָס ווילן מיט עקשנות אָנהאַלטן די היסטאָרישע שלשלת, ער זאָל זיך נישט רעכענען מיט די וועלכע קעמפן פאַר דער דערהאַלטונג פון דעם היסטאָרישן גייסט פון אונדזער אומה? ער, בן גוריון, זאָל מסכּים זיין צו אַ געזעץ וואָס דעקלאַרירט: ״כּל מי שבא לארץ־ישראל ורואה עצמו כּיהודי — הוא יהודי״?... דער אַרכיטעקט פון דער באַנייטער מדינה, זאָל האַלטן אַז יעדער, וואָס קומט קיין ישראל און זעט זיך ווי אַ ישראלי, איז שוין דערמיט אַליין אַ ייִד?...

בן גוריון איז געווען אַ תּנ״ך־פאַרשער, ער האָט געוואָלט אַ תּנכ״יש פאָלק. האָט ער דען נישט געוווּסט, אַז די תּורה שבכתב כּדי צו זיין אַ תּורת־חיים, צו האָבן די וויטאַליטעט פון אַ לעבעדיק פאָלק, מוז האָבן ווי אַ דערגאַנצונג, די תּורה שבעל־פּה, און אַז די ביידע שטעלן פעסט די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אַטריבוטן פון ייִדישן פאָלק? בן־גוריון, דער גרויסער שטאַטסמאַן און אידעאַליסט, האָט געדאַרפט וויסן, אַז מיט בלויז רעגיסטרירן זיך אַלט ייִד ווערט מען נאָך נישט קיין ייִד. אַ ייִד ווערט מען דורכן דורכגיין דעם גרות־פּראָצעס. ער זאָל עס געווען זיין דער טעאָרעטיקער און אָנפירער נישט צו דערלאָזן אַ הלכהדיקן צוים אויף גרות? ער האָט אָבער געמוזט מסכּים זיין אין 1958 צו אַ גרות כּהלכה. בעת ער האָט געזען, אַז דער רוב חכמי ישראל, שוין נישט רעדנדיק פון די אָרטאָדאָקסישע רבנים, איז געווען קאַטעגאָריש פאַר אויפריכטיקער גרות לויט דער הלכה.

אברהם אבי־חי[33] איז זיין פאַרשאַרבעט וועגן בן־גוריונען[34], געבנדיק אַ גרינטלעכע ביאָ־פּסיכאָגראַפישע אָפּשאַצונג, שטעלט זיך אָפּ אויספירלעך אויף יענעם היסטאָרישן מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער יונגער מדינה און אויף דער ראָל פון בן־גוריונען ביים דעפינירן דעם ״מיהו יהודי״, ווי יהודה גלילי האָט עס געוואָלט טאָן.

דאָס איז געווען אַ קריטישער מאָמענט פאַר בן־גוריונען אין זיין וועלן אָפּטיילן דעם שטאַט פון רעליגיע, צו שאַפן אַ ״מדינת־חוק״ און נישט קיין ״מדינת־הלכה״, ווי ער האָט דאָן געהאַלטן ביים דורכפירן דעם ״חוק־השבות״. ער האָט אָבער פאַרזען, אַז די מדינה איז היסטאָריש־נאַציאָנאַל און סאָציאַל געבונדן אויפן רעליגיעזן יסוד. בן־גוריון האָט זיך געבויגן פאַר דער מיינונג פון די ״אנשי רוח״, ווי ער האָט זיך פאַררופן, און געשטימט פאַר אַ געזעץ וואָס זאָל טיילווייז צופרידנשטעלן די מפד״ל־מיניסטאָרן און חברי־כּנסת, אָבער ווייט זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיטן קאָמפּראָמיס: גרות, אָן דעם וואָרט כּהלכה.

ס׳האָבן זיך אויפסניי געהערט די שטימען פון רעליגיעזן ייִדנטום, באַזונדערס

דער רוף פון ליובאַוויטשער רבין שליט״א וועלכער האָט אויסגעדריקט אַ קעגנער־שאַפט צום נישט קלאָרן חוק, האַלטנדיק זיך ביים מאָטיוו פון ״דבר ולא חצי דבר״ — אַז עס איז די אויפגאַבע פון דער ישׂראל־רעגירונג אַרויסצוגעבן אַ געזעץ מיט דער פולער שטרענגקייט — ״גרות על פי הלכה״.

די אָפּשטימונג, נאָך יאָרן פון דיסקוסיעס און דעבאַטעס, איז פאָרגעקומען אין דער ערשטער וואָך פון אדר ב׳ (דער ערשטער העלפט פון מערץ) 1970. לויטן געזעץ, וואָס די דעמאָלטיקע ״ראש הממשלה״, גאָלדע מאיר האָט אויס־געאַרבעט ווי אַ קאָמפּראָמיס, זאָל מען רעגיסטרירן אַלס ייִד בלויז דעם געבוירענעם ביי ייִדישע עלטערן, אָדער דעם געבוירענעם פון אַ ייִדישער מאַמע (ביי אַ געמישטער חתונה) און וואָס האָט נישט אויפגעגעבן די ייִדישע אמונה דורך שמד. דערצו איז געקומען נאָך אַ באַוואָרעניש, אַז דאָס אישות־געזעץ זאָל בלייבן אומבאַרירט, וואָס דאָס מיינט אַז דאָס רבנות הראשית איז די איינציקע און אַבסאָלוטע אינסטאַנץ צו באַשטעטיקן קדושין, גירושין אא״וו.

אַ גרויסע צאָל פון מפד״ל, אַריינגערעכנט די פירערשאַפט, האָט זיך אויפן מאָמענט צופרידנגעשטעלט, אפשר לויטן כלל: ״תפסת מרובה — לא תפסת; תפסת מועט — תפסת״ [35]. זיי האָבן אין אַמענדירטן געזעץ געזען אַ באַוואָרעניש קעגן לייכטע גיור־פּראָצעדורן, קעגן רעגיסטראַציע פון ייִדן, געבוירענע פון אַ געמישט פּאָרל, ווען די מוטער איז נישט קיין ייִדישע.

די אָרטאָדאָקסיע פון אַנדערע ריכטונגען האָבן זיך נישט בלויז נישט צופרידנגעשטעלט, נאָר אויפגעהויבן אַ שטורעם קעגן דעם דאָזיקן פשרה־געזעץ, אין וועלכן ס׳פעלן די ווערטער אַז דאָס מגייר זיין דאַרף זיין ״לפי ההלכה״, לויטן דין פון שולחן־ערוך. אין גרויס אויפרעגונג האָט דער חבר־הכנסת מ. פּרוש געוואָרפן אויף דער ערד דעם רעפאָרם־סידור, אים געמשפּט לויטן דין פון ״ספר תורה שכתבו מין״ [36]. הרב משה צבי נריה, דאַן אַ חבר־כנסת, האָט אים אָנגעוויזן אַז אַזאַ אינצידענט האָט נישט פאַרשאַפט קיין כבוד דעם ייִדישן ציבור; אין קעגנטייל — האָט ער געזאָגט — דער דאָזיקער אַקט האָט געשטעלט אין אַ טונקעלן מצב דעם קאַמף פאַר תורה־יהדות, וואָס ווערט אָנגעפירט פון אַלע ריכטונגען ביים רעליגיעזן ציבור, אַז מ׳דאַרף זיך האַלטן ביים פּסק פונעם רמב״ם, אַז אַפילו מיט די קראים דאַרף מען זיך באַנעמען מיט כבוד און אַזוי אַרום זיי צוריקברענגען צו ייִדישקייט. ״מיר דאַרפן זוכן״ — האָט הרב נריה געזאָגט — ״די ׳דרכי נועם׳ און נישט בזיון״.

דערמיט האָט זיך דער ענין נישט פאַרענדיקט. די רעליגיעזע ייִדן זענען נישט געווען צופרידן מיט דער אָפּשטימונג און גוטהייסונג פונעם נייעם, אויס־געבעסערטן געזעץ. דער דעמאָלטיקער מיניסטער פון רעליגיע, דר. זרח וואַר־האַפטיג, האָט זיך באַמיט אָנצווייזן אויף די פּאָזיטיווע עלעמענטן אינעם געזעץ,

געוויזן אַז לויט דעם אויסגעבעסערטן "חוק־השבות" איז אין ישׂראל נישטאָ די סכּנה פון פיקטיווע גרותן, ווייל דער חוק נשואין וגרושין איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער רבנות הראשית און די רבנים האָבן די מעגלעכקייט צו דעצידירן צי דאָס גרות איז געווען לויט דער הלכה. ער האָט אויסגעדריקט זיין האָפענונג און זיין ווונטש, אַז מיט דער צייט וועלן באַזייטיקט ווערן די נעגאַטיווע עלעמענטן.

דאָס נייע געזעץ, ווי באַקאַנט, איז אַריינגעבראַכט געוואָרן דורך דעם דעמאָלטיקן פאָרזיצער פונעם ספּעציעלן קאָנסטיטוציע־קאָמיטעט הרב דר. י. ש. בן מאיר ז"ל. ער האָט געגעבן זיינע קאָמענטאַרן וועגן די תּיקונים צום "צוריקקער"־געזעץ, ווי אָמענדירט צום חוק־השבות פון תש"י (1950) און "חוק־האזרחות" פון תשי"ב (1952). ער האָט מסביר געווען, אַז די דאָזיקע פּריווילעגיעס פאַר עולים זענען געמאַכט געוואָרן פאַר יעדן ייִדישן עולה, אַריינגערעכנט קינדער און אייניקלעך פון אַ ייִד, פון אַ ייִדיש פּאָרל, "בן זוג של יהודי". ס'ווערט אַרויסגענומען פונעם דאָזיקן כּלל אַ ייִד וואָס האָט זיך מיטן אייגענעם ווילן געשמדט.

ס'קומען דאָרט אַ צאָל קלענערע סעיפים, וועלכע געהערן נישט צו אונדזער אַנאַליטישן אויספיר. אַ באַגרענעצונג, אָדער אַן אויסנאַם ווערט געמאַכט פאַר איינעם, וואָס איז געבוירן געוואָרן ביי אַ ייִדישער מאַמע, אָדער די מוטער האָט זיך פאַרן געבורט מגייר געווען — און ס'מוז זיין דערויף אַ דעקלאַראַציע פון אַ בית־דין. דאָס געזעץ דעקט אָבער נישט די גרות־פּראָצעדור און ווער ס'זאָל האָבן דאָס רעכט דורכצופירן די געהעריקע גרות.

אינטערעסאַנט איז די דעמאָלטיקע אָפּשטימונג אין דער כּנסת: פאַרן געזעץ האָבן געשטימט 51 דעפּוטאַטן פון די עבודה־גרופּירונגען; מפד"ל (מזרחי־הפועל המזרחי); חרות; 2 פון די ליבעראַלן־גח"ל. קעגן געזעץ האָבן געשטימט 14: פאָרשטייערס פון מפּ"ם; פון אגודת־ישראל; פּועלי אגודת־ישראל; ע"מ; רק"ח און מק"י (קאָמוניסטישע פּאַרטייען); צוויי פון עולם הזה, די איבעריקע האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען.

אין דער פּאָלעמיק האָבן זיך געהערט טענות אין פּאַרטיידיקן די שטעלונגען: די וועלטלעכע האָבן געטענהט, אַז די רעליגיעזע זענען אַ מינדערהייט. פאַר וואָס זאָל דער מיעוט באַהערשן? דאָס איז נישט דעמאָקראַטיש, דאָס איז אין סתּירה צום סדר פון היינטיקן וועלטאייגשטעל. די רעליגיעזע האָבן אָנגעוויזן, אַז עס מוז דורכגעפירט ווערן אַ געזעץ צו פאַרזיכערן די אידענטיטעט פון ייִד, לויט דער הלכה און ייִדישער טראַדיציע. דער דאָזיקער פאַרלאַנג האָט גאָרנישט צו טאָן מיט אַנטי־דעמאָקראַטישקייט; עס האָט צו טאָן מיטן איינשטעל פון היסטאָריש־ייִדישער אידענטיפיקאַציע, ווי פאָרמירט ביים באַגין פון ייִדן אַלס "גוי אחד בארץ", באַהויכט פון די נביאישע אידעאַלן. די רעליגיעזע האָבן אָנגעוויזן אַז

יהדות, וואָס אָן אמת, שטעלט מיט זיך פאָר דעם סינטעז צווישן פאָלק און וועלט; יידישקייט טראָגט מיט זיך אוניווערסאַלקייט, אָבער אויף אַן אופן צו סינטעטיזירן די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע יידישע קאָנטינויִטעט — אַ סינטעז פון היסטאָרישן אימפּעראַטיוו. מפד״ל האָט נאָכגעפאָלגט די שיטה פון ר׳ משה חיים שפּיראָ ז״ל, דעם רודף־שלום. אַ מעסיקער אין אַלע היניזיכטן, האָט ער אויך דאָ געזוכט אַ קאָמפּראָמיס און במילא זיך צופרידן געשטעלט מיטן פּשרהדיקן תּיקון. די אַנדערע ריכטונגען, פונקט ווי די עקסטרעמע סעקולאַרע, זענען גאָרנישט געווען צופרידן פונעם נייעם אַמענדירטן געזעץ.

דאָס געזעץ האָט נישט באַפרידיקט די רעליגיעזע און אַנדערע ריכטונגען און אויך נישט די ליבעראַלע, שוין נישט רעדנדיק פון די כּנעניסטיש און קאָמוניס־טיש באַאיינפלוסטע. די פּאָלעמיק איז געגאַנגען ווייט אַריבער די ישׂראל־גרענעצן. די יידישע קאָמוניסטן אין קרייז פון ״סאָוועטיש היימלאַנד״ האָבן אויך גענומען אַ שטעלונג אין דער ליניע, ווי די אַמאָליקע יעווסעקציע, שרייבנדיק: ...״די נייע געזעצגעבונג [האָט] פאַרפעסטיקט די טעאָקראַטישע עלעמענטן אינעם געזעל־שאַפטלעכן סדר פון ישׂראל...״ דער שרייבער איז נישט צופרידן וואָס ״די רעליגיִע אין ישׂראל האָט אַזאַ מאַכט...״.[37]

אַ טייל פון די ליבעראַלן אין ישׂראל און אין די תּפוצות־ישׂראל האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט לומדות, געזוכט צו באַווייזן, אַז אויך אין דער צייט פון תּלמוד איז דער ענין נישט געווען איינגעשטעלט מיט דער דאָזיקער שטרענגקייט און איז נאָך געווען אַ ״סלע המחלקות״ צווישן תּנאים: לויט רבי אליעזר איז דער עיקר ביי אַ מאַן דער מילה־ריטואַל — אַ ראיה: ביי די אבות איז דער אַריינקום צו יידישקייט געווען דורך ״ברית אברהם״. רבי יהושע האַלט, אַז דער עיקר ביים גרות איז די טבילה — אַ ראיה ביי די אמהות: שׂרה האָט אַריינגעבראַכט גיורות תּחת כּנפי השכינה דורך טבילה. די דאָזיקע פאַרשערס ווייזן אויך אָן, אַז ביי אַ ״יפת תּואר״, געפאַנגען אין מלחמה, ווערט גאָרנישט געזאָגט, אַז זי האָט געדאַרפט דורכמאַכן נאָך די ״געוויינטע״ דעם גרות־ריטואַל.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע רייד און די אַלע טעזיסן ווערן הלכהדיק אָפּגעפרעגט. די ״הלכות גרים״ זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן בימי התּלמוד און נאָכגעפאָלגט געוואָרן פון די הלכה־קאָדיפיצירערס: רמב״ם, שולחן־ערוך פון רבי יוסף קארו, רמ״א, דער בעל ״המפּה״, זיערע נושאי־כּלים און נאָכ־פאָלגנדיקע הלכה־אויטאָריטעטן ראשונים און אחרונים.

די הלכה איז, ווי די חכמים, אַז ס׳מוזן זיין ביידע: מילה און טבילה און אין דער צייט פון בית־המקדש, ״הרצאת דמים״ — אַ קרבן; און פריער פאַר אַלץ — קבלת המצוות. דאָס דאַרף דורכגעפירט ווערן דורך אַ בית־דין פון דריי אויטאָריטאַטיוו־באַרופענע: ״גר צריך שלשה; אינו גר עד שימול ויטבול״.[38]

און צו דעם האָבן די הלכה־אויטאָריטעטן אָנגעגעבן געבוי און פּרטימדיק די פּאַרמאַליטעטן פון גרות, ווי צו פאַרזיכערן, אַז ווען אַ נישט־ייִדיש מיידל אָדער נישט־ייִדישער בחור באַשליסט זיך מגייר צו זיין, זאָל זי, אָדער ער, עס טאָן באַוווסטזיניק, מיט ישוב־הדעת, זיי זאָלן האָבן די נויטיקסטע ידיעות אין יהדות, זיי זאָלן פריער ווערן באַקענט מיטן ייִדישן שטייגער־לעבן און האָבן די הכּרה פון אחדות־אלקות.

די פּאַרשאַרפטקייט אינעם וויכּוח "מיהו יהודי" האָט זיך אָנגעהויבן — ווי מיר האָבן דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל — אין יאָר תש"ל—1970, ווען פ י נ ף קעגן פ י ר ריכטערס פונעם העכסטן געריכט, בית־משפט העליון, אָדער, ווי ער איז באַקאַנט מיטן נאָמען "בג"צ" (בית דין גבוה לצדק), האָבן געשטימט. אַז דער משׂרד־הפּנים מוז רעגיסטרירן די שליט־קינדער אַלס ייִדישע, לויט זייער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם, נישט געקוקט, וואָס די מוטער איז אַ נישט־ייִדישע.

דער קאַפּיטאַן בנימין שליט, אַ געבוירענער אין חיפה אין יאָר 1935, אַ ישׂראלי, האָט זיך דערקלערט אַלס נישט־גלויביקער און חתונה געהאַט מיט דעם סקאָטיש־פראַנצויזיש מיידל אָ ן ג א ד ס, אַ טאָכטער פון אַ קריסטלעכן ציוניסט — אַ פריינד פון דר. חיים וויצמאַן — אויך אַן אַטעיִסט. זיי האָבן נישט געהאַלטן פון אַ רעליגיעזער חתונה. לויטן ייִדישן דין זענען זייערע קינדער נישט־ייִדן, זייער אָנגעהעריקייט איז צום מוטערלעכן צד און אַלס אַזעלכע האָבן זיי געדאַרפט רעגיסטרירט ווערן. דאָס געריכט האָט אָבער געפּסקנט (נישט לויט דער הלכה) אַז זיי זענען ישׂראלים־ייִדן.

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן סיי פאַר דער כּנסת און סיי פאַרן פאָלק. די רבנים, קומענדיק צו הילף דעם אינערן־מיניסטער, האָבן אָנגעוויזן, אַז דער יסוד פון דער הלכה איז אַ תּורהדיקער און במילא זענען דאָ נישט שייך קיין קאָמפּראָמיסן. דער פּסוק זאָגט: "ולא תתחתן בם, בתך לא תתן לבנו ובתו לא תקח לבנך, כי יסיר את בנך מאחרי"[39] לערנט מען דערפון: "בנך הבא מן הישראלית קרוי בנך ואין בנך הבא מן הנוכרית קרוי בנך אלא בנה" — ביי געמישטע חתונות געהערט דאָס קינד לויטן געבורט צו דער מוטער.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט, איז כּדאַי צו ציִען אַ פּאַראַלעל צווישן אונדזער הייַנטיקער תּקופה און דער בית־שני־תּקופה; און ווי אַזוי עזרא הסופר האָט באַוויזן צו שאַפן די באַגייסטע יהודה פון די עולי־בבל. ער, צוזאַמען מיט נחמיה, האָבן אָנגענומען דעם מערסט דראַסטישן מעטאָד צו באַזייטיקן די פרעמדע ווייבער מיט זייערע קינדער, כּדי צוריקצושטעלן די ריינקייט, די פיזישע און די גייסטיקע, פון ייִדנטום. ער האָט א ו י ס ג ע צ י ט ע ר ט, ווען ער האָט זיך דערוווּסט פון דער געמישטקייט. ווען ער האָט דערזען: "והתערבו זרע הקודש בעמי הארצות" — און דער הייליקער זאָמען האָט זיך פאַרמישט מיט די פעלקער

פון די לענדער [40], האָט ער ארויסגעגעבן אַ באַפעל זיך צו שיידן סיי פון די פרעמדע ווייבער און סיי פון די קינדער, וועלכע ווערן נישט אָנערקענט אַלס ייִדישע, ווייל זייערע מוטערס זענען נישט־ייִדישע.

פאַר וואָס עזרא האָט נישט פאָרגעשלאָגן אַ "גיור כהלכה" איז אַ פראַגע מיט וועלכער עס פאַרנעמען זיך מפרשים, פוסקים און פאָרשערס — און מיר האָבן שוין וועגן דעם געשריבן אויספירלעכער. ווען מען באַטראַכט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אין פערספּעקטיוו פון יענער עפּאָכע, איז דאָ לגמרי נישט רעלעוואַנט דער ענין פון מקבלים גרים. עזרא הסופר האָט געהאַלטן אַז דער געבאָט פון דער שעה איז אָנצונעמען די דאָזיקע שאַרפע אומקאָמפּראָמיסלעכע שטעלונג.

דער רמב"ם, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, ווידמעט אַ גרויסן טייל פון זיין פרק "איסורי ביאה" און אַנדערע פרקים אינעם "יד החזקה" צו משפחה־פּראָבלעמען, געשלעכט־פּראָבלעמען, ממזרות־און גרות־פּראָבלעמען. וואָס שייך גרות, גיט ער אָן דאָס וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן ביי די חכמי התלמוד, אַ ריטואַל וואָס קיינער האָט נישט קיין רעכט צו ענדערן, אַ פּראָצעדור וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים באַגין פון אונדזער אויפשטייג אַלס פאָלק: "בשלשה דברים נכנסו ישראל לברית: במילה וטבילה וקרבן" — און נישט פון אַלע פעלקער נעמט מען גרים. עמון ומואב האָט נישט קיין אָרט אין קהל־ישראל; אין בית־דין פון שמואל הרמתי האָט מען מחדש געווען, אַז בלויז די מענער קענען נישט האָבן קיין פּלאַץ אין "קהל ד'", אָבער פרויען קענען יאָ אַריינקומען דורך אמתער גרות. מען לערנט דאָס אַרויס "עמוני ולא עמונית, מואבי ולא מואבית" [41].

דער וויכוח אַרום דער דערלויבעניש אַז אַ פרוי פון די פעלקער זאָל קענען אַריינטרעטן אין ייִדישן קהל איז אָנגעגאַנגען אַ לענגערע צייט ביז עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער גיור פון רות, די מוטער פון מלכות־יהודה — דוד מלך ישראל חי וקים. און וואָס שייך מענער, איז אויך דאָ אַ מעגלעכקייט זיי אַריינצונעמען.

דערציילט אונדז די משנה [42] וועגן דער שאַרפער פּאָלעמיק צווישן ר' יהושע און רבן גמליאל דעם נשיא: יהודה גר עמוני, איז געקומען אין בית־המדרש און זיך געפרעגט: צי מעג איך קומען אין קהל — ד"ה, צי מעג איך חתונה האָבן מיט אַ ייִדישער טאָכטער? רבן גמליאל, דער נשיא, האָט אים געזאָגט: "אסור אתה" — ס'איז דיר פאַרבאָטן. ר' יהושע האָט אים געזאָגט: "מותר אתה — ס'איז דערלויבט. סנחריב האָט אויסגעמישט די וועלט און ס'איז מער נישטאָ קיין ריינע עמונים אָדער מואבים. דאָס סנהדרין — ווערט אויסגעפירט — האָט געפסקנט ווי ר' יהושע "והתירוהו לבוא בקהל", האָט אים דערלויבט צו קומען אין ייִדישן קהל.

דער דאָזיקער וויכוח איז פאָרגעקומען אינעם טאָג, ווען אין אַ ריי פראַגן

האָבן זיך די חכמים געשטעלט קעגן רבן גמליאל און דער נשיא האָט רעזיגנירט. אין יענעם טאָג איז ר׳ אלעזר בן עזריה באַשטימט געוואָרן אַלס נשיא און מ׳האָט אָנגענומען אַ ריי הלכות, לויט דער מערהייט.

אין יענער גרויסער היסטאָרישער עפּאָכע איז די גרות־פּראַגע געלייזט געוואָרן לויט דעם דעת־רבים פון די חכמי־הדור און עס איז געבליבן לדור־דורות, אַז מען איז מקבל גרים פון יעדן פאָלק, אויב דער ער אָדער זי איז אויף זיך מקבל די מצוות וועלכע נעמען אַרום די יסודות פון יהדות — און ס׳איז מער נישט געווען קיין פראַגע, ווער ס׳איז אַ ייִד, נאָר בעיקר ווי אַזוי אַ ייִד? ווי אַזוי דאַרף זיך אַ ייִד פירן? און דאָס האָבן פעסטגעשטעלט די חכמי־התלמוד, די פוסקים, די גייסטיקע מנהיגים פון פאָלק, די בעלי־מוסר, ווי ר׳ משה חיים לוצאַטאָ (תס״ז—1707; תק״ז—1747) אין זיין ספר ״מסילת ישרים״ [43]. און אַנדערע באַגרינדערס פון מוסר און פירערס פון די מוסר־באַוועגונגען און חסידות־באַוועגונגען.

מיט דער באַנייונג פון מדינת־ישראל איז אַרויפגעשווומען די פראַגע: ווער איז אַ ייִד?

בימי בן־גוריון האָט דער מיניסטער ישראל בר־יהודה געשטעלט די פראַגע אויפן סדר־היום פון דער כנסת און בימי גאָלדע מאיר האָבן אַ צאָל תושבים זיך באַמיט נאָך אַ מאָל צו ברענגען אין דער עפנטלעכקייט די פראַגע ״מיהו יהודי״ — און דאָס, אין שייכות מיטן דערמאָנען משפט־שליט און דעם פסק פון בג״צ. דער קוויל פון פּראָבלעמען אין שייכות מיטן חוק־השבות איז געקומען אויפן אויבערפלאַך און ס׳איז אויפגעפרישט געוואָרן דער משפט פון ברודער דניאל [רופאייזען] פון 1968. די מפד״ל־מזרחי־מיניסטאָרן און חברי־כנסת זענען געשטעלט געוואָרן אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט. זיי האָבן געשטעלט דער מערך־רעגירונג ביי דער מאַכט אַן אולטימאַטום: אָדער מ׳זאָל אָננעמען אַ געזעץ אַז אין ״חוק־השבות״ זאָל גיור מוז זיין לויטן ייִדישן דין, אָדער זיי פאַרלאָזן די קאָאַליציע.

אינעם ״פּולמוס מיהו יהודי״ זענען געווען פאַרמישט רבנים, אינטעלעקטואַלן און פאַרטיי־פירערס פון אַלע ריכטונגען [44]. אין דער כנסת איז אָנגעגאַנגען די דעבאַטע צווישן די רעליגיעזע און די סעקולאַריסטן: דעפּ. הרב שלמה לאָרענץ האָט אַריינגעבראַכט דעם פאָרשלאַג צו אַמענדירן דעם חוק־השבות מיט אַ גרות־פאַרזיכערונג׳ כהלכה. דאַקעגן דער יוריסט גדעון האַוזנער איז געגאַנגען אַ ביסל ווייטער, און געוואָלט אַ געזעץ וואָס זאָל דערלויבן ציווילע חתונות, נשואין אזרחים.

ס׳איז געווען אַ געפאַר פון אַ ״פּילוג צווישן שומרי מצוות און מחללי מצוות״. די פאַראַנטוואָרטלעכע פירערס, די גייסטיקע און פּאָליטישע, האָבן זיך אָנגעשטרענגט נישט צו דערלאָזן צו אַזאַ צעטיילונג, וואָס קאָן חלילה פירן צום גרעסטן חורבן.

זיי האָבן זיך באַמיט, אויב נישט צו שטעלן דאָס ייִדישע פאָלק ווי אַ מאָל ביים באַרג סיני "כּאיש אחד בלב אחד", זאָל קהל־ישראל אין מדינת־ישראל אָנהאַלטן די פאָלקס־אייניקייט אויף די עיקרים אין יהדות.

די מפד"ל־מיניסטאָרן האָבן דאַן אַרויסגעשטעלט אַ צאָל פּונקטן און געלאָזט וויסן, אַז אויב די רעגירונג וועט נישט איינגיין אויף די פּונקטן, וועלן זיי פאַרלאָזן די קאָאַליציע. איינער פון די פּונקטן איז געווען, אַז גיור מוז ווערן דורכגעפירט כּדין וכּהלכה און אַז צום חוק־השבות מוז מען צוגעבן דאָס וואָרט כּהלכה.

ס'האָט אויסגעזען אַז די רעגירונג איז מסכּים, אַז דאָס "צוריקקער־געזעץ" וועט אַמענדירט און אויסגעבעסערט ווערן. דאָס געזעץ איז נישט אויסגעבעסערט געוואָרן.

מיר וועלן נישט אַריינגיין אין די פּרטים, נאָר בלויז איבערגעבן, ווי די רעליגיעזע מנהיגים האָבן רעאַגירט: דער ליובאַוויטשער רבי שליט"א, און מיט אים די אדמו"רים פון גער, וויזשניץ און אַנדערע האָבן געשטורעמט, האַלטנדיק, אַז דאָס איז די שווערסטע גזירה זינט ייִדן זענען געוואָרן אַ פאָלק, רעגיסטרירן נישט־ייִדן אַלס ייִדן.

רבנישע מנהיגים אין ישראל און אין די תּפוצות־ישראל האָבן אַלאַרמירט דעם דעת־הקהל און געהאַלטן אַז מען דאַרף נעמען די שאַרפסטע שטעלונג, אַז עס מוז דורכגעפירט ווערן דאָס כּהלכה־געזעץ. אויף רבנישע קאָנפערענצן איז דאָס געוואָרן די הויפּטטעמע.

דאַקעגן די גייסטיקע מנהיגים פון דער רעפאָרם־באַוועגונג, פון די קאָנסערוואַטיווע און ליבעראַלע טיילן פון ייִדנטום, האָבן געשטיצט און שטיצן נאָך דאָס געזעץ אָן דעם הלכהדיקן צוגאָב.

מיר האַלטן שוין אין יאָר תשמ"ח—1988 און דער תּיקון "מיהו יהודי" איז נאָך אַלץ אויפן טאָג־אָרדענונג.

## ב. ווי אַזוי אַ ייִד. — גרות לויט דער הלכה. — אַ ייִד וואָס זינדיקט בלייבט אַ ייִד. — גרות אַ מאָל און היינט. — אין דער מדינה און אין די תּפוצות.

דאָס פּראָבלעם גיור כּהלכה, אַז דאָס גרות דאַרף זיין לויט הלכה־פּרינציפּן, איז נישט ניי. דעם מוסטער פון אַ גר, אָדער גרטע, האָבן מיר שוין אין תּנ"ך: יתרו און רות. וועגן ערשטן איז נישט אַזוי קלאָר זיין גרות, אָבער וועגן דער צווייטער, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן, אין מיינע פריערדיקע ווערק און אין די פריערדיקע פּרקים, האָבן מיר די פולע קלאָרקייט. זי איז אַ קלאַסישער מוסטער פון אַ

גרטע — און נישט ווי זי ווערט געשילדערט אין משה שמירס פּיעסע "הלילה לאיש". נאָך מער: די מגילה וועגן איר איז פון די קלאַסישע, אין שייכות צו דער ייִדישער עטיק און מאָראַל.

די חכמי־התלמוד האָבן געשטעלט די פראַגע: "מגילת רות למה נכתבה?" — צו וואָס איז געשריבן געוואָרן מגילת רות? — דיך צו לערנען, צו ווייזן דעם גוטן שכר און לוין וואָס דער מענטש קריגט פאַר גוטסקייט — "שכר טוב לגומלי חסדים..." די מגילה איז כּולה חסד: דער חסד פון בית־לחם־מענטשן צו העלפן אַ פרעמדע, עלנטע פרוי; דער חסד פון אַ פּרינצעסין וואָס גיט זיך איבער דער ייִדישער אמונה; חסד פון אַ שופט, בועז, וואָס נעמט זיך איבער מיט איר פיינקייט, ערלעכקייט און שטאַרקן כאַראַקטער צו פאַרלאָזן עלטערן, געבוירן־לאַנד. זיך לאָזן אין דער פרעמד.

ביי דער גרענעץ צווישן מואב און יהודה האָט עס פּאַסירט: ערפּה גייט צוריק אין איר לאַנד. אָבער רות גייט מיט מיט איר שוויגער, "כּי אל אשר תלכי — אלך... עמך עמי, אלהיך — אלהי". מיט אַזאַ גאַנג אין לעבן, האָט זי אָן ספק געהאַט דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען פונעם גואל "ופרשת את כנפיך על אמתך כּי גואל אתה"...

די חכמי־התלמוד האָבן געזען אין אַלע אירע האַנדלונגען די סאַמע ריינקייט, אצילותדיקייט, ערלעכקייט און צניעותדיקייט. ווי עס ווערט אויסגעדריקט אין דער אגדה איז זי געווען "טהורה מכּל נשיו" און בועז האָט דערקלערט: "רבון העולמים, גלוי וידוע לפניך שלא נגעתי בה".

אַנדערש איז מיט די נשים נכריות וועלכע שלמה המלך האָט אַריינגעבראַכט אין זיין פּאַלאַץ. זיי זענען אויך געווען גיורות, גרטעס, אָבער נישט לויט דער פּולער הלכה[1]. ווי דער רמב"ם לערנט, זענען זיי געווען אונטערן חשד פון נישט געהעריקער גרות־פּראָצעדור — "גיור בפני הדיוטות" — אָבער דער בית־דין האָט נישט געוואָלט מבטל מאַכן זייער גרות: "והיה בית־דין הגדול חוששין להם, לא דוחין אותן אחרי שטבלו מכּל מקום ולא מקריבין אותן". ס'איז אויך געווען אַ חשד, אַז זייער גרות איז נישט געקומען מחמת איבערצייגונג און אַזעלכע סאָרטן גרות זענען עלול אַריינצוברענגען אַ צעמישעניש אין ייִדישן לעבן.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויספירלעכער וועגן דער פּראָצעדור און וועגן דער התקרבות פון גרים. פריער מוזן מיר אַריינברענגען אַ ביסל קלאָרקייט אינעם ענין "ווער איז אַ ייִד", אַ פּראָבלעם וואָס איז אַרויפגעשוווּמען נאָכן עטאַבלירן מדינת־ישראל און נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע מלחמה מיט די שכנישע אַראַבישע לענדער. דוד בן־גוריון האָט זיך דאַן געווענדט צו גדולי־ישראל, זיי זאָלן זיך אַרויסזאָגן ווער ס'איז אַ ייִד. אויפן גרונט פון די תשובות וואָס ער האָט באַקומען

איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַ ייִד איז דער וואָס איז געבוירן פון אַ ייִדישער מוטער, אָדער וואָס האָט זיך מגייר געווען.

די פראַגע איז געווען: וואָס פאַר אַ גרות? דאָס אָרטאָדאָקסישע ייִדנטום — אַלע ריכטונגען — האָבן געפאָדערט אַ געזעץ וואָס זאָל מאַכן קלאָר, אַז גרות דאַרף זיין על־פּי הלכה, לויט די פאָרשריפטן פון תלמוד און שולחן ערוך. מיר האַלטן שוין פערציק יאָר זינט דער עטאַבלירונג פון דער מדינה און מיר האָבן שוין אַ נייע פאַראייניקטע רעגירונג און דער פאָרלאַנג איז נאָך אַלץ נישט דורכגעפירט געוואָרן. די אגודת־ישׂראל, לויטן באַשלוס פון מועצת גדולי התורה, איז אַריין אין דער קאָאַליציע, מיטן באַדינג מתקן צו זיין דאָס געזעץ. דערווייל איז דער תיקון נאָך נישט געקומען.

דער ליובאַוויטשער רבי שליט״א, די אגודת הרבנים, הסתדרות הרבנים, איגוד הרבנים שטורעמען אַז דאָ קען נישט זיין קיין פשרה און אַז די פריערדיקע בעגין־רעגירונג האָט זיך מתחייב געווען אויסצובעסערן דעם ״חוק־השבות״, אַז אַ ייִד קאָן מען נאָר ווערן, אויב מען איז זיך מגייר על־פּי הלכה. דאָס געזעץ איז נישט אַמענדירט געוואָרן.

אין זיין יערלעכן הלכה־שיעור צו דער יאָרצייט פון זיין פאָטער ר׳ משה סאָלאָווייטשיק ז״ל, האָט הרב הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק דערקלערט אין נאָמען פון זיין זיידן ר׳ חיים זצ״ל, אַז הלכה מיינט נישט בלויז פּסקי דינים, נאָר זי דריקט אויס השקפה פון יהדות — אויב ס׳איז נישטאָ קיין הלכה, איז נישטאָ קיין יהדות. גיור מוז זיין כהלכה!

דאָס פּראָבלעם איז אָבער נישט אַזוי לייכט צו לייזן, ווייל ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאָנפראָנטאַציע צווישן דער אָרטאָדאָקסיע מיט די קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרמירטע גייסטיקע מנהיגים. די לעצטע פאָרלאַנגען אָנערקענט צו ווערן ווי אויטאָריטעטן אין די דאָזיקע ענינים. זיי פירן היינט, ווי אין 1962, אַ העפטיקן קאַמף פאַר אָט דער אָנערקענונג.

אין יאָר תשכ״ב האָט דער דעמאָלטיקער קאַנצלער פון קאָנסערוואַטיוון סעמינאַר, פּראָפעסאָר אליעזר (לואיס) פינקלשטיין, מחבר פון אַ ריי ספרים, פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אין ירושלים, בכדי צו קומען צו אַ הסכם מיט דער רעגירונג און מיט דער רבנות הראשית. ער האָט די דאָזיקע אָנערקענונג נישט דערגרייכט. אָבער די קאָנסערוואַטיוון האָבן נישט אויפגעגעבן זייער קאַמף, וואָס ווערט אַלע מאָל שאַרפער און דראַענדיקער.

ס׳איז נישט אונדזער אויפגאַבע אַריינצוגיין אין די הלכישע פּרטים פון גרות. די גדולי־הפוסקים, זיך שטיצנדיק אויף מאמרי חז״ל, האָבן שוין פעסטגעשטעלט מיט דער פולסטער קלאָרקייט, ווי אַזוי גרות, וואָס פאַר אַ סאָרט גרות, ווען

מ׳זאָל מגייר זיין — דער ערשטער באַדינג איז ״קבלת המצוות״, דער גר אָדער די גרטע זאָל אויף זיך נעמען מקיים צו זיין די מצוות.

הרב אליעזר בערקאָוויץ, אין אַ מאמר ״בירורים בדיני גירות״ [2], שטעלט זיך אָפּ אויפן זאָג: ק ב ל ת ה מ צ ו ו ת. ער באַמיט זיך צו באַווייזן פון תלמוד [3] און פון ראשוני הפוסקים, אַז קבלת המצוות, ווי מיר פאַרשטייען עס, איז נישט מעכּב די גרות, אויב ס׳איז געווען מילה און טבילה. ווען דער גר גייט דורך דעם דאָזיקן ריטואַל, גייט ער שוין אַרויס פונעם כּלל עכּו״ם — ווערט ער אַ גר. דאָס וואָס די גמרא זאָגט: ״מודיעין לו מקצת מצוות״ — האַלט ער — איז אַ לכתחילה־זאַך, אָבער בדיעבד, ווען מ׳האָט דורכגעפירט גרות אָן דעם צו לאָזן אים וויסן די הלכות, די מצוות, בלייבט ער שוין אַ גר [4].

ס׳דאַרף אָבער דאָ געזאָגט ווערן, אַז אַפילו מ׳זאָל אָננעמען אַז הודעת המצוות איז נישט מעכּב, איז אָבער קבלת המצוות — אינעם זין פון קיום המצוות — יאָ מעכּב און ס׳דאַרפן זיין עדות, אַז דער גר האָט גענומען אויף זיך די דאָזיקע תּורה־פּרינציפּן און דער עיקר, אַז ער וועט זיך אָפּזונדערן פון דינען צו דער עבודה־זרה; אַז ער גלייבט באמונה שלימה אין אחדות אלהות — אינעם מאָנאָטעיִזם, ווי דאָס ווערט פאַרשטאַנען אין יהדות.

דער מקור, ווי אַזוי מקבל צו זיין גרים איז די גמרא [5] וואָס לערנט, אַז דער וואָס קומט און זאָגט, אַז ער איז אַ גר, איז מען אים נישט מקבל, ביז מיר האָבן עדות דערויף און די הלכה, ווי רבי יוחנן פירט אויס, איז אַז סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין חוץ־לארץ, דאַרף מען האָבן באַווייזן דורך עדות, אַז די גרות איז דורכגעפירט געוואָרן לויט דער הלכה [6].

די דאָזיקע שטרענגקייט ווי אַ המשך צו דעם וואָס רב חלבו האָט געזאָגט: ״קשים גרים לישׂראל כספחת״ [7], איז לויט דער מיינונג פון הרב גלאַזנער, אַ רעזולטאַט פון די אַנטווישונגען מצד דעם ערב־רב ביים אַרויסגייען פון מצרים. דעריבער האָט מען נישט מקבל געווען קיין גרים נישט אין דער צייט פון דוד און נישט אין דער צייט פון שלמה און מען וועט נישט מקבל זיין קיין גרים אין דער צייט פון משיח [8].

ס׳זענען דאָ מפרשים וועלכע זעען אין דער דאָזיקער שטרענגקייט אַ סתּירה צו דעם וואָס עס ווערט געזאָגט אין מסכת גרים [9]: חביבים הגרים, אַז גרים זענען געליבט און מען דאַרף זיי מקבל זיין מיט אהבה, מיט אָפענע אָרעמס און מיט געבן זיי אַלע פּריווילעגיעס און רעכט פון אַ ייִדן לויט געבורט [10]. ווען מען אַנאַליזירט די אַלע מאמרים, זעט מען אַז ס׳איז נישטאָ קיין סתּירה, און אַז מען קען זיי לייכט אויסטייטשן און דערקלערן. מיר האַלטן זיך ביים רמב״ם פּסק, אַז מיט דריי זאַכן זענען ייִדן אַריין אינעם הייליקן ברית: מילה, טבילה, קרבן און ווער ס׳גייט דורך דעם דאָזיקן ריטואַל און פּראָצעדור, דער ווערט באַטראַכט

פֿאַר אַ ישׂראל, געניסט פֿון אַלע פּריווילעגיעס, אַפֿילו ווען מיר ווייסן, אַז די גרות איז נישט געווען פּינקטלעך ווי רות המואביה האָט זיך אויסגעדריקט און ווי זי האָט פּראַקטיצירט איר גרות.

מיר האָבן, אין תּנ״ך צוויי גרים: יתרו און רות. דער ערשטער, ווי ער ווערט געשילדערט און ווי די תּורה גיט איבער וועגן אים, איז געוואָרן אַ גר־צדק. נאָכן הערן פֿון די נסים אין מצרים, קריעת ים־סוף, מלחמת־עמלק און נאָך און נאָך גרויסע זאַכן, האָט ער זיך מגייר געווען, זיך אויסגעדריקט: ״כּי גדול ד׳ מכּל אלהים...״[11]. נאָך דעם, ווי ער איז געווען אַ צייט מיט זיין גרויסן איידעם, מיט דעם גרויסן דור, איז ער דאָך צוריק אַהיים, צוריק צו זיין פֿאָלק און זיך נישט צוגעהערט צו די בקשות פֿון זיין איידעם: ״לכה אתנו והטבנו לך...״ געענטפֿערט: ״לא אלך, כּי אם אל ארצי ואל מולדתי אלך״[12].

אַנדערש איז געווען רות המואביה, די גיורת צדקת וועלכע האָט זיך פֿול־שטענדיק באַהאַפֿטן מיטן ייִדישן פֿאָלק, רעליגיעז און נאַציאָנאַל: ״עמך עמי ואלהיך — אלהי״[13], פֿאַרלאָזט איר געבוירן־לאַנד און געפֿונען איר גייסטיקע מנוחה אין יהודה — און אויף אַזעלכע גרים איז געזאָגט געוואָרן ״חביבים הגרים...״ אַז גרים זענען ליב און טייער, ווי דער פּסוק זאָגט: ואוהב גר...[14]. וועגן אַזעלכע גרים איז געזאָגט געוואָרן: ״חביב הגר על הקב״ה מן אותן אוכלוסין שעמדו על הר סיני״[15]. וועגן אַזעלכע גרים, לערנט מען, ״נדיבי עמים נאספו — עם אלקי אברהם״[16], אַז דאָס זענען די ״גרים המתנדבים מבין העמים, לקבל עליהם עול מצוות״[17].

יצחק ניסנבוים, אין זיין ״קניני קדם״[18], פֿאַרנעמט זיך מיטן ״ערב־רב״ וואָס איז אַרויס פֿון מצרים צוזאַמען מיט די ייִדן, אַז זייער קומען איז געווען די סיבה פֿון די צרות און ״צעמישעניש״ אין דער מדבר. ער ווייזט אָן אויף מקורים, אַז דער ערב־רב וואָס איז אַרויס פֿון מצרים, איז נישט געווען פֿון מצרים, ווייל אויב ס׳זאָלן געווען זיין מצרים, וואָלטן זיי געבליבן אינעם ים־סוף, ווי דער פּסוק זאָגט, ״לא תוסיפון לראותם עוד עד עולם״[19].

דער ערב־רב האָט געבראַכט ירידה נאָך ירידה. זיי האָבן דאָס פֿאַרגעשלאָגן צו מאַכן דעם עגל הזהב און זאָגן, אַז דאָס איז דער גאָט. זיי האָבן געבראַכט, אין לשון פֿון זוהר, די ״סטרא אחרא״ אויף דעם עמאַ קדישאַ[20]. וואָס שייך דער תּורה, האָט קיין איין פֿאָלק אינעם מיטעלן מזרח נישט געוואָלט זי מקבל זיין, צוליב אירע פּרינציפּן און פֿאַרבאָטן; בלויז די ייִדן האָבן אויף זיך גענומען מקיים צו זיין אי די עטישע און אי די מאָראַלישע מצוות; סיי די מצוות שבין אדם לחברו און סיי די מצוות שבין אדם למקום.

וועגן יתרו און צפּורה גיט אונדז ר׳ יצחק ניסנבוים אַ ביז גאָר לאָגישן מאָטיוו, פֿאַר וואָס ביים פֿאַרלאָזן מדין, ווערט געזאָגט: ״ויקח משה את אשתו

ואת בניו״ [21] און ביים קומען אין דער מדבר צוריק צום אײדעם, צום מאַן, צום פאָטער, ווערט געזאָגט: ״ויקח יתרו... את צפורה אשת משה... ואת שני בניה...״[22] — גערופן אויף איר נאָמען, ווייל, זאָגט ער, זי האָט זיי דערצויגן ביים זיידן דעם כהן מדין, ווי דער זוהר זאָגט ״אף על גב דבניו דמשה הוו — מלה דקשוט — בניה ודאי״ [23].

די מוטער איז געוויס געווען אַן אשה כשרה, ווי רש״י און מפרשים זענען מסביר דאָס וואָרט ״אשה כושית״ [24], אַז זי איז געווען אַ צנועה, אַ באַשיידענע, אַ גוטהאַרציקע — אַ פרוי מיט אַלע מעלות. זי איז אָבער דאָך געווען באַהערשט פון דער סביבה, באַאײנפלוסט פונעם פאָטער, באַהויכט פון אַ מדינישן גײסט.

אין אײנעם פון זײנע מאמרים פרעגט הרב בנציון פירער אויף דעם פסוק ״ויאמר משה לחובב בן רעואל המדיני חתן משה, נוסעים אנחנו אל המקום אשר אמר ד׳ אותו אתן לכם לכה אתנו... ויאמר אליו לא אלך כי אם אל ארצי ואל מולדתי אלך״[25] — פון וואַנען האָט משה רבנו געוווסט אַז יתרו וויל אַהיים צוריק צו זײן לאַנד, אַז ער האָט זיך געדאַרפט בעטן ביי אים, ער זאָל בלייבן מיט די ייִדן אין מדבר און צוליב וואָס דאָס דערמאָנען, אַז ער איז דער חותן און יתרוס פאָטער איז געווען רעואל... בעת ביים ערשטן באַזוך, ווען יתרו איז אַהיים געקומען צו זיך, ווערט בלויז געזאָגט: ״וישלח משה את חותנו וילך לו אל ארצו״ [26].

הרב פירער, אין פרשה־קאָמענטאַרן, גײט דאָ אַרײן אין אַ לענגערן, אויב נישט אויסשעפּלעכן מאמר, ציטירנדיק פונעם רמב״ן, אַז יתרו איז צום ערשטן מאָל געקומען פאַר מתן תורה [27] און נאָך דעם איז ער צוריק אַהיים מגייר צו זיין משפחה. ער איז נאָך דעם געקומען נאָך אַ מאָל און געהאַט אין געדאַנק צוריק צו זיין לאַנד און מער נישט צוריקצוקומען און וועגן דעם איז אָנגעגאַנגען דער שמועס צווישן אים און זיין אײדעם [28] — און דאָ, קומט דער הסבר פון הרב פירער, אַז נאָך דעם ווי ער האָט זיך דערוווסט וועגן דער ״פרישה״ פון משה — ״פירש מן האשה״ [29], ווי ער איז געבאָטן געוואָרן ״ואתה פה עמוד עמדי״ [30] — האָט עס אים פאַרדראָסן, האָט ער זיך דערווייטערט, ווייל משה איז מער נישט געווען זיין אײדעם. האָט יתרו געטראַכט, אַז אַפילו נאָך דעם ווי ער האָט זיך מגייר געווען, בלייבט ער אַלץ פאַרפרעמדט, דאַרף ער צוריק צו זיין לאַנד און דאָרט זיך אויסלעבן לויט תורה־משה.

אַ פאַקט איז, ווי מיר וועלן ווייטער זען, אַז ״גרים לא קיבלו חלק ונחלה בארץ־ישראל״ [31]. משה רבנו האָט זיך דעריבער געבעטן ביי אים צו בלייבן מיט די ייִדן. ער האָט אים דערקלערט, קען מען זאָגן, די מאָטיוון פון דער פרישה, יתרו זאָל בלייבן מיט די בני־ישראל און האָבן אַ חלק אין די אַלע טובות וואָס עס דערוואַרט די ייִדן.

ווי דער רמב״ן פירט אויס, איז יתרו געבליבן אין מדבר [32]. ווי מיר ווייסן זענען די יתרו־אַפּשטאַמיקע געבליבן געטריי צו ייִדן, געלעבט אין שכנות פון ייִדן און יעל אשת חבר הקיני האָט דאָך ממש געראַטעוועט די ייִדן אין דער צייט פון די שופטים, ווען דער ייִדישער ישוב האָט זיך געהאַלטן אין קאָנסאָלי־דירן. נישט אומזיסט איז זי באַזונגען געוואָרן פון דבורה הנביאה, ווי די ״מנשים באוהל תבורך״ [33].

א. ביכלער [34] ברענגט פון ספרי [35], אַז עס איז געווען אַ בונד מיט די רכבים וועגן וועלכע ירמיה הנביא זאָגט: ״לכן כה אמר ד׳ צבאות אלהי ישראל, לא יכרת איש ליונדב בן רכב עומד לפני כל הימים...״ [36]. די רכבים זענען געזעסן אין סנהדרין און געפּסקנט הלכות.

אין יהדות איז אָנגענומען געוואָרן די שטעלונג, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין אומצייליקע פסוקים און מאמרים, מקבל צו זיין גרים: ״השערים נפתחים בכל שעה וכל מי שהוא מבקש ליכנס יכנס״. ווען די טויערן פון חכמה זענען געעפנט געוואָרן און איבערגעצייגטע גרים האָבן זיך געמערט, האָט מען זיי מקבל געווען באהבה, ווייל ״אין הקב״ה פוסל לכל בריה, אלא לכל הוא מקבל״. די תורה לערנט אונדז: ״כאזרח מכם יהי׳ לכם הגר הגר אתכם ואהבת לו כמוך״ [37].

באַלד אין באַגין, אין פאַרמירן אַ ייִדיש פאָלק, האָט אברהם אבינו געוויזן דעם וועג, ווי עס ווערט געטייטשט ״ואת הנפש אשר עשו בחרן״ [38] שהכניסן תחת כנפי השכינה — אברהם האָט מגייר געווען מענער און שׂרה — פרויען. אברהם — ווערט געזאָגט אין דער אגדה [39] — זיצט ביים טויער פון גיהנום און לאָזט נישט אַריין געמלטע, אויסער דעם וואָס האָט געהאַט אינטימע, סעקסועלע באַציִונגען מיט אַ נישט־ייִדישער. ס׳ווערט אויך געזאָגט [40] אַז אברהם האָט געמלט די זין וואָס ער האָט געהאַט פון קטורה (אגב, דאָס זאָל זיין אַ באַוויז, אַז קטורה איז געווען זיין ווייב און נישט קיין שפחה) און אירע קינדער פון אים ווערן גערופן ״ילדי בית״.

תמנע איז געוואָרן די פּלגש פון אליפז, דעם זון פון עשו, דעם פאָטער פון עמלק וואָס האָט אָנגעטאָן אַזוי פיל צרות צו די בני ישׂראל, איז עס געווען אַן עונש, ווייל מ׳האָט איר אָפּגעזאָגט גרות [41].

מ׳האָט זיך תמיד באַצויגן זייער מילד צו גרים, אויסער אין צייטן ווען דאָס אַריינעמען גרים האָט געדראָט מיט אַ סכנה פאַר דעם קיום פון ייִדנטום.

אויפן פסוק אין נחמיה [42]: ״וכל הנבדל מעמי הארצות אל תורת האלהים נשיהם ובנותיהם״, טייטשט רש״י, אַז דאָס זענען די גרים וועלכע זענען אוועק פון געצן־דינעריי, געוואָרן צדיקים און זיך באַהאַפטן צו דער תורה פון הקדוש ברוך הוא ״ולשמור מצוותיו״ — צו היטן זיינע געבאָטן.

אין משיחס צייטן — זאָגט מען — וועט מען נישט מקבל זיין קיין גרים.

ווי דער זוהר דערקלערט, וועט מען יאָ מקבל זיין גרים, נאָך דעם ווי מען וועט פּטור ווערן פונעם ערב־רב און דאָס גרויסע ליכט פון משיח וועט אויפשיינען פאַר דער גאַנצער וועלט: ״ונלוו גויים רבים אל ד׳ ביום ההוא והיו לי לעם״ [48].

די גרים אין צייט פון משיח וועלן נישט גיין אָפּגעזונדערט ווי די בני יתרו אַ מאָל, אָדער ווי די כּוזרים אינעם מיטל־עלטער. זיי וועלן קומען מיט אַ קלאָרער שפּראַך: ״שפה ברורה לקרא כולם בשם ד׳ לעבדו שכם אחד״ [44] און דאַן וועט עס זיין ״נכון יהיה הר הבית...״ [45].

## ג. די פּאָלעמיק אַרום דער פראַגע ״ווער איז אַ ייִד״. — ענטפערס פון רבנישע פּערזענלעכקייטן. — נאָך אַלץ אויפן סדר־היום.

ווי געזאָגט, האָט זיך די פראַגע ״ווער איז אַ ייִד״, פאַרשאַרפט אין 1955, ווען דער דעמאָלטיקער שר־הפּנים, בר יהודה, האָט פאָרגעשלאָגן, אַז אַ דעקלאַראַציע פון ווילִיקייט צו ווערן אַ ייִד זאָל באַרעכטיקן דעם עולה רעגיסטרירט צו ווערן אַלס ייִד און ער זאָל געניסן פון אַלע פּריווילעגיעס ווי אַ ייִד.

די רעליגיעז־ייִדישע וועלט איז דאַן אַרויס מיט דער שאַרפסטער פאַרדאַמונג קעגן אָט דעם פּראָיעקטירטן געזעץ. די רעליגיעזע מיניסטאָרן האָבן רעזיגנירט. דוד בן־גוריון, דאַן ראש־הממשלה, האָט קיין אַנדער עצה נישט געהאַט, ווי זיך ווענדן צו די גדולי־הדור, זיי זאָלן זיך אַרויסזאָגן ״מיהו יהודי״.

די פּאָלעמיק האָט זיך געצויגן אַרום דריי יאָר, ביז 1958, ווען ס׳איז קלאָר געוואָרן פאַר בן־גוריונען, אַז אַפילו די טעאָרעטיקערס און פירערס פונעם קאָנ־סערוואַטיוון ייִדנטום זענען קעגן אַזאַ שריט: פון די 45 ענטפערס אויף דער אַנקעטע, האָבן 37 געענטפערט, אַז מ׳קען נישט אָפּטיילן ״דת״ פון ״לאום״ אינעם טערמין יהודי. בלויז 5 האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז מ׳זאָל אין דער ישראל־קאָנסטיטוציע אָפּטיילן דעם שטאַט פון דער רעליגיע, אַז די מדינה זאָל געפירט ווערן לויט די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטיע, ווי ביי אַנדערע פרייע מדינות, געמיינט די פאַראייניקטע שטאַטן.

דוד בן־גוריון האָט אין 1958 געקראָגן ענטפערס פון רבנים אין ישראל: פון הרב הראשי ר׳ יצחק אייזיק הלוי הערצאָג זצ״ל; פון ר׳ יחזקאל סאַרנאַ זצ״ל; פון הרב ר׳ יהודה לייב מימון זצ״ל, פון הרב ר׳ שלמה יוסף זעווין זצ״ל און יבדל לחט״א פון הרב שלמה גורן — אַלע מיט אַ דעפיניטיוון ענטפער: אַ ייִד איז דער, וואָס איז געבוירן ביי ייִדישע עלטערן, אָדער אין פאַל פון אַ געמישטער חתונה, ווען די מוטער האָט זיך מגייר געווען כּדין וכּהלכה; אויב די מוטער

איז אַ נוכרית, זי האָט זיך נישט מגייר געווען לויטן ייִדישן דין, איז דאָס קינד, אַפילו ווען דער פאָטער איז אַ ייִד, נישט ייִדיש.

די ענטפערס פון רבנים אין די תפוצות זענען געווען ענלעך צו די פון די ישראל־רבנים. ס'האָבן צוו"א געענטפערט: דער ליובאַוויטשער רבי אדמו"ר ר' מנחם מענדל שניאורסאָן שליט"א; הרב דר. יוסף סאָלאָווייטשיק שליט"א; הרב ר' חיים העלער זצ"ל און אַנדערע גדולי הפוסקים. אַ קאַטעגאָרישער ענטפער: "ילד הבא מן הנכרית הרי הוא כמותה... נכרי שמל ולא טבל, אינו גר עד שימול ויטבול".

הרב שאול ליבערמאַן ז"ל און די באַרימטע שריפטשטעלערס: פּראָפ' הוגאָ בערגמאַן, יחזקאל קויפמאַן, אפרים א. אורבאַך, אברהם יהושע העשל, אהרן צייטלין און אַנדערע גדולי המחשבה האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קלאָר און דייטלעך: גרות מוז דורכגעפירט ווערן אויף דעם אופן, ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביי די חכמי־התלמוד, די גרונטלייגערס פון יהדות.

בלויז אַ מיעוט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ מילדערער און ל י כ ט ע ר גרות.

דער ענין גרות און "מיהו יהודי" איז באַנייט געוואָרן דורך דעם פאַרלאַנג פון משומד דניאל רופאייזען — "פאַטהער דעניעל". זיין פאַרלאַנג — דאָס פאַרקערטע: בלייבן אַ קריסט, לויט דער אמונה און זיין אַ ישראלי, לויטן נאַציאָנאַלן סטאַטוס.

דער דאָזיקער דניאל איז געבוירן געוואָרן אין 1922 אין פוילן ביי ייִדישע עלטערן. אין 1941 איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, אָבער זיך געראַטעוועט דורך אַ דאָקומענט, אַז ער איז אַ קריסטלעכער דייטש. ער איז דערנאָך דערהויבן געוואָרן צו אַ נאַציאָמט, סעקרעטאַר און איבערזעצער פאַר דעם מירער געטאָ. דער דאָזיקער אַמט האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען ייִדן און ער האָט געראַטעוועט אַ סך ייִדן פון זיכערן אומקום. אויס מוראָ, די נאַציס זאָלן נישט אויסגעפינען אַז ער איז אַ ייִד, איז ער אין 1942 אַוועק פון זיין פּאָסטן, געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן צווישן קריסטן און געוואָרן אַ פּוילשטענדיקער קריסט און אַזעלכער איז ער געבליבן שוין נאָכן קריג. אין 1954 האָט ער געקראָגן דעם טיטל: "ברודער דניאל — פּראָפאַגירער פון קריסטנטום", אַ סאָרט מיסיאָנערישן טיטל. אַ צייט שפּעטער איז ער דערהויבן געוואָרן צום טיטל פּאָטער, ער האָט זיך באַזעצט אין ישראל און דווקא געוואָלט אַנערקענט ווערן אַלס ייִד פון דער קריסטלעכער אמונה. די דאָזיקע בקשה האָט אויפסניי דערוועקט די פּאָלעמיק, ווער איז אַ ייִד. דניאל האָט געטענהט, אַז דער "שבות"־געזעץ גיט אַ געשמדטן ייִד די זעלביקע רעכט ווי יעדן ייִד וואָס איז עולה קיין ישׂראל.

דעם פּאָטער דניאלס פאַרלאַנג איז איבערגעגעבן געוואָרן צום העכסטן געריכט.

די מערהייט פון בג"צ האָט אָפּגעוואָרפן זיין בקשה און אָפּגעווענדט זיינע טענות. דער שופט ר' משה זילבורג ז"ל, אַ תּלמיד־חכם מובהק און אַנערקענטער יוריסט, האָט אָנגעוויזן, אַז ס'איז ריכטיק, אַז לויט דער רעליגיעז ווערט אַפילו אַ זינדיקער ייִד געררעכנט אַלס ייִד: "ישראל אף־על־פּי שחטא ישראל הוא" [1], זיין ווייב מוז האָבן אַ גט, ער ווערט באַטראַכט פאַר אַ ייִד, וואָס שייך עונשין, דינים אישות־פאַמיליאַרע וכדומה — ער איז אָבער נאַציאָנאַל נישט קיין ייִד און אַזוי ווי דיביידע גייען זאַלבענאַנד, קען ער נישט אַריינגענומען ווערן אין כּלל־ישׂראל צו געניסן פונעם חוק־השבות, ווי אַ פולשטענדיקער ייִד. צו זיין אַ ייִד — האָט דער שופט געשריבן אין זיין טעקסט — מיינט, נישט צו זיין אַ קריסט; זיין ביידע צוזאַמען, קריסט און ייִד, איז אַן אוממעגלעכקייט.

די אַנדערע שופטים האָבן מסכּים געווען צו דער דאָזיקער שטעלונג, ווען אַפילו די מאָטיוון וואָס זיי האָבן אָנגעגעבן זענען געווען אַ ביסל אַנדערש. דער אורטייל: "האח דניאל, אינני בן לאום יהודי ואף לא בן לאום פולני... הוא ב ל י  ל א ו ם וכך יירשם בתעודת הזהות". ברודער אָדער פאָטער דניאל איז נישט קיין ייִד צו געניסן פונעם חוק־השבות.

ווי אַ געוואַלטיקער בקי אין ראשונים, האָט דער שופט ר' משה זילבורג זיך אין זיינע מאמרים באַנוצט מיט מקורותדיקע ציטאַטן. אויפן יסוד פון זיין אַנאַליטישן צוגאַנג איז ער געקומען צו זיינע לאָגישע אויספירן: אַ מעגלעכקייט מתּיר צו מאַכן "בקהל ישראל" פעסטגעשטעלטע ממזרות; ציווילע חתונות פאַר אַזעלכע, וועלכע טאָרן נישט קומען בקהל ישׂראל, זיי זאָלן לעגאַליזירט ווערן לויט אומשטאַנדן און באַדינגונגען.

צי זיינע טענות זענען אויסגעהאַלטן, וועלן מיר איבערלאָזן צו רבנישע אויטאָריטעטן, אַזעלכע וועלכע קענען באַווייזן דעם "כּחא דהיתּירא" און וועלכע זענען באַהויכט פון רחמנות־געפיל צו די ליידן פון קינדער, געבוירענע דורכן פאַרבאָטענעם געשלעכט־פאַרקער: רבנישע אויטאָריטעטן וועלכע באַנעמען דאָס אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם פאַר אַזעלכע קינדער און קענען געפינען אין דער שאלות ותשובות־ליטעראַטור אַ מקור אין הלכה צו קענען פאַרלייכטערן און דערביי נישט צעשטערן די ריינקייט פון ייִדישן פאַמיליע־לעבן.

אַזעלכע ענינים דאַרפן איבערגעגעבן ווערן צו רבנים וועלכע האָבן דעם ד ע ת און דעם ד ת התּורה, ווי אַזוי צו פאַרהיטן פון אויסגעלאַסנקייט און צעלאָזנקייט, ווי אַזוי פאַרהייראַט לעבן זאָל זיין געהייליקט און ווי אַזוי צו דערפילן דאָס געבאָט "לא יבא ממזר בקהל ד'", וואָס דער מאָטיוו פון דער תּורה־האַרבקייט איז געווען פאַרהיטן פון אומטרייהייט אין אישות. דעריבער אַזאַ האַרבע שטראָף. דעריבער איז אויך דער קאָנסעקווענטער פאַרלאַנג מצד די

היטערס פון דער ייִדישער מאָראַל, אַז גיור, דאָס אַריינגעמען מענטשן פון דער פרעמד, מוז זיין כהלכה.

מיר מעגן קומען צו אַן אַקסיאָם, אַז בלויז אין אַבסטראַקטע, מעטאַפיזישע פּרינציפּן קאָן זיין אַ סאָרט אַבסאָלוטקייט, אָבער נישט אין פּראַקטישע, קאָנקרעטע מעשים, ווען אַפילו דער יסוד איז אַ רעליגיעזער, געבויט אויף אַ טיפן דורכגעדרונגעם גלויבן באמונה שלימה. פאַראַן מאָמענטן, ווען די צייט, די אומשטאַנדן פאָדערן אַ געוויסן אָפּנייג, כּדי צו ראַטעווען דאָס גאַנצע. ווען עס איז פאַראַן אַ העכערער ציל, מעג מען, מוז מען בייטן געוויסע שטרענגקייטן, ווי למשל, ווען רבי יהודה הנשיא, רבנו הקדוש, האָט אין זיין צייט באַשלאָסן מחבר צו זיין די משנה, די תּורה שבעל־פה זאָל ווערן תּורה־שבכתב, שטיצנדיק זיך אויף דעם פּסוק "עת לעשות לד׳ הפרו תּורתך" [2] — פשוט, איז דער טייטש: עס איז צייט פאַר גאָט צו טאָן; זיי האָבן פאַרשטערט דיין תּורה [3] און אויך מתקן געווען, "שיהא אדם שואל את שלום חברו בשם", ווי רבי נתן טייטשט דעם פּסוק: "הפרו תּורתך משום עת לעשות לד׳". רש״י איז מסביר:

"פעמים שמבטלים דברי תּורה, כּדי לעשות להשם. אף זה המתכוין לשאול לשלום חברו, זה רצונו של מקום, שנאמר ׳בקש שלום ורדפהו׳, מותר להפר תּורה ולעשות דבר ה נ ר א ה אסור" (קורסיוו — ג. ש.).

רבנו גרשם האָט אַרויסגערופן אַ חרם אויף פּאָליגאַמיע, וואָס לויט דער תּורה און דעם תּלמוד איז אַזאַ פאַרבאָט נישטאָ. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן צו שטאַרקן דאָס תּורהדיקע לעבן, צו שטאַרקן די ייִדישע טראַדיציע, אָבער נישט נייע מנהגים, נייע תּקנות וועלכע זענען עלול צו צעשטערן דעם כּרם־ישׂראל, די ריינקייט אין ייִדישן משפּחה־לעבן, די ייִדישע מאָראַל, די ייִדישע עטיק.

נישט אומזיסט האָבן די חכמים פון יענעם דור, בעתן געראַנגל מיט דער קריסטלעכער סעקטע און דעם אונטערגאַנג פון מלכות־יהודה, איינגעפירט תּקנות צו שמידן די גאָלדענע קייט, צו האַלטן פאַרבונדן ייִדן אין זייער צעשפּרייטקייט אי ווערטיקאַל, אי האָריזאָנטאַל און סטימולירן די שאַפנדיקע כּוחות בייםייִדנטום, אומעטום ווו נאָר זיי געפינען זיך. אַ דאַנק זייער וויזיע האָבן מיר באַוויזן אָנצוהאַלטן אונדזער לעבנסוועג, אונדזער קולטור, און געשטאַנען העכער ווי אַ סך פון די שכנישע פעלקער, אינטעלעקטועל און נאָך מער מאָראַליש. דער דאָזיקער המשך איז נויטיק אויך אין אונדזער צייט, אין דער תּקופה פון דער באַנייטער מדינת־ישׂראל.

ווי אַזוי האָט מען געטייטשט דעם פּסוק אין ישעיה: "ישׂראל לא ידע, עמי לא התבונן" ישׂראל ווייסט נישט, מיין פאָלק קוקט זיך נישט אַרום [4] — ישׂראל ווייסט נישט לשעבר, זיין פאַרגאַנגנהייט, דעריבער טוט מען נישט באַטראַכטן

לעתיד — די באַדערפעניש פון דער צוקונפט. די צוקונפט קען נאָר געזיכערט ווערן דורך המשך מיט דער פאַרגאַנגנהייט [5].

ייִדנטום נעמט אַרום סיי דאָס אמונהדיקע, דעם דת־יהדות, און סיי דאָס נאַציאָנאַל־סאָציאַל־קולטורעלע — אַ ציוויליזאַציע, אַ וועלט־אַנשויונג. יעדער אופן פון צעטיילן, אָפּטיילן פון דער דאָזיקער גרויסאַרטיקער סטרוקטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די אבות פון פאָלק און איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביים באַרג סיני, איז עלול צו צעשטערן חלילה דעם גאַנצן בנין.

דאָס איז אַ ברייטע טעמע און מיר ווילן זיך דאָ בלויז אָפּשטעלן וועגן דער שטעלונג פון פּראָפ׳ זילבורג הן בנוגע זיין גרות־טעזע און הן בנוגע ציווילע חתונות.

וואָס שייך נישואין אזרחיים, האָבן מיר אַ ביז גאָר רייכע שאלות ותשובות־ליטעראַטור און בלויז רבנים מומחים האָבן אַ רעכט זיך צו מישן אין דעם קאָמפּליצירטן ענין.

לויט דער הלכה האָט פּראָפ׳ זילבורג — און מיט אים אַ גרעסערע צאָל פאָרשערס — אָנגעוויזן, אַז כדי צו לייזן דאָס פּראָבלעם ממזרות און אויך געוויסע גרות, זאָל עס געטאָן ווערן דורך נישואין אזרחיים, דורך ציווילע חתונות.

אין דער דעמאָלטדיקער פּאָלעמיק האָבן זיך אַרויסגעזאָגט גדעון האַוזנער, די פּראָפעסאָרן הוגאָ בערגמאַן, ישעיהו לייבאָוויץ און אַנדערע, אָלע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פּאָזיטיוו אַנצונעמען אַזאַ סאָרט געזעץ.

די קעגנערס האָבן אָבער אָנגעוויזן, אַז אַזאַ געזעץ שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָפענעם דורכבראָך אין דער משפּחה־ריינקייט וואָס איז געהיט געוואָרן אין משך פון דורות און קען נישט און טאָר נישט געלייזט ווערן דורך דעם ״אין ברירה״ מאָטיוו, ווייל ״משפּחה שנטמעה — נטמעה״ [6] ווייל זיי וועלן דאָך רעגיסטרירט ווערן אַלס קינדער פון אַ ציווילער הייראַט און נאָך דעם וועלן זיי קומען בקהל ד׳. פאַקטועל וואָלט אַזאַ ״תיקון״ אַריינגעבראַכט אַ כאַאָס אין ייִדישן פאַמיליע־לעבן; אַזאַ סאָרט נשואי תערובת וואָלט געשטעלט אין סכנה די גאַנצקייט און ריינקייט פון ייִדן; אַ ציווילער סטאַטוס, אָפּיציעל אָנערקענט אין מדינת־ישראל, וואָלט געפירט צו דער אויסמישונג פון ייִדן מיט נישט־ייִדן און בכלל צו הפקרות.

בעת דער פאַרשאַרפטער פּאָלעמיק האָט מפד״ל, ווי אַ פּאַרטיי, געקעמפט פאַר דעם תיקון פון חוק־השבות, מיטן צוגאָב כהלכה, אָבער אין יענעם מאָמענט נישט געווען גרייט אַרויסצוטרעטן פון דער רעגירונג און אויפלייזן די קאָאַליציע [7].

די רבנים, הרב הראשי הגרא״י אונטערמאַן זצ״ל און דער פּוסק הדור הרב ר׳ משה פיינשטיין פון ניו־יאָרק זצ״ל, האָבן געשטורעמט קעגן אַזאַ שטעלונג, אָבער

מפד״ל האָט געהאַט דעם הסכם פון הרב ר׳ צבי יהודה קוק זצ״ל צו קעמפן אינערהאַלב דער רעגירונג פאַר דער אויסבעסערונג פונעם געזעץ און נישט דערפירן צו אַ שפּאַלטונג, וואָס וואָלט געשטעלט אין סכּנה דאָס געזעץ פון 1953, אַז די ענינים פון אישות: הייראַט און גט אין ישראל, מוזן זיין לויט די דינים פון דער תּורה, אַז בלויז די רבנישע געריכטן זענען אויטאָריזירט צו אורטיילן אין די דאָזיקע ענינים, לויט די האַרבע און פּרעציזע כּללים. מען מוז — האָבן מפד״ל־פירערס געהאַלטן — אַנהאַלטן פאַר דער צייט דעם סטאַטוס־קוואָ און זיך באַמיען אינערהאַלב דער רעגירונג, אַריינצוברענגען און מיט גוטן דער־גרייכן די אויסבעסערונגען.

״מיהו יהודי״ איז געווען און איז נאָך פון די אַנגעווייטיקסטע פּראָבלעמען, די ליכּוד־רעגירונג אונטער דער פירערשאַפט פון מנחם בעגין האָט נישט געלייזט די פראַגע.

יהדות — ווי מיר האָבן אָנגעוויזן — שליסט איין דאָס סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אין דער געזעלשאַפט: אברהם אבינו איז דער אב המון גויים, אָבער פון אים רעכנט מען זרע אברהם. דאָס פאָלק ישראל, צוזאַמענגעבונדן משפּחהדיק, ווערט אַן ״עד לבדד ישכּון ובגויים לא יתחשב״ [8] — אַ פאָלק וואָס רוט באַזונדער, און רעכנט זיך נישט צווישן די אומות״ אָדער, ווי משה רבנו דריקט זיך אויס וועגן זיין פאָלק: ״יעקב חבל נחלתו״ — וואָרום דער חלק פון גאָט איז זיין פאָלק, יעקב דער טייל פון זיין נחלה״ [9]. אויף די ביידע יסודות האַלט זיך דאָס ייִדנטום.

דאָס אַריינגעמען גרים קאָן זיין אַ ברכה און פאַרקערט — אַ קללה.

ר׳ פּדת, פון צווייטן דור אמוראים, זאָגט: ״לא הגלה הקב״ה את ישראל אלא כּדי שיתווספו עליהם גרים״ [10]. זיי קענען אָבער ברענגען אומגליק, ווי ר׳ חלבו (געלעבט אין דער זעלביקער צייט אין ארץ־ישראל). דריקט זיך אויס אַזוי שאַרף: ״קשים גרים לישראל כּספחת״ [11]. לויטן געוויינלעכן טייטש איז ער קאַטעגאָריש קעגן דאָס איילן זיך מיט אַריינעמען גרים, אָבער לויט אַ צאָל מפרשי־התּלמוד, האָט גאָר ר׳ חלבו געלויבט גרים, אַז זיי זענען מדקדק אין מקיים זיין די מצוות מיט דער גרעסטער אָפּגעהיטנקייט, און אַזוי אַרום רופן זיי אַרויס קטרוג אויף ייִדן [12].

דער באַדינג פאַר אַריינעמען גרים — איז פעסטגעשטעלט געוואָרן — דאַרף זיין, לויט דער געהעריקער פּראָצעדור פון הלכה, אַרום וועלכער דאָס ייִדנטום ווערט געשטעלט פאַראייניקט און שטאַרקט דעם פּרעסטיזש פון ייִדן און די אויטאָריטעט פון זייערע גייסטיקע פירערס. גאָלדע מאיר, וואָס איז בשעתה טיטולירט געוואָרן מיטן טיטל אם בישראל, האָט אַ מאָל געזאָגט: ״מעל לכל דבר שבעולם יש דבר אחד שהוא בעיני... מעל למדינת ישראל ומעל

לציונות, והוא קיום עם ישראל. בלי קיום עם ישראל אין צורך בשום דבר וגם לא יוכל להתקיים שום דבר אחר..." דאָס העכסטע איבער אַלץ, איבער יעדער זאַך אין דער וועלט... העכער פון דער מדינה, העכער פון ציוניזם, איז די עקזיסטענץ פון ייִדישן פאָלק... אָן דעם קיום פון פאָלק ישראל, איז נישטאָ קיין נויטיקייט פאַר קיין זאַך און קיין זאַך קען נישט עקזיסטירן... דאָס ערשטע און דאָס לעצטע — און דאָס וויכטיקסטע — איז די עקזיסטענץ... ווען מיר האָבן אַ פאָלק, דאַרף מען אַ מדינה, דאַרף מען אַלץ...

אהרן צייטלין ז"ל האָט, קאָמענטירנדיק גאָלדעס ווערטער, געשריבן:

"דיינע גאָלדענע ווערטער וועלן אַריין אין דער ייִדישער געשיכטע"[13].

דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשטעלט די פּאָלעמיק, צי ס'איז גענוג דער צוגאָב פונעם וואָרט "שנתגייר", צי מוז זיין די באַוואָרעניש: כּ ה ל כ ה. פּראָפ' זילבורג, ווי אַ מומחה, האָט געהאַלטן, אַז דאָס וואָרט שנתגייר, שליסט במילא אַריין כּהלכה. אַנדערע האָבן געצווייפלט, צי דאָס איז גענוג אָפּצושטעלן אַז געמישטקייט זאָל אָנערקענט ווערן... די ווירקלעכקייט האָט געוויזן, אַז צוליב דער אומקלאָרקייט האָט דער בית משפט העליון, מיט אַ מערהייט פון פינף קעגן פיר, באַשטימט צו רעגיסטרירן די שליט־קינדער ווי ייִדן.

דער ליובאַוויטשער רבי שליט"א האָט דערקלערט, אַז אַפילו נאָך דעם אָנגענומענעם צוגאָב־געזעץ ש נ ת ג י י ר, בלייבט אַלץ די געפאַר, אַז שופטים מיט סעקולאַרע השקפות זאָלן קענען אויסטייטשן דאָס געזעץ אויף אַן אופן, אַז יעדער סאָרט גיור זאָל אָנערקענט ווערן. ס'איז דעריבער — האַלט דער רבי — אומבאַדינגט נויטיק די קלאָרע דעפיניציע און רעגולאַמין. אין זיין לשון: "כּתורה וכהלכה", אַז אַ ייִד קאָן מען ווערן נאָר אויף דעם אופן ווען מ'גייט דורך דעם פּראָצעס פון הכנה — קבלת המצוות — און דעם ריטואַל, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביי די גרונטלייגערס פון יהדות, ביי די וועלכע האָבן פעסטגעשטעלט די אידענטיטעט פון אַ ייִד.

ווי אַזוי איז דער חוק־השבות אָנגענומען געוואָרן?

דר. זרח וואַרהאַפטיג, איינער פון די וועלכע האָבן געחתמעט די אומאָפּהענגי־קייט־דעקלאַראַציע, די גרינדונג פון מדינת־ישראל, די באַנייונג פון מלכות־ישראל בארץ־ישראל, אַ צאָל יאָרן מיניסטער פון רעליגיעס, אַן אָנגעזעענער יוריסט. פירער פון דער מפד"ל־באַוועגונג, שרייבט אין "ספר שרגאי"[14]: "...רק אחרי שנים רבות של דיונים וויכוחים סוערים, נתקבלה ההצעה לחוקק בכנסת את "חוק השבות", לקיים הכתוב "ושב ד' אלקיך את שבותך ורחמך ושב וקבצך מכל העמים אשר הפיצך ד' אלקיך שמה"[15].

ווי מיר זעען פון דער דאָזיקער דערקלערונג, איז עס געווען אַ מזרחי־מפד"ל־

פאַרשלאַג, באַזירט אויף אַ פסוק אין דער תורה. ס'איז אָבער, ווייזט אויס, דאָן נישט איינגעפאַלן וואָס פאַר אַ קאָנסעקווענצן דאָס געזעץ קאָן ברענגען און אַז סעקולאַריסטן מכל המינים וועלן דאָס געזעץ אויסנוצן צו רעגיסטרירן אַלס ישׂראלים אַזעלכע, וועמעס יידישער אָפּשטאַם און יידישע אָנגעהעריקייט איז אונטער אַ חשד, איז נישט געזיכערט.

ווי דר. וואַרהאַפטיג גיט איבער, האָט ער, ווי דער פאָרזיצער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע, אויך פאָרגעשלאָגן דאָס תורהדיקע געזעץ וועגן באַשטימען, אָדער ווילן אַ נשׂיא־ישׂראל, אַז ער דאַרף זיין אַ ייד, ווי דער פסוק זאָגט: "מקרב אחיך תשים עליך מלך"[16] — און ווי דאָס ווערט אויסגעטייטשט: "ממובחר שבאחיך"[17]. ער שרייבט צוו"א: "עצם הדבר שהמדינה נקראת יהודית מחייב שזה יובע באופן סמלי לכל הפחות בהבטחה חוקית זו".

דר. וואַרהאַפטיג גיט איבער, אַז בן־גוריון האָט נישט מסכים געווען און איז אַרויסגעטראָטן זייער שאַרף קעגן אַזאַ געזעץ: "בתגובה להצעתי, הודיע דוד בן־גוריון, כי לא תהא כל מניעה חוקית מכך, שבמדינה היהודית ייבחר ויכהן אזרח ערבי כנשׂיא..."

און ער גיט איבער וועגן דער רעאַקציע אויף די דאָזיקע ווערטער מצד דער מזרחי־פירערשאַפט: "במאמר מערכת ב'הצופה', השיב לו הרב מאיר ברלין־בר אילן תחת כותרת 'מי שמך', בו הסתייג מהצעתו הסמכותית של ד. בן־גוריון וחלק עליו לעצם הדבר. הוא ראה הצעתו כראויה לדיון..." "למעשה לא היו הרבה תומכים בהצעתו להבטחה חוקית של יהדותו של נשׂיא בישׂראל והענין נשתקע..."

דער חוק־השבות איז אָבער נישט נשתקע געוואָרן און איז געשטעלט געוואָרן אויפן טאָג־אָרדענונג פון יידן אין ישׂראל און אין די תפוצות־הגולה.

וואָס איז געשען נאָכן חוק־השבות?

דער חוק, וואָס האָט געדאַרפט ברענגען קלאָרקייט און אחדות, האָט גאָר געבראַכט דאָס פאַרקערטע, צעטרייסלט דאָס אחדות און אַרויסגעבראַכט אין דער עפנטלעכקייט די דעות פון די תושבי המדינה, אין זייער שאַרפן עקסטרעמיזם, ווי מיר האָבן אין אַ נסיעה־אַרטיקל זיך אויסגעדריקט, ווי גילטיק עס איז אין דער מדינה דער תלמודישער זאָג: "כשם שפרצופיהם משונות כך דעותיהם", דערצו נאָך ביים "עמא פזיזא".

קלימאַטיש איז ארץ־ישׂראל דאָס לאַנד פון קאָנטראַסטן: דער הר־חרמון קאָן זיין איבערגעדעקט מיט שניי און אונטן ביים ים־המלח — אַ ברענענדיקע היץ; אין ירושלים — הייס ביי טאָג און קאַלט ביי נאַכט; געגנטן געבויט אויף הויכענישן און אַנדערע — אין די נידעריקסטע טאָלן; אולטראַ־מאָדערניזם פון איין זייט און קוואַרטאַלן וועלכע האָבן קיין נייעם בנין נישט געזען זינט די

רוימישע לעגיאָנערן האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט; העליקאָפּטערס פונעם גייסטן סטיל איבער די דעכער און פון אונטן — אַן אויסגעדאַרט אייזעלע געפירט פון אַן אַראַבישער פרוי, אָדער אַן אַלט קעמל מיטן שטויב פון לוטס צייטן... אַזוי אויך וואָס שייך געדאַנקען און אידעאַלן: פון איין זייט — פרומקייט מיט אַלע דקדוקים און פון דער אַנדערער זייט אַ ראַדיקאַליזם וואָס גרענעצט זיך מיט כּנעניזם. פון איין זייט אַ פאַרלאַנג אַז דער חוק־השבות זאָל אָנערקענען פאַר אַ ייִד יעדן איינעם וואָס קעמפט פאַר דער מדינה, פרעגט אָפּ די יסודותדיקע פּרינציפּן פון יהדות, ווייל גרות שלא כהלכה און פּראָפּאַגירט אַז די חוקים שטעלן מיט זיך פאָר "כפיה דתית", אַן אַרויפגעצוווּנגענע רעליגיאָזיטעט. פון דער אַנדערער זייט — פרומע ייִדן, וואָס ווילן נישט מותּר זיין אויף אַ קוצו של יוד אויף צניעותדיקייט ביי פרויען, אָפּגעהיטקייט אין אַלע הלכות אישות, מקוה־טהרה, משפּחה־ריינקייט, אַפילו במחשבה און פון אַ דריטער זייט קאָן מען זען, נישט ווייט פון בית־הנשיא, אַ לוקסוריעזן פּאַלאַץ אין פאָרעם פון אַ שיף, וואָס אַ דרום־אַמעריקאַנישער ייִד האָט אויסגעבויט פאַר זיינס אַ געליבטער. אַזוי טרעפט מען אָן אין ישׂראל כּל המינים קאָנטראַסטן. ירושלים בלייבט אָבער אַלץ די הייליקסטע שטאָט. למרות הכּל — די "קריה נאמנה" און "עיר הצדק..."

ווען מיר באַטראַכטן די היינטיקע תּקופה פון היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, זעען מיר אַ סך ענלעכקייט און מען קען מאַכן אַנאַלאָגישע אויספירן מיט דער תּקופה פון בית־שני: די כּורש־דעקלאַראַציע ביז דער רוימישער אָקופּאַציע; עזרא הסופרס קאַמף און די דראַסטישע מיטלען קעגן דעם אַריינבערענגען פון בבל די נישט־ייִדישע ווייבער מיט די נישט־ייִדישע קינדער: די פּאַרטיי־און אידעאָלאָגיע־שטרייטן צווישן אַ צאָל פראַקציעס; דער ענין פון געמישטע חתונות, וואָס האָט באַדראָט דעם ייִדישן ישוב, און ווי אַזוי די גייסטיקע פירערס האָבן געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו צוימען און איינהאַלטן דעם שטראָם פון פרעמדקייט אין ייִדישן לעבן.

מיט דער באַנייונג פון מדינת־ישׂראל נאָך קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר גלות־לעבן זענען אַנטשטאַנען נייע פּראָבלעמען. אין אַ שמועס צווישן חלוצים־קיבוצניקעס און שטאָטישע "סטאַטעטשנע" תּושבים, ווי אויך פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון אַלע ריכטונגען האָבן אַלע צוגעגעבן אַז די פּראָבלעמען זענען נישט לייכט צו לייזן. באַזונדערס האַלטן די ישׂראל־אינטעלעקטואַלן, אַז עס איז שווער פאַר דעם דור עולים פון איבער הונדערט לענדער און קולטורן צו קענען איינהאַלטן און צוימען זייער פאַמיליע־און געזעלשאַפטלעך לעבן. ס'דאַרף נעמען יאָרן, ביז דאָס אַלץ וועט ווערן אינטעגרירט און פאַראייניהייטלעכט, לויט די אומשטאַנדן און באַדערפענישן, ווי אַ פאָלק וואָס ציט זיין יניקה פון תּנ"ך און

תּלמוד, לכל הפּחות זיך האַלטן ביי די יסודות פון ייִדישן פאָלק, ווי פאָרמולירט אין דער הלכה.

ביי קיין אומה ולשון ווען מיר נישט האָבן אַזאַ פראַגע ווי ביי אונדז, „ווער איז אַ ייִד?" ביי אונדז ייִדן, באַזונדערס אין דער באַנייטער מדינת־ישׂראל, איז דאָס געוואָרן אַ פראַגע וואָס גייט נישט אַראָפּ פונעם סדר־היום: שומרי מצוות האַלטן, אַז די מדינה מוז געפירט ווערן לויט תּורה־געזעצן אויף אַלע געביטן און די סעקולאַריסטן ווילן דווקא אַ מדינה ווי אַלע מדינות, אַ פּאָליטיש־קולטורעלע איינהייט אין די אייגענע גרענעצן, פּונקט אַזוי ווי מ'וועט נישט פרעגן אַן ענגלענדער אין ענגלאַנד אָדער אַ פראַנצויז אין פראַנקרייך — ווער איז אַן ענגלענדער, אַ פראַנצויז. ווי האָט געזאָגט ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער: „כמה אומות יש בעולם... ווען עפּעס, דבר אל בני ישׂראל..." נאָר ביי ייִדן רעדט זיך וועגן אַזאַ פּראָבלעם, נאָך טויזנטער יאָרן עקזיסטענץ און טויזנטער יאָרן פון קבלת־התּורה ביים באַרג סיני.

אינטערעסאַנט איז, וואָס די פראַגע איז נישט אַרויסגעשווומען דורך די אינטעלעקטואַלן, פילאָזאָפן, אָדער דורך פּאָעטן מיט חלומות, וועלכע האָבן אַ נטיה מהפך צו זיין „את הקערה", נאָר גראָד דורך מלוכה־מענער, דורך שטאַטס־לייט, וועלכע זענען פאַרנומען, אָדער דאַרפן זיין פאַרנומען אין אַנדערע ספערן. גראָד זיי, די ראשי־האומה, זיי האָבן דאָס אַרויסגעבראַכט אויפן אויבערפלאַך די דאָזיקע אינערלעכע פּראָבלעמען — פּראָבלעמען וואָס רירן אָן דאָס האַרץ און די נשמה פונעם פאָלק. מיט זייער ראַדיקאַליזם האָבן זיי עלול געווען צו שטעלן אין סכנה דעם המשך פון דעם סאָרט אידענטיטעט, וואָס האָט צוזאַמענגעהאַלטן די זרע אברהם יצחק ויעקב ביזן דערגרייכן מלוכהשאַפט.

דער „אַרכיטעקט" פון דער באַנייטער מדינה (ווי דוד בן־גוריון, ווערט טיטולירט), האָט פּרובירט נאָכגעבן איינעם פון זיינע מיניסטאָרן אַרויפצוברענגען אויפן טאָג־אָרדענונג די פראַגע, ווער איז אַ ייִד, ער האָט אָבער באַלד איינגעזען, אַז דאָס איז נישט בלויז אַ פראַגע פאַר דער כּנסת צו באַשטימען; עס איז אַ פראַגע, וואָס רירט אָן דאָס וועלט־ייִדנטום; עס איז אַ גלאָבאַלע פראַגע וואָס רירט אָן ייִדן אין אַלע תּפוצות. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער עצה, ווי שטעלן די פראַגע פאַר גדולי־ישׂראל. ער האָט — ווי שוין דערמאָנט — די פראַגע געשטעלט צו אַ פינף־זעקס מבינים גייסטמענטשן, רבנים, טעאָרעטיקערס און היסטאָריקערס און נאָך זייערע אַלע תּשובות, איז קלאָר געוואָרן, אַז נמנו וגמרו. אַ ייִד איז דער, וועלכער געהערט לויט דער הלכה צום עם־ישׂראל — און ער האָט דאָס געלאָזט וויסן פון דער כּנסת־בימה.

האָט מען געמיינט, אַז דאָס פּראָבלעם איז געלייזט לשעה ולדורות, אַז ס'איז קלאָר: אַ ייִד קאָן מען ווערן, אויב מ'גייט דורך די גיור־פּראָצעדור־און־ריטואַל

לויט דער הלכה. ווער זאָל זיך געוועג ריכטן, אַז אין תשל״א וועט די פראַגע ווידער אַרויפשווימען און מיט דער פולסטער שאַרפקייט, אַז עס האָט געהאַלטן ביי אַ ״פלעביסציט״ (אַזוי האָבן אַ טייל תושבים פאַרגעשלאָגן) און די איז געוואָרן פון די אַקטועלסטע פראַגעס, דיסקוסיעס, דעבאַטעס — פריוואַטע און עפנטלעכע. יעדער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן; אַלע זענען געוואָרן עקספּערטן, אויטאָריטעטן אין די עיקרים פון יהדות און פון ווערן אַ ישׂראלי.

אין יענעם זומער, בעת אַ באַזוך אין ישׂראל, תשעה־באב ביי נאַכט צו קינות ביים כותל מערבי, האָט מען דערלאַנגט אַ צירקולאַר וואָס האָט געפרעגט בקיצור:

יהודי שאל את עצמך...

האם אתה מוכן שיבוללו את העם היהודי בקרב 3 מיליארד נכרים ח״ו?

האם אתה מוכן שבארצנו הקדושה יחשב גוי ליהודי ???

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

הרם קולך נגד גזירת השמד של חוק ״מיהו יהודי״...

דרוש תיקון החוק: ״גיור כהלכה״.

געחתמעט, ״ועד למען שלמות העם״.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף צווישן די צוויי צדדים: אָרטאָדאָקסיע פון אַלע ריכטונגען און סעקולאַריסטן מכּל המינים, אַריינגערעכנט די עקס־טרעמיסטן, אַטעיִסטן.

בעת מיין צווייטן באַזוך, האָב איך שוין אָנגעטראָפן אַ מצב פון מחלוקת ביי ייִדן: אין די בתי־מדרשים האָבן זיך ייִדן געקאָכט... אויף די גאַסן האָבן ייִדן אַרגומענטירט און אין דער כּנסת האָבן פאַרלאַמענטאַריערס דעבאַטירט. דער ״פולמוס״ האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן ישוב. מ׳האָט געהערט פון נישט־ליובאַוויטשער חסידים זאָגן: דער ליובאַוויטשער רבי איז גערעכט, זיין שטעלונג איז די אויסגעהאַלטנסטע און באַרעכטיקסטע — נישטאָ קיין פשרות אין די עיקרים פון יהדות... די מפד״ל־מיניסטאָרן דאַרפן פאַרלאָזן די רעגירונג, פאַרלאָזן די קאָאַליציע מיטן מערך, סיידן די ממשלה און די כּנסת וועלן נ א ָכ ג ע ב ן און צ ו ג ע ב ן צום חוק־השבות דאָס וואָרט כּ ה ל כ ה און דערמיט אָפּשטעלן די סכּנה פון נישט־באַרעכטיקטער גרות און פון חתונה־געמישטקייט.

ס׳האָט זיך גערודערט אין די רעליגיעזע קרייזן; ס׳האָט זיך געטומלט ביי פּאַרטיי־זיצונגען און די מדינהלאַגן האָבן דערביי געזען אַ געלעגנהייט צו ווערן עקספּערטן אין חוקות־המדינה. געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געזען אַ מעגלעכ־קייט צו באַזיגן די חרדים פון אַלע שאַטירונגען, פּטור ווערן פון די רעליגיעזע דאָגמעס, ווי זיי באַטראַכטן די חוקי־התורה. זיי האָבן געמיינט, אַז ס׳איז געקומען

דער מאָמענט, ווען זיי וועלן קענען באַפרייען די מדינה פון סיני־אַרכאַישקייט און האָבן אַ מאָדערנע, פּראָגרעסיווע מדינה, ככל הגוים. זיי האָבן געמיינט, אַז מיט איין מאָל וועט מען פּטור ווערן פון די גלותדיקע מנהגים, גלותדיקע אָנשויונגען און מ׳וועט בויען די מדינה אויף נייע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס און סאָציאַלע קאָנצעפּציעס. די סעקולאַריסטן האָבן געצילט צו פאַרווירקלעכן אין לעבן אַ נייעם טעאָרעטישן איינשטעל; ניי, ווייל ער איז פרעמד נישט בלויז די שטרענג רעליגיעזע ייִדן, וועלכע האָבן געבענקט נאָך ירושלים, וואָס האָט געמיינט שטרעבונג צו אַ פולן רעליגיעז־ייִדישן לעבן.

אַ צאָל פון די דאָזיקע האָבן זיך אַפילו פאַרמאָסטן צו שאַפן אַ נייעם לעבנסוועג, געבויט אויף נייע אידעען, רעאַליזירן זייער טרוים אויפן ישׂראלדיקן באָדן פון אַ נייער וועלט־אָרדענונג. די פראַגע איז: צי קען מען בויען אַ וועלט פאַרן היינט און מאָרגן, ווען מען האָט נישט קיין נעכטן? צי קען מען זיך דערלויבן שאַפן אַ ניי פאָלק אויפן היסטאָרישן באָדן, דערצו נאָך ווען אַ דריטל פון ייִדישן פאָלק איז אומגעקומען; דער גרעסטער, שעפערישסטער קיבוץ — די תּקופֿת־אשכּנז — איז חרוב געוואָרן. אויב מ׳וויל און מען מוז צוריק אויפשטעלן דאָס פאָלק אויף די פאַראייניקטע יסודות: פיזישע, מאָראַליש־עטישע, סאָציאַלע און קולטור־גייסטיקע, מוז עס געטאָן ווערן דורך תּורה ומסורה, כּדי אויפצוהאַלטן דעם קיום פון פאָלק אין מדינת־ישׂראל און אָנהאַלטן דעם בונד מיט די תּפוצות־ישׂראל.

פון די סאַמע אַקטיוויסטע אינעם קאַמף צו זיכערן די ריינקייט פונעם ייִדישן גוף און דער ייִדישער נשמה, איז די חב״ד־באַוועגונג, וואָס שטעלט זיך איין אָנצוהאַלטן און איינצוהיטן דאָס שטייגערישע לעבן. זיי זענען צווישן די ערשטע אינעם אַוואַנגאַרד פון שומרי־מסורת. דאָס אָרטאָדאָקסישע ייִדנטום אין אַלע זיינע צווייגן קעמפט פאַר דעם אָנהאַלט פון נאַטירלעכע ייִדן, לויט דער ייִדישקייט בכתב און בעל־פה, צו שטעלן דעם היינט און דעם מאָרגן אויף די יסודות, פאַרלייגט אינעם עבר לדורות און אַ לעבנסוועג וואָס האָט דערפירט צום קעגנוואַרט.

**ד. בן גוריונס וואָרט וועגן די נטורי־קרתּא. — בויער און קעמפער פאַר מדינת ישׂראל. — בויער און קעמפער פאַר שלימות עם ישׂראל. — איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע. — אַ האַרמאָנישקייט זינט דעם באַגין.**

ווי מיר האָבן געזען, האָט דער חוק־השבות, דאָס געזעץ פון אומקער, לכתּחילה אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט מצד דעם רעליגיעזן ייִדנטום און גאָר באַזונדערס

מצד דעם ליובאַוויטשער רבי. די אגודה, הגם זי האָט זיך נישט אידענטיפיצירט מיט דער האַנדלונג פון הרב פּרוש, וועלכער האָט, אין מאָמענט פון אויפרעג און אַלס פּראָטעסט, געוואָרפן אויפן דיל אַ רעפאָרם־סידור, האָט אָנגענומען די זעלביקע שטעלונג, ווי איר פאַרשטייער אין דער כנסת, האַלטנדיק אַז דאָס געזעץ איז שעדלעך פאַר דער ריינקייט און גאַנצקייט אינעם ייִדישן משפּחה־לעבן. די פירערשאַפט פון אגודת־ישׂראל איז געווען און איז עד היום איבער־געצייגט, אַז דאָס געזעץ, אָן דעם צוגאָב גיור כהלכה, איז עלול אַריינצוברענגען אַ צעמישעניש אין מהות און כאַראַקטער פון אַ פולן ייִד, ווי מיר האָבן געקענט און געוווּסט אין משך פון דורות.

הרב ר׳ משה צבי נריה האָט נישט מסכּים געווען מיטן דרך פון הרב פּרוש, אָבער ווי אַ פאָרשטייער פון מפד״ל שטאַרק געטאַדלט די מחוקקים פאַר דעם אופן, ווי דאָס געזעץ איז פאָרמולירט געוואָרן. ער האָט געשטעלט די פראַגע צו דוד בן־גוריון:

״...דער וואָס האָט אויסגערופן פאַר דער ״פּיל־קאָמיסיע״ אַז דער תּנ״ך איז אונדזער מאַנדאַט, דער קען נישט דערקלערן, אַז מיר זענען אַ מדינה לויטן געזעץ און נישט לויט דער הלכה. אַדרבה, די מדינה דאַרף זיין באַזירט אויף דער הלכה, ווייל די הלכה איז באַגרינדעט אויף תּורת־משה און אויף דברי הנביאים...״

רעדנדיק וועגן בן־גוריונען ע״ה, איז כּדאַי צו דערמאָנען זיין אויסדרוק צו אַ מפּא״י־חבר וועגן ייִדן וואָס קומען נ י ש ט זיך באַזעצן אין ישׂראל און אַגיטירן פאַרן ציוניזם. בן־גוריון האָט דאַן אין אַ הייסן וויכּוח געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט געדאַרפט אויסקלייבן צווישן אבא הלל סילווער (ע״ה) און עמרם בלוי (ע״ה) וואָלט ער אויסגעקליבן דעם לעצטן.

דער מפּא״י־חבר איז געוואָרן איבערראַשט פון אַזעלכע ווערטער. ער האָט נישט געקענט פאַרשטיין דעם פאַרגלייך און געפרעגט בן־גוריונען: ״ווי קומט עס אַזעלכע רייד, ראַביי אבא הלל סילווער איז דער באַרימטער ציון־מנהיג, פּראָגרעסיווער דענקער, גרויסער אָראַטאָר, געלערנטער און האָט אַזוי פיל געטאָן פאַרן ציוניזם... הרב עמרם בלוי איז דער מנהיג פון די נטורי־קרתא, טראָגט זיך אַרום מיט פינצטערע געדאַנקען און מיטל־עלטערלעכע באַגריפן...״

האָט בן־גוריון אים מסביר געווען: ווען אַלע חסידים און פאַרערערס פון אבא הלל סילווער פאָלגן נאָך זייער רבין... וואָלטן זיי אַלע געבליבן אין קליוולאַנד; ווען אָבער די חסידים און פאַרערערס פון הרב עמרם בלוי פאָלגן נאָך זייער רבין... וואָלטן זיי געוווינט אין ירושלים, געשטאַרקט און פאַר־גרעסערט דעם ישוב און במילא פאַרזיכערט, ירושלים — גאַנץ ירושלים — זאָל זיין אין ייִדישע הענט.

בן־גוריון, פאַרשטייט זיך, איז נאָר ווייט געווען פון די נטורי־קרתא. זיין אידעאַל איז געווען אַז ייִדן פון אַלע גלותן, אין זייער פאַרשפרייטקייט אין אַלע לענדער, זאָלן קומען קיין ארץ־ישראל בויען די נייע מדינה.

האָבן רעליגיעז־נאַציאָנאַלע ייִדן אים אָנגעוויזן אַז בויען די מדינה קען מען נאָר, ווען ס׳וועט הערשן אחדות בנוגע די יסודות פון יהדות. דאָס רעליגיעזע ייִדנטום האָט אַ רעכט צו פאַרלאַנגען פון דעם ערשטן ראש־הממשלה און בויער פון דער מדינה, ער זאָל זיך דערהויבן העכער פון פאַרטייאישקייט, אַפילו העכער און איבער דער כנסת און פאַרטיידיקן די גאַנצקייט פון ייִדנטום, לויט תורה און מסורה, זינט קבלת־התורה.

ס׳זענען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט דער שאַרפער שטעלונג פון הרב פּרוש. הרב שמחה עלבערג, רעדאַקטאָר פון רבנישן חודש־זשורנאַל ״הפרדס״, האָט פאַרטיידיקט דעם אַקט און די האַנדלונג פון הרב פּרוש. אויף זיין שטייגער און אין זיין סטיל האָט ער מיט די שאַרפסטע ווערטער פאַרטיידיקט די דראַמאַטישע ״שפּיי און וואַרף״־מעטאָדע: ״יריקתו של הרב פּרוש״ [1] — — — ״הריני אומר לכם שטוב ויפה עשה הרב פּרוש ולא אחת בלבד צריך הי׳ להשליך ולירוק אלא עשרה ומאה פעם...״ עס איז אונדזער חוב — שרייבט ער — אַזוי צו טאָן... ער (פּרוש — נ. ש.) איז געווען דער געטרייער שליח־ציבור פון היסטאָרישן ייִדנטום...

מיר וועלן דאָ נישט אַריינגיין אין אַ ״שפּיי״־פּאָלעמיק. ס׳איז גענוג צו ווייזן אַז הרב מנחם פּרוש איז נישט געווען דער איינציקער אין זיין שאַרפן אַרויסטריט קעגן דעם געזעץ וואָס עפנט ברייט די מעגלעכקייטן פאַר רעפאָרם־גרות.

דער שטורעם האָט זיך פאַרשטאַרקט, נאָך דעם ווי דער ליובאַוויטשער רבי האדמו״ר ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א איז אַרויסגעקומען מיט אַ רוף צו דער אָרטאָדאָקסישער וועלט צו קעמפן מיט אַלע כוחות צו ענדערן דאָס געזעץ מיט דער אויסבעסערונג, מ׳זאָל זאָגן קלאָר אַז ווי אַ גר קען נאָר אָנערקענט ווערן דער וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם גיור־פּראָצעס לויט דער הלכה. ער האָט געפאָדערט פון די רעליגיעזע מיניסטאָרן וואָס רעפּרעזענטירן אין דער רעגירונג דעם מפד״ל (מזרחי־הפועל המזרחי) זיי זאָלן זיך אָנגעבן אין דעמיסיע און אַרויס פון דער קאָאַליציע מיטן מערך, (די דעמאָלט הערשנדיקע פּאַרטיי).

דער ליובאַוויטשער רבי האָט פאַרעפנטלעכט אַ לענגערן מאמר אויף דער שאלה: ״מיהו יהודי ועל גרות על־פי הלכה״ [2] און באַמערקט ביים אַריינפיר, אַז ער טוט עס, כדי מ׳זאָל נישט אורטיילן, אַז דאָס שווייגן איז נאָכגעגעבן... ״שתיקה כהודאה דמיא״. יעדער ייִד — שרייבט ער — האָט אַ חלק אין ארץ־

ישׂראל און במילא טראָגט ער אחריות פֿאַר אַלע מעשׂים אין ארץ־ישׂראל און האָט אַ רעכט אָנצוווייזן אויף די נויטיקע תּיקונים.

דער ליובאַוויטשער רבי באַהאַנדלט אַלע הלכישע פּאַזעס אין שייכות מיט גרות, נשים נכריות אא״וו, אָנהייבנדיק פֿון דער ערשטער שיבת־ציון, דער צייט פֿון עזרא הסופר, ביז אונדזער תּקופֿה פֿון דעם באַגייטן אויפֿבוי פֿון הייליקן לאַנד. עזרא הסופר, דער כּהן וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט די מידות פֿון אַהרן הכּהן ליב צו האָבן מענטשן און זיי דערנענטערן צו תּורה, ער האָט דאָס אָנגענומען די דראַמאַטישע מיטלען און מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אַרויסגעגעבן דעם באַפֿעל צו שיידן זיך פֿון די פֿרעמדע ווייבער, ווייל ער האָט אין דער געמישטקייט געזען אַ געפֿאַר פֿאַרן קיום פֿון ייִדנטום. די זעלביקע געפֿאַר שטייט איצט פֿאַר דעם בנין־הארץ, נאָכן גרויסן חורבן, אויב מ׳זאָל נישט זיין געהיט אין אָנהאַלטן זיך ביי די הלכה־פּרינציפּן ביים אַריינגעמען גרים.

מיר פֿאַרנעמען זיך נישט מיט איבערגעבן די פּרטים פֿון אָט דעם וויכטיקן מאמר־הלכה. מיר ווען בלויז דערמאָנען די הסברות, וואָס האָבן אַ שייכות צו אונדזער אַרבעט:

דער רבי פֿאַרענטפֿערט די באַוווּסטע קשיא: ווי איז עס מעגלעך, אַז אַ בחור פֿון אַ ייִדישער מאַמע, אַ טעראָריסט, וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט טעראָר־מעשׂים, זאָל אָנערקענט ווערן אַלס ייִד און אַ ייִנגל, וואָס פֿאַרטיידיקט ייִדישע פּאָזיציעס, פֿאַרגיסט בלוט פֿאַר ייִדן, איז זיך מקריב פֿאַר דער מדינה, זאָל באַטראַכט ווערן אַלס גוי, ווייל זיין מוטער איז נישט קיין ייִדישע. ער גיט זיינע לאָגיש־הלכהדיק־ראַציאָנאַלע הסברים און דריקט זיך אויס, אַז טבילה און קבלת־המצוות, די ריטועלע הכנות, האָבן אַ פּסיכאָלאָגישע ווירקונג.

דער רבי איז דערביי מסביר דעם זאָג: ״חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא״, אַז די פֿעלקער, וועלכע באַנעמען זיך מיט די געהעריקע מידות, זיי ווען האָבן שׂכר אויף דער צוקונפֿטוועלט. מ׳דאַרף אַזעלכע באַהאַנדלען מיט די מעגלעכסטע מידות פֿון חסידות און התקרבות. זיי בלייבן אָבער ביי זייער אָפּשטאַם: זיי זענען נישט קיין ייִדן. נאָך מער: ווען זיי קומען מיטן פֿאַרלאַנג, מ׳זאָל זיי מגייר זיין, דאַרף מען זיי אָפּרעדן, מ׳דאַרף זיי דערקלערן די פֿאַראַנט־וואָרטלעכקייטן פֿון ווערן אַ ייִד, זיי זאָלן זיך אָפּהאַלטן פֿונעם דאָזיקן שריט. ווען זיי ווערן פֿולשטענדיק באַוווּסטזיניק וואָס עס מיינט ווערן אַ ייִד, איז מען זיי מגייר לויט דער הלכה און מען איז זיי מקרב.

דאָס איז אַן ענין פֿון הלכה, וואָס גייט נישט אַריין אין די ראַמען פֿון אונדזער אַרבעט. ס׳איז אָבער וויכטיק צו ברענגען דעם דאָזיקן הלכה־מאמר און דעם רבינס אַפּעלירן זיך צו האַלטן אין די הלכה־ראַמען. די הלכה איז באַזירט אויף

תּורת־אמת, וואָס איז אַ תּורת־חיים. דער מאמר איז דורכגעדרונגען און באַהויכט פון אהבת־השם און אהבת־ישׂראל.

אין אַ שפּעטערדיקן מאמר פון כ״ק אדמו״ר מליובאַוויטש שליט״א, פאַרעפנטלעכט אין ״המאור״ [3], באַהאַנדלט דער רבי גרות אין דער צייט פון בית־המקדש און גרות אין אונדזער צייט, פאַרנעמענדיק זיך מיט אַלע פּרטים פון הלכישן שטאַנדפּונקט. ער ברענגט דאָס לשון פון רמב״ם:

״בשלשה דברים נ כ נ ס ו ישׂראל לברית...״ ער שטעלט זיך אויפן לשון נ כ נ ס ו און נישט ה כ נ י ס ו, וויל, זאָגט ער: די כניסה לברית איז געווען דורך די דריי זאַכן: מילה, טבילה און הרצאת דם־קרבן. דאָס איז כּולל צוויי סוגים־סאָרטן אַריינברענגען אין יידנטום: א) דאָס וואָס עס נעמט אַריין אינעם הייליקן בונד — מילה און טבילה; ב) דאָס וואָס נעמט אַוועק גוייִשקייט — ״הסרת הדבר המעכּב את הכּניסה — קרבן״. אין דער צייט פון בית־המקדש האָט דאָס ברענגען דעם קרבן אָפּגעהאַלטן פון אַראָפּנעמען דעם נישט־יידישן גייסט. דער גר־צדק מוז ברענגען אַ קרבן איידער ער ווערט אַ פולשטענדיק פולקאָמער ייִד.

״בזמן הזה — שרייבט דער רבי — כּשאין קרבן ע״פ ת ו ר ה אין דבר המעכּב, ולכן ע״י מילה וטבילה נעשה גר ג מ ו ר... ולאחרי שנעשה גר גמור ה״ז לתּמיד״.

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין דעם אַנאַליטיש־הלכהדיקן פאַרנעם, אין פעסטשטעלן דעם רבנישן פּסק־דין, וואָס דאָס מיינט אַריינטרעטן אין דיאַלעקטיק אין אַזעלכע קאָמפּליצירטע ענינים, וואָס בלויז אויטאָריטעטן האָבן דאָס רעכט און די אויפגאַבע זיי צו באַהאַנדלען און אורטיילן. מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנווייזן וואָס עס מיינט און וואָס עס פאַרלאַנגט די הלכה.

די אגודת הרבנים האָט בשעתו פאַררופן דרינגענדיקע פאַרזאַמלונגען מיט דער פאָדערונג, מתקן צו זיין דעם חוק־השבות. אין אַ רעזאָלוציע פון כ״ז אייר, תש״ל האָט די אגודת הרבנים אויפגעפאָדערט אַז דאָס געזעץ זאָל זאָגן קלאָר, אַז דאָס מגייר זיין נישט־יידן מוז זיין אין פולן איינקלאַנג מיט די דינים פון דער תּורה, פעסטגעשטעלט פון די חכמי־התּלמוד און די נאָכפאָלגנדיקע פּוסקים.

דער רב הראשי ר׳ איסר יהודה אונטערמאַן ז״ל האָט דאַן אין נאָמען פון דער רבנות הראשית דערקלערט, אַז גרות מוז זיין לויט דער הלכה; די רבנים הראשיים וועלן נישט אָנערקענען קיין לייכט (רעפאָרמירטע) גרות. מיר האַלטן שוין צענדליקער יאָרן נאָך יענע פּראָטעסטן און דער ענין איז נאָך אַלץ נישט איינגעשטילט און נישט איינגעשטעלט.

אין יאָר תשמ״ג (כ״ד טבת) האָט דער גערער רבי אדמו״ר ר׳ בונם שליט״א פאַררופן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג און אויפגעפאָדערט מנחם בעגינען, דעם דעמאָלטיקן

פּרעמיער־מיניסטער, דורכצופירן זיין צוזאָג, צו ענדערן דאָס געזעץ און זאָגן קלאָר, אַז אַלס ייִד ווערט אָנערקענט נאָר איינער, וועלכער איז זיך מגייר לויט דער הלכה. ביי יענעם פּינוס זענען אָנוועזנד געווען אדמו״רים, ראשי־ישיבות. די רעגירונג האָט קיין ענדערונג נישט געמאַכט, אַלץ איז געבליבן ״שנתגייר״, אָן דעם צוגאָב ״כּהלכה״.

די אָרטאָדאָקסיע איז געווען זיכער, אַז מיטן זיג פון ״ליכּוד״ וועט קומען דאָס געזעץ פון ״גיור על פּי הלכה״, ווי דער דעמאָלטיקער ח״כ הרב קלמן כּהנא האָט עס אַריינגעבראַכט אין אַ פּאָרשלאָג. דער פּאָרשלאָג איז נישט דורכ־געגאַנגען. דער שטורעם מצד די אדמו״רים און רבנים האָלט אָן. ס׳גייט נישט. דאָס וואָרט כּ ה ל כ ה איז נאָך אַלץ אין דער לופטן.

די שטרענגקייט ביים אַריינעמען גרים נעמט זיך נישט צוליב ראַסן־העכערקייט, אויסדערוויילטקייט, צוליב נאַציאָנאַלער גאווה, צוליב סופּעריאָ־ריטעט. אין ייִדישן באַוווסטזיין האָט תּמיד געלעבט דער באַגריף אַז אַ ל ע מענטשן שטאַמען פון אדם הראשון, זענען באַשאַפן בצלם אלקים. דער ייִדישער ״אתּה בחרתּנו״זם״ האָט אַן אוניווערסאַלן אַספּעקט — ״לתקן עולם במלכות שדי״, אַן אויסדערוויילטקייט צו דער געטלעכער התגלות. דער ברית־אברהם איז געווען צו דערהויבן די זרע־אברהם צו קדושה, צו ווערן אַן עם־סגולה, אינטויטיוו געלייטערט צו ווערן און חז״ל האָבן באַזאָרגט ביי גרות, ״להבחין בין זרע שנזרע בקדוש״... צו ״זרע שלא נזרע בקדושה״ [5]. מ׳האָט געוואָלט פאַרזיכערן ביים ייִדישן פאָלק אַ לעבן באַזירט אויף די פּרינציפּן פונעם ״הרוחני המוחלט״ [6].

די שטרענגקייט צו גרות איז געווען — ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט — צוליב דער מורא פאַר געמישטע חתונות, וואָס וועלן אַריינברענגען געמישטקייט אין ייִדישן לעבן, וואָס איז עלול צו צעשטערן די הייליקייט פון פאַמיליע־לעבן. דאָס באַנעמען זיך ווי היידן, הפקרדיק, קען האָבן אַ צעטרייסלענדיקע ווירקונג אויף דער צעמענטירקייט פון דער ייִדישער אידענטיטעט.

דעם גורם פון לייכטן גיור און די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן האָבן געבראַכט, אַז אין אַ צאָל לענדער פון מערב־אייראָפּע האָבן די געמישטע חתונות דערגרייכט ביז 70 פּראָצענט. אין אַמעריקע, צוליב דער פאַרוואָרצלטקייט פון די נייע דורות מיט די עלטערע, פריערדיקע פון מזרח־אייראָפּע, איז דער פּראָצענט אַ קלענערער; די מדינה האָלט אויך אָפּ געוויסע יוגנטלעכע פון דער געמישטקייט; דער געזעלשאַפטלעכער דינאַמיזם איז אויך אַ כּוח איינצוהאַלטן דעם דראַנג נאָך געמישטקייט. דערצו ווירקט אויך דער פאַקטאָר וואָס דער סאָציאַלער סטאַטוס פון אַ געמישט פּאָרל ווערט נישט העכער, ווי עס איז געווען אין אַמאָליקן אייראָפּע. דאָך איז די סכּנה פון געמישטקייט גרויס. דאָס שטעלט אין געפאַר דעם

קיום פון יידישן פאָלק ווי אַ געאייניקטער קאָלעקטיוו מיט טיפע וואָרצלען אינעם עבר.

אויב מען איז נישט טיף פאַרוואָרצלט אין יידישן לעבן, מעג מען זיין אַ מדינת־ישראל־פאַרשטייער, קאָן ביי אַזעלכן פאַרקומען אַ שׂמחה מיט געמישטקייט, ווי דער פאַל מיטן ישׂראל־אַמבאַסאַדאָר אין בראַזיל, וואָס איז געווען אַזוי צופרידן פון זיין טאָכטערס חתונה מיט אַ נישט־יידישן מאַן, אַז ער האָט פאַרגעסן וועגן תשעה־באב און די שׂמחה האָט געזאָלט פאַרקומען תשעה־באב ביי נאַכט ווען יידן זאָגן איכה־קינות, קלאָגן אויפן חורבן, פאַסטן און טרויערן. די ישׂראל־רעגירונג האָט זיך געדאַרפט אַריינמישן און פועלן, מ׳זאָל אָפּלייגן די פרייִלעכקייט אויף דער נאַכט, מוצאי תשעה־באב. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר תשמ״ב — 1982. ווען נישט די פּראָטעסטן מצד דער אָרטיקער קהילה און דער אינטערווענץ מצד דעם ישׂראל־אויסערן־מיניסטער, וואָלטן די יידישע געסט געפּראַוועט אַ בראַזיליאַנער שׂמחה, אַנשטאָט געדענקען דעם חורבן פון ניינטן טאָג אין חודש אב.

אין ישׂראל איז לעצטנס אַ געמישטע חתונה אויך נישט קיין זעלטנקייט. סטאַטיסטיקערס גיבן איבער, אַז זינט די מדינה איז אויפגעקומען זענען עטלעכע טויזנט יידישע מיידלעך אַריבער צו אַראַבישע מענער. טייל האָבן אָפיציעל חתונה געהאַט, נאָכן אַריבערגיין צום מוזולמענישן גלויבן און טייל לעבן מיט אַראַבישע מענער אָן חתונה־לעגאַליטעט. גאָר זעלטן טרעפט, אַז אַן אַראַביש מיידל זאָל צוליב ליבע צו אַ יידישן בחור פאַרלאָזן איר שטאָם, איר גלויבן. אויסנאַמען, טרעפן זיך, אָבער נישט באַדייטנדיקע, אַז מ׳זאָל דערפון רעדן. אין די תפוצות שטעלט מיט זיך פאָר דער פּראָצענט פון געמישטע חתונות אַ געפאַר פאַר דער אויפהאַלטונג פון די יידישע ישובים. אַפילו דאָס רעפאָרם־יידנטום איז באַזאָרגט פון דער אַסימילאַציע וואָס האָט אַרומגעכאַפּט יידן. אַפילו אין דעם גרעסטן יידישן קיבוץ, אין אַמעריקע, ווען אַ דריטל פון יידן אין לאַנד האָבן חתונה מיט נישט־יידן.

דער פּרעזידענט פון די רעפאָרם־קאָנגרעגאַציעס אין אַמעריקע, דר. אלכּסנדר שינדלער, אַ זון פון אַ יידיש־אָרטאָדאָקסישן פּאָעט און שרייבער אליעזר שינדלער (1892—1957), וועמעס לידער דריקן אויס די געפילן פון אַ טיף רעליגיעזער נשמה [7], איז אַרויסגעקומען מיט אַ געדאַנק, מ׳זאָל קינדער פון נישט־יידישע מוטערס באַטראַכטן ווי יידן, ווען דער פאָטער איז אַ ייד. קומט אָבער אַרויס דר. אַלפרעד גאָטשאַלק, פּרעזידענט פון "היברו יוניאָן קאָלעדזש" — דער יידישער רעפאָרם־אינסטיטוט פאַר רעליגיע, און אַלאַרמירט, אַז צוליב דעם פאַרגרעסערן זיך פון די געמישטע חתונות, זענען אַמעריקאַנער יידן אין אַ געפאַר צו פאַרלירן די גייסטיקע און קולטורעלע רייכטימער פון זייער יידישער ירושה.

לייזן דאָס פּראָבלעם, האַלט דר. גאָטשאַלק, איז נאָר מעגלעך דורך אַ יסודותדיקן ייִדישן חינוך־וועזן, צו באַקענען דעם יונגן דור מיט ייִדישער געשיכטע און קולטור.

אַז דאָס איז נישט קיין גענוגנדיקע גאַראַנטיע איז קלאָר פֿאַר אַלעמען. מען דאַרף דערציִען דעם אויפֿקומענדיקן אַמעריקאַנישן דור — און נישט בלויז דעם אַמעריקאַנישן — אויף אַ יסודותדיקן חינוך על טהרת ייִדישקייט, דערהויבן די ייִדישע כאַראַקטער־שטריכן דורך דעם ייִדישן באַוווסטזיין; דערהויבן די גייסטיקע ווערטן און די גייסטיקע ייִדישע כּוחות פֿון אַ מאָל און זיי פֿאַרפֿלעכטן מיטן היינט און מיט דער צוקונפֿט: די אַלט־טראַדיציאָנעלע ווערטן מיטן דראַנג צו אַ ייִדישער אידענטיפֿיצירונג, צו אַ ייִדישער אָנגעהעריקייט.

דאָס ברענגט אונדז צוריק צום ענין גרות און צו פֿאַרלאַנגען, אַז דאָס גרות מוז דורכגעפֿירט ווערן לויט דער שטרענגקייט פֿון דער הלכה, ווייל דערמיט ווערט די מויער פֿון ייִדנטום באַפֿעסטיקט און די מורא פֿאַר אַסימילאַציע באַגרענעצט. כּדי איינצוהיטן די ייִדישע היסטאָרישע אידענטיטעט און במילא די ייִדישער אחדות, די ייִדישע גאַנצקייט, מוז עס ווערן באַגרינדעט לויט דעם דאָזיקן קענצייכן. אַ לייכט גרות, אָן אַ וואָסערער פֿאַרפֿליכטונג און איבערצייגונג אין דער ייִדישער אמונה, אָן דעם נעמען אויף זיך מצוות פֿון תּורה, נביאים אא"וו, איז דאָך צו גאָרנישט נישט מחייב.

מיט אַ צייט צוריק איז געשען אַ מעשׂה שהיה [8]:

אַ קאַטוילישע פֿרוי האָט זיך מגייר געווען ביי אַ רעפֿאָרם־ראַבינער, חתונה געהאַט מיט אַ ייִד און אויפֿגעשטעלט אַ משפּחה. נאָך אַ צייט ווינען צוזאַמען האָבן זיי זיך געגט. די פֿרוי האָט אָבער מסכּים געווען צו דערציִען די קינדער אַלס ייִדן. זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַ קאַטוילישן מאַן און אָנגעהויבן דערציִען די קינדער פֿונעם ייִדישן מאַן קאַטוילִיש. דער ייִדישער געוועזענער מאַן, דער פֿאָטער פֿון די קינדער, האָט אַריינגעטראָגן אַן אַפּעלאַציע, אַז לויטן ייִדישן דין, אויב זי האָב זיך מגייר געווען, זענען די קינדער ייִדן, און אַלס אַזעלכע מוז זי זיי דערציִען. דער ריכטער האָט געפּסקנט, אַז דער גיור ביים רעפֿאָרם־גייסטלעכן האָט די פֿרוי נישט געמאַכט ייִדיש. במילא געהערן די קינדער צו איר, און זי האָט רעכט זיי צו דערציִען ווי נישט־ייִדן.

ערלעכע, איבערגעצייגטע גרים דאַרף מען מקרב זיין מיט כּל מיני התקרבות. אַפֿילו אויף אברהם אבינו, דעם פֿאָטער פֿון אַלע גרים, דרשנט רבי עקיבא, אַז דער רבונו של עולם האָט געהאַט צו אים תּרעומות, פֿאַר וואָס ער האָט זיך נישט באַמיט, לוט זאָל זיך מגייר זיין.

וועגן ערלעכע גרים זענען ייִדן אָנגעזאָגט געוואָרן זיי מקבל צו זיין מיט

אהבה. דער דאָזיקער אָנזאָג איז געקומען באַלד נאָך יציאת־מצרים: "וגר לא תונה ולא תלחצנו, כי גרים הייתם בארץ מצרים" — און דעם גר זאָלסטו נישט נאַרן און נישט דריקן, ווייל פרעמדע זייט איר געווען אין לאַנד מצרים[9] — די חכמי־התלמוד קאָמענטירן: "אַפילו אונאת דברים", אַפילו דריקן, אָדער רייצן זיך מיט ווערטער, אים צו דערמאָנען זיין אָפּשטאַם, זיין פאַרגאַנגענהייט. דעריבער האָט מען אָנגעזאָגט זעקס־און־דרייסיק מאָל און טייל זאָגן זעקס־און־פערציק מאָל, מ׳זאָל דעם גר נישט דריקן, נישט ווי טאָן, "מפני שסורו רע", ער קאָן אַ מאָל, צוליב דעם, זיך צוריקקערן צו זיין אָפּשטאַם[10].

אין אַ שפּעטערדיקן פּסוק ווערט געזאָגט: "וגר לא תלחץ, ואתם ידעתם את נפש הגר, כי גרים הייתם בארץ מצרים" — און דעם גר זאָלסטו נישט דריקן, איר ווייסט דאָך דעם נפש פון אַ גר, פרעמדע זייט איר דאָך געווען אין לאַנד מצרים.[11].

פּשוט לערנען מיר, אַז דאָ מיינט מען דעם גר־צדק, דעם ערלעכן איבערגעצייגטן גר. ביי די מפרשי־התורה איז דאָס נישט קלאָר. דער אבן עזרא זאָגט יאָ קלאָר, אַז דאָ זענען געמיינט געוואָרן די גרים, וועלכע דינען נישט צו דער עבודה זרה, די וואָס זענען נישט קיין געצן־דינערס. רש״י און רמב״ן זאָגן נישט קלאָר וועגן וועלכן סאָרט גר ס׳רעדט זיך. רש״י פאַרטייטשט דאָס וואָרט "גר" — "אדם שלא נולד באותה מדינה אלא בא ממדינה אחרת לגור שם". דער אבן עזרא: "כאשר יקבל הגר שלא לעבוד עבודת כוכבים, לא תונהו בארצך, בעבור שיש לך כח רב ממנו" — האָבן מיר קלאָרע ווערטער, אַז דער מענטש וואָס קומט פון דער פרעמד און דינט נישט צו אָפּגעטער, דאַרף מען אים באַהאַנדלען אויפן שענסטן אופן.

מיר דאַכט זיך, אַז דאָס גייט אַריין אין דער קלאַסיפיצירונג פון "דרכי שלום", וועגן וועלכע ס׳רעדט זיך אַ סך אין תלמוד[12] און דאָס האָט אויך אַ שייכות צום מאמר "שיהא שם שמים מתאהב על ידך"[13].

דער אַברבנאל[14] לערנט, אַז דעריבער ווערט אין דער פרשה געטאָפּלט דער אָנזאָג וועגן דער באַהאַנדלונג פון גר, ווייל צום ערשטן וואָרנט מען יעדן ייִד, ער זאָל זיין מילד, ליבעראַל, סימפּאַטיש צום גר און דאָס צווייטע מאָל קומט אַ וואָרענונג צום דיין, צום ריכטער, אויב ס׳קומט פאַר אים פאָר אַ משפט־גר, זאָל ער אים באַהאַנדלען נאָך בעסער ווי דעם ייִד: "לא יחלצנו בדינו... אַפילו באותם הדברים שראוי לעשותם לישראל, רק ינהג אותו בלאט ונחת לפי שנפש הגר מצרה עליו להיותו בארץ נכריה..."

מ׳קען דאָ אויך אַריינברענגען די מצווה "ואהבת לרעך כמוך"[15], וואָס רבי עקיבא האָט געדרשנט: "זה כלל גדול בתורה"[16], וואָס טייל טייטשן, אַז איינעם דאָזיקן כלל זאָלן געמיינט ווערן בלויז ייִדן — רעים — די וועלכע האָבן גענומען

אויף זיך אַ תּורה־לעבן, און בן עזאי האָט דאָס געזאָגט אויפֿן פּסוק "זה ספר תולדות אדם" [17] — אַז דאָס איז כּולל אַלע מענטשן, די גאַנצע מענטשהייט.

גרים, װעלכע נעמען אָן די ייִדישע אמונה מיט זייער געוויסן און געפֿיל, אַזעלכע נעמט מען אַריין; זיי זענען אַן אוצר ביי ייִדן, זיי פֿאַרשפּרייטן די אמונה אין אחדות־אלהות. די אָבער, װעלכע קומען אַריין, וױלן אַריינקומען צוליב באַ־קוועמלעכקייט אָדער אייגננוצלעכע מאָטיוון און סיבות — אַזעלכע זענען אַ װוּנד אויפֿן ייִדישן לייב, "קשים גרים לישראל כספחת" [18].

רעדן מיר װעגן התקרבות צו פֿרעמדע, װעלכע האָבן זיך דערהויבן צו דער העכערער מאָראַל, איז כּדאַי איבערצוגעבן אַ זאָג פֿון דעם גרויסן רוסישן שריפֿטשטעלער לעוו טאָלסטאָי. אין זיין "עסיי איבער רעליגיע און מאָראַל" זאָגט ער צווו"א: "נישט די פֿילאָזאָפֿיע און נישט די וויסנשאַפֿט קענען פֿעסטשטעלן דעם מענטשנס פֿאַרוואַנדשאַפֿט, נאָענטקייט צום װעלטאַל. דאָס װערט דעפֿינירט דורך זיין אינטעליגענץ, דורך זיין פֿילן, דורך זיין קאָמבינאַציע פֿון זיינע גייסטיקע כּוחות".

די שטרעבונג פֿון ייִדן קומט צום אויסדרוק אין די װערטער פֿונעם נביא "והיה ביום ההוא... והיה ד׳ למלך על כל הארץ, ביום ההוא יהיה ד׳ אחד ושמו אחד" — און עס װעט זיין אין יענעם טאָג... און השם װעט זיין מלך איבער דער גאַנצער ערד. אין יענעם טאָג װעט השם זיין איינער, און זיין נאָמען װעט זיין איינער [19].

## ה. די נייע אָפּשטימונג. — נישטאָ קיין ענדערונג.

אין דער נייער אָפּשטימונג, מיטוואָך, כ"ג טבת, תשמ"ה (יאַנ. 16, 1985), איז, נאָך אַ שטורמישער דעבאַטע, דער פֿאַרשלאַג װעגן אַמענדירן דאָס "מיהו יהודי־געזעץ", ווידער דורכגעפֿאַלן, מיט 62 קעגן 51 שטימען. עס איז אַפֿילו פֿאַרגע־קומען אין דער היציקייט אַ צוזאַמענשטויס צווישן דעם נייעם אינערן־מיניסטער הרב יצחק פּרץ (ש"ס — ספרדים־פּאַרטיי) און דעם חבר־הכּנסת הרב מנחם הכּהן (מערך) — די שומרים האָבן זיך געדאַרפֿט אַריינמישן אָפּצוהאַלטן די "צעהיצטע" קעפּ, ס׳זאָל נישט קומען צו "הרמת ידים".

דער רעזולטאַט: דער "חוק־השבות" איז געבליבן נישט געענדערט — אָן די צוגאָב־װערטער: "גיור כּהלכה", נישט געקוקט אויף די סטראַשונקעס מצד די רעליגיעזע, אַז דאָס קאָן פֿירן, זיי זאָלן פֿאַרלאָזן די קאָאַליציע, און צו נייע װאַלן.

די אָרטאָדאָקסישע רבנים אין ישראל און אין די תּפֿוצות האָבן פֿאַררופֿן

דרינגענדיקע פאַרזאַמלונגען צו באַטראַכטן וואָס פאַר אַ שטעלונג צו נעמען לויט דער איצטיקער סיטואַציע. די קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרם האָבן פאַררופן זיצונגען צו פאַרלאַנגען פון דער ישׂראל־רעגירונג, מיט דער פולער שטאַרקייט, נישט צו ענדערן דאָס געזעץ. אין זייער וואַרענונג איז אַפילו דערמאָנט געוואָרן, לויט ידיעות אין דער פּרעסע, צו נעמען אַ שטעלונג וואָס קאָן פירן צו סאַנקציעס.

איינער פון די אָנגעזעענע רעדאַקטאָרן, גרשון דזשייקאָבסאָן[1], האָט אין אַ לייט־אַרטיקל אויסגעדריקט זיין מיינונג, אַז ס'וואָלט נישט געקומען צו קיין סאַנקציעס; אַז דאָס געזעץ פון צוריקקער מוז פאַרזיכערן מיטן צוגאָב לויט דער הלכה, אַז אַ גר מוז דורכגיין דעם הלכהדיקן פּראָצעס און ריטואַל כּדי צו ווערן אַ ייִד.

דערווייל איז צוגעקומען נאָך אַ פּראָבלעם — פ אַ ל אַ ש ן.

פריער איז געווען אַ פּראָבלעם, ווי אַזוי ראַטעוועט מען אַרויס די שוואַרץ־קאָליריקע שבטים פונעם גיהנומדיקן עטיאָפּיע (אַביסיניע). די מדינה האָט באַוויזן וווּנדער און אַרויסגענומען צענדליקע טויזנטער. איצט איז אַ פּראָבלעם: ווי אַזוי מאַכט מען זיי פאַר פולשטענדיקע ייִדן.

אין אַ פריערדיק ווערק[2] האָבן מיר אָנגעוויזן אויף די חילוקי־דעות וועגן די דאָזיקע פאַרלוירענע אין משך פון טויזנטער יאָרן, ווי אַזוי זיי קענען באַטראַכט ווערן ווי פולשטענדיקע ייִדן, אַריינגענומען צו ווערן אין "קהל ישׂראל". דעמאָלט איז עס נאָך געווען אַ טעאָרעטישער ענין. איצט איז עס געוואָרן אַן אַקטועלער ענין און ס'זענען שוין דאָ מיינונגס־פאַרשיידנהייטן; צווישן חכמי־ספרד און גדולי־הפּוסקים חכמי־אשכנז און פאַרשטייט זיך, אַז די רעפאָרם־ליבעראַלע צווייגן אין ייִדנטום האָבן אָנגענומען די שטעלונג צו אָנערקענען די פאַלאַשן, אַן וועלכער נישט איז גרות, ווי פולשטענדיקע ייִדן.

ס'איז נישטאָ קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייט וועגן מקרב זיין די עטיאָפּישע ייִדן. אויף דערויף זענען אַלע מסכּים. די פראַגע איז, ווי צו מאַכן זיי פאַר "וודאי"־זיכערע ייִדן, צוליב דעם, וואָס זיי זענען אין משך פון טויזנטער יאָרן געווען אַוועק פונעם ייִדישן שטראָם און אין זייער גיהנומדיקן גלות נישט געהאַט די מעגלעכקייטן נאָכצופאָלגן די מצוות התורה, לויט די חכמי־התלמוד און די נאָכפאָלגנדיקע הלכה־אויטאָריטעטן.

אַ היסטאָריש־וווּנדערלעכער הצלה־אַקט מצד דער מדינה וואָס האָט געשאַפן אַ נייַ פּראָבלעם וואָס איז אַ סך לייכטער צו לייזן, ווי זיי אַריבערצוברענגען.

די רבנים ראשיים האָבן שוין אָנגענומען אַ שטעלונג וואָס דאַרף צופרידנ־שטעלן אַלע ריכטונגען: מ'זאָל דורכפירן אַ לייכטע גרות, טבילה, זיי מחנך זיין צו יהדות, זיי באַקענען מיט ייִדישער טראַדיציע און זיי געבן רעכט בקהל ישׂראל.

אַ שווער פּראָבלעם איז דער קאַמף צווישן דער אָרטאָדאָקסיע און אַנדערע

וועגן גרות לויט דער הלכה און דאָס וועלן ענדערן די הלכה, וואָס גיט, ביי אַ געמישטער חתונה, די קינדער צום מוטערלעבן צד. דווקא דאָ שטעלן זיך די רעפאָרמער אויף דער פאָדערונג צו געבן אַ גלייכבאַרעכטיקונג פאָטער און מוטער און נישט געבן בלויז מוטערלעכע אידענטיטעט: ביידע, פאָטער און מוטער זאָלן האָבן די זעלביקע רעכט; אויב איין צד איז ייִדיש, זאָלן די קינדער באַטראַכט ווערן ווי ייִדן.

די רעפאָרם־באַוועגונג איז לעצטנס שאַרפער, ווי ווען איז פריער, מיט איר פאָדערונג צו געבן דער פאָטערלעכער אָפּשטאַמונג די זעלביקע חשיבות, ווי דער מוטערלעכער און דאָס איז אין ווידערשפּרוך צו דער הלכה, זינט דער תורה מסיני: אַ קינד פון אַ ייִדישן פאָטער און אַ נישט־ייִדישער מוטער איז נישט־ייִדיש, סיידן דורך אַ געהעריקן גיור.

דער זשורנאַל "דזשודאַיזום" (וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס) האָט דורכגעפירט אַ סימפּאָזיום. מיר וועלן בלויז איבערגעבן בקיצור די מיינונגען פון צוויי באַטייליקטע: דער שרייבערין דר. טרודע ווייס־ראָזמארין און דעם הויפּט־רב פון ענגלאַנד עמנואל יאַקובאָוויטש.

טרודע ראָזמאַרין, די מוטער פון אַ זון אַ למדן, ראש ישיבה, מחבר פון תורה־ספרים, זי פאָדערט גלייכקייט פאַר מאַן און פרוי; אויב איין צד איז ייִדיש, איז גענוג דאָס קינד זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַ ייִד. אין באַרעכטיקן איר באַהויפּטונג האָט זי אַרויסגעבראַכט אַ נייע טעזע, אַז די הלכה וואָס גיט די מוטערלעכע אידענטיטעט, איז אַן איבערבלייב פון פּאָליגאַמיע־סיסטעם, וואָס האָט געהערשט אין אַלטערטום און אַז דאָס האָט מער נישט קיין פּלאַץ אין דער מאָדערנער מאָנאָגאַמיש־ייִדישער געזעלשאַפט.

הרב עמנואל יאַקובאָוויטש האָט אין זיין ענטפער אויף אַלע טענות פון די ליבעראַלן, אַנגעוויזן, אַז מיר מוזן זיך האַלטן ביי דער הלכה; דער מוטער־פּרינציפּ מוז בלייבן אַ לעבנס־פּרינציפּ אין יהדות. מיט זיינע ווערטער: "אַן אומבאַרירלעכע אוניווערסאַלע פּראַקטיק", און ייִדן, געטריי דער ייִדישער טראַ־דיציע, וועלן קיין מאָל נישט אַקצעפּטירן אַלס ייִדן קינדער פון נישט־ייִדישע מוטערס. אַזעלכע קינדער, ווי בכלל נישט־ייִדן, מוזן דורכגיין הלכהדיק גרות.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז בשעתו האָט הרב יהודה לייב הכהן מיימון ז"ל געגומען אַ שאַרפע שטעלונג אין דער פראַגע "מיהו יהודי", קעגן דער טענדענץ פון דעם דעמאָלטיקן שר־הפּנים, בר יהודה, צו רעגיסטרירן קינדער פון געמישטע חתונות, ווו די מוטערס זענען נישט־ייִדיש, ווי ייִדן [3]. אין איינעם פון זיינע בריוו צו דוד בן־גוריון, שרייבט ער: "אני קורא אליך כידיד ואוהב, כיהודי, כאזרח המדינה — חזור בך". אין אַ צווייטן בריוו: "במשך שנות עבודתי

במחיצתך ביחסי ידידות ורעות, ליד יחסי יריבות עקרונות הכּרתיך כאוהב ישראל, סגולתך זו היא שקרבתני אליך ביותר — ותמהני על חפזונך להטיל דופי בעסקנים דתיים..."

ווי געזאָגט, איז נאָך מתּן־תּורה פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ביי אַ געמישט פּאָרל, רעכנט זיך דער מוטערלעכער צד; פאַר מתּן־תּורה, האָט זיך גערעכנט, דער עיקר, דער פאָטערלעכער צד [4]. דאָס יידישע געזעץ איז אָבער באַזירט אויף יושר. אַזוי, אַז אין פאַל פון געמישטקייט, ווען די מוטער איז אַ נכרית, איז דאָך פאַראַן אַ סאָרט אישות־פאַמיליאַרקייט [5].

ווי געזאָגט, האָט די פראַגע "מיהו יהודי" תּמיד אַרויסגערופן נאָך אַ פראַגע, "מהי יהדות" — וואָס איז יידישקייט? פאַר יידן שומרי־תּורה ומצוות, איז דאָס נישט קיין פראַגע, ווייל יידישקייט איז ווי אַ נאַטירלעכע פעסטגעשטעלטקייט [6], מיטן צוגאָב פון דער יידישער דורותדיקער טראַדיציע פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

די שטרעבונג צו אַ הומאַניסטיש־סאָציאַלער געזעלשאַפט איז דער לייטמאָטיוו אין יידישן לעבן און בלויז יודאָפאָבן האָבן געשאַפן דעם פאַלשן איינדרוק וועגן יידן, וועגן דעם יידישן בחרתּנואיזם, וועגן דעם יידישן קאַמף קעגן געמישטקייט, געמישטע חתונות, וואָס איז כּסדר אויפן סדר־היום אין דער כּנסת, ווי ביי אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע ווילן איינהאַלטן דעם שטראָם פון געמישטע חתונות — די סכּנה פון געמישטקייט אין גייסטיקן לעבן פון יידן פון אַריינברענגען פרעמדע קולטורן, פרעמדן שטייגער, וואָס אַפילו ראַדיקאַלן, ליבעראַלן, ווילן אויסהיטן [7].

ווי ווייט ליבעראַל דאָס יידישע געזעץ איז תּמיד געווען, איז כּדאי צו ברענגען אַ תּשובה פונעם רי"ף (ר' אַלפס, ר' יצחק ב"ר יעקב הכּהן אַלפסי, ד"א תשע"ג—1013; תתס"ג—1103): אויב אַ גוי (דאָרט רעדט זיך וועגן אַ מוזולמענער), איז מחוייב אַ שבועה צו אַ ייִדן, דאַרף דאָס בית־דין אים לאָזן וויסן די פאָרם פון אַ יידישער שבועה; אויב ער איז נישט מסכּים גיט מען אים, דעם מוזולמענער, דאָס רעכט צו שווערן אין זיין געריכט, לויטן נוסח פון זייער שבועה [8].

מיר וואָלטן געקענט אַזוי אָנגיין מיט באַווייזן. מיר מוזן אָבער זיך באַגרענעצן און פאַרענדיקן מיט דער נביאות פון דעם נביא וואָס האָט פאָרויסגעזען דעם "אור גדול" — דאָס פאָלק וואָס איז געגאַנגען אין פינצטערניש, האָט דערזען אַ גרויס ליכטיקייט [9]. נאָר די גאַנצע וועלט ווערט גערופן צו זען דאָס ליכט: וואָס וועט באַלייכטן דעם יידישן האָריזאָנט און נישט בלויז דעם "בית יעקב" "לכו ונלכה באור ד'" — קומט, און לאָמיר גיין אין דעם ליכט פון גאָט [10] און

ווערן איבערגעצייגט, אַז "מציון תצא תורה ודבר ד׳ מירושלים" — פון ציון ווערט אַרויסגעיין תּורה און גאָטס וואָרט פון ירושלים[11]. דאָס אייגנטלעך איז די וויזיע פון אַלע נביאים.

## ו. וואָס מיינט יִדישער קהל. — פאַרבאָט פון ממזרים. — שייכות צו דער פראַגע: "ווער איז אַ ייִד"?

אַ ממזר, אָדער ממזרת איז אַ קינד געבוירן פון אַ נישט־דערלויבטער חתונה; אַ געשלעכטלעך צוזאַמענלעבן, וואָס ווערט לויט דער תּורה באַטראַכט פאַר ניאוף, זנות — הפקרות און אויסגעלאַסנקייט. אַ צוזאַמענלעבן פון דעם מין ברענגט אַ שטראָף אויף דאָס געבוירענע, נישט צו קענען חתונה האָבן אין יִדישן קהל. די עלטערן וועלכע זענען באַגאַנגען אָט דעם פאַרברעך, פאַר זיי זענען פאַראַן שטראָף פון מיתה, שטראָף פון כּרת און אַ פאַרבאָטנקייט אויף דער דאָזיקער תּאווה, מיטן זאָג: "ל א ו". אויף דעם קינד, איז די שטראָף אַ גאָר האַרבע: "לא יבוא ממזר בקהל ד׳"[1].

אַ ממזר, ווי מיר וועלן ווייטער זען, איז אַ געבורט פון "חייבי מיתות"; לויט אַ צאָל פּוסקים — אויך פון "חייבי כּריתות". אויסנעמיק — אַ קינד געבוירן פון אַ נידה איז "פּגום". ער האָט אַ פעלער, אַ "דעפעקט", אָבער איז נישט קיין ממזר, צו ווערן פאַרבאָטן חתונה צו האָבן אין קהל ישראל. אַ ספק ממזר — האַלטן הלכה־אויטאָריטעטן — "לקולא", מתּיר צו מאַכן חתונה האָבן מיט אַ יִדישן מאַן, אָדער אַ יִדישער פרוי[2].

דער אויסדרוק "לא יבוא", מיינט "התחתנות". דער פאַרבאָט חתונה צו האָבן מיט אַ ממזר איז אַן אייביקער. "עד עולם"[3], וואָס ווערט געזאָגט ביי עמון ומואב — ווערט געטייטשט — גייט אויך אַרויף אויף ממזר. דער מאָטיוו: צו היטן די ריינקייט אין פאַמיליע־לעבן.

דער תּנא ר׳ יוסי האָט אָנגעזאָגט אַ בשׂורה[4], אַז אין דער צוקונפט, ווען משיח וועט קומען, וועלן ממזרים גערייניקט ווערן: "עתידין ממזרים לטהר לעתיד לבוא".

מיר האָבן אויך די מיינונג פון ר׳ יצחק: "משפחה שנטמעה, נטמעה"[5] — אויב אַ משפּחה איז אויסגעמישט געוואָרן, לאָזט מען זי צו רו. אַביי איז מוסיף: "אף אנן תנינא..." און רש"י גיט דערויף אַ קלאָרן אויסטייטש: "דכל משפחה שנטמעה, נטמעה, דאין להפרישה ולהרחיקה ולברר ספק מטמעיהם, מי נטמע ומי לא נטמע, אלא יניחום והם ספק, והם כּשרים לעתיד לבוא".

אויפן פּסוק "ושבתי אני ואראה את העשוקים" — איך האָב ווידער געזען

די באַרויבטע[6], טייטשט מען, אַז דאָס זענען געמיינט געוואָרן די ממזרים; זיי זענען באַרויבט געוואָרן פון זייערע רעכט און פּריווילעגיעס און עס זאָגט זיך ווייטער: "והנה דמעת העשוקים" — און אָט זענען די טרערן פון די באַרויבטע, געדריקטע: זיין טאַטע איז געווען אַ בעל־עבירה, "ובא על הערוה", וואָס איז דער אומגליקלעכער שולדיק? "ומיד עושקיהם כח" — און אויף דער זייט פון זייערע דריקער איז די מאַכט.. דער רבונו של עולם זאָגט: "אויב איך קען זיי סובל זיין, פאַר וואָס זאָלסטו נישט קענען דאָס טאָן? אויב ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל זיי טרייסטן, וועל איך זיי טרייסטן".

ווער איז אַ ממזר? אין תּלמוד גייט אָן אַ פּאָלעמיק צווישן די גדולי־התנאים, וועלכע קינדער ווערן קלאַסיפיצירט אַלס ממזרים, זיי זאָלן נישט טאָרן חתונה האָבן מיט ייִדישע קינדער[7]. ס'זענען געווען תנאים וואָס האָבן שטאַרק מחמיר געווען און געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געזוכט וועגן, ווי צו געפינען אַ מעגלעכקייט צו פאַרגרינגערן זייער מצב: "בואו ונצווח על עקיבא בן יוסף" — קומט לאָמיר שטראָמען אויף רבי עקיבא בן יוסף, וואָס איז אַזוי מחמיר[8]. ער האַלט אַז אויב דער געשלעכטלעכער פאַרקער איז פאַרבאָטן, איז זייער פּרוכט פאַרבאָטן; דאַקעגן די חכמים, זיינע חברים, וועלכע האָבן געהאַלטן פון אים, אַז ס'איז נישטאָ קיין פאַרגלייך צו אים, אַז זיין נאָמען איז באַוווסט "מסוף העולם ועד סופו"[9] — באַרימט אין דער גאַנצער וועלט און אומעטום הלכה כמותו, אומעטום בלייבט דער דין ווי רבי עקיבא — אָבער דאָ האָבן זיי אָפּגעפרעגט זיין צו שטרענגע שטעלונג.

ר' עקיבא איז באַוווּנדערט געוואָרן פון משה רבנו, ווען מ'האָט אים געוויזן דעם צוקונפט־דור, אין וועלכן ס'וועט לעבן דער באַרימטער תּנא. ווען מ'האָט געשילדערט די גרויסקייט פון די ראשונים, האָט מען אָנגעגעבן ווי אַ מוסטער ר' עקיבאן: "לבן של ראשונים כפתחו של אולם — זה רבי עקיבא"[10]. די חכמים האָבן אָבער אין דער הינזיכט געזוכט אַ פּתח, צו קענען אַראָפּנעמען — אויב מעגלעך — אַ חשד פון ממזרות פון ייִדישע קינדער.

דער שבט לוי איז געוואָרן אויסגעטיילט צו קדושה, באַזונדערס דער כהן — די העכסטע קדושה ביים כהן גדול. ער האָט געדאַרפט באַזיצן די מעלות פון "שפתי כהן ישמרו דעת ותורה יבקשו מפיהו" — וואָרום די ליפּן פון כהן דאַרפן היטן קענטשאַפט און תורה דאַרף מען זוכן פון זיין מויל, ווייל דער שליח פון גאָט צבאות איז ער[11].

אין וואָס איז באַשטאַנען זיין קדושה? מ'ז'אָל אים צוטיילן כבוד, ווי עס ווערט געזאָגט: "וקדשתו... לפתוח ראשון ולברך ראשון..." און דאָס קומט אים, אויב ס'איז נישטאָ קיין גרעסערער אין תורה: "וזה כולו בשאין שם חכם גדול ממנו..." די קדושה זיינע איז צוליב זיין תורה־גייסטיקייט. מיט

תורה איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן: "ד' בחכמה יסד ארץ" — מיט חכמה־תורה האָט גאָט געגרונטפעסטיקט די ערד...[12] און דאָס ווערט פאַרשטאַנען: "העולם לא נברא אלא בשביל התורה..."

דערמיט פאַרשטייען מיר די משנה[13]: "אם היה ממזר תלמיד חכם וכהן גדול עם הארץ — ממזר תלמיד חכם קודם בכל ענין". אין יהדות איז, זינט בריאת העולם, דער עיקר קדושת התורה[14], צוליב דער תורה איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן און צוליב די יידן וואָס האָבן מקבל געווען די תורה.

נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע צווישן די תנאים איז פעסטגעשטעלט געוואָרן: אַ ממזר איז אַ קינד וואָס איז געקומען אויף דער וועלט פון פאַרבאָטענער באַהעפטונג; "ממזר — זה שנולד מאחת העריות שבתורה"[15] און ס'איז נישט קיין חילוק, צי דער פאַרבאָט איז פון "חייבי מיתות בית־דין, צי חייבי כריתות" — טויטשטראָף ביים בית־דין של מעלה, פון הימלישן געריכט. די ווערטער פון ר' שמעון התימני: "כל שחייב עליו כרת". ר' שמעון בן יהודה זאָגט: "שאיסורו איסור ערוה וענוש כרת" — אַ קינד געקומען אויף דער וועלט פון אַזאַ פאַרבאָטענעם צוזאַמענלעבן איז אַ ממזר. אויב דער פאַרבאָט איז אַ לייכטערער, בלויז אַ "לאוו", נישט צו טאָן, איז דער עונש, ווי אַ רעזולטאַט אויך אַ לייכטערער. אין אַזאַ מצב גייט אָן אַ חילוקי דעות, צי דאָס קינד גייט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון ממזרות צו זיין פאַרבאָטן צו קומען אין קהל ישראל, צי איז עס בלויז אַ "פגימה", נישט אַריינצוקומען אין משפחות וועלכע האַלטן זיך שטאַרק ביי יחוס־משפחה.

ס'זענען דאָ נאָך אויסנאַמען. מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט הלכה, אוודאי נישט צו פסקענען. ס'איז אָבער דאָך כדאי צו דערמאָנען דעם אויסנאַם וועגן נידה־פאַרבאָט, דער איסור צו האָבן געשלעכטלעכע באַציִונגען מיט אַ פרוי אין דער צייט פון איר מענסטרואַציע — און דאָס דאַרפן וואַרטן די צייט פון ריינקייט — און די מצווה, ערשט נאָך דער טבילה. דער פאַרבאָט שליסט איין אַן עונש פון כרת, אָבער דאָס קינד ווי אַ רעזולטאַט פון אַזאַ פאַרבאָט איז בלויז "פגום" און עס מעג חתונה האָבן מיט אַ יידישער פרוי, אָדער פאַרקערט: אַ פרוי מיט אַ יידישן מאַן. בלויז די וועלכע ציִען די קייט פון משפחה־ייחוס קענען צוריקווייזן אַזאַ שידוך.

נאָך אַ פאַל: אַ כהן וואָס נעמט אַ גרושה, איז ער אַ "חלל", פאַרשווועכט די כהונה, אָבער דאָס קינד איז נישט פאַרשוועכט געוואָרן, ס'זאָל אויף אים זיין אַ פאַרבאָט חתונה צו האָבן מיט אַ יידישער פרוי, אָדער מיט אַ יידישן מאַן.

ווער זענען די "עריות"?

אין אַ פריערדיק ווערק האָבן מיר זיי אויסגערעכנט[16]. אין די קיצור־דינים ווערט געגעבן אַ רשימה: אין דער תורה ווערן אויסגערעכנט פופצן עריות;

די חכמים, באַגרינדערס פון דער תורה שבעל־פה, האָבן פאַרגרעסערט די צאָל און צוגעגעבן נאָך זעקס־און־צוואַנציק — זיי ווערן גערופן "שניות". די דאָזיקע "צווייטע" עריות, זענען ווי אַ "משמרת", צו פאַרהיטן ס'זאָל נישט קומען אַן אַריינמיש פון פאַרבאָטנקייט: "אי לאו שניות, פגע בערוה" [17] — אויב מ'וועט נישט צוגעבן די דאָזיקע, פון רבנים פאַרבאָטענע, קאָן קומען צו די עצמדיק תורה־פאַרבאָטענע. דעריבער דאָס צוימען, די שטרענגע מיטלען. די באַגרינדערס פון דער תורה שבעל־פה האָבן אָנערקענט די שטאַרקייט פונעם געשלעכט־יצר, די תאווה וואָס כאַפּט אַרום דעם מענטשן — און יעדן בעל־חי — דאָס איז די תאווה "שנפשו של אדם מחמדתן ומתאוות להם" [18].

צוליב דער אָפּגעהיטנקייט אין משפחה־ריינקייט האָט מען ביי געמישטקייט באַשטימט צו רעכענען מיטן צד פון מוטערלעכקייט; אין פאַל פון ממזר־געמישטקייט איז דער "פגם" אין ביידע פאַלן, מוטער און פאָטער, אין פאַר־באָטענעם צוזאַמענלעב. פון איין צד ממזרות, בלייבט דער פאַרבאָט צו קומען אין קהל־ישׂראל אַן אייביקער, לויט דער גזירה־שוה פון "עשירי־עשירי", וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביי עמון ומואב — "גם דור עשירי לא יבא להם בקהל ד' עד עולם" [19].

דאָס אַלץ וועגן "ממזר וודאי", וועגן אַ זיכערן ממזר. ביי אַ ספק־ממזר, אויב מען איז נישט זיכער צי דאָס קינד איז געקומען אויף דער וועלט אַלס רעזולטאַט פון פאַרבאָטנקייט, דאַן קען מען עס נישט פסלען צו קומען אין גאַנץ קהל, חתונה צו האָבן מיט ייִדן; מ'האָט נישט קיין רעכט צו געבן אויף אַזאַ קינד דעם ממזר־צייכן [20]. נאָך אַ פאַרלייכטערונג: אַ ממזר וודאי האָט רעכט זיך צו פאַרבינדן מיט "קהל ספק", חתונה צו האָבן מיט אַזעלכן אָדער אַזעלכער, אויף וועלכע ס'איז דאָ חשד־ממזרות, ווען דער צד, מיט וועלכן דער ממזר אָדער ממזרת וויל חתונה האָבן, איז אין אַ קאַטעגאָריע פון אומזיכערקייט, צי ער אָדער זי איז ריין משפחהדיק.

נאָך אַ פאַרלייכטערונג: אַ ממזר מעג חתונה האָבן מיט גרים, ווייל — דערקלערן חז"ל — קהל גרים ווערט אין דער הינזיכט נישט גערופן קהל. גרים זענען פּריווילעגירט און באַרעכטיקט צו אַלץ, אין געוויסע פאַלן, מער ווי דער ייִד־געבוירענער; אַן אויסנאַם איז וואָס שייך קהל, נישט צוליב דעגראַ־דירונג, נאָר גאָר צו מילדערן זיין מצב, צו געבן אים נאָך אַ מעגלעכקייט פאַר אַ נאָרמאַל לעבן און דערביי — צו אָנערקענען די שטראָף פונעם ממזר וואָס איז אַזוי שטאַרק, צוליב די עלטערנס שולד פון לעבן אין זינד און ברענגען אַ קינד אין זינד.

צוליב קלאָרקייט, וועלן מיר דאָ נאָך אַ מאָל [21] זיך אָפּשטעלן: 1) אויף דעם וואָרט ממזר און 2) ווער איז אַ ממזר.

אין תּנ״ך געפינען מיר צוויי מאָל דאָס וואָרט ממזר: ״לא יבא ממזר בקהל ד׳״ — אַ ממזר זאָל נישט קומען אין דער עדה פון גאָט [22] און ״וישב ממזר באשדוד״ — און אַ ממזר־פאָלק וועט זיצן אין אשדוד [23]. פּשוט טייטשט מען דעם פּסוק אין דברים, אַז אַ ממזר איז דער, וואָס איז געבוירן געוואָרן ווי אַ רעזולטאַט פון אַן עריות־צוזאַמענלעבן און דאָס, וואָס עס ווערט געזאָגטביים נביא זכריה זאָל מיינען, אַז אַשדוד, די דאַן באַרימטע שטאָט אינעם פּלשתּים־לאַנד, וועט באַזעצט ווערן פון אַ געמיש פון צוריקגעשטאַנענע פעלקער [24]. דאָס וואָרט ממזר, לויט אייניקע פאָרשערס, זאָל שטאַמען פון אַראַמישן וואָרט פאַר שפּינען, געמיש פון פעדים, אַן ערב־רב די שטאָט ווערט דערמאָנט אין ספר נחמיה [25]: ״הושיבו נשים אשדודיות... ובניהן — חצי מדבר אשדודית״ — אויך האָב איך אין יענע טעג געזען יידן וואָס האָבן גענומען אשדודישע... ווייבער און זייערע קינדער האָבן האַלב גערעדט אשדודיש און האָבן ניט געקענט רעדן יהודית״.

אין ספרי האָבן מיר אַן עטימאָלאָגישן אויסטייטש פונעם וואָרט ממזר — מום זר: כּל שהוא מום זר, בין איש בין אשה, אזוי אין תּלמוד בבלי און אזוי אויך אין ירושלמי, אין נאָמען פון ר׳ אבהו ווערט געזאָגט, אַז ממזר איז געמיינט ״מום זר״ — אַ פעלער, צוליב פּרעמדקייט, צוליב זרות ביים געבורט: ״כּל דבר זרות שיש בו, בין שהוא בהזכר, בין שהוא בהנקבה״ [26].

מיר וועלן ציטירן פון ספרי, וואָס דערקלערט ווער איז אַ ממזר: ״איזהו ממזר? כּל שאר בשר שהוא בלא יבא — דברי ר׳ עקיבא... שמעון התּימני אומר: כּל שחייבין עלי כּרת בידי שמים — הולד ממזר... ר׳ יהושע אומר: כּל שחייבים עליהם כּריתות בית דין הולד ממזר...״ די ראיה פון ר׳ יהושע: ״מה אשת אָב מיוחדת שחייבים עליה מיתת בית דין והולד ממזר, אף כּל שחייבים עליהם מיתות בית־דין הולד ממזר״.

אין תּלמוד: ״איזהו ממזר? כּל שאר בשר שהוא בלא יבא״, דברי רבי עקיבא. שמעון התּימני אומר: כּל שחייבין עליו כּרת בידי שמים. ר׳ יהושע אומר: כּל שחייבין עליו מיתת בית דין [27] מיר האָבן, ווי מיר זעען, דריי מיינונגען: רבי עקיבא איז דער מערסט־מחמיר אין פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן און ר׳ יהושע פאַרלייכטערט, אַז בלויז אויף די פאַרבאָטן מיט טויטשטראָף ווערט דאָס קינד אַ ממזר.

דער אבן עזרא [28] קאָמענטירט: ״אמרו חז״ל, הבא מן העריות. ואחרים אמרו כּי הוא שם גוי, וישב ממזר באשדוד...״ ווי עס זעט אויס, האָט אבן עזרא, דער ראַציאָנאַליסט, נישט אָנגענומען דעם טייטש פון די אחרים [29], ווייל ס׳ווערט נישט דערמאָנט אַזאַ נאָמען פון אַ פאָלק.

ווי עס ווערט פאַרשטאַנען ביי פאָרשערס, תּנ״ך־קענערס, פילאָלאָגן און עטימאָלאָגן, איז ממזר אַ וואָרט פאַר געמישטקייט און דאָס נאָענטסטע, ווי חז״ל

טייטשן — געבוירן פון אַ פּרעמדקייט, פאַרבאָטנקייט — "הנולד מאיסורי ביאה" [30] און ס'זאָל הייסן, אַז די ממזרים, ווייל זיי קענען זיך נישט אויסמישן מיט ייִדן, זוכן זיי וווינאָרט ביי די פּלישתּים, ווי אַשדוד און אַנדערע ענלעכע שטעט אין שכנות פון יהודה [31].

דער רמב"ן קאָמענטירט: "כנוי לאיש המוזר מאחיו ויודעיו, שלא נודע מאין הוא בא... והנה הוא ממזר בעיר מולדתו..." קומט אויס, אַז ער טייטשט דאָס וואָרט זאָל קומען פון "זר", וואָס מיינט פרעמד.

דער בעל־הטורים גיט אַן אינטערעסאַנטן רמז צו פאַרבינדן ממזר אין חומש און ממזר אין זכריה: "וישב ממזר באַשדוד — זה הוא שאחז"ל, עתידים ממזרים ליטהר ויתישבו בארץ..."

דער מלבי"ם ברענגט אַריין אַ נייעם אויסטייטש: "כבר בארנו שלא יבא בקהל, פירוש שלא ישא בת ישראל" און באַוואָרנט: "ולשאר דבר, הוא כישראל גמור, ממזר תּלמיד־חכם קודם לכהן גדול עם הארץ..." [32]. ער ציטירט פון בעל הכּתב והקבלה, אַז דאָס וואָרט זר אין אַראַביש מיינט תּועבה, אומווירדיקייט, ענלעך צו די אויסדרוקן "והי' לכם לזרא" [33], "רוחי זרה לאשתי" [34] מיין אָטעם איז צווידער מיין ווייב.

איין וואָרט און אַזוי פיל טייטשן!

ווערט מען פאַרטיק מיטן טייטש פונעם וואָרט, פאַרנעמען זיך די פּוסקים צי איז דער פאַרבאָט אויף אַן אָפיציעלער חתונה, אָדער בכלל אַ פאַרבאָט אויף אינטימקייט.

דער רמב"ם האַלט, אַז דער פאַרבאָט — מיט דער געהעריקער שטראָף — זאָל קומען, נאָך פאַרבאָטענער חתונה — "כשבעל אחר הקידושין". דער ראב"ד איז מחולק און האַלט אַז "ביאה אסורה", אין דער הלכישער טערמינאָלאָגיע, נישט קיין חילוק צי דאָס איז פאָרגעקומען פ אַ ר אָדער נ אָ ך דער חתונה. דער ציל איז צו פאַרהיטן פון פּרעכקייט, איינצוהיטן די מאָראַלישקייט, "שלא ירבה ממזרות בישראל" — מ'זאָל נישט מערן קיין ממזרים, צוליב אַזאַ סאָרט אינטימקייט, אַזאַ געשלעכטלעכן פאַרקער.

אין דער שו"ת ליטעראַטור, אין מאָדערנעם לשון "רעספּאָנסאַ", געפינען מיר דאָס באַהאַנדלען די דאָזיקע טעזע גאָר באַריכות און, ווי עס ווייזט זיך אַרויס פון אַלעמענס מיינונגען, איז אויף דעם געזאָגט געוואָרן: "אלו ואלו דברי אלקים חיים" [35].

ר' יעקב מעקלענבורג פאַרנעמט זיך מסביר צו זיין דעם רמב"מס שיטה [36], ווייל אויב דער איינציקער מאָטיוו זאָל זיין "שלא ירבה ממזורות", וואָלט דאָך דער ממזר געקענט נעמען אַ זקנה, אָדער אַ פּרוי וואָס קען נישט האָבן קיין קינדער. ער פאַרענטפערט אויף די אויבנאויפיקע סתּירה, וואָס לויט דער הלכה, איז דער

ממזר־פאַרבאָט אַן אייביקער — "עד עולם" און לויט דער מיינונג פון ר' יוסי, ווי שוין דערמאָנט פריער, וועלן ממזרים גערייניקט ווערן לעתיד לבא. ער נעמט אַן דעם ריב"אס (רש"יס תלמיד, פון די בעלי התוספות), מיינונג, אַז ר' יוסי מיינט נישט, אַז ס'וועט בטל ווערן דער געבאָט "לא יבא בקהל ד'", נאָר ס'וועט זיין אַ סאָרט מאָמענטאַלע אַמנעסטיע אין מאָמענט פון משיחישער פרייד. אין מאָמענט פון גאולה־עקזאַלטאַציע וועט מען דאָס דערלויבן און נאָך דעם, וועט צוריק גילטיק זיין דער פאַרבאָט פון "לא יבא", אַפילו אינעם עולם משיח. דאָס וועט זיין אַ "הלכתא למשיחא", לויטן סימבאָלישן אויסדרוק.

אין שולחן ערוך [37] ווערט געפסקנט: "ממזרים ונתינים אסורים איסור עולם, עד סוף כל הדורות, בין זכרים, בין נקבות". מען טאָר אים, דעם ממזר, נישט דריקן, נישט פייניקן, ווייל ס'איז דאָך נישט זיין שולד, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אין זינד. ער איז אַ ייִד און איז באַרעכטיקט צו אַלע פּריווילעגיעס: מען האַנדלט מיט אים; מען גיט אים באַשעפטיקונג; מען ווייזט אים אַרויס התקרבות און אַז ער קאָן לערנען, איז ער פריער פונעם כהן גדול, אויב דער לעצטער איז אַן עם־הארץ, ווי מיר האָבן פריער איבערגעגעבן דאָס לשון פון דער משנה [38]: "אם היה ממזר תלמיד חכם וכהן גדול עם הארץ — ממזר תלמיד־חכם קודם לכהן עם־הארץ".

נישט מיט אַ לייכט האַרץ האָבן רבנים דערקלערט אַ קינד אַ ממזר, און אים פאַרבאָטן חתונה האָבן מיט ייִדן; מ'האָט געזוכט אַלע מעגלעכקייטן — אויב ס'איז נאָר געווען אַ ספק — צו באַפרייען דעם מאַן אָדער די פרוי פונעם ממזר־פלעק.

מ'האָט למשל נישט געגלויבט עלטערן, ווען זיי האָבן דערקלערט, אַז זייער קינד איז אַ ממזר. מ'האָט געדאַרפט האָבן באַווייזן, עדות, אַז דאָס קינד איז געבוירן דורך פאַרבאָטענער אינטימיטעט: "האומר בני זה ממזר ונולד מבעילה של ניאוף עם אשת־איש, אינו נאמן; ואפילו שניהם אומרים על העובר שבמעיה — ממזר הוא, אינם נאמנים" [39].

אין די שאלות־ותשובות פון רבנישע אויטאָריטעטן געפינט מען גאָר אַ סך פאַרלייכטערונגען אין דער דאָזיקער הינזיכט. מ'האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט צו באַווייזן, אַז ס'איז אַ ספק אויף דעם אומגליקלעך געבוירענעם און אויב ער האָט חתונה מיט אַ נכרית, אַ גויה, איז דאָס קינד, לויטן דין, אַז מ'רעכנט זיך מיטן מוטערלעכן צד, — אַ גוי. אויב ער איז זיך מגייר, האָט ער דעם דין ווי אַלע גרי־צדק: ווי אַ גר־צדק וועט ער שוין, לויט אַ צאָל פוסקים, מעגן חתונה האָבן מיט אַ ייִדישער פרוי, לויטן פּרינציפּ פון "גר שנתגייר כקטן שנולד". אויב דער ממזר האָט חתונה מיט אַ שפחה, אַ נישט־ייִדישער דינסט, איז דאָך דאָס קינד אַן עבד כנעני. ווען זיי ווערן פריי, בני חורין, ווערט ער אַ פולשטענדיקער

ייד. מען עצהט דעם ממזר, ער זאָל חתונה האָבן מיט אַ שפחה, ווייל זי איז דאָך שוין מקיים געוויסע מצוות, איז זיך טובל נאָך דער מענסטרואַציע, איז געהיט אין די דינים פון נידה־אָפּגעהיטקייט, וועט אים זיין לייכטער צו לעבן מיט איר אַ ייִדישלעך לעבן און נאָך דעם וועלן די קינדער זיך מגייר זיין און קענען חתונה האָבן: בחורים מיט ייִדישע מיידלעך און מיידלעך מיט ייִדישע בחורים.

נאָך אַ מאָל: ממזר איז אַ קינד געבוירן פון אַ עריות־צוזאַמענלעב; אויב אַ מאַן לעבט מיט אַן אשת־איש, מיט אַ פרוי וואָס האָט אַ מאַן, זי איז נישט קיין אלמנה און איז נישט געגט לויט דעם געהעריקן ריטואַל און פּראָצעדור, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ביי די בעלי־הלכה איז דאָס קינד אַ ממזר ״גמור״ אָדער — ממזרת ״גמורה״ — אַ פולשטענדיקער ממזר. ער אָדער זי קען נישט קומען אין קהל ד׳, קען נישט חתונה האָבן מיט אַ ייִדיש מיידל אָדער אַ ייִדישן בחור; ער קאָן אָבער חתונה האָבן מיט זיין גלייכן. ווי איז דער דין, אַז זי פאַרלאָזט דעם צווייטן מאַן, איידער זי איז געגט פון אים? איז דאָס קינד אַ ״ממזר מדרבנן״ — פאַרבאָטן לויט די תקנות פון חכמים. זיין מצב איז גאָר אַ שווערער: ער טאָר נישט חתונה האָבן נישט מיט אַ ריין ייִדיש קינד און נישט מיט אַ ממזר־ממזרת. ער מעג בלויז חתונה האָבן מיט אַזעלכע ווי ער — ״כמותו״.

דער ציל פון אַלע תקנות אין שייכות מיט ממזרות איז געווען צו פאַרהיטן פון הפקרות אין געשלעכטלעך לעבן און צו פאַרזיכערן משפחה־ריינקייט ביי ייִדן. דעם ממזר, אָדער די ממזרת — איז דער דין — דאַרף מען באַהאַנדלען מיט סימפּאַטיע, מיט רחמנות, ווייל ער ליידט צוליב זיינע עלטערן. ער ווערט באַהאַנדלט ווי אַ ייִד, וואָס שייך מילה בשבת. מען מעג אים מל זיין אום שבת.

מיר האָבן זיך פאַרנומען מיט אָט דער טעזע, צוליב גרות — צוליב דער ״לאַנגער פרשה״, ווי דאָס איז גערופן געוואָרן. אַ פרשה וואָס האָט אַרויס־גערופן אַ ביטערע פּאָלעמיק אין די רבנישע קרייזן.

דער דעמאָלטיקער רב ראשי, הרה״ג ר׳ שלמה גורן, ווי שוין פריער דערמאָנט, איז אַריין, ווי מ׳זאָגט אין רבנישן לשון, ״בעובי הקורה״, גענומען אַ פּערזענלעכן אינטערעס, צו רעווידירן די פּסקים פון רבנים, אַרויסגעגעבן פריער, איידער ער איז געוואָרן רב־ראשי, מיטן ציל, צו באַטראַכטן די מעגלעכקייט צו ראַטעווען ייִדישע קינדער פון אַן אייביקן ממזר־פּאַראורטייל.

נישט דאָ איז דער פּלאַץ זיך אַריינצולאָזן אין די שו״ת בנוגע דעם ענין. הרב גורן האָט וועגן דעם אַרויסגעגעבן אַ ספר און באַגרינדעט זיין פּסק, אַז די מוטער פון די קינדער איז נישט געווען קיין אשת־איש, לויט דער הלכה; במילא זענען נישט די קינדער ממזרים. דאָס איז דער קיצור און יסוד פון זיין פּסק.

די געשיכטע, ווי באַקאַנט, הייבט זיך אָן מיט אַ 14 יאָריק ייִדיש מיידל

פון שטעטל לוקאָוו, פוילן, וועלכע האָט צוליב נישט־באַרעכנטקייט (אין תאווה) פאַרשאַפט צרות אירע עלטערן. זי האָט זיך געחברט מיט אַ נישט־ייִדישן בחור באָלעק בורקאָווסקי, אַ 27־יאָריקן שוסטער. ער האָט איר איינגערעדט צו קומען מיט אים אין זיין דאָרף, דאָרט געצוווּנגען געוואָרן אויף שמד, חתונה האָבן קריסטלעך און לעבן מיט אים.

די עלטערן, איר פאָטער יוסף גינזבורג, אַ חסידישער ייִד, האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן די חרפה וואָס זי האָט זיי פאַרשאַפט און צוליב בושה פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

חוה, די טאָכטער, פאַרשוואַנגערט, די עלטערן פאַרהאַנדלען מיטן קריסט, ער זאָל זיך מגייר זיין. דער באָלעק לערנט מיט זיי "בלק"... ווי מ'זאָגט אין ייִדיש. ער פאַרלאַנגט געלט. נאָכן קריגן אַ גרויסע סומע, גיט ער נאָך דעם פאַרלאַנג — די גרות קומט פאַר אין וואַרשע — אָבער קיין עדות זענען נישטאָ, צי די גרות איז געווען לויטן ייִדישן דין. זי האָט נאָך אַ מאָל חתונה און די עלטערן פאַרלאָזן — צוליב דער חרפה — פוילן און זענען עולה קיין ארץ־ישראל.

דאָס פּאָרל האָט זיך "אַרומגעריסן", נישט געקענט אויסקומען, דער סוף: דאָס פּאָרפאָלק, צוזאַמען מיט זייער בכור, קריגן סערטיפיקאַטן און קומען קיין ארץ־ישראל, וווּ זיי האָבן נאָך אַ זון, אָבער קיין שלום־בית הערשט נישט צווישן דעם פּאָרפאָלק: חוה פאַרלאָזט דעם פּאָליאַק און זוכט זיך אָפּ אַ ייִדישן מאַן, פון וועמען זי האָט צוויי קינדער, אַ זון מיטן נאָמען חנוך און אַ טאָכטער — מרים.

דער מאַן, אָטאָ לאַנגער, איז געשטאָרבן. זי גייט חתונה האָבן צום דריטן מאָל. ביים חתונה האָבן ווערן אויפגעדעקט אירע מעשים. דאָס בית־דין באַשליסט, אַז אירע קינדער פונעם צווייטן מאַן, זענען ממזרים, ווייל זי איז דאַן געווען אַן אשת־איש, די פרוי פונעם גר.

די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, רייף געוואָרן און ווי דער שטייגער, געוואָלט חתונה האָבן — און דאָ איז דאָס פּראָבלעם: ממזרים זענען פאַרבאָטן צו קומען בקהל ישראל. זייער פּראָבלעם איז געבראַכט געוואָרן פאַר די רבנים ראשיים, פאַר דעם רב־ראשי לצה"ל, פאַר דעם שר הבטחון משה דיין, פאַר דער ראש הממשלה גאָלדע מאיר, פאַר דער פּרעסע, עס ווערט אַ לאַנדפּראָבלעם.

ס'הייבט זיך אָן אַ רבנישע אויספאָרשונג: צי איז דער בורקאָווסקי געבליבן אַ גוי? צי איז ער געווען אַ גר־צדק? צי איז ער געווען אָנערקענט אַלס ייִד? צי האָט ער אָפּגעהיט מצוות?... פון די ענטפערס איז אָפּהענגיק דער גורל פון די קינדער, געבוירענע נאָך דער חתונה מיטן צווייטן מאַן.

אויב בורקאָווסקי איז געווען אַ גר־צדק, האָט זי געדאַרפט האָבן אַ גט

פון אים, איידער זי האָט חתונה געהאַט מיטן צווייטן מאַן; זי האָט קיין גט נישט געהאַט, איז זי געווען אַן אשת־איש, זענען די קינדער ממזרים. אויב אָבער, ער איז נישט געווען קיין גר־צדק, ער איז געבליבן אַ גוי, איז איר לעבן מיט אים געווען זנות, אויסגעלאָסנקייט. זי איז אָבער נישט געווען קיין אשת־איש.

הרב שלמה גורן — דאַן דער הויפּט־רב פון צה״ל — ווי דערמאָנט, האָט זיך גענומען צו דער ״אַרבעט״. ער האָט אויסגעפאָרשט די פּרטים פון דער גרות, ווי ער גיט דאָס איבער אין זיין ספר ״פסק הדין בענין האח והאחת שלמה גורן הרב הראשי לישראל ונשיא בית הדין הרבני הגדול בירושלים, ירושלים, טבת, תשל״ג...״ און באַווייזן די מעגלעכקייט צו אַנולירן די כלומרשטע גרות פון דעם בורקאָווסקי. במילא איז דאָס געווען אַ הפקרדיק צוזאַמענלעבן פון געמישטקייט, דעריבער האָט די פרוי נישט געדאַרפט קיין גט, זי איז נישט געווען קיין אשת־איש ביים חתונה האָבן מיטן צווייטן מאַן. נאָך מער: דער רב אין תל־אביב, וואָס האָט זי חתונה געמאַכט, האָט געוויס אויסגעפאָרשט דעם ענין און געמאַכט זיכער אַז זי איז נישט קיין אשת־איש.

די פראַגע איז געווען פאַר הרב גורן, צי ער האָט רעכט מבטל צו מאַכן דעם פּסק פון די רבנים, וועלכע האָבן געאורטיילט, אַז די קינדער זענען ממזרים.

דער ענין איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן, ביז הרב גורן איז געוויילט געוואָרן אַלס רב־ראשי. דאָס איז ביי אים געווען פון די ערשטע הלכה־פּראָבלעמען. וואָס ער האָט זיי, צוליב רחמנות אויף די קינדער, געגעבן פּריאָריטעט. מיט גרויס פלייס האָט ער גענומען אויספאָרשן טעאָרעטיש, געמאַכט אַ געהעריקן הלכה־אַנאַליז כדי צו קומען צו הלכה למעשה און אַראָפּנעמען דעם ממזר־פלעק פון שוועסטער און ברודער. ער האָט געווירקט און געקראָגן די הסכמה פון ניין (9) רבנים־מומחים מתיר צו מאַכן די לאַנגער־קינדער און ווען ער האָט אַלץ געהאַט צוגעגרייט, האָט ער דורכגעפירט די צוויי חתונות, כדת משה וישראל.

הרב גורנס פּסק האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער רבנישער וועלט. דער בעל־הפסק האָט זיך ווייניק געשראָקן, זיך האַלטנדיק ביים פּרינציפּ פון ״לא תגורו״, אַפילו פאַר רבנים. ער איז געווען איבערגעצייגט, אַז ער האָט געפּסקנט א מ ת  ל א מ ת ו.

ס׳האָט אים נישט געגעבן קיין רו — שרייבט ער — ווען ער האָט געהערט אַז אין גרויס פאַרצווייפלונג, האָבן מרים, די טאָכטער און חוה די מוטער, פּרובירט באַגיין זעלבסטמאָרד און מ׳האָט זיי קוים אָפּגעראַטעוועט.

די טראַגעדיע פון די לאַנגערס האָט אים טיף דערשיטערט און דעריבער האָט ער זיך גענומען מיט פלייס אויסצופאָרשן אַלע הלכה־אַספּעקטן און אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז מ׳קען דעם ממזרות־פלעק אָפּוואַשן,

האָט ער צוזאַמענגעשטעלט די דיינים צו באַטראַכטן זיין אויספאָרשן די פּרטים און די הלכות, אין שייכות מיט גרות און ממזרות און פאַרעפנטלעכט דעם היתר, לויטן כּלל: "ראה מעשה ונזכּר הלכה"[40]. ער האָט באַלד דורכגעפירט די חתונה און צוליב זייער אָנגעהעריקייט אין מיליטערישע אָפּטיילונגען איז דער דעמאָל־טיקער שר הבטחון, משה דיין ע"ה, געווען פון די ערנגעסט.

דער ענין לאַנגער־היתר איז נישט לייכט אַראָפּ פון דעם מלכים־טיש — "מאַן מלכי? — רבנן"[41].

הרב ר' בצלאל זולטי ז"ל (רב ראשי פון ירושלים), האָט פאַרעפנטלעכט אַ קונטרס א. נ. "תשובה כּהלכה" צו באַווייזן, אַז הרב גורנס פּסק איז נישט לויט דער הלכה.

הרב הגאון ר' משה פיינשטיין ז"ל האָט זיך אויסגעדריקט גאָר שאַרף קעגן דעם היתר "ועל הרב גורן לשוב בתשובה..."

דאַקעגן הרב הצדיק, ראש ישיבת מרכז הרב, ר' צבי יהודה קוק ז"ל, האָט געלויבט און זיך איינגעשטעלט פאַר הרב גורן און טיטולירט אים: "הגאון הצדיק שׂר התורה".

הרה"ג ר' אברהם אהרן פּרייס שליט"א שרייבט אין אַ לענגערן פּריוואַטן בריוו, אַז ער האָט גרויס צער אויף דעם חילול פון כּבוד התורה... "מעשה אולמות כּאשר עתה הנוגע ממש עד לשפיכת דמים לא הי' בישראל, זולת בהמחלוקת של י"ח דבר שכּפי הירושלמי בשבת, נשפּכו דמים ל"ע..."

און צוריק צום ענין גר־צדק:

ווי מיר האָבן ביז איצט אָנגעוויזן (אויך אין מיינע פריערדיקע ווערק), ווערט ער באַהאַנדלט מיט דער גרעסטער התקרבות; ער ווערט מצטרף צום ייִדנטום נאַציאָנאַל, רעליגיעז און ראַסיש. עמון ומואב, אָפּשטאַמיקע פון לוט, דעם פּלימעניק פון אברהם אבינו האָט מען פאַראורטיילט, נישט מקבל צו זיין פון זיי גרים, צוליב זייער אוממענטשלעכקייט, אוממאָראַלישער און אומעטישער אויפפירונג, אָבער נישט צוליב ראַסן־פאַראורטייל.

אין ייִדנטום איז אָנגענומען דער פּרינציפּ: "אין הקב"ה פּוסל לשום בריה, אלא לכל הוא מקבל", ווי דער נביא זאָגט: „פּתחו שערים ויבוא גוי צדיק שומר אמונים — עפנט די טויערן, און זאָל אריינגיין דאָס גערעכטע פאָלק, וואָס היט אָפּ געטריישאַפט" (ישעי', כ"ו, ב').

# הערות

## א

1 כריתות, ט׳, ע״א ; תוספות, אויפן אָרט אָנהייב־וואָרט ״דכתיב״.
2 שמות, י״ב, ל״ח — יהואש איבערז.
3 שמות רבה, מ״ב, י׳.
4 במדבר, י״א, ד׳.
5 אסתר, ח׳, י״ז.
6 דאָרט, דאָרט.
7 עזרא, ט׳, א׳—ד׳ ; י״ד ; י׳, י״א.
8 יבמות, כ״ד, ע״ב.
9 בכורות, ל׳, ע״ב.
10 גרים, ג׳, א׳ : ע״ז, ס״ד, ע״ב — דאָרט איז די גירסא : ״איזהו גר תושב, כל שקיבל עליו בפני ג׳ חברים, שלא לעבוד עבודת כוכבים, דברי ר׳ מאיר ; וחכמים אומרים : שקיבל עליו שבע מצוות שקבלו עליהם בני נח. אחרים אומרים : אלו לא באו לכלל גר תושב, אלא איזהו גר תושב, זה גר אוכל נבלות, שקבל עליו לקיים כל מצוות האמורות בתורה, חוץ מאיסור נבילות״. זע, נחלת יעקב אויף מסכת גרים.
11 ויקרא, י״ז, ט׳—ט״ז ; במדבר, ט״ו, ט״ו—ט״ז.
12 דברים, י״ד, כ״א.
13 נישט ליגן מיט מוטער, מיט פאָטערס ווייב, מיט אַן אשת־איש, מיט שוועסטער פון איין מאַמע, פאַרבאָט אויף האָמאָסעקסואַליזם, פאַרבאָט צו לעבן מיט בהמות.
14 וועגן דעם צי, ההורגו — נהרג, זע, פלטיאל בירנבוים, רעצענזיע איבער דר. יעקב ק. מיקלישאַנסקיס ״ערכים והערכות״, הדואר, י״א אייר, תשל״ו און הערה פון הרב שמואל היבנער, ״דבריו אינם מכוונים״, ברענגנדיק מקורים פון מכילתא, פ׳ משפטים ; רמב״ם, הלכות רוצח, ב׳, י״א און אנד.
15 נאספו ונקבצו . . . הגאון רבי בן ציון מאיר חי עוזיאל, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תשל״ז—1977, ז״ז שמ״ט—שנ״ד.
16 יו״ד, סימן רס״ח, סעיף י״ב.
17 בכורות ל׳ ע״ב.
18 תוספות, שבת, ל״א, ע״א ; מנחות, מ״ד, ע״ב — מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט וועגן די דאָזיקע חידושים.
19 וועגן דער שאלה האָבן מיר שוין דערמאָנט אין ״באַציִונג צו דער פרוי״, אין ״קדושה אין יידישן פאַמיליע לעבן״ און אין פריערדיקע פרקים.
20 חבלים בנעימים, ד׳, סימן ל׳, ז״ז 50—52.
21 מקורים : יבמות, כ״ד, ע״ב : רמב״ם : טור, יו״ד און שלחן ערוך, רס״ח.
22 רמב״ם, איסורי ביאה ; שו״ע אהע״ז, ו׳, ה׳ ; יו״ד, רס״ו, י״ג ; רס״ח, זע, פסקי עוזיאל, דאָרט, ז״ז שנ״ד—שס״ט.
23 חלק ראשון, ניו־יאָרק, תשי״ט, ז״ז מ״א—מ״ד.
24 זע, שו״ת רדב״ז, ג׳, תתקי״ז.
25 שמות, י״ב, מ״ט ; מכילתא, אויפן אָרט ; במדבר, ט״ו, ט״ו ; דברים, י״ד, כ׳, כ״ט ; יהושע, ה׳, ב׳—ח׳ ; ספרי, בהעלותך א״א.
26 במדבר, ט״ו, ט״ו ; רמב״ם, ממרים, ה׳, י״א ; מלבי״ם על התורה, דברים, כ״ז, י״ח ; שו״ע, או״ח, נ״ג ; יסודי ישרון, להרב ר״ג פעלדער, א׳, מערכת בית הכנסת, ז״ז מ״ג און קס״ג.
27 בראשית, י״ז, כ״ד.
28 תורת אמת, סוף פ׳ לך.
29 זע, ״פנים אל פנים״, אדר א׳, תש״ל (נומ׳ 560). מיין טאָכטער חנה־האַני, דאָן

אַ סטודענטקע אין העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים, האָט מיר געשריבן, אַז אין אירע שמועסן מיט יוגנטלעכע פון "הבונים" (רעכטע פועלי־ציון) און פון השומר־הצעיר, די לינקע אין אַרב.־ציוניזם, האָבן זיי כּמעט אַלע איינגעשטימט, אַז דאָס געפיל דיקטירט צו האַלטן זיך ביים פּרינציפּ פון "גיור לויט הלכה".

30 אבות, ג׳, י״א ; סנהדרין, צ״ט, ע״א.

31 שבת, ל״א, ע״א.

32 ברכות, נ״ז, ע״א ; עירובין, י״ט, ע״ט ; סנהדרין, ל״ז ע״א א״א.

33 אגב מיינער אַ תּלמיד, אין עץ־חיים, טאָראָנטאָ.

34 דוד בן־גוריון, מעצב המדינה, הוצ׳ כתר, ירושלים, תשל״ד—1974, ז״ז 75—87. ער גיט איבער אינטערעסאַנטע פּרטים.

35 ר״ה, ד׳, ע״ב ; תו״כ, ויקרא, ט״ו, כ״ה.

36 גיטין, מ״ה, ע״ב.

37 י. בראַנין, "סאָוועטיש היימלאַנד", נומ׳ 7, יולי, 1974.

38 יבמות, מ״ו—מ״ז.

39 דברים, ז׳, ג׳—ד׳ ; קדושין, ס״ח, ע״ב — רש״י אויפן אָרט איז מסביר, וויאַזוי מ׳לערנט דאָס אַרויס.

40 עזרא, ט׳, ב׳.

41 ירושלמי, יבמות, ה׳, ג׳ ; בבלי, יבמות ע״ז, ע״ב.

42 ידים, ד׳, ד׳ ; ברכות, נ״ח, ע״א.

43 פון די לעצטע אויסגאַבעס "מסילת ישרים" — אַן אויסגעצייכנטע איבערזעצונג און איינלייטונג פון מרדכי מנחם קאַפּלאַן, פילאַדעלפיאַ, תרצ״ז—1936, ארויסג. "החברה היהודית להוצאת ספרים אשר באמריקה —
The Jewish Publication Society of America;
אַ לוקסוס־אויסגאַבע, מהדורת "נ צ ח", הדפסה מיוחדת של מפעל התורה למען הישיבות בישראל, תל־אביב, תשי״ז—1956, מיט צוגאָבן פון די גדולי בעלי המוסר.

44 די פּרעסע האָט באַריכטעט וועגן אַלץ וואָס עס האָט זיך געטאָן עפנטלעך און הינטער די קוליסן. די ברידער דר. פּינחס פלאי און הרב שמואל אבידור האָבן אין זייער וואָכנשריפט "פּנים אל פּנים" געהאַלטן דעם עולם געשפּאַנט.

## ב

1 רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, י״ד.

2 סיני, בעריכת יצחק רפאל, ניסן־אייר, תשל״ה, ז״ז כ״ח—ל״ו.

3 יבמות, מ״ז, ע״ב.

4 רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, י״ז ; שו״ע, יו״ד, רס״ח, י״ב א״א.

5 יבמות, מ״ו, ע״ב.

6 רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג, י׳ ; יו״ד, רס״ח. זע, הרב עקיבא גלאַזנער, קבלת גרים בארץ ובחו״ל בזמן הזה, המאור, ניסן־אייר, תשל״ז, ז״ז 17—20.

7 יבמות, מ״ו—מ״ז און מפרשים.

8 דאָרט, כ״ד, ע״ב, ע״ו—ע״ז ; עבודה זרה, ג׳, ע״ב.

9 ד׳, ג׳ ; רמב״ם, איסורי ביאה, י״ג.

10 המאור, דאָרט — באַריכות.

11 שמות, י״ח, י״א.

12 במדבר, י׳, כ״ט—ל׳. געוויינטלעך טייטשט מען, אַז ער איז אַהיים מגייר צו זיין די גאַנצע משפּחה. פאַקטועל, ווי מיר זעען אין יהושע—שופטים, זענען די יתרו־אָפּשטאַמיקע געבליבן צווישן יידן. אין "המאור" ווייזט אַן הרב גלאַזנער, פאַר וואָס

ער גיט דעם נייעם טייטש.
13 רות, א׳, ט״ז—י״ז.
14 דברים, י׳, י״ח.
15 תנחומא, לך, ו׳.
16 תהילים, מ״ז, י׳.
17 חגיגה, ג׳, ע״א.
18 מהדורה שני׳, הביא לדפוס... ישראל שפירא, הוצ׳ ראובן מס, ירושלים, תשל״ח, חלק ראשון, ז״ז 150—158.
19 שמות, י״ד, י״ג; זוהר, בשלח, מ״ה, ע״ב.
20 זוהר, תשא, קצ״א, ע״ב; בלק קצ״ב.
21 שמות, ד׳, כ׳.
22 שמות, י״ח, ב׳—ג׳.
23 זוהר, יתרו, ס״ט.
24 במדבר, י״ב, א׳.
25 במדבר, י׳, כ״ט—ל׳.
26 שמות, י״ח, כ״ז.
27 עבודה זרה, כ״ד — חילוקי דעות.
28 רמב״ן, שמות, י״ח, א׳ — באריכות.
29 שבת, פ״ז, ע״א.
30 דברים, ה׳, כ״ח.
31 בלויז די בני יתרו האָבן געגומען אַ חלק אין לאַנד, ווייל משה רבנו האָט זיי צוגעזאָגט. זע, רמב״ם, בכורים, ד׳, ג׳; רמב״ן, חידושים, בבא בתרא, פ״א, ע״א; תוספות, דאָרט; החינוך א״א.
32 רמב״ן און מפרשי התלמוד.
33 שופטים, ה׳, כ״ד.
34 הסנהדרין, ז׳ 13, הערה 2.
35 במדבר, ע״ח, כ׳.
36 ירמיה, ל״ה, י״ט; שמות רבה, בא; ילקוט שמעוני, שופטים און אַ צאָל אַנד. מדרשים.
37 ויקרא, י״ט, ל״ד.
38 בראשית, י״ב.
39 עירובין, י״ט, ע״א.
40 חידושי הר״ן, סנהדרין, נ״ט, ע״ב.
41 סנהדרין, צ״ט, ע״ב.
42 כ״ט, כ״ט.
43 זכרי׳, ב׳, ט״ו.
44 צפני׳, ג׳, ט׳.
45 ישעי׳, ב׳, ב׳—ג׳; נ״ו, ג׳; ו׳—ז׳.

## ג

1 סנהדרין, מ״ד, ע״א.
2 תהלים, קי״ט, קכ״ו; ברכות, ט׳, ה׳; נ״ד, ע״א; ב״ב, סי׳, ע״ב. זע, ״זכרון אליהו״ ר׳ אליהו מאיר בלוך, בני ברק, תשמ״ג, ז״ז רט״ו—רכ״ד — באריכות.
3 יהואש איבערזעצונג און מפרשים. זע, א. היימאַן, תולדות תנאים ואמוראים, ב׳, ערך ר׳ יהודה הנשיא, דער דאָזיקער פסוק האָט געדינט פאַר רבנו הקדוש, ווי אַן אסמכתא צו מאַכן תורה שבעל־פה, אַ תורה שבכתב, כדי תורה שבעל־פה זאָל

נישט פאַרגעסן ווערן.

4 א׳, ג׳.

5 זע, ספרי, דברים, ש״ט.

6 רמב״ם, מלכים, י״ב, ג׳.

7 דער דעמאָלטיקער סגן פון שר החינוך, דר. אבנר שאַקי, האָט געשטימט פאַר גיור כהלכה, נישט אַפּשרעקנדיק זיך, אַז די קאָאַליציע וועט צעפאַלן — ער האָט רעזיגנירט, אָדער איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער רעגירונג.

8 במדבר, כ״ג, ט׳.

9 דברים, ל״ב, ט׳.

10 פסחים, פ״ז, ע״א.

11 קידושין, ע׳, ע״ב.

12 מיר האָבן דאָס שוין באַהאַנדלט אין אַ פריערדיקן פרק און אין פריערדיקע ווערק.

13 ״טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, מערץ 20, 1970.

14 ז״ז 172—173.

15 דברים, ל׳, י״ג.

16 דאָרט, י״ז, ט״ו.

17 בבא קמא, פ״ח, ע״א.

## ד

1 ״הפרדס״, אייר, תש״ל. דער רעדאַקטאָר הרב שמחה עלבערג, פירער פון אגודת הרבנים דארצות־הברית וקנדה, מחבר פון ספרים ״שלמי שמחה״, ״וורשה של מעלה״ א״א.

2 דאָרט, תשרי, תשל״ט, ז״ז 22—26.

3 בעריכת הרב מאיר אמסל, קונטרס ו (רפ״א), ברוקלין, התשד״מ, ז״ז 5—9.

4 כ״ד, ע״א; מ״ו, ע״ב—מ״ז, ע״א א״א. זע, מרן מהרי״ל גרויבאַרט, חבלים בנעימים, חלקים ג׳ און ד׳; הרב ר׳ אברהם אהרן פרייס, משנת אברהם, שו״ת; משנת אברהם, ספר חסידים; משנת אברהם, סמ״ג, ב׳, ז״ז רנ״ט—רפ״ב און אנד.; הרב גדלי׳ פעלדער, נחלת צבי, ב׳ חלקים; שאילת ישרון, יסודי ישרון ב׳, מהד״ת; תניא רבתי, חלק ב׳ א״א.

5 יבמות, מ״ב, ע״א; תוספות, דאָרט, ל״ה, ע״א, אָנהייב־וואָרט ״חוץ״. זע, שאילת יצחק, מאת הרב יצחק אפלבוים, תשל״ח, סימן ק״ע.

6 וועגן דעם אין די פריערדיקע פרקים.

7 אין זיינע בריוו צו מיר, אין די ערשטע יאָרן פון מיין קומען קיין קאַנאַדע, פלעגט ער מיר שרייבן און זיך אויסדריקן מיט די הייסטע געפילן פאַר דעם אָרטאָדאָקסיש־היסטאָרישן יידנטום.

8 ״הפרדס״, חוב׳ ו׳, שנה נ״ה, אדר א׳—ב׳, תשמ״א.

9 שמות, כ״ב, כ׳.

10 בבא מציעא, נ״ח, ע״ב. זע, שו״ת זרע אברהם לר״מ זעמבאַ, סימן י״ד, ד׳ און סימן ו׳ — אויך וועגן גרות בעל כרחה, אַן אַרויפגעצוווּנגענע גרות — לויט זיינע אויספירן, אין אַזאַ פאַל, האָט דאָס גרות נישט קיין האַפט און די קינדער פון אַזאַ גרטע זענען נישט־יידן.

11 שמות, כ״ג, ט׳. רש״י קאָמענטירט: ״כמה קשה לו כשלוחצין אותו...״ ווי שווער ס׳איז אים, ווען מ׳דריקט אים.

12 גיטין, נ״ט, ע״א; ב״מ, כ״ב, ע״א; ירושלמי, עירובין, ג׳, ב׳; גיטין, ה׳ ט׳; י׳, ט׳ א״א.

13 יומא, פ״ז, ע״א.

14 שמות, כ״ג, א׳.
15 ויקרא, י״ט, י״ח.
16 בראשית רבה, כ״ד, ז׳; ספרא, קדושים, ד׳, י״ב; ירושלמי, נדרים, ט׳, ד׳ א״א. זע, מירקין, ב״ר, ברענגט ביידע ווערסיעס. וויכטיק איז, צי רבי, צי בן עזאי, ביידע האָבן אויסגעברייטערט די האָריזאָנטן פון מענטשן־ליבע און דאָס אָריינגעטייטשט אינעם וואָרט לרעך.
17 בראשית, ה׳, א׳. זע אויך דעת זקנים מבעלי התוספות.
18 יבמות, מ״ז, ע״ב א״א.
19 זכריה, י״ד, ח׳—ט׳; פסחים, ג׳, ע״א.

## ה

1 ״דער אַלגעמיינער זשורנאַל״, פרייטיק, יאַנ. 18. שאַרפע ווערטער ״בעידן רותחא״...
2 אין ״קדושה אין יידישן פאַמיליע לעבן״ און אין אַנדערע ווערק. הרב אשר קאַצמאַן, ״אַלגעמיינער זשורנאַל״, פרייטיק יאַנ. 25, 1985.
3 זע, גאולה בת יהודה, הרב מיימון בדורותיו, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תשל״ט—1979, ז״ז 631—638. דער שׂר הפנים האָט דאָן, י״ח, אדר תשי״ח — 10.3.58, געוואָלט אריינברענגען דאָס נייע געזעץ צום ״חוק השבות״.
4 זע, רמב״ן, סוף פרשת אמור.
5 שו״ת שבות יעקב, שאלה ב׳ און קכ״ה — אויך וועגן חליצה, צו אַ זון געבוירן פון אַ יידישן פאָטער... אַ ראיה פון תוספות, יבמות, ק״ב, ע״ב.
6 זע, מיכאל דשא, כיוונים, כתב־עת ליהדות ולציונות, חרף תשמ״ג, ז״ז 63—84.
7 זע, מרדכי שטריגלער, לייט־אַרטיקל, ״אידישער קעמפער״, 24טן אויגוסט, 1984, וועגן פּרעצעדענט געמישטקייט און וועגן דער מורא פון ״פסולי חיתון״ און דער אומנויטיקייט צו פאַרפירן אַ מחלוקת וועגן אַן ענין וואָס ״יעדער בית־דין אין דער יידישער מדינה [פאַרמאָגט] אַ קאָנטראָלירטע ליסטע פון ״ווער איז ווער״... זע אויך, דוד שטאָקפיש, ״אין גאַנג פון געשעעניש״, תל־אביב, תשמ״ג—1982, ז״ז 152—154 וועגן געמישטע חתונות אין פאַרשיידענע לענדער — און וועגן דעם פּראָבלעם ״ווער איז אַ ייד״.
8 שו״ת הרי״ף, הוצ׳ מכון צבי, ניו־יורק, תשל״ה, בתוספות ציונים דוד צבי רוטשטין, סימן מ״ז; ספר חסידים, תי״ח—תי״ט; תשובה מאהבה — סימן כ״ו.
9 ישעי׳, ט׳, א׳.
10 דאָרט, ב׳, ה׳.
11 דאָרט, ג׳.

## ו

1 דברים, כ״ג, ג׳—ד׳.
2 יבמות, ח׳, ג׳; ע״ח, ע״ב; קדושין, ד׳, א׳—ח׳; ס״ט—ע׳ ע״ו; מהרש״א, יבמות, אויפן אָרט. זע, ר״ח העליר הערות, ספר המצוות להרמב״ם, לא תעשה, שנ״ד; ״שהזהיר ממזר, שלא לבא על בת ישראל... והעובר על זה ילקה, וכבר התבארו משפטי מצוה זה בשמיני מיבמות וסוף קדושין...״
3 ספרי, אויפן אָרט; רש״י, בכורות, י״ז, ע״א; מהרש״א, יבמות — א״א.
4 קדושין, ע״ב, ע״ב. זע, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״ — אויספירלעכער.
5 קדושין, ע״א ע״א—ע״ב. דאָס לשון אין דער ברייתא; ״ממזר ונתיני טהורים לעתיד לבא — דברי רבי יוסי; רבי מאיר — אין טהורים״. רש״י: ״חלק עולם הבא״. אין ירושלמי: רב הונא בשם ר׳ יוסף — אין הלכה כר׳ יוסי; אין בבלי: הלכה

כר׳ יוסי. דער רי״ף פסקנט, ווי אין בבלי.

6 קהלת, ד׳, א׳; קהלת רבה, ד׳, ג׳; זהר, ב׳, קי״ג; ג׳, ל״ג; ירושלמי, ג׳, י״ג.

7 בבלי און ירושלמי, קדושין — ווי דערמאָנט פריער.

8 כתובות, כ״ט, ע״ב; קדושין, ס״ח, ע״א.

9 יבמות, ט״ז, ע״א. זע, "קדושה אין יידישן פאַמיליע לעבן".

10 עירובין, נ״ג, ע״ב; כתובות, כ״ט, ע״ב; מנחות, כ״ט, ע״ב — רש״י און מפרשים.

11 מלאכי, ב׳, ז׳.

12 משלי, ג׳, י״ט.

13 הוריות, ג׳, ח׳; י״ג, ע״א; במדבר רבה, ו׳, א׳; סנהדרין, ל״ו, ע״א: "ממזר בא מטיפה כשרה — מזרע ישראל, רש״י.

14 בראשית רבה, א׳, א׳—ד׳; רש״י, בראשית, א׳, א׳.

15 יבמות, מ״ט, ע״א; גיטין, ה׳, ח׳ — גמרא, אויפן אָרט.

16 רמב״ם, איסורי ביאה, ב׳; שו״ע אבהע״ז, מ״ו. זע, "באַציונג צו דער פרוי"; "קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן" און אַנדערע.

17 יבמות, כ״א, ע״א.

18 חגיגה, י״א, ע״ב; תוספות, מגילה, ל״א.

19 ירושלמי, קדושין, ג׳, י״ב; יבמות, ע״ח, ע״ב.

20 קדושין, ע״ג, ע״ב.

21 וועגן דעם — אין אַ פריערדיקן פרק און אין די פריערדיקע ווערק.

22 דברים, כ״ב, ג׳.

23 זכרי׳, ט׳, ו׳.

24 זע, של״ג — גיט אָן מקורות.

25 י״ג, כ״ג—כ״ד.

26 ירושלמי, ג׳, י״ב; בבלי, יבמות, ע״ו, ע״ב.

27 יבמות, מ״ט, ע״א.

28 דברים, אויפן אָרט.

29 זע, מרדכי זר־כבוד, זכרי׳ ט׳, ו׳ אין זיין נאָכבאַמערקונג אַז "אחרים" איז געמיינט דער באַקאַנטער מפרש און מדקדק ר״י בן בלעם.

30 קדושין, ע״ב, ע״ב. זע, ספר זכרי׳ מפורש בידי מרדכי זר־כבוד, תרי עשר, כרך שני, מוסד הרב קוק, ירושלים, תשל״ו—1976.

31 עטימאָלאָגיש. זאָל ממזר זיין אַ צוזאַמענשטעל פון "מום־זר", ווי עס ווערט געטייטשט אין יבמות, ע״ו, ע״א און אין ירושלמי. זר־כבוד ברענגט אַ צאָל טייטשן, צווישן זיי: ווולגאַטאַ און סעפטואַגינטאַ — צעמישונג; פשיטתא, די סירישע איבערזעצונג — פרעמדקייט. ער איז נוטה צום טייטש צעמישטקייט. אַשדוד איז געוואָרן דאָס אָרט פון אַ צעמיש פון פעלקער.

32 רמב״ן און מלבי״ם — אויפן אָרט. זע אויך, ר״ב עפשטיין, תורה תמימה.

33 במדבר, י״א, ח׳.

34 איוב, י״ט, י״ז — יהואש איבערז.

35 זע, עירובין, י״ג, ע״ב; גיטין, ו׳, ע״ב; ירושלמי, ברכות, א׳, ד׳; קדושין, א׳, א׳.

36 זע, הכתב והקבלה אויפן פסוק לא יבא ממזר — גאַר אריכותדיק. דער מהר״ץ חיות איז מיט דער מיינונג, אַז דאָס וואָס ר׳ יוסי זאָגט, איז אַ "הוראת שעה" — מאָמענטאַלע אַמנעסטיע פאַר ממזרים — די נאָכקומענדיקע וועלן צוריק געאורטיילט ווערן לויטן געבאָט פון "לא יבא".

37 אבן העזר, סימן ד׳, ס״ק א׳; י׳, י״ג.

38 הוריות, ג׳, ח׳.

39 קדושין, ד׳, ח׳; גמרא, ע״ח, ע״ב.

40 פסחים, ס״ו, ע״א; סנהדרין, פ״ב, ע״א.

41 זע, גיטין, ס״ב, ע״א.

## קאַפּיטל צען

# וויזיע פון וועלט־שלום

**א. באַציונג צו היידן. — "טוב שבגויים הרוג". — באַציונג צו קריסטן און מאַכמעדאַנער־מוזולמענער. — ייִדן־שׂונאים באַשולדיקן.**

ייִדן־שׂונאים האָבן תּמיד געזוכט צו באַשולדיקן ייִדן אין ראַסנהאַס, ראַסן־פאָראורטייל; אין ברוטאַלער באַציִונג צו אַנדערע פעלקער, אין פאַרלוימדונגען קעגן אַנדערע נאַציעס. מיר האָבן אויך אָן אַנדער אָרט אָנגעוויזן, אַז זיי ציטירן האַלבע פּאַראַגראַפן, אָפּגעהאַקטע פסוקים און מאמרים, יעדנפאַלס אויבער־פלעכלעכע ציטאַטן פון תּלמוד און בויען אויף דעם זייערע פאַלשע אַגיטאַציעס. זיי פאַרשפּרייטן די ליגנס דורך כּל־מיני וועגן: פּרעסע, רעדעס, ביכער. דאָס לייכטסטע פאַר אַזעלכע פעלשערס איז אַרויסצונעמען דעם ענין פונעם קאָנטעקסט און שאַפן דעם איינדרוק, אַז ייִדן, אין זייער שאָוויניזם, ווילן חלילה אומברענגען אַנדערע פעלקער. אַלע באַנוצן זיך מיטן פּסוק "לא תחיה כל נשמה"[1].

מיר האָבן אין אַ פריערדיקן פּרק אָנגעוויזן, אַז דאָ רעדט זיך וועגן די פאַרדאָרבענע כּנענישע פעלקער. זיי האָבן פאַרכאַפּט און באַזעצט דאָס לאַנד וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן צו די בני שם, צו די "זרע אברהם". זיי זענען אַריין אין לאַנד און אַריינגעבראַכט די ווילדסטע מנהגים, די ערגסטע מאָראַלישע פאַרברעכנס, רציחות און אויסגעלאַסנקייט. אַזעלכע האָט די תּורה אָנגעזאָגט, זאָלן באַזייטיקט ווערן פונעם לאַנד, כּדי די בני־־ישראל זאָלן זיך נישט אָנלערנען פון זייערע אומווירדיקייטן.

אַ פאַקט איז אויך, אַז דער "לא תחיה כל נשמה" איז נישט דורכגעפירט געוואָרן, ווייל ייִדן ווי די אָפּשטאַמיקע פונעם "אב החסד", האָבן געזוכט עצות, ווי אַזוי צו האַנדלען מיט אָט די שבטים: די וועלכע האָבן געוואָלט בלייבן אין לאַנד בעתן כּיבוש, האָט יהושע געמאַכט שלום מיט זיי, מסתּמא לויט געוויסע באַדינגונגען. נאָך דעם האָט מען געהאַט געגנוג אויסצושטיין פון זיי: כּסדרדיקע אָנפאַלן; פאַרראַט און שטערונג צו אַנטוויקלען ייִדישע ישובים, באַזונדערס אין מקומות ווו זיי האָבן זיך באַפעסטיקט.

מיר האָבן אין אַ פריערדיקן פּרק אויך באַהאַנדלט אויספירלעך דעם תּלמודישן זאָג: "טוב שבגויים (אַנד. נוסחאות — שבמצריים) הרוג"[2]. מיר האָבן אָנגעוויזן

אויף די פאַרשיידענע וואַריאַציעס און אַז עס דאַרף בכלל אַריינגענומען ווערן אין דער געהעריקער דימענסיע: צייט און אומשטאַנדן.

מיר דערלויבן זיך ציטירן פון ליובאַוויטשער רבינס אויסטייטש:

"אין דער צייט פון רבי שמעון בן יוחאי — שרייבט ער — האָבן ייִדן געליטן אַ סך צרות, גזירות פון שונאי ישראל און ז״י, האָט ר׳ שמעון געמיינט מיט זיין מאמר ׳כּשר שבמצריים הרוג׳, ווייל זיי האָבן אַרויסגעוויזן אָפענע שׂנאה צו ייִדן (בדוגמה ווי ׳נחש׳ וואָס ווערט דערמאָנט נאָך דעם) — וואָס איז פול מיט גיפט, אָבער ער מיינט נישט גויים בכלל, און אַפילו נישט די מצריים. והא ראיה, מען געפינט דאָך כּמה מאמרי חז״ל, וואָס זענען מ ד ג י ש ווי דער אויבערשטער האָט רחמנות געהאַט אויף די מצריים, און נאָך מער איז דאָס בולט אין דעם (טעם אויפן) ציווי "לא תתעב מצרי כּי גר היית בארצו" [3].

ביים חורבן בית שני און נאָכן חורבן האָבן ייִדן געהאַסט רוים און אַלץ וואָס רוים האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט. די רוימער האָבן חרוב געמאַכט דאָס לאַנד, דעם בית המקדש, זיך פאַרנומען מיט אָפּווישן ירושלים, ווי אַ ייִדישער צענטער, כּדי ירושלים זאָל גאָר ווערן אַ צענטער פאַר רוימישער קולטור, קולט פון געצן־דינערײַ. די רוימער זענען אַנגעגאַנגען מיט אַ וואַקכאַנאַליע, אפשר ערגער ווי אין אַמאַליקן מצרים.

די וועלכע וואַרפן פאַר ייִדן, אַז זיי ווילן אומברענגען אַנדערע פעלקער, זענען באַהערשט פון דער אוראַלטער געצן־דינערישער שׂנאה און זייערע נאָכ־פאָלגערס די יעזויִטן, וועמעס אינטערעס איז געווען אַרויפצווינגען שמד אויף ייִדן, פייניקן ייִדן מאמינים אין תּורת־משה.

ס׳זענען אויך פאַראַן צווישן די דאָזיקע פעלשערס פשוטע אַנטיסעמיטן. אַזעלכע געפינען מיר אַפילו צווישן אינטעלעקטואַלן, שריפטשטעלערס, קינסטלערס. צו דערמאָנען אייניקע: דזשאָפרי טשאָוסער (1340—11400), קריסטאָפער מאַרלאָו, וויליאַם שייקספּיר (1564—1616) — די גדולים אין דער ענגלישער ליטעראַטור. זיי האָבן קיין ייִד נישט באַגעגנט: ייִדן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון ענגלאַנד אין יאָר 1290 און ס׳איז זיי דערלויבט געוואָרן צוריקצוקומען נאָך די בקשות פון מנשה בן ישׂראל (1604—1657) ביי אָליווער קראָמוועל (1599—1658), ערשט און יאָר 1659 און זיי, וועלכע האָבן קיין ייִד נישט געזען, ווייסן צו שילדערן דעם ייִד ווי אַ דעמאָן.

אין טשאָוסערס "די קענטעבערי מעשׂיות" (1386), ווערט דער ייִד געשיל־דערט ווי אַ ווילדער מענטש, אַ גאָט־פאַרשאָלטענער. אין קריסטאָפער מאַרלאָוס דראַמעס מיט צוויי יאַרהונדערטער שפּעטער — נישט בעסער. ער שילדערט דעם ייִד, ווי עפּעס אַ מאָנסטער וואָס הרגעט קריסטן, פאַרסמט ברונימער. ביי שייקספּיר

אין זיין ״סוחר פון װענעציע״, איז דער ייִד, שײלאָק, אַ בלוטדאָרשטיקער װוכערניק װאָס פֿאָדערט אַ ״פֿונט פֿלייש״ פֿאַר זיין הלוואה.

נישט איין פֿאָרשער האָט אָנגעװיזן אויף שייקספּירס שווינדל מיטן לעבעדיקן פֿונט פֿלייש, אַז דאָס איז אַן אַלט־בודיסטישע לעגענדע און איז אין גאַנצן פֿרעמד דעם ייִד. שייקספּיר האָט דאָס פֿאַלש צוגעפּאַסט צום ייִד, צו שילדערן דעם ייִד װי דעם װאָס פֿאַרגיסט קריסטלעך בלוט. דער ״סוחר פון װענעציע״ װערט נאָך אַלץ געלערנט אין שולן, אַרויסרופֿנדיק האַס צום ייִד.

טשאַרלס דיקענס (1812—1870) װעלכער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פֿון די אָרעמע, די ליידנדיקע, אויך ער, שילדערט אין זיין ״אָליװער טװיסט״ דעם ייִד פֿייגין, װי אַ גנב, װאָס לערנט אָרעמע קינדער, װי צו גנבֿענען און באַגיין פֿאַרברעכנס.

די דאָזיקע ליטעראַטן, קינסטלערס האָבן געהאַט נאָכפֿאָלגערשאַפֿט ביי אָנערקענטע שרייבערס, װי װיליאַם פּרין (1600—1660); טשאַרלס לעם (1775—1834); האָוסטאָן (יוסטאָן) סטואַרט טשעמבערליין (1855—1927) און אַנדערע.

נישט לייכט איז אָפּצוװישן און אויסמעקן די אַלע באַשולדיקונגען װאָס זענען פֿאַרװאָרצלט געװאָרן אין די מוחות און אין די הערצער — און װי אַ צוגאָב, די באַשולדיקונג — אַז ייִדן האָבן געקרייציקט ישון; אַ באַשולדיקונג, װאָס מיר האָבן פֿריער אָנגעװיזן, אַז דאָס איז געװען אַן אוממעגלעכקייט און אַז דורכגעפֿירט דעם משפּט האָט דער רוימישער לעגיאָן.

מיר האָבן פֿריער דערמאָנט, אַז צוליב מסירות אויף ייִדן, האָט לואי דער 9טער געגעבן אַ באַפֿעל אין פֿראַנקרייך — נאָכן גרויסן נצחון פֿון ר׳ יחיאל מפּאַריז איבער די יעזויִטן — צו פֿאַרברענען דעם תּלמוד. דאָס איז פֿאָרגעקומען אינעם יאָר 1242, בעת די יעזויִטן, אויפֿן באַפֿעל פֿון קעניג, האָבן פֿאַרברענט אויף די פּאַריזער גאַסן דעם תּלמוד און װיכטיקע כּתבֿ־ידן[4].

אין דער תּקופֿה פֿון רענעסאַנס, עמאַנציפּאַציע און פֿרייהייט פֿאַר אַלע פֿעלקער, פֿאַר רעליגיעזע איינהייטן, אויך פֿאַר ייִדן, איז די שׂנאה צו ייִדן נישט אָפּגעקילט געװאָרן.

װען נאַפּאָלעאָן (1769—1821), האָט, װי מיר האָבן שוין איבערגעגעבן, צוזאַמענגערופֿן די ״אַסאַמבליי פֿון נאָטאַבעלן״ און אָפּגעהאַלטן צװיי סעסיעס, פֿון 9טן יולי, 1806, ביזן 5טן פֿעב., 1807, און דערנאָך, װי אַ המשך, פֿון 25טן מערץ ביזן 6טן אַפּריל, 1807, באַהאַנדלענדיק דאָס געזעץ פֿון 1791, װאָס האָט אַנולירט אַלע פֿריערדיקע אַנטי־ייִדישע רעסטריקציעס, האָט ער אויפֿסניי אויפֿגעהויבן די פֿראַגע, צי די פֿראַנצויזישע ייִדן זענען באַרעכטיקט צו פּאָליטישער גלייכהייט.

ס׳זענען געװען רעאַקציאָנערן װעלכע האָבן געװאָלט צוריקברענגען דעם

סטאַטוס פון רעכטלאָזיקייט פאַר ייִדן. נאַפּאָלעאָן פון זיין זייט האָט געוואָלט, אַז פאַר דעם פּרייז פון עמאַנציפּאַציע, זאָלן ייִדן אויפגעבן זייער נאַציאָנאַלע אידענטיטעט, לויטן דעמאָלטדיקן כּלל: ״ייִדן, ווי יחידים — קומט אַלץ; ייִדן ווי אַ כּלל — קומט גאָרנישט!״

עס איז נישט אונדזער אויפגאַבע צו אַנאַליזירן די צילן און דערגרייכונגען פון נאַפּאָלעאָנען, צו שאַפן אַ סנהדרין, וואָס זאָל באַשטיין פון 71 מענער (צוויי דריטל רבנים, איין דריטל עסקנים). דאָס איז געווען, היסטאָריש גענומען, אַ רעוואָלוציע, אין די באַציונגען צווישן ייִד און נישט־ייִדן. דער פּרייז איז אָבער געווען אַ צו הויכער, און ייִדן האָבן דאָס נישט געקענט אַקצעפּטירן.

די שׂנאה צו ייִדן האָט איר מקור, ווי געזאָגט, אין דער ערשטער תּקופה פון קריסטנטום, ביי אייניקע אַפּאָסטאָלן און ווערט נאָכגעפאָלגט פון זייערע דאָגמאַטיקערס. דער דאָזיקער ״חטא קדמון״ גיט זיי רעכט אָנצוגיין מיט דער דאָזיקער שׂנאה, וואָס איז אַזוי איינגעוואָרצלט אין זייערע מוחות, מחשבות און האַרץ.

אין משך פון יאָרן און יאָרן האָבן ייִדן געהאַט אויסצושטיין פון אַ בלוט־בלבול, אַז זיי נויטיקן זיך אין קריסטלעך בלוט. די ייִדן־שׂונאים ווייסן, אַז ביי ייִדן איז שטרענג פאַרווערט צו באַנוצן זיך מיט בלוט. אַפילו בלוט פון בהמה חיה און עוף איז שטרענג פאַרווערט. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די שׂונאים אַרויסצורופן פון צייט צו צייט אין פאַרשיידענע לענדער אַזעלכע בלבולים, — אַרויסרופן די סטיכיע ביים המון און דער רעזולטאַט ביים צעיושעטן המון — פּאָגראָמען אויף ייִדן.

מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער, ווען די קירכע איז צעטיילט אין דריי הויפּט־דענאָמינאַציעס: קאַטוילִיקן, פּראָטעסטאַנטן, קאַלוויניסטן (רעפאָרמיסטן) און אַנדערע אָפּצווייגונגען. וואָס זעען מיר? מאַרטין לוטער (1484—1556) דער רעפאָרמיסט, באַפעלט אַרויסצוטרייבן אַלע ייִדן פון דייטשלאַנד, חרוב מאַכן זייערע היימען, פאַרברענען זייערע שולן. זיין איינפלוס איז גרויס, נישט בלויז אין דייטשלאַנד. זיין שׂנאה צו ייִדן גרייכט צו די לוטעראַנער אומעטום, אויך אין אַמעריקע. מאַרטין לוטער, דער אידעאָלאָג־טעאָלאָג, וואָס האָט רעוואָלטירט קעגן דעם אַבסאָלוטיזם פון די פּויפּסטן און געוואַגט אַראָפּצוּוואַרפן זייער מאַכט און אויטאָריטעט, האָט געהאַסט ייִדן, איבערגעשטיגן די פּויפּסטן מיט זיין שׂנאת־ישׂראל. ער האָט נאָכגעפאָלגט די מעשׂים פון די קרייצפאַרערס און די באַשול־דיקונגען פון די יעזויִטן; ער האָט געהעצט דעם המון מיטן באַשולדיקן ייִדן אַז זיי האָבן געקרייציקט דעם ״אותו האיש״; ער האָט אָנגענומען די בלוט־בלבולים ווי אַן אמת, און גוטגעהייסן נקמה אין ייִדן.

דער רעבעלישער, קאָנטראָווערסאַלער לוטער, קענער פון העברעיִש — ווי

זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער האָט ער געלערנט חומש אין אָריגינאַל — האָט פאַרעפנטלעכט אַ טראַקטאַט אין 1523 קעגן דער קאַטוילישער קירכע; אין דער קריטיק, אויסרעכענענדיק אַלע עוולות, געפינט ער פאַר נויטיק איינצושליסן זייער פאַרפאַלגן ייִדן. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט ער דערביי געהאַט אַ כּוונה — צו געווינען ייִדן פאַר שמד, ייִדן זאָלן ווערן לוטעראַנער. ווען ער האָט איינגעזען, אַז ער וועט נישט דערגרייכן זיין ציל, האָט ער זיך פאַרנומען אויף נייע וועגן: ער האָט איבערגעשטיגן די קאַטויליקן מיט גיפטיקער שׂנאה. ער האָט גערופן די קריסטן, זיי זאָלן זיך נעמען צו ייִדן, נישט לאָזן ייִדן ווינען צווישן קריסטן, אַריינשטופּן ייִדן אין אַן ענגער געטאָ, פאַרברענען ספרים, שולן אא״וו.

ווען מען באַקענט זיך מיט זיינע שריפטן, זעט מען די וואָרצלען פון דער נאַצי־אכזריותדיקייט און ווי אַזוי זיי האָבן באַוויזן צו באַאיינפלוסן די מוחות פון די דייטשן. טאָמאַס מאַן האָט אָנגעוויזן, אַז די שׂנאה צום ייִד אין דייטשלאַנד האָט זיין שורש אין לוטעראַניזם, אין די שריפטן פון דעם גייסטלעכן, וואָס האָט זיי אָפּגעריסן פון וואַטיקאַן, אָבער נישט פון אַנטיסעמיטיזם [5].

אין מיטל־עלטער, ווען דאָס קריסטנטום האָט זיך פאַרנומען מיט עטאַבלירן זיין העגעמאָניע איבער די געצן־דינערישע פעלקער און האָט דאָס געטאָן מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין, אַרויפגעצוווּנגען זיין ״געטלעכע אָרדענונג״, באַקעמפנדיק די וועלכע האָבן זיך נישט אונטערגעוואָרפן זייער הערשאַפט, האָבן די גייסטלעכע זיך גענומען צו ייִדן, ווייל זיי האָבן נישט אָנגענומען די ״אַפּאָסטאָלישע״ אמונה. אָבער אין דער נייער צייט? די קריסטלעכע וועלט האָט נאָך נישט, נישט אינגאַנצן אויפגעגעבן די שׂנאה. דאָס בלייבט אומפאַרשטענדלעך.

היסטאָריש גענומען, איז די ייִדן געווען בעסער און באַקוועמער אין דער אַראַבישער שפּאַניע, איידער אין דער קריסטלעכער. די ״גאָלדענע ייִדישע תּקופה״ אין שפּאַניע איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון אַראַבישע סולטאַנען. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳זענען פאָרגעקומען נישט ווייניק גירושים און רציחות, אָבער ערגער איז ייִדן געוואָרן אונטער דער קריסטלעכער ממשלה. די יעזויִטן אין שפּאַניע און אין אַלע לענדער האָבן געזען אינעם ייִדן דעם שולדיקן אין אַלע צרות און דעריבער דאַרף מען אים רודפן עד חרמה. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער פעריאָד פון דער ״הייליקער אינקוויזיציע״. באַגלייט מיט עלילת־דם, מיט פאַנטאַסטישע סצענאַרן, צו באַשולדיקן ייִדן אין ״ריטואַלע מאָרדן״. דאָס האָט דערפירט צו פּאָגראָמען איבער ייִדישע ישובים און לסוף צום גירוש שפּאַניע אין יאָר 1492, ווען איבער דער לענג און ברייט פון שפּאַניע האָבן געפלאַקערט די שייטערהויפנס פון טאָרקוועמאַדאָ און אַנדערע פאַנאַטיקערס מיט אינקוויזיטאָרישע מעשׂים.

אַזוי איז עס געווען אין שפּאַניע, אַזוי אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין מזרח־און אין מערב־אייראָפּע.

די קריסטלעכע דיאַלאָגן מיט ייִדן אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער, אַפילו אין דער נייער צייט, האָבן קיין נוצן נישט געבראַכט. ווי מיר האָבן אָנגעמערקט, האָבן זיי גאָר אַרויסגערופן אַ פאַרקערטע רעאַקציע; אַנשטאָט מודה זיין, אַז זיי זענען באַזיגט געוואָרן, האָבן זיך די קריסטן גענומען צו דער פויסט. די גייסטלעכע האָבן נישט אָפּגעשטעלט די רדיפות און פּאָגראָמען אויף ייִדן, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַזוי לאַנג ווי ייִדן זענען פּ אַ ר ע ק ש נ ט, איז אַ מצווה זיי צו שלאָגן...

פריער איז ייִדן אויסגעקומען צו קעמפן קעגן דעם פּאַגאַניזם און פּאַגאַניס־טישן לעבנסוועג. דאָס דינען עבודה זרה, די פּאַגאַניסטישע אויפפירונג, האָט די תורה באַקעמפט און דערווייטערט. פּאַגאַניזם איז אין שאַרפסטן קעגנזאַץ פון תורהדיקער אויפפאַסונג און לעבנסוועג, דעריבער אַזוי פיל וואָרענונגען: דעריבער אַ מסכת עבודה זרה: דער רמב״ם ווידמעט אַ גרויסן טייל אין זיין משנה־תורה צו הלכות עבודה זרה און אַזוי אין זיין מחשבה־ווערק ״מורה נבוכים״. מיטן אויפשטייג פון קריסטנטום, האָבן די אָנהענגערס זיינע געוואָלט צווינגען די ייִדן זיי זאָלן אויפגעבן זייער תורהדיק לעבן און אָננעמען די נייע מאָראַל, די אַפּאָסטאָלישע עוואַנגעליע.

דער ייִדישער הערא‏ָיזם ציט זיך פון ווייטן אַלטערטום ביז אונדזערע טעג. אָנגעהויבן האָט זיך דער הערא‏ָיזם, ווי שוין דערמאָנט אין די פריערדיקע פּרקים, מיטן אויפשטייג פון יוחנן השליח, דעם אַפּאָסטאָל, פּירער פון די איסיים, וואָס האָט לויט דער עוואַנגעליע געטובלט ישון, און שאול התּרסי (פּאָולוס) וואָס האָט פריער באַקעמפט די איסיים־קריסטן און שפּעטער געוואָרן דער פאַנאַטישער העצער קעגן ייִדן. דער קאַמף איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן אין אַלע לענדער, ווו דאָס קריסטנטום האָט געקראָגן די אויבערהאַנט. תּמיד זענען די ייִדן געווען די געליטענע.

דער רמב״ן (ר׳ משה בר׳ נחמן), ווי שוין דערמאָנט, האָט נאָך זיין גרויסן זיג, געמוזט פאַרלאָזן שפּאַניע, זיין געבוירן־לאַנד. ער איז געבוירן געוואָרן אין גיראָנאָ, שפּאַניע, אין יאָר תּקנ״ד—1194, צען יאָר נאָך דער הסתּלקות פון רמב״ם. זיין חבר איז געווען דער זון פון זיין מוטערס ברודער, רבינו יונה החסיד מגירונדי. זיין רבי איז געווען ר׳ עזריאל, אַ תּלמיד פון ראב״ד. דער רמב״ן האָט שטודירט וועלטלעכע וויסנשאַפטן — דער עיקר מעדיצין. ער איז געוואָרן אַ באַרימטער דאָקטאָר אין זיין געבוירן־שטאָט, ווו ער האָט חתונה געהאַט; דאָרט געהאַט דריי זין און געוואָרן שטאָט־רב. ער האָט זיך מפרנס געווען אַלס דאָקטאָר; אָנערקענט געווען ביי מלכות, ווי דער פאָרשטייער פון

שפּאַניש־ספרדישן ייִדנטום. ער איז אַרויסגערופן געוואָרן צו אַן עפנטלעכן וויכּוח, מנצח געווען זיינע אָפּאָנענטן־אַנטיסעמיטן און נאָך דעם געמוזט פאַרלאָזן שפּאַניע.

ווי אַן איש השלום, האָט דער רמב״ן גענומען אַ שטעלונג אין דער מחלוקת צווישן די אָנהענגערס און קעגנערס פון רמב״ם, איבערהויפּט די קעגנערשאַפט אויפן ספר ״מורה נבוכים״. צווישן די קעגנערס האָט זיך געפונען זיין חבר און קוזין ר׳ יונה החסיד פון גאַראָנדי. דעם רמב״מס ספרים זענען אין אַ צאָל קהילות פאַרברענט געוואָרן. ס׳איז געווען אַ שאַרפע מחלוקת און דאָך איז דעם רמב״ן געלונגען איינצושטעלן אַ שלום און איינשטילן די קעגנערס. די גלחים, דערוויסנדיק זיך פון דער מחלוקת, האָבן גענומען אויסנוצן די געלעגנהייט, געזוכט מסירות און רדיפות אויף ייִדן. מעגלעך, אַז צוליב דעם וואָס זיי האָבן געוווּסט, ווי גרויס און ווי שטאַרק ס׳איז דעם רמב״נס כּוח, דעריבער האָבן זיי אים אַרויסגערופן צו אַ וויכּוח און ווען ער האָט זיי באַזיגט, האָבן זיי געזוכט אין אים נקמה.

מיר וועלן נישט אַריינגיין אין די פּרטים וועגן רמב״נס ווירקונג אויף די רמב״ם־מתנגדים. זיין קוזין ר׳ יונה (תּלמיד פון ר׳ שלמה מן ההר־אבולפיה), ווי פאַרשערס ווייזן, זאָל ער געווען חרטה האָבן, זאָל געווען זען אַן עונש מן השמים, אַ גורם צו דעם וואָס עס איז געשען, אַז די דאָמיניקאַנער זאָלן זיך נעמען צו פאַרברענען דעם תּלמוד.

רבינו יונה האָט דאַן אַ נדר געטאָן צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל און ביים קבר פון רמב״ם בעטן מחילה. ער האָט דעם נדר נישט דערפילט: געשטאָרבן אויפן וועג, אָבער איבערגעלאָזט זיין ספר ״שערי תּשובה״, אַ ספר־יסוד אין הלכות־תּשובה.

דער רמב״ן איז אָנערקענט געוואָרן אַלס מנהיג הדור: זיינע ספרים — פּירושים, דרשות, ספרי הלכה, ספרי וויכּוחים, קבלה — זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט. ס׳איז נישט קיין ספק, אַז זיין פּאָפּולאַריטעט האָט גורם געווען צום אַרויסרוף פון די דאָמיניקאַנער און אַרויסגעשטעלט אַ משומד — אַ גלח — זאָל האַלטן דעם וויכּוח מיטן רמב״ן, דערוואַרטנדיק אים צו באַזיגן און במילא דערגרייכן אַ זיג איבערן ייִדנטום.

דער וויכּוח איז פאָרגעקומען שבת, דעם 20טן יולי, 1263 אין דער גרעסטער קירכע אין באַרצעלאָנאַ. די קירכע איז פול געווען מיט צוהערערס וועלכע האָבן געקוקט מיט גאווה אויף די קריסטלעכע פאַרשטייערס און מיט חוזק אויף דעם 65יאָריקן אויסגעדאַרטן ייִד, וואָס גייט זיך שטעלן קעגן זיי. אין אָנוועזנהייט פון די שׂרים און גייסטלעכע, פון קעניג און דער קעניגין, האָט דער אַרטיקער בישאָף געסטראַשעט, אַז ער וועט באַשטראָפן יעדן, באַזונדערס דעם בעל־

הוויכּוח דעם רמב״ן, אויב ער וועט נישט נאָכגעבן די ראיות וואָס דער משומד קריסטיני וועט באַווייזן אַז ישו הנוצרי איז דער משיח.

דער משומד האָט זיך געשטעלט אויף דער בימה, געוואַלטעוועט, געשריגן אָנצושרעקן זיין אָפּאָנענט, געבראַכט באַווייזן, לויט זיינע פאַרדרייטע, פאַלסי־פיצירטע אויסטייטן פון פסוקים אין תּנ״ך, באַזונדערס די לעצטע פסוקים אין ישעיה[6]: ״כּאשר שממו עליך רבים, כּן משחת מאיש מראהו ותוארו מבני אדם. כּן יזה גויים רבים עליו יקפּצו מלכים פּיהם, כּי אשר לא־סופר להם ראו ואשר לא שמעו התבוננו״ — אַזוי ווי פיל האָבן געגאַפט... נישט פון אַ מענטשן איז געווען זיין אויסזען און זיין געשטאַלט נישט פון מענטשנקינדער, אַזוי וועט מען מאַכן אויפשפּרינגען פיל פעלקער, מלכים וועלן צומאַכן זייער מויל פאַר אים; וואָרום וואָס זיי איז נישט דערציילט געוואָרן, וועלן זיי זען און וואָס זיי האָבן נישט געהערט וועלן זיי אַנקוקן״.

דער משומד האָט זיך באַנוצט מיט דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט אין מדרשים: ״ביום שחרב בית המקדש נולד המשיח״[7], אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן זייער משיח.

דער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ: מ׳האָט באַזיגט דעם ייִדישן פאַרשטייער, דעם ייִדישן פירער. דער וויכּוח איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף צו מאָרגנס — צו הערן וואָס דער ייִד קאָן ענטפערן.

די ייִדן האָבן אויפגעציטערט, הערנדיק די זלזולים פון קריסטלעכן המון וואָס איז געגרייט געוואָרן אויף פּאָגראָמירן דעם ייִדישן ישוב און צווינגען די ייִדן צו שמד, ווי דער געשמדטער גלח האָט געפאָדערט. ייִדן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער גרויסער שול. דער חזן האָט מיט געוויין געזאָגט תּפילות און געבעטן: ״היה עם פּיפיות שלוחי עמך בית ישראל... שלא יכּשלו בלשונם ולא ינקשו בשנונם...״

אויף צו מאָרגנס, איז דער רמב״ן אַרויף אויף דער בימה, באַגריסנדיק דעם קעניג, און מיט שאַרפקייט זיך גענומען צעלייגן אַלע ראיות פונעם משומד. די דאָמיניקאַנער זענען באַזיגט געוואָרן. ס׳איז געווען אַ גרויסער נצחון. אָבער דער רמב״ן האָט צוליב מורא פון נקמה פאַרלאָזט שפּאַניע.

כּדאַי, דרך אַגב, צוצוגעבן עטלעכע שורות וועגן דער גרויסקייט פון רמב״ן. ער איז געווען פּוסק און מפרש, מיסטיקער און ראַציאָנאַליסט, אַ גאון אויף אַ סך געביטן, אַרייַנגערעכנט מעדיצין; ער האָט געשריבן חידושים אַרום דעם תּלמוד, קלאָר געמאַכט תּלמודישע שטעלן, האָט זיך פאַרנומען מיט עיקרים אין יהדות, ווי דאָס ווערט אַזוי קלאָר און לאָגיש אַרויסגעבראַכט אין זיין ספר ״האמונה והבטחון״; ״אגרות הקודש״; ״תּורת האדם״; ״טעמי המצוות״ און אַנדערע.

דער רמב״ן, ווי די גרויסע תּלמודישע אויטאָריטעט, האָט זיך דערלויבט צו טייטשן דעם מאמר חז״ל: ״עם הארץ מותר לנוחרו ביום הכפורים שחל להיות בשבת״ [8] — אַז דאָס איז אַ גוזמאַ־אויסדרוק: ״ובודאי שהדבר גוזמה, ואין להתיר שפיכות דמים, ולא עוד אלא שההורגו נהרג עליו״. ד״ה, אַז דער וואָס נעמט דאָס אָן פּשוט און הרגעט אַן עם הארץ, ווערט ער געמשפּט אַלס רוצח.

אין אונדזער תּקופה — באַזונדערס נאָכן חורבן פון מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדנטום און דאָס עטאַבלירן מדינת ישראל, ווי אַ באַנייונג פון מלכות־ישראל — האָט זיך דער מצב אַ ביסל געענדערט און ס׳זענען דאָ גײַסטיקע פירנדיקע פּערזענ־לעכקייטן ביי ייִדן, וועלכע האַלטן אַז דיאַלאָגן מיט קריסטן קאָנען יאָ האָבן אַ פּעולה, אויף צו פאַרבעסערן די באַציִונגען מיט די קריסטן און אָפּצושוואַכן די שׂנאה צו ייִדן.

איינער פון די באַגייסטערטע פון דיאַלאָגן מיט קריסטלעכע טעאָלאָגן איז געווען דער אָרטאָדאָקסישער רב ר׳ יוסף ה. לוקשטיין ז״ל. אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען [9] ברענגט ער, ווי באַאיינדרוקט (״אימפּרעסט״) ער איז געווען נאָך אַזאַ סאָרט דיאַלאָג. ער איז געווען איבערגעצייגט, אַז דער דיאַלאָג האָט געבראַכט די געהעריקע, געווונטשטע, פּאָזיטיווע רעזולטאַטן.

הרב דר. דוד גרויבאַרט ז״ל, פון די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין דער קאָנסערוואַטיווער באַוועגונג, באַשרייבט די פּאָזיטיווע דערגרייכונג פון דער ״קאָנפערענץ פון קריסטן און ייִדן״, אַז דאָס איז אַ ״פּרעסטיזשפולע אָרגאַני־זאַציע״ [10], אַז דאָס ברענגט ״גודוויל״ — גוטן ווילן, אַז דאָס ״וואָרצלט אין דער ייִדישער רעליגיע״, אין וועלכער דער פּרינציפּ ״מפּני דרכי שלום״ איז פון גרויס חשיבות... כּדי אָנצוהאַלטן שלום און האַרמאָניע, טאַקע ״צוליב די וועגן פון שלום״.

אין זיין לענגערן זכרונות־אַרטיקל הייבט הרב גרויבאַרט אַרויס אַ ליבעראַלן מעטאָדיסטישן גייסטלעכן, דעם רעווערענד דזשיימס מ. יאַרד; ער נעמט אים אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון ״חסידי אומות העולם״, ווי ער טייטש עס: ״נישט־ייִדישע פרום־אָרנטלעכע מענטשן״. דער דאָזיקער גייסטלעכער — ווי ער שרייבט — האָט פאַרלייגט דעם יסוד פון אָט דער באַוועגונג און געשאַפן דעם גייסטיקן קלימאַט פאַר בעסערע באַציִונגען צווישן ייִדן און נישט־ייִד אין אַמעריקע.

ס׳זענען אָבער דאָ גדולי־ישראל וועלכע נעגירן די דיאַלאָגן; זיי האַלטן אַז זיי זענען שעדלעך און רופן גאָר אָפּט אַרויס שׂנאה צו ייִדן, נאָך דעם, ווי דער ייִדישער פאַרשטייער וויזט צוריק די טעאָלאָגישע אויספירן לויט דער עוואַנגעליע.

הרב הגאון ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק שליט״א, דער רב־רבנן, פּוסק,

פילאָזאָף, פון די אָנגעזעענסטע בעלי־מחשבה, האָט זיך אויסגעדריקט קאַטעגאָריש קעגן דיאַלאָגן. ער האַלט, אַז ס'איז שווער ס'זאָל ווער וועמען איבערצייגן אין דעם אמת פון דער אמונה. זיין שיטה איז, ווי דער נביא זאָגט: ״כי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו ואנחנו נלך בשם ד' אלקינו לעולם ועד״ — וואָרום אַלע פעלקער מעגן גיין איטלעכער אין נאָמען פון זיין גאָט, אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פון השם, אונדזער גאָט אויף אייביק און שטענדיק[11].

וואָס איז יהדות?

שואל גוטמאַן, ביים באַהאַנדלען דעם תּמצית פון יהדות, וואָס קען אַריינ־געזומען ווערן אין קאָנצעפּציעס פונעם סעקולאַריזם, קומט צום אויספיר:

״קודם־כל דער תּנ״ך, תּלמוד, הלכה, אגדה, קבלה, חסידות, מוסר — און אַלץ וואָס ייִדן האָבן פאַר דורות געשאַפן, אין שייכות בין אדם למקום און בין אדם לחברו... אין דעם זין — האַלט ער — איז ייִדישקייט (אויך) וועלטלעכ־קייט... דער צענטראַלער מאָטיוו אין רעליגיע איז אמונה, דער גלויבן אין אַ העכערן כּוח וואָס קאָנטראָלירט דעם מענטשנס גורל...[12].

״דאָס שליסט אָבער נישט אויס — איז גוטמאַן ממשיך — דעם וועלטלעכן, דעם סעקולאַרן, ער זאָל נישט קענען זיך דערנענטערן און אָנערקענען די דאָזיקע דערהויבנקייט, וואָס איז אַזוי נויטיק פאַרן קיום האומה און דערפירן די וועלט צום אחרית הימים פון די הומאַנע און דערהויבענע אויסשטראַלונגען פון ייִדישן גייסט, דערפירן די וועלט צו דעם אידעאַל פון די נביאים, פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט...״

דער סעקולאַרער סעקטאָר אין ייִדנטום קאָן דאָס אָננעמען, אָבער די קריסטלעכע טעאָלאָגן, די פונדאַמענטאַליסטן וועלכע האַלטן, אַז זייער משיח איז שוין געקומען, צי קענען זיי מסכּים זיין צו אָט די הנחות? — אַ פראַגע, וואָס בלויז זיי קענען ענטפערן אויף איר. ווען זיי וועלן דאָס אָנערקענען, וועט עס זיין דער ייִדישער ימות המשיח מיט ישעיהו הנביאס אחרית הימים.

פאַקטן באַווייזן דאָס פאַרקערטע. ס'האָבן זיך פון צייט צו צייט באַוויזן ליבעראַלע טעאָלאָגן און אַפילו ליבעראַלע פּויפּסטן, אָבער בלויז געציילטע און זיי זענען געווען אַ זעלטנהייט. געוועזן ווי שוין דערמאָנט, פּויפּסטן וועלכע האָבן געוואָלט אויסוואָרצלען די שנאה צום ייִד, אָבער מער ווי אָפּשוואַכן, אויסמעקן געוויסע שטעלן אין זייערע געבעטביכער האָבן זיי נישט באַוויזן.

אין דער לעצטער תּקופה — אין דער צייט פון גרויסן אומגליק — וואָס האָט פּויפּסט פּיוס דער 12טער געטאָן צו ראַטעווען ייִדן פון אומקום? אין בעסטן פאַל, קאָן מען בלויז זאָגן, דאָס וואָס אַ דייטשישער שרייבער, האָט אין זיין אָנקלאַגע געשריבן, אַז דער פּויפּסט האָט געשוויגן וואָס מיינט פאַר־שוויגן די דייטשישע פאַרברעכנס. ראַלף האָכהוט האָט די אָנקלאַגע געמאַכט

אין זיין דראַמע "דער שטעלפאַרטרעטער". לעצטנס איז אַרויסגעקומען דער יידיש־פראַנצויזישער יוריסט סערזש קלאַרספעלד מיט זיין פרוי בעאַטא (אַ גרטע) מיט באַווייזן, אַז דער וואַטיקאַן האָט אויסבאַהאַלטן נאַצישע קריגס־פאַרברעכערס.

דער פויפּסט האָט מסתמא נישט געוווּסט, מ'האָט אפשר אויסבאַהאַלטן פון אים. אָבער ס'האָבן זיך געפונען גייסטלעכע אינעם וואַטיקאַן, וועלכע האָבן דאָס געטאָן, נישט מורא האָבנדיק, אַז דער הויפּט פון דער קאַטוילישער קירכע קאָן אויסגעפינען און וועט זיי משפטן.

וואָס שייך אָנערקענען מדינת־ישראל, אָנערקענען ירושלים, ווי די הויפּט־שטאָט פון דער מדינה, איז אַפילו דער היינטיקער "שמייכלדיקער" פויפּסט נישט גרייט אויף אַזאַ געוואַגטקייט. זיין שיטה איז נישט אַנדערש אין דער הינזיכט פון זיין פאַרגייער דעם פויפּסט דזשאָן פאָול דער צווייטער, וואָס האָט אונטערגעשריבן די "אַפּאָסטאָלישע בריוו", אַז ירושלים דאַרף באַקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלן סטאַטוס.

דער היינטיקער פויפּסט פאַרגעסט קיין מאָל נישט אין זיינע דעקלאַראַציעס צו דערמאָנען דער וועלט, אַז דער וואַטיקאַן איז פאַר אַן אַראַבישער מדינה אין די גרענעצן פון מדינת־ישראל (אין יהודה ושומרון) און כּל־זמן דאָס וועט נישט געטאָן, וועט דער וואַטיקאַן נישט אָנקניפּן קיין דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט ישראל.

דער פויפּסט ווערט געשילדערט ווי אַ נאָכפאָלגער פון דעם ליבעראַלן דזשאָן (יאָהאַן־יוחנן) דעם 23סטן — אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך?

ער איז אַ קעמפער קעגן דיקטאַטור; ער פליט איבער קאָנטינענטן צו פאַרשפּרייטן דעם אידעאַל פון שלום און פאַר דעם ווילזיין פונעם אַרבעטער אָבער ווען ס'קומט צו ישראל, איז ער געבליבן ביי זיינע טעאָלאָגיש־פויפּסטלעכע איינשטעלונגען, נישט מסכּים צו זיין, אַז ירושלים איז די הויפּטשטאָט פון מדינת־ישראל. מיט זיין שמייכלדיק פּנים האָט ער אויפגענומען מיט שׂמחה דעם הויפּט פון דער טעראָריסטישער פּ.ל.אָ. און, ווי די פּרעסע האָט איבערגעגעבן, האָט ער אים פאַרזיכערט, נישט צו ענדערן זיין שטעלונג: 1) צו פאַרזיכערן אַ פּאַלעסטינער מדינה; 2) ירושלים זאָל ווערן אינטערנאַציאָנאַליזירט, ווי עס פאָדערט דער קאַרדינאַל קאַסאַפּולי אַנדזשעי מאַריאַ דעסקור, אַ פּערזענלעכער פריינד פון פויפּסט פאָול דעם 2טן. דעם דאָזיקן קאַרדינאַלס שטימע וועגט איבער און איז ה ע כ ע ר פון אַלע שטימען אין דער וואַטיקאַן־היערכאַריע.

מיט די גייסטלעכע פון אַלע קריסטלעכע דענאָמינאַציעס האָבן מיר ניט ווייניק פּראָבלעמען צוליב זייערע מיסיאָנערישע און נאָך איינגעוואָרצלטע יעזו־יִטישע מעשׂים, זוכנדיק שמד ביי יידן... אַ רגש פון ליבעראַליזם, אָדער סימנים

פון אַ בעסערער באַציִונג באַמערקן מיר ביי אַ צאָל בישאָפן, לכל הפחות מיט רייד. ס׳הערן זיך פון צייט צו צייט שטימען וועגן יידן און וועגן מדינת־ישׂראל מיט פאַרשטאַנד און סימפּאַטיע. דאָס זענען אָבער גאָר שוואַכע און שטילע טענער.

ווי עס האָט איבערגעגעבן ראַביי דר. ירדן פּערלסאָן, פון טאָראָנטאָ, האָט מען שוין געהערט אַ נייע שטימע ביי דער אַמסטערדאַמער קאָנפערענץ פון וועלטפאַרבאַנד פון קירכעס. אַ בראַזיליאַנער בישאָף האָט ביי דער קאָנפערענץ פאַרדאַמט דעם אַנטיסעמיטיזם און גערעדט וועגן רעכט פון די יידן צו באַזעצן זיך אין גאַנץ ארץ־ישׂראל. ״דאָס לאַנד — האָט דער בישאָף געזאָגט — איז געגעבן געוואָרן צו אברהם אבינו און צו זיינע אָפּשטאַמיקע״. ס׳זענען געהערט געוואָרן — האָט דער ראַביי באַריכטעט — פּאָזיטיווע שטימען וועגן ישׂראל, וועגן די יידן וואָס באַזעצן זיך און לעבן־אויף די מדינה און וועגן יידן בכלל.

אין טאָראָנטאָ האָט לעצטנס דער סינאָד פון דער אַנגליקאַנישער קירכע אויפגעפאָדערט זיינע מיטגלידער צו געבן יעדן אויסדרוק אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם; אין אַלע שולעס זאָל מען איינפירן קורסן וועגן דעם צווייטן וועלטקריג, וועגן דעם נאַצישן פעלקערמאָרד.

מיר הערן פון אַזעלכע רופן אין אַנדערע שטעט און לענדער. דער וואַטיקאַן האָט אָבער דאָך מיט אַלע זיינע דעקלאַראַציעס קיין שאַרף וואָרט נישט געזאָגט וועגן די וואָס ווילן פאַרלייקענען דעם אומקום פון מיליאָנען יידן דורך די נאַציס. דער וואַטיקאַן שטעלט זיך נישט איין אין קאַמף קעגן דעם אַנטי־סעמיטיזם, ער האָט נאָך אַלץ זיין שטעלונג נישט געענדערט.

״ליבע״ — יאָ! אָבער צו וועמען? — צו די וועלכע בעמען אָן די אמונה פון דער עוואַנגעליע... צו אַנדערש־גלויביקע, איז נאָך אַלץ די באַציִונג אַ קאַלטע, אָן אומפאַריינדלעכע. אויב די קאַרדינאַלן, די גייסטלעכע, האָבן אַזאַ באַציִונג, וואָס קען מען שוין דערוואַרטן פון דער קאַטוילישער מאַסע וואָס פאָלגט זיי נאָך?

דער פּויפּסט דזשאָן פּאָול דער 2טער, ווי אַ נאָכפאָלגער פון די פריערדיקע, האָט נישט געענדערט זיין מיינונג וואָס שייך ירושלים און ארץ־ישׂראל בכלל. אַ געבוירענער אין פּוילן (זיין נאָמען איז געווען יאַן וואָיטילאַ), וויסנדיק וואָס יידן האָבן דורכגעמאַכט אין די חורבן־יאָרן, וויסנדיק פונעם אומקום פון מיליאָנען יידן אין זיין געבוירן־לאַנד, וואָלט ער דאָך געדאַרפט אויסדריקן זיין צופרידנקייט, וואָס די שארית הפליטה האָט באַוויזן אומקערן זיך אין לאַנד וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן צו די זרע־אברהם. ער טוט דאָס נישט! אין בעסטן פאַל שווייגט ער

און פאַרשווייגט און נעמט גאָר אויף אין זיין וואַטיקאַן דעם אַרכי־שונא פון ישׂראל. אַראַפּאַט קריגט ביי אים אַ קבלת פּנים.

בעת זיין ווײַלן אין קאַנאַדע האָט אַ דעלעגאַציע פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, אונטער דער אָנפירונג פון דאָראָטי רייטמאַן, די נאַציאָנאַלע עקזעקו־טיוו־פאָרזיצערין צוזאַמען מיט אַלאַן ראָוז דעם עקזעקוטיוו־וויצע־פּרעזידענט און אַנדערע הויפּט־פירערס פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, באַזוכט דעם פּויפּסט (אין מאָנטרעאַל), מאָנטיק דעם 10טן סעפּט., 1984. זי האָט אים איבערגעגעבן די געשיכטע פון ייִדן אין קאַנאַדע, זינט דעם 16טן י״ה און די ראָל פון ייִדן אין דער איצטיקער קאַנאַדע, וואָס האָט אַריינגענומען אַ גרעסערע צאָל געראַ־טעוועטע פונעם חורבן און פון די אַראַבישע לענדער ווו זייער לעבן איז אין סכּנה. אַלאַן ראָוז האָט אים דערמאָנט וועגן דער גוטער באַציִונג צווישן קאַטויליקן און ייִדן, זינט דזשאָן דער דריי־און־צוואַנציקסטער האָט אַריינ־געבראַכט אַ נייעם גייסט און אַז ״מיר האָפן אַז ער וועט ממשיך זיין אָט דעם ליבעראַליזם״.

אַלאַן ראָוז האָט אים אויך איבערגעגעבן וועגן דער באַמיִונג פונעם קאָנגרעס צונויפצוברענגען קאַטוילישע גייסטלעכע מיט פאָרשטייערס פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס און וועגן דאָס אָנהאַלטן גוטע באַציִונגען מיט אַלע רעליגיעזע גרופּעס. דערביי האָט ער געשאָנקען דעם פּויפּסט אַ מתּנה פון אַ קאַנאַדער ייִדישן קינסטלער, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם חורבן און איז איצט אַ קאַנאַדער תּושב. די דעלעגאַציע — ווי עס איז איבערגעגעבן געוואָרן — האָט נישט גערעדט קיין ענטפער אויף דעם פאַרלאַנג וועגן מדינת־ישׂראל, וועגן פאַרזיכערן די גאַנצקייט פון ירושלים אַלס הויפּטשטאָט.

עס איז נישט געווען, ווי ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן, קיין דיאַלאָג וועגן רעליגיעזע פּרינציפּן. די קאָנגרעס־דעלעגאַציע האָט געהאַלטן אַז די צען מינוט זיך טרעפן מיטן העכסטן מאַן פון וואַטיקאַן איז געווען נוצלעך. די דעמאָלטיקע רעדאַקטאָרשע פון דער טעגלעכער ״סאָן״ [13] באַרבאַראַ עמיאַל, האָט אויסגעדריקט באַגייסטערונג וועגן דעם פּויפּסטס באַזוך, אַז ער וועקט אויף ״הייליקע געפילן״... הייליקע אַספּיראַציעס. געווען אָבער אַנדערע וועלכע האָבן זיך באַצויגן קריטיש צו זיין באַזוך און צו דעם מכניע זיין זיך צום הויכן מאַן פון וואַטיקאַן, וואָס ווייזט נישט אַרויס צופיל פריינדשאַפט צו ייִדן, אין וועמען ער זעט אַן ״עם קשה עורף״ מחמת ער וויל נישט אָננעמען די עוואַנגעליע.

צווישן ייִדן איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפער חילוקי־דעות, צי מ׳האָט געדאַרפט, צי ס׳האָט זיך געלוינט די אָנשטרענגונג צו האָבן אַן אודיענץ אויף צען מינוט, קרוב צו חצות, ווען דאָס האָט נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן לטובת ייִדן.

דער שאַרפסטער אַרויסטריט — ווי אַ פּסק — איז געקומען פון שטילן

און ליבלעכן רב הראשי פון מאָנטרעאָל, הגאון ר׳ פּינחס הירשפּרונג שליט״א. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אַ באַזוך אויף דעם אופן איז לויט חז״ל פאַרבאָטן, אַז מ׳האָט דאָס נישט געטאָרט טאָן[14].

אַנדערע רבנים האָבן זיך אויסגעדריקט אין אַ מילדערן טאָן און אַנגעוויזן, אַז צוליב דרכי שלום, פלעגן ייִדן מקבל־פּנים זיין קריסטלעכע בישאָפן, קאַרדינאַלן א״א. ראַביי זאב שושאַט, פון דער קאָנסערוואַטיווער שער השמים (אין מאָנטרעאָל), האָט געלויבט דעם קאָנגרעס, וואָס ער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיטן הויפּט פונעם וואַטיקאַן און אים איבערגעבן וועגן ייִדישע אַקטיוויטעטן און ייִדישע פאַרלאַנגען. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס ברענגט טאָלעראַנץ און גוטע באַציִונגען צווישן דער קריסטלעכער מאַיאָריטעט און דער ייִדישער מינאָריטעט אין לאַנד. ס׳איז אויך וויכטיק — האָט ער זיך אויסגעדריקט — אַז דער פּויפּסט זאָל וויסן וועגן דער ייִדישער שטעלונג, בכל תפוצות ישראל, וועגן ירושלים, וואָס ווערט אָנערקענט פונעם וועלט־ייִדנטום אַלס הויפּטשטאָט פון מדינת־ישׂראל[15].

די פּאָלעמיק איז, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרענדיקט געוואָרן. ס׳איז נאָך אַלץ די פראַגע, צי ס׳האָט זיך געלוינט זיך איינבעטן אַן אודיענץ. ימים ידברו!

דער פּויפּסט, ווי געזאָגט, איז אויפגענומען געוואָרן פון מיליאָנען אין קאַנאַדע, בעת זיין באַזוך אין סעפּטעמבער 1984. ער האָט אין אַ צאָל שפּראַכן גערעדט צו די מיליאָנען קאַנאַדער וועגן אמונה, וועגן מאָראַל, וועגן פאַרבאָט אויף אַבאָרטן, וועגן העלפן אַרבעטער, וועגן העלפן אָרעמע־לייט, וועגן באַשיצן שוואַכערע אא״וו — געוואָלט צופרידנשטעלן אַלע רעליגיעזע מינדערהייטן, אַלע עטנישע גרופּן, אַלע נאַציאָנאַליטעטן אָבער קיין וואָרט נישט געלאָזט פאַלן וועגן ייִדן, וועגן דער ייִדישער אמונה, וועגן נייע ליבעראַלע באַציִונגען. אַ יאָר שפּעטער האָט דער וואַטיקאַן פאַרעפנטלעכט אַ דאָקומענט וועגן ייִדן, איז דער דאָקומענט כמעט געצילט אָפּצושוואַכן דאָס וואָס דער פּויפּסט דזשאָן דער 23סטער האָט מיט 20 יאָר צוריק געוואָלט אַריינברענגען אין קאַטוילּיציזם.

אין דעם נייעם דאָקומענט רעדט זיך וועגן אַנטיסעמיטיזם, וואָס ווערט פאַרדאַמט, אָבער ס׳ווערט אויסגעדריקט אַן אומקלאָרע שטעלונג וועגן די נאַצי־פאַרברעכנס און מיט נאָך ווייניקער קלאָרקייט וואָס שייך מדינת־ישׂראל. עס איז נאָך אַלץ די אָפיציעלע וואַטיקאַן־שטעלונג, אַז די פּ.ל.אָ. האָט רעכט אויף אַ פּאַלעסטינער מדינה, איננערהאַלב די ישׂראל־גרענעצן און אַז ירושלים דאַרף ווערן אַן אינטערנאַציאָנאַלע שטאָט, אָנגעפירט פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט.

ס׳זענען דאָ יחידים אין וואַטיקאַן וועלכע ווייזן אַרויס פריינדשאַפט, רעדן מיט ליבשאַפט וועגן ייִדן און וועגן מדינת־ישׂראל. אַזעלכע זענען דאָ אין

אמעריקע, אין קאנאדע, אין אייראפע, איינער פון אט די יחידים, איז דער קארדינאל אטשגאראי, דער קארדינאל פון מארסעי, פראנקרייך. צי וועלן זיי האבן דעם כּוח צו ענדערן די שטעלונג פונעם וואטיקאן? ווער ווייסט? אויך אויף דערויף, קאן מען זאגן: ימים ידברו!

כּדאי נאך א מאל אנצווייזן אויף דער יידישער ליבעראלער באציִונג צו נישט־יידן וועלכע היטן געטריי די זיבן מצוות, גלויבנדיק, אז די פליכטן, זענען איבערגעגעבן פון באשעפער צו דער מענטשהייט, די דאזיקע געהערן צו דער קאטעגאריע "חסידי אומות העולם" און זיי וועלן האבן א חלק עולם הבא.

דער ליובאוויטשער רבי הגאון אדמו"ר ר' מנחם מענדל שניאורסאן שליט"א רופט דעריבער דעם יידישן עולם צו באאיינפלוסן נישט־יידן, זיי זאלן מקיים זיין ווי געהעריק די זיבן מצוות. אין א בריוו[16], שרייבט ער צוו"א:

"...איינע פון די זאכן, אין וועלכע די באשאפונג פון דעם מענטשן. אונטערשיידט זיך אמבולטסטן פון אלע אנדערע באשעפענישן, איז, וואס דער מענטש איז באשאפן געווארן יחידי (אן איינצלנער).

א. יחידי — ניט ווי אלע אנדערע באשעפענישן, סיי אין דער וועלט פון בעלי חיים און סיי אין דער וועלט פון צמחים, וועלכע זענען באשאפן געווארן פארוויז און

ב. יחידי — איינער אין סוג (קאטעגאריע) פון מדבר, ניט ווי אין סוג פון חי און צומח, וועלכע זענען גלייך פון אנהייב באשאפן געווארן אין טויזנטער און טויזנטער מינים.

פארשטייט זיך, אז די תּורה, תּורה אור, וואס באלייכט אלע זאכן, שטעלט זיך אפּ אויף אזא בולטן אונטערשייד, זאגן אונדזערע חכמים אין דער משנה, לפיכך נברא אדם יחידי ללמדך וכו' דעריבער איז א מענטש באשאפן געווארן אן איינצלנער (יחידי), כּדי דיר צו לערנען אז: א) יעדער מענטש איז אן עולם מלא, ווי א גאנצע (און פולע) וועלט. ב) מפּני שלום הבריות וכו' — כּדי עס זאל זיין שלום צווישן מענטשן, אז קיינער זאל ניט קענען זאגן: איך קום פון א פאטער א גרעסערן פון דיין פאטער.

דער ליובאוויטשער רבי שטעלט זיך אפּ אויף דער סתּירה אין די באהויפּטונגען און ער דערקלערט עס, כּדי צו פארענטפערן, אז עס איז נישטא קיין סתּירה אין אגדת חז"ל:

"אמת טאקע — שרייבט ער — א מענטש איז אן עולם מלא, און "אין דעותיהן שוות", אבער דאס דארף ניט און טאר ניט אויסשליסן — אפילו אין זיין אייגענער דעה — אז עס קען זיין א צווייטע מיינונג, און נאך מער, אפילו א פארקערטע מיינונג, און נאך מער — ער דארף זיך באציִען צו די מיינונגען, אפילו צו א פארקערטער, מיט כּבוד — וויבאלד, אז דער צווייטער

איז אַן עולם מלא, במילא מוז מען זיך אַריינטראַכטן אין דעם צווייטנס מיינונג מיט דער געהעריקער ערנסטקייט... אַזאַ צוגאַנג ברענגט צו אַן אמתן שלום הבריות און אַ שלום של קיימא — וויבאַלד דאָס איז באַגרינדעט אויף דעם כּלל אין תּורה הנצחית, אַז אַ יחיד איז אַן עולם מלא — ברענגט עס אויך צו דעם, ער זאָל זיך טיפער אַריינטראַכטן אין זיין אייגענער דעה, פאַרשטיין בעסער אירע מעלות און אויך אירע חסרונות און דורך דעם צו קומען און דערגרייכן דעם אמת לאמתו, דערגענצן זיין אייגענעם עולם מלא״.

דעם דאָזיקן גערדאַנק קען מען אָנווענדן קעגן יעדן מענטשן וועלכער וויל דערגרייכן דעם אמת לאמתו און קעמפט פאַר אַ יושרדיקער געזעלשאַפט פאַר אַלעמען. דער מענטש וואָס באַקעמפט רשעות און לאָזט זיך נישט באַהערשן פון רשעים, לאָזט זיך נישט באַהערשן פון אויפגערייצטע און העצערישע עלעמענטן קעגן אַלץ וואָס איז יושרדיק.

דער ייִדישער טרוים איז אחדות און שלום ביי ייִדן און ביי דער גאַנצער מענטשהייט. דאָס איז די אייביקע ייִדישע בענקשאַפט — ״תיקון עולם במלכות שדי״.

דער וואָס שטרעבט צו אַזאַ תּיקון און נאָך מער, דער וואָס טוט מעשים צו דערגרייכן צו אַזאַ תּיקון עולם, דער פאַרדינט זיך אַ חלק אין דער וועלט וואָס וועט קומען. דער תּיקון פון מלכות שדי איז פאַר דעם עולם מלא, פאַר דער גאַנצער וועלט — אַ טראַנסצענדענט און איבערגאַנג פון פּראַגמאַטישקייט צו גאַנצקייט, צו שלימות — און אין דעם האָבן חז״ל געזען ימות המשיח [17].



די עקומענישע באַוועגונג אין די יאָרן 1962—1965, האָט געמוטיקט און געשטאַרקט די האָפענונג אַז אין וואַטיקאַן נעמט מען אָן אַ נייע שטעלונג וואָס שייך ייִדן, וואָס שייך די רעכט פון ייִדן אויף זייער אבותדיק לאַנד, מדינת־ישראל. די טעאָלאָגן אין וואַטיקאַן האָבן זיך אָבער דערשראָקן פאַר אַזאַ געוואַגט־קייט. דער וועג וואָס פירט צו אַזאַ פאַרשטענדעניש און איבערצייגונג איז דעריבער געוואָרן זייער אַ געלאַסענער, אָבער נישט געמינערט.

ייִדן האָפן אויף די ״ימות המשיח״, ווי דער רמב״ם האָט אַזוי קלאָר געזען:

״...ס׳וועט עקזיסטירן אַ געזעלשאַפט מיט אַלע ריכטונגען: פעלקער און נאַציעס וועלן עקזיסטירן; ס׳וועט אָבער הערשן צדק און יושר...״ [18].

די האָפענונג פונעם אחרית־הימים, ווי עס האָבן פאַראויסגעזען די נביאים ישעיהו און מיכה, איז געווען: ״ונשגב ד׳ לבדו ביום ההוא... ולא ישאו גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה...״ [19] — און גאָט אַליין וועט זיין דערהויבן

אין יענעם טאָג... אַ פֿאָלק קעגן אַ פֿאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד און מ׳וועט מער ניט לערנען מלחמה...

וואָס ווילן די נביאים? זיי ווילן, מ׳זאָל געדענקען די תורה וואָס משה רבנו האָט אונדז געלערנט: ״...זכרו תורת משה עבדי אשר צויתי אותו בחורב על כל ישׂראל, חוקים ומשפטים״ — געדענקט די תורה פֿון מיין קנעכט משה, וואָס איך האָב אים באַפֿוילן אין חורב פֿאַר גאַנץ ישׂראל, חוקים און געזעצן...

און אַז מ׳וועט געדענקען די תורה פֿון משה רבנו, וועט קומען אליהו און אָנזאָגן די בשׂורה פֿון גאולה: ״הנה אנכי שולח לכם את אליהו הנביא לפני בוא יום ד׳ הגדול והנורא, והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם״ — איך שיק צו אייך אליהו הנביא, איידער ס׳קומט דער טאָג פֿון גאָט, דער גרויסער און מוראָדיקסטער און ער וועט אומקערן דאָס האַרץ פֿון עלטערן צו קינדער, און דאָס האַרץ פֿון קינדער צו זייערע עלטערן.[20]

ס׳איז וויכטיק צו דערמאָנען אַ מיינונג פֿון אַ היינטצייטיקן רב־פּוסק אין מדינת־ישׂראל, דעם תּל־אביבער הויפּט־רב, ר׳ חיים דוד הלוי שליט״א. אין זיין באַהאַנדלען די אייגנשאַפֿטן פֿון חסידי אומות העולם. קומט ער צום אויספֿיר, אַז די נוצרים, וועלכע האָבן אמונה אין שיתּוף (דריי־אייניקייטן) זענען נישט אין דער קאַטעגאָריע פֿון פֿולשטענדיקע געצן־דינערס און דעריבער: אויב זיי גיבן אויף עבודה־זרה, זענען געהיט נישט צו באַגיין עבירות, היטן געטרײַ מיט אַלע דקדוקים די זיבן מצוות, ווערן זיי באַהערשט פֿון הייליקן גייסט און ס׳איז זיי געזיכערט אַ חלק עולם הבא[21].

ער ציטירט דאָס לשון פֿון רמב״ם: ״כל המקבל שבע מצוות ונזהר לעשותם, הרי זה מחסידי העולם ויש לו חלק לעולם הבא״. ער ציטירט אויך דאָס לשון פֿון מאירי (ר׳ מנחם ב״ר שלמה, ה׳ אלפים, ט׳—1249; ע״ה—1315): ״שככל העמים שהם גדורים בנמוסים הגונים, בין אדם לחברו, הם כבר נחשבים לגרים תושבים בכל חיובי האדם...״[22].

רח״ד הלוי פֿירט אויס:

״על כן, כאשר חסידי אומות העולם נוהגים בדרך הגונה וטובה במוסר טהור ויושר המדות, זוכים הם לעולם הבא ו ל ה ש א ר ת  ה נ פ ש...״. מיר באַטאָנען זיין באַהויפּטונג וועגן השארת הנפש, וואָס שטעקט שוין אין קבלה־מיסטיציזם. דער תּל־אביבער רב איז אַזוי ל י ב ע ר א ל אין זיין טעאָרעטיש־טעאָלאָגישן געדאַנקען־גאַנג, אַז ער זעט אַ מעגלעכקייט פֿון אַ הייליקער דערהויבונג פֿאַר די חסידי אומות העולם.

**ב. יסוד אין יהדות — בחירה. — מענטש — שליח פון באַשעפער. — ייִדישער הומאַניזם.**

דער יסוד פון ייִדישן הומאַניזם קומט צום אויסדרוק באַלד אין "בראשית". די וועלט, די בריאה, איז איבערגעגעבן דעם מענטשן. ער שטייט אין צענטער און ווערט דעם באַשעפערס שליח צו געוועלטיקן און באַהערשן די נאַטור, פון די סאַמע הויכענישן אינעם אַרביט ביז די וואַסער־טיפענישן אינעם תהום. מ'האָט אים געגעבן דעם "צלם אלקים" דאָס צו דערגרייכן און אויב ער, דער מענטש, בלייבט הינטערשטעליק, איז עס זיין שולד.

קהלת לערנט אונדז: "לבד ראה זה מצאתי, אשר עשה האלקים את האדם ישר והמה בקשו חשבונות רבים" — נייערט, זע, דאָס האָב איך געפונען, אַז גאָט האָט געמאַכט דעם מענטש גלייך — און זיי האָבן געזוכט חשבונות־טראַכטענישן [2] ד"ה דער מענטש איז געווען גלייך־ריין פון זינד.

דער מדרש [2] קאָמענטירט און באַנוצט זיך מיטן פסוק אין בראשית [3]: "הן האדם הי' כאחד ממנו" — זע, דער מענטש איז געווען ווי איינער פון אונדז — ווי איינער פון די מלאכים אין הימל, "וכיון שנעשו שנים", ווי נאָר זיי זענען געוואָרן צוויי, האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט אויסטראַכטענישן, האָבן זיי קאַליע געמאַכט מיט דער הילף פונעם נחש. דער חסרון? — דאָס וואָס זיי זענען געוואָרן צוויי גופים, אַ סאָרט נעגאַטיווקייט צו דער צעטיילונג פון אדם הראשון [4].

דער מענטש האָט שוין געדאַרפט אָנקומען צום "עזר כנגדו", ווי דאָס ווערט געטייטשט [5]: "זכה — עזר; לא זכה — כנגדו", און דאָס האָט דערפירט צו תאווה, צום יצר־גערANגל, ווי עס ווערט געזאָגט: "יצודנו למדחפת" [6] — מען איז געוואָרן אָפּגעשטופּט, פאַרשטויסן, אַרויס פון גן־עדן.

דער נעים זמירות ישראל זעט דעם מענטש אין זיין באַגין מיט דער שילדערונג: "כי אראה שמיך, מעשה אצבעותיך... ותחסרהו מעט מאלקים וכבוד והדר תעטרהו" — איך זע די הימלען, דאָס ווערק פון דיינע פינגער. די לבנה און שטערן וואָס דו האָסט אויפגעשטעלט. וואָס איז אַ מענטש, אַז דו זאָלסט אים געדענקען? און אַ מענטשנקינד, אַז דו זאָלסט אים דערמאָנען? וואָרום האָסט אים געמאַכט שיר ניט מינער פון גאָט און מיט כבוד און שיינקייט האָסטו אים באַקרוינט, אים געמאַכט געוועלטיקן איבער די ווערק פון דיינע הענט, אַלצדינג האָסטו געלייגט אונטער זיינע פיס; שאָף און רינדער... חיות פון פעלד... פויגל פון הימל.... פיש פון ים... גאָט אונדזער האַר, ווי פראַכטיק איז דיין נאָמען אויף דער גאַנצער ערד [7].

דער מענטש איז שולדיק אין זיין אומבאַהאָלפנקייט.

די חכמי התלמוד זעען אין דער יחיד־יצירה פונעם מענטש אַן אוניווערסאַלע

אידעע: ״לפיכך נברא האדם יחידי ללמדך, שכל המאבד נפש אחת מישראל (אין טייל נוסחאות: נפש אחת, נישט דווקא — מישראל), מעלה עליו הכתוב כאילו איבד עולם מלא... ולהגיד גדולתו של הקדוש־ברוך־הוא שאדם טובע כמה מטבעות בחותם אחד, כולם דומין זה לזה, ומלך מלכי המלכים הקדוש־ברוך־הוא, טבע כל אדם בחותמו של אדם הראשון ואין אחד מהן דומה לחברו, לפיכך כל אחד ואחד חייב לומר — בשבילי נברא העולם״ — דעריבער איז דער ערשטער מענטש — אדם הראשון — באַשאַפן געוואָרן אַן איינציקער, צו לערנען דיך, אַז יעדער איינער וועלכער ברענגט אום אַפילו נאָר איין נפש (איין לעבעדיקן מענטש) פון ייִדן, פאַררעכנט עס די תּורה, ווי ער וואָלט אומגעבראַכט אַ גאַנצע וועלט מיט מענטשן... און נאָך אַ טעם, פאַר וואָס אדם הראשון איז נאָר געווען איינער, צוליב דעם שלום צווישן מענטשן, כּדי קיינער זאָל נישט קענען זאָגן, מיין פאָטער איז גרעסער פון דיין פאָטער...[8].

אין דער גמרא ווערט דאָס אויסגעברייטערט און אויסגעטייטשט. לויט אַ צאָל אגדות חז״ל, זאָל דאָס אַריינגעמען די גאַנצע מענטשהייט: רציחה פון איין מענטש איז ווי רציחה פון דער גאַנצער וועלט.

און דאָ קומען מיר צום אוניווערסאַלן געדאַנק וואָס שייך ייִדן און וואָס שייך מענטשהייט. אָבער פריער, דער געדאַנק פון מרן הרב ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק זצ״ל, וועמעס השפּעה איז געווען שטאַרק, נישט בלויז אין די רעליגיעזע קרייזן, נאָר אויך צווישן די סעקולערע בעלי־מחשבה. זיינע הנחות ווערן אָנערקענט אי ביי זיינע נאָכפאָלגערס, זיינע תּלמידים פון ישיבת המרכּז, אי ביי די חילוניים אין ישׂראל.

אין ייִדנטום — און אין ארץ־ישׂראל — זעט הרב קוק אַ קדושת הגוף והנפש. לויט זיין השקפה, איז בלויז דאָ אַ מעגלעכקייט צו רעאַליזירן די דאָזיקע הייליקייט אין אַן אייגן לאַנד — און דווקא אינעם לאַנד פון די אָבות. דאָס הייליקסטע אין די ״עשר קדושות״, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער משנה: ״...ארץ־ישׂראל מקודשת מכּל הארצות״ — צען סאָרטן הייליקייטן זענען פאַראַן: איין אָרט איז הייליקער פון אַנדערן. ארץ־ישׂראל איז הייליקער פון אַלע אַנדערע לענדער...[9].

דאָס איז געווען איינע פון די סיבות, און אפשר די הויפּט־סיבה, פאַר זיין אהבהדיקער באַציִונג צו די בויערס פון לאַנד, די חלוצים, די שעפערס פון נייע ישובים; ער האָט זיך באַמיט זיי מקרב צו זיין, זעענדיק אין זיי דעם עלעמענט וואָס וועט דערפירן צו דער געהעריקער קדושה פון פאָלק און לאַנד.

אין זיין מאמר ״אהבת־חינם״[10], ציטירט ער ווי אַ יסוד פאַר זיין טעמע, דעם מאמר חז״ל: ״מקדש שני שהיו עוסקין בתּורה ובמצוות וגמילות חסדים — מפּני מה חרב? — מפּני שהיתה בו שׂנאת חנם״ — דער צווייטער בית־המקדש, די עפּאָכע ווען ייִדן זענען געווען פאַרטאָן מיט מצוות מיט העלפן איינער דעם

צווייטן — פאַר וואָס איז דער בית־המקדש חרוב געוואָרן? — ווייל ס'האָט געהערשט אומזיסטע שׂנאה צווישן יידן [11]. דער המשך אין דער גמרא: "ללמדך ששקולה שׂנאת חנם כנגד שלש עבירות, עבודה זרה, גלוי עריות ושפיכות דמים" (די פאַרברעכנס ביים בית־ראשון) הרב קוק גיט צו: "ואם נחרבנו ונחרב העולם עמנו, על־ידי שׂנאת חנם, נשוב להיבנות, והעולם עמנו יבנה, על־ידי אהבת חנם".

פאַרשטייט זיך, אַז דער געדאַנק איז געווען די התקרבות זאָל ברענגען די געהעריקע רעזולטאַטן — זיי מחזיר למוטב זיין; דערמיט האָבן מסכים געווען אַפילו די רבנים וועלכע זענען נישט געגאַנגען אין זיין עקסטרעמער שיטה פון אהבת־חינם, ווי דאָס האָט געוויזן זייער פאַראייניקטע נסיעה צו די קיבוצים.

הרב קוק האָט פאַר דעם צוועק באַאיינפלוסט און אָרגאַניזירט אַ נסיעה פון רבנים בראש מיט רבי יוסף חיים זאָנענפעלד זצ"ל (ו' כסלו תר"ט—1849; י"ט אדר שני, תרצ"ב—1932) און רבי יעקב משה חרל"פ (1883—1952) צו באַזוכן די פרייע קיבוצים און ישובים, זיי אַרויסווייזן התקרבות און אַריינברענגען יידישקייט אין זייערע געצעלטן.

די נסיעה איז געווען אונטער דער לאָזונג "מסע הרבנים" און דער ציל: "לדבר שלום ואהבת אמת אל אחינו הקרובים והרחוקים" [12]. זיי האָבן אָנגעטראָפן אין די נייע חלוצישע ישובים: חילול שבת, טריפות, אָן אַ יידישן חינוך, אָן נשואין כדת משה וישׂראל.

הרב קוק איז נישט אַריינגעפאַלן אין אַ יאוש־שטימונג. ער איז אַלץ געבליבן דער אָפּטימיסט און מאמין אינעם "עוד לא אבדה", אַז נישט אַלץ איז פאַרלוירן, ווי ער דריקט זיך אויס: "באנו בשעה מאוחרת מעט, אבל לא מאוחרת לגמרי". ער איז געווען איבערגעצייגט, אַז מיט דער צייט וועט מען דערגרייכן אַ השפעה אויף די יונגע חלוצים־אַרבעטער.

"נפלא הי' לראות ההנהגה הנמוסית היפה שהתנהגו הפועלים עם הגנב השפל הזה, בעת שהי' בידם. נתנו לו מקום הגון ללינה, האכילוהו והשקוהו. פה ראינו קרן אור מיושר הלב הישׂראלי הטבעי, איך הוא מתנוצץ בהיגלותו".

הרב קוק איז געווען באַגייסטערט פון זייער באַנעמונג, זעענדיק ווי אַזוי זיי האָבן באַהאַנדלט אַן אַראַבישן גנב, אים געהאַלטן אין הויז, געגעבן נאַכטלעגער, צו עסן און טרינקען און אויף צו מאָרגנס אים איבערגעגעבן דער פּאָליציי.

ער איז אויך געווען איבערגעצייגט, אַז נאָר מיטן גוטן יושרדיקן וועג וועט מען קענען האָבן השפעה: "עלינו לאחוז בכל דרכי נועם ושלום ובכל דרכי אומץ ופעולה, לעודד את הרוח, להכניס טל חיי קודש בעצמות הישוב... לרומם את חיי היהדות הנאמנה, לקרוא בקול את קריאת השלום והאחדות אשר

בין הישוב הישן והחדש" און ער פירט אויס: "את נס השלום אנחנו נושאים, שלום אנחנו מדברים לקרוב וגם לרחוק".

צבי זינגער זעט אין דעם "סבלנות" און אין זיין אָפּהאַנדלונג אַנאַליזירט ער בטוב טעם הרב קוקס שיטה פון סבלנות[13] אין זיין באַציִונג צו יעדן ייִדן — אַפילו צו דעם סעקולאַרן ייִד, וואָס קומט בויען דאָס לאַנד, נישט אָפּשוואַכנדיק זיין פאָדערונג מקיים צו זיין תורה ומצוות אינעם הייליקן לאַנד. ער ציטירט אַ בריוו[14], אין וועלכן הרב קוק שרייבט:

"...מי יתן לי זרועות עולם, אחים חביבים, ואחבקכם באהבה" און ווייטער: "כמה הומה הוא הלב לאהוב את הכל, את כל הבריות, את כל המעשים, את כל היציר..."

ער קען נישט פאַרטראָגן דעם פירוד ביי ייִדן; ער זעט אין דעם אַ "פגם בחיי הדת" און האַלט, אַז "חייבים אוהבי ד' ויראיו באמת, לעמוד בנסיון ולסבול כל צער ועלבון למען טיפוח האהבה והשלום בקרב עם ישראל"[15].

די סבלנות, די טאָלעראַנץ, ווייזט אָן זינגער, מיינט נישט חלילה אָפּשוואַכן דעם קאַמף פאַר אַ רעליגיעז לעבן, אויפהייבן די הענט און גאָרנישט טאָן... אדרבה, די סבלנות גייט צוזאַמען מיטן קאַמף קעגן חילול־שבת, קעגן מאכלות אסורות או"וו, ווי ער שרייבט אין איינעם פון זיינע אגרות: "קשה, קשה מאד לאהוב איש מישראל שעובר בשאט נפש על חוקי תורתנו הקדושה..." דאָס איז — שרייבט ער צו די פרייע קיבוצים — אַ שטערונג אין דער גאַנצקייט פון ייִדישן פאָלק: "שלא נוכל להיות כראוי לאחים בני עם אחד... הכאב נוגע עד הנפש"[16].

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו געבן אַן אָפּשאַצונג וועגן דער שיטה פון דעם גרויסן בעל־מחשבה און פאָעטישער נשמה. מיר האָבן בלויז געוואָלט אָנמערקן אויף זיין ליבעראַליזם, אוניווערסאַליזם, אויף זיין האַלטן זיך ביים פּרינציפּ, אַז מיר דאַרפן באַזייטיקן די חטאים, וועלן במילא נישט זיין קיין חוטאים־זינדיקע, ווי ער שרייבט: "להיאבק עם הרע והחטא ולא עם רעים וחוטאים"[17], ווי ברוריה האָט דאָס אָנגעוויזן איר מאַן רבי מאיר, אַז איידער ער זאָל בעטן די חוטאים זאָלן אָפּגעווישט ווערן, זאָל ער בעסער בעטן די חטאים זאָלן מער נישט זיין, זיך באַנוצנדיק מיטן פסוק "יתּמו חטאים מן הארץ ורשעים עוד אינם"[18] — זאָלן די זינד פאַרלענדט ווערן און די רשעים וועלן מער ניט זיין.

"מי כתיב חוטאים? — חטאים כתיב: כיון שיתּמו חטאים — ורשעים עוד אינם — בקש עליהם רחמים שיחזרו בתשובה"[19].

דער אויספיר אין דער גמרא: "בעאָ רחמי עלויהי והדרו בתשוה"[20]. רבי מאיר האָט געטאָן, ווי זיין ווייב ברוריה האָט פאַרלאַנגט פון אים, און דאָס האָט געווירקט, אַז זיי האָבן געטאָן תשובה.

די מפרשים [21] זוכן צו פאַרענטפערן דעם זאָג: "שבור זרוע רשע" [22] לויט דער שיטה שטרענג צו זיין אין באַקעמפן רשעות. וועט במילא נישט זיין דער אָרעם פונעם רשע [23]. דאָס אייגנטלעך האָט געוואָלט הרב קוק: ליקווידירן זינד און רשעות און במילא וועלן נישט זיין קיין רשעים...

די דאָזיקע שיטה געפינט מען ביי קדמונים, גדולי־ישראל, און דער מקור איז אין תנ"ך, ביי די נביאים און ביי די אויסטייטשערס פון תנ"ך, לויטן תלמוד [24]. דער דאָזיקער הומאַניזם אין באַציִונג צום ייִדישן מענטש נעמט אַריין דעם מענטש בכלל, ווי די האָפענונג אויף דעם קומען פון משיח ווען די גאַנצע מענטשהייט וועט דערהויבן ווערן, ס'זאָל קענען הערשן אַ ברידערלעך צוזאַמענ־לעבן פון פעלקער און יעדער פאָלק וועט האָבן אַ געלעגנהייט צו אַנטוויקלען זיין אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע קולטור און אַקטיוו זיך קענען טוישן מיט די געהעריקע ווערטן און דערגרייכונגען; פעלקער זאָלן קענען זיך טיילן, אין שלום און אחדות, מיטן קווינטעסענץ פון זייערע נאַציאָנאַלע קולטור־פאַרמען.

יחזקאל קויפמאַן (1889—1963) אין זיינע ווערק "גולה ונכר", "תולדות האמונה הישראלית" און אין אַנדערע ווערק ברענגט אַרויס דעם דאָזיקן אוניווערסאַליזם וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים באַגין פון ייִדישן פאָלק. ער איז נישט דער איינציקער, וואָס זעט די אויסדערוויילטקייט פון ייִדישן פאָלק צו פאַרשפּרייטן די געטלעכע הכרה, צו ווייזן אַ מוסטער פון עטישער און מאָראַלישער אויפפירונג. אין דעם באַשטייט אין אַ געוויסן זין די "בחירה", דער געדאַנק פון "אתה בחרתנו". דאָס איז, אָן ספק, געמיינט געוואָרן מיטן זאָג: "חברותא או מיתותא" — געזעלשאַפטלעכקייט אָדער אומקום [25] ווי אַזוי שאַפט מען "חברותא?" דורך מעשים און לשון — דורך דעם גערעדטן און געשריבענעם וואָרט, ווי דער תרגום אונקלוס האָט איבערגעזעצט דעם פסוק "ויפח באפיו נשמת חיים" — און ער האָט אַריינגעבלאָזן אין זיינע נאָזלעכער אַן אָטעם פון לעבן [26]: "והות באדם לרוח ממללא" — דורך דעם וואָרט פאַרבינדט מען זיך מיט מענטשן.

רייד זענען נישט גענוג; מ'דאַרף טאָן מעשים אויף צו שאַפן אַ גוטע, הומאַניסטישע געזעלשאַפט. מ'דאַרף אַרויסווייזן טאָלעראַנץ צום אַנדערן מענטשן, צום אַנדערנס געדאַנקען, אידעען. אברהם אבינו, ווי די תורה דערציילט אונדז, איז אַוועק פון חרן און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פאַרמעגן: "גרים!" ווי אַזוי האָט ער געקראָגן גרים ביי געצן־דינערס? — "ואת הנפש אשר עשו בחרן" [27] אברהם האָט מגייר געווען מענער און שׂרה — פרויען [28]. ווי אַזוי? — ער האָט זיי אַריינגענומען צו זיך; זיי געגעבן עסן און טרינקען און נאָך דעם זיי געבראַכט אונטער די פליגלען פון דער שכינה.

דער מדרש [29] שטעלט זיך אָפּ אויפן וואָרט "אשר עשו" [30]. ר' אליעזר האָט געזאָגט אין נאָמען פון ר' יוסי בן זמרא, אויב ס'זאָלן זיך פאַרזאַמלען

אַלע געבוירענע אויף דער וועלט, בכדי צו באַשאַפן אַפּילו איין פליג, וועלן זיי דאָס נישט קענען און דו זאָגסט "ואת הנפש אשר עשו בחרן" — נאָר דאָס זענען די גרים... דער וואָס איז מקרב אַ גר, איז גלייך ווי ער וואָלט אים באַשאַפן.

דאָס קאָן נאָר געטאָן ווערן דורך סובלנות, דורך טאָלעראַנץ. הרב קוק דריקט זיך אויס אויף אַן אָרט וועגן יִדישן פאָלק, ווי אַפּשטאַמיקע פון אברהם אבינו: "האמונה שהאוניברסליות הגמורה טעונה בעומק נשמתה" [31].

ס'זענען דאָ פאָרשערס וועלכע ווילן שאַפן אַ סאָרט סתירה צווישן תנ"ך און תלמוד, וואָס שייך באַציִונגען צו נישט־יִדן, צו אַנדערע ראַסן, צו אַנדערע עטנישע גרופּן. פאַרטיפט מען זיך אין תורת־משה, אין די זעונגען פון די נביאים, אין די הלכישע באַגרינדונגען פונעם תלמוד און זיינע נאָכפאָלגערס, ווערט מען איבערגעצייגט, אַז ס'איז בכלל ניטאָ קיין סתירה. דער תלמוד איז אַ דערגאַנצונג אינעם אויסטייטשן דאָס תנ"כישע.

טשאַרלס ס. ליבמאַן, אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן יִיד־גוי־באַציִונג אין דער יִדישער טראַדיציע [32], באַמיט זיך אַנצוּווייזן אויף דעם חילוק צווישן דער תנ"כישער מסורה און דער רבנישער (הלכישער — נ. ש.) מסורה, אַז די לעצטע, שטיצט זיך אויפן אַקסיאָם: "בידוע שעשו שונא ליעקב" — ס'איז באַוווּסט, אַז עשׂו, ד"מ די נישט־יִדישע וועלט האָט פיינט יעקבן — די יִדן [33] און אַז זיין מקור איז די באַהויפּטונג: "בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו" [34].

לויט אים קומט אויס, אַז ערשט אין דער צייט פון דער עמאַנציפּאַציע, ביים סוף פון 18טן און אָנהייב 19טן י"ה, מיטן אויפשטייג פון דער השכלה — און אין אונדזער תקופה, מיטן אויפקום פון דער מאָדערנער אָרטאָדאָקסיע — האָט זיך געענדערט די באַציִונג צום נישט־יִיד, דער צוריקגאַנג צו דער תנ"כישער מקורדיקער טראַדיציע.

ט. ס. ליבמאַן ברענגט אַ צאָל באַווייזן צו באַפעסטיקן זיין טעזע און ער באַנוצט זיך מיט אַ צופעליקן פאַקט: דער אַשכנזישער רב ראשי האָט אין אַ רעפעראַט אין ישיבה ר' יצחק אלחנן דערקלערט, אַז אַ יִיד מעג מחלל שבת זיין צו ראַטעווען דאָס לעבן פון אַ נישט־יִיד... ער איז אָבער נישט צופרידן מיטן צוגעגעבענעם מאָטיוו: "למען השלום", ד. ה. כדי ס'זאָל נישט אַרויסרופן קיין רעאַקציע מצד דער נישט־יִדישער באַפעלקערונג.

ער ברענגט דערביי פון אַן אָנגעזעענעם ראש־ישיבה, וואָס האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף ראַטעווען דאָס לעבן פון יעדן מענטשן, צוליב דער הייליקייט פונעם מענטשנס לעבן. "אחד מחוקרי התלמוד הבולטים" — שרייבט ער — האָט געהאַלטן, אַז דער הויפּט־רב פון ישראל האָט געגרייזט. די קדושה

פון מענטשנס לעבן, ייִד אָדער גוי, איז גענוג וויכטיק, מ׳זאָל מחלל שבת זיין, צוליב פּיקוח נפש.

ער בויט דערויף אַ גאַנצע טעאָריע. דער אמת איז, אַז דאָס האָט נישט קיין שייכות צו אונטערשיידן צווישן מסורת־המקרא און מסורת־התּלמוד: דאָס איז אַ הלכישער ענין און יעדער הלכה־אויטאָריטעט האָט רעכט אויף זיין הלכישן שטאַנדפּונקט. ווי מיר לערנען אין פּרק, איז דאָ בלויז איין מסורה: ״משה קיבל תּורה מסיני ומסרה ליהושע ויהושע לזקנים״ [35] און די דאָזיקע מסורה גייט איבער פון דור צו דור עד היום. און וואָס שייך דער הייליקייט פון שבת, ברענגט ער דאָך דעם מאמר פון רבי יונתן בן יוסף: ״הרי הוא אומר, ושמרתם את השבת, כּי קודש הוא לכם, לכם שבת מסורה ואי אתּם מסורים לשבת״ — רבי שמעון בן מנסיא אומר: ״ושמרו בני ישׂראל את השבת — אמרה תּורה, חלל עליו שבת אחת, כּדי שישמור שבתות הרבה״ (ער האָט געהאַט אַ טעות, געבנדיק דעם ערשטן מאמר צו ר׳ שמעון בן מנסיא).

אזאַ ליבעראַליזם וועגן דעם הייליקסטן טאָג, דעם אות־ברית בין ישׂראל לאביהם שבשמים [36] — אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער ענין.

די גרויסע מאָראַלישע קראַפט פון תּלמוד און זיינע נאָכפאָלגערס באַשטייט אין דעם עיקר־פּרינציפּ צו פאַרזיכערן אַ געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג פאַר דער מענטשהייט מיט אַ קלאָרער פּערספּעקטיוו אי פאַר דעם יחיד, אי פאַר דעם ציבור, פאַר אַלע קלאַסן און שיכטן. דער משיח־אידעאַל איז דאָך אַ פולשטענדיקע פעלקער־פריינדשאַפט און צו פאַרפולקאָמען די אידעאָלאָגישע, די נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאַקטאָרן אויף דעם העכסטן ניוואָ, ווי דער קאָצקער רבי זעט די לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און גרייכט צו די הימלישע הויכן.

״ס׳זענען דאָ מענטשן — האָט ער געזאָגט — ווען זיי דערזעען נישט די לייטער, זענען זיי מסיח דעת, גיבן זיי אויף די האָפענונג פון דערגרייכן העכער און זינקען אינעם עולם התּחתּון, פאַרטאָן אין גשמיותדיקייט; אַנדערע: זיי זעען נישט די לייטער, אָבער זיי פּרובירן שפּרינגען און ווען זיי איבערצייגן זיך, אַז זיי וועלן נישט קענען אַרויף... פאַלן זיי אַראָפּ און זענען זיך מייאש. ס׳זענען אָבער דאָ וויניקע — אַ מיעוט — וועלכע שפּרינגען אַזוי לאַנג, ביז זיי דער־גרייכן דעם ציל... אַזעלכע ווערן מיט דער הילף פון באַשעפער געהאָלפן אַרויפצוגיין העכער, ביזן שפּיץ פון דער לייטער [37], ווי דער פּסוק זאָגט: ״ישוטטו רבים ותרבה הדעת״ — פיל וועלן וואַנדערן און די קענטשאַפט וועט זיך מערן״ [38].

דער תּלמוד, די תּורה שבעל־פּה, האָט אויסגעברייטערט די דינים אין תּורה שבכתב אויף אַלע געביטן. ס׳איז נישטאָ קיין שום סתּירה, אַזוי ביי די גייסטיקע,

ביי די אמונה־ווערטן, אַזוי ביי די דינים פון טומאה־טהרה, מאכלות אסורות און אַזוי ביי די גרויסע אָפּטיילונגען, יורידישע געלט־ענינים.

מיר געפינען למשל אין תלמוד אין אַ סאָרט ראַדיקאַלן אויסטייטש פון "אחרי רבים להטות" — נאָך דער מערהייט צו נייגן [39] אַז די תורה האָט דאָ געמיינט ביי דיני־נפשות, אָבער ביי געלט־ענינים, "אין הולכין בממון אחר הרוב" — ביי געלט־ענינים גילט נישט דער כּלל פון נאָכגיין דער מערהייט [40]. חז"ל גיבן אַן מאָטיוון פאַר אָט דעם אויסטייטש, פּונקט ווי ביי דעם זאָג "עין תחת עין", אַז דאָס מיינט געלט־קאָמפּענסאַציע. . .

ביי די ענינים פון ריבית, האָבן מיר דעם געבאָט "לא תשיך" — זאָלסט נישט בייסן־לייען אויף צינזן — חז"ל ווידמען אַ פּרק [41] דעם ענין וואָס הייסט ריבית, וואָס הייסט נשך — און אַז דאָס נעמט אַריין אַפילו "אבק ריבית" מיט דער פולסטער שטרענגקייט און דערביי, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, דעם תורהדיקן זאָג: "לנכרי תשיך", ווערט אויסגעברייטערט און אויסגעטייטשט ביי חז"ל.

אויף דעם געבאָט, מ'זאָל האָבן "אבני צדק" — גערעכטע וואָגשאָלן, האָבן מיר אָן אַ שיעור אַריינטייטשן אַזוי, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין, ווי אַזוי מ'זאָל זיין געהיט — און די אַלע אַריינטשייטשן קומען אין דער צאָל פון די תרי"ג מצוות.

צוליב וואָס דאָס אַלץ? — צו ווייזן, אַז ס'איז נישטאָ קיין סתירה, נישט צווישן נביאים און תורת־משה און נישט צווישן תורה שבכתב און תורה שבעל־פּה, וואָס איז אַן אויסטייטש פון די מצוות אין תורה שבכתב.

ביז גאָר קאָמפּליצירט זענען די אָנזאָגן וועגן משפּטן קינדער צוליב די זינד פון די עלטערן. צי האַלט מען זיך ביים פּרינציפּ פון אינדיווידועלער אחריות, צי גייט די אחריות אַריבער פון עלטערן אויף קינדער און פאַרקערט?

אין חומש [42] לערנען מיר: "לא יומתו אבות על בנים ובנים לא יומתו על אבות" — פאָטערס זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר קינדער און קינדער זאָלן נישט געטויט ווערן פאַר פאָטערס. יעטוועדער פאַר זיין זינד זאָל געטויט ווערן. אויבנאויף זעט עס אויס ווי אַ סתירה צו דער וואָרענונג: "פּוקד עון אבות על בנים..." ער רעכנט די זינד פון די פאָטערס אויף די קינדער, קינדס־קינדער, דריטן און פערטן דור [43].

חז"ל דערקלערן, ס'זאָל נישט זיין קיין סתירה, אַז דער "פּוקד עון אבות על בנים", מיינט, ווען די קינדער זינדיקן ווי די עלטערן: "כשאוחזין מעשה אבותיהם בידיהם" [44]. דערמיט ווערט אויך פאַרענטפערט דער אָנזאָג פון די נביאים, אַז ביז איצט האָבן די קינדער געליטן צוליב די זינד פון די עלטערן, אָבער אין דער צוקונפט וועט נישט זיין אַזוי: "בימים ההם לא יאמרו עוד אבות

אכלו בוסר ושני בנים תקהינה — כי אם, איש בעונו ימות, כל האדם האוכל הבוסר תקהינה שניו" — אין יענע טעג וועט מען מער נישט זאָגן: די פאָטערס האָבן געגעסן זויערע ווייַנטרויבן און די ציין פון די זין זענען אייליק, נייערט איטלעכער פאַר זיין זינד וועט שטאַרבן. יעטוועדער מענטש וואָס עסט די זויערע ווייַנטרויבן, זיינע ציין וועלן אייליק ווערן [45].

די דאָזיקע וויזיע ווערט איבערגעחזרט ביי יחזקאל הנביא: "מה לכם אתם מושלים את המשל הזה על אדמת ישראל, לאמור: אבות יאכלו בוסר ושני הבנים תקהינה חי אני נאם ד' אלקים, אם יהי' לכם עוד משול המשל הזה בישראל, הן כל הנפשות לי הנה, כנפש האב וכנפש הבן לי הנה. הנפש החוטאת היא תמות" — וואָס איז מיט אייך, וואָס איר זאָגט דעם משל אין לאַנד פון ישראל: די פאָטערס האָבן געגעסן זויערע ווייַנטרויבן און די ציין פון די קינדער זענען אייליק. אַזוי ווי איך לעב, זאָגט גאָט, דער האַר, אויב מ'וועט נאָך אַזוי זאָגן... אַלע נפשות זענען מיינע, דער נפש פון דעם פאָטער, אַזוי ווי דער נפש פון דעם זון, איז מיינער: דער נפש וואָס זינדיקט, ער זאָל שטאַרבן [46].

מיר וועלן דאָ, צוליבן דאָזיקן ענין, ציטירן דעם מלבי"מס (ר' מאיר לייבוש בן יחיאל מיכל, תקס"ט—1809; תר"מ—18779), אויסטייטש [47]. ער הייבט אָן מיט דעם וואָס עס ווערט געזאָגט אין דער גמרא, צו פאַרענטפערן ס'זאָל נישט זיין קיין סתירה: "כאן כשאוחזים מעשה אבותיהם בידיהם", אַז די עלטערנס זינד ווערן נאָכגעפאָלגט ביי די קינדער, האָט עס אַ דירעקטן המשך — די קינדער ווערן פולשטענדיק מקושר און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זינד פון די עלטערן: "שפירוש, שפוקד עון אבות שהוא קיים עדיין על בנים, שגם הם אוחזים במעשה ההוא, שאז יעניש את הבנים בעון אבות, והתנה בזה שיהי' הדור הרביעי, וכמ"ש שהשם ממתין עד שיתמלא סאתם, שזה הי' אם ארבעה דורות מתמידים בחטא כמו שהוא באדם אחד ששלשה פעמים מוחלין לו כמ"ש [48] ועל ארבעה לא אשיבנו" — פאַר פיר וועל איך עס נישט אָפּהאַלטן, וועל איך שטראָפן... וע"כ נאמר "ודור רביעי ישובו הנה, כי לא שלם עון האמורי עד הנה" — און ערשט אין פערטן דור וועלן זיי זיך אומקערן אַהער, וואָרום די זינד פון דעם אמורי וועט נישט זיין פאַרפולט ביז דענסמאָל... [49] וכן הבטיח הנביא ליהוא שארבעה דורות ישבו לו על כסא ישראל, אף שכולם עבדו עגלי ירבעם, לא נשלם סאתם, עד דור הרביעי..." אין זיין געדאַנקען־גאַנג, אַז דער צובונד פון עלטערן מיט קינדער גייט ביזן פערטן דור.

דער מלבי"ם ברענגט די מכילתא, אַז ווען משה רבנו האָט דאָס געהערט, ויקוד ארצה וישתחו, אמר: אין בישראל רשע בן רשע בן רשע — נישטאָ ביי ייִדן פיר דורות כסדרדיקע רשעים אין איין פאַמיליע. ער ברענגט אויך די מיינונג פון רבי נתן, אַז דאָ רעדט זיך וועגן זינד במזיד. אויף אַזעלכע בכוונהדיקע זינד

איז געזאָגט געוואָרן "איש בחטאו יומתו", אָבער אויף זינד בשוגג, אומגערן, שטראָפט מען נישט די קינדער צוליב די זינד פון די עלטערן. פאַראַן נאָך אַ מיינונג אַז אויף עבודה־זרה־זינד, געצן־דינעריי, איז איש בחטאו, שטראָפט מען יעדן פאַר זיין אייגענער זינד [50].

ביז פיר דורות — איז מסביר דער רמב"ם — אויב אַ מענטש האָט די דאָזיקע זכיה, ווערן זיי צוזאַמען איין אָרגאַניזם.

מיר זעען פון די ציטירטע פסוקים, אַז די באַשטימטקייט פון פיר דורות איז חל אי אויף יידן, און אי אויף נישט־יידן, אַפילו אויף די פאַרדאָרבענע אמורי־און־כנענים־פעלקער. וואָס שייך ערלעכקייט, אַרבעטזאַמקייט, פאַרלאַנגען זיי די תורה, די נביאים, דער תלמוד, הלכה און אגדה — אי פון דעם ייד און אי פון דעם נישט־ייד.

דער אידעאַל פון דוד המלך, דעם "נעים זמירות ישראל", איז דער יגיע כפימניק. אין אים האָט ער געזען די דערהויבנקייט: "יגיע כפיך כי תאכל — אשריך וטוב לך" — די מי פון דיינע הענט, אַז דו עסט, ווייל איז דיר און גוט איז דיר [51]. דער מענטש מיט ריינע הענט און הארץ־לויטערקייט, איז דער יגיע כפים: "נקי כפים ובר לבב אשר לא נשא לשוא נפשי ולא נשבע למרמה" — דער, וואָס האָט ריינע הענט און אַ לויטער הארץ, וואָס האָט מיך נישט דערמאָנט — געשווירן — צום פאַלשן [52]

דער אידעאַלער מענטש קאָן פאַרוואַנדלען די קללה פון "בזיעת אפיך תאכל לחם" — מיט דעם שווייס פון דיין פנים, וועסטו עסן ברויט... [53] אין אַ ברכה — לעבן ערלעך און באַשיידן און געניסן פון דעם צוזאָג: "מתוקה שנת העובד" — זיס איז דער שלאָף פון דעם וואָס אַרבעט [54].

אברהם אבינו האָט ליב געהאַט די איינוווינערס פון כנען. אין פאַרגלייך מיט די איינוווינערס פון אור־כשדים, חרן און אַנדערע פעלקער אין מעסאָפּאָטאַמיע־ראַיאָן וועלכע האָבן געלעבט אַ לייכט לעבן, "אוכלים ושותים ופוחזים", זענען די איינוווינערס פון כנען געווען אַרבעטזאַמע מענטשן: "ראה אותן עסוקין בניכוש... אמר, הלואי יהא חלקי בארץ הזאת" [55].

חז"ל לערנען אונדז: "כל שאינו מלמד את בנו אומנות, כאילו מלמדו לסטות" — דער וואָס לערנט נישט זיין זון אַ מלאכה, אַ פּראָפעסיע, איז ווי ער וואָלט אים געפירט צו פאַרנעמען זיך מיט רויבעריי [56]. נאָך מער: "גדולה מלאכה שלא שרתה שכינה בישראל אלא מתוך המלאכה" [57] — מסתמא, צוליב ערלעכקייט ביים יגיע כפימניק. פון פ ש ט ו ת קען מען זיך דערהויבן צו די העכסטע הויכן, אָבער דער גרויסהאַלטער קאָן אַפילו דערגרייכן צו די הויכעניש און דאָך בלייבן אין דער נידער.

אַזוי איז געווען אַ מאָל און אַזוי איז היינט. דער מענטש באַהערשט די

וועלט, דעם קאָסמאָס, ביז דער לבנה. מיט וויסנשאַפט וויל ער אַריבער איין אַרביט איבער דעם אַנדערן. אייניקע וויסנשאַפטלערס קומען אַרויס מיט זייערע באַהויפּטונגען, אַז מיט דעם מענטשנס אינטעלעקט און זיינע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען קען ער באַהערשן אַלץ און אַלעמען — און אַז די וויסנשאַפטלעכע דערקענטענישן זענען אין פולשטענדיקער סתירה צו דער אמונה. זיי פאַרגעסן אָבער די געשעעניש פונעם דור הפלגה: זיי האָבן זיך פאַרנומען צו בויען אַ טורעם "וראשו בשמים ונעשה לנו שם" — אַ טורעם מיט זיין שפּיץ אין הימל, זיך צו מאַכן אַ נאָמען... וואָס האָט פּאַסירט? "כי שם בלל ד' שפת כל הארץ..." דער באַשעפער האָט זיי צעמישט און צעשפּרייט אויפן געזיכט פון דער ערד [58]

דער נביא וואָרנט די יעניקע וועלכע מיינען, אַז זיי קענען אַרויף אויף די הויכענישן און זיך באַרימען "אעלה על במתי עב, אדמה לעליון" — איך וועל אַרויפגיין איבער די הויכן פון די וואָלקן, איך וועל צום אייבערשטיין זיך גלייכן, "אך אל שאול תורד אל ירכתי בור" — אָבער אין אונטערערד וועסטו געגידערט ווערן, אין די עקן פון גרוב [59]. מ'דאַרף זיך דערהויבן צו אַלע וויסנשאַפטלעכע דערקענטענישן, אָבער נישט פאַרלירן די אמונה.

ווען מען טראַכט זיך אַ ביסל טיפער אַריין אין אַלע דערגרייכונגען פונעם מענטש זינט בריאת שמים וארץ, זעט מען, אַז ס'איז נישטאָ קיין סתירה צווישן תורה־השקפה, יבנה־באַגרינדונג און מדע, די סעקולערע וויסנשאַפטלעכע, טעכ־נישע דערגרייכונגען; ס'איז דאָ אַ סינטעטיש־ליבעראַלע האַרמאָניע, לויטן דעוויז פונעם נביא: "כי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו" — וואָרום אַלע פעלקער מעגן גיין, איטלעכער אין נאָמען פון זיין גאָט, אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פון ה' אונדזער גאָט אויף אייביק און שטענדיק [60]. און די וויזיע פון אַ "שפה ברורה לקרוא כולם בשם ד' לעבדו שכם אחד" — וואָרום דענסמאָל וועל איך איבערמאַכן די פעלקער אַ ריינע ליפּשפּראַך, זיי זאָלן אַלע רופן צו גאָט און אים דינען ווי איין מאַן — אַ פאַראייניקטע מענטשהייט [61].

צוזאַמען מיטן קלאָריט פון אַ פאַראייניקטער מענטשהייט, זאָל יעדער פאָלק קענען אַנטוויקלען זיין נאַציאָנאַלע אייגנאַרט, אייגנהייטן זיינע וואָרצלען, זיין קולטור און ליטעראַטור — אַ מזיגה פון דת און מדע, ווייל אַפילו מ'דערגרייכט שוין די הויכן, בלייבט פאַר דעם מענטש עפּעס העכערס — די מאָראַלישע און עטישע געבאָטן, לויט די באַגריפן פון "השמים שמים לד' והארץ נתן לבני אדם" — די הימלען זענען די הימלען פון גאָט און די ערד איז געגעבן צו די מענטשן־קינדער [62].

וואָס שייך אונדזער צייט, די עפּאָכע פון נאָך אַפּאָלאָ 11, ווען מענטש

האָט געטראָטן אויף דעם לבנה־פּלאַנעט, איז כדאי צו ציטירן די ווערטער פון די געוועזענע רבנים ראשיים:

הרב ר׳ שלמה גורן שליט״א, האָט דאַן דערקלערט:

״...העליונות של האדם על פני כל היצירה כולה, האדם כפי שהתורה מגדירה אותו, נברא בצלם אלקים, הוא היחידי מבין הבריות בעל נפש, שכל ודעת... ובחלל אין־סופי זה, היצירה העליונה ביותר היא האדם. יש בו ניצוץ אלקי ממעל, ומה שיכול להוכיח זאת מאשר אולי כל מאורע אחר שהאדם יצר ופעל עד כה...״

הרב י׳ יצחק נסים ז״ל האָט געזען אין דעם אַן אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע אינעם לעבן פונעם מענטש, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין דעקלאַראַציע:

״ישמש מאורע נשגב זה אות מבשר טוב לחשובה על ערכים עליונים, להסיר אימת החרב והרעב מעל האנושות, לייחוד השגי התפתחות זאת לתועלתו של האדם, להגברת החסד ולדגולה בשלום, שסוכתו תיפרוש עלינו ועל כל העולם כולו [63]״.

צי דאַרף מען נאָך מער אוניווערסאַליזם? ביידע רעליגיעזע מנהיגים, די העכסטע אינסטאַנצן וואָס שייך רעליגיעזע פּרינציפּן אין ישראל, זעען אין דעם דערגרייכן די לבנה אַ רמז פאַר אמת און שלום צווישן אַלע פעלקער — אַ באַשטעטיקונג אויף דער גרויסקייט פונעם מענטש, דעם באַשאַפענעם פון דער אדמה אָבער מיטן צלם אלקים.

אינעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט אויף די געביטן פון וויסנשאַפט, זעען רעליגיעזע מנהיגים דעם אחרית־הימים, ווי דער נשר הגדול, דער רמב״ם, האָט דעפינירט די משיח־טעג, גאולה שלימה פאַר יידן און פאַר דער גאַנצער וועלט: ס׳וועט הערשן שלום און גערעכטיקייט — און וועגן דעם ווייטער.

## ג. טאָלעראַנץ אין תנ״ך און טאָלעראַנץ אין תלמוד. — ווי אַזוי די בעלי הלכה האָבן דאָס געזען.

מיר געפינען אין תנ״ך אומצייליקע מאָל אַ שטרענגע באַציִונג צום נכרי, צום פרעמדן: ״זאת חוקת הפסח, כל בן נכר לא יאכל בו״ — דאָס איז דאָס געזעץ פון קרבן־פּסח קיין פרעמדער זאָל פון אים נישט עסן — אַ פאַרבאָט צו געבן פון קרבן־פּסח צום נכרי [1]. די תורה וואָרנט: ״לא תקום ולא תטור את בני עמך״ — זאָלסט זיך נישט נוקם זיין און נישט האַלטן קיין שנאה אויף די קינדער פון דיין פאָלק [2]. קאָמענטירן חז״ל: ״אבל נוקם ונוטר אתה לגוי״ — מעגסט נעמען נקמה אין דעם נישט־ייד [3]. דאָס מיינט זיכער געצן־דינערס און אפילו

וועגן געצן־דינערס איז אַ פראַגע, צי דאָס מיינט ווירקלעך נקמה אָדער צי דאָס איז בלויז אַ סימבאָלישער אויסדרוק.

ס'איז באַקאַנט דער מאמר פון רבי יוחנן אין נאָמען פון רבי שמעון בן יוחאי: "כל תלמיד־חכם שאינו נוקם ונוטר כנחש, אינו תלמיד־חכם" — אַ תלמיד־חכם וואָס נעמט נישט קיין נקמה, היט נישט קיין פיינטשאַפט (געמיינט צו אַ שונא) איז ער נישט קיין תלמיד־חכם"[4]. אַ שווערער מאמר. ווי איז דאָס מעגלעך אַ תלמיד־חכם זאָל זיך פאַרנעמען מיט נקמה?

מפרשים באַמיען זיך צו פאַרענטפערן און אויסטייטשן דעם דאָזיקן מאמר[5] — קיין קלאָרער ענטפער איז אויף דעם מאמר ניטאָ!

מיר פאַרשטייען אָבער די סיבה פון אַזאַ געבאָט וועגן די כנענים־פעלקער: "לא תכרות להם ברית ולא תחנם" — זאָלסט נישט שליסן קיין בונד מיט זיי און זיי נישט שענקען קיין חן־לייטזעליקייט[6].

מיר האָבן אומצייליקע מאמרים און געבאָטן אין דער תורה און אין תלמוד — נעגאַטיוו צום נישט־ייִד, ווי "לא יגוש את רעהו — את הנכרי תגוש" — ער זאָל נישט מאָנען פון זיין חבר (אין שמיטה־יאָר). פון דעם פרעמדן מעגסטו מאָנען...[7], אָדער דעם פסוק: "לא תשיך לאחיך... לנכרי תשיך" — זאָלסט נישט לייען דיין ברודער אויף צינזן... דעם פרעמדן מעגסטו לייען אויף צינזן...[8].

דאָס איז בלויז אַן אויפקלייב פון צענדליקער און מער פסוקים. ווען מיר נעמען אָבער אַרום די תורה אַלס אַ גאַנץ הייליק ווערק פון סיני, זעט מען אַז דער תורה־גייסט איז אַן אוניווערסאַלער, ליבעראַלער, טאָלעראַנטער צו אַלע פעלקער, צו אַלע ראַסן, צו אַלע קאָלירן — און דער דאָזיקער גייסט איז מיטן ייִדישן פאָלק, זינט זיין אויפשטייג אויף דער וועלטמאַפּע. דער רוח־המקרא — האָט אַ מאָל געזאָגט אַ סעקולערער מנהיג — איז דער רוח־ישראל און האָט פאַרזיכערט דעם קיום פון ייִדן[9].

אין תלמוד האָבן מיר נישט ווייניק נעגאַטיווע אויסדרוקן וועגן נישט־ייִדן: "צריך לברך כל יום — שלא עשני גוי". די ברכה איז באַזירט אויף די ווערטער פונעם נביא, וואָס האָט געזען דעם ליכטיקן אחרית־הימים, "כל הגויים כאין נגדו"[10] — אַלע פעלקער זענען ווי גאָרנישט. מיר האָבן מאמרים: "אין עדות לנכרים"[11] — מ'נעמט נישט אָן דאָס עדות־זאָגן פון נישט־ייִדן קעגן אים. אין שליחות לנכרים"[12] — ניטאָ קיין שליחות־פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר נישט־ייִדן, אָדער אַזאַ סאָרט אַקסיאָם: "רוב נכרים פרוצים בעריות" — מערסטנס פרעמדע זענען הפקר און אויסגעלאַסן אין געשלעכטלעכער באַנעמונג[13] און דעריבער ווערן זייערע קידושין נישט גענומען אין באַטראַכט: מ'האָט ווייניק צוטרוי צו זייערע הייבאַמס, צו זייערע דאָקטוירים, סיידן צו די יעניקע וועלכע

זענען געהיט אין זייער פּראָפעסיע [14]. ס'איז קיין פראַגע נישט, אַז ס'רעדט זיך דאָרט וועגן פאַרברעכערישע, הפקרדיקע פעלקער.

מיר געפינען אָבער נישט ווייניק מאמרים פון אַ ליבעראַלן, פּאָזיטיוון טאָלעראַנץ־כאַראַקטער אין שייכות צו נישט־יידן.

מיר האָבן אַ חילוקי־דעות צווישן תנאים וועגן דעם עולם־הבא פאַר נישט־יידן: ר' אליעזור זאָגט, "כל גויים אין להם חלק לעולם הבא" — אַלע גויים האָבן נישט קיין חלק אין דער קומענדיקער וועלט, שנאמר — ווי עס ווערט געזאָגט — "ישובו רשעים לשאולה, כל גויים שכחי אלהים" — די רשעים וועלן אָנקומען אין אונטערערד — אַלע פעלקער וואָס פאַרגעסן אין גאָט" [15].

ר' יהושע האָט נישט מסכים געווען צו דער דאָזיקער איינשטעלונג. "אמר לו ר' יהושע": אילו אמר הכתוב "ישובו רשעים לשאולה כל גוים, וישתוק, הייתי אומר כדבריך, עכשיו, שאמר הכתוב 'שכחי אלקים', הא יש צדיקים באומות שיש להם חלק לעולם הבא" — האָט צו אים געזאָגט ר' יהושע, ווען ס'איז געשריבן, אַז די רשעים וועלן גיין אין תהום — אַלע פעלקער, און שווייגן. אָפּשטעלן זיך, וואָלט איך מסכים געווען צו דעם וואָס דו האָסט געזאָגט, ס'איז אָבער געשריבן, "שכחי אלקים" — מיינט עס, אַז בלויז די וועלכע האָבן נישט קיין אמונה אין אחדות אלהות, זיי האָבן נישט קיין חלק עולם הבא, אָבער צדיקים ביי די פעלקער וועלכע האָבן אמונה, זיי וועלן יאָ האָבן חלק עולם הבא [16].

מיר האָבן נישט איין מאָל ציטירט דעם מאמר אַרום דעם פסוק "בחוץ לא ילין גר" [17] — אויף דער גאַס פלעגט נישט נעכטיקן אַ פרעמדער, מיינע טירן צום וועג פלעג איך עפענען: אַז איוב האָט דאָ אַרויסגעבראַכט דעם יידישן בליק וועגן אַזעלכע וועלכע ווילן אַריבער צו דער יידישער אמונה, אין דער באַהויפּטונג: "שאין הקב"ה פוסל לשום בריה... השערים נפתחים בכל שעה, וכל מי שהוא מבקש ליכנס — ייכנס", דער רבונו של עולם פסלט נישט קיין מענטש... די טויערן זענען אָפן פאַר יעדן, וואָס וויל זיך מגייר זיין און מיר ציטירן דעם הלכהדיקן אויספּיר: "גר שנשא בת ישראל והוליד בת, והלכה הבת ונשאת לכהן כשר וילדה בן — הרי זה ראוי להיות כהן גדול... ונמצא הגר מבפנים ובן לוי מבחוץ..." [18].

אין פשוטע ווערטער: לויט דער השתלשלות פון חתונות, קאָן אויסקומען אַז פונעם גר זאָל אַרויסקומען אַ כהן גדול. דער מדרש ברענגט דערויף דעם פסוק: "שלח לחמך על פני המים — כי ברוב הימים תמצאנו" [19] — לאָז אַוועק דיין ברויט אויפן וואַסער, וואָרום אין פיל טעג אַרום וועסטו עס געפינען. וכי בני אדם שוטים הם, שנותנים לחמם על פני המים? ועל מי אמר: על יתרו, שנתן לחמו למשה, שנאמר [20]: "קראן לו ויאכל לחם" — רופט אים און זאָל

ער עסן ברויט. הוי... שלח מלחמך על פני המים — זה משה, שנאמר [21] כי מן המים משיתהו — ווייל פון וואַסער האָב איך אים אַרויסגעצויגן. למה? כי ברוב הימים תמצאנו — "ויבא אהרון וכל זקני ישראל לאכול לחם עם חותן משה, לפני האלקים" —און אהרן און אַלע עלטסטע פון די ייִדן זענען געקומען עסן ברויט מיט משהס שווער פאַר גאָט [22].

דער גר קאָן אַפילו דערגרייכן רוח־הקודש, ווי עס ווערט געזאָגט: "בין ישראל, בין גוי ...הכל לפי המעשה שעושה, רוח הקודש שורה עליו" — סיי אַ ייִד, סיי אַ גוי... אַלץ ווענדט זיך אין די מעשׂים, גוטע מעשׂים דערפירן, ס׳זאָל אויף דעם גר רוען דער הייליקער גייסט [23].

רבי מאיר זאָגט: "מנין שאפילו נכרי ועוסק בתורה שהוא ככהן גדול?" — פון וואַנען ווייסן מיר, אַז אַפילו אַ פרעמדער, אַ נישט־ייִד, וואָס איז עוסק אין תּורה־לערנען, ווערט ער פאַררעכנט ווי אַ כהן גדול? תלמוד לומר: "אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" — איר זאָלט היטן מיינע געזעצן וואָס אַ מענטש טוט זיי, לעבט ער דורך זיי — איך בין השם[24]. "כהנים ולויים וישראלים לא נאמר אלא האדם — הא למדת, שאפילו נכרי ועוסק בתורה הרי הוא כהן גדול" — פון דעם פסוק לערנען מיר, אַז אַפילו אַ פרעמדער, אַ נישט־ייִד וואָס פאַרנעמט זיך מיט תּורה, איז ער אַזוי חשוב, ווי דער כהן גדול [25].

דער פסוק זאָגט: "כהניך ילבשו צדק" [26] — דיינע כהנים זאָלן זיך אָנקליידן אין גערעכטיקייט, ווערט דאָס אויסגעטייטשט, אַז דאָס שליסט איין צדיקים ביי אַנדערע פעלקער [27].

אינטערעסאַנט איז, ווי חז״ל טייטשן דעם פסוק "והאספסוף אשר בקרבו התאוו תאוה" [28] — און די איינגעזאַמלטע וואָס צווישן זיי האָבן געגלוסט אַ גלוסטונג, ר׳ שמעון בן מנסיא האַלט, אַז דאָס זענען געווען די גרים, דער ערב־רב און זיי האָבן געהעצט די ייִדן; ר׳ שמעון (נישט דערמאָנט וועלכער ר׳ שמעון — נ.ש.) האַלט, אַז דאָס זענען די זקנים [29]. אַ פאַרגלייך צווישן זקנים און גרים!

צענדליקער און צענדליקער מאמרים ווייזן אויף דער גוטער, טאָלעראַנטער באַציונג צו נישט־ייִדן, שוין אָפּגערעדט פון וועלכער נישט איז דיסקרימינאַציע צוליב ראַסע, קאָליר. אַז מ׳זעט חכמי אומות העולם, דאַרף מען מאַכן אַ ברכה: "שנתן מחכמתו לבריותיו" און אַז מ׳זעט מלכים — "שנתן מכבודו לבשר ודם" [30]. דאָס מיינט אַז מען אָנערקענט זייער חכמה און ממשלה און אַז דאָס איז זייי געקומען פון דער העכערער השגחה, פון דער הימלישער גוטווייליקייט.

די דאָזיקע טאָלעראַנטע שיטה ווערט נאָכגעפאָלגט, נישט בלויז ביי די בעלי־מחשבה, די באַגרינדערס פון די מידות און פרינציפּן פון לפנים משורת

הדין, נאָר אויך ביי די בעלי־הלכה, אַזוי אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער און אַזוי ביי פּוסקים אין אונדזער צייט.

דער רמב״ם פּסקנט: ״כל המקבל עליו שבע מצוות ונזהר לעשותן, הרי זה מחסידי אומות העולם ויש לו חלק לעולם הבא. והוא שיקבל אותן ויעשה אותן, מפני שצוה בהן הקב״ה בתורה והודיענו על ידי משה רבנו, שבני נח נצטוו בהן, אבל אם עשאן מפני הכרע הדעת, אין זה גר תושב, ואינו מחסידי אומות העולם ולא מחכמיהם״ [31].

ר׳ מנחם המאירי (ה״א, ט׳—1449; ע״ה—1315), דער גרויסער מפרש, בעל־מחשבה, פּייטן און פּוסק שרייבט: ...שאף עובדי האלילים ושאינם גדורים בדרכי הדתות, אסור לגוזלם... וכן אף באבידה, כל צד שיהא חילול השם בעיכובה, מחזירה. הא, כל שהוא מעממין הגדורים בדרכי הדת ועובדי אלהות על איזה צד, אעפ״י שאמונתם רחוקה מאמונתנו, אינם בכלל זה, אלא הרי הם כישראל גמור לדברים אלו, אף באבידה, אף בטעות ולכל שאר הדברים בלא שום חילוק״ [32].

איינער פון די אָנגעזעענסטע פּוסקים אין 18טן י״ה, ר׳ אלעזר פלעקלס, אַן אור־אור־אייניקל פון ר׳ דוד גאַנז, דעם היסטאָריקער און מחבר פון ספר ״צמח דוד״, ווידמעט זיינע הקדמות צום ספר שו״ת ״תשובה מאהבה״ וועגן דער ליבעראַלער, טאָלעראַנטער באַציִונג צו נישט־ייִדן. די שאלות ותשובות א. נ. ״תשובה מאהבה״ געהערן צו די ספרי־יסוד אין דער הלכה. אויפן שער־בלאַט ווערט אָנגעגעבן: ״ספר שאלות ותשובות מהרא״ף... אשר חברתי עם עזראל אלעזר ב׳ דוד ז״ל פלעקלס, מתושבי ק״ק פראַג הבירה, שנה טוב ומתוק (תקצ״ו) (פאַטאָסטאַטיש איבערגעדרוקט אין ניו־יאָרק). ווי אַן אַריינפיר האָט דער מחבר צוגעגעבן זיין קונטרס (וואָס איז פריער פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ. נ. ״כסות עינים״) אין וועלכן ער באַהאַנדלט די ענינים ״גוי״, ״נכרי״, ״עכ״ום״, אין תלמוד און אין די ספרי־הפּוסקים. צום סוף פון דעם קונטרס, האָט ר׳ אלעזר צוגעגעבן נאָך אַ קונטרס א. נ. ״שלמי תודה״ (וואָס איז פריער אַרויס ווי אַ באַזונדער ווערק, פּראַג, תקס״ט) — איןביידע קונטרסים באַגרינדעט ער הלכהדיק, זיין ביז גאָר ליבעראַלער באַציִונג צו נישט־ייִדן, וועלכע פירן זיך לויט די מידות פון חסד און ער טאַדלט די יעניקע וועלכע טראַכטן אויס און פאַלסיפיצירן תלמודישע שטעלן אַרויסצורופן שׂנאה צו ייִדן: ״תלונות האומות שמלינים עלינו שנמצא בתלמוד וביתר חבורים הרבה נאצה ושמצה על העמים ובעבור זה גדלה השׂנאה...״

ר׳ אלעזר פלעקלס דעקט אויף זייערע פאַלשקייטן און ער גיט זיינע אויס־טייטשן. ער שרייבט: ״...כל ימי גדלתי בין חכמי התורה... יגעתי ולא מצאתי שמץ דבר המתנגד לאומות בזמן הזה...״ ער האָט צוגעגרייט דעם

קונטרס, שרייבט ער: "...לגלוי עינים, לפקוח עינים העורות, לידע ולהודיע כי שקר נחלו מאבותם, ושנאת חנם שנאוני ונהפכו הדברים. רבותינו בעלי התלמוד זכרונם לברכה, צוו לנו וזרזו אותנו להחזיק טובה לכל אום ואום שאנחנו יושבים תחתיהם ושלא לעשות עול ואון לכל עם ולשון בארץ, א ף ל א ל ה המזבחים ומקטרים לצבא השמים (קורסיוו — נ. ש.) ומכל שכן האומות מכמה דורות ובזמן הזה...

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט די כּללים און מיט די בקיאות אין זיין דאָזיקער טעזע[33]. ער האָט זיינע באַהויפּטונגען פעסטגעשטעלט הלכהדיק, איינשליסנדיק יידישע עטיק, לויטן תנ"ך און תלמוד. אין באַהאַנדלען דעם זאָג: "אתם קרויים אדם ואין אומות העולם" — טייל גירסות: — "עכּ"ום" — קרויים אדם"[34], דערקלערט ער, אַז דער נאָמען א ד ם מיינט, אַז ער איז אַ מ ע נ ט ש, אַז ער פילט זיך ווי אַ מענטש, אַז ער איז געהיט אין די ז י ב ן מצוות... צו זיכערן דעם קיום פון דער מענטשהייט, פון דער ציוויליזאַציע, דעם פּרינציפּ פון "לשבת יצרה", "שזהיר במצות השכליות... ועכו"ם אינם נזהרים, לכן אינם נכללים בשם אדם".

מ'האָט געלערנט דעם ייִד זיך צו דערווייטערן פון אַלץ וואָס שמעקט מיט עבודה־זרה, "חוקות הגויים" און ווי דער רמב"ם פסקנט[35] זענען נוצרים אינעם כּלל פון עובדי עבודה זרה, ווייל זיי גלויבן אין דער ד ר ײ ־ א י י נ י ק ײ ט, אין אַ גאָטס־זון... די מוזולמענער — האַלט דער רמב"ם — ווערן נישט קלאַסיפיצירט ווי געצן־דינערס, ווייל מאַכמעד איז ביי זיי אַ סאָרט נביא, אַ הייליקער שליח.

וואָס שייך ליידן פון די דאָזיקע הויפּט־אמונות אין די גלות־לענדער, קאָן מען קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז ייִדן האָבן זיך געצווונג אָנגעליטן אי פון די קריסטן און אי פון די מוזולמענער; מער פון די קריסטן: צוליב זייער באַשולדיקן ייִדן, אַז זיי האָבן ד ו ר כ ג ע פ י ר ט אָדער צ ו ג ע פ י ר ט צו יעזוסעס קרייציקונג.

דער פּויפּסט אינאָסענטיוס דער דריטער האָט אין 1205 דערקלערט, אַז ייִדן דאַרפן ליידן צוליבן משפט, אַז ייִדן דאַרפן זיין אייביק פאַרשקלאַפט אין גלות־לענדער, אַז ייִדיש פאַרמעגן געהערט צו דער מלוכה. די דאָזיקע באַשולדיקונגען און דער דאָזיקער דעקרעט זענען נאָך אַלץ נישט אָפּגעווישט געוואָרן.

ווי אַזוי דאַרפן ייִדן האַנדלען? די באַציונג צו נישט־ייִדן, אַפילו צו נוצרים און מוסלמים, דאַרף זיין אַ מענטשלעכע. ביים געבן צדקה, ביים שפּייזן אָרעמע, קראַנקע, הילפלאָזע, נעבעכדיקע — איז אָבליגאַטאָריש צו העלפן אַלעמען:

די משנה[36] לערנט: "אין ממחין ביד עניי עכו"ם בשכחה ופאה, מפני דרכי שלום". אין דער ברייתא[37]: "מפרנסים עניי נכרים עם עניי ישראל ומבקרין

חולי נכרים עם חולי ישראל, מפני דרכי שלום". די דאָזיקע הלכות ווערן נאָכ־געפאָלגט אין די ספרי הגאונים, אין די ספרי הפוסקים, אין די הלכה־ספרים אין אַלע צייטן.

די פראַגע האָט זיך געשטעלט וועגן נעמען צדקה ביי נישט־ייִדן. נאָך פאַרשיידענע חילוקי־דעות, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז מען מעג נעמען צדקה ביי נישט־ייִדן [38].

ר׳ חיים פאלאגי (1788—1868), פון די גדולי הספרדים האָט דערלויבט נעמען געלט ביי נישט־ייִדן, אויסצולייזן אַ ייִד פון תּפיסה: "עכשיו בזמן הזה, דאין הגויים עובדי עבודה זרה, ליכא איסור לקבל צדקה מן הגויים".

דער מאָטיוו "דרכי שלום" וואָס נעמט אויך אַריין דעם מאָטיוו פון מורא פאַר חילול־השם, פאַר "איבה", איז דער אָנגענומענער מאָטיוו פאַר די תּקנות פון ליבעראַלער־טאָלעראַנטער באַציִונג צווישן ייִדן און נישט־ייִדן. דאָקטוירים, למשל, דאַרפן היילן נישט־ייִדן, ווי ייִדן; ייִדן מעגן זיך היילן ביי דאָקטוירים נישט־ייִדן... [39]. ס׳איז דאָ נאָך אַ גאַר וויכטיקער מאָטיוו פאַר אָט דעם סאָרט ליבעראַליזם: די מיינונג אָדער באַהויפּטונג פון ר׳ יוחנן, אַז די גויִים אין חוץ־לארץ זענען נישט קיין געצן־דינערס, נאָר "מנהג אבותיהם בידיהם" [40].

מיר האָבן פריער שוין דערמאָנט דעם מאירי און זיין פּסק וועגן די באַציִונגען צום נישט־ייִד. ס׳איז כּדאי צו ברענגען וואָס ער זאָגט אויף אַנדערע ערטער: "דברים הללו נאמרו לאותם הזמנים שהיו אותם אומות מעובדי האלילים, והיו מזוהמים במעשיהם ומכוערים במדותיהם... אבל שאר אומות שהם גדורים בדרכי הדתות ושהם נקיים מכיעורין שבמדות הללו ואדרבה שמענישים עליהם. אין ספק שאין לדברים הללו מקום להם כלל" [41].

אויף אַן אַנדער אָרט: "...כל שהוא מעממין הגדורים בדרכי הדתי מעובדי האלהות על איזה צד, אעפ"י שאמונתם רחוקה מאמונתנו, אינם בכלל זה, אלא הרי הם כישראל גמור לדברים אלו אף באבידה ואף בטעות ולכל שאר הדברים בלא שום חילוק" [42].

ס׳ווערט דערציילט אין ירושלמי [43]: אבא אושעיה האָט געפונען צירונג פון אַ קעניגין, האָט ער צוריקגעגעבן די אבידה. די קעניגין האָט באַמערקט אַז די דאָזיקע צירונג האָט ביי איר אַ קנאַפּן ווערט. זי האָט געגעבן בעסערע און מער ווערטפולע צירונג. האָט ר׳ אושעיה איר געזאָגט: די תּורה האָט פאַר־פליכטעט ייִדן צו אַזעלכע מידות — צוריקצוגעבן געפונענע זאַכן. אויף דערויף האָט זי געענטפערט: "ברוך אלוהיהם של היהודים" — ער האָט דערמיט מקדש געווען שם שמים.

אבא אושעיה איז נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט זיך אַזוי נוהג געווען. איןביידע תּלמודים ווערן דערציילט פון אומצאָליקע מעשי חסד צו

נישט־יִדן, וואָס די תּנאים און אמוראים האָבן זיך נוהג געווען און אַרויסגערופן דרך־ארץ ביי נישט־יִידן. מיר ווייסן פון רבי עקיבאס כּלל: "חביב אדם שנברא בצלם אלקים" — געליבט איז דער מענטש, ווייל ער איז באַשאַפן געוואָרן אין דער געשטאַלט פון גאָט — בצלם אלקים [44].

חז"ל לערנען אונדז וועגן דער וויכטיקייט פון שלום צווישן יִדן אין די אייגענע רייען און צווישן יִדן און נישט־יִדן, צווישן פעלקער — ווייל שלום ברענגט גוטס אויף דער וועלט. ס'ווערט געזאָגט: "גדול השלום שאפילו עובדי עבודה זרה ושלום ביניהם — אין השטן נוגע בהם" [45]. אין באַזירן די וויכטיקייט פון שלום ווידמעט דער ספרי אַ גאַנצן פּרק אַרום דעם פּסוק אין ברכת כּהנים: "וישם לך שלום" — ער זאָל דיר טאָן (באַשערן) שלום [46]. ס'ווערן געגעבן מער ווי אַ צענדליק אויסטייטשן פון אָט דער שלום־פּאַרזיכערונג, צוו"א: "בכניסתך שלום וביציאתך שלום עם כּל אדם", אויסער רשעים, וואָס זיי האָבן נישט קיין חלק אינעם שלום, ווייל זיי ווילן דאָך אומברענגען די מענטשהייט. וועגן זיי זאָגט דער נביא "אין שלום לרשעים אמר ד'" — ניטאָ קיין שלום, זאָגט מיין גאָט, פאַר די רשעים [47] רבי חנינא סגן הכּהנים זאָגט: גרויס איז דער שלום, וואָס איז שקול, ער וועגט איבער דעם גאַנצן מעשׂי בראשית... ווייל נאָר דורך שלום ווערט געזיכערט דער קיום פון וועלט־באַשאַף.

שלמה המלך, ביים אויפשטעלן דעם בית־המקדש, ביים פּראַווען דעם חנוכּת־הבית, האָט דעריבער מתפּלל געווען, אַז אויך די תּפילות פונעם פרעמדן זאָלן געהערט ווערן.

יונה הנביא ווערט געשיקט צו ראַטעווען נינוה, אַ גוייִשע געצנדינערישע שטאָט: ער ווערט באַשטראָפט פאַר נישט אויספאָלגן דעם באַפעל און ווען די שטאָט טוט תּשובה, זי ווערט געראַטעוועט — פאַרדריסט עס דעם נביא. ווייזט מען אים דורך אַ מינדערוויכטיקן "קיקיון" די וויכטיקייט פון ראַטעווען מענטשן — און נישט נאָר מענטשן — "ואני לא אחוס על נינוה העיר הגדולה... אשר לא ידע בין ימינו לשמאלו, ובהמה רבה" — און איך זאָל נישט האָבן רחמנות אויף דער גרויסער שטאָט נינוה... וואָס ווייסט נישט צווישן זייער רעכטער האַנט און זייער לינקער און אויך בהמות אַ סך [48].

ישעיה הנביא זעט דעם אחרית הימים, ווען ס'וועט הערשן שלום אויף דער וועלט, אַלע פעלקער וועלן ציִען קיין ירושלים צו הערן גאָטס וואָרט "ונהרו אליו כּל הגויים... לא ישׂא גולי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה" — און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען... אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד, און מ'וועט ניט מער לערנען מלחמה [49].

דער רמב"ם פּסקנט, ווי שמואל, אַז די דערגרייכונג פון ימות המשיח איז דער שלום וואָס עס וועט הערשן אויף דער וועלט; איין פאָלק וועט נישט

אונטערדריקן אַ צווייט און במילאַ וועט זיין שלום, פרייהייט, אומאָפּהענגיקייט[50].
דאָס איז דער העכסטער אידעאַל!

דאָס איז דער ציל, דער תכלית פונעם מענטש אויף דער וועלט!

צוויי און אַ האַלב יאָר האָבן די בית־שמאי און בית־הלל דיסקוטירט, צי עס איז בעסער וואָס דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן, צי וואָלט אים בעסער געווען, ווען ער ווערט נישט באַשאַפן: "תנו רבנן שתי שנים ומחצה נחלקו ב"ש וב"ה, הללו אומרים נוח לו לאדם שלא נברא, יותר משנברא והללו אומרים נוח לו לאדם שנברא יותר משלא נברא. נמנו וגמרו: נוח לו לאדם, שלא נברא, יותר משנברא. עכשיו שנברא, יפשפש במעשיו ואמרי לה ימשמש במעשיות"[51].
איז מען שוין געקומען אויף דער וועלט, זאָל מען זען זיך אויסהיטן פון פאַרברעכן, פון עבירות, פון זינד. די בעסטע עצה איז זיך צו פאַרנעמען מיט לערנען, וואָס באַפרייט דעם מענטש פון תאווה — "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה" — נישטאָ קיין פרייער מענטש —פריי פון תאווה — ווי דער וואָס איז עוסק אין תורה...[52].

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט אַלץ, וואָס עס ווערט געזאָגט אין ספרים, וועגן תכלית פונעם מענטש. ווי מרן הרב ר' אברהם יצחק הכהן קוק זצ"ל, זעט עס, איז דער ציל פון מענטשנס זיין אויף דער וועלט צו הייליקן דעם מענטשנס לעבן, צו הייליקן די טבע, צו דערהויבן דעם חומר, צו פאַרוואַנדלען דאָס גופניותדיקע, גשמיותדיקע אין קדושה[53]. דערמיט איז ער מסביר דעם זאָג פון חז"ל: "אסור לו לאדם שיהנה מן העולם הזה בלא ברכה" — און דער וואָס האָט יאָ הנאה און מאַכט נישט קיין ברכה, גיט נישט קיין שבח צו דעם באַשעפער, האָט ער געפעלשט, האָט ער באַרויבט די הימלישע הייליקייט, ווייל "לד' הארץ ומלואה..."[54].

הנאה אָן ברכה, האַלט ער, ווערט די הנאה רויע מאַטעריע, חומר; מיט אַ ברכה — ווערט די הנאה דערהויבן צו גייסט. דערמיט דאַרף מען פאַרשטיין — ווי געזאָגט פריער — דעם זאָג: "גדול הנהנה מיגיע כפו", אַז גרויס איז דער, וואָס לעבט פון זיין אייגענער מי[55] ווייל דערמיט וואָס ער לעבט פון ערלעכן פאַרדינסט, הייליקט ער די יצירה; אָנערקענט ער די השגחה פונעם יוצר.

די קללה פון "בזעת אפיך תאכל לחם"[56] זעט הרב קוק אין דער התנהגות פונעם מענטש: אויב דער מענטש פירט זיך נישט אויף ווי געהעריק, וואָס שייך תאווה, געלט־גיריקייט, גזילה אדג"ל — איז דאָס אַ קללה; אויב ער פירט זיך אויף ווי געהעריק, הייליקט ער די אַרבעט, זיין פּראָפעסיע — און דאָס איז פאַר אים אַ ברכה.

מיר האָבן שוין אין אַנדערע ספרים באַהאַנדלט אויספירלעכער די "באַציִונג צו אַרבעט און אַרבעטער" אין תנ"ך און אין תלמוד[57]. מיר האָבן אַ סך אַזעלכע

מאמרים, אין שבח פונעם יגיע כפּים: כּשם שהתורה ניתנה בברית, כּך המלאכה״[58]. ביים משפּט עליון וועט מען די ערשטע פראַגע שטעלן דעם מענטש: ״נשאת ונתת באמונה״ — האָסטו געהאַנדלט ערלעך ?[59] און נישט בלויז וועגן האַנדל, נאָר וועגן אַלץ וואָס דער מענטש האָט געטאָן אויף דער וועלט, וועט ער דאַרפן געבן חשבון.

## ד. פילאָסעמיטן יחידים און גרופּעס. — דערלויבעניש צו לערנען תורה מיט נישט־ייִדן. — שיטה פון רמב״ם. — וואָס הרב גרויבאַרט שרייבט.

אנטיסעמיטיזם וואָרצלט שוין קאַרגע צוויי טויזנט יאָר אין דער קריסטלעכער וועלט. ס׳האָבן זיך אָבער תמיד געפונען פילאָסעמיטן — יחידים און גרופּעס — ייִדן־ליבהאָבערס, וועלכע האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו ייִדן און צו ייִדישקייט. מיר געפינען זיי צווישן פילאָזאָפן, וויסנשאַפטלערס, טעאָלאָגן, שריפטשטעלערס, גייסטלעכע, מלוכה־מענער און אויך צווישן פּאָלקסמענטשן. געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרהערלעכט דעם תנ״ך (די ביבל, וואָס זיי רופן ״אַלטער טעסטאַמענט״) און געוועזן אַזעלכע, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן באַגייסטערונג, נישט בלויז צו תורה שבכתב, תורת משה והנביאים, נאָר אויך צו תורה שבעל־פּה, צו דעם תלמוד און צו די מפרשי התלמוד, אַפילו געלערנט מיט התמדה קבלה־מיסטיציזם.

אַ גרויסע צאָל פון די אויסגערעכנטע האָבן זיך אַפילו באַזאָרגט מיט ייִדישע לערערס און זיך דערוואָרבן טיפע און ברייטע ידיעות אין לשון־הקודש, אין תורה, אין אַראַמעיִשן לשון, זיך באַקענט מיטן זוהר און מיט אַנדערע קבלה־ספרים.

אויסצורעכענען די אַלע וועלכע האָבן געלערנט תורה ביי ייִדן — אַ גרויסע רשימה, אויסצורעכענען די אַלע וואָס האָבן געלערנט נישט־ייִדן — אויך אַ נישט־קליינע רשימה. מיר וועלן דערמאָנען אייניקע:

ר׳ אליהו בחור בן ר׳ אשר הלוי אַשכּנזי (רכ״ח—11468; ש״ט—1549), באַקאַנט אין דער נישט־ייִדישער וועלט מיטן נאָמען לעוויטאַ און אין דער ייִדישער — מיטן נאָמען אליהו בחור. ער איז געווען אַ ביישפּיל פון אַ ייִדישן געלערנטן אין יענער תקופה, וואָס האָט געקענט און געשריבן אין העברעיִש, גריכיש, לאַטיין, פראַנצויזיש און אין — ייִדיש־טייטש. ער איז געווען אַ צענטראַלע פיגור אין דער ערשטער ייִדיש־טייטשער עפּאָכע ווי אַ ייִדיש־שריפטשטעלער. ער איז געווען באַוווּסט אַלס העברעיִשער גראַמאַטאָלאָג אָבער געשריבן און שטודירט אויך אַנדערע לשונות.

געבוירן אין שטעטל ניישטאַט ביי נירנבערג, דייטשלאַנד, איז ער אַוועק מיטן עמיגראַציע־שטראָם פון דייטשלאַנד קיין איטאַליע און דאָרט, אין דער ליבעראַלער איטאַליע, זיך באַקענט מיט נישט־ייִדישע געלערנטע, מיט גלחים. וועלכע האָבן געוווּסט פון זיינע שריפטן און געוואָלט אים האָבן פאַר זייער לערער און מורה־דרך אין שטודירן העברעיִשע לימודים.

ר׳ אליהו בחור איז געווען אָנערקענט ווי אַן אויטאָריטעט אויפן געביט פון העברעיִש, פון גראַמאַטיק און סטיל — ער איז שוין דאַן געווען באַקאַנט אַלס קענער פון דער וועלט־ליטעראַטור און איז אָפט פאַרבעטן געוואָרן צו האַלטן רעפעראַטן אויף די דאָזיקע געביטן פאַר סטודענטן און אַקאַדעמיקער.

איינער פון די גרויסע געלערנטע, סעבאַסטיאַן מינסטער, האָט זיך שטאַרק פאַראינטעסירט מיט די ווערק פון עליאַס לעוויטאַ און איבערגעזעצט איניקע פון זיי אויף לאַטיין. ר׳ אליהו בחור האָט זיך פאַרנומען מיט איבערזעצן און איבערדיכטן ווערק פון אַנדערע לשונות, אַ צאָל ריטער־דערציילונגען ווי „היסטאָריאַ די בואָוואָ ד׳אַנטונא״, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן דאָס „בבא־בוך״ און אין פּאַדואַ איז ער געוואָרן באַקאַנט אַלס דער ייִדישער געלערנטער צו וועמען אַלע וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט לערנען העברעיִש האָבן זיך געווענדט. ער האָט זיי אַלעמען צופרידנגעשטעלט אַ דאַנק זיינע ברייטע ידיעות. ער האָט מיט זיי געלערנט און פאַר זיי אויסגעטייטשט דאָס „ספר־יצירה״, וואָס האָט זיי באַגייסטערט.

גאָר אַ סך געהאָלפן אליהו בחורן האָט דער געלערנטער און הומאַניסט, דער קאַרדינאַל עדזשידיאָ דע וויטערבאָ פון רוים, אין וועמעס הויז ער מיט זיין בני־בית האָבן געלעבט אַרום דרייצן יאָר, פון 1514 ביז 1527. ער האָט געלערנט מיטן גלח קבלה־מיסטיציזם, העברעיִשע לימודים און דער גלח האָט אים געלערנט גריכיש און אַנדערע שפּראַכן. ער האָט דאַן געשאַפן זיינע בעסטע ווערק: אַ ווערטערבוך א. נ. „תשבי״ (וואָס זיין תלמיד פּאָולוס פאַגיוס האָט איבערגעזעצט אין לאַטיין), זיינע ראָמאַנען „בבא בוך״ און „פּאַריז און וויענאַ״ — ווערק פון וועלטלעכן כאַראַקטער — די ערשטע וועלטלעכע ליטעראַטור אין ייִדיש. מיט אָט די ווערק הייבט זיך אָן די ליטעראַרישע תקופה פון ייִדיש־טייטש, וואָס איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן און זיך צעבליט צו אַ גרויסער ייִדיש־ליטעראַטור.

לויט דער באַהויפּטונג פון ייִדיש־פאָרשערס האָט אליהו בחור דורכגעפירט אַ טאָפּלטע פונקציע: געבראַכט די שיינקייט פון ייִדישן ליטעראַרישן שאַפן צו דער וועלט און געבראַכט צו די ייִדן דאָס גוטע, מענטשלעכע אין דער ליטע־ראַטור פון דער דרויסנדיקער וועלט.

דע וויטערבאָ איז נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט אָנערקענט און אָפּגעשאַצט אליהו בחורס וויסן און קענטענישן — און דעריבער אים אָזוי

מקרב געווען. אַ סך אַנדערע אינטעלעקטואַלן אין איטאַליע און אויך אין אַנדערע לענדער האָבן הויך געשאַצט זיינע ווערק, זיינע קענטענישן, זיין טאַלאַנט[1].

"פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור — שרייבט שמואל ראָזשאַנסקי — איז ביז גאָר וויכטיק, וואָס דער ערשטער גרויסער יידישער שרייבער... איז געווען דער גרעסטער העברעער פון זיין צייט, (קורסיוו — ש. ר.), אַ למדן. ווי אַריינגעטאָן ער איז תּמיד געווען אין תּנ"ך און תּלמוד, האָט ער געהאַלטן פאַר נויטיק אַריינצוברענגען אין יידיש איינעם פון די פּאָפּולערסטע ראָמאַנען אין די נישט־יידישע ליטעראַטורן, בבא דאַנטונא"[2].

דער גרויסער געלערנטער, ווי געזאָגט, האָט געהאַט פאַרערערס צווישן נישט־יידישע געלערנטע, וועלכע האָבן אים געהאָלפן פינאַנציעל און אינטעלעקטועל: געלערנט פון אים און מיט אים און אים דערמעגלעכט צו שאַפן און אַרויסגעבן זיינע ווערק.

ס'האָבן אָן ספק נישט געפעלט אין רוים, די שטאָט פון וואַטיקאַן און פון יעזויִטישע פאַנאַטיקערס, יידן־שונאים. אָבער צו דער זעלביקער צייט, זענען באַזונדערס צווישן דער עליטע, דאָך געווען איידעלע מענטשן וועלכע האָבן זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אָביעקטיווקייט, אַזעלכע וועלכע האָבן אויס־געוואָרצלט אין זיך די שנאה צום ייִד.

אין זעכצנטן יאָרהונדערט האָט אויך געווירקט און געשאַפן — אויף גאָר אַנדערע געביטן — דער פאָרשער און היסטאָריקער ר' דוד גאַנז (תש"א—1541; שע"ג—1613) תּלמיד פון רמ"א, פון מהר"ל און פון אַנדערע גדולי־ישׂראל. ער האָט אין צוגאָב צום לערנען תּורה, תּלמוד או"וו, אויך געלערנט שפּראַכן, מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און אַנדערע וויסנשאַפטן. ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט נישט־יידישע געלערנטע און אַריינגעבראַכט מאָדערנע וויסנשאַפטן אין זיינע פאַרשאַרבעטן. ר' דוד גאַנז גיט איבער אין זיין הקדמה צום "צמח דוד", אַז ער האָט געבויט זיין וועלט־געשיכטע אויף יידישע און נישט־יידישע מקורים. ער ברענגט פון זיי ראיות צו באַרעכטיקן זיין וועג פון פאָרשונג. ער ברענגט למשל אַ ראיה וועגן נישט־יידישע היסטאָריקערס פון דעם וואָס עס ווערט געזאָגט אין מגילת אסתּר: "וכל מעשה תקפו וגבורתו ופרשת גדולת מרדכי אשר גדלו המלך, הלא הם כתובים על ספרי דברי הימים למלכי מדי ופרס" — און די דערציילונג פון מרדכיס גרויסקייט, וואָס דער קעניג האָט אים גרויס געמאַכט, זיי זענען פאַרשריבן אין דעם בוך פון די געשעענישן ביי די מלכים פון מדי און פּרס[3].

מאָדערנע געשיכטע־שרייבערס האָבן געוואָלט נעגירן אָט דעם פאַקט, ווייל — זאָגן זיי — ס'געפינט זיך נישט אין די דברי הימים פון פערסישע קעניגן. דער מחבר פון "צמח דוד" האַלט און איז איבערגעצייגט אין דעם אמת

פון דער מגילת אסתר און אַז דאָס האָט זיך געוויס געפונען אין די קעניגלעכע אַנאַלן, וועלכע זענען צוליב סיבות פאַרניכטעט געוואָרן.

ר׳ דוד גאַנז האָט זיך פאַרנומען מיט אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק און ער איז אַ דאַנק דעם באַוווּסט געוואָרן, נאָכן דערשיינען פון זיין ספר (אין יאָר 1612) ״נחמד ונעים״ — און מ׳קען זען, אַז ער האָט שטודירט די נישט־יידישע וויסנשאַפטלערס. אין זיין ווערק דערמאָנט ער די נישט־ייִדישע וויסנשאַפטלערס. ער באַגרינדעט זיינע טעאָריעס אויף די לערעס פון תלמוד, פון די ייִדישע גדולי החכמים און נישט ווייניק אויף די ווערק פון עגיפטישע געלערנטע, אויף די גריכישע, די ״סבי דבי אתונא״ (די אַלטע חכמים פון אַטען, גריכנלאַנד); גאָר באַזונדערס אויף די ווערק פון עוקלידעס (300 פק״ע), אַרכימעדעס (287—212) און אַנדערע. וועגן דעם ערשטן דריקט ער זיך אויס: ״איש השנון החכם המפורסם, המהודר ברוב שכלו מכל אשר הי׳ לפניו באומות וגם מלאחריו, עד היום הזה, כמוהו לא היה״. וועגן צווייטן, אַרכימעדעס, שרייבט ער, אַז ער איז געווען ״בקי בכל החכמות״.

נישט וויכטיק איז די באַגייסטערונג. וויכטיק איז די קעגנזייטיקע באַציִונג און אָנערקענונג צווישן ייִדישע און נישט־ייִדישע געלערנטע. אין זיין ווערק לויבט גאַנז שטאַרק ניקאָלאַוס קאָפּערניק (געב. טאָרון, פוילן, 1473; געשט., דייטשלאַנד, 1543) — ער האַלט אים פאַר דעם גרעסטן אַסטראָנאָם.

אויסצורעכענען אַלע חכמי ישראל וועלכע האָבן אַ סך געלערנט און זיך באַנוצט מיט די פאָרשונגען פון נישט־ייִדישע געלערנטע — די רשימה וואָלט געווען אַ צו לאַנגע. גענוג צו דערמאָנען אייניקע:

ר׳ יוסף שלמה דעלמעדיגאָ מקנדיה (קרעטאַ, 1591—1655). ער איז געווען גרויס אין תורה און אויך אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן, אין מאַטעמאַטיק, אין אַסטראָנאָמיע און גאָר באַזונדערס אין שפּראַכן־קענטעניש. אַסטראָנאָמיע האָט ער געלערנט ביים באַרימטן גאַלילעאָ (1564—1642), ווי אַ סטודענט אין פּאַדוער אוניווערסיטעט, און הלכה ביי די אָנגעזעענסטע רבנים. ער האָט פאַרנומען רבנישע און מעדיציניש שטעלעס אין האַמבורג, אַמסטערדאַם, פראַנקפורט, ווילנע און באַרייזט אַ וועלט. אין פראַג, ווו ער איז נפטר געוואָרן, איז ער געווען אַ פּראַקטיצירנדיקער דאָקטאָר.

געווען אַזעלכע געלערנטע, וועלכע האָבן געוואָלט סינטעזירן וועלטלעכע טעאָריעס מיט די רעליגיעז־תּלמודישע. די גדולי ישראל האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן זייערע ווערק און אַפילו פאַרבאָטן זיי צו לייענען, לערנען. איינער פון די דאָזיקע איז געווען עזריה מן האדומים (דע ראָסי, רע״ג—1513, של״ח—1578), און וועגן אים האָבן מיר שוין געשריבן.

אַ צווייטער איז געווען עמנואל בן שלמה הרומי (1260—1328), אַ מחבר

פון אַ פּירוש אויף תנ״ך, לויט פילאָזאָפיע און אַ פּאָעטיש ווערק ״התופת והעדן״ (ווי דאַנטעס ״געטלעכע קאָמעדיע״) וואָס, לויט דער מיינונג פון די גדולי הרבנים, איז דאָס ווערק פול מיט ״ניבול פה״ (די סאָנעטן זענען צו 14 שורות — ״שיר זהב״). עמנואל הרומי איז געווען פון די אָנגעזעענסטע שרייבערס אין דער רענעסאַנס־עפּאָכע. ער איז געווען אַ מענטש מיט גרויס וויסן: בקי אין תנ״ך, אין תלמוד, אין קבלה, אין שירה, אין דיקדוק און נישט ווייניקער אין דער נישט־ייִדישער פילאָזאָפיע, אַסטראָנאָמיע, מאַטעמאַטיק און מעדיצין[4] — זיין גרעסערע פּאָעמע ״גיהנום און גן עדן״ האָט אים געגעבן דעם נאָמען רענעסאַנס־ליטעראַט און ער ווערט שטאַרק געלויבט פון די מאָדערנע דיכטערס[5].

פון עמנואלס ווערק זענען באַקאַנט ״מגדל עוז״ און ״אבן בוחן״ — דאָס זענען די דיקדוק־ספרים. די רבנים זענען אַרויסגעקומען קעגן אים און זיינע ווערק, נישט בלויז קעגן די סאַטירישע, הומאָריסטישע, וועלטלעכע — נאָר אַפילו קעגן זיינע אויסטייטשן און אַריינטייטשן אין תנ״ך. ער, פון זיין זייט, האָט אָפּגעענטפערט מיט הומאָריסטישע שילדערונגען וועגן רבנים, חוזק געמאַכט פון די כּבוד־זוכערס און דערמיט האָט ער אַרויסגערופן דעם צאָרן פון ר׳ יוסף קאָרו, דעם מחבר פון שולחן ערוך, וואָס האָט פאַרווערט צו לייענען זיינע ספרים, ווייל — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — ״זיי זענען פול מיט לעסטערונג און עראָטיק״.

ס׳זענען דאָ פאַרשערס וואָס האַלטן, אַז עמנואל הרומי איז געווען צופיל באַווירקט פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור, ווי דער שפּעטערער משה זכותא־זאַקוטאָ (1625—1697) און גאָר באַזונדערס פון דאַנטע אַליגיערי (1265—1321). אין זיין ״התופת והעדן״, פילט זיך דאַנטעס איינפלוס, שילדערונג און סטיל און נישט אומזיסט האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן דער ״ייִדישער דאַנטע״.

ער איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין דער רענעסאַנס־קולטור און צופיל באַגייסטערט פון דער מאָדערנער ליטעראַטור וואָס האָט דאַן געהאַט איר אָנהויב־עפּאָכע. דאָס האָט גורם געווען זיין פאַרפרעמדקייט אין דער ייִדישער סביבה, פאַרמינערט, אָדער אָפּגעשוואַכט זיינע נאַציאָנאַלע געפילן. ס׳איז נישט קיין ווונדער, וואָס די השׂכּלה־שרייבערס אין רוסלאַנד האָבן זיך צוגעכאַפּט צו זיינע ווערק און אַפילו געזוכט זיי צו איבערזעצן און פּאָפּולאַריזירן.

געווען אַנדערע וועלכע האָבן געשריבן פּאָעזיע, געשאַפן ווערק אין פילאָ־זאָפיע — אָבער געהאַט די התקרבות פון די גדולי ישׂראל. איינער פון די דאָזיקע איז געווען ידעיה הפניני בעדערשי (1270—1340). ער ווערט באַטראַכט פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע שעפערס פון פילאָזאָפיע, ווי אַ המשך צום רמב״מס פילאָזאָפיע. מיר האָבן שוין וועגן אים נישט איין מאָל געשריבן[6]. ער איז דער

מחבר פון אַ צאָל ווערק: פילאָזאָפיע, פּאָעזיע, דראַמאַטישע ווערק. זיין ספר "בחינת עולם" איז אַ יסוד־ספר אין פילאָזאָפיע.

ל. פּאָדריאַטשיק[7] גיט אונדז אַ לענגערע אָפּשאַצונג וועגן דעם ספר אין אָריגינאַל און וועגן זיין פילאָזאָפיע: "קודם־כל — שרייבט ער — דאַרף אָפּגע־מערקט ווערן י. בעדערשיס טיפער גלויבן אין די אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון דעם אַקטיוון אינטעלעקט (שכל הפועל), אַ דאַנק וועלכן דער מענטש איז מסוגל זיך צו אַבסטראַהירן פון דער עמפּירישער חושימדיקער וועלט און דער־גרייכן אַ פולע גייסטיקע האַרמאָניע. דער וועג דערצו איז זייער אַ שווערער און קאָמפּליצירטער, ווייל דער מענטש געפינט זיך אין אַ וועלט, וואָס איז אַ ברויזנדיקער ים, אַן אומענדלעך ברייטער מיט טיפע אָפּגרונטן און די צייט איז אַ וואַקלדיקע בריק וואָס הענגט אויף פולע שטריק —

העולם ים זועף
רב צולה, רחב ידים,
והזמן גשר רעוע
בנוי עליו".

"אין 'בחינת עולם' — שרייבט ל. פּאָדריאַטשיק — שטייט דער מענטש אין צענטער, אין געראַנגל מיט די נאַטור־כוחות, מיט אינערלעכע ווידערשפּרוכן... דער מחבר, ר' ידעיה גלייבט אַז דער מענטש איז אימשטאַנד בייצוקומען אַלע שטערונגען, אויב ער וועט זיך לאָזן פירן פונעם שכל..."

ווי מיר זעען אין "בחינת עולם" פּאָלגט ער נאָך קהלת, מיט דער שיטה פון "הבל הבלים" און ער קומט צום זעלביקן אויספיר: "סוף דבר הכל נשמע — את האלקים ירא ואת מצוותיו שמור — כי זה כל האדם"[8] — דער סוף פון דער זאַך, נאָך דעם ווי אַלץ איז געהערט געוואָרן איז: האָב מורא פאַר גאָט און היט זיין געבאָט, וואָרום דאָס איז דער גאַנצער מענטש.

דעם רמב"ם האַלט ער פאַר זיין רבי און מורה־דרך. ווען דער רשב"א האָט פאַרבאָטן צו לערנען חכמת הטבע והאלקות, איידער מען דערגרייכט דעם עלטער פון 25 יאָר, האָט ער זיך געווענדט צום רשב"א מיט אַ לשון פון בקשה, פאַרלאַנגנדיק ער זאָל צוריקציען דעם פאַרבאָט. ער בעט זיך: "פה קדוש שאסר... הוא הפה שיתיר וברכה ישאיר..."

דאָס ווערק "בחינת עולם" איז צום ערשטנס דערשינען אין מנטובה, רל"ז און נאָכדעם אין צענדליקער אויפלאַגעס. צו 17 יאָר האָט בעדערשי אָנגעשריבן אַ בוך א. נ. "משלי מוסר וחכמה" (דערשינען אין קונשטאַנטינה — קאָנסטאַנטי־נאָפּל, רע"ה). צו 18 יאָר אַ ספר א. נ. "אוהב נשים", קעגן ר' יהודה אבן שבתי, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ ספר "מנחת יהודה שונא הנשים". ער איז געווען שעפעריש אַלע זיינע יאָרן און געשריבן אויף פאַרשיידנאַרטיקע טעמעס.

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט זיך אין דער רענעסאַנס־תּקופה צעבליט די העברעישע ליטעראַטור אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל — ביזן גירוש — נאָך דעם אין איטאַליע, ווו ס׳האָבן געווירקט די דערמאָנטע עזריה בן משה דע ראָסי (דער רויטער ״מן האדומים״), ידעיה הפניני, עמנואל הרומי, יהודה לייב מאָדענא (1571—1648), דער פריער דערמאָנטער אליהו לעוויטאַ (1469—1549), דער מחבר פון אַ צאָל ספרים, אַריינגערעכנט בבא אין יידיש. אין האָלאַנד — דער פריער דערמאָנטער משה זכותאַ (זאַקוטאַ, 1625—1697); זיין דראַמע ״יסוד עולם״ האָט געמאַכט אַ רושם אין די ליטעראַרישע קרייזן: ער שילדערט ווי אברהם אבינו איז זיך מקריב פאַר זיין אמונה און ווערט געוואָרפן אינעם קאַלכאויוון.

אין די שפּעטערדיקע דורות האָבן מיר דעם גאון אין שירה, אין קבלה, אין מחשבה — ר׳ משה חיים לוצאַטו (רמח״ל), דער גרויסער מקובל, פילאָזאָף, מאָראַליסט־הומאַניסט (1707—1747) אַ מחבר פון אַ סך ספרים: ״מגדל עוז״, ״לישרים תהלה״, ״מסילת ישרים״ און נאָך און נאָך.

אין דער ריי לוצאַטו־משפּחות, האָבן מיר אפרים לוצאַטו (1729—1792), שמואל דוד לוצאַטו (שד״ל, 1800—1865), וועמעס ליטעראַטור־קריטיק, בריוו, איבערזעצונגען, אָפּהאַנדלונגען, עסייען זענען אוצרות אין דער העברעישער ליטעראַטור. זיין ״כינור נעים״ — ״די זיסע לירע״ און אַנדערע ווערק. זיין פּירוש אויף תּורה געהערט צו דער קלאַסיק צווישן די מפרשי התורה. ער איז געווען פּראָפעסאָר, געלערנט אַנדערע לשונות, געהאַט טיפע און ברייטע ידיעות אין דער וועלט־ליטעראַטור און געווען דערצו אַ שטאַרקער מאמין, גאָר ווייט פון די משכּילים אין גאַליציע, רוסלאַנד און פּוילן, שוין אָפּגערעדט פון דער דייטשישער השכּלה און רעפאָרם.

די דאָזיקע געלערנטע אין מערב־און דרום־אייראָפּע האָבן געלערנט ביי נישט־יידן און געלערנט מיט נישט־יידן און אָנערקענט די יעניקע געלערנטע אין דער נישט־יידישער וועלט וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן די געהעריקע באַציונג צו די כּתבי־הקודש, ווי היעראָנימוס (337—420) דער אויטאָר פון דער לאַטייני־שער וואָלגאַטאַ־איבערזעצונג פון דער תּורה, ווי זיי רופן עס ״די ביבל״. אַזעלכע זענען געווען אין אַלטערטום און אין דער רענעסאַנס־עפּאָכע. אָבער דאָס געהערט שוין צו אַ באַזונדער טעמע.

נישט אומזיסט האָבן חז״ל געזאָגט: ״הרואה חכמי ישראל, אומר ברוך שחלק מחכמתו ליראיו; חכמי אומות העולם, אומר: ברוך שנתן מחכמתו לבריותיו״ [9].

דער מענטש וואָס טראָגט מיט כּבוד דעם צלם אלקים, איז געהיט אין די זיבן מצוות, האָט די זכיה צו געטלעכער חכמה, צו דערגרייכן דעם טיטל ״חסידי אומות העולם״ [10]

וואָס שייך פריינדשאַפט צו מענטשן וועלכע זענען געהיט אין די זיבן

מצוות — און בכלל פריינדשאַפט צו נישט־ייִדן — קאָן אונדז דינען די באַנעמונג פון אברהם אבינו, דער פּאַטריאַרך פון אונדזער פאָלק. אברהם אבינו האָט אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט מיט די בני־חת, מיט ענר אשכּול וממרא. זיי האָבן אים געהאָלפן אין דער מלחמה קעגן די פעלקער וועלכע האָבן גענומען אין געפאַנגענשאַפט זיין קרוב לוט און זיי זענען געווען די "בעלי ברית אברהם" [11]. דער מלך צדק, דער מושל פון "שלם", וואָס איז געווען ירושלים און דערנאָך געוואָרן — לויט אגדות חז"ל — דער מלך פלישתים, וואָס איז ווייט געווען פון צדקות, איז געווען באַפריינדעט מיט אברהם, געמאַכט מיט אים שלום [12] און געבעטן פאַר זיין געזונט — "ויתפלל אברהם אל האלקים וירפא אלקים את אבימלך ואת אשתו..." און אברהם האָט מתפלל געווען צו גאָט, און גאָט האָט געהיילט אבימלכן און זיין ווייב... [13] יצחק אבינו האָט נאָכגעפאָלגט און געערט דעם פּאַטערס שלום מיט אבימלך דעם קעניג פון די פלישתים.

לבן, דער וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן "לעקור את הכל" — אפילו אָט דעם רשע, האָט מען געגעבן אַ געוויסע אָנערקענונג, נאָכצופאָלגן זיין מנהג, נישט חתונה צו מאַכן די יינגערע פאַר דער עלטערער, וואָס איז געוואָרן כּמעט ווי אַ מנהג ביי ייִדן. נאָך מער: 1) מען מישט נישט איין שמחה מיט דער אַנדערער; 2) מען בענטשט אַ כּלה פאַר דער חופּה, מיט די ווערטער: "היי לאלפי רבבה" — זאָלסט זיין טויזנטער מאָל צען טויזנט" [14].

בלעם, דער שונא ישראל, האָט מיט זיינע קללות געוואָלט אומברענגען דאָס ייִדישע פאָלק און אויף זיין עצה, זענען אומגעקומען פיר־און־צוואַנציק טויזנט ייִדן ביים בעל פעור [15]; און דאָך פאַרנעמען זיינע ברכות אַ פּרשה אין דער תורה און די טעגלעכע תפילות הייבן זיך אָן מיט זיין געזאַנג: "מה טובו אוהליך יעקב" — ווי שיין זענען דיינע געצעלטן, יעקב... [16].

אין דער ייִדישער טראַדיציע איז אָנגענומען געוואָרן דאָס וואָס עס ווערט געזאָגט ביים תנא רבי מאיר: "תוכו אכל, קליפתו זרק" — דאָס שלעכטע אוועקגעוואָרפן, אָבער דאָס גוטע גענומען אַזוי האָט זיך געפירט ר' מאיר מיט אחרן — וואָס איז אַרויס "לתרבות רעות" [17].

אין דער תלמוד־תקופה איז גוט באַקאַנט די פריינדשאַפט וואָס האָט געהערשט צווישן רבי — רבנו הקדוש, ר' יהודה הנשיא — און אנטונינוס קיסר [18]. וועגן צווייטן ווערט געזאָגט, אַז ער וועט האָבן עולם הבא: "בא בראש כולן לעולם הבא", אַז צוליב זיין גוטסקייט איז אים געזיכערט געוואָרן אַ חלק עולם־הבא.

שווער זיך אַריינצולאָזן אין דאָזיקן מיסטישן, קאָסמישן וואָרט. מפרשים און פילאָזאָפן פאַרנעמען זיך מיט אָט דער פראַגע. ס'איז אָנגענומען ביי מקור־בלים — און נישט בלויז ביי מקובלים — אַז עולם־הבא מיינט דאָס גייסטיקע לעבן פונעם מענטש אין דער צוקונפטוועלט, אַ לעבן אינעם "עולם הנשמות",

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן "עולם התחיה", אַ באַנייט לעבן אין די הימלישע היכלן, דאָרט, וווּ עס זיצן די צדיקים מיט קרוינען איבער זייערע קעפּ און געניסן פון דער שכינה־לויטערקייט: "עטרותיהם בראשיהם ונהנים מזיו השכינה".

ס׳איז אויך דאָ אַ ראַציאָנאַלער אויסטייטש: עולם־הבא זאָל מיינען ימות־המשיח, גאולה שלימה, ווי דער נביא זעט עס: "ויצא חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה" — און אַ רוט וועט אַרויס פון דעם שטאַם פון ישי און אַ צווייג פון זיינע וואָרצלען וועט שפּראָצן [19].

אַ צוגאָב־נבואה: וועלט־ישועה: רשעות וועט אָפּגעשאַפט ווערן און אַלע פעלקער וועלן רעדן אַ ריינע, קלאָרע שפּראַך, "כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה, לקרוא כולם בשם ה׳ לעבדו שכם אחד" — וואָרום דענסטמאָל וועל איך איבערמאַכן די פעלקער, אַ ליפּ אַ ריינע, אַז זיי זאָלן רופן צום נאָמען ה׳ און אים צו דינען אַזוי ווי איין מאַן [20].

די משנה [21], אויך דער אַריינפיר צו מסכת אבות, הייבט זיך אָן מיט דער דערקלערונג: "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא" — יעדער ייִד האָט אַ חלק עולם־הבא. מ׳לערנט דאָס אַרויס פונעם פסוק: "ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ" — און דיין פאָלק וועלן אַלע זיין גערעכטע, אויף אייביק וועלן זיי אַרבן (ירשענען) דאָס לאַנד, דער צווייג פון מיין פלאַנצונג. די גמרא גיט צו, אַז אַפילו דער רשע, אויב ער טוט תשובה, וועט ער האָבן אַ חלק עולם־הבא [22].

ביים אויסרעכענען די יעניקע וועלכע וועלן נישט האָבן קיין חלק עולם־הבא, גיט די משנה צו וועגן געוויסע רשעים, וועמעס תשובה ווערט אָנגענומען.

די פראַגע בלייבט אָלץ: וואָס איז געמיינט געוואָרן מיטן פאַרזיכערן עולם־הבא? דער רמב״ם זעט אין עולם־הבא לעבן אין דער אייביקייט, אַ לעבן פון נפש־נשמה... ער טיילט איין די דאָזיקע הבטחות: ימות־המשיח בעולם הזה, לויט דער באַהויפּטונג פון אמורא שמואל: "אין בין העולם הזה לימות המשיח אלא שיעבוד מלכות בלבד" [23] — משיח וועט באַפרייען דעם ייִדן און דעם מענטש פון זיין פאַרשקלאַפונג און ער וועט זיך קענען ווידמען צו גייסטיקע ענינים. תחית־המתים — האַלט דער רמב״ם — וועט קומען שפּעטער און דאָס וועט זיין כולו גייסט, אַ וועלט פון אַ אויפגעלעבטן גייסט — אַן עולם פון נשמות.

די ראַציאָנאַליסטן, חוקרים מכל המינים, פאָלגן נאָך דעם רמב״מס שיטה, ווי ער מאַכט עס קלאָר אין אַ צאָל פון זיינע ווערק.

דער רמב״ן, אַ מקובל, איינער פון די באַגרינדערס פון וויסנשאַפטלעכן מיסטיציזם, אויב מ׳קען אַזוי זאָגן, זעט אין עולם־הבא פולשטענדיקע התרוממות פון גוף און נשמה. ער רופט עס נ פ ש.

די חכמי הקבלה פאָלגן נאָך די שיטה פון רמב״ן. דער של״ה — ר׳ ישעיה

הלוי הורוויץ — (הש"ד—1565; הש"ץ—1630) גיט צו, אַז די לעצטע מדרגה פון עולם־הבא איז תחית־המתים[24]. די מקובלים וואָס פאָלגן נאָך די דאָזיקע שיטה, האָבן דערויף מקורים אין די קלאַסישע קבלה־ספרים, אינעם זוהר און אַפילו אין אגדות חז"ל, אין תלמוד און אין מדרשים.

פילאָלאָגן־לינגוויסטן ווייזן אָן, אַז דאָס וואָרט עולם קומט פונעם שורש ע ל ם — פאַרהוילנקייט — ס'איז פאַרהוילן פונעם מענטשנס השגות.

אינטערעסאַנט איז ווי אַזוי חז"ל זעען אָן עולם־הבא אינעם מאַטעריאַליס־טישן־חומריותדיקן באַגריף, אַן ענין פון גערטנער און פעלדער: "לעולם הבא אין לך כל אחד ואחד שאין לו בהר ובשפילה"[25]. קיין ספק, אַז דאָס איז אַ מיסטישער אויסדרוק[26] אָבער טייל מפרשים לערנען פשוט: אַ צוזאָג אויף דער צוקונפטיקער גאולה, ווען אַלע שבטים וועלן באַזיצן גוטן באָדן, לעבן אין רחבות, אַז אַפילו דער שבט לוי וועט האָבן אַ חלק אינעם לאַנד, נישט לויט דער חלוקה וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער צייט פון יהושע, ווען דער שבט לוי האָט בלויז געהאַט די מתנות, וואָס די תורה האָט אים באַרעכטיקט צו באַזיצן.

אַז דער עולם־הבא איז איינגעהילט אין אַ מיסטישן שלייער קומט אויך צום אויסדרוק אין דער באַהויפּטונג פון רבי יוחנן, דעם תלמיד פון ר' יהודה הנשיא און גרונטלייגער פון תלמוד ירושלמי: "כל הנביאים כולן לא נתנבאו אלא לימות המשיח, אבל לעולם הבא — עין לא ראתה אלקים זולתך" — אַפילו די נביאים האָבן בלויז געזאָגט נביאות וועגן די משיח־טעג, אָבער וואָס שייך די צוקונפטוועלט, האָבן זיי נישט געזען, נישט באַנומען; קיין אויג, אויסער גאָט, האָט נישט געזען[27]

די משנה[28] דערציילט: "כל חותמי ברכות שבמקדש היו אומרים עד העולם משקלקלו הצדוקים ואמרו אין עולם אלא אחד, התקינו שיהי' אומרים מן העולם ועד העולם" — די אַלע וועלכע האָבן פאַרענדיקט ברכות אין בית־המקדש, פלעגן זאָגן "מן העולם" — פון דער וועלט, אָבער אַז די מינים־צדוקים זענען פאַרדאָרבן געוואָרן און האָבן געזאָגט, אַז עס איז מער נישטאָ ווי איין וועלט, האָט מען מתקן געווען, מ'זאָל זאָגן: "מן העולם ועד העולם" — פון דער וועלט ביז צו דער אַנדערער וועלט און אַזוי איז שוין געבליבן דער מנהג, לויטן פסוק אין נחמיה[29].

ס'איז דאָ אַ חילוקי־דעות צווישן רבי עקיבא און רבי ישמעאל, וועגן דעם וואָס עס מיינט דער "כרת"־שטראָף: "הכרת תכרת" — פאַרשניטן זאָל פאַרשניטן ווערן[30]: "הכרת בעולם הזה, תכרת — בעולם הבא, דברי רבי עקיבא", דאָס מיינט, דער זינדיקער וועט פאַרשניטן ווערן פון ביידע וועלטן. "אמר לי' רבי ישמעאל: והלא כבר נאמר ונכרתה, וכי שלשה עולמות יש?" — ס'ווערט דאָך

געזאָגט, אויפן אָרט, נאָך אַ מאָל "ונכרתה", וועסטו זאָגן, אַז ס'זענען דאָ דריי וועלטן ? רבי ישמעאל האַלט דעריבער, אַז "דברה תורה כלשון בני אדם", כדי צו באַטאָנען די שטראָף, ווערט עס געזאָגט אין טאָפּלטקייט און אַפילו דריי מאָל[31].

תחית־המתים — האַלטן די חכמי התלמוד — איז מן התורה. זיי טייטשן אַריין די דאָזיקע אמונה אין פּסוקים פון דער תורה, ברענגען ראיות פון דברי קבלה, וואָס, אין דעם פאַל, מיינט עס דברי נביאים[32].

דער רמב"ם, ווי מיר ווייסן, האָט דאָס אַריינגענומען אין די דרייצן עיקרים פון דער יידישער אמונה. די פּאָלעמיק צווישן דעם רמב"ם און זיינע קעגנערס איז געווען, וואָס פאַר אַ תחיה ס'וועט זיין. צי דאָס מיינט אַ פיזיש־קערפּער־לעכער אויפלעב ? דער רמב"ם זעט בלויז אַ נפש־אויפלעב און אַז דאָס איז פאַרהוילן "מעין כל חי".

דער גדול האמוראים רב (אבא אריכא, לעצטער דור פון תנאים און ערשטער פון אמוראים) ברענגט אַרויס קלאָר זיין מיינונג: "לא כעולם הזה — עולם הבא, שאין בו לא אכילה ולא שתיה ולא פריה ורביה ולא משא ומתן, לא קנאה ולא תחרות, אלא צדיקים יושבים ועטרותיהם בראשיהם ונהנים מזיו השכינה[33], שנאמר "ויחזו את אלקים ויאכלו וישתו" — און זיי האָבן געזען גאָט, און האָבן געגעסן און געטרונקען[34]. ווי רש"י קאָמענטירט: זיי האָבן זיך געזעטיקט מיט דער לויטערקייט פון דער שכינה, פּרעטענדירט, ווי געגעסן און געטרונקען — גייסטיקער תענוג — און דאָס זאָל זיין דער תענוג עולם־הבא, אָבער קיין בן אדם פון חומר וצורה האָט נישט קיין השגה וואָס עס מיינט אַזאַ תענוג.

ס'ווערט אויך געזאָגט: דריי זאַכן האָט הקדוש־ברוך־הוא געגעבן די יידן ווי אַ געשאַנק — איינס פון די דריי איז חלק עולם־הבא און דאָס קריגט מען דורך יסורים[35] ווי דער פּסוק זאָגט: "ודרך חיים — תוכחות מוסר" — דער וועג פון לעבן, אייביק לעבן, קריגט מען דורך מוסר, שטראָפרייד[36].

מיר וואָלטן געוואָגט צו טייטשן, אַז כדי צו דערגרייכן אייביקייט, מוז דער מענטש זיך דערהויבן צו דער העכערער עטיק, דער וואָס לעבט עטיש קען דערגרייכן עולם־הבא.

מ'פּלעגט זיך ווינטשן צו דערלעבן און זוכה זיין עולם־הבא — "עולמך תראה בחייך ואחריתך לחיי עולם הבא", וועסט זען דיין וועלט אינעם לעבן, דורך אויפגעבן אַ ביסל פון דאָס עולמהזהדיקייט[37].

ווי שווער ס'איז צו דערגרייכן צו אָט דער מדרגה, איז אָבער זייער לייכט צו פאַרלירן עולם־הבא, אַראָפּצופאַלן פון דער מדרגה.

אויב מ'פאַרשעמט אַ מענטשן, ווערט דאָס באַטראַכט פאַר אַן עטיש־

מאַראַלישן פאַרברעך, ער זאָל פאַרלירן עולם־הבא: "המלבין פני חברו ברבים — אין לו חלק לעולם הבא"[38].

מיר קומען צוריק צום מאמר: "כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא" — דאָ רעדט זיך וועגן ייִדן, אָבער נישט צוליב ראַסן־דערהויבנקייט. דאָ רעדט זיך וועגן דער גייסטיקייט פונעם פאָלק, וואָס האָט גענומען אויף זיך די אמונה אין אחדות אלהות, תורה מן השמים און נישט בלויז אין מצוות שבין אדם למקום, נאָר געהיט אין די מצוות שבין אדם לחברו, ווי די נאָכפאָלגערס פון אברהם אבינו, וואָס האָט זיך געפירט מיט חסד און וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרשפרייטן אמונה און מאָראַל צווישן אַלעמען, מיט וועמען ער איז געקומען אין קאָנטאַקט.

ר' צבי הירש חיות (תקס"ו—1805; תרט"ז—1855) שרייבט אין איינעם פון זיינע ספרים, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס די ייִדישע אויפגאַבע ביים פאַרשפרייטן תורת־משה טראָגט נישט קיין מיסיאָנערישן כאַראַקטער, איז אָבער וויכטיק צו געבן דער וועלט די ידיעה פון אמונה, פון בחירה, צו לערנען די פעלקער דעם "דעת ד'", ווי דער רמב"ם האָט פעסטגעשטעלט: "אינו גוף ולא ישיגוהו משיגי הגוף..."

מרן הרב ר' יהודה לייב גרויבאַרט זצ"ל שרייבט וועגן רמב"ם[39]: "הרמב"ם תופס מקום בראש, הוא עולה על כולם, אין דומה לו, ומזמנו עד ימינו אנו, לא היתה לנו אישיות כל־כך מגוונת... במלה אחד 'ותחסרהו מעט מאלקים'"[40]. ער ברענגט אַ צאָל מאמרים פון וועלכע מיר זעען דעם רמב"מס פעסטקייט, געוואָגטקייט און אומגעוויינלעכע גאונות — זיין שיטה, לויט דער מיינונג פון הרב גרויבאַרט, איז די שיטה פון יהדות.

וואָס שייך לערנען דער וועלט? זיי דאַרפן מיר לערנען, אַז די הימלישע תורה איז געגעבן געוואָרן צום מענטש, צו דער מענטשהייט דורך די נביאים — און דער נביא לערנט דער וועלט, אַז "לא בחיל ולא בכח... כי אם ברוחי אמר ד'"[41] — נישט מיט מיליטערישן כוח, נאָר מיט מיין גייסט זאָל געפירט ווערן די וועלט, אַזוי זאָגט ד' צבאות.

אין דער קומענדיקער וועלט — פאַרזיכערט דער נביא — וועט הערשן גייסט, הימלישער מלכות אויף דער ערד: "והיה ד' למלך על כל הארץ, ביום ההוא יהיה ד' אחד ושמו אחד" — און גאָט וועט זיין מלך איבער דער גאַנצער ערד. אין יענעם טאָג, וועט ד' זיין איינער און זיין נאָמען איינער[42].

וואָס וועט זיין די אויפגאַבע פון ייִדן? ישעיה הנביא זעט די אויפגאַבע: "...ואתנך לברית עם לאור גויים, לפקוח עינים עוורות" — איך, גאָט, האָב דיך גערופן אין גערעכטיקייט און איך וועל אָננעמען דיין האַנט און דיך היטן,

און דיך מאַכן פאַר אַ בונד מיט פעלקער, פאַר אַ ליכט פון די אומות ... צו עפענען בלינדע אויגן ...[43].

די פעלקער וועלכע עפענען זייערע אויגן, זעען און קעמפן פאַר גערעכטיקייט, פאַר שלום, פאַר אמונה אין דער העכערער השגחה, די דאָזיקע פעלקער, אָדער יחידים, ווערן גערופן „חסידי אומות העולם" און זיי וועלן געניסן פונעם חלק עולם־הבא — און וועגן דעם ווייטער.

## ה. דעם רמבמ"ס פסק־הלכה. — דעם רדב"זס שטעלונג. — אַ נישט־ייִד וואָס האָט געזאַמלט כּתבי־יד. — מהר"ץ חיות.

מיר האָבן שוין נישט איין מאָל דערמאָנט דעם רמב"מס פסק־הלכה, אַז דער כּופר אין השגחה עליונה, אַפילו ער פירט זיך אויף מיט צדק און יושר, איז מקיים די ז י ב ן מצוות, ווערט ער נישט קלאַסיפיצירט ווי איינער פון די חסידי אומות העולם, צו געניסן פון עולם־הבא.

דאָס לשון פון רמב"ם: „כּל המקבל עליו שבע מצוות ונזהר לעשותן, הרי זה מחסידי אומות העולם, ויש לו חלק לעולם הבא, והוא שיקבל אותן מפּני שצוה בהן הקב"ה בתּורה, והודיענו על־ידי משה רבינו, שבני נח מקודם נצטוו בהן, אבל אם עשאן מפּני הכרע הדעת, אין זה גר תושב ואינו מחסידי אומות העולם ולא מחכמיהם"[1].

דער תּלמודישער מקור איז דער מאמר פון רבי יהושע[2] אין אויסטייטשן דעם פסוק: „ישובו רשעים לשאולה — כּל גוים שכחי אלקים" — די רשעים וועלן זיך אומקערן אין גרוב, אַלע פעלקער וואָס פאַרגעסן אָן גאָט[3]. דערפון איז צו לערנען: די פעלקער וועלכע פאַרגעסן אַז גאָט פירט וועלן נישט האָבן קיין עולם־הבא; די וועלכע געדענקען גאָט וועלן געניסן פון עולם־הבא.

דער „כּסף משנה" (ר' יוסף קארו) האַלטנדיק אַז ס'איז ריכטיק דעם רמב"מס השקפה, איז מיט דער מיינונג, אַז דער רמב"ם האָט דאָס געזאָגט, לויט זיין אייגענער סברא: „ומה שכּתב והוא שיקבל וכו' נראה לי, שרבינו אמר כּך מסברא דנפשי' ונכוחה היא".

דער רדב"ז, זעט אין דעם פסק אַזוי פשוט, אַז ס'איז בכלל נישטאָ אויף צו פלפולן זיך: „זה מבואר בכמה דוכתי, חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא". ער שטעלט זיך אָבער נישט וועגן רמב"מס באַדינגונגען.

אויב מ'זאָל מוותּר זיין אויף דעם באַדינג אמונה, השגחה או"ו, האָבן מיר אַזעלכע געהאַט אין די פרע־קריסטלעכע און נאָך־קריסטלעכע עפּאָכעס — און די רשימה פון אַזעלכע גרייכט אין די טויזנטער און מער. אַפילו אין די ערגסטע

צייטן, אין דער צייט פון די נאַצי־רציחות האָבן זיך געפונען יחידים אין יעדן לאַנד, וועלכע האָבן צוליב מאָראַלישע פּרינציפּן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען אומשולדיקע מענטשן. אָבער וועגן דעם באַזונדער.

מיר געפינען אַזעלכע צווישן שריפטשטעלערס, וויסנשאַפטלערס, טעאָלאָגן, מלוכה־מענער. אַ צאָל פון זיי האָט זיך אויסגעדריקט ביי געלעגנהייטן מיט באַגייסטערונג וועגן ייִדנטום, וועגן דער ייִדישער אמונה, וועגן תּלמוד און בכלל וועגן דער שעפערישקייט פון ייִדן.

ווינסטאָן טשוירטשיל האָט אַ מאָל זיך אויסגעדריקט, אַז משה רבנו איז געווען דער גרעסטער נביא: ער האָט גערעדט פּערזענלעך צו גאָט, ער איז דער נאַציאָנאַלער העלד וואָס האָט באַוויזן אַרויסצופירן זיין פאָלק פון שקלאַפעריי, געפירט זיין פאָלק דורך דער מדבר ביז צו דער שוועל פון פאַרשפּראָכענעם לאַנד, ער איז געווען דער גרויסער געזעצגעבער, דער מחוקק וואָס האָט פאַרלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער ציוויליזירטער וועלט, ער האָט באַוויזן אַז אַ נאָמאַדיש פאָלק זאָל ברענגען דעם אידעאַל און די אמונה אַז גאָט העלפט דעם אָרעמען, דעם ליידנדיקן[4]".

אין אַזאַ רשימה האָט אָן ספק אַן אָרט דער איטאַליענישער גייסטלעכער דזשיאָוואַני דע־ראָסי, אין פּאַרמאַ, איטאַליע, אין 18טן י"ה. ער האָט מחמת ליבשאַפט צו לשון־קודשדיקע ספרים, איינגעזאַמלט אַ קאָלעקציע פון גאָר וויכטיקע ספרים, אויטענטיש־אָריגינאַלע קלאַסיק פון תּנ"ך־אויסגאַבעס און מאַנוסקריפּטן פון גרויסן היסטאָריש־ליטעראַרישן ווערט, אַרום 15 הונדערט כּתבי־יד — אַריינגערעכנט אַ כּתב־יד פון דער משנה. דער דאָזיקער נישט־ייִדישער מענטש האָט זיך פאַרנומען אָפּצוראַטעווען זיי, אָפּשאַצנדיק די גייסטיקע אוצרות פון ייִדנטום.

ווען מ'באַהאַנדלט אַזעלכע מענטשן, ווילט זיך נאָך אַ מאָל באַרירן די פריינדשאַפט צווישן רבי און אנטונינוס און דעם שמועס צווישן זיי.

אנטונינוס האָט געפרעגט רבין: "אתונא לעלמא דאתא? — אמר לי' אין!" האָט אנטונינוס אים ווידער געפרעגט: "ס'איז דאָך געשריבן, 'ולא יהיה שריד לבית עשיו'?" — אַז ס'וועט נישט זיין קיין איבערבלייב צום הויז פון עשיו? האָט רבי אים געענטפערט: "בעושה מעשה עשיו", אַז דאָס מיינט, אויב ער טוט די מעשים פון עשיו, אויב ער פירט זיך אויף רשעותדיק, ווי עשיו וואָס האָט געוואָלט אומברענגען זיין ברודער יעקב[5].

לויטן דאָזיקן שמועס קומט אויס אַז אנטונינוס איז געווען באַקאַנט מיטן תּנ"ך און נישט אומזיסט האָט רבי אים אַזוי מקרב געווען, מעגלעך געלערנט מיט אים תּורה און אַפילו צוזאַמען געגרייט זייער שותּפותדיקן טיש מיט די

נויטיקע גרינסן: "שלא פסקו מעל שלחנם לא צנון ולא חזרת, לא בימות החמה ולא בימות הגשמים".

מיר וועלן ציטירן פון דעם וואָס מהר"ץ חיות ציטירט פונעם רמב"ם — און האָלט עס פאַר הלכה־פסוקה. ער ציטירט פון פרק י"א מהלכות מלכים: "אשר העתקתי מדפוס וויניציא ישן נושן ונשמטו בדפוסי הרמב"ם, והנני מעתיקם פה... 'אף אותו האיש שדימה שיהיה' משיח ונהרג בב"ד, כבר נתנבא בו דניאל, שנאמר ובני פריצי עמך ינשאו להעמיד חזון ונכשלו, וכי יש מכשול גדול מזה, שכל הנביאים דברו שהמשיח גואל ישראל ומושיעם ומקבץ נדחיהם ומחזיק מצותם, וזה גרם לאבד ישראל בחרב... ולהחליף התורה... אבל מחשבות בורא עולם אין כח לאדם להשיגם, כי לא דרכינו דרכיו ומחשבותינו מחשבותיו...[6] וכל הדברים האלו של זה ושל מחמד שעמד אחריו, אינם אלא ליישר דרך למלך המשיח ולתקן עולם, ולעבוד את ד' ביחד... וכשיעמוד מלך המשיח ויצליח וירום וינשא מיד הם חוזרים ויודעים ששקר הי'"[7].

אין אָט די עטלעכע שורות האָט דער רמב"ם געדעקט אַ סך קשיות און פעסטגעשטעלט זיין פילאָזאָפיע, אַז דער וועלט־באַשאַפער איז נישט קערפערלעך און איז אומבאַגרייפלעך צו קערפערלעכע. קיין מענטש איז נישט דערגאַנגען צו פולשטענדיקער התגלות, "מיינע מחשבות זענען נישט אייערע מחשבות און אייערע וועגן זענען נישט מיינע וועגן, זאָגט גאָט. אַזוי ווי ס'איז העכער הימל פון ערד, אַזוי זענען העכער מיינע וועגן פון אייערע..."

דער מהר"ץ חיות גיט צו: "כי אלו האומות והדתות, המה אמצעים והכנות לתקן עולם במלכות שדי..."

ר' צבי הירש חיות — אַ הלכה־און מחשבה־אויטאָריטעט — זעט פּאָזיטיוו אין קריסטנטום דערמיט, וואָס די דאָזיקע אמונה האָט אַוועקגעריסן פון פעלקער די פאַרדאָרבענע געצן־דינערישע מעשים און ער ברענגט אַ ראיה צו זיין געדאַנקען־גאַנג פון רמב"ם, וואָס האַלט, אַז קריסטנטום איז אַ נייער סאָרט עבודה־זרה — און דאָך האַלט ער, אַז דאָס קריסטנטום האָט געמאַכט אַ וועג "ל י י ש ר  ד ר ך" צום אמתן מלך־המשיח.

פאַרשטייט זיך, אַז דער מהר"ץ חיות האָט נישט איבערצייגט די גרויסע בעלי־הלכה און אויך נישט די בעלי־מחשבה אינעם אָרטאָדאָקסישן קרייז.

וואָס מ'קען יאָ זאָגן איז, אַז אויב די דאָזיקע זענען מאמינים אין תורת־השם און זענען מקיים די זיבן מצוות, ווי דער רמב"ם באַטאָנט מיט זיין שאַרפ־קייט, ווייל דער בורא־עולם האָט אַזוי באַפוילן די בני־נח, דאַן ווערן זיי פאַררעכנט ווי חסידי אומות העולם.

ר' שמשון רפאל הירש (תקס"ח—1808; תרמ"ט—1888) זאָגט אויף אַן אָרט, אַז די וואָס מיר טיטולירן חסידי אומות העולם. דאַרפן באַזיצן דעם כוח און

די השגה צו באַטראַכטן דעם ציל פול וועלטבאַשאַף, מענטשבאַשאַף און ער גיט אָן דעם מקור אין תורת־כהנים [8]. די וועלכע האָבן די ריכטיקע השגה און פאַרשטענדעניש זענען ליכטיקע שטערן און קענען משפיע זיין אָפּצושאַפן שנאה און צוגרייטן דעם וועג צו דער התגלות פון אמת, יושר און אידעאַליזם.

דער רמב״ם האָט אונדז געגעבן — ווי שוין געזאָגט — אַ דעפיניטיוון ענטפער וועגן דער קאַטעגאָריע חסידי אומות העולם: ״כל המקבל עליו שבע מצוות ונזהר לעשותן — הרי זה מחסידי אומות העולם״ [9]. אין זיינע אגרות: ״אפילו גוי ועוסק בתורת מרע״ה, הרי הוא כהן גדול״. נאָך מער: יעדער מענטש קאָן זיך דערהויבן צו דער צדיק־מדרגה: ״כל אדם ראוי להיות צדיק כמשה רבינו״ [10] — אַן אויסדרוק כמשה רבינו!

הרב יהודה לייב גרויבאַרט ז״ל — האָבן מיר שוין דערמאָנט — גיט אָן ביאָגראַפיש־ביבליאָגראַפישע שטריכן וועגן רמב״ם, באַוווּנדערט זיין פעסטקייט, געוואַגטקייט און גאונות.

ער ציטירט פון רמב״מס ״מאמר קידוש השם״ (טייל רופן עס ״אגרת השמד״), אַ רוף צו די אנוסים ביי די מוזולמענער, זיי זאָלן זיך נישט צוהערן צום קנאי, וואָס האָט זיי געזאָגט, אַז אַפילו זיי זענען מקיים תורה בסתר (פאַרבאָרגנהייט), וועלן זיי נישט האָבן קיין חלק עולם־הבא, סיידן זיי זענען זיך מקריב פאַר זייער אמונה, ״למסור נפשם למיתה...״

דער רמב״ם פרעגט אָפּ די דאָזיקע שטעלונג, איז מבטל די רייד פונעם קנאי און האַלט זיך ביים מאָטיוו: ״אונס רחמנא פטרי׳״ — אויב זיי זענען געצוווּנגען צו ווייזן זיך אין דער עפנטלעכקייט ווי מאַכמעדאַנער, אָבער אין געהיים היטן זיי תורה און מצוות, זענען זיי ייִדן, וועלן זיי האָבן אַ חלק עולם־הבא. מיט דער פולסטער אויטאָריטאַטיווקייט שרייבט דער רמב״ם, אַז זיי זענען נישט קיין געצן־דינערס, ״אינם עובדי עבודה זרה״. אַ דאַנק זיין שטעלונג, זענען די אנוסים צוריקגעקומען צו דער ייִדישער אמונה [11].

הרב גרויבאַרט לאָזט נישט דורך די געלעגנהייט, צו דערמאָנען אַז דער רמב״ם האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם גריכישן פילאָזאָף אַריסטאָטל; ״הרמב״ם מעריץ את אריסטו ואומר שמה שהשיג עד גלגל הירח אמת, ומקרב נסים לטבע״ [12].

ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן, האָט אַ צאָל גדולים אָפּגעפרעגט די דאָזיקע שיטה. דער מהרש״ל (ר׳ שלמה לוריא, ר״ע—1510, בערך; של״ד—1573) און מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער רבי צדוק הכּהן מלובלין (תקפ״ג—1823; תר״ס—1900), האָבן נעגירט די דאָזיקע טעאָריעס, נעגירט אַריסטאָטלעס פילאָזאָפיע, נעגירט חכמת הגויים.

אויף דעם מאמר: ״האומר דבר חכמה אפילו אצל האומות נקרא חכם״ [13], שרייבט אדמו״ר ר׳ צדוק זצ״ל: ״ידוע שאומות העולם חברו גם־כן ספרי מוסר

ומדות טובות שהשיגו מצד שכל האנושי, ומדת דרך ארץ, מה שהוא מגונה, וחשבו שיוכלו להגדיר עצמם בשכלם. ואעפ״י שיש בהם חכמה כמו שאחז״ל ומברכים על חכמי האומות העולם, מכל מקום אין להם כח להתנהג בפעל על פי חכמתם כלל. וכן ידוע מראשי פילוסופי היונים שחיבר ספר המדות הידוע וביאר שם הרבה מגנות התאוה ופחיתותה, והוא עצמו נפתה לאשת עמיתו ובתכלית הגנות כמסופר בספרי קדמונים, ולא הועילה לו כל חכמתו להצילו מיצר הרע, ואעפ״י שהכיר הגנות, מכל מקום לא יכול לכבוש תאוותו״ [14]. דאָס האָט אים, ר׳ צדוקן, נישט אָפּגעהאַלטן פון אַרויסוויַיזן די גרעסטע פאַרערונג צום רמב״ם אַלס פּוסק, בקי, חריף, מפרש — און אַלס גרויסע פּערזענלעכקייט און אויטאָ־ריטעט אין וועלטלעכע חכמות.

די קנאים וואָס האָבן באַקעמפט דעם רמב״ם אי אין מחשבה און אי אין הלכה, האָבן — לויט דער מיינונג פון געוויסע פאָרשערס — גורם געווען דערצו, מ׳זאָל פאַרברענען זיינע ספרים. אָבער אַזוי ווי ביי ר׳ חנינא בן תרדיון זענען די אותיות געבליבן אויף אייביק, אַזוי אויך זענען דעם רמב״מס ספרים געבליבן אויף אייביק.

הרב גרויבאַרט שרייבט, אַז פּערציק יאָר נאָך דעם, ווי מ׳האָט פאַרברענט דעם רמב״מס ספרים, צוליב מסירות פון די קנאים, האָט דער פּויפּסט גרעגאָר דער 9טער, מיט דער הילף פון דעם פראַנצויזישן קעניג לואי דער 9טער, אויס־געפירט די גזירה מ׳זאָל פאַרברענען דעם תּלמוד [15]. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר, ה׳ אלפים, ד׳ — 1244. מ׳האָט אין פאַריז אָנגעלאָדן 24 וועגענער מיט תּלמוד־ספרים און פאַרברענט אויף אַ שייטערהויפן. ר׳ מאיר מרוטנבערג האָט די דאָזיקע טראַגעדיע פאַראייביקט אין זיין קינה ״שאלי שרופה באש״.

גרים — שרייבט הרב גרויבאַרט — זענען געווען טייער ביים רמב״ם. ער האָט געהאַלטן אַז מ׳דאַרף זיי מקרב זיין, זיי קענען זאָגן ביים ברענגען בכורים, לאבותינו, ווייל אברהם אבינו איז דער פאָטער פון גרים [16].

אין זיינע אגרות־בריוו, ברענגט דער רמב״ם, אַז דער גר עובדיה האָט זיך באַקלאָגט, אַז זיין רבי באַליידיקט אים. שרייבט אים דער רמב״ם: ״...אתה תלמידו של אברהם אבינו ומשכיל ופקח, וראוי לו לבקש ממך מחילה...״

הרב גרויבאַרט גיט צו: ״וכן בתשובתו לגר ששאל לו, איך יש לו לומר בתפלה אלקינו ואלקי אבותינו, וכיו״ב כתב שראוי לו לומר הכל ולהתפלל ככל אורח מישראל, לפי ׳שאברהם אבינו הוא שלימד כל העם׳ והודיעם דת האחת ויחידו של הקב״ה... לפיכך, כל מי שנתגייר עד סוף כל הדורות, וכל המייחד שמו של הקב״ה, כמו שהוא כתוב בתורה, מתלמידיו של אברהם ע״ה הוא... וכבר בחר בך הבורא והבדילך מן האומות ונתן לך התורה, שהתורה לנו ולגרים נתנה״.

וואָס שייך די באַציִונג צו קראַים, האָבן מיר שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן אויף דעם רמב״מס מילדער און ליבעראַל־טאָלעראַנטער באַציִונג. ער שרייבט, מ׳זאָל זיך נוהג זיין מיט זיי סימפּאַטיש, מ׳זאָל מל זיין זייערע קינדער און אויב דער אַכטער טאָג פאַלט אויס אום שבת, זאָל מען דורכפירן אום שבת דעם מילה־ריטואַל, אַזוי ווי מיט ייִדישע קינדער.

אין זיינע מחשבה־ווערק פאַרנעמט זיך דער רמב״ם מיט דער פראַגע וועגן דערלויבן קויפן קנעכט, לייב־אייגנטום און בכלל מיטן פּראָבלעם שקלאַפעריי. ער זעט די הויפּט־סיבה אין דער אומווירדיקייט פון כּנען דעם זון פון חם, נחס אייניקל: ״וירא חם אבי כּנען את ערות אביו... ויקץ נח מיינו, וידע את אשר עשה לו בנו הקטן ויאמר: ארור כּנען, עבד־עבדים יהי׳ לאחיו...״ און נח האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיין וויין, און האָט דערזען, וואָס זיין ייִנגערער זון האָט אים געטאָן, האָט ער געזאָגט: פאַרשאָלטן זאָל זיין כּנען, אַ קנעכט זאָל ער זיין ביי זיינע ברידער...[17].

מדרשים פאַרנעמען זיך מיט דערקלערן די מעשה־רע, וואָס חמס זון האָט אָפּגעטאָן. לויט איין מימרא, האָט ער — אָדער חם אַליין — קאַסטרירט זיין זיידן — אָדער פאָטער — ער זאָל מער נישט האָבן קיין קינדער (די מורא פאַר דער ירושה אין אַ וועלט וואָס איז געבליבן בלויז פאַר דריי זין). אַן אַנדער מיינונג: זיי האָבן געפּרוווט באַגיין מיט נחן אַ האָמאָסעקסועלן אַקט, באַגלייט מיט מיאוסע, אוממאָראַלישע מעשים; ״רב ושמואל, חד אמר סרסו; וחד אמר — רבעו״ [18].

דערפון נעמט זיך די נידעריקע באַציִונג צו די כּנענים־פעלקער, אָפּשטאַמיקע פון חם און כּנען, וואָס האָבן זיך אַליין דעגראַדירט.

די קללה, אָדער די באַרעכטיקונג צו קויפן קנעכט ביי כּנענים, איז נאָך דעם אויסגעברייטערט געוואָרן אויף אַלע געצן־דינערישע פעלקער וועלכע באַגייען די כּנענישע פאַרברעכנס. ר׳ שמעון בן יוחאי ברענגט אַרויס דעם דאָזיקן מאָטיוו: ״אתם יש לכם קנין באומות העולם שנאמר ׳וגם מבני התושבים הגרים עמכם, מהם תקנו׳ [19] ולמה יש לכם קנין באו״ה? על־ידי שהקניתם אלה דברי הברית; ולמה או״ה אין להם קנין בכם? על־ידי שלא קנו אלה דברי הברית״. די פעלקער וועלכע האַלטן זיך נישט ביים בונד פון דער תּורה־מאָראַל, באַגייען אַלערליי פאַרברעכנס, ווערן באַהאַנדלט אַלס אַזעלכע. אויף זיי איז געזאָגט געוואָרן: ״לעולם בהם תעבודו״ — אויף אייביק קענט איר אַרבעטן מיט זיי [20].

אין נאָמען פון רשב״י ווערט אויסגעטייטשט דער פּסוק: ״עמד וימודד ארץ״ — ער האָט זיך געשטעלט און געמאָסטן די ערד; ער גיט אַ קוק און מאַכט שפּרינגען די פעלקער [21]: ״מדד הקב״ה ולא מצא הר שתנתן בו את התורה אלא סיני; מדד הקב״ה כּל העיירות ולא מצא עיר שיבנה בה ביהמ״ק אלא

ירושלים; מדד הקב"ה כל הארצות ולא מצא ארץ שראויה לינתן לישראל, אלא ארץ־ישראל, הה"ד עמד וימודד ארץ ראה ויתר גויים..." אינעם זעלביקן גייסט און צוליבן זעלבן מאָטיוו ווערט באַרעכטיקט די נעגאַטיווקייט צו רשעותדיקע, געצן־דינערישע פעלקער.

ר' יוסף האָט געזאָגט: "ראה שבע מצוות שקבלו עליהם (בני נח) ולא קיימום, עמד והתיר" — אַרויסגעלערנט פונעם וואָרט ויתר — זאָל מיינען — היתר, דערלויבעניש. רבי אבהו ניט צו: "והתיר ממונם לישראל"[22]. צוליב דער פאַרדאַרבנקייט פון די היידנישע פעלקער האָט מען דערלויבט אַזאַ באַנעמונג און באַהאַנדלונג.

עולא ביראה פירט אויס: "כך, אפילו ז' מצוות שקבלו בני נח, כיון שלא יכלו לעמוד בהם ופרקום לישראל", ד"ה, אויב מענטשן פירן זיך אויף פאַרדאַרבן, ווערן זיי אַזוי באַהאַנדלט. אויב אָבער נישט־ייִדן פירן זיך אויף אָנשטענדיק, היטן די זיבן מצוות, ווערן זיי באַהאַנדלט מענטשלעך, איז מען זיי מקרב, מ'לערנט אַפילו פון זיי מידות. ווי חז"ל ווייזן, ווי אַ מוסטערהאַפטע באַציִונג פון זון צום פאָטער, ווי דאָס האָט געוויזן דמא בן נתינה, ווי אַזוי ער האָט מקיים געווען כבוד־אב, נישט געוואָלט אויפוועקן פון שלאָף זיין פאָטער, ווען ער האָט אַפילו געוווּסט, אַז ס'דראָט אים אַ גרויסער געלטפאַרלוסט[23]

כדאי ציטירן דאָס לשון אין דער גמרא:

"שאלו את רבי אליעזר: עד היכן כבוד אב ואם? אמר להם: צאו וראו מה עשה גוי אחד באשקלון ודמא בן נתינה שמו, בקשו ממנו חכמים אבנים לאפוד בששים רבוא שכר... והיה מפתח מונח מראשותיו של אביו (ער איז געשלאָפן) ולא ציערו" — האָט ער נישט געוואָלט אים מצער זיין אויפצוּוועקן און שטערן זיין שלאָף. "לשנה האחרת, נתן הקב"ה שכרו, שנולדה לו פרה אדומה בעדרו. נכנסו חכמי ישראל אצלו, אמר להם: יודע אני בכם, שאם אני מבקש מכם כל ממון שבעולם אתם נותנים לי, אין אני מבקש מכם אלא אותו ממון שהפסדתי בשביל כבוד אבא".

אַזאַ מענטשן האָט מען צוגעטיילט כבוד, אָפגעשאַצט זיין פאַרפליכטונג דורכצופירן די מצווה פון כבוד־אב, גענומען ווי אַ מוסטער פאַר ייִדן.

אַפילו ביים רשע עשיו האָט דער מדרש געזען עפּעס שיינקייט — זיין היטן די מצווה פון כבוד־אב, נישט מצער צו זיין דעם פאָטער, מיט זיין פּלאַן נקמה צו נעמען אין זיין ברודער יעקב. ער האָט פּלאַנירט דאָס צו טאָן, ווען דער פאָטער וועט שוין נישט זיין אויף דער וועלט: "יקרבו ימי אבל אבי ואהרגה את יעקב אחי"[24].

רבי שמעון בן גמליאל שילדערט מיט באַוווּנדערונג, ווי אַזוי עשיו האָט באַדינט זיין פאָטער. דער וואָס האָט געוואָלט נאָכטאָן די מעשים פון קינען,

דעם ערשטן מערדער, ווערט באַוווּנדערט פאַר די שיינע מעשׂים, וואָס ער האָט געטאָן פאַר זיין פאָטער.

אין כּלל געגומען, האָט מען תּמיד אַרויסגעוויזן אָנערקענונג צו גוטע מעשׂים ביי נישט־ייִדן און זיי אַפילו צוגעטיילט דעם געהעריקן כּבוד, ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל איבערגעגעבן וועגן דער אָנערקענונג און אָפּשאַצונג פון הילני המלכּהס גוטע מעשׂים [25]

פון בבל, זאָגן חז"ל, האָבן ייִדן גענומען די נעמען פון חדשים. בעת עזרא הסופר האָט דורכגעפירט די עליה פון בבל, האָט ער געריניקט און מטהר געווען זיינע עולים, זיי באַשווירן מקיים צו זיין די תּורה, אָבער די נעמען פון חדשים האָט ער מיטגענומען. אויך זיי האָבן דורכגעמאַכט "עליה" [26]. אין דער תּורה — ווי באַקאַנט — זענען נישטאָ קיין נעמען פאַר חדשים. די מצווה איז: "החודש הזה לכם ראש חדשים, ראשון הוא לכם לחדשי השנה" [27] נישטאָ קיין נאָמען פאַר חדשים, אויסער אביב, זיו, ירח האיתנים. דער חשבון גייט ערשטער, צווייטער אאַ"וו, לויטן אַרויסגאַנג פון מצרים. די נעמען: ניסן, אייר, סיון, תּמוז — זענען געקומען פון בבל.

דער מהר"ץ חיות איז מסביר, פאַר וואָס ייִדן האָבן געמעגט נעמען נעמען פון גלות־בבל, פון אַ נישט־ייִדישער מדינה די נעמען פון חדשים. ס'איז נישטאָ — האַלט ער — קיין פאַרבאָט אויף נעמען פון חדשים. ביי מלבושים איז יאָ דאָ אַ פאַרבאָט זיך צו דערווייטערן פון זייערע קליידונג־מנהגים, אַז דאָס זאָל אַריינגיין אין דער קאַטעגאָריע פון "חוקות הגויים", אין דעם געבאָט "ובחוקותיהם לא תלכו"[28]. ביים רמב"ם גייט דאָס אַריין אין דער צאָל פון די מצוות [29] און דער מאַטיוו, ווי דער מנחת חינוך [30] גיט אָן, איז צו דערווייטערן ייִדן פון געצן־דינערס און פון זייער פאַרשייטקייט אין קליידונג [31].

וואָס שייך נעמען פון חדשים, האָבן חז"ל דערקלערט אַז דאָס גייט נישט אַריין אין חוקות הגוים. ר' שמעון בן לקיש זאָגט, אַז נעמען פון חדשים און נעמען פון מלאכים האָבן ייִדן געבראַכט מיט זיך פון בבל: "אף שמות המלאכים עלו בידן מבבל" [32].

אדמו"ר ר' צדוק הכּהן מלובלין זצ"ל איז מסביר אין אַ לענגערן מאמר, פאַר וואָס מ'האָט גענומען פון בבל חדשים־און מלאכים־נעמען [33]. אויב ס'איז נישט אין סתּירה צו דער ייִדישער אמונה — האַלט ער — איז נישט חל אויף זיי דער פאַרבאָט פון "חוקות הגוי" און דעריבער האָט עזרא הסופר זיך דערלויבט צו טוישן דעם "כּתב עברי" אויף כּתב אשורי" [34].

עזרא הסופר, דער וואָס האָט אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען צו באַזייטיקן די נשים נכריות און נאָך אַ צאָל שטרענגע תּקנות, האָט גענומען אויף זיך משנה צו זיין די שריפט פון דער תּורה אויף כּתב אשורי און דער כּתב

איז געוואָרן פאַרהייליקט. ער האָט דאָס געטאָן מיטן פולן הסכם פון די נביאים, ווי חז״ל גיבן איבער, אַז דריי נביאים זענען אויפגעגאַנגען מיט עזראן: ״ג׳ נביאים עלו עמהם מן הגולה, אחד העיד על התורה שתכתב אשורית, ואחד העיד על מקום המזבח ואחד העיד שמקריבין אע״פ שאין בית״ [35].

וואָס איז געווען ״כתב עברי״? רש״י לערנט אַז כתב עברי, איז געמיינט ״כתב ליבונאה״ — אותיות גדולות שכותבין בקמיעות ומזוזות״ [36]. אַנדערע, באַזונדערס אַרכעאָלאָגן, ווייזן אָן אַז דער כתב עברי איז גאָר אָן אַנדער סאָרט שריפט. מפרשים פרעגן, ווי אַזוי האָט עזרא, אַפילו מיטן הסכם פון די נביאים, געקענט אַריינברענגען אַזאַ חידוש. ס׳ווערט דאָך געזאָגט ״אין נביא רשאי לחדש דבר״ — אַז ער טאָר נישט ברענגען קיין חידוש, וואָס ס׳זאָל אויסזען, אַז ער ברענגט אַ נייע תורה[37] און ס׳ווערן געגעבן פאַרשיידענע תירוצים. אָבער דאָס גייט נישט אַריין אין די ראַמען פון אונדזער אַרבעט.

דאָס וואָרט ״העיד״, האַלט ר׳ צבי הירש חיות, איז געמיינט, אַ ״הלכה מקובלת״, אַן אָנגענומענע פעסטגעשטעלטע טראַדיציע, אַ מסורה, איבערגעגעבן ״איש מפי איש, הלכה למשה מסיני...״ אַז באַלד בעת נתינת התורה, בעת משה רבנו האָט מקבל געווען די תורה, האָט דער רבונו של עולם, דער נותן התורה געגעבן די דאָזיקע דערלויבעניש, אַז דאָס לשון דאַרף זיין לשון הקודש אָבער דער כתב קאָן זיין כתב־אשורית, די ״אותיות מרובעות״, וואָס זענען לייכטער, באַקוועמער צום לייענען און צום לערנען און דער היתר איז באַזירט אויפן פסוק: ״עת לעשות לד׳ הפרו תורתך״ [38].

וואָס עס איז שטאַרק פאַרבאָטן איז עבודה־זרה, רציחה, אוממאָראַלישקייט און מ׳דאַרף קעמפן קעגן די וועלכע ווילן באַרויבן די זרע אברהם פונעם לאַנד וואָס איז זיי פאַרזיכערט געוואָרן, די פעלשערס וועגן וועלכע דער נביא האָט פאַראויסגעזען ״ועל ירושלים ידו גורל...״ און אויף ירושלים געוואָרפן גורל... און דער נביא פאַרזיכערט, אַז ס׳וועט זיי נישט העלפן און ס׳וועט זיי נישט געלינגען: ״ובהר ציון תהיה פליטה והיה קודש. וירשו בית יעקב את מורשיהם... ועלו מושיעים בהר ציון לשפט את הרע עשו והיתה לד׳ המלוכה״ [39] — אויף דעם באַרג ציון וועט זיין אַן אַנטרינונג און ער וועט זיין הייליק, דאָס הויז פון יעקב וועט ירשענען זייער ירושה... העלפער וועלן אַרויפגיין אויפן באַרג צו משפטן דעם באַרג עשו און די מלוכה וועט זיין ביי גאָט.

אויף די שונאים און די וועלכע פאַרמעסטן זיך אומצוברענגען דאָס ייִדישע פאָלק האָט רבי שמעון בן יוחאי אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ, געטייטשט דעם פסוק ״ויקח שש מאות רכב בחור״ — און ער האָט מיטגענומען זעקס הונדערט רייטוועגנער... פון וואַנען האָבן די מצריים געהאַט רייטוועגנער? זיכער פון די וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן גאָטפאַרכטיקייט און דאָך גרייט געווען אומ־

צוברענגען ייִדן: "משל מי היו הבהמות שהי׳ טוענין המרכבות... משל הירא את דבר ד׳, נמצינו למדין, המקנה שהניס הירא את דבר ד׳... מכאן היה ר׳ שמעון בן יוחאי אומר: "טוב שבמצרים הרוג; טוב שבנחשים רצוץ את מוחו" [40].

רבי שמעון בן יוחאי האָט באַרעכטיקט דאָס כובש זיין דאָס כּנען־לאַנד, נישט בלויז צוליב דער געטלעכער הבטחה, נאָר אויך צוליב זייערע מעשׂים, צוליב דער פאַרדאָרבנקייט פון די כּנען־פעלקער. דאָס הייליקע לאַנד — האָט ער געהאַלטן — קען נישט פאַרנעמען פאַרדאָרבנקייט און דעריבער איז אָנגעזאָגט געוואָרן צו די ייִדן: "וכמעשה ארץ כנען וגו׳ לא תעשו וגו׳ ומנין שלא היתה אומה באומות שהתעיבו מעשיהם יותר מן הכנענים וגו׳ ר׳ שמעון אומר: הרי הוא אומר [41] "מי פעל ועשה קורא הדורות מראש, זימן לדור החייב שיבואו ישראל ויפרעו מהם" — צוליב זייערע שלעכטע מעשׂים האָבן ייִדן רעכט כּובש צו זיין און זיי אַרויסטרייבן פונעם הייליקן לאַנד וואָס איז פאַרזיכערט געוואָרן צו די אָפּשטאַמיקע פון אברהם אבינו [42].

"תנו רבנן: שבע מצות נצטוו בני נח; ר׳ שמעון אומר: אף על הכשוף. מאי טעמא דר׳ שמעון? — דכתיב [43]: "מכשפה לא תחיה" וכתיב [44] "כל שוכב עם בהמה מות יומת, כל שישנו בכלל, כל שוכב עם בהמה, ישנו בכלל מכשפה לא תחיה..." זיי, די כּנענים, דערפאַר וואָס זיי האָבן געפּראַוועט אָרגיעס, וואַקכאַנאַליעס, מיט כּשוף, געלעבט סעקסועל מיט בהמות, געפּראַוועט האָמאָסעקסואַלקייטן און אַנדערע סאָרטן תּועבות, האָבן זיי נישט קיין אָרט אין אַ ציוויליזירטער געזעלשאַפט: "ובגלל התועבות האלה ד׳ אלקיך מוריש אותם מפניך" — צוליב די דאָזיקע אומווירדיקייטן, פאַרטרייבט זיי השם, דיין גאָט פון דיר. זאָגט דערויף ר׳ שמעון בן יוחאי: "מלמד שהוזהרו כנענים על כל המעשים האלו, שאין עונשים את האדם עד שמזהירים אותו".

צוליב וואָס ברענגען מיר די אַלע פּסוקים און מאמרים? כּדי צו ווייזן, אַז די סיבות פאַר וואָס מ׳האָט דערלויבט ייִדן צו "קויפן" קנעכט ביי כּנענים, האַלטן זיי ווי שקלאַפן, זענען צוליב דעם וואָס זיי האָבן געשענדט דעם צלם אלקים, נישט קאָנטראָלירט זייערע ווילדע תּאוות, נישט אָנערקענט אַז ס׳איז דאָ דער איינציקער גאָט, דער באַשעפער וואָס טאָלערירט נישט פאַרברעכערישקייט — און נאָך אַלעמען, האָט דער רבונו של עולם רחמנות אויף אַלע באַשעפענישן און ער ווייזט דעם וועג פאַר יעדן ייִד זיך צו באַנעמען מיט רחמנות. אין לשון פון רמב״ם:

"...אבל מדת חסידים ודרכי חכמה, שיהא אדם רחמן ולא יכביד עולו על עבדו... ולא יבזהו ולא יצעק עליו אלא בנחת, וישמע טענותיו, וכמו שאמר איוב, אם אמאס משפט עבדו ואמתו בריבם עמדי וכו׳ ואין האכזריות ועזות מצויה אלא בעובדי עבודה זרה, אבל זרע אברהם והם ישראל, שציוה הקב״ה

תורה וחוקים צדיקים, רחמנים הם על הכל, וכן מדות השם, שציוני להדמות בהם, ורחמיו על כל מעשיו, וכל המרחם — מרחמין עליו, שנאמר 'ונתן לך רחמים ורחמך' " — ער וועט דיר שענקען דערבארעמונג און זיך דערבארעמען אויף דיר...[46].

## ו. חכמה ביי גויים. — מעג מען לערנען תורה מיט נישט־יידן? — א פראגע וואס איז נישט איין מאל באהאנדלט געווארן. — מיינונגען פון גדולי־ישראל.

דער רמב"ם — ווייזט אן הרב גרויבארט — איז אויך געווען געוואגט מיט זיין שטעלונג צו אנערקענען חכמה ביי נישט־יידן, אין איינשטעלן דעם לונארן־סיסטעם אין אונדזערע חשבונות וועגן אויסגלייכן דאס לבנה־יאר מיט דעם זוניאר: "זו חכמת התקופות והגימטריאות שחיברו חכמי יון ספרים הרבה, ומאחר שכל אלו הדברים בראיות ברורות הן, אין חוששים למחבר, אפילו גוי, וסומכין עליו"[1].

דער רמב"ם האלט זיך ביי דער שיטה פון זוהר, אגדות חז"ל. אויב א נישט־ייד איז געהיט אין די זיבן מצוות, האבנדיק די אמונה, אז ער דערפילט גאטס געבאט, פארדינט ער זיך עולם־הבא: "כל המקבל שבע מצוות ונזהר לעשותן הרי זה מחסידי אומות העולם ויש לו חלק לעולם הבא, והוא שיקבל אותן ויעשה אותן, מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה, והודיענו על־ידי משה רבינו שבני נח מקודם נצטוו בהן, אבל עשאן מפני הכרע הדעת, אין זה גר תושב, ואינו מחסידי אומות העולם ולא מחכמיהם"[2].

הרב מהראי"ה קוק זצ"ל (תרצ"ה—1865; תרצ"ה—1935) ציטירט פון מאירי, אז די פעלקער וועלכע זענען געצוימט מיט גוטער באציונג צווישן מענטש און מענטש, ווערן פארעכנט פאר גרים־תושבים מיט אלע פארפליכטונגען צו זיי: "שכל העמים שהם גדורים בנמוסים הגונים בין אדם לחברו, הם כבר נחשבים לגרים תושבים בכל חיובי האדם"[3].

אין א פריערדיקן פרק האבן מיר באהאנדלט דעם ענין פון לערנען תורה מיט נישט־יידן, אבער כדאי נאך א מאל זיך אפשטעלן וועגן מיינונגען ביי תנאים. רבי מאיר איז מיט דער מיינונג, אז דער נישט־ייד וואס לערנט תורה און איז מקיים תורה־פרינציפן, איז אזוי גרויס ווי דער כהן גדול: "מנין שאפילו נכרי ועוסק בתורה שהוא ככהן גדול? — תלמוד לומר: אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" — און איר זאלט היטן מיינע חוקים און מיינע געזעצן, וואס א מענטש טוט זיי, און לעבט דורך זיי, איך בין השם[4]. דרשנט דערויף ר' מאיר:

„כהנים לויים וישראלים לא נאמר, אלא האדם, הא למדת שאפילו נכרי ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול”.

רש״י האַלט, אַז רבי מאיר איז מחולק אויף רבי שמעון בן יוחאי, וואָס דרשנט: „אתם קרויים אדם ולא עובדי כוכבים קרויין אדם”. די בעלי התוספות באַמיען זיך צו באַווייזן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייט, ביידע זענען געווען תלמידים פון רבי עקיבא.

רבי מאיר — לערנט תוספות — רעדט וועגן נכרים וועלכע זענען מקיים די זיבן מצוות און ווילן לערנען, כדי צו וויסן ווי געהעריק זיי צו היטן; זיי ווילן זיך פאַרטיפן אין פאַרשטיין און זיין באַקאַנט מיט אַלע דינים פאַרבונדן מיט די דאָזיקע מצוות: „עוסקין בהלכות אותן שבע מצוות, להיות בקיאין בהן”.

רבי עקיבא איגר זצ״ל (תקנ״א—1761; תקצ״ח—1837) ווייזט אָן[5] אויף דעם מאמר פון רבי אמי[6]: „אין מוסרין דברי תורה לעובדי כוכבים”, אַז מ׳טאָר נישט איבערגעבן תורה צו נישט־ייִדן. ס׳זענען דערויף דאָ אַ צאָל תירוצים. איין תירוץ: עס איז אַ חילוק צווישן תורה שבכתב און תורה שבעל־פה און אַז רבי מאיר רעדט פון תורה שבכתב. אַ צווייטער תירוץ איז, אַז רבי אמי רעדט פון סודות התורה. צו די סודות פון דער תורה איז דער נכרי נישט צוגעגרייט צו באַנעמען און ס׳איז אַ סכנה אים אַריינצופירן אינעם פרדס פון תורה; געוויינלעך, פשוט לערנען תורה, איז דערלויבט — און ער ווערט געלויבט.

דער מאירי (ר׳ מנחם ב״ר שלמה, ה׳אלפים, ט׳—1249; ע״ה—11315) אין „בית הבחירה” דערקלערט, אַז רבי אמי רעדט וועגן אַ נכרי, וואָס לערנט תורה, נישט כדי מקיים צו זיין, נאָר „לקנתר”, צו העצען און פאַרקרימען תלמוד־שטעלן און תורה־וויסן. אויב אָבער דער נכרי וויל באמת לערנען תורה לשמה, זיך צו באַקענען מיט תורה, מיט ייִדישקייט, איז אים נישט בלויז דערלויבט, נאָר מ׳דאַרף אים העלפן לערנען און פאַרשטיין תורה. אַזעלכער קען דערגרייכן די מדרגה פון כהן גדול, וואָס דאָס מיינט דערגיין צו דער העכסטער חשיבות ביי ייִדן.

אַ ביז נאָר שאַרפע מיינונג וועגן נכרים וועלכע לערנען תורה האָט אויסגעדריקט רבי יוחנן, דער מחבר פון תלמוד ירושלמי. זיין באַהויפּטונג: „נכרי שעוסק בתורה חייב מיתה”[7].

די מפרשי התלמוד באַמיען זיך, יעדער לויט זיין אויפפאַסונג, מסביר צו זיין דעם דאָזיקן קאַטעגאָרישן קעגנערישן אויסדרוק. דער רמב״ם האַלט, אַז רבי יוחנן איז געווען קעגן דעם אַז נכרים זאָלן לערנען מצוות און טראַדיציעס, וואָס בלויז ייִדן קענען זיי באַנעמען און באַגרייפן, אָבער וואָס שייך דאָס לערנען די זיבן מצוות, איז דער נכרי מחוייב צו לערנען און אַז ער טוט אַזוי, איז ער ווי רבי מאיר זאָגט, אַזוי חשוב, ווי אַ כהן גדול: „בלימוד שבע מצוות דידהו —

הרי הוא כּכהן גדול... יקרה היא מפּנינים [8] — מכּהן גדול הנכנס לפני ולפנים״.

ביים באַהאַנדלען דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד שרייבט דער ליובאַוויטשער רבי שליט״א: ״...ויתירה מזו, מה שכּתב בספרי, שב״נ שייכים לכתר תורה, משמע שב״נ ישנם במצות ת״ת (תורה שבע מצוות דידהו), היינו שיש בהם חיוב לעסוק בהלכות שבע מצוות דידהו״ [9].

וואָס שייך לערנען וועלטלעכע וויסנשאַפטן, האָבן מיר פריער געזען, אַז דער רמב״ם האָט געהאַט דערצו אַ פּאָזיטיווע באַציונג און געהאַלטן אַז מען מעג לערנען חכמה ביי נישט־ייִדן. אומצייליקע ייִדישע געלערנטע האָבן געלערנט ביי נישט־ייִדישע אַקאַדעמיקערס, וויסנשאַפטלערס, פילאָזאָפן.

מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן אַ צאָל געלערנטע ייִדן אין איטאַליע, וועלכע האָבן זייער בילדונג געהאַט צו פאַרדאַנקען די איטאַליענישע פּראָפעסאָרן. ר׳ יהודה אריה (לעאָן) מאָדענאַ, איז געווען איינער פון זיי. ער איז געווען פּאָעט, פאָרשער, למדן און מנהיג פון איטאַליענישן ייִדנטום. ער איז געווען אַ מערק־ווירדיקער משׂכּיל, לויט דעם איטאַליענישן נוסח, ווי מיר זעען עס פון זיין אויטאָביאָגראַפיע: ״חיי יהודה״. ר׳ יהודה ארי׳ מאָדענאַ האָט נאָכגעפאָלגט די ווערטער פון חז״ל, אַז ״יש חכמה בגויים״ [10] און מ׳דאַרף מאַכן אַ ברכה, ווען מען טרעפט זיך מיט נישט־ייִדישע חכמים. ער איז דער מחבר פון צענדליקער ספרים און אַ קעמפער פאַר דער ייִדישער אמונה.

ווי ער גיט איבער אין זיין ביאָגראַפיע, האָט ער געשריבן זיינע ספרים אונטער טראַגישע פאַמיליאַרע און געזעלשאַפטלעכע אומשטאַנדן. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פון אַלגעמיינער בילדונג און שטודיעס פון נישט־ייִדישע מחברים. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו פירן זיינע וויכּוחים, דיאַלאָגן מיט די קריסטלעכע טעאָלאָגן, צו קענען זיך שטעלן קעגן אַנטי־סעמיטישע נישט־ייִדישע געלערנטע.

ער איז געווען געקליידט מאָדערן, ער האָט געלערנט אין די אוניווערסיטעטן בגלוי־ראש, אָבער געפלאַמט מיט התלהבות, ווי דער שענסטער פאָרשטייער פון איטאַליענישן היסטאָרישן ייִדנטום.

ער האָט זיך געהאַלטן ביי דער שיטה פון רמב״ם, אַז אויב מ׳געפינט אַ גוטע זאַך ביי נישט־ייִדן, מעג מען דאָס אַריינגעמען, ווייל ״יש חכמה בגויים״ — ווי דער רמב״ם באַפעסטיקט זיין טעזע, מיטן זאָג: ״כּי האמת אחת היא״ [11] און ס׳קענען זיין ביי נישט־ייִדן ״צדיקים״ [12].

מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל אָנגעוויזן אויף דער פריינדשאַפט וואָס האָט געהערשט צווישן אַנטונינוס און רבי. ס׳ווערט געזאָגט: ״בשׂכר אותו חלב שינק אנטונינוס מאמו של רבנו הקדוש, זכה ולמד תורה ושמש את רבנו הקדוש, ונעשׂה מלך לאומתו, וירש העולם הזה והעולם הבא״ [13].

ווי אַזוי האָט פּאַסירט, אַז אַנטונינוס זאָל זייגן די מילך פון רביס מוטער? — ווערט דערציילט, אַז רביס מוטער איז פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט, ווען רוים האָט אַרויסגעגעבן די אכזריותדיקע גזירות קעגן ייִדן — אַ גזירה מ'זאָל נישט מל זיין ייִדישע קינדער; אויב מ'וועט נישט אויספאָלגן, קומט טויטשטראָף. מ'האָט אויך אַוועקגעכאַפּט קינדער ביי ייִדישע מאַמעס, ווי ביי פּרעה מלך מצרים.

וואָס האָט די מוטער פון אַנטונינוס געטאָן? זי איז אויך געווען אין די חדשים פון שוואַנגערשאַפט. האָט זי נאָכן געבורט — פאַר אַ צייט — אויסגעטוישט די קינדער, און אַזוי אַרוםביידע קינדער געראַטעוועט: רבי, דאָס געמלטע קינד, איז געווען ביי דער קייסערינע און דאָס נישט־געמלטע קינד ביי רבי גמליאל דעם נשיא.

אַנטונינוס איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַן אוהב־ישראל און איז באַלוינט געוואָרן מיט ביידע וועלטן: עולם הזה — קיסר פון רוים; און מיט אַ צוזאָג אויף עולם־הבא.

נאָך איינער אין אַלטערטום, וואָס ווערט כאַראַקטעריזירט אַלס איינער פון די חסידי אומות העולם, איז געווען אבנימוס הגרדי. וועגן אים ווערט דערציילט [14]:

"לא היו פילוסופין בעולם כבלעם בן בעור וכאבנימוס הגרדי" (דרך אגב: ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז ער איז געווען אַן אָנהענגער פון דער מינים־סעקטע, אָבער דאָס איז אַ דעת־יחיד און נישט פעסטגעשטעלט). וואָס עס ווערט יאָ דערציילט אין די אגדות־חז"ל איז, אַז רבי מאיר האָט אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט מיט אים און איז אַפילו געקומען אים מנחם־אָבל זיין, ווען ער איז געווען אין אבילות.

ווי עס ווערט דערציילט, איז אבנימוס געווען איינער פון די חכמי האלכסנ־דרונים און רבי מאיר האָט ביי אים געלערנט חכמה יוונית. ווען זיין מוטער איז אים געשטאָרבן, איז רבי מאיר געקומען צו אים, "להראות לו פנים", דאָס האָט געמיינט אים טרייסטן.

אַ צייט שפּעטער איז אים דער פאָטער געשטאָרבן, איז ווידער רבי מאיר געגאַנגען להראות לו פנים, אים צו טרייסטן; האָט ער דאָרט געטראָפן די פאַמיליע ביי דער אַרבעט: "עסוקים במלאכתם". האָט רבי מאיר אים געזאָגט: "לויט דער אויפפירונג זעט אויס, אַז די מוטער איז דיר ליבער, ווי דער פאָטער?"

האָט אבנימוס אים געענטפערט מיט אַ פּסוק: "שובנה אשה לבית אמה", וואָס נעמי האָט געזאָגט צו אירע שניר — קערט אייך אום, איטלעכע צו איר מוטערס הויז[15] און נישט צו איר פאָטערס הויז.

רבי מאיר האָט מסכים געווען און אים געזאָגט, ס'איז ריכטיק: "ביי געצנ־דינערס איז נישטאָ קיין פאָטערלעכע אָפּשטאַמיקייט..." [16].

דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן רבי מאירן צו זיין מיט אים באַפריינדט, און ווי ס'זעט אויס, האָבן זיי געלערנט צוזאַמען תורה, ווי רבי מאירס שיטה.

ווען געצן־דינערס האָבן געפרעגט דעם אבנימוס הגרדי, צי זיי וועלן קענען אומברענגען יידן, האָט ער זיי געעצהט: "לכו וחזרו על בתי כנסיות ועל בתי מדרשות שלהם, ואם מצאתם שם תינוקות מצפצפים שם, אין אתם יכולים להזדווג להם, שכן הבטיחם אביהם ואמר להם: הקול קול יעקב והידים ידי עשו" — דאָס קול איז יעקבס, אָבער די הענט זענען די הענט פון עשו[17] — "בזמן שקולו של יעקב מצוי בבתי כנסיות ובבתי מדרשות, אין הידים ידי עשו..." אַזוי לאַנג, ווי יידישע קינדער לערנען תורה, וועלן עשוס הענט נישט האָבן קיין שליטה איבער זיי. זיי וועלן עקזיסטירן אויף אייביק און קיין שונא וועט זיי נישט קענען מנצח זיין...

מיר האָבן פריער אָנגעוויזן אַז ס'האָט געהערשט אַ שטענדיקע פריינדשאַפט צווישן ר' יהודה הנשיא, דעם מסדר המשנה, און דעם רוימישן קיסר אַנטונינוס און אַז זיי האָבן ביידע געלערנט תורה[18].

ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין ירושלמי[19], האָט אַנטונינוס זיך מגייר געווען. ער האָט דאָס פאַרשטייט זיך געקענט טאָן אויף אַ באַהאַלטענעם אופן, די רוימער זאָלן זיך נישט דערוויסן, אַז דער קיסר איז אַ ייד. דערמיט וואָלט פאַרענטפערט געוואָרן, פאַר וואָס רבי יהודה הנשיא האָט מיט אים געלערנט תורה און נישט עובר געווען אויף דעם אָנזאָג: "מגיד דבריו ליעקב" — ער זאָגט זיינע ווערטער (תורה) צו יעקבן[20]. וואָס מ'לערנט דערפון אַרויס, אַז ב ל ו י ז צו יעקבן!

די מוטער פון אַנטונינוס, איז ווי געזאָגט, געווען באַפריינדט מיט דער מוטער פון ר' יהודה הנשיא און אין דער צייט פון די גזירות, האָט זי אויס־געביטן די קינדער, כדי דאָס יידישע קינד זאָל קענען דורכגיין דעם מילה־אַקט.

ווען די רוימישע באַאַמטע זענען — צוליב אַ מסירה — געקומען צו דער קיסרטע און דאָרט געפונען דאָס געמלטע קינד, איז דאָס קינד — אין זייערע אויגן — נישט געווען געמלט. זיי זענען אָבער געווען זיכער, אַז ביי איר געפינט זיך דאָס יידישע קינד, האָבן זיי אין דעם געזען אַ נס און מורא געהאַט אָנצוגיין מיט די גזירות. דאַן האָט רביס מוטער אַהיימגענומען איר קינד און צוריקגעגעבן דער קיסרטע איר קינד. די פריינדשאַפט איז שוין געבליבן.

דער מהר"ץ חיות שטעלט זיך אויף דעם פאַקט, וואָס די ראשוני הפוסקים ברענגען נישט דעם דין "אין מוסרים דברי תורה לנכרים". ער זעט אין דעם פאַרבאָט, דעם "לאו" פון "לפני עור לא תתן מכשול"[21]: אויב מ'וועט אים

לערנען תורה און ער וועט נישט מקיים זיין... איז בעסער, מ׳זאָל אים נישט לערנען. ער האַלט אויך, אַז דער זאָג פון רבי יוחנן: ״עכ״ום שעוסק בתורה — חייב מיתה״, איז צוליב דער מורא, אַז ער וועט נישט מקיים זיין די תורה־פליכטן און וועט ברענגען אויף זיך תורה־שטראָף.

ווי מיר זעען, איז עס אַ קאָמפּליצירטע טעמע און אַן אוממעגלעכקייט אויס־צוגלייכן אַלע מיינונגען בנוגע לערנען תורה מיט נישט־ייִדן. כדי ס׳זאָלן נישט זיין קיין עקסטרעס קעגנערישע מיינונגען, קאָן מען דאָ אויך זאָגן ״אלו ואלו דברי אלקים חיים״: ס׳ווענדט זיך מיט וועמען און וואָס לערנען מיט נישט־ייִדן.

דער פאַקט וואָס די תורה איז איבערגעזעצט געוואָרן פאַר דער וועלט: ״בשבעים לשון כדי שלא יהא פתחון פה למינים״ [22] באַווייזט, אַז ס׳איז דאָ פּאָזיטיווס אין איבערזעצן און לערנען תורה צו אַנדערע פעלקער. די קאַטעגאָרישע קעגנערשאַפט צום לערנען תורה מיט נישט־ייִדן קאָן זיין צוליב דער מורא פון אַריינטייטשן אין איר פרעמדע געדאַנקען, באַזונדערס אין דער תורה שבעל־פה, ווי עס ווערט געזאָגט אין אבות [23]: ״חכמים הזהרו בדבריכם, שמא תחובו חובת גלות... וישתו התלמידים... ונמצא שם שמים מתחלל״ — זייט פאָרזיכטיק מיט אייערע רייד, טאָמער וועט איר פאַרטריבן ווערן אין אַן אָרט פון שלעכטע וואַסערן און די תלמידים וועלן טרינקען... און גאָטס נאָמען וועט פאַרשוועכט ווערן.

מיר האָבן אין אַ פריערדיקן פּרק אָנגעוויזן אויף דער אומצופרידנקייט פון דער איבערזעצונג פון די זיבעציק זקנים, ביי די שעפערס פון דער תורה שבעל־פה, אַז ס׳האָט געהערשט אַ דריי־טאָגיקע פינצטערניש נאָך דער דאָזיקער איבער־זעצונג און ארץ־ישראל האָט אַ ציטער געטאָן: ״נזדעזעה ארבע מאות פרסה על ארבע מאות פרסה״, מסתמא צוליב דער מורא פאַר שלעכטע אויסטייטשן.

אַ פאַקט איז, אַז בעת תלמי, דער גריכיש־עגיפּטישער קעניג, האָט צוזאַמענ־גענומען די זיבעציק (אָדער 72) זקנים, האָבן זיי געמאַכט ענדערונגען, מ׳זאָל נישט קענען אַריינברענגען קיין אַפּיקורסישע געדאַנקען [24].

וואָס שייך די חסידי אומות העולם, האָט מען זיי תמיד מקרב געווען; מ׳האָט זיי געגעבן פּריווילעגיעס צו ברענגען מתנות צום בית המקדש, מ׳זאָל פאַר זיי מתפּלל זיין, ווי שלמה המלך האָט געזאָגט ביים חנוכת־הבית פונעם ערשטן בית־המקדש: ״וגם אל הנכרי... ובא והתפלל אל הבית הזה — אתה תשמע השמים״ — אויך צום פרעמדן... אַז ער וועט קומען און מתפּלל זיין אין דעם הויז, זאָלסטו צוהערן אין הימל... [25].

ווי מיר האָבן פריער אָנגעוויזן, האָט מען די חסידי אומות העולם פאַרזיכערט עולם־הבא, די וועלט פון אייביקייט, פון געלייטערטקייט, די וועלט פון צדיקים.

צווישן די אויסגעשלאָסענע פון חלק עולם־הבא זענען דאָ ייִדן און נישט־ייִדן: די וועלכע ווערן געשטעמפּלט ווי פאַרברעכערס, די וועלכע גלויבן נישט אין דער תּורה מן השמים, אינעם קומען פון משיח, אין תּחית־המתים. זיי וועלן נישט זוכה זיין צו זיצן צווישן צדיקים, "באַדעקט מיט קרוינען, וועלכע געניסן פון שכינה־לויטערקייט". די וועלכע זענען מקיים מצוות, אַפילו בלויז די זיבן מצוות ביי נישט־ייִדן, זיי וועלן געניסן פון אָט דער דערהויבנקייט אין דער וועלט פון נשמה־גייסטיקייט [26].

מיר וועלן דאָ ברענגען אַן אינטערעסאַנטן טייטש אויפן פּסוק "ובגפן שלשה שריגים" — און אויפן ווײַנשטאָק דריי צווייגן [27], זאָגט דערויף ר' חייא בר אבא, אין נאָמען פון רב: "אלו שלשה שרי גאים היוצאים מישראל בכל דור ודור" — דאָס זענען די דריי ייִדישע פּערזענלעכקייטן־צדיקים וועלכע העלפן ייִדן. רבא זאָגט: "אלו שלשה שרי גוים שמלמדים זכות על ישראל בכל דור ודור" — דאָס זענען דריי נישט־ייִדישע פּערזענלעכקייטן וועלכע האָבן איינפלוס און שטעלן זיך איין פאַר ייִדן [28].

רבא, ווי מיר זעען, נעמט אַריין נישט־ייִדישע פירערס ווי "שרי גאים", און דער "גפן"־ווײַנשטאָק איז געמיינט סימבאָליש פאַר ייִדן, ווי דער פּסוק זאָגט: "גפן ממצרים תסיע" — אַ ווײַנשטאָק האָסטו אַרויסגעצויגן פון מצרים [29]. רש"י קאָמענטירט, אַז די "שרי גאים" זענען די שרים־מלאכים אין הימל, ווי עס ווערט געזאָגט אין אגדות חז"ל, אַז יעדער אומה האָט איר שר אין הימל. דער רבנו גרשם לערנט אָבער פּשוט: "גוים כשרים כגון אדרבן דשמשי לרב".

די מפרשים שטעלן זיך, פאַר וואָס רש"י האָט געדאַרפט טייטשן אַז דאָ זענען געמיינט געוואָרן די מלאכים אין הימל, ווען מ'קען טייטשן "מלאכי מטה" — גוטע, פירנדיקע ליבעראַלן און זיי גיבן שוואַכע תּירוצים, ווי אַ "שנוי' דחיקא" [30].

לפי עניות דעתי, האָט רש"י, לעבנדיק אין דער צייט פון די קרייצפאַרערס, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט אומצייליקע ייִדישע ישובים, נישט געזען און נישט געקענט טראַכטן וועגן גוטע נישט־ייִדישע שרים. ווי ער דריקט זיך אויך אויס אין דער קינה וועגן ערשטן "מסע הצלב" (תתנ"ו—1096): "תּורה תּמימה, אלפים קדומה, / חלי נא פּני האל בעד יונה תּמה / בקשי עלבון חסידיך / ושפיכת דם למודיך" [31].

דער ווײַטערדיקער פּסוק, אין שייכות מיטן אַרויסגאַנג פון מצרים: "ואקחה שלשים הכסף ואשליך אותו בית ד' אל האוצר" — און איך האָב גענומען די דרייסיק זילבערשטיק און האָב עס אַרײַנגעוואָרפן אין הויז פון גאָט, אין דעם שאַצקאַמער [32], טייטשט רב, אַז די שלשים כסף איז געמיינט געוואָרן די דרייסיק צדיקי אומות העולם, וואָס די עקזיסטענץ פון דער וועלט האַלט זיך אויף זיי [33].

עולא זאָגט, אַז די „שלשים כסף" איז געמיינט געוואָרן די דרייסיק מצוות, וואָס די בני־נח האָבן גענומען אויף זיך און זענען נישט מקיים מער ווי דריי: „אלו שלשים מצוות שקבלו עליהם בני נח ואין מקיימים אלא שלשה, שאין כותבין כתובה לזכרים"[34], זייענדיק אין חשד אויף משכב זכר — האָמאָסעקסועלע פאַר־ברעכערישקייט; „שאין שוקלין בשׂר המת במקולין" — זיי פאַרקויפן נישט אויף דער וואָג, אין דער עפנטלעכקייט, פלייש פון טויטע מענטשן — זיי זענען נישט קיין קאַניבאַלן אין דער עפנטלעכקייט[35] און „שמכבדין את התורה".

די פראַגע שטעלט זיך: מיר ווייסן פון זיבן מצוות, ווי קומען דאָ דרייסיק מצוות, צו די בני־נח? רש"י זאָגט: „לא נתפרשו, מהכא הוא דקא יליף". דער מהרש"א ווייזט אָן וועגן די דרייסיק צדיקים אָבער נישט וועגן די דרייסיק מצוות.

אין מדרש געפינט מען דעם דרש פון ר' יוחנן אויף דעם פסוק „וישקול את שכרי שלשים כסף" — און זיי האָבן אָפּגעוויגן מיין לוין דרייסיק זילבער־שטיק[36], אַז דאָס זענען די דרייסיק מצוות, וואָס די פעלקער וועלן אין דער צייט פון משיח מקיים זיין, ווי אַ צוגאָב צו די זיבן מצוות. זיי וועלן נישט דאַרפן היטן די תרי"ג מצוות, ווי ייִדן, אָבער זיי וועלן דאַרפן מקיים זיין זיבן־און־דרייסיק מצוות. אַ גרענעצלאָזע התקרבות צו די חסידי אומות העולם: אויף זיי שטייט די נישט־ייִדישע וועלט; זיי וועלן דערהויבן ווערן מיט נאָך מצוות. ווי אַזוי וועלן זיי וויסן די מצוות? — דורך לערנען מיט זיי די הייליקייט פון דער תּורה.

ס'איז אויך כּדאַי צו ברענגען דעם פאַקט, אַז אין אַלע צייטן האָבן זיך געפונען נישט־ייִדישע רייזנדע וועלכע האָבן באַרייזט ארץ־ישראל און געשילדערט דאָס אָרטיקע לעבן — און זייער באַשרייבן האָט אַ וויכטיקן היסטאָרישן באַטייט.

געוועזן צווישן זיי אַזעלכע וועלכע האָבן געהאַט גאָר אַנדערע כּוונות: צו באַקערן ייִדן צום קריסטנטום, ד. ה. מיסיאָנערישע כּוונות. אַזעלכע קומען געוויס נישט אין דער ריי פון די חסידי אומות העולם, אַפילו ווען זיי האָבן געשריבן גוטס וועגן ייִדן[37]. דער רמב"ם, וואָס האָט קאָדיפיצירט דאָס ייִדיש־רעליגיעזע לעבן, האָט קאַטעגאָריש צוריקגעוויזן די וועלכע אָנערקענען נישט די אחדות־אלקות, די השגחה־עליונה, ווי דאָס ווערט רעפלעקטירט אין תּורת־משה, ביי די נביאים, ביי די חכמי־התּלמוד און זייערע נאָכפאָלגערס.

געוועזן קריסטן וועלכע האָבן מיט ליבשאַפט און סימפּאַטיע געוואָלט פירן ייִדן צו שמד און געוועזן אַזעלכע וועלכע האָבן מיט געוואַלט און צוואַנג געוואָלט שמדן ייִדן. די קרייצפאָרערס האָבן מיט דער שווערד געוואָלט אויזורפירן סיי דעם גוף און סיי די נשמה פונעם ייִד. געוועזן מיסיאָנערן וועלכע זענען געקומען

אין דער הייליקער שטאָט און דאָרט פאַרשטאַרקט די אייזערנע וואַנט מיט דער דורותדיקער שׂנאה צו ייִדן, ווייל זיי האָבן צוריקגעוויזן די קריסטלעכע אמונה.

געווען אָבער אַזעלכע וועלכע האָבן אָנערקענט די גרויסקייט פון ייִדן צו ברענגען דער וועלט די גאָט־דערקענטעניש און צו זיי געהערט — נישט געקוקט אויף אַלע ספקות — דער פּויפּסט דזשאָן דער 23טער, וועלכער האָט זיך באַמיט אָפּצושוואַכן די שׂנאה צו ייִדן מצד די קאַטויליקן. זיין דעקלאַראַציע פון 1964 האָט געפירט אין דער דאָזיקער ריכטונג — אָבער נישט דערפירט. ס׳איז נישט געקומען צום מקיים זיין די דרייסיק מצוות און במילא האָבן געפעלט די דרייסיק צדיקים.

צום סוף אַ וואָרט פון רד״ק — (ר׳ דוד קמחי, דתתק״כ—1160; תתקצ״ה—1235), וועגן דער צוקונפט־גאולה: ״כמו שסיבב הקב״ה תשועת גלות בבל על־ידי כורש, כן לעתיד, יסבב גאולת ישׂראל על־ידי מלכי הגויים, שיעיר את רוחם לשלח את ישׂראל, כמו שכתוב [38]: ״והביאו את כל אחיכם מכל הגויים מנחה לד׳״ און דער רד״ק פירט אויס: ״וזה יהי׳ לפי שבטחו ישׂראל בגלות באל יתברך לבדו...״[39]. די פעלקער וועלן ברענגען אַלע אייערע ברידער, פון אַלע פעלקער אַ מתנה צו גאָט, ווייל איר האָט געהאַט בטחון און אמונה אין גאָט אַליין.

ר׳ שמואל מאָהילעווער (תקפ״ד—1824; תרנ״ח—1898) שרייבט: ״הגם שהגאולה תהי׳ בדרך הטבע, לא תהי׳ חלילה בדרך מקרה, כי אין מקרה בתבל. ומי הוא מנהיג הטבע? — רק ד׳ לבדו! על־כל־פּנים היא צריכה להיות בדרך טבעית, והיינו שאנחנו מצדנו, נשתדל לפני כל מלכי תבל, רוזני ארץ שיסכּימו להיטיב עמנו, והשם יתברך יעזור לנו להשׂיג את ארצנו ולקבץ את פזורנו, כמו שאמר הנביא: ׳עברו עברו בשערים, פּנו דרך העם סולו המסילה, סקלו מאבן, הרימו נס על העמים׳״ — גייט דורך, גייט דורך די טויערן, ראַמט אָפּ דעם וועג פון דעם פאָלק, טרעט אויס, טרעט אויס דעם שטעג, רייניקט אָפּ פון שטיינער, הייבט אויף אַ פאָן צו די פעלקער [40].

און ווייטער: ״אתם מוכרחים להתעורר בזה ולעשׂות השתדלות לפנות דרך העם ולסקל ולהסיר כל מונע ומכשול, ואז ׳הנה ד׳ השמיע אל קצה הארץ, אמרו לבת ציון, הנה ישעך בא׳״ — זע, גאָט האָט געמאַכט הערן, ביז צום עק פון דער ערד: זאָגט צו דער טאָכטער ציון, זע, דיין הילף איז געקומען [41].

ר׳ שלמה זלמן שרגאַי ציטירט פון רמב״ן: ״ראשית הגאולה העתידה, תהי׳ על־פּי רשיון המלכויות, ויהי׳ קצת קיבוץ גלויות, ואח״כ יוסיף השם יתברך שנית ידו, כּדכתיב: ׳ושב את שבותך... ושם וקיבצך מכּל העמים׳״ — און גאָט וועט אומקערן דיין געפאַנגענשאַפט... און וועט צוריק דיך איינזאַמלען פון אַלע אומות.

דער טעאָרעטיקער פון תורה ועבודה און ראַדזינער חסיד זעט די גאולה וואָס דאַרף קומען אין דער התחלה דורך די חסידי אומות העולם, וועלכע זאָלן אָנערקענען די רעכט פון ייִדן אויף ארץ־ישראל און העלפן ייִדן עולה צו זיין אין לאַנד פון זייערע היסטאָרישע רעכט אויף אומאָפּהענגיקייט און אויף מלכות ישראל. אין פּשוטע ווערטער מיינט עס, אַז דער קיבוץ־גלויות וועט זיין מיט דער גוטהייסונג פון די פעלקער און דאָס וועט פירן צו גאולה שלימה.

דער יסוד פאַר אָט דעם געדאַנקען־גאַנג קאָן זיין דער מאמר פון ר׳ יוחנן: "אמר הקב"ה, לא אבוא לירושלים של מעלה, עד שאבוא לירושלים של מטה" — איך וועל נישט אַריינקומען אינעם אויבערשטן, הימלישן ירושלים, ביז איך וועל נישט פריער אַריינקומען אינעם אונטערשטן ירושלים, ביז ס׳וועט נישט זיין קיין קיבוץ־גלויות און ביז דאַן בלייבט די שכינה אין גלות"[42] און אַזוי וועט קומען די אתחלתא דגאולה: די פעלקער וועלן מסכים זיין צו מלכות־ישראל.

ר׳ שלמה זלמן שרגאי ציטירט די ווערטער פון אדמו"ר ר׳ גרשון חנוך העניך (תקצ"ט—1839; תרנ"א—1891), "שישיגו רשיון לבנות בית המקדש... וכשנהי׳ זכאין, נזכה שעוד קודם קיבוץ הגלויות, נשיג רשיון לבנות בעצמנו"[43] — און אויף דערויף האָפן מיר אַז דאָס זאָל אונדז פירן צו גאולה שלימה.

די ייִדישע השקפה איז אַן אָפּטימיסטישע, אַזוי וואָס שייך דאָס פּריוואַטע, פּערזענלעכע לעבן פון אַ מענטשן, און אַזוי וואָס שייך דאָס נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע לעבן פונעם פאָלק: לעבן איז נישט דאָס פאַרגענגלעכע, צייטווייליקע, מאַטעריעלע, ערדישע נאָר דאָס העכערע, גייסטיקע וואָס איז פאַרהוילן פאַרן מענטשלעכן אויג און ווערט געהיט פונעם געטלעכן וואַכזאַמען אויג פון דער הימלישער השגחה און אַ דאַנק דעם האָבן מיר עקזיסטירט. די חסידי אומות העולם קאָנען האָבן דעם זכות פון העלפן דערפירן צו גאולה: גאולה פון ייִדישן פאָלק און גאולה פון אַלע פעלקער.

# הערות

## א

1 דברים, כ׳, ט״ז.
2 אין טייל נוסחאות — ״טוב שבגויים״; אין אנד. — ״שבעכו״ם״. זע, מכילתא, בשלח; מס׳ סופרים, ט״ו; רש״י — בשלח, י״ד, ד. אין אַ פריערדיקן פרק אויס־פירלעכער. אדמו״ר ר׳ מנחם מנדל שניאורסאָן שליט״א מליובאַוויטש באַהאַנדלט אין אַ גרויס־לומדישן מאמר, רש״י׳ס זאָג: כשר שבמצרים הרוג, ״אַלג. זשורנאַל״, פרייטיק, אַפּריל 27, 1984.
3 דברים, כ״ג, ח׳.
4 אין אַ פריערדיקן פרק וועגן דעם — און מערער אין אַ ווייטערן פרק: ״פראַנקרייך״.
5 זע, Rbbi W. Gunther Plaut, Rejection brought on Luther Wrath, Canadian Jewish News, Thursday, Dec. 22, 1983; Jerome Eckstein Luther's Legacy in the Jewish Community, Viewpoint, Canadian Jewish News.
6 סוף פרק נ״ב.
7 זע, בראשית רבה, סוף פרשה ל״ח; ירושלמי, ברכות, ב׳, ד׳; איכה רבתי, א׳, כ״ו, נ״ב, נ״ז א״א. אסתר רבה, פתיחה, י״א: ״שבו ביום נולד מנחם״ און מפרשים טייטשן, אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן משיח.
8 פסחים, מ״ט, ע״ב; תוספות, אָנהייב־וואָרט ״ויש״; הרב חיים דוב שעוועל, רבנו משה בן נחמן, ירושלים, תשל״ד—1973; ראובן מרגליות, וכוח הרמב״ן... תולדות הרמב״ן; י״ד אייזנשטיין, אוצר ופוחים.
9 זע, Tradition, Vol. 15, Nos. 1—2, Spring-Summer 1975, pp. 5—24.
10 ״פאָרווערטס״, פעב., 25, 1983.
11 מיכה, ד׳, ה׳.
12 שואל גוטמאַן, ״די אַנדערשקייט פון אַמעריקאַנער יידנטום״, תל־אביב, תש״ם—1980, פרקים וועגן יהדות־פרינציפּ וועלכע סעקולאַריסטן קענען אַקצעפּטירן... די אחריות פון אינטעלעקטואַלן א״א.
13 The Toronto Sun, Tuesday, September 16, 1984.
14 סנהדרין, ק״ב, ע״ב; תוספתא, סנהדרין, י״ג; רמב״ם, הלכות תשובה, ג׳, ה׳.
15 לויטן באַריכט פון יעקב ראַבינאָוויטש, ״אַלגעמיינער זשורנאַל״, ערב יום־כיפור, תשמ״ה — פרייטיק, אָקט., 3, 1984.
16 ״אַלגעמיינער זשורנאַל״, חול המועד פסח, תשמ״ג — פרייטיק, אַפּריל, 1983.
17 זע, ״אַלגעמ. זשורנאַל״, פרייטיק, סעפּטעמבער 10, 1982.
18 משנה תורה, היד החזקה, הלכות מלכים, י״ב, א׳.
19 ישעי׳ ב׳, ד׳, י״א, י״ז; י״א, א׳—י״א.
20 סוף מלאכי.
21 זע, חיים דוד הלוי, הרב הראשי וראב״ד לתל־אביב ויפו, עשה לך רב, ב׳, תל־אביב תשל״ו, ז״ז קנ״ה—קס״א. ער גיט אָן מקורים: תלמודישע: סנהדרין, ס״ג, ע״ב, תוספות און רא״ש, ז׳, ג׳ — ״פלפלא חריפתא״; זוהר; רמב״ם: תשובות און אגרות, יד החזקה, הלכות תשובה, ג׳, ה׳, י״ג, א׳ א״א.
22 ב״ק, ל״ח, ע״א. מיר האָבן שוין נישט איין מאָל ציטירט פון דעם דאָזיקן גאון אויף וועמען ס׳איז געזאָגט געוואָרן: ״ער האָט ליכטיק געמאַכט מיט זיין חכמה דעם גאַנצן יידישן גלות מיט זיינע חידושים, אויסטייטשן און אין זיינע פסקים״.

## ב

1 קהלת, ז׳, כ״ט.
2 קהלת רבה, ז׳, ג׳.
3 בראשית, ג׳, כ״ב.
4 בראשית רבה, כ״א, ה׳.
5 דאָרט, י״ז, ג׳ ; רש״י — אויפן אָרט.
6 תהלים, ק״מ, י״ב.
7 דאָרט, ח׳, ד׳—ט׳.
8 סנהדרין, ד׳, ה׳ ; ל״ז, ע״ב — ל״ח, ע״א. אין אַ פריערדיקן פּרק — אויספירלעכער.
9 כלים, א׳, ו׳.
10 אורות הקודש, ג׳, שכ״ד.
11 יומא, ט׳, ע״ב. תוספות, ב״מ, ל׳, ע״ב, אָנהייב־וואָרט ״לא״, ווייזט אָן, אַז ס׳האָט געבראַכט דעם חורבן בית־שני : ״שהעמידו דיניהם על דין תורה, ולא עבדו לפני משורת הדין״ אַ פּאַלק, הייסט עס, קאָן נישט עקזיסטירן, ווען אַלץ ווערט געשטעלט לויט דין ומשפּט, מען מוז טאָן מער ווי דער דין פאָדערט, מער ווי דאָס געזעץ און מער ווי די לעגאַליטעט.
12 די נסיעה האָט געדויערט קרוב צו אַ חודש : פון י״ט חשון ביז ט״ו כסלו, תרע״ד. שלמה זלמן זוננפלד אין זיין ווערק ״האיש על החומה״, מסכת חייו . . . של מרן הגאון רבי יוסף חיים זוננפלד, ירושלים, תשל״ד, כרך ב׳, ז״ז 285—318, באַשרייבט דעם ״מסע התשובה״, גיט איבער איינצלהייטן פון דער נסיעה, וואָס איז, לויט אים, אָרגאַניזירט געוואָרן פון רבי בן ציון יאַדלער. שמואל אבידור הכהן אין זיין ספר ״האיש נגד הזרם״, ירושלים, תשל״א, גיט אָן, אַז הרב קוק האָט גערופן, געשטורעמט צום מסע התשובה : ״ואל הבנים — הבונים הלך לעורר לבם לאביהם שבשמים . . .״ ז״ז נ״ב—נ״ד. ער שילדערט די אחדות וואָס עס האָט דאָן געהערשט צווישן דער רבנישער דעלעגאַציע. די נסיעה האָט זיך פאַרענדיקט מיט געזאַנג און טאַנץ. הרב קוק האָט פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך : ״אשרי עין ראתה ריקודין של תשובה״.
13 ״הסבלנות במשנתו של הרב קוק״, ״מולד״, בעריכת אפרים ברוידא, כרך ב׳, חוב׳ 5—6 (215—216), ניסן—אייר, תשכ״ח : מאַי—אַפּריל, 1968, ז״ז 665—686.
14 אגרות הראיה, ב׳, רכ״ט. זע, דוד כהן, סיני, נ״ז, תשכ״ה.
15 עולת ראיה. א׳, רמ״א.
16 אגרות, ב׳, קס״ד ; מולד, דאָרט, ז׳ 671.
17 אגרות, ב׳, ס״ד.
18 תהלים, ק״ד, ל״ה
19 ברכות, י׳, ע״ב.
20 זע, רש״י, מהרש״א, ר׳ יעקב עמדין א״א. זע אויך, תענית, כ״ג, ע״ב.
21 ר׳ צבי הירש חיות — אויפן אָרט.
22 תהלים, י׳, ט״ו.
23 ווי דער אויספיר פונעם פסוק : ״תדרוש רשעו בל תמצא״ — דאָס זאָל זיין, אין די ווערטער פון רצ״ה חיות : ״באור על תחלתו — היינו באיזה אופן ישבר שלא ימצא רשעו ולא יעשה רושם . . .״
24 זע, מולד, ב׳, חוב׳ ז׳ 217, תמוז—אלול, תשל״ח ; אויג.—סעפּט. 1968.
25 אַ פאָלקסוואָרט ״קנה לך חבר״, קויף זיך אַ חבר, אבות, א׳ ו׳.
26 בראשית, ב׳, ז׳.
27 בראשית, י״ב, ה׳ ; בראשית רבה, ל״ט, י״ד ; סנהדרין, צ״ט, ע״ב ; רש״י — אויפן אָרט.

28 דאָרט, דאָרט און אין אַנדערע אגדות; ספרי ואתחנן, ל״ב ירושלמי סנהדרין, ז׳, כ״ה; אבות דרבי נתן, פרק י״ב א״א.
29 זע, תורה תמימה, אויפן אָרט.
30 אין אַ פריערדיקן פרק — אויספירלעכער.
31 אורות, קג״ב — און מיר געפינען דעם דאָזיקן געדאַנק אויך אין אַנדערע מקומות.
32 ״גישות כלפי יחסי יהודים־גויים במסורת היהודית ובישראל כיום״, ״כיוונים״, ירושלים, חוב׳ 25, התשמ״ד, נאָוו. 1954.
33 ספרי, בהעלותך, ט׳, י׳; רש״י, וישלח, ל״ג, ד׳, ציטירט פון מדרשים. זע, בראשית רבה, ע״ו, ז׳; תולדות אדם אויפן ספרי.
34 הגדה של פסח, צוגאָב צו דער הבטחה, איגעם לשון פון בעל־הגדה.
35 אבות, א׳, א׳; ״אפילו מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש...״ ויקרא רבה, כ״ב, א׳; קהלת רבה, י״א, י״א א״א. זע אויך, תולדות שמשון, תולדות יהושע און אַנדערע מפרשים אויף פרקי־אבות.
36 יומא, פ״ה, ע״ב — און דאָס, נישט געקוקט, וואָס ״שבת שקולה כנגד כל המצוות...״ ״כל הכופר בשבת ככופר בכל התורה...״ זע, שמות רבה, כ״ה, ט״ז; ירושלמי. ברכות, א׳, ה׳ א״א.
37 אין זכרון — לויטן ״מולד״ פון תשל״א.
38 דניאל, י״א, ד׳.
39 שמות, כ״ג, ב׳. יהואש־איבערז. נישט צו נייגן נאָך דעם רבים, נאָר זיך האַלטן ביים אמת. רש״י ברענגט עטלעכע טייטשן — דעם פשוטן נישט צו נייגן נאָך דעם רבים, אויב ער זעט אין זיי פאַלשקייט.
40 בבא קמא, כ״ז, ע״ב.
41 איזהו נשך — בבא מציעא.
42 דברים, כ״ד, ט״ז.
43 שמות, ל״ד, ז׳.
44 ברכות, ז׳, ע״א; סנהדרין, כ״ז, ע״ב.
45 ירמי׳, ל״א, כ״ח—כ״ט.
46 יחזקאל, י״ח, ב׳.
47 שמות, כ׳, ה׳; ברכות ז׳, ע״א, יומא, פ״ה—פ״ו; רמב״ם, הלכות תשובה.
48 עמוס: פרקים א׳—ג׳.
49 בראשית, ט״ו, ט״ז.
50 זע, מלבי״ם — באריכות; זע אויך, ש. ז. זעצער, ״וויכטיקע פיגורן... אין דער יידישער געשיכטע״, ערשטער טייל, העפט 10, מערץ—אַפּריל, 1940.
51 תהלים, קכ״ח, ב׳.
52 דאָרט, כ״ד, ד׳.
53 בראשית, ג׳, י״ט.
54 קהלת ה׳, י״א.
55 בראשית רבה, ל״ט, ח׳; קהלת רבה, ה׳, פסוק י״א, י״ד.
56 קדושין, כ״ט, ע״א.
57 מדרשים. זע אויך: גיטין, ט״ו, ע״ב; נדרים, מ״ט, ע״ב; בראשית רבה, ל״ט, ה׳.
58 בראשית, י״א, א׳—ט׳; בראשית רבה, ל״ט, ח׳. אין מיינע ווערק — אויספירלעכער.
59 ישעי׳, י״ד, י״ד.
60 מיכה, ד׳, ה׳.
61 צפניה, ג׳, ט׳.
62 תהלים, קט״ו, ט״ז.
63 ״הצופה״, 25.7.69. איבערגעדרוקט אין ״בעד ונגד״, שנה ו׳, חוב׳ כסלו, תש״ל — נאָוו. 1969.

## ג

1 שמות, כ״ג, מ״ג; מ״ט.
2 ויקרא, י״א, י״ח. הרב שניאור זושא רייז באַהאַנדלט דעם ענין נקמה בעכו״ם אין אונדזער צייט — אויספירלעך. זע ״המאור״, ניסן—אייר, התשמ״ד.
3 לויט מיינונגען אין הלכה־ספרים.
4 יומא, כ״ג, ע״א; שבת, ס״ג, ע״א.
5 די מפרשים באַמיען זיך אויפצוקלערן די דאָזיקע באַהויפּטונג. זע, גליון הש״ס פון ר׳ עקיבא איגר; ר״ב עפשטיין, תורה תמימה, ויקרא, י״ט, אות ק״כ.
6 דברים, ז׳, ב׳.
7 דברים, ט״ו, ב׳—ג׳.
8 דאָרט, כ״ג, כ—כ״א.
9 דוד בן־גוריון, אַרכיטעקט און ערשטער פּרעמיער פון מדינת־ישראל, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, ווערט עס געבראַכט אין ״פּתחים״ פון סיון, תשל״ג (אַ פּעריאָדישע שריפט אין ירושלים). ס׳קאָן אויך זיין אין דער שריפט ״האומה״, סיון תשל״א, וואָס איז מיר אַוועקגענומען געוואָרן. דער זאָג געפינט זיך אינעם ווערק: דוד בן־גוריון, במערכה, 4, חלק א׳, ז׳ 212, תל־אביב, תש״ט.
10 ישעי׳ מ׳, י״ז. זע, תוספתא, ברכות, ו׳, כ״ג; מנחות, מ״ג, ע״ב.
11 גיטין, מ״ז, ע״א.
12 בבא מציעא, מ״א, ע״ב.
13 יו״ד, סימן קנ״ג.
14 דאָרט, דאָרט, קנ״ד — זע, נושא כּלים אַרום דעם מחבר.
15 תהלים, ט׳, י״ח.
16 תוספתא, סנהדרין, י״ג, ב׳.
17 איוב, ל״א, ל״ב.
18 שמות רבה, י״ט, ד׳; כ״ו, ה—ז׳.
19 קהלת, י״א, א׳.
20 שמות, ב׳, כ׳.
21 דאָרט, ב׳, י׳.
22 דאָרט, י״ח, י״ב.
23 תנא דבי אלי׳ רבה, ו׳.
24 ויקרא, י״ח, ה׳.
25 בבא קמא, ל״ח, ע״א.
26 תהלים, קל״ב, ט׳.
27 תנא דבי אליהו זוטא, כ׳.
28 במדבר, י״א, ד׳.
29 ספרי זוטא, בהעלותך, י׳.
30 ברכות, נ״ח, ע״ב.
31 רמב״ם, מלכים, ח׳, ו׳; ט׳, ט׳; שו״ת הרמב״ם, ב׳, תשובה לעובדיה הגר.
32 בית הבחירה, בבא קמא, קי״ג, ע״ב.
33 אויספירלעכער אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן ר׳ דוד גאַנז.
34 בבא מציעא, קי״ד, ע״ב; כריתות, ו׳, ע״ב.
35 רמב״ם, דפוס רומא, 1480 א״א אויפלאַגעס, הלכות עכו״ם, ט׳, ב׳; תשובות הרמב״ם, תמ״ח, ירושלים, תשי״ח.
36 גיטין, ה׳, ח׳.
37 דאָרט, ס״א, ע״א; תוספתא, ה׳.
38 ערכין, ג׳, ע״ב; רש״י, סנהדרין, כ״ו, ע״ב; סוטה, מ״ז, ע״ב; רמב״ם, הלכות

מתנות עניים, ח׳, ז׳—ח׳; מלכים, י׳, י׳; ערכין וחרמין, א׳, י״א; זע אויך ספר חסידים, סימן תתתתרמ״א.
39 זע, מהרי״ט — ר׳ יוסף בן משה מטראני (1568—1659), שו״ת מהרי״ט, א׳, צ״ט.
40 חולין, י״ג, ע״ב.
41 בית הבחירה, ע״ז, כ״ב, ע״א.
42 דאָרט, ב״ק, ק״ג, ע״ב. זע, פתחים, סיון, תשל״ג, ז״ז 1—17.
43 בבא מציעא, ב׳, ב׳. ער איז נישט געווען דער איינציקער. אַזוי האָבן זיך געפירט אויך אַנדערע תּנאים.
44 אבות, ג׳, ט״ו.
45 ספרי, נשא, מ״ב.
46 במדבר, ו׳, כ״ו.
47 ישעיהו, נ״ז, כ״א.
48 יונה, ד׳, י״א — סוף, ספר יונה.
49 ישעיהו, ב׳, א׳—ד׳.
50 רמב״ם, הלכות תשובה, ט׳, ב׳; מקור: ברכות, ל״ד, ע״ב.
51 עירובין, י״ג, ע״ב. זע, רש״י, תּוספות, רבנו חננאל; מהרש״א, חידושי אגדות אַ לענגערער פּירוש, סוף מסכת מכּות.
52 אבות, ו׳, ב׳. זע, ״נחלת אבות מהשר הגדול דון יצחק אברבנאל״, הוצ׳ זילבערמאַן, ניו־יאָרק, תשי״ג.
53 אורות הקודש, ב׳, ש״ז; ג׳, י״ג.
54 תּהלים, כ״ד, א׳; ברכות, ל״ה, ע״א—ע״ב.
55 ברכות, ח׳, ע״א.
56 בראשית, ג׳, י״ט.
57 אין מיינע ווערק, דערשינען אין טאָראָנטאָ, התשכ״ג—1963.
58 אבות דרבי נתן, פּרק י״א, א׳.
59 שבת, ל״א, ע״א.

## ד

1 זע, אליהו בחור, ״בבא־בוך״. פון אַלט־יידיש: משה קנאַפּהייס. אַריינפיר און רעדאַקציע: שמואל ראָזשאַנסקי, בוענאָס איירעס.
2 דאָרט, ז׳ 18. זע אויך, מאַקס עריק, ״די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור״, ניו־יאָרק, תשל״ט—1979, ז״ז 179—202.
3 מגילת אסתּר, י׳, ב׳.
4 וועגן דעם רענעסאַנס אין איטאַליע — און וועגן די יידישע ליטעראַרישע כּוחות — אין די ווערק פון דר. משה אביגדור שולוואָס און אין דער ״געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור״ פון ישראל צינבערג.
5 זע, שאול טשערניכאָווסקי, ״עמנואל הרומי״, ברלין, תרפ״ה, 1925, ז״ז 136—139; אשר מרגלית, ״סאָוו. היימלאַנד״, יוני, 1976, ז״ז 154—162.
6 אין מיינע ווערק, ״קדושה אין יידישן פאַמיליע־לעבן״, באַנד 1, ז׳ 157 א״א.
7 ״נאָטיצן פון אַ יידישן בוקיניסט״, ״סאָוו. היימלאַנד״, פעב. 1971.
8 קהלת, י״ב, י״ג—י״ד (סוף קהלת).
9 ברכות, נ״ח, ע״א.
10 רמב״ם, הלכות מלכים, ח׳, י״א.
11 בראשית, י״ד, י״ג.
12 דאָרט, כ׳, א׳—יח; כ״ו, ו׳—ל״ג.
13 דאָרט, כ׳, י״ז—י״ח.

14 דאַרט, דאַרט, ס׳.
15 במדבר, כ״ה, א׳—ט׳; די גאַנצע פרשה בלק־בלעם.
16 במדבר, כ״ד, ה׳.
דער מהרש״ל (שאלות ותשובות, סימן מ״א) איז קעגן אָנהייבן די תּפילות מיט ״מה טובו״, וואָס איז אַרויס פון בלעמס מויל, ווייל ער האָט געהאַט די כּוונה צו שילטן. דער מנהג איז געבליבן אָנצוהייבן די פרימאָרגן־תּפילות, מיט מ ה ט ו ב ו. חז״ל זאָגן: ״בקשו לקבוע פרשת בלעם בקריאת שמע״ — מ׳האָט געוואָלט אַריינגעמען די פרשה פון בלעם אין קריאת־שמע (ברכות, י״ב, ע״ב; ירושלמי, א׳, ה׳). דער מאָטיוו: ווייל ס׳איז געשריבן ״כרע שכב כארי וכלביא מי יקימנו״. רש״י: ווייל ״כרע שכב״ איז ווי אַ ניואַנס צום ״בשכבך ובקומך״ — אַ ווּנטש ״לשכב שלוים ושקטים כארי וכלביא...״ דאָס איז דאָך דער ייִדישער ווּנטש (זע, תּוספות און מהרש״א — אויפן אָרט) פאַרשטייט זיך אַז בלעם האָט געוואָלט זאָגן דאָס פאַרקערטע, אָבער נישט געקענט.
17 חגיגה, ט״ו, ע״ב.
18 ויקרא רבה, ג׳, ב׳; ירושלמי, מגילה, א׳, י״א; סנהדרין, י׳, ה׳ א״א.
19 ישעיה, י״א, א׳.
20 צפניה, ג׳, ט׳; יהואש־איבערז.
21 סנהדרין, י״א, א׳.
22 ישעיה, מ׳, כ״א. סנהדרין פרק י״א.
23 ברכות, ל״ד, ע״ב; שבת, ס״ג, ע״א; קנ״א, ע״ב; פסחים, ס״ד, ע״ב; סנהדרין, צ״א, ע״ב; צ״ט, ע״א א״א.
24 של״ה, כ״ב, ב׳.
25 בבא בתרא, קכ״ב, ע״א. זע, רש״י; תּוספות און מהרש״א — אויפן אָרט; בבא קמא, פ״א, ע״ב.
26 רש״י, תּוספות, מהרש״א חידושי אגדות און מהדורא בתרא.
27 ישעי׳, ס״ד, ג׳; ברכות, ל״ד, ע״ב א״א.
28 ברכות, ט׳, ג׳; נ״ד, ע״א—ע״ב; תּענית, ט״ז, ע״ב, פּעטרושקא, משנה־פירוש.
29 ט׳, ה׳.
30 במדבר, ט״ו, ל״א.
31 סנהדרין, ס״ד, ע״ב.
32 דאַרט, צ׳, ע״ב — באריכות.
33 ברכות, י״ז, ע״א.
34 שמות, כ״ד, י״א; ברכות, דאַרט; תּרגום אונקלוס: ״וחזו ית יקרא דהשם״; רש״י אין דער גמרא: ״שבעו מזיו השכינה כאלו אכלו ושתו״ (אין חומש אַן אַנדער טייטש).
35 ברכות, ה׳, ע״א — רש״י אויפן אָרט.
36 משלי, ו׳, כ״ב.
37 ברכות, דאַרט, דאַרט.
38 בבא מציעא, נ״ט, ע״א.
39 קונטרס, ״רבנו משה בן מימון״, אַרויסגעגעבן דורך זיינע זין הרב דר. דוד און הרב דר. פּינחס גרויבאַרט זכרונם לברכה, שיקאַגו, תשי״א—1951.
40 תּהלים, ח׳, ו׳. אין מיין רעפּאָרטאַזש אין שייכות מיט אַן עליה לקבר הרמב״ם אין טבריה — מערער, ביי געלעגנהייט.
41 זכריה, ד׳, ו׳. זע, שו״ת מהר״ץ חיות, הקדמה, ז״ז תר״ז—תר״ח.
42 זכריה, י״ד, ט׳.
43 ישעיה, מ״ב, ו׳—ז׳; סנהדרין, ק״ח, ע״א.

## ה

1 רמב״ם, ״הלכות תשובה״, ג׳, ה׳; הלכות מלכים ח׳, י״א.
2 סנהדרין, ק״ה, ע״א — רש״י אויפן אָרט; תוספתא, סנהדרין, י״ב.
3 תהלים, ט׳, י״ח.
4 זע, ח. מרחביה, ״התלמוד בראי הנצרות...״ ירושלים, תשל״ט.
5 עובדיה, א׳, י״א; ע״ז, י׳, ע״א—י״א; ציטירן אַלע מאמרים וועגן דער פריינטשאַפט צווישן רבי יהודה הנשיא און אונטונינוס — אוממעגלעך. געגוג אָנגעבן: ירושלמי, מגילה, א׳, י״א; סנהדרין, י׳, ה׳; ויקרא רבה, ג׳, ב׳; י׳, ד׳; ט״ז, ה׳ און נאָך נאָך.
6 ישעי׳, נ״ה, ח׳—ט׳ — אין מיינע דרוש־ספרים (כתב־יד) — אויספירלעכער.
7. זע, מהר״ץ חיות, דאָרט — באריכות.
8 אמור, י״ב, י״ב.
9 הלכות תשובה, ג׳, ה׳; הלכות מלכים, ח׳, י״א. די שיטה פון רבי מאיר, סנהדרין, נ״ט און אין אַנדערע תלמוד־און מדרש־מקומות. זע, חיים אורלאַן, ״הדואר״, גליון ט״ו, אדר, תשכ״ז.
10 הלכות תשובה, ה׳, ב׳; שמונה פרקים, ח׳.
11 זע, אגרות הרמב״ם, מהרי״ל גרויבאַרט, אינעם פריער דערמאַנטן קונטרס, ז״ז 3—4 א״א.
12 מורה נבוכים, ב׳, כ״ד.
13 מגילה, ט״ז, ע״ב.
14. ישראל קדושים, לובלין, תרפ״ח, ז׳ 46.
15 י. ל. גרויבאַרט, קונטרס, ז״ז 6—11 — באריכות.
16 בכורים, ד׳, ד׳. זע, יחזקאל קויפמאַן, ״גולה ונכר״, כרך א׳, ז׳ 250, ציטירט פון ״קובץ תשובות הרמב״ם ואגרותיו״, הוצ׳ ליכטנברג, ליפסיא, תרי״ט, תשובה קנ״ה.
17 בראשית, ט׳, כ״ב—כ״ה.
18 סנהדרין, ע׳, ע״א; בראשית רבה, ל״ו, ד׳—ז׳; מגילת תענית, פרק ג׳; מכילתא, בא, י״ב א״א.
19 ויקרא, כ״ה, מ״ה; אסתר רבה, פתיחתא, ג׳.
20 ויקרא, דאָרט, מ״ו. זע, רמב״ם, הלכות עבדים, ה׳, ט׳; יו״ד, סימן רס״ז; מנחת חינוך, ספר החינוך, מצוה, שמ״ז.
21 חבקוק, ג׳, ה׳.
22 ב״ק, ל״ח, ע״א; ויקרא רבה, י״ג, ב׳; פסיקתא רבתי, הוספה פ״ב.
23 קדושין, ל״א, ע״א.
24 בראשית, כ״ז, מ״א; בראשית רבה, ס״ה, ט״ז.
25 נזיר, ג׳, ו׳.
26 סנהדרין, כ״ז, ע״ב; זע, אדמו״ר ר׳ צדוק הכהן מלובלין, פרי צדיק, קדושת שבת, מאמר ז׳, ז״ז 56—59.
27 שמות, י״ב, ב׳.
28 ויקרא,, י״ח, ג׳.
29 ״ספר המצוות״, מצוה רס״ב.
30 זע, ר׳ יוסף באבד, ״ספר החינוך״, ער גיט אָן דעם מאָטיוו: ״כדי להתרחק מהם ולגנות כל התנהגותיהם ואפילו בלבוש״.
בכלל וועגן ״בגדי עכו״ם״ — תשובות מהרי״ק, שורש קע״ח; ש״ך, יו״ד, סימן קע״ה, ס״ק ד׳; שו״ת מהר״ץ חיות, אמרי בינה, סימן א׳, ז׳ תת״צ: ״דאין איסור בלבישת בגדי עכו״ם, כל זמן שאינו בגד דמיוחד לעבודה זרה״.
31 הרב א. א. פרייס באַהאַנדלט אויספירלעך דעם ענין פון לבושי נכרים אין זיין ״משנת אברהם״ אויפן ספר חסידים און אויפן סמ״ג.

32 ירושלמי, ראש השנה, א׳, נ״ו; בבא מציעא, פ״ו, ע״ב; בראשית רבה, מ״ח, ט׳. זע פירוש יהודה ארי׳ מירקין; מהר״ץ חיות, תורה־נביאים — אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג.
33 פרי צדיק, ויקרא, צו, אות א׳, ז׳ 101; ראובן מרגליות, ״מלאכי עליון״, ירושלים, תשכ״ד—1964.
34 זע, ״שיחות מלאכי השרת״, ז״ז 66—78.
35 זבחים, ס״ב, ע״א. זע, מהר״ץ חיות, תורת נביאים פרק י״ב, ז״ז ע״ב—ע״ג.
36 רש״י ווייזט אָן אויף אַ מאמר אין דער גמרא סנהדרין, כ״א, ע״ב וועגן ״כּתב ליבונאה״, אַז דאָס זענען געווען גרויסע אותיות.
37 שבת, ק״ד, ע״א. דער ״מצפּה איתן״ (זבחים, דאָרט) פאַרענטפערט די קשיא.
38 תהלים, קי״ט, קכ״ו; ברכות, ט׳, א׳; נ״ד, ע״א.
39 עובדיה, א׳, י״א—י״ז—כ״א.
40 שמות, י״ד, ז׳; סופרים, ט״ז, י״ח; ירושלמי, קדושין, ד׳, י״א; מכילתא, בשלח, א׳; רש״י — אויפן אָרט. אנד. נוסחאות: ״בשעת מלחמה...״ און אין אנד. ״הטוב שבעובדי כּוכבים״. מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן אויף די דאָזיקע ווערסיעס.
41 ישעיה, מ״א, ד׳.
42 ספרא, אחרי, ט׳, קל״א; ירושלמי, שביעית, ו׳, א׳; בבלי, בבא בתרא, נ״ו, ע״א; בראשית רבה, מ״ד, כ״ז.
43 שמות, כ״ב, י״ז.
44 דאָרט, דאָרט, י״ח, סנהדרין, נ״ו, ע״ב; נ״ט, ע״א—ע״ב; תוספתא, ע״ז, ח׳ ו׳; בראשית רבה, ל״ד, ז׳.
45 דברים, י״ח, י״ב; ספרי, שופטים, י׳, קי״ג; רמב״ם, סוף הלכות עבדים.
46 דברים, י״ג, י״ח.

ז

1 ״הלכות קידוש החודש״, סוף פרק י״ז; הרב גרויבאַרט, דאָרט, ז׳ 10.
2 זוהר, בראשית, ל״ד, ע״א; שמיני, ל׳, ע״ב; תזריע, מ״ו, ע״ב; בראשית רבה, ט״ז, ח׳; תוספתא, סנהדרין, י״ג, א׳; רמב״ם, הלכות תשובה, ג׳, ה׳; מלכים, ח׳, י״א—י״ב. דער כּסף משנה קאָמענטירט: ״ומה שכּתב והוא שיקבל וכו׳ נראה לי, שרבנו אומר כּך מסברא דנפשי׳ ונכוחה היא״.
3 ב״ק, ל״ח, ע״א. זע, הרב מהרא״י הכּהן קוק, אגרות, כּרך א׳, אגרת פ״ט; ח״ד הלוי, הרב הראשי לתל־אביב־יפו, ״עשה לך רב״ ז״ז קנ״ה—קס״א.
4 ויקרא, י״ח, ה׳; יחזקאל, כ׳, י״א; סנהדרין, נ״ט, ע״א; רש״י און תוספות — אויפן אָרט; ע״ז, ג׳, ע״א — תוספות אָנהייבוואָרט, ״כּהנים״.
5 גליון הש״ס, סנהדרין, נ״ט, ע״א.
6 חגיגה, י״ג, ע״א; תוספות און מהרש״א, ״חידושי אגדות״ — דאָס פירט אונדז צו אַ לענגערן פּלפּול, וואָס גייט נישט אַריין אין אונדזערע ראַמען.
7 סנהדרין, נ״ט, ע״א; רמב״ם, הלכות מלכים, י׳, א׳: לערנען די זיבן מצוות, קען דערהויבן דעם נכרי צו אַ הויך ווי דער כּהן גדול הנכנס לפני ולפנים.
8 משלי, ג׳, ט״ו.
9 כ״ק אדמו״ר מהרמ״מ שליט״א מליובאַוויטש, ״המאור״, אב—אלול, תשמ״ה, ז׳ 9. ברוך מבורך, האָט פאַרעפנטלעכט אַ רשימה פון קריסטן וועלכע האָבן שטודירט תנ״ך, תלמוד, העברעיִש אאַ״וו. אַ דאַנק זייער קענטעניש אין יידישע לימודים, האָבן זיי אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע צו יידישע דענקערס, יידישער שעפערישקייט, צו יידן בכלל.

10 ברכות, נ״ח, ע״א; מגילה, ט״ז, ע״א.

11 מיינונג פון רבי יצחק, פון די ערשטע אמוראים, ויקרא רבה, ה׳, ז׳; רמב״ם, הלכות קידוש החודש, י״ז, כ״ה; שו״ת מהר״ץ חיות, ז״ז תש״ב—תש״ו.

12 וועגן רבי יהודה ארי׳ מאָדענאַ זע: יצחק ריבקינד ״תשובת... על גלוי הראש״, ניו יורק, תש״ו; נ. שמן, ״לובלין״, טאָראָנטאָ, 1951, ז״ז 323—328 א״א ווערק.

13 ירושלמי, סנהדרין, י׳, ה׳; מגילה, א׳, י״א; ויקרא רבה, ג׳, ב׳; ט״ז, ח׳; בבלי, ע״ז, י׳, ע״ב—י״א, ע״א; תוספות, דאָרט, אנהייב־וואָרט ״אמר״, א״א.

14 בראשית רבה, ס״ה, כ׳; שמות רבה, י״ג, א׳; איכה רבתי, פתיחתא, ב׳ א״א. זע, ״האנציקלופדיה העברית״, א׳, ז״ז 250—251.

15 רות, א׳, ח׳.

16 רות רבה, ב׳, י״ד.

17 בראשית, כ״ז, כ״ב; בראשית רבה, ס״ה, ב׳.

18 ע״ז, י׳, ע״ב; תוספות — אויפן אָרט.

19 מגילה, א׳, י״א; חגיגה, י״ג, ע״ב; תוספות — אויפן אָרט. זע, שדה חמד, מערכת האלף, כללים, אות מ״ב; נחום אריאלי, ״אוצר הרמב״ם, ז״ז 8—11; אבות, ז״ז 59—66.

20 תהלים, קמ״ז, י״ט.

21 ויקרא, י״ט, י״ד; סנהדרין, נ״ט, ע״א; מהר״ץ חיות, ״דברי נביאים — דברי קבלה״ אין שייכות מיט תרגום אונקלוס.

22 במדבר רבה, י״ד, כ׳. ענלעכס, ווערט געזאָגט וועגן בלעם — פאַר וואָס מ׳האָט אים געגעבן נבואה.

23 א׳, י״א.

24 מגילה, ג׳, ע״א; סוטה, מ״ט, ע״א—ע״ב; ב״ק, פ״ב, ע״ב — אַז דאָס איז געמיינט געוואָרן ״חכמה יוונית״. וועגן תלמי המלך, זע: מגילה, א׳, ע״א — אַז ער האָט איינגעזאַמלט 72 זקנים אין אנד. מקורים: 70 און אין אַנד. בלויז פינף. זע, מס׳ סופרים, א׳, ח׳; ירושלמי, מגילה, א׳, ט׳; מהר״ץ חיות, איז מסביר, פאַר וואָס ס׳האָט געהערשט אַ פינצטערניש.

25 מלכים א׳, ח׳, מ״א—מ״ג; בבא בתרא, י׳, ע״ב—י״א, ע״א. זע, הגהות מתתיהו סטראַשון.

26 סנהדרין, י׳, א׳; צ״א, ע״א. זע, רבינו עובדיה מברטנורא; ישראל ליפשיץ, יכין ובועז, תפארת ישראל — זייערע אויסטייטשן.

27 בראשית, ט׳, י׳.

28 חולין, צ״ב, ע״א.

29 תהלים, פ׳, ט׳.

30 זע, רש״ש — חולין; ר׳ ברוך עפשטיין, ״תורה תמימה״, בראשית, ט׳.

31 זע, הרב דר. שמעון פעדערבוש, ״בנתיבות התלמוד״, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי״ז, ציטירט אין זיין הקדמה פון רבנו שמשון מקינון, אין זיין ״ספר כריתות״, אַז צו פאַרשטיין דברי חז״ל, דאַרף מען וויסן די צייט און דאָס אָרט פונעם בעל המאמר.

32 זכריה, י״א, י״ג.

33 חולין, צ״ב, ע״א—ע״ב.

34 רש״י: ״דאע״פ שחשודין למשכב זכר ומייחדין להם זכר לתשמישן, אין נוהגין קלות־ראש במצוה (? — נ. ש.) זו כל כך שיכתבו להם כתובה״.

35 רש״י: ״שאין שוקלין בשר המת של אדם במקולין״ — זיי ׳וועגן׳ נישט ביים פאַרקויפן פלייש פון אַ טויטן מענטש אויף דער וואָגשאָל.

36 זכרי׳, י״א, י״ב; חולין, צ״ב, ע״א—ע״ב; ילקוט שמעוני, זכרי׳ תקמ״ה (ו׳); הגהות מהר״ב רנשבורג, חולין און אַנד. מפרשים.

37 זע, משה אברבך, יהודי ארץ־ישראל לפני 140 שנה, ״הדואר״, כ״ב, טבת, תשמ״ג,

ז"ז 137—138 און כ"ג, אדר, תשמ"ג, ז"ז 264—266 — ער באַהאַנדלט אַן אינטערע־
סאַנט בוך פון אַן אַמעריקאַנער מיסיאָנער:
Narrative of a Mission of inquiry to the Jews from the Church of Scotland in 1839, Third Edition, Philadelphia, 1843.
אַ ווערק פון אַ מיסיאָנערישער דעלעגאַציע אין מיטן 19טן י"ה, געשריבן אָביעקטיוו וועגן לעבן פון ייִדן אין ארץ־ישראל.

38 ישעיה, ט"ו, כ'.

39 זע, רד"ק, תהלים, קמ"ו, ג'.

40 ישעיה, ס"ב, י'.

41 דאָרט, דאָרט, י"א. זע, שלמה זלמן שרגאי, "מאורות", ירושלים, סיון, תשמ"ב, ז"א 21—27.

42 תענית, ז', ע"א. זע, רש"י, רשב"א, מהרש"א און שפת אמת — אין דערקלערן און אויסטייטשן דעם מאמר.

43 זע, עין התכלת, ז' ק"ט; פתיל תכלת, ס"ה; ש. ז. שרגאי — דאָרט באריכות.

## קאַפּיטל עלף

# חסידי אומות העולם
# אין אַמעריקע און אין אייראָפּע

**א. חסידי אומות העולם אין אַמעריקע. — די „אָבות" פון די פאַראייניקטע שטאַטן. — פונעם ערשטן ביזן פופציקסטן פרעזידענט. — שרייבערס און אינטעלעקטואַלן. נישט קיין רשימה.**

אינעם לאַנד פון פרייהייט און דעם שמעלצטאָפּ פון צענדליקע עטנישע גרופּעס — האַלטן סאָציאָלאָגן — האָט דער אַנטיסעמיטיזם קנאַפּע שאַנסן צו ווערן אַ באַוועגונג מיט איינפלוס. מולטי־נאַציאָנאַלקייט און פּלוראַליסטישע עטנישקייט איז אַ שטערונג צו אַ השפּעהדיקע אַנטיסעמיטישער באַוועגונג. ס'פעלן אָבער נישט אַזעלכע יחידים און קרייזן. זיי האָבן אַפילו אָנגעשטעקט מיט אָט דער מחלה אָנגעזעענע אינטעלעקטואַלן, שרייבערס, פּאָעטן, פּראָפעסיאָנאַלן און ביוראָקראַטן.

ווי אַ פאַקט, ווי ווייט דער אַנטיסעמיטיזם האָט געקענט אַריינדרינגען אין די „העכערע פענצטער" איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אַזאַ שריפטשטעלער ווי מאַרק טוועין (1835—1910), דער פּאָפּולערער הומאָריסט־הומאַניסט, האָט נישט איין מאָל אויסגעדריקט, זאָל זיין מיט נאַיוויטעט, אַ נאַרישע כאַראַקטעריזאַציע פון ייִדן. ער האָט זיך באַנומען — ווי חיים גרינבערג שילדערט אים — ווי אַ „גראַמאָפאָן", נאָכגעזאָגט ווערטער פון אַנטיסעמיטישער אַנטי־ייִדישער פּראָפּאַגאַנדע [1].

אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן — ממש באַשולדיקונגען — געפינען מיר ביי הענרי פאָרד, דעם מולטי־מיליאָנער, אינדוסטריעלער און פּראָדוצירער פון אויטאָמאָבילן. אין זיין בוך „מיין לעבן און אויפטו" האָט „פאָרד דער ליטעראַט" [2] אין די צוויי בענד וועלכע זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין דייטש, רוסיש און פּויליש, זיך ארויסגעוויזן ווי אַן אַנטיסעמיט: אינעם ערשטן באַנד שטאַרק אַנטיסעמיטיש און אינעם צווייטן — געגעבן פּראַקטישע עצות, ווי אַזוי זיך צו באַנעמען מיט ייִדן, ווי צו האַנדלען אין פאַרשיידענע סיטואַציעס, ווי צו האָבן דערפאָלג אין אינדוסטריע און אין מסחר...

אַנטיסעמיטיזם האָט אָבער נישט קיין וואָרצלען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווייל די גרונטלייגערס פון אַמעריקעס אומאָפּהענגיקייט האָבן געצילט מיט זייער קאָנסטיטוציע אַז אַמעריקע זאָל זיין אויסגעהיט פון וועלכן נישט איז פאַראור־

טייל קעגן פעלקער. קעגן ראַסן־דיסקרימינאַציע, קעגן רעליגיעזער דיסקרימינאַציע — אַלע מענטשן זאָלן זיין גלייך, געשיצט קעגן דיסקרימינאַציע.

מיר געפינען דעריבער אין דער רשימה פון חסידי אומות העולם אין אַמעריקע: פּאָליטישע פירערס, סאָציאַלע אויטאָריטעטן, גייסטלעכע, וויסנשאַפטלערס, מענטשן פון אַנזען אין דער אַנטוויקלונג און געשטאַלטונג פון דעמאָקראַטישן סיסטעם אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער באַגין פון דער פרייהייטלעכער צפון־אַמעריקע הייבט זיך אָן מיט די „פּילִיגרימער", טיף־רעליגיעזע, גערודפטע, ביי וועלכע דער תּנ"ך־איינפלוס איז געווען גאָר שטאַרק. אויף טריט און שריט האָבן זיי דעמאָנסטרירט דעם דאָזיקן איינפלוס. אַ דאַנק זיי איז געשאַפן געוואָרן די פרייהייט־דעקלאַראַציע, די באַזע פון דער קאָנסטיטוציע פאַר דער "נייער וועלט" אַריבער דעם אַטלאַנטיק.

די השפּעה פון תּנ"ך איז ביי זיי געווען קענטיק ביים געבן נעמען זייערע קינדער, זייערע שטעט, זייערע קאָלאָניעס. זיי האָבן געלייגט דעם חותם אויף אַ גרויסן טייל פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט.

די פּיליגרימער האָבן זיך נישט געריכט אָן דעם "אַלטן טעסטאַמענט". זיי האָבן זיך באַנוצט מיט ביבלישע אויסדרוקן. זיי האָבן זיך נישט מגייר געווען; נישט געווען ווי די כּוזרים. זיי זענען געבליבן קריסטן, אָבער מיט ליבשאַפט פאַר דעם תּנ"ך און זיי האָבן געהאַט אַ השפּעה ביים פאַרמירן אַמעריקעס אומאָפּהענגיקייט אויף אַזוי ווייט, אַז דער תּנ"ך איז געוואָרן פונדאַמענטאַל אין שאַפן די נייע געזעלשאַפט, צוגעפּאַסט צו זייער אויפפאַסונג און דערפירט, אַז די פרייהייט־דעקלאַראַציע זאָל האָבן פאַר זיך די לאָזונג: "וקראתם דרור בארץ לכל יושביה" — איר זאָלט אויסרופן אַ פרייהייט־לאָזונג אין לאַנד פאַר אַלע אירע באַוווינער [3].

די אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע איז אָפּגעשטימט געוואָרן דעם 4טן יולי 1776 און איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דעם 11טן יולי; אַ דעקלאַראַציע וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז "אַלע מענטשן זענען גלייך". אויפן דאָזיקן יסוד איז געבויט געוואָרן די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. וויפל אַמענדירונגען ס'זאָלן נישט צוגעגעבן ווערן, בלייבט אַלץ דער פונדאַמענט, וואָס איז אין יענעם באַנין פאַרלייגט געוואָרן.

די דעקלאַראַציע איז געווען אָן אָנזאָג נישט בלויז, אַז אַמעריקע איז פריי פון דער ענגלישער קאָלאָניאַלער מאַכט, נאָר אַ סך מער דערפון: אַז די אַמעריקאַנער בירגער פאַרנעמען זיך צו שאַפן אַ נייע געזעלשאַפט, באַשיצן און זיכערן די פרייהייט פון אירע בירגער: זי האָט אויפגעהויבן די פאָן פון רעכט פאַר יעדן מענטש אָן אונטערשייד פון ראַסע און רעליגיע און געבראַכט צום אויסדרוק אין מעשׂים די לערעס פון די אייראָפּעישע הומאַניסטן, ווי לאָק (1632—1704), רוסאָ (1712—1778), וואָלטער (1694—1778) און פיל אַנדערע . די "פאָטערס" פון אַמעריקע האָבן

געוואָלט דורכפירן במעשה, רעאַליזירן און קאָנקרעטיזירן די טעאָריעס און פּרינציפּן פון יענע גרויסע הומאַניסטן — און דערביי נישט פאַרגעסן די מאָראַליש־עטישע לערעס אין תּנ״ך.

ס׳איז דעריבער געווען נאַטירלעך אַז גייסטיקע פירערס, דערציערס און אַפילו פּאָליטיקערס זאָלן האָבן אַ רצון צו לערנען העברעיִש.

איינער פון די עלטסטע אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס, דער יעיל־אוניווערסיטעט, האָט אין די ערשטע יאָרן איינגעפירט העברעיִשע לימודים. ביי זיין גרינדן אין יאָר 1701 איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאַטעדרע פאַר העברעיִש.

עזרא סטיילס (פּרעזידענט אין די יאָרן 1777—1790) האָט געמאַכט פאַר אַ פליכט פאַר די אָרטיקע סטודענטן צו לערנען העברעיִש. ער אַליין האָט באַוויזן צו קענען דעם תּנ״ך אין לשון־קודש, גערעדט און געשריבן העברעיִש.

אין 1781 — ווערט איבערגעגעבן — האָט ער אויסגעטייטשט דעם פּסוק: ״כי עזרא הכין לבבו לדרוש את תורת ה׳ ולעשות וללמד בישראל חוק ומשפט״ — וואָרעם עזרא האָט געקערט זיין האַרץ צו פאָרשן גאָטס תּורה, צו טאָן און צו לערנען גאָטס געזעצן [4]. דערמיט האָט ער געוואָלט אַז די גראַדואַנטן זאָלן געדענקען תּורת השם, די תּורה־געזעצן, איידער זיי גייען אַרויס אין דער געזעלשאַפט אָנהייבן זייערע קאַריערעס. ער האָט אויך איינגעפירט אַז דער חותם פון אוניווערסיטעט זאָל האָבן אַ געמעל פון אַן אָפענער תּורה מיט דער אויפשריפט ״אורים ותומים״. ס׳איז געוואָרן אַ טראַדיציע אין דער דאָזיקער הויכשול, אַז ס׳זאָלן געגעבן ווערן קורסן פון ייִדישע לימודים און צוגעגרייט ווערן פּראָפעסאָרן צו קענען אונטער־ריכטן העברעיִש און ייִדישע לימודים.

טאָמאַס דזשעפערסאָן האָט געגלויבט אין אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט: געגלויבט, אַז נאָר דורך אַ דעמאָקראַטישן פּראָצעס וועט די מדינה קענען פּראָגרע־סירן, זיך אַנטוויקלען מיטן טעמפּאָ פון אַ יונגן, פרישן און ענערגישן מענטשן־קאָלעקטיוו אין אַלע צווייגן פון מענטשלעכן אַקטיוו. ער האָט געגלויבט, אַז ווען אַמעריקאַנער בירגער וועלן זיך באַפרייען פונעם ענגלישן קאָלאָניאַליזם, וועט דער שכל באַהערשן זייערע מוחות און דאָס יושר־געפיל זייערע הערצער.

מיט אָט דער אמונה האָט ער באַגייסטערט די יעניקע וועלכע האָבן רעוואָלטירט קעגן דער קאָלאָניאַלער מאַכט, ביי וועלכער דער ״טשאַרטער״ פון רעכט איז געלעגן באַהאַלטן אין די אַרכיוון. אויב ביי זיך, אין ענגלאַנד, האָט דער טשאַרטער געהאַט אַ ממשותדיקייט, געווען אַ יסוד פאַר דער יוריספּרודענץ, פאַר די ריכטערס און היטערס פון געזעץ איז עס אָבער אַזוי נישט געווען אין די לענדער ווו בלויז לעגיאָנערן און גובערנאַטאָרן זענען געווען די הערשערס און דאָס פאָלק, די עמי־גראַנטישע מאַסע, איז געווען אויסגעשטעלט צום חסד פון די וועלכע האָבן רעפּרע־זענטירט דאָס מלכות אויף דער אַנדערער זייט פונעם אַטלאַנטיק.

דער הויפּט וואָס האָט דורכגעפירט די רעוואָלוציע, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן (1732—1799), וואָס איז באַשטימט געוואָרן דעם 5טן יולי, 1775, ווי הויפּט־גענעראַל אָנצופירן די מלחמה קעגן די לאָיאַליסטן, די שטיצערס פון דער ענגלישער מאַכט, האָט ווי אַ פּאָליטיקער געהאָלפן צוזאַמענשטעלן די דערקלאַראַציע, דעם דאָקומענט וואָס פאַרזיכערט מענטשנרעכט און פרייהייט.

ווי אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט האָט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק געוויילט דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי צו ווערן דער ערשטער פּרעזידענט. מיט אים הייבט זיך אָן די געשיכטע פון דער אומאָפּהענגיקער אַמעריקע. ער האָט פאַראייניקט אַ צאָל שטאַטן פון מזרח און מערב. ער האָט פאַרהאַנדלט מיטן דרומדיקן קאָנטינענט אַריינצוטרעטן אין דער "יוניאָן", אין דער פּלאַנירטער גרויסער מדינה א. נ. "פאַראייניקטע שטאַטן".

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן האָט פאַרנומען דעם העכסטן מלוכה־אַמט אין דער ניי־געבוירענער מדינה פון 1789 ביז 1797 און ער ווערט באַטראַכט פאַר דעם באַפרייער פון די אַמעריקאַנער בירגער. די ריזיקע אַמעריקע איז געוואַקסן מיט אַ טעמפּאָ וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון לענדער און פעלקער. קיין אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן שטראָמען אַלע יידנדיקע, געיאָגטע און געפּלאָגטע פון אַלע קאָנטינענטן. אַמעריקע איז אויסגעוואַקסן די גרעסטע, שטאַרקסטע און איינפלוסרייכסטע מדינה אין דער וועלט.

און פאַר ייִדן ?

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן ווערט דערמאָנט מיט לויב ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט געזען, אַז די דעקלאַראַציע זאָל נישט בלייבן בלויז אַ שטיקל פּאַפּיר, די דעקלאַראַציע זאָל געבן רעכט יחידים און גרופּעס צו אַנדערשקייט און זיי זאָלן דאָך בלייבן אינעם קאָלעקטיוו ; ער האָט געזען די עטנישע גרופּעס פון אַלע צבור־איינהייטן זאָלן קענען ממשיך זיין זייער קולטור, טראַדיציע און שעפערישקייט, אַז דער אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ זאָל נישט מינערן די ווערטן פון זייער טראַדיציע און זיי זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט אויף אינטעגראַציע [5].

דער אָנהייב פון ייִדישער אימיגראַציע קיין אַמעריקע איז געווען אַ ביטערער. ווען 32 ייִדן זענען אין סעפּט., 1654, געקומען אויף דער שיף סט. טשאַרלס פון בראַזיל קיין ניו־יאָרק (די אַמאָליקע ניי־אַמסטערדאַם), האָט דער אָרטיקער מושל פּיטער סטייוועסענט זיי נישט געוואָלט אַריינלאָזן. ער האָט געשריבן קיין האָלאַנד, אַז די ייִדן זענען שונאים און גאָט־לעסטערעס (געמיינט יעזוס). ער האָט זיי געמוזט אַריינלאָזן אויף דער פאַראָרדענונג פון האָלאַנד. אַזוי איז אָנגעגאַנגען ביז דער רעוואָלוציע. ייִדן זענען באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן אומגעוווּנטשענעם עלעמענט.

ערשט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָבן ייִדן געקראָגן פולע פרייהייט און האָבן זיך באַטייליקט, ווי אַמעריקאַנער און ייִדן, אין דעם קאַמף פאַר אַמעריקעס

פרייהייט און זעלבשטענדיקייט. די פירערס פון דער רעוואָלוציע האָבן אָפּגעשאַצט דעם אַנטייל און הילף פון ייִדן. די „ליבערטי בעל״ (פרייהייט־גלאָק) — ווייזן אַן היסטאָריקערס — איז געבראַכט געוואָרן אויף אַ שיף וואָס האָט געהערט צו אַ ייִד, מיטן נאָמען נתן לוי.

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן האָט אין 1790 באַזוכט די שול אין ניו־פּאָרט ווו ער איז וואַרעם און מיט באַגייסטערונג אויפגענומען געוואָרן. אין זיין ענטפער פאַר דעם כבוד האָט ער געשריבן: איך וועל שטענדיק געדענקען מיט דאַנקבאַרקייט דעם פריינדלעכן קבלת־פּנים וואָס איך האָב געקראָגן אין ניו־פּאָרט... זאָלן אברהמס קינדער וואָס וווינען אין דעם לאַנד... געניסן פון דעם גוטן ווילן פון די אַנדערע איינוווינערס, יעדער איינער זאָל זיך זיצן בשלום אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים — ״איש תחת גפנו ותחת תאנתו״ [6], זאָל דער אָב הרחמים פאַרשפּרייטן ליכט... אויף אונדזער וועג״.

נאָך זיין באַזוך אין 1790 אין דער טוראָ־סינאַגאָגע (פונעם קליינעם ישוב אין ניו־פּאָרט), האָט ער, אין גייסט פון דער פרייהייט־דעקלאַראַציע, געשריבן: ״קיין גוטהייסונג צו אומטאָלעראַנץ, קיין הילף צו פאַרפאָלגונגען״ [7].

דאָס איז געווען — לויט זיין באַנעם — דער יסוד פון אַמעריקעס אומאָפּהענגיקייט.

די טוראָ־סינאַגאָגע איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1763 דורך ספרדישע ייִדן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די אינקוויזיציע־פאַרפאָלגונגען אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. דער ערשטער רב פון דער שול איז געווען ר׳ יצחק טוראָ (1737—1784). אויף זיין נאָמען ווערט די שול גערופן און זי איז געוואָרן אַ היסטאָרישער מאָנומענט נישט בלויז פאַר דעם אָרטיקן ייִדישן ישוב, נאָר בכלל, פאַר דעם ייִדישן ישוב אין אַמעריקע, פאַר דער געשיכטע פון אַמעריקעס אומאָפּהענגיקייט.

אין זיין באַגריסונג צו דער שול, ווי אַן ענטפער אויף דער איינלאַדונג, האָט וואַשינגטאָן צוו״א געשריבן:

״איצט ווערט שוין מער נישט גערעדט וועגן דעם, אַז טאָלעראַנץ ווערט פּראַקטיצירט דורך דער צושטימונג פון איין גרופּע מענטשן, כדי אַן אַנדער גרופּע זאָל געניסן פון זייערע איינגעבוירענע, נאַטירלעכע רעכט. די רעגירונג פון די פאַראייניקע שטאַטן גיט נישט קיין גוטהייסונג צו אומטאָלעראַנץ און גיט נישט קיין הילף צו פאַרפאָלגונגען. די רעגירונג פאַרלאַנגט בלויז, אַז די וועלכע לעבן אונטער איר שוץ, זאָלן זיך אויפפירן ווי גוטע בירגער...״

נאָך דעם באַזוך האָט ער ממשיך געווען מיט דאַנקבאַרקייט פאַר דעם וואַרעמען קבלת־פּנים, זאָגנדיק צוו״א:

״די בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן דאָס רעכט זיך צו באַגריסן פאַר געבן דער מענטשהייט מוסטערן פון אַן אויסגעברייטערטער און ליבעראַלער

פּאָליטיק, וואָס איז ווערט מ׳זאָל זי נאָכמאַכן: אַלע פאַרמאָגן איצט צוגלייך פרייהייט פון געוויסן און שוץ פון בירגערשאַפט..."

איינער פון די וועלכע האָבן געהאָלפן וואַשינגטאָנען פינאַנציעל, אין דער באַפרייונג־מלחמה איז געווען אַ פּוילישער ייִד — חיים סאָלאָמאָן (1740—1785) — וואָס האָט געוווינט אין פילאַדעלפיע. וואַשינגטאָן און זיינע נאָכפאָלגערס האָבן אָנערקענט זיין הילף און זיין פּאַטריאָטיזם.

חיים סאָלאָמאָן איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט ליסאַ, פּוילן, אַ שטאָט באַוווּסט מיט אירע באַרימטע רבנים, באַזונדערס מיטן גדול הפּוסקים ר׳ יעקב ליסער (לאָרבערבוים, נפטר תקצ״ב—1832), מחבר פון "חוות דעת" און פון אַ צאָל וויכטיקע ספרים אין הלכה און אין פּירוש.

דער דאָזיקער חיים סאָלאָמאָן איז אין יאָר 1772 געקומען קיין אַמעריקע; ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און ער איז געוואָרן אַ פאַרמעגלעכער ייִד, אַ פינאַנסמאַן און ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער באַפרייונג־מלחמה קעגן די ענגלענדער, וואָס האָבן אים אין 1776, געפאַנגען און געהאַלטן אין אַרעסט ביז 1781, ווען ער האָט זיך באַפרייט און זיך באַזעצט אין פילאַדעלפיע. ער איז דאָרט געווען איינער פון די גרינדערס פון דער "מקוה ישראל" קהילה.

חיים סאָלאָמאָנס נאָמען איז אויף פאַרשיידענע אופנים פאַראייביקט געוואָרן אין דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אין שיקאַגע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ סימבאָלישער מאָנומענט: וואַשינגטאָן, ראָבערט מאָריס און חיים סאָלאָמאָן.

ער איז נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט געהאָלפן און איז געווען אַקטיוו אין דער באַפרייונג־מלחמה אין יענעם רעוואָלוציאָנערן באַגין וואָס האָט פאַרלייגט דעם יסוד פאַר דעם לאַנד, וואָס האָט מיט גאָלדענע אותיות ביים אַטלאַנטישן ים, גערופן אַלע געיאָגטע און געפּלאָגטע צו קומען און בויען די פרייע מדינה.

די שעפערס פון דער אַמעריקאַנער "דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט" קענען — לויט אונדזער מיינונג — גערופן ווערן מיטן הערלעכן טיטל: "חסידי אומות העולם".

די דעקלאַראַציע געהערט צו די וויכטיקסטע דאָקומענטן אין דער מערב־ציוויליזאַציע. מיט איר ווערט באַצייכנט דער געבוירנטאָג פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דעם 4טן יולי, 1776, נישט געקוקט וואָס ערשט מיט צוועלף יאָר שפּעטער, דעם 21טן יוני, 1788, האָבן ניין (9) שטאַטן ראַטיפיצירט די קאָנסטיטוציע אויפן יסוד פון דער דעקלאַראַציע, מיט צוגאָבן, מיט אַמענדירונגען. עס איז געשאַפן געוואָרן די גרויסע און מעכטיקע מדינה: די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

טאָמאַס דזשעפערסאָן, דער מחבר פון דער דעקלאַראַציע, איז דאַן געווען אין זיין 33טן יאָר, אָבער ער האָט שוין געהאַט דעם געהעריקן וויסן און די געהעריקע פאַרשטענדעניש צו שאַפן, רעדאַקטירן און באַאַרבעטן די דעקלאַראַציע, זי זאָל מיט זיך פאַרשטעלן דעם העכסטן דאָקומענט פון מענטשלעכער חשיבות אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט. ווי אַ יונגערמאַן, מיט ברען און התלהבות, האָט ער געמיינט, אַז ס׳וועט זיין זייער לייכט דורכצופירן די דאָזיקע פּרינציפּן און אידעאַלן. ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער געזען ווי שווער עס איז דורכצופירן אידעאַלן, אַז ס׳פעלן נישט קיין שטערערס וואָס לייגן אויס מכשולים אויפן וועג פון דער־גרייכונגען. די קאָנסטיטוציע איז דאַך געבליבן דער שטאַרקסטער שוץ, פאַר אַ ל ע אַמעריקאַנער בירגער, צו געניסן פונעם ווילזיין וואָס די שטאַטן גיבן יעדן איינ־וווינער.

ווען דזשעפערסאָן איז געוואָרן פּרעזידענט (1801—1809), האָט ער דאָס נאָך מער געזען. מענטשן אין דער רעגירונג האָבן געמאַכט שוועריקייטן. ער איז געשטעלט געוואָרן פּנים־אל־פּנים מיט דער ווירקלעכקייט. ער האָט געדאַרפט פירן פּאָליטיק וואָס אין די מערסטע פאַלן הויזט עס ניט מיט אידעאַל, מיט הומאַניזם. ער האָט געטאָן דאָס מעגלעכסטע אין יענע התחלה־יאָרן, דורכצופירן אין לעבן די קאָנסטיטוציע. דאָס זענען געווען יאָרן פון גרויסע אָנשטרענגונגען.

ווי דער דריטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט ער נאָכגעפאָלגט די פריערדיקע אין זיין מי אָנצוהאַלטן די אייניקייט, דערגרייכן אַ שלומדיקע לייזונג מיט ענגלאַנד, וואָס זאָל אים געבן אַ מעגלעכקייט צו באַרייכערן די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אָנגעלעגנהייטן צו פאַרזיכערן און גאַראַנטירן דאָס אייגנטום פון יחיד און פון ציבור.

טאָמאַס דזשעפערסאָן (1743—1826) איז געווען פּרעזידענט נאָך דזשאָן עדעמס (1755—1826), וואָס האָט אויסגעאַרבעט דעם שלום־אָפּמאַך מיט ענגלאַנד און לייכטער געמאַכט פאַר אים צו קענען דערפילן די צילן אַזוי ווי ער האָט זיך געווונטשן. ער איז געשטאָרבן דעם 4טן יולי, 1826, צום 50־יאָריקן יובל פון דער דעקלאַראַציע וואָס ער האָט פאַרפאַסט צו לייגן די יסודות פון אומאָפּהענגי־קייט, פון גלייכהייט, פון פרייהייט פאַר אַלע מענטשן מיט דער גרעסטער מסירת־נפש האָט ער געקעמפט צו פאַרזיכערן די דאָזיקע פרייהייטן. ער האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט וועגן פּרעסע־פרייהייט: ״ווען ער דאַרף אויסקלייבן צווישן אַ רעגירונג אָן אַ פרייער פּרעסע און אַ פרייער פּרעסע אָן אַ רעגירונג, וואָלט ער אויסגעקליבן פרייע פּרעסע״.

אין דער ריי פון די גרונטלייגערס דאַרף דערמאָנט ווערן בענדזשאַמין פרענקלין (1706—1790). ער איז געווען אַ וויסנשאַפטסמאַן, אַ פאָרשער, אַ פּאָליטיקער, אַ שטאַטסמאַן. ער האָט זיך באַטייליקט אין די זיצונגען ביים

אויסאַרבעטן די קאָנסטיטוציע; ער האָט באַרייזט אַ צאָל לענדער פאַר דעם צוועק; ער האָט געקראָגן אַ פאַרזיכערונג אויף הילף מצד פראַנקרייך.

אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָלוציע, אין צוזאַמענשטעלן די דעקלאַראַציע, אין צוזאַמענגעמען אַ צאָל שטאַטן אונטער דער פאָן פון "יוניאַן" — פאַראייניקונג, האָט געגומען דזשיימס מעדיסאָן (1751—136). ער איז געווען דער פערטער פרעזידענט און האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט געשטאַרקט אַמעריקע אינערלעך און אויסערלעך, וויסנשאַפטלעך און קולטורעל; ער האָט קאָנסאָלידירט די אַמעריקאַנישע כּוחות און געזען, אַז אַלע מינדערהייטן, אַלע עטנישע גרופּעס זאָלן געניסן פון אַמעריקעס שפע, פון די נייע עקאָנאָמישע און אינדוסטריעלע אַנטוויקלונגען און דערביי געמאַכט זיכער, קיינער זאָל נישט פאַרלירן זיין אידענטיטעט, קיינער זאָל נישט פאַרלירן זיין נאַציאָנאַלע אייגנשאַפט, זיין רעליגיע און קולטור.

אין דער רשימה פון די גרויסע אַמעריקאַנער פרייהייטס־קעמפערס פאַרנעמט דאָס גרעסטע אָרט אייבערעהעם לינקאָלן (1809—1865) — דער 16טער פרעזידענט. ער איז אַריין ווי אַ לעגענדע אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע: וואַשינגטאָן, דער פאָטער פון דער ניי־געבוירענער אַמעריקע; לינקאָלן — דער פאָטער פון די שקלאַפן, דער וואָס האָט געוואָלט פאַרווירקלעכן דזשעפערסאָנס לאָזונג, אַז "אַלע מענטשן זענען באַשאַפן גלייך, דער וועלט־באַשעפער האָט זיי געשאָנקען דאָס רעכט צו לעבן אין פרייהייט און צו שטרעבן אויף גליק אין זייער לעבן".

ביז לינקאָלן איז דאָס גילטיק געווען בנוגע די ווייסע. די שוואַרצע זענען געבליבן שקלאַפן. לינקאָלן האָט זיך פאַרמאָסטן אָפּצושאַפן שקלאַפעריי, צו ענדערן די סטרוקטור פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט; דערמעגלעכן יעדן, אָן אונטערשייד פון ראַסע און קאָליר, צו לערנען, אַרויסצווייזן פעיקייטן אויף אַלע געביטן: אַקאַדעמישע, טעכנאָלאָגישע, אינדוסטריעלע, קאָמערציעלע, אין אַלע פּראָדוציר־סיסטעמען. ער האָט געוואָלט פאַרווירקלעכן דאָס וואָס זיינע פאָרגייערס האָבן אים איבערגעלאָזט להתגדר, צוצוגעבן צו זייערע אויפטוען און דערגרייכונגען — צו אַ פולשטענדיקער באַפרייונג פון אַלע אונטערדריקטע וועלכע גרייכן אַמעריקעס ברעגן.

אייב לינקאָלן, ווי ער ווערט גערופן, האָט זיך פאַרמאָסטן צו דערציען דעם מענטש צו העכערע אויפגאַבעס און דאָס איז נאָר מעגלעך דורך פאַרלייכטערן זיין צער און לייד. ער האָט געשטרעבט אויסצוברייטערן און צו פאַרטיפערן די אידעאַלן פון גערעכטיקייט, אָן אונטערשייד פון ראַסע און קאָליר.

נישט אַלץ האָט ער אויסגעפירט. אין מיטן זיין אַרבעט איז זיין לעבן איבערגעהאַקט געוואָרן דורך אַ מערדערלעכער האַנט. אָבער דאָס וואָס ער האָט שוין געהאַט אויפגעטאָן אין די יאָרן פון 1861—1865 האָט די קויל פונעם

פאַנאַטיקער דזשאָן ווילקס בוטה, דעם 14טן אַפּריל, 1865, נישט געקענט איבער־האַקן. אַמעריקע איז געגאַנגען אויפן וועג פון פּראָגרעס אויף אַלע געביטן — און דאָס באַפרייען די שקלאַפן איז שוין געבליבן געזעץ, נישט געקוקט אויף די שטערונגען פון די דרום־שטאַטן.

צוליב לינקאָלנס באַפרייען די שקלאַפן איז אָנגעגאַנגען אַ שרעקלעכער בירגערקריג צווישן די צפונדיקע און דרומדיקע שטאַטן. דער קאַמף פאַר באַפרייען די שקלאַפן האָט געקאָסט אַ סך לעבנס. לינקאָלן האָט זיך באַצויגן מיט רחמים. אַפילו צו זיינע שׂונאים, אַפילו צו די וועלכע האָבן געקעמפט קעגן אים פּערזענלעך. ער האָט זיי אַלעמען מוחל געווען. זיין רחמנות איז געווען באַהויכט פון דער העכסטער מענטשלעכער מאָראַל.

לינקאָלן איז אַריין אין דער געשיכטע פון אַמעריקע און אין דער וועלט־געשיכטע ווי דער באַפרייער פון די נעגער־שקלאַפן. ער איז געוואָרן אַ סימבאָליש־לעגענדאַרישע פיגור; אַ סימבאָל פון העראָישן קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר נאַציאָ־נאַלן און סאָציאַלן יושר. ער האָט מוטיק געקעמפט פאַר די רעכט פון אַרבעטער, וואָס איז שטאַרק באַעוולט געוואָרן.

דאָס איז געווען — ווייזט אויס — די סיבה, וואָס קאַרל מאַרקס (1818—1883) האָט אים באַגריסט אין 1864, אין נאָמען פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, ווען לינקאָלן איז דערוויילט געוואָרן צום צווייטן מאָל אַלס פּרעזידענט.

אין זיין באַגריסונג האָט מאַרקס צוו״אַ געשריבן: ״...לינקאָלן האָט געעפנט אַ ניי בלאַט, אַ נייע עפּאָכע פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס... ער איז דער אויפ־ריכטיקער זון פונעם אַרבעטער־קלאַס... ער האָט דאָס גליק צו פירן זיין לאַנד אין דעם אומפאַרגלייכלעכן קאַמף צו ראַטעווען אַ פאַרשקלאַפטע ראַסע, אויפ־צובויען אַ נייע סאָציאַלע פּאַרטיי״.

לינקאָלן איז געווען ווייט פון די סאָציאַליסטיש־מאַרקסיסטישע אידעען. ער איז געווען אַ ליבעראַל־פּראָגרעסיווער אַמעריקאַנער אין דער ראַם פון דעם אַמעריקאַניש־קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. ווי אַ ליבעראַל — נישט ווי אַ סאָציאַליסט — האָט ער געקעמפט פאַר מענטשנרעכט; געקעמפט פאַר סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע רעכט. ער האָט געוואָלט רעאַליזירן דאָס וואָס די פאָטערס פון דער רעוואָלוציע און פון דער קאָנסטיטוציע האָבן געוואָלט — אַ יושרדיקע געזעלשאַפט מיט מעגלעכקייטן פאַר אַלעמען.

אַ דאַנק זיין ליבעראַלער איינשטעלונג איז ער אויך געווען אַ פריינד און פאַרטיידיקער פון ייִדן־רעכט אין די פאַראייניקטע שטאַטן: רעליגיעזע, נאַציאָ־נאַלע, קולטורעלע און סאָציאַלע רעכט. איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ער פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור[8] זיין ״געטיסבורג״־רעדע איז אַ קלאַסישער אויסדרוק פון זיין באַנעמונג צו ייִדן.

ווי איינער פון די ריזן־גייסטער און פון די ליכטיקע פערזענלעכקייטן האָט ער אַ שטויס געטאָן די מענטשלעכע געשיכטע אויף יאָרהונדערטער פאָרויס. די רעאַקציאָנערע כּוחות האָבן אַרויפגעצווּנגען אויף אים דעם בירגערקריג. ער האָט זיי באַזיגט, אָבער נאָך אַזוי פיל בלוט־פאַרגיסונג, וואָס ער האָט געוואָלט אויס־מיידן. ער האָט געקעמפט פאַר יושר און פאַר אמת. נישט אומזיסט טראָגן פרייהייטס־ליבנדיקע מענטשן זיין נאָמען מיט אַ געפיל פון יראת־הכּבוד. ווי אַן אָדלער־פויגל האָט ער זיך אויפגעהויבן איבער די באַגריפן פון אָרט און צייט.

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן האָט אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלט קעגן די ענגלישע מאַכטהאָבערס און דערפירט צום ענדגילטיקן נצחון. טאָמאַס דזשעפער־סאָן, דער פאַרפאַסער פון דער פרייהייטס־דעקלאַראַציע, האָט אין פילאַדעלפיע פּראָקלאַמירט די דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט און לינקאָלן האָט רעאַ־ליזירט די דאָזיקע אידעאַלן פון רעכט און יושר פאַר אַלעמען.

פאַרן יידיש־לייענער וואָס וויל זיך באַקענען מיט דער געשיכטע פון אַמעריקע, באַזונדערט מיט דער אָנהייב־תּקופה, מיט די פאָטערס פון די פאַראייניקטע שטאַטן, מיטן יידישן אָנטייל אין דער רעוואָלוציע, איז פון גרויס וויכטיקייט הלל ראָגאָפס "די געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן", אַ שלימותדיק ווערק אין דער יידישער שפּראַך. מיר געפינען דאָרט פּרטים וועגן יידישן אָנטייל אין וואַשינגטאָנס קעמפערישע כּוחות. ס'זענען געווען מאַסן יידן אינעם מיליטער און צווישן זיינע ראַטגעבערס. איינער פון זיי, עמנואל נח, פאָטער פון מרדכי עמנואל נח (1785—1851), האָט געוויזן אַ מוסטער פון פּאַטריאָטיזם. אַ צווייטער ייד איז געווען דער פריער דערמאָנטער חיים סאַלאָמאָן, וועלכער האָט געשטיצט מיט גרויסע סכומים די ניי־געגרינדעטע אַמעריקאַנער רעגירונג און דערביי נישט פאַרגעסן זיין משפּחה אין פּוילן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 45 יאָר (1785).

אויסרעכענען, צוזאַמענשטעלן אַ רשימה פון פירנדיקע פערזענלעכקייטן אין אַמעריקע, וועלכע קענען באַטראַכט ווערן פאַר חסידי אומות העולם — דאָס איז אַן אוממעגלעכקייט. מיר וועלן בלויז צוגעבן נאָך אייניקע: ווודראָ ווילסאָן (1856—1924), דער 28טער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם ווערסאַילער שלום־אָפּמאַך, פאַר דער שאַפונג פונעם פעלקערבונד און פאַר נאָך אַ סך זאַכן לטובת דער מענטשהייט. ער האָט געוואָלט זיכערן דעם שלום, אָבער פעלקער האָבן פאַרראַטן, זיך געגרייט צו מלחמה און דער קלימאַקס פון אָט דער גרייטונג האָט דערפירט צום צווייטן וועלטקריג, וואָס האָט חרוב געמאַכט אַ וועלט, אומגעבראַכט צענדליקער מיליאָנען און חרוב געמאַכט דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע יידנטום.

ס'האָט גענומען פיר־פינף יאָר, ביז די אַליִיִרטע אַרמייען, אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל אייזנהאַוער, שפּעטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע

שטאַטן, האָט מנצח געווען די נאַצישע באַוואָפנטע כּוחות אויף די מערב־פראָנטן און די סאָוויעטישע אַרמייען האָבן זיי באַזיגט אויף די מזרח־פראָנטן. דאָס האָט דערפירט צו דער קאַפּיטולאַציע פון די נאַצי־אַרמייען.

״אונדזער ערד — האָט דאַן געזאָגט דער 33טער אַמעריקאַנער פּרעזידענט פראַנקלין דעלאַנאָ רוזוועלט (1945—1882) — איז בלויז אַ קליינער שטערן אין דער גרויסער וועלט... מיר פאַרוואַנדלען דעם דאָזיקן שטערן אין אַ פּלאַנעט — וואָס מיר וועלן נישט לאָזן צעשטערן דורך מלחמה, הונגער און שרעק... מיר וועלן נישט לאָזן, אַז דער פּלאַנעט זאָל צעטיילט ווערן דורך זינלאָזע אונטערשיידן פון ראַסע, קאָליר און רעליגיע...״

רוזוועלט האָט געבעטן ביים באַשעפער: ״שענק אונדז אָט דעם מוט און די וויזיע, אָנצוהייבן היינט אָט די שליחות, אַז אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן זיין שטאָלץ מיט דעם נאָמען מענטש... שענק אונדז ברודער־שאַפט, נישט בלויז פאַר אָט דעם טאָג, נאָר פאַר אַלע יאָרן... אַ ברודערשאַפט נישט אין ווערטער נאָר אין מעשׂים...״

רוזוועלט איז ביים לעבן באַטראַכט געוואָרן פאַר איינעם פון די העכסטע, באַרעכטיקט צום טיטל ״חסידי אומות העולם״. מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר דעם הומאַניטאַרן, פאַר דעם פריינד פון ייִדן. נאָך זיין טויט זענען געהאַלטן געוואָרן הספּדים, אזכּרות — און אין געוויסע מקומות זענען די הספּדים פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ ״מלא רחמים״. אין די נאָכפאָלגנדיקע יאָרן, איז באַוווּסט געוואָרן, ווי קאַלט ער איז געווען צו ייִדישע צרות, צום אומקום פון מיליאָנען ייִדן... ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון נעמען אַ דראַסטישע שטעלונג קעגן די ווילדע חיות, וואָס טשוירטשיל האָט זיי גערופן מיטן נאָמען ״הונען״. ערשט ביים סוף האָט ער מסכּים געווען צו באַשטימען אַ ספּעציעלן ראַט מיט קאָמיסיעס צו העלפן די געראַטעוועטע... אָבער וועגן דעם האָבן מיר שוין געשריבן [9].

ס׳זענען דאָ היסטאָריקערס וואָס האַלטן, אַז רוזוועלט איז געווען דער גרעסטער אַמעריקאַנער פּרעזידענט אין 20טן י״ה. דאָס איז אַן אמת. זיין אויפטו פאַר אַמעריקע זינט זיין דערוויילונג דעם 4טן מערץ, 1933, איז אומגעהויער. זיין לאָזונג: ״מיר דאַרפן פאַר קיין זאַך נישט מורא האָבן, אַחוץ דער מורא אַליין״, קלינגען אין די אויערן פון יעדן רעכטדענקנדיקן מענטשן. די געזעצן וואָס ער האָט איינגעפירט, האָבן געראַטעוועט אַמעריקע. דער ״נייער דיל״, ווי ער האָט עס גערופן, איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג; געשטאַרקט אַמעריקע ווי אַ פּראָגרעסיווע מדינה, וואָס באַזאָרגט יעדן בירגער. זיינע פאַרשיידענע ענדערונ־גען האָבן געשאַפן די האַרמאָניע צווישן די שטאַטן פון צפון און דרום, מזרח און מערב — פאַראייניקט אונטער דער אַמעריקאַנער פאָן. ער האָט געמאַכט אַמעריקע גרויס אויף אַלע געביטן. אָבער וועגן ייִדן?

מיר ייִדן האָבן אַ טראַגישן חשבון מיט אים: ער האָט געקענט ראַטעווען הונדערטער טויזנטער — און אפשר מיליאָנען ייִדן — ער האָט דאָס נישט געטאָן!

רוזוועלט וואָס האָט אַזוי פּיל געטאָן פאַר אַמעריקע, האָט אַזוי ווייניק געטאָן פאַר די ייִדן וועלכע זענען געווען אין געפאַר פון אומקום; רוזוועלט וואָס האָט אַזוי פּיל געטאָן צו ראַטעווען די וועלט פון דער נאַצישער ברוטאַלער מאַכט, איז געווען גלייכגילטיק צו די דייטשישע שחיטות אויף ייִדן. ער האָט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין די טויטלאַגערן — אָבער גאָרנישט געטאָן צו צוימען די ווילדע חיות... ער האָט געוווּסט וואָס עס טוט זיך אינעם פּוילישן "עמק הבכא", און געשוויגן, דאָס האָט געגעבן די "הונען" אַ פרייע האַנט אויסצופירן זייער פּלאַן פון "ענדגילטיקער לייזונג"...

ווען די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, אין 1933, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות, גירושים און ברוטאַלע אָנפאַלן אויף ייִדן, ווען ס'איז דורכגעפירט געוואָרן די "קריסטאַלנאַכט", אַן אָנזאָג, צו מאַכן דייטש־לאַנד ייִדן־ריין, וואָס האָט רוזוועלטס אַמעריקע געטאָן?

אַמעריקע האָט זיך געהאַלטן ביי דער איזאָלאַציע־שטעלונג, נישט צו מישן זיך אין די אָנגעלעגנהייטן פון אַנדערע מדינות. אונטערן אינערלעכן און אויסער־לעכן דרוק האָט אַמעריקע מסכים געווען צו פאַררופן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ צו באַטראַכטן פּלענער, ווי צו לייזן דאָס פּליטים־פּראָבלעם.

אַזאַ קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין עוויאַן, פראַנקרייך. מ'האָט גערעדט און מ'האָט פּלאָנירט. מ'האָט געמאַכט פאָרשלאָגן — צו פּראַקטישע, קאָנקרעטע מעשים איז מען נישט געקומען. אַמעריקע מיטן ליבעראַלן פּרעזידענט רוזוועלט האָט נישט געעפנט די טויערן פאַר די געיאָגטע און געפּלאָגטע. די איזאָלאַציע־פּאָליטיק איז נאָך פאַרגעזעצט געוואָרן אין יענע קריטישע, טראַגישע טעג פאַר ייִדן און פאַר דער וועלט בכלל.

אַמעריקע מיט איר פּראָגרעסיוון פּרעזידענט האָט נישט דערפילט די הומאַני־טאַרע אויפגאַבעס. די עוויאַנער קאָנפערענץ מיט דער באַטייליקונג פון 32 פאַר־שטייערס פון אַ צאָל מדינות, וועלכע האָבן נאָך געקענט העלפן, האָט נישט געבראַכט די דערוואַרטע געהעריקע רעזולטאַטן. מ'האָט נישט געוואָלט — אָדער נישט געוואָלט זען — וואָס עס דערוואַרט די ייִדן אין אייראָפּע; מ'האָט אויך נישט געוואָלט זען, אַז נאַצי־דייטשלאַנד גרייט זיך צו מלחמה און וועט ברענגען אַ חורבן אויף דער וועלט.

די מלחמה איז אויסגעבראָכן. ידיעות זענען געקומען קיין וואַשינגטאָן, אַז מיליאָנען ייִדן ווערן געוואָרפן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין גאַזאָויוונס. רוזוועלט האָט דאָס אַלץ געוווּסט. וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט זיך אויסגעדריקט מיט טרערן, אַז צום באַדויערן קען ער גאָרנישט טאָן. אַז דער פּרעזידענט האָט

געשוויגן, האָבן אַלע געשוויגן און במילא פאַרשוויגן דעם אומקום פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן.

פאַר וואָס האָט רוזוועלט נישט מורא געהאַט פאַר דער ייִדישער שטימע? דאָס איז אַ פראַגע, וואָס מיר קענען אויף איר נישט געבן קיין ענטפער, ווייל דערמיט איז פאַרבונדן נאָך אַ פראַגע: פאַר וואָס האָט דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום געשוויגן?

נאָך זיין טויט זענען דערשינען הספדים אין אַלע ייִדישע זשורנאַלן און צייטשריפטן: אין ייִדיש, העברעיִש און אין ענגליש. מ׳האָט אים באַטראַכט פאַר איינעם פון די חסידי אומות העולם. מ׳האָט אים מספיד געווען ווי דעם גרויסן פּרעזידענט, דעם קלוגן פּרעזידענט, דעם דעמאָקראַטישן פּרעזידענט, דעם ליבעראַלן פּרעזידענט. מיט יאָרן שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין גרויסקייט איז דער עיקר באַשטאַנען אין גרויס מאַכן אַמעריקע, כּדי די פאַראייניקטע שטאַטן זאָל ווערן די גרעסטע און שטאַרקסטע מאַכט אין דעם וועלט.

רוזוועלטס אַמעריקע האָט געראַטעוועט די וועלט, די מענטשהייט, נישט דערלאָזט דעם ימח־שמוניק באַהערשן די וועלט. זי האָט אָבער נישט באַוויזן צו ראַטעווען דאָס אייראָפּעיִשע ייִדנטום.

רוזוועלט איז געשטאָרבן פּלוצלינג (דעם 2טן אַפּריל, 1945) נאָכן ווערן דערוויילט צום פערטן טערמין (דאָס ערשטע מאָל אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע). ער האָט נישט פאַרענדיקט זיין מיסיע צו באַפרייען די וועלט פון נאַציזם, פאַשיזם און יאַפּאַניזם. פאַרענדיקט האָט זיין נאָכפאָלגער הערי טרומאַן.

פּרעזידענט טרומאַן האָט פאַרענדיקט די מלחמה מיט יאַפּאַן מיט דער אַטאָם־באָמבע, גענוצט צום ערשטן מאָל. נישט איינער איז געווען קריטיש אויף דעם פּרעזידענט וואָס האָט געגעבן דעם באַפעל צו באַנוצן זיך מיט אַ משחית וואָס האָט אומגעבראַכט אַ גאַנצן ישוב — היראָשימאַ, די אָרטיקע ציווילע באַפעלקערונג און אַ צאָל אַרומיקע ישובים. זיין פאַרטיידיקונג איז געווען אַז דערמיט האָט ער געראַטעוועט מיליאָנען מענטשן פון אומקום, דערמיט האָט ער פאַרקירצט די מלחמה, געבראַכט דעם נצחון פאַר אַמעריקע און דער מערב־ציוויליזירטער מענטשהייט.

נישט געקוקט אויף דער קריטיק מצד זיינע קעגנערס מכּל המינים, איז ער אַריין אין דער געשיכטע ווי איינער פון די פּאָפּולערסטע פּרעזידענטן.

הערי טרומאַן איז געבוירן געוואָרן דעם 8טן מאַי, 1884 און געשטאָרבן אין זיין שטאַט, מיזורי, דעם 26טן דעצ., 1972. ער איז דערוויילט געוואָרן צום סענאַט אין 1934 און כּסדר געוואָקסן אויף דער פּאָליטישער לייטער. אין 1940 איז ער באַשטימט געוואָרן צו קאַנדידירן מיט רוזוועלטן אַלס וויצע־פּרעזידענט. דאָס איז געטאָן געוואָרן אויף דער עצה פון ייִדישן אַרבעטער־פירער סידני הילמאַן

(1946—1887), פרעזידענט פון דער "אַמאַלגאַמייטעד" קליידער־יוניאָן (אַגב, אַ משפּחה־מיטגליד פון הרב הגאון ר׳ שמואל יצחק הילמאַן ז״ל, פֿאָטער פון דער רביצין הערצאָג ע״ה).

אין 1948 איז טרומאַן דערוויילט געוואָרן צום דאָזיקן העכסטע אַמט און אַריינגעבראַכט אַ נייעם נוסח פון פירערשאַפט אינעם ווייסן הויז און אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק בכלל.

ווי אַ פֿאָלקסמענטש האָט ער גערעדט צום פֿאָלק אין דער שפּראַך פון פֿאָלק; אַזוי אַרום האָט ער געוווּנען דאָס האַרץ פון אַמעריקאַנער פֿאָלק.

אין אַ שמועס מיט זשורנאַליסטן האָט ער געזאָגט בעתן איבערנעמען די פּרעזידענט־פֿליכטן, נאָכן טויט פון פּרעז. רוזוועלט (אַפּריל, 313, 1945): "פריינד, זייט מתפּלל פאַר מיר... ווען מ׳האָט מיר איבערגעגעבן, וואָס עס האָט פּאַסירט נעכטן, האָב איך געפילט ווי די לבנה, שטערן און פּלאַנעטן זענען אַראָפּגעפאַלן אויף מיר..."

ווען ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער איז אַ ייִד, האָט ער געזאָגט: "איך בין נישט קיין ייִד; ווען כ׳וואָלט יאָ געווען אַ ייִד, וואָלט איך זיך נישט געשעמט דערמיט".

אין דעם גייסט האָט ער געהאַנדלט ווי אַ פריינד אָן רעזערוואַציעס — ווען פּראַקטיק, דעם 14טן מאַי, ה׳ אייר, תש״ח—1948, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די ייִדישע מדינה. ער איז געווען דער ערשטער צו אָנערקענען די מדינה. ער האָט עס געטאָן נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט מצד דעם שטאַט־דעפּאַרטמענט.

ווי באַקאַנט, האָט אַ געוויסע ראָל געהאַט אין זיין באַשלוס, זיין יוגנט־פריינד עדי דזשייקאָבסאָן, זיין געוועזענער שותּף פון אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט אין קענזעס סיטי. דער דאָזיקער ייִד האָט געהאַט אַ השפּעה אויף דעם פּרעזידענט. פאַר דעם ייִד זענען די טויערן פון ווייסן הויז געווען אָפן און ער האָט באַווירקט טרומאַנען צוצואיילן זיך מיט דער אָנערקענונג פון מדינת־ישראל.

אין אַ לענגערן אַרטיקל אד״ט "האַרי טרומאַן פון אַ ייִדישן בליק־פּונקט" [10], סומירט דוד ראָזענטאַל זיין אָביעקטיווע אָפּשאַצונג, איבערהויפּט די אַנדערשקייט צווישן טרומאַן און רוזוועלט — באַזונדערס וואָס שייך ייִדן: רוזוועלט האָט געהאַנדלט אַנדערש ווי גערעדט::: ער האָט געקענט ראַטעווען הונדערטער טויזנטער און אפשר, מיליאָנען ייִדן — ער האָט דאָס נישט געטאָן! ער האָט אויך נעגירט אַמעריקעס התחייבות לגבי ישראל. טרומאַן: ער איז געווען דער ערשטער צו אָנערקענען מדינת־ישראל. ער האָט זיך געשטעלט קעגן זיין אַדמיניסטראַציע, קעגן זיין אויסלאַנד־מיניסטער דזשאָרדזש מאַרשאַל; ער האָט זיך געשטעלט קעגן זיין שוץ־מיניסטער פאָרעסטאַל. אויף זיין אייגענער איניציאַטיווע, קעגן אַלע זיינע יועצים, אַקצעפּטירט ישראלס אומאָפּהענגיקייט, עלף

מינוט נאָכן פּראָקלאַמירן די מדינה, נאָך בן גוריונס לייענען די דערקלאַראַציע...

״אין אָנהייב פון זיין קאַדענץ — שרייבט ראָזענטאַל — האָבן דאָך אַ סך איִם באַטראַכט פאַר נישט ראוי צו זיצן אין ווייסן הויז. אָבער מיט יאָרן שפּעטער ווערט ער געשעצט ווי אַ פּרעזידענט וועלכן מען קאָן ״כמעט שטעלן״ אין איין ריי מיט טעאָדאָר רוזוועלט, ווודראָ ווילסאָן און ענדרו דזשעקסאָן...״

אַן אויפריכטיקער פריינד פון יידן מיט אַ דור פריער, איז געווען טעאָדאָר (טעדי) רוזוועלט, אַ קרוב צו פרענקלין, אָבער אַנדערש אי אין פּאָליטיק, אי אין כאַראַקטער: טעאָדאָר איז געווען אַ רעפּובליקאַנער און פרענקלין אַ דעמאָקראַט; ער איז געווען אַן אוהב יידן בפה ובלב און נישט ווי פרענקלין... ער האָט באַקעמפט אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד און אין אויסלאַנד; ער האָט געוואָרנט די צאַרישע רעגירונג פאַר איר פּראָוואָצירן און העצן צו פּאָגראָמען אויף יידן. ער האָט גערעדט, געשריבן און געטאָן מעשׂים, נישט צו דערלאָזן אַנטי־סעמיטן זאָלן האָבן אַ שליטה אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דזשאָן פ. קענעדי, דער אינטעלעקטואַל־דעמאָקראַט, איז געווען דער 35סטער פּרעזידענט. אַן אַטענטאַט אויף איִם אין דאַלאַס האָט פאַרענדיקט זיין לעבן. ער איז אומגעקומען דעם 22סטן נאָוו. 1963, אין עלטער פון 46 יאָר, בעת ער און זיין סוויטע, איז אויפגענומען געוואָרן פון אַ פּערטל מיליאָן באַגריטערס. דער מערדער איז אומגעקומען דורך אַ קויל אין תּפיסה־קעלער, אַזוי אַז דער מאָרד איז געבליבן אַ מיסטעריע און קיין פּראָצעס איז נישט געפירט געוואָרן.

וואָס שייך ישראל, איז ער נישט געגאַנגען אין די וועגן פון פּרעזידענט טרומאַן, אַפילו אַרויסגעוויזן נישט־פריינדלעכקייט, אַפילו נישט הילף מיט גוטע רייד — ווי זיין נאָכפאָלגער לינדאָן דזשאָנסאָן, וואָס איז מאָמענטאַל־אויטאָמאַטיש געוואָרן דער 36 סטער פּרעזידענט. פּרעזידענט קענעדי האָט זיך אָפּגערוקט גאָר ווייט פון דער טרומאַן־באַציונג. ער האָט זיך באַצויגן נעגאַטיוו און רעזערווירט און אַפילו אַרויסגעוויזן אַ באַליידיקנדיקן אַקט. בעת בן גוריון האָט געוואָלט זיך טרעפן מיט איִם אין וואַשינגטאָן, האָט ער פאַרגעשלאָגן זיך צו טרעפן אין ניו־יאָרק.

אינעם פּרעזידענט־קאַמפּיין פון 1964 האָט דזשאָנסאָן געקראָגן אַ גרויסע מערהייט. ער האָט אָבער נאָך דעם געהאַט שוועריקייטן צו פירן דאָס לאַנד: די וויעטנאַם־מלחמה, וואָס האָט געבראַכט אַזוי פיל קרבנות און די קאָסטן האָבן גורם געווען אַ פינאַנציעלן קריזיס, באַגלייט מיט אַ מאָראַלישן, האָט איִם געקאָסט געזונט, נישט געקוקט אויף זיין הילפספּראָגראַם צו שאַפן די ״גרויסע סאָסייטי״, אויסברייטערנדיק רוזוועלטס ״ניו דיל״ מיט פאַרגרעסערן די סאָציאַלע פאַרזיכערונג מיט מעדיצינישער פאַר מענטשן איבער 68 יאָר.

אין אַן אָביעקטיווער אָפּשאַצונג קאָן מען זאָגן, אַז דזשאָנסאָן איז געווען

אַ גוטער פּרעזידענט. ער האָט אָבער איבערגעשאַצט זיינע כּוחות, מיט זיין מיליטערישער "עסקאַלאַציע" אין וויעטנאַם. ער איז געשטאָרבן אַן אַנטוישטער, דעם 22סטן יאַנ. 1973 אין עלטער פון 64 יאָר, אַ חודש נאָכן טויט פון העריִ טרומאַן, וועלכער איז אַוועק אַ צופרידענער.

דער פּרעזידענט נאָך אים, ריטשאַרד ניקסאָן (37סטער פּרעזידענט), וועמעס פּאָפּולאַריטעט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג און ס'האָט אויסגעזען, אַז ער איז אַרויף אויף דער לייטער פון גרויסקייט: אַהיימגעבראַכט דאָס אַמעריקאַנער חייל פון וויעטנאַם; פאַרהאַנדלט מיט סאָוועט־רוסלאַנד, מיט כינע צו עפענען נייע מערק פאַר דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע און קאָמערץ — ער האָט געהאַט דערפאָלג אויף אַלע געביטן — און נאָך דעם די ערגסטע ירידה...

וואָס שייך מדינת־ישראל, האָט ניקסאָן, ביי דער יום כּיפּור־מלחמה, ממש גאַראַנטעוועט די מדינה, אַ דאַנק די עראָפּלאַנען און פליערס וואָס ער האָט געשיקט, איידער ער האָט געהאַט די גוטהייסונג פון קאָנגרעס און סענאַט און נאָך איידער ער האָט געהאַט די הסכּמה פון זיינע יועצים, פון זיין אויסערן־מיניסטער דעם ייִד קיסינדזשער.

ניקסאָן האָט געהאַט כאַריזמע, טאַלאַנט, פעיִקייט און געוואַגטקייט און איז דאָך דורכגעפאַלן. די "וואָטערגייט־טראַגעדיע" האָט דערפירט צו דער ירידה און אים געבראַכט אַ קרבן אויפן מזבח פון דעמאָקראַטיע און עטיק. דער אויפברויז אין לאַנד קעגן אים האָט אים אַראָפּגעבראַכט פונעם הויכן פּיעדעסטאַל און טראַגיש פאַרענדיקט זיין פּרעזידענט־קאַריערע.

זיין פרוי האָט געוויינט, זיינע טעכטער האָבן געוויינט, דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט געוויינט. דאָס פאָלק האָט געוויינט, ווען ס'איז אויפגעדעקט געוואָרן די קאָרופּציע אין זיין אַדמיניסטראַציע. ס'האָט אים נישט געהאָלפן זיין פּאָפּולערקייט אין מאָסקווע און אין פּעקין. נאָך אַ 70 מינוטיקן שמועס מיט זיין וויצע־פּרעזידענט דזשעראַלד פאָרד (געב. יולי, 14, 1913) ווערט פּרעזידענט — דער 38סטער אין דער רשימה פון פּרעזידענטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאַנערשטיק אָוונט, דעם 8טן אויגוסט, 1974, האָט ער איינגעזען אַז דאָס בעסטע פאַר אים איז אַ פרייוויליקע רעזיגנאַציע — און דאָס האָט ער געטאָן, לאָזנדיק וויסן דורך ראַדיאָ און דער טעלעוויזיע, אַז ער האָט רעזיגנירט און דזשעראַלד פאָרד (געב. יולי, 14, 1913) ווערט פּרעזידענט — דער 38סטער אין דער רשימה פון פּרעזידענטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

ניקסאָן איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע וואָס האָט רעזיגנירט פון זיין הויכן פּאָסטן, כּדי צו פאַרמיידן דאָס אַראָפּזעצן אים פון דער פּרעזידענט־שטול, וואָס וואָלט אים געבראַכט אַ גרעסערע ירידה.

ביי ייִדן, נישט געקוקט אויף זיין ירידה, האָט ער זיך קונה שם געווען אַלס פריינד פון מדינת־ישראל, אין דער שעה פון דער גרעסטער סכּנה פאַר דער מדינה, אין דער יום־כּפּור־מלחמה (אין 1973), בעת פּרעמיער גאָלדע מאיר (ע"ה)

האָט אים געלאָזט וויסן וועגן דער געפֿאַר און אַז ער מוז שוין שיקן הילף. ער האָט עס געטאָן נישט רעכענענדיק זיך מיט דער קעגנערשאַפֿט פֿון פּענטאַגאָן, מיט דער וואָרענונג פֿון די גענעראַלן. גאָלדע מאיר האָט אים געשריבן, אַז ישׂראל וועט דאָס אייביק געדענקען: ״דאָס זענען געווען טעג און שעהען, ווען מיר האָבן זיך געגוויטיקט אין אַ פֿרייַנד און דו, מר. פּרעזידענט, ביזט אונדז בייַגעשטאַנען...״

נאָך דזשעראַלד פֿאָרד איז געוואָרן פּרעזידענט דזשימי קאַרטער, ער האָט געפֿירט די אַמעריקאַנער פּאָליטיק בלויז איין טערמין. ער האָט אויף זיין חשבון דעם ״קעמפּ דייוויד אַפּמאַך״ וואָס האָט געפֿירט צו אַ שלום צווישן ישׂראל און מצרים.

ער איז דורכגעפֿאַלן צוליב אַיאַטאָלאַ כומעיניס רעזשים אין איראַן. די איראַנער רעגירונג האָט געהאַלטן אין געפֿאַנגענשאַפֿט — ווי אַ סאָרט נקמה — איבער 50 אומשולדיקע אַמעריקאַנער און דער פּרעזידענט האָט בשום אופֿן נישט געקענט דעצידירן, וואָס אַמעריקע זאָל טאָן צו ראַטעווען די אַמעריקאַנער בירגער.

די איראַנישע רעגירונג האָט גענומען — לויט אַן אויסרייד — נקמה צוליב דעם, וואָס אַמעריקע האָט געהאָלפֿן דעם שאַך. דער פּרעזידענט האָט זיך געפֿילט פֿאַרלוירן, נישט געוווּסט ווי אַזוי צו ראַטעווען די אַמעריקאַנער און נישט פֿאַרפֿירן מלחמה מיט איראַן; ער האָט אויך מורא געהאַט אונטערצונעמען אַ מיליטערישע אַקציע, טאָמער די איראַנער עקסטרעמיסטן וועלן אויסהרגענען די געפֿאַנגענע. ער האָט געזוכט אַ שלומדיקע לייזונג, געזוכט וועגן און מיטלען, אַרויסצוראַטעווען די אַמעריקאַנער דורך פֿאַרהאַנדלונגען מיט דער איראַנער רעגירונג. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן און דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק האָט דאָס געהאַלטן פֿאַר אַ שוואַכקייט, פֿאַר אַ חרפּה. דאָס האָט געפֿירט צו דער אומפּאָפּולערקייט פֿון קאַרטער און צו דעם אַז ראָנאַלד רייגען זאָל ווערן די 40סטער פּרעזידענט.

רייגען, דער געוועזענער שוישפּילער, האָט דערגרייכט צום שפּיץ פֿון דער מאַכט, צוליב קאַרטערס דורכפֿאַל אין איראַן. ער איז אייַנגעשוווירן געוואָרן אין יאָר 1981 און בעת דער צערעמאָניע איז געמאָלדן געוואָרן, אַז 52 ערובניקעס זענען נאָך 444 טעג באַפֿרייט געוואָרן. דאָס אַמעריקאַנער פֿאָלק האָט פֿריי אָפּגעאָטעמט און געהאַלטן אַז די כומעיני־עקסטרעמיסטן האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר דעם שטאַרקן פּרעזידענט.

ס׳איז דעם פּרעזידענט געגאַנגען גוט אויף אַלע געביטן און ער איז דערוויילט געוואָרן צום צווייטן טערמין אַלס רעפּובליקאַנישער פּרעזידענט קעגן דעם אינ־טעלעקטועלן מאָנדעיל, מיט דער גרעסטער מערהייט. דאָס פֿאָלק האָט געוויזן דעם ווילן צו האָבן אַ שטאַרקן דעצידירנדיקן פּרעזידענט.

אין פּעריאָד פֿון זיינע דערפֿאָלג־יאָרן, האָט רייגען אויך געהאַט אַ צאָל ירידות, צוליב דעם טעראָר קעגן אַמעריקאַנער, מצד אַראַבישע שיאיטן, פּיראַטן,

טעראָריסטן, צוליב ליביע מיט איר קאַדאַפי, כּל מיני אָנפאַלן, אָבער דער פּרע־זידענט האָט גענומען אַ שטאַרקע שטעלונג און ער באַטייליקט זיך אין די פּלענער, ווי אַזוי צו באַשיצן אַמעריקאַנער קעגן טעראָר־אָנפאַלן; ווי אַזוי צו היטן אַמעריקאַנער לעבנס אומעטום און ווי צו באַשטראָפן די יעניקע וועלכע פאַרנעמען זיך מיט טעראָר און די וועלכע שטיצן די טעראָריסטן.

וואָס שייך מדינת־ישראל, איז ער אַן אויסגעשפּראָכענער, איבערגעגעבענער פריינד, נישט בלויז צוליב די אַמעריקאַנער אינטערעסן, נאָר ער זעט אין דער פריינדשאַפט יושר און באַרעכטיקונג. ער וויל ממשיך זיין דעם "קעמפּ דייוויד אָפּמאַך", לויט זיין נוסח און מיט דער געהעריקער אויסברייטערונג.

רייגען טוט אויך אַ סך קעגן אַנטיסעמיטיזם און בכלל קעגן ראַסיזם אין אַמעריקע. ער טוט מעשׂים צו זיכערן מענטשנרעכט אין אַלע לענדער. יאָ, ער האָט געמאַכט אַ טעות מיט זיין באַזוך און לייגן קראַנצן אויפן ביטסבורג־צווינטער אין דייטשלאַנד און עס האָט נישט געקענט פאַרדעקט ווערן אַט דער חטא. מיטן פלאַנצן אַ בוים אין בערגען־בעלזען, דורך זיין אויסערן־מיניסטער שולץ. זיין ביטסבורג־באַזוך איז געווען מער ווי אַן עוולה — אַ פּגם, וואָס לאָזט זיך נישט אָפּווישן, ער איז אָבער דער גרויסער פּרעזידענט וואָס מאַכט זיכער, ישראל זאָל זיך קענען אַן עצה געבן מיט די שׂונאים. דערמיט קאָן ער האָבן אַן אָרט אין דער רשימה חסידי אומות העולם.

האָבן מיר דאָ אָנגעגעבן אַ צאָל פּרעזידענטן, וועלכע געהערן צו דער רשימה. ס'זענען אָבער געווען — און ס'זענען נאָך דאָ — אין אַמעריקע אַ סך נישט־ייִדישע פּערזענלעכקייטן וועלכע זענען דערהויבן מאָראַליש און עטיש; אויך אַזעלכע וואָס האָבן נאָך פאַר הערצלען אָגיטירט פאַר אַ ייִדישער מדינה אינעם לאַנד פון די אָבות און נישט ווייניק פון זיי האַלטן זיך ביים "אַלטן טעסטאַמענט".

פּראָפ׳ משה דייוויס — און ער איז נישט דער איינציקער — ווייזט אָן אויף צענדליקער ווערק פון אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַלן, שריפטשטעלערס, גייסט־מענטשן און פירנדיקע פּערזענלעכקייטן מיט השפּעה, וועלכע האָבן גערעדט און געשריבן וועגן רעכט פון ייִדן אויף ארץ־ישראל. מיר וועלן דערמאָנען אייניקע שריפטשטעלערס (נישט לויט אַ סדר), וועלכע זענען געווען באַהויכט פון הומאַניס־טישע אידעען:

אָפּטאָן סינקלעיר (געשט. אין 1968, אין עלטער פון 90 יאָר) אַ קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער האָט איבערגעלאָזט 90 ביכער, איבערגעזעצטע אין פיל שפּראַכן, פאַרקויפט אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן — אויך אין רוסלאַנד, הגם אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון קאָמוניזם. אַלע האָבן אָנערקענט, אַז ער איז אַ קעמפער פאַר גערעכטיקייט, פאַר אַרבעטער־רעכט, פאַר מאָראַל אין מסחר, אין אינדוסטריע און אין אַרבעט. ער האָט אַ מאָל דערקלערט, אַז וואָס

שייך פּאָליטיק און עקאָנאָמיק גלייבט ער אין סאָציאַליזם — אָבער אַ סאָציאַליזם באַזירט אויף דעמאָקראַטיע, אויף פרייהייט, אויף גערעכטיקייט לויטן דעמאָק־ראַטישן פּרינציפּ.

קאַרל סאַנדבערג, דער רעאַליסט, איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער פאָרשטייער פון ליטעראַרישן אויפגאַנג אין אַמעריקע, וואָס ציט זיין ליניע פון די ריזן אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור ווי עדגאַר עלען פּאָו, לאָנגפעלאָ, מאַרק טווען און אַנדערע [11].

יודזשין גלאַדסטאָן אָ׳ניל (1888—1955), דער גרויסער אַמעריקאַנער דראַמאַ־טורג, וואָס האָט זיך דערוואָרבן וועלט־פּאָפּולאַריטעט, דער נאָבעל־פּרעמיע געווי־נער, ער געהערט צו די ליבעראַלסטע שריפטשטעלערס. אַן אומרויִקער פון דער נאַטור, וואַנדערט ער ווי אַ וואַגאַבונד פון אָרט צו אָרט, פון פּראָפעסיע צו פּראָ־פעסיע, ביז ער דערגרייכט צו זיין הויך אין זיין דראַמאַטישער קאַריערע. ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג, ווערט ער באַשאַנקען אין 1921 מיט דער פּוליצער־פּרעמיע און אין 1936, מיט דער נאָבעל־פּרעמיע.

אָ׳ניל דראַמאַטיזירט דעם טראַגישן גורל פונעם מענטש; ער זוכט פאַר זיינע העלדן נשמה־אויסלייטערונג, ליידנשאַפט־איינשטיל [12]. אין ייִדנטום זעט ער געלייטערטן גייסט און אין די ייִדישע לערעס — די הויפּטלערע, אַז מענטש קען זיך דערהויבן איבער ערד, איבער בלוט־און־פלייש; מענטש קאָן ביי זיך אויס־וואָרצלען דעם עגאָיִזם, די חייִשקייט און דערגרייכן דאָס אומפאַרגענגלעכע, ווייל גייסט איז אייביק.

וואָלט וויטמאַן (1819—1892) — וועגן אים האָבן מיר נישט איין מאָל אָנגעוויזן, אַז ער האָט רעוואָלוציאָניזירט די אַמעריקאַנער פּאָעזיע. ער האָט אַריינגעפירט דעם סיסטעם פון פרייע פערזן. ער האָט געמאַכט צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך פּאָעטישע שאַפונגען. ער האָט געוואָלט זען אַן אַמעריקע באַהויכט פון אידעאַלן, פון גייסט, דאָס לאַנד פון פרייהייט מיטן וווקס פון דעם שנעלסטן אינדוסטריעלן פּראָגרעס. ער האָט געוואָלט זען אינעם לאַנד, וואָס איז שוין אין זיין צייט געווען דער צענטער פון קאַפּיטאַל, אַן אָרט איינצוהיטן דעם מענטשלעכן גייסט.

מיר האָבן דערמאָנט די פיר מענטשן, זיי געשטעלט ווי באַווייזן, אַז אינעם רחבותדיקן צפון־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט האָבן געקענט אויסוואַקסן אַזעלכע גייסטיקע ריזן, גרויסע פערזענלעכקייטן, שעפערישע מענטשן, גייסטמענטשן.

אין די וואַרשעווער "ליטעראַרישע בלעטער" פון פאַר דעם חורבן, האָבן מיר כסדר אָפּשאַצונגען וועגן אַמעריקאַנער שריפטשטעלערס, וויסנשאַפטלערס: אַן אָפּשאַצונג וועגן דזשעק לאָנדאָן, אַ מאָנאָגראַפיע וועגן סינקלעיר לואיס, אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אָפּטן סינקלעיר און פיל אַנדערע [13]. דזשעק לאָנדאָן, ווערט

דערציילט, פאַרנעמט אַ גאַר גרויס אָרט צווישן די אַמעריקאַנער שריפטשטעלערס און זיינע ווערק האָבן זוכה געווען צו צענדליקע איבערזעצונגען. צו 40 יאָר איז דזשעק לאָנדאָן שוין געווען אַ מחבר פון 40 ביכער, נישט רעכענענדיק זיינע אַרטיקלען אין צייטונגען און זשורנאַלן.

דער דיכטער ראָבערטס ב. פראָסט (1874—1963) איז אַ דיכטער מיט אַ וועלטנאָמען און מחבר פון אַ צענדליק פּאָעטישע ווערק. ער מאָלט מיט וואַרעמ־קייט און סימפּאַטיע דעם פּאָלקסמענטש, דעם לעבנסשטייגער פונעם פּויער.

צווישן די גייסטלעכע, די טעאָלאָגן, איז געגוג צו דערמאָנען דעם אַמערי־קאַנער טעאָלאָג ריינהאָלד ניבור (פּראָטעסטאַנטישער דענקער), אַ ליבעראַל אין ברייטערן זין פונעם וואָרט, ער האָט תמיד אַרויסגעוויזן אהבת ישראל; ער האָט אָנערקענט די רעכט פון יִדן, נישט בלויז ווי אַ רעליגיעזער קאָלעקטיוו, נאָר מיטן צוגאָב: נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו[13]א.

כדאי צו ברענגען אַ ליטעראַרישן קוריאָז, וואָס ווייזט אויף דעם ליבעראַליזם ביי אייניקע אַמעריקאַנער גייסטלעכע.

מאַרגאַרעט האָל, די טאָכטער פון אַ גלח אין ברוקלין (געב. אין וואַשינגטאָן, 1897), אַן אוהב־ישראל, וואָס האָט געלערנט העברעיִש ביי פּראָפ' ריטשאַרד גאָטהייל (1862—1936), אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, האָט געפירט אַ קאָרעס־פּאָנדענץ מיט אליעזר בן יהודה (1858—1922), דעם עקסטרעמען העברעער, רעדאַקטאָר פון העברעיִשע שריפטן און פון דעם 11־בענדיקן ווערטערבוך, וואָס איז מער ווי אַ העברעיִשער לעקסיקאָן.

איר פאָטער, דער גייסטלעכער פון "האָלי טריניטי" אין ברוקלין, דער גלח טשאַרלס ה. האָל, איז געווען באַפריינדט מיטן רעפאָרם־ראַבינער גוסטאַוו גאָטהייל (1821—1903), פאָטער פון ריטשאַרד, האָט אָנגעהאַלטן פאַר צענדליקע יאָרן די דאָזיקע פריינדשאַפט וואָס איז איבערגעגאַנגען פון עלטערן צו קינדער, אַזוי אַז מאַרגאַרעט האָט אַנטוויקלט אין זיך יִדישע געפילן, פאַרערט אַלץ וואָס איז יִדיש — און זי איז נישט די איינציקע!

ווי געזאָגט, האָבן מיר אין אַמעריקע אַן אַנזעעוודיקע צאָל ליבעראַלע מענטשן, הומאַניסטן און באַקעמפערס פון ראַסיזם. גענוג צו דערמאָנען דעם סענאַטאָר דניאל פּעטריק מויניהען, אַן אויפריכטיקער ליבעראַל און אוהב ישראל, אַ קעמפער פאַר יושר, פאַר פרייהייט. ער לאָזט נישט נעגירן די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע.

אין שיקאַגע האָט זיך געפונען אַ בישאָף, מיטן נאָמען העילס בלעקסטאָן, האָט ער איבערגעזעצט אַ ספר פון אַ רב, פון די ערשטע אָרטאָדאָקסישע רבנים, הרב אברהם יעקב גרשון לעסער (תקצ"ד—1834; תרפ"ה—1925) און אַזעלכע געפינען זיך עד היום, נישט בלויז אין שיקאַגע.

דער ערשטער ספר צו לערנען דיקדוק איז געדרוקט געוואָרן פאַר סטודענטן פון האַרוואַרד אוניווערסיטעט (געגרינדעט, 1636) אין יאָר 1735. דער דאָזיקער אוניווערסיטעט האָט איינגעפירט העברעיִש ווי אַ טייל פונעם לערן־פּראָגראַם און די גראַדויִר־רעדע ("וואַלעדיקטאָרי") פלעגט געהאַלטן ווערן אין עברית[14].

נאָרמאַן טאָמאַס (1884—1968), דער זון פון אַ גלח — ער אַליין איז אַ צייט אויך געווען אַ גלח — דער פירער פון אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם האָט פאַרלאָזט זיין גייסטלעכן פּאָסטן און זיך גענומען פריידיקן סאָציאַליזם. אין צייט פון קריג האָט ער אָנגעפירט מיט דער אַנטי־מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע. ער איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער אידעאַלסטער מענטש; דער הומאַניסט און אומ־קאָפּראָמיסלעכער דעמאָקראַט — ביי אייניקע — "דאָס געוויסן פון אַמעריקע", אָבער פירערשאַפט האָט מען אים נישט איבערגעגעבן: זעקס מאָל איז ער געווען סאָציאַליסטישער קאַנדידאַט ביי די פּרעזידענט־וואַלן און נישט דערגרייכט — "געלאָפן און נישט דערלאָפן". אין 1932 האָט ער געקראָגן אַרום אַ מיליאָן שטימען.

זיין השפעה איז דאָך נישט פאַרלוירן געגאַנגען. אַ דאַנק אים זענען איינגעפירט געוואָרן אַ צאָל סאָציאַלע געזעצן; ס׳זענען געגרינדעט געוואָרן אַ צאָל אינסטי־טוציעס פאַר דעם ווילזיין פון אַלע שיכטן — ער האָט אָבער פאַרלוירן פּאָפּו־לאַריטעט צוליב זיין אַגיטירן איזאָלאַציע, אַמעריקע זאָל זיך נישט מישן אינעם אייראָפּעיִשן קאַמף קעגן די נאַציס. ער איז געווען נאַיִוו און נישט באַנומען די סכּנה פון נאַציזם. ווי נאָענטע צו אים האָבן איבערגעגעבן, האָט ער אין אָנהייב נישט געוווּסט וועגן די אכזריות און דעם חורבן וואָס נאַצי־דייטשלאַנד ברענגט אויף דער וועלט. ער האָט נישט געוווּסט וועגן היטלערס פּלאַן אומצוברענגען דאָס אייראָפּעיִשע יידנטום.

צי דאָס איז דער פולשטענדיקער אמת — ווער ווייסט?

אַ פאַקט איז, אַז ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן די נאַצי־פּלענער און וואָס עס טוט זיך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָט ער געשטורעמט און געפאָדערט פון פּרעזידענט רוזוועלט צו עפענען די טויערן פאַר די באַדראָטע יידן אין אייראָפּע. אין אַ בריוו צום פּרעזידענט שרייבט ער:

"...מיר קעמפן קעגן היטלערן צוליב זיינע בעסטיאַלע, ברוטאַלע אַקטן, צוליב זיינע אַנטיסעמיטישע אַקציעס, אָבער גלייכצייטיק זענען מיר נישט גרייט צו נעמען קאָנקרעטע שריט, צו ראַטעווען יידישע פליכטלינגע?.." „אַנטיסע־מיטיזם — שרייבט ער — איז אַ באַראָמעטער לויט וועלכן מ׳קען מעסטן דעם קלימאַט פון דעמאָקראַטיע און שלום..."

דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט באַערט נאָרמאַן טאָמאַסן מיטן רופן אַ צאָל

אינסטיטוציעס אויף זיין נאָמען. זיינע נאָכפאָלגערס האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער גײַסטיקן פירער — קיין פּאָליטיקער איז ער נישט געווען.

צו די באַרימטסטע און אָנגעזעענסטע אין דער רשימה פון אַמעריקאַנער חסידי אומות העולם, געהערט אָן ספק, פּראָפ׳ וויליאַם פאָקסוועל אָלברייט (1891—1971), באַרימטער תּנ״ך־פאָרשער, אָריענטאַליסט און אַרכעאָלאָג. ער איז דער רבי פון הונדערטער יִדישע פאָרשערס. זיינע ווערק ווערן איבערגעזעצט אין די וויכ־טיקסטע לשונות פאַר פאָרשערס, אַקאַדעמיקערס. ער איז אָנערקענט אַלס איינער פון די העכסטע אויטאָריטעטן אויף די געביטן.

צו זיינע יסודותדיקע ווערק, איבערגעזעצט אין עברית, געהערט: ״הארכילוגיה של ארץ ישראל מתקופת האבן ועד הנצרות [15]. אין זיין הקדמה, געשריבן עניוותדיק און מיט וויסנשאַפטלעכער פּעדאַנטישקייט, דאַנקט דער מחבר דעם איבערזעצער י. מ. גרינץ. דערביי דריקט ער אויס דאַנקבאַרקייט, די ״מענער און פרויען אין מדינת ישראל פון וועלכע ער האָט אַ סך געלערנט״.

דער איבערזעצער, מיט יחוס־עצמו אויפן געביט פון וויסנשאַפטלעכע פאָר־שונגען, שרייבט וועגן אָלברייטן, אַז ער איז פון די געציילטע וואָס האָט זוכה געווען צו אַזאַ הויכער דערגרייכונג, וואָס בלויז געציילטע האָבן זוכה געווען: ״שזוכים לה רק יחידי סגולה במדע, להיות חוקר עד לתכלית הפרטים... ועם זה, סופר והוגה דעות בעל מעוף היודע לצרף את הפרטים... יש לפנינו תלמודו של חכם גדול באומות העולם, שהאמת כפי שהוא משיגה, היא תמיד ״נר לרגליו, ותמיד יש בדבריו כדי ללמוד וללמד ולדעת״.

פּראָפ׳ שמואל י. פייגין [16] שרייבט וועגן דעם דאָזיקן פּראָפעסאָר אין דזשאָן האָפּקינס (באַלטימאָר) אוניווערסיטעט, מיט די גרעסטע סופּערלאַטיווע אויסדרוקן:

״פרופיסור וויליאם פוקסוויל אולברייט הוא לא רק אחד המלומדים הגדולים ביותר בחקר המזרח, המוכר כראש המדברים בחקר המזרח בכל העולם כולו, כי־אם גם אישיות מפליאה״.

פּראָפעסאָר פייגין ע״ה גיט אָן אין זיין אָפּשאַצונג, נישט בלויז די פאָרש־דערגרייכונגען, נאָר אויך אַ כאַראַקטעריזאַציע פון דער דאָזיקער ליכטיקער פּער־זענלעכקייט: זיין פיזישן און גײַסטיקן יש, זיין באַנעמונג, זיין אהבת הבריות און זיין אומגעווייניגלעכע ליבשאַפט צו יִדן: ״...אולברייט הוא אוהב ישראל באמת, ידידיו היהודים הם רבים. תלמידיו הנאמנים ביותר הם יהודים... אולברייט הוא ציוני...״

ס׳זענען געווען מענטשן וועלכע האָבן מקדיש געווען זייער לעבן פאַר דעם ווױלזיין פון דער מענטשהייט. צו די דאָזיקע, געהערן טאָמאַס עדיסאָן (1847—1931) און אַלעקסאַנדער גרעהעם בעל (1847—1922). עדיסאָן איז געוואָרן וועלט־

באַרימט אַלס טעכנישער דערפינדער וואָס האָט געבראַכט ליכט־שטראַלן דער מענטשהייט און באַלויכטן די וועלט. מ׳קען זיך נישט פאָרשטעלן, ווי די וועלט וואָלט אויסגעזען אָן דעם עלעקטרישן לעמפּל.

בעל האָט געשאַפן דעם טעלעפאָן: די וויברירנדיקע מענטלעכע שטים וואָס קומט אַרויס פונעם טרייבל און דערגרייכט די ווייטסטע מרחקים און צו די עולמות העליונים — אין די אָרביטן איבער דעם כּדור־הארץ [17]. די צוויי וויסנשאַפטסלייט האָבן אַ שטויס געטאָן די וועלט צו פּראָגרעס אויף אַלע געביטן.

עדיסאָן האָט אין צוגאָב צום לעמפּל און צו די טעלעפאָנישע דראָטן צוגעגעבן דעם פאָנאָגראַף (אין 1877), וואָס רעפּראָדוצירט און פאַראייביקט די קלאַנגען. די ״רעדנדיקע מאַשין״ איז בשעתו געווען א סענסאַציע, אַ וווּנדער פון מענטשלעכן מוח, וואָס איז דורך די יאָרן אַנטוויקלט געוואָרן צו אַזעלכע דערגרייכונגען, וואָס אפילו וויסנשאַפטלערס האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן.

נישט געקוקט אויף זיין גאונישקייט אין דערפינדונגען וואָס האָבן אַזוי באַרייכערט די וויסנשאַפט, איז עדיסאָן געבליבן דער פאָלקסמענטש: נאָענט מיטן פאָלק, נאָענט מיט זיינע מיטאַרבעטער און געשעפט־פאַרבינדלערס. ער האָט זיך גאָרנישט גרויסגעהאַלטן מיט זיינע דערפינדונגען וואָס די וועלט האָט זיי אָנערקענט ווי אַ פענאָמען אין דער טעכניק, אַ פענאָמען צווישן דערפינדונגען. אַ דאַנק זיין פאָנאָגראַף, וואָס איז שפּעטער אנטוויקלט געוואָרן צו אומבאַגרייפלעכקייט, האָט דער מענטש אַ מעגלעכקייט צו האַלטן זיין שטים, זיין קלאַנג אויף אייביק.

וועגן אַזעלכע ווי עדיסאָן, בעל און אנדערע איז גילטיק דער אויסדרוק פון חז״ל: ״יש חכמה בגוים״ [18].

אַמעריקע שטעלט מיט זיך פאָר, ווי אירע פאָטערס האָבן געזען אין זייער וויזיע, דאָס לאַנד וואָס גיט פרייהייט צו אַלע אירע בירגער אָן אונטערשייד פון ראַסע, רעליגיע, עטניק, קולטור. אירע פירערס האָבן זיך תּמיד באַמיט ממשיך צו זיין די ווערטער אויסגעקריצט אויף דער ״ליבערטי־סטאַטוע״ ביים אַריינקום קיין ניו יאָרק — די לאָזונג פון פרייהייט פאַר אַלעמען.

דער יידישער ישוב איז — אַ דאַנק אָט דער פרייהייט און גלייכהייט — אויס־געוואַקסן פון צוויי טויזנט נפשות אין 1775, צו העכער זעקס מיליאָן כ״י און באַרייכערט אַמעריקע אויף יעדן געביט.

יידן אין אַמעריקע פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין פּאָליטישן, עקאָנאָמישן, פינאַנציעלן, וויסנשאַפטלעכן און קולטורעל־ליטעראַרישן לעבן און שאַפן. אַמעריקע האָט געגעבן יידן ברייטע מעגלעכקייטן און יידן האָבן באַדאַנקט אַמעריקע מיט זייערע דערגרייכונגען, מיט זייער אַנטוויקלען און אויסברייטערן נייע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע צווייגן איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע — און דאָס נישט בלויז פאַרן יידישן ישוב, נאָר פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג.

ס'איז אויך נישט קיין ווונדער, וואָס ייִדן אומעטום האָבן זיך פֿאַראינטערעסירט צו דערלערנען די געשיכטע פֿון אַמעריקע, זיך צו באַקענען מיט די גרינדערס, מיט די פּאָליטישע און גייסטיקע פֿירערס פֿון אָט דער מלכות חסד.

זענען דאָ אין אַמעריקע אַנטיסעמיטן? — געוויס! אַזעלכע שרייבערס ווי מאַרק טווען, טעאָדאָר דרייזער, עזרא פּאָונד און אַנדערע וואָס זענען געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט. אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר געזען אַז ס'האָבן זיך געפֿונען צווישן פּאָעטן פֿאַשיסטן, נאַציסטן — און וואָס נישט?

אויסרעכענען אַנטיסעמיטן — צוליב וואָס? אַזעלכע געפֿינען זיך צווישן שוואַרצע און צווישן ווייסע; צווישן פּאָליטיקערס, שריפֿטשטעלערס, אינדוסטריע־לערס.

מיר האָבן דערמאָנט העגרי פֿאָרד (1863—1941), דעם העלד אין דער וועלט פֿון דער אינדוסטריע, איבערהויפּט ווי דער פּראָדוצירער פֿונעם אויטאָמאָביל. אין 1919 האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל אין אַ ניו־יאָרקער צייטונג, אין וועלכן ער באַשולדיקט די ייִדן — אַלע ייִדן — די אינטערנאַציאָנאַלע פֿינאַנסיסטן, אַז זיי קאָנטראָלירן די וועלט און אַז זיי רופֿן אַרויס מלחמה צוליב זייערע געלט־אינטערעסן.

אין 1927 האָט ער איבערגעחזרט די דאָזיקע באַשולדיקונג און זיך אויסגעדריקט וועגן ייִדן, ווי היטלער ימח שמו. ער האָט באַאיינפֿלוסט פֿירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע און קאָמערץ, נישט צו האַנדלען מיט ייִדן, צו קעמפֿן קעגן ייִדן אין דער אינדוסטריע און אין קאָמערץ. נישט אומזיסט איז זיין בילד געשטעלט געוואָרן פּראָמינענט אין הויפּט־קוואַרטיר פֿון די נאַציס.

פֿאָרד — אייגנטימער און מיט אים די פֿירערשאַפֿט פֿון סטאַנדאַרד־נאַפֿט — האָבן אין די יאָרן פֿאַר דער מלחמה געהאָלפֿן, צוליב פּראָפֿיטן, דער נאַציסטער־מיליטער־מאַשין, זיי האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע אָפּצוהאַלטן רוזוועלטן, זיך צו שטעלן אויף דער זייט פֿון די אַליאירטע קעגן נאַצי־דייטשלאַנד, קעגן יאַפּאַן. ערשט נאָך דעם, ווי דייטשלאַנד האָט אַטאַקירט דעם אַמעריקאַנער פֿלאָט און נאָך דעם, ווי יאַפּאַן האָט געמאַכט די אומגעריכטע און אומגערעכטע אַטאַקע אויף פּירל־האַרבאָר, איז אַמעריקע אַריין אין קריג און אָפּגעשטעלט די היפּאָקריטסטווע פֿון די פֿאָרדס און זייערס גלייכן. זיי האָבן זיך דערשראָקן, זיי האָבן מורא געהאַט געשטעלט צו ווערן צום משפּט, הבן זיי געענדערט זייער שטעלונג און זיך געשטעלט צום דינסט פֿון די אַליִירטע מלוכות און מיטן אַמעריקאַנער טעמפּאָ זיך גענומען צושטעלן עראָפּלאַנען און קריגס־מכשירים אויף צו באַזיגן די שונאים: די אַקס־פֿאַרבינדעטע.

ס'איז גאַנץ מעגלעך, אַז זיי האָבן געהאַט אַן איינפֿלוס אין די רעגירונגס־קרייזן, בעת מ'האָט געוווּסט פֿון די נאַצי־אכזריות, צו שווייגן... זיי האָבן מסתּמא געהאַט אַ השפּעה אין דער קריסטלעכער וועלט, נישט אַרויסצווייזן דעם

געהעריקן ווילן צו ראַטעווען ייִדן. זיי האָבן געווירקט אַפילו אויפן פּרעזידענט צו פאַרשווייגן די נאַצי־ברוטאַלקייטן.

ד"ר יצחק לעווין אין זיינע "אָפּקלאַנגען פון עמק הבכא", באַשרייבט די ייִדישע טראַגעדיע אויפן סמך פון אויטענטישע דאָקומענטן און גיט איבער ווי ער האָט געשטורעמט, געפאָדערט, געווייטיקט. זיינע קולות האָבן נישט געווירקט אין וואַשינגטאָן און עד־היום איז נישטאָ קיין ענטפער אויף דעם שווייגן פונעם ליבעראַל־דעמאָקראַטישן פּרעזידענט.

הענרי מאָרגענטוי, דער דעמאָלטיקער פינאַנץ־מיניסטער, וואַרפט די שולד אויפן "סטייט דעפּאַרטמענט", איז די פראַגע: ווו איז ער. געוועזן? פאַר וואָס האָט ער — אַ נאָענטער מענטש צו פּרעזידענט רוזוועלט — געשוויגן? — אַ שווערע אָנקלאַגע, וואָס בלייבט פאַר דער געשיכטע צו משפּטן.

דאָס פאַרשווייגן דעם אומקום פון מיליאָנען ייִדן איז אַ פאַרראַט צו דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע; ס'איז אַ פאַרראַט צו די אָבות פון די פאַראייניקטע שטאַטן; דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער אָפּנויג פון די פּרינציפּן און אידעאַלן, ווי עס האָבן זיי געפּריידיקט און פאַרווירקלעכט דער ערשטער פּרעזידענט, וואַשינגטאָן; דער שטאַטסמאַן בענדזשאַמין פראַנקלין (1706—1790); דער 16טער פּרעזידענט אייב לינקאָלן און די נאָכפאָלגערס פון אַמעריקאַנער ליבעראַליזם, פריינד פון ייִדן און ליבע צו מענטשן. דורות וועלן זיך פאַרנעמען מיטן זוכן אַן ענטפער אויף אַמעריקעס פאַרשווייגן די נאַצי־ברוטאַליטעלן דאָס אומברענגען מיליאָנען ייִדן.

## ב. קאַנאַדע. — אַ דעמאָקראַטישע מדינה. — פאַרבונדן מיט מלכות־ענגלאַנד. — קאָנסטיטוציע פון מענטשנרעכט. — אוהבי־ישׂראל און מדינת־ישראל. — נעסטן פון יחידים אַנטיסעמיטן.

מיר שרייבן נישט די געשיכטע פון קאַנאַדע: נישט וועגן קאַנאַדעס פּאָליטיק און נישט פון קאַנאַדעס שפע און איר וועלט־השפּעה. מיר פאַרצייכענען בלויז דאָס, וואָס האָט אַ שייכות צום אַרויסהייבן אַ צאָל פּערזענלעכקייטן וועלכע געהערן צום רייסטער חסידי אומות העולם. אויך דערמאָנען די פּרעמדע געוויקסן וואָס באַדעקן שאָטנדיק דעם ליבעראַליסטישן האָריזאָנט פון קאַנאַדע.

מיר האָבן אַ גאָר רייכע ליטעראַטור וועגן קאַנאַדע בכלל און נישט ווייניקער וועגן ייִדן אין קאַנאַדע, געשריבן אין ענגליש, פראַנצויזיש און ייִדיש [1].

די געשיכטע פון ייִדישן ישוב רעכנט זיך פון יאָר 1759. די ערשטע יאָרן האָבן ייִדן זיך געצוגן אַנגעליטן פון שׂונאי־ישראל אין קוויבעק. דער ערשטער ייִד דערווײלט צום קוויבעקער לעגיסלאַטיוון ראַט (פאַרלאַמענט) אין "טהרי ריווערס"

(דאָס שטעטל "דריי טייכן") יחזקאל האַרט, איז נישט צוגעלאָזן געוואָרן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט נעמען די קריסטלעכע שבועה [2].

יחזקאל האַרט האָט אַרויסגערופן אַ ביטערן קאַמף אין קוויבעק. ס'איז אים אָפּגעזאָגט געוואָרן זיין זיצאָרט אין פּאַרלאַמענט, נאָכן ווערן דערוויילט אין שטעטל, וווּ זיין פאָטער אהרן האָט זיך באַזעצט, קומענדיק קיין קאַנאַדע מיט בריטישע סאָלדאַטן און איז דאָרט שטאַרק באַליבט געווען.

יחזקאל איז געווען דער ערשטער ייִד דערוויילט צו ווערן צום אָרטיקן פּאַר־לאַמענט, ערב־שבת פון יאַנואַר 1808 און ער האָט גענומען די שבועה מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ און מיטן תּנ"ך אין האַנט. די ייִדן־שׂונאים אין קוויבעק האָבן געפּסלט די ייִדישע שבועה און אים נישט צוגעלאָזט צו זיין זיצאָרט. דעם 5טן מאַי, 1809, אויך אין אַן ערב־שבת, האָט ער נאָכגעגעבן, געהאַלטן דעם נייעם טעסטאַמענט מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ... דאָס האָט נישט געהאָלפן. ער איז צוריקגעוויזן געוואָרן, ביז ס'איז געקומען די אינטערווענץ פון דער בריטישער קרוין און די אַנטיסעמיטן זענען געווען געצוווּנגען צו אָנערקענען דעם ביי דערוויילטן ייִד אַלס פּאַרלאַמענטאַריער.

אין ענגלאַנד איז עס געווען לייאָנעל ראָטשילד דער ערשטער ייִד דערוויילט צו ווערן צום פּאַרלאַמענט אין 1847. אין ענגלאַנד איז דערלויבט געווען אַ ייִדישע שבועה מיט אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ — אָבער אין קאַנאַדע, אין יענע יאָרן? דערצו אין קוויבעק?...

קיין טיפע וואָרצלען האָט דער אַנטיסעמיטיזם אין קאַנאַדע נישט געהאַט. דער ענגלישער גובערנאַטאָר האָט געגעבן רעכט דעם ייִדן צו האַלטן אַ תּנ"ך ביים ווערן איינגעשווירן... נאָך דער "קאָנפעדעראַציע" האָבן ייִדן געפונען מנוחה, פרייהייט אין דער רחבותדיקער קאַנאַדע, וואָס גרענעצט זיך מיטן גרויסן און שטאַרקן שכן — אין די ערשטע יאָרן, רעגירט פון דער ענגלישער קאָלאָניאַלער מאַכט — וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון מלכות־ענגלאַנד.

קאַנאַדע איז געבליבן פאַרבונדן מיט ענגלאַנד דורך דעם "בריטיש נאָרד־אַמעריקען אַקט" [3], אָבער מיט פולשטענדיקער אויטאָנאָמיע זיך צו אַנטוויקלען אומאָפּהענגיק. דאָס איז פאַרזיכערט און גאַראַנטירט געוואָרן אין דער "קאָנפעַ־דעראַציע", וועמעס באַגרינדער ס'איז געווען דזשאָן א. מעקדאָנאַלד (געב. גלאַזגאָ, 1815; געקומען אין קאַנאַדע, 1820; געשט. 1891). ער ווערט באַטראַכט ווי דער "פאָטער פון קאַנאַדע". ער האָט פאַראייניקט די פּראָווינצן פון מזרח, מערב און צענטער. ער האָט אָנגעהויבן די פאַראייניקונג פון "נידער" (קוויבעק) און "העכער" (אָנטאַריאָ) און נאָך דעם באַוויגן די אַנדערע פּראָווינצן זיך אָנצושליסן צו דער דאָזיקער פאַראייניקונג.

דזשאָן א. מעקדאָנאַלד איז געווען פּרעמיער פון לאַנד אין די יאָרן: 1867—1873 און 1878—1891. ער איז געווען דער פירער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי און רעגירונג, אָבער באַהויכט פון ליבעראַל־דעמאָקראַטישע אידעאַלן און געוואָלט זען אַ קאַנאַדע געבויט אויף די יסודות וואָס ער האָט פאַרלייגט.

נאָך אים איז סער ווילפּירד לאָריע (געב. קוויבעק, 1841—געשט. 1919) געווען פּרעמיער פון לאַנד (פון 1896—1911). ער האָט בייגעטראָגן צו דעם ווונטש פון זיין פּראָווינץ, קאַנאַדע זאָל זיין אומאָפּהענגיק און פראַנצויזיש־קאַנאַדע זאָל נישט באַעוולט ווערן. ער איז געווען ליבעראַל במחשבה ובמעשה.

דער דריטער אין דער ריי צו פאַרנעמען דעם אַמט פון פּרעמיערשאַפט אַמלענגסטן איז געווען וויליאַם לייאָן מעקענזי קינג (1874—1950). ער איז געווען פּרעמיער פון לאַנד: 1921—1930; 1935—1948. ווי בעלי חשבון האָבן אויס־גערעכנט, איז ער געווען דער הויפּט פון לאַנד 7,829 טעג — לענגער ווי וועלכער נישט איז פּרעמיער: 22 יאָר. מיט זיין גאַנצער גרויסקייט, איז ער געווען אַ טראַגישע, איינזאַמע פיגור, קיין מאָל נישט געווען פאַרהייראַט און דערצו דורכ־געמאַכט צוויי וועלט־מלחמות. אים איז אויסגעקומען צו פירן דאָס לאַנד אין די שווערסטע קריטישע צייטן; ער האָט דורכגעפירט "קאָנסקריפּציע" (צוואַנג־מיליטער־מאָביליזאַציע) בעת פראַנצויזיש־קוויבעק איז געווען קעגן. ער האָט געדאַרפט אַרעסטירן דעם אַנטיסעמיט אַרקאַן, וואָס האָט אַגיטירט אַז דאָס איז אַ "יידישע מלחמה". ער אַליין, איז געווען אַ ליבעראַל אָבער וואָס שייך יידן, ווערט אָנגעוויזן אויף ספקות און חשדים. ער איז געבליבן קאָנטראָווערסאַל, וואָס שייך יידן, נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט פאַרבראַכט פרייטיק־צו־נאַכטס אין הויז פון די ציוניסטישע פירערס ליליאַן און אַרטשי פרימאַן.

כּדאַי צו געבן עפּעס פון זיין כאַראַקטער און פון זיין לעבן, כּדי צו פאַרשטיין זיינע האַנדלונגען אַלס הויפּט פון מלכות־קאַנאַדע. פּרעמיער קינג איז געווען ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן אונטערן איינפלוס פון זיין מוטער. ער האָט נישט געהאַט קיין אינטימע פריינד. זיין איינציקער פריינד איז געווען זיין הונט פּעט: מיט אים האָט ער זיך אויסגעשמועסט; אים האָט ער דערציילט אַלץ וואָס האָט אים אינטערעסירט, זיינע זאָרגן און זיינע פריידן. נישט איין מאָל האָט ער געהאַט בייזע חלומות און האַלוצינאַציעס, וואָס האָבן שטאַרק געווירקט אויף זיין געדאַנק און במילא אויף זיין פירערשאַפט. דערמיט פאַרענטפערן זיינע ביאָגראַפן געוויסע אומפאַרשטענדלעכקייטן אין זיינע האַנדלונגען.

זייענדיק מיט יידן בעת ער איז געווען אַ זשורנאַליסט, האָט ער געוווינט אין יידישן געגנט אין טאָראָנטאָ, געשריבן מיט סימפּאַטיע וועגן יידישע אַרבעטער, יידישע פּאַך־פאַראיינען [4] און בכלל וועגן יידישן ישוב אין טאָראָנטאָ און דאָך האָט ער — אונטערן איינפלוס פון זיינע יועצים — באַשרענקט יידישע אימיגראַציע.

מ׳האָט ביי אים קיין מאָל נישט געזען קיין מעשים צו דעמאָנסטרירן זיין אהבת־ישראל.

וועגן דעם גאָווערנאָר־דזשענעראַל (הויפּט־גובערנאַטאָר) מעסי קאָנען זיין חילוקי דעות וואָס שייך זיין אהבת־ישראל, ווען זיין יושרדיקער באַנעמונג צו געליטענע ייִדן אין איירָאָפּע, וועלכע האָבן זיך געבעטן אַריינצוקומען קיין קאַנאַדע.

אין אַ ווערק וואָס איז לעצטנס דערשינען[5] ווערט איבערגעגעבן ווענן דעם ליבעראַלן גובערנאַטאָר ווינסענט מעסי (1887—1867), אַז בעת ער איז געווען קאַנאַדעס הויך־קאָמיסאַר אין לאָנדאָן, האָט ער געגעבן אינסטרוקציעס נישט צו געבן וויזעס ייִדן וואָס ווילן קומען קיין קאַנאַדע. קינג און מעסי — און זייערע נאָכפאָלגערס — האָבן מורא געהאַט צו עפענען די טויערן פון קאַנאַדע פאַר ייִדן. די מאָטיוון בלייבן אין דער מיסטעריע, אַזוי ווי קינגס לעבן...

אירווינג אַבעלאַ און העראַלד טראָפּער ווייזן אָן, אויפן סמך פון דאָקו־מענטן אין רעגירונגס־אַרכיוו, אַז ווינסענט מעסי, אין אָנהייב פון זיין דיפּלאָמאַ־טישער קאַריערע אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געווען קעגן אַריינלאָזן ייִדישע אימיגראַנטן קיין קאַנאַדע און זיין שיטה איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן בעת און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת ער האָט געוווסט אַז מיליאָנען ייִדן זענען אומגעקומען אין די געטאָס און אין די טויטלאַגערן.

פאַקטן זענען אומאָפּפרעגבאַר! מאָטיוון? נישט קלאָר...

כּדי צו שילדערן דעם גאַנצן מענטש — ״והוה דן את כל האדם״ — ווי דער קאָצקער רבי זצ״ל האָט געטייטשט, מוז מען אויך ברענגען דעם פאַקט, אַז אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען מעסי איז געווען אויף זיין העכסטן פּיעדעסטאַל, אויפן מלכות־טראָן, האָט ער זיך גאָר באַוויזן פאַר אַ ליבעראַלן מענטשן און פאַר אַן אויפריכטיקן אוהב־ישראל. ער האָט אַפילו אָנערקענט דעם ייִדישן ליטעראַרישן ביישטייער צו דער קאַנאַדער ליטעראַטור און נישט ווייניקער צו דער קונסט.

אין אַ רעדע ביי דער פּלענאַרער אַסעמבלי פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס (אָקט. 21, 1953) האָט ער צוו״א געזאָגט:

״אין דער גאַנצער געשיכטע פון אונדזער ציוויליזאַציע זענען די ייִדן געווען די, וואָס האָבן געליטן פאַר דער מענטשהייט און איר געדינט...

״אַ גוט באַוווסטער פראַנצויזישער שרייבער — האָט ער געזאָגט — זעט די ייִדן ווי רעפּרעזענטאַנטן פון איינעם פון די דריי שטראָמען, פון וועלכע די מערב־צוויליזאַציע שטאַמט און פליסט אַרויס. די אַנדערע צוויי זענען די גריכן און די רוימער.

״די גריכן און די רוימער זענען געוואָרן אומשטערבלעך דורך דעם וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אין זייער צייט; אָבער דער באַפרוכפּערנדיקער שטראָם פון

ייִדישן אָפּשטאַם איז נאָך מיט אונדז... ייִדן האָבן אויסגעאיבט אַ השפּעה... דורך זייער אומבויגזאַמען גלויבן אין איינציקן גאָט...

"פון אונדזער קולטורעלן חוב, און ספּעציעל דעם חוב פון אַלע ענגליש־רעדנדיקע פעלקער צו די הייליקע שריפטן, איז איבעריק צו רעדן..." [6].

ווי אַ באַטייליקטער אין דעם צוזאַמענקונפט פון קאַנאַדער ייִדנטום, האָבן מיר דאָן געשריבן:

"אין זיין רעדע ביי דער קאָנגרעס־סעסיע האָט ער (מעסי — ב. ש.) גערעדט וועגן ייִדן דעם 'ביבלפאָלק', וועגן ייִדן אינעם לאַנגען פּעריאָד פון קריסטלעכער ציוויליזאַציע, וועגן די ליידן און פּיינען פון ייִדן דורך די אַלע צייטן... די רדיפות אויף ייִדן האָט ער דערקלערט אַלס אומקריסטלעך, אויב נישט אַנטי־קריסטלעך. ער האָט אויך גערעדט וועגן די גרוילן פון נאַציזם, וועגן די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. 'דאָס איז — האָט ער געזאָגט — אַ שאַנדפלעק אויף דער גאַנצער מערב־דיקער ציוויליזאַציע...'

"רעדנדיק וועגן ייִדישן ליטעראַרישן בייטראָג, האָט ער ציטירט אַ ליד פון א. מ. קליין, דעם אָנגעזעענסטן ייִדישן־ענגלישן פּאָעט... ער האָט אין זיין רעדע שטאַרק באַטאָנט זיין פרייד מיט דער עטאַבלירונג און באַנייונג פון מדינת־ישראל..." [7].

ער האָט דאָן באַטאָנט, אַז ער רעדט אין נאָמען פון קאַנאַדע, אין נאָמען פון ענגלישן קעניגטום און אין זיין אייגענעם נאָמען. ער האָט אויסגעדריקט באַגייס־טערונג און אָנערקענונג פאַר דער שעפערישקייט פון קאַנאַדער ייִדן אויף אַלע געביטן.

זאָל דאָס געווען זיין אַ רעזולטאַט פון חרטה און אַ סאָרט מחילה אויף חטאת נעורים? מעגלעך. ער האָט אָלעמען צופרידנגעשטעלט מיט זיין אַדרעסירן די גרויסע אַל־קאַנאַדער ייִדישע פאַרזאַמלונג.

אין "קאַנאַדער ייִדישער זאַמלבוך" [8] שרייבט יוסף גאַלאַי וועגן אַנטיסעמי־טיזם אין קוויבעק און ווי אַזוי ער איז באַקעמפט געוואָרן. דערביי הייבט ער אַרויס איינעם אַן אוהב־ישראל. ער שילדערט אים, ווי איינעם פון די אויפריכטיקע ליבעראַלע מענטשן אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ וואָס קען אַריינגענומען ווערן אין דער רשימה פון די חסידי אומות העולם.

טעלעספאָר דאַמיען בושאַרד — שרייבט ער [9] — איז געווען מעיאָר (שטאָט־מאַגיסטראַט) פון שטעטל סט. האַיעסענט, נאָך דעם אויסגעוויילט געוואָרן ווי דעפּוטאַט אין קוויבעקער פּאַרלאַמענט; דערנאָך געוואָרן מיניסטער און לסוף סענאַ־טאָר אין אָטאַוואַ, דאָס זיצאָרט פון דער פעדעראַלער רעגירונג. אויף אָט דעם הויכן אַמט און פּאָזיציע האָט דער דאָזיקער מענטש אַרויסגעוויזן ליבעראַליזם, פאַר־שטענדניש און במילא אַנטי־דיסקרימינאַטאָרישקייט.

"מיר האָבן דאָ פאַר זיך — שרייבט גאַלאַי — אַ מאַן וואָס איז געווען די־

איידלקייט אליין, איינער פון די חסידי אומות העולם; אַ שטרענגער מאָראַליסט, וואָס האָט זיך געווידמעט דעם קאַמף קעגן עוולות און קעגן ראַסן־דיסקרימי־נאַציע . . . "

ס׳איז נישט באַוווּסט, צי ער איז געווען באַקאַנט מיט די שריפטן פון די פראַנצויזישע ליבעראַלן, מאָראַליסטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. פון זיינע האַנדלונגען זעט מען אים, אין פראַנצויזיש־קאַנאַדע, ווי אַ שייַנעם פאָרשטייער פון יענער פּלעיאַדע גרויסע גייסטער איבער דעם אַטלאַנטיק און איבער דעם דרומדיקן גרענעץ־טייל אויף דער זייט אַטלאַנטיק.

נאָך אַזאַ איינער האָט געלעבט אין אָנטאַריאָ, סער וויליאַם מיולאָק (1844—1944). ער איז געשטאַנען בראש פון אָנטאַריאָס הויפּטגעריכט און אַריינגעבראַכט צענד־ליקע ליבעראַלע געזעצן לטובת דעם קאַנאַדער פאָלקסמענטש. אַ ליבלעכער מענטש אין ברייטסטן זין פון וואָרט. ווי אַן עד־ראיה, האָבן מיר אים געהערט רעדן מיט געוויין וועגן גורל פון ייִדן אין די לענדער ווו די נאַציס האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות אויף ייִדן. ער האָט זיך סאָלידאַריזירט מיט די ייִדן אין קאַנאַדע און געבעטן, מ׳זאָל אים אָנווייזן מיט וואָס ער קאָן העלפן און אַז ער איז גרייט צו טאָן אַלץ וואָס איז אין זיין יכולת — און ער איז נישט געווען דער איינציקער עפנטלעך זיך אויסצודריקן מיט אַזאַ גרייטקייט און אויפריכטיקייט.

מיר האָבן אין קאַנאַדע אַ גרויסע צאָל פון דעם סאָרט ליבעראַלע מענטשן, וועלכע זענען ווייט פון וואָסער סאָרט פאָראורטייל קעגן מינדערהייטן אָן אונטער־שייד פון ראַסע, רעליגיע, עטניק וכדומה.

גרויס איז די צאָל שטאַטסמענער, פּאָליטיקערס, אַקאַדעמיקערס, אינטעלעק־טואַלן, וועלכע זאָגן זיך אַרויס מיט דער פולער שאַרפקייט צו זיכערן און שיצן מענטשנרעכט; זאָגן זיך אַרויס וועגן הילף צו פאַראָרעמטע לענדער און פעלקער, צו העלפן קאָלעקטיוו און אינדיווידועל: מיר האָבן שטאַטסלייט — קעמפערס פאַר שלום און פרייהייט.

מיר האָבן אין קאַנאַדע אַ צאָל נישט־ייִדן, וואָס זענען אַקטיוו אין העלפן סאָוויעטישע ייִדן. איינער פון זיי איז דער געוועזענער מיניסטער אין דער פעדע־ראַלער ליבעראַלער טרודאָ־רעגירונג, דזשאָן ראָבערטס. ער איז דער גרינדער און ערשטער פאָרזיצער פונעם פאַרלאַמענטאַרישן קאָמיטעט פאַר סאָוועטישע ייִדן.

אין דער ריי פון ייִדן־פריינד און פריינד פון מדינת־ישראל געהערט דער געוועזענער פרעמיער פון אָנטאַריאָ, וויליאַם דייוויס, וועגן וועמען מיר וועלן רעדן ווייטער.

דער פאַרלאַמענטאַריער ראָלאַן דע־קאָרנעי איז אַ ייִדנפריינד, קעמפער קעגן נאַציזם אין לאַנד; ווו נאָר אַן אַנטיסעמיט הייבט אויף אַ האַנט אָדער עפנט ס׳מויל —

רעוו. דע קאָרנעי דערליידיקט אים געזעצלעך. ער איז דורכויס ליבעראַל און פּאָלקס־מענטש. ער געהערט זיכער צו די "מענטשן פון גוטן ווילן".

אין קאַנאַדע האָט געווירקט דער שוועדישער זשורנאַליסט פּיר וואַן פּאַסען. ער האָט זיך אידענטיפיצירט אַלס זשאַבאָטינסקי־אָנהענגער, אַ מאַקסימאַליסט אין ציוניזם. ער האָט געפּריידיקט ציוניזם, געשריבן הקדמות צו ביכער מיט ציוניסטישן אינהאַלט, פון ציוניסטישע מנהיגים. ער האָט פאַרעפנטלעכט אומצייליקע אַרטיקלען וועגן ציוניזם אין דער ענגלישער פּרעסע, אין קאַנאַדע, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין אַנדערע לענדער, אויך אין אַנדערע שפּראַכן.

פּיר וואַן פּאַסען (1968—1896) האָט יאָרן לאַנג געלעבט און געשריבן ווי אַ טעגלעכער מיטאַרבעטער אין דער טאָראָנטער צענטראַלער צייטונג "סטאַר". ער איז געווען אַ אינטערנאַציאָנאַלער זשורנאַליסט, געשריבן פאַר אַ זשורנאַליסטישן סינדיקאַט. ווי אַ זשורנאַליסט איז ער יאָרן לאַנג געווען דער קריסטלעכער פּיר־שפּרעכער פון ציוניזם. ווי אַ זשאַבאָטינסקי־אָנהענגער האָט ער מיט וואָרט און שריפט אַרויסגעבראַכט פאַר דער נישט־ייִדישער און אויך פאַר דער ייִדישער וועלט, די אידעען פון די מאַקסימאַליסטן־רעוויזיאָניסטן אין ציוניזם. ווי אַ קענער פון שפּראַכן, אַריינגערעכנט העברעיִש, האָט ער זיך אויך באַטייליקט אין העברעיִשע שריפטן.

אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר זיין פּראָפּאַגירן דעם ציון־אידעאַל, זיין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, נאַציזם און קעגן אַלץ און אַלעמען וואָס איז געווען קעגן ייִדן, קעגן אַ ייִדישער מדינה, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס ערן־בירגער פון תּל־אביב.

קאַנאַדע איז אַ גרויסע מדינה. דער שטח — אַרום 3,510.008 קוו. מיילן פון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפיק. די באַפעלקערונג איבער 25 מיליאָן און ייִדן, אַ קליינע מינדערהייט, אַרום 350 אָדער 360 טויזנט און דאָך, פאַרנעמען ייִדן אַ גאַר אָנזעעוו־דיק אָרט אויף אַלע שטחים פון שעפערישקייט און פּירערשאַפט, אַזוי אין דער רעגירונג, אין די פעדעראַל־און פּראָווינץ־לעגיסלאַטורן: מיניסטאָרן, ריכטערס פּראָ־פעסאָרן אאַ"וו. ייִדן זענען שטאַרק אָנגעזען אין דער ליטעראַטור, אין דער פּרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע. ייִדן פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין קאָמערץ, אין פינאַנץ, אין אינדוסטריע — אין אַלץ, וואָס שטאַרקט די עקאָנאָמיע און באַשעפטיקונג אין לאַנד.

אין טאָראָנטאָ, וואָס איז רעגיסטרירט געוואָרן אַלס שטאָט אין 1834, זענען ייִדן אַ סך יאָרן געווען באַטייליקט אין שטאָטראַט. אין משך פון דער צייט, האָבן צוויי ייִדן פאַרנומען דעם העכסטן אַמט: שטאָט־פּרעזידענט. דער פאַרשטאָרבענער נייטן פיליפּס (1962—1955) איז גערופן געוואָרן "דהי מעיאָר אָף אָל דהי פּיפּל"

(דער שטאָטהויפּט פאַר אַלע אײנוווינער). אויף זיין נאָמען ווערט גערופן דער גרויסער צענטער אַרום דעם שטאָט־מאַגיסטראַט. אַ צאָל יאָרן איז ער געווען דער אַרויסגעבער פון דעם טעגלעכן "יידישן זשורנאַל".

דער צווייטער ייד צו פאַרנעמען דעם דאָזיקן אַמט איז געווען פיליפ גיוועגס (פינחס געווערץ). ער איז געווען מעיאָר פון 1963 ביז 1966. אונטער זיין פירער־שאַפט איז פאָרגעקומען דער חנוכּת־הבית פונעם נייעם ריזן־בנין און אויף זיין פאַרלאַנג, האָט דער ראַביי דר. סטואַרט ראָזענבערג, דאַן גייסטיקער פירער פון בית צדק, געעפנט דעם נייעם מאַגיסטראַט מיט דער ברכה אין ענגליש און העברעיש.

פ. גיוועגס איז דערצויגן געוואָרן אין עץ חיים תּלמוד־תּורה, געהאַט אַ טראַדיציאָנעלע דערציִונג, ער רעדט יידיש נאַטירלעך, און איז אַ פאַלקסמענטש אין פולן זין פון וואָרט. אַ צאָל יאָרן איז ער געווען פרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

צי געפינען זיך אין קאַנאַדע אַנטיסעמיטן? אַוודאי זענען דאָ אַנטיסעמיטן, רעאַקציאָנערן, פינצטערע נעסטן פון פאַרדאָרבענע כאַראַקטערן, וועלכע פּלאַנירן אין געהיים ווי און ווו צו פאַרשפּרייטן יידנהאַס און נישט בלויז האַס קעגן יידן, נאָר קעגן יעדער מינדערהייט, קעגן שוואַרצע און געלע ראַסן.

מיט אַ צייט צוריק האָט זיך געטומלט וועגן פּראָצעסן קעגן צוויי אַנטיסעמיטן: קעגן דעם נאַצי ערנסט זונדעל און קעגן דעם אַנטיסעמיט דזשים קיגסטראַ. דער ערשטער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו פופצן חדשים תּפיסה און דריי יאָר צו האַלטן זיין מויל געשלאָסן און ס'דראָט אים דעפּאָרטאַציע. דער צווייטער, קיגסטרא, וועמעס משפּט איז פאָרגעקומען אין רעד דיר, אַ שטעטל אין אַלבערטאַ, איז באַשטראָפט געוואָרן מיט 5,000 דאָלאַר אָדער זעקס חדשים תּפיסה.

דער קיגסטראַ־משפּט האָט אַרויסגערופן שפּאַנונג אין לאַנד. ער איז געמשפּט געוואָרן: 1. פאַר פאַרשפּרייטן פאַלשע באַשולדיקונגען אויף יידן צווישן שולקינדער אין עקוויל, ווו ער איז געווען לערער און שטאָטהויפּט. 2. פאַר אויסטייטשן פאַלש תּלמודישע שטעלן. 3. פאַר אָפּלייקענען דעם חורבן און אומקום פון מיליאָנען יידן אין דער נאַצי־מלחמה.

דער ערשטער האָט פאַרשפּרייט שׂנאה צו יידן אין אָנטאַריאָ, צענטראַל־קאַנאַדע, און דער צווייטער — אין קאַלגאַרי, מערב־קאַנאַדע. קיגסטראַ איז דורך אַ זשורי, זומער 1985, דערקלערט געוואָרן שולדיק און דער ריכטער האָט אים באַשטראָפט, ווי געזאָגט, מיט פינף טויזנט דאָלאַר שטראָף. די יידישע באַפעל־קערונג איז נישט געווען צופרידן פון דער לייכטער שטראָף, אָבער פריי אָפּגעאָטעמט.

ס'זענען געווען אַזעלכע — אויך צווישן יידן — וואָס זענען נישט געווען צופרידן פונעם אורטייל, צוליב דער מורא, אַז דאָס קען זיין אַן אָנהייב פון באַ־גרענעצן די פרייהייט פון וואָרט. געווען אויך אַזעלכע וועלכע האָבן זיך אויסגעדריקט

אַז מיט געוויסע באַהויפּטונגען פון קיגסטרא זענען זיי מסכּים. דאָס זענען אָבער שטימען פון געציילטע און זיי האָבן נישט קיין השפּעה. היטן זיך פאַר אַזעלכע דאַרף מען זיך און דאָס געזעץ איז נויטיק כּדי צו האַלטן אַן אויג אויף די האַס־פאַרשפּרייטערס, אויף די פעלשערס, אויף די שונאים.

אַ השפּעה אין לאַנד האָבן אַזעלכע, ווי דזשאָן ג. דיפענבייקער (1979—1895) דער פּרעמיער פון לאַנד אין די יאָרן 1963—1957. געבוירן איז ער אין אַ דערפל אין אָנטאַריאָ, ביי עלטערן פון האָלענדישן אָפּשטאַם. די פאַמיליע האָט זיך אַריבער־געצויגן קיין סאַסקאַטשעוואַן, מערב־קאַנאַדע. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס אַדוואָקאַט און קעמפער פאַר גערעכטיקייט. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס פּאָליטיקער און פּאַרלאַמענטאַריער, ווי אַ נאָכפאָלגער פון דזשאָן א. מעקדאָנלד, דעם ערשטן פּרעמיער נאָך "קאָנפעדעראַציע". אַ קאָנסערוואַטיווער אין פּאָליטיק און אַ ליבעראַל אין געזעלשאַפטלעכקייט.

דיפענבייקער איז געווען שטאַרק באַליבט ביי ייִדן אין קאַנאַדע, ביי ייִדן אין ישראל און ביי ייִדן אומעטום. ער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס איינער פון די אָנגעזעענסטע חסידי אומות העולם, באַזונדערס צוליב זיין אויסגעהאַלטנקייט אין שטיצן מדינת־ישראל.

ער איז געווען איינער פון די געציילטע נישט־ייִדן באַערט צו ווערן אין טאָראָנטאָ, ביים יערלעכן נגבֿ־דינער־באַנקעט פון יאָר 1973. ייִדן אין קאַנאַדע האָבן זיך געפילט דערהויבן צו באַערן דעם קאַנאַדער שטאַטסמאַן, דעם אַדוואָקאַט פאַר פרייהייט און ערלעכקייט, סיי אין דער אינערלעכער און סיי אין דער אויס־ערלעכער פּאָליטיק.

ווי אַ קאַנאַדער שטאַטסמאַן האָט ער געהאַט פאַר זיך גענוג קאַנאַדישע פּראָב־לעמען און נישט ווייניק גלאָבאַלע. ער האָט אָבער קיין מאָל נישט פאַרגעסן זיך צו שטעלן אין דינסט פאַר ייִדן און פאַר מדינת־ישראל. נאָך זיין צוריקקומען פון אַ באַזוך אין מדינת־ישראל, אַדרעסירנדיק די ציוניסטיש־נאַציאָנאַלע אַסעמבלי, האָט ער צוו"א געזאָגט:

"איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט נאָך אַ מאָל צו טרעטן אויפן באָדן, וואָס איז פול מיט געשיכטע, צו זען ווי עולים ווערן אינטעגרירט... די דערגרייכונגען פון דער יונגער מדינה זענען אויף אַלע געביטן... דאָס זענען דערגרייכונגען פון מענטשן וועלכע זענען זיך מקדיש פאַר פרייהייט־פּרינציפּן, וואָס כאַראַקטעריזירן דאָס ייִדישע פאָלק דורך דורות... מיר דאַרפן זיך לערנען פון זיי... זיי האָבן באַוויזן צו אינספּירירן נישט בלויז ייִדן, נאָר יעדן מענטש, מיט זייער בויען דעם נייעם שטאַט — מדינת־ישראל..."

ביי דער ציון־קאָנפערענץ (סיון, תשי"ח — יוני, 1958), האָט דיפענבייקער געהאַלטן די הויפּטרעדע, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ היסטאָרישע פון אַ

סך שטאַנדפּונקטן. ער האָט דאָן אין גרויס התלהבות אויסגערופן: ״אם אשכחך ירושלים — תשכח ימיני — אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן״ [10]. „אַ ייִדיש ירושלים — האָט ער געזאָגט — באַטייט אַ געטלעך־געבענטשטע מענטשהייט!״

אין טעלעגראַמעס פונעם דעמאָלטיקן נשיא אפרים קציר, פון פּרעמיער גאָלדע מאיר ע״ה און פון דוד בן גוריון ע״ה, ווערן אויסגעדריקט לויב און פאַרערונג פאַר דיפענבייקער.

סאָל קייני, דאַן פּרעזידענט פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, האָט אין זיין לענגערער באַגריסונג, אויסרעכנענדיק דיפענבייקערס שבחים, געשילדערט די שטיצע זיינע פאַר דער ״ציוניסטישער זאַך״, נאָך אין די צייטן ווען אַזעלכעס איז נישט געווען פּאָפּולער צווישן פּאָליטיקערס אין לאַנד.

״דיעף״, ווי מ׳פלעגט אים רופן פאַרקירצט, איז געווען זעקס יאָר פּרעמיער פון לאַנד. אונטער זיין רעזשים האָט דער פּאַרלאַמענט גוטגעהייסן זיין ״ביל אָף רייטס״ (צו פאַרזיכערן די רעכט פון יעדן קאַנאַדער). מיט יאָרן שפּעטער איז דאָס געוואָרן געזעץ, אַנגענומען קאָנסטיטוציאָנעל מיט אויסבעסערונגען א. ג. ״יומען רייטס״, ווי אַ יסוד פון קאַנאַדעס אומאָפּהענגיקער קאָנסטיטוציע — און דאָס איז שוין דורכגעפירט געוואָרן אונטער דער פירערשאַפט פון פּרעמיער טרודאָ אין יאָר 1962.

ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס אַדוואָקאַט; ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס פּאָליטיקער — אייניקע מאָל דערוויילט געוואָרן צום פעדעראַלן פּאַרלאַמענט. אין 1958, דערוויילט מיט דער גרעסטער מערהייט אין קאַנאַדעס געשיכטע (208 פון 265 דעפּ., הייסט — פאַרגרעסערט די צאָל צו 295) און געוואָרן פּרעמיער פון לאַנד און פירער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי. ווי אַ פּרעמיער פון דער פּראָגרעסיוו־קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, האָט ער דורכגעפירט אַ צאָל ליבעראַלע געזעצן.

וואָס שייך ייִדן — האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אויף זיין פריינדשאַפט. ער האָט דורכגעפירט דאָס געזעץ פון אָנערקענען כשר־שחיטה און נישט געלאָזט זיך באַאיינפלוסן פון די אַזוי גערופענע ״צער בעלי חיימניקעס״. ער האָט באַשטימט אַ ייִד — לואיס ראַזמינסקי — צו ווערן דער הויפּט פון דער נאַציאָנאַלער קאַנאַדער באַנק. אַ פירער פון אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, זאָל ווערן דער קאָנטראָלער איבער קאַנאַדעס פינאַנץ־סיסטעם און זיין נאָמען זאָל זיין אויף די קאַנאַדער באַנקנאָטן!

דיפענבייקער האָט איינגעלאַדן דוד בן גוריונען קיין אָטאַוואַ צו באַהאַנדלען מיט אים דאָס פּראָבלעם ישראל און די אַראַבער, צו הערן דירעקט פון בן גוריונען, ווי אַזוי קאַנאַדע קען העלפן ישראל — און דאָס איז געווען אין די קריטישע יאָרן,

בעת יעדער סאָרט הילף איז געווען וויכטיק. בן גוריון איז געווען שטאַרק צופרידן פון זיין ערשטן וויזיט אַלס הויפּט פון דער ישראל־רעגירונג. דער פּרעמיער פון קאַנאַדע האָט אים אויפגענומען מיט כבוד מלכות.

ווי אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט האָט דער קק״ל באַערט דיפענבייקערן ביים טראַדיציאָנעלן ״נגב״־דינער און מיט פלאַנצן אַ ״יער קנדה״ א. נ. פון זיין מוטער. ער האָט געדינט יידישע אינטערעסן בלב ונפש, ווי אַן אויפריכטיקער, איבערגעגעבענער פריינד.

ווי אַ פעיקער פּאָליטיקער איז ער געווען דער ערשטער קאָנסערוואַטיווער פּרעמיער, זינט ר. ב. בענעטס דורכפאַל אין 1935. ס׳איז אים נישט לייכט געווען צו באַזיגן די ליבעראַלן, נאָך יאָרן פון זייער פּאָפּולאַריטעט. ער האָט דאָס באַוויזן און מיט אַ גרויסער מערהייט.

דיפענבייקער האָט פאַרנומען דעם הויפּטאַמט פון קאַנאַדעס רעגירונג צווישן דעם ליבעראַלן סט. לאָראַן פון פראַנצויזיש־קאַנאַדע (געווען פּרעמיער פון 1948 ביז 1957) און לעסטער פּירסאָן פון ענגליש־קאַנאַדע (דערוויילט אין 1963) — ביידע נאָכפאָלגערס פון סער ווילפרידס ליבעראַליזם. ס׳איז אים געלונגען צו קריגן גענוג שטימען, ווען אפילו קוויבעק האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון געבן אירע שטימען אַ קאָנסערוואַטיוון פון ענגליש־קאַנאַדע אין דער ״וועסט״. די אַלע זענען געווען ייִדן־פריינד, אָבער דיפענבייקער האָט זיי איבערגעשטיגן מיט זיין אויפריכטיקייט און פריינדשאַפט.

לעסטער פּירסאָן (1897—1972), אַן אינטעלעקטואַל, פּראָפעסאָר מיט ווייניק דערפאַרונג אין פּאָליטיק, האָט געשטעלט קאַנאַדע אויף דער מאַפּע פון שלום. ער איז באַערט געוואָרן מיט דער נאָבעל־פּרעמיע פאַר שלום, נאָכן פאַרהאַנדלען מיט אַלע צדדים ביים מבצע סיני און ווי עס איז דאַן פאַרשטאַנען געוואָרן האָט ער דערמיט אויסגעמיטן, ממש געראַטעוועט, די וועלט פון אַ דריטער וועלט־מלחמה.

ווי דער פאָרזיצער פון „נאַטאָ״ און פּרעזידענט פון דער גענעראַל־אַסעמבלי פון די פאַראייניקטע פעלקער, האָט ער באַוויזן אָפּצושטעלן די מלחמה אַרום דעם סועץ. ער האָט דאַן געראַטעוועט מצרים — אָבער אויסגעמיטן די אויסשפּרייטונג פון דער מלחמה. אַ צאָל שטאַטסלייט, אַריינגערעכנט רעגירונגס־מענטשן אין קאַ־נאַדע, האָט אים קריטיקירט פאַר זיין איינשטעלן זיך פאַר מצרים, אָנווייזנדיק אַז זיין האַנדלונג האָט גאָר פאַרשטאַרקט דעם מלחמה־רייץ אין מיטל־מזרח. זיין נאָמען איז אָבער גרויס געוואָרן אויף דער וועלט: ער האָט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקן ווילן און אויטאָריטעט, ווי אַ פאַרמיטלער אויסער די קאַנדער גרענעצן, אָבער אין קאַנאַדע האָט מען געהאַלטן אַז ער איז אַ שוואַכער פּרעמיער און האָט נישט קיין קאָנטראָל איבער זיין מיניסטאָרן־קאַבינעט.

ער איז תּמיד געווען אַרומגערינגלט מיט ייִדישע פריינד. איינער פון זיינע

מקורבים איז געווען מייקל (מיכאל) גאַרבער ע״ה, אַ געוועזענער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס.

אַנדערש אין כאַראַקטער איז געווען זיין נאָכפאָלגער פּיער עליאָט טרודאָ.

ביים סוף פון 1967, האָט פּירסאָן געלאָזט וויסן זיין פּאַרטיי אַז ער ציט זיך צוריק פון פּאָליטיק. טרודאָ (אַריין אין פּאָליטיק אין 1965), זיין סעקרעטאַר (1966) און יוסטיץ־מיניסטער (אין 1967), איז געוואָרן פירער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי (אין 1968) און נאָך דעם דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעמיער. ער האָט רעגירט מיט שטאַרקייט זעכצן יאָר, ביז 1984, ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון פּאָליטיק.

פּיער עליאָט טרודאָ איז אַריין אין פּאַרלאַמענט מיט כוח און זיך פאַרנומען מיט ענדערן קאַנאַדע אינערלעך און אויסערלעך. דער פּעריאָד פון זיין רעזשים ווערט גערופן: טרודאָ־ערא.

שילדערן טרודאָ — זייער שווער! דער הויפּט פון אַ דעמאָקראַטיש־קאַפּי־טאַליסטיש לאַנד, אַליין — אַ מולטי־מיליאָנער, סיטויִרט אין אַ מדינה וואָס גרענעצט זיך מיט דעם מעכטיקסטן קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, און ער? ער האַנדלט זיך צום רוסישן בער מיט אַ באָלשעוויסטישן סיסטעם. ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו שאַפן אין קאַנאַדע אַ ״דזשאַסט סאָסייטי״ — אַ גלייכהייט־געזעלשאַפט און געווידמעט אַזוי פיל צייט און ענערגיע צו העלפן די צוריקגעשטאַנענע לענדער.

ער איז אָריגינעל מיט זיינע אידעען וועגן אַ ״נייער קאַנאַדע״. ס'איז נישט שלעכט צו פאַרוואַנדלען קאַנאַדע אין אַ מוסטער־מדינה — אָבער די מעטאָדן?

ווי אַ מענטש פון דעציזיע און פון ביטול צו אַנדערע, קען ער נישט סובל זיין די מינדסטע קריטיק. ער האָט אויסגעפירט קוויבעק זאָל נישט ווערן קיין באַזונדערע מדינה, נישט נאָכקומען די אידעען פון די סעפּאַראַטיסטן; אויסגעפירט קאַנאַדע זאָל האָבן אַן אומאָפּהענגיקע קאָנסטיטוציע; קאָנטראָלירט זיין קאַבינעט מיט אַ שטאַרקער האַנט; אויפגעלייזט דעם ״בריטיש נאָרד אַמעריקען אַקט״ די באַזע פון ״קאָנפעדעראַציע״.

אין דער טאָראָנטער ״סטאַר״ זענען אויסגערעכנט געוואָרן זיינע דערגריי־כונגען, זיינע פאַרדינסטן:

1. ער האָט געמאַכט זיכער, קוויבעק זאָל זיך נישט אָפּטיילן פון דער פאַר־אייניקטער קאַנאַדע און קאָמפּענסירט פּראָווינציש־קאַנאַדע מיט אַזעלכע פּריווי־לעגיעס, אַז די פּראָווינצן וועלן אים אייביק דאַנקבאַר זיין. ער האָט געגעבן קוויבעק גלייכבאַרעכטיקונג אין פירערשאַפט און געבראַכט דאָס געזעץ פון צוויי־שפּראַכי־קייט אין לאַנד — אַרויסגעצוווּנגען דאָס געזעץ אויף אַלע פּראָווינצן, נישט רעכענענדיק זיך מיט די הויכע קאָסטן.

2. ער איז אָנערקענט געוואָרן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע ווי אַ

פירער, אַ שטאַטסמאַן, אַן אינטעלעקטואַל און אַ מענטש מיט ווייט־גרייכנדיקע וויזיעס און צילן.

3. ער האָט באַוויזן דורכצופירן אַז אַלע צען פּראָווינצן זאָלן גוטהייסן די נייע קאָנסטיטוציע און לויז מאַכן די פאַרבינדונג מיט ענגלאַנד, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַרום 115 יאָר. ער האָט נישט געקענט אויפלייזן דאָס קעניגטום, האָט ער אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אַז די קעניגין איז געוואָרן קאַנאַדעס קעניגין און אַלס אַזעלכע האָט זי געחתמעט אין אָטאַוואַ די נייע קאָנסטיטוציע, מיט די צענדליקע פּונקטן צו פאַרזיכערן "מענטשנרעכט" אין קאַנאַדע.

4. ער האָט באַשטימט צום ערשטן מאָל אין קאַנאַדעס געשיכטע אַ ייִד צום פּאָרזיץ פון העכסטן געריכט, באָראַ לאַסקין ע"ה (געשט. מערץ, 1984), וואָס פלעגט וועלן מ'זאָל אים רופן ב ר ו ך — אַ ייִד וואָס האָט גערעדט אַ פּליסיקן ייִדיש, דערצויגן אין הויז פון רוסיש־ייִדישע אַרבעטער, געלערנט אין חדר, ווי אַלע קינדער אין די שטעטלעך פון אָנטאַריאָ.

5. ער האָט דער ערשטער באַשטימט אַ פרוי, די ערשטע, צום העכסטן געריכט.

6. ער האָט באַשטימט צום ערשטן מאָל אַ "גאָווערנאָר־דזשענעראַל" (הויפּט־גובערנאַטאָר, דער קעניגינס רעפּרעזענטאַנט) נישט פון ענגלישן און נישט פון פראַנצויזישן אָפּשטאַם, וואָס איז געווען אַ טראַדיציע אין קאַנאַדע, נאָר גאָר איינעם פון מערב־קאַנאַדע, עדוואַרד שרייער, פון אוקראַיִנישן אָפּשטאַם.

7. ער האָט באַשטימט, אויך צום ערשטן מאָל, נאָכן טערמין פון גאָווערנאָר שרייער, אַ פרוי אויפן דאָזיקן הויכן אַמט — מאַדאַם זשין סאָווע.

אַזעלכע ענדערונגען האָט ער דורכגעפירט. אָבער זיין אידעע פון אַ גלייכהייט־געזעלשאַפט איז געבליבן אין טעאָריע, אין מחשבה, זי האָט נישט דערגרייכט צום פּראַקטישן, קאָנקרעטן דורכפיר אין קאַנאַדעס געזעלשאַפט.

פּיער טרודאָ ווערט באַוווּנדערט אַלס פאַמיליע־מענטש: חתונה געהאַט מיט אַ יונגער מיידל (מאַרגאַרעט) דעם 4טן מערץ, 1971, געוואָלט שפּילן די ראָלע פון אַ יונגן מענטשן, אָבער געהאַט מיט איר אַ צעבראָכן לעבן, ביזן שיידן זיך (מאַי, 1977). געהאַט מיט איר דריי זין, האָט ער איבערגענומען אַכטונג צו געבן אויף די קינדער, געוואָרן זייער פאָטער־און־מוטער, און ווייזט אַרויס גרענעצלאָזע ליבע צו זיינע זין.

וואָס שייך ייִדן: געהאַט אַ סך ייִדישע פריינד. דאָך נישט אַרויסגעוויזן קיין ספּעציעלע פריינדשאַפט צו ייִדן, אַוודאי נישט צו מדינת ישראל, נישט געקוקט אויף דער קעניגלעכער אויפנאַמע, וואָס ער האָט דורכגעפירט פאַר מנחם בעגין, בעת ער איז געווען ראש־ממשלה.

נישט איין מאָל האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט ליבּ וועגן קאַנאַדער ייִדישן ישוב; נישט איין מאָל האָט ער געלויבט די אויפטוען און דערגרייכונגען פון

מדינת־ישראל. ווען ס'איז געקומען צו פֿאַרדאַמען די אַראַבישע אָנפֿאַלן, די פּ.ל.אָ. טעראָראַקטן, איז ער געווען פּאַרזיכטיק און נישט איין מאָל פּריוואַט זיך אויסגעדריקט מיט סימפּאַטיע וועגן די "פּאַלעסטינער" און נישט מסכּים געווען מיט אַמעריקעס פּאָליטיק אין מיטעלן מזרח.

פּיער עליאָט טרודאָ (געב. אָקט. 8, 1919) וועט געדענקט ווערן ווי די טורעמ־דיקע פיגור אין קאַנאַדעס געשיכטע. זיינע ביאָגראַפן וועלן אָבער נישט קענען איגנאָרירן זיין שאַרפקייט, וואָס האָט נישט איין מאָל דערגרייכט ביז אַראָגאַנץ וואָס האָט אים געבראַכט שונאים. ווען ער איז אַראָפּ פון מלוכה־שטול, האָט ער, צוליב אַ צאָל סיבות, איבערגעלאָזט די ליבעראַלע פּאַרטיי שוואַך און אומפּאָפּולער און ס'קומט אָן זייער שווער דזשאָן טורנערן, זיין נאָכפאָלגער, צוריקצוברענגען די פּאַרטיי צו איר אַמאָליקן גלאַנץ און פּאָפּולערקייט.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט אויסגערעכנט אַפילו אַ טייל פון די ליבעראַלע, רעכטנדענקנדיקע קאַנאַדער און זייערע בייטראָגן צום מענטשלעכן וווילזיין, נאָבעלע מענטשן וועלכע האָבן אוועקגעגעבן כּוחות און וויסן פאַר דער מענטשהייט, אַזוי אין דער פּאָליטיק, אַזוי אין דער וויסנשאַפט, אין מעדיצין — ווער קען זיי אויסרעכענען ?

אין פּאָליטיק דאַרף דערמאָנט ווערן פּאָול מאַרטין. ער איז געווען 22 יאָר מיניסטער מיט פאַרשיידענע פּאָרטפעלן. ער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע אונטער דער פּרעמיערשאַפט פון מעקענזי קינג און נאָך דעם אין קאַבינעט פון עטלעכע ליבעראַלע פּרעמיערן.

פּאָול מאַרטין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גוטע מעשׂים לטובת קאַנאַדע און לטובת אַנדערע פעלקער ביי זיך אין לאַנד און ביי אַנדערע אינטערנאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן. ער איז געווען אַ קאַנאַדער פאַרשטייער מיט טאַקט און אויסגע־האַלטנקייט און פאַרשאַפט כּבוד דער קאַנאַדער מדינה.

וואָס שייך יִדן ? — ער איז געווען אַ ייִדן־פריינד ; אַ פריינד פון מדינת־ישראל ; זיך איינגעשטעלט פאַר דער מדינה ביים ראַט פון די פאַראייניקטע פעלקער. צווישן זיינע פריינד זענען געווען : ווינסטאָן טשוירטשיל, ענטאָני אידען, נערו, בן גוריון און פיל אַנדערע שטאַטסלייט מיט אַ וועלטנאָמען. ער איז געווען אויף דער רשימה פון דער נאָבעל־קאָמיסיע — דער קאָמיטעט האָט אָבער באַשלאָסן אַז פאַר צוויי קאַנאַדער מיט אַ מאָל איז אַן אוממעגלעכקייט און בלויז דער פּרעמיער פּירסאָן האָט געקראָגן די לאָורעאַט־אויסצייכענונג.

אין די „מעדיאַ" (פּרעסע, ראַדיאָ, טעלעוויזיע) האָבן מיר נישט ווייניק מענטשן וועלכע האָבן רעכט אַריינגענומען צו ווערן אין דער רשימה — "מענטשן פון גוטן ווילן" — זייער צאָל איז צו גרויס, מ'זאָל זיי קענען אויסרעכענען, וועלן

מיר בלויז דערמאָנען איינעם, דזשאָן באַסעט, דעם אַמאָליקן אַרויסגעבער פון דער טאָראָנטער "טעלעגראַם".

פאַר זיינע פאַרדינסטן מיט מעשׂים און פאַרשטענדעניש, פריינדשאַפט און שטיצע פאַר מדינת־ישׂראל איז ער דער ערשטער נישט־ייִד וואָס פאַרנעמט נישט קיין פּאָליטישער פּאָזיציע, באַערט געוואָרן אין 1971 ביים יערלעכן "נגבֿ"־באַנקעט און אויף זיין נאָמען זענען געפלאַנצט געוואָרן ביימער אויף קרן־קימת־באָדן.

פון די פּראָווינץ־פּרעמיערן וועלכע האָבן זיך לעצטנס צוריקגעצויגן פון דער פּאָליטיק: וויליאַם (ביל) דייוויס אין אָנטאַריאָ; רענע לעוועק — אין קוויבעק; פּיטער לאָקהעד — אין אַלבערטאַ, מערבֿ־קאַנאַדע, האָבן צוויי אַרויסגעוויזן פירערשאַפט און פריינדשאַפט.

פּיטער לאָקהעד (62 יאָר אַלט) האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער פּאָליטיק, נאָך 14 יאָר דערפאָלגרייכער פירערשאַפט. אין 1983 האָט ער אַרויסגעוויזן שטאַרקייט אַלס הויפּט פון דער פּראָווינץ נישט צו דערלאָזן, אַז דער אַנטיסעמיט קיגסטראַ זאָל זיין לערער און מעיאָר פונעם שטעטל, פאַרדאַרבן קינדער מיט זיינע שקרים און באַאיינפלוסן עלטערן מיט זיין שׂנאה צו ייִדן. ער האָט אים עפנטלעך פאַרדאַמט און דערביי פאַרדאַמט דעם אַנטיסעמיטיזם.

פּיטער לאָקהעד איז געווען דער באַשיצער פון זיין פּראָווינץ אויף אַלע געביטן. ער איז געווען דער פירער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, אָבער געפירט אויף אַ ליבעראַל־פּראָגרעסיוון אופן. ער האָט געזען, אַז אַלבערטאַ זאָל זיין ריין פון אַנטיסעמיטיזם און פון דיסקרימינאַציע. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו איז — ווי שוין געזאָגט — דער דובר שקרים דזשים קיגסטראַ באַזייטיקט געוואָרן פון זיין שטול אין עקוויל, פאַרלוירן זיין שטעלע אַלס לערער און ס'איז צוגעגרייט געוואָרן דער משפּט קעגן דעם פאַרשפּרייטער פון האַס קעגן ייִדן.

רענע לעוועק, דער גרינדער פון דער קוועבעקאָ־פּאַרטיי מיטן ציל פון סעפּאַראַציע, האָט אין 1967, אָנגעשראָקן די ייִדישע באַפעלקערונג. מורא האָבנדיק, אַז אויב ס'זאָל לעוועקן געלינגען אָפּצורייסן קוויבעק, קענען זיי פאַרלירן דאָס וואָס איז זיי געזיכערט געוואָרן דעם 5טן יולי, 1832: פּאָליטישע, סאָציאַלע און יורידישע רעכט, האָבן ייִדן אָנגעהויבן פאַרלאָזן קוויבעק. אַרום 25 טויזנט ייִדן האָבן פאַרלאָזט און דער "עקזאָדוס" האָט אָנגעהאַלטן ביז מאַי, 1980, ווען דער רעפערענדום האָט געוויזן, אַז די מערהייט האָט צוריקגעוויזן לעוועקס פּלענער.

רענע לעוועק האָט רעזיגנירט אין יוני 1985 אַן אַנטוישטער. ער איז אַריין מיט שטורעם און פאַרלאָזט — אַ פאַרלוירענער. זיין פּאַרטיי איז געפאַלן צו דער נידעריקסטער ירידה. ער איז געשטאָרבן נאָוו. 1.1987.

אַ ביז גאָר ליבעראַלער מענטש איז וויליאַם דייוויס, דער געוועזענער

קאָנסערוואַטיוועד פּרעמיער פון אָנטאַריאָ. אַ געבוירענער אין אַ פאָרשטאָט פון טאָראָנטאָ, האָט ער באַוויזן גאָר שנעל זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן העכסטן שטאַפּל פון דער פירערשאַפט-לייטער. ער האָט באַוויזן מיט אַ געבענטשטן שׂכל צו פירן די פּראָווינץ מיט טאַקט און פאַרשטענדעניש.

וואָס שייך ייִדן — אַן אויפריכטיקער פריינד. בעת זיין פירערשאַפט האָט ער באַוויזן צו שטיצן ייִדישע אינסטיטוציעס אויף אַ ברייטן אופן און אַרויס-געוויזן די וואַרעמסטע געפילן פאַר מדינת-ישׂראל. ער איז געווען דער, וואָס האָט נישט דערלאָזט, אַז פאַרשטייערס פון פ.ל.אָ. טעראָריסטן, זאָלן האָבן אַ דריסת הרגל אין אָנטאַריאָ.

אין 1977 איז ער באַערט געוואָרן פון קרן קימת לישׂראל ביים „נגב"-באַנקעט. דער פּראָיעקט אין זיין נאָמען האָט געהאַט אַן אומגעהויערן דערפאָלג. אַזעלכע ערן-אָוונטן האָט ער געהאַט ביי די בני-ברית, ביים ייִדישן קאָנגרעס און ביי אַ צאָל נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס און שולן.

אין איינער פון זיינע באַגריסונגען האָט דייוויס שטאַרק געלויבט מדינת-ישׂראל, די אומפאַרגלייכלעכקייט פון די אַנדערע מדינות צו מדינת-ישׂראל: דעם טעמפּאָ פון אַנטוויקלונגען; די אַנטשלאָסנקייט פון אירע פירערס, די דעמאָקראַ-טישקייט פון דער מדינה. ער האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער פונעם נביא: "שׂמחו את ירושלים וגילו בה... כל אהביה שישו אתה... הנני נוטה אליה כנהר שלום" — פרייט זיך מיט ירושלים און קוועלט אַן אין איר, אַלע אירע ליבהאָבערס... איך בייג צו איר שלום ווי אַ טייך און ווי אַ פלייציקן שטראָם די רייכקייט פון די פעלקער"[11]

מיר האָבן פריער דערמאָנט די פּראָצעסן קעגן דעם נאַצי ערנסט זונדעל און דעם לערער דזשים קיגסטראַ. דער ערשטער איז פאַרמשפט געוואָרן דורך דעם ריכטער יו. לאָק, אויף פופצן חדשים תּפיסה און דריי יאָר סוספּענדירטער שטראָף (פעב. 28, 1985 — געפונען געוואָרן שולדיק און דעם 25טן מערץ, די שטראָף) אויפן טאָג-אָרדענונג איז געבליבן דעפּאָרטאַציע, נאָכן אָפּזיצן די שטראָף.

ביי דעם דזשים קיגסטראַ-משפט אין רעד דיר (אַ שטעטל מיטן נאָמען "רויטער הירש"), האָט דער אַנטיסעמיט, ווי אַמאָליקע יעזויִטן-משומדים, געוואָלט שטעלן יהדות אויף דער באַשולדיקונגס באַנק: פאַלסיפיצירט תּלמודישע שטעלן; געפעלשט טעקסטן אין הלכה; ציטירט פון די זקני ציון-פּראָטאָקאָלן; ציטירט פון אַנטיסעמיטישע ווערק; זיך באַנוצט מיט מאַרטין לוטערס אויסדרוקן וועגן ייִדן. זיינע דעמאַגאָגישע רייד האָבן נישט געווירקט אויף דער זשורי און ער איז פאַרמשפט געוואָרן פאַר פאַרשפּרייטן האַס קעגן ייִדן.

דאָס קאַנאַדער פאָלק איז ווייט פון נעמען ערנסט אַזעלכע אַנטיסעמיטן. וואָלטן חלילה די דאָזיקע רשעים געהאַט וועלכע נישט איז השפּעה, וואָלט נישט

מעגלעך געווען צו האָבן ייִדישע פּאַרלאַמענטאַריערס, סענאַטאָרן, מיניסטאָרן. וואָלט דאָס קאַנאַדער פאָלק זיי געגלויבט, וואָלטן ייִדן נישט געהאַט אַזאַ גרויס און אָנגעזען אָרט אין די אַקאַדעמישע קרייזן, אין קאַנאַדעס קולטור, ליטעראַטור, קאָמערץ, אינדוסטריע, אאַ"וו.

ייִדן האָבן דאָס אַלץ דערגרייכט, ווייל די קאַנאַדער באַפעלקערונג האָט דאָס גוטגעהייסן און אַרויסגעוויזן צוטרוי און רעספּעקט צו ייִדן, אָנערקענט ייִדישן טאַלאַנט, ייִדישע פעיִקייט.

צו דער געלעגנהייט פון 200 יאָר ייִדישער ישוב אין קאַנאַדע, האָט דער קאַנאַדער ייִדישער קאָנגרעס פאַרעפנטלעכט אַ פּראָקלאַמאַציע, געחתמעט פון ש. בראָנפמאַן און לוי מ. בעקער. די פּראָקלאַמאַציע הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

"אינעם יאָר 1959, ווערט 200 יאָר זינט ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין קאַנאַדע. אַ דאַנק דער פרייהייט וואָס ייִדן האָבן געהאַט דאָ אין לאַנד, איז מעגלעך געווען, אַז דער ייִדישער ישוב זאָל בליען און ייִדן זאָלן לעבן אין האַרמאָניע מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג...

"לאָמיר דאַנקען דעם אַלמעכטיקן פאַר געבן אונדז פרייהייט אָפּצוהיטן אונדזער גלויבן, פאַר מעגלעך מאַכן צו קענען איבערגעבן אונדזערע קינדער אונדזער קולטור־ירושה און צו לעבן אין פולער גלייכהייט מיט אונדזערע קאַנאַדער מיטבירגער..."

אַ ליבעראַלער מענטש און פריינד פון ייִדן איז געווען דער פאַרשטאָרבענער גאָווערנאָר־דזשענעראַל (הויפּט־גובערנאַטאָר) זשאָרזש וואַניע. ביי איינעם פון זיינע אויפטריטן פאַר דער פּלענאַרער אַסעמבלי פון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס (יוני, 21, 1962), האָט זיין עקסעלענץ, פאַרטרעטער פון דער קעניגין געזאָגט צווו"אַ:

"...דער בייטראָג פון קאַנאַדער ייִדנטום במשך די צוויי הונדערט יאָר איז אַ וויכטיק קאַפּיטל אין לעבן פון אונדזער לאַנד... און אַזוי וועט עס מיט שטאָלץ באַצייכנט ווערן אין דער געשיכטע פון ייִדן... אַ ווירדיקער עפּיזאָד לויט זיין גראַנדיעזקייט.

"אין די אַנאַלן פון צייט, איז נישטאָ קיין מער איינדרוקספולע געשיכטע, ווי די ייִדישע. עס איז אַ פיר טויזנט יאָריקע געשיכטע אין וועלכער עס דעקט זיך אויף די אַלזייטיקייט פון קוראַזש, אויסדויער און האָפענונג — אייגנשאַפטן, וואָס אָן זיי וואָלטן ייִדן, זייענדיק צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, נישט געקענט עקזיסטירן; אייגנשאַפטן, וואָס נאָר זיי אַליין האָבן געקענט מאַכן מעגלעך די ווידעראויפלעבונג פון מדינת־ישראל...

"פאַר אונדזערע אויגן זעען מיר די פאַרווירקלעכונג פון אַ האָפענונג, וואָס

מענטשן וועלכע מען האָט געהאַלטן פאַר קלוגע, האָבן געהאַלטן אַלס אַ פאַנ־טאַזיע... דאָס איז די פּרוכט פון קוראַזש און אויסדויער..."

ער האָט פאַרענדיקט:

"איך, ווי אַ קריסט, שטרעק אויס צום ייִדישן פאָלק די האַנט פון פריינדשאַפט און ליבע".

די דאָזיקע רייד האָבן געמאַכט אַ געוואַלטיקן רושם אויף די פאַרזאַמלטע. עס האָט זיך געפילט אין זיי פשטות, האַרציקייט, אמת, אויפריכטיקייט [12].

צו דער רשימה חסידי אומות העולם אין קאַנאַדע דאַרף צוגעגעבן ווערן טשאַרלס אַברי גראַנט (1900—1980). אַ פשוטער געשעפטסמענטש, וואָס האָט אַרויסגעוויזן מסירת נפש צו ראַטעווען ייִדן פון אומקום, פון אויסגיין אין הונגער.

זיין פאָטער איז געווען אַ טאַבאַק־סוחר פון שאָטלאַנד (סקאָטלאַנד), וואָס האָט אימיגרירט קיין קאַנאַדע. די זין, דערצויגן אין אַ קריסטלעך־פּרעסביטאַריען גייסט, האָבן באַזוכט קאַנאַדער פאָלקסשולן. "טשאַרלי", ווי מיר האָבן אים גערופן, האָט געהאַט העכערע בילדונג, שטודירט אין צענטראַל־טעכנישן אינסטיטוט אין טאָראָנטאָ.

ווי עס ווייזט אויס, האָט אים נישט געצויגן צום פּראָפעסיאָנאַליזם. ער האָט געזוכט אַנדערע סאָרטן באַשעפטיקונגען. ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַ סך מלאכות, אָבער מיט ווייניק ברכות.

ווי עס גיט איבער דער שרייבער דזשאָן ראָבערט קאָלאָמבאָ, איז ער אין 1923 אַוועק קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד, און געוואָרן אַן אַנגעשטעלטער ביי אַ ייִדישן דימענטן־סוחר מיטן נאָמען פּאָול טרעפּיוס. ער איז אַרומגעפאָרן אין שליחות פון דעם יוועליר־געשעפט אויפן קאָנטינענט.

אין 1930 איז טרעפּיוס געשטאָרבן, נישט איבערלאָזנדיק קיין יורשים. טשאַרלי האָט איבערגענומען דאָס געשעפט. ער איז אַ לענגערע צייט געווען אין די אינטערעסן פון זיין געשעפט אין עסטרייך און נישט זעלטן אין דייטשלאַנד.

ס'האָט אַזוי פּאַסירט, אַז בעת די נאַציס האָבן אָקופּירט עסטרייך, נאָכן "אַנשלוס" מיט דייטשלאַנד, האָט ער געוווינט אין ווין, ווו די ערשטע קרבנות זענען געווען די ייִדן. ווי אַ גוטער מענטש האָט ער זיך פאַרנומען מיט העלפן ייִדן מיט געלט, מיט צושטעלן פאַלשע פּאַספּאָרטן, זיי זאָלן קענען אַרויס פונעם גיהנום. נאָך דעם, ווי די נאַציס האָבן אָנגעהויבן צו אַרעסטירן ייִדן און זיי האַלטן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָט ער זיך אַריינגעלאָזט, איינשטעלנדיק זיין לעבן, אַרויסצוראַטעווען ייִדן. ווי ער האָט נישט איין מאָל דערציילט, איז אים געלונגען צו ראַטעווען אַרום זעקס הונדערט ייִדן.

ווען די נאַציס האָבן זיך דערוווּסט פון זיינע מעשׂים, האָט אים די געשטאַפּאָ אַרעסטירט, געשלאָגן און אים באַשולדיקט, אַז ער איז אַ ייִד. זיי האָבן נישט

געקענט גלויבן, אַז אַ קריסט וועט איינשטעלן זיין לעבן פאַר ייִדן. זיי האָבן אים געפּייניקט, ער זאָל זיך מודה זיין. זיי האָבן אים אויך באַשולדיקט, אַז ער האַנדלט מיט וואַלוטע און ס׳האָט אים געדראָט אַ גרויסע שטראָף.

ער האָט דערציילט דעם שרייבער פון די שורות — אַ פריינד לאַנגע יאָרן — אַז די נאַציס האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין אַ לאַגער, ווו ער האָט געטראָפן אַ סך ייִדן. ווי ער האָט זיך דערוווּסט, זענען דאָס געווען אַנגעזעענע פירנדיקע פּערזענלעכקייטן. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז אין לאַגער געפינט זיך אינ־קאָגניטאָ־פאַרשטעלט, דער פירער פון אגודת ישראל, רבי יעקב ראָזנהיים ז״ל. אים, גרענטן, האָט מען באַהאַנדלט בעסער ווי די ייִדן אין לאַגער, האָט ער זיך מיט די ייִדן געטיילט מיטן ביסן פון מויל, נישט צו לאָזן אויסגיין פון הונגער זיינע אחים לצרה די ייִדן, וואָס זענען דאָרט געפּייניקט געוואָרן.

אין 1940, ווען ער איז סוף־כל־סוף אָנערקענט געוואָרן אַלס קריסט פון בריטיש־קאַנאַדישער נאַציאָנאַליטעט, האָט ער געקראָגן דעם סטאַטוס פון אַ מלחמה־געפאַנגענעם און זיין מצב איז אַ ביסל פאַרלייכטערט געוואָרן.

ער האָט געמאַכט עטלעכע אומגעלונגענע פּרוּוון צו אַנטלויפן פונעם אינטער־ניר־לאַגער און ער איז יעדעס מאָל באַשטראָפט געוואָרן. דאָס לעצטע מאָל, נאָך אַן אומגעלונגענעם פּרוּוו, האָט ער געקראָגן אַ שווערע שטראָף, וואָס האָט אים קראַנק געמאַכט.

ווען ער איז נאָך דער מלחמה באַפרייט געוואָרן, האָט ער זיך לאַנג געדאַרפט קורירן אין לאָנדאָנער שפּיטאָלן און שפּעטער אין קאַנאַדע. ער איז שוין געווען אַ קראַנקער און צעבראָכענער מענטש און נישט געוווּסט צו וואָס זיך צו נעמען, בכדי צו פאַרדינען אויף חיונה. ער האָט אַדרעסירט ייִדישע פאַרזאַמלונגען, דער־ציילט וועגן זיינע איבערלעבענישן; ער איז אומעטום אויפגענומען געוואָרן מיט כּבוד. אָבער צו קיין פּרנסה קומט עס נישט.

אויף דער עצה פון שמואל מאיר שאַפּיראָ ע״ה (1887—1958) דעם רעדאַק־טאָר פון טאָראָנטער ״ייִדישן זשורנאַל״, האָט ער זיך גענומען פאַרקויפן מצבות. ער איז אַ סך אַרויסגעהאָלפן געוואָרן פון דער ״זשורנאַל״־פאַרוואַלטונג און נישט ווייניק פון דעם שרייבער פון די שורות, וואָס האָט אים צוזאַמענגעשטעלט נוסחאות פון מצבות אין העברעיִש און ענגליש[13]. דאָס האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט באַקענט צו ווערן צווישן ייִדן און צו פאַרזיכערן אים פּרנסה.

אַננאַ סאַנדאָר, די ייִדיש־אונגאַרישע פרוי מיט איר מאַן, דעם נאָוועליסט און פילם־פּראָדוצירער ביל גוג, האָבן אויפן סמך פון זיין ביאָגראַפיע, אויפגעפירט אַ טעלעוויזיע־פּראָגראַם אויף דער נאַציאָנאַלער בראָדקעסטינג (סי.בי.סי.) אין 1985, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען, ווייזנדיק די מסירת־נפש פון אַ קאַנאַדער נישט־ייִד צו ראַטעווען ייִדן. מיר, פון אונדזער זייט, האָבן צוגעגעבן געוויסע

דערינערונגען וועגן אַט דעם מערקווירדיקן קאַנאַדער. ער פלעגט זיין אַן אָפטער גאַסט ביי אונדז און מיר זענען געווען באַגייסטערט פון זיין עניוות, איידלקייט און ליבשאַפט צו ייִדן.

דער שרייבער דזשאָן קאָלאָמבאָ (אַ מחבר פון איבער 70 ווערק, אַריינגערעכנט "קאַנאַדער ציטאַטן", ארויסג. 1974) באַמיט זיך צו שרייבן אַ גרויס ביאָגראַפיש ווערק, אין וועלכן ס'זאָל פּערזאָנאַפיצירט ווערן דער אידעאַליסט און מענטשן־ליבהאָבער טשאַרלס גרענט.

ער איז געווען גאָר פריינדלעך מיר צו שיקן דעם "סקריפּט" וועגן די איבער־לעבענישן אין עסטרייכישן קאָנצ.־לאַגער, ווי טשאַרלי האָט עס דערציילט. ס'איז צו באַוווּנדערן, ווי אַזוי טשאַרלי האָט געדענקט אַזוי פיל איינצלהייטן, נעמען און געשעענישן. ער האָט געוואָלט קאַנאַדער מענטשן זאָלן וויסן, וואָס עס האָט געמיינט זיין ביי די נאַציס.

אין באַשרייבן טשאַרליס אויפטוען האָט דזשאָן קאָלאָמבאָ אַרויסגערופן אַ געוויסע פּאָלעמיק, געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן אַז ס'איז דאָ אין זיי איבערטרייבונג. אָבער קאָלאָמבאָ האָט זיינע קריטיקערס געענטפערט מיט טאַקט און מיט פאַקטן. ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן די אמתדיקייט אין טשאַרליס דערציילן, ווי ער האָט געליטן פריער פון דעם חשד אַז ער איז אַ ייִד, און שפּעטער, ווי אַ קריסט וואָס איז זיך מוסר־נפש פאַר ייִדן.

דזשאָן קאָלאָמבאָ איז באַערט געוואָרן פאַר זיין ליטעראַרישער שעפעריש־קייט, פאַר זיין גרענעצלאָזער ענערגיע אַלס מחבר, רעדאַקטאָר, לעקסיקאָגראַף אא"וו. אַ מענטש אין די פופציקער וואָס האָט אויף זיין חשבון אַזוי פיל דערגרייכט אַלס שרייבער. די פּען אין זיין האַנט גרייט זיך אויף נאָך אַ סך המשכדיקייט.

אויסרעכענען אַלע קאַנאַדער וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פריינדשאַפט צו ייִדן איז אוממעגלעך.

מיר וועלן דערמאָנען נאָך איינעם, וויקטאָר קוגלער. אַ געבוירענער אין סודעטן־לאַנד, אונטער דער עסטרייכישער אימפּעריע, איז ער אַוועק קיין האָלאַנד און אָנגעפירט אַ געשעפט מיט אָטאָ פראַנק. ווען די נאַציס זענען אַריין קיין האָלאַנד, האָט ער אַריינגענומען צו זיך די פראַנק־פאַמיליע. ווען די נאַציס האָבן זיך דערפון דערוווּסט, האָבן זיי אים צוזאַמען מיט דער פראַנק־פאַמיליע אַרעסטירט און געשיקט אין די טויטלאַגערן, פון וועלכע בלויז ער און אָטאָ, זענען על פּי נס געבליבן לעבן.

נאָך דער מלחמה האָט ער עמיגרירט קיין קאַנאַדע, זיך באַזעצט אין טאָראָנטאָ, וווּ ער האָט געלעבט זייער אַ באַשיידן לעבן, נישט געוואָלט לאָזן וויסן, אַז ער האָט זיין לעבן איינגעשטעלט פאַר ייִדן. ווען מ'האָט זיך דערפון דערוווּסט און

געוואָלט אים באַערן, אים געבן מתּנות, האָט ער דאָס צוריקגעוויזן, זיך אויס־דריקנדיק, אַז ער פּילט גאָרנישט, אַז ס׳קומט אים אַ דאַנק.

ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1981, אין עלטער פון 81 יאָר. אין זיין ערע איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד בייגעשטייערט פון הערמאַן מונק און בורטאָן יוסף, ווי אַ זכרון־מצבה אין אויסדריקן אָנערקענונג פאַר זיינע מעשׂים טובים[14].

פון צפון צו דרום:

ווי אין אַלע לענדער פעלן אויך נישט אין די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער קיין אַנטיסעמיטן מכּל המינים. אין דרום־אַמעריקע האַלטן זיך אויף די נאַצי־פאַרברעכערס אונטער פאַרשטעלטע נעמען. ס׳זענען אָבער דאָ אין גרויסע צאָלן פּאָליטיקערס, וויסנשאַפטלערס, קינסטלערס, פּאָעטן און בכלל מענטשן מיט השפּעה וועלכע געהערן צו דער רשימה פון חסידי אומות העולם.

וועגן אייניקע האָבן געשריבן שמעון גובערעק[15], לואי ווידאַלעס, דאַריאָ סאַמפּער און אַנדערע. אין דער דאָזיקער ריי קומט אַזאַ מענטש ווי דער אַרגענ־טינער אַדאָלפאָ פּערעז עסקיוועל, דער וואָס האָט באַקומען אין 1980 דעם נאָבעל־פּרייז פאַר שלום. ער איז באַקאַנט מיט זיינע מעשׂים פאַר ציווילע רעכט. ער איז דער פירער פון דער ״אָרגאַניזאַציע פאַר שלום און גערעכטיקייט אין לאַטיין־אַמעריקע״.

אין באָגאָטאַ, דער הויפּטשטאָט פון קאָלאָמביאַ, דרום־אַמעריקע, איז ביי אַ קאָנפערענץ צו באַהאַנדלען די רדיפות אויף ייִדן אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַרויס־געטראָטן מיט די שאַרפסטע ווערטער דער היסטאָריקער האָראַסיאָ ראָדריגעז פּלאַטאַ. די איבערוועגנדיקע מערהייט קריסטלעכע אינטעלעקטואַלן האָט געשט־טיצט זיין רוף צו סאָלידאַריזירן זיך מיט די ייִדן אין סאָוועט־רוסלאַנד: צו קעמפן פאַר זייער פרייהייט ווי ייִדן; צו געבן רעכט די דאָרטיקע ייִדן צו עפענען שולעס אין וועלכע דער יונגער דור זאָל לערנען און זיך באַקענען מיט דעם לשון און ליטעראַטור פון זיין פאָלק; סאָוועטישע ייִדן זאָלן האָבן די מעגלעכקייט זיך צו אידענטיפיצירן רעליגיעז און נאַציאָנאַל מיט זייער פאָלק.

פּראָפ. פּאַבריגאַט אין אורוגוואַי האָט תּמיד אַרויסגעוויזן גרענעצלאָזע אהבת ישׂראל, באַזונדערס בעת דעם קאַמף אין דער ״אונ״אָ״ (פאַראייניקטע פעלקער) פאַר מדינת־ישׂראל. זיין נאָמען איז איינגעקריצט אין די הערצער פון די מדינה־פירערס און פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער געשיכטע פון מדינת־ישׂראל. ער איז איינער פון די ליבעראַלסטע מענטשן וועלכע האָבן באַנומען און פאַרשטאַנען די רעכט פון ייִדן אויף ארץ־ישׂראל. ער, ווי אַ צאָל אַנדערע מענטשן ביי דער אונאָ, האָבן באַוויגן אַ צאָל מדינות צו שטימען פאַר אַ ייִדישער מדינה.

אין צפון־אַמעריקע פעלן נישט קיין אַנטיסעמיטן, ס׳זענען אָבער דאָ אַזעלכע

ווי דער גייסטלעכער פּרעסטאַן ברעדלי פון שיקאַגאָ (געשט. אין 1983, אין עלטער פון 94 יאָר) וועלכער געהערט צו די חסידי אומות העולם.

הרב דוד גרויבאַרט ע״ה האָט וועגן אים געשריבן:

״...ברעדלי איז געווען איינער פון די חסידי אומות העולם פון אונדזער צייט, וועגן וועלכע די חכמים האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ חלק עולם הבאָ[16].

״...ווען די קהילה האָט שוין פאַרמאָגט אַ גרעסערן בנין... פלעגט דר. ברעדלי באַזוכן די שול צו כל־נדרי, כּדי צו זיין צוזאַמען מיט זיינע ״ברידער יידן״ אין דער דאָזיקער הייליקער נאַכט״.

אין זיין אָפּשאַצונג מיט געהעריקער עלאָקווענץ, שרייבט ער צוו״א:

״... מיר האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק צו זאָגן אַ הספד־וואָרט וועגן דעם גרויסן הומאַניטאַריער, יידן־פריינד, רעליגיעזן פירער און טריבון, וואָס האָט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון אַלע רעליגיעס און ראַסן... און זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט אהבת ישראל״ [17].

אָבער נישט בלויז אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן מיר צאָלרייכע מענטשן פון גוטן ווילן, אין וועמעס זכות די וועלט קען עקזיסטירן. מיר האָבן אַזעלכע אין אַלע לענדער. אַזוי אין פּוילן — דעם לאַנד פון יאָרהונדערטער אַנטיסעמי־טיזם, האָבן זיך געפונען יחידים, ליבעראַלע דענקערס, פרייהייט־קעמפערס, אַזוי אין פראַנקרייך, אין איטאַליע און אַפילו אין ווייטן מזרח — אין יאַפּאַן געפינען זיך גרופּעס און יחידים וועלכע ווייזן אַרויס פאַרליבטקייט אינעם יידישן פאָלק, אין תורת משה; זיי זענען דורכגעדרונגען מיט די הומאַניסטישע תורה־אידעאַלן.

די דאָזיקע מענטשן האָבן אמונה אין באַשעפער, האָבן אמונה אין גאָטס באַשאַף. זיי זוכן מיטלען, ווי צו באַהערשן רשעות וואָס רייסט זיך אומצוברענגען אַלץ וואָס איז באַשאַפן געוואָרן.

די דאָזיקע מענטשן דערלאָזן נישט די תאוות רשעים[18] זאָל דאָמינירן, זיי פירן די וועלט צו שלום און פּראָגרעס.

## ג. ליבעראַליזם און אַנטיסעמיטיזם אין ענגלאַנד. — שטאַטסלייט און שריפטשטעלערט. — פון קראָמוועל ביז טשוירטשיל. — טוינבי און הערצאָג.

אין ענגלאַנד, דעם וויגעלע פון דעמאָקראַטיע און „טשאַרטער אָף רייט״ (רעכט־קאָנסטיטוציע) אינערהאַלב דער דעמאָקראַטיע, האָבן נישט געפעלט — און ס׳פעלן נישט — קיין אַנטיסעמיטן; ס׳זענען אָבער תמיד געווען, זינט קראָמוועלן, ליבעראַלע שטאַטסלייט, פירנדיקע פערזענלעכקייטן, וואָרטקינסט־לערס וועלכע האָבן פּראָפּאַגירט די אידעען פון מענטשן־ליבע, פון פרייהייט און גלייכהייט פאַר יעדן מענטשן. געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן אָנערקענט דעם

תנ״ך, ווי דעם יסוד פון יושר און צדק און במילא אַרויסגעוויזן אָנערקענונג צום תנ״ך־פאָלק.

לאָרד בייראָן (1788—1824) איז קריטיקירט געוואָרן פאַר זיין צו גרויסער אהבת־ישראל. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו ווערן פאַראייביקט אינעם אוצר פון דער ענגלישער ליטעראַרישער שעפערישקייט. ער איז באַוווסט אַלס ליבהאָבער פון ייִדן. זיינע פאַרדינסטן פאַרן ייִדישן פאָלק זענען נישט אָפּצו־שאַצן — דערמיט איז נישט קלענער געוואָרן זיין פאַרנעם, זיין אָרט אין דער ענגלישער ליטעראַטור.

לאָרד בייראָן איז געווען אַן אוהב־ישראל אין פולן זין פון וואָרט. מיטן גאַנצן פייער פון זיין פלאַמענדיקער נשמה האָט ער געוויינט איבער די ליידן פון ייִדישן פאָלק, פּראָטעסטירט קעגן ייִדנהאַס. ער האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט דעם ייִדישן עבר, באַדויערט דעם קעגנוואַרט און געמוטיקט מיטן עתיד.

עפנט מען אויף די אַנאַלן פון מלכות־ענגלאַנד, זעט מען, אַז שוין אין אָנהייב, ווען ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין דאָזיקן לאַנד, וואָס איז געווען אונטער רוימישער הערשאַפט, האָט מען גערודפט ייִדן. דער סוף איז געווען — אַ גירוש פון אַלע ייִדן וואָס האָבן זיך געפונען אויף די בריטישע אינדזלען.

מנשה בן ישראל (שס״ד — 1604 ; תי״ח — 1657), דער באַרימטער עסקן, שתדלן און הויף־געלערנטער, האָט אויסגעפועלט ביי אָליווער קראָמוועל (1599—1658) צו עפענען די טויערן פאַר ייִדישער אימיגראַציע. נאָך לאַנגע דעבאַטעס אין ענגלישן פּאַרלאַמענט איז דערלויבט געוואָרן דער אומקער פון ייִדן. ביז דעמאָלט זענען די טויערן פון ענגלאַנד געווען געשלאָסן און פאַרהאַקט פאַר הונדערטער יאָרן, זינט דעם גירוש אין יאָר ה׳ אלפים, נ׳ (1290).

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, שוין נאָך דעם, ווי ס׳איז דערלויבט געוואָרן ייִדן זיך צו באַזעצן אין ענגלאַנד, האָבן נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטן, רעאַק־ציאָנערן וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן שנאה צו ייִדן.

ס׳זענען אָבער פון צייט צו צייט דערשינען אויף דער פּאָליטישער אַרענע אַזעלכע ווי קראָמוועל און דער, אין אונדזער צייט, לאָרד באַלפור.

ס׳האָבן זיך אויך פון צייט צו צייט באַוויזן שריפטשטעלערס, פּאָעטן, קינסטלערס, פּענמענטשן און וואָרטמענטשן וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אהבת־ישראל ביי יעדער געלעגנהייט.

אין דער נייער צייט: אַ פּאָליטיקער דיפּלאָמאַט לאָרד באַלפור (1848—1930), דער אוהב ישראל און חובב ציון, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די באַלפור־דעקלעראַציע, ווי אַ התחלה פאַר דער ייִדישער מדינה אין לאַנד פון די אָבות.

פון די נישט־ייִדישע ציוניסטן דאַרף דערמאָנט ווערן גענעראַל אָרדע

וויינגייט, פו די אָנפירערס פון דער הגנה אין קאַמף קעגן מופטי און זיינע רציחה־פלענער.

ס׳האָבן אָבער אויך קיין מאָל נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטן און רעאַקציאָנערן צווישן שרייבערס, פּאָליטיקערס און סתּם־ענגלענדער.

וויליאַם שעקספּיר (1564—1616) איז געווען אַן אַנטיסעמיט. דער מייסטער פון ענגליש לשון אין דיכטונג, דראַמע, פּראָזע האָט געשילדערט אַ ייִדן, נישט קענענדיק קיין ייִדן. דער הויפּטהעלד אין זיין דראַמע „דער סוחר פון ווענעציע״, שיילאָק, איז אַן אויסגעטראַכטער ייִד, כאַראַקטעריזירט ווי אַ פּראַצענטניק, געלט־גייציקער; אַ מענטש וואָס וויל ביים נישט־ייִד „אַ פונט פלייש״ פאַר דעם נישט באַצאָלטן חוב... ער שילדערט דעם ייִד, גרייט צו פאַרקויפן זיין טאָכטער פאַר געלט.

דער „סוחר פון ווענעציע״, ווי ליטעראַטור־קריטיקערס ווייזן אָן[1], איז פול מיט סתּירות. די גאַנצע מעשה וועגן פונט פלייש פון אַ לעבעדיקן מענטשן האָט נישט קיין האָפט: זי איז אַן אַנטיסעמיטישע פאַנטאַזיע, אַ סאָרט נקמה וואָס האָט נישט קיין יסוד. ס׳איז גאָרנישט צו פאַרשטיין, וועד ס׳האָט שעקספּירן איבערגעגעבן אַזאַ שונדישקייט.

נישט קיין קלענערער אַנטיסעמיט איז געווען טשאַרלס דיקענס (1812—1870). ער איז געווען באַהערשט פון אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע און דאָס איז אָן ספק געווען די סיבה, פאַר וואָס ער האָט אין זיין שילדערן די איבלען פון קאַפּיטאַליסטישן ענגלישן סיסטעם, נישט געפונען קיין אַנדערן ווי דעם ייִד, פייגין, וואָס פאַרנעמט זיך מיט שווינדלערייען, דעם פּראָטאָטיפּ פון אַן עקסטרעמען קאַפּיטאַליסט, וואָס באַרעכטיקט פאַר געלט גניבה, אָפּנאַרעריי אא״וו.

געווען שריפטשטעלערס וועלכע זענען געגאַנגען אין די וועגן פון שעקספּיר. ער אַליין, דער מחבר פון די בעסטע ליטעראַרישע ווערק וואָס ווערן שטודירט אין שולן און אַקאַדעמיעס, האָט זיך באַנוצט מיט הונדערטער פּסוקים פון תּנ״ך און מיט צענדליקער תּלמוד־מאמרים — מסתּמא גענומען פון איבערזעצונגען — און נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, איז ער געבליבן דער ערכי־שונא ישראל. פאַר וואָס? דאָס איז אַ פראַגע וואָס קיינער האָט אויף איר נישט קיין ענטפער.

ס׳פעלן אויך נישט ביי ענגלישע וואָרטמייסטערס אַזעלכע, וועלכע האָבן נאָכגעפאָלגט טשאַרלס דיקענסן מיט זיינע פאַרשטעלונגען פונעם ייִד אין „אָליווער טוויסט״. אַזאַ מענטש איז געווען אָסקאַר ווײַלד (געשט. אין יאָר 1900, אין עלטער פון 44 יאָר). ווי זיינע דראַמעס, אַזוי איז געווען זיין לעבן: ווילד, הפקרדיק. ער איז געווען פאַרשפאַרט צוויי יאָר אין תּפיסה, דעם גאַנצן לעבן געבלאָנדזשעט און פאַרשווענדט זיין טאַלאַנט, זיין גאונישקייט אויף אַ

לעבן ווי אַ לעביונג. אין זיינע דראַמעס און שריפטן גליט ער מיט זיינע עראָטישע שילדערונגען, ליידנשאַפט וואָס גרענעצט זיך מיט משוגעת. ער האָט פּראַקטיצירט וואָס ער האָט געשריבן.

ס׳זענען תּמיד געווען אין ענגלאַנד באַרימטע שריפשטעלערס, באַרימטע שטאַטסלייט וועלכע זענען געווען ריין פון וועלכער נישט איז שׂנאה צו ייִדן. ס׳האָבן זיך תּמיד געפונען אין ענגלאַנד פּירנדיקע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אינטערעס צו העברעיִש, צום לימוד פון תּנ״ך און לשון־קודש. אַזעלכע האָבן זיך געפונען צווישן הומאַניסטן און ליבעראַלן, צווישן אַריסטאָקראַטן און אינטעלעקטואַלן, צווישן פּרינצן און פּרינצעסינס, צווישן גראַפן און גראַפינס. אין 1617 איז אין ענגלאַנד דערשינען אַ טעקסטבוך זיך צו לערנען די שפּראַך פון תּנ״ך.

די ליבשאַפט צו העברעיִש איז אַריבערגעבראַכט געוואָרן פון ענגלאַנד דורך די פּוריטאַנישע פּילגרימס קיין אַמעריקע. זיי האָבן אין אַמעריקע ממשיך געווען דאָס שטודירן העברעיִש, אַרויסגעגעבן ביכער וועגן העברעיִש, אויף אַזוי ווייט, אַז די פּירערס פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך באַנוצט מיט פּסוקים פון תּנ״ך. דער יעיל־אוניווערסיטעט ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, האָט אויף זיין זיגל געשטעלט די ווערטער ״אורים ותומים״ אין עברית. דער הויפּט פונעם אוניווערסיטעט עזראַ סטיילס, פּרעזידענט אין יאָר 1778, האָט ביים איבערנעמען דעם פּרעזידענט־אַמט געהאַלטן זיין דאַנקרעדע אין העברעיִש. אין דער צייט פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע זענען געווען גייסטלעכע געקומענע פון ענגלאַנד וואָס האָבן געהאָלפן זיך אָפּרייסן פון דער קאָלאָניאַלער מאַכט. זיי האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז העברעיִש זאָל ווערן די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון דער יונגער אַמעריקאַנער רעפּובליק. געבליבן איז דער סימן, וואָס דער אָפיציעלער זיגל איז געווען, אין צייט פון דער רעוואָלוציע, געפורעמט ווי דער מגן־דוד. דאָס אַלץ — אַ רעזולטאַט פון די ענגלענדער־פּוריטאַנער וועלכע זענען געקומען בויען זייער היים אין אַמעריקע.

געווען אין ענגלאַנד נישט־ייִדן וועלכע האָבן געפּריידיקט דעם שיבת־ציון־אידעאַל נאָך פאַר פּינסקערס ״אויטאָעמאַנציפּאַציע״ און פאַר הערצלס ״ייִדנשנטאַט״. איינע פון די פּריידיקערס פאַר אַ ייִדנשטאַט איז געווען דזשאָרדזש עליאָט (מאַריאַן־מעריאַן, 1819—1880) [2]. זי האָט דעם דאָזיקן געדאַנק אַרויסגעבראַכט מייטערהאַפט און איבערצייגנדיק אין איר ווערק ״דניאל דעראָנדאַ״ (דערשינען אין יאָר 1876). דאָס איז אַ ווערק וואָס איז שטאַרק געליבט געוואָרן פון הערצלען, נאָרדוין, פון חיים ווייצמאַנען און פון נחום סאָקאָלאָוון [3]. לויט סאָקאָלאָוון איז ענגלאַנד באַווירקט געוואָרן פונעם דאָזיקן ווערק בעת לאָרד

באלפור האָט אַרויסגעגעבן די דעקלאַראַציע, וואָס איז געווען, לויט אַלעמענס מיינונגען, אַן אָנהייב צו אַ ייִדישער מדינה.

ס'איז דאָ אַ מיינונג, אַז לאָרענס אָליפאַנט, דער וווּנדערמענטש. וואָס איז געקומען העלפן ייִדן דורכצופירן דעם אידעאַל פון שיבת־ציון, איז געווען באַווירקט פון דעם דאָזיקן ראָמאַן. אליעזר בן יהודה (1858—1922) גיט איבער אין זיינע זכרונות, אַז "דניאל דעראָנדאַ" האָט דערוועקט ביי אים דעם רצון עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, זיך מקדיש זיין פאַר דעם אויפלעב פון ייִדישן פאָלק אין זיין לאַנד — אַזוי, אַז איר ווירקונג האָט געגרייכט נישט בלויז צו נישט־ייִדן, נאָר אויך צו ייִדן.

ווי אַזוי איז דזשאָרדזש עליאָט, די גלויביקע קריסטין, געוואָרן אַזאַ איבער־געגעבענע צו ייִדן, ווי אַזוי איז זי געקומען צו אהבת־ישראל? ווי ליטעראַטור־פאָרשערס באַהויפּטן, איז זי געקומען צו אָט דער אהבה, צוליב איר קריסטלעכ־קייט. זי האָט געהאַלטן, אַז די קריסטלעכע וועלט איז שולדיק אַ גרויסן חוב ייִדן, דווקא דערפאַר, ווייל זיי האָבן געגעבן דער וועלט דעם ישו מנצרת. צי דאָס איז אַזוי, צי איז עס בלויז אַ היפּאָטעזע — ווער קען וויסן?

אין אַ בריוו צו דער שרייבערין העריאָט ביטשער סטאָו (1811—1896), דער מחברין פון "דאָס געצעלט פון פעטער טאָם"[4], שרייבט זי: "...איך פאַרשטיי נישט די קריסטלעכע באַציִונג צו ייִדן: אָדער ס'פעלט די קריסטן די מורא פאַר גאָט; אָדער ס'איז סתם נאַריש פון זייער זייט, ווי אַזוי זיי באַציִען זיך צו ייִדן, ווי אַזוי זיי באַהאַנדלען ייִדן. דעריבער האָב איך זיך גענומען צו דער דאָזיקער טעמע ייִדן, אַרויסברענגענדיק מיין פאַרערונג און מיין פאַר־שטענדעניש ..." די פאָרשערס, ווי מיר זעען, האָבן אַ יסוד פאַר זייער השערה.

פון די שטאָטסלייט דאַרף דערמאָנט ווערן לאָיד דזשאָרדזש (1863—1945). ער האָט געטאָן גאָר אַ סך פאַרן ציוניזם, בעת ער איז געווען פּרעמיער פון ענגלאַנד, וואָס האָט דאַן געמיינט, הויפּט פון דער בריטישער אימפּעריע. ווי אַ ליבעראַלער מענטש, האָט ער געהאָלפן אין אויסאַרבעטן די שלום־באַדינגונגען נאָכן ערשטן וועלטקריג און געהאָלפן צוגרייטן די באַלפור־דעקלאַראַציע.

אַרטור דזשיימס באַלפור (1848—1930), איז אין צייט פון ערשטן וועלטקריג געווען ענגלישער אויסערן־מיניסטער און אויף זיין איניציאַטיוו איז אַרויסגעקומען די היסטאָרישע דעקלאַראַציע, וואָס האָט פאַרזיכערט אין נאָמען פון זיין מאַיעס־טעטס רעגירונג, דאָס שאַפן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן ייִדישן פאָלק אין ארץ־ישראל (דאַן גערופן פאַלעסטינע).

אין אַ בריוו צו לאָרד עדמאָנד ראָטשילד שרייבט ער: "מיט פיל פאַרגעניגן טו איך אייך צו וויסן, אַז די רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט באַציט זיך גערנווייליק צו דער שאַפונג פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר דעם ייִדישן פאָלק אין פאַלעסטינע.

די רעגירונג וועט טאָן אַלץ, כּדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל. עס ווערט אָבער געשטעלט אַ באַדינג, דאָס זאָל נישט באַשעדיקן די בירגערלעכע און רעליגיעזע רעכט פון די נישט־ייִדישע איינוווינערס... און נישט שעדיקן די רעכט פון ייִדן אין אַנדערע לענדער".

די דעקלאַראַציע איז גוטגעהייסן געוואָרן דורך די ציוניסטישע פירערס חיים ווייצמאַן, נחום סאָקאָלאָוו, הערבערט סעמועל (18703—1963) — דעם שפּעטערן נציב הראשי פון ארץ־ישראל. די דעקלאַראַציע איז אויך גוטגעהייסן געוואָרן פונעם הרב הראשי י. הערץ (1872—1946) און פון דעם חכם הראשי, משה גאַסטער (1856—1939) און פון אַנדערע פירערס און רבנים אין ענגלאַנד.

באַלפור איז געווען נישט בלויז פּאָליטיקער, קאַריערע־דיפּלאָמאַט. ער איז געווען אָנערקענט אַלס פילאָזאָף, אַלס מענטש מיט מחשבה, געוואַגט אין זיינע געדאַנקען. די דעקלאַראַציע איז געווען אַ געוואַגטקייט, ווייל ייִדן־פריינדשאַפט איז ביי אים געווען נאַטירלעך און די רעכט פון ייִדן יושרדיק און אויסגעהאַלטן. ער האָט מיטגעפילט מיט די ייִדישע ליידן און געוואָלט זען ווי ייִדן האָבן אַ היים, זענען מער נישט קיין וואַנדערפאָלק, ווערן מער נישט גערודפט ווי היימלאָזע.

אַ באַגייסטערטער פון דיזראַעלי־לאָרד ביקאָנספלד (1804—1881) און זיינע ווערק, האָט ער אָנערקענט די היסטאָרישע רעכט פון ייִדן און איז געווען באַגייסטערט דורכצופירן די שליחות פון פּראָקלאַמירן זיין מאַיעסטעטס דעקלאַ־ראַציע. ער האָט געוואָלט זיין דער שליח אַרויסצופירן ייִדן פון גלות און זיי ברענגען אַהיים.

וואָס עס האָט שפּעטער פּאַסירט איז וווּיל באַקאַנט. די ענגלענדער האָבן זיך דערשראָקן פאַר די פּראָטעסטן מצד די אַראַבער. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מ'וועט נישט קענען דורכפירן דעם מאַנדאַט אָן דער קאָאָפּעראַציע פון די אַראַבער און זיי האָבן אָנגעהויבן מאַכן ענדערונגען, מיינענדיק צו "אַפּיזן" די אַראַבער. אָבער די ענדערונגען האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט די שׂנאה און גורם געווען צו אָנפאַלן, רציחות, מיטן ציל אָנצושרעקן און פאַריאָגן ייִדן פון ארץ־ישראל.

נישט נאָר די אַראַבער זענען געווען קעגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. געווען ייִדן אין ענגלאַנד וועלכע זענען נישט געווען צופרידן פון דער דעקלאַראַציע. מיטגלידער פון דעם ענגלישן "באָאַרד אָף דעפּיוטיס", ג' מאָנטעפיאָרע, ד. ל. אַלעקסאַנדער און אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַזאַ דעקלאַראַציע אויס מורא, אַז דאָס וועט שטעלן אין סכנה די ייִדן אין זייערע ווינקלענדער.

דער פּרעזידענט פונעם באָאַרד האָט צוליב זיין קעגנערשאַפט רעזיגנירט פון זיין אַמט, ווען די מערהייט האָט נישט איינגעשטימט מיט זיין מיינונג און

אויסגעדריקט צופרידנקייט מיט ענגלאַנדס שטעלונג, צו דערמעגלעכן אַ ייִדישע מדינה אין ארץ־ישראל.

דר. חיים ווייצמאַן שרייבט אין זיינע מעמואַרן[5] אַז ביי באַלפורן האָט נישט דאָמינירט די פּאָליטישע כּוונה, נאָר דאָס געוויסן פון צדק, פון גערעכטיקייט פאַר דעם אייביק געפּלאָגטן און פאַרפּאָלגטן ייִדישן פאָלק.

אין יענער צייט זענען געווען ענגלישע שטאַטסלייט, פירנדיקע פּערזענלעכ־קייטן, שרייבערס און קינסטלערס, וועלכע האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט באַלפורס אידעע וועגן אַ ייִדנשטאַט. צווישן זיי: דער פּרעמיער לאָיד דזשאָרדזש, דער שרייבער מאַלקאָם העי, גענעראַל ווייגנייט און אַנדערע.

לאָרד באַלפור איז געווען דער ערנגאַסט אין 1925 ביים דערעפענען דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים. ער האָט דאַן געוויילט צוויי וואָכן אין ארץ־ישראל און איז אויפגענומען געוואָרן מיט ליבשאַפט פון אַלע תּושבים. ער האָט זיך דאַן אויסגעדריקט, אַז ער איז שטאַרק צופרידן, וואָס ער האָט זוכה געווען צו האָבן אַ חלק אינעם אויפבוי פון דער ייִדישער מדינה; אַז ער איז צופרידן, וואָס זיין דעקלאַראַציע האָט דערפירט צום אויפבוי פון אוניווערסיטעט, צום אויפבוי פון נייע ישובים אין ארץ־ישראל, צו דער אויפריכטונג פון פאָלק און לאַנד.

אַ ייִדן־פריינד איז געווען — נישט געקוקט אויף געוויסע קריטישע מאָ־מענטן — דער גרויסער און אפשר גרעסטער שטאַטסמאַן אין 20 טן י״ה, ווינסטאָן טשוירטשיל (1874—1965), דער ענגלישער פּרעמיער־מינסטער, וואָס האָט מיט זיין וואָרט און פּען געראַטעוועט די וועלט, אין דער צייט פון צווייטן וועלטקריג.

ער האָט אָן ספק אַ סך געווירקט אין דער צייט פון ערשטן וועלטקריג, ייִדן זאָלן האָבן רעכט אויף ארץ־ישראל, ווי באַלפור האָט דאָס אַזוי געוואָלט פאַר־ווירקלעכן, אין די יאָרן פון נאָכן קריג. מ׳האָט תּמיד געזוכט אַ פאַרגלייך צווישן טשווירטשילן און קראָמוועלן: דער ערשטער האָט אין זיין צייט געווירקט אויף ענגלאַנדס מושלים צו עפענען די טויערן פאַר ייִדן און זיי געבן בירגעררעכט (אין די יאָרן 1653—1658). דער צווייטער האָט אין די יאָרן 1917—1922, געהאָלפן עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר ייִדן, זיך אומצוקערן אַהיים, צו זייער היסטאָריש באַרעכטיקטן לאַנד, אָנצוהייבן אַ נאַציאָנאַל ייִדיש לעבן, לויט די פּרינציפּן פון פעלקער־באַשטימונג, לויטן ענגלישן מאַנדאַט, וואָס האָט געפירט צו דער זעלבסטבאַשטימונג, אין 1948.

אין אַ צושריפט צו דער צווייטער יאָרצייט פון דר. חיים ווייצמאַן, דעם ערשטן נשיא פון מדינת־ישראל, האָט דער דאַן 80־יאָריקער טשווירטשיל געשריבן: ישראל האָט נאָך פאַר זיך פיל שוועריקייטן, אָבער ישראל קאָן זיך

פאַרלאָזן אויף אונדז, אַז מיר וועלן טאָן אַלץ וואָס מיר קאָנען בייצוטראָגן צו דעם פרידן און ווילזיין פון מיטעלן מזרח [6].

דער גרויסער פּאָליטיקער האָט געגלויבט אין גערעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן, פאַר אַלע פעלקער, פאַר אַלע ראַסן. זיין טיפער גלויבן איז געווען, איין מענטש זאָל נישט זיין העכער פון דער אַנדערן, צוליב ראַסע, קאָליר, עטניק, רעליגיע.

וואָס שייך ייִדן, האָט ער טעאָרעטיש־היסטאָריש צוריקגעוויזן די "פּאָסיל"־אידעע פונעם היסטאָריקער טוינבי. ער האָט געזען אין ייִדן אַ לעבעדיק פּאָלק אויף אַלע געביטן — אַ פּאָלק וואָס האָט געגעבן און גיט דער וועלט געניאַל־קייט, קולטור־אוצרות, וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען און אמונה — וואָס ער האָט געהאַלטן פון דער גרעסטער וויכטיקייט פאַר דעם קיום פון דער מענטשהייט.

ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, האָט טשוירטשיל אַ סך געלערנט פון תנ"ך, פון דער תנ"כישער מאָראַל און געהאַלטן, אַז אַ דאַנק די מאָראַלישע נאָרמען, תורה־פּרינציפּן און פּאָסטולאָטן, האָבן ייִדן געקענט באַווייזן צו האָבן אַ פֿאָלקישן קיום מיט הויכע אַספּיראַציעס, דורכמאַכנדיק טויזנטער יאָרן רדיפות, גירושים און רציחות — אין אַלע גלות־לענדער, אַריינגערעכנט זיין אייגן לאַנד. ער האָט באַוווּנדערט ייִדן און זייער ראָל אין אַלע לענדער, ווו זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו באַווייזן זייערע אייגנשאַפטן.

טשוירטשיל איז געוואָרן פּרעמיער פון ענגלאַנד אינעם קריטישסטן מאָמענט אין דער מענטשהייט־געשיכטע. ער איז אַרויף אויפן פּרעמיערשטול דעם 10טן מאַי, 1940 (דעפוטאַט איז ער געווען זינט 1900). ווען די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט פראַנקרייך און מ'האָט דערוואַרט די באַלדיקע אינוואַזיע פון ענגלאַנד, האָט טשוירטשיל מיט זיינע רעדעס געוועקט האָפענונג ביי די ענגלישע מאַסן און דורך זיי — ביי דער וועלט. ער איז געוואָרן נישט נאָר דער פירשפּרעכער פון ענגלאַנד אינעם קאַמף קעגן די "הונען", ווי ער האָט גערופן די נאַציס, נאָר דער פירשפּרעכער פון אַלע פעלקער וועלכע האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דעם אכזריותדיקן נאַציזם. ער איז געוואָרן איינער פון די וועלטפירערס און דער הויפּט פון די אַרכיטעקטן, אָנצופירן די מלחמה־סטראַטעגיע.

מיט דער גרויסער הילף פון אַמעריקע און פון דעם מעכטיקן רוסלאַנד — האָט ער דערפירט צום זיג איבער די פינצטערע כוחות, וועלכע האָבן באַדעקט נישט בלויז דעם אייראָפּעיִשן האָריזאָנט.

נאָכן קריג, נאָכן דורכפירן זיין מיסיע, איז ער אַראָפּ פון דער פירערשאַפט־אַרענע. נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן. דער באַזיגער פון די נאַציס האָט פאַרלוירן אין די וואַלן און פאַרלוירן די אימפּעריע. ער איז צוריק אַרויף צום רודער, אין 1951, ווען ער איז שוין געווען קרוב צו אַכציק, אָבער לאַנג נישט

אַנגעהאַלטן די ממשלה; ער האָט געמוזט איבערגעבן דעם רודער צו יינגערע.

פיר־און־זעכציק יאָר האָט טשוירטשיל אָנגעהאַלטן אַ פּאָליטישע קאַריערע. ערשט אין עלטער פון 89 יאָר האָט ער פאַרלאָזט די פּאָליטיק, פאַרלאָזט דעם ענגלישן פּאַרלאַמענט. ביי אַ ספּעציעלער סעסיע האָט דער פּאַרלאַמענט — דאָס צווייטע מאָל אין זיין געשיכטע — אים באַערט מיט אַ שריפט געחתמעט פון זיינע 600 מיטגלידער. דער ערשטער באַערט צו ווערן אויף אַזאַ אופן איז געווען (מיט 120 יאָר פריער) דער הערצאָג (לאָרד) וועלינגטאָן.

מ׳קען זיך מתווכח זיין וועגן טשוירטשילס ציוניזם, וועגן זיין אהבת־ישראל, וואָס ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט אויסגעדריקט מיט פרייד און שטאָלץ. ס׳זענען געווען צייטן, ווען יידן האָבן געהאַט שווערע טענות צו אים, אַפילו פּראָטעסטירט קעגן זיינע האַנדלונגען, קאַטעגאָריש צוריקגעוויזן זיינע באַשולדי־קונגען, צוריקגעוויזן זיינע שאַרפע אויסדרוקן, בעת דעם קאַמף צווישן ישוב און דער מאַנדאַטן־מאַכט, וואָס איז אַוועק פונעם „אַקאָרד״, ווי דאָס איז געוואָרן אויסגעדריקט אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע. די ענגלישע פּאָליטיק האָט גורם געווען אַ נייע ריכטונג אין מיטעלן מזרח, צו „אַפּיזן״ די אַראַבער אויפן חשבון פונעם יידישן ישוב, פון די וועלכע האָבן באַלעבט דעם באָדן און געהאָפט אַז ענגלאַנד וועט האַלטן וואָרט אינעם נוסח פון דער דעקלאַראַציע און פון די מאַנדאַט־סטאַטוטן.

מ׳וועט טאַקע געדענקען טשוירטשילס קלאַסישן זאָג: „איך בין אַ ציוניסט!״. ער איז עס געווען לויט זיין באַרוף אַלס היסטאָריקער און לויט זיין פאַרשטענ־דעניש פאַר גערעכטיקייט. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו דערפילן זיין מיסיע, האָט ער אַנטוישט. דער שטאַרקער טשוירטשיל האָט מסכים געווען — צוליב אינערלעכע און אויסערלעכע איינפלוסן — אָפּצורייסן עבר־הירדן פון די ארץ־ישראל־גרענעצן און געהאָלפן אויפשטעלן אַן עבר־הירדן־מלוכה.

מ׳האָט געהאַט טענות צו טשוירטשילן — גערעכטע טענות — אָבער מער צו רוזוועלטן. מ׳האָט לעצטנס גענומען נישטערן אין די מלחמה־ארכיון, באַזונ־דערס אין די שריפטן און די פאַרהאַנדלונגען צווישן די צוויי פירערס, וועגן דעם גאַנג פון דער מלחמה און וועגן די פּלענער נאָך דער מלחמה. ס׳ווערט איבער־געגעבן, אַז אין זייער קאָרעספּאָנדענץ, אין דער צייט פון קריג, ווערט גאָרנישט גערעדט וועגן יידישן אומקום, וועגן די נאַצי־גרוילטאַטן קעגן די יידישע מאַסן, וועגן דער פאַרניכטונג פון פּוילישן יידנטום און פון די יידישע ישובים, ווו נאָר די נאַציס האָבן דערגרייכט. ס׳ווערט נישט דערמאָנט וועגן די גאַזקאַמערן, קאָנצענטראַציע־און־טויט־לאַגערן.

געוואַלטיקע טענות! נישט צו פאַרשטיין און נישט צו באַנעמען די סיבות פון זייער שווייגן און פאַרשווייגן.

מ׳דאַרף אָבער צוגעבן, אַז טשווירטשיל איז געווען פון די ערשטע צו באַגריסן די עטאַבלירונג פון מדינת־ישראל, איר געווונטשן דערפאָלג און אָנערקענט די ריכטיקייט און גערעכטיקייט, ייִדן זאָלן נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות האָבן אַן אייגענע היים אינעם לאַנד פון זייערע אָבות. ער האָט נישט איין מאָל אויסגעדריקט באַגייסטערונג פאַר ייִדן וואָס האָבן געגעבן אַזוי פיל דער וועלט, זיי זאָלן ״אין זייער לאַנד אײַנהיטן זייער נאַציאָנאַלע און גייסטיקע ירושה״. ער האָט אָבער נישט איין מאָל זיך געבויגן פאַר זיינע יועצים און מסכּים געווען צו דער אָפּשאַצונג פון דער ענגלישער פּאָליטיק וואָס האָט דיקטירט אָפּצושוואַכן די באַלפור־דעקלאַראַציע און דעם ייִדישן ישוב איז אויסגעקומען צו קעמפן קעגן דעם דאָזיקן קורס...

ייִדן האָבן געדענקט אי דאָס גוטע, אי דאָס שלעכטע. צו זיין לוויה, וואָס איז פאָרגעקומען שבת, דעם 30טן יאַנ. 1965 — אַ שטאַטלעכע לוויה מיט 90 קאַנאָנען, לויט זיינע לעבנס־יאָרן, אין אַ פּראָצעסיע פון איבער אַ מיליאָן מענטשן, בראש מיט קעניגן, פּרעזידענטן, פּרעמיערן — האָט זיך אויך געפונען אַ דעלעגאַציע פון ישראל מיט פּרעזידענט שלמה זלמן שז״ר און דוד בן־גוריון בראש. אַלע האָבן געשריבן, אַז נאָך קיין מאָל אין דער מאָדערנער געשיכטע, איז נישט געשען, אַ מענטש זאָל אַרויסרופן צו זיך אַזאַ פּיעטעט און דאַנקבאַרקייט. ער איז געוואָרן דער סימבאָל פון קאַמף פאַר מענטשן־פרייהייט.

צווישן די ענגליש־ווירקנדיקע כּוחות — אַ שטאַטסמאַן — פון אַן אַנדערן קאָנטינענט, אָבער פאַרבונדן (דעמאָלט) מיט דער בריטישער אימפּעריע, דאַרף דערמאָנט ווערן יאַר קריסטיאַן סמאַטס (1870—1950), דאַן, הויפּט פון דער דרום־אַפריקאַנער רעגירונג, ער האָט נאָכגעפאָלגט די ״טראַדיציעס פון זיין מאַיעסטעטס רעגירונג״. ער האָט ווי באַלפור און טשווירטשיל אויך אַרויסגעוויזן פריינדשאַפט צו ייִדן, געווען אַן אָנהענגער פון ציוניזם און אַ העכסט ליבעראַלער מענטש בנוגע וועלט־פּראָבלעמען. ווי אַ מיטגליד פון בריטישן קריגס־קאַבינעט האָט ער אַ סך געווירקט, גוטצוהייסן די באַלפור־דעקלאַראַציע און דאָס געהאַלטן ווי אַ חוב פאַר דער קריסטלעכער וועלט צום ייִדישן פאָלק.

חסידי אומות העולם אין ענגלאַנד האָבן מיר אַן אָנגעזעענע צאָל — און ס׳איז נישט מעגלעך זיי אויסצורעכענען.

אַן אוהב־ישראל איז געווען וואָלטער קליי לאָדערמילך. זיין בוך וועגן ארץ־ישראל האָט געמאַכט אַ רושם, נישט בלויז אין דער ייִדישער וועלט, נאָר ביי אַלע פעלקער וועלכע האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיטן אויפבוי פון ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל. אַ צאָל יאָרן איז ער געווען פּראָפעסאָר אין חיפהער טעכניאָן, געלערנט זיינע סטודענטן ווי צו באַזאָרגן די מדינה מיט וואַסער, אַ פּראָבלעם

נישט בלויז פאַר ישראל, נאָר פאַר אַלע שכנותדיקע לענדער און נישט ווייניק אַ פּראָבלעם פאַר לענדער וועלכע האָבן רעזערוואַרן און ס'איז דאָ אַ געפאַר, זיי זאָלן זיך אויסשעפּן.

דער דאָזיקער מענטש איז געווען באַהערשט פון אַלמענטשלעכקייט, אוני־ווערסאַלישקייט און דאָס איז אָן ספק געווען אַ גורם צו ווערן איינער פון די אוהבי־ישראל, ווייל ער האָט ליב געהאַט דאָס וואָס איז גוט און ריכטיק פאַר דער מענטשהייט, האָט אָנערקענט די רעכט פון ייִדן צו לעבן נאַציאָנאַל־פּאָליטיש ווי אַן איינהייט.

אַ פילאָזאָף מיט אַ וועלטנאָמען איז געווען דער ענגלענדער לאָרד בערנאַרד ראָסל (1873—1970), אַ קעמפער קעגן מלחמה, אַ הומאַניטאַריער, אַ פריינד פון ייִדן און פון מדינת־ישראל. ער איז געווען נאָבעל־פּרייז־געווינער פאַר ליטעראַטור אין 1950 און ער האָט זיך פאַרנומען נישט בלויז מיט ליטעראַטור, נאָר אויך מיט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום ווילזיין פון מענטשן און פעלקער.

לאָרד ראָסל איז געווען איינער פון די געציילטע, צווישן נישט־ייִדן, וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר ייִדן אין סאָוועט־רוסלאַנד, פּראָטעסטירט קעגן די פאַרפאָלגונגען מצד דער סאָוויעטישער מאַכט, אָנגעפירט מיט אַקציעס און דעמאָנסטראַציעס קעגן אַטאָמישע באָמבעס אי קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, אי קעגן אַמעריקע.

דער פּאַציפיסט, ווי מ'האָט אים באַטילט, איז געווען איינער פון די גרעסטע מאַטעמאַטיקערס און פון די אָנגעזעענסטע פילאָזאָפן. אַ דריטל פון זיין לעבן האָט ער געווידמעט דעם קאַמף פאַר שלום און קריטיקירט די גרויסמאַכטן פאַר זייער פאַרמעסט מיט אַטאָם־און מיסלוואָפן.

זייענדיק פאַרטאָן אין די וועלט־פּראָבלעמען, האָט ער אָבער קיין מאָל זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די קלענערע פעלקער און נישט איין מאָל זיך אויסגעדריקט וועגן דעם חוב פון דער וועלט צום ייִדישן פאָלק.

אַנדערש איז מיט דעם היסטאָריקער אַרנאָלד טוינבי, אַ היסטאָריקער פון גרויסן פאַרנעם, פון די אָנגעזעענסטע „חכמי אומות העולם" — אָבער אַזאַ איפּכאַ מסתּבראַניק אין זיינע היסטאָרישע אויספירן.

טוינבי (1889—1975), אַ שעפערישער מענטש אויף אַ סך געביטן, געשריבן אויף פאַרשיידענע טעמעס, דער עיקר, היסטאָריקער, מחבר פון צוועלף בענד „ווי צו לערנען געשיכטע". נו, לערנט ער פון בויך־סברות. ידיעות — געוויס; אָבער ווי אַזוי ט ײ ט ש ט ע ר א ו י ס זיינע ידיעות? אין ייִדנטום זעט ער נישט מער ווי אַן איבערבלייב, אַ צעפּאַלענעם איבערבלייב; ער שטעלט אַוועק דאָס

ייִדנטום ווי אַ "פאָסיל" — אַ פאַרשטיינערט גליד פונעם פאַרצייטן. ער איז אַ פאַרלייקענער פון ייִדנטום, ווי אַ נאַציאָנאַלע איינהייט. לויט אים האָט זיך די ייִדישע געשיכטע געענדיקט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, מיטן חורבן בית־שני, ווען די רוימער זענען געוואָרן הערשערס איבער ארץ־ישראל און ייִדן האָבן אויסגעוואַנדערט אין פאַרשיידענע לענדער.

ווי מיר ווייסן — און ווי מיר זעען — האָט דאָס ייִדנטום קיין מאָל זיך נישט אויפגעלייזט ווי אַ נאַציאָנאַלע איינהייט, נישט געקוקט אויף דער צעשפּרייטקייט אויף אַלע קאָנטינענטן.

ד"ר יעקב הערצאָג ז"ל האָט אַרויסגערופן טוינבין קיין מאָנטרעאָל צו אַן עפנטלעכן וויכּוח און אים אָנגעוויזן, ווי פאַלש ער טייטשט אויס געשיכטלעכע מאָמענטן, ווי ווייט ער פעלשט ייִדישע געשיכטע. אינעם וויכּוח, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1961, האָט דער זון פון הרב הראשי מהרי"א הערצאָג זצ"ל, אים דיפּלאָמאַטיש באַזיגט; באַוויזן דעם 74־יאָריקן היסטאָריקער, אַז זיינע "היסטאָריש כלומרשט באַגרינדעטע" הנחות, זענען געבויט אויף שפּינוועבס, אַז ער דאַרף נאָך אַ סך לערנען כּדי צו פאַרשטיין געשיכטלעכע פאַקטן און האָבן אַ חוש פאַר וויטאַליטעטן פון פעלקער, צו פאַרשטיין וואָס עס מיינט וויטאַליטעט; וואָס עס מיינט אַ לעבעדיק פאָלק.

דער אַלטער היסטאָריקער האָט, נישט ווילנדיק, געמוזט ענדערן אַ טייל פון זיינע באַהויפּטונגען, פון זיינע היסטאָרישע אויספירן, פון זיינע אויבערפלעכלעכע השערות.

די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן צי ס'האָט זיך געלוינט דער וויכּוח. ייִדן זענען תּמיד אַנטלאָפן פון וויכּוחים, וויסנדיק פון פאָרויס, לויט דערפאַרונגען, אַז וויכּוחים ברענגען נישט די געהעריקע רעזולטאַטן. דיאַלאָגן צווישן ייִדן און נישט־ייִדן אין אַלטערטום ווי אין דער נייער צייט, האָבן גאָר אַרויסגערופן אַ רעאַקציע קעגן ייִדן אַזוי אין דער צייט פון דער גריכיש־העלענישער עפּאָכע און אַזוי אין דער רוימישער תּקופה; אַזוי אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער און אַזוי אין דער נייער צייט.

דאָס זעלביקע קען געזאָגט ווערן וועגן טוינבי. נאָכן באַזיגט ווערן דורך יעקב הערצאָג, נאָך דעם ווי מאָריס סעמועל ווי אויך אַנדערע היסטאָריקערס האָבן אָנגעוויזן אויף זיינע פאַלשע טעזן און אויספירן האָט ער אַלץ נישט אויפגעגעבן זיינע באַהויפּטונגען. זיין בנין איז צעלייגט געוואָרן, אָבער ער האָט זיך אַלץ אָנגעהאַלטן ביי די צעפאַלענע ווילן און צעהאַקטע יסודות. נישטאָ ביי אים קיין היסטאָריש ייִדנטום. ס'איז בלויז געבליבן — לויט אים — אַ פאַרטריקנטער ביין וואָס האָט מער נישט קיין זאַפטיקייט [7].

האָבן טוינבביס הנחות אַ נאָכפאָלגערשאַפט? — געוויס!

דער קאַנאַדער פּראָפעסאָר טעאָפיל מיק האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט טוינביס היסטאָריאָזאָפיע און זיינע שטודיעס זענען אונטער דער השפעה פון טוינבי, פון יוליוס וועלהויזן (1844—1918) און פון אַנטיסעמיטישע פאָרשערס, וואָס זעען נישט אין יידנטום אַ לעבעדיק און שעפעריש פאָלק מיט רעכט צו נאַציאָנאַלער אידענטיטעט, צו באַנייען און אויפפרישן דעם יידישן גייסט אין אייגענעם לאַנד.

איינער פון די אָנגעזעענסטע נישט-יידישע מלומדים, דער שוין פריער דערמאָנטער באַרימטער אַרכעאָלאָג און תנ"ך-קענער פון אַ העכערער מדרגה, וויליאַם פאָקסוויל אָלברייט, האָט נעגירט טוינביס און זיינע נאָכפאָלגערס השערות און אויספירן. דער דאָזיקער אַרכעאָלאָג, אַ מענטש מיט מער ידיעות, ווי טוינבי און זיינע נאָכפאָלגערס, האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן די אַנטיסעמיטישע פאַלסיפיצירטע טעקסט-ציטירונגען און פאַלשע הנחות. ווי אַן ערלעכער פאָרשער, און ווי אַזעלכער, מיט גרויס השפעה אין דער יידישער און נישט-יידישער אַקאַדעמישער וועלט, האָט ער צעטרייסלט זייערע יסודות.

וואָס שייך ידיעות, האָט אָלברייט געהאַט מער ווי וועלכער נישט איז פונעם קרייז "ביבלקריטיק", דערצו: אַן "אוהב ישראל באמת... היודע עברית וכותב עברית", ווי עס שרייבט וועגן אים, דר. שמואל י. פייגין,ביים באַהאַנדלען זיינע ווערק [8], אָבער וועגן אים האָבן מיר שוין פריער אָנגעוויזן.

ווינסטאָן טשוירטשיל, טוינביס מיטצייטלער, וואָס איז געווען נישט ווייניקער היסטאָריקער, האָט נישט אָנגענומען טוינביס אויסטייטשן געשיכטע און אַוודאי נישט זיין אָפּשאַצן די יידישע עקזיסטענץ. ער האָט געזען אין יידנטום אַ לעבעדיק, דינאַמיש און שעפעריש פאָלק און אַזוי האָבן עס פאָרשטאַנען ערלעכע ענגלענדער.

אַזוי האָט פאַרשטאַנען דאָס יידנטום דער היסטאָריקער הערבערט דזשאָרדזש וועלס (1866—1946). ער איז געווען רעאַליסט און ראָמאַנטיקער אין אויסטייטשן געשיכטע. ער האָט געזען אַ ליכטיקע צוקונפט פאַר דער מענטשהייט [9]. ער האָט געזען, אַז אין אַ ליכטיקער וועלט וועלן יידן אויפגעריכט ווערן. נאָך אַ מעלה: ער האָט נישט געשטעלט אויף זיך, ווי אַן "אַלץ-ווייסער", געפאָרשט, שטודירט און געשריבן מיט דער אימה, טאָמער גיט ער נישט די ריכטיקע אויסטייטשן. אין זיין אַריינפיר שרייבט ער אַזוי עניוותדיק וועגן דער נוצלעכקייט פון זיין ווערק: "ער פירט דעם לייענער ביז צום שפיץ, וואָס צו אים איז די מענטשהייט געקומען; בלייבט שטיין און שעפּטשעט צו אים: אָט דאָס איז אונדזער ירושה".

אויסצורעכענען אַלע ליבעראַלע ענגלישע שריפטשטעלערס? — אוממעגלעך.

וועלן מיר בלויז דערמאָנען: טאָמאַס האַרדי (1840—1928) — אַ ווידענער און געפילפולער מענטש, אַזוי אין זיין פּערזענלעכן לעבן און אַזוי אין זיין שרייבן. ער האָט געזען און געפילט די ליידן און דעם צער פונעם מענטש. ס'פעלט אָבער

ביי אים דער אידעאַליזם, דער אָפּטימיזם, וואָס איז וויכטיק פאַר אַ שרייבער פון זיין פאַרנעם. אַ ליטעראַרישער זשעני, וואָס האָט זיך פאַרלוירן אין יאוש; אַ פּעסימיסט וואָס איז באַהערשט געוואָרן פון פעסימיזם; אַ מענטש מיט געוויסן, וואָס האָט פאַרלוירן האָפענונג; אַן ענגלישער נאַציאָנאַליסט, וואָס איז געווען דורכויס אוניווערסאַל. ער שטעלט מיט זיך פאַר דעם שיינגייסט אין דער ענגלישער ליטעראַטור [10]

רודיאַרד קיפּלינג (1865—1936), דער נאָבעל־באַערטער אין 1907, פון די שעפערישסטע שרייבערס, אַ צאָל ווערק זיינע זענען פון אַ קלאַסישער מדרגה, ווי "דאָס ליכט וואָס איז אויסגעגאַנגען" און אַנדערע ווערק, אין וועלכע ער ווייזט אַרויס ליבשאַפט צו מענטשן פון אַלע ראַסן; ער האָט געשטרעבט צו זען דעם ווילזיין ביי אַלע פעלקער. ער באַנוצט זיך מיט תנ"ך־מאָטיוון און אין אַ געוויסן זין, קען מען זאָגן, אַז ער איז געווען באַהויכט פון די נביאים און דעריבער געהאַט אַזאַ וואַרעם געפיל פאַר ייִדישע נויטן, אַרויסווייזנדיק מיטלייד צו ייִדישע צרות, געהאַפט צו זען די אויפריכטונג פון ייִדישן פאָלק. אויספירלעך וועגן קיפּלינגען האָבן מיר שוין געשריבן.[11].

אין דער זעלבער ריי קומען די שריפטשטעלערס: טרעווערס הערפאָרד, דזשאָרדזש מור, דזשאָן גאָלסוואָרטי. דער ערשטער איז געווען אַן אויפריכטיקער אוהב־ישראל און זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע, אָפּצוואַרפן די באַשולדיקונגען פון שונאי־ישראל אויף ייִדן, אויפן תלמוד און אויף יהדות בכלל. ער האָט אַרויס־געוויזן גרויס קענטעניש און באַהאַוונטקייט.

דזשאָן גאָלסוואָרטי האָט אין זיינע ווערק אויסגעדריקט דעם שטילן פּאַטאָס פון גערעכטיקייט. ווי די ליטעראַטור־קריטיק האָט אים פאַרשטאַנען, איז דער פּאַטאָס אַרויס פון דער שטילקייט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין "אַ פלאַמיקער ליבע צום מענטשן־מין" [12].

אַנדערש אין כאַראַקטער און אין שרייבן איז געווען דזשאָרדזש בערנאַרד שאָו (1856—1950), דער "געניאַלער אירלענדער", ווי מ'האָט אים גערופן [13] — דער סאַטיריקער, אָפלאַכער און דאָך ערנסט אין ענינים פון סאָציאַלער גערעכטי־קייט.

אין 1926 האָט ער געקראָגן די נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור. ער איז געווען אָנערקענט אַלס דער באַדייטנדיקסטער און דערפאָלגרייכסטער דראַמאַטורג אין דער ענגלישער ליטעראַטור און דראַמע. ווי אַן איפּכא־מסתבראַניק האָט ער דאָן געוויזן זיין קאָנסעקווענטקייט: צוריקגעשיקט די פּרעמיע צו אַ קאָמיטעט וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרשפּרייטן שוועדישע ליטעראַטור, צו נוצן דאָס געלט אויף איבערזעצן ווערק פון שוועדישע שרייבערס. ער האָט געוואָלט מ'זאָל זיך

באַקענען אין די ענגליש־רעדנדיקע לענדער מיט די ווערק, געשריבן אָריגינעל אין שוועדיש.

העשיל קלעפפיש שילדערט אים אַלס מייסטער פון פּאַראַדאָקסן: באַקעמפער פון אַנטיסעמיטיזם, לויבט יידישן אינטעלעקטואַליזם, יידישן טאַלאַנט און התמדה — און דערביי: "דער ייִד שטעלט אַוועק אַ וואַנט צווישן בלוט און בלוט, צווישן ראַסע און ראַסע... גלויבט אין זיין אויסדערוויילטקייט... און דעריבער: "האָבן זיי נישט קיין רעכט צו פּראָטעסטירן קעגן ראַסיזם".

שאָו — האַלט קלעפפיש — איז נישט געווען קיין אַנטיסעמיט, ער האָט געהאַט אַ טיף־מענטשלעכן צוגאַנג צו ייִדן... ס'איז דעריבער נישט צו פאַרשטיין זיין בליק וועגן יידישן "אתה בחרתנו". ווייזט אויס — קומט קלעפפיש צום אויספיר — אַז אַפילו דער קלוגער און ראַפינירטער בערנאַרד שאָו האָט פאַרזען דעם אמתן כאַראַקטער פון ייִדן, דעם מיין פון דער יידישער אויסדערוויילטקייט.

מיר וואָלטן צוגעגעבן, אַז דאָס איז געווען דער כאַראַקטער פון בערנאַרד שאָו דעם דראַמאַטורג, וואָס האָט געשפּילט דראַמע: תמיד צו זיין אַנדערש, צו זאָגן אַנדערש און צו לעבן מיטן מאָמענטגייסט. זיין וויץ — אַ מאָמענטאַלער אויפבליץ. אַזוי אין זיין שעפערישקייט און אַזוי אין זיין טעטיקייט. אַ קלוגער מענטש, געבענטשט מיט טאַלאַנט; ער האָט כובש געווען די טעאַטער־וועלט און געבליבן אַ שטיק טעאַטער — נישט געווען קיין וועגווייזער, נישט געווירקט אויף ערנסטע מענטשן.

מיר האָבן פריער דערמאָנט טשאַרלס אָרדע ווייגגייט (1903—1944) דעם בריטישן מיליטערמאַן וועלכער האָט זיך איבערגעגעבן צום יידישן פאָלק אויס ליבע פאַר די אידעאַלן פון יושר. ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דער "הגנה" (1936—1939) און זיך פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיטן יידישן ישוב.

ווייגגייט איז אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע אין בורמאַ אין דער צייט פון צווייטן וועלטקריג. ייִדן האָבן אָנערקענט זיין מסירת־נפש, זיין איבערגעגעבנקייט צו ייִדן און צו די אידעאַלן פון יושר. אין זיין ערע און אָנדענק איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ישוב מיטן נאָמען כפר הנוער "ימין אורד". ער איז אויך באַערט געוואָרן מיטן טיטל "חסיד אומות העולם".

טוינבי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 86 יאָר (23.10.75). ער האָט געאַרבעט אויף זיין 12־בענדיקער געשיכטע 34 יאָר. ער רירט זיך נישט פון זיין טאָפּלטער טעזע: קולטורן ווערן געבוירן אין אַ באַשטימטער צייט און גייען אונטער, ווען עס אַנטשטייען נייע סיטואַציעס. נאָך אַ קאָנצעפּט: געשיכטע פון מענטש איז די געשיכטע פון אמונה וואָס איז דער שליסל צו דער מיסטעריע פון עקזיסטענץ. פאַר וואָס גראָד ביי ייִדן זעט ער נישט די מיסטעריע פון אמונה, דאָס זאָגט ער

נישט. ער זעט בלויז דעם אונטערגאַנג פון ייִדן און ייִדנטום נאָכן חורבן. זייער המשך האָט געקענט זיין בלויז דורכן איבערגיין צום קריסטנטום.

דאָס איז נישט געשען — און דעריבער זיין פאַרדרוס; דעריבער זיין נעגאַטיווע באַציונג צום ייִדנטום און צום ייִדישן נאַציאָנאַלן אויפלעב. ביי ייִדן האָט ער נישט געוואָלט זען, אַז די רעליגיע, די אמונה האָט זיי אויפגעהאַלטן.

ייִדישע — און ווי געזאָגט אויך נישט־ייִדישע — היסטאָריקערס האָבן אָפּגעוואָרפן זיינע פאַלשע באַהויפּטונגען, ווי דאָס האָט געטאָן הרב הערצאָג אין 1961. ס'איז געווען אַ גרויס געשעעניש — אָבער צי האָט עס געהאָלפן?

די וואָס ווילן וויסן דעם אמת, די חסידי אומות העולם, זיי האָבן גענוג אַרבעטן און פאַקטן זיך סומך צו זיין — צו זיי, איז גילטיק דער אַפאָריזם: "ואידך, זיל גמור".

### ד. פראַנקרייך דאָס לאַנד וואָס איז געוואָרן די באַזע פאַר פרייהייט־קעמפערס. — די מכּה פון אַנטיסעמיטיזם. — די קירלעכע היעראַר־כיע. — רעאַקציע און ווידערשטאַנד.

מיר האָבן אין די פריערדיקע פּרקים שוין אָנגעוויזן אויף דעם אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט געהערשט אין פראַנקרייך, אין אַלטערטום, אין דער נייער צייט, אין דער רענעסאַנס־תּקופה און אינעם פרילינג פון אויפגעוואַכטן רעוואָלט קעגן רעאַקציע און אונטערדריקונג, בעת דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט אַרויסגעוויזן ליבשאַפט צו פרייהייט און גלייכהייט.

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט אַזאַ גרויסער און ביז גאָר וויכטיקער טעמע, ווי די געשיכטע פון ייִדן אין פראַנקרייך. אויפן דאָזיקן געביט האָבן מיר צענד־ליקער ווערק פון היסטאָריקערס, קולטור־פאָרשערס [1]. מיר ווילן בלויז אַרויסהייבן אַ צאָל ליבעראַלע פרייהייט־קעמפערס צווישן דער עליטע, צווישן דער פירערשאַפט, צווישן די גייסטמענטשן. אין סאַמע מיטן פון די רדיפות אויף ייִדן פון דער רעאַקציע, פון געצוווּנגענעם שמד, פון ברענען דעם תּלמוד. פונעם געדיכטן טומאַן, וואָס האָט נישט איין מאָל באַדעקט דאָס "לאַנד פון ליכט", האָבן אַרויסגעשיינט ליכטיקע געשטאַלטן, ליכטיקע שטערן און וועגן זיי ווילט זיך רעדן.

מיר האָבן געהאַט אין פראַנקרייך גייסטיקע פירערס, גייסטלעכע פירערס פון קירכעס, קריסטלעכע טעאָלאָגן, באַרימטע שריפטשטעלערס, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן באַגייסטערונג פאַר דעם תּנ"ך, פאַר דעם תּלמוד, פאַר ייִדישער פילאָזאָפיע און פאַר ייִדן בכלל. ס'זענען אָבער תּמיד געווען און ס'זענען נאָך אַלץ דאָ אַזעלכע וואָס פריידיקן שׂנאה צו דעם "האַרטנעקיקן פאָלק", וואָס האָט נישט און וויל נישט אָנערקענען דעם "אותו האיש", ווי "גאָטס זון", און במילא

נישט געקענט אָנגעמען דאָס קריסטנטום. ס׳זענען נאָך אַלץ דאָ אין פראַנקרייך מענטשן וואָס פאַרשפרייטן שׂנאה צו ייִדן; מענטשן וועלכע קענען נישט אויס־וואָרצלען פון זיך די אַלטע דורותדיקע שׂנאה און נישט איין מאָל, פירט עס צו היציקע עמאָציעס; צו אומקאָנטראָלירטע אָנפאַלן. די גלעזערנע קריסטלעכע פירערס פאַרלירן דעם קאָנטראָל, ווי דאָס איז געווען בשעת דעם דרייפוס־פּראָצעס.

אין די דרייסיקער יאָרן האָבן מיר פאַרעפנטלעכט אַ ציקל מאמרים וועגן דעם היסטאָריקער און טעאָלאָג ערנעסט רענאַן (1825—1892) און באַרירט אַ צאָל געשיכטלעכע פאַקטן וואָס שייך פראַנקרייך און דאָס פראַנצויזישע ייִדנטום.

רענאַן איז דערצויגן געוואָרן אין דער קירכע, צווישן גלחים, מאַנאַשקעס און נאָנעס — אָבער ער איז געוואָרן אַ ראַציאָנאַליסט. ער, דער קריסט־דערצויגענער, האָט אָפּגעלייקנט די קריסטלעכע דאָגמעס; ער האָט אַפילו צוריקגעוויזן אַ קריסטלעכן דיפּלאָם. ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער קירכע, ווייל ער האָט געוואָלט זיין פריי צו דענקען און טראַכטן לאָגיש, לויט ווי זיין שׂכל האָט אים דיקטירט.

אין די רייפערע יאָרן האָט ער זיך גענומען צו דערלערנען העברעיִש, אַרויס־געוויזן ליבשאַפט און באַגייסטערונג פאַר דעם לשון פון תּנ״ך. וואָלט ער דאָך געדאַרפט לכל הדעות, זיין באַגייסטערט פון ייִדנטום, פון ייִדן. דאָס איז נישט געשען. ער האָט גאָר זיך באַוויזן מיט אַ נעגאַטיווער באַציונג צו ייִדן. ער האָט אָפּגעטיילט ייִדן פון ייִדישקייט; ער האָט נישט געזען קיין נאַציאָנאַלע אַטריבוטן ביים ייִדנטום. ער האָט געוואָלט דער תּנ״ך זאָל בלייבן אוניווערסאַל, ווי די יסודותדיקע לערע פון מאָראַל און עטיק פאַר דער גאַנצער וועלט און ייִדן זאָלן זיך באַטראַכטן ווי פראַנצויזן מיט אַ סעקטאַנטישער רעליגיע — ״משהס גלויבן״. נישט אומזיסט האָט ער אַרויסגעהויבן און געלויבט די דייטשישע אַסימילאַטאָרישע ייִדן — ער האָט דאָס געוואָלט זען ביים פראַנצויזישן ייִדנטום. באַגייסטערט פון פראַנצויזישע ייִדן, איז ער געשטיצט געוואָרן פון זיין ייִדישן פריינד קלמן לעווי — אָבער געבליבן ביי זיינע פאָראורטיילן קעגן היסטאָרישן ייִדנטום. ער איז געווען אַ קולטור־היסטאָריקער פון אַ ברייטערן פאַרנעם. זיין ווערק ״דאָס לעבן פון קריסטוסן״ האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין פראַנקרייך. ייִדישע און נישט־ייִדישע פאָרשערס האָבן אָנגעוויזן אויף די טעותים אין דעם ווערק ווי אויך אין צווייטן ווערק זיינעם: ״די געשיכטע פון פאָלק ישׂראל״. ער איז אָבער באַטראַכט געוואָרן ווי איינער פון די גרונטלייגערס און וויכטיקע פאָרשערס פון דער געשיכטע פון ייִדנטום.

דאָס רעוואָלוציאָנערע פראַנקרייך איז רייך מיט יחידישע גייסטמענטשן. ס׳האָבן אָבער קיין מאָל נישט אויסגעפעלט קיין רעאַקציאָנערן, אַנטיסעמיטן, מענטשן מיט מיטל־עלטערלעכע דאָגמעס.

אין מיטל־עלטערלעכן פראַנקרייך האָט געקענט פּאַסירן אַן עלילת־דם צוליב אַ פערד וואָס האָט זיך דערשראָקן און אַנטלאָפן. די מעשה איז געווען אַזוי:

אַ ייִד מיט אַ קריסט אין שטעטל בלואַ זענען געקומען צום אָרטיקן טייך אָנטרינקען זייערע פערד. האָט עפּעס פּאַסירט און דעם קריסטס פערד האָט זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן. דער קריסט האָט דערציילט די מעשה מיטן פערד די גלחים. האָבן זיי אים געעצהט, ער זאָל זאָגן, אַז דאָס פערד האָט זיך דערשראָקן, ווייל דער ייִד האָט אַריינגעוואָרפן אין טייך אַ קריסטלעך קינד. אָן אַ משפט האָט מען אַלע ייִדן באַשולדיקט אין מאָרד און אָן אַ משפט, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ טויטאורטייל איבער די ייִדישע תושבים פונעם שטעטל.

דאָס איז פאָרגעקומען כ׳ סיון, ד׳ תתקל״א. דער רבנו תם (רומרוג, תת״ס — 1100; ד׳ תמוז, ד׳ תתקל״א — 1171) האָט דעם טאָג באַשטימט אַלס תענית פאַר אַלע ייִדן פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד. ער איז אַזוי צעבראָכן געוואָרן פון דער טראַגישער געשעעניש, אַז צוויי וואָכן שפּעטער, איז ער נפטר געוואָרן.

ר׳ יעקב בן מאיר תם, רש״יס אייניקל, איז געווען שטאַרק פאַרערט אי ביים אשכנזישן, אי ביים ספרדישן ייִדנטום. ער איז געווען פון די ראשוני בעלי־התוספות, געהאַט אַ סך תלמידים. ווען ער איז נפטר געוואָרן, האָט איינער פון זיינע תלמידים, ר׳ חיים כהן, זיך אויסגעדריקט, אַז ווען ער וואָלט געווען ביי דער לוויה, וואָלט ער זיך מתעסק געווען, ווייל "באותו היום בטלה קדושת כהונה"[2].

רש״יס אייניקל איז אויך געווען פאַרערט ביי דער נישט־ייִדישער באַפעל־קערונג. ער האָט זיך שטאַרק באַמיט צו פאַרבעסערן די באַציונגען צווישן ייִדן און נישט־ייִדן אין פראַנקרייך, אָבער די שונאי־ישראל האָבן געשטערט, געהעצט און גערייצט די מאַסן קעגן ייִדן, באַגרענעצט די מאַכטהאָבערס פון געבן שוץ דער ייִדישער באַפעקערונג. ייִדן אין פראַנקרייך האָבן יאָרהונדערטער געטיילט דעם גורל פון די ייִדן אין די שכנותדיקע לענדער: רדיפות, גירושים און רציחות.

די קירכע — און דער איינפלוס פון דער קירכע איז געווען שטאַרק — האָט באַאיינפלוסט די מאָנאַרכיע איינצופירן כל מיני גזירות קעגן ייִדן, באַטראַכטנדיק זיי ווי נישט־גלויביקע, וועלכע דאַרפן פאַריאָגט ווערן פון דער הייליק־קריסטלעכער פראַנקרייך.

אומצייליק זענען די לעגענדאַרישע באַשולדיקונגען קעגן ייִדן, אַז זיי ווילן אומברענגען קריסטן און דעריבער דאַרף מען פון זיי פּטור ווערן. די געשיכטע פון ייִדן אין פראַנקרייך איז די געשיכטע פון פאַרטריבענע אין אַ גלות, וווּ זיי זענען געווען הפקר פאַר די קריסטלעכע הערשערס און געדאַרפט אויסשטיין זייערע קאַפּריזן, זייער רשעות. אומצייליק זענען די לעגענדאַרישע באַשולדי־קונגען קעגן ייִדן אין פראַנקרייך[3]: מע באַשולדיקט ייִדן אין אומברענגען קריסטן; אין חוזקן און פאַרפּאַסקודיען? קריסטלעכע הייליקטימער; שוין אָפּגערעדט פון עלילת־

דם־פראַצעסן, וואָס זענען געווען פון די ערנסטע באַשולדיקונגען, נישט רעכענענ־דיק זיך דערמיט וואָס ס'זענען קיין באַווייזן נישט געווען. די לעגענדעס וועגן אַבסורדאַלע מעשׂיות, וואָס האָבן נישט די מינדעסטע אויטענטישקייט, האָבן געקראָגן אַן אויסדרוק ביי פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן דורך וואָרט, סקולפּטור און מאָלערישע סימבאָלן.

דער מקור פאַר אָט דער שׂנאָה צום ייִד זענען אָן ספק די עוואַנגעלישע געשיכטעס וועגן דער ייִדישער אמונהלאָזיקייט, אַ שׂנאָה צום ייִד וואָס האָט נישט אָנגענומען די "בשׂורה פון דער עוואַנגעליע".

אין פראַנקרייך האָבן נישט געפעלט — אַפילו שוין נאָך דער רעוואָלוציע — קיין פינצטערע עלעמענטן וועלכע האָבן אַפילו געוואָלט איינפירן אַ "געלע לאַטע" פאַר ייִדן, ווי עס האָט געטאָן דער פּויפּסט אינאָסענט דער דריטער. זיי האָבן געוואָלט דערנידעריקן דעם ייִד; קריסטן זאָלן קוקן מיט שפּאָט אויפן ייִד, נישט האָבן קיין צוטרוי צום ייִד — און אַלץ צוליב דער איינגעוואָרצלטער שׂנאָה פון אַ מאָל.

ווייל מען וויסן וועגן ייִדישע ליידן אין מיטל־עלטער, אָנגעפירט פון יעזויִטישע סעקטעס און מיט דער הסכמה פון די פּויפּסטן — איז גענוג אַ בליק צו טאָן אין די היסטאָרישע ווערק און נישט בלויז אין די ווערק פון ייִדישע היסטאָריקערס.

גענוג צו בלעטערן אינעם "עמק הבכא" (אַ וואָרטשפּיל: "טאָל פון געוויין") פון דעם אַוויניאָנער היסטאָריקער־כראָניקער ר' יוסף הכהן (1496—1575), דעם דאָקטאָר, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געשיכטע־פאָרשונג. מיר ווערן אויפ־געטרייסלט ביים לייענען, ווי ער גיט אָן פאַקטן פון הריגות און שחיטות, וואָס די הייליקע אינקוויזיטאָרן האָבן דורכגעפירט איבער ייִדישע ישובים, איינשליסנדיק ישובים אין פראַנקרייך.

די ייִדישע געשיכטע אין פראַנקרייך האָט איר אָנהייב אין אַלטערטום. באַוווּסט געוואָרן איז דער פראַנצויזיש־ייִדישער ישוב אין 11טן י"ה ביים באַגין פו די "חכמי צרפת", ביים אָנהייב פון די בעלי־התוספות, מיט די ישיבות צו וועלכע ס'האָבן געשטראָמט תּלמידים פון אַלע לענדער.

דער גייסטיקער ריז, רש"י (ר' שלמה יצחקי, טרוייש די' ת"ת — 1040; דתתס"ה — 1105), ווי ער ווערט טיטולירט רבן של ישׂראל, איז באַרימט געוואָרן נישט בלויז ביים פראַנצויזישן ייִדנטום. זיין פּירוש אויף תּנ"ך און תּלמוד, זיינע הלכה־און פּסק־פּירושים זענען אָנערקענט געוואָרן בכל תּפוצות ישׂראל. זיינע קאָמענטאַרן זענען שטודירט געוואָרן פון נישט־ייִדישע, קריסטלעכע געלערנטע. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן די קרייצצוגן פון זייערע בלבולים, רציחות און גירושים — און פון אַרויפצווינגען שמד, מיט דער וואָרענונג, אויב נישט שמד איז אַרויסטרייבן פון פראַנקרייך.

די קריסטן האָבן נישט געקענט פאַרשטיין די ייִדישע איינגעשפּאַרטקייט, נישט צו אָנערקענען די וואַנגעליע, די "בשׂורה". דאָס האָט דערפירט צו דער שׂנאָה צום ייִד; געשאַפן דעם טיפן אָפּגרונט צווישן ייִד און נישט־ייִד אין דער קאַטוילישער פראַנקרייך.

כּדי צו העצן די מאַסן קעגן ייִדן האָבן אַנטיסעמיטן פאַרשפּרייט די עלילת־דם־באַשולדיקונג וואָס איז אויפגעקומען אין ענגלאַנד אין יאָר 1144 און אַריבער צו דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט. דאָס האָט פאַרסמט דעם גייסט פון די קריסטלעכע מאַסן, וועלכע האָבן געזוכט נקמה אין די אומשולדיקע ייִדן.

גאָר אַ סך האָבן ייִדן געליטן פון די משומדים, באַזונדערס אין די יאָרן 1171—1182, פון די בלבולים אויפן תּלמוד, בלבולים אויף יהדות און בלבולים אויף ייִדן בכלל.

אין יאָר 1239, ווי אַ רעזולטאַט פון דער מסירה פונעם טרויעריק־באַרימטן משומד ניקאָלאַ דאָנין, איז אַרויסגעצוווּנגען געוואָרן אַ וויכּוח מיט ייִדישע פירערס און נאָכן פאַרענטפערן אַלע תּלמודישע שטעלן, האָט דאָך דער פּויפּסט אַרויסגעגעבן אַן ענציקליקע צו קאָנפיסקירן אַלע תּלמוד־עקזעמפּלאַרן און אַלע ספרים אַרום דעם תּלמוד. דער סוף איז געווען, אַז אין פּאַריז האָט מען אין יאָר 1242 פאַר־ברענט דעם תּלמוד און אוצרות מאַנוסקריפּטן. ר' מאיר מרוטנבורג, אַ תּלמיד פון דער פּאַריזער ישיבה (וורמיזא־וואָרמס, ד'תתקע"ה — 1215; ה'נ"ג — 1293), האָט פאַרפאַסט אַ קינה וואָס ווערט געזאָגט אין קינות לתשעה באָב, "שאלי שׂרופה באש" — אַ האַרץ־רייסנדיק געוויין און אַ ווענדונג צום רבונו של עולם, וואָס בעט רחמים פאַר דער תּורה און פאַרן ייִדישן פאָלק.

אינעם וויכּוח מיטן רשע דאָנין האָבן זיך באַטייליקט די גדולי הדור — די אָנגעזעענסטע ייִדישע אויטאָריטעטן, ר' יחיאל פון פּאַריז, דער ראש ישיבה, גערופן ר' יחיאל הצדיק; ר' משה מקוצי (פון קוסי), מחבר פון סמ"ג (אנהייב אלף הששי — 1240) און אַנדערע. נישט געקוקט וואָס ר' יחיאל האָט באַזיגט דעם משומד, וואָס האָט אויסגעטראַכט די בלבולים אויפן תּלמוד, האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף ייִדן. לואי דער "הייליקער" האָט מסכּים געווען צום פּויפּסטס פאַרלאַנג, צו פאַר־ברענען דעם תּלמוד. 24 וועגענער מיט תּלמוד־אויסגאַבעס אין מאַנוסקריפּט־פאָרם, הונדערטער ספרים־מאַנוסקריפּטן זענען דעם 6טן יוני, 1242, פאַרברענט געוואָרן. אין שייכות מיט אָט דער סצענע פון דער טראַגישער אויטאָדאַפע, שבת פ' חוקת, וואָס ייִדן האָבן געפונען אַ רמז אינעם תּרגום: "דאָ גזירת אורייתא", האָט טעאָדאָר רייִנאַך זיך אויסגעדריקט אַז "לואי דער הייליקער האָט פאַרברענט די ספרים פון די ייִדן און פיליפּ דער שיינער — האָט שוין פאַרברענט די ייִדן גופא"[4].

די ישיבה איז געשלאָסן געוואָרן אין יאָר 1257 און צוויי יאָר שפּעטער האָט ר' יחיאל מיט אַ צאָל תּלמידים פאַרלאָזט פראַנקרייך, איז עולה געווען קיין ארץ

ישראל און דאָרט אויפגעשטעלט אַ ישיבה מיטן נאָמען "ישיבה מפריז". אין פראַנקרייך זענען ווייטער אָנגעגאַנגען פאָגראָמען און רדיפות אויף ייִדן. אַ גרויסן חלק אין אַרויסרופן פאָגראָמען האָבן געהאַט משומדים וועלכע האָבן געהעצט קעגן ייִדן. מעגלעך, כּדי דערמיט אויסצונעמען ביי די קריסטלעכע גייסטלעכע, זיי זאָלן זען און זיך איבערצייגן אין זייער ערנסטקייט.

אין 13טן י"ה, איז אויפגעקומען דער "האָסטיע-בלבול" (האָסטיע איז גערופן דאָס "הייליקע ברויט") וואָס קריסטן האָבן געזאָגט, אַז דער ייִד יונתן האָט פראַ־פאַנירט און צעשטאָכן דאָס הייליקע מצהלע. דער קרבן איז געווען נישט בלויז דער יחיד יונתן, נאָר אַלע ייִדן. ייִדן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע מקומות און זייערע פאַרמעגנס קאָנספיסקירט געוואָרן [5].

פראַנקרייך איז געוואָרן ייִדן־ריין, צוליב די גזירות, רדיפות און גירושים.

יחזקאל קאָרנהענדלער גיט איבער וועגן דעם ביז גאָר אינטערעסאַנטן ייִדישן מאָמענט אין 16טן י"ה, ווען דער באַרימטער געלערנטער און פּאָעט ר' אליהו בחור (גערופן עליאַ לעוויטאַ ר' כּ"ח — 1468 ; ש"ט — 1549), וואָס האָט געלעבט אין ווענעציע, איז איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען קיין פּאַריז, איבערצונעמען דעם אַמט פון לערנען מיט נישט־ייִדישע שילערס העברעיִש און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

אליהו בחור, דער מחבר פון ייִדישן ראָמאַן "בבאָ בוך" (געשריבן אין ייִדיש, אין יאָר 1507), האָט געפרעגט דעם פראַנצויזישן אַמבאַסאַדאָר : פראַנקרייך איז דאָך געשלאָסן פאַר ייִדן, איז ווי אַזוי קענט איר מיך איינלאַדן ? דערויף האָט דער אַמבאַסאַדאָר געענטפערט ; דאָס לאַנד איז טאַקע געשלאָסן פאַר ייִדן, אָבער נישט פאַר אים. אליהו בחור האָט אויפגעקלערט דעם פראַנצויזישן אַמבאַסאַדאָר, אַז ווי אַ ייִד דאַרף ער האָבן נאָך ניין ייִדן, צו האָבן אַ מנין... צו האָבן אַ מקווה... כּשרות, מוהל־שוחט אאַ"וו — זיין קומען איז פאַרבונדן מיט עפענען דאָס לאַנד פאַר ייִדן... דאָס האָט די רעגירונג נישט נאָכגעגעבן נאָך 150 יאָר וואָס ייִדן איז געווען פאַרבאָטן צו וווינען אין פראַנקרייך [6].

דער רענעסאַנס אין 16טן י"ה האָט געענדערט דעם מצב, האָט געווירקט אָפּ־צושוואַכן די אַנטי־ייִדישקייט. נייע, פרישע ווינטן האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן, אָבער אין גאַנצן אויסוואָרצלען די שׂנאה צו ייִדן זענען זיי נישט געווען בכּוח. אַפילו אין דער נייער רעוואָלוציאָנערער פראַנקרייך, וואָס איז אַזוי רייך מיט יחידישע גייסטמענטשן, האָט נישט אויסגעפעלט קיין אַנטיסעמיטישקייט ביי געוויסע קרייזן — מענטשן מיט מיטל־עלטערלעכער פסיכאָלאָגיע און מיטל־עלטערלעכן פינצטערן כּאַראַקטער.

שוין כּמעט אין אונדזער צייט, ביים סוף פון פאַרגאַנגענעם י"ח אין יאָר 1898, האָבן מיר געהאַט די דרייפוס אַפערע, וואָס האָט אויפגעשטורעמט נישט בלויז פראַנקרייך, נאָר די גאַנצע וועלט.

מיר האָבן שוין וועגן דעם דרייפוס־פּראָצעס נישט איין מאָל געשריבן, אָבער כּדאַי צוליב אונדזער טעזע, נאָך אַ מאָל איבערצוגעבן וועגן דעם היסטאָרישן פּראָצעס.

אַלפרעד דרייפוס (1859—1935), אַ ייִד פון עלזאַס, האָט זיך אויסגעקליבן אַ מיליטערישע קאַריערע. פריער דינט ער אין דער אַרמיי ווי אַ געוויינלעכער סאָלדאַט, נאָך דעם ווערט ער דערהויבן צו אַן אָפיצירישן טיטל און שפּעטער צו נאָך אַ העכערן ראַנג, אַלס קאַפּיטאַן אין פראַנצויזישן גענעראַל־שטאַב.

אין יאָר 1894 דערוויסט מען זיך אין פראַנצויזישן קריגס־מיניסטעריום, אַז אין שטאַב איז פאַראַן אַ שפּיאָן, וואָס ליפערט אויס געהיימע מיליטערישע דאָקו־מענטן קיין דייטשלאַנד. דרייפוסעס האַנטשריפט איז ענלעך צו דער שריפט פונעם שפּיאָן און די אַנטיסעמיטן נוצן אויס די געלעגנהייט צו וואַרפן די שולד אויף דעם ייִדישן קאַפּיטאַן.

דעם 14טן אָקטאָבער, 1894 ווערט דרייפוס באַשולדיקט און אַרעסטירט. דער שׂונא־ישׂראל עסטערהאַזי האָט פאַלש עדות געזאָגט און דרייפוס איז אין דעצעמ־בער פאַראורטיילט געוואָרן דורך אַ מיליטערישן געריכט צו לעבנסלענגלעכער פאַר־שיקונג אויפן "טייוולס אינדזל".

בעת דער באַשולדיקונג האָט ער מיט שטאָלץ זיך געשטעלט פאַר די ריכטערס און דערקלערט זיין אומשולד. אָבער דער המון וואָס האָט אַרומגערינגלט האָט געשריגן שולדיק, טויט דרייפוסן, טויט די ייִדן.

אין לאַנד האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים: דרייפוסאַרן און אַנטי־דרייפוסאַרן; פון איין זייט — אַנטיסעמיטן, רעאַקציאָנערן און פון דער אַנדערער זייט ליבעראַלן, דעמאָקראַטן וועלכע האָבן געפאָדערט אַ נייעם פּראָצעס, דרייפוס זאָל באַפרייט ווערן פונעם חשד און זאָל פולשטענדיק רעהאַביליטירט ווערן.

געשמידט אין קייטן — צו דער צופרידנהייט פון דעם המון — ווערט ער פאַרשיקט, ווי אַ פאַרמשפּטער. אָבער דער ברודער זיינער האָט נישט גערוט און אויף דער זייט פון דרייפוסן האָבן זיך געשטעלט אַ צאָל באַרימטע פּערזענלעכ־קייטן אין פראַנקרייך, צווישן זיי עמיל זאָלאַ, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט אַן אויפטרייסלנדיקן דאָקומענט "איך באַשולדיק", וואָס האָט סוף־כּל־סוף דערפירט צום אויפדעקן דעם שווינדלערלעכן ליגן אַרום דער דרייפוס־אַפערע, דערפירט צו דער יושרדיקער אויפלייזונג פון באַשולדיקונגס־אַקט: דרייפוס איז רעהאַביליטירט געוואָרן [7].

דער וואָס האָט אָרגאַניזירט די פעלשונג, עסטערהאַזי, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אַזוי האָט זיך געענדיקט אַ טראַגיש־היסטאָריש קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער פראַנקרייך.

אָנגעפירט מיט דער אָפּעלאַציע האָט דער באַרימטער זשאָרזש קלעמאַנסאָ

(1841—1929), רעדאַקטאָר און פּאָליטישער פירער. ער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער פאַרטיידיקונג: פאַרטיידיקן דעם אומשולדיקן דרייפוס און פאַרטיידיקן עמיל זאָלאַ, ווען די אַנטיסעמיטן האָבן באַשולדיקט אין מלוכה־פאַרראַט און ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון לאַנד. ערשט אין 1900, איז אים דערלויבט געוואָרן צוריקצוקומען קיין פראַנקרייך.

אין דער רשימה "חסידי אומות העולם" געהערט אָן ספק עמיל זאָלאַ (1840—1902), דער באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער, וואָס האָט געוואַגט אַרויס־צוקומען מיט אַ רוף: "איך באַשולדיק" און געגעבן דעם סיגנאַל פאַר אַ גערעכטן משפט־דרייפוס.

עמיל זאָלאַ, ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער, איז געשטאָרבן פון אַ טשאַד דורך דעם קומען בעתן שלאָפן [8] דעם 28טן סעפּט., 1902, אין עלטער פון 62 יאָר. ער האָט איבערגעלאָזט אַן איינציקן זון זשאַק און אַ גייסטיקע ירושה פון 20 בענד סאָציאַלער צייט־געשיכטע: ראָמאַנען און פּובליציסטיק.

אין דער יידישער וועלט איז זאָלאַ באַטראַכט געוואָרן ווי די פאַרקערפּערונג פון יושר, פון אמת; די יידישע וועלט האָט געזען אין אים דעם ליבעראַלן מענטשן, וואָס האָט מיט ברען און ליידנשאַפט זיך איינגעשטעלט אַנטקעגן דער רעאַקציע, אַנטקעגן דעם אַנטיסעמיטיזם; זיך איינגעשטעלט מיט זיין לעבן. די יידישע וועלט האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט זיין גרויסקייט און געוואַגטקייט — און אין 1903, איז עמיל זאָלאַס נאָמען אַריינגעשריבן געוואָרן אינעם "ספר הזהב" פון קרן־קימת.

נישט בלויז יידן האָבן אים פאַרערט. ליבעראַלע מענטשן אין פראַנקרייך האָבן באַוווּנדערט זיין קאַמף פאַר גערעכטיקייט, מיט באַגייסטערונג גערעדט און געשריבן וועגן אים. אַ דאַנק אים איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער מיליטערישער געזעלשאַפט אין פראַנקרייך — אַן אידעאָלאָגישע ענדערונג — און די ענדערונג איז אַריבער די פראַנצויזישע גרענעצן.



דער היסטאָרישער פרילינג אין פראַנקרייך מיט דער "דעקלאַראַציע פון מענטשן און בירגעררעכט", פון יאָר 1789, דורך דער נאַציאָנאַלער אַסעמבלי, איז געווען אַ שריט פאָרויס און ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן איז דאָס ווייט געווען פון רעאַליזירונג.

די דעמאָלטיקע דעקלאַראַציע האָט געטראָפן אין די מיטל־עלטערלעכע פאַר־אורטיילן, אַז יידן זענען פאַרשאָלטן (חלילה) פון גאָט, ווייל זיי האָבן נישט אָנערקענט יעזוסן און במילא האָבן זיי נישט קיין רעכט. די דעקלאַראַציע האָט דאָס אָפּגעווישט, אָבער דער אַנטיסעמיטיזם איז נישט אָפּגעווישט געוואָרן.

ס'איז דאַן צום ערשטן מאָל געהערט געוואָרן אין פראַנקרייך אָפיציעל, אַז דער ייִד איז אַ מענטש מיט מענטשן גלייך; אַז דער ייִד דאַרף האָבן די פולע רעכט, ווי אַ פראַנצויזישער בירגער. געלעבט האָבן דעמאָלט אין פראַנקרייך אַן ערך 40 טויזנט ייִדן.

די דעקלאַראַציע, דאַרף מען צוגעבן, איז נישט פלוצלינג געבוירן געוואָרן. זי איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון פראַנצויזישע קולטור־מענטשן, גייסטמענטשן: שריפטשטעלערס, פילאָזאָפן, שרייבערס, קינסטלערס וועלכע האָבן פּראָפּאַגירט די פרייהייטס־אידעאַלן פאַר אַלע בירגער.

ייִדן זענען געווען באַגייסטערט פון דער דאָזיקער דעקלאַראַציע, ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט דער ייִדישער פאָרשטייער יצחק בער, אין זיין אַדרעסירן די פראַנצויזישע נאַציאָנאַלע אַסעמבלי, אַז ער האָפט, אַז דערמיט וועט צעריסן ווערן דער העסלעכער צווישנשייד — דער האַס פונעם נישט־ייִד צום ייִד... דאָס איז אָבער, ווי די געשיכטע לערנט אונדז, נישט געשען. די דורותדיקע שׂנאָה צום ייִד איז נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן, די אומגערעכטקייט צום ייִד איז נישט פאַרריכט געוואָרן. דער עמאַנציפּאַציע־דאָקומענט איז געוואָרן אַ דאָקומענט וואָס פאַרלאַנגט אַסימילאַציע. די שׂנאָה מצד דער קירכע און די קנאָה מצד די סוחרים איז נישט איינגעשטילט געוואָרן.

אין דער ריי פון חסידי אומות העולם אין פראַנקרייך האָבן מיר דעם וויכטיקן דענקער זשאַן זשאַק רוסאָ (1712—1778) וועגן וועלכן מיר האָבן שוין אין אַ באַזונדערער אַרבעט געשריבן[9]. זיין אָנגריף אויף דעם פאַנאַטיזם, זיין קאַמף קעגן דער דאָגמאַטישקייט פון דער קירכע, זיין באַקעמפן אונטערדריקונג פון בירגער — דאָס אַלץ האָט געדינט דער זאַך פון די רעכטלאָזע און דיסקרימינירטע ייִדן אין פראַנקרייך. זיין רוף איז אַריבער די פראַנצויזישע גרענעצן און אומעטום זענען געהערט געוואָרן די פרייהייטס־לאָזונגען; אומעטום איז געהערט געוואָרן דער רוף פון מענטשן־גלייכהייט, פון אַ ליבעראַליזם און סאָציאַלן יושר פון וועלכן ייִדן האָבן אַ סך געוואָסן.

נישט ווייניק פראַנצויזישע גייסטמענטשן זענען אָבער געווען דורכגעדרונגען מיט שׂנאָה, ווי אַ ירושה פון דער קריסטלעכער שׂנאָה. זיי האָבן זיך דערפון נישט געקענט באַפרייען.

וואָלטער (1694—1778), דער גרויסער שרייבער מיט אַזוי פיל פאַר־דינסטן פאַר דעם קאַמף פון מענטשנרעכט, איז געווען אַ שונא־ישראל. ער האָט קריטיקירט די קירכע, אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף די גלחים וואָס קאָנטראָלירן די קירכע און דערביי זיך פאַרנומען מיט צאָרן קעגן דעם "אַלטן טעסטאַמענט", קעגן דער ייִדישער אמונה, קעגן יודאַיזם. ער זעט די ייִדן פון פראַנקרייך ווי

פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר אַלע צרות אין דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט.

ס'איז נישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַזאַ פרייהייטס־גייסטמענטש, אַ ליבעראַ־לער קאָסמאָפּאָליט זאָל אַרויסווייזן אַזוי פיל שׂנאה צו ייִדן, זאָל העלפן די פינצטערע עלעמענטן וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי די יעזויִטישע מיטל־עלטערלעכע מעשׂים.

וואָלטער, ווי זיינע ביאָגראַפן גיבן איבער [10], איז געווען אַ דעיִסט, דעריבער אַ באַקעמפער פון דער קירכע־הערשאַפט [11]. דאָס האָט אים געפירט צום שטודירן תּנ"ך, תּלמוד, ייִדישע געשיכטע, ייִדישן לעבנס־שטייגער און בכלל אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו ייִדן. ער איז אָבער באַהערשט געווען פון דער איינגעוואָרצלטער קריסטלעכע שׂנאה צו ייִדן. ווי אַנדערע אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, האָט ע ר א ו י ך געזען די לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע דורך אַסימילאַציע, דורך אויס־מישן זיך מיט די פעלקער פון זייערע וווינערטער.

אַז ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט שטודירן דעם תּנ"ך און די מפרשי התּנ"ך, ווייזט דער פאַקט, אַז אין זיין ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אַ גרויסע זאַמלונג פון תּנ"ך־ספרים און ווערק אויף ייִדישער טעמאַטיק.

ישׂראל קאָוועלמאַן גיט איבער [12] אַז אין דער פעטערבורגער־לענינגראַדער ביבליאָטעק געפינט זיך די וואָלטער־זאַמלונג פון 4000 ביכער און צווישן זיי אַרום 50 אויף ייִדישער טעמאַטיק.

האָבן מיר דאָ אַ גרויסן פראַנצויזישן שריפטשטעלער, אַ קענער פון יהדות — דערצו, אַ קעגנער — אויב נישט אַנטיסעמיטישער — פון ייִדנטום און מיט זיין צוגאַנג קען ער געשטעלט ווערן אין דער ריי פון אַנטי־הומאַניסטן. ער זעט נישט די עטיק און די מאָראַל פון תּורת משה און די נביאים.

געווען אָבער אַנדערע, מיט ווייניקער ידיעות וועגן ייִדנטום, וועלכע האָבן ווי הומאַניסטן אַנערקענט דעם ייִדישן ביישטייער צו דער ציוויליזירטער וועלט און אַגיטירט פאַר געבן ייִדן אין פראַנקרייך פולשטענדיקע גלייכהייט מיט אַלע בירגער.

אין דער דאָזיקער פּלעיאַדע גייט אַריין, אָן ספק, דער פריער דערמאָנטער רוסאָ [13]. ער און זיינע נאָכפאָלגערס האָבן געגרייט דעם באָדן פאַר דער פראַנצויזי־שער רעוואָלוציע, אויף וועמעס פאָן ס'זענען דערשינען די לאָזונגען פון "ליבערטע, עגאַליטע. פראַטערניטע" (פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט).

אין דייטשלאַנד זענען עס געווען די גייסטיקע ריזן, ווי קאַנט, העגעל, הערדער און אַנדערע וועלכע האָבן געוואָלט זען אַ פּראָגרעסיוו, דעמאָקראַטיש דייטשלאַנד.

אין פראַנקרייך זענען עס געווען די וועלכע האָבן באַלויכטן פראַנקרייכס האָריזאָנט, די שרייבערס און פילאָזאָפן, אָנאָרע דע באַלזאַק (1799—1850), וויקטאָר הוגאָ (1802—1885), אַנאַטאָל פראַנס, אַנרי באַרביס, ראָמען ראָלאַן און אַנדערע.

באַלזאַק איז דער פאַרפאַסער פון קרוב צו 80 ראָמאַנען, אין וועלכע ער אַנאַליזירט די מענטשלעכע נשמה אויף דער ליטעראַרישער קאַנווע. ער איז געווען

פון די פּאָפּולערסטע שרייבערס און געהאַט גרויס איינפלוס. ער שילדערט אין זיינע ווערק די פראַנצויזישע בורזשואַזע געזעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך רייכקייט און תאווה־באַפרידיקונג. אין זיינע ווערק מאָלט ער געשטאַלטן פון מאַכטהאָבערס, קאָרומפּטירטע פערזאָנען, באַנקירן און וווכערניקעס וואָס לעבן אויפן חשבון פונעם פאָלק. ער שילדערט דעם פראַנצויזישן אָדל וואָס איז אומבאַהאָלפן, וואָס לעבט מיט דער פאַרגאַנגנגעהייט, מיטן יחוס פון עלטערן — און אַליין איז ער ביז גאָר פאַרדאָרבן.

נישט קלענער איז געווען דער איינפלוס פון וויקטאָר הוגאָ, דעם פּראָטאַגאָניסט פון דער נייער ראָמאַנטישער ליטעראַטור אין פראַנקרייך. ער האָט זיך געשטעלט אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן אין 1848.

אין זיינע ווערק דעמאַסקירט ער די פראַנצויזישע בורזשואַזיע, קריטיקירט דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

צוליב זיינע רעוואָלוציאָנערע ווערק האָט ער געמוזט אַנטלויפן פון פראַנקרייך, געוווינט און געשאַפן אין גלות־בריסל, בעלגיע, ווו ער ווערט באַרימט אַלס קעמפער מיט דער שאַרפער פען פאַר דעמאָקראַטיע, רעפּובליקאַניזם, פרייהייט און גלייכהייט.

נאָכן פאַלן פון דער מאָנאַרכיע און נאָכן פּראָקלאַמירן די רעפּובליק, איז ער צוריקגעקומען קיין פראַנקרייך, געוואָרן אַקטיוו פּאָליטיש, דערוויילט געוואָרן צום סענאַט. ס'האָט אָבער לאַנג נישט גענומען און ער ווערט פאַרשיקט אויף אינדזלען אין אַטלאַנטישן אָקעאַן, ווו ער שרייבט זיין „גבור אין קייטן", אַרויס־ברענגנדיק די סאָציאַלע אומרעכטן אין דער געזעלשאַפט.

אין 1870, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאָמונע־אויפשטאַנד, איז ער צוריקגעקומען און באַזונגען דעם פּאַטריאָטיזם און העראָיזם פון די קאָמונאַרן אין זייער קאַמף פאַר אַ יושרדיקער געזעלשאַפט.

וויקטאָר הוגאָ איז געווען אַ פריינד פון יִדן; ער האָט אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש פאַר יִדישע פּראָבלעמען. ער, צוזאַמען מיטן באַרימטן פירער פון פראַנצויזישן יִדנטום, יצחק (אַדאָלף) קרעמיע (1794—1880), האָבן זיך גע־שטעלט אין שפּיץ פון אַ קאָמיטעט צו העלפן די ליידנדיקע יִדן פון צאַרישן רוסלאַנד און באַקעמפט אומרעכט אין זייער אייגן לאַנד.

אַדאָלף קרעמיע, דער באַרימטער אַדוואָקאַט, איז אין 1875 געוויילט געוואָרן צום פראַנצויזישן סענאַט און ווי אַ יִדישער עסקן האָט ער אָרגאַניזירט, און ביזן טויט געבליבן דער פאָרזיצער פון „כל ישראל חברים" (באַקאַנט מיטן נאָמען „אַליאַנס איזראַעליט איניווערסעל") צו העלפן דערציען יִדישע קינדער אין די לענדער פון דער דעמאָלטיקער פראַנצויזישער אימפּעריע.

אַנאַטאָל פראַנס (1844—1924) פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט צווישן די גייסט־מענטשן אין פראַנקרייך. ער ווערט באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן סטיליסט אין דער

פראַנצויזישער שפּראַך. ער האָט געהאַט גרויס איינפלוס אין פראַנקרייך, אי ווי אַ שרייבער, אי ווי אַ מענטש מיט עטיק און מענטשן־ליבע.

ראָמען ראָלאַן איז געווען, ווי זיינע ביאָגראַפן שילדערן אים, דאָס מאַרטירער־געוויסן פון אייראָפּע: געקעמפט און געגלויבט, אַז קומען וועט די גערעכטיקייט פאַר אַלע פעלקער[14]. ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן לעוו טאָלסטאָי[15], אַ בוך וועגן מאַהאַטמאַ גאַנדי (1869—1948) און ביכער וועגן אַנדערע פרייהייטס־קעמפערס. אַלע זיינע ווערק זענען טעמאַטיש געצילט אַרויסצוהייבן דאָס הערא‏ָישע און דערהויבענע ביים מענטשן. ער זוכט ביים מענטש דאָס עטישע אוניווערסאַל דערפרייענדיקע[16]. זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין צענדליקער שפּראַכן, אַריינגערעכנט יידיש.

אַנרי באַרביס (1873—1935) — פון די אָנגעזעענע פּענמענטשן — איז געווען באַגייסטערט פון יידנטום. ער זעט אין יידנטום אַן אידעאַל וואָס איז נישט באַגרע־נעצט צו נאַציע און לאַנד, אַן אידעאַל וואָס דאַרף ווערן פאַרשפּרייט צווישן אַלע מענטשן.

כּדאי צו ברענגען עטלעכע שורות פון אַ לענגערער אָפּשאַצונג פון מאַקסים גאָרקי וועגן ראָמען ראָלאַן:

„...די פעסטקייט פון ראָמען ראָלאַנס ליבע צום קאָסמאָס און צום מענטשן רופט אַרויס ביי מיר התפּעלות... ער איז דער איידלסטער סטאָ‏יקער... איך בין גליקלעך פונעם באַוווסטזיין, אַז אין פראַנקרייך, וועלכע איך ליב פון קינדווייז אָן, איז דאָ אַזאַ איידעלער מענטש און אַזאַ מוטיקער קינסטלער...“[17].

ראָלאַנס בוך וועגן מאַהאַטמאַ גאַנדי האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקן איינפלוס, גאַנדי זאָל דערגרייכן זיין ציל: די אומאָפּהענגיקייט פון אינדיע. ער האָט דערנאָך באַצאָלט מיטן לעבן, נישט דורך ענגלענדער, נאָר דורך איינעם פון זיינע אינדישע באַפרייטע, וואָס האָט דורך אַן אַטענטאַט דערשאָסן דעם „פאָטער פון מאָדערנעם אינדיע“.

כּדאי אָנצווייזן, אַז גאַנדי, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ מוסטער פון אַ הייליקן מענטש — יעדנפאַלס אַזוי האָט ער געשפּילט זיין ראָלע אויף דער פּאָלי־טישער מאַפּע — איז אָבער וואָס שייך יידן, וואָס שייך דעם קאַמף פאַר אַ יידישער זעלבסשטענדיקער מדינה, זיין באַציונג געווען אַ נעגאַטיווע און ווייט פון אַרויס־ווייזן צדקות, ערלעכקייט און פאַרשטענדעניש. פאַר וואָס? דאָס איז געבליבן אַ מיסטעריע.

אין דער רשימה פון פראַנצויזישע דענקערס און שריפטשטעלערס מיט ליבע־ראַלע אָנשוויונגען דאַרף צוגעגעבן ווערן דער פילאָזאָף זשאַק מאַריטען.

אין זיינע ווערק — שרייבט ד״ר העשיל קלעפּפיש — רופט מאַריטען די קריסטן

צו געדענקען אין די פּרינציפּן פון הומאַניזם... אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט זאָל פאַרקומען אַ לייטערונגס־פּראָצעס...

"דאָס ייִדישע פאָלק — שרייבט מאַריטען — איז פון גאָט אויסגעווײלט געוואָרן צו ברענגען אייביקע אמתן דער מענטשהייט. ער איז אויסדערווײלט געוואָרן צו באַפרייען די מענטשהייט פון דעם זומפּ פון געצנדינסט; ער איז אויסדערווײלט געוואָרן צו דערהויבן די מענטשן צו דער לערע פון איינציקן גאָט.

"די ייִדישע אומה — זאָגט ער — איז די איינציקע, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פון זיך נביאים; די נביאים האָבן געטראָגן דאָס פייערדיק געטלעכע וואָרט... דער וואָס פייניקט אַ ייִד, שטעלט זיך אַזוי אַרום מחוץ דער געזעלשאַפט וואָס האָט אָנגענומען דעם מאָנאָטעיִסטישן געדאַנק"[18].

אַנדריי זשיד — ווי ה. ק. שרייבט וועגן אים — איז נאָך איינער פון דער ריי שריפטשטעלער אין פראַנקרייך, וואָס ווערט באַטראַכט אין אייראָפּע פאַר דאָס שיינע, גייסטיקע אין דער מענטשלעכער נשמה.

דער גלח אַנרי גרענואַר איז אויך איינער פון די אוהבי ישראל. אַ ליבעראַלער קריסט, וואָס האָט געקעמפט פאַר רעכט פון אַלע בירגער, אַריינגערעכט ייִדישע בירגער, ביים שאַפן די דעקלאַראַציע פאַר מענטשנרעכט.

די רשימה פון די ליבעראַלע אינטעלעקטואַלן אין פראַנקרייך קאָן אַריינעמען דעם באַרימטן פילאָזאָף זשאַן פּאָל סאַרטר (1906—1980) און זיין לעבנס־באַגלייטערין סימאָן דע באָוואַר (1908—1986).

זיי זענען נישט איין מאָל קריטיקירט געוואָרן פאַר זייער עקסטרעמען ראַדיקאַליזם, אָבער געלויבט געוואָרן פאַר זייער קאַמף קעגן מלחמה און פאַר זייער קאַמף קעגן וועלכער נישט איז דיסקרימינאַציע. סאַרטר האָט זיך באַקאַנט געמאַכט מיט זיין פילאָזאָפיע פון עקזיסטענציאַליזם. צווישן זיינע ווערק לאָמיר דערמאָנען זיין בוך "באַטראַכטונגען וועגן דער ייִדן־פראַגע" (1946) אין וועלכן ער טרעט שאַרף אַרויס קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, סאַרטר ווערט פאַררעכנט ווי דער רעפּרעזענטאַנט פון פראַנצויזישן אינטעלעקטואַליזם. ער צוזאַמען מיט בערגסאָנען שטעלן מיט זיך פאַר דאָס קולטורעלע פראַנקרייך אין אונדזער יאָרהונדערט.

סימאָן דע באָוואַר האָט געהאַט אַ שטרענג קאַטוילישע דערציונג; ווי זי גיט איבער אין אירע מעמוארן, איז זי געווען אַ דיסציפּלינירטע טאָכטער, שפּעטער געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנערקע שטאַרק ראַדיקאַל צו וועלן אָפּשאַפן אַלץ וואָס איז איינגעשטעלט און פאַרמירט. אין די יאָרן צווישן 1943 און 1983 האָט זי אָנגעשריבן צענדליקער ווערק: נאָוועלן, פילאָזאָפישע עסייען מיטן צוגאָב פון אַ פיר־בענדיק זכרונות־ווערק, וואָס ווערט שטאַרק געלייענט. איר אַגיטאַציע פאַר דעם צווייטן געשלעכט האָט זי געמאַכט וועלט־באַרימט.

מען האָט צו זיי ביידן געהאַט טענות פאַרן חנדלען זיך צום סאָוויעטישן

קאָמוניזם, נישט געקוקט דערויף וואָס אַגיטירט האָבן זיי פאַר אַ דעמאָקראַטישן, אידעאַליסטישן קאָמוניזם. שפּעטער זענען זיי געוואָרן קריטישער צום סאָוויעטישן רעזשים.

מ׳האָט אויך צו אים — און צו איר — געהאַט טענות פאַר זייער חנדלען זיך, אין אַ געוויסער צייט, צום אַראַבישן טעראָריזם. שפּעטער איז זייער באַציִונג צו ישראל געווען און פאַרבליבן אַ דורכויס סימפּאַטישע און שטאַרק פּאָזיטיווע. דער ישוב אין מדינת ישראל, וויסנדיק פון זייערע פעלערן, האָט דאָך אָנערקענט סאַרטרס בייטראָג צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און אים באַערט מיטן ״דאָקטאָר האָנאָריס קאַוזאַ״ פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין 1977. ער איז דעמאָלט שטאַרק קריטיקירט געוואָרן פון די פראַנצויזישע קאָמוניסטן און נאָך מער אין רוסלאַנד פאַר אָננעמען דעם דיפּלאָם.

סאַרטר האָט אַדאָפּטירט אַ יידיש מיידל פון צפון־אַפריקע און זי דערצויגן אין דעם ליבעראַלן, קאָסמאָפּאָליטישן גייסט. די אַדאָפּטירטע טאָכטער — אַרלעט איז איר נאָמען — איז אויפגעוואַקסן אַ דענקערין, אַ שריפטשטעלערין און זיך דערוואָרבן אַ נאָמען צווישן אַקאַדעמיקערס און שרייבערס. ווי עס ווערט איבער־געגעבן, האָט זי זיך גענומען מיט פלייס צו שטודירן תלמוד און מפרשי התלמוד און האָט שוין באַוויזן אַרויסצוגעבן אַן איבערזעצונג אין פראַנצויזיש פון תלמוד־אגדתות.

אַ דאַנק די ליבעראַלע כּוחות איז מעגלעך געווען, אַז דער יידישער ישוב אין פראַנקרייך זאָל שטאַרק אויסוואַקסן (ער ציילט אַן ערך 600 טויזנט נפשות), אַז יידן זאָלן פאַרנעמען אָנגעזעענע פּאָזיציעס אין דער פּאָליטיק פון לאַנד, אין רעגירונגס־קאַבינעטן, אין העכערע לערן־אינסטיטוציעס, אין די אוניווערסיטעטן, אין די אַקאַדעמיעס, אין דער קונסט און אין דער ווויסנשאַפט.

צו דערמאָנען אייניקע: לעאָן בלום (1872—1950) — אַ צייט געווען פּרעמיער פון לאַנד; רענע מאַיער — געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע אין דער פראַנצויזישער פּאָליטיק; פּיער מענדעס פראַנס — פּרעמיער, קאַבינעט־מיניסטער. אין דער פינאַנציעלער וועלט: די ראָטשילדס און אַנדערע, וועמעס ראָל איז שטאַרק אָנגעזען. זיי האָבן אַ סך בייגעטראָגן צום וווקס און צו דער אַנטוויקלונג פון דער פראַנצויזי־שער קולטור, קאָמערץ און פינאַנץ.

אין פראַנקרייך האָט אַ גרויסע צאָל יידישע קינסטלערס געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייער טאַלאַנט. אין פראַנקרייך האָט געקענט מעגלעך זיין, אַז מאַרק שאַגאַל (1887—1985), זאָל ביים לעבן אַריינגענומען ווערן אין לוווּר, אינעם קינסטלערישן פּאַנטעאָן — אַ באַערונג צו זיין 90סטן געבוירן־טאָג. ער איז פאַר־אייביקט געוואָרן אינעם היכל פון די קלאַסיקערס.

ס׳האָבן אָבער קיין מאָל נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטן, רעאַקציאָנערן און

פראַנקרייך, אי אין די הויכע פענצטער אי צווישן די מאַסן פינצטערע עלעמענטן וועלכע האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון ייִדן. ס׳זענען געווען אַזעלכע פּראַנצויזן וואָס האָבן געהאָלפן די נאַציס צו דעפּאָרטירן ייִדן פון פראַנקרייך אין די טויטלאַגערן.

ס׳איז כדאי צו ציטירן דעם פאַל פון אַן אַסימילירטן ייִדישן היסטאָריקער פון פראַנקרייך, זשיל איזאַאַק (1877—1963), אַ פאָטער פון געשמדטע קינדער, וואָס האָט צוגעזען, אַז ביי די נאַצים האָט שמד אויך נישט געהאָלפן. יחזקאל קאָרנ־הענדלער ע״ה שרייבט:

״...דער גורל האָט געוואָלט, אַז אַ געוויסן טאָג פון יאָר 1942 האָט די געסטאַפּאָ אָנגעקלאַפּט אין דער וווינונג פון זשיל איזאַאַק און אַרעסטירט זיין פרוי, זון און טאָכטער מיט איר מאַן. אַלע ווערן זיי אינטערנירט און דערנאָך דעפּאָרטירט. בלויז דער דעפּאָרטירטער זון וואָס האָט מיטגעמאַכט בוכענוואַלד איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

״די דאָזיקע דראַמע פון פלוצלינגדיקן פאַרלירן זיינע נאָענטסטע האָט אַזוי שווער געטראָפן דעם געלערנטן, אַז ער קען מער נישן געפינען קיין רו.

״און זשיל איזאַאַק האָט שפּעטער דערציילט, אַז: ׳דאָס ליכט פון דער אויש־וויצער קרעמאַטאָריע איז פאַר מיר געווען די לאַמטער, וואָס האָט באַלויכטן און אָריענטירט מיינע געדאַנקען׳...

״און ער איז אַרויסגעקומען מיט זיין געוואַלדיק גרויסן און ביז גאָר אויפ־טרייסלענדיק ווערק ׳זשעזי ע איזראַעל׳ (קריסטוס און דאָס ייִדישע פאָלק), אַ ווערק וואָס האָט אַרויסגערופן אַ קאָלאָסאַלן אינטערעס — אויפגערודערט גרויסע מאַסן ערלעכע קריסטן... ס׳איז אַ ווערק וואָס האָט אויף אַ זעלטענעם אופן באַוויזן די אומספּקדיקע שולד פון קריסטנטום פאַרן ייִדישן אומגליק... אַז דאָס האָט די קריסטלעכע לערע, וואָס איז געפּריידיקט געוואָרן פון יאָרהונדערט צו יאָרהונדערט דורך טויזנטער שטימען, ס׳רוב דורך ביז גאָר באַרימטע פּריידיקערס. איז וואָס זיך צו וווּנדערן׳ — שרייבט זשיל איזאַאַק אין זיין ווערק — אַז עס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן איינקריצן זיך אין דער קריסטלעכער מענטאַליטעט ביז גאָר טיף אין זייער אונטערבאַוווסטזיין און צו ביסלעך האָט זיך פאָרמירט אַ קאַריקאַטור־בילד פון ייִד, אַ דערנידערנדיק בילד, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אָפּשטויסונג און שׂנאה...״[19].

איזאַאַקס ווערק האָבן אַרויסגערופן ענדערונגען און אַ באַשטימטע פּאָזיטיווע דערנענטערונג פון אַ גרויסן טייל קריסטן צו אונדז ייִדן... דאָס האָט געווירקט אויף דעם פּויפּסט יאָהאַן דעם 23סטן ער זאָל אין 1960 אָפּשאַפן די אַנטי־ייִדישע תּפילות פון דער קאַטוילישער קירכע.

דער פּויפּסט נאָך פּיוס דער 12טן, יאָהאַן (דזשאָן), האָט אין די צוויי יאָר פון ז״ין הערשן געענדערט דעם צוגאַנג פון וואַטיקאַן צום ייִדנטום. זיין עקומעניקל

האָט אַריינגעבראַכט אַ ליבעראַלן צוגאַנג צו אַלע געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע פּראָבלעמען.

און דאָ קומען מיר צו אַ קאַליידאָסקאָפּישן אַריינבליק אין אַ קאַפּיטל געשיכטע פון דער פראַנצויזישער אימפּעריע. די עפּאָכע פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע (1769—1821), וואָס ווייזט, אַז נישט בלויז די קירכע, די פונדאַמענטאַליסטישע יעזויטן, נאָר אַפילו רעגירונגס־פירערס האָבן אַרויסגעוויזן שׂנאה צום ייִד, וואָס האַלט זיך ביי זיין אמונה און תּמיד געהאַט אויף זייער טאָג־אָרדענונג פּלענער ווי אָפּצושמדן ייִדן.

נאַפּאָלעאָן איז געוויס נישט געווען פּאַרקאָכט און איבערגעגעבן די קריסטלעכע לערעס. אַ מענטש וואָס איז זיין גאַנץ לעבן געווען פאַרטאָן אין מלחמות און אין תּאוות, איז ער זיכער נישט געווען פון די קריסטלעכע מאָראַליסטן. ער האָט געהאַט אַ תּאווה צו באַווייזן אַז וואָס ער וויל, פירט ער דורך; האָט ער געוואָלט באַווייזן דער קריסטלעכער וועלט, אַז ער, און נ אָ ר ע ר קאָן דערפירן ייִדן זאָלן אָנערקענען און אַפילו איבערגיין צו דער קריסטלעכער אמונה. ער האָט געוואָלט שאַפן אַ געמיש פון אַ "יודעאָ־קריסטלעכקייט".

ווען ער האָט איינגעזען — און זיך איבערגעצייגט — אַז ער איז דורכגעפאַלן, האָט ער געטווישט די ליניע און זיך גענומען באַגרענעצן די פרייהייט פאַר ייִדן אין פראַנקרייך.

נאַפּאָלעאָן האָט באַוויזן געניאַלקייט אויף אַ סך געביטן. האָט ער געוואָלט דורך זיינע מאַניפּולאַציעס באַווירקן דעם ייִדישן ישוב זיך צו אינטעגרירן אין דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט. אויב די שפּאַנישע יעזויטן האָבן געוואָלט אַרויפצווינגען שמד, לויט נוסח טאָרקוועמאַדאַ־אינקוויזיציעס, האָט ער, נאַפּאָלעאָן, געוואָלט דערגרייכן דורך אַ נייעם צוגאַנג אַ גלייכבאַרעכטיקונג וואָס זאָל פירן צו אַסימילאַציע.

געווען אַזעלכע וועלכע האָבן זיך איבערגעגעבן און געטווישט דאָס רענדל, צוליב אָט דער דאָזיקער פרייהייט. נאַפּאָלעאָן האָט זיך אָבער נישט צופרידן געשטעלט מיט יחידים. ער האָט נישט געקענט באַווייזן צו אַסימילירן מאַסן ייִדן, אויף אַ מאָדערנעם אופן ליקווידיקן ייִדישע ישובים. ייִדן זענען געבליבן געטריי זייער אמונה. ער האָט אָפּגעריסן טיילן פון ייִדן. אָבער ווייט נישט צו זיין צופרידנהייט. ער האָט נישט געקענט אַרויסנעמען פון ייִדישע הערצער זייער נאַציאָנאַל־רעליגיעזן געפיל.

ווען ער איז געשטאַנען ביי די טויערן פון ירושלים, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ רוף צום "נאָבעלן פאָלק", אַז ער אָנערקענט ייִדן אַלס נאַציע און נישט בלויז אַלס אַ רעליגיעזע סעקטע; ער האָט צוגעזאָגט ייִדן כּל מיני טובות, אַפילו העלפן אויפבויען דעם בית־המקדש (אַ נייער כּורש).

וואָס האָט שפּעטער פּאַסירט ?

ווען ער איז געוואָרן קיסר, האָט ער אין די אַלע צוזאָגן פאַרגעסן ; געוואָרנט ייִדן, אַז אויב זיי ווילן זיך האַלטן ווי אַ נאַציע, וועט ער אַנולירן די דערקרעטן וועגן ייִדישער גלייכבאַרעכטיקונג. זיין פּלאַן פון אַ סנהדרין, וואָס היסטאָריקערס האַלטן, אַז מ׳האָט עס אים אונטערגעטראָגן, כּדי אַריינצוכאַפּן ייִדן, זיי צו אַסימילירן, די "נאַטאַבלע אַסאַמבלע" זאָל זיין אונטערן קאָנטראָל פון דער פראַנצויזישער מלוכה — וואָס האָט געמיינט אונטערן קאָנטראָל פון דער קאַטוילישער קירכע, — איז דורכגעפאַלן. ייִדן האָבן זיך נישט געקענט אונטערגעבן צו אַ שריט, וואָס זאָל פירן צו שמד.

די זיצונגען פון נאַפּאָלעאָנס סנהדרין האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 9טן פעבר., 1807, מיט גרויס פּאָמפּע און צערעמאָניאַל, מיט דער באַטייליקונג פון 71 פּערזענלעכקייטן : 46 רבנים ; 25 מנהיגים און אַ צאָל פּראָפעסיאָנאַלן.

אַלע זענען געווען אָנגעטאָן אין ספּעציעלע, אימפּרעסיווע מלבושים, ווי עס פּאַסט פאַר גייסטלעכע און מענטשן מיט פּראָמינענץ. דער נשיא פון דער גרויסער אסיפה איז געווען דער עלזאַסער רב, ר׳ דוד זיצנהיים. דאָס סנהדרין איז געווען גרייט, מיט מינערע שינויים, אָנצונעמען די צוגעגרייטע — פאַר זיי — דעקלאַראַציעס און נאַפּאָלעאָן האָט געמיינט, אַז ער האָט זיין ציל דערגרייכט — מאַכן אַ סוף צום ייִדישן לעבנסשטייגער אויפן וועג צו אַסימילאַציע.

ס׳איז אָבער אַלץ צעשטערט געוואָרן, נישט בלויז מצד די אינעווייניקסטע כּוחות אין ייִדנטום וואָס האָבן נישט געוואָלט זיך אויפלייזן, נאָר מער, צוליב די אויסערלעכע כּוחות — מצד דער קאַטוילישער קירכע און מצד די פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטן און אַנטיסעמיטן.

דער קאַטוילישער קאַרדינאַל, נאַפּאָלעאָנס פעטער, דער וואָס האָט געווירקט אויף פּויפּסט פּיוס דעם 7טן, ער זאָל געבן זיין הסכּמה צו קרוינען זיין פּלימעניק אַלס קעניג, האָט איינגעלייגט וועלטן קעגן געבן ייִדן גלייכבאַרעכטיקונג. זיין רוף צוריקצורופן און אַנולירן דעם סנהדרין־פּלאַן האָט אָפּגעהילכט אין דער קאַטוילישער וועלט. פון אומעטום זענען געקומען פּראָטעסטן קעגן נאַפּאָלעאָנס פּלאַן.

דער דעקרעט פון גלייכבאַרעכטיקונג איז נישט דורכגעפירט געוואָרן ; דאָס סנהדרין איז ניט צושטאַנד געקומען. ס׳האָט אָבער דאָך געבראַכט אַ געוויסע ענדערונג פון אַ פּאָזיטיוון כאַראַקטער, נישט געקוקט אויף דער רעאַקציע, וואָס זיין פּלאַן האָט אַרויסגערופן.

צו פיגורירן אויף דער רשימה פון חסידי אומות העולם האָט נאַפּאָלעאָן זיך נישט פאַרדינט.

ווען ער האָט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון מאַכט, האָט ער באַוויזן זיין רשעות : ייִדן זאָלן זיך דערקלערן "פראַנצויזן פון משהס גלויבן" — אַ שריט נענטער

צו אַסימילאַציע. נאָך דעם: אַ דעקרעט קעגן ייִדישע סוחרים (אונטערן שלייער, אַז ס'איז געמיינט געוואָרן — ייִדישע פּראַצענטיניקעס).

אין דער צייט פון נאַצי־חורבן איבער פּוילן און אייראָפּע, איז דער הויפּט פונעם וואַטיקאַן געווען דער פּויפּסט פּיוס דער 12טער. ער האָט געקענט אויפהייבן זיין שטימע און פון רוים רופן די קאַטאָליקן צו קעמפן קעגן די אַטעיִסטישע נאַצי־מעשׂים; ער האָט געקענט רופן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד קעגן דאָס אויפשטעלן קאָנצענטראַציע־לאַגערן, קעגן דער ברוטאַלער אַכזריות, קעגן דאָס אומברענגען מיליאָנען מענטשן. ער האָט דאָס נישט געטאָן!

צי מ'וויל יאָ צי מ'וויל נישט אָננעמען אַלץ וואָס האָכהוט האָט געשריבן אין זיין פּיעסע "דער שטעלפאַרטרעטער", בלייבט אַ פאַקט: דער וואַטיקאַן האָט גע־שוויגן; דער פּויפּסט האָט געשוויגן. אמת, דער פּויפּסט האָט געראַטעוועט אַ צאָל ייִדן אָבער בלויז די יעניקע — און זייער אַ קליינע צאָל — וואָס האָבן באַוויזן צו דערגרייכן דורך געהיימע וועגן די וואַטיקאַן־ספערן אין רוים. דער פּויפּסט האָט אָנגעהאַלטן אַ געוויסן קאָנטאַקט מיט ייִדישע מלומדים; געווען געלערנטע וועלכע האָבן געהאַט פּאָזיציעס אין וואַטיקאַנישע לערן־אינסטיטוציעס, אָבער איינשטעלן זיך פאַר ייִדן — און בכלל פאַר מענטשן — קעגן דעם נאַצישן "גענאָסיד"־פּלאַן אומצוברענגען דאָס פאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט די אמונה אין אחדות אלהות — וועגן דעם האָט מען נישט געהערט. דעם פּויפּסטס שווייגן האָט געמיינט פאַרשווייגן — בייגן דעם קאָפּ פאַרן נאַציזם.

זיין ממלא־מקום, פּאַולוס דער 6טער, איז געגאַנגען אין די וועגן פון פּיוס און נישט לויטן גאַנג פון יאָהאַן דעם 23סטן. זיין נסיעה קיין ירושלים האָט געוויזן אַז דער וואַטיקאַן האַלט זיך ביים אַלטן. ער האָט באַזוכט די אַלטשטאָט, צוגעקומען צום מאַנדעלבוים־טויער, וואָס איז נאָך דאַן (אין 1964) געווען די גרענעץ צווישן אַלט (ירדניש)־ירושלים און ניי־ירושלים, די הויפּטשטאָט פון מדינת־ישׂראל. ער האָט דעמאָנסטרירט, אַז ער אָנערקענט נישט ירושלים, ווי אַ טייל פון מדינת ישׂראל. דער וואַטיקאַן האָט נישט איין מאָל געלאָזט הערן, אַז ירושלים דאַרף זיין אַן "אָפענע" אינטערנאַציאָנאַלע שטאָט.

דער איצטיקער פּויפּסט, יאָהאַן פּאַולוס דער צווייטער, איז שוין אַ ביסל ווייכער און ווייזט אַרויס אַ געוויסע פריינדשאַפט צו ייִדן. זיין איינשטעל אין געוויסע ענינים איז אַ המשך צו דעם וואָס דער פּויפּסט יאָהאַן דער 23סטער האָט געצילט מיט זיין ענציקל, ווי אַן אָנהייב פון פאַרגעשריטנקייט ביים קאַטוליציזם, די קאַטוי־לישע קירכע זאָל מאַכן אַ סוף צו די "טעותים און אָנגריפן" צווישן ייִדן און קריסטן. דער פּויפּסט מיטן שמייכל האָט אָבער נאָך אַלץ נישט באַוויזן מיט מעשׂים צו באַשטעטיקן זיין ליבעראַליזם. ער האַלט זיך נאָך אַלץ — וואָס שייך מדינת

ישראל — ביי דער פאַרהאַרטעוועטער אַרכאַישער שטעלונג. וועגן ייִדישן חורבן אין פּוילן האָט ער ביז איצט כּמעט ווי געשוויגן. ווי קען דער הויפּט פון דער קאַטוילישער היעראַרכיע שווייגן אויפן אומקום פון די ייִדן אין פּוילן דורך די נאַציס, נישט ווייניק מיט דער הילף פון פּאָליאַקן?

די פירשפּרעכערס פון וואַטיקאַן זעען אין מדינת ישראל אַן אַנטי־טעזע צו זייער אויפפאַסונג און האַלטן אַז מיטן אויפקום פון מדינת־ישראל זענען די אַראַבער באַעוולט געוואָרן. דעם וואַטיקאַן זענען באַקאַנט די מלחמות וואָס די אַראַבער האָבן פאַרפירט קעגן ישראל; די קאַרדינאַלן ווייסן אַז די פּאַלעסטינער זענען אַנטלאָפן פון זייערע מקומות; זיי ווייסן, אַז ייִדן האָבן היסטאָרישע און פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע רעכט אויף זייער אַלטן היימלאַנד, אַז ירושלים איז געווען די הויפּט־שטאָט פון מלכות יהודה. זייער שטעלונג ווערט אָבער נישט געענדערט.

דער פּויפּסט ווי דער הויפּט און די העכסטע אויטאָריטעט פּרובירט נאָך אַלץ צו באַאיינפלוסן די נישט־ייִדישע וועלט — און דורך איר די ייִדישע וועלט, די רעגירונג פון מדינת ישראל — צו שאַפן אַ פּאַלעסטינע־מדינה און אינטערנאַציאָנאַליזירן ירושלים. נישט וויכטיק אַריינצודרינגען אין זיינע כּוונות. אַ פאַקט איז, אַז ווען דאָס וואָלט געשען וואָלט עס געשטעלט אין סכּנה די זיכערקייט פון דער מדינה און וואָלט געשטערט דעם וווּקס און אַנטוויקלונג פון דער מדינה. צי זאָל דאָס זיין די כּוונה פון וואַטיקאַן?

כּדאַי אויך צו דערמאָנען אַז ביי גרויסע טיילן צווישן די גייסטלעכע האָט מען נישט אויפגעגעבן דעם ווונטש אַריינצוקריגן ייִדן. קריסטלעכע מיסיאָנערן פאַרנעמען זיך מיט כּל מיני מעטאָדן אַריינצוקריגן ייִדן צו שמד — און ווייל ייִדן לאָזן זיך נישט, רופט דאָס אַרויס שׂנאה; ווי אַ מאָל אין די פאַרשיידענע גלות־לענדער, ווו מ׳האָט געוואָלט אַרויפצווינגען שמד אויף ייִדן [20].

נישט בלויז קריסטלעכע יעזויִטן, פונדאַמענטאַליסטן האָבן אַרויסגעוויזן שׂנאה צו ייִדן צוליב דער ייִדישער עקשנות אַנצוהאַלטן זיך ביי זייער אמונה, נאָר אַפילו נישט־גלויביקע, הויך געבילדעטע, האָבן אַרויסגעוויזן שׂנאה צו ייִדן. זייער כּעס: ווייל ייִדן האָבן געבראַכט אמונה. זיי האָבן געזען אין קריסטנטום דעם טרעגער פון דער תּנ״ך־אמונה און דאָס געוואָלט באַקעמפן.

מיר האָבן פריער דערמאָנט, אַז וואָלטער (1694—1778), דער אַטעיִסטישער פילאָזאָף, האָט זיך נישט איין מאָל אויסגעדריקט אי קעגן דעם נייעם און אי קעגן אַלטן טעסטאַמענט. אין זיין כּעסן זיך אויף דער קירכע, האָט ער שוין אין איין וועגס, אויסגעלאָזט זיין כּעס צו ייִדן און ייִדנטום.

ס׳זענען אָבער אין פראַנקרייך תּמיד געווען ליבעראַלן, חסידי אומות העולם. ס׳זענען דאָרט תּמיד געווען מענטשן מיט פאַרשטענדעניש, מענטשן דורכגעדרונגען

מיט אַ ליבעראַליזם, אי אין דער עלטערער און אי אין דער נייער, מאָדערנער געזעלשאַפט, אי צווישן קריסטלעכע און אי צווישן סעקולערע שיכטן.

אין אַכצנטן י״ה, האָט דער ליבעראַלער דידראָ (1713—1784) געשאַפן אַ פיל־בענדיקע ענציקלאָפּעדיע. זענען דאָרט רעפּרעזענטירט מיט ביאָגראַפיעס די שעפערס פון די נייע ליבעראַלע פילאָזאָפישע געדאַנקען. ער אַליין האָט אָנגעשריבן אַ ווערק אויפן געביט פון פילאָזאָפיע. ער איז געווען דער אָנזאָגער פון דעם סאָרט ״פּרילינג פאַר פעלקער״, לויט יושר, פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלעמען.

מיר האָבן פריער דערמאָנט די שעפערישע גייסטער אין פראַנקרייך ווי למשל עמיל זאָלאַ, וויקטאָר הוגאָ, אַנאַטאָל פראַנס און ראָמען ראָלאַן. זיי זענען געווען קעמפערס קעגן דעם מיטל־עלטערלעכן פינצטערן פאַנאַטיזם, פּראָפּאַגירט די אידעאָלאָגיעס וועלכע פירן צו פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט. אַזעלכע זענען באַרעכטיקט צום טיטל חסידי אומות העולם. זיי מוזן נישט זיין דווקא פּען־קינסטלערס. אויך די וועלכע שאַפן פאַרן ווויליזיין פון דער מענטשהייט אויף אַנדערע געביטן געהערן צום דאָזיקן רייסטער.

אין דער דאָזיקער ריי קומט אַזאַ מעדיצינישער דערפינדער ווי לואי פּאַסטער (1822—1894). ער איז באַרימט געוואָרן צוליב זיינע מעדיציניש־כעמישע פאָר־שונגען.

דער פיזיקער פּיער קירי (1859—1906) און זיין פרוי מאַרי סקלאָדאָווסקאַ־קירי געהערן אין דער דאָזיקער ריי. מאַדאַם קירי (1867—1934) די פּויליש־געבוירענע האָט אַנטוויקלט איר אַקאַדעמיש וויסן אין פראַנקרייך.ביידע זענען געוואָרן וועלט־באַרימט און געקראָגן דעם נאָבעל־פּריז (1903). אַ דאַנק זייער ראַדיום־דערפינדונג ווערן מיליאָנען מענטשן דערהאַלטן ביים לעבן.

אַ שרייבערין מיט פּראָגרעסיווע ליבעראַלע געדאַנקען איז געווען זשאָרזש סאַנד (1804—1878) — אַ נאָכפאָלגערין פון רוסאָ און אַנדערע ליבעראַלע דענקערס. זי איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער 1848־רעוואָלוציע. מיט פּען און מויל האָט זי געקעמפט פאַר פרייהייט און גלייכהייט [21]. זי איז געווען פון די אָנגעזעענסטע שריפטשטעלערינס. ערנסט רענאַן האָט זי מספּיד געווען מיט די ווערטער: ״זי האָט געהאַט דעם טאַלאַנט צו מאַכן אַלץ דערהויבן. אידעען האָט זי געקענט פאַר־וואַנדלען אין קונסטווערק״.

אין אירע ווערק האָט זי דער עיקר געצילט צו דערהויבן די רעכט פון דער פרוי אין דער געזעלשאַפט. דאַן איז דאָס געווען רעבעלישקייט. פרייהייט און גלייכהייט האָט זי פאַרקערפּערט אין איר אייגן לעבן און דאָס אַרויסגעבראַכט אין איר שרייבן, אין אירע ראָמאַנען, אין אירע פּערזענלעכע ראָמאַנסן און ליבעס.

די רשימה פון חסידי אומות העולם אין פראַנקרייך איז אַ גאָר לאַנגע. מיר האָבן בלויז פאַרצייכנט לויטן זכרון מיט אַ ביסל פאָרשונג.

ייִדן האָבן בכלל געהאַט אַ וואַרעמע באַציונג צו פראַנקרייך און צו אירע ליטעראַטור־שעפערישע מענטשן. ייִדן אין פראַנקרייך האָבן אַרויסגעוויזן זייער פּאַטריאָטיזם, ווו נאָר ס׳איז נויטיק געווען. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע מלחמות, וואָס פראַנקרייך האָט געפירט. גאָר אָנגעזען איז געווען דער ייִדישער אָנטייל אין דער מלחמה מיט פּרייסן אין 1870 [22].

די פּרייסישע אַרמיי איז דערגאַנגען ביז פּאַריז. נאַפּאָלעאָן דער 3טער איז צוזאַמען מיט אַן אַרמיי פון 100 טויזנט זעלנער גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. די בורזשואזיע האָט פאַרכאַפּט די מאַכט און פּראָקלאַמירט אַ רעפּובליק — אַ נייַ קאַפּיטל אין דער פראַנצויזישער געשיכטע.

די רעגירונג האָט אָבער גאָרנישט געטאָן פאַרן אַרבעטער־פאָלק וואָס האָט געהונגערט און רעוואָלטירט קעגן דער מאַכט. דעם 18טן מערץ 1871 איז פאָרגעקומען אַן אָפענער קאַמף: אין אַ סך שטעט זענען אויסגעבראָכן אויפשטאַנדן און ס׳איז געקומען די קאָמונע פון פּאַריז, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די אַלטע געזעצן און איינגעפירט נייע, געשטיצט אויף דער אידעע פון סאָציאַליזם.

ייִדן זענען געווען שטאַרק באַטייליקט אינעם אויפברויז און אין דער אָרגאַניזירונג פון קאָמונעס. צו דערמאָנען נעמען: לעאָ פרענקל, אַ זייגערמאַכער, געבוירן אין אונגאַרן; סימאָן מאַיער, אַ זון פון אַ טעאַטער־דירעקטאָר (ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו טויטשטראָף); גאַסטאָן קרעמיע, אַן אַדוואָקאַט, פירער פון דער מאַרסעלער קאָמונע; משה גאָלדרייך, אַ ייִד פון מלאווע, פּוילן; לאַזאַר לעווי, אַרמאַן לעווי, בונעם זאַקס (זון פון באַוווּסטן געלערנטן שניאור זאַקס, געשטאַמט פון קאָוונע); אַ ייִד פון פּוילן, גראַסמאַן איז געווען זיין נאָמען, (דערשאָסן געוואָרן פון די ווערסאַילער) און נאָך און נאָך וועלכע האָבן מיט לייב־און־לעבן געקעמפט, זיך מוסר־נפש געווען פאַר דעם פראַנצויזישן פאָלק [23].

די אַנטיסעמיטן האָבן דאָס קיין מאָל נישט אָנערקענט, אָבער מענטשן ווי אַנאַטאָל פראַנס, ראָמען ראָלאַן, ערנעסט רענאַן, עמיל זאָלאָ און זייערס גלייכן, זיי האָבן אָנערקענט דעם ייִדישן צושטייער צום פּראָגרעס פון פראַנצויזישן פאָלק אויף אַלע געביטן.

קוריאָזן האָבן נישט געפעלט אין פראַנקרייך. פון די קוריאָזן איז כּדאַי צו דערמאָנען:

אַ קאַטוילישער אַרציבישאָף, אַ קריסט, זאָל זיין אַ ייִדן־פרייַנד אָן רעזערוואַציעס. נישט איין מאָל איז ער אַרויסגעטראָטן גאָר שאַרף קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן ראַסן־דיסקרימינאַציע, פאַר אַ געזיכערטער, אַ באַשיצטער מדינת־ישראל קעגן די אַלע מכשולים מצד די אַראַבער און זייערע מיטהעלפערס.

דאָס איז דער קאַרדינאַל אהרן לוסטיגער. אַ געבוירענער ביי ייִדישע עלטערן, געקומענע פון פּוילן, איז ער אַלס ייִנגל אָפּגעשמדט געוואָרן און איז דערצויגן

געוואָרן אין קאַטוילישע לערן־אינסטיטוציעס. ער איז געוואָרן אַ גלח, נאָך דעם דערהויבן צו ווערן אַ בישאָף, ביז ער האָט דערגרייכט צום הויכן־אַמט אַרציבישאָף און שפּעטער קאַרדינאַל זשאַן מאַרי ליסטיזשע.

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי: זייענדיק אַ גלויביקער קאַטויליק, וויל ער בלייבן אַ ייִד, אָנערקענט צו ווערן אַלס ייִד — אַזעלכעס קען נאָר געשען אין פראַנקרייך!

## ה. אַמאָליקע און היינטיקע רוסלאַנד. — צאַרישער אַנטיסעמיטיזם און באָלשעוויסטישער קאָסמאָפּאָליטיזם. — ליבעראַלע דענקערס און שריפטשטעלערס. — אַ ביסל געשיכטע.

דאָס צאַרישע רוסלאַנד שטעלט מיט זיך פאָר אַ לאַנגע קייט פון רדיפות אויף ייִדן; כל־מיני דיסקרימינאַציעס, רדיפות און אָרגאַניזירטער אַנטיסעמיטיזם, באַגלייט מיט אָנפאַלן און פּאָגראָמען.

נישט דאָ איז דאָס אָרט, אַריינצולאָזן זיך אין דעם פינצטערן קאַפּיטל פון צאַרישן רוסלאַנד אין דער ייִדישער געשיכטע; אויך נישט אין דעם באָלשעוויסטיש־קאָמוניסטישן קאַפּיטל. נאָך אַלע פּאָגראָמען פון די פאַרשיידענע באַנדעס אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, איז דאָס נייע רוסלאַנד, מיט זיינע דיקטאַטאָרישע געזעצן און באַפעלן נישט געוואָרן קיין גן־עדן פאַר ייִדן נישט געקוקט אויף דעם ייִדישן אַנטייל אין רעוואָלוציאָנערן אויפברויז און נישט געקוקט אויף דעם ייִדישן אַנטייל אין אַלע מלחמות וואָס דאָס נייע רוסלאַנד האָט געפירט צום פאַרטיידיקן זיך קעגן שונאים. ייִדן האָבן אויף די פראָנטן, ווי געטרייע פּאַטריאָטישע בירגער, מיט מסירת נפש פאַרטיידיקט „מוטער רוסלאַנד".

דער סטאַליניזם האָט דערפירט צום נאַצי־סאָוועטישן „נישט־אָנגרייף־פּאַקט" פון 23סטן אויגוסט 1939, וואָס האָט דערמעגלעכט די צוויי אַרכי־שונאים, סטאַלין און היטלער ימ"ש וזכרם, זיי זאָלן מיט צען טעג שפּעטער אַריינמאַרשירן קיין פּוילן — און חרוב מאַכן דאָס פּוילישע ייִדנטום. מיט 22 חדשים שפּעטער האָבן די נאַציס אַטאַקירט רוסלאַנד. ייִדן האָבן מיט דער גרעסטער מסירת נפש זיך געוואָרפן אין קאַמף קעגן די נאַציס; אומצייליק זענען געווען די ייִדישע קרבנות אויף די שלאַכטפעלדער און אויפן היימישן ציווילן פראָנט — און מיט וואָס האָט זיי סטאַלין אָפּגעצאָלט?

דער אַרכי־מערדער פון דער סאָוועטישער דיקטאַטור האָט געוואָלט ליקווידירן די שפּעטרס פון דער סאָוועטיש־ייִדישער ליטעראַטור און במילא אָפּווישן יעדן סימן

פון יידיש־ליטעראַטור (אָפּגערעדט פון העברעיִשער ליטעראַטור), יידישער קולטור, יידיש־רעליגיעז לעבן.

ס'איז געווען אַ נס, וואָס ער האָט זיין פּלאַן נישט דורכגעפירט.

אין 19טן י״ה, ווען פוילן, ליטע, לאַטוויע, זענען געווען אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע, איז דער אָרטיקער יידישער ישוב געווען דער גרעסטער, איבעריאַגנדיק די יידישע ישובים אין דרום און אין מערב־אייראָפּע, וועמעס קיבוצים האָבן אין מיטל־עלטער פאַרנומען דעם אויבנאָן.

די יידן אין רוסלאַנד האָבן באַלד אין אָנהייב פון דער אַנטוויקלונג פון זייערע ישובים, געהאַט אויסצושטיין כל־מיני דיסקרימינאַציעס. די באַציונג צו יידן איז געווען ווי צו אויסלענדערס ווי צו אַנדערש־גלויביקע.

אויב מיט פּאָליאַקן און ליטווינער און אַנדערע קלענערע פעלקער אונטער זייער הערשאַפט האָבן די צאַרן געמוזט האַנדלען מיט איינזעעניש, מוראָ האָבנדיק פאַר אַ רעוואָלט פון מיליאָנען. מיט יידן האָט מען געהאַנדלט מיט אַכזריות. דער אַנטיסעמיטיזם איז טיף פאַרוואָרצלט געוואָרן דורך די צאַרן און זייערע משרתים. יידן איז יאָרן־לאַנג געווען פאַרבאָטן אַריינצוקומען אין די הויפּט־שטעט פון פעטערבורג — מאָסקווער ראַיאָנען. בלויז אַ גאַר קליינע צאָל יידן האָבן געקראָגן ווינרעכט אין 17טן י״ה אין די דאָזיקע פּראָווינצן. דאָס איז געווען, ווי היסטאָריקערס ווייזן אָן, אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון מלכות פוילן, וואָס האָט אויסגעפועלט, מ'זאָל געבן אַ דערלויבעניש יידישע סוחרים, אַרומצופאָרן אין רוסלאַנד פאַרקויפן סחורה. די צאַרן האָבן זייער שטרענג באַגרענעצט דאָס אַריינ־קומען אין זייער תחום יידישע סוחרים פון פוילן און אַנדערע שכנותדיקע לענדער. אויב איין צאַר איז געווען אַ ביסל מילדער, דערלויבט ״יידישן האַנדל״, איז באַלד געקומען אַן אַנדערער און נאָך מער פאַרשאַרפט די באַגרענעצונגען.

אין דער צייט פון צאַר פיאָדאָר אַלעקסייעוויטש (1676—1682) — ווערט איבערגעגעבן — איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך מיט פוילן, צו דערלויבן האַנדל מיט אַלע פּוילישע בירגער ״אויסער יידן״.

ווען די רוסן האָבן אין יאָר 1563 פאַרנומען פּאָלאָצק, האָט דער דעמאָלטיקער צאַר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די יידן וועלכע וועלן זיך נישט שמדן, זאָלן דערטרונקען ווערן אין דער דווינאַ. און נישט ווייניק זענען דערטרונקען געוואָרן.

ווען יידן האָבן זיך באַזעצט אין וויטעבסק, אין 17טן י״ה, אויף דער בקשה פון פּוילישן קעניג יאַן קאַזשימיעזש, נאָך אַן אָפּמאַך צווישן מאָסקווע און פוילן, זענען אייניקע יידן פאַרבליבן אין די אינעווייניקסטע רוסישע שטעט, אָבער גאָר ווייניק האָבן געהאַט רעכט צו וווינען אין מאָסקווע, טייל זענען געווען געצוווּנגען צו שמד. אין 1654 זענען אַלע יידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון מאָהילעוו. יידן האָבן אין

מאַסן זיך באַזעצט אין אוקראַינע, אָבער אויך דאָרט האָבן נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטיזם, קיין רדיפות אויף ייִדן.

להכעיס די אַנטיסעמיטן, להכעיס די רדיפות, דיסקרימינאַציעס, זענען אין רוסלאַנד אויפגעקומען און אַנטוויקלט געוואָרן ייִדישע ישובים לשם ולתפארת. אין רוסלאַנד זענען אַנטשטאַנען די גרויסע ייִדישע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען: די חיבת־ציון־באַוועגונג; די ייִדישע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען — און די ישיבות און חדרים, ווו תורה איז געלערנט געוואָרן טאָג־און־נאַכט. דאָס זענען געווען צענטערס פון העכסטער גייסטיקער קוואַליטעט. אַלץ צוזאַמען — תורה און מדע, רעליגיע און וועלטלעכקייט לויטן ייִדישן באַנעם, האָט אָפּגעהאַלטן ייִדן פון אַסימילאַציע, פון שמד.

דער שטויס צום מאָדערנעם פּאָליטישן ציוניזם איז געקומען פון ד״ר לעאָן — יהודה לייב — פּינסקער (1821—1891), זון פונעם פאָרשער־שרייבער שמחה פּינסקער (1801—1864). לעאָן האָט מיט זיין ״אויטאָעמאַנציפּאַציע״ באַאיינפלוסט מאַסן ייִדן אין רוסישן תחום — און שפּעטער אַריבער די גרענעצן — צו דער אויסברייטערונג פון דער חובבי ציון־באַוועגונג, צו שאַפן מעגלעכקייט פאַר עליה, פאַר באַנייען דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל, אָנגעפירט פון דער ״בילו״־באַוועגונג, מיט דער לאָזונג: ״בית יעקב לכו ונלכה״. זיי זענען געווען די ערשטע חלוצים צו באַאַרבעטן דעם הייליקן באָדן.

די געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד אונטער דער צאַרישער הערשאַפט איז די געשיכטע פון פּאָגראָמען, פאַרפאָלגונגען. די ״רעפאָרמען פון 1861״ זענען געווען בלויז אַ מאָמענט צו קענען אָפּעטעמען. דער פּעריאָד פון ניקאָלאַי דעם 1טן איז געווען דער סאַמע פיינלעכסטער: גזירות, גירושים, קאַנטאָניסטן[1], כאַפּן קינדער און זיי האַלטן אין פאַרשיקונג און אין מיליטער 25 יאָר, דערצו: עלילת־דם־פּראָצעסן. אַלעקסאַנדער דער 2טער האָט אָפּגעשאַפט דאָס ״כאַפּן קינדער אין דער אַרמיי״ — ייִדן האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען. די ביוראָקראַטיע האָט אָבער געזען אָפּצווווישן די רעפאָרמען. און ס׳זענען געקומען די אַנטוישונגען.

אויב פּיאָטער דער גרויסער (1689—1725) האָט אַרויסגעוויזן אַ ביסל אַ מילדערע, גינסטיקערע באַציונג צו ייִדן[2], האָט ער אָבער נישט פאַרגעסן אַרויפּ־צולייגן אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג די שווערסטע קאָנטריבוציעס, צונעמענדיק דאָס ביסל אָרימקייט, וואָס איז איר נאָך געבליבן.

אין זיין מלחמה מיט שוועדן, ווען די רוסישע אַרמייען האָבן געדאַרפט דורכגיין אוקראַינע, פּוילן, האָבן זיי פּאָגראָמירט און ראַבירט ייִדישע ישובים. די צאַרישע רעגירונג האָט פאַרשוויגן, וואָס דאָס האָט געמיינט מסכים געווען.

ס׳איז דאַן דערלויבט געוואָרן ייִדישע סוחרים צו עפענען ביוראָען אין מאָסקווע, פּעטערבורג, אָבער ווי לאַנג האָט עס אָנגעהאַלטן?

די צאַרישע רעגירונגען האָבן געהעצט קעגן ייִדן, דערפֿירט צו אָנפֿאַלן און פּאָגראָמען אויף ייִדן. דאָס האָט גורם געווען אַז די ייִדישע יוגנט זאָל זיך אָנשליסן אין די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, מיט דער האָפֿענונג זיך צו באַפֿרייען פֿון פֿינצטערן רעזשים. די וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייטן, זענען אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד. אַנדערע האָבן געזוכט עצות, זיך אַריינרייסן אין די אוניווערסיטעטן און דאָס איז נאָר מעגלעך געווען דורך אַסימילאַציע, וואָס האָט געפֿירט צו שמד. באַזונדערס האָבן דאָס געטאָן די יעניקע וועלכע האָבן געהאָפֿט אויף אַ קאַריערע אין רוסלאַנד.

דאָס רעליגיעזע ייִדנטום איז געווען ממש פֿאַרצווייפֿלט צו קעמפֿן מחוץ ומפּנים: געזוכט דורך שתּדלנות צו מילדערן די צאַרישע גזירות קעגן ייִדן, איינצוהאַלטן די מאַסן־עמיגראַציע און באַקעמפֿן דעם דראַנג צו אַסימילאַציע און שמד.

הרב חיים קאַרלינסקי אין זיין גרויס ווערק ״הראשון לשושלת בריסק, הגאון רבי יוסף דובער סאָלאָווייטשיק זצ״ל״ (תק״פ — 1820; ד׳ אייר, תרנ״ב — 1892) ווידמעט אַ פּרק די פּאָגראָמען אין די 80ער יאָרן פֿון פֿאַריקן י״ה.[3] ער שילדערט די העצערייען קעגן ייִדן, ביים סוף פֿונעם 19טן י״ה, ווי אַזוי די רבנים, גדולי הדור און צווישן זיי ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק דער בריסקער רב; ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר (תקע״ז — 1817; כ״א אדר, תרנ״ו — 1896) קאָוונער רב; ר׳ אליהו חיים מייזל (תקפ״א — 1821; י״ד אייר, תרע״ב — 1912), לאָדזשער רב; האָבן זיך פֿאַרנומען מיטן לעשן דאָס פֿייער און צאָרן וואָס האָט זיך צעפֿלאַקערט איבער דער לענג און ברייט פֿון דער צאַרישער אימפּעריע.

ער הייבט אָן זיין פּרק (ל״ט) מיט די ווערטער: ״בפרוע פרעות ישראל״ און נאָך דעם: ״השנה תרמ״א (1881 — נ. ש.) היתה שנת הרת אסונות ליהודי רוסיה, שנה בה נתרבו גזירות והגבלת זכויות מצד המשטר הצארי...״

די גזירות — נאָכגעפֿאָלגט מיט רציחות — זענען געקומען נאָכן מאָרד פֿון אַלעקסאַנדער דעם 2טן (מערץ 13, 1881). צוליב אַ צאָל באַטייליקטע ייִדן אין די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, זענען אַלע ייִדן באַשולדיקט געוואָרן.

ס׳האָט זיך דאַן אָנגעהויבן די שתּדלנות מצד דער פֿירערשאַפֿט פֿונעם רוסישן ייִדנטום ביי מלכות, ביי דער עליטע, ביי די גייסטלעכע. צווישן די דעלעגירטע פֿירערס זענען געווען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי האָראַץ גינצבורג (תקצ״ג — 1833; תרס״ט — 1909), אלכּסנדר צעדערבוים (תקע״ו — 1816; תרנ״ג — 1893) און אַנדערע. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן.

נאָך שבועות פֿון יענעם יאָר, ווי הרב קאַרלינסקי גיט איבער, האָט ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק איינגעלאַדן קיין בריסק אַ צאָל רבנים, צווישן זיי, דעם לאָדזשער הויפּט־רב, זיין ידיד נפש ר׳ אלי׳ חיים מייזל. זיי האָבן זיך געשטעלט

אין קאָנטאַקט מיט ר׳ יצחק אלחנן ספעקטאָר, דעם קאָוונער רב, ר׳ מתתיהו סטראַשון (תקמ״ה — 1785 ; תרמ״א — 1881) פון ווילנע און אַ צאָל אַנדערע רבנישע מנהיגים. עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ דעלעגאַציע קיין פּעטערבורג די אוידיענצן און די זיצונגען מיט מיניסטאָרן האָבן ווייניק געהאָלפן. דער קאָוונער רב האָט פאַרגעשלאָגן, מ׳זאָל מעורר זיין די פרייע וועלט: ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקע. דאָס האָט אַנגעשראָקן די מלכות הרשעה. דער דעת הקהל אין דער וועלט האָט געהאָלפן, אַז די רעגירונג זאָל אַ ביסל צוימען די אַנפאַלן אויף ייִדן.

ס׳האָט זיך אָבער גלייכצייטיק אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע מאַסן־עמיגראַציע. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ ביסל מנוחה און אַנטלויפן, ווו נאָר מעגלעך. דאָס האָט אַנגעשראָקן די רעגירונגס־אינסטאַנצן, וואָס האָבן געזוכט מיטלען ווי אָפּצוהאַלטן די עמיגראַציע, (נישט געבן קיין פּעסער צו קאָנען עמיגרירן), אָבער גלייכצייטיק אָנגעהאַלטן באַגרענעצונגען קעגן ייִדן אין לאַנד.

מיר דערלויבן זיך ציטירן הרב קאַרלינסקין:

״בריחת היהודים מרוסיה לא היתה לרצון לממשלה ואף הפחידה אותה מהתוצאות הכלכליות שכרוכות בזה. יתר על־כן, ללא יהודים לא יהי׳ ׳שעיר לעזאזל׳ להטיל עליו את האשמת המצב הכלכלי הירוד, בו נתונים האיכרים והפועלים...״

ווי ער גיט איבער האָבן אויף די ייִדישע פירערס געוואָלט איינהאַלטן די מאַסן־עמיגראַציע. דאָס איז שוין אַן ענין פון געשיכטע, וואָס איז נישט דירעקט נוגע אונדזער טעמע. מיר האָבן דער עיקר געוואָלט אָנווייזן אויף דער רשעות פון דעם צאַריזם און אַז ייִדן האָבן נישט געהאָט קיין ברירה, ווי צו זוכן אַ מקום, ווו צו אַנטלויפן: אַ טייל איז געלאָפן קיין אַמעריקע — די ״עם עולם״־באַוועגונג; אַ טייל — עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ר׳ שמואל מאָהיליוועער (כ״ז ניסן, תקפ״ד — 1824 ; י״ט סיון, תרנ״ח — 1898), איז געווען פון די הויפּט־אַקטיוויסטן אין אָנפירן מיט דער ״חובבי ציון״־באַוועגונג, די פאַרגייערס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט אין אָנהייב געהאָט די מיטהילף פון די גדולי הרבנים ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, ר׳ אלי׳ חיים מייזל און אַנדערע, אָבער שפּעטער האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן, צוליב דער מוראָ פון דער פרייער פירערשאַפט, וואָס וועט מאַיאָריזירן די אָרטאָדאָקסישע.

מיר ציטירן פון אַ ווייטערן פּרק[4]:

״כמסופר בפרקים הקודמים היו השנים תרמ״א—תרמ״ג ׳שנות ראינו רעה׳ ליהודי רוסיה. עננים כבדים של דם ואש, האפילו אָז את שמי יהדות רוסיה שעמדה במערכה כבדה, מצד אחד נגד הממשלה הצארית שהצרה את צעדיה

בגזירות רעות ואכזריות, ומצד שני — נגד ה׳מאה השחורה׳[5] די רעאַקציע וואָס האָט אַגיטירט קעגן ייִדן, אַז ייִדן זענען שונאים פון ׳מוטער רוסלאַנד׳...״

ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, גיט איבער הרב קאַרלינסקי, איז געווען שטאַרק באַזאָרגט; פאַרטאָן אין זוכן אַ לייזונג פאַר די פּראָבלעמען, ווי ער שרייבט: ״בכל אותם הימים הי׳ ריד״ס נתון ראשו ורובו בעול עסקנות צבורית לטובת אחיו החלכאים ומדוכאים, ולא ידע מנוחה... ולפחות הקלתן של גזירות המלכות שנתחדשו לבקרים... ועוד יותר הושיט יד־עזרה, לאלה שהחליטו לעזוב את ארץ הדמים והרשע ולהגר לארץ־ישראל...״

ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, דער קאָוונער רב און אַנדערע גדולי הדור אין דער רוסישער אימפּעריע האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן די משׂכּילים, קעגן באַראָן שמואל פּאָליאַקאָוו, קעגן באַראָן האָראַץ גינצבורג און זיין זון באַראָן דוד גינצבורג (1875—1910), באַוווּסטער פילאַנטראָפּ און מעצענאַט, אַן ארויס־געבער פון אַלטע העברעיִשע ווערק, אַ משׂכּיל אין ברייטערן זין פונעם וואָרט (אָבער נישט לויטן דייטשישן השׂכּלה־נוסח), מחמת זיי האָבן געוואָלט אַריינ־ברענגען השׂכּלה אינעם חינוך־וועזן, מ׳זאָל לערנען רוסיש אין בתי־ספר אא״וו. די גדולי הרבנים האָבן מורא געהאַט אַז דאָס איינפירן דעם סיסטעם פון אַ ״חדר מתוקן״, לויט די משׂכּילישע פּלענער, קען חלילה פירן צו אַסימילאַציע און כּפירה.

די קערנער פון אַלטן אַנטיסעמיטיזם זענען — ווי פאַקטן באַווייזן — געבליבן אויך אין דער נייער סאָוועטישער רעפּובליק. די קאָנסטיטוציע, ווי זי איז עטלעכע מאָל געענדערט געוואָרן, שליסט איין נאַציאָנאַל־קולטורעלע פרייהייט, ״נאַ־ציאָנאַלע איינגנשאַפט״, בלויז פאַר די פעלקער וואָס באַזיצן אַן אייגענע טערי־טאָריע. פאַר די ייִדן זענען קיין נאַציאָנאַלע איינגנשאַפט, נאַציאָנאַלע ייִדישע קולטור, ייִדישער חינוך־וועזן — אין דער קאָנסטיטוציע — נישט באַשטימט געוואָרן. די העצערייען קעגן ייִדן דורך יאָרהונדערטער האָבן נאָך אַלץ אַ ווירקונג אין סאָוו.־רוסלאַנד צווישן די מאַסן און מערער נאָך צווישן דער ביוראָקראַטיע, וואָס קען נישט טאָלערירן די ייִדן ווּעלכע ווייזן צוריק דעם אַסימילאַציע־״שמעלצטאָפּ״ וואָס דעגראַדירט די נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטן און רעליגיעזע טענדענצן ביים סאָוועטישן ייִדנטום.

אונטער דער צאַרישער הערשאַפט, ווו אַסימילאַציע האָט געמיינט שמד האָבן ייִדן צוריקגעוויזן און געשאַפן אַנטי־אַסימילאַציע־באַוועגונגען צו זיכערן דעם ייִדישן קיום אויפן אָרט און צו זוכן פּלשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט אין אַן אייגענער ייִדישע מדינה — אין ארץ־ישראל.

אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט — נאָך צענדליקער יאָרן אַסימילאַציע —

האָט זיך געשאַפן דער דראַנג ביים יונגן דור צו פולשטענדיקער פרייהייט: אַ פאַרלאַנג און שטרעבונג צו פאַרלאָזן דעם סאָוועטיזם און זוכן אַן אחיזה אין מדינת ישראל אָדער אין דעמאָקראַטישע לענדער, ווו זיי זאָלן זיך קענען אויסלעבן ווי יידן נאַציאָנאַל און רעליגיעז.

אָבער נישט אַלץ איז געווען פינצטער אין אַמאָליקן רוסלאַנד און נישט אַלץ איז פינצטער אינעם היינטיקן ראַטנפאַרבאַנד. ס'האָבן זיך דאַן געפונען ליכטיקע שטערן און ס'געפינען זיך היינט ליכטיקע שטערן וועלכע באַלייכטן דעם רוסישן האָריזאָנט און זענען זיך מוסר־נפש פאַר פרייהייט אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

אין צאַרישן רוסלאַנד זענען געווען ליבעראַלע יחידים וועלכע האָבן זיך מוסר נפש געווען אַריינצוברענגען פּראָגרעסיווקייט אינעם לעבן פונעם פאָלק און טייל האָט זיך מוסר נפש געווען צו באַקעמפן די רדיפות אויף יידן. די צוויי רוסישע שריפטשטעלערס, ווי מיר וועלן ווייטער זען, טאָלסטאָי און גאָרקי, האָבן ממש זיך איינגעשטעלט פאַר אָט די אידעאַלן. זיי האָבן געהאַט גרויס איינפלוס אין יידישע קרייזן צוליב זייער ערלעכקייט און אויפריכטיקייט.

לעוו טאָלסטאָי און זיינע נאָכפאָלגערס האָבן געוואַגט זיך צו שטעלן קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם ביי די מאַסן און קעגן די ברוטאַלע פּאָגראָם־פּלענער וואָס זענען געקומען פון די "הויכע פענצטער". נישט לייכט איז עס געווען פאַר מאַקסים גאָרקי, האַבנדיק אין זיינע רייען, אַזאַ "טאָוואַרישטש", ווי סטאַלין, צו קענען געבן אַ שמייכל צו יידישע ליטעראַטן, זיך צו באַמיען צו קריגן אַן "אויספאָר־וויזע" פאַר חיים נחמן ביאַליק, זיך אויסצודריקן מיט באַגייסטערונג וועגן דעם נאַציאָנאַלן ציוניסטישן פּאָעט.

די סטאַלין־יאָרן, ווי באַקאַנט, ווערן אָנגערופן "שוואַרצע יאָרן" פאַר יידן אין קאָמוניסטישן רוסלאַנד. סטאַלין האָט פאַרלייקנט די עקזיסטענץ פון אַ יידיש פאָלק, מיט יידישע אַטריבוטן מיט יידישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס. ער האָט געצילט צו ליקווידירן דעם יידישן אייגנאַרטיקן גייסט אין רוסלאַנד, דורך נישט דערלאָזן לערנען העברעיש, יידיש, אָפּווישן די יידישע רעליגיע און אויף דעם אופן לייזן די יידן־פראַגע.

כדאי צו דערמאָנען, אַז אין די צוואַנציקער יאָרן זענען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד דערשינען צענדליקער ביכער און פּאַמפלעטן, אין וועלכע ס'איז געווען פּראָקלאַמירט אַז אַנטיסעמיטיזם איז פאַרבאָטן און אַנטיסעמיטן וועלן באַשטראָפט ווערן ווי קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. האָט דאָס געהאָלפן? לויט זאַכקענערס האָט דאָס ווייניק געהאָלפן און ס'זענען געווען סיבות פאַר דעם אַנטי־יידישן המשך.

ס'האָבן געשריבן וועגן דער מחלה קאַלינין, דער פּאָרזיצער פון הויכן סאָוועט; לונאַטשאַרסקי, מיניסטער פאַר קולטור און אַנדערע פונעם העכסטן

עשאַלאָן. ס׳זענען אַפּילו אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס קעגן אַנטיסעמיטיזם, ווי אַ ירושה פונעם צאַריזם וואָס מוז באַקעמפט ווערן. נישט מעגלעך געווען אויסצוואָרצלען דעם אַנטיסעמיטיזם.

די באָלשעוויסטישע פּירערשאַפט האָט אין יאָר 1926 פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַן אויטאָנאָמישן ראַיאָן פאַר ייִדן אין בּיראָבּידזשאַן — מיטן ציל, אַז דאָרט, שוין אויף אייגענעם באָדן, אינערהאַלב דעם סאָוועטישן סיסטעם, זאָלן ייִדן האָבן פולשטענדיקע רעכט, ווי אַ באַזונדערע אייגנאַרט, קולטורעל און ווירטשאַפטלעך, מיט ייִדיש אַלס אָפיציעלע שפּראַך. אויך דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן.

ס׳זענען דאָ חילוקי־דעות וועגן די מאָטיוון פון דער באָלשעוויסטישער פּירערשאַפט צו באַזעצן ייִדן אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע און ס׳זענען דאָ חילוקי־דעות, פאַר וואָס דער פּלאַן האָט נישט געהאַט דעם געהעריקן דערפאָלג אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר היסטאָריקערס און סאָוועטאָלאָגן.

אַן אויסנאַם פון פריינדשאַפט און פאַרשטענדעניש איז געווען מאַקסים גאָרקי. נישט אומזיסט האָט שלום עליכם זיך אויסגעדריקט, אַז ״גאָרקי... איז אַ טייערער, אַ זעלטן ערלעכער מענטש...״

דער גרויסער פּראָלעטאַרישער שריפטשטעלער האָט נאָכגעפאָלגט די טראַדיציעס פון לעוו טאָלסטאָי, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן קעשענעווער פּאָגראָם מיט די שאַרפסטע פאַרדאַמונגס־ווערטער און באַשולדיקט די צאַרישע מאַכט, אַז זי האָט עס דערפירט צו דער ווילדקייט און רציחה.

גאָרקי איז נישט בלויז געווען אַ המשך — אין דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע — פון טאָלסטאָי. ער האָט אויך ממשיך געווען די טראַדיציעס פונעם באַרימטן רוסישן דיכטער אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּושקין (1799—1837), דעם הומאַניסט און ליבהאָבער פונעם פאָלקסמענטש.

צווישן פּושקינס לידער געפינען זיך ״די אוראַלטע ייִדן״, אין וועלכע ער ווייזט אַרויס פאַרשטענדעניש און ליבשאַפט דעם ייִדנטום — די וועלכע האָבן געגעבן דער וועלט דעם תּנ״ך — די הייליקע שריפטן. ער שילדערט דעם פאַרמעסט צווישן דעם גלית הפּלשתּי און דוד המלך, דעם פּאָעט, שעפער פון תּהלים און גרויסן העלד. ״דוד המלכס שירים — שרייבט ער — פאַרגעטער איך״.

פּושקין איז געווען באַקאַנט מיט ייִדן אין רוסלאַנד, מיט די גזירות און אונטערדריקונגען. ער באַזינגט ייִדישע שטיבער אינעם תּחום המושב. ער באַשרייבט דעם שווערן גורל פון ייִדן אין רוסלאַנד. ער האָט שטודירט העברעיִש, דעם תּנ״ך אין אָריגינאַל. אַ גרויסע צאָל פון זיינע לידער זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיִש און אין ייִדיש. צווישן די וועלכע האָבן איבערגעזעצט זיינע לידער און העברעיִש זענען געווען דוד פרישמאַן, אברהם שלאָנסקי און

לעצטנס אריה אהרוני, דער איבערזעצער פון דער רוסישער ליטעראַטור אין ישראל.

טאָלסטאָיס איינפלוס איז געווען גאָר גרויס. מ׳האָט מיט באַגייסטערונג איבערגעזאָגט זיינע רייד; מ׳איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון זיינע אידעען, פון זיינע סאָציאַלע לערעס, פון זיינע אַספּיראַציעס. ״יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ״ איז געוואָרן דער צענטער, פון וואַנען ס׳זענען געקומען די לערעס פון יושר און גערעכטיקייט.

טאָלסטאָי איז געוואָרן דער הייליקער, וועמען מ׳האָט ביים לעבן איינ־געהילט אין לעגענדעס. ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו צעברעכן די געצן וואָס האָבן באַהערשט די רוסישע און נישט ווייניק די וועלט־ליטעראַטור און זיך גענומען צו מאָראַלישע און עטישע טעמעס, ווי צו שאַפן גייסטיקע פרייד פאַר דער מענטש־הייט. ער אַליין האָט באַוויזן דעם מוסטער, ווי זיך צו באַנעמען מיט מענטשן, מיט דער געזעלשאַפט און מוותּר געווען אויף זיין סאָציאַלער פּאָזיציע, אויף זיין רייכטום און ווילזיין. ער האָט זיך געלעבט ווי אַ געוויינלעכער פּויער אין דאָרף, אַרום פעלדער און וועלדער.

טאָלסטאָי האָט געהאַט גרויס איינפלוס נישט בלויז אויף דער רוסישער ליטעראַטור. זיין איינפלוס האָט געגרייכט אויף דער גאַנצער אייראָפּעישער ליטעראַטור און נישט ווייניקער אויף דער ענגליש־אַמעריקאַנישער ליטעראַטור. זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף צענדליקער לשונות. מ׳האָט גע־שלונגען זיינע ווערטער, זיינע ליטעראַרישע ווערק, אין וועלכע ער האָט געפּריידיקט די פילאָזאָפיע וועגן אמת און יושר. ער האָט ממש באַהערשט די מוחות פונעם עלטערן און יינגערן דור.

דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד, באַזונדערס די מאַרקסיסטן, האָבן אַרויס־געוויזן אַ נעגאַציע צו זיינע שריפטן און די סיבה: זיין רעליגיאָזיטעט, זיין פרי־מיטיווער צוגאַנג, ווי צו לייזן די אָנגעווייטיקטע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

מיר וועלן זען, וואָס דער באַגרינדער פונעם באַלשעוויזם האָט צו זאָגן וועגן טאָלסטאָי.

די יידישע שריפט ״סאָוועטיש היימלאַנד״ [6] ווידמעט אַ נומער ״לעוו ניקאָלייע־וויטש טאָלסטאָי (1828—1978)״, מיט אַ צאָל בילדער: אַ פּאָרטרעט פון אים, פון זיין פּאַלאַץ (ירושה פון זיינע עלטערן) און מיט עטלעכע אַרטיקלען, אָפּשאַצונג און ביאָגראַפיע; אויך זיינע דריי דערציילונגען, איבערגעזעצט פון שלום־עליכם.

אינעם אַרטיקל פון וו. א. לענין [7] (פון 1908) ווערט געזאָגט:

״עס קאָן זיך אין פלוג דוכטן מאָדנע און געקינצלט, ווען מען פּאָרט צונויף דעם נאָמען פונעם גרויסן קינסטלער מיט דער רעוואָלוציע, וועלכע ער האָט בפירוש נישט פאַרשטאַנען, פון וועלכער ער האָט זיך בפירוש אָפּגעזונדערט...״

לענין קריטיקירט מיט די שאַרפסטע ווערטער די ״לעגאַלע״ פּרעסע, אַז זי

איז איבערפולט מיט צביעות אין אָפּשאַצן טאָלסטאָיען צום 80־יאָריקן יובילײ. ער לויבט טאָלסטאָיען אַלס קינסטלער, אָבער לאַכט אָפּ פון אים, אַלס גאָטזוכער. ער האָט אַבסאָלוט — שרייבט ער — נישט געקענט פאַרשטיין, נישט די אַרבעטער־באַוועגונג און איר רעאַלע אינעם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, נישט די רוסישע רעוואָלוציע. ער שילדערט אים:

"פון איין זייט — אַ געניאַלער קינסטלער... פון דער אַנדערער זייט — אַ פּריץ וועלכער מאַכט זיך חסר־דעהדיק אין קריסטוסעס נאָמען. פון איין זייט — אַ מערקווירדיק שטאַרקער, אוממיטלבאַרער און אויפריכטיקער פּראָטעסט קעגן, געזעלשאַפטלעכן ליגן און פאַלשקייט... פון דער אַנדער זייט... שלאָגט זיך עפנטלעך און זאָגט, איך בין אַ מנוול... אָבער איך פאַרנעם זיך מיט מאָראַלישער זעלבספאַרפאָלקאָמונג..."

אָבער סוף־כּל־סוף איז לענין מודה: "טאָלסטאָי האָט אָפּגעשפּיגלט דעם אָנגעווייטיקטן האַס, די צייטיק־געוואָרענע שטרעבונג צו בעסערס, דעם פאַרלאַנג צו באַפרייען זיך פון דער פאַרגאַנגענהייט..."

אַנדערש האָט מאַקסים גאָרקי אָפּגעשאַצט טאָלסטאָיען:

"טאָלסטאָי — האָט ער געזאָגט — דאָס איז אַ גאַנצע וועלט... אַז מען קען נישט טאָלסטאָיען, קען מען נישט האַלטן זיך פאַר אַ קענער פונעם אייגענעם לאַנד, קען מען נישט האַלטן זיך פאַר אַ קולטורעלן מענטשן...." [8].

שלום־עליכם (שלום ראַבינאָוויטש, 1859—1916), איז געווען געוואַלטיק באַגייסטערט פאַר טאָלסאָיען, "דעם קעמפער מיט זיין פען, קעגן נאַציאָנאַלן דרוק און רעכטלאָזיקייט וועלכע האָבן געהערשט אין צאַרישן רוסלאַנד. ער האָט געוויזן אַ פּערזענלעכן ביישפּיל פון זיין לעבן פאַר אַנדערע". שלום־עליכם האָט אָנגעהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיטן געניאַלן רוסישן שריפטשטעלער און תּמיד גערעדט מיט ליבע און באַוווּנדערונג וועגן אים און דאָס אויסגעדריקט אין זיין קאָרעספּאָנדענץ נאָך דעם קעשענעווער פּאָגראָם (אַפּריל, 6—7, 1903), וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם צעיושעטן המון, מיט דער הילף פון דער "שוואַרצער מאה", מיט די ברכות פון דער מאַכט און דער קירכע, ביי דער מיטהילף פון דער פּאָליציי [9].

מיר וועלן אָנווייזן אויף עטלעכע שטריכן אין טאָלסטאָיס באַציונג צו ייִדן. וועגן דעם זענען דאָ חילוקי־דעות. ס'זענען אויך דאָ חילוקי־דעות וועגן זיין באַציִונג צו ווייב־און־קינדער: זיין ווייב, סאָפיאַ אַנדרעיעוונאַ, באַשולדיקט אים אין עגאָיִזם, גלייכגילטיקייט צו פרוי און קינדער — אָבער, האַלט זי, ער האָט געהאַט אַ וואַרעם האַרץ פאַר יעדן איינעם... [10].

דער אָנגעזעענער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו (1860—1941) האַלט, אַז טאָלסטאָיס באַציונג צו ייִדן שטייט אויף דער העכסטער מדרגה. שנאה צו ייִדן,

ווי שׂנאה צו וועמען ס׳זאָל נישט זיין, איז קעגן זיין השקפה און שטימט נישט מיט זיינע לערעס. ער האָט געלערנט און פּראָפּאַגירט ליבע צו מענטשן.

נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם אין 1903 — שרייבט דובנאָוו — האָט מען געקענט זען, טאָלסטאָיס אויפריכטיקייט: ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ פּראָטעסט, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיינע געפילן, אַז ער איז גערירט פון די רציחות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין קעשענעוו. „אונדזער טיפסטן מיטגעפיל צו די קרבנות פון דעם צעיושעטן המון... און עקל און אַ ברעג... און אַ פאַראַכטונג און אַ גרענעץ, פאַר די אַלע וואָס האָבן צוגעגרייט דעם המון דערצו, אים אָנגערייצט אַזוינס צו טאָן...״

די דאָזיקע דערקלערונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן צוזאַמען מיט אַן אַרטיקל, ווו טאָלסטאָי שרייבט, אַז די צאַרישע רעגירונג איז שולדיק און פאַראַנטוואָרטלעך: „די פאַרברעכנס אין קעשענעוו זענען געווען אַ רעזולטאַט פון דער פּראָפּאַגאַנדע פון ליגנס און געוואַלט, וואָס די רוסישע רעגירונג פירט אָן מיט אַזאַ ענערגיע די גאַנצע צייט...״

ער האָט אָנגעקלאָגט די רוסישע רעגירונג פאַר דער גאַנצער וועלט. ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן. ער איז דאַן שוין געווען אַ זקן פון פינף־און־זיבעציק יאָר, געוווּסט אַז ער שטעלט איין זיין לעבן. דאָס האָט אים אָבער נישט אָפּגעשראָקן.

דער קעשענעווער פּאָגראָם איז געווען דער אָנהייב פון אַ פּאָגראָם־כוואַליע, אָרגאַניזירט מיט דער דירעקטער אונטערשטיצונג פון דער רעגירונג, דערמיט אָנצושרעקן די פירערס פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען אַ גרעסערע צאָל ייִדן. דאָס האָט געגעבן אַ געלעגנהייט די פינצטערע אַנטיסעמיטישע כּוחות צו העצן קעגן כּלל־ייִדנטום — און אין די ערב־פּסח־טעג האָט מען פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ייִדן באַנוצן זיך מיט קריסטלעך בלוט אויף מצות. אַזוי האָט זיך צעבושעוועט אַ פייער פון שׂנאה וואָס איז אויסגעבראָכן דעם לעצטן טאָג פון פּסח: ס׳זענען דערמאָרדעט געוואָרן 47 ייִדן; איבער 500 מענער, פרויען און קינדער זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן, ייִדישע געשעפטן און וווינונגען זענען באַרויבט געוואָרן און ייִדן זענען געשטאַנען הילפלאָז, נישט געקענט זיך פאַרטיידיקן. די פּאָליציי האָט זיך געמאַכט נישט־זעעוודיק. דאָס רוסישע ייִדנטום, דאָס וועלט־ייִדנטום איז געווען דערשיטערט פון אָט דעם פּאָגראָם, וואָס איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פון דער מאַכט.

ייִדישע פענמענטשן, האָבן אויפגעשטורעמט דאָס פּראָגרעסיווע רוסלאַנד. דער נאַציאָנאַלער פּאָעט חיים נחמן ביאַליק (עשׂרה בטבת תרל״ג — 1873; כ״א תמוז תרצ״ד — 1934) האָט פאַרעפנטלעכט זיין באַרימטע פּאָעמע „אין דער שחיטה־שטאָט״ (אין פאַרשטעלטן נאָמען, „משׂא נמירוב״), ווו ער דריקט אויס דעם טיפן ווייטיק און יסורים, וואָס דער פּאָגראָם האָט איבערגעלאָזט אין ייִדישע הערצער,

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שטורמישע פּראָטעסטן, מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין אַלע ייִדישע ישובים.

אין רוסלאַנד זענען דאַן אַרויס מיט פּראָטעסטן די צוויי באַרימטע שריפט־שטעלערס לעוו טאָלסטאָי און מאַקסים גאָרקי. דער ערשטער האָט פּשוט באַשולדיקט, אַז די רעגירונג האָט געהאַט אַ האַנט אין די רציחות און דער אַנדערער האָט באַשולדיקט די רוסישע אינטעליגענץ, וואָס אַנשטאָט קומען אַרויסהעלפן די אומ־שולדיקע קרבנות, האָט זי זיך גאָר געפרייט... געוועזן צופרידן ווען רוסן מאָרדן ייִדן.

ווי געזאָגט, איז טאָלסטאָי אויף זיין שטייגער געווען דער שאַרפסטער באַשול־דיקער, זיך איינשטעלן פאַר ייִדן.

ס'ווערט אָבער דאָך געשטעלט די פראַגע צי האָט טאָלסטאָי זיך אין גאַנצן באַפרייט פון זיינע פאָראורטיילן קעגן ייִדן ווי אַ פאָלק? דאָס איז אַ פּאָלעמיק פון צענדליקער יאָרן. אין גאַנצן באַפרייט? — אוודאי נישט! דאָס איז דאָך געווען איינגעזאַפּט אין זיינע בלוטן: פון זיין יוגנט, פון זיינע עלטערן, פון זיין סביבה. ער האָט זיך אָבער דערהויבן צו זען ייִדן, ווי אַן עטנישע, רעליגיעזע גרופּע מיט הויך־גייסטיקע און מאָראַלישע פּרינציפּן. ער האָט געזען ייִדן, קעמפערס פאַר גערעכטיקייט, געזען ייִדן — מענטשן פון בוך [11]. ער האָט געזען אין ייִדן אַ שפּעדיק און שעפעריש פאָלק, וואָס מיט זיין ווונדערלעכער ליכטיקייט באַלייכטן זיי דעם האָריזאָנט איבער דער לענג און ברייט פון דער רוסישער אימפּעריע. ער האָט געזען, ווי פינצטערע כוחות ווילן פאַרפינצטערן דעם דאָזיקן האָריזאָנט, וואָס שליסט איין אין צאַרישן רוסלאַנד, אוקראַיִנע, גרויס־פּוילן, און אַרומיקע לענדער, ווו די ייִדישע ישובים זענען געווען גרויס מיט ליכטיקע פּערזענלעכקייטן פון רבנים, חסידישע מנהיגים און משׂכּילים פון אַ העכערער מדרגה. לענדער, ווו ס'זענען געשאַפן געוואָרן ליטעראַרישע ווערק אין העברעיִש און ייִדיש, ווו ס'האָבן געלעבט מענטשן וועלכע האָבן געשטראַלט מיט זייער וויסן און טאַלאַנט. טאָלסטאָי האָט דאָס אָנערקענט.

ער האָט אָבער דאָך נישט געקענט זען און נישט געקענט האָבן קיין השׂגה פון דער הייליקייט, וואָס האָט אַרומגענומען די ייִדישע ישובים, פון די גרויסע פּערזענלעכקייטן, אי ביי די מתנגדים און אי ביי די חסידים; וואָס האָבן געהאַט גרויס השפּעה, ייִדן זאָלן זיך דערהויבן צו די העכסטע הויכן פון עטישע פּרינציפּן, באַזירט אויף הלכה און אויף חסידות, אַראָפּצונידערן דעם הימל, אַז די ערד זאָל ווערן הימלדיק, צו שאַפן די הייליקע אַטמאָספערע און אַ ייִדישן קלימאַט, וואָס האָט נישט קיין פאַרגלייך... ער האָט, ווייזט אויס, אין האַרצן געפילט, אַז זיין קריסטלעכע אמונה שטייט אַזוי הויך, אַז ייִדן וואָלטן געקענט לייזן זייערע פּראָב־לעמען דורך אָנערקענען זיין אמונה.

ווי אַן עטיש־מאָראַלישער מענטש, האָט ער אָבער נישט געקענט פאַרטראָגן די רדיפות אויף ייִדן, אַוודאי נישט געקענט שווייגן אויף די פּאָגראָמען, ווייל דאָס איז געווען קעגן זיין השקפה; ער איז געווען דער שאַרפסטער קעגנער פון צאַריזם, קעגנער פון דיקטאַטור, קעגנער פון צוואַנג, ווער שמועסט נאָך — באַגלייט מיט אכזריות, ווי דאָס האָט פּראַקטיצירט די „שוואַרצע מאה".

ישרון קשת, אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן טאָלסטאָי, האַלט אַז אין זיין ווערק "מלחמה און שלום" האָט ער צוזאַמענגעמישט קריסטנטום מיט ייִדנטום, בעת ער האָט געהאַט ווייניק ידיעות וועגן ייִדישקייט. דאָס גרעסטע ביים מענטש — האַלט טאָלסטאָי (ווי ער שאַצט אָפּ זיינע ווערק) — איז **נזירות**, דערמיט ווייזט ער זיך ווי דער מאַן פון אמונה און נישט פון אהבה און אין זיין אייגענער פּערזענ־לעכקייט, האָבן געווירקט סיי דער יצר טוב און סיי דער יצר הרע: "יצר הטוב ויצר הרע כמו השלימו זה את זה באישיותו" [12].

שלום־עליכם האָט אין גרויס באַגייסטערונג געזאָגט: "איך האָב מיך כּל ימי געריסן צו דער דאָזיקער שיינענדיקער, לייכטנדיקער און וואַרעמדיקער זון, וואָס האָט געהייסן טאָלסטאָי. איך האָב זיך אַ מאָל געהאַט דאָס וואָרט געגעבן: איך וועל ניט שטאַרבן, ביז איך וועל ניט זיין אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ און זען טאָלסטאָיען". ער האָט זיך מיט טאָלסטאָיען נישט געטראָפן, אָבער געווען מיט אים אין שריפטלעכן קאָנטאַקט.

אין צוגאָב צו זיינע ליטעראַרישע ווערק, האָט טאָלסטאָי געשאַפן אַ שיטה, וואָס הייסט "טאָלסטאָיאַניזם" — אַ נייע רעליגיעזע פילאָזאָפיע, אַן עטיש קריסטנטום — אַז באַקעמפן שלעכטס זאָל מען נישט מיט אַ ווידערשטאַנד, מיט רעוואָלוציע, נאָר פאַרקערט דורך נישט־ווידערשטאַנד, נישט־רעוואָלוציע און אַזוי אַרום אַרויפצווינגען גערעכטיקייט. די רוסן האָבן נעגירט אַזאַ טעאָריע: דאָס לאַנד האָט געברויזט מיט רעוואָלט, וואָס האָט דערפירט צום ברודערקריג און אומקום פון דער צאַרישער דינאַסטיע.

אַ גרויסן איינפלוס האָט דער "טאָלסטאָיאַניזם" געהאַט אויף דער ייִדישער אינטעליגענץ אין לאַנד און נאָך מער אין אויסלאַנד, וווּ נישט־ייִדישע דענקערס אין מערב־אייראָפּע האָבן אַרויסגעוויזן באַגייסטערונג פאַר זיינע עטישע אידעען.

אַ. ד. גאָרדאָן (1856—1922) פון די ערשטע חלוצים, באַגרינדער פון גאָרדאָניזם, "דת עבודה", איז געווען פון די אָנהענגערס פון טאָלסטאָיס אידעען. אָבער ער האָט נעגירט זיין קריסטלעכקייט. ער האָט געפונען גענוג — פאַר זיינע טעאָריעס און זיין חלוציש לעבן — אין יהדות.

זיין באַציִונג צו ייִדן פאָרמולירט טאָלסטאָי אַליין אין אַ בריוו צו אַ ייִדן, זיינעם אַ באַקאַנטן: "... מיין באַציִונג צו ייִדן קאָן נישט זיין קיין אַנדערע, ווי אַ באַציִונג צו ברידער וואָס איך האָב ליב, נישט דערפאַר, ווייל זיי זענען ייִדן, נאָר דערפאַר,

וואָס אי מיר, אי זיי, פּונקט ווי אַלע מענטשן, זענען די קינדער פון איין גאָט, אונדזער פאָטער. די דאָזיקע ליבע פאָדערט נישט פון מיר קיין שום אָנשטרענגונגען, וואָרעם איך האָב באַגעגנט און קען זייער גוטע מענטשן — ייִדן" [13].

אין זיינע קינדער־יאָרן, האָט ער גאָר ווייניק געקענט ייִדן. אין זיין געגנט — "יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ" — זענען קיין ייִדן נישט געווען. שפּעטער, אין זיינע רייפערע יאָרן, האָט ער זיך געטראָפן מיט ייִדן און אויף דער עלטער האָט ער זיך פאַרנומען מיט לערנען העברעיש. דער מאָסקווער רב ר' שלמה זאַלקינד מינאָר (1826—1900) איז געווען זיין לערער. ער האָט אָנגעהויבן מיט "בראשית" און אַ צאָל סדרות פון די פינף חומשים און אַריבער צו נביאים. טאָלסטאָי איז געוואָרן באַגייסטערט פון די מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן אין תּנ"ך.

זיי פרוי סאָפיאַ אַנדרעיעוונאַ איז גאָרנישט געווען צופרידן. ווי זי דריקט זיך אויס אין אַ בריוו, האָט זי געהאַלטן, אַז ער גיט זיך אָפּ מיט "פּוסטע זאַכן". דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן און ער האָט ממשיך געווען זיין נייעם דרך, ביז ער האָט געזען דעם תּכלית זיינעם אין "פּת במלח תאכל" [14]

ס'איז אָבער דאָך אַ ספק, צי ער האָט באמת געהאַט די געהעריקע דערקענטניש פון דער ייִדישער אמונה. ווי זיין ייִדישער פריינד, פּייוול־מאיר געץ שרייבט, האָט ער זיין באַציונג צו ייִדן געהאַלטן אויף אַן אַבסטראַקטן אופן, בעת צו קריסטן האָט ער געהאַט אַ סוביעקטיווע איינשטעלונג. דאָס האָט אים געשטערט אָפּצושאַצן ווי געהעריק די עטישע און מאָראַלישע ווערטן פון דער ייִדישער אמונה. דער טעות זיינער איז אויך געווען, וואָס ער האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר אַן אויטאָריטעט איבער יהדות.

אין זיין עסיי "וואָס איז אַ ייִד" ? שרייבט טאָלסטאָי, אַז דער ייִד איז אַן אוניקום אין דער מענטשלעכער געשיכטע: מע פּייניקט אים, מע פאַרפאָלגט אים, מ'יאָגט אים, מע צווינגט אים טויזנטער יאָרן, ער זאָל אויפגעבן זיין אמונה — און קיינער קען אים נישט אַראָפּפירן פונעם וועג. דאָס איז אַ ייִד". די עקשנות פונעם ייִד, האָט אים אימפּאָנירט. "דער ייִד" — שרייבט ער — "איז אַ הייליק וועזן, וואָס האָט אַרונטערגעבראַכט דאָס אייביקע פייער פון הימל און אילומינירט די וועלט... ער איז דער פּיאָנער פון פרייהייט... דער פּיאָנער פון ציוויליזאַציע..."

ער איז באַגייסטערט פאַר דעם ייִד, אַלס סימבאָל פון אייביקייט: "ער איז דער סימבאָל פון אייביקייט. נישט פּייניקונגען, נישט שחיטות, נישט פייער, נישט שווערד האָבן דעם ייִד געקענט אַראָפּפירן פון וועג, אים אָפּווישן, אים אָפּראַמען פון וועלט. דער ייִד איז אייביקייט".

ווי געזאָגט, איז גאָר גרויס געווען טאָלסטאָיס השפּעה אויף דער ייִדישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד און נישט בלויז אויף דער אינטעליגענץ, אויף סטודענטן,

נאָר אויך אויף די ייִדישע און העברעיִשע שריפטשטעלערס, אויף די קלאַסיקערס פון דער מאָדערנער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור. טאָלסטאָיס ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש און העברעיִש, אַזוי ווי אין אַ סך אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

דער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיקער הערש רעמעניק אין אַ לענגערן אַפּשאַץ־אַרטיקל "לעוו טאָלסטאָי און די ייִדישע ליטעראַטור" — "צום 150טן געבורטסטאָג פון ל. נ. טאָלסטאָי" [15], באַהאַנדלט אויספירלעך טאָלסטאָיס ווירקונג, נישט בלויז אויף דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר אויף דער אַלגעמיינער רוסישער און אייראָפּעיִשער ליטעראַטור.

אין 1908 יאָר — ברענגט רעמעניק — האָט די ייִדישע אינטעליגענץ, ווי די רוסישע און אויך די אין אַנדערע לענדער, געפייערט דעם אַכציקסטן יובל פון זיין געבורט, געשיקט טעלעגראַמעס, ווונטשן און באַגריסונגען.

די פראַגע שטעלט זיך, פאַר וואָס איז טאָלסטאָי נישט באַערט געוואָרן מיט דער נאָבעל־פּרעמיע?

אין "סאָוועטיש היימלאַנד" [16] געפינט זיך אַ נאָטיץ פון באַוווּסטן רוסיש־סאָוועטישן געלערנטן א. קאָלצאָוו, אַז טאָלסטאָי האָט זיך געווענדט צו די רוסישע אַקאַדעמיקערס מיט אַ ביטע, מ'זאָל טאָן אַלץ, מ'זאָל אים נישט צוטיילן די פּרעמיע און נישט שטעלן אים אין אַ ווייער נישט קיין אַנגענעמער לאַגע — אָפּזאָגן זיך פון איר, די באַשיידנקייט און זיינע אַנשויונגען האָבן אים נישט דערלויבט אָנצונעמען די באַלוינונג. טאָלסטאָיס בריוו איז איבערגעשיקט געוואָרן צו דער שטאָקהאָלמער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס טאָלסטאָי איז נישט געוואָרן קיין לאַורעאַט פון דער נאָבעל־פּרעמיע.

טאָלסטאָי איז געווען דער ערשטער זיך צו חתמענען אויף דעם פּראָטעסט־בריוו (וואָס געץ האָט אים צוגעשיקט אין מאַי 1890) קעגן רדיפות אויף ייִדן. דער דאָזיקער בריוו איז פאַרפאַסט געוואָרן פונעם ייִדן־פריינד וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו און איז נאָך טאָלסטאָיען געחתמעט געוואָרן פון די באַרימטע שריפטשטעלערס וו. ג. קאָראָלענקאָ, און מ. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. די צאַרישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן צו פאַרעפנטלעכן דעם דאָזיקן פּראָטעסט, האָט מען אים איבערגעגעבן פון האַנט צו האַנט.

נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם, האָט טאָלסטאָי ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, פאַרעפנטלעכט זייער אַ שאַרפן פּראָטעסט, קעגן דער צאַרישער מאַכט (אַפילו ליבע־ראַלע פּערזענלעכקייטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אים צו חתמענען):

"טיף גערירט פון די רציחות וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין קעשענעוו, דריקן מיר אויס אונדזער צעווייטיקטן מיטגעפיל צו די קרבנות פון דעם צעיושעטן המון און אונדזער שוידער פאַר די ווילדע רציחות פון רוסישע מענטשן. אַן עקל

אַן אַ ברעג און אַ פּאַראַכטונג אָן אַ גרענעץ, פאַר די וואָס האָבן צוגעגרייט און אָנגערייצט דעם המון. מיר דריקן אויס אונדזער אומענדלעכע אַנטריסטונג קעגן די, וואָס האָבן אַרויסגערופן די אַלע שרעקלעכע זאַכן וואָס זענען געשען״.

אין אַ צאָל בריוו צו פרײַנד, ליבעראַלן, אינטעלעקטואַלן, האָט טאָלסטאָי געשריבן, אַז ייִדן־שׂנאה, ייִדן־העצערײַ איז אַ שענדלעכע דערשײַנונג אין דער רוסישער געזעלשאַפט. צוליב זײַן אַרויסשטעלן זיך פאַר ייִדן, האָט טאָלסטאָי זיך אַליין איינגעשטעלט. צוליב זײַנע פריערדיקע פּראָטעסטן קעגן די רדיפות און אָנפאַלן אויף ייִדן, האָט דער הייליקער סינאָד אים געלייגט אין חרם און ער האָט שוין נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַרויסצוקומען אין דער פּרעסע מיט אַ פּראָטעסטרוף, און נישט געהאַט קיין אַנדער עצה, ווי אַרויסצוקומען מיט בריוו, וועלכע זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און דורך די בריוו, דערגרייכט די רוסישע אינטעליגענץ וואָס טייל האָט זיך צוגעהערט צו אים און נישט געוואָרן פאַרסמט פון דער שׂנאה צו ייִדן, וואָס געוויסע רוסישע שרײַבערס האָבן פאַרשפּרייט.

ווען שלום־עליכם האָט אים געלאָזט וויסן וועגן זײַן פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך מיטן אָנטייל פון די בעסטע ליטעראַרישע כּוחות, האָט טאָלסטאָי אים צוגעשיקט דרײַ דערציילונגען [19] און ווי אַ צוגאָב אַ בריוו, וואָס פאַראורטיילט מיט די שאַרפסטע ווערטער די רוסיש־צאַרישע רעגירונג. ער, צוזאַמען מיט וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, אַנדרעיעוו און אַנדערע, האָבן נישט איין מאָל זיך אָפּגערופן אויפן ווייגעשריי פון געפּלאָגטן רוסישן ייִדנטום. נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם איז דער געשריי געוועזן שטאַרקער, מעכטיקער.

ס׳האָבן אָבער אויך קיין מאָל נישט געפעלט צווישן רוסישע שריפטשטעלערס אַזעלכע וועלכע האָבן פאַרטיידיקט אַנטיסעמיטיזם, ייִדנהאַס.

איינער פון זיי, פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי (1821—1881), דער געניאַלער רוסישער שריפטשטעלער, איז געוועזן אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט, געשריבן מיט האַס קעגן ייִדן. ער האָט געוואָלט אויפלעבן דאָס רוסישע פאָלק, געפרייידיקט דעמאָק־ראַטיע, פרייהייט און אַפילו סאָציאַליזם, אָבער וועגן ייִדן — ווי אַלע אַנטיסעמיטן. אין זײַן ״טויטן הויז״ האָבן זײַנע קריטיקערס אָנגעוויזן, איז ער געוואָרן אַ נייער מענטש, אַ געוויסנהאַפטיקער. זיי האָבן געמאַכט אַ טעות. ווען ער איז אַרויס פון סיבירער גיהנום, וווּ ער איז געוועזן פאַרשיקט, האָט ער אָנגעשריבן זײַנע געניאַלע ווערק (1840) ״ברידער קאַראַמאַזאָוו״ און ״פאַרברעכן און שטראָף״ — די ייִדן־שׂנאה איז ביי אים געבליבן.

ס׳זענען געווען אין רוסלאַנד נאָך אַ צאָל גרויסע שריפטשטעלערס וואָס האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און אַפילו ליבשאַפט צו ייִדן און צווישן זיי אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו (1860—1904) וואָס געהערט צו די קלאַסיקערס פון דער

רוסישער ליטעראַטור. די ליטעראַטור־קריטיקערס האָבן אים געשטעלט אין דער ריי פון טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, טורגעניעוו, גאָרקי און אַנדערע פון דעם קאַליבער. ער איז דער מייסטער פון דער קורצער דערציילונג [20]. ער שילדערט די צוריקגעשטאַנענקייט, די אָרעמקייט, די נויט און הונגער אין דער צאַרישער רוסלאַנד, ווו רייכע און ביוראָקראַטן, מיליטער־מענטשן פון העכערן ראַנג, באָדן זיך אין ווילטאָג און אין לוקסוס. ער גיט אַ רעאַליסטיש בילד פון רוסלאַנד אין זיין צייט. ער ברענגט אויך צום אויסדרוק די פרייהייט־טרוימען פון רוסישן פאָלק, פון די האָרעפּאַשנע מאַסן. ער איז דערפאַר גערודפט געוואָרן פון די רעגירונגס־אינסטאַנצן. דאָס האָט אים נישט אָפּגעשראָקן. ער איז געווען אָפּטימיסטיש, געגלויבט אַז דאָס רוסישע פאָלק וועט אויפוואַכן און וועט שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם צאַרישן רעזשים.

טשעכאָוו ווערט דערמאָנט מיט לויב, פאַרערונג און מיט טיפער ליבשאַפט ביי ייִדן און נישט־ייִדן, ביי ליבהאָבערס פון אמת און גערעכטיקייט. זיין באַציִונג צו ייִדן איז געווען ענלעך צו דער פון טאָלסטאָיען. זיין אויסגעהאַלטנקייט, זיין קאַמף פאַר גערעכטיקייט האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף רוסישע און ייִדישע שרייבערס.

טשעכאָוו האָט זיך, ווי טאָלסטאָי, פאַרנומען מיט פּראָטעסטן קעגן רדיפות, גאָר שאַרף זיך אויסגעדריקט נאָך דעם קעשענעווער פּאָגראָם, קעגן די אָנפאַלן און רציחות, פאַרדאַמט דעם דרייפוס־פּראָצעס, פאַרדאַמט אַנטיסעמיטיזם אומעטום.

זיין הומאַניזם איז פאַרוועבט אין זיינע דערציילונגען, אין זיינע דראַמעס און אין זיין לעבן און אויפפירונגען. ווי אַ קענער פון דער מענטשלעכער נאַטור, פון יחידים און פעלקער, האָט ער געזוכט די גוטע באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש, אַרויסהייבן דעם מענטש צו העכערע אַספּיראַציעס. זיין טיפער הומאַניזם מאַנעפעסטירט זיך אין זיין שילדערן פולע נישט־רוסיפיצירטע ייִדן. אויב ס׳געפינט זיך ביי אים אַ אַנטי־ייִדישער אויסדרוק, איז דאָס געווען צוליב זיין קנאַפּער קענטשאַפט מיט ייִדן און נאָך ווייניקער מיט ייִדישקייט. אין אַלגעמיין, איז ער געווען אַ קעמפער קעגן אַנטיסעמיטיזם, ליב געהאַט מענטשן און געדינט דער מענטשהייט מיט זיין פען, מיט זיין מוח, מיט זיין נשמה. ער האָט געוואָלט היילן (ער איז געווען אַ דאָקטאָר־מעדיצין) דעם מענטש פון די פאַרשיידענע מחלות: פיזישע און גייסטיקע, אַריינגערעכנט די האַס־מחלה, טאָלסטאָי האָט אים מספיד געווען מיט די ווערטער: „וואָס פאַר אַ שיינער מענטש... אַ ווונדערלעכער מענטש איז אַוועק...‟

מאַקסים גאָרקי (1888—1936), דער גרונטלייגער פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד, ווערט באַטראַכט ווי איינער פון „די שענסטע זין פונעם

רוסישן פאָלק״ [21]. אין אַ צאָל אָפּשאַצונגען ווערט ער גערופן ״דער שטורעם־פויגל פון דער רוסישער רעוואָלוציע״. לייענט מען זיינע מעמואַרן, די טרילאָגיע: ״קינד־הייט״, ״צווישן מענטשן״, ״מיינע אוניווערסיטעטן״, דערוויסט מען זיך, ווי אַזוי פון אַ פּשוטן אַרבעטער, אַ סטאָליער פון פאַך אין ניזשני נאָווגאָראָד (היינטיקע גאָרקי) איז געוואָרן איינער פון די גרעסטע שריפטשטעלערס, אַ המשך פון טשעכאָוו, פון קאָראָלענקאָ, פון טאָלסטאָי — און דאָס — צוליב זיין גלויבן אין דער גוטסקייט פון מענטש און אין זיין איבערצייגונג, אַז דאָס גוטע וועט באַזיגן דאָס שלעכטע [22].

גאָרקי האָט זיך באַוויזן אין דער רוסישער ליטעראַטור אין 1892. ס'האָט לאַנג נישט גענומען ער זאָל אָנערקענט ווערן ווי אַ נאָכפאָלגער פון די גרויסע רוסישע קלאַסיקערס. ער האָט באַנומען די מענטשלעכע גייסטיקע אוצרות. ״אין לעבן — שרייבט ער — איז דאָ אַ סך גיפט. ס'איז אָבער אויך דאָ אַ סך האָניק״ און ער, ווי אַ גרויסער קינסטלער, האָט אַרויסגעבראַכט אי דאָס גיפטיקע, אין דאָס זיסע אינעם מענטש.

נישט קיין וווּנדער, וואָס ער איז איבערגעזעצט געוואָרן אין אַזוי פיל שפּראַכן. זיין ביאָגראַפיע ווי אויך אַנדערע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש און ער ווערט טיטולירט: ״די קרוין פון רוסישן שאַפן״ [23].

פון זיינע בריוו צו ייִדישע שרייבערס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט די ווערק פון ייִדישע בעלעטריסטן און פּאָעטן. וואָס שייך זיין באַציִונג צו ייִדן, איז ער נישט איין מאָל אַרויס מיט פּראָטעסטן קעגן אַנטיסעמיטיזם. ער טאַדלט די מענטשן פון דער רעוואָלוציע, ביי וועלכע ס'איז געבליבן דער איינ־געוואָרצלטער אַנטיסעמיטיזם. ער וואָגט צו שרייבן:

״איך ווייס — איר וועט זאָגן: אַהאַ, ער פאַרטיידיקט די ייִדן... אַוודאי אונטערגעקויפט. יאָ, אונטערגעקויפט, אָבער נישט מיט קיין געלט... נאָך פון מיינע קינדער־יאָרן, האָט מיך אונטערגעקויפט דאָס קליינע, אַלטע ייִדישע פאָלק, אונטערגעקויפט מיט זיין שטאַנדהאַפטיקייט אינעם לעבנס־געראַנגל; מיט זיין גלויבן אינעם נצחון פון אמת...״

ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער גערופן דאָס רוסישע פאָלק צו זיין ערלעך, ברידערלעך. ער האָט גערופן און געוועקט דאָס געוויסן פון זיין פאָלק. זיינע אַרויסטריטן, שוין נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, זענען געווען געוואָגט, ווייל דער ייִדנהאַס איז דאָרט געווען טיף פאַרוואָרצלט אַפילו צווישן שרייבערס, אינטעליגענץ און נישט ווייניק האָבן דעמאָנסטרירט די אַנטיסעמיטישע געפילן און פאָראורטיילן קעגן ייִדן.

מאַקסים גאָרקי, ווי באַקאַנט, האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן דיכטער חיים נחמן ביאַליק, וועמען די אַנטיסעמיטישע באָלשעוויקעס האָבן באַ־טראַכט פאַר אַ סופער־נאַציאָנאַליסט, צוליב זיין פּאָעמע ״מגילת האש״ (די מגילה

פון פייער) אין וועלכער ער שילדערט דעם חורבן בית המקדש. די דאָזיקע פּאָעמע האָט ביאַליק געשאַפן אין יאָר 1905, דאָס יאָר, ווען דאָס רוסישע פאָלק האָט רעוואָלטירט קעגן דער דעספּאָטישער מאַכט פון צאַריזם. אין יענע טעג, האָבן די צאַרישע אַנטיסעמיטן אויסגעלאָזט זייער כּעס איוף די ייִדן. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציאָנערן, אַנשטאָט זיי זאָלן לויבן ביאַליקס רוף קעגן דעם פינצטערן רעזשים, האָבן גאָר געזען דעם שטאַרקן נאַציאָנאַליסט־שאָוויניסט.

גאָרקי האָט געוואָגט צו לויבן ביאַליקן, אַרויסזאָגנדיק זיך מיט באַגייסטערונג וועגן ביאַליקס פּאָעזיע, זעענדיק אין אים דעם מאָנער פאַר זיין געדריקט און געדודפּט פאָלק.

"פאַר מיר" — האָט גאָרקי געשריבן אין 1916, צו ביאַליקס 25סטן יובילײ — "איז ביאַליק אַ גרויסער פּאָעט; די שלימותדיקע פאַרקערפּערונג פונעם גייסט פון זיין פאָלק...". ער האָט געבראַכט אַן אויסצוג פון ביאַליקס "שחיטה־שטאָט", צוגעבנדיק: "אַזוי רעדן קאָן נאָר אַ מאַן פון אויסערגעוויינלעכער גייסטיקער קראַפט".

גאָרקיס אַ דראַמע וועגן אַ ייִדישער פרוי איז פילמירט און מעדאַלירט געוואָרן [24]. ער שילדערט די פרוי רחל, וואָס וווינט אין ניזשני נאָווגאָראָד און זי איז אַ קעמפערין פאַר גערעכטיקייט. דאָס איז נישט דאָס איינציקע מאָל וואָס ייִדן קומען אַרויס אין גאָרקיס ווערק אַזוי פּאָזיטיוו, ווי קעמפערס קעגן פינצטערן צאַריזם.

אין שייכות מיט רוסלאַנד אין דער תקופה פון צאַריזם און רעוואָלוציע, ווילט זיך ברענגען אַ בריוו וועגן אַן אינטערעסאַנטן נישט־ייִד, וואָס דאַרף האָבן אַן אָרט אין דער ריי פון די חסידי אומות העולם.

רבי ברוך עפּשטיין (תר"ך—תש"ב — 1942), מחבר פון "תורה תמימה" און אַנדערע ספרים, גיט איבער אין זיינע זכרונות וועגן אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן אים און פּראָפ' קאָקאָבאַטשאָוו [25]. ער האָט דורכגעמאַכט, ווי אַ תושב אין פּינסק, די ערשטע וועלט־מלחמה און אומגעקומען אינעם חורבן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין זיין ספר "מגילת פּרעניות" באַקלאָגט ער די ליידן פון ייִדן אין רוסלאַנד, אין די פיר מלחמה־יאָרן און אירע נאָכווייעניש. ער באַשרייבט די פאַרמלחמהדיקע צרות: דעם בייליס־פּראָצעס אין קיעוו און די צרות נאָכן נצחון איבער די העצערס. ס'האָבן זיך — שרייבט ער — דאָך געפונען חסידי אומות העולם אין רוסלאַנד: "גדולי חכמי העמים, החכמים הגדולים והמופלגים בתורת ישראל וספרותו, הפּרו־פסורים פּאַול קוקובצוב ויואן טרואיצקי...".

אין אַ בריוו צום פּראָפ' קאָקאָבאַטשאָוו לויבט ער שטאַרק זיין פאַרטיידיקן ייִדן: "ואתה בגאון חכמתך השפלת גאון אבירים וברוחב תבונתך מחצת רהב אדירים... ברוך טעמך, טעם חכמים ונבונים... מאה ברכות, אלפי שלומים

ורבבות טובות יזלו עליך כמים, ממעוני שמים... וחסדך מאתנו לא תופר..."
(פינסק, 13, 5, 1913).

אויף דעם האַרציקן בריוו ענטפערט אים פראָפ. קאָנסטאַנטין קאָקאָבאַטשאָוו:

"...ובראותי את ספרך היקר... שמחתי אלי גיל... ואמרתי ברוך האלקים, שהאריך ימי עד עתה... וגם ברוך ומבורך בעל המחבר... ואעפ"י שאין לאל ידי לשלם את טובתך כהוגן, אמרתי: 'לא אהי' כאיש לוקח ולא נותן חלילה, על כן מהרתי לאסוף את המאמרים.. שכתבתי על ספרות ישראל בארץ ספרד וזולתה והנני שולח אותם לך היום לאות כבוד ותודה... מעט מזעיר שהוא כאין נגד תשורתך היקרה.... מוקירך ומכבדיך... פרופ' פאַול בן סט. פטרבורג, 1915, 6, 14".

אַזאַ עניוות פון אַ מענטש. אַזאַ ערלעכקייט, אויפריכטיקייט.

פון קאָקאָבאַטשאָווס בריוו זעט מען, אַז נישט געקוקט אויף דעם אַנטיסע־מיטיזם וואָס האָט געהערשט אינטערן צאַרישן רעזשים, האָבן זיך געפונען נישט־ייִדישע מלומדים און אוהבי־ישראל און ליבהאָבערס פון לשון־קודש און אַ דאַנק זיי האָט רוסלאַנד איינגעזאַמלט אוצרות פון העברעיִשע ספרים, תּנ"ך־טעקסטן, אַלטע מאַנוסקריפּטן, כמעט אין אַ פאַרמעסט מיט ענגלאַנדס קעמברידזש און דער פראַנצויזישער סאָרבאָן.

דער נייער רעזשים, נישט געקוקט אויף די באָלשעוויסטישע "ליניעס" וואָס שייך דעם "ייִדישן נאַציאָנאַליזם", איז ממשיך אויפן דאָזיקן געביט און נישט ווייניק ייִדן זענען געווען באַשטימט אַנצופירן מיט העברעיִשע קורסן אין די אָרטיקע אוניווערסיטעטן.

איינער פון די אָנגעזעענע פאָרשערס אונטער דעם סאָוועטישן רעזשים, איז פּראָפעסאָר טשערעטעלי, וואָס האָט אַ סך בייגעטראָגן צום דער העברעיִש־וויסנשאַפט.

אין "עם וספר"[26] ווערט דערציילט, אַז די וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע אין גרוזיע גרייט אַ פאַקסימילישע אויסגאַבע פון אַן אַלטן תּנ"ך־מאַנוסקריפּט מיט אַ וויסנ־שאַפטלעך־היסטאָרישן און אַנאַליטישן אַריינפיר פון דעם פילאָלאָגישן עקספּערט פּראָפ' געאָרג טשערעטעלי. ס'ווערט דאָרט איבערגעגעבן, אַז דער דאָזיקער פּראָפעסאָר האָט באַזוכט מדינת ישראל אין די אינטערעסן פון די וויסנשאַפטלעכע שטודיעס און איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ וויכטיקער גאַסט ביים פּרעזידענט יצחק בן צבי (ע"ה). ס'ווערט דאָרט אויך איבערגעגעבן וועגן אַ יונגער רוסישער וויסנשאַפט־לערין, גרעטאַ דאַמידאָוואַ, אַ תּלמידה פון יצחק וויניקאָוו, פּראָפ' אויפן פאַקולטעט פון סעמיטישע לשונות, אַז זי האָט באַקומען אַ דאָקטאָראַט פאַר אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעט וועגן תּרגום־אונקלוס.

דאָס ווייזט אויף דעם אינטערעס אין סאָוועט־רוסלאַנד צו העברעיִש און די מזרח־שפּראַכן בכלל.

מיר פאַרנעמען זיך נישט אויסצורעכענען די רוסישע העברעיִש־קענערס, די אינטערפּרעטאַציעס פון רוסישע געלערנטע, אינטעלעקטואַלן. מיר ווילן בלויז אָנווייזן אויף דעם פאַקט, אַז העברעיִש ווערט געלערנט אין די אוניווערסיטעטן, אי דורך ייִדן, אי דורך נישט־ייִדן פאַר סטודענטן ייִדישע און נישט־ייִדישע. דאָס ווייזט אויף דעם אינטערעס צווישן געלערנטע און שטודירנדיקע צו לערנען העברעיִש — און דאָס, נישט בלויז צוליב קאַריערע אָדער צוליב אַ דיפּלאָמאַטישער פּאָזיציע.

ס׳ווילט זיך דערמאָנען אַ פאַקט, אַז אַפילו משומדים האָבן פאַרנומען לערן־פּאָזיציעס, מערסטע משומדים, ווי מיר וועלן ביי געלעגנהייט ווייזן, זענען געווען אָנגעשטעקט מיט שׂנאת ישראל און נישט ווייניק האָבן בלויז דעמאָנסטרירט זייער קריסטלעכע אמונה... אַ יוצא מן הכלל, איז געווען דער באַוווּסטער משומד דניאל כוואָלסאָן (1819—1911).

אין 1854 איז דער פּעטערבורגער קורס פון מזרח־שפּראַכן, איינשליסנדיק העברעיִש, געווען אונטער זיין לייטונג און ער, דער אוהב ישראל, האָט אַ דאַנק דער דאָזיקער קאַטעדרע באַוויזן אָפּצושלאָגן אַ צאָל אַנטיסעמיטישע בלבולים און תנ״ך־פעלשונגען.

אַז די צאַרישע רעגירונג איז געווען אינטערעסירט אין איינזאַמלען אוצרות פון העברעיִשער שעפערישקייט, קען דינען דער פאַקט, וואָס זי האָט געגעבן ברייטע מעגלעכקייטן דעם קאַראַימער אַרכעאָלאָג אַברהם פירקאָוויטש, אַרומצופאָרן און צונויפזואַמלען אוצרות פון וויסנשאַפטלעכן באַטייט.

זיין קאָלעקציע אין דער לענינגראַדער מלוכה־ביבליאָטעק ווערט באַטראַכט פאַר איינער פון די גרעסטע און וויכטיקסטע, אין פאַרגלייך מיט קעמברידזש אין ענגלאַנד, דער סאָרבאָן אין פראַנקרייך און דער וואַשינגטאָנער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק.

אַברהם פירקאָוויטש, געבוירן אין לוצק, וואָלינער גובערניע, אין 1786, האָט אַלס יונגערמאַן זיך פאַראינטערעסירט מיט אַלגעמיינער געשיכטע, מיט אַרכעאָלאָגיע, מיט ייִדישער געשיכטע און זיך ספּעציאַליזירט אין דער געשיכטע פון די קאַראַימער. ער האָט געווידמעט זיין גאַנץ לעבן די געביטן.

אין 1822 האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל (דאַן פּאַלעסטינע), דאָרט געפונען אַ גרויסע צאָל ספרים, מאַנוסקריפּטן וואָס זענען געלעגן פאַרוואָרפן אין חורבות. ער האָט זיי צוזאַמענגענומען און געבראַכט מיט זיך קיין רוסלאַנד. אַרום צען יאָר (פון 1830 ביז 1841), האָט ער באַרייזט פאַר דעם צוועק אַ צאָל אַנדערע לענדער אַריינגערעכנט מצרים, ווו ער האָט געפונען יקר־המציאותן — דאָס אַלץ איבער־געגעבן, אָדער פאַרקויפט דער פּעטערבורגער ביבליאָטעק. ווען ער איז שוין געווען

קרוב צו די שמונים, האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט פון דורכמאַכן גאָר שווערע — און נישט איין מאָל — סכנותדיקע נסיעות און אַלץ געזאַמלט ליטעראַרישע אוצרות פאַר דער פּעטערבורגער ביבליאָטעק.

ס'ווערט געשאַצט אַז זיין קאָלעקציע באַשטייט פון אַרום 15 טויזנט דאָקומענטן, מאַנוסקריפּטן און אַלטע אוניקאַרע ספרים [27], וואָס ווערן געהיט פון דער היינטיקער סאָוועטישער רעגירונג און ס'זענען אָנגעשטעלט פאַר דעם צוועק פּראָפעסאָרן, וויסנשאַפטלערס און עקספּערטן אַכטונג צו געבן, זיי זאָלן נישט צעשטערט ווערן. די דאָקומענטן באַדינען אומצייליקע פאָרשערס פון פאַרשיידענע לענדער.

די רשימה פון רוסישע ליבעראַלע שעפערישע גייסטמענטשן איז גרויס. מיר קאָנען בלויז דערמאָנען געציילטע און אַפילו נישט לויט אַ סדר, נאָר לויטן זכּרון.

צו זיי געהערט דער באַוווסטער פּאָעט לערמאָנטאָוו. ווי אַ דיכטער האָט ער געוואָלט אַריינברענגען דאָס גוטע, יושרדיקע אין דער ליטעראַטור און אין דער געזעלשאַפט. ער האָט זיך דעריבער פאַרטיפט אין תּנ"ך, דערלערנט נביאים, באַזונדערס דעם ספר תּהלים און געשאַפן אויף ביבלישע מאָטיוון. זיינע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיִש דורך אָנערקענטע רוסיש איבערזעצערס.

פון די באַוווסטע דיכטערס אין פאַריקן יאָרהונדערט איז געווען נעקראַסאָוו (1821—1877). ער האָט אַ ר י י נ ג ע ב ר א ַ כ ט דעם רעוואָלוציאָנערן טאָן אין דער רוסישער דיכטונג און אַ ר ו י ס ג ע ב ר א ַ כ ט די ליידן פון רוסישן פּויער, פון רוסישן אַרבעטער. ער ווערט באַטראַכט ווי דער שעפער פון דער פּראָלעטאַרישער דיכטונג. זיין השפּעה איז געווען גרויס אויף דער פּראָלעטאַרישער און אויף דער נאַציאָנאַלער דיכטונג און נישט ווייניק אויף דער העברעיִשער און ייִדישער פּאָעזיע.

צווישן די דיכטערס אויף וועמען זיין השפּעה איז שטאַרק אָנגעזען, געהערן: אַברהם אורי קאָוונער [28], אַברהם יעקב פּאַפּירנאַ, פּרץ סמאָלענסקין, משה לייב ליליענבלום און גאָר באַזונדערס יהודה־לייב גאָרדאָן (יל"ג, 1830—1892), דער אָנגעזעענסטער העברעיִשער דיכטער אין פאַריקן יאָרהונדערט. ער ווערט טיטולירט ביי ליטעראַטור־קריטיקערס "דער ייִדישער נעקראַסאָוו" [29].

דער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיקער ה. רעמעניק דערקלערט, פאַר וואָס יל"ג — דער השׂכּלה־דיכטער — איז געקרוינט געוואָרן מיט אָט דעם טיטול:

"אונטער דער ווירקונג פון נעקראַסאָווס דיכטונג, אין וועלכער דאָס רוסישע פאָלק ווערט גערופן צו קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן, שרייבט אויך גאָרדאָן זיין באַוווסטע ליד 'הקיצה עמי' (דערוואַך מיין פאָלק): דערוואַך מיין פאָלק, ביז וואַנען וועסטו שלאָפן? די נאַכט איז שוין אַדורך און די זון האָט שוין אָנגעהויבן שיינען. שטיי אויף, קוק זיך אַרום און דערקען דיין אָרט און דיין צייט".

גרויס איז געווען נעקראַסאָווס איינפלוס אויף די שפעערס פון דער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור. נישט ווייניקער איז געווען די השפעה פון טורגעניעוון, דעם קעמפּער קעגן צאַריזם, וואָס האָט פאַרשקלאַפט און געהאַלטן דעם רוסישן מענטש, ווי אַ לייב־אייגנטום. מיט זיינע פּראָגרעסיווע אידעען האָט ער, ווי טאָלסטאָי און די אַנדערע אין דער ריי, אַרויסגערופן פּראָטעסט און דערוואַכונג ביים רוסישן מענטש, אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די קייטן.

די דאָזיקע קלאַסיקערס פון דער רוסישער ליטעראַטור פון פאַר דער רעוואָלוציע האָבן זיך געהאַלטן ביי טשעכאָווס כּלל: ״כּדי די וועלט זאָל אויסגעבעסערט ווערן, מוז מען פריער דערציען דעם מענטש, דערציען ביי אים געוויסן און געדאַנק...״

זיי האָבן געהאָפט, ווי גאָרקי האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט, אַז ״דער נייער יאָרהונדערט (20טער) וועט זיין אַ יאָרהונדערט פון גייסטיקער באַנייונג״.

דער נייער יאָרהונדערט האָט געבראַכט די רעוואָלוציע. ניטאָ מער דער צאַר מיט זיינע משרתים. אַ קאָמוניסטיש־באָלשעוויסטישער רעזשים הערשט אין דער סאָוועטישער רוסלאַנד — די פראַגע איז, צי דער געוויסן און די מחשבה האָבן דערגרייכט די צילן פון די רוסישע קלאַסיקערס.

פון רוסישע פּרויען־דיכטערינס, איז כּדאַי צו דערמאָנען אַנאַ אַכמאַטאָוואַ (1888—1966), אירע לידער זענען אַן אוצר פון פּאָעזיע, דורכגעדרונגען מיט ביבלישע מאָטיוון — וועגן איר האָבן מיר שוין געשריבן [30].

רעדט מען וועגן חסידי אומות העולם, קומט באַלד אויפן געדאַנק דער באַרימטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיקאָלאָג דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש — אַ הומאַניסט פון דער ערשטער מדרגה. ער האָט דאָס געוויזן אין זיין מוזיקאַלישער שעפעריש־קייט. דער כּוח פון מוזיק איז אָנערקענט ווי אַ שפּראַך וואָס גייט איבער פון איין נשמה אין אַ צווייטער און איז אַ קוואַל פון עסטעטישן גענוס. דערמיט קען מען פאַרשטיין זיין באַגייסטערונג פאַר ייִדישער מוזיקאַלישער שעפערישקייט.

אין זיינע קאָמפּאָזיציעס האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם ייִדישן צער, די ייִדישע פרייד. ער האָט געהאַט אַ נאָענטקייט צו ייִדישער מוזיק און געווען געניט — ווי ער האָט דאָס אַרויסגעוויזן אין אַ הקדמה צו ייִדישע לידער — אין ייִדישער דיכטונג און אין ייִדישן געזאַנג.

געווען משומדים וועלכע האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שׂנאה צו ייִדן, אָבער זיך שטאַרק דערווייטערט פון ייִדן. געווען אויך אַזעלכע וועלכע האָבן געגלויבט אין קריסטנטום — און געזען אין דער קירכע די לייזונג צו אַלע פּראָבלעמען...

אָסיפּ מאַנדעלשטאַם (1892—1938) וואָס איז דורכן סטאַלין־רעזשים אָפּגעווישט און אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער רוסיש־סאָוועטישער פּאָעטן־רשימה און זיין פּרוי

נאַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם (1899—1980), האָבן זיך געשמדט און געוואָרן פּאַנאַטיש־גלויביקע אין דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע. ער, אַ וואַרשעווער ייִד, וואָס איז אוועק קיין פּעטערבורג און זי — די טאָכטער פון יעקב חזן, אַ רייכער ייִד אין סאַראַטאָוו, וועלכער האָט זיך געשמדט און אָפּגעשמדט אַלע קינדער, אויסער זיין פרוי, וועלכע איז געבליבן אַ ייִדישע. ביידע, אָסיפּ און נאַדיעזשדאַ, זענען געבליבן ביים קריס־טנטום. אין איר צוואָה האָט זי בלויז פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אוועקשטעלן איבער איר קבר אַ צלם — זי זאָל בלייבן אויף אייביק אַ קריסטלעכע פרוי.

באָריס פּאַסטערנאַק (1890—1960) איז דערצויגן געוואָרן אין אַ סביבה פון העברעיִש־שרייבערס. דער פאָטער, לעאָניד, אַ באַוווסטער מאָלער (1862—1945), איז געווען גאָר נאָענט צו חיים נחמן ביאַליק. ער, באָריס, האָט זיך געשמדט נישט ווייל ער איז געווען געצוווּנגען צו שמד, נאָר ווייל ער האָט געגלויבט אַז די קריסטלעכע ציוויליזאַציע וועט אויפסנייַ געבוירן ווערן אין רוסלאַנד און מ׳וועט פּטור ווערן פון באָלשעוויזם. ער האָט אין זיינע ווערק אַרויסגעוויזן שׂנאה צו ייִדן, צו זיין אָפּשטאַם. גאַנץ מעגלעך, אַז ער איז געווען באַאיינפלוסט פון אַנטיסעמיטיזם.

דאַקעגן האָבן מיר נישט־ייִדישע סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן וועלכע האָבן באַקעמפט די מאַרקסיסטישע דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט, איר סיסטעם פון אַ מלוכישן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן אָנערקענונג צו ייִדן און ייִדישע לערעס.

ווי אַ ביישפּיל קען דינען פּיאָטר קראָפּאָטקין (1842—1921). ער איז געגאַנגען אַזוי ווייט ביז צו אָנערקענען ייִדן ווי אַ נאַציע מיט אַן אייגענער שפּראַך, אַן אייגנאַרטיקער קולטור. אין דער הקדמה צו דער ייִדישער אויסגאַבע פון זיין ווערק: ״קעגנזייטיקע הילף ביי חיות און ביי מענטשן״ (1913), שרייבט ער צוו״אַ. :

״... איך האָב דעם גרעסטן פאַרגעניגן צו זען מיין ווערק אַרויסגעגעבן אין ייִדיש... יעדער טייל פון דער מענטשהייט, זאָל ווייטער אַנטוויקלען און באַרייכערן די שפּראַך וועלכע ווערט גערעדט פון מאַסן... צו סטימולירן יעדער נאַציאָ־נאַליטעט... אין אַ שפּראַך וועלכע ווערט גערעדט פון אַ היפּשן טייל פון דער מענטשהייט און וואָס האָט שוין אַן אייגענע, אָריגינעלע ליטעראַטור, וועלכע טראָגט אַריין אירע נאַציאָנאַלע שטריכן אין די אַלגעמיינע אוצרות פון דער מענטשהייט...״

צי קאָן מען דאָס זעלבע זאָגן וועגן דעם פּראָזאַיִקער אַלעקסאַנדער סאָלזשעניצין, דעם סאָוועטישן נאָבעל־לאַורעאַט? ער האָט געקראָגן וועלט־אָנערקענונג פאַר זיין שילדערן דאָס לעבן אין די רוסישע תפיסות און ער האָט אַרויסגעוויזן אַ רעבעלישקייט קעגן סאָוועטישן רעזשים. ער איז אָבער ווייט פון האָבן אַן אָרט צווישן די חסידי אומות העולם.

מיר האָבן נישט בדעה אַרויסצוברענגען די חילוקי־דעות אין אָפּשאַצן זיינע

ווערק. איין זאַך איז זיכער, אַז דער שילדערער פון "אַרכיפּעלאַג גולאַג" איז נישט קיין ייִדן־פריינד. פאַר אים זענען ייִדן פרעמדע אויף דעם רוסישן באָדן. ער לעבט מיט אַ פרוי, אַ געבוירענע ביי אַ ייִדישן פאָטער און אַ רוסישע מוטער — ער זעט אָבער אין ייִדן די וועלכע האָבן געבראַכט די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע און די פאַרשפּרייטערס פון קאַפּיטאַליזם — באַשולדיקונגען, וואָס מ'הערט פון אַלע אַנטי־סעמיטן.[31]

דאָס מערקווירדיקע דערביי איז, וואָס ער פאַרטיידיקט ישראל; דערמיט איז ער אַנדערש פון אַנדערע אַנטיסעמיטן. יענע העצן קעגן ציוניזם, קעגן מדינת־ישראל און דריקן זיך אויס ווי פריינד פון ייִדן. ביי אים איז פאַרקערט: מדינת ישראל — יאָ! ייִדן אין אַנדערע לענדער, צו לעבן ווי ייִדן — ניין.

פון די געוואַגטסטע די לעצטע יאָרן, ביי וועלכע ס'האָט אַ ריר געטאָן דאָס יושר־געפיל קומט דעם אויבנאָן דעם דיכטער יעווגעני יעווטושענקאָ. אין 1961 האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין באַרימט ליד "באַבי יאַר" אין דער סאָוועטישער "ליטעראַ־טורנאַיאַ גאַזעטאַ" — אַ ליד וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין עטלעכע שפּראַכן, אַריינגערעכנט ייִדיש און העברעיִש (אין ייִדיש עטלעכע איבערזעצונגען)[32].

יעווגעני אַלעקסאַנדער יעווטושענקאָ (געב. אין סיביר, 1933) איז אין אַ געוויסן זין אַ נאָכפאָלגער פון מאַקסים גאָרקי: ער וואָגט פון צייט צו צייט אַרויסצוקומען מיט אַ רעבעלישן טאָן, קעגן וועלכער נישט איז אונטערדריקונג און דאָך האַלט ער זיך אין דער ליניע.

אין זיין פּאָעמע "באַבי יאַר" האָט ער נישט בלויז באַוויינט די נאַצי־רציחות. נאָר געוואַגט אויפצושטורעמען דאָס רוסישע פאָלק וועגן דער ייִדישער טראַגעדיע. ער וואַרפט פאַר די רעגירונגס־אינסטאַנצן, אַז אַפילו קיין דענקמאָל איז נישט געשטעלט געוואָרן איבערן קבר פון די צענדליקע טויזנטער ייִדישע קדושים: "אין באַבי יאַר איז קיין דענקמאָל נישט פאַראַן... אַ גרויל נעמט מיך אַרום".

דער דיכטער האָט צוליב דעם געקראָגן נישט־ווייניק שונאים. דאָס האָט אים נישט אָפּגעשראָקן. ער איז ממשיך מיט וואָרט און שריפט צו באַקעמפן דעם אַנטי־סעמיטיזם אין סאָוועט־רוסלאַנד.

דאָס ליד איז געווידמעט די קדושים פון קיעוו, וועלכע זענען לעבעדיקערהייט געוואָרפן געוואָרן דורך די דייטשישע מערדערס אין אַ גרוב. די געשרייען פונעם גרוב האָבן הימל געשפּאָלטן, אָבער די סאַדיסטן האָבן געהאַט הנאה צו זען, ווי ייִדן ווערן געוואָרפן אין אַ מאַסן־קבר.

יאָרן לאַנג איז קיין מצבה די קדושים נישט געשטעלט געוואָרן. ווען יעווטושענקאָ האָט צוואַנציק יאָר שפּעטער באַטראַכט די ערד פון דעם ייִדישן מאַסן־קבר, האָט אַ ווייגעשריי זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַרץ און ס'איז געבוירן געוואָרן די פּאָעמע "באַבי יאַר".

נישט לייכט איז דעם פּאָעט אָנגעקומען די פּאָעמע זאָל געדרוקט ווערן. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז די פּאָעמע דערשינען אין דער רוסישער „ליטעראַ־טורנאַיאַ גאַזעטאַ" און נאָך דעם זענען געקומען אַ צאָל איבערזעצונגען, אַריינ־גערעכנט אין יידיש און העברעיש.

מיר וועלן ציטירן פון גויכבערגס איבערזעצונג, וואָס הייבט זיך אָן:

„אויף באַבי יאַר — נישטאָ דאָרט קיין מצבות,
בלויז אָפּרייס פון אַ באַרג, ווי אַן עפּיטאַף אַ רויער,
מיך גרוילט.
כ'בין איצטער אַזוי אַלט,
ווי אַלט עס איז דעם יידנס
לאַנגער דויער,
מיר דוכט זיך אויס —
איך בין איצט אַ ייד..." [33].

דאָס ליד אין דער דאָזיקער איבערזעצונג ענדיקט זיך:

קיין יידיש בלוט איז אין מיין בלוט נישטאָ
נאָר ווערנדיק פאַרהאַסט מיט גאַליק־גרינער שנאה
בין איך ווי אַ ייד —
ביי אַלע אַנטיסעמיטן.
און ווייל אַזוי —
בין איך אַן עכטער רוס".

ס'איז אויך דערשינען אַ ראָמאַן „באַבי יאַר" פון אַנאַטאָלי קוזנעצאָוו.

אין אַ בריוו, אין שייכות מיטן דאָזיקן ראָמאַן, שרייבט יע. ליטווין [34]:

„...דינה האָט אַ קוק געטאָן אַראָפּ און ס'האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ. אונטן איז געווען אַ ים מיט פאַרבלוטיקטע קערפּערס... ביי דינהן האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק: „באַלד וועל איך... און תיכף... אַ וואָרף געטאָן אין אָפּגרונט... ס'האָט אויף מיר אַ שפּראָץ געטאָן וואַרעם בלוט, און איבערן פּנים האָט געראָנען בלוט, גלייך ווי זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ וואַנע מיט בלוט".

ס'רעדט זיך וועגן דער קיעווער אַרטיסטקע דינה מיראָנאָוונאַ פּראָנטשיוואַ. זי האָט זיך דורך אַ נס געראַטעוועט פון די קברים. די מוטער, די שוועסטער, האָט מען דערשאָסן אין באַבי יאַר; דער זעלביקער גורל האָט געטראָפן די גאַנצע משפּחה. זי און איר פיר יאָריק טעכטערל זענען געבליבן לעבן.

זעט אויס, אַז די פּאָעמע, ווי אַ ווייגעשריי, האָט געווירקט, מ'זאָל אין 1975 אויפשטעלן אַ דענקמאָל די קדושים פון באַבי יאַר — לויטן רוסיש־סאָוועטישן

פרינציפ: נישט אַרויסצוהייבן דעם אומקום פון ייִדן, נאָר פּאַראַלגעמיינערט — רוסן, איינגעשלאָסן ייִדן...

דער דענקמאָל איז אויפגעשטעלט געוואָרן, ווי עס איז איבערגעגעבן, ביים אַריינגאַנג צו אַ פּאַרק, וואָס איז געפּלאַנצט געוואָרן אויפן אָרט פון דעם מאַסן־קבר — אַ דערמאָנונג פאַר די קומענדיקע דורות.

נאָך 20 יאָר איז געשטעלט געוואָרן אַ מאָנומענט אין באַבי־יאַר, אָבער נישט צו דערמאָנען, אַז דאָרט זענען אומגעקומען 80,000 קיעווער ייִדן. דער מאָנומענט באַערט די אומגעקומענע סאָוועטישע בירגער פון אוקראַיִנע.

אין דער ריי פון סאָוועטישע ליבעראַלן, קעמפערס פאַר פרייהייט און רעכט פאַר יעדן בירגער, געפינען זיך אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי דער וויסנשאַפטלער איוואַן פעדאָראָוויטש מאַרטינאָוו, דער אַקאַדעמיקער אַנדרעי סאַכאַראָוו, און דער נישט־לאַנג־פאַרשטאָרבענער פיזיקער, פּיאָטר קאַפּיצאַ (געשט. אין עלטער פון 89 יאָר). זיין תּלמיד סאַכאַראָוו פאָלגט אים נאָך סיי אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט, סיי אין זיין קאַמף פאַר פרייהייט.

פּיאָטר לעאָנידאָוויטש קאַפּיצאַ איז געבוירן געוואָרן אין קראָנשטאַט (פּאָרט ביי לענינגראַד) אין 1894 און באַלד פון זיין יוגנט, באַוויזן גאונישע פעיקייטן.

קאַפּיצאַ איז באַפריינדט געוואָרן מיט ייִדישע אינטעלעקטואַלן אין רוסלאַנד און שפּעטער אין ענגלאַנד און האָט מקרב געווען ייִדישע וויסנשאַפטסלייט. ווען ער איז אין די דרייסיקער יאָרן צוריקגעקומען און שוין געמוזט פאַרבלייבן אין רוסלאַנד, האָט ער אַריינגענומען אין זיין לאַבאָראַטאָריע ייִדן. ער איז באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ גרעסערער צאָל אויסצייכענונגען, אַריינגערעכנט דעם נאָבעל־פּרייז פאַר זיינע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען. ער איז אָבער תּמיד געווען מיט די רעבעלירנדיקע, נישט געקוקט וואָס די סאָוועטן האָבן זיך באַמיט אים אָוועקצורייסן פון די רעבעלן.

אַנדרעי סאַכאַראָוו (געב. 1921, שוין נאָך דער רעוואָלוציע) — ער איז געגאַנגען אַ ביסל ווייטער פון זיין רבין: ער האָט געוואָגט אַרויסצוקומען מיט אַ מאַניפעסט, רופנדיק דאָס רוסישע פאָלק צום קאַמף פאַר מענטשנרעכט. דער גרויסער פיזיקער, וואָס האָט אין 1975 באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע, שטעלט איין זיין לעבן, ווי די אַמאָליקע פרייהייטס־קעמפערס אין צאַרישן רוסלאַנד אין אַ פּראָטעסט קעגן דער פירערשאַפט אין קרעמל. זיין שטראָף — איזאָלאַציע (פאַרשיקט קיין גאָרקי, ווייט פון מאָסקווע)... ער איז אָבער נישט געבליבן איזאָלירט. די גאַנצע דעמאָקראַטיש־ליבעראַלע וועלט איז געווען מיט אים. ער איז איינער פון די געציילטע, וואָס פאָלגט נאָך די שיטה פון טאָלסטאָי, אַז פּאָליטישע פּראָבלעמען

דאַרפֿן געלייזט ווערן פֿון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, אַז דער מאָראַלישער עלעמענט דאַרף דיקטירן.

אַנדרעי סאַכאַראָוו האָט אויך אַרויסגעוויזן העלדישקייט מיט זיין איינשטעלן זיך פֿאַר ייִדישע אַקטיוויסטן. אין איינער פֿון זיינע דעקלאַראַציעס דריקט ער זיך אויס: "מאָראַלישע אורטיילן, צוזאַמען מיטן אומאָפּהענגיקן דענקען, שטעלן מיט זיך פֿאַר קאָמפּליצירטע און סתּירותדיקע פּראָבלעמען... היינט, ווי אַלע מאָל, גלויב איך אין דעם כּוח פֿון שׂכל־הישר אין מענטשלעכן גייסט".

סאַכאַראָוו וועט אָן ספק בלייבן אַ מוסטער לדורות, מיט זיין מענטשן־פֿריינדשאַפֿט און מיט זיין שטעלן זיך אויף דער זייט פֿון די ייִדן, וועלכע בעטן אַ דערלויבעניש צו פֿאַרלאָזן דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דרך־אגב: די טאָכטער פֿון זיין צווייטער פֿרוי האָט חתונה געהאַט מיט אַ ייִד, דעם אינזשעניר רעמאַ פֿייגין און זיי וווינען אין אַמעריקע.

אין דער ריי פֿון חסידי אומות העולם, געפֿינען מיר, ווי שוין דערמאָנט, דעם גרויסן רוסישן מוזיקער דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש. ער האָט אַ וואַרעמע באַציִונג צו ייִדן, צו ייִדישער מוזיק און איז פֿאַראינטערעסירט אין ייִדישן פֿאָלקלאָר.

א. פֿאָרשער [35], אין אַ אָפּהאַנדלונג וועגן "שאָסטאַקאָוויטשן און זיינע ייִדישע מאָטיוון", גיט איבער געוויסע איינצלהייטן וועגן דעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר און זיין באַציִונג צו ייִדן, ציטירנדיק פֿון זיינע מעמואַרן, אין וועלכע ער דערציילט, אַז ער איז "תּמיד געווען פֿאַראינטערעסירט אין ייִדישן פֿאָלקלאָר".

"אין 1962" — שרייבט אַ. פֿאָרשער — "האָט ער (שאָסטאַקאָוויטש), געשאַפֿן זיין דרייצנטע סימפֿאָניע, אין וועלכער ער האָט אַריינגענומען יעווגעני יעווטושענקאָס באַרימט געוואָרן ליד 'באַבי יאַר'. ער איז צוליב דעם געקומען אין אָפֿענעם קאָנפֿליקט מיט דעם רוסישן רעזשים, וואָס איז שוין געווען אונטער כרושטשאָווס שטיוול און נישט אונטער סטאַלינס. כרושטשאָוו האָט גלייך נאָך דער פּרעמיערע פֿאַרבאָטן ווייטער אויפֿצופֿירן די סימפֿאָניע, צוליב די פּראָ־ייִדישע געפֿילן וואָס זי האָט אַרויסגערופֿן ביי די צוהערער.

"זיין דראַנג צו שאַפֿן אויף ייִדישע טעמעס — שרייבט שאָסטאַקאָוויטש — איז נישט געווען נאָר צוליב דער שיינקייט און אייגנאַרטיקייט פֿון דער ייִדישער מוזיק... ער האָט דאָס באַטראַכט ווי זיינעם אַ מאָראַלישן חוב:

"איך מעסט אָפּט אַ מענטשן — שרייבט ער — לויט זיין באַציִונג צו ייִדן... נישט געקוקט וואָס אַזוי פֿיל ייִדן זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די לאַגערן, איז אַלץ וואָס כ'האָב געהערט וועגן ייִדן געווען: 'די זשידעס זענען אַנטלאָפֿן קעמפֿן אין טאַשקענט' און ווען מען האָט געזען אַ ייִדן מיט מיליטערישע אויס־צייכענונגען, האָט מען אים נאָכגעשריגן: 'זשיד, וווּ האָסטו געקויפֿט די מעדאַלן'? אָט דעמאָלט האָב איך געשריבן מיין פֿידל־קוואַרטעט, דעם ייִדישן ציקל און דעם

פערטן קוואַרטעט. קיין איינע פון זיי האָט מען אָבער נישט געטאָרט אויפפירן ביז נאָך סטאַלינס טויט..."

א. פאַרשער גיט איבער, אַז אין זיינע מעמואַרן האָט שאָסטאַקאָוויטש געשריבן:

"די ייִדן זענען פאַר מיר געוואָרן דער סימבאָל פון דער מענטשהייט. די שוצלאָזיקייט פון דער גאַנצער מענטשהייט האָב איך געזען אין זיי. נאָך דער מלחמה, האָב איך זיך באַמיט אָט דאָס געפיל איבערצוגעבן אין מיין מוזיק..."

אינטערעסאַנט איז, אַז צווישן סאָוועטישע פּאָעטן, געפינט זיך איינער, אַלעקסאַנדער בעלאָוסאָוו, וועלכער שרייבט לידער אין ייִדיש. אַ נישט־ייִד — אין עלטער פון אַרום דרייסיק יאָר — אין דער היינטיקער סאָוועט־רוסלאַנד, און ער שרייבט לידער מיט אַ טיף־ייִדישן אינהאַלט, ווי "ביבלישע רעמיניסצענצן", "פּליטים" און ענלעכע. דאָס איז אַ זעלטנקייט אין אַלע צייטן, בפרט אין דער היינטיקער צייט אונטער דעם סאָוועטישן אַטעיִסטישן רעזשים.

אָט די אַלע אויסגערעכנטע שריפטשטעלערס, פּאָעטן, וויסנשאַפטלערס — זיי זענען די שטערן איבערן רוסישן האָריזאָנט. זיי זענען די שענסטע זין פונעם רוסישן פאָלק. זיי זענען די צדיקים ביי די אומות העולם. אויף זיי איז געזאָגט געוואָרן "ויבא גוי צדיק" — לויט יהדות־אויפפאַסונג, וועלן זיי געניסן עולם הבא און וועגן אַזעלכע האָט דער נביא געזאָגט: "פּתחו שערים ויבוא גוי צדיק שומר אמונים — עפנט די טויערן און זאָל אַריינגיין דאָס גערעכטע פאָלק וואָס היט געטריישאַפט... 36".

## ו. דייטשלאַנד דאָס קלאַסישע לאַנד פונעם אַלטן און נייעם אַנטיסעמיטיזם. — שטימען פון ליבעראַליזם. — קעמפערס קעגן נאַציזם.

דייטשלאַנד, די מדינה פון קולטורעלע אַריער, שטעלט מיט זיך פאָר אַ מקום מוכן פאַר יעדן סאָרט אַנטיסעמיטיזם, פונעם אינטעלעקטועלן ביזן זאָאָלאָגישן, אַ ייִדנהאַס אין אַ פאַרמעסט צו ליקווידירן און אָפּווישן די ייִדישע ראַסע. צו אונדזער גליק און, אַ דאַנק דער השגחה העליונה, איז דאָס זיי נישט געלונגען.

אין משך פון יאָרהונדערטער איז אָנגעגאַנגען דער כּלל אַז "מדייטשלאַנד תּפּתח הרעה". די דייטשישע אַנטיסעמיטן האָבן פאַרשפּרייט האַס־ליטעראַטור אין דער גאַנצער וועלט, פאַרסמט די מוחות פון נאָענטע און ווייטע.

דער דייטשישער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך באַפעסטיקט אין די אוניווערסיטעטן, אין רעגירונגס־קרייזן, ביי מלכות און ביים המון. ראָהלינג, טרייטשקע, זאָמבאַרט און אַנדערע האָבן געלערנט זייערע סטודענטן די אַנטיסעמיטישע לערעס, און פון די אוניווערסיטעטן איז דער חיישער אַנטיסעמיטיזם אַרויס אין גאַס און געהעצט דעם המון.

דער דייטשישער קעניג ווילהעלם דער 2טער, ווערט דערציילט, איז אויפגע־

נומען געוואָרן אין ירושלים מיטן גרעסטן כבוד. מ׳האָט פאַר אים געמאַכט אַ מלוכה־וועג פון חיפה ביז ירושלים. אין ירושלים האָט מען אויסגעפוצט דעם אַריינקום מיט דער לאָזונג: "ברוך הבאָ בשם ד׳ ברכנוכם מבית ד׳". ער האָט דאָך געחלומט צו ווערן דער הערשער איבער פּאַלעסטינע. ער האָט געוווסט, אַז דאָס קען ער דערגרייכן דורך אהבת־ישראל, ביי זיך, אין זיין אימפּעריע, און אין ארץ־ישראל, וואָס איז תּמיד געווען די האָפענונג ביי יידן זיך אומצוקערן צו זייער לאַנד. ער האָט געוואָלט זען דעם כבוד. וואָס מ׳האָט אים צוגעטיילט, אָבער זיין האָרץ איז נישט געווען "פול מיט פרייד". ער האָט נישט פאַרגונען יידן צו בויען און באַנייען זייער היים אין "לאַנד פון די אָבות".

ווען די פּאָליטיק האָט דיקטירט אַז ס׳לוינט זיך אים אויפצונעמען הערצלען, צו שטיצן דעם ציוניסטישן אידעאַל, האָט ער דורך זיינע דיפּלאָמאַטישע שליחים, פאַרשפּרייט איבער דער וועלט, זיך געחנדלט צו יידן, פּרעטענדירט, אַז ער מיינט בלויז די טובה פאַר יידן. ווען די פּאָליטישע ליניע האָט זיך געענדערט, האָט ער צוריקגעצויגן דעם צוזאָג אויפצונעמען הערצלען אויף אַן אודיענץ (נאָוו. 2, 1897), וואָס איז פריער געווען באַשטימט מיט אַלע הכנות. ווען ער האָט אים שוין אויפגענומען צוליבן דרוק פון שתדלנים, האָט ער זיך צו אים באַצויגן זייער קאַלט.

בעתן גרייטן זיך צו דער נסיעה אין הייליקן לאַנד האָט ער געזאָגט, אַז ער וויל זיך זען מיט הערצלען. ווען ער איז געווען אין ארץ־ישראל, האָט ער אַרויסגעוויזן באַגייסטערונג פון די אַרטיקע אויפנאַמעס און גערעדט מיט לויב וועגן דעם ציוניסטישן אידעאַל. פּריוואַט האָט ער זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון מאַכן אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען. ווען בישאָף בלייט, זיין באַגלייטער, האָט געזאָגט אין זיין אַנוועזנהייט אַז ער גלייבט אין דער יידישער צוקונפט אין הייליקן לאַנד, איז ער אין כעס געוואָרן: "ווי קענסטו טראַכטן, יידן זאָלן האָבן אַ צוקונפט דאָרט, ווו זיי האָבן געקרייצט אונדזער גאָט..." ער האָט דערביי צוגעגעבן: "אין אונדזער לאַנד איז דאָס גאַנצע געלט אין זייערע הענט..."[1].

קייזער פראַנץ יאָזעף (1830—1916) דאַקעגן איז געווען אַן אוהב־ישראל און אַ מענטש וואָס האָט געוואָלט, אַז אין זיין אימפּעריע זאָל הערשן יושר פאַר אַלע בירגער. ער קען באַטראַכט ווערן ווי אייגער פון די חסידי אומות העולם אין דער דייטש־רעדנדיקער "העמיספּערע".

ווען ער איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין ירושלים, האָט מען אים טיטולירט "מלך־ירושלים" (אַ צו הויכער טיטל). יידן אין דער עסטרייכישער אימפּעריע האָבן אים צוגעגעבן דעם שבח: "הקיר"ה — הקיסר ירום הודו".

דער ליבעראַלער קעניג האָט געגעבן בירגערלעכע רעכט די יידן פון פּוילן־גאַליציע, פון אונגאַרן, טשעכיע, סלאָוואַקיע — אומעטום, ווו ס׳האָט דערגרייכט זיין שליטה. ער האָט אויך אויסגעטיילט ערן־טיטלען צו יידן. אין 1869 האָט ער

באַזוכט ארץ־ישראל, געווען אין ירושלים און אַנדערע שטעט. ייִדן האָבן אים אויפגענומען מיטן גרעסטן כּבֿוד און ער האָט אויסגעדריקט דאַנקבאַרקייט נישט בלויז מיט ווערטער, נאָר מיט מ ע ש י ם. דעם רבֿ, ראשון לציון ח״ד חזן און אַנדערע פון דער ספרדישער און אַשכּנזישער עדה, האָט ער צוגעטיילט הויכע טיטלען; אייניקע דעם העכסטן טיטל, דעם פּראַנץ יאָזעף־אָרדן [2]. אַנדערש איז געווען דער מצבֿ אין דייטשלאַנד: די רעגירונג, די קירכע, די אינטעליגענץ — אַלע זענען געווען אָנגעשטעקט פון דער אַנטיסעמיטישער מחלה.

מאַרטין לוטער (1483—1546), דער אידעאָלאָג־טעאָלאָג פון דער לוטעראַניש־פּראָטעסטאַנטישער באַוועגונג, איז געווען דער באַקעמפער פון קאַטוילּיציזם, געקעמפט קעגן וואַטיקאַן און ווערט באַטראַכט ווי דער פאָטער פונעם מאָדערנעם קריסטנטום. וואָס שייך ייִדן איז ער געווען דער אַרכי־אַנטיסעמיט, געשריבן און זיך באַנומען מיט זלזול קעגן ייִדן, זיך באַנוצט מיט כּל־מיני אינסינואַציעס וואָס פּאַסן נישט פאַר אַ פרייִדיקער פון רעליגיע [3].

באַקאַנט איז דער אַנטיסעמיטישער אַקט מיטן ייִד יוסף בן יששכר זיסקינד (באַוווּסט מיטן נאָמען ״ייִד זיס״ געב. היידלבערג, שנ״ז) אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ מיוחסדיקער משפּחה אין דייטשלאַנד, וואָס האָט געצויגן איר קייט 300 יאָר לעבן אין דייטשלאַנד, איז דער ״ייִד זיס״, דער פינאַנציעלער ראַטגעבער פון אָרטיקן הערצאָג קאַרל אַלעקסאַנדער, געווען אַ מקורבֿ צו דער עליטע און מסתּמא זיך אויסגעמישט מיט זיינע דייטשישע פריינד. אָבער די קנאה מצד דער נישט־ייִדישער געזעלשאַפט האָט נישט גערוט.

ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און מ׳האָט אויסגעטראַכט אַ מסירה, אַז ער האָט באַרויבט די רעגירונג. די שונאים האָבן דערגרייכט דאָס זייעריקע: דעם 4טן פעב., 1738 האָט מען אים געשלאָסן אין קייטן, געפירט אין אַ שטייג צו דער תּפיסה מ׳האָט אים פאַרמשפּט צו תּליה אין שטוטגאַרט.

דער דאָזיקער ייִד איז ווייט געווען פון פרומקייט. ער האָט געלעבט אַ הפקרדיק לעבן, ווי אַלע דייטשישע באַאַמטע. ער איז געווען דערווייטערט פון ייִדן, געפירט ליבעס מיט נישט־ייִדישע פרויען. ער האָט אָבער געטאָן אַ סך גוטס דורך זיין שתּדלנות פאַר ייִדן.

מיטן משפּט איבער דעם ייִד האָבן די אַנטיסעמיטן געצילט צו משפּטן דאָס ייִדנטום. אַגבֿ, ווי היסטאָריקערס גיבן איבער, איז ער געוואָרן אַ בעל־תּשובֿה אין די יאָרן ווען ער איז געזעסן אין תּפיסה און געהערט פון די פאַלשע באַשולדיקונגען.

ס׳איז דעריבער נישט קיין ווונדער וואָס דער אַנטיסעמיטיזם האָט געשלאָגן אַזעלכע טיפע וואָרצלען אין דעם א״ג ״קולטורעלן״ דייטשלאַנד. ס׳האָט נישט געהאָלפן דער ליבעראַליזם פון די דייטשישע ייִדן; ס׳האָט נישט געהאָלפן די אַסימילאַציע, די געמישטע חתונות, דער שמד פון מאַסן ייִדן; ס׳האָט נישט געהאָלפן

דער פּאַטריאָטיזם פון דייטשישע ייִדן, באַזונדערס פון די נאָכפאָלגערס פון דער השׂכּלה־באַוועגונג, דאָס וועלן אַרויס פון געטאָ און זיך אויסלעבן צוזאַמען מיט די דייטשן. ייִדן האָבן געטאָן אַלץ, וואָס איז מעגלעך געווען, צו האָבן אָן אָנזען אין די ״הויכע פּענצטער״, מאָדערניזירן די היים, די שול־ריטואַלן, אַריינפירן דעם ״אָרגל״ אין טעמפּל, ענדערן דעם תּפילות־סיסטעם לויט דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע [4]; מ׳איז אַפילו דערגאַנגען ביז שמד, ווי עס האָט געוויזן אַ מוסטער פעליקס מענדעלסאָן. די נאַציס האָבן אָבער דורגעפירט זייערע גזירות פון אומקום אַפילו איבער די אַסימילירטע, געשמדטע ייִדן.

געווען אין אַלע צייטן חסידי אומות העולם אַפילו אין דייטשלאַנד. אָבער דאָס זענען געווען יחידים, איינצלנע אויסנאַמען.

דער ״גרעסטער דייטש״ — אַזוי האָט אים אָנגערופן פרידריך ענגעלס — איז געווען יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע (1749—1832). ער איז אָן ספק געווען דער גרעסטער דייטשישער דיכטער. ער איז געווען פאַראינטערעסירט אין ייִדן, צו קענען ייִדן, צו קענען לערנען ייִדישע מנהגים, ייִדיש לשון, העברעיִש און ייִדיש. אַזוי שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע. און דאָך — יאָ, און דאָך, איז ער ווייט געווען פון זיין אָן אוהבֿי־ישׂראל.

וואַלד קאָרן שרייבט [5]: ״...געטע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף אויסלערנען זיך ייִדיש; ער האָט אַפילו אָנגעשריבן ליטעראַרישע שאַפונגען אויף דער דאָזיקער שפּראַך... אַרום 1770, האָט געטע אָנגעשריבן אַ דערציילונג, אין דער פאָרם פון אַ בריוו אין פאַרשיידענע שפּראַכן, צווישן זיי, אויך אין דער ייִדישער שפּראַך...״ ״געטע האָט געשעצט די ייִדישע שפּראַך, שטודירנדיק און באַנוצנדיק זיך מיט ייִדיש, דערמיט האָט ער זיך אויפגעהויבן איבער די פאָראורטיילן פונעם רעזשים... וועמעס קרבנות, ס׳זענען אויך געווען ייִדן...״

מ׳קען נישט זאָגן אַז געטע האָט געהאַסט ייִדן; מ׳קען אויך נישט זאָגן, אַז ער האָט ליב געהאַט ייִדן. מ׳קען אויך נישט זאָגן, אַז ער איז געווען באַהערשט פון די צדק־און יושר־פּרינציפּן. מ׳זעט ביי אים זיגזאַגישקייט. אַ מאָל לויבט ער ייִדן און אַ מאָל איז ער מבֿטל ייִדן; אַ מאָל רעדט ער מיט חשיבֿות וועגן ייִדן און אַ מאָל מיט חוזק. ער שאַצט הויך דעם תּנ״ך און איז באַגייסטערט פאַר דעם ״נייעם טעסטאַמענט״, פאַר דער עוואַנגעליע.

די פּאָלעמיק צי געטע איז געווען אַ ייִדן־פריינד אָדער נישט, איז נישט ניי: ס׳זענען נאָך היינט דאָ חילוקי־דעות. ביי די נאַציס ימ״ש איז ער געווען אַ ייִדן־פריינד — מ׳האָט אים אַרויסגענומען פון די טעקסטביכער פאַר די שולן. ביי אַנדערע איז ער באַטראַכט געוואָרן אויב נישט פאַר אַ שׂונא־ישׂראל, ווייט אָבער פון אַן

אוהב־ישראל. אַ דריטע מיינונג איז אַז נישט געקוקט אויף זיינע שמייכלדיקע רייד, איז ער געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט.

מען קען זאָגן אַז ער איז געווען ביידע: צוויי נשמות אין איין גוף. ער האָט רעספּעקטירט ייִדן און דאָך געווען אַנטי־ייִדיש און ער האָט מורא געהאַט פאַרן ווּקס און השפּעה פון ייִדן אויף דער ריינער אַרישער ראַסע.

ד״ר העשיל קלעפּפּיש [6] פאַרנעמט זיך מיטן פּראָבלעם ״געטע״, רעצענזירנדיק דאָס ווערק פון פּראָפ׳ מאַרק וואַלדמאַן ״געטע און ייִדן״, אין וועלכן ער שרייבט, אַז געטע האָט פאַרערט ייִדן, פאַרערט דעם תּנ״ך וואָס האָט אויף אים געהאַט אַ געוואַלטיקן איינפלוס. ער ציטירט געטעס אַ בריוו צו זיין מוטער:

״... נאָר דעם תּנ״ך האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין מאָראַלישע אויסבילדונג... אַ דאַנק דער ביבל עפנט זיך מיין האַרץ פאַר די ליידן פון ייִדן...״ ער איז ממשיך: ״די ייִדן זענען פאַרבליבן דאָס אויסדערוויילטע פאָלק. זיי זענען מענטשן... מען מוז שעצן די עקשנות מיט וועלכער זיי קלאַמערן זיך ביי זייערע מנהגים״.

און ווייטער: ״די וועלכע שאַצן אָפּ געטען אין זיין גאַנצקייט, זעען אין אים אויך אַ שׂונא־ישׂראל. ער איז באַהערשט געווען סיי פון אהבת־ישׂראל און סיי פון שׂנאת־ישׂראל. אַפילו ביי אַזאַ גייסטיקן ריז איז דאָס מעגלעך געווען. נישט בלויז מיט רייד און גאָר אָפּט מיט מויל־מעשׂים זיך אויסגעדריקט מיט באַשולדיקן ייִדן און מיט ניט־וויניקער צינישקייט, ווי די נאַציס אין אונדזער ציים״.

העשיל קלעפּפּיש מאַכט דעריבער דעם באַרעכטיקטן אויספיר:

״... יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע איז קיין מאָל נישט אַרויסגעטראָטן עפנטלעך צו פאַרטיידיקן ייִדן. זיין וואָרט האָט געקענט זיין אַנטשיידנדיק, געטע איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן אין זיין צייט... ער האָט געקענט אַ סך לייסטן פאַר ייִדן. ער האָט עס נישט געטאָן, אָבער ער האָט דערפאַר עפּעס ערגערס געטאָן: ער איז ק ע ג ן ייִדן יאָ אַרויסגעטראָטן... דער זעלביקער געטע האָט אין פאַרשיידענע צייטן פון זיין לעבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום נידעריקן, ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם... געטע האָט די פראַנקפורטער ייִדן געקענט... ער זאָגט זיך דאָך אַרויס קעגן די ייִדן־פריינדלעכע געזעצן. ער האַלט, אַז ייִדן דאַרפן נישט באַקומען קיין בירגערלעכע רעכט, אַז די באַוועגונג גלייכצובאַרעכטיקן ייִדן, איז אַ שטיקל אַרבעט פון ׳מעכטיקן געלט־ייִד ראָטשילד׳... ער לאַכט אויס יענע סענטימענטאַלע דייטשן, וואָס שטעלן זיך אויף דער ייִדישער זייט. ייִדישע גלייכבאַרעכטיקונג — דריקט ער זיך אויס — איז אַ פּוסטער הומאַניטעט־קוואַטש״.

און ווייטער:

״צוויי נשמות זיצן אין מיין ברוסט — שרייבט אויף זיך געטע — און דאָס וואַרפט אַ ליכט אויף זיין סתּירהדיקער שטעלונג צון ייִדן...״ אין געטען האָבן זיך געראַנגלט צוויי אידעעס־וועלטן. פון איין זייט האָט ער געפילט אַ פאַרערונג פאַר

דער גרויסער עטישער לערע, וואָס גייט פון תּנ״ך; אָבער פון דער צווייטער זייט, איז ער געפאַנגען געוואָרן פון די גריכיש־העלענישע געדאַנקען... דערפון די ווידערשפרוכן, די סתירות״.

ס'איז נישט וויכטיק און נישט נויטיק אַריינצוגיין און אַרויסהייבן אַלע מיינונגען וועגן געטען. זיכער איז, אַז ער געהערט נישט אין דער קאַטעגאָריע, אָדער כאַראַקטעריזאַציע פון אַ חסיד אומות העולם. דער גרויסער דיכטער ביים אַרישן פאָלק, איז געווען באַהערשט פון אַן אומפאַרשטענדלעכן ראַסיזם, ווי לודוויק בערנע[7] האָט אים ריכטיק אָפּגעשאַצט: ״ער איז דער גרעסטער קינסטלערישער געני און דער גרעסטער עגאָאיסט פון זיין לאַנד...״

אין זיין אַרבעט וועגן בעטהאָווען, שרייבט עקיבאָ פישבין[8] אַז ״דער דיכטער פון ״פאַוסט״, האָט געוואַלטיק ליב געהאַט און פאַרערט דעם מוזיקער־קאָמפּאָזיטאָר פעליקס מענדעלסאָן־באַרטאָלדי און אַז היינריך היינע האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל באַגייסטערונג פאַר דעם ווייַמאַרער געניע, אַז ער האָט זיך אויסגעדריקט נאָך אַ באַזוך: ״איך קוש די הייליקע האַנט...״ אָבער, ביי יעדער געלעגנהייט האָט געטע קריטיקירט און זיך געכּעסט אויף לודוויק בערנע, בלויז ווייל דער לעצטער האָט מרמז געווען אויף זיין נישט־אויסגעהאַלטנקייט. אַנדערש אין כאַראַקטער און אין מעשׂים איז געווען דער מוזיקאַלישער גאון לודוויג וואַן בעטהאָווען (1770—1827), דער מוטיקער קעמפער... וואָס איז געווען ״אַ לייכט־טורעם... אַ קוואַל וואָס גיט פרישקייט און בטחון...״

עקיבא פישבין שרייבט צווישן אַנדערן: ״דער הומאַניסטישער האָריזאָנט פון בעטהאָוון, פורעמט זיך אויס אין לויף פון די ערשטע 22 יאָר, ווען ער האָט געלעבט אין זיין געבוירן־שטאָט באָן... אַפילו די דייטשע הומאַניסטן און אידעאַליסטן האָבן איגנאָרירט, פאַרשוויגן בעטהאָוונס באַציִונג צו ייִדן... דאָס איז דער סימן־מובהק פון בעטהאָוונס לעבן און שאַפן...[9]

אין יאָר 1784, ווען דער ריין איז אַריבער זיינע ברעגן, איז די ייִדישע געטאָ אין באָן, וואָס האָט זיך געפונען צופוסנס פון דער שטאָט, פאַרפלייצט געוואָרן. די קריסטלעכע איינוווינערס פון דער העכערער טייל שטאָט, האָט געראַטעוועט ווען מ'האָט געקענט, אַריינגענומען צו זיך. צי וואָלט דאָס פּאַסירט מיט הונדערט יאָר שפּעטער?

אין 17טן יאָרהונדערט איז דאָס פּראָגרעסיווע דייטשלאַנד געווען באַהויכט פון אַ הומאַניזם־ראָמאַנטיזם וואָס האָט אַרויסגעוויזן טאָלעראַנץ פון דער העכסטער מדרגה — אָבער בלויז פאַר אַ קורצן פּעריאָד.

די אַנטיסעמיטן פון סאָרט טרייטשקע און אַנדערע, צוזאַמען מיט די אינטעלעק־

טועלע ביבל־קריטיקערס, האָבן זיך פאַרנומען צו פאַרשפּרייטן שנאה צו ייִדן און אַ פינצטערער פאַנאַטיזם האָט געררייצט די דייטשישע מאַסן קעגן ייִדן.

טרייטשקע און זיינע נאָכפאָלגערס האָבן אַגיטירט אַז ייִדן זענען פרעמדע אין לאַנד, אַז ייִדן פאַראומרייניקן די ריינע ראַסע פון דייטשישן פאָלק; זיי האָבן געהעצט אַרויסצוטרייבן דעם דאָזיקן שעדלעכן עלעמענט; מיט איין מאָל פּטור ווערן פון ייִדן.

זייער פאַרוואָרצלטע שנאה האָט געהאַט די גרעסטע השפּעה און דערפירט אַז אין אונדזער צייט, זאָל דאָס דייטשישע פאָלק זיך לאָזן פירן פון אַ רוצחישער באַוועגונג, וואָס האָט געבראַכט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה און צום טראַגישן אומקום פון מיליאָנען ייִדן.

די טרייטשקעס און זייערס גלייכן האָבן פאַרוואַנדלט דייטשלאַנד אין דעם קלאַסישן לאַנד פון זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם. נאַצי־אַנטיסעמיטיזם איז נישט געווען קיין פּלוצלינגדיק־מאָמענטאַלע דערשיינונג. דאָס איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דורותדיקן סם, פאַרשפּרייט צווישן דייטשישע קעניגן, פירשטן, פּראָפעסיאָנאַלן, קירלעכע גייסטלעכע, אינטעלעקטואַלן.

ייִדן האָבן זיך געגנוג אָנגעליטן אין דייטשלאַנד, דורך פּאָגראָמען, אָנפאַלן, רדיפות, גירושים. נישט איין מאָל האָט אַ דייטשישער המון געשטראָמט מיט העק צו שטורעמען די ייִדישע געטאָ, ווי זיי האָבן זי גערופן, די "יודען־גאַסע". ייִדן האָבן דאָך באַוויזן, נישט געקוקט אויף באַגרענעצונג און שטערונג אויף טריט און שריט, צו שאַפן מיט דער גרעסטער אינטענסיווקייט אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער שעפערישקייט, ביז צום טראַגישן פינאַל.

ס'זענען אָבער געווען, אַזוי אין די אַמאָליקע צייטן און אַזוי אין די יאָרן פון נאַצי־הערשאַפט, מענטשן וועלכע האָבן געוואָלט זען אַ פולשטענדיק דעמאָקראַטיש דייטשלאַנד און גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע בירגער.

אויב אין דער צייט פון די נאַציס זענען די שטימען א י נ ג ע ש ט י ל ט געוואָרן מיט אַן אומפאַרשטענדלעכער שווייגעניש, האָבן זיך אין דייטשלאַנד אין פריערדיקע צייטן געהערט שטימען קעגן אַנטיסעמיטן, מיט זייערע פּלענער אומצוברענגען ייִדן פיזיש און גייסטיק.

מיר האָבן פריער דערמאָנט בעטהאָווענס ליבעראַליזם און ייִדן־פריינדלעכקייט. בעטהאָווען איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש, אַ ליבהאָבער פון מענטשן, אַ ליבהאָבער פון ייִדן און אַז ער געהערט צו דער רשימה פון חסידי אומות העולם.

אין דער דאָזיקער רשימה קאָן אָן ספק אַריינגענומען ווערן יאָהאַנעס רייכלין (1455—1522), וואָס האָט פאַרטיידיקט ייִדן קעגן דעם משומד־פעלשער און קרימינעלן פאַרברעכער יאָהאַן פעפערקאָרן, ווען די מאָנאַכן האָבן אויסגענוצט ווי זייער פירשפּרעכער קעגן תלמוד און ייִדישע ספרים.

געווען אַ משומד אין דייטשלאַנד מיטן נאָמען וויקטאָר פאָן קאַרבען, אַ געוועזענער רב, וואָס האָט געוואָלט נושא־חן זיין ביי קריסטן. איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ בוך קעגן יידן — און ס'איז נישט לייכט געווען איבערצוצייגן די אָפיציעלע אינסטאַנצן אין די ליגנס פון אָט דעם פאַרשוין.

ס'האָבן זיך צום גליק באַוויזן חסידי אומות העולם וועלכע זענען אַרויסגעקומען מיט באַווייזן וועגן דער פאַלשקייט פון אָט דעם משומד און אַנדערע משומדים. רייכלין האָט גענומען אַ נאָבעלע שטעלונג קעגן זייער פאַלסיפיצירן תלמודישע שטעלן. ער האָט געוווּנען אויף זיין זייט דעם פויפּסט לעאָן דער 10טן און דערמיט די קאַטוילישע קירכע, וואָס האָט מסכים געווען מיט רייכלינס שטעלונג. אָבער אינעם שטרייט צווישן מאַרטין לוטער און דעם וואַטיקאַן, האָבן יידן געליטן פוןביידע זייטן. בלויז געציילטע קריסטן האָבן זיך מוסר־נפש געווען צו באַקעמפן אי דעם קולטורעלן, אי דעם כוליגאַנישן אַנטיסעמיטיזם. זיי האָבן אַנערקענט די הויכע מאָראַל און די דערהויבענע עטיק פון תורת משה. נישט שטענדיק איז דאָס זיי געלונגען.

אין דער ריי פון חסידי אומות העולם קען מען צוגעבן דעם דייטשישן קריסט ווילהעלם געזעניוס (1786—1842), פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אויפן אוניווערסיטעט אין האַלע. מיט זיין "העברעיִשער גראַמאַטיק" האָט ער פאַרלייגט דעם יסוד פאַר דער מאָדערנער העברעיִשער דיקדוק־פאָרשונג; ער האָט פאַרעפנטלעכט ווערטער־ביכער, לעקסיקאָנען, געשיכטע וועגן לשון־התנ"ך און וועגן העברעיִש בכלל [10]. זיין "געשיכטע דער העברעיִשן שפּראַכע אונד שריפט" איז אַרויס, ווי עס ווערט געשאַצט, אין דרייסיק אויפלאַגעס.

אין דער דאָזיקער רשימה האָט אַן אָנגעזען אָרט עמנואל קאַנט (1724—1804) — דער גרעסטער דייטשישער פילאָזאָף, שעפער פונעם ווערק "קריטיק פונעם ריינעם שׂכל". אין זיין פילאָזאָפיע זעט מען דאָס, וואָס האָט אַ ווערט פאַר אונדזער העכערן לעבן ווי מענטשן מיט אַן אידעע. דאָס עטישע געזעץ איז לויט אים לעבעדיק אין דער מענטשלעכער נשמה, נאָך איידער מיר קומען אין באַרירונג מיט דערווירקלעכקייט, מיט דער דערפאַרונג. "אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיטן מאָראַלישן ווילן אָדער מיטן מאָראַלישן לעבן, באַצייכנט קאַנט אַלס די מאַניפעסטאַציע פונעם פּראַקטישן שׂכל [11].

"קאַנטס פילאָזאָפיע גיט דער אידעע די הערשנדיקע ראָל אין לעבן, אין קעגנזאַץ צו דער ריין מאַטעריאַליסטישער וועלט... דער מענטש איז דער שעפערישער האַר פון דער וועלט און זיין רצון איז דאָס געטלעכע אין אים... [12].

פּראָפ. שמואל הוגאָ בערגמאַן (1883—1975) אין אַן אָפּשאַצונג וועגן קאַנטן, באַהאַנדלט בעיקר זיין באַציִונג צו יידן. ער ווייזט אָן, אַז זי איז געווען אַ פּאָזיטיווע,

נישט געקוקט וואָס ער איז דערצויגן געוואָרן אונטער זיין מוטערס השפעה (אָן עקסטרעמיסטין אין דער קריסטלעכער אמונה).

קאַנטס השפעה איז אַריבער די גרענעצן פון קעניגסבערג, ווו ער האָט געלעבט און געשאַפן. ער האָט געווירקט מיט זיין לערע אויף אַזעלכע שעפערישע מענטשן ווי גאָטהאָלד אפרים לעסינג (1729—1781), פרידריך שילער (1759—1805) און אַנדערע גרויס־שעפערישע מענטשן וועלכע האָבן אין זייערע ווערק אַרויס־געבראַכט די טרוימען פון פרייהייט, פרייהייטס אידעען, טיפן הומאַניזם.

לעסינג, דער גרויסער אוהב־ישראל, האָט אין זיין גרויס ווערק "נתן דער חכם" (נאַטאַן דער ווייזע), אין זיין דראַמע "די יודען" און אַנדערע ווערק, געזען פאַר זיך דעם טיפּ פון אַן איידעלן און גרויסמוטיקן ייִדן. ער האָט געשילדערט דעם פאָטער פו דער השׂכּלה אין דייטשלאַנד, משה מענדעלסאָנען. ער האָט אין אים געזען אַלץ וואָס איז שיין און גוט — דעם גרויסן הומאַניסט.

גאָטהאָלד אפרים לעסינג איז אין אַ ריי פּרטים ענלעך צו שילערן: ביידע האָבן געקעמפט פאַר עטישע אידעען און עסטעטישע געזעצן אין דער ליטעראַטור און אין לעבן. דאָס עטישע אין זיין נאַטור האָט אים פאַרבונדן מיטן צווייטן עטיקער — משה מענדעלסאָן, דעם ייִדישן פילאָזאָף און פריידיקער פון קולטורעלער אַסימי־לאַציע. ביידע זענען געווען באַגייסטערט פאַר דעם "אָדם המעלה", ווי דער פאָטער פון דער השׂכּלה זעט עס דורך אַסימילאַציע אין דייטשטום, און לעסינג איז דערפון באַגייסטערט זעענדיק אין אים דעם "חכם".

אהרן צייטלין שרייבט: "נתן דער חכם איז דער אַפּאָטעאָז פון דעם טאָלעראַנטן, הומאַנישן מענטש... ער האָט אַרויפגעפירט אויף דער בינע אַ ייִד, נישט אין שיילאָק־געשטאַלט, נאָר אין געשטאַלט פון אַן אַלץ פאַרגעבנדיקן הומאַנישן מענטש..." "אין זיין דראַמע 'די יודען' ברענגט לעסינג אַרויס ווי דער ייִד איז דער איידעלער, אידעאַלער מענטש... דער אַריסטאָקראַט וואָס ליידט, פאַרשטייט און איז מוחל..." [13].

ווי אַזוי האָבן רעאַגירט דייטשישע קריטיקערס?

דירינג, דער געלערנטער אַנטיסעמיט, האָט געמאַכט חוזק פון לעסינגן, אָפּגעלאַכט פון זיינע דראַמאַטישע ווערק, אויסדריקנדיק זיך, אַז לעסינג איז אַ ייִד, לויט דער פּסיכיק. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַן אַנטי־לעסינג־בראָשור, צוליב מוראָ, די דייטשן זאָלן זיך נישט אָנשטעקן מיט לעסינגס אהבת־ישראל.

פרידריך ניטשע (1844—1900), דער אַנגעזעענער פילאָזאָף [14], איז ווייט אַוועק פון אָט דעם סאָרט הומאַניזם. ווי פיל אונדזערע פאָרשערס זאָלן זיך נישט באַמיען צו רעכטפאַרטיקן זיין פילאָזאָפיע, ווי ער דריקט זיך אויס אין זיין גרויס ווערק "אַזוי האָט געזאָגט זאַראַטוסטראַ", בלייבט ער אַלץ דער דענקער, וואָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דעם נאַציזם, געבויט אויף דער ראַסיסטישער טעאָריע,

וואָס האָט געזען אין דער גערמאַניש־אַרישער ראַסע, דעם "אויבערמענטש", וואָס דאַרף באַהערשן די וועלט.

געווען ייִדישע פּאַרטיידיקערס פון ניטשעס טעאָריעס. זיינע ווערק זענען עטלעכע מאָל איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעיִש און אין ייִדיש [15]. דוד ניימאַרק דער פאָרשער, היסטאָריקער און דענקער, ווייזט אָן [16], אַז מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, דער פילאָזאָף פון מיסטיציזם, איז געווען באַגייסטערט פון ניטשעס "אויבערמענטש" און ער איז נישט דער איינציקער וואָס איז געווען באַגייסטערט פון ניטשעס ווערק.

מיר זעען אָבער, אַז דער אידעאַל פון ניטשעס "אויבערמענטש", איז געזונקען אין אונדזער צייט, און געוואָרן אַן "אונטערמענטש" פון דער דייטש־אַרישער ראַסע. דער קלימאַקס פון ברוטאַלן אונטערמענטש איז געווען באַהערשן די וועלט און אומברענגען מיליאָנען. זיין ציל: טאָטאַלער אומקום פונעם פאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַ תורה פון עטיק, פון מאָראַל.

אין אַ לענגערער עסיי "ניטשע און קאַמף קעגן ייִדנטום" [17] באַמיט זיך דער טעאָרעטיקער און שייגגייסט חיים גרינבערג ע"ה (1897—1953) ריינצוואַשן ניטשען פון דער באַשולדיקונג, אַז ער זאָל האָבן אַ שייכות צום אַנטיסעמיטיזם, אוודאי נישט וואָס שייך דעם זאָאָלאָגישן נאַצישן אַנטיסעמיטיזם: "אויב נאַציזם איז דייטשער פּאַטריאָטיזם איז ניטשע... קיינמאָל קיין פּאַטריאָט נישט געווען"... "ער איז געווען אין די זיבעציקער יאָרן, אפשר דער איינציקער אינטער־נאַציאָנאַליסט אין דייטשלאַנד (זיין קורסיוו). ער האָט זיך שוין דעמאָלט אויסגעלאַכט פון אַלע פּלאַפּלערייען וואָס האָבן צו טאָן מיט ראַסן".

חיים גרינבערג נעגירט די באַשולדיקונג, אַז ניטשע זאָל האָבן פּראָפּאַגירט די אידעע פון אַ דייטשישער אויבער־ראַסע. אויב ער האָט זיך אַ מאָל באַנוצט מיט אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן, איז עס געווען צופרידנצושטעלן זיין פריינד דעם אולטראַ־אַנטיסעמיט ריכאַרד וואַגנער און ער איז אַ ביסל באַהערשט געוואָרן פון זיין סביבה. חיים גרינבערג ציטירט אַ בריוו וואָס ניטשע האָט געשריבן צו געאָרג בראַנדעס, צום "אינטערנאַציאָנאַלן ייִד": "דער אומגליק פון דער דייטשישער געשיכטע־שרייבונג און טעאָלאָגיע, איז פון טרייטשקעס אַנטיסעמיטיזם".

חיים גרינבערגן גייט אין לעבן צו באַווייזן, אַז ניטשע איז נישט געווען קיין אַנטיסעמיט. ווי אַ צוגאָבפאַקט גיט ער אָן, אַז ער האָט געהאַט אַ סך ייִדישע פריינד. דאָס זאָל זיין אַן איבערצייגנדיקער אַרגומענט? ער גיט צו, אַז "נישט קעגן ייִדן האָט ניטשע געצילט זיינע פיילן, נאָר קעגן ייִדנטום... ניטשעס אַנטיסעמיטיזם איז נישט ייִדנהאַס, נאָר אַן אייגנאַרטיקער ייִדנטום־האַס, זיין אַנטיסעמיטיזם איז אַ היסטאָריש־פילאָזאָפישער, אַ מאָראַליש־מעטאַפיזישער..."

וואָס דער חילוק איז, האָט בלויז גרינבערג געקענט פילאָזאָפירן...

חיים גרינבערג ברענגט אַ ראיה, אַז מיכה יוסף בערדיטשעווסקי (1865—1921),

איז אין זיינע ניטשעאַנישע יאָרן געווען פּאַרקאָכט און אין גאַנצן פאַרכאַפּט פון ניטשעס פילאָזאָפיע.

מיר קענען נישט אָננעמען אָט די באַווייזן; ס'איז אַ מאָל ערגער אַ "פילאָזאָפישער" אַנטיסעמיט, ווי אַ פּשוטער. דער לעצטער קען זיך ענדערן אָבער נישט דער ערשטער, וואָס איז פילאָזאָפיש אַנטי־ייִדיש. וואָס איז דער חילוק צי ער איז קעגן יהדות, צי קעגן ייִדן?

מעגלעך, ווי גרינבערג פירט אויס, אַז ניטשעס גאַנץ לעבן (איידער ער איז אַריינגעפאַלן אין משוגעת), איז געווען אַ געראַנגל "צווישן צוויי זעלן אין זיין ברוסט", צווישן חסד און גבורה — און מיר קענען צוגעבן, אַז ער האָט דווקא געוואָלט זען דעם אַרישן איבערמענטש מיט גבורה. גבורה און חסד זענען אַנטיטעזן און ער האָט געווירקט, אַז די דייטשן זאָלן זיך אָנכאַפּן אין דער אידעע פון אַן "איבערמענטש" וואָס הערשט מיט גבורה.

מיר זאָלן אַפילו אָננעמען גרינבערגס באַהויפּטונג, אַז ניטשע קערט זיך לחלוטין נישט אָן מיט נאַציזם־אַנטיסעמיטיזם, אַז זיין באַגייסטערונג פאַר דעם אַלטן טעסטאַמענט, זיין פאַרהערלעכונג פאַר דעם אַלטן ייִדישן געניוס זאָל זיין אַ פאַקט, אין דער רשימה פון די חסידי אומות העולם האָט ער זיכער נישט קיין אָרט.

אַ שונא־ישראל איז געווען — ווי מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָנגעוויזן — קאַרל מאַרקס (1818—1883), דאָס איז די אָנגענומענע מיינונג ביי אַלע פאָרשערס און ס'זענען דאָ פאַקטן וואָס באַשטעטיקן די דאָזיקע מיינונג [18].

ד"ר דוד גלאַבוס פרעגט אָפּ די דאָזיקע באַשולדיקונג און פירט אויס [19]:

"...ניט נאָר איז מאַרקס ניט געווען קיין אַנטיסעמיט, נאָר ער האָט פאַרמאָגט אין אַן אויסערגעוויינלעכער גרויסער מאָס די צוויי פיינסטע שטריכן פון דעם ייִדישן טעמפּעראַמענט. וואָס זענען די דאָזיקע שטריכן? איין שטריך איז די גרויסע ליבע און רחמנות צום מיטמענטש, באַזונדערס דעם שוואַכן און אומגליקלעכן, און די פלאַמענדיקע אינדיגנאַציע קעגן די וואָס באַרויבן און אונטערדריקן אים...

"...לויט זיין טעמפּעראַמענט, זיין בליק אויף דער וועלט און מענטשן און לויט זיינע אידעאַלן, איז קאַרל מאַרקס געווען איינער פון די גרעסטע ייִדן פון אַלע צייטן... לויט זיין כאַראַקטער און דענקונגס־קראַפט, איז ער געווען רעוואָלוציאָנעריש געשטימט און קעגן די אַנאַרכיסטיש־רעוואָלוציאָנערע־עטישע פילאָזאָפיעס, ווי ער דריקט זיך אויס אין "קאָמוניסטישן מאַניפעסט" (דערשינען, פעב. 1848), אין זיין ביכל 'דלות פון דער פילאָזאָפיע' (דערשינען, 1847) קעגן פּרודאָנס לערעס. זיין וועלט־אָנשויונג איז דער קאָנסעקווענטער מאַטעריאַליזם און די טעאָריע פון קלאַסן־קאַמף..."

מיר האָבן בשעתו אָנגעוויזן אויף די פאַלשע הנחות פון ד"ר גלאַבוס, דעם גלויביקן מאַרקסיסט. איצט ווייסט מען, אַז נישט בלויז איז מאַרקס געווען אַ שונא

פון זיין אָפּשטאַם, נאָר אַז אויך זיינע מאַטעריאַליסטישע־רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס זענען נישט אויסגעהאַלטן, אַפילו פאַרפירעריש.

ס'איז אויך באַקאַנט זיין שלעכטער כאַראַקטער קעגן אַלעמען, אַפילו קעגן זיינע חברים און אַז ער איז ווייט געווען פון רחמנות און מענטשן־ליבע.

ער האָט געשטאַמט פון דורות רבנים אין דייטשלאַנד, אָבער אין עלטער פון זעקס יאָר איז ער צוזאַמען מיט זיינע עלטערן און די איבעריקע קינדער אָפּגעשמדט געוואָרן. ווען ער איז אויפגעוואַקסן, האָט ער פּשוט געהאַסט ייִדן.

אין 1844 האָט מאַרקס פאַרעפנטלעכט אַ ביכל ״צור יודענפראַגע״. באַשול־דיקט ער דאָרט ייִדן, אַז זיי זענען בלויז געלטמענטשן, אַז ייִדן האָבן געבראַכט דעם קאַפּיטאַליזם. עס פאַרדריסט אים, וואָס ״די קריסטן זענען געוואָרן ייִדן״ און ער האָט געוואָלט אָפּווישן יעדן זכר פון זיין אָפּשטאַם [20].

זיינע ביאָגראַפן באַמיען זיך צו פאַרענטפערן זיין דאָזיקן קוק דערמיט וואָס ער האָט נישט געזען קיין אַנדערע ייִדן אויסער די רייכע און דעריבער האָט ער זיך אויסגעדריקט אַז ״געלט איז דער ייִדישער גאָט״. זיי גיבן צו, אַז נישט געקוקט וואָס ער האָט אָפּגעלאַכט פון די אוטאָפּיסטן, איז ער דאָך באַאיינפלוסט געוואָרן פון שאַרל פוריע, דעם אוטאָפּישן אַנטיסעמיט. דער לעצטער האָט אויף די עלטערע יאָרן חרטה געהאַט און זיך דערקלערט פאַר אַן אוהב ישראל, פאַרטיידיקט די רעכט פון ייִדן זיך אומצוקערן אין זייער לאַנד.

ביידע תירוצים זענען נישט אויסגעהאַלטן: פאַר וואָס האָט ער נישט געלערנט פון פוריע די שוין געלאַסענע איבערטראַכטונגען וועגן ייִדן? פאַר וואָס האָט ער אָפּגעלאַכט פון דעם ייִדישן אַרבעטער־פירער אין דייטשלאַנד פערדינאַנד לאַסאַל (1825—1864)? פאַר וואָס האָט ער אָפּגעלאַכט פון זיין יוגנט־חבר משה העס (1812—1875) צוליב זיין אומקערן זיך צו זיין פאָלק?

פון מאַרקס זעקס קינדער האָט איינע זיך געהאַלטן נאָענט צו ייִדן, זיך באַטראַכט אַלס ייִדישקע — אָבער וועגן איר האָבן מיר שוין געשריבן [21]. צוליב אַן אומגליק־לעכער הייראַט איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

משה העס, אַזוי ווי מאַרקס, האָט געשטאַמט פון רבנים, געווען פון די גרינדערס פון ערשטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער גאָר אין גיכן צעשיידן זיך זייערע וועגן: ער זעט די וויכטיקייט פון אויסלייזן ז י י ן פאָלק, איידער ער פאַרנעמט זיך אויסצולייזן די וועלט — אַ ל ע פעלקער. ער ווערט דער אָנזאָגער, אין זיין ווערק ״רוים און ירושלים״ (1862) און אין אַ צאָל אַרטיקלען און בריוו, פונעם פּאָליטישן ציוניזם. ער ברייטערט אויס זיינע מחשבות וועגן דער גאולה פון ייִדישן פאָלק, וועגן דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער חשיבות אין יהדות, וועגן דער שטרעבונג צו ייִדישער אומאָפּהענגיקייט אינעם לאַנד פון די אבות...

משה העס האָט אויך געזען דאָס נ ע ג אַ ט י וו ע אין דער עמאַנציפּאַציע און

דאָס פּאָזיטיווע אין צוריקברענגען זיין פאָלק אויף דעם באָדן, וואָס געהערט צו אים, זינט די אבות האָבן אים באַטראָטן. ער זעט, ווי זיין פאָלק וועט זיין בכוח אַרויסצוברענגען זיין מאָראַליש־עטיש־סאָציאַל לעבן נאָר אין זיין אייגענעם לאַנד.

משה העס, געבוירן אַ ייִד, איז געשטאָרבן אַ ייִד און געענדיקט, ווי אַ פאַרלייקענער פון דער אַסימילאַציע.

ס׳זעט אויס, אַז שלעכטס ווירקט שטאַרקער ווי גוטס. דער יצר רע ביים מענטש האָט גובר געווען ביי די דייטשן. אַנשטאָט קאַנטס מאָראַל־פילאָזאָפיע האָט מער געווירקט ניטשעס גבורה־מאָראַל און שפענגלערס חיישקייט.

געווען אָבער ביי די דייטשן מענטשן וועלכע קענען האָבן אַן אַנגעזען אָרט אין דער רשימה חסידי אומות העולם, מענטשן וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש — און אַפילו אהבת־ישראל — לויט די פּרינציפּן פון הומאַניזם און טאָלעראַנץ. מיר האָבן פריער דערמאָנט עטלעכע פון זיי. אין דער דאָזיקער רשימה דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די געלערנטע, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו דערגרונטעווען זיך צו ייִדישן וויסן און ייִדישן לעבנסשטייגער, ווי יאָהאַן קריס־טאָף וואַגענזייל (1633—1705), וועלכער האָט געשאַפן אַ ווערק, ווי צו דערלערנען ייִדיש לשון; טעאָדאָר מאָמזען — באַרימטער דייטשישער היסטאָריקער — אַ ליבעראַלער מענטש [22]; הערמאַן־לעבערעכט שטראַק (1848—1922) און אַנדערע.

פון די הומאַניסטן אין דייטשלאַנד איז געווען דער שריפטשטעלער טאָמאַס מאַן. ער האָט תּמיד געזוכט דאָס עטישע און יושרדיקע אין מענטשנס לעבן. זיין "צויבערבאַרג" האָט אים געגעבן אַ וועלטנאָמען. ער ווערט באַטראַכט פאַר איינעם פון די באַדייטנדיקסטע דייטשישע שרייבערס. ער האָט געשטרעבט — געחלומט — צו פאַראייניקן די גייסטיקע פערזענלעכקייטן ביי פעלקער צו פאַרזיכערן דעם וועלט־שלום. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז ער געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זיין היימלאַנד.

אין אַן אָפּשאַצונג וועגן אים ווערט געזאָגט, אַז ער איז געווען "נישט נאָר אַ געניאַלער שרייבער... נאָר אויך אַ מענטש וואָס טרעט אַרויס קעגן יעדער באַגאַנגענער עוולה... אין "צויבערבאַרג", שילדערט ער אַ ייִדישע געשטאַלט. ער באַשעפטיקט זיך אין זיין ווערק "יוסף מיט זיינע ברידער" מיט ביבלישע געשטאַלטן און ער איז תּמיד ערלעך אין שילדערן דעם כאַראַקטער פונעם ייִד" [23].

אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע האָט ער אין עלטער פון 19 יאָר. זינט 1901 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ צאָל וויכטיקע קינסטלערישע ווערק. צו דער "הויכענישׁ" פון זיין קאַריערע האָט ער דערגרייכט מיט זיין "צויבערבאַרג", וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין ייִדיש דורך י. באַשעוויס־זינגער, און וואָס האָט אים, אין עלטער פון 54 יאָר, געבראַכט דעם נאָבעל־פּרייז.

אויך זיין ברודער היינריך פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין דער דייטשישער און אין דער וועלט־ליטעראַטור. — ביידע ברידער זענען ליבעראַל און גייסטרייך. היינריך מאַן (1871—1950) האָט נאָכגעפאָלגט, וואָס שייך אידעישקייט, זיין ברודער, אין אַ גאַנץ אַנדערן זשאַנער און אויך אין פּובליציסטיק. ווי זיין ברודער איז ער געווען אַ קעמפער קעגן דיקטאַטאָרישער הערשאַפט, קעגן קייזערטום מיט אונטערטאַנען, ווי ער האָט דאָס אַרויסגעבראַכט אין זיין ראָמאַן "דער טרייער אונטערטאַנער" (1914) און אין אַנדערע ראָמאַנען — גאָר באַזונדערס אין זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען, מיט וועלכע ער האָט באַוויזן משפּיע צו זיין אויף אַ גרויסן טייל פון דער אינטעליגענץ אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד. ער האָט געקעמפט קעגן פאַשיזם־נאַציזם און איז געווען געצוווּנגען אין 1933, צו פאַרלאָזן זיין היימלאַנד.

ווי פריער דערמאָנט, האָט לוטער אין אָנהייב גערעדט און געשריבן פּאָזיטיוו וועגן ייִדן, דערמאָנט אַז ישו הנוצרי איז פון ייִדישן אָפּשטאַם און מ'דאַרף ייִדן זיין דאַנקבאַר. ער האָט אָבער באַלד חרטה געהאַט און זיך פאַרנומען מיט רדיפות אויף ייִדן, אַז זיי זענען כּופרים, שטערערס פון קריסטנטום און געפאָדערט פון ייִדן פולשטענדיקן שמד.

די נאַציס, אין אונדזער צייט, האָבן אָן ספק געקראָגן די גוטהייסונג פאַר זייער אכזריות קעגן ייִדן אין די לערעס פון לוטערן. מען דאַרף אָבער דערמאָנען אַז ס'זענען געווען דייטשישע גייסטלעכע וועלכע האָבן געוואָגט זיך צו שטעלן קעגן די נאַציס. איינער פון די דאָזיקע איז געווען דער הויפּט־גלח, פרידריך גוסטאַוו עמיל מאַרטין ניעמעלער (1892—1984). ער האָט דורכגעמאַכט די מלחמה־יאָרן אין דעם טויטלאַגער דאַכאַו, געבליבן לעבן און אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן מלחמה.

דער דייטשישער טעאָלאָג איז געוואָרן אַ שטאַרקער פּאַציפיסט, געהאַלטן, אַז דורך מלחמה לייזט מען נישט קיין פּראָבלעמען. אין 1961, איז ער דערוויילט געוואָרן הויפּט פונעם קירכן־וועלטראַט. אין 1967, געקראָגן די העכסטע אויס־צייכענונג ביי די סאָוועטן — דעם סאָוועטישן לענין־פּרייז — און אין 1971, האָט מען אים צוגעטיילט דעם העכסטן כּבוד, באַשאָנקען מיט מעדאַלן פון דער דייטשישער בונדעס־רעפּובליק.

ס'דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז ניעמעלער איז פון די געציילטע גייסטלעכע אין דער קריסטלעכער וועלט, קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן און פון אַנדערע דענאָמי־נאַציעס, וואָס האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער נאַצי־ברוטאַליטעט, קעגן דעם פעלקערמאָרד, קעגן דעם אומברענגען די ייִדן... די אַנדערע גייסטלעכע אין דייטשלאַנד האָבן אַרויסגעוויזן אַז אומוילן צו ראַטעווען די וועלט פון נאַצי־

אכזריות; אַרויסגעוויזן אַ גלייכגילטיקייט צו דער אויסמאָרדונג פון אַ דריטל פון יידישן פאָלק, אָבער דאָס איז שוין אַ טעמע פאַר זיך.

פון די באַרימטע דייטשישע אַנטי־מיליטאַריסטן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען עריך מאַריאַ רעמאַרק. זיין ווערק איז אַ באַשולדיקונג קעגן די וועלכע האָבן אַרויפגעצוווּנגען דעם קריג. ער ווייזט אָן אויף דעם אומזין פון דעם וועלטקריג, אויף די ווילדע גרויזאַמקייטן. ווי ער זאָגט, איז זיין בוך "אויפן מערב קיין נייס", "נישט קיין באַשולדיקונג און נישט קיין ווידוי. עס איז בלויז אַ פּרווו צו אינפאָרמירן וועגן אַ דור, וואָס איז חרוב געוואָרן דורך קריג, אַפילו ווען ער איז ניצול געוואָרן פון זיינע גראַנאַטן..."

רעמאַרק שילדערט די שוליוגנט וואָס איז אַוועק אויף די פראָנטן כדי צו געווינען דעם אָרעאָל פון העלדישקייט, האָט אָבער דערביי אַלץ פאַרלוירן. "דאָס בוך — שרייבט ער — איז אומפּאָליטיש, עס איז אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג און אַ שילדערונג פון מלחמה און די ווירקונג וואָס מלחמה האָט אויף יונגע מענטשן".

זיין ווערק איז געווען אַ לעבעדיקער מאָנומענט איבער די מיליאָנען געפאַלענע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט געדאַרפט אַוודאי ווירקן נישט צו דערלאָזן אַ צווייטע וועלט־מלחמה. ס'איז אַזוי נישט געשען. מען דאַרף האָפן, אַז ס'וועט נישט קומען צו אַ דריטער וועלט־מלחמה, וואָס איז עלול אָפּצווישן דעם גאַנצן ציוויליזירטן כדור־הארץ.

הערמאַן־לעבערעכט שטראַק, וועלכן מיר האָבן פריער דערמאָנט, האָט אויך נישט סובל געווען די שנאה צום ייד און זיך באַמיט צו באַווייזן די פאַלשקייט פון עלילת־דם אין אַלטערטום און אין דער נייער צייט. אַ געלערנטער וואָס האָט געהאַט ידיעות אין תנ"ך, תלמוד און מדרש, האָט ער זיך פאַרמאָסטן קעגן די שונאי־ישראל און געפירט אַ העפטיקע פּאָלעמיק מיט די פאַרשפרייטערס פונעם שקר, אַז יידן נוצן בלוט אין מצות, אַז זיי הרגענען צוליב דעם קריסטלעכע קינדער.

דער עסטרייכישער שונא־ישראל אויגוסט ראָלינג האָט געהעצט די מאַסן קעגן יידן מיט די דאָזיקע שקרים און שטראַק האָט זיך פאַרמאָסטן (אין 1892) צו באַווייזן, אַז אַלץ וואָס ראָלינג שרייבט איז פּראָסטע פעלשונג. "איך דערקלער — שרייבט ער — אַז ראָלינג האָט באַוויזן זיין אומוויסנהייט אין דער יידישער ליטעראַטור פון תלמוד און מדרש, מיט וועלכע ער וויל אָפּנאַרן די אומוויסנדיקע".

ד"ר שטראַק האָט באַקומען די שטיצע פון דעם גרויסן געלערנטן פראַנץ דעליטש, וואָס האָט אים געהאָלפן באַווייזן, אַז די באַשולדיקונגען קעגן יידן זענען פאַלש און פאַרפירעריש. ער און זיינע מיטהעלפערס וועלכע האָבן אים געהאָלפן אָפּשוואַכן די העצעס קעגן יידן אין דייטשלאַנד, האָבן, צוליב זייער ערלעכקייט און אויפריכטיקייט באַזונדערס אין אַ לאַנד ווו דער אַנטיסעמיטיזם איז אַזוי שטאַרק

געוועזן אין דעם עליטע־קרייז, זיך געוויס פֿאַרדינט דעם טיטל „חסידי אומות העולם".

אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, נישט געקוקט אויף דעם צעפּלאַקערטן אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיך תּמיד געפֿונען מענטשן וואָס האָבן באַקעמפֿט דעם אַנטיסעמיטיזם און געקעמפֿט פֿאַר סאָציאַלן יושר. דער רייסטער פֿון אַזעלכע ווירקנדיקע כּוחות איז צו לאַנג און ס'איז גענוג די פֿריער־דערמאָנטע. כּדאַי צוצוגעבן דעם מאַרקסיסטישן אידעאָלאָג קאַרל קאַוטסקי (1854—1938), וועלכער האָט מיט אַלע זיינע מעגלעכקייטן געקעמפֿט קעגן שונאי־ישראל, פֿאַרטיידיקט גערעכטיקייט און אַגיטירט פֿאַר שלום.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ ד י י ט ש, אין דער ייִדישער אַרבעטער־און אַנאַרכיסטישער באַוועגונג, רודאָלף ראָקער (1873—1958), וועלכער איז געוואָרן אין די יאָרן פֿון זיין אַקטיוון לעבן, כּמעט אַ ייִד. ער האָט באַקעמפֿט פּראָפּ' זאָמבאַרטס מיינונג וועגן ייִדן, אַז זיי האָבן בלויז איין אידעאַל — געלט. ער האָט באַוויזן דאָס פֿאַרקערטע.

רודאָלף ראָקערס לעבן איז ווי אַ לעגענדע: אַ גוי ווערט רעדאַקטאָר פֿון אַ ייִדישער צייטונג אין לאָנדאָן; גיט אַרויס ביכער אין ייִדיש; שרייבט אָפּהאַנדלונגען וועגן ייִדישער ליטעראַטור; גיט אָפּ זיינע כּוחות פֿאַר דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג — אַן אוניקום אין דער ייִדישער און אַלגעמיינער געזעלשאַפֿט. ער איז איינער פֿון די בעסטע עסייאיסטן און פֿאָרשערס.

געבוירן אין מיינץ, אינעם אַמאָליקן רהיין־העסישן ראַיאָן פֿון דייטשלאַנד, ביי קריסטלעכע עלטערן: די מוטער — אַ קאַטוילישע, דער פֿאָטער — אַ פּראָטעסטאַנט. גאָר יונג, איז ער אַריין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, געוואָרן אַן אָנהענגער פֿון אַנאַרכיזם, זיך באַקענט מיט ייִדישע אַרבעטער און זיי ליב געקראָגן.

פֿון נאַטור איז ראָקער געווען אַ קאָסמאָפּאָליט: ער האָט ליב געהאַט מענטשן, אָן אונטערשייד פֿון קאָליר, ראַסע, עטניק. דאָס איז געווען איינע פֿון די סיבות, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט ייִדן, געוואָרן אַן אויפֿריכטיקער אוהב־ישראל, געוואָרן באַגייסטערט פֿון ייִדן.

ער שרייבט אויף אַן אָרט:

„... די פּאָזיציע פֿון אַ פֿאָלק לגבי ייִדן איז אַ פּרוווּשטיין פֿון זיין מענטשלעכן געפֿיל און פֿון זיין גייסטיקער פֿעיקייט פֿאַרן געזעלשאַפֿטלעכן פּראָגרעס... אין אַלע לענדער איז די שׂנאה צום ייִד תּמיד געווען אַ מיטל פֿון דער פֿינצטערניש, רעאַקציע און זי איז עס נאָך, ביז צום היינטיקן טאָג..."

מיר האָבן ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן געשריבן וועגן דאָזיקן מערקווירדיקן דייטש־קריסט, וואָס איז געוואָרן נישט בלויז אַ ייִדיש־שרייבער, נאָר אַ ייִדיש־רעדאַקטאָר, געשריבן וועגן ייִדן, וועגן ייִדישער שעפֿערישקייט מיט גרויס באַהאַוונטקייט — דערצו: אַ קעמפֿער קעגן דעם מיליטאַריסטישן יונקערשן דייטש־

לאַנד, שוין אָפּגערעדט וועגן זיין קאַמף קעגן נאַציזם־פאַשיזם, אַ פּאַרטיידיקער פון יידנטום.

ווי ד״ר העשיל קלעפּפיש שרייבט[24], איז ער אויך געווען אַ קענער פון חסידות, געווען באַגייסטערט פון חסידישן געדאַנק.

אין סומירן: אַפילו אין דעם אַנטיסעמיטישן דייטשלאַנד האָבן זיך תּמיד געפונען ליבעראַלע מענטשן; ליבעראַלע, יידן־פריינדלעכע, קעמפערס פאַר סאָציאַלן יושר. ס׳זענען תּמיד געווען יחידים וועלכע האָבן אָנערקענט — און דאָס אויס־געדריקט אין זייערע שריפטן — די געניאַלקייט פון יידן, געוויזן, ווי דאָס יידישע פאָלק האָט געגעבן דעם העכסטן ביישפּיל און די העכסטע צאָל מענטשן־גאונים אויף אַ סך געביטן. איינער פון די דאָזיקע איז געווען דער פריער דערמאָנטער ד״ר שטראַק, וועלכער האָט זיך דערוואָרבן אַ נאָמען פון אַן ערלעכן אויפריכטיקן יידן־פריינד. ער האָט געראַטעוועט אַ סך יידן פון אומקום אין צייט פון דער נאַצי־הערשאַפט.

געווען אַנדערע אין דער צייט פון נאַצי־רעזשים וועלכע האָבן זיך מוסר־נפש געווען צו ראַטעווען יידן; אויף פאַרשיידענע וועגן, געקעמפט קעגן די שוידערלעכע נאַצישע פאַרברעכנס און דאָס געטאָן אויף אַן אונטערערדישן אַקטיוון אופן.

אמת, די דייטשן וועלכע זענען נישט מיטגעריסן געוואָרן מיטן נאַצי־שגעון זענען געווען אַ פאַרהעלטנישמעסיק גאָר קליינע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּע. זיי האָבן בלויז געקענט אַרויסוויזן אין געהיימניש וועלכע נישט איז אָפּאָזיציע — און וועגן זיי ווערט לעצטנס אַ סך געשריבן.

די גרופּע, גערופן ״ווייסער רויז״ איז ערשט די לעצטע יאָרן באַקאַנט געוואָרן. אין דער צייט פון קריג האָט מען פון זיי נישט געהערט, ווייל זיי האָבן זיך געקענט באַוועגן בלויז אין געהיים און געפירט אַ טעטיקייט, לויט די אומשטאַנדן, ווייל וועלכע נישט איז עקספּאָזיציע האָט געדראָט מיט טויטשטראָף.

אַ קליינע גרופּע געווען, נישט געקענט האָבן קיין השפּעה אויף די צענדליקע מיליאָנען דייטשן. זיי האָבן אָבער פאַרצייכנט אַ הייליקע מיסיע און צענדליקער פון זיי האָבן פאַר זייער אַנטי־נאַצי־טעטיקייט באַצאָלט מיטן לעבן.

דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס האָט לעצטנס געשאַפן אַ פונדאַציע צו באַערן דעם אָנדענק פון די יונגע דייטשן וועלכע האָבן בעת דעם צווייטן וועלטקריג מקריב געווען זייערע לעבנס אין קאַמף קעגן נאַציזם. געמיינט איז דאָ די אַנטי־נאַצישע באַוועגונג צווישן סטודענטן א. ב. ״די ווייסע רויז״.

ביי אַ גרעסערער פאַרזאַמלונג זענען דערמאָנט געוואָרן אַ צאָל נעמען פון די דאָזיקע יונגע סטודענטן וועלכע האָבן פאַרלוירן זייער לעבן אין אונטערגרונט־קאַמף קעגן די נאַציס.

ס׳זענען ביי דער פֿאַרזאַמלונג אַרויסגעטראָטן עטלעכע פֿון דער דאָזיקער גרופּע, צווישן זיי אַזעלכע וועלכע האָבן פֿאַרלוירן די נאָענטסטע און זיי האָבן אויפֿגעקלערט, ווי אַזוי ס׳איז געקומען דערצו זיי זאָלן זיך שטעלן קעגן דער מעכטיקער נאַצי־מאַשין. זיי האָבן נישט געקענט פֿאַרשטיין — האָבן זיי דערקלערט — ווי אַזוי דאָס דייטשישע פֿאָלק איז געווען אַזוי גלייכגילטיק לגבי די נאַצישע פֿאַרברעכנס.

די דאָזיקע, ווי ווייניק זיי זאָלן נישט זיין, האָבן זיך פֿאַרדינט באַטראַכט צו ווערן פֿאַר העלדן־מאַרטירערס און אַריינגענומען צו ווערן אינעם רייסטער פֿון די חסידי אומות העולם.

נאָך דעם קריג איז נתגלה געוואָרן, אַז ס׳האָבן זיך געפֿונען געציילטע אויך אין דער דייטשישער עליטע מענטשן מיט פּראָמינענץ, וועלכע האָבן אין דער שטיל אַרויסגעוויזן זייער קעגנערשאַפֿט צום היטלעריזם, אָבער וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט געהאַט זייער נישט־מסכּים זיין מיטן נאַציזם?

ערשט נאָכן קריג האָט דאָס נייע דייטשלאַנד געבויגן דעם קאָפּ, פֿאַר שאַנדע, צוליב דעם חורבן, וואָס דאָס דייטשישע פֿאָלק האָט געבראַכט אויף דער וועלט דעם אומקום פֿון איבער פֿופֿציק מיליאָן מענטשן — מערסטנס ציווילע, אומשולדיקע, שוצלאָזע — און צווישן זיי זעקס מיליאָן ייִדן, אַ דריטל פֿון ייִדישן פֿאָלק.

אַ טייל דייטשן, זוכנדיק אַ פֿאַרגעבונג פֿאַר דער אַכזריות פֿון זייער פֿאָלק, האָבן זיך באַלד נאָכן קריג פֿאַרנומען מיט אויפֿזוכן די פֿאַרברעכערס און זיי שטעלן צום משפּט. צווישן זיי, דאָס פּאָרל בעאַטע און איר מאַן סערזש קלאַרספעלד. דאָס פֿאַרפּאָלק, זי אַ דייטשקע און ער אַ ייִד, פֿאַרנעמען זיך מיט באַקעמפֿן דעם נעאָ־נאַציזם און אויפֿזוכן פֿון באַהעלטענישן נאַצי־מערדערס.

בעאַטע איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד אין יאָר 1939, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, ביי אַ פֿאָטער אַ זעלנער אין דער נאַצי־אַרמיי. זי, מיט איר מאַן, האָבן גענומען אויף זיך צו ברענגען צום משפּט יעדן נאַצי און נישט איין נאַצי איז אַ דאַנק זיי געשטעלט געוואָרן צום משפּט. זיי האָבן נישט איין מאָל איינגעשטעלט זייער לעבן, אָבער די צוויי מערקווירדיקע מענטשן שטעלן זיך נישט אָפּ פֿון אָנגיין מיט זייער געפֿערלעכער אַקטיוויטעט.

בעאַטע און סערזש גיבן אַוועק זייער לעבן און זייער פֿאַרמעגן אין קאַמף קעגן נאַציזם, קעגן ראַסיזם. זייער וווינונג אין פּאַריז איז פֿול מיט ביכער און דאָקומענטן אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן אויף דער טעמע: נאַציזם, ראַסיזם, אַנטי־סעמיטיזם.

בעאַטע, אַ מאַמע פֿון צוויי קינדער, זייענדיק פֿאַרנומען מיט דערציען די קינדער און פֿירן אַ הויזווירטשאַפֿט, איז מקדיש איר לעבן פֿאַר אָט די צילן. זי פֿירט אָן מיטן אַרכיוו, זי שטייט אין פֿאַרבינדונג מיט אומצייליקע נאַציאָנאַלע און אינטער־

נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און דאָס אַלץ, אָן וועלכער נישט איז פינאַנציעלער הילף, נאָר אויף אייגענע הוצאות, פון איר מאַנס באַשיידענע פאַרדינסטן ווי אַן אַדוואָקאַט.

מיר האָבן דאָ אַ גרטע, אַן אשת חייל, וואָס האָט באַוויזן נישט בלויז צו ברענגען צום משפט אַ צאָל נאַצי־מערדערס, נישט געבן קיין מנוחה די וועלכע זענען נאָך אַלץ אין באַהעלטעניש. זי האָט אויך באַוויזן אַרויסצוהייבן די הונדערטער טויזנטער ייִדן באַטייליקטע אין די אַרמייען פון מזרח און מערב אויף אַלע פראָנטן און וואָס האָבן באַקומען אויסצייכענונגען פאַר זייער העלדיקייט.

אַזעלכע מענטשן פאַרדינען זיך אַ חלק לעולם הבא.

**ז. ייִדישער אָנהייב אין פוילן. — לעגענדע וועגן דער ראָלע פון די ערשטע ייִדן. — קעניג אויף דריי טעג און קעניג אויף איין נאַכט. — מיטלעלטער און נייע צייט. — יעזויִטישער אַנטיסעמיטיזם. — אַלגעמיינער אַנטיסעמיטיזם. — יחידים גייסטמענטשן.**

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט דער געשיכטע פון ייִדן אין פוילן. ביי געלעגנהייטן, האָבן מיר, פון צייט צו צייט, גענעראַליזירט געשיכטלעכע תּקופות, אָנווייזנדיק אַז די געשיכטע פון ייִדן אין פוילן הייבט זיך אָן מיט אַ לעגענדע וועגן אַ ייִדן, אַברהם פּראָכאָוויק (דאָרפסגייער), ביים באַגין פון פוילנס קומען אויף דער מאַפּע.

די פּאָליאַקן, נישט קענענדיק קומען צו אַ פאַרשטענדניש ווער ס'זאָל ווערן קעניג, האָבן דעם ייִד איבערגעגעבן די מלוכה, ער זאָל טראָגן די קרוין, ביז זיי וועלן זיך אייניקן און אויסקלייבן אַ יורש נאָך פּאָפּיעלס טויט. נאָך דריי טעג פון ישוב־הדעת, האָט ער באַשטימט דעם פירשט פּיאַסט אַלס ראוי למלכות.

ייִדן האָבן זיך געפונען אויף פּוילישן באָדן זינט די ערשטע טעג פון פּוילנס ווערן אַ מדינה. מיט יאָרן שפּעטער האָבן ייִדן אַנטוויקלט דעם פּוילישן האַנדל, די פּוילישע קולטור, ליטעראַטור און גענומען אַנטייל אויף אַלע געביטן פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

דער אויפקום פון פוילן ווי אַ מלוכה מיט אַ צענטראַליזירטער מאַכט איז פאָרגעקומען, ווי פאָרשערס גיבן אָן, אין יאָר 966 נק"ע, מיט מיעשקאָ, וועלכער האָט פאַראייניקט אַ צאָל שבטים און אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. ער האָט אָנגעהויבן די פּיאַסט־דינאַסטיע.

אַ גרעסערע איינוואַנדערונג קיין פוילן פון די מערב־לענדער האָט זיך אָנגעהויבן אין 11טן און 12טן י"ה, נאָכן ערשטן קרייצצוג, ווען ייִדן זענען פון אַ צאָל לענדער אַרויסגעטריבן געוואָרן. מיעשקאָ דער 3טער, דער הערשער איבער גרויס־פוילן, האָט דערמוטיקט ייִדישע איינוואַנדערונג. פון די ערשטע שטעט, וועלכע

האָבן פאַרנומען אַ צענטראַל אָרט אין פּוילן איז געווען קראָקע, וואָס איז געוואָרן אַ צענטער פון ייִדישן האַנדל. אין יענער תּקופה האָט מען אין פּוילן געמינצט מטבעות מיט העברעיִשע אויפשריפטן.

היסטאָריקערס ווייזן אויך אָן, אַז דער אָנהייב פון אַ ייִדישער מאַסן־אימיגראַציע קיין פּוילן איז געווען מיט דער ברכה אי פון דער עליטע און אי פון די מאַסן. צווישן די קעניגן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן פריינדשאַפט, ממש ליבע צו די ייִדישע אימיגראַנטן, איז געווען קאַזשימיעזש דער גרויסער. ער איז אַרויף אויפן טראָן אין יאָר 1333. ער האָט איינגעלאַדן ייִדן צו קומען און אַנטוויקלען דאָס לאַנד.

ס'האָבן אָבער נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטן אין די הויכע פענצטער — און גאָר באַזונדערס צווישן די קירכע־פירערס. ס'איז נויטיק געווען וואַכזאַמקייט און שתּדלנות ביי מלכות צו פאַרזיכערן די שוץ און רעכט פון די ייִדן.

דאָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך דעם קאַלישער סטאַטוט פון 1264. דער קאַלישער סטאַטוט וואָס איז כּולל 37 אַרטיקלען, ווערט פאַררעכנט פאַר דעם וויכטיקסטן דאָקומענט אין דער ייִדישער געשיכטע אין פּוילן. דער דאָזיקער סטאַטוט, געגעבן אַ דאַנק דעם ליבעראַלן פירשט באָלעסלאַוו "דער פרומער", ווי ער ווערט גערופן, האָט פאַרזיכערט די רעכט און די פּאָזיציע פון די פּוילישע ייִדן, זיי דערלויבט פירן מסחרים, געבן הלוואות, געניסן פון אומאָפּהענגיקער אַדמי־ניסטראַציע פאַר די ייִדישע קהלות, ד ע ר פ אַ ר האָבן די ייִדן געדאַרפט צאָלן שטייערן צום פירשט, פאַר באַשיצן זיי פון אָנגריפן און אָנפאַלן.

אין דאָזיקן סטאַטוט ווערט געזאָגט, אַז צו באַשולדיקן אַ ייִד אין ריטואַל־מאָרד (עלילת דם) דאַרפן זיין דריי קריסטלעכע און דריי ייִדישע עדות, דאָס איז זיכער געווען געצילט קעגן די יעזויִטן און בכלל שונאים פון ייִדן, זיי זאָלן נישט קענען אויסטראַכטן אַזעלכע באַשולדיקונגען. ס'איז דעריבער פאַרשטענדלעך די אומ־צופרידנהייט פון דער קירכע קעגן אָט דעם סאָרט "ליבעראַליזם". זי האָט געשטערט אין דורכפירן די סטאַטוטן. זי האָט ווי אַ נקמה אויסגעפירט, אַז אין פּויזן און אַנדערע שכנותדיקע געגנטן פון דייטשלאַנד, האָט די אָרטיקע לאָקאַלע רעגירונג דורכגעפירט אַ געזעץ, ייִדן זאָלן טראָגן ספּעציעלע מלבושים, כּדי מ'זאָל זיי אונטערשיידן פון די קריסטן.

אין 14טן י"ה, אין די יאָרן פון דער "שוואַרצער פעסט", ווען ייִדן זענען אין די מערב־לענדער באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי האָבן געבראַכט די מחלה, אַז זיי האָבן פאַרסמט די ברונימער און ייִדן האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט זיך צו ראַטעווען, האָט פּוילן געעפנט די טויערן. דאָס האָט געטאָן קאַזשימיעזש דער גרויסער. ער האָט דורכגעפירט וויכטיקע רעפאָרמען אין לאַנד און ייִדן האָבן אַ סך געגאָסן פון די דאָזיקע רעפאָרמען.

נישט בלויז לאָקאַלע קריסטן האָבן אַרויסגעוויזן שׂנאה־קנאה צו ייִדן, נאָר

אַפילו די פּויפּסטן אין רוים האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינמישן אין פּוילנס געזעלשאַפט־לעכע ענינים. זיי האָבן באַאיינפלוסט די קירכע אין פּוילן, זי זאָל אַרויסגעבן באַפעלן קעגן ייִדן, צו באַיקאַטירן ייִדן, אָפּזונדערן און איזאָלירן זיי.

אויב דער איינפלוס פון דער קירכע איז נישט געווען שטאַרק גענוג אין צייט פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן, איז ער יאָ געווען שטאַרק אויף דעם קעניג יאַגעלאָ, וועלכער האָט פאַראייניקט פּוילן מיט ליטע. ער האָט צוריקגענומען די רעכט, וואָס זענען געזיכערט געווען פאַר ייִדן אינעם קאַלישער סטאַטוט. ער האָט אַפילו אַרויס־געגעבן אַ דעקרעט אַרויסצוטרייבן ייִדן פון ליטע, לויטן שפּאַנישן מוסטער פון 1492. ס׳זענען דאַן פאָרגעקומען נישט איין עלילת־דם, באַגלייט מיט פּאָגראָמען און אָנפאַלן און דאָס איז פאַרגעזעצט געוואָרן אונטער דער הערשאַפט פון זיין נאָכ־פאָלגער אַלעקסאַנדער.

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע אָנגריפן און העצערייען פון דער קירכע, איז דאָס פּוילישע ייִדנטום געוואַקסן נומעריש, קולטורעל, עקאָנאָמיש און פינאַנציעל.

אין 15טן י״ה האָבן פּוילישע ייִדן געהאַט אין זייערע הענט דעם גרעסטן טייל פון אינערלעכן האַנדל, געפירט געשעפטן פון אימפּאָרט־עקספּאָרט מיט אויסלאַנד, פאַרנומען אַ וויכטיקע ראָל אין סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן, געווען שטאַרק און געזיכערט מיט אַן אייגענער זעלבס־פאַרוואַלטונג אונטער דער פירערשאַפט פונעם וועד ארבע ארצות, וואָס האָט איינגעשלאָסן די פיר טיילן פון גרויס־און קליין־פּוילן און אַ געוויסע צייט אויך איינגעשלאָסן ליטע. נישט אומזיסט האָט דער רמ״א (מרן ר׳ משה איסרלס, דער פּוסק, מיט זיין ״מפּה״ איבערן שלחן ערוך), זיך אויסגעדריקט: ״פּה־לין״ — דאָ, וועלן מיר נעכטיקן ער ביאת גואל. לומדות און רבנות, ישיבות און חדרים אומעטום, אין אַלע שטעט און שטעטלעך — צו דער העכסטער שטופע [1].

און איצט?

די ייִדישע געשיכטע אין פּוילן איז געענדיקט. נאָך טויזנט יאָר ייִדיש לעבן און שאַפן איז אַלץ פאַרענדיקט געוואָרן אַזוי מוראַדיק, טראַגיש: ״וואַרשע של מעלה״ איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט ״וואַרשע של מטה״. היסטאָריקערס, פאָרשערס, וועלן זיך דאַרפן פאַרנעמען מיט שרייבן ״לקורות היהודים בלובלין״, ווי וועגן אַ ווייטער פאַרגאַנגנהייט און די וועלכע קומען קיין וואַרשע אַן ייִדן האָבן נישט וווּהין צו ווענדן זייער בליק, אויסער צו אַן א י ב ע ר ב ל י י ב און פון האַרץ הערט זיך דער קרעכץ: ״איכה ישבה בדד העיר וואַרשע״ [2] — מיר שרייבן אָבער נישט די געשיכטע און מיר האָבן נישט די ווערטער אויסצודריקן דעם צער און ווייטיק.

ווער קען שילדערן די אויסראָטונג פון פּוילישן ייִדנטום? ווי קען מען באַשרייבן דאָס שרעקלעכע און שענדלעכע בלאַט אין דער מענטשלעכער געשיכטע וואָס

האָט זיך אָפּגעשפּילט אין פּוילישן גיהנום? ווי איז מעגלעך איבערצוגעבן די מאַרטירָאלאָגיע, דיליידן פון די קרבנות, בעת זיי זענען געוואָרפן געוואָרן אין די גאַזקאַמערן מיטן אייביקן "שמע ישראל".

יעקב גלאַטשטיין, דער גרויסער פּאָעט מיט זיין פּרוכפּערדיקער פּען, האָט אין זיין פּאָעטיש ווערק "אַ ייִד פון לובלין"[3], זיך אויסגעדריקט מיט ווייטיק און בטחון:

"אַז זעקס טויזנט ייִדן שרייען 'אחד'
אַרום אַ טיפן אויסגראָב,
אויף אַזאַ פּלאַנעט,
ווי שטאַרק דאַרף זיין זייער ראייה
אין אַזאַ חשכות
צו זען דעם אחד".

דער פּאָעט איז דאָ דער פירשפּרעכער פון גאַנצן דור און דער גלויביקער אין אונדזער קיום לנצח נצחים...

פּוילן האָט אַ מאָל געמיינט פאַר די ייִדן: דאָ נעכטיקן... אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אין משך פון קנאַפּע טויזנט יאָר, זינט אַברהם פּראָכאָווניק, האָט געקרוינט דעם ערשטן פּיאַסט פאַר מלך פּוילן.

טויזנט יאָר — און איצט? שוין נאָכן אומקום פון פּוילישן ייִדנטום, ווען געבליבן איז בלויז אַ שארית — אַפילו איצט יאָגט נאָך אַלץ פון פּוילנס פעלדער שנאָה־פייער; אַפילו אין קאָמוניסטישן פּוילן הערשט נאָך אַלץ די אימה פון שנאָה צוזאַמען מיט דער אימה פון מיידאַנעקס, אָשווענטשים, טרעבלינקע — און דער פינאַל?

ייִדן אין פּוילן האָבן זיך גייסטיק דערהויבן צו די העכסטע הויכן, געוואָרן די "העלדן פון גייסט" און דאָס אָנגעהאַלטן ביז די לעצטע טעג פון עם שרעקלעכן, אומפאַרגעסלעכן און אומפאַרגלייכלעכן חורבן.

ייִדן זענען אין משך פון יאָרהונדערטער געוואָרן פאַרוואָרצלט אין פּוילן, האָבן באַרייכערט פּוילן אויף אַלע געביטן פון ייִדישער אָו אַלגעמיינער שעפערישקייט. באַקאַנט איז דער אויסדרוק פון ר' חיים ב"ר בצלאל (ר"ץ — 1530; שמ"ח — 1588), ברודער פון מהר"ל מפראג (רפ"ה — 1525; שס"ט — 1609), אַז אין דער מדינה פון ר' משה איסרלס (פּוסק פאַרן אַשכּנזישן ייִדנטום, קראָקעווער רב), איז, דאַנקען גאָט, גאָטס פּאָלק נישט צו שאַנד צעטראָטן, ווי אין די דאָזיקע לענדער (געמיינט דייטשלאַנד, בעמען און אַנד).

אין יענער תּקופה זענען אויפגעקומען די הערלעכע געשטאַלטן, ווי דער

רמ״א, ר׳ יעקב פּאָלאַק, ר׳ שלום שכנאָ און נאָך און נאָך גאוני עולם, וועלכע האָבן באַלויכטן דעם פינצטערן יידישן גלות.

דער רמ״א (ר׳ משה איסרלס; ס׳זענען דאָ חילוקי דעות, ווען ער איז נסתּלק געוואָרן און אין וואָס פאַר אַן עלטער) — איז אָנגענומען — איז געבוירן געוואָרן 1520; נפטר געוואָרן, של״ב — 1572, תּלמיד און איידעם פון רבי שלום שכנאָ, ראש־ישיבה אין לובלין. אין יאָר 1550 איז דער רמ״א צוריקגעקומען קיין קראָקע, געגרינדעט און אויסגעהאַלטן אַ ישיבה פון זיין אייגן געלט. צוואַנציק יאָר האָט ער אָנגעפירט מיט דער ישיבה, וואָס איז געוואָרן אַ צענטער פון לומדות, רבנות און עסקנות [4].

אין קראָקע האָט דער רמ״א געשאַפן זיינע מאָנומענטאַלע ווערק אין הלכה, אין רעספּאָנסאַ, (שאלות ותשובות), פילאָזאָפיע און חידושי תּורה. ער איז געוואָרן באַרימט אַלס פּוסק [5].

קראָקע, וואָס איז אַ מאָל געווען די הויפּטשטאָט פון פּוילן [6] איז דאָס געבוירן־אָרט פון גאונים, מקובלים און באַרימטע רבנים. די שטאָט איז געווען פול מיט תּורה און מיט יידישן גייסט. דער רמ״א האָט זיך ביי אַ געלעגנהייט אויסגעדריקט אַז די שטאָט איז ״מלאה דעה את ה׳ כמים לים מכסים״ — די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט, ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים [7], די וויזיע פון ישעיה הנביא וועגן דער צייט פון משיחס קומען. דאָ האָבן געלעבט און געשאַפן די באַרימטע גאונים, ר׳ יעקב פּאָלאַק (נפטר, ר״ץ—1530), דער ב״ח (ר׳ יואל סירקיס), דער של״ה — ר׳ ישעיה הורוויץ (ש״ב—1560; נפטר, טבריה, ש״ץ — 1639), רבי יום־טוב העלער (של״ט—1579; נפטר ת״ד—1654), מחבר פון ״תּוספות יום טוב״ און אַנדערע ספרים.

איינער, אין דער ריי פון די גדולי פּוילן, וואָס האָט געלעבט אין קראָקע, אויך אין אַנדערע שטעט, איז געווען רבי אלעזר רוקח (נפטר געוואָרן אין צפת, תק״ב — 1742). אויף דער עלטער איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין אַמסטערדאַם. נאָך פינף יאָר אין אַמסטערדאַם איז ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל, ווו ער האָט פאַרענדיקט זיין ווערק אין קבלה, ״מעשה רוקח״; אין הלכה: ״ארבע טורי אבן״ און אַנדערע ווערק.

צוגלייך מיט קראָקע איז אויך לובלין געווען דאָס אָרט פון ״חכמי פּוילן״. דאָ האָבן געלעבט און געשאַפן: דער מהרש״ל (ר׳ שלמה לוריא, ר״ע — 1510; של״ד — 1573), דער מחבר פון ״ים של שלמה״, שו״ת מהרש״ל, חכמת שלמה אויף ש״ס און אַנדערע ספרים, דער שאַרפער מוח, פּוסק און מפרש — חבר פון רמ״א; ער איז געווען אַ מפלפל מיט חריפות און בקיאות און נישט אומזיסט ווערט זיין ספר אויף ש״ס גערופן ״חכמת שלמה״ און זיינע חידושים און שאלות ותשובות ״ים של שלמה״. דער מהר״ם (ר׳ מאיר מלובלין, פון די אָנגעזעענסטע פּוסקים און

מפרשי התלמוד (שי״ח — 155 ; שע״ו — 1616) געהאַט באַרימטע תלמידים [8] דער מהרש״א (שט״ו — 1555 ; שצ״ב — 1631) ער איז דער ר״ם למופת אין דער פוילן ״לתעודה ולתורה״... מיט זיינע חידושים און מיט זיינע טייטשן אויף אגדות חז״ל, אַרומנעמענדיק מיט זיין חריפות גאַנץ ש״ס און מיט זיינע רמזים דו״ק, ״קל להבין״, ״ויש ליישב״, האָט ער מחדד געווען די תלמידים אין זיין ישיבה. ער שאַרפט די מוחות פון תלמוד־לערנערס עד היום. נישט אומזיסט איז געווען אויסגעקריצט אויף זיין מצבה: ״איש קדוש, תנא דמלכא, מופת הדור, ממזרח שמש עד מבואו האיר כל חכמי ישראל בפלפולו ובחריפותו על גמרא״ [9].

אין חסידות, איז לובלין געווען געבענטשט דערמיט וואָס דער חוזה (ר׳ יעקב יצחק הורוויץ תק״ה—1745 ; תקע״ה — 1815) האָט זיך דאָרט באַזעצט און פון אים האָט זיך געצויגן די קייט פון חסידות פוילן, דער ייד הקדוש און דער רבי ר׳ בונים אין פשיסכע ; ר׳ מענדעלע קאָצקער, אין טאָמאַשאָוו און אין קאָצק ; ר׳ מרדכי יוסף אין איזשביצע ; ר׳ יצחק מאיר, חידושי הרי״ם אין גער און אַזוי ווייטער ; אין לובלין, די אייגער־דינאַסטיע און ישיבה פון ר׳ מאיר שפּיראָ, גרינדער און ראש ישיבה פון ישיבת חכמי לובלין.

די שטאָט האָט באַלויכטן מיט תורה און חסידות, פון לובלין ביז ירושלים, ווו אייניקע האָבן געפונען זייער נחלת עולמים, ווי ר׳ שניאור זלמן, לובלינער רב און פוסק, דער בעל ״תורת חסד״ ; ר׳ אליהו קלאַצקין, דער בעל־מחבר פון ״אבן הראשה״ און פון אַנדערע הלכה־ספרים.

איינער פון פוילנס קעניגן האָט זיך פאַרדינט די גרעסטע באַערונג : קאַזשימעזש דער גרויסער (1333—1370). ער האָט אָפּגעוואָרפן די אַנטיסעמיטישע באַשול־דיקונג, אַז יידן זענען אַ קלאַס פון לויטער געלטלייערס און אַ פרעמדער נישט־פאַסיקער עלעמענט פאַר פוילן. ער האָט געזען די יידן ווי אַן אינטעגראַלן טייל פון זיין קעניגרייך און געוואָלט זיי אַריינגלידערן ווי אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט אין זיין מדינה און דעריבער זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט אָנצוגיין מיט מסחר, מיט הלוואות און מיט ווערן אייגנטימערס פון אומבאַוועגלעכע גיטער, וואָס דאָס וועט זיי צובינדן צום לאַנד.

פאַר אַ צייט איז געווען שטאַרק קאַזשימיעזשעס השפעה. זיינע יורשים האָבן זיך אָבער אָפּגערוקט גאָר ווייט און אונטער דער השפעה פון דער קירכע, אַרויס־געריקט זייער יידנהאַס, וואָס איז געבליבן די לעצטע צייטן, אי אינעם פעריאָד צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אי אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע און אי אין אָנהייב פון דעם נייעם פוילן, אונטער דעם קאָמוניסטישן רעזשים. פאַר דער מלחמה האָט מען באַשולדיקט יידן אַז זיי זענען קאָמוניסטן, אַגענטן פון מאָסקווע ; און גלייכצייטיק אַז זיי זענען די קאַפּיטאַליסטן, וואָס קאָנטראָלירן פוילנס פינאַנסן,

פוילנס רייכטום, בעת די פּאָליאַקן לעבן אין אָרעמקייט. באַווייזן די פאַלשקייט פון אָט די באַשולדיקונגען, האָט גאָר ווייניק געהאָלפן.

די קירכע, דאָס בירגערטום, די אינטעליגענץ און גרויסע טיילן אויפגעהעצטע פּויערים און אַרבעטער האָבן פאַרגעסן וועגן דער ראָל פון ייִדן ביזם באַגין פון פוילנס מלכות; די ראָל פון אברהם פּראָכאָווניק; די ראָל פון ר' שאול וואַהל, דעם ייִד וואָס איז געקומען פון איטאַליע — פונעם גרויסן רבנישן יחוס — זיך באַזעצט אין בריסק דליטא, געוואָרן מנהיג פון פוילישן ייִדנטום און געווען אַזוי געטריי מדינת פּוילן.

האָבן מיר דערמאָנט דעם נאָמען רבי שאול וואַהל (פּאַדוא, ה"ש — 1540; בריסק; שע"ו — 1617), איז כּדאי צו ווידמען עטלעכע ווערטער דעם דאָזיקן גייסטיקן פירער אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס אַנטוויקלונג. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און בעל־יחוס, ביז דוד המלך. פירשט ראַדזיוויל האָט אים אָנגעטרויט צו זיין קעניג אויף איין טאָג, ביז די פירשטן און פרינצן וועלן זיך אייניקן, ווער ס'זאָל אַרויף אויף דעם פוילישן טראָן.

זיין פאָטער, ר' שמואל יהודה קאַצענעלבויגן־מינץ (רנ"ד—1474; שנ"ז—1577), זון פון מהר"ם מינץ (רל"ה—שכ"ה) איז געווען אַ באַרימטע רבנישע אויטאָריטעט. ר' שאול וואַהל האָט געקראָגן דעם טיטל „השׂר" און ער האָט געבויט שולן און אינסטי־טוציעס אין בריסק און אין לובלין, ווו די שול אויף זיין נאָמען איז געשטאַנען ביזן לעצטן חורבן און געווען באַוווּסט אַלס מקום תּורה ותּפילה.

די ייִדישע געשיכטע ווייסט צו דערציילן וועגן חסד און העפלעכקייט פון מלכות־פוילן אין יאָר 1097, ווען ס'איז פאַרלייגט געוואָרן דער יסוד פון אַ גרויסן ייִדישן ישוב דורך די אַנטלאָפענע פון צענטראַל־אייראָפּע צוליב דער מורא פון די קרייצפאָרערס. אין פוילן האָבן זיי געפונען נישט בלויז אַ מקום מקלט, נאָר מער דערפון — אַ מקום־מנוחה און אַ מקור־פרנסה. מיט זייער ענערגיע און זייערע פעיִקייטן האָבן זיי אַ סך צוגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון פוילן אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמישן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. דאָס האָט אָבער נישט צוריקגעהאַלטן די קנאה־שׂנאה צו זיי מצד דער באַפעלקערונג.

אין 16טן י"ה, אונטער דער ממשלה פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן, אָדער פון די יאַגעלאָנישע מלכים, זענען געווען אַ מאָל בעסערע און אַ מאָל ערגערע צייטן פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. אַ מאָל האָבן ייִדן געקראָגן פולשטענדיקע פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג און אַ מאָל זענען — צוליב די שׂונאי ישראל — געקומען דעקרעטן פון באַגרענעצונג. ערגער איז געווען דער מצב פון די ייִדן אין דער צייט פון דער פוילישער רעפּובליק אין די יאָרן צווישן ביידע צוויי וועלט־מלחמות (1918—1939), ווען די מושלים פונעם באַנייטן פוילן האָבן שטאַרק באַגרענעצט די ייִדן, באַרויבט זיי פון פרנסות, נישט צוגעלאָזט צו רעגירונגס־

אַמטן, מיטן ציל זיי זאָלן אַנטלויפן... זיי האָבן דערמיט געוואָלט צופרידנשטעלן די קירכע פון איין זייט און שטילן די אַפּעטיטן פון די אַנטיסעמיטן פון דער אַנדערער זייט.

וואָס שייך גייסטיקייט, ווער איז אימשטאַנד צו שילדערן די גייסטיקע עשירות פון פּוילישן ייִדנטום: לומדות, גאונות, היסטאָריקערס, וויסנשאַפטלערס, שריפט־שטעלערס, פילאָזאָפן מתנגדים. חסידים — אַלץ וואָס ייִדישער אינטעלעקט האָט געקענט שאַפן און דערגרייכן?

מיט אַרום פיר הונדערט יאָר צוריק איז אין פּוילן געגרינדעט געוואָרן אַ "וועד אַרבע ארצות" — דער ראַט פון די פיר לענדער, וואָס איז געווען די רעפּרע־זענטאַנץ פון די ייִדישע קהילות פון אַלע טיילן פּוילן, דער וועד פלעגט זיך צונויפ־קומען אין לובלין און אין יאַראָסלאַוו צו באַהאַנדלען ייִדישע סאָציאַלע, ווירטשאַפט־לעכע, יורידישע, און רעליגיעזע ענינים. ס'האָט אויסגעקוקט, ווי ייִדן געניסן פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע אין פּוילן [10].

ט"ו כסלו, שמ"א — סימבאָלישער רמז פון "שלוה", געענוי: "יום ג', ט"ו כסלו, שלו"ה לפ"ק" (22 נאָוועמבער, 1580) איז געגרינדעט געוואָרן דער וועד און אַ נייע תקופה פון אַן אָרגאַניזירט ייִדיש לעבן אין גלות־פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן, אַ סאָרט "מלוכה אין אַ מלוכה", אָן מיליטער, אָן רעגירונג־אינסטאַנצן, אָבער אַ שטאַרקע מלוכה פון גייסטיקער פירערשאַפט — "מאַן מלכו־רבנן" [11]. דער דאָזיקער וועד איז געווען שטאַרקער פון רעגירונגען מיט מיליטער.

ייִדן האָבן אין אַלע גלותן באַוויזן צו שאַפן אַן אינסטרומענט פון אַליין־פאַרוואַלטונג, אָבער נישט אין פאַרגלייך צו דער ייִדישער גלות־אויטאָנאָמיע אינעם דעמאָלטיקן פּוילן. אַזאַ צענטראַלע רעפּרעזענטאַנץ איז אין קיין לאַנד פון גלות־אייראָפּע נישט געשאַפן געוואָרן, נישט אין די מערב־און נישט אין די צענטראַלע אייראָפּעיִשע לענדער. נאָר אין פּוילן, וווהין ייִדן זענען איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען און בויען דאָס לאַנד, זיין אינדוסטריע, זיין קאַמערץ, דאָרט איז עס מעגלעך געווע.

דאָס זענען געווען יאָרן פון עליה, פון אויפבלי פאַרן ייִדישן ישוב אין פּוילן. ייִדן האָבן גענאָסן פון דער פרייִנדשאַפט און טאָלעראַנץ, אַפילו פון אָנערקענונג מצד דער פּוילישער עליטע. אויב ס'האָט פּאַסירט אַן אַנטיסעמיטישער אַקט, איז עס געקומען פון די אָרטיקע יעזויִטן. זיי האָבן געהעצט די פּוילישע מאַסן און נישט איין מאָל איז זיי געלונגען דורכצופירן אָנפאַלן און פּאָגראָמען. בדרך כלל, האָבן ייִדן זיך געפילט געזיכערט אויפן פּוילישן באָדן. ייִדן זענען געווען שפּעריש און דינאַמיש: ישיבות האָבן זיך געמערט. תורה־צענטערס זענען אַן אָפּשטעל אויפ־

געשטעלט געוואָרן. רבנים, פוסקים, לומדים האָבן זיך געפונען אין אַלע קהילות, אין אַלע שטעט.

דאָס איז געווען אַ מאָל, דער הערלעכער אַמאָל.

נאָך דעם קומען די ת״ח־און־ת״ט יאָרן, ווען קאָזאַקן מיט זייער אַטאַמאַן כמעלניצקי מאַכן חרוב צענדליקע קהילות, יידן לויפן ווו נאָר ס׳לאָזט זיך ווי עס שילדערט דער כראָניקער נתן נאָטע האַנאָווער (געשט. 1683) און זיין ספר „יון מצולה״.

יאָרן שפּעטער הערט זיך אויפסנייַ פון אַלע ווינקלען דען קול־תּורה. ס׳קומט אויף חסידות און ברענגט פרייד, בטחון און חיזוק אין יידישע הערצער. אין פּוילן ווערט חסידות און לומדות פאַרבונדן האַרמאָניש, אַזוי ביים חוזה און זיינע נאָכ־פאָלגערס און נאָך שטאַרקער ביי זיינע יורשים אין חסידות, ווי קאָצק, גער און איזשביצע [13]

אין קאָצק איז אָנגעצונדן געוואָרן דאָס גרויסע פייער. ר׳ מענדעלע זצ״ל האָט שוין געזען דורך זיין בייעם חסידישן דרך און מחשבה, אַז דאָס פייער זאָל נישט אויפהערן פלאַקערן און בריען — און דאָס פייער האָט געברענט, ביז עס איז געקומען דאָס פייער פון שׂטן און האָט אַלץ פאַרברענט.

נאָך דער גרויסער גייסטיקער עליה איז געקומען אַן אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט געברענט די טריט פונעם ייד. פאַרשאַרפט געוואָרן איז דער יידנהאַס אין אַכצנטן און ניינצנטן יאָרהונדערט. ווערנדיק אַליין אונטערדריקט, צעטיילט צווישן די דריי גרויסמאַכטן, האָבן די פּאָליאַקן אָנשטאָט זיך האַלטן צוזאַמען מיט די יידישע תּושבים, זיך גאָר פאַרנומען מיט אויסלאָזן זייער כּעס אויף די יידישע איינוווינערס. יידן העלפן אין די אויפשטאַנדן קעגן זייערע אָקופּאַנטן. אַפילו רבנים באַטייליקן זיך אין קאַמף פאַר פּוילנס פרייהייט. דאָס פּוילישע פאָלק איגנאָרירט דאָס; טייל ווייזן נאָך צוריק מיט גאווה די יידישע הילף פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט.

געמיינט האָט מען, אַז ווען פּוילן וועט ווערן אַן אומאָפּהענגיקע מדינה, ווי דאָס האָט פּאַסירט נאָכן ערשטן וועלטקריג, אין 1918, וועלן יידן געניסן פון פולער פרייהייט און בירגערלעכער גלייכהייט. ווי אַנטוישט זענען יידן געוואָרן: אָנשטאָט פרייהייט, זענען געקומען פּאָגראָמען, רדיפות, שיקאַנישע אָנפאַלן, געצילט אַרויס־צוטרייבן יידן פון פּוילן. די אַנטיסעמיטן — די אינטעליגענץ, די סטודענטן, די פּראָפעסאָרן און שוין אָפּגערעדט פון די גלחים — האָבן אַגיטירט ״פּוילן פאַר פּאָליאַקן״.

אין 1919, ביים שלום־טראַקטאַט, האָט פּוילן גאַראַנטירט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן גלייכבאַרעכטיקונג: פולשטענדיקע פרייהייט און נאַציאָנאַל־קול־טורעלע זעלבספאַרוואַלטונג. די פּוילישע רעגירונג האָט טיילווייז מקיים געווען

אירע פּאַרפּליכטונגען צו אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. וואָס שייך דער ייִדישער מינדערהייט, איז דאָס קיין מאָל נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. קיין איינע פון די רעגירונגען האָט נישט אָנערקענט די ייִדישע מינדערהייט ווי אַ נאַציע מיט נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, אַפילו נישט ווי אַן עטנישע גרופּע, וועמען ס׳איז געזיכערט גלייכבאַרעכטיקונג אין עקאָנאָמישן לעבן: זיי האָבן געריסן ציגזן, שטייערן, ״עטאַט״, אָבער אַלץ, צו באַרייכערן די מלוכה־קאַסע אויפן ייִדישן חשבון [14].

אַ סוראָגאַט פון ייִדישער רעליגיעזער זעלבספאַרוואַלטונג האָט עקזיסטירט אין פאָרם פון ייִדישע קהילות, רעליגיעזע פאַרבאַנדן אונטערן קאָנטראָל פון דער רעגירונג — און מיט ייִדישער פינאַנציעלער אויסהאַלטונג, מיט אַ ספּעציעלן עטאַט־שטייער, וואָס האָט געדאַרפט דעקן די הוצאות, נישט בלויז פאַר די רעליגיעזע הצטרכותן, נאָר אַפילו פאַר די וווילטעטיקע אינסטיטוציעס.

וואָלט דאָס שוין געווען גוט. באין ברירה וואָלט די ייִדישע געזעלשאַפט זיך צופרידן געשטעלט מיטן מצב... האָבן אָבער די אַנטיסעמיטן ביי יעדער געלעגנ־הייט געזוכט אַרויסצושטופּן די ייִדן פון אַלע פּאָזיציעס, געטאָן אַל דאָס בייז צו מאַכן ענג פאַר ייִדן צו לעבן און עקזיסטירן אין פּוילן.

ווען די נאַציס זענען, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, באַפאַלן פּוילן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער וועלטקריג, האָט די געסטאַפּאָ, די ס.ס. געקראָגן אַ סך הילף פון די פּאָליאַקן, פון די אוקראַינער, פון די ליטווינער דורכצופירן זייערע פּלענער צו ליקווידירן פיזיש דאָס פּוילישע ייִדנטום.

דאָס מיינט אַוודאי נישט, אַז אין פּוילן האָבן זיך לגמרי נישט געפונען קיין ייִדן־פריינד וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען ייִדן. ס׳האָבן זיך געפונען פּאָליאַקן וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און אַ סך האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן. אונדז איז אויסגעקומען צו קענען לערנען אַזעלכע פּאָליאַקן וועלכע האָבן זיך מוסר־נפש געווען פאַר ייִדן, אויסבאַהאַלטן ייִדן, אויס־באַהאַלטן ייִדישע קינדער. אַזעלכע האָבן זיך געפונען סיי צווישן אינטעלעקטואַלן, גייסטלעכע, שרייבערס, סיי צווישן די פּאַלקסמאַסן, צווישן פּויערים און אַרבעטער.

די ייִדישע טראַגעדיע אין פּוילן, בעת דאָס לאַנד איז געווען אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע, איז שטאַרק פאַרטראַטן אין דער פּוילישער ליטעראַטור. ס׳פעלן נישט אַזעלכע וואָס האָבן נ י ש ט אָוועקגעלייגט זייערע גיפטיקע פיילן און זענען ממשיך די אַנטי־ייִדישע פּאָליטיק פון פאַר דער מלחמה. זיי באַשולדיקן נאָך אַלץ ייִדן אין אַלע צרות, ווען אַפילו ס׳איז שוין נישטאָ וועמען צו באַשולדיקן: בלויז אַ קליין הייפעלע ייִדן איז געבליבן אין גאַנץ פּוילן. נישט ווייניק איז אָבער די צאָל פון שריפטשטעלערס, קינסטלערס וואָס ווייזן אַרויס גרענעצלאָזע סימפּאַטיע און

פאַרשטענדעניש פאַרן אַמאָליקן ייִדישן ישוב אין פּוילן, באַוויינענדיק דעם חורבן וואָס איז אויף אים געקומען.

זיי אָנערקענען דעם ייִדישן ביישטייער צו פּוילן און גאָר באַזונדערס דעם ייִדישן ביישטייער צו דער פּוילישער ליטעראַטור. זיי דערמאָנען מיט כּבוד די פּאָעטישע שריפטן פון יוליאַן טוווים (1894—1953), דעם פּאָעטישן ביישטייער פון אַנטאָני סלאָנימסקי, (אייניקל פון חיים זעליג סלאָנימסקי (1810—1904), באַרימטער פּירער פון די משכּילים אין פּוילן, גרינדער־אַרויסגעבער־רעדאַקטאָר פון הצפירה"). אַנטאָני איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1894. ביים געשמדטן זון פון חיים־זעליג סלאָנימסקי. ער איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע אין יאָר 1976.ביידע גרויסע ייִדיש־אָפּשטאַמיקע דיכטערס זענען געווען פּוילישע פּאַטריאָטן און ביידע האָבן זיך געגרויסט מיט זייער ייִדישן אָפּשטאַם. סלאָנימסקי האָט זיך גע־גרויסט מיט זיין ייִדישן ייִחוס: אַ זיידע — שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר און אַן עלטער־זיידע, אברהם יעקב שטערן — געניאַלער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם.

וועגן אַדאַם מיצקעוויטשן, דעם גרעסטן פּוילישן דיכטער (1798—1855), האָבן מיר מיט יאָרן צוריק פאַרעפנטלעכט אַ ציקל אַרטיקלען און ס'ווילט זיך נישט איבער־חזרן, דאָס וואָס מיר האָבן שוין געזאָגט וועגן אים. מיר האָבן דאַן אויסגעפירט, אַז נישט געקוקט אויף געוויסע קריטיקערס, וואָס ווייזן אָן אויף סתירות אין זיין באַציִונג צו ייִדן, קען ער געשטעלט ווערן אינעם רייסטער פון די חסידי אומות העולם.

דער וויזיאָנער פון פּוילנס פרייהייט, ווי זיינע ביאָגראַפן כאַראַקטעריזירן אים[15], איז געווען אַ גרויסער הומאַניסט און געהאַסט די צאַרישע דיקטאַטור. אייניקע ביאָגראַפן האָבן זיך באַמיט צו באַווייזן אַז ער האָט געשטאַמט פון ייִדן[16]. ס'זאָל הייסן, אַז מיצקעוויטש אַליין זאָל האָבן געזאָגט וועגן זיך: "מיין טאַטע איז אַ מאַזור, מיין מאַמע, מאַיעווסקאַ, שטאַמט פון משומדים; איך בין אַזוי אַרום אַ האַלבער פּאָליאַק און אַ האַלבער ייִד און איך בין שטאָלץ דערמיט"[17].

פאַר אונדז איז נישט וויכטיק, צי ער האָט געשטאַמט פון ייִדן, פון משומדים, פון פראַנקיסטן. פאַר אונדז איז וויכטיק זיין הומאַניזם, זיין באַציִונג צו ייִדן; פאַר אונדז איז וויכטיק, ווי אַזוי דער מחבר פון "פּאַן טאַדעוּש" און "דזשיאַדי" האָט גערעדט און געהאַנדלט וועגן ייִדן, ווי אַזוי דער גרויסער דיכטערישער זשעני, די גרעסטע פּערזעלעכקייט אין ליטעראַרישן פּוילן, דאָס געוויסן פון אינטעלעקטועלן פּוילן, האָט אין 19טן י"ה אויפגענומען די ייִדן־פראַגע.

אַדאַם מיצקעוויטש איז דערצויגן געוואָרן אין אַ סביבה, ווו ער האָט זיך כּסדר געטראָפן מיט ייִדן. אין ווילנע, די "ירושלים דליטא", ווו ער האָט שטודירט אויפן אָרטיקן אוניווערסיטעט, ווו ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט פּריצישע

סטודענטן אַנטיסעמיטיש געשטימטע האָט ער זיך געחברט מיט ייִדישע סטודענטן; געלערנט העברעיִש, זיך באַקענט מיט ייִדישע מנהגים, מיטן ייִדישן אָרט לעבן. דעם ערשטן באַנד לידער האָט ער אָפּגעדרוקט ביי אַ ייִדישן דרוקער.

ווערנדיק באַקאַנט מיט די ייִדישע נויטן אין פּוילן און אין ליטע, האָט ער, ווי אַ סטודענט פּלאַנירט צו גרינדן ייִדישע ווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס און העלפן לייזן די ייִדן־פּראָגע, מיט וועלכער דעם "סיים" (פּאַרלאַמענט), האָט זיך פאַרנומען און אָפּגעקומען מיט רייד.

אין יאָר 1819, שוין זייענדיק אַ לערער אין קאָוונע, האָט מיצקעוויטש זיך ווידער פאַרנומען מיט דער ייִדן־פּראָגע. ער שרייבט צו אַ פריינד: "דאָס דחקות איז גרויס... די ייִדן שטעלן מיט זיך פאָר מער ווי אַ העלפט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג און הילף איז נויטיק..." [18]. מיצקעוויטש איז דאַן געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם מצב פון די ייִדן אין פּוילן און אין ליטע און נאָך מער באַזאָרגט, ווי אַזוי די אַנטיסעמיטן ווילן לייזן דאָס פּראָבלעם ייִדן. דאָס האָט אים פאַרשאַפט צער און ווייטיק. אין קאָוונע האָט ער פאַרוואַלטעט מיט דער שול־ביבליאָטעק, איינגעקויפט ביכער און זיי געלאָזט איינבינדן ביים איינבינדער, דעם ייִד, יחיאל־לייב, מיט וועמען ער איז געוואָרן שטאַרק באַפריינדט און פון אים געלערנט ייִדישקייט, דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער.

מיצקעוויטש האָט זיך אַ סך אָנגעליטן פון צאַרישן רוסלאַנד, וואָס האָט געהערשט מיט אַ שטאַרקער האַנט איבער פּוילן, ליטע און די שכנותדיקע לענדער. נישט איין מאָל איז ער אַרעסטירט געוואָרן; נישט איין מאָל איז ער פאַרשיקט געוואָרן אין רוסישע טורמעס. נאָכן אָפּפּלאָגן זיך אין די צאַרישע טורמעס און נאָכן דורכגעפאַלענעם פּוילישן אויפשטאַנד, איז ער אַוועק קיין פּאַריז, וווּ ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער ייִדן־מיסיע, געפינענדיק, לויט זיינע באַגריפן אַן ענלעכקייט צווישן ייִדן און פּאָליאַקן. ער האָט אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז דאָס פּוילישע פאָלק מוז נעמען אויף זיך די אידעאַלן פון די נביאים, זייער ביישפּיל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער האָט דערמיט אַרויסגערופן קעגן זיך אַ גרויסע קעגנערשאַפט צווישן פּוילישע פּירערס, אַפילו צווישן זיינע פאַרערערס. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט פון פּראָפּאַגירן זיינע אידעאַלן און געקראָגן הילף פון ייִדן [19].

זיינע קעגנערס האָבן אָנגעוויזן, אַז ער רעדט ווי אַ ייִד, אַז ער שטאַמט פון ייִדן, אַז ער איז אַרומגערינגלט מיט ייִדן, אַז דער ייִד אַרמאַן לעווי העלפט אים... ער האָט דאָס נישט אָפּגעלייקנט. אדרבה, ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער שטאָלצירט מיט זיין ייִדן־פריינדשאַפט.

די פּאָליאַקן האָבן אָבער נישט געהאַט קיין עצה ווי צו קאָאָפּערירן מיט אים אין זיין קאַמף קעגן דער צאַרישער מאַכט. אַפילו זיינע קעגנערס האָבן געמוזט

אַנערקענען, אַז ער איז פּוילנס גרעסטער דיכטער, אַז זיך שטעלן קעגן אים קען אַרויסרופן דעם צאָרן פון די מאַסן אין פּוילן און אין ליטע.

מיצקעוויטש האָט זיך איינגעשטעלט פאַר גערעכטיקייט און במילא האָט ער געמוזט זיך איינשטעלן פאַר ייִדן, ווי ער דריקט זיך אויס אין זיין לשון, די "ייִדישע אומה", די "אומגליקלעכע וואַנדערער". צום בולטסטן האָט ער דאָס אַרויסגעוויזן אין זיין פּאָעמע "פּאַן טאַדעוש" וואָס קריטיקערס לויבן מיט די העכסטע לויבגע־זאַנגען. "זיין וואָרט — שרייבט לעאָ פינקלשטיין, דער קענער פון דער פּוילישער ליטעראַטור — באַפליגלט מיט רעליגיעז־פילאָזאָפישן שווונג" [20] און ער איז נישט דער איינציקער. יאַנקל צימבאַליסט — ווי מיצקעוויטש שילדערט אים — ווערט זיך נישט אַסימילירן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט. ער איז אָבער אַ גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט... ווי יוסף ליכטנבוים, וואָס האָט איבערגעזעצט "פּאַן טאַדעוש"" אין העברעיִש, ווייזט אָן [21] האָט מיצקעוויטש אַרויסגעוויזן אין דאָזיקן ווערק זיין ליבע צום ייִד, זיין באַגייסטערונג פאַר דער ייִדישער תּורה און פאַר ייִדיש לעבן בכלל.

העשיל קלעפּפיש — אַ היסטאָריקער און קענער פון דער פּוילישער און וועלט־ליטעראַטור — ביים באַהאַנדלען דעם פּוילישן דיכטער [22], ציטירט מיצקע־וויטשעס אַן אויפרוף:

"זאָלן די פּאָליאַקן פאַסטן אום תּשעה באָב! זאָלן די פּאָליאַקן קומען אין דער נאַכט פון תּשעה באָב אין דער ייִדישער שול אַריין... זאָלן די פּאָליאַקן אָנטייל נעמען אינעם ייִדישן פאָלקסצער, וואָס איז נאָך אַלץ אַזוי גרויס און טיף, ווי אינעם ערשטן יאָר נאָכן חורבן בית המקדש..."

"אַזאַ רוף — שרייבט קלעפּפיש — האָט אָנגעשריבן פּוילנס גרעסטער דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש אין פּאַריז, אין יאָר 1845. פון דאָרט, איז אויך אַרויס אַ מאַניפעסט צום פּוילישן ייִדנטום מיט אַזעלכע שיינע ווערטער, "ברידער זענען מיר, ברידער" און עס שאַפט זיך אַ ייִדן־פריינדלעכע באַוועגונג... "דער באַרימטער פּוילישער דיכטער איז געווען טיף איבערגעצייגט, אַז אָן דער באַפרייונג פון ייִדן און אָן דער אַנטוויקלונג פון ייִדישן גייסט, קען פּוילן נישט אויפלעבן..."

העשיל קלעפּפיש דערציילט, אַז מיצקעוויטש איז געגאַנגען אין סינאַגאָגע פון אַסימילאַטאָרן וואָס האָבן אים געלאָזט וויסן, אַז זיי זענען פּראָגרעסיוון און אַז דאָס ייִדישע פּראָבלעם איז שוין פאַר זיי געלייזט געוואָרן. זיי טרוימען נישט פון אויסלייזונג... מיצקעוויטש איז אַ צעטומלטער, פאַרביטערטער, אַנטוישטער, אַרויס פון דער דאָזיקער סינאַגאָגע. אין אַ בריוול צו אַ פריינד האָט ער געשריבן: "איך האָב באַקענט ייִדן, וואָס גייען אויפן וועג פון גייסטיקער קנעכטשאַפט און זעלבס־פאַרלייקענונג..."

ביים סוף פון זיינע יאָרן, איז מיצקעוויטש אַריבער צו אַ רעליגיעז־מיסטישער

שיטה, וואָס איז גערופן געוואָרן טאָוויאַניזם א. נ. פון אַנדזשעי טאָוויאַנסקי (1799—1878), אַ מיסטיקער וועלכער האָט געשאַפן אַ ריכטונג, וואָס איז אין אַ געוויסן זין, געווען אַ סאָרט מיסטיציזם — לויט אַ נישט־ייִדישן באַנעם, אַן אינדיווידואַליסטישע טעאָריע פון פערזענלעכער רעטונג דורך תּפילה און דערמיט אויסצולייזן זיך און זיין פאָלק, ווערן גייסטיק אויסדערווײלט. די שיטה — האָט מיצקעוויטש געהאַלטן — וועט פאַראייניקן די צוויי געליטענע פעלקער: ייִדן און פּאָליאַקן און ברענגען דעם גואל, דעם אויסלייזער, צו ראַטעווען די פעלקער און די וועלט.

טאָוויאַנסקי האָט באַאיינפלוסט דעם נאַאיוון מיצקעוויטשן צו אַגיטירן פאַר ייִדן זיין לערע, וואָס האָט געמיינט שמד. מיצקעוויטש האָט זיך אָבער געכאַפּט, אַז די טאָוויאַנסקי־פילאָזאָפיע וועט צו גאָרנישט פירן. האָט ער זיך אָפּגערוקט פון טאָוויאַנסקין און זיך פאַרנומען מיט פּראַקטישע פּלענער, ווי צו העלפן די פּאָליאַקן זיך באַפרייען פון רוסישן אָקופּאַנט. ער האָט זיך גענומען צוגרייטן אַן אויפשטאַנד, אָרגאַניזירט דעם פּוילישן לעגיאָן אין פראַנקרייך און אין די אַרומיקע לענדער און געקראָגן הילף און שטיצע פון ייִדן אין פראַנקרייך און אין פּוילן.

אין זיין מאַניפעסט, פאַרעפנטלעכט אין 1848, וואָס איז געוואָרן דער פּראָגראַם פאַר דער צוקונפטיקער פּוילן, האָט מיצקעוויטש צווישן אַנדערע פּונקטן, אַריינגעגעבן אַ פּונקט: "אין פּוילן זאָל נאַראַנטירט ווערן פרייהייט פאַר יעדער אמונה, מנהג; דעם עלטערן ברודער — ישראל: כּבוד, ברודערשאַפט, הילף — אויף דעם וועג פון אייביקן גליק, גלייכע רעכט מיט אַנדערע פעלקער ...[23].

ווען מיצקעוויטש איז אָנגעקומען קיין וועראָנאַ, איטאַליע, איז דעם זעלביקן טאָג דאָרט פאָרגעקומען אַ יום־טוב: מ'האָט צעבראָכן די געטאָ־קייטן און ייִדן איז דערלויבט געוואָרן צו וווינען אין דער גאַנצער שטאָט. האָט מיצקעוויטש דאַן, אויף דער איינלאַדונג פון דער קהילה, געהאַלטן אַ פלאַמיקע רעדע וועגן ייִדישער גלייכבאַרעכטיקונג. ער האָט זיך געפרייט צוזאַמען מיט ייִדן און אַרויסגעוויזן זיין אויפריכטיקע אהבת־ישראל.

מיצקעוויטש האָט געשטאַמט פון ייִדן און זיין ווייב האָט געשטאַמט פון ייִדן — פון אַ געשמדטער משפּחה. ער האָט געהאַט פון איר — זעקס קינדער: פיר זין און צוויי טעכטער. די פּאָליאַקן האָבן זי גערופן אַ "ייִדישקע" און געזען אין דעם אַ חטא פאַר זייער גרעסטן נאַציאָנאַלן דיכטער. ער איז אויך קריטיקירט געוואָרן פאַר זיינע פאַרבינדונגען מיט ייִדן און פאַר זיין פאַרהערלעכן דעם תּנ"ך און די ייִדן, ווי די טרעגערס פון תּורת משה והנביאים.

אין פּאַריז האָט זיך דערנענטערט צו אים אַ ייִד מיטן נאָמען אַרמאַן לעווי (1824—1891), אַ זשורנאַליסט לויט דער פּראָפעסיע און דערצו, אַ י י ד י ש ע ר עסקן, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ רייכער געשמדטער עלזאַסער משפּחה. אַרמאַן לעווי האָט זיך אויך באַפריינדט מיט משה העס, אַלעקסאַנדער ווייל און אַנדערע

וועלכע האָבן פּראָפּאַגירט דעם ציוניסטישן אידעאַל. ער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פונעם רעיון ארץ־ישראל פאַר ייִדן. אונטער דער השפעה פון מיצקעוויטשן האָט זיך לעווי מגייר געווען, זיך צוריקגעקערט צו זיין אָפּשטאַם און געוואָרן אַ פולשטענדיקער ייִד. מיט דער הילף פון דעם דאָזיקן ייִד האָט מיצקעוויטש געוואָלט שאַפן אַ ייִדישן לעגיאָן, וואָס זאָל קעמפן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן פאַר פּוילנס פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. דער פּלאַן איז נישט רעאַליזירט געוואָרן [23]. אַרמאַן לעווי האָט איבערגעזעצט אין פראַנצויזיש אַ טייל פון מיצקעוויטשעס ווערק און געשריבן אַ הקדמה צו דער העברעיִשער איבערזעצונג פון מיצקעוויטשעס "געשיכטע פון פּוילישן פאָלק".

לויט די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון די וויכטיקסטע ייִדישע ליטעראַטור־קריטיקערס איז מיצקעוויטש געווען אַלע זיינע רייפע יאָרן אַ ייִדן־פריינד. מ׳ווערט געערירט פון די לויב־געזאַנגען און פון די הספדים נאָך זיין טויט. ער פאַרדינט אַריינגענומען צו ווערן אין דער רשימה פון די חסידי אומות העולם.

חסידי אומות העולם, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָבן זיך אויך געפונען אינעם אַמאָליקן פּוילן. געווען אַ קעניג יאַן סאָביעסקי, אַ מלך חסד, אין יעדער נויט און צרה האָבן ייִדן זיך געווענדט צו אים און ער איז אַנטקעגנגעקומען מיט הילף. אויגוסט דער צווייטער (1697—1732) און אויגוסט דער דריטער (1754—1763) האָבן אַ סך געהאָלפן ייִדן, געהאַט גרויס השפעה אין סיים (פּאַרלאַמענט) און אַ סך אויפגעטאָן לטובת דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אין 13טן און אין 14טן י״ה, האָבן ייִדן באַוויזן — אַ דאַנק די קעניגן און דער רעגירונג — צו פאַרזיכערן זייערע פּאָזיציעס אויפן ווירטשאַפטלעכן און רעליגיעזן געביט.

דער ערשטער אָפיציעלער דאָקומענט וואָס פאַרזיכערט די רעכט פון די פּוילישע ייִדן איז — ווי פריער דערמאָנט — דער סטאַטוט פון פירשט באָלעסלאַוו "דעם פרומען", גערופן "דער קאַלישער סטאַטוט", ווייל ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער שטאָט קאַליש אין יאָר 1264. דער סטאַטוט שטעלט פעסט די רעכט פון ייִדן צו היטן דעם שבת און אַנדערע רעליגיעזע דינים און מנהגים. אויפן געביט פון פּאָליטיק — ווייזט אויס — האָבן פּוילישע ייִדן נישט געהאַט קיין אינטערעס.

קעניג קאַזשימיעזש דער גרויסער האָט געשטאַרקט דעם דאָזיקן סטאַטוט אין יאָר 1343 און אים אויסגעברייטערט. אַזוי האָבן אים נאָכגעפאָלגט קאַזשימיעזש דער פערטער, 13טן אויגוסט, 1453; סטעפאַן באַטאָרי, 1576 און אַנדערע [24].

דער דעקרעט פון קעניג קאַזשימיעזש דעם פערטן, וואָס איז אַמענדירט געוואָרן דורך שפּעטערע מלכים, האָט פאַרזיכערט כשרע שחיטה פאַר דעם אייגענעם געברויך און פאַר דעם פאַרקויף אין לאַנד און אויך פאַר אויסלאַנד.

ס׳זעט אויס, אַז סטעפאַן באַטאָרי האָט זיך באַמיט — מסתּמא געהאַט אַ קעגנערשאַפט — ס׳זאָל נישט פעלן קיין כּשר פלייש. דער העלדישער קעניג, דער אומדערשראָקענער קעמפער פאַר די רעכט פון אַלע בירגער, האָט פאַרשאַפט כּבוד דעם פּוילישן פאָלק. ער האָט געהאַלטן פאַר אַ שאַנדע צו דריקן פּוילישע ייִדן און געוואָרנט מיט טויטשטראָף די וואָס וועלן העצן קעגן ייִדן, אָדער באַשול־דיקן מיט עלילת־דם. ער האָט נאָכגעפאָלגט זיין פאָרגענגער ״קאַזשימיעזש ווielki״, דעם פריינד פון ייִדן און מאַן פון דער לעגענדאַרער אסתּרקע.

דער קאַלישער סטאַטוט פון 1264 האָט אויך פאַרזיכערט די פאָרם פון אַ ייִדישער שבֿועה אין געריכט־ענינים. מיט יאָרן שפּעטער האָבן מלכי חסד געגעבן רבנים רעכט צו משפּטן און באַשטראָפן, לויטן נוסח און מנהג פון ״משה געזעץ״, לויטן ייִדישן געזעץ.

די דאָזיקע געזעצן זענען געווען אַזוי ליבעראַל אַז ס׳האָט אויסגעזען, ווי ייִדן האָבן פולשטענדיקע אויטאָנאָמיע אין פּוילן: רעכט אויף חרם (עקסקאָמוני־קאַציע), רעכט אויף אייגענע קהילות, אייגענע סיסטעמען פון איינמאָנען שטייערן. אָבער נישט שטענדיק איז דאָס אַזוי געווען און נישט אַלע קעניגן זענען געווען אַזוי ליבעראַל.

אַזוי אויך וואָס שייך שריפטשטעלערס. ס׳האָבן נישט געפעלט אין פּוילן קיין שרייבערס וועלכע האָבן געהאַסט און געהעצט קעגן ייִדן. ס׳זענען אָבער אויך געווען אַזעלכע וועלכע האָבן ליב געהאַט ייִדן און אָפּגעשאַצט דעם ייִדישן בייטראָג צו דער ליטעראַרישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון זייער לאַנד.

עליזאַ אָזשעשקאָוואַ איז איינע פון די שענסטע געשטאַלטן אין דער נייער פּוילישער ליטעראַטור, זי איז געווען אַ קעמפערין קעגן ייִדן־שׂנאה, זי האָט באַרייכערט די פּוילישע ליטעראַטור מיט איר מייסטערהאַפטן סטיל, זי איז באַטראַכט געוואָרן ווי ״דאָס געוויסן פון דער פּוילישער ליטעראַטור״ אין איר צייט [25].

פון די גאָר לעצטע דאַרף דערמאָנט ווערן וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ (קראָקע, 1905 — קיעוו, 1964). זי געהערט צו די וויכטיקסטע פּערזענלעכקייטן צווישן דער פּוילישער אינטעליגענץ אין דעם צווישן־מלחמה־פּעריאָד. זי איז געווען אַ קעמפערין קעגן פאַשיזם־נאַציזם און פאַר אַ בעסער פּוילן, וואָס זאָל באַהערשט ווערן פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

אָפּשטאַמענדיק פון אַ הויך אינטעליגענטער פאַמיליע (דער פאָטער, לעאָן — אַ פאָרשער, אַן עטנאָגראַף, אַ פירער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט אין 1918 געקעמפט פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט), האָט זי, די טאָכטער, ממשיך געווען ווי אַ הומאַניסטין און אַ פּוילישע פּאַטריאָטקע, דערצו אַ קעמפערין קעגן דיסקרימינאַציע, קעגן ראַסיזם, אַנטיסעמיטיזם. זי האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע

צאָל ווערק פּאָעזיע, פּראָזע, פּובליציסטיק. אין דער צייט פון דער נאַצי־אינוואַזיע האָט זי זיך געראַטעוועט אין סאָוועט־רוסלאַנד. דאָרט איז זי געוואָרן די פּירערין פון דער פּוילישער עמיגראַציע: זי האָט אָרגאַניזירט די ערשטע קאָשטשושקאָ־דיוויזיע און אַזוי אַרום נושא־חן געווען ביי די סאָוועטישע מושלים וועלכע האָבן איר געגעבן אַ געלעגנהייט צו העלפן די פּוילישע פּליטים. האָבנדיק די דאָזיקע מיסיע און רעכט, האָט זי אַ סך געהאָלפן יידן, וועלכע זענען פאַרוואָגלט געוואָרן אין די פאַרשיידענע געגנטן פון רוסלאַנד.

זייענדיק פאַרנומען מיט אַזוי פיל פּראָבלעמען און אין דער פרעמד, אין סטאַלינס "גן עדן", האָט זי דאָך באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אַ צאָל ווערק. איינס פון אירע ווערק "דער רעגן־בויגן" (1942), איז אַרויס אין אַ ריזיקן טיראַזש און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין אַ צאָל שפּראַכן. אינעם דאָזיקן ווערק שילדערט זי דעם באַרבאַריזם פונעם שונא — די נאַצישע האָרדעס און די העלדישקייט פון סאָוועטישן פאָלק, וואָס האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

אין דער רשימה פון פּוילישע חסידי אומות העולם געהערט דער היינטצייטיקער נאָבעל־פּרעמיע־געווינער, טשעסלאַוו מילאָש, וועלכער דריקט אויס (אין פּויליש) אין פּאָעזיע און אין פּראָזע, די ליידן פון דער מענטשהייט. ער ברענגט אויך צום אויסדרוק דאָס שטרעבן צו רעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן, פאַר אַלע קלאַסן.

נאָך איידער די היטלעריסטן זענען באַפאַלן פּוילן האָט זיך מילאָש באַצויגן מיט עקל צום אַנטיסעמיטיזם אין זיין לאַנד. ווען ער האָט זיך באַקענט (בעת דער מלחמה) מיט דער אכזריות קעגן יידן אין זיין געבוירנלאַנד, איז דאָס געוואָרן די גרעסטע טעמאַטיק פון זיין שאַפן, אַזוי אין זיין ווערק "דריי ווינטערס", אַזוי אין "קאַמפּאָ די פיאָרי", אַזוי אין זיין "פון אָפּגרונט" און אַזוי אין אַנדערע ווערק. מילאָש פּערזאָנאָפיצירט מיט זיך דאָס שענסטע פון אַ הומאַניסט. ער האָט איבער־געזעצט "תהלים", "איוב", "קהלת" און אַנדערע ספרים פון תנ"ך און ער איז געוואָרן באַאיינפלוסט פון די הייליקע שריפטן. אין 1980, אין עלטער פון 69 יאָר, האָט ער באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע. ער איז דער דריטער פּוילישער שריפטש־טעלער צו באַקומען די נאָבעל־פּרעמיע. דער ערשטער איז געווען הענריק שיענ־קעוויטש וועלכער האָט אין 1905, פיר יאָר נאָכן איינשטעלן די דאָזיקע פּרעמיע, געקראָגן די דאָזיקע אויסצייכענונג פאַר זיין ראָמאַן "קוואָ וואַדיס". אין יאָר 1924, איז דער נאָבעל־פּריז צוגעטיילט געוואָרן צו וולאַדיסלאַוו ריימאָנט, פאַר זיין עפּאָפּעע "פּויערים". אַלע דריי נאָבעל־געווינערס זענען געווען שאַרפע קעגנערס פונעם אַנטיסעמיטיזם [26].

דער לאָורעאַט מילאָש איז, ווי מיצקעוויטש, אַ געמיש פון פּויליש־ליטווישן גייסט. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 30טן יוני, 1911, אין דאָרף שייני, ליטע און זיין קאַריערע אָנגעהויבן אין ווילנע. ער איז דערנאָך אַוועק קיין וואַרשע און זיך

פאַרנומען מיט שרייבן און רעדאַקטירן ליטעראַרישע ווערק. בעת דער מלחמה איז ער געווען טעטיק אין אונטערגרונט און אונטער אַזעלכע שווערע באַדינגונגען איז זיין טאַלאַנט געוואַקסן.

נאָכן קריג איז ער געוואָרן וועלט באַקאַנט מיט זיין ליטעראַרישער שעפעריש־קייט און ווי אַ רעזולטאַט, האָט די שוועדישע אינסטיטוציע אים באַלוינט, זיך אויסדריקנדיק: אַז אין זיינע ווערק "אַנטפּלעקט זיך אַ קאָמפּראָמיסלאָזע דורכ־דרינגלעכקייט, די באַדראָונג פונעם מענטש אין אַ וועלט פון געוואַלטיקע קאָנ־פליקטן..."

פון די אַמאָליקע באַרימטע פוילישע שריפטשטעלערס, וועלכע זענען נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם הערשנדיקן אַנטיסעמיטיזם, דאַרף מען דערמאָנען זיגמונט קראַשינסקי (1812—1859), וועמעס ווערק די יוגנט האָט געכאַפּט און געשלונגען. ער האָט אָבער נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון פון קענען אויסוואָרצלען פון זיך די שנאָה צו ייִדן. אין די שפּעטערע יאָרן איז ער אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער מחלה (אָדער באַלעבט דאָס אינערלעך־פאַרוואָרצלטע). מיצקעוויטש האָט געהאַט טענות צו אים.

אַנדערש איז געווען מיט יוליוש סלאָוואַצקי (1809—1849), אַרום וועמען ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַר רייכע אָפּשאַץ־ליטעראַטור. "מיצקעוויטש און סלאָוואַצקי — שרייבט לעאָ פינקלשטיין — האָבן געטרוימט וועגן דעם גאַנצן ערדקוגל (גלאָבאַלער אַרום), אַלס געצעלט פאַר דער אויסגעווייטיקטער פּויליש־משיחישער וויזיע... סלאָוואַצקיס נאָמען ווערט ס'רוב אַרויסגעזאָגט אין איין אָטעם מיט די נעמען מיצקעוויטש און קראַשינסקי — אַלע דריי צוזאַמען רעפּרע־זענטירן דאָס קלאַסישסטע אין דער פּוילישער ליטעראַטור (פון יענער צייט — ג. ש.). ביי סלאָוואַצקין — די מייסטערשאַפט פון קלאַנג און פאַרב... אויסער מיצקעוויטשעס "פאַן טאַדעוש", איז פּשוט שווער צו דערמאָנען נאָך אַ פּויליש ווערק... מיט וועלכע ס'צייכנט זיך אויס, אַזוי מייסטערשאַפט ווי סלאָוואַצקיס שאַפן..."[27]

צו די חסידי אומות העולם אין פּוילן פון יענער תקופה געהערט דער היסטאָ־ריקער לעלעוועל, אַ מיצקעוויטש־מענטש (געשט. 1861). ער, ווי קראַשינסקי, האָט אָבער אויך געהאַלטן, אַז ס'איז בעסער פאַר פּוילן, ייִדן זאָלן נישט ווערן אַריינ־גענומען אינעם לעגיאָן פון דער פּוילישער שליאַכטע — די אַדעל־לייט — אין זייער קאַמף קעגן צאַרישן אָקופּאַנט. אָבער, בדרך כלל, איז ער געווען אַן אוהב־ישראל, געקעמפט קעגן דער ברוטאַלער צאַרישער מאַכט. מיצקעוויטש — ווי מיר ווייסן — האָט נישט געטיילט זייער שיטה פון דערווייטערן ייִדן, פון מורא האָבן, אַז די אַנטיסעמיטן וועלן זאָגן, ס'איז אַ ייִדישער קאַמף.

העשיל קלעפּפיש, אַ קענער פון דער פּוילישער ליטעראַטור, גיט אַן נאָך אַ

צאָל פון די אָנגעזעענע פּוילישע שריפטשטעלערס, יעדער אויף זיין זשאַנער און געביט, וועלכע זענען ראוי באַטראַכט צו ווערן ווי חסידי אומות העולם.

מיר וועלן דערמאָנען אייניקע: טאַדעוש זאַדאַרעצקי, דער פאָרשער פון לשון־קודש, פון תנ"ך און תּלמוד און פון ייִדנטום בכלל. ער טוט עס, ווי קלעפּפיש שרייבט[28] "מיט קענטשאַפט, מיט געניטקייט"... "ער ציטירט די ווערטער פון רבי משה קורדיבירו (רפ"ב—ש"ל; 1522—1570) אַז "אותיות זענען גייסטיקע וועזנס, זייער אויסערלעכע געשטאַלט אַנטשפּרעכט זייער אינערלעכער נאַטור, זייער אינהאַלט..." "זאַדאַרעצקי — שרייבט קלעפּפיש — שטעלט אַ ווידער־שטאַנד די אַזוי גערופענע אַנטיסעמיטישע ייִדן־קענערס; ער דעקט אויף זייערע שקרים; ער דעקט אויף זייער פאַלסיפיצירן ביבלישע און תּלמודישע שטעלן... ער ווייזט אַרויס אומגעהויערע פּיעטעט פאַר די חכמי התלמוד אשר מפּיהם אנו חיים".

קלעפּפיש באַהאַנדלט די ווערק פון די פּרויען־שרייבערינס מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ, קאַזימיעראַ אילאַקאָוויטש, אָזשעשקאָוואַ, און אַנדערע פון דער לעצטער פּעריאָדע און ווייזט אָן, אַז זייער אַגיטירן פאַר פרייהייט און מענטשלעכקייט אין פּוילן איז דורכגעדרונגען מיט ייִדן־פריינדלעכקייט. אָבער, דער "אָבער,", וואָס ענדערט פיל־וויניק זייער אויפריכטיקייט אין באַנעמען ייִדישקייט, זייער פאַרלאַנג צו לייזן די ייִדן־פראַגע, איז נישט ווייט פון אַנטי־ייִדישע נטיות — זיי וואָלטן וועלן זען אַז דורך אַסימילאַציע, זאָל אויפהערן צו עקזיסטירן אַ ייִדן־פראַגע. זיי האָבן באַקעמפט דעם אַנטיסעמיטיזם, דעם פּוילישן שאָוויניזם, ממש אַרויסגעוויזן ליב־שאַפט פאַר ייִדן, אָבער דאָך, נישט געזען קיין אַנדער וועג צו העלפן ייִדן, ווי דורך אויסמישן זיך און ווערן אַ טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג און אַריינברענגען ייִדישן טאַלאַנט אין דער פּוילישער געזעלשאַפט[29].

קלעפּפיש ברענגט דעם פאַקט, אַז אַלעקסאַנדער שוויענטאָכאָווסקי דער ליבעראַל איז אויף די עלטערע יאָרן געוואָרן אַן ענדעקישער אַנטיסעמיט, אַ העצער קעגן ייִדן, זיך געשטעלט אין דער ריי פון דעם רעאַקציאָנערן, כוליגאַנישן אַנטיסעמיטיזם. ער וווּנדערט זיך, ווי איז דאָס מעגלעך? קלעפּפיש דאַרף אָבער גוט געדענקען דעם זאָג: "אל תאמין בעצמך עד יום מותך" — גלויב נישט אין זיך ביזן טאָג פון דיין טויט[30]. אַז ס'האָט געקענט טרעפן מיט יוחנן כהן גדול וואָס נאָך צו אכציק, איז ער געוואָרן אַ "צדוקי"[31], וואָס איז דאָ זיך צו וווּנדערן, אַז אַ פּוילישער שרייבער, אַרומגערינגלט מיט אַנטיסעמיטן, זאָל זיך ענדערן צום שלעכטן?

מער מזל — זעט אויס — האָבן ייִדן געהאַט מיט די פּרויען שריפטשטעלערינס. קאַזימיעראַ אילאַקאָוויטש האָט אויך געבלאָנדזשעט, האָט נישט געהאַט גענוג וויסן וועגן ייִדן און ייִדישקייט. זי האָט דאָך געשריבן אין אירע זכרונות:

"איך אָנערקען נישט דאָס ייִדישע פּראָבלעם... איך האָב אין מיין לעבן אָנגעטראָפן ערלעכע, האַרציקע, שיינע ייִדישע מענטשן... די ייִדישע רעליגיע האָט אין ייִדן אַנטוויקלט די מידות פון גוטסקייט, גאַסטפריינדלעכקייט, גוטמוטי־קייט... מיר איז שווער צו באַגרייפן הלמאי זאָל גראָד לגבי ייִדן בושעווען אַן אוממענטשלעכע רשעות..."[32]. דאָס איז אַ באַציִונג פון אַ ליבעראַלן מענטש, אַ פריינד פון ייִדן, נישט געקוקט וואָס זי וואָלט געוואָלט זען ייִד אויסגעמישט מיטן פוילישן פאָלק.

סטעפאַן זשעראָמסקי, פון די אָנגעזעענסטע שרייבערס אין דער נייער פוילישער ליטעראַטור, איז אויך געווען אַ קעמפער קעגן דער רעאַקציע אין פוילן. אין זיין ווערק "היימלאָזע מענטשן" (דערשינען, 1900), שילדערט ער נישט בלויז דאָס פינצטערע לעבן פון פּאַליאַקן אונטערן צאַרישן רעזשים, נאָר אויך די ייִדישע אָרעמקייט, די ייִדישע ליידן און ווי אַזוי מ'דאַרף פאַרבעסערן דעם מצב אי פון זיין פאָלק און אי פון די ייִדן. ער שאַצט אָפּ די וויכטיקייט פון ייִדן אין פוילן און לייקנט, אַז ייִדן ליגן "אויף זעק געלט". ער מאָלט אויפריכטיק די ייִדישע נויט אין פוילן — און קען נישט פאַרנעמען אָדער באַנעמען דעם אַנטיסעמיטיזם.

"וואָס פאַר אַ פוילן דאַרפן מיר — פרעגט זשעראָמסקיס אַ העלד — אַ מדינה פון אונטערדריקערס, שלאַכטשיצעס, אַנטיסעמיטיזם?... מוחל אַזאַ פוילן".

ווי מיצקעוויטש, ווערט זשעראָמסקי געשילדערט ווי דער ריטער פון ראָמאַנטישן גלויבן, ער איז אָבער געגנוג רעאַליסט צו זען וואָס עס טוט זיך אין פוילן. מיר דערלויבן זיך ציטירן פון ה. קלעפּפיש: "די בילדער פון די אָרעמע ייִדישע קוואַר־טאַלן וואָס טרעפן זיך דאָ און דאָרט אין זשעראָמסקיס ווערק שניידן מיט זייער שאַרפן רעאַליזם... אין בוך "די שיינקייט פון לעבן" וואַקסט אויס דער ייִד צו אַ גיגאַנטישער געשטאַלט... ער טראָגט אין זיך דאָס פייערל פון אמת... איז דער נאַטירלעכסטער קעמפער פאַר יושר און רעכט..."

קלעפּפיש זעט אָבער אין אים סתירות. פאַר אונדז איז דאָס נישט קיין נייס. מיר ווייסן פון אַ סך קינסטלערס, שריפטשטעלערס וואָס האָבן זיך סותר געווען אין שילדערן ייִדן. דער ייִד מיט זיין קולטור און לעבנסגאַנג איז זיי געווען פרעמד. "זשעראָמסקי — שרייבט קלעפּפיש — איז אין זיין באַציִונג צו ייִדן אָפט מאָל סתירותדיק... ייִדן זענען אים אין תוך געווען פרעמד — אָבער געוואָלט העלפן האָט ער אונדז. נאָענט זענען מיר אים געווען, נישט ווייל מיר זענען ייִדן, נאָר ווייל מיר ליידן, ווייל מיר ווערן אומשולדיק געפייניקט".

דאָס קען געזאָגט ווערן וועגן די "מתוקנים" און "טובים שבהם" — און נישט בלויז וועגן פוילישע גייסטמענטשן, נאָר וועגן אַלע אָדער כמעט אַלע ניט־ייִדישע חסידי אומות העולם, אַז זיי האָבן נישט באַנומען ריכטיק דאָס ייִדישע לעבן, די

ייִדישע מנהגים. אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער ענין, מיט וועלכן ס׳פאַרנעמען זיך היסטאָריקערס, קולטור־פאָרשערס, פילאָזאָפן און טעאָלאָגן. אויסנאַמען זענען געווען. אַ זעלטנהייט און אַזאַ אויסנאַם איז געווען, ווי קלעפּפיש שרייבט, דער פריער דערמאָנטער טאַדעוש זאַדאַרעצקי:

ער האָט זיין "גאַנצע ערודיציע, זיין טאַלאַנס, זיינע פעיקייטן, זיינע טעג און נעכט, זיין גוטן נאָמען [איינגעשטעלט — נ. ש.] אויף צו פאַרטיידיקן ייִדן... אין אַ צייט ווען ייִדישע פאַרטיידיקונג איז זייער נישט פּאָפּולער... טאַדעוש זאַדאַרעצקי וויל אויפקלערן דעם אמת. ער וויל אַרונטעררייסן די שקרים, ער באַטראַכט דאָס פאַר זיין חוב, דעם חוב פון אַן ערלעכן מענטש...

"ער האָט אַרויסגעגעבן אַ ווערק 'דער תּלמוד אין פייער פון יאָרהונדערטער'... אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגן און ערנסטן שטודיום אין לאַבירינט פון יודאַיסטיק... און איז אַ ליכטיקער שטראַל אין דער איצטיקער פינצטערניש... איז אַ פריידיקע דערשיינונג... נישט אַלע הערצער זענען פאַרדאָרבן, נישט אַלע געוויסנס באַפלעקט..."

צו די קאָריפייען פון דער פוילישער ליטעראַטור — געהערט ווּלאַדיסלאַוו סט. ריימאָנט (געשט. אין 1925), דער טרעגער פון דער נאָבעל־פּרעמיע — 1924. זיין ווערק "פּויערים" (איבערגעזעצט אין אַ סך לשונות, אַריינגערעכנט ייִדיש) איז זיין קרוינווערק. ער שילדערט דאָס לעבן אמתדיק, ווי "ער זעט עס אין זיין רעאַליסטישער גאָקעטקייט"[33] — ער איז געווען פון די העכסט ליבעראַלע מענטשן.

אין דער ריי פון אידעאַלע פּערזענלעכקייטן, געהערט דער דיכטער ציפּריאַן נאָרוויד (1821—1883). אין זיין אָדע "פּוילישע ייִדן" האָט ער געשטעלט דעם ייִד ווי אַ מוסטער פון גייסטיקער און מאָראַלישער דערהויבנקייט[34] און אין דער דאָזיקער ריי, קען מען אָן ספק צוגעבן די שריפטשטעלער קאָרנעל אויעוווסקי, זיגמונט קראַשינסקי (1812—1859), וואָס האָט אַזוי פיל מאָל געטוישט זיינע אָנשוייונגען, געוויס צוליב השפּעות; יאַן קאָכאַנאָווסקי (1530—1584) — פון די ערשטע שטערן אויפן פּוילישן ליטעראַרישן האָריזאָנט; יוזעף סאָנקאָווסקי (1800—1858), באַרימטער אָריענטאַליסט; די וואָרטמייטערס סטאַניסלאַוו וויספּיאַנסקי (1869—1907) און אַנדזשעי סטרוג, וואָס האָט מיט וואָרט און שריפט געקעמפט פאַר פּוילנס פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן דאָ נישט געגעבן קיין פולע רשימה. די דערמאָנטע נעמען זענען בלויז אַן אָנווייז, אַז אַפילו ביי אַ פאָלק וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַנטיסעמיטיזם, האָבן זיך דאָך תּמיד געפונען יחידים וועלכע האָבן זיך דערהויבן מיט זייער אָנשטענדיקייט, פאַרשטענדעניש און רצון צו פאַרבעסערן די באַציִונגען צווישן אַלע בירגער אין פּוילן.

ייִדן האָבן תּמיד אָפּגעשאַצט און אָנערקענט די הילף מיט וואָרט און מעשׂים פון די וועלכע האָבן געהאַט אַ ליבעראַלן צוגאַנג צו ייִדישע פּראָבלעמען — און אַפילו טיטולירט גוטע מענטשן אין דער פּוילישער פּירערשאַפט אַלס אָנגעהעריקע צו די חסידי אומות העולם.

דער קאָזשעניצער מגיד ר׳ ישראל ב״ר שבתי זצוק״ל (האָפּשטיין י״ד תשרי, תצ״ו — 1745 ; תקע״ה — 1814) האָט געהאַט גרויס איינפלוס אויף פּוילישע קריסטן אין זיין געגנט, גאָר באַזונדערס אויפן פּירשט טשאַרטאָריסקי און פון אים געהאַט אַ סך טובות פאַר ייִדן. ער איז אויך געווען אין גאָר גוטע באַציִונגען מיטן פּוילישן מאַרשאַל יוזעף פּאָניאַטאָווסקי און געהאַלטן אַז ער געהערט צו די חסידי אומות העולם [35].

ס׳קורסירן פאַרשיידענע לעגענדעס וועגן דעם מגידס פריינדשאַפט מיט די פּוילישע פּירשטן און גענעראַלן. דער יחוס פון דער טשאַרטאָריסקי־משפחה הייבט זיך אָן מיטן הויפּט פון דער פּירשטלעכער משפחה, אַדאַם קאַזשימיעזש, וואָס האָט קאַנדידירט פאַר קעניג נאָכן טויט פון קעניג אויגוסט (1763). ווען ער איז דאָס נישט געוואָרן, איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס מיליטערישער מאַרשאַל. די דאָזיקע משפחה האָט געוווינט אין פּולאַווי (פּולאַוו) ביי דער ווייסל און געהאַט גיטער אַרום פּולאַוו און קוזמיר און אין שכנות פון קאָזשעניץ.

אין די זכרונות פון אַ פּוילישן אָפיציר וואָס פלעגט באַגלייטן דעם פּירשט ווערט דערציילט וועגן די באַזוכן ביים הייליקן „ראַבין״. צוליב דער פריינדשאַפט, האָט דער פּירשט געטאָן אַ סך טובות ייִדן. אַ באַזונדער גורם פאַר אָט דער פריינד־שאַפט האָט אויך געקענט זיין דאָס וואָס צווישן די קאָזשעניצער חסידים האָבן זיך געפונען רייכע ייִדן, דער רייכסטער ייִד, ר׳ שמואל זביטקאָווער פון פּראַגע, ביי וואַרשע. ער האָט געהאַט צוטריט צו מלכות, אַזוי אַז דער קאָזשעניצער מגיד האָט געהאַט צוטריט אין די ״הויכע פענצטער״. אַלע האָבן אויך געוווּסט, אַז ער איז אַ פּוילישער פּאַטריאָט.

ר׳ שמואל זביטקאָווער איז דאַן געווען דער רייכסטער ייִד אין פּוילן ; ער איז געווען דער האַנדלס־פּאַרמיטלער צווישן פּרייסן און פּוילן און אַ הויזמענטש ביים קעניג פּאָניאַטאָווסקי. ער איז דאָס דער לעגענדאַרער גביר, וואָס האָט געראַטעוועט די ייִדישע קהילה, בעת דעם דורכפאַל פון קאָשטשושקאָ־אויפשטאַנד אין 1794, ווען די קאָזאַקן זענען אַריין קיין פּראַגע און געוואָלט נקמה נעמען אין ייִדן, ווייל אין רוסלאַנד האָט מען געוווּסט, אַז ייִדן באַטייליקן זיך אין פּוילישן לעגיאָן אונטער דער קאָמאַנדע פון בערעק יאָסעלעוויטש. ר׳ שמואל זביטקאָווער האָט דאַן אַוועקגעשטעלט זעק מיט גאָלדענע רענדלעך, געטיילט צו קאָזאַקן, וועלכע וועלן ברענגען לעבעדיקע ייִדן.

ייִדן זענען געווען געטריי זייער ווייגלאַנד פּוילן. ייִדן האָבן צוגלייך מיט די

פּאָליאַקן געקעמפּט פאַר פּוילנס פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט, אַזוי ביי די אויפ־שטאַנדן קעגן די אימפּעריאַלע מלוכות, זינט דעם יאָר 1794, ווען עס איז אָראָפּ־געפאַלן דער פאַרהאַנג איבער דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט און פּוילן האָט זיך געראַנגלט צוריקצוגעווינען די פאַרלוירענע פרייהייט. אַזוי אויך שפּעטער אין די פּוילישע אויפשטאַנדן.

ווי אַזוי האָט דאָס באַפרייטע פּוילן באַהאַנדלט אירע יידישע תּושבים? ווען פּוילן האָט סוף־כּל־סוף געקראָגן איר פרייהייט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זי באַלד פון אָנהייב ווילקירלעך געהאַנדלט לגבי אירע יידישע בירגער און בכלל, לגבי אַלע מינדערהייטן.

וואָס איז געווען דער סוף? נאָך אַ פערטל יאָרהונדערט, איז פּוילן צוריק אונטערגעוואָרפן געוואָרן אונטער אַ פרעמדער ברוטאַלער מאַכט און דער אַנטי־סעמיטיזם האָט געבושעוועט ביי די אַליין־אונטערדריקטע. דער שרעקלעכער חורבן אין דער יידישער געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין פּוילן, ווו מיליאָנען יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן. די מערדערס האָבן געקראָגן די נויטיקע הילף אומ־צוברענגען די יידן ביי דער אָרטיקער פּוילישער באַפעלקערונג, כּדי צו מאַכן פּוילן יידן־ריין, צונעמען זייער האָב־און־גוטס, ירשענען די קרבנות.

צי זענען אַלע פּאָליאַקן געווען פאַרמישט אינעם אומברענגען יידן? צי זענען אַלע פּאָליאַקן געווען צופרידן צוצוזען דעם אומקום פון די יידישע ישובים?

עס זענען געווען אין פּוילן יחידים וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט צו העלפן יידן, אויסבאַהאַלטן און ראַטעווען יידן. דאָס האָט געמיינט ריזיקירן מיטן אייגענעם לעבן. דער בירגערמייסטער פון ווישקאָוו, אַ שטעטל לעבן וואַרשע, זיין נאָמען סטאַניסלאַוו וואָלסקי, ווערט איבערגעגעבן, האָט איינגעשטעלט זיין לעבן ביים ראַטעווען יידן [36]. אין סטאַשעוו, קעלצער גובערניע, האָט אַ פּשוטער שוסטער געראַטעוועט אַ יידיש קינד. דאָס קינד איז דורך די לאַנדסלייט געבראַכט געוואָרן קיין טאָראָנטאָ, חתונה געהאַט און איז אַ מאַמע פון דריי קינדער, דערצויגען אין יידישן גייסט [37]. אַזעלכע קען מען געפינען אין אַ צאָל שטעט, שטעטלעך און דערפער.

דער שארית הפליטה־קאָמיטעט ביים קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס האָט שוין דורכגעפירט אַ צאָל פאַרזאַמלונגען צו באַערן די יחידים וועלכע האָבן געראַטעוועט יידן פון אומקום אין די נאַצי־אָקופּירטע לענדער.

אַזאַ ערן־אָוונט איז פאָרגעקומען אין מאָנטרעאָל, דעם 21טן דעצ., 1981, אונטער דער לאָזונג: "זכור אל תשכח" — צו באַערן די נישט־יידישע מענטשן פון זעלטענער אָפּפערווויליקייט, זיך איינצושטעלן צו ראַטעווען יידן. די צוויי וועלכע

זענען דאָ געערט געוואָרן, זדשיסלאַוו דידינסקי פון פּוילן און אַרי וואַן וואַליעט פון האָלאַנד, האָבן זיך איינגעשטעלט און אויסבאַהאַלטן ייִדן[38].

אין אַפּריל 1982 איז אין דער טאָראָנטער בית־אמת בית יהודה שול צוגעטיילט געוואָרן כּבוד און אַ מעדאַל דער 95־יאָריקער וואַנדאַ אָלדבריסקי, פאַר ראַטעווען ייִדן. זי, צוזאַמען מיט איר ברודער טאַדעוש פּיצע, האָבן אין זייער קעלערשטוב, געראַטעוועט 10 ייִדן פון זיכערן טויט. ווען די נאַציס האָבן זיך דערוווּסט דורך אַ מסירה, אַז זיי באַהאַלטן אויס ביי זיך ייִדן, האָבן זיי דורכגענישטערט דאָס גאַנצע הויז און די ייִדן נישט געפונען. זי איז נאָך דער מלחמה אַוועק קיין ישראל מיט אַ ייִדישער פאַמיליע, וואָס איז עולה געווען. זי געפינט זיך איצט אין אַ טאָראָנטער מושב־זקנים. זי דערציילט וועגן אַלע פּרטים פון די נאַצי־אַכזריות און ווי אַזוי זי האָט זיך נישט געשראָקן, ווען די דייטשן זענען אַריין אין הויז זוכן ייִדן. דאָס וואָס זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין פּחד האָט געהאָלפן, זיי זאָלן אַוועק און זי זאָל נישט באַשטראָפט ווערן.

אין ישראל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ מעדאַל "חסידי אומות העולם", דאָנערשטיק דעם 19טן מאַי, 1982, צו דעם נאָבעלן פּאָליאַק וולאַדיסלאַוו ווירוואַ, וואָס האָט געטאָן לויט זיין מאָראַלישן געוויסן און געראַטעוועט 12 ייִדן פון אַ זיכערן טויט[39].

די שרייבערין רבקה כץ, גיט איבער[40], אַז 3500 חסידי אומות העולם טראָגן דעם העכסטן הומאַניטאַרן טיטל, צוגעטיילט דורך "יד ושם" אין ירושלים פאַר אָפּפערוויליקייט לטובת דער רעטונג פון ייִדן, אין דער צייט פון דער "שואה", אונטער דער ריזיקע פון זייערע אייגענע לעבנס — און אין דער דאָזיקער צאָל, געפינען זיך 1112 פּוילישע קריסטן. העכער טויזנט אַזעלכע גוטהאַרציקע פּאָליאַקן האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן "ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט" אין וואַרשע.

די שרייבערין דערמאָנט אַ צאָל נעמען פון די רעטערס און די געראַטעוועטע און פאַרענדיקט: "דאָס הערלעכע קאַפּיטל פון די קריסטלעכע 'חסידי אומות העולם' אין דער איבערמענטשלעכער מיסיע צו ראַטעווען ייִדן, פאַרן פּרייז פון אייגענע לעבנס אין קאָן, ווערט נאָך אַלץ געשריבן און וועט זיין אַן עפּאָפּעע פון אייביקער גלאָריע אין דער מענטשלעכער היסטאָריע".

לייזער ראַן, רעדאַקטאָר פון "ווילנע ירושלים דליטא", גיט אָן אין דער רובריק "צדיקים אין נאַצישן סדום"[41], אַ רשימה פון ליטווינער און פּאָליאַקן וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן פאַר ייִדן. צווישן זיי דערמאָנט ער: אַ גלח, אַ נאָנע, אַ צאָל לערערינס וועלכע האָבן געראַטעוועט צענדליקער ייִדן, פרויען, מענער, קינדער. ער דערמאָנט אויך אַ דייטש, אַנטאָן שמידט, וואָס האָט געהאָלפן ראַטעווען ייִדן און דערפאַר געוואָרן געמשפּט און דערשאָסן דורך די נאַציס, און ווי ער גיט

צו, איז ער נישט געווען דער איינציקער דערשאָסן צו ווערן צוליב ראַטעווען און אויסבאַהאַלטן ייִדן.

די ייִדן אין די געטאָס האָבן פאַרצייכנט די נעמען פון אַט די גוטע מענטשן. אין ווילנע האָבן אַ צאָל מענטשן געפירט טאָגביכער. זעליג קאַלמאַנאָוויטש הי״ד האָט געפירט אַ טאָגבוך, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די ייוו״אָ־שריפטן, און אין וועלכן ס׳ווערט איבערגעגעבן גענוי וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין ווילנע אונטער די נאַציס און ס׳ווערן אויך אָנגעגעבן נעמען פון גוטע מענטשן וועלכע האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן דעם נאַצי־באַפעל, צו הרגענען ייִדן.

דאָס זענען געווען יחידים, אויסנאַמען. די מערהייט האָט קאָאָפּערירט און געהאָלפן די נאַציס. ס׳איז דעריבער געווען אַ געוואַגטקייט פון ווילנער ייִדן, אין 1942, אַרויסצוקומען (אין געהייט — אָבער גוט פאַרשפרייט) מיט אַ רוף צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד: ״לאָמיר נישט גיין ווי שאָף צו דער שחיטה״.

אינעם רוף ווערט געזאָגט, אַז פון אַכציק טויזנט ייִדן אין ווילנע, זענען געבליבן בלויז צוואַנציק טויזנט... און דאָך זיך נישט אונטערגעבן. ״ברידער — ווערט געזאָגט אינעם רוף — בעסער פאַלן ווי פרייע קעמפערס, איידער לעבן אין דעם מערדערס גענאַד...״

אַ גרויסער טייל איז אַוועק אין די וועלדער און אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג.

ס׳האָט זיך געפאָדערט מער ווי קוראַזש און געוואַגטקייט אין די לענדער, ווו די מערהייט האָט געהאָלפן די נאַציס אין אויפזוכן ייִדן און זיי ברענגען אין די טויטלאַגערן, זיך איינשטעלן אויסצובאַהאַלטן ייִדן און דאָך האָבן זיך געפונען יחידים, וואָס האָבן דאָס געטאָן. ס׳האָט זיי דיקטירט דער מאָראַלישער געוויסן און באַוווסטזיין.

אַזעלכע האָבן זיך אויך געפונען צווישן די דייטשן. ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט, האָט אַ צאָל דייטשישע סטודענטן געשאַפן אַ באַוועגונג צו באַקעמפן די נאַציס. דער דייטש אַנטאָני באָק, האָט אין דער ״קריסטאַל־נאַכט״ זיך איינגעשטעלט אָפּצוראַטעווען אַ ספר־תּורה און נאָך פערציק יאָר האַלטן זי ביי זיך, האָט ער זי איבערגעגעבן צו דייטשישע ייִדן אין כפר הרואה.

וועגן אַט די חסידי אומות העולם איז לעצטנס אַרויס אַ ווערק פון שלמה בלאַנד [42]. אין יעדער שטאָט, דאָרף און ישוב, ווו ייִדן האָבן זיך געפונען, האָבן אָרטיקע פּאָליאַקן, ליטווינער, אוקראַיִנער מיט הנאה געהאָלפן אויפזוכן און כאַפּן ייִדן און זיי איבערגעגעבן צו די מערדערס, אויב זיי אַליין האָבן נישט דורכגעפירט די מאָרדאַקטן. ס׳איז דעריבער געווען אַ העלדנטאַט פון יעדן פּאָליאַק, ליטווינער און אַוודאי אַ דייטש, וואָס האָט געוויזן אַ ברעקל רחמנות צו די הילפלאָזע קרבנות און נאָך מער: אויב זיי האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אַ ייִד [43].

אין דער ריי פון די דאָזיקע דאַרפן אויך האָבן אַן אָרט פּאַליאַקן וועלכע האָבן זיך געפונען אויסער די פּוילישע גרעניצן, וואָס האָבן געהאָלפן ייִדן. אין קאַנאַדע זענען עס געווען די פּוילישע דיפּלאָמאַטן, דער אַמבאַסאַדאָר פּאָדאָסקי און קאָנסול בזשעזשינסקי, וועלכע האָבן געהאָלפן ייִדן מיט קריגן וויזעס צו קענען קומען קיין קאַנאַדע [44].

אין סעפּט., 1984 האָט דער ישראל־קאָנסול צוגעטיילט מעדאַלן פון העכסטן הומאַניטאַרישן אַקט ביים העלפן ייִדן, צו אַ צאָל אונגאַרישע קריסטן, וועלכע האָבן ביי זיך אויסבאַהאַלטן ייִדן. ס׳ווערט לעצטנס פּלאַנירט צו רופן גאַסן, פּאַרקן, אינסטיטוציעס אויף נעמען פון נישט־ייִדן וועלכע האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן. איינער פון זיי — דער שוועדישער דיפּלאָמאַט וואַלענבערג, וואָס האָט געראַטעוועט אַ סך טויזנטער אונגאַרישע ייִדן [45].

״יד ושם״ פאַרנעמט זיך כסדר מיט צוטיילן טיטולן פון חסידי אומות העולם צו פּאַליאַקן, וואָס האָבן געראַטעוועט ייִדן. ייִדן אָנערקענען און שאַצן הויך יעדן מענטש וואָס האָט נאָר געהאָלפן, אָדער געווען אינסטרומענטאַל אין העלפן ראַטעווען ייִדן.

אינעם בוך ״מסע אחרון״ די לעצטע רייזע, פון דעם היסטאָריקער מאַרטין גילבערט [46] ווערט ביים סוף אָנגעגעבן (מאַפּע, 22) די צאָל חסידי אומות העולם אין אייראָפּע וועלכע זענען באַערט געוואָרן אין ישראל, לויטן געזעץ פון 19טן אויגוסט, 1953. מיר האָבן דאָרט 300 אין פּוילן; 103 אין פראַנקרייך; 83 אין דייטשלאַנד — די גרעסטע צאָל אינעם קליינעם האָלאַנד — 431. ביים סוף 1977, האָט דער קאָמיטעט צוגעגרייט אַ רשימה פון 1,500.

אַ דאַנק אָט דער — זאָל זיין קליינער — צאָל האָבן מיר אַ שארית־הפליטה וואָס וואַקסט, שאַפט און באַווייזט אַן אומגעהויערע וויטאַליטעט, באַווייזט נסים פון אַן ״עם ישראל חי״.

## ח. רוים. — איטאַליע. — ביטערע פאַרגאַנגנהייט און ליכטיקע שטראַלן. — פון בית־שני ביז אונדזער צייט.

איטאַליע, די אָפּשטאַמיקע פון מלכות־רוים און פון די ערשטע היידנישע קריסטן, איז גוט באַקאַנט אין דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע: זי ווערט ביי חז״ל פאַרגעשטעלט מיטן נאָמען אדום; זי האָט חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש און פאַרטריבן די ייִדן אין גלות, וואָס האַלט אָן טויזנטער יאָרן און וועגן אדום־רוים האָבן די בעלי־התלמוד אַריינגעטייטשט אין די ווערטער פונעם ״נעים זמירות ישראל״, אַז רוים־אדום האָט געוואָלט אָפּווישן ירושלים און די ייִדן: ״זכור ה׳ לבני אדום את יום ירושלים, האומרים: ערו ערו עד היסוד...״ געדענק, גאָט, די קינדער

פון אדום, דעם טאָג פון ירושלים; די וואָס האָבן געזאָגט: וואַרף איין, וואַרף איין ביז דעם גרונט...[1].

רוים האָט מיט דער גרעסטער אַכזריות אומגעבראַכט די גייסטיקע פירערס ביים בית־שני: די עשרה הרוגי מלכות[2] און ווי עס ווערט געשילדערט רוימישע אַכזריות, האָבן זיי אומגעבראַכט זייערע אייגענע מענטשן[3] און נישט אומזיסט ווערט דער רוצח אַדריאַנוס דערמאָנט מיטן צוגאָב "שחיק טמיא"[4]. גענוג אַ בליק צו טאָן אין איכה רבתי און אין אַנדערע מדרשים, כדי צו האָבן אַ באַגריף וועגן די צרות וואָס רויס האָט אָפּגעטאָן, פריער ווי היידן און שפּעטער ווי יעזויטן. רוים איז געווען די ערשטע אַריינצוואַרפן ייִדן אין אַ פאַרצוימטער געטאָ.

ס'האָבן זיך אָבער תּמיד באַוויזן אינטעלעקטואַלן ליבעראַלן, גאַר באַזונדערס אין דער רענעסאַנס־תקופה. ס'האָבן זיך באַוויזן ליבעראַלע שריפטשטעלערס, ליבעראַלע קעניגן, אַפילו ליבעראַלע גייסטלעכע. די רשימה איז צו גרויס און צו לאַנג זיי אויסצורעכענען.

אליהו בחור (אליהו בן אָשר אַשכּנזי, רכ"ה — 1467; ש"ח — 1548) האָט ביים אַרויסגעבן זיין קאָנקאָרדאַנציע (א. נ. ספר הזכרונות, 1525), געהאַט הילף און שטיצע פון נישט־ייִדישע געלערנטע. ער ווידמעט זיין אויסגאַבע דעם גייסטלעכן, זיין תּלמיד וויטערבאָ. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער געאַרבעט אין דער דרוקעריי פון דניאל באָמבערג אין ווענעציע.

אַ פראַנציסקאַנער גלח פראַ אַרלוטאָ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר רפ"ב, אין ווענעציע, אַ קאָנקאָרדאַנציע א. נ. "מאיר נתיב", וואָס איז שפּעטער אויסגעבריי־טערט געוואָרן אין נאָכפאָלגנדיקע אויפלאַגעס[5] מיט אַ פּתיחה און הקדמה פון ר' מרדכי און ר' יצחק נתן. אין 1632 האָט דער קריסט יאָהאַן (יוחנן) בוקסדאָרף אַרויסגעגעבן די באַזיליע־אויסגאַבע.

ייִדן האָבן געקראָגן פרייהייט און גלייכהייט אין דער באַנייטער און פאַר־אייניקטער איטאַליע. ייִדן האָבן פאַרנומען הויפּט־פּאָזיציעס אויפן אַקאַדעמישן געביט און נישט ווייניק אויפן מיליטעריש־פּאָליטישן געביט.

דער פּראָצעס פון ייִדישער גלייכהייט אויף אַ ברייטערן מאַשטאַב האָט זיך אָנגעהויבן אין דער נאַפּאָלעאָנישער תקופה. נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלות האָט די רעאַקציע זיך געשטאַרקט און די יעזויטן מיטן פויפּסט בראש האָבן אָפּגעהאַלטן דעם פּראָגרעסיוון פּראָצעס און ס'איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די שׂנאה צום ייִד.

דער פּראָצעס פון אויפלעב איז באַנייט געוואָרן אין צייט פון דעם "פעלקער־פרילינג", וואָס איז געקומען צוזאַמען מיטן נאַציאָנאַלן פרייהייטקאַמף. לויט אַ דעקרעט פון מערץ 1848 האָבן ייִדן באַקומען בירגערעכט און נאָך דעם פּאָליטישע רעכט.

דער פויפּסט פּיוס דער 9 טער איז געווען געצוווּנגען צו צעברעכן די מויערן

פון דער ייִדישער געטאָ. ער איז נישט געווען צופרידן און געמוזט אַנטלויפן פון רוים. ווען ער איז צוריקגעקומען און געוואָלט פאַרשפּאַרן די ייִדן אין דער אָפּגעצוימטער געטאָ, איז עס אים שוין נישט געלונגען. די גאַריבאַלדיס און מאַזיניס האָבן שוין געצוימט און קאָטראָלירט זיין מאַכט. זיי האָבן זיך גערעכנט מיטן פאַקט, וואָס ייִדן זענען שטאַרק באַטייליקט אין די קאַמפן פאַר איטאַליעס פרייהייט.

ס'האָבן אָבער אין דער נייער צייט, אַזוי ווי אין אַלטערטום און אין מיטל־עלטער, נישט געפעלט קיין ייִדן־שונאים און קיין כוליגאַנישע אָנפאַלן. נישט לייכט איז געווען פאַר ייִדן צו דערגרייכן פולשטענדיקע פרייהייט.

אין 13טן י״ה, בעת די ערשטע שפּראָצן פונעם רענעסאַנס, איז אויף דער ליטעראַרישער מאַפּע אַרויף דער דיכטער עמנואל הרומי (ה״א, ל׳ — 1270; ה״א, פ״ח — 1328), וועגן וועמען מיר האָבן פריער שוין געשריבן. דאָ ווילן מיר בלויז צוגעבן, אַז ער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם איטאַליענישן גרויסן דיכטער דאַנטע אַליגיערי (1265—1321), באַרימט מיט זיין קונסטווערק ״די געטלעכע קאָמעדיע״. אין זיין הויפּטווערק ״התופת והעדן״ (דער גיהנום און דער גן־עדן), שילדערט עמנואל הרומי תּאווה, ראָמאַנס, ליידן און פריידן. ער פאַרגעסט אָבער נישט דעם צער פון זיין פאָלק, זעענדיק אים ווי ״אַן איינזאַמען פויגל פון זיין נעסט פאַרטריבן...״ און ער בעט אויף שיבת ציון: ״קער אים צוריק צו זיין וווינונג״.

איטאַליענישע רבנים זענען געווען פאַרבונדן, געהאַט קאָנטאַקט מיט רבנים פון האָלאַנד און אַנדערע לענדער מיט ייִדישע צענטערס, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט אוריאל אַקאָסטאַ, דעם זון פון אַן אַסימילירטער אַנוסים־קריסטן־משפּחה, וואָס האָט געזוכט אַ וועג צוריק צום ייִדנטום, אָבער געבלאָנדזשעט אין פאַרשטיין און באַנעמונג פון דער ייִדישער אמונה.

זיינע עלטערן האָבן אים געגעבן אַ קריסטלעך־קאַטוילישע דערציִונג. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער קריסטלעכער טעאָלאָגיע, געוואָרן נאָענט צו די וואַטיקאַן־באַאַמטע, אָבער פּלוצלינג, נאָך אַ גייסטיקן איבערברוך, אַריין אין דער ייִדישער סביבה אין אַמסטערדאַם, ווו ס'האָבן געשטראָמט מאַסן אַנוסים און פּליטים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל און דאָרט געגרינדעט ספרדישע און אַשכּנזישע שולן.

קיין האָלאַנד זענען געקומען ייִדישע פאַלקסמענטשן, ייִדישע תּלמודיסטן, פילאָזאָפן, וויסנשאַפטלערס און ס'זענען אויפגענומען געוואָרן רבנים פון איטאַליע, ר׳ יוסף פּאַרדו, ר׳ שאול מאָרערא (שנ״ו—1596; ת״ק—1660). זיין תּלמיד איז געווען ר׳ משה זכות (השפ״ה — 1625; תנ״ח — 1697), דער רבי פון ברוך שפּינאָזאַ (1632—1677) און פון אוריאל אַקאָסטאַ (1585—1647) — ביידע האָט זייער רבי געלייגט אין חרם: דער ערשטער איז געשטאָרבן אַן עלנטער, אין דער פרעמד, אונטער מיסטעריעזע אומשטענדן און דער צווייטער איז באַגאַנגען זעלבסמאָרד.

אוריאל אַקאָסטאַ איז געבוירן געוואָרן אין פּאָרטוגאַל, ביי רייכע עלטערן.

אין עלטער פון 22 יאָר האָט ער דורכגעמאַכט אַן איבערברוך, איז אַנטוישט געוואָרן אין קאַטוליציזם און געזוכט אַ וועג צוריק צו זיין פאָלק. ער האָט זיך אָבער אַרויסגעלאָזט אויף אַ „דערנערוועג״: ער האָט נישט געפונען קיין אָרט פאַר מנוחת הנפש, נישט אין קריסטנטום און נישט אין יידנטום, אפילו נישט ביי זיין אייגענער משפּחה.

ער האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אין שריפט און אין וואָרט אַפּיקורסישע געדאַנקען און זיי פאַרשפּרייט אין די מקומות פון זיין וואַנדערוועג, וואָס האָט איינגעשלאָסן דייטשלאַנד, האָלאַנד, איטאַליע און אַנדערע לענדער אין אייראָפּע.

ווערנדיק קריטיקירט פון אַלע וועלכע האָבן זיך באַקענט מיט זיינע געדאַנקען, האָט ער זיך געווענדט מיט זיינע שאלות און ספקות צו דעם באַרימטן רב אין ווענעציע, ר׳ יהודה אריה מאָדענאַ (השל״א — 1571; ת״ח — 1648), באַקאַנט אַלס הויך געבילדעטער און ליבעראַלער מענטש.

ווען דער ווענעציאַנער רב האָט איבערגעלייענט זיינע טענות קעגן מילה, קעגן תּפילין, קעגן יום־טוב־מנהגים, האָט ער תּיכּף געשיקט אַ בריוו קיין האַמבורג, וווּ אַקאָסטאַ האָט זיך דאַן געפונען ביי זיין ברודער, מיט אַן אָנווייזונג אַז מ׳דאַרף אים אורטיילן מיט חרם. ער האָט דערויף געהאַט די הסכּמה פון די ווענעציאַנער רבנים און פּרנסים.

צוליב די רדיפות אין האַמבורג, איז אַקאָסטאַ צוריק אַוועק קיין אַמסטערדאַם, וווּ ער האָט געוואָגט אַרויסצוגעבן אַ ספר אין שפּאַניש, אין וועלכן ער האָט אַרויס־געבראַכט זיינע כּפירה־אָנשויונגען און דערמיט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די אַמסטערדאַמער רבנים. זיי האָבן מסכּים געווען צום חרם פון די איטאַליענישע רבנים און ער איז פאַראורטיילט געוואָרן אויף חרם; אויך זיין משפּחה האָט זיך דערווייטערט פון אים.

אין עלטער פון פופציק יאָר, האָט אוריאל געלאָזט וויסן די אָרטיקע רבנים, אַז ער וויל טאָן תּשובה, אַז ער האָט חרטה אויף זיינע מעשים און ער בעט מחילה. אויס רחמנות אויף אַ פאַרבלאָנדזשעטער יידישער נשמה האָבן די רבנים אים געלאָזט וויסן אַז זיי זענען גרייט צוריקצורופן דעם חרם פון 1623, בתּנאי, ער זאָל עפנטלעך אין דער גרויסער שול, בפני עם ועדה זיך מתוודה זיין אויף זיינע חטאים. די רבנים האָבן מסדר געווען זיין תּשובה: אָנגעצונדן שוואַרצע ליכט; ער האָט געקראָגן, ווי ס׳איז דער דין, 39 קלעפּ און ער האָט פאָרגעלייענט די תּשובה־דעקלאַראַציע.

ווי ס׳ווייזט אויס, האָט ער דאָס נישט געקענט איבערלעבן — צו פיל געווען פאַר זיין פאַרווייטיקטער נשמה און אין גרויס פאַרצווייפלונג האָט ער זיך דערשאָסן (אין חודש ניסן פון יאָר 1647), געמאַכט אַ סוף צו זיינע בלאָנדזשענישן, צו זיינע ליידן. ער איז געוואָרן אַ טעמע פאַר פאָרשערס, היסטאָריקערס און קינסטלערס.

אין איטאַליע איז אַנטוויקלט געוואָרן דאָס אייראָפּעיִשע דרוקוועזן: דאָרט איז דערשינען די ערשטע תּנ"ך־אויסגאַבע (1452); דאָרט איז אַנטוויקלט געוואָרן גוטענבערגס דרוק דורך באָמבערג און סאָנטשינאָ (סונסינו) און וועגן דעם איז כּדאַי איבערצוגעבן וואָס עס שרייבט א. מ. האַבערמאַן[6]:

"...ואין הפרזה אם יאמר, כי המצאת יוהאַן גוטנברג, באמצע המאה החמש־עשרה (הדפוס במזרח הרחוק הידוע לנו החל במאה השני', לא התפשט בעולם), המכונה "חכמה לכל עטרת", הביאה להמצאות גדולות שבדורנו: המטוס, הראַדיו, הטלוויזיה והאטום. הספר המודפס הוא מעין 'גשר של נייר בין חוקי העולם שבכוחותיהם המשותפים זיכו אותנו בהמצאת הנ"ל'... ס'איז ניטאָ קיין איבער־טרייבונג, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז גוטענבערגס דערפינדונג אין 13טן י"ה, האָט געבראַכט צו די גרויסע דערפינדונגען אין אונדזער צייט: עראָפּלאַן, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, אַטאָמישע קראַפט אא"וו — דאָס געדרוקטע וואָרט איז ווי אַ פּאַפּירענע בריק צווישן וועלטפאָרשערס וואָס מיט זייערע בשותּפותדיקע כּוחות האָבן זיי אונדז מזכּה געווען..."

אַ דאַנק דער דרוקמאַשין האָבן מיר זוכה געווען צו האָבן די געהעריקע ספרים, די רייכע ליטעראַטור און צווישן די מדפּיסים פון העברעיִשע און יידישע (אין אַלט־יידיש) ספרים געפינען מיר נישט־יידישע דרוקערס און פאַרלעגערס, אַרויסגעבערס פון ביכער אויף פאַרשיידענע געביטן. אַ טייל האָבן דאָס געטאָן צוליב הומאַניסטישע מאָטיוון און טייל צוליב פאַרדינסט און טייל, ווייל אין די ערשטע צייטן, האָבן נאָר נישט־יידישע דרוקערס געקראָגן דערלויבעניש איינצושטעלן אַ דרוקעריי און אַרויסגעבן ספרים.

פון די ערשטע באַרימטע דרוקערייען פון נישט־יידן, זענען געווען די דרוקערייען פון אלדוס מאַנוציוס און די דרוקעריי פון דניאל באָמבערג אין ווענעציאַ (1511).

ישראל מהלמן (מעלמאַן) שרייבט וועגן דער באָמבערג־דרוקעריי:

"...עם פעולת דניאל בומברג זכה הדפוס העברי בוויניציאה לתנופה רבה. ויניציאה הפכה מרכז עולמי של הדפסת הספר העברי... מיטן איינריכטן פון דער דניאל באָמבערג דרוקעריי, איז ווענציאַ געוואָרן אַ צענטער פונעם געדרוקטן העברעיִשן בוך..."

און ווייטער:

"עדיין לא נתבררה די צרכה השנה הראשונה לעשיית בומברג כמדפיס עברי. אימתי התחיל מדפיס — ס'איז נאָך נישט ווי געהעריק פעסטגעשטעלט געוואָרן דאָס ערשטע יאָר, ווען באָמבערג איז געוואָרן דער דרוקער־פאַרלעגער פון העברעיִשע ספרים..."

גם ר' דוד גאַנז[7] קבע בספרו "צמח דוד"[8]: "דפוס הראשון לספרי הקודש

ע״י דניאל בומבורגא בווינציאה הי׳ בשנת רע״א, וחוקרים נוצריים קדומים (בוקסדאָרף, בוטלוקי) הלכו בעקבותיו. ואולם הביבליוגראַף המהולל וולף[9] הכחיש את הדעה וטען, שגם ספרו של גאַנז אינו חפשי משגיאות וטעויות והכריע שדניאל בומברג התחיל בהדפסת ספרים עבריים במועד מאוחר יותר״.

ר׳ דוד גאַנז האָט אָנגעגעבן ווי די דאַטע, ווען דניאל באָמבערג האָט אַרויס־געגעבן דאָס ערשטע ווערק, דאָס יאָר רע״א — 1511. אים האָבן נאָכגעפאָלגט די פאָרשערס בוקסדאָרף, בומולקי און אַנדערע, אָבער דער פאָרשער וואָלף האָט נישט אָנגענומען די דאָזיקע מיינונג און געהאַלטן, אַז אויך ר׳ דוד גאַנז האָט געקענט האָבן אַ טעות... קיין נפקא־מינה איז דאָ נישט, צי אַ פאָר יאָר פריער אָדער שפּעטער. אַ פאַקט איז, אַז דער ערשטער דרוקער פון העברעיִשע, אַראַ־מייאישע און ייִדישע (ייִדיש) ספרים פאַר ייִדן, איז געווען דער נישט־ייִדישער דרוקער דניאל באָמבערג.

ישראל מעלמאַן אין פאַרטיידיקן גאַנזעס פעסטשטעלונג, ווייזט אָן אויף דעם פאַקט, אַז אויך ר׳ גדלי׳ן יחייא, מחבר פון ״שלשלת הקבלה״ איז מיט דער זעלביקער מיינונג. ער שרייבט:

כל הביבליוגרפים החדשים... שהקדישו מחקרים לדפוס העברי בויניציאה, ובפרט לבית דפוסו של דניאל בומברג, דנים ומכריעים, שהספר העברי הראשון, שהדפיס בומברג, הוא חמשה חומשי תורה עם חמש מגילות והפטרות, וראה אור בט״ו טבת, רע״ז (1516, 30.11) ואולם טעו כל החוקרים החדשים ולא נכונה היא סברתם (טענתם לא ראיתי) וצדקו במשפטם ההיסטוריונים היהודים ר׳ דוד גאַנז ור׳ גדלי׳ן יחייא״.

ישראל מעלמאַן שטעלט פעסט, אַז די היסטאָריקערס (לויט אונדז כראָניקערס — נ. ש.) גאַנז און יחייא זענען גערעכט מיט זייער באַהויפּטונג, וואָס שייך דאָס יאָר פון די ערשטע אויסגאַבעס און ווייזט אָן, אַז ביי אים געפינט זיך דער ערשטער תּנ״ך, וואָס באָמבערג האָט אַרויסגעגעבן — אַ יקר המציאות — און דאָרט איז אָנגעגעבן קלאָר די דאַטע:

״בספרייתי נמצא התּנ״ך הראשון (חסרים שלשה דפים בסוף) שהדפיסו בומברג ועל השער נתפרסמה שנת ההדפסה 1511 (רע״א)... השער משנת רע״א הוחלף לאחר שנים אחדות ונוסף בסוף הספר קולופון מאוחר, המציין כשנת הדפסה רע״ח (1517—1581).

״חידה היא, מדוע ספר זה, פרי ביכוריו של דפוס בומברג, לא הוצא למכירה אלא כעבור שש־שבע שנים, לאחר שהוחלף השער. כנראה, המאבק עם שלטון העיר ויניציאה, שלא הסכים להדפסת ספרים עבריים שלימים בתחומה, הי׳ מר וממושך. שמץ ממאבק זה ידוע לנו מתקופה מאוחרת יותר...״

אין זיין ביבליאָטעק — שרייבט מעלמאַן — געפינט זיך דער ערשטער תּנ״ך

(ס׳פעלן די לעצטע דריי בלעטלעך), געדרוקט ביי באָמבערגן און אויפן שער־בלאַט איז אָנגעגעבן דאָס יאָר ווען דער דאַזיקער תנ״ך איז געדרוקט געוואָרן — רע״א — 1511. דער דאַזיקער שער איז נאָך אַ צאָל יאָרן אויסגעטוישט געוואָרן און ס׳איז צוגעגעבן אַ קאָלאָפאָן ווו ס׳ווערט אָנגעגעבן די דאַטע רע״ח — 1517—1918.

אַ רעטעניש בלייבט — שרייבט ער — פאַר וואָס דער אויספאַרקויף איז פאַרגעקומען ערשט מיט זיבן יאָר שפּעטער. מעגלעך — האַלט ער — צוליב אַ קאַמף מיטן שטאָט־פּאַרוואַלטער וואָס האָט נישט מסכּים געווען אַרויסצוגעבן גאַנצע העברעישע ספרים.

י. מ. שילדערט די שוועריקייטן, וואָס באָמבערג האָט געהאַט ביים פאַרנעמען זיך מיט דרוקן העברעישע ספרים; וויפל שטרויכלונגען ס׳זענען פאַרלייגט געוואָרן, ער זאָל נישט קענען דורכפירן זיין פּלאַן און ס׳האָט אָפּגעקאָסט אַ הון רב.

די פראַגע בלייבט, פאַר וואָס איז אים געגאַנגען אין לעבן אָנצוגיין מיטן דרוקן די ספרים, ווען ער האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקע קעגנערשאַפט.

ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז באָמבערג האָט געשטאַמט פון יידן. די דאַזיקע מיינונג ווערט אָפּגעפרעגט. אָן אַנדער מיינונג: ער האָט דאָס געטאָן צוליב גרויסע פאַר־דינסטן. אויך די דאַזיקע מיינונג ווערט אָפּגעפרעגט [10]. אַ פאַקט איז, אַז צוליב זיין מי די אויסגאַבעס זאָלן אַרויסקומען פּרעכטיק ווי נאָר מעגלעך, וואָס דאָס האָט אים אָפּגעקאָסט פאַרמעגנס, איז ער געוואָרן שטאַרק פאַראָרעמט. ער איז קאָמפּענסירט געוואָרן מיט אַן עשירות צו ווערן איינער פון די חסידי אומות העולם און ווערט טיטולירט „השׂר דניאל בומברג יר״ה״ [11].

יידישע געלערנטע, תּלמידי־חכמים און קענערס פון לשונות זענען איבער־געצייגט, אַז ער האָט דאָס געטאָן לשמה, צוליב אהבת־ישׂראל און אהבת ספרי ישׂראל. אין אַ צייט ווען אַנטיסעמיטן און משומדים האָבן פאַלסיפיצירט תּלמודישע שטעלן און מיט שקרים געהעצט די מאַסן, האָט ער זיך פאַרנומען מיט דרוקן דעם תּלמוד, דרוקן תּנ״ך־מפרשים, ספרי־פּוסקים, ספרי דקדוק — אָפּצושלאָגן די שקרים און ווי מעלמאַן פירט אויס: „... תהיינה כוונותיו של דניאל בומברג מה שתהיינה, אינן גורעות מערכו הרם ומזכויותיו הגדולות בקורות הדפוס העברי ובעקיפין — בתולדות התרבות העברית — זאָלן זיינע כּוונות, זיין וואָס זיי זאָלן נישט זיין, מינערן זיי נישט פון זייער היוכן ווערט און פון די גרויסע פאַרדינסטן אין דער געשיכטע פון יידישן דרוקוועזן און אין דער געשיכטע פו דער יידישער קולטור״...

דאָס נייע איטאַליע, נישט געקוקט אויף דעם אוראַלטן אַנטיסעמיטיזם און דער יידן־שׂנאה, האָט אויך אַ טראַדיציע פון ליבעראַליזם און גוטע באַציונגען מיט יידן, באַזונדערס, מיט יידישע געלערנטע.

אין אַלטערטום, אין מיטל־עלטער איז רוים באַהערשט געווען פון היידנישער

שׂנאה און דערנאָך פון קריסטלעכער שׂנאה צו ייִדן. יעזויטן און פויפּסטן האָבן געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט צו רודפן ייִדן, פאַר נישט אָננעמען דאָס קריסטנטום. אין דער נייער צייט האָט זיך דער מצב געענדערט און אַ גרויסע צאָל אינטעלעקטואַלן האָט אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט מיט ייִדישע און ווי געזאָגט פריער, איינער פון זיי, דער קריסט פון ווענענציע (ווענעדיג) דניאל באָמבערג (געב. אַנטווערפּן, בעלגיע, 1506; געש. 1546) האָט דער ערשטער געוואָגט צו דרוקן דעם ש״ס אין יאָר הר״פ — 1520. ער ווערט גערופן ״ראש המדפיסים״ און מ׳האָט אויף אים געשריבן: ״יצ״ו — ישמרהו צורו וגואלו״.

דער באַוווסטער היסטאָריקער פון מיטל־עלטער און ספּעציעל פון איטאַליענישן ייִדנטום, ד״ר משה אביגדור שולוואַס, האָט ביז איצט שוין פאַרעפנטלעכט צ ע ן ווערק אין דייטש, עברית, ענגליש און ייִדיש און אין אַנדערע לשונות. כּדאַי צו דערמאָנען אייניקע פון זיי.

״רומא וירושלים״ [12]. דאָרט באַהאַנדלט ער אויספירלעך די לעבנס־געשיכטע פון דוד הראובני, שילדערט די ראָל פון שלמה מולכו, גיט אונדז אַ בילד פונעם ייִדישן לעבן אין איטאַליע. ער דערציילט אויך וועגן דיליידן פון ייִדן אין גלות־רוים, די פּלענער פון פויפּסט פּאַול דעם פערטן ביים סוף פון 16טן י״ה, אַרויס־צוטרייבן די ייִדן און אויב דאָס איז ניט מעגלעך, זיי צו האַלטן פאַרשפּאַרט און פאַרשלאָסן אין געטאָס [13]. דאָס איז פאָרגעקומען גראָד אין אַ צייט ווען ייִדן האָבן דערוואַרט משיחן, ווי ר׳ גדלי׳ אבן יחייא (נפטר שמ״ז — 1587) גיט אָן אפילו די דאַטע פון זיין קומען.

״חיי היהודים באיטליה בתקופת הריניסאַנס״ [14] נעמט אַרום אַלע פּאַזעס פון אָרטיקן ייִדישן לעבן, באַגרינדעט אויף פאַקטן, אויטענטישע מקורים. ווי אַ מומחה אויפן דאָזיקן געביט איז דער מחבר משלים זיינע טעזן אין זיין ווערק ״בצבת הדורות״ [15] וועגן די צרות, וואָס ייִדן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין אַ צאָל איטאַליענישע שטעט און די ליכטיקע שטראַלן, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן און באַלויכטן דעם איטאַליענישן האָריזאָנט.

אין זיין ווערק ״פּרקי חיים״ וועגן ר׳ שמואל דוד לוצטו [16] פירט ער אונדז אַריין אין די לאַבירינטן פון דער השׂכּלה אין איטאַליע. שד״ל, דער גרויסער קענער פון חכמת ישראל, און פון וועלטלעכע וויסנשאַפטן, פאַרנעמט אַ גרויסע ראָל אין איטאַליע און ווי אַ הויך געלערנטער האָט ער דעם כּוח צו באַקעמפן אַסימילאַציע און כּפירה און אַרויסצוברענגען די שיינקייט פון יהדות.

אין ״חיי הדת של יהודי איטליה בתקופת הריניסנס״ [17] באַהאַנדלט ד״ר שולוואַס ייִדיש לעבן אין מיטל־עלטער, די פאַרשיידענע מנהגים, די פאַרבינדונגען און באַציִונגען צווישן ייִדן און קריסטן, געמישטע חתונות און אויך די ליכטיקע דערשיינונגען ביים איטאַליענישן ייִדנטום. געניסנדיק פון אַקאַדעמישע, פּאָליטישע

און סאָציאַלע פרייהייטן, האָבן די ייִדן אין איטאַליע זיך דאָך געהאַלטן ביי תורה־פּרינציפּן, ביי מנהגים, נישט געקוקט און אפשר דווקא צוליב זייער אַלגעמיינעם וויסן און אינטעליגענץ.

ד"ר שולוואַס ציטירט דעם שאַרפן אויסדרוק פון ר' יהודה אריי' מודינא (שלא — 1571; ת"ח — 1648): "המתיהרים בחסידות המואסים לקרא בספר שלא יהי' עברי" גייען נישט אין ריכטיקן וועג[18]. ער סומירט: "בדרך כלל, ידע הקהל בסופה של תקופת הריניסנס למצוא את הדרך הנכונה לחיים יהודיים שלמים יותר מבלי להפסיד את הטוב שבתרבות הכללית... אשר בראשה עומדים רבנים ומדריכים דתיים בעלי שעור קומה ובעלי אופי יהודי טהור, והם גם יודעים לקבל את הברכה שבאה אליהם מבעד לחומת הגיטו".

אין אַ נאָכפאָלגנדיקער אַרבעט א. ג. "תפלות עבריות להצלחת מלחמות השחרור האיטלקיות" ברענגט ער פאַקטן וועגן דעם אָוואַנסירן פון דער עמאַנציפּאַציע ביים איטאַליענישן ייִדנטום. ער ווייזט אָן, ווי אַ היסטאָריקער פון באַרוך, אַז דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט איטאַליעס פאַראייניקונג און איר באַפרייונג פון אַלע פּראָווינצן און דערמיט אויך געבראַכט די פולשטענדיקע בירגערעכט פאַר אַלע ייִדן אין איטאַליע.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויפשטייג פונעם פאַשיזם אין 1935, וואָס האָט זיך פאַראייניקט מיטן דייטשישן נאַציזם.

אין דער תפילה פון 1886 האָבן ייִדן געבעטן פאַר איטאַליעס דערפאָלג אין אירע אומאָפּהענגיקייט־מלחמות. געטריי צו זייער געבורטלאַנד, האָבן זיי געבעטן: "הבט נא בעין חמלתך ממכון שבתך מן השמים, וראה ארץ מולדתנו איטאַליה הלזו, כי זה כמה דורות בעלות אדונים זולתה ובניה תחתיהם נכנעו".[19]

אַפילו אין די יאָרן ווען איטאַליע האָט געשטורעמט מיט פאַשיזם, האָבן זיך דאָרט נאָך אַלץ געפונען ליבעראַל־דענקנדיקע מענטשן, מענער און פרויען, וועלכע האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און געהאָלפן ייִדן.

צו די ליבעראַלע דענקענדיקע מענטשן דאַרף צוגערעכנט ווערן די נאָבעל־פּרעמירטע גראַציאַ דעלעדאַ[20]. זי איז נישט געווען די איינציקע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן דעם ליבעראַלן גייסט, נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט פון די רעגירונגס־אינסטאַנצן און נישט רעכענענדיק זיך דערמיט, וואָס זיי האָבן נישט געקענט דערוואַרטן קיין הילף פון וואַטיקאַן, אין רוים און פון דער עליטע, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר דער שטאַרקער האַנט פון דער רעגירונג.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן איטאַליענער אַרויס־געוויזן אַ מאָראַליש־מענטשלעכע באַציונג צו ייִדן, צו דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג[21]. פאַר וואָס די איצטיקע — נאָך מלחמהדיקע דעמאָקראַטיש־

סאָציאַליסטישע רעגירונג — ווייזט אַרויס אַן אַנטיפּאַטיע צו ישראל, איז נישט צו פאַרשטיין.

צום סוף, אַ וואָרט וועגן "ספר יוסיפון", וואָס איז צום ערשט געדרוקט געוואָרן אין מאַנטואַ, איטאַליע, און וואָס עס שרייבט דער פאָרשער־היסטאָריקער אברהם כהנא (1874—1949) דער מחבר פון "קורות היהודים ברומא".

לייב ווילסקער, אין איינער פון זיינע פאָרשאַרבעטן [22], האָט פאַרעפנטלעכט אַן אומבאַוווסטן בריוו פון אברהם כהנא צום באַראָן דוד גינצבורג (1857—1910) דעם פילאַנטראָפּ און אַרויסגעבער פון אַלטע העברעיִשע ווערק, ווי דער "ספר יוסיפון", דעם "ספר התרשיש" פונעם העברעיִשן דיכטער פון שפּאַניע, משה אבן עזרא (1070—1139). און אַנדערע.

אין דעם בריוו, דאַטירט פון כ׳ ניסן תרס״ג (1903, 4, 17) שרייבט כהנא צום באַראָן: "בסוף ספרי על קורות היהודים ברומא" הבעתי את תקותי לתת נתוח מפורט על היוסיפון בנוסח מנטובא עפ״י הוצאתך:. ביים סוף פון מיין בוך וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין רוים, האָב איך אויסגעדריקט מיין האָפענונג צו געבן אַן אויספירלעכן אַנאַליז פון אייער "יוסיפון"־אויסגאַבע, מאַנטובה־נוסח... טראָץ אַלע מיינע זוכענישן, איז מיר נישט געלונגען צו געפינען אייער אויסגאַבע... ס׳האָט זיך צו מיר געווענדט דער דאָקטאָר בערדיטשעווסקי [23] מיטן זעלביקן פאַרלאַנג.

לייב ווילסקער דערציילט וועגן דער אברהם כהנא איז; ער איז דער מחבר פון אַ גרעסערער צאָל ווערק ווי "ספרות ההיסטוריא הישראלית" [24]; אַ ווערק וועגן די "ספרים חצונים" — (די אַפּאָקריפן), אַ ווערק וועגן ר׳ משה חיים לוצאַטו (1707—1747), אַ ווערק וועגן ר׳ יהודה ארי׳ מאָדענאַ (1571—1648) און פיל אַנדערע. אייניקע ווערק זענען דערשינען אין שפּעטערע אויפלאַגעס.

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט דער געשיכטע פון רוים־איטאַליע, אויך נישט מיטן "יוסיפון", וואָס עד היום איז נישט געלונגען — ווי ווילסקער גיט איבער — פעסטצושטעלן ווער ס׳איז געווען זיין מחבר און ווען ער האָט געלעבט [25].

אברהם כהנא האָט אַרויסגעגעבן דעם ספר יוסיפון, לויט דער אויסגאַבע פון דוד בן נפתלי באַראָן גינצבורג, לויטן מאַנטואַ־דרוק פון 1840, מיט זיין הקדמה. נאָך אים זענען דערשינען אַ צאָל ברייטערע און קירצערע אויסגאַבעס, אויך אַ קיצור אין ייִדיש, די לעצטע אויסגאַבע, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט אין אַ פריער־דיקן פרק, איז די אויסגאַבע פון דוד פלוסר [26] מיט אַ ברייטערן ווויסנשאַפטלעכן אַריינפיר. די דאָזיקע אויסגאַבע איז באַזירט לויט געפונענע כּתבי־יד און איז פאַרזען מיט דערקלערונגען און אויסטייטשן. ס׳איז אַ ווערק וואָס באַשיינט אַ קאַלעקציע פון ייִדישער געשיכטע.

## ט. שפּאַניע דאָס לאַנד פון דער "גאָלדענער עפּאָכע". — דאָס לאַנד פון אינקוויזיציע. — דאָס לאַנד פון אַרויפצווינגען שמד.

שפּאַניע איז באַקאַנט ווי דאָס לאַנד פון דער „גאָלדענער עפּאָכע" פון יידישער שעפערישקייט אויף אַלע געביטן און איז באַרימט מיט די אינקוויזיציעס, גזירות, רדיפות און גירוש (1492).

די געשיכטע פון יידן אין שפּאַניע איז פאַרשריבן מיט בלוט און פייער און מיט גאָלדענע אותיות פון גייסטיקע דערגרייכונגען, פון קידוש־השם און מסירת־נפש פאַר דער יידישער אמונה. נישט אומזיסט האָבן יידן נאָכן גירוש געהאַלטן, מער זיך נישט אומצוקערן אין לאַנד פון די טאָרקוועמאַדאָס.

ס'זענען פאַראַן פאַרשערס וואָס האַלטן, אַז יידן האָבן ממש דערקלערט אַ חרם, אַ פאַרבאָט צו קומען אין דאָזיקן לאַנד, נישט אַלס באַזוכערס און אוודאי נישט דאָרט זיך צו באַזעצן. וואָס שייך דעם חרם, איז דאָס נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן [1]. ווי הלכה־מענטשן ווייזן אָן, איז קיין אָפיציעלער חרם נישט דערקלערט געוואָרן. אָבער יידן האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער אַרויסגעוויזן אַן אומווילן צו שטיצן שפּאַניע דורך טוריסטיק, אָדער דורך באַזעצן זיך און פירן מיט איר מסחר [2].

די לעצטע יאָרן איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דער באַציונג צו שפּאַניע. צום ערשט האָט ישראל געוויזן דעם וועג פון פאַרבעסערן די באַציונגען. נאָך דעם איז געקומען דער אינטערעס פון דער שפּאַנישער רעגירונג צו פייערן דעם אָנדענק פון רמב"ם. שפּעטער זענען יידן אַהין געקומען און אויפגעשטעלט פּראַקטיקע בתי־כנסיות, חינוך־אינסטיטוציעס און ס'איז באַנייט געוואָרן אַ יידישער ישוב.

צווישן די פייערלעכקייטן לכבוד יידישע גדולים, האָט שפּאַניע געפייערט דעם אָנדענק פון בנימין פון טודעלאַ אין 1960. דער באַרימטער רייזנדער איז באַערט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלער פּאָסטמאַרקע: דאָס בילד פון "רבי בנימין דער רייזנדער" מיט אַן אונטערשריפט: "800 יאָר לכבוד בנימין פון טודעלאַ 1160—1960".

ר' בנימין בן יונה פון טודעלאַ, שפּאַניע, האָט אין 12טן י"ה, באַזוכט יידישע ישובים אויף פאַרשיידענע קאָנטינענטן און געגעבן קאָלירפולע שילדערונגען וועגן די יידישע ישובים אין די לענדער וועלכע ער האָט באַרייזט [3]. נאָך אים האָט געמאַכט אַזעלכע געוואַגטע נסיעות דער איטאַליענער פון ווענעציע (ווענעדיג) מאַרקאָ פּאָלאָ, מיט וועמען די איטאַליענער גרויסן זיך, ווי זיי גרויסן זיך מיט קאָלומבוסן, דעם שפּאַניער, וואָס האָט מיט דער הילף פון מלכות־שפּאַניע געמאַכט זיין ים־רייזע פון גענואַ, איטאַליע, און אַנטדעקט אַמעריקע.

די שפּאַניער גרויסן זיך מיטן גרויסן פילאָזאָף ר' משה בן מיימון, דעם ייד און מיט ר' בנימין פון טודעלאַ, דעם גרויסן רייזנדער, דעם ייד און מיט די באַרימטע

דיכטערס ווי די בן עזראַס, ווי ר׳ יהודה הלוי, ר׳ שלמה אבן גבירול און פיל אַנדערע.

ר׳ בנימין פון טודעלאַ איז צוריקגעקומען קיין שפּאַניע אין יאָר 1173, ברענגענדיק מיט זיך אַן אוצר פון ידיעות וועגן די לענדער וואָס ער האָט באַזוכט און וועגן די ייִדישע איינוווינערס אין די לענדער פון ווייטן און נאָענטן מזרח.

מיר ווייסן גאָר ווייניק וועגן דעם ר׳ בנימין, אויסער די עטלעכע שורות פון אַן אַנאָנימען שרייבער, וואָס האָט געשריבן די הקדמה צו זיין ספר מסעות. ער רופט אים: ״איש מבין משכיל, בעל תורה והלכה״ און אַז ער האָט דורכגעפירט זיינע נסיעות אין די יאָרן תתקכ״ה—תתקל״ג (1165—1173).

פון זיינע שילדערונגען האָבן מיר אַ קלאָרן באַגריף אי וועגן דער נישט־ייִדישער און אי וועגן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די באַזוכטע לענדער און געגנטן. זיין ספר מסעות ווערט דעריבער באַטראַכט ווי אַ מקור פון געשיכטע. וואָס ער דערציילט פון די לענדער אויף זיין מאַפּע קאָן דער פאַראינטערעסירטער געפינען אין די צענדליקער געשיכטע־ווערק, וועלכע ציטירן פונעם אָריגינאַל. לעצטנס באַמיען זיך שרייבערס און זשורנאַליסטן צו ברענגען ציטאַטן פון זיינע באַשרייבונגען אין לבנון, באַזונדערס די שטעט צור און צידון, ווו ייִדן האָבן געלעבט אין רחבות און אין עשירות.

ס׳איז ממש צו באַוווּנדערן אַז אין דער צייט ווען מ׳האָט ייִדן געגעבן די שוידערלעכע ברירה: *שמד אָדער טויט*, ווען אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך האָט געבושעוועט די שׂנאה פון די קרייצפאַרערס און אַנדערע סאָרטן שׂונאי־ישראל, פאַרנעמט זיך אַ ייִד פון שפּאַניע מיט נסיעות און קומט צוריק צו זיין געבוירן־אָרט מיט ביז גאָר אינטערעסאַנטע באַשרייבונגען וועגן די לענדער וואָס ער האָט באַזוכט און וועגן די דאָרטיקע ייִדן.

און צוריק צום חרם־שפּאַניע, צום לאַנד פון דער ״גאָלדענער עפּאָכע״ און פון דער פינצטערער אינקוויזיציע, די שפּאַניע פון די גרויסע פייטנים, פון ר׳ שלמה אַבן גבירול, וועמען שפּאַניע האָבן אויפגעשטעלט אַ סטאַטוע אין זיין געבוירן־אָרט מאַלאַגאַ (ער איז געשטאָרבן אין וואַלענסיאַ, אין יאָר 1057).

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין שילדערן די גרויסקייט פון אבן גבירול. צו זעכצן יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער און אַזוי האָט ער באַרייכערט די העברעיִשע און וועלט־ליטעראַטור מיט זיינע ווערק. זיין ״מקור חיים״ (דער קוואַל פון לעבן), אַ פילאָזאָפיש ווערק, האָט געהאַט גרויס איינפלוס אויף נישט־ייִדישע פילאָזאָפן. שפּאַניע האָט דאָס אָנערקענט ביז ס׳זענען געקומען די פינצטערע טעג פון דער אינקוויזיציע.

אוממעגלעך צו דערמאָנען אַלע אָפּשטאַמיקע פון שפּאַניע, וועלכע זענען פון דאָרט אַרויסגעטריבן געוואָרן און באַוויזן זיך מיט זייער שעפערישקייט אין

אַנדערע לענדער און גאָר באַזונדערס אין ארץ־ישראל. כּדאי צו דערמאָנען אייניקע פון די גייסטריזן: ר' יוסף קאָרו (רמ"ח — 1488; של"ה — 1575); ר' יצחק עראמה, דער בעל עקידה (נפטר, רנ"ד — 1494); ר' משה אלשיך (רס"ח — 1508; ש"ס — 1600); ר' משה קורדיבורו (רפ"ב — 1522; ש"ל — 1570)1 און פיל אַנדערע וועלכע האָבן אַליין אָדער וואָס זייערע עלטערן האָבן זיך נישט געוואָלט בייגן פאַר דעם שמד־דיקטאַט, פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ. לויט דער גזירה פון 16טן דעצ. 1492 האָט יעדער מאַן און פרוי, גרויס און קליין,„ וואָס טראָגט דעם נאָמען ייִד געדאַרפט ארויסגעטריבן ווערן פון זיין ווינונג און דער וואָס וועט נישט אויס־פאָלגן, וועט קריגן טויטשטראָף, אָדער זיך מוזן שמדן און ווערן אַ קריסט.

ס'האָבן זיך אָבער אויך אין שפּאַניע באַוויזן ליבעראַלע הומאַניסטן און וויסנ־שאַפטלערס און אויך שריפטשטעלערס וועלכע האָבן געווירקט קעגן די פינצטער־ליגנע. אַזעלכער איז געווען דער שרייבער מיגעל דע סערוואַנטעס (1547—1616), פון די וויכטיקסטע ליטעראַטור־קינסטלערס פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם. ער האָט צוליב זיינע ליבעראַלע אידעען אַ צייט פאַרלאָזט זיין געבורטסאָרט און געווינט אין רוים.

אין 1575 איז ער צוריקגעקומען קיין שפּאַניע, זיך אַ סך אַנגעליטן און לסוף, אין 1584, אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן זיינע דראַמעס, וואָס האָבן אים געגעבן אַ נאָמען אין די ליטעראַרישע קרייזן. אין 1605 האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין גרויס ווערק "דאָן קיכאָט", וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין כּמה לשונות. ער שילדערט די פינצטערע געזעלשאַפט, די קירכע, די גייסטלעכע און ער צילט אָפּצושאַפן די מיטל־עלטערלעכע לעבנספאָרמען, ס'זאָלן נישט מעגלעך זיין קיין אינקוויזיציע־מעטאָדן. "דאָן קיכאָט" האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג און אין אַ געוויסן זין געווירקט אויך אויף ייִדישע שריפטשטעלערס, אויף די קלאַסיקערס פון דער מאָדערנער העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור.

אינטערעסאַנט איז אַז ער איז געשטאָרבן דעם זעלביקן טאָג ווען וויליאַם שייקספּיר איז געשטאָרבן (דעם 23טן אפּריל, 1616). דער ערשטער — אַ הומאַניסט, אַ מענטשנפריינד, אַ ייִדן־פריינד; דער צווייטער — דער גרעסטער ליטעראַטור־קינסטלער, אין דראַמע, אין פּאָעזיע, אָבער אַ שונא־ישראל.

די נייע צייט אין שפּאַניע, אַ דאַנק אַזעלכע ווי סערוואַנטעס, האָט געבראַכט מיט זיך נייע ווינטן און ייִדן האָבן דאָרט געקענט אָטעמען מיטן ריח פון דעמאָק־ראַטיע און ליבעראַליזם.

אונטער די נייע אומשטענדן איז אַרויפגעשוועמען די חרם־פראַגע. איידער די פראַגע איז געלייזט געוואָרן הלכהדיק און מאָראַליש, האָבן זיך געשאַפן ייִדישע קהילות אין מאַדריד, אין באַרצעלאָנאַ און אין אַנדערע שטעט, וואָס דאָס אַליין

איז אַ סימן, אַז קיין חרם איז נישט דערקלערט געוואָרן. מעגלעך, אַז אַן אומגעפּיל איז געווען צו באַזעצן זיך אינעם לאַנד פון דער אינקוויזיציע.

דער פאָרשער טוביה פרעשל האָט יאָ געפונען אַזאַ סאָרט תקנה, אָפּצוהאַלטן ייִדן פון באַזעצן זיך אין שפּאַניע. ער גיט אָן[4], אַז אין פּנקס פון דער ספרדישער האַמבורגער קהילה, פון יאָר תי״ח (1658) געפינט זיך אַ תקנה, אַז אַ ייִד וואָס וועט באַזוכן שפּאַניע זאָל מען אים פאַר צוויי יאָר נישט אויפרופן צו דער תורה און נאָך אַזעלכע שטראָפן.

דאָס איז אָבער בלויז אַ תקנה פון איין קהילה. מיר געפינען נישט אַז אַזאַ תקנה זאָל ווען עס איז געווען אָנגענומען ווערן פאַרן כּלל.

דאָס נייע שפּאַניע האָט דאָך אָפּגעשאַפט די אַלע באַגרענעצונגען אויף דעם ייִדישן ישוב, אָדער אויף ייִדישע באַזוכערס, אַפילו אין רעאַקציאָנערן פראַנקאָ־רעזשים האָבן ייִדן געקראָגן אַ סך הילף וואָס שייך זיך ראַטעווען פון די נאַצי־שחיטות.

שפּאַניע האָט אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געעפנט — זאָל זיין אַ שפּאַרונקעלע — אירע טויערן דורך וועלכע ייִדן, אַנטלויפנדיק פונעם ווישי־גיהנום, זאָלן זיך קענען אַריינגנבענען און בלייבן דאָרט, ביז זיי וועלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו קריגן וויזעס אין אַנדערע לענדער, ווו די נאַציס האָבן קיין שליטה נישט געהאַט. אַ גרויסער טייל האָט זיך געראַטעוועט פון די גאַזאָויוונס דורך שפּאַניע. נישט געקוקט אויף פראַנקאָס פריינדשאַפט מיט נאַצי־דייטשלאַנד און איטאַליעס פאַשיזם איז שפּאַניע געבליבן נייטראַל און אַזוי אַרום האָבן זיך עטלעכע טויזנט ייִדן געראַטעוועט פון די נאַצי־מערדערס.

אין דער מיטל־עלטערלעכער שפּאַניע, אַזוי ווי אין אירע שכנותדיקע לענדער, זענען פאָרגעקומען עלילת־דם פּאָגראָמען און אַנדערע באַשולדיקונגען אויף ייִדן, מיטן ציל צו העצען דעם המון. וועגן איינער אַן עלילת־דם האָט דער שפּאַנישער דראַמאַטורג לאָפּע דע־וועגאַ (1562—1635) אָנגעשריבן אַ דראַמע: ״דאָס קליינע ייִנגעלע פון לאַגוואַרדיע״, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1491. לויט דער באַהויפּטונג פון היסטאָריקערס זאָל דאָס האָבן געפירט צום גירוש פון 1492.

שמעון דובנאָוו (1860—1941) ווידמעט דעם פינפטן באַנד פון זיין ״וועלט־געשיכטע פון ייִדישן פאָלק״ די גזירות און רדיפות אויף ייִדן אין שפּאַניע און גאָר באַזונדערס די בלבולים פון נוצן קריסטלעך בלוט, דאָס פאַרהייליקן די ״האָסטיע״ און ווי ייִדן שעדיקן די דאָזיקע הייליקייט.

היינריך גרעץ (1817—1891) פאַרענדיקט זיין קאַפּיטל וועגן די ליידן פון די ייִדן אין שפּאַניע מיט די ווערטער: ״די רעליגיע פון דער גרויסער ליבע האָט זיך פאַרבענקט נאָך מענטשלעך בלוט... אָנגעהויבן די אָרגיע פון דער אינקוויזיציע מיט אירע אויטאָדאַפעס — די אָרגיע וואָס האָט מיט פייער און בלוט באַפּעסטיקט

דעם שטראַלנקראַנץ אויפן קאָפּ פונעם אייביקן מאַרטירער, אייביקן וואַנדערער, אייביקן ייִדן".

אָנגעהויבן מיט שׂנאה צו אַנדערש־גלויביקע און געענדיקט האָט זיך מיט שׂנאת־ישׂראל, מיט ווען אַרויפצווינגען די קריסטלעכע אמונה און אויב נישט — גייסטיק און פיזיש צו פאַרניכטן די וועלכע לאָזן זיך נישט באַצווינגען.

אַזוי אין שפּאַניע און אַזוי אין פּאָרטוגאַל. ייִדן האָבן מיט גרויסע ביישטייערונגען געקויפט אימיגראַציע־רעכט אין פּאָרטוגאַל. אַרום אַכט הונדערט טויזנט ייִדן — אַנטלאָפענע פון שפּאַניע — האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן זיך געקויפט מנוחה. אָבער פּאָרטוגאַל האָט זיי געגעבן ווינרעכט בלויז צייטווייליק. די "גאָט־פאַר־שאָלטענע", ווי די קריסטן האָבן גערופן די ייִדן, האָבן באַלד דערפילט די שׂנאה און דער פּאָרטוגעזישער גירוש איז געווען נאָך מער סאַדיסטיש ווי דער שפּאַנישער.

שפּאַניע, ווי געזאָגט, האָט זיך אַ ביסל אויסגעקויפט מיט אַ סאָרט "חסד לאומים" אין דער צייט פון נאַצי־קריג, ווען דער פראַנקאָ־רעזשים האָט אַרויס־געוויזן אַ מידה פון חסד דורכלאָזנדיק ייִדן וועלכע זענען געלאָפן פון אָקופּירטן פראַנקרייך.

אין איצטיקן שפּאַניע האָבן ייִדן פולקאָמע רעכט, ווי בירגער. ייִדן געניסן פון פולער פרייהייט און, לויט דער סטאַטיסטיק, לעבן דאָרט אַרום 25 טויזנט ייִדן. לויטן געזעץ, קומט אַ שווערע שטראָף פאַר באַליידיקן ייִדן, ווי אַ ראַסע, ווי אַן עטנישע גרופּע, ווי אַ רעליגיעזע גרופּע. ייִדן זענען פאַרטראָטן אין אַ צאָל קאָמי־סיעס אײַנצוהיטן די קולטור־אוצרות פון שפּאַניע, אַרײַנגערעכנט די ייִדישע קולטור־אוצרות און דאָס זעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן פּאָרטוגאַל [5].

אין דער אַמאָליקער שפּאַניע — און אין פּאָרטוגאַל — האָבן גדולי ישׂראל אין קאַמף מיט די עקסטרעמע יעזויטן און משומדים, זיך באַמיט צו באַווייזן די ליכט פון תּלמוד ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער תּורה שבכתב. שווער איז געווען צו איבערצייגן דעם וואַטיקאַן און אַוודאי שוין די קאַרדינאַלן, בישאָפן און סתם גלחים וועגן דער ליכטיקייט פונעם תּלמוד און פון זיינע מפרשים, ווי די בעלי התּוספות [6] און אַנדערע. נאָך איצט קען זיך דער וואַטיקאַן נישט באַפרייען פון זיינע פאָראורטיילן קעגן ייִדן, קעגן תּלמוד. דאָס איז איינס פון די סיבות, וואָס דער פויפּסט האָט נאָך אַלץ נישט אָנערקענט ישׂראל.

צוליב די רדיפות אין די קריסטלעכע לענדער איז שמד נישט געווען קיין זעלטנהייט, אַזוי אין מיטל־עלטער און אַזוי אין דער נייער צייט.

דער מצב האָט זיך געענדערט. אויב איינער האָט "אויסגעטוישט דאָס רענדל", איז עס נישט מחמת צוואַנג, נאָר צוליב געוויסע באַקוועמלעכקייטן, ווייל אַפילו שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, די לענדער פון דער אינקוויזיציע, ווירקן היינט נייע כוחות — ליבעראַליסטן, הומאַניסטן, וועלכע היטן די זיבן מצוות און זיי ווייסן

ווי אָפּצושאַצן די וועלכע האָבן געבראַכט דעם הומאַניזם און דעם מאָראַלישן לעבנס־סדר צו דער וועלט און זיי קענען אַריינגענומען ווערן אין דער רשימה פון די חסידי אומות העולם.

**י. קלענערע און גרעסערע לענדער פון תּפוצות ישראל. — אַרום דעם באַלטישן און אַרום דעם מיטללענדישן ים. — אַרום דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.**

מיר פאַרנעמען זיך נישט מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַנטיסעמיטיזם: מקור, פאַרשפּרייטונג פון דער יִידן־פייַנטשאַפט, קנאה, רעאַקציאָנערישקייט וכדומה[1]. אונדזער אינטערעס איז אַרויסצוהייבן חסידי אומות העולם, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַלע לענדער אַרייַנגערעכנט די לענדער פון דער דייטשישער ספּערע. ס'האָבן זיך תּמיד געפונען מענטשן פון גייסט און קוראַזש, זיך צו שטעלן קעגן די אַנטיסעמיטן מכּל המינים. אַפילו אין דייטשלאַנד האָבן זיך געפונען צווישן די אַקאַדעמיקערס און אינטעלעקטואַלן אַזעלכע וועלכע האָבן זיך אייַנגעשטעלט פאַר ייִדן, אָנערקענט תּורה־פּרינציפּן — דעם תּנ"ך און תּלמוד — און בכלל ייִדישע שעפערישקייט.

עמנואל קאַנט (1724—1804), דער גרעסטער דייטשישער פילאָזאָף, האָט אָנערקענט און אָפּגעשאַצט ייִדישע בעלי־מחשבה און ייִדישע פאָרשערס האָבן שטודירט זייַנע השקפות, געלערנט פון זייַנע ווערק, איבערגעזעצט זייַנע ווערק. צווישן די וועלכע האָבן איבערגעזעצט זייַנע ווערק, וועלן מיר דערמאָנען די פּראָפעסאָרן שמואל הוגאָ בערגמאַן און נתן ראָטנשטרייך[2].

י. ק. וואַגענזייל געהערט צו די באַדייטנדיקסטע נישט־ייִדישע העברעיִש־און ייִדיש־פאָרשערס — אַ גרויסער געלערנטער אין לשונות. ער האָט אַ סך בייגעטראָגן צום דערלערנען העברעיִש. ער באַנוצט זיך — שרייבט ער — מיטן "ספר השרשים" פון ר' דוד קמחי (1160—1235), מיטן "באר משה" פון ר' משה שערטילש און מיט די ייִדיש־טייטש־שריפטן אין וועלכע ער זעט גרויס נוצלעכקייט פאַר זייַנע קולטור־און ליטעראַטור־פאָרשונגען.

געווען אין דייטשלאַנד אַן אַנטיסעמיט טרייטשקע, אַ היסטאָריקער מיט אַ סך וויסן. האָט ער אויסגענוצט זייַן וויסן צו אַטאַקירן דעם תּלמוד, צו אַטאַקירן ייִדן, צו פאַלסיפיצירן תּלמודישע שטעלן, צו כאַראַקטעריזירן ייִדן מיט די ערגסטע קאַריקאַטורן — מיט איין וואָרט, ער איז געווען דער פאָרויסגייער פון זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם, פון ברוטאַלן נאַציזם. אים געגנטפערט האָט דער דייטש מאָמזען, אַ היסטאָריקער און ליטעראַטור־פאָרשער, און אים אַ ביסל אייַנגעשטילט.

אַפילו אין דער צייט פון דער נאַצי־הערשאַפט האָבן זיך געפונען דייטשן, אמת יחידים, ווי הערמאַן פריץ גרעיבע, אַן אינזשעניר וואָס האָט אין אוקראַיִנע

אָפּגעראַטעוועט הונדערטער ייִדן. ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן ביים ארויסרייסן ייִדן פון די דייטשישע רוצחים. ווי עס ווערט דערציילט[3], האָט דער דאָזיקער דייטש, אַן אָנפירער פון קאָנסטרוקציע־פּראָיעקטן פאַר דעם דייטשישן מיליטער אין אוקראַינע, אויסגענוצט די געלעגנהייט אַריינצונעמען ייִדן און זיי אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן און פון זייערע אוקראַינישע רוצחים.

אין יעדן לאַנד, ביי יעדן פאָלק האָבן זיך געפונען באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע נאָבעלע מענטשן. ווער קאָן זיי אויסרעכענען? די דאָזיקן מענער און פרויען דאַרפן אַרויסגעהויבן ווערן צוליב זייער קוראַזש זיך צו שטעלן קעגן די אָנהענגערס פון ברוטאַלן נאַציזם און פון שאָוויניסטישן פאַשיזם.

דענעמאַרק איז אַ קליינע מדינה אָבער מיט אַ גרויסער צאָל ייִדנפריינד. דאָרט האָט געלעבט און געשאַפן זיינע באַרימטע ליטעראַרישע ווערק געאָרג בראַנדעס (1842—1927), וועמעס ייִדישער נאָמען איז געווען מאָריס־משה כהן. ער ווערט פאַררעכנט אַלס איינער פון די באַדייטנדיקסטע ליטעראַטור־קריטיקערס. זיין ווערק "די שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון 19טן י"ה", האָט אים געגעבן אַ וועלט־נאָמען[4]. ווי אַ שטאָלצער ייִד איז ער נישט איין מאָל אַרויסגעטרעטן קעגן אַנטי־סעמיטיזם אין אייראָפּע. ער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון ציווילע רעכט פאַר ייִדן אומעטום. אין דענעמאַרק איז דאָס געווען געזיכערט אי פון דער רעגירונג און אי פון אירע בירגער.

אין דענעמאַרק האָט אין 19טן י"ה געלעבט און געשאַפן איינער פון די וויכ־טיקסטע דענישע דענקער קירקעגאַרד (1813—1855), דער שעפער פון דער אַזוי גערופענער עקזיסטענציאַליסטישער פילאָזאָפיע. פון וועלכער אַ צאָל ייִדישע דענקערס איז באַגייסטערט און באַאיינפלוסט געוואָרן.

פּראָפ' אַברהם יהושע העשל ז"ל (1907—1972) פּרובירט צו באַווייזן אַז אַזאַ שיטה האָט עקזיסטירט אין חסידות[5]. ס'איז נישט אונדזער אויפגאַבע צו געבן אַ הסכמה צו העשלס באַהויפּטונג, אָדער צו קירקעגאַרדס פילאָזאָפישע קאָנצעפּציעס אין פאַרשטיין דעם תהום צווישן מענטש און גאָט, לויט זיין אויפפאַסונג. מיר זענען בלויז אויסן צו ווייזן אויף דער גרויסקייט פון אַ מענטש וואָס האָט געזען גרויסקייט אין יהדות און געוואָלט ענדערן די געזעלשאַפט "אויבערמענטשלעך", לויט גייסט און מאָראַל און נישט ניטשעס אויבערמענטש פון מאַכט און גבורה.

קירקעגאַרד איז ווייט פון דער ייִדישער אויפפאַסונג, וואָס האַלט זיך אויפן פּרינציפּ פון: "והוה מעורב בדעת עם הבריות" — זאָלסט זיין אויסגעמישט מיט וויסן צווישן מענטשן[6]. דער הויך געבילדעטער קירקעגאַרד האָט דערפילט מיט זיין עניוות און מענטשן־פריינדלעכקייט די דאָזיקע אויפגאַבע, זיך האַלטנדיק ביי די מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן און ווי אַ זוכער פון אמת, האָט ער זיך מסתּמא איבערגעצייגט, אַז דער אמת איז בלויז ביי גאָט, אַז גאָט איז אמת. קירקעגאַרד

האָט פּיינט געהאַט פּשרות, וואָס שייך עיקרדיקע, יסודותדיקע פּרינציפּן און דערמיט ווערט ער באַטראַכט ווי איינער פון די "בני עליה". לויט זיינע שריפטן ווייזט אויס, אַז ער האָט געלערנט קבלה און ס'זענען אים באַקאַנט געווען די קבלה־טערמינען.

אַזעלכע מענטשן האָבן געהאַט אַ השפּעה אין דענעמאַרק און ס'איז נישט קיין וווּנדער אַז בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע האָט דאָס דענישע פאָלק און די דענישע רעגירונג געהאָלפן ייִדן מיט אַלע מעגלעכקייטן, זיי האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען ייִדן.

ס'האָבן — פאַרשטייט זיך — נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטן, רשעים, נאַצי־קאָלאַבאָראַטאָרן. אַזעלכע געפינען זיך אומעטום. די מערהייט אין דענעמאַרק איז געווען דורכגעדרונגען מיט סימפּאַטיע און מיטלייד, געהאַנדלט אין דער עת צרה ליעקב, ווי אַ ליבעראַל־דעמאָקראַטיש פאָלק דאַרף האַנדלען.

דער גייסט פון נאַציזם האָט זיך אויך אין דענעמאַרק אַריינגעכאַפּט אָבער נישט דאָמינירט. געווען דאָרט מוסרים אָבער נישט קיין רוצחים: דאָס פאָלק וואָלט זיי אויסגעראָטן... אַזוי אין צייט פון קריג און אַזוי נאָכן קריג, ווען אַ גרעסערע צאָל ייִדן האָבן געפונען מנוחה און מקום־מקלט אויף די צפונדיקע ברעגן פון באַלטישן ים: שוועדן, נאָרוועגיע און דענעמאַרק. די ייִדן־פריינדלעכע האָבן זיי אויפגענומען מיט וואַרעמקייט.

די דענער האָבן אַ טראַדיציע פון ייִדן־פריינדשאַפט. גליקל פאָן האַמעלן (1646—1724) דערציילט אין אירע זכרונות[7], אַז ווען מ'האָט ייִדן געטריבן פון האַמבורג, זענען זיי אַריבער קיין אַלטאָנאַ וואָס האָט דאַן געהערט צו דענעמאַרק און דער דענישער קעניג איז געווען זייער פריינדלעך צו די ייִדישע פליטים.

די דאָזיקע טראַדיציע האָבן זיי אָנגעהאַלטן אַפילו אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע. ווען די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט דענעמאַרק און די געפאַר פאַרן אָרטיקן ייִדישן ישוב איז געווען גאָר נאָענט, האָט דער קעניג מיט דער הילף פון זיינע געטרייע בירגער באַוויזן אַריבערצופירן די מערהייט פון די אָרטיקע ייִדן אין שוועדן און כּדי די נאַציס זאָלן נישט דערקענען ווער ס'איז אַ ייִד, האָט דאָס פאָלק אָנגעטאָן אָרעם־בענדער, ווי ייִדן, אויך געצילט זיך צו סאָלידאַריזירן זיך מיטן ייִדישן ישוב — וועגן אַזעלכע און זייערס גלייכן שרייבט מען מיט גרויס דאַנקבאַרקייט[8].

דענעמאַרק געהערט אויך צו די פריינדלעכע לענדער פון מדינת־ישראל. הונדערטער דענער יונג און אַלט באַזוכן יערלעך ישראל, כּדי זיך צו באַקענען מיט דער באַנייטער מדינה און אַ צאָל פאַרבלייבט פאַר אַ צייט אַרבעטן און אַרויסהעלפן אין די קיבוצים.

די טראַדיציע פון ייִדן־פריינדשאַפט האָבן די דענער אַרויסגעוויזן ביים ראַטעווען די אַכט טויזנט ייִדישע איינוווינערס אין 1943. געווען איז עס צווישן

ראש־השנה און יום־כּיפּור פון יענעם יאָר, ווען די דענער האָבן באַוויזן אַריבער־צושמוגלען די ייִדן אין די טונקעלע נעכט פון דענעמאַרק אויף פישער־שיפלעך קיין שוועדן, ווו מ׳האָט זיי אויפגענומען גאָר פריינדלעך, זיי געהאַלטן ביז דער מפּלה פונעם נאַצי־רעזשים. ווען די ייִדן האָבן זיך צוריק אומגעקערט צו זייערע היימען אין דענעמאַרק האָבן זיי געפונען זייערע ווױנונגען מיט אַלע זאַכן אין אָרדענונג. די נישט־ייִדישע שכנים, ביי ווּעמען זיי האָבן איבערגעלאָזט די שליסלען פון זייערע ווױנונגען, האָבן געטריי אָפּגעהיט דאָס ייִדישע פאַרמעגן. די קאָפּענ־האַגער קהילה האָט צוריקגעקראָגן די ספרי־תורה און אַלע כּלי־קודש, באַהאַלטן ביי אַ גלח אין קעלער פון אַ קירכע.

די געשיכטע פון דער אויסערגעוויינלעכער העלדישקייט און טיפע מענטשלעכע געפילן ביים דענישן פאָלק וועט פאַראייביקט ווערן אין דער ייִדישער געשיכטע ווי דער גרעסטער מוסטער פון מענטשלעכקייט.

דער באַאַמטער פון דעם נאַצי־קאָנסולאַט וועלכער האָט איבערגעגעבן דעם סוד, אַז ראש־השנה וועלן נאַצי־אָפּטיילונגען איבערפאַלן אַלע ייִדישע הייזער און אַרויסנעמען די ייִדן אויף דעפּאָרטאַציע אין די אומקום־לאַגערן, איז נאָכן קריג באַלוינט געוואָרן צו ווערן דער אַמבאַסאַדאָר פון מערב־דייטשלאַנד אין דענעמאַרק.

אַ קליינע צאָל ייִדן איז דאָך אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די נאַצים און דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טערעזיענשטאַט. די באַאַמטע האָבן געקראָגן אַ באַפעל, זיי זאָלן די דענישע ייִדן באַהאַנדלען בעסער און נישט אומברענגען. כּדי די דענער זאָלן נישט נעמען נקמה.

פאַר וואָס שוועדן האָט געהאַט די זכיה, נאַצי־דייטשלאַנד זאָל זי נישט אַטאַקירן ? . . .

ס׳ווערן דערויף אָנגעגעבן פאַרשיידענע סיבות : 1) די שוועדישע רעגירונג האָט דערלויבט די נאַצי־אַרמייען דורכצוגיין די שוועדישע טעריטאָריע, וואָס איז זיי נויטיק געווען אויפן מאַרשרוט צו אָקופּירן נאָרוועגיע. 2) אין שוועדן האָבן זיך געפונען גענוג קוויזלינגס־נאַצים און דייטשלאַנד האָט נישט געדאַרפט אָקופּירן און אַרויפצווינגען איר אידעאָלאָגיע.

ס׳האָבן זיך אָבער געפונען אין שוועדן, ווי פאַקטן באַווייזן, גענוג ליבעראַלע מענטשן, ייִדנפריינד : דער קעניג מיט זיינע ראַטגעבערס זענען תּמיד געווען פריינדלעך צו ייִדן — און דאָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז שוועדן זאָל אָפּראַטעווען די דענישע ייִדן.

אין שוועדן האָט געווירקט נישט בלויז ראַול וואַלענבערג. די גאַנצע וואַלענ־בערג־משפּחה איז געווען פריינדלעך צו ייִדן און זי האָט געהערט צו דער אַריס־טאָקראַטיע, מיט אַ גרויסן איינפלוס אין רעגירונגס־קרייזן.

ראַול וואַלענבערג האָט געראַטעוועט אַ סך צענדליקע טויזנטער אונגאַרישע

ייִדן — און לסוף, אויף אַ מיסטעריעזן אופן, אַריינגעפאַלן צו די רוסן, פאַרשלעפּט געוואָרן אין טורמעס און מ׳ווייסט נישט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

מאָדנע איז די שטעלונג פון דער היינטיקער שוועדישער רעגירונג. אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונג, וואָס ווייזט אַרויס קעגנערשאַפט צו מדינת ישראל און צו דער זעלביקער צייט פריינדשאַפט צו ייִדן. אַזוי איז געווען די שטעלונג פון פריערדיקן פרעמיער אולאף פּאַלמע און ער האָט געצוג נאָכפּאָלגערס. אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער ענין.

ווי אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט צו די סקאַנדינאַווישע לענדער איז געגרינ־דעט געוואָרן אין אַמעריקע אַן אָרגאַניזאַציע א. נ. „אַ דאַנק צו סקאַנדינאַוויע״ וואָס טיילט צו כּבוד די לענדער פאַר דער אויסערגעוויינלעכער ראָל וואָס זיי האָבן געשפּילט אין ראַטעווען ייִדן. צוזאַמען מיט דענעמאַרק ווערן דערמאָנט שוועדן, נאָרוועגיע, פינלאַנד — די אָרטיקע רעגירונגען האָבן זיך באַצויגן מיט חסד אין מאָמענט פון קריזיס און געפאַר פאַר זייער אייגן לעבן.

שוועדן איז אַ ליבעראַלע מדינה און האָט דאָס אַרויסגעוויזן אי אין צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע פון די שכנותדיקע לענדער און אי נאָכן קריג, אויפנעמענ־דיק מיט וואַרעמקייט ייִדישע פּליטים פון דעם נייעם קאָמוניסטישן פּוילן. שטאָקהאָלם האָט אַרויסגעוויזן איינזעעניש און פאַרשטענדעניש און די צאָל ייִדן אין שוועדן איז, אַ דאַנק די ניי־געקומענע, פאַרגרעסערט געוואָרן.

אַ געוויסע צאָל פּליטים איז אַוועק קיין נאָרוועגיע, וואָס האָט אַ סך געליטן פון די נאַציס. שוועדן האָט אויסגעמיטן אַ נאַצישע אינוואַזיע; אָבער נאָרוועגיע האָט שרעקלעך געליטן פון די נאַציס. נישט ווייניק, צוליב דעם נאָרוועגישן אונטער־גרונט, וואָס האָט געהאָלפן ייִדן זיך ראַטעווען קיין שוועדן. נישט אַלע ייִדן זענען געראַטעוועט געוואָרן. הונדערטער זענען פאַרכאַפּט געוואָרן און דעפּאָרטירט אין די אומקום־לאַגערן.

די נאָרוועגער גרויסן זיך מיט זייער דיכטער הענריק ווערגעלאַנד, אַ ייִדן־פריינד און אַ הומאַניסט אינעם ברייטסטן זין פונעם וואָרט. אין זיין פּאָעמע „ייִדן״ דריקט ער זיך אויס, אַז אין נאָרוועגיע, זיין לאַנד, וועלן ייִדן האָבן אַ ה י י ם.

שוועדן האָט געהאַט אַ קוויזלינג, אַ נאַצי־קאָלאַבאָראַטאָר און קאָנספּיראַטאָר, אַ שונא־ישראל און ער איז נישט געווען דער איינציקער. אַ צאָל שריפטשטעלערס האָבן געזען אין נאַציזם אַ דערלייזונג פאַר אַלע פּראָבלעמען, אַריינגערעכנט דאָס ייִדן־פּראָבלעם.

שוועדן איז אָבער רייך געווען — אַ מאָל און היינט — מיט פרייהייט־ליבנדיקע מענטשן. דער אָנגעזעענסטער — ראָאול וואַלענבערג, דער דיפּלאָמאַט וועלכער האָט געראַטעוועט ייִדן אין אונגאַרן. ער האָט געקעמפט מיט אַלע כּוחות קעגן די נאַצי־פּלענער צו ליקווידירן די אָרטיקע ייִדישע באַפעלקערונג. זיין טראַגישער סוף;

פאַרשווונדן געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד אין יאַנואַר, 1945, עד היום ווייסט מען נישט וואָס מיט אים איז געשען.

ראַול וואַלענבערג, ווי געזאָגט, האָט געשטאַמט פון אַ הויך־אַריסטאָקראַטישער שוועדישער משפחה. אין צייט פון קריג איז ער געשיקט געוואָרן קיים בודאַפּעשט מיט אַ שליחות פון אַמעריקע צו ראַטעווען ייִדן פון אומקום. אַ דאַנק זיינע איבער־מענטשלעכע אָנשטרענגונגען (ער איז דאַן, אין 1944 אַלט געווען 32 יאָר), האָט ער באַוויזן צו ראַטעווען צענדליקער טויזנטער ייִדן און צום סוף, ביים סאַמע סוף פון דער מלחמה, האָט ער אַליין באַצאָלט דעם העכסטן פּרייז און נישט דורך די נאַציס, נאָר דורך די רוסן. וווּ זיין געביין געפינט זיך ווייסט מען נישט.

ס'איז לעצטנס אַרויס אַ בוך אין ענגליש, געשריבן פון אַ שוועדישן דיפּלאָמאַט פּער ענגער [9] וואָס דערציילט וועגן דעם העלדישן מוט פון זיין קאָלעגע, אָבער אויך ער, בלייבט ביי דער פראַגע. ווו איז אַהינגעקומען דער דאָזיקער טייערער מענטש. נאָך אַלע באַמיונגען מצד ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, מצד וועלט־רעגירונגען, מצד דער ישׂראל־רעגירונג איז נישטאָ קיין קלאָרער ענטפער פון דער סאָוועטישער מאַכט.

אין כבוד און אין זכרון פון וואַלענבערגן האָט ישׂראל אַרויסגעלאָזן אַ פּאָסט־מאַרקע, געווידמעט דעם חסיד אומות העולם מיט זיין בילד. אונטערן בילד דער פּסוק אין משלי: "ואורח צדיקים כאור הולך ואור עד נכון היום" — דער שטעג פון די צדיקים איז ווי דאָס ליכט פון באַגינען [10], אַנערקענענדיק דעם שוועדיש־העלדישן דיפּלאָמאַט, ווי דעם מאַן וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ראַטעווען ייִדן.

די כנסת האָט אים באַערט מיט אַ ספּעציעלער זיצונג צו זיין זיבעציקסטן געבוירן־טאָג, איבערגעבנדיק ביאָגראַפישע פּרטים, העלדישע מעשׂים טובים און דעם טראַגישן גורל פון אָט דעם "מלאך פון בודאַפּעשט", ווי ייִדן האָבן אים גערופן.

ס'גייען אַרום לעגענדעס וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט באַוויזן צו ראַטעווען צענדליקער טויזנטער ייִדן פון אַ זיכערן טויט, ווי אַזוי ער האָט פונאַנדערגעטיילט "פּאַרטיידיקונג־פּאַספּאָרטן", דערקלערנדיק אונגאַרישע ייִדן פאַר שוועדישע בירגער און אַזוי אַרום געראַטעוועט, ווי מען שאַצט, הונדערט טויזנט ייִדן.

דער דאָזיקער דיפּלאָמאַט האָט געסטראַשעט דעם דייטשישן גענעראַל וואָס האָט געהערשט איבער אונגאַרן, אַז אויב ער וועט דעפּאָרטירן די ייִדן, וועט ער געמשפּט ווערן, אַז ער האָט אומגעבראַכט שוועדישע בירגער און דער נאַצי־גענעראַל האָט זיך דערשראָקן.

צום סוף, אין 1945, איז ער דורך דער סאָוועטיש־מיליטערישער מאַכט אַרויס־גענומען געוואָרן פון דער שוועדישער אַמבאַסאַדע אין בודאַפּעשט, געבראַכט געוואָרן צום סאָוועטישן מאַרשאַל ראָדיאָן מאַלינאָווסקי, וואָס האָט איינגענומען אונגאַרן.

וואַלענבערג איז מער נישט צוריקגעקומען. אין אַ מעלדונג פון סאָוועטישע אויטאָריטעטן איז איבערגעגעבן געוואָרן, אַז ער איז געשטאָרבן ערגעץ אין אַ תפיסה, אין יאָר 1947. פאַר וואָס מ'האָט אים אַרעסטירט, אין וועלכער תפיסה ער איז פאַרשיקט געוואָרן, אונטער וואָסערע אומשטענדן ער איז אויסגעגאַנגען — אַלץ איז געבליבן איינגעהילט אין מיסטעריע.

אומצייליק זענען די אַרטיקלען וועגן ראַול וואַלענבערגן. קיינער האָט נישט קיין ענטפער אויף דער פראַגע: פאַר וואָס?... פאַר וואָס האָבן די סאָוועטן אים אַרעסטירט? ער איז דאָך געווען אַ קעמפער קעגן די נאַציס, קעגן די פאַשיסטן, קעגן די קוויזלינגס אין זיין לאַנד. ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער אַמבאַסאַדע פון אַ נייטראַלער מדינה. צו וואָס האָבן די רוסן אים אַרעסטירט און פאַרשיקט?

אַ דאַנק די סקאַנדינאַווישע לענדער זענען אַ סך יידן געראַטעוועט געוואָרן. אין די דאָזיקע לענדער האָבן זיך געפונען יידן־פריינד מיט גרויס השפּעה. אין שוועדן און אין נאָרוועגיע האָבן די רציחות אויף יידן אַרויסגערופן טיפן צער ביי דער מערהייט פון פאָלק. נאָרוועגיע איז געווען מאַכטלאָז אָבער דאָך באַוויזן צו ראַטעווען, לכל הפחות אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, דורך אַריבערפירן זיי אין געהיים מיט גרויס געפאַר און ריזיקע קיין שוועדן.

צו דערמאָנען איינעם וואָס האָט געטאָן גאָר אַ סך צו ראַטעווען יידן, וויליאַם באַ איז געווען זיין נאָמען. ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן. ווען די נאַצי־רוצחים האָבן אויסגעפונען אַז ער העלפט יידן, האָבן זיי אים פאַרשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

ס'זענען געווען פרויען אין די סקאַנדינאַווישע לענדער וועלכע האָבן געקראָגן גרויס אָנזען אין דער ליטעראַרישער וועלט און נישט ווייניקער אין דער הומאַניסטיש־ליבעראַלער וועלט. צו דערמאָנען אייניקע: סעלמאַ לאַגערלעף, די נאָבעל־פּרייז־געווינערין אין 1909. אַ געבוירענע אין שוועדן — אַ קעמפערין פאַר גערעכטיקייט. זיגריד אונדסעט, די נאָרוועגישע נאָבעל־געווינערין פון 1928, באַוווסט מיט איר ליבעראַליזם און פּראָגרעסיוויקייט.

האָלאַנד איז און משך פון יאָרהונדערטער געווען פון די ליבעראַלסטע לענדער. האָלאַנד האָט געעפנט ברייט אירע טויערן פאַר יידן, פאַרטריבענע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. דעם דאָזיקן ליבעראַליזם האָט האָלאַנד אָנגעהאַלטן אין די קריטישסטע מאָמענטן, אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע.

אין האָלאַנד האָט געלעבט און געווירקט דער באַרימטער מאָלער רעמבראַנדט

(1606—1669). ער האָט געמאַכט די אילוסטראַציעס צום ספר פון מנשה בן ישראל (שס״ד — 1604 ; תי״ח — 1657). ער איז געווען אַן אוהב ישראל אין פּולן זין פון די ווערטער [11].

געגוג אַ בלעטער צו טאָן אין די יזכור־ביכער, אין די ״יד־שם״־אויסגאַבעס און אין אַ צאָל פאַרשאַרבעטן וועגן דער ״שואה״, אין וועלכע ס׳ווערט דערציילט וועגן די חסד־אויפפירונגען פון די האָלענדער.

ס׳האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין דער ליבעראַלער האָלאַנד גענוג רעאַקציאָנערן, אַנטיסעמיטן און אין דער צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס, געמסרט ייִדן. די גרויסע מערהייט איז אָבער געווען ריין פון נאַצישן סם.

מיט דער שווייץ איז דער מצב גאָר אַן אַנדערער:

די שיינקייט פון דער שווייץ — נישטאָ קיין פאַרגלייך אין אייראָפּע — איר הערלעכע נאַטור איז באַשריבן אין אַלע לשונות. וויפל פּאָעטן האָבן באַזונגען אירע לאַנדשאַפטן, אירע בערג, אירע טייכן, די שווייץ איז געבליבן נייטראַל.

דאָס שווייצער פאָלק האָט געקענט טאָן גאָר אַ סך צו ראַטעווען ייִדן, אָבער נישט געגעבן די געהעריקע הילף. געווען צווישן פאָלק און אויך אין די ״הויכע פענצטער״ איידעלע און האַרציקע מענטשן; זיי זענען אָבער געווען אין דער מינדערהייט. געווען אַזעלכע וועלכע האָבן געהאָלפן אַריבערפירן ייִדן דורך דער שווייצאַרישער גרענעץ. געווען אָבער אַזעלכע וועלכע האָבן געטרודפט די ייִדן וואָס האָבן זיך אַריבערגעכאַפּט אין דער שווייץ דורך סכנותדיקע וועגן. אַ סך ייִדן זענען געהאַלטן געוואָרן אין שפּאַנונג, אין שרעק, צוריקגעשיקט צו ווערן [12].

ייִדן זענען אָבער מכיר־טובה פאַר דעם ביסל גוטס וואָס זיי האָבן געהאַט אין דער שווייץ. ייִדן זענען מכיר־טובה די איטאַליענער, די גריכן און די מענטשן פון וועלכן לאַנד ס׳זאָל נישט זיין, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן מענטשלעכקייט און אַ וויליקייט צו העלפן ייִדן, זיך צו ראַטעווען פון אומקום.

כאַפּט מען זיך אַריבער קיין בעלגיע, געפינען מיר דאָרט אַ צאָל פלעמישע שריפשטעלערס, וויסנשאַפטלערס און פּאָליטיקערס, וועלכע קענען אויך האָבן אַן אָרט אינעם רייסטער פון חסידי אומות העולם, אָבער ווער קען זיך אונטערנעמען און צוזאַמענשטעלן אַזאַ סאָרט ענציקלאָפּעדיש־לעקסיקאָגראַפיש ווערק?

גיט מען אַ שפּרונג אַריבער קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, שיינט פאַר אונדז אַרויס דער. שטערן פון טאָמאַס מאַסאַריק, דער אויפריכטיקער דעמאָקראַט וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט מענטשן־ליבע, מיט אהבת־ישראל און דאָס איבערגעגעבן צו זיין זון יאַן, דעם אויסערן־מיניסטער, אַ הומאַניסט וועמען זיינע קעגנערס האָבן — לויט אַ געהיימער אינפאָרמאַציע — אומגעבראַכט.

ר׳ יוסף חיים זאָנענפעלד זצ״ל (תר״ט—1849 — תרצ״ב—1932) ; י״ט אדר ב׳

תרצ״ב — 1932) האָט אים אויפגענומען מיט וואַרעמקייט און אויסגעדריקט באַגייס־טערונג פאַר זיין גוטסקייט צו אַלע בירגער און גאָר באַזונדערס פאַר זיינע מעשׂים טובים צו ייִדן[13].

ווי זיין ביאָגראַף גיט איבער, איז דער רב הראָשי פון דער עדה החרדית מיטן נשיא געגאַנגען צוזאַמען ארומגענומען דורכן טויער באַהאַנגען מיט ברכות פענער, צו די ״שומרי החומות״, און דער רב האָט אים אויסגעטייטשט אַ צאָל פּסוקים אין דער תּורה און זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן מיט מאַסאַריקן — אַ זאַך, וואָס ער האָט תּמיד צוריקגעוויזן.

עולים פון טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן אַלס אויסדרוק פון פאַרערונג און אָנער־קענונג, געגרינדעט דעם ״כפר מסריק״ צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון איינעם פון די זעלטענע חסידי אומות העולם.

ביים שילדערן ווי אַזוי דער באַבאָווער רבי אדמו״ר ר׳ שלמה האַלבערשטאַם שליט״א איז געראַטעוועט געוואָרן דערציילט בן ציון גאָלדמאַן[14] אַז יאַן מאַסאַריק האָט נאָכגעפאָלגט זיין פאָטער מיט מידות פון חסד און געהאָלפן ייִדן אין אַן עת־צרה. דער באַבאָווער רבי, שוין זייענדיק אין אַמעריקע, האָט געגרינדעט אין זיין כּבוד און זכּרון אַ פּדיון שבויים אָרגאַניזאַציע און ער האָט זיך געחתמעט אַלס נשיא, אויסדריקנדיק אינעם ספּעציעלן שריפט: ״והיתה זאת לעדה, כבוד שר החצון לממשלת צ׳כוסלובקיאָ מר י א ן מ א ס א ר י ק... על הנסים ועל הפורקן, אָנו שולחים את ספר התורה לכבד את זכרו של חסיד אומות העולם הדגול מרבבה, הנשיא טאָמאַס ג. מאַזאַריק, זכרו לברכה...״[15].

וועגן טאָמאַס מאַסאַריקס איינשטעלן זיך פאַר ייִדן גייען אַרום אומצייליקע לעגענדעס באַגרינדעטע אויף פאַקטן. ס׳ווערט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אַ ייִדן, אין אַן עלילת־דם פּראָצעס קעגן אַ ייִד מיטן נאָמען לעאָפּאָלד הילזנער, אין יאָר תרס״ב (1902). דאָס איז פאָרגעקומען די לעצטע טעג פּסח. מ׳האָט געפונען דעם קערפּער פון אַ מיידל, איר האַלדז איינגעשניטן, פאַר־וואָרפן אין אַ וואַלד ביי פּולנאַ (בעמען־טשעכאָסלאָוואַקיע). די קריסטן, געהעצט פון אַנטיסעמיטן, האָבן באַלד באַשולדיקט, אַז דאָס האָט דער ייִד, אַ שוחט, גענוצט זיין חלף, געשאָכטן דאָס מיידל, ווייל די ייִדן האָבן זיך גענויטיקט אין קריסטלעך בלוט אויף פּסח.

די אַרומיקע פּויערים האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט אָנצופאַלן אויף די אַרטיקע ייִדישע ישובים. זיי האָבן דורכגעלאָזט דעם שוחט און גאָר אויסגעלאָזט זייער כּעס און באַשולדיקט דעם בחור לעאָפּאָלד, אַ העלפער ביי אַ שוסטער, אַז ער איז באַגאַנגען דעם מאָרדאַקט. זיי האָבן געוווּסט, אַז ער וועט נישט וויסן ווי זיך צו פאַרטיידיקן. אָט דער לעאָפּאָלד הילזנער, אַ בחור אָן בילדונג, אַ וואַנדערער אָן אַ היים, איז פאַר די שונאי־ישראל געווען דער בעסטער קרבן. זיי האָבן צוגע־

שטעלט עדות — פֿאַרשטייט זיך פֿאַלשע, אונטערגעקויפֿטע — וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אים געזען אַנטלויפֿן פֿון וואַלד מיט אַ ״חלף״ אין האַנט.

דער משפּט איז געפֿירט געוואָרן אונטערן דרוק פֿונעם אויפֿגעהעצטן המון און די שופֿטים האָבן צוגעהאָלפֿן, דער בחור זאָל זיך מודה זיין און נאָך צוגעגעבן, אַז צוויי ייִדן האָבן אים געהאָלפֿן. די לעצטע זענען סוף־כּל־סוף באַפֿרייט געוואָרן, ווען ס׳איז באַוויזן געוואָרן זייער ״אַליבי״, זייער אָפּוועזנהייט אין דער באַטרעפֿנדיקער שעה, אָבער הילזנער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צו תּליה, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז דער בלבול אויף אַ ייִדן איז אַ פֿאַקט, אַז ייִדן נוצן בלוט אין מצות...

די אינטעלעקטועל־אַנטיסעמיטישע טשעכן האָבן דערביי אָנגעווענדט זייער ענערגיע און אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פֿאַרשפּרייטן שׂנאה קעגן די ייִדישע איינוווינערס. זיי האָבן אויך באַשולדיקט ייִדן, אַז זיי ברענגען אַריין די דייטשישע שפּראַך, די דייטשישע קולטור און זענען דער גורם, טעשכאָסלאָוואַקיע זאָל קולטורעל באַהערשט ווערן פֿון דייטשטום, טשעכאָסלאָוואַקיע זאָל קולטורעל אַסימילירט ווערן און במילא בלייבן אַ דייטש־עסטרייכישע פּראָווינץ.

צוליב אָט דער סיבה, האָט די אינטעליגענץ — אַפֿילו די ליבעראַל־דענקענדיקע — פֿאַרשוויגן דעם פּראָצעס, געלאָזט אין גאַנג דעם אויפֿברויז קעגן ייִדן.

דער איינציקער וואָס האָט — ווי אַ מאָל עמיל זאָלאַ אין פֿראַנקרייך — זיך געשטעלט קעגן דעם פּראָצעס, איז געווען טאָמאַס מאַסאַריק, דאַן פּראָפֿעסאָר פֿון פֿילאָזאָפֿיע אויפֿן פּראַגער אוניווערסיטעט. ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט ברענגען באַווייזן, אַז דאָס איז אַ פֿאַלשער משפּט. ער האָט געפֿירט דעם קאַמף ווי אַ יחיד קעגן דער פֿאַלשקייט פֿון די שׂונאי־ישׂראל און קעגן דער בלינדקייט פֿון די שופֿטים און פֿונעם המון וואָס זעט נישט, אָדער וויל נישט זען די פֿאַלשע באַשולדיקונגען. ער איז אַרויסגעקומען מיט אַ שריפֿט, אין וועלכער ער האָט באַגרינדעט זיין מיינונג און פֿאַרלאַנגט אַ נייעם משפּט. דעם דאָזיקן פֿאַרלאַנג האָבן די ריכטערס נישט געקענט אָפּוואַרפֿן און דער פּראָצעס איז געגאַנגען צום העכסטן געריכט אין ווין, וואָס האָט דורכשטודירט אַלע דאָקומענטן און איז אַרויסגעקומען מיט אַ פּשרה; אויסטוישן דעם טויטאורטייל אויף לעבנסלענגלעכער תּפֿיסה. אין 1916 איז הילזנער אַרויס פֿון תּפֿיסה, לויט דער דעמאָלטדיקער אַמנעסטיע, די שולד איז נישט אַראָפּגענומען געוואָרן.

אין 1961, נאָך דער צווייטער מלחמה, ווען טשעכיע איז שוין באַהערשט געוואָרן פֿון נייע מושלים, ס׳איז קיין זכר נישט געבליבן פֿון מאַסאַריקס ליבעראַליזם. האָט אַ טשעכישער זקן פֿון 93 יאָר זיך מתוודה געווען פֿאַר זיין טויט, אַז דאָס האָט ער דערהרגעט זיין שוועסטער צוליב אַ ירושה־קאָנפֿליקט. די שוועסטער האָט געמאָנט ירושה און ער האָט געוואָלט פּטור ווערן פֿון איר, כּדי ער זאָל האָבן די גאַנצע ירושה פֿון זיין פֿאָטער. האָט ער זי אָפּגערוימט און אַוועקגעוואָרפֿן אין

וואַלד. ער האָט אויך דערציילט, אַז ייִדן־שונאים האָבן אים אַוועקגעשיקט, כּדי ס׳זאָל נישט פאַלן אויף אים קיין חשד און מ׳זאָל קענען וואַרפן די שולד אויף ייִדן.

אינטערעסאַנט איז, אַז שוין אין דער נייער אומאָפּהענגיקער טשעכאָסלאָוואַקיע, ווען מאַסאַריק איז שוין געווען דער הויפּט פון דער רעגירונג, אין 1930, האָט געקענט פּאַסירן אַ נייער עלילת־דם: אין איינעם פון די דערפער האָט מען געפונען אַ יונג מיידל און אַ ייִנגל דערמאָרדעט. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אָנגעקלאָגט צוויי ייִדן, אַז זיי האָבן דאָס דורכגעפירט דעם מאָרד און ווידער מיטן זעלבן מאָטיוו: צושטעלן בלוט פאַר מצות.

ווי אַזוי דאָס נייע, דעמאָקראַטישע טשעכאָסלאָוואַקיע האָט געקענט אָננעמען אַזאַ פאַלשקייט איז נישט צו פאַרשטיין. דאָ זעט מען ווי שׂנאה קאָן פאַרבלענדן אַפילו ציוויליזירטע, אינטעלעקטועלע מענטשן.

אַ יאָר און אַ האַלב זענען די ייִדן געווען פאַרשפּאַרט אין תּפיסה אונטער דער פאַלשער באַשולדיקונג. דאָס שוין ליבעראַלע טשעכיע האָט זיך נישט פאַראינטערע־סירט מיטן גורל פון די צוויי ייִדן. די ליבעראַלע מיניסטאָרן, איינער פון זיי, אַ ייִד, האָבן פאַרשוויגן דעם גאַנצן עסק, ביז מאַסאַריק, דער הויפּט פון דער רעגירונג, האָט גענומען אַ שטעלונג און די ייִדן זענען באַפרייט געוואָרן.

מיר וואָלטן געקענט אַזוי גיין, אָן אָפּשטעל, אויסצורעכענען מאַסאַריקס חסדים אין זיין לאַנד. ער איז געווען אַ ריז פון חסד אין דער תּקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. ער האָט דעמאָנסטרירט מיט מעשׂים, מיט זיין הומאַניזם, מיט זיין פאַר־שטענדעניש און ייִדן־פריינדשאַפט. אים איז געווען גוט באַקאַנט דער ייִדישער צושטייער צו דער אַנטוויקלונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע, צו דער טשעכאָסלאָוואַקישער קולטור, צו דער ליטעראַרישער מייסטערשאַפט, וואָס איז געקומען פון אָרטיקע ייִדן. אים זענען געווען באַקאַנט די נעמען פון די באַרימטע רבנישע פערזענלעכ־קייטן, דער מהר״ל, דער ״נודע ביהודה״ און פיל רבנישע פוסקים. אים איז געוויס געווען באַקאַנט די מאַרטיראָלאָגיע פון אָרטיקן ייִדנטום.

מאַסאַריקן איז געווען באַקאַנט דער צושטייער צו דער טשעכאָסלאָוואַקישער ליטעראַטור פון אַזעלכע שעפערישע מענטשן ווי פראַנץ קאַפקאַ, מאַקס און אָטאָ בראָד. די רבנישע גדולים האָבן גרויס געמאַכט דאָס אַלטע פּראַג און די שריפט־שטעלערס — דאָס נייע פּראַג.

דער עיקר: דאָס פאַרוואָרצלטקייט פונעם הומאַניזם וואָס האָט אים אַרומגע־נומען בעת טשעכאָסלאָוואַקיע איז געווען אָפּהענגיק פונעם עסטרייכישן חסד און וואָס האָט געווירקט אויך ווען טשעכאָסלאָוואַקיע איז געווען אומאָפּהענגיק און ער איז געווען איר הויפּט.

מענטשן פון חסד געפינען מיר אויף אַלע קאָנטינענטן, אין דער ווייטער אַזיע, אין אינדיע און אין יאַפּאַן, ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, דער גרויסער דיכטער, נאָבעל־

געווינער אין 1913, האָט געוואָלט זען זיין לאַנד פריי און ווי אַ פּאָלקספירער באַקעמפט די נירוואַנאַ־הייליקייט און אַגיטירט פאַר לעבנס־הייליקייט. אַ שעפער אי פון פּאָעזיע און אי פון פּראָזע: אַ נאַציאָנאַליסט [16] וואָס גרענעצט זיך אָפּ פונעם עקסטרעמען נאַציאָנאַליזם. זיין אידעע איז אוניווערסאַלע פאַרברידערונג, אַנהאַלטנדיק די אייגענע טראַדיציע און קולטור.

אין זיין "היים און וועלט" שילדערט ער די קאָנפליקטן צווישן הויז און דער דרויסנדיקער וועלט; ער ברענגט אַרויס דעם שוואַכן כאַראַקטער פון דער פרוי; ער וויל דאָס ענדערן און אין אינדיע זעט ער די איינציקע מעגלעכקייטן אויף ענדערונגען, ווען דאָס לאַנד וועט פריי ווערן. זיינע העלדן ברענגען צום אויסדרוק די סובטעלע געפילן, שטימונגען און שטרעמונגען און נישט וויניקער די ווולגאַ־רישקייט, ווי אַ רעזולטאַט פון אונטערדריקונג.

ער האָט געוואָלט זען אינדיע אומאָפּהענגיק פון ענגלאַנד, אָדער פון וועלכער נישט איז אויסערלעכער מאַכט. ער איז אָבער נישט געגאַנגען אין גאַנדיס וועג פון אַ סופּער־נאַציאָנאַליזם. ער האָט זיך געשראָקן פאַר די אינערלעכע קאַמפן צווישן די סעקטעס, דעריבער האָט ער געוואָלט אַ פאַראייניקונג פון מזרח און מערב, צו מאַכן אַ סוף צו מלחמות, מענטשן זאָלן לעבן לויט די אידעאַלן פון סאָציאַלן יושר און מאָראַלישער דערהויבונג.

וועגן יאַפּאַנס חלק אין ראַטעווען ייִדן האָבן מיר אַ צאָל באַשרייבונגען פון ייִדן וועלכע האָבן מיטגעמאַכט דעם גיהנום־וועג פון פּוילן, דורך ליטע ביז יאַפּאַן און שאַנכאַי אויפן וייטן מזרח.

מ. צאַנין גיט איבער [17] וועגן דעם מצב פון ייִדישע פּליטים וועלכע זענען אַנטלאָפן פון נאַצי־גיהנום אין פּוילן, זיך ראַטעווענדיק קיין ווילנע, קיין קאָוונע און זענען באַלד אַריינגעפאַלן אין קלעם פון היטלער־סטאַלין־אָפּמאַך, וואָס האָט געדראָט מיט דער געפאַר פון אומקום און ווי אַזוי דער יאַפּאַנישער קאָנסול אין ליטע סאַמפּאָ (אָדער טשאַנאַ) סוגיהאַרא האָט געראַטעוועט טויזנטער ייִדן.

דער דאָזיקער נאָבעלער מענטש — שרייבט צאַנין — האָט געגעבן טויזנטער וויזעס פאַר פּליטים און ער אַליין, מיט זיין בני־בית איז אַ דאַנק דעם קאָנסול געראַטעוועט געוואָרן. הלוואי וואָלטן דעמאָלט אין קאָוונע און אין ליטע געווען ווייט־זעענדיקע ייִדישע פירער, וואָלט סוגיהאַרא געראַטעוועט נאָך טויזנטער ייִדן..."

דער דאָזיקער קאָנסול האָט געגעבן אַזיל־וויזעס קיין יאַפּאַן און ליטע האָט נישט געקענט צוריקרופן און געמוזט געבן "עקזיט"־וויזעס. ווי אַ שטראָף אויף זיין גוטסקייט און רחמנותדיקייט, האָט זיין רעגירונג אים באַזייטיקט פון זיין דיפּלאָמאַטישן דינסט און ער האָט אַ צייט געליטן הונגער.

צווישן אַראַבער האָבן מיר אויך יחידים, אָדער משפחות, וועלכע האָבן געהאָלפן ייִדן אין צייט פון נויט. נישט לאַנג צוריק האָט "יד ושם" אַריינגענומען אין דער ריי פון די חסידי אומות העולם אַ מוזולמענישע משפחה מיטן נאָמען האַרדאַגאַ און ד"ר סובאַתי, דער קאַדי (גייסטלעכער) פון אַבו גוש האָט זיך באַטייליקט אין דער באַערונג־צערעמאָניע.

מוסטאַפאַ האַרדאַגאַ מיט זיין פרוי זיינעוואַ האָבן אין סאַראַיעוואָ, יוגאָסלאַוויע, געראַטעוועט די ייִדישע משפחה קאַביליאַ, בעת די נאַציס זענען אין 1941 אַריין קיין יוגאָסלאַוויע און די ייִדן זענען אויסגעשטעלט געוואָרן צום אומקום.

די ליטווינער, די אוקראַינער, די פּאָליאַקן האָבן — צום גרויסן באַדויערן און שאַנד קאָלאַבאָרירט מיט די נאַציס. אויסנאַמען זענען אָבער געווען. געווען אַזעלכע וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען ייִדן — און וועגן דעם ווערט לעצטנס אַ סך געשריבן און נישט ווייניקער וועגן די ענדערונגען די לעצטע יאָרן אין די באַציונגען צווישן ייִדן און נישט־ייִדן[18] אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדערע טעמע.

ס'איז אויך אַ פראַגע פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש צווישן ייִדן מיט אַנדערע פעלקער פון רעכטס און פון לינקס; ס'איז אויך אַ פראַגע פון איינשטעלן אַ געהעריקן אַפּאַראַט צווישן מדינת ישראל מיט אַנדערע מדינות, אַריינגערעכנט די אַראַבישע, אָפּצושוואַכן די שנאה און די אומגעזונטע פּראָפּאַגאַנדע. אויף דערויף איז נויטיק נישט בלויז געוויינלעכער בטחון, נאָר אַ פאַרשטאַרקטער אָפּטימיזם, אַז ס'וועט סוף־כּל־סוף קומען אַ צייט פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער גאולה און במילא וועט הערשן שלום און אחדות, לויט די ווערטער פונעם נביא: "והיה באחרית הימים נכון יהי' הר בית ה' בראש ההרים... לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה" — און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג, וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז... אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד און מ'וועט ניט מער לערנען מלחמה"[19].

# הערות

## א

1 זע, חיים גרינבערג, בלעטלעך פון אַ טאָג־בוך, בוענאָס־איירעס, התשכ"ב—11962. ער שרייבט דאָרט וועגן מאַרק טווען, ז"ז 107—125; וועגן טעאָדאָר דרייזער, ז"ז 232—236.

2 זע, "ליט. בלעטער" וואַרשע, נומ' 10, 1928.

3 ויקרא, כ"ה, י' — יהואש איבערז.

4 עזרא, ז', י'.

5 זע, שואל גוטמאַן, "די אַנדערשקייט פון אַמעריקאַנער ייִדנטום", ז"ז 27—28; י. ב. ביילין, אין זיין ווערק וועגן אַמעריקאַנער פּערזענלעכקייטן, ייִדן און ניט־ייִדן און אין די ווערק פון הלל ראָגאָף און אַנד. וועגן דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע און אַנטוויקלונג ווי אַ אומאָפּהענגיקער שטאַט.

6 מלכים א׳, ה׳, ה׳ ; מיכה, ד׳, ד׳.

7 די שול ״ישועת ישראל״ אין ניו־פאָרט, רהאָוד איילענד, טראָגט דעם נאָמען יודאַ טוראָ, איינער פון די גרינדער.

8 די גרעסטע פּאָעמע אין יידיש, געווידמעט לינקאָלן און זיין רעדע, איז בעריש ווינ־שטיינס ״געטיסבורג״, פאַרעפנטלעכט אין ״זאַמלביכער״, נומ׳ 8, 1952, רעדאַקטירט פון יוסף אָפּאַטאָשו און ה. לייוויק. די פּאָעמע פאַרנעמט אַכט גרויסע זייטן.

9 אין מיינע ווערק : ״באַציאונג צו דער פרוי״ (באַנד צוויי) ; ״קדושה אין יידישן פאַ־מיליע־לעבן״ (באַנד צוויי) און אין אַרטיקלען וועגן דעם רוזוועלטן, וואָס איז געווען צופיל פּאָליטיש, אינעם זין פון ״אחת בפה ואחת בלב״...

10 ״אידישער קעמפּער״, ר״ה־נומער, תשמ״ה, ז״ז 19—26.

11 אַ וויכטיקע אָפּהאַנדלונג וועגן קאַרל סאַנדבורג פון שלמה וויסמאַן ע״ה (שול־דירעקטאָר און שריפטשטעלער) איז דערשינען אין די ״ליטעראַרישע בלעטער״ נומ׳ 31 און 32, וואַרשע, 1929.

12 זע, נחמן מייזיל, ״ליט. בלעטער״, נומ׳ 28, סעפּט. 21, 1928.

13 זע, ״ליט. בלעטער״, 1928, נומ׳ 27, ז״ז 521—523 ; נומ׳ 44, ז״ז 859—861 ; נומ׳ 47, ז״ז 930—931.

13א ש. גוטמאַן, ״די אַנדערשקייט פון אַמעריקאַנער יידנטום״, ז״ז 264—268.

14 זע, י. ד. אייזענשטיין, אוצר זכרונות, חלק ראשון, ניו־יאָרק, תר״צ—1929, ז׳ 31.

15 סוב־טיטל : ״המונותיאיזם ותהליך ההיסטורי״, תרגם והוסיף הקדמה והערות י. מ. גרינץ, ירושלים, 1962. ביי זיין פעטער, דעם לובלינער־טשעכיווער רב, ר׳ אלעזר קערשענבוים (אין ספר ״לובלין״, על־פּי־טעות — קערשענבלאַט) האָט דער שרייבער פון די שורות באַקומען סמיכה ״יורה יורה, ידין ידין״...

16 פאַרעפנטלעכט אין ״בצרון״, חוב׳ ב׳ (88), שבט, תש״ז, ז״ז 303—313 ; אין זיין ספר ״אנשי שם״, חוקרים וסופרים, ניו־יורק, תש״י. זע אויך, העררי אָרלינסקי, ביבליאָ־גראַפיע וועגן אָלברייט א. נ. An Indexed Bibiliography of the Writings of William Foxwell Albright, by Harry M. Orlinsky, 1941.

דרך־אגב ; אָרלינסקי־אָרלאַנסקי איז אַ טאָראָנטער, אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ מיוחסדי־קער משפחה, שוחטים, רבנים...

17 וועגן אַלעקסאַנדער בעל און זיין ערשטן טעלעפאָן־אַפּאַראַט, אין קאַנאַדער שטעטל בראַנטפאָרד, האָט דער שרייבער פון די שורות פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אין טאָראָנטער יידישן זשורנאַל און אין אַנדערע צייטונגען.

18 איכה רבתי, ב׳, י״ז.

## ב

1 וועגן יידן אין קאַנאַדע און וועגן קאַנאַדע בכלל, האָבן מיר מער ווי גענוג ווערק אין ענגליש, פראַנצויזיש און יידיש. צו דערמאָנען אייניקע : א. ריינוויין (צוויי בענד — ״דער ייד אין קאַנאַדע״) ; ב. ג. זאַק, עטלעכע ווערק און אַ גרעסערע צאָל אַרטיקלען ; א. הארט, צבי כהן, אלי׳ גאָטעסמאַן און אַנדערע — ״יידן אין קאַנאַדע״ ; י. מדרש, וועגן מאָנטרעאָל ; ג. שמן, אַנטוויקלונג פון יידישן ישוב — אָרטאָדאָקסיע אין טאָראָנ־טאָ, אין גרויסן פאָרמאַט, תש״י—1950 און צענדליקער אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען ; לואי ראָזענבערג, אַ צאָל ווערק און שטודיעס ; דוד ראָם, היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען ; ב. ג. חפץ, היסטאָרישע שטודיעס און אָפּהאַנדלונגען ; סטיוו ספּייזמאַן, געשיכטע פון טאָראָנטאָ ; דר. י. קלינגהאָפער, דזשוליוס היימאַן און פיל אַנדערע.

וועגן יידיש־ליטעראַרישן ביטראַג : חנניה מ. קייזערמאַן, חיים לייב פוקס, י. ראַבינאָ־וויטש, ש. ראָזשאַנסקי און אַנדערע.

2 זע, ג. שמן, ״אַ היסטאָרישע דאַטע — מיט הונדערט יאָר צוריק און היינט״, ״יידישע בייס״, סיון, תשט״ז—מאַי, 1956 ״פּראָקלאַמאַציע צו דער געלעגנהייט״, געחתמעט פון

ייִדישן מעיאָר נייטן פיליפס, דאָרט, תשרי, תשי״ז—סעפּט., 1956.

3 וועגן דעם געשריבן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן — אין דער איצטיקער אַרבעט איז ניט נויטיק — און ניט אין פּלאַץ — צו באַהאַנדלען היסטאָריש דעם ייִדישן ישוב אין קאַנאַדע.

4 זע, נ. שמן, ״צוויי הונדערט יאָר קאַנאַדער ייִדישער ישוב״, ״ייד. נייס״, תשרי, תשכ״ג — אָקט., 1962; חשון, כסלו, נאָוו., דעצ., 1962; אדר, תשכ״ג—מערץ, 11963 א״א אַרטיקלען אין דער סעריע ״קאַנאַדיאַנאַ״.

וועגן קינגס סעריע אַרטיקלען אין ״מעיל און עמפּייר״ פון יאָר 1897 און אין ״לייבאָר גאַזעט״ פון סעפּט., 1900 — אין די דערמאָנטע און אין אַנדערע אַרטיקלען.

5 None Is Too Many, Canada and the Jews of Europe 1933—1948 by Irving Abella and Harold Troper 1973, Lester & Orpen Dennys Pub., Toronto, 1982, p. p. 48-50, 80, 102, 104, 178—184, 195—276.

6 די איבערזעצונג פון י. מדרש, ״קענעדער אָדלער״, פרייטיק, דעם 16טן אָקטאָבער, 1953.

7 זע, נ. שמן, ״200 יאָר ייִדיש לעבן אין קאַנאַדע״, ״ייד. נייס״, סיון תש״ך—יוני 1960.

8 רעדאַקטאָרן: יעקב זיפּער (ע״ה) און חיים שפּילבערג, אַרויסג. נאַציאָנאַלער ייד. קאָמיטעט ביים קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, מאָנטרעאַל, תשמ״ג—1982.

9 דאָרט, ז״ז 374—379.

10 תהלים, קל״ז, ה׳ — יהואש איבערז. זע, ״ייד. נייס״, תמוז, תשכ״א—יוני, 1961.

11 ישעי׳, ס״ו, י׳—י״ב.

12 ״ייד. נייס״, אלול, תשכ״ב—סעפּט., 1962.

13 דאָקומענטן — אין אַרכיוו־צענטער ביים טאָראָנטער ייד. קאָנגרעס.

14 ב. ג. חפץ, ״דזשואיש סטאַנדאַרט״, דעצ. 1, 1981.

15 זע, ״אַ ייד אין קאָלאָמביאַ״, 1973; ״אַ דיכטער פון די חסידי אומות העולם״, ז״ז 212—222; ״ווענעזועלע״, 1978; ״אַ ייִדיש אינדזועלע אויפן דרום־אַמעריקאַנישן קאָנ־טינענט״, 1977 און אַ צאָל אַרטיקלען, אין וועלכע ער הייבט אַרויס ניט־ייִדישע מענטשן אין דרום און אין צענטראַל אַמעריקע.

16 תוספתא, סנהדרין, פרק י״ג מדרש, ילקוט תהלים, תרמ״ה. זע, הרב א. זלאטאוויץ, ״ע״ד חביבות האדם״, המאור, בעריכת הרב מאיר אמסל, כסלו־טבת, התשמ״א.

17 ״פאָרווערטס״, פרייטיק, יוני, 24, 1983.

18 תהלים, קי״ב, י׳: ״תאוות רשעים תאבד — דער באַגער — תאווה — פון די רשעים וועט אונטערגיין״.

ג

1 זע, אברהם טייטלבוים, ״וויליאַם שעקספּיר״, 1946 — אַן אויספירלעכע לעבנס־באַשרייבונג פון גרויסן ענגלישן דראַמאַטורג.

2 וועגן איר — אין מיינע ווערק: ״באַציונג צו דער פרוי״ און אין ״קדושה אין ייִדישן פאַמיליע־לעבן״.

3 אין זיין ווערק ״חיבת ציון״, ווידמעט נחום סאָקאָלאָוו זעקס פרקים דעם ראָמאַן פון דזשאָרדזש עליאָט. דאָס ווערק ווערט באַטראַכט ווי אַ רוף צו דער קריסטלעכער וועלט, צו העלפן באַנייען די ייִדישע מלוכהשאַפט אין ארץ ישראל.

4 וועגן דער דאָזיקער מערקווירדיקער פרוי און אין איר שילדערן שקלאַפעריי — אין מיינע פריער דערמאָנטע ווערק.

5 ״מסה ומעש״, זכרונות חייו של נשיא ישראל, תל־אביב, תש״ט.

6 זע, דוד שטאָקפיש, אין גאַנג פון געשעענישן, תל־אביב, תשמ״ג—1982, ז״ז 354—358; מאַנדאַט־סטאַטוטן, ז״ז 324—332; אַמענדירונגען פון נציב עליון, הערבערט סעמועל, ז״ז 335—371.

7 דזשוליוס היימען, רעדאַקטאָר פון דער אַנגלאָ־דזשואיש שריפט :
The Toynbee Myth, the Jewish Standard, Nov.-Dec., 1975.
באַהאַנדלט אויספירלעכער טוינביס היסטאָריאָזאָפישע אויספירן און ווייזט אָן ווי ער גרייזט מיט זיינע באַהויפּטונגען.

8 זע, דר. שמואל י. פייגין, "אנשי ספר, חוקרים וסופרים", ניו־יורק, תש"י. ער ווידמעט אַ פּרק "וויליאַם פוקסוויל אולברייט", ז"ז 182—197.

9 וועגן אים האָבן מיר שוין ניט איין מאָל געשריבן. זיין "וועלט־געשיכטע" איז איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש דורך ז. קאַלמאַנאָוויטש. זע, "ליט. בלעטער", וואַרשע, 1928, נומ' 14—15, ז"ז 276—278 ; 1929, נומ' 49.

10 לעאָ קעניג, "ליט. בלעטער", 1927, נומ' 7, ז"ז 122—123 ; נומ' 8, ז' 199 ; נומ' 29, ז"ז 566—569 ; נומ' 31, ז"ז 606—607.

11 אין אַ גרעסערער אַרבעט, געטיילט אין צען אַרטיקלען, פאַרעפנטלעכט אין טאָראָנטער יידישן זשורנאַל און אין אַנד. צייטונגען.

12 זע, העשיל קלעפּפטיש, "צווישן צוויי וועלט־מלחמות", ז"ז 447—452 ; 529—532 ; 353—454.

13 ה. קלעפּפיש, "ליט. בלעטער", 1927 און אין זיין דערמאָנטן ווערק, ז"ז 75—81.

## ד.

1 זע, יחזקאל קאָרנהענדלער, „יידן אין פּאַריז", באַנד 1, פּאַריז תשל"א—1970 ; באַנד 2, פּאַריז, תשמ"א—1980. זיין ווערק איז בעיקר געווידמעט דער געשיכטע פון יידן אין פּאַריז — אָבער דערביי, גישט ווייניק „מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון יידן" אין גאַנץ פראַנקרייך.
זע אויך יוסף מילנער (1887—1963), „יידן אין פראַנקרייך" (1953) און אַ צאָל אַנדערע ווערק אין שייכות מיט דער געשיכטע פון יידן אין פראַנקרייך.

2 תוספות, כתובות, ק"ג, ע"ב.

3 יחזקאל קאָרנהענדלער ברענגט אַ צאָל אַזעלכע פאַלשע בלבולים.

4 י. ק. יידן אין פּאַריז, באַנד 1, ז"ז 107—114 ; באַנד 2, ז"ז 12—15.

5 דאָרט, באַנד 1, ז"ז 120—159.

6 דאָרט, דאָרט, ז"ז 24—26. זע, מאַקס עריק, "די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, פון די עלטסטע צייטן ביז דער השכלה־תקופה" אַרויסג. אַלוועלט. ייד. קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, תשל"ט—1979 ; שמואל ראָזשאַנסקי, בבאָ־בוך, אַריינפיר און רעדאַקציע, בוענאָס־איירעס, תשכ"ב—1962.

7 משה גראָסמאַן באַשרייבט די דרייפוס־אַפערע אין צוויי ביכלעך. מיר האָבן געשריבן אויספירלעכער ביי עטלעכע געלעגנהייטן.

8 זיין ביאָגראַף אַרמאַן לענו איז מיט דער מיינונג, אַז ער איז נישט צופעליק פאַרטשאַדעט געוואָרן, נאָר דאָס איז געטאָן געוואָרן דורך זיינע שונאים.

9 זע, "באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער". אין אַ סעריע אַרטיקלען אין צייטונגען.

10 זע, טעאָדאָרע בעסטערמאַן, "וואָלטער" (ענגליש) און פיל אַנדערע.

11 זע, יעקב כ"ץ, מולד, בעריכת אפרים ברוידא, תשרי־כסלו, תשל"ד—אקט.דעצ., 1973, ז"ז 614—625.

12 "סאָוו. היימלאַנד", נאָוועמבער, 1972, ז"ז 183—185.

13 וועגן אים — אין מיין ווערק „באַציאונג צו אַרבעט און אַרבעטער", איז דער „אַרב. שטימע" און אין אַנד. צייטונגען.

14 וועגן ראָמען ראָלאַן און זיין הויפּטווערק „זשאַן קריסטאָף" — פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען, צום דערשיינען פון זיין ווערק אין אַ יידישער איבערזעצונג.

15 אין יידיש פון דוד ספרד.

16 אַ צאָל אַרטיקלען, אָפּשאַצונג און ביאָגראַפיע — אין די „ליט. בלעטער" פון 1925 און 1926.

17 ״ליט. בלעטער״, ווארשע 31 דעצ., נומ׳ 139, 1926.
18 זע, ״צווישן די צוויי וועלט־מלחמות״, ז״ז 186—189 ; דאַרט, וועגן נאַפּאַלעאַן, ז״ז 301—307.
19 פּאַריז, 2, ז״ז 123—128.
20 וועגן צרות פון משומדים — באַזונדער.
21 אין מיינע ווערק : ״באַציונג צו דער פרוי״ און ״קדושה אין יידישן פאַמיליע לעבן״ — אויספירלעכער.
22 זע, ז. שייקאָווסקי, ״יידן אין פראַנקרייך״, ״ייוו״אָ־זאַמלבוך״.
23 א. ש. זאַקס, ״די פּאַריזער קאָמונע״ א״א.

## ח.

1 זע, שאול גינזבורג, יידישע לייזן אין צאַרישן רוסלאַנד, ניו־יאָרק, תרצ״ח—1938 ; ״אַמאָליקע פּעטערבורג״, ניו־יאָרק, 1944 ; ״משומדים אין צאַרישן רוסלאַנד״, ניו־יאָרק 1946.
2 זע, שמעון דובנאָוו, די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק, יידיש : נ. שטיף, קולטור־ליגע, ווארשע, 1928. דריי בענד ; פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (1789) ביז דער וועלט־מלחמה, 1914, באַזונדערס באַנד דריי. ה, קאַלמאַנאָוויטש, איבערז. פון 12טער טייל. . ש. קאַזדאַן, איבערז. פון באַנד 10, אלוועלט. ייד. קולטור־ראַט, בוענאָס־איירעס, ניו־יאָרק, 1956.
3 הרב רבי חיים קאַרלינסקי : ״הראשון לשושלת בריסק״ — הגאון רבי יוסף דובר סולובייציק זצ״ל, ירושלים, תשד״ם, ז״ז 322—346. זע אויך, אנציקלופדיה של גלויות, בריסק דליטא, העורך : אליעזר שטיינמאן ; המנהל : ח. ברלס, ירושלים—תל־אביב, תשט״ו—1954, ז״ז 35—38 ; 136—152.
4 הראשון לשושלת בריסק, פרק מ״ג, ז״ז 368—390.
5 דאַרט, הערת אין יידיש : „דער בונד פון 100 מענטשן צום דיגנסט פון דער רעאַקציע״.
6 נומ׳ 9, סענטיאַבער (סעפּטעמבער), 1978.
7 ז״ז 4—7. די רעדאַקציע : דער אַרטיקל איז אַן איבערדרוק (און אַן איבערזעצונג) פון ״פּראָלעטאַרי״, נומ׳ 35 פון 11 (24) סענטיאַבער, 1908.
8 דאַרט, ז׳ 5.
9 דאַרט, ז״ז 17—22.
10 זע, „ליט. בלעטער״, פרייטיק, יוני 14 און פרייטיק, יוני 21, 1929 — אָפּשאַצונגען וועגן טאָלסטאָיס ווערק ״ווידערגעבורט״ (וואָזראַזשדעניע), ״אַננאַ קאַרענינאַ״ (פיר בענד), ״קרייצער סאָנאַטע״, ״קינדהייט און יוגנט, און אַנד.
11 זע, שלום־עליכם בוך, ניו־יאָרק, 1925, ז״ז 158—180 ; 236.
12 זע, מאזנים, תשל״ב ; נ. שמן, ״באַציונג צו אַרבעט און אַרבעטער״, באַנד 2 ז״ז 37־50.
13 טאָלסטאָיס בריוו פאַרנעמען אַכצן בענד, אַרום אַכט טויזנט בריוו. וועגן טאָלסטאָיס און זיין באַנעמען ווי געהעריק יידנטום — זע, משה כ״ץ בוך, רעד. פּ. נאָוויק, ניו־יאָרק, 1963, ז״ז 347—531.
14 אָבות, ו׳, ד׳.
15 ״סאָוועטיש היימלאַנד״, אויגוסט, 1978, ז״ז 117—128.
16 ״סאָוו. היימלאַנד״, נאָוו. 1978, ז׳ 188.
17 וועגן דעם אוהב ישראל, וולאַדימיר קאָראָלענקאָ זע, י. זרובבל, בלעטער פון אַ לעבן, ערשטער באַנד, תל־אביב, תשט״ז—1956, ז״ז 83—95. ער דערמאָנט אויך דעם רוס בלינאָוו וואָס האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן, איינשטעלנדיק זיך פאַר יידן, בעתן פּאָגראָם.
18 קעשענעוו — באַטייט קוואַל, קוועלענדיקס — מישע כאַזין, ״סאָוו. היימלאַנד״, אָקט. 1974 איז דאָס געוואָרן אַנשטאָט אַ קוואַל פון לעבן, פון מים חיים — אַ קוואַל פון יידיש בלוט.

19 די דערציילונגען זענען איבערגעדרוקט אין טאָלסטאָי־נומער, "סאָוועטיש היימלאַנד".

20 זע, יצחק קאַהאַן, א. טשעכאָוו, דער הומאַניסט און זיין באַציונג צו יידן, "צוקונפט", מערץ, 1981, ז"ז 84—88.

21 זע, משה כ"ץ, אין משה כ"ץ יובל־בוך, ז"ז 167—169 בער גרין, מאַקסים גאָרקי, דורך זיינע בריוו, "מאָרגן־פרייהייט", יולי 2, 1978.

22 "ליט. בלעטער", איבערזעצונגען: זיינע זכרונות, "מיינע אוניווערסיטעטן"; זיין טרילאָגיע און אַנד. ווערק. נומ' 20 (באַנד פיר), געווידמעט מאַקסים גאָרקיס 60טן געבוירן־טאָג; נומ' 22, ז"ז 403—404 נומ' 38, ז' 769 א"א.

23 דאָרט, דריטער באַנד, 1927, גאָרקיס זכרונות איבערגעזעצט אין יידיש פון א. און מ. זילבורג. דאָרט, 1928, נומ' 16, 20, 22, 26, 29.

24 דער פילם איז געבויט אויף גאָרקיס דערציילונג "וואַסאַ זשעלאַזנאָוואַ".

25 ר"ב עפשטיין, איז דער זון פון באַרימטן פוסק ר' יחיאל מיכל הלוי עפשטיין (תק"צ—1830; 1908), מחבר פון "ערוך השלחן"; פלימעניק און שוואָגער פון רבי נפתלי צבי יהודה בערלין (נצי"ב, כ"ט חשון, תקע"ז—1917; כ"ח מנחם אב, תרנ"ג—8093).

26 חוב' ל"ה—ל"ו, טבת, תשכ"ח—יאַנ., 1968.

27 זע, אהרן ווינקאָוועצקי, "סאָוו.־היימלאַנד", אָקט., 1975, ז"ז 162—163.

28 וועגן דעם דאַזיקן משומד (1842—1900) האָבן מיר שוין נישט איין מאָל געשריבן. ער איז געווען פון די אָנגעזעענסטע העברעישע ליטעראַטור־קריטיקערס. זיין "חקר דבר", "צרור פרחים" געליבט געוואָרן. ער איז געווען מיט דאָסטאָיעווסקי — און מסתּמא אָנגעשטעקט געוואָרן פון זיין אַנטיסעמיטיזם.

29 זע, הערש רעמעניק, נעקראַסאָוו און די יידישע דיכטונג, "סאָוועטיש היימלאַנד", דעצ. 1971, ז"ז 157—165. זע אויך: ד"ר יוסף קלויזנער, "היסטוריה של הספרות העברית החדשה", כרך ד', ירושלים, 1953; פישל וואַלערשטיין וועגן דעם אָנהייב פון העברעיִשער דיכטונג אין רוסלאַנד און אַנדערע.

30 אין מיין ווערק "באַציונג צו דער פרוי", באַנד צוויי.

31 זע, ש. ל. שניידערמאַן, סעריע אַרטיקלען, "פאָרווערטס" דעצעמבער, 1985.

32 איבערזעצונגען: אביגדור לייזעראָוויטש, "צוקונפט", אַפּריל, 1982. די פריערדיקע איבערזעצונגען; דוד ספרד; י. גויכבערג, צוקונפט, דעצ. 1966.

33 צוקונפט, ניו־יאָרק, דעצ., 1966.

34 "סאָוו. היימלאַנד", יוני, 1967. פון רוסיש־"ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ".

35 פסעוודאָנים פון יאָסל און חנה מלאָטעק — "פערל פון דער יידישער פּאָעזיע". "פאָרווערטס", פרייטיק, יוני, 10, 1983.

36 ישעי', כ"ו, ב'.

## ו.

1 שושנה הלוי, ספר זאב וילנאי, אריאל, ירושלים, 1984, ז' 114.

2 דאָרט, ביקורים מלכותיים בירושלים, במאה ה־19, ז"ז 106—110.

3 זע,, Rabbi Dr. W. Gunther Plaut The Canadian Jewish News Thurs., Mar. 17/83, מערער אין אַ פריערדיקן פּרק.

4 אין "באַציונג צום פרעמדן", באַנד 1 — אויספירלעכער.

5 אין אַן אַרטיקל, דערשינען אין אַרגענטינער "אונזער לעבן", איבערגעדרוקט אין "דרום אַפריקע", אָקט.—דעצ. 1982.

6 זע, ה. קלעפּפיש, "צווישן די צוויי וועלט־מלחמות", ליטעראַרישע עסייען, תל־אביב, תשמ"ב—1982, ז"ז 534—539.

7 וועגן אים —באַזונדער.

8. זע, עקיבא פישבין, "אַ יידישער בליק אויף בעטהאָוון", פּאַריז, תשמ"ד—1984.

9. דאָרט, ז' 26.

10 וועגן געזעניוס — אין "אוצר ישראל" און אין אַנדערע ענציקלאָפּעדיעס.

11 משה גראַס (שפּעטער גערופן גראַס־צימערמאַן, פון די אָנגעזעענסטע ליטעראַטור־

קריטיקערס), "עמנואל קאַנט צו זיין 200־יאָריקן יובילאום", "די צוקונפט", דעצ. 1924, זז 722—725.

12 "דוואָ", נומער געווידמעט קאַנטס פילאָזאָפיע.

13 זע, "ליט. בלעטער", נומ׳ 5, פעב. 1, 1929, ז"ז 85—86.

14 וועגן אים אין מיינע ווערק: "באַציִונג צום פרעמדן", 1945, ז"ל 217—228; פאַשיזם אין אייראָפּע, ז"ז 118—125; צווישן קריג און פרידן, ז׳ 255 און אין אנד. ווערק.

15 דריי בענד. אין יידיש: ד"ר חיים זשיטלאָווסקי אין העברעיש: דוד פרישמאַן, תר"ע; ד"ר ישראל אלדד, תש"ל.

16 אין "מזרח ומערב" רעד. ראובן בריינין — ווינה, תרנ"ד. חוב׳ א׳

17 "ייד און וועלט", בוענאָס־איירעס, התש"ך—1960, ז"ז 196—211. די עסיי איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1942, בעת דער נאַציזם האָט געבושעוועט אין גאַנץ אייראָפּע און זיך פאַרנומען מיטן אומברענגען, חלילה, דאָס יידישע פאָלק.

18 זע, מ. איוועַנסקי, "הדואר", גליון ל"י—ל"ב, 1944 אהרן צייטלין, "מאָרגן־זשורנאַל", יולי, 7, 1944 א"א.

19 "יידישע קולטור", אויגוסט־סעפּטעמבער, 1944, נומ׳ 8—9, ז"ז 77—80.

20 זע, העשיל קלעפּפיש, "דאָס יידישע פּראָבלעם פון קאַרל מאַרקס", "אידישער קעמפער", ראש השנה־נומער, תש"ל, ז"ל 17—25; יחזקאל קאָרנהענדלער, "יידן אין פאַריז", פאַריז, תשמ"ד, באַנד 2, ז׳ 174; נ. שמן, "באַציִונג צו אַרבעט און אַרבעטער", באַנד 2. זע אויך, דוד שוב, "סאָציאַלע דענקער און קעמפער", צווייטער באַנד, מעקסיקע, 1968, ז"ז 347—382.

21 "באַציִונג צו דער פרוי", באַנד 2.

22 זע, ה. קלעפּפיש, "צווישן די צוויי וועלט־מלחמות", ז"ז 110—116.

23 זע, "לייט. בלעטער", וואַרשע, 1927, נומ׳ 1 און 12, ז"ז 202—203; 222—224.

24 "צווישן די צוויי וועלט־מלחמות", ז"ז 481—486.

ז.

1 זע, ב. מאַרק און אַ קופּפער, "דער רענעסאַנס אין איטאַליע און אין פּוילן און זיין ווירקונג אויף די יידן", "בלעטער פאַר געשיכטע", יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט, וואַרשע, אַקט,—דעצ., 1953, באַנד 6, ה׳ 4, ז"ז 4—99.

2 זע, הרב אהרן בן ציון שורין; ש. ל. שניידערמאַן — שילדערן וואַרשע נאָכן חורבן, "פאָרווערטס", יולי 19 און 26, 1985.

3 יעקב גלאַטשטיין, "אַ איד פון לובלין", ציקאָ־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, תשכ"ו—1966.

4 זע, הרב ד"ר אשר זיוו, הרמ"א, ירושלים, תשל"א.

5 זיין "מפּה" אָרום דעם שולחן ערוך פון רבי יוסף קאָרו איז אָנגענומען ווי די העכסטע אויטאָריטעט ביים אַשכנזישן יידנטום. וועגן רמ"א האָבן מיר שוין געשריבן צענדליקער מאמרים.

6 פאַראינטערעסירטע קענען דאָס געפינען ביי היסטאָריקער, פאָרשער און זאַך־קענער. אויסרעכענען די רשימה? צו לאַנג! גענוג צו דערמאָנען: גרשם באַדער, מדינה וחכמיה, ניו־יאָרק, תרצ"ד—1934; בית ישראל בפולין, ערך ישראל היילפּרין, ירושלים, תש"ח; הרב מאיר וונדר, אנציקלופדיה לחכמי גליציה, ירושלים, תשל"ח; ספר קראָקא, עיר ואם בישראל, הוצ׳ מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי"ט; אין אַ צאָל יזכּור־ביכער אין און אָרום קראָקע.

7 ישעיה, י"א, ט׳.

8 זע, אנציקלופדיה של גלויות, סדרת פולין, יו"ר ... ה. ברלס, ירושלים—תל־אביב, תשט"ז—תשי"ז.

9 דאָרט, לובלין, העורכים נחמן בלומענטאַל ומאיר קורן, ירושלים, תשי"ז; "דאָס בוך פון לובלין", פאַריז, תשי"ג—1952.

10 זע, ישראל היילפּרין, "פנקס וועד ארבע ארצות", מיט הקדמות און הערות — אַ היסטאָ־

רישער דאָקומענט וועגן גרויס און פאַרנעם פונעם וועד. ס׳שאַפט זיך אַ קלאָר בילד וועגן יידישן לעבן — אָבער וועגן דעם האָבן מיר שוין געשריבן אויספירלעכער.

11 גיטין, ס״ב ע״א.

12 זע, נתן נטע האַנאָווער, כראָניקער פון 17טן י״ה, אין זיין ״יון מצולה״ (געדרוקט צום ערשטן מאָל, ווענעציע, 1653), איבערגעזעצט אין פיל שפּראַכן און פיל מאָל איבערגעדרוקט.

13 זע, הרב אברהם יצחק ברומברג, ״מגדולי התורה והחסידות בפולניה״, אויך אין אנד. פאַרשאַרבעטן וועגן חסידות פוילן.

14 זע, ד״ר יוסף טענענבוים, גאַליציע מיין אַלטע היים, תשי״ב—1952, ז״ז 229—296.
Josef Bendor (Tenenbaum) *Der Lemberger Judenpogrom* (in German) November 1918 — Januar 1919.
M. Hickl-Verlag, Wien-Brunn, 1919.
*In Search of a People,* by Dr. Joseph Tenenbaum, in collaboration with Sheila Tenenbaum.
Peace for the Jews, 1945, pp. 95—159.
*Underground, the Story of a People,* by Joseph Tenenbaum, New York, 1952, pp. 295—321.

די ווערק זענען באַזירט אויף פאַרשונגען וועגן יידן אין פוילן, פאַר דעם ערשטן וועלטקריג, צווישןביידע וועלט־מלחמות, מצב אונטער נאַצי־אָקופּאַציע, מצב נאָכן חורבן. זע אויך : ד״ר חיים שאָשקעס, ״אַ וועלט איז פאַרביי״ (בוענאָס־איירעס, 1949) ; לעאָ פינקלשטיין, ״מגילת פוילן״ (בוענאָס־איירעס, 1947) ; גלעד, ״מאסף לתולדות יהדות פולין״ העורך, משה מישקינסקי (אוניברסיטת תל־אביב) ; היסטאָרישע ווערק ארויסגעגעבן פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פוילן.

15 מיר האָבן וועגן דעם געשריבן אין די פערציקער יאָרן, פאַרעפנטלעכט אין אַ צאָל צייטונגען.

16 זע, אדם מיצקביץ׳, ״פן טדיאוש או מסע האדרכתה האחרון בליטא״, מפולנית לעברית : יוסף ליכטנבוים, בצרוף מבוא וביאורים מאת המתרגם, תל־אביב, טבת, תשי״ג — יאַנ. 1953. אַן אָפּשאַצונג, ווי אַ ״מבוא״ פון פּראָפ׳ י. מ. יאַקובאָווסקי. אין זייערע אַריינפירן ווערט אויסגעדריקט באַגייסטערונג אי וועגן ווערק און אי וועגן מחבר — מיצקעוויטש. אַ ליטעראַריש־פאָרשערישע אַרבעט האָט געשריבן בער מאַרק א. נ. ״די עפּאָפּייע פאַן טאַדעוש און איר יידישער געשטאַלט יאַנקעל״ (״פאָלקס שטימע״, נומ׳ 112, 1182, וואַרשע).

17 זע, יעקב שאַצקי, ״אין שאָטן פון עבר״ 1947) ; די צוקונפט, פעב. 1932 ; וואַרשעווער ״פאָלקס שטימע״, נומ׳ 29 (4585), אויגוסט, 7, 1982 ; אויספירלעכער אין מיין סעריע מיצקעוויטש.

18 זע, ״ליט. בלעטער״, וואַרשע נומ׳ 42, 1929, ז״ז 828—829 : ביאָגראַפישע פּרטים, מיצקעוויטש אַלס סטודענט אין נאָוואָגרודעק, ווילנע, קאָוונע ; אין צאַרישן רוסלאַנד ; אין פּאַריז.

19 אין מיין סעריע — וועגן דער הילף פון דעם ייד לעווי.

20 ״ליט. בלעטער״, וואַרשע, נומ׳ 25, ז״ז 472—473 ; נומ׳ 26, יולי 1, 1927, ז״ז 489—491. ״ביי סלאָוואַצקין — שרייבט פינקלשטיין — האָבן מיר אַן אומגעהויער מייסטערהאַפטן רייכן מוזיקאַלישן קלאַנג פון וואָרט... אָבער מיצקעוויטש גרייכט העכער און העכער אַלס פּאָעט און אַלס פּאַטריאָט״.

21 הקדמה צו דער העברעיִשער איבערזעצונג.

22 ״צווישן צוויי וועלט־מלחמות״, ז״ז 400—407. אינעם מבוא צו דער העברעיִשער איבערזעצונג פון ״פאַן טאַדעוש״ ווערט איבערגעגעבן די סיבה פאַר וואָס אַנדזשעי טאָוויאַנסקי (1799—1878) האָט געהאַט אַ געוויסע צייט אַ השפּעה אויף מיצקעוויטשן.

23 זע, אַריינפיר צו ״פן טאַדעוש״, ז״ז ק״ל—קל״א ; קכ״ה—קכ״ז. טיילן פון ״פאַן

טאַדעוּש" זענען פריער פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין עברית, בהוצ' יוסף שטיבל, תרפ"א—1921 און קיינער האָט נישט אָפּגעפרעגט ליכטנבוימס באַגייסטערונג וועגן מיצקעוויטשעס ייִדן־פריינדשאַפט.

24 זע, ד"ר יצחק לעווין, ייִדן אין אַלטן פּוילן, בוענאָס־איירעס, התשכ"ב—1962, ז"ז 57—65 ; 131—153.

25 זע, מיין ווערק "באַציִונג צו דער פרוי", באַנד 2 ; רחל פייגנבערג, העולם, גליון ח' ז"ז 150—151.

26 איבערגעזעצט אין ייִדיש פון שלמה ראָזענבערג.

27 "ליט. בלעטער", נומ' 25, 1927, ז"ז 472—473 ; נומ' 26, ז"ז 489—491.

28 "צווישן די צוויי וועלט־מלחמות", ז"ז 521—526.

29 דאָרט, ז"ז 142—148 ; 189—190 ; 356.

30 אָבות, ב', ה'.

31 ברכות, כ"ט, ע"א ; תנחומאַ, בשלח, ג'.

32 זע, ה. קלעפּפיש, דאָרט, ז"ז 337—338 ; 374—386.

33 לעאָ פינקלשטיין, "ליט. בלעטער", 1925, נומ' 71, ז"ז 83—84.

34 העשיל קלעפּפיש, דאָרט, ז"ז 392 ; 469—474.

35 מנשה אונגער, די חסידים־וועלט, ניו־יאָרק, 1955, ז"ז 55 ; 84—85 ; 103—116. וועגן שמואל זביטקאָווער אין מיין ווערק "קדושה אין ייִדישן פאַמיליע לעבן", באַנד צוויי.

36 ספר ווישקאָוו, ז' 265.

37 "סטאַשעווער גאָלדענער יובילײ־בוך", טאָראָנטאָ, תשמ"א—1981. דער קריסט יאַן טשאַרני, איז פון די געציילטע, אפשר דער איינציקער אין סטאַשעוו, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן צו ראַטעווען אַ ייִדיש קינד.

38 באַריכטן : יעקב ראַבינאָוויטש, "אלג. זשורנאַל", פרייטיק פעב., 25, 1982 ; דוב הירשטאַל, "קאַנאַנדער אַדלער", פרייטיק יאַנ. 1, 1982.

39 באַריכט פון י. שמולעוויטש, "פאָרווערטס", מיטוואָך, מאַי 26, 1982.

40 "ייִדישע צייטונג", פרייטיק, אַפּריל, 8, 1983.

41 ירושלים דליטא, באַנד 2, ז"ז 470—472 ; וו. גליקסמאַן, "ייוו"א־בלעטער", ניו־יאָרק, 19773, ז"ז 318—2328.

42 אין אַ זאַמלונג "חסידי אומות העולם", תל־אביב, תשמ"ג—1983.

43 אין "אידישער קעמפּער", פרייטיק מערץ, 14, 1986, גיט איבער צ. עיין "אַ מעשה וועגן אַ וווּנדערלעכער מענטשלעכקייט — אַ קריסטין העלאַ שאַמעט האָט איינגעשטעלט איר לעבן צו ראַטעווען צוויי ייִדישע קינדער, אַ ברודערל און אַ שוועסטערל, לסוף איז זי מיט זיי מיטגעגאַנגען מיט דער "עלית הנוער" און זיך מגייר געווען. איר נאָמען איז געוואָרן שרה רובינשטיין. אין 1967, האָט "יד ושם" איר צוגעטיילט כּבוד דורך געבן איר אַ ספּעציעלן מעדאַל און פלאַנצן אַ בוים אויף איר נאָמען אינעם "וואַלד פון די חסידי אומות העולם".

44 I. Abella — Harold Tropper, *None is Too Many* regarding the Polish Ambassador Podosky and the Consul Brzezinsky.

45 Rabbi W. Gunther Plaut "Mississauga deserves pat on back", The Canadian Jewish News, Thursday, June 14, 1984.

46 מרטין גילברט, "מסע אחרון, גורל היהודים באירופה הנאצית", עם עובד. ארויסג. מיט דער הילף פון יעקב און קלאַראַ עגיט (טאָראָנטאָ).

## ח.

1 תהלים, קל"ז, ז'.

2 די עשרה הרוגי מלכות פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע, אין די פּיוטים און תּפילות. מיר האָבן וועגן די צען מאַרטירערס פאַרעפנטלעכט אַ צאָל מאמרים.

3 אין מדרשים און אין היסטאָרישע ווערק.
4 מדרש רבה, איכה און אין אַנד. מדרשים (זע, ילקוט שמעוני).
5 זע, יצחק אייזיק בן יעקב, "אוצר הספרים", ז"ז 277—278.
6 "חמש מאות שנה לדפוס העברי", הספר בישראל, חוב' ה'—ז' כרך שלשה עשר, 94־95, אלול, תשל"ב — אויגוסט, 1972, ז"ז 23—24.
7 אין מיין סעריע: "פּאָרגעסענער היסטאָריקער דוד גאַנז" — באַריכות.
8 פּראָג, שנ"ב, חלק א', ז' מ"א. "שלשלת הקבלה", וויניציאַה, שמ"ז, ז' קמ"ז.
9 Jo Christoph Wolfii, Bibliotecae Hebraea Paris, II, Hamburg, 1721.
10 זע, ישראל מעלמאַן, אין "הספר בישראל", אויספירלעכער מיט פּרטים.
11 דאָרט, ז' 24. אַנווייזנדיק: "מתוך ארשת" — ספר השנה לחקר הספר העברי, בעריכת נפתלי בן מנחם ויצחק רפאל, הוצ' מוסד הרב קוק, ירושלים, תשכ"א, כרך ג', ז"ז 93—98.
12 ירושלים, תש"ד—1944.
13 דאָרט, ז"ז 78—88.
14 ניו־יורק, תשמ"ז.
15 "מימי הבינים לזמנים חדשים", תל־אביב—ירושלים, תש"ך—1960.
16 ניו־יורק, תשי"ט—1951; באַזונדערט, ז"ז 106—116.
17 1948.
18 מיר האָבן פריער אָנגעוויזן אויף דער מיינונג פון גדולי ישראל נישט צו לערנען פרעמדע לשונות, אַז דאָס נעמט אָוועק פון קדושת ישראל.
19 ספר זכרון לשלמה מ. מאיר, ירושלים, תשמ"ז; "חיי היהודים באיטליה בתקופת הריניסאנס"; "חיי הדת של יהודי איטאליה", ז"ז 175—198 א"א.
20 זע, נ. שמן, "באַציונג צו דער פרוי", באַנד 2.
21 א. קורא, לויט אַ שמועס פון אהוד דור מיטן פאַרשער ד"ר מנחם שלח, "אידישער קעמפּער", פרייטיק, מערץ 28, 1986.
22 "סאָוו. היימלאַנד", מאַי 1976, ז"ז 166—169. דאָרט, בריוו־פּאָסטאַט פון יִדיש איבערז. ספר יוסיפון און בריוו, וואַרשע, 1901.
23 מיכה יוסף בערדיטשעווסקי (1865—1921) העברעיִש־יִדישער שרייבער, ליטעראַטור־קריטיקער, פילאָזאָף און מיסטיציזם־פאַרשער.
24 וואַרשע, 1922.
25 "סאָוו. היימלאַנד" — באַריכות. אין אַ שׂריפה זענען מיר רואינירט און פאַרברענט געוואָרן אַלע ווערק פון כהנא (אויסער איינעם).
26 אַרויסג. מוסד ביאַליק, ירושלים, תשל"ט—1978.

## ט.

1 מיר האָבן וועגן ענין חרם־שפּאַניע אַ צאָל שאלות ותשובות, זע, הרב יהודה גרשוני, הדרום, חוב' ל"ב, תשרי, תשל"א; יהודה דוד אייזענשטיין, "אוצר ישראל", ד', ניו־יורק, תשי"ב, ז"ז 1313—314; ז', ז"ז 258—264; דובנאָוו, גרעץ און אַנד. היסטאָריקער.
2 וועגן דעם — אין היסטאָרישע ווערק; אַ וואונדער, וואָס אין "אוצר ישראל", איז נישטאָ קיין וואָרט וועגן דעם.
3 די ערשטע געדרוקטע אויסגאַבע פון זיין "ספר מסעות", אין העברעיִש, איז אַרויס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (קושטא אין יאָר 1557) און נאָך דעם אין אַ צאָל איבערזעצונגען. אין דער "יִדישער אַלגעמיינער ענציקלאָפּדיע", פינפטער באַנד, ניו־יאָרק, 1944, איז אָנגעגעבן די דאַטע 1543. ס'ווערט דאָרט געזאָגט: "אין 1691 איז אין אַמסטערדאַם אַרויס אַ יִדיש־טייטשע איבערזעצונג . . .", ז"ז 518—519.
4 הדואר, י"א, טבת, תשל"ט.
5 זע, א. ר. מלאכי, הדואר, חשון און אדר א', תשל"ו.

6 זע, אפרים א. אורבאַך, בעלי התוספות, תולדותיהם, חיבוריהם ושיטתם, מוסד ביאַליק, ירושלים, תשט"ו—1955, ז"ז 71, 105, 114, 116, 204—207 וועגן דעם תלמוד, וועגן די מפרשי התלמוד, וועגן די שמד־פּראָבלעמען — אָבער וועגן דעם באַזונדער. וועגן דעם קידוש־השם ביים שפּאַנישן ייִדנטום און אין אַלע צייטן — אינעם ווערק מיטן דאָזיקן נאָמען, געזאַמלט און רעדאַקטירט פון ש. ניגער, ניו־יאָרק, תש"ז—1948. פינפטער טייל: "קידוש השם אין די צייטן פון דער אינקוויזיציע".

## ז.

1 זע, "אַנטיסעמיטיזם אין אַלטערטום מיטלאַלטער און אין דער נייער צייט"... אַ גרינט־לעכע אַרבעט פון א. טשעריקאָווער, "אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע", באַנד 3, פּאַריז, 1936, ז"ז 454—510: מ. אַשעראָוויטש, "דער סוף פון שונאי ישראל, פון די חשמונאים ביז בר־כוכבא", צוויי בענד, ניו־יאָרק, 1942, אַריינפיר און ביבליגראַפיע. און פיל אַנדערע ווערק.

2 זיי האָבן איבערגעזעצט קאַנטס "עטיק" מיט אַן אַריינפירט און הערות, אַרויסגעגעבן אין ירושלים, תשל"ב.

3 מאיר ראַק, "פאָרווערטס", נאָוו. 28, 1985.

4 "ליטעראַרישע בלעטער", ווילנע־וואַרשע, 1926.

5 זע, אברהם יהושע העשל, "קאָצק", באַנד 1, ז"ז 15—18.

6 תפילה פון שליח־צבור, ווי אַן אַריינפיר צו די תפילות פון די ימים נוראים. מקור: אָבות, ג', י"ג — "כל שרוח הבריות נוחה הימנו, רוח המקום נוחה הימנו"; רש"י, במדבר, כ"ז, י"ח.

7 וועגן גליקל פאָן האַמעלין — אין מיין ווערק "באַציונג צו דער פרוי", באַנד 2, ז"ז 395—413.

8 ארי' באומינגר, "חסידי אומות העולם", עם עובד, תשל"ח. דאָרט, אַ רשימה פון מענטשן וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען ייִדן און דערמיט אַרויסגעוויזן אַן אומגעהויערן הומאַניזם.

9 With Raoul Wallenberg in Budapest by per Anger 192 Pages, Holocaust Library.

10 משלי, ד', ח'.

11 ווי באַקאַנט האָט דער האַלענדישער מאָלער רעמבראַנד געלעבט צווישן ייִדן, ליב געהאַט ייִדן, געמאָלן ייִדישע טיפּן. אין מיינע נסיעה־אַרטיקלען — וועגן טאָגבוך פון

12 זע, "העלדנטום און רעטונג" ("העראָין ענד רעסקיו") פון יוסף פרידענזאָן (רעד. דאָס ייִדישע וואָרט) און ד"ר דוד קראַנצלער. דער אַרויסג. ד"ר יחיאל (יוליוס) קוהל ע"ה האָט צוגעשטעלט אויטענטישע דאָקומענטן, וואָס ער האָט אייגנגעהיט אין זיין אַרכיוו, בעת ער איז געווען אַן אַטאַשע אין פּוילישן קאָנסולאַט אין דער שווייץ.

13 זע, שלמה זלמן זוננפלד, "האיש על החומה, תולדות מרן הגרי"ח זוננפלד", ירושלים, תשל"ג—תשל"ה, כרך א', ז' 375; כרך ב', ז"ז 39—4.41.

14 "דאָס ייִדישע וואָרט", אדר־ניסן, תשמ"ה, ז"ז 45—49.

15 דאַטירט: ניו־יורק, חנוכה, תש"ז.

16 לויט זיין ראָמאַן "די היים און די וועלט", איבערגעזעצט אין ייִדיש פון שרה אייזן און אַרויסגעגעבן דורכן ב. קלעצקין־פאַרלאַג, ווילנע, 1927.

17 "פאָרווערטס", פרייטיק, יולי 12, 1985.

18 זע, טשאַרלס ס. ליבמאַן, "גישות כלפי יחסי יהודים־גויים במסורת היהודית ובישראל כיום", כיוונים, חוב' סתיו, התשמ"ה—נובמבר, 1984, ז"ז 7—18.

19 ישעיה, ב', ב—ד.